# מִשְׁנַיוֹת

מיט איבערזעצונג און פירוש
אין יידיש

— פון —

## שמחה פיעטרושקא

צווייטער באַנד

## סדר מועד

צווייטע אויפלאַגע




פאַרלאַג „גלעד"

ניו יאָרק  תש"י — 1950  מאָנטרעאל

# The
# MISHNAH

WITH TRANSLATION AND COMMENTARY IN YIDDISH

First Printing 1948
Second Printing 1950

---



---

Published by THE GILEAD PRESS, INC.



NEW YORK, N.Y.  MONTREAL, CANADA

---

Printed in Canada by the NORTHERN PRINTING & STATIONERY
4844 St. Lawrence Blvd.
MONTREAL
27

# הקדמה

## צו דער צווייטער אויפלאגע.

אין דער הקדמה צום ערשטן באנד „סדר זרעים" האָב איך גע-געבן בפרטות די כללים, ביי וועלכע איך האָב זיך געהאַלטן ביים אי-בערזעצן משניות אין יידיש און געבן דעם פירוש אין יידיש. ביי די זעלביקע כללים האָב איך מיך געהאלטן אויך ביים איבערזעצן און מפרש זיין דעם איצטיקן צווייטן באנד, „סדר מועד", און דהיינו:

איך האָב מיך געהאַלטן ביים פשט פון דער גמרא, פון בבלי און ירושלמי, און אויך פון די מפרשים ראשונים און אחרונים, רשי, רמבם, ברטנורא, תוספות יום טוב, מלאכת שלמה, און די הגהות פון די אחרו-נים. איך האָב ניט געגעבן קיינע אייגענע חידושים. אין צוויי ערטער אין מסכתא ברכות פרק ח׳ משנה ב׳ איז ניט קלאָר ארויסגעקומען דער דין וועגן „ניט-ריינע הענט וואָס זענען מטמא דעם כוס ווייַן" (אין עס דארף זיין מער באריכות, אז די הענט וועלן צוערשט מטמא זיין די פליסיקייט פון דער דרויסנדיקער זייט פון דעם כוס און די פליסיקייט וועט מטמא זיין דעם כוס), און דאָרט אין משנה ג׳ איז אויך ניט ריכטיק ארויסגעקומען דער טעם וועגן דער טומאה פון הענט און קישן און טיש. איך האָב דאָס מניה געווען און פאַרגעזעצט אין דער איצטיקער צווייטער אויפלאגע.

א סך לערנער האָבן מיר געשריבן בריוו מיט טענות. טייל מיינען אז איך האָב אין דעם פירוש אביסל צופיל מאריך געווען; און אנדערע זאָגן, אז איך האָב צופיל מקצר געווען. איך האָב מיך געהאלטן ביים כלל פון דער גמרא, אז מען זאָל לערנען „בדרך קצרה"; אָבער וואו עס איז געווען נויטיק צו פארשטיין בעסער דעם טייטש פון דער משנה, האָב איך ארומגערעדט דעם ענין מער בפרטות. דער לערנער וועט געפינען אַז אין אַ סך ערטער בין איך מאריך מער פון פירוש פון רמבם און פון ברטנורא, ווייל זיי, די דאָזיקע גרויסע מפרשים, האָבן מחבר געווען זייערע פירושים פאר א לומדישער וועלט, און זיי האָבן א סך ווערטער און באגריפן ניט געדארפן איינטייטשן, פארלאָזנדיק זיך דאַ-רויף אז דאָס דאָזיקע ווייסן די לערנער אַליין. אָבער איך האָב געהאלטן פאר נויטיק צו געבן ביי די אלע ווערטער דערקלערונג וואָס מען מיינט מיט זיי.

איך האָב אויך צוגעגעבן אין פירוש א זאַך, וואָס די מפרשים רא-שונים געבן עס טיילמאָל, אָבער זייער בקיצור, און איך האָב עס געגעבן באריכות, און דאָס איז וואָס מיר רופן אָן „רעאליען", דאָס הייסט די

פאַרשידענע לעבנס-מנהגים פון יענער צייט, מחמת אַזוי אַרום פאַר-שטייט מען גאַנץ אָפט קלאָרער און בעסער די משנה. למשל, אין דער צייט פון דער משנה אין ארץ ישראל זענען די וואוינונגען געווען אַנ-דערש אייגעאָרדנט פון אונזערע וואוינונגען אין היינטיקער צייט, די מאכלים, די קליידונג, זענען געווען אַנדערע, די מטבעות, די מאָסן, די געוויכטן זענען געווען אַנדערע. אַזוי איז געווען מיט דעם גאַנצן לעבנס-שטייגער. מיר געפינען וועגן דעם אין דער גמרא אין אַ סך ערטער, דאָס אַלץ האָב איך צוגעגעבן אין די ערטער פון דער משנה, וואָס כדי זיי בעסער צו פאַרשטיין איז נויטיק געווען דאָס צוצוגעבן.

אין דער הקדמה צום „סדר זרעים" האָב איך אויך אָנגעוויזן דע-רויף, אַז אין דער משנה זענען פאַראַן ווערטער פון פרעמדע שפּראַכן אַמייסטן פון גריכיש און פון לאַטיין. שוין רבנו נתן מרומי האָט אין זיין ספר „ערוך" אָנגעוויזן דאַרויף. מער האָט געשריבן וועגן דעם ר' בנימין מוספיא דער מחבר פון „מוסף הערוך" (וועלכער ווערט גע-בראַכט דורך אַ סך אחרונים, ווי הגאון ר' ישעיה פיק און אַנדערע). אָבער ר' בנימין ווען ער זאָגט וועגן אַ וואָרט אַז עס איז פון גריכיש צי פון לאַטיין, זאָגט ער ניט, וואָסער וואָרט דאָס איז; ער זאָגט נור סתם „בלשון יון", אָדער „בלשון רומי" איז עס דער טייטש אַזוי. עס איז דאַריבער אָפט זייער שווער צו דערגיין, וואָסער גריכיש אָדער לאַטייניש וואָרט ר' בנימין מוספיא האָט געמיינט. איך האָב מיך באַמיט דאָס צו דערגיין און צו געבן עס מיט יידישע אותיות.

אויך אין דער דאָזיקער הקדמה איז עס דער חוב צו דערמאָנען די קדושים און טהורים, דעם עם ישראל אשר נפל בחרב, די מיליאָנען יידן, אנשים ונשים וטף, וועלכע זענען דורך די דייטשע רוצחים אומ-געקומען באַכזריות נוראה אשר אין דוגמתה, אין פּוילן, ליטע, אוק-ראַינע, דייטשלאַנד, רומעניען, אונגאַרן און אַנדערע לענדער. פריער האָט מען נאַכניט געוואוסט די גרויס פון דער אבידה; איצט זעען מיר באַשיינפּערליך ווי טויזנטער יידישע קהלות זענען אָפּגעמעקט גע-וואָרן, קהלות, וועלכע זענען געווען דער יסוד פון גאַנצן יידישן פאָלק, די קרוין פון לומדות און יידישער געזעלשאַפטליכקייט, והשם ינקום את דמם.

איך האָב אפשר געטאָן ניט ריכטיק וואָס איך האָב אין דער הקדמה צו סדר זרעים ניט געגעבן עטליכע ווערטער וועגן דעם נאָמען און צו-זאַמענשטעל פון די מסכתאות און סדרים, אָפּלייגנדיק עס צו געבן וועגן דעם באריכות אין אַ באַזונדער ספר וואָס איך רעכן צו שרייבן וועגן משניות בכלל. איך וויל דאַריבער דאָ זאָגן עטליכע ווערטער סיי וועגן סדר זרעים און סיי וועגן איצטיקן באַנד סדר מועד.

„זרעים" איז דער טייטש „זאמען", וואָס מען פאַרזייט כדי אַרויס-צובאַקומען געוויקסן (חומש בראשית א׳ כ״ט, „זורע זרע"), און עס האָט טיילמאָל דעם טייטש פון די געוואוקסן אַליין. דער ערשטער סדר הייסט „זרעים", ווייל כמעט אַלע מסכתאות (פאה, דמאי, כלאים, שביעית, תרומות, מעשרות, מעשר שני, חלה, ערלה, ביכורים) לערנען די הלכות פון געוואוקסן פון דער ערד. די שאלה איז, ווי קומט די ערשטע מסכתא ברכות אין סדר זרעים? טייל מפרשים ווילן האָבן, אַז ערשטנס האָט דער מסדר פון דער משנה געוואָלט אָנהויבן מיט דער מצוה פון קריאת שמע ליינען וואָס דאָס איז דאָס נעמען אויף זיך דעם עול מלאכות שמים, און ממילא האָט ער שוין געגעבן אַלע דינים פון דאַווענען און ברכות. צווייטנס, ווייל אין דער מסכתא זענען פאַראַן די דינים וועגן ברכות אויך אויף געוואוקסן (דער זעקסטער פרק „כיצד מברכין על הפירות") און דעריבער האָט עס שוין אַ שייכות צו געוואוקסן. דער נאָמען „זרעים" פאַר דעם ערשטן סדר ווערט געבראַכט אין דער גמרא שבת ל״א.

דער צווייטער סדר הייסט „מועד", „צייט", וואָס האָט אין תנך אויך דעם טייטש פון „יום טוב" (ויקרא כ״ג, ב׳ „מועדי ה׳ "). די מסכתאות אין דאָזיקן סדר לערנען וועגן שבת, ימים טובים און האַלבע ימים טובים און סתם פייערליכע און טרויעריקע צייטן פון יאָר פאַר דעם יידישן פאָלק בכלל. די מסכתאות: „ש ב ת ", וועלכע לערנט די הלכות פון שבת. „עירובין", וועלכע לערנט די הלכות וועגן עירובין וואָס זענען נוהג אים שבת (און עירובי תחומין אויך אים יום טוב). „פסחים" לערנט די הלכות פון פסח און פון מקריב זיין דעם קרבן פסח. „שקלים" לערנט קודם כל וועגן געבן שקלים צום בית המקדש איינמאָל אין יאָר (חודש אדר) און ממילא לערנט זי שוין אויך וועגן די סדרים אין בית המקדש. „יומא" לערנט וועגן יום כיפור, דער עבודה פון כהן גדול און וועגן פאַסטן אים יום כיפור. „סוכה" לערנט וועגן זיצן אין סוכה, וועגן בענטשן אתרוג (די 4 מינים), די ניסוך המים אין בית המקדש אים סוכות. „ביצה" לערנט בכלל וועגן די דינים פון יעדן יום טוב. „ראש השנה" לערנט די דינים פון פאַרשידענע ראש השנה׳ס און וועגן קידוש החודש און וועגן שופר בלאָזן און די תפילות אים ראש השנה. „תענית" לערנט די דינים פון פאַרשידענע תעניות ציבור (צייליב מאַנגל אין רעגן און אַנדערע אומגליקן און אַנדערע תעניות ציבור) און לערנט אגב אויך וועגן די תפילות אויף רעגן, און עס ווערט אויך געגעבן וועגן קרבן עצים, תשעה באב. „מגילה" לערנט די הלכות פון מגילה-ליינען אים פורים און דרך אגב אויך וועגן קריאת התורה בכלל און וועגן דער קדושה פון בית המדרש און פון אַלע תשמישי קדושה. „מועד קטן" לערנט די הלכות וועגן חול המועד, און אגב אויך

די דינים וועגן אבילות. „חגיגה״ לערנט די הלכות וועגן עולה רגל זיין אין בית המקדש אויף די דריי ימים טובים פסח, שבועות און סוכות, און ברענגען די קרבנות „ראייה״ און „חגיגה״ און „שלמי שמחה״, און טייל דינים וועגן טומאה וטהרה, אין איין פרק ווערט אויך געגעבן וועגן די סודות פון מעשה בראשית און מעשה מרכבה. דער נאָמען „מועד״ פאַרן דאָזיקן סדר איז פאַראַן עטליכע מאָל אין דער גמרא און אויך אין דערמאָנטן אָרט אין שבת ל״א.

אויך אין דאָזיקן צווייטן באַנד סדר „מועד״ גיב איך (אַזוי ווי אין סדר זרעים) פאַר יעדער מסכתא א קורצע הקדמה, אין וועלכער עס ווערט אָנגעוויזן אויף די יסודות פון די הלכות, וועלכע די מסכתא לערנט. דער לערנער, איידער ער לערנט די מסכתאות, זאָל צוערשט מעיין זיין אין די דאָזיקע קורצע הקדמות און דאָס וועט אים א סך פארלייכטערן דאָס לערנען.

תחילת האָב איך געדעכנט צוצוגעבן דאָ אין סדר מועד א רשימה פון תיקונים און השמטות, אויסבעסערונגען פון טעותים און דרוק פעלערן, וועלכע זענען אריינגעפאלן אין מיין איבערזעצונג און פירוש אין סדר זרעים. אָבער איך האָב מיך מיישב געווען, אז עס וועט זיין גלייכער צו געבן איין גרויסע רשימה צום סוף פון לעצטן סדר טהרות, וועלכע זאָל ארומנעמען אלע טעותים און דרוק-פעלערן פון די אלע זעקס סדרים. טעותים און פעלערן זענען א זאך, וואָס יעדער מענטש מנז באגיין, טיילמאָל זענען עס טעיות הדפוס (דרוק-פעלערן), טייל-מאָל האָב איך פארזען עפּיס אין מיין טייטש, ושגיאות מי יבין. טעותים געפינען מיר אפילו אין די ספרים פון די גרעסטע מפרשים, און דאריף זענען פאַראַן די הגהות פון די אחרונים, און מען קאָן עס געפינען אין די הגהות פון ר׳ שמואל שטראשון (רש״ש) און אַנדערע גאונים, וועל-כע ווייזן אָן אויף טעותים פון די פריערדיקע מפרשים. און אויף אַזאַ פירוש ווי דער „תפארת ישראל״ פון דעם גאון ר׳ ישראל ליפשיץ זע-נען פאראן צוגעגעבן צום סוף פון ווילנער משניות הגהות פון אָסט-רינער רב ר׳ יעקב, וועלכער ווייזט אָן אויף זייער פיל פעלערן אין „תפארת ישראל״ (מיט די ווערטער „ולא דק״, „תימה״ און אזוי ווייטער). אָבער דאָס פארקלענערט ניט, חס ושלום, דעם גרויסן ווערט פון „תפארת ישראל״. עס קאָן זיין, אז טייל טעותים אין מיין פירוש וועל איך אליין ניט באמערקן, און איך וויל דאריבער בעטן די לערנער, אַז אויב זיי באַמערקן א טעות (ניט א דרוק-פעלער, נאָר מיינס א טעות) זאָלן זיי מיר שרייבן, און איך וועל עס דערמאָנען אין דער רשימה.

און נאָכאמאָל, ואני אודה לה׳ השוכן בציון, אשר עד הנה עזרוני רחמיו, אז איך האָב זוכה געווען ארויסצוגעבן אלע ששה סדרי משנה,

**און אויב איך וועל דערמיט העלפן צו פארשפרייטן כאָטש אַביסל דעם לימוד המשנה בישראל, והיה זה שכרי, און איך וועל וויסן, אז איך האָב עפּיס אויפגעטאָן בימי חיי הבלי עלי אדמות.**

**איך וויל דאָ אויסדריקן אַ דאַנק דעם קאנאדיש יידיש קאָנגרעס פאר דער הילף וואָס ער גיט מיר אין מאַכט מיר לייכטער דאָס שרייבן און ארויסגעבן די ספרים.**

מאָנטרעאל, ערב ראש חודש אדר תש״ט.

**שמחה פּיעטרושקא.**

# מסכתא שבת
## הקדמה

אין חומש שמות כ׳ אין די עשרת הדברות (צען געבאָטן), און אויך אין א סך אנדערע ערטער אין חומש ווערט געזאָגט, אז דער זיבעטער טאָג, שבת, איז הייליק און מען טאָר אין אים ניט טאָן קיין ארבייט, קיין מלאכה. די מסכתא שבת לערנט אונז אין 24 פּרקים די דינים וועגן שבת. אין דער משנה פון מסכתא שבת ווערט געמאָכט אן אונטערשיד צווישן פארשידענע ארבייטן, מלאכות. עס זענען פאראן אזעלכע ארבייטן, וואָס אויב מען טוט זיי במזיד אים שבת איז מען חייב מיתה, עס קומט דערפאַר טויט־שטראָף. און אויב מען טוט זיי בשוגג, נישט ווויסנדיק אז מען טאָר זיי ניט טאָן אָדער ניט ווויסנדיק אז עס איז שבת, האָט מען געדאַרפט ברענגען אין בית המקדש א קרבן חטאת. אָבער עס זענען פאראן ארבייטן, וואָס אויב מען טוט זיי איז מען ניט חייב ניט קיין מיתה און ניט קיין קרבן, מען איז „פּטור״, אָבער טאָן זיי טאָר מען ניט. דאָס הייסט „פּטור אבל אסור״, „מען איז פּטור, אָבער זיי זענען פארבאָטן״. מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, מעג מען זיי טאָן; נאָר די רבנן, די חכמים האָבן זיי געאסר׳ט, געזאָגט, אז מען טאָר זיי ניט טאָן. די דאָזיקע ארבייט, וואָס זענען אסור צו טאָן נאָר מדרבנן, הייסן „שבות״, פון וואָרט „שבת, רוען, און עס זענען פאראן ארבייטן, וועלכע זענען מותר, מען מעג זיי טאָן. — איינע פון די ארבייטן, וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שבת, איז „הוצאה״ און „הכנסה״, ארויסטראָגן א זאך פון א רשות היחיד אין א רשות הרבים, אָדער אריינטראָגן א זאך פון א רשות הרבים אין א רשות היחיד. מיט דעם וואָרט „רשות היחיד״, „אָן אָרט, וואָס געהערט צו איינצלנע מענטשן״, מיינט מען, למשל, א הויז, אָדער א הויף. מיט „רשות הרבים״, „אָן אָרט וואָס געהערט צו אלע מענטשן״, מיינט מען, למשל, א גאַס. אָנשטאָט צו באַנוצן זיך מיט די צוויי ווערטער „הוצאה״ (ארויסטראָגן) און „הכנסה״ (אריינטראָגן) באַנוצט זיך די משנה אויך מיט דעם וואָרט „יציאה״ (איבערטראָגן), און אין לשון רבים „יציאות״ (איבערטראָגונגען), דאָס הייסט איבערטראָגן א זאך סיי פון רשות היחיד אין רשות הרבים און סיי פון רשות הרבים אין רשות היחיד. כדי מען זאָל זיין חייב, שולדיג (אויב במזיד טויט־שטראָף און אויב בשוגג א קרבן), דאַרף דער מענטש, וואָס טראָגט איבער א זאך פון איין רשות אין צווייטן (פון רשות היחיד אין רשות הרבים, אָדער פון רשות הרבים אין רשות היחיד) טאָן צוויי זאכן, דהיינו: ער דאַרף „נעמען״ די זאך למשל אין רשות היחיד און אוועקלייגן עס אין רשות הרבים. דאָס איז א וויכטיקער כלל אין דער הלכה. אין דער גמרא הייסט עס אז מען מוז מאכן די „עקירה״ און „הנחה״, „ארויסרייסן״, „נעמען״ אין איין רשות, און „אוועקלייגן״ אין א צווייטן רשות. דעם דאָזיקן דין לערנט די ערשטע משנה פון שבת.

א חוץ „ארויסטראָגן״ זענען פאַראַן נאָך א סך אַנדערע ארבייטן, מלאכות, וואָס זענען פארבאָטן אים שבת. די משנה אין פרק ז׳ פון מסכתא שבת רעכנט אויס 39 מלאכות, הויפּט־ארבייטן, וואָס זענען פארבאָטן אים שבת. מיר וועלן דאָרט געבן דערקלערונגען וועגן יעדער פון די דאָזיקע מלאכות.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט זענען פאראן טייל ארבייטן, וואָס לויט דעם דין פון דער תורה מעג מען זיי טאָן אים שבת, אָבער די רבנן, די חכמים, האָבן זיי פארבאָטן. איינע פון די דאָזיקע זיכן איז „מוקצה״. מען דאַרף גוט קענען דעם גאנצן ענין פון מוקצה, כדי צו פארשטיין א סך משנות אין מסכתא שבת. „מוקצה״ איז פון וואָרט „קצה״, אָפּשיידן, זיין אָפּגעשיידט, ניט צו־רירן זיך דערצו. דער דין איז, אז אים שבת טאָר מען ניט „מטלטל״־זיין, אַנגעמען און באַוועגן, רירן פון אָרט, טייל זאכן, ווייל די דאָזיקע זאכן זענען „מוקצה״, אָפּגעשיידט. „מוקצה״ הייסט קודם כל א זאך, וואָס ערב שבת פארנאַכט, בין השמשות, אין אָנהויב פרייטאָג צונאַכטס, אין דער רגע ווען עס ענדיקט זיך פרייטאָג און עס ווערט שבת, האָט מען די זאך ניט געוואָלט אָדער ניט געקאָנט באַנוצן. למשל, אויב פרייטאָג פארנאַכט בין השמשות

# מסכת שבת

## פרק א.

**א. יציאות השבת שתים שהן ארבע בפנים ושתים שהן ארבע בחוץ. כיצד? העני עומד בחוץ ובעל הבית בפנים, פשט העני את ידו לפנים ונתן לתוך ידו של בעל הבית, או שנטל מתוכה והוציא העני חייב ובעל הבית פטור. פשט בעל הבית את ידו לחוץ ונתן לתוך ידו של עני, או**

---

האָט געבערענט א לעמפּל, כאָטש דאָס לעמפּל איז שבת געוואָרן אויסגעברענט, טאָר מען עס שבת בייטאָג ניט רירן פון אָרט, ווייל עס איז געווען מוקצה אין אָנהויב פריי־טאָגצונאכטס, מחמת דעמאָלס האָט עס געברענט און א ברענענדיקע זאך טאָר מען דאָך ניט אויסלעשן שבת און עס נוצן. דאָס איז דער ערשטער כלל, אז יעדע זאך וואָס איז געווען „מוקצה" אין אָנהייב פון פרייטאָג צונאכטס, איז עס שוין מוקצה א גאנצן שבת. עס זענען פאראַן עטליכע סאָרטן פון „מוקצה". למשל „מוקצה מחמת מיאוס", מען האָט עס ניט געוואָלט רירן פון אָרט, ווייל עס איז מיאוס געווען, אָדער „מוקצה מחמת איסור", מען האָט עס ניט געטאָרט רירן פון אָרט, למשל דאָס דער־מאָנטע ברענענדיק לעמפּל אין אָנהויב פרייטאָג־צונאכטס.

זאָל דער לערנער געדענקן די דאָזיקע זאכן און ער וועט דאדורך פארשטיין א סך משנות אין מסכתא שבת.

## פרק א.

א. יציאות די ארויסטרוגונגן (פון איין רשות אין אן אנדערן רשות) אים שבת זענען צוויי וועלכע זענען פיר פאר (דעם מענטש וועלכער שטייט) אינעווייניג, און צוויי וועלכע זענען פאר פאר (דעם מענטש וועלכער שטייט) אין דרויסן. די משנה צוויי וועלכע זענען פאר פאר (דעם מענטש וועלכער שטייט) אין דרויסן. די משנה לערנט דאָ דעם דין, וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט אין דער הקדמה; זי זאָגט, אז עס איז מעגליך דאָס דער מענטש, וואָס שטייט „בפנים", אינעווייניג, אין הויז, זאָל איבערטראָגן א זאך אויף 4 אופנים, און פאר צוויי פון זיי, אויב ער טוט זיי, איז ער חייב (מיתה אָדער א קרבן) און פאר צוויי פון זיי איז ער פטור. דאָסזעלביקע איז אויך מיט דעם מענטש, וועלכער געפינט זיך „בחוץ", אין דרויסן, אויף דעם גאס. אויך ער קאָן איבערטראָגן א זאך אויף 4 אופנים, וואָס פאר צוויי פון זיי איז ער חייב און פאר די אנדערע צוויי איז ער פטור. און די משנה זאָגט דאָ: כיצד, ווי אזוי? העני, דער אָרימאן שטייט אין דרויסן און דער בעל הבית שטייט אינווייניק, און דער אָרימאן האָט אריינגעשטעקט זיין האַנט אינווייניק און האָט אריינגעלייגט (א זאך) אין דער האַנט פון בעל הבית אָדער ער האָט פון דאָרט ארויסגענומען (א זאך), איז דער אָרי־מאן חייב און דער בעל הבית איז פטור. ווייל ווען דער אָרימאן האָט גענומען א זאך פון דרויסן און זי אריינטראָגן מיט זיין האַנט אינווייניק און האָט די זאך אריינ־געלייגט אין דער האַנט פון בעל הבית, האָט ער דאָך געטאָן ביידע זאכן, ער האָט „גענומען" און „אוועקגעלייגט". דאָסזעלבע איז אויך ווען ער האָט „גענומען" א זאך פון בעל הבית'ס האַנד און „ארויסגעטראָגן" אין דרויסן. דאָס זענען די צוויי אופנים פון איבערטראָגן א זאך, וואָס אויב דער מענטש, וועלכער שטייט אין דרויסן, דער אָרימאן, טוט זיי איז ער חייב. די מפרשים פרעגן פארוואָס לערנט די משנה וועגן אַן אָרימאן און א בעל הבית? זי האָט געקאָנט לערנען סתם, וועגן א מענטש, וועלכער שטייט אין דרויסן און א מענטש וועלכער שטייט אינווייניג? דער ברטנורא זאָגט, אז דאָס איז ווייל די משנה וויל אונז לערנען, אז אפילו ביים טאָן אזא מצוה, ווי געבן צדקה צו אן אָרימאן טאָר מען אויך ניט עובר זיין אויף דעם פארבאָט ארויס־צוטראָגן זאכן אים שבת. דער רמבם זאָגט, אז ווייל עס איז שווער כסדר איבערצו־חזרן די ווערטער „דער מענטש וועלכער שטייט אין דרויסן" און „דער מענטש וועלכער שטייט אינווייניק", האָט די משנה געזאָגט „אָרימאן" און „בעל הבית", ווייל מען ווייסט, אז דער אָרימאן איז דער מענטש, וועלכער שטייט אין דרויסן, און דער

שנטל מתוכה והכניס, בעל הבית חייב והעני פטור. פשט העני את ידו לפנים ונטל בעל הבית מתוכה או שנתן לתוכה והוציא, שניהם פטורים. פשט בעל הבית את ידו לחוץ ונטל העני מתוכה או שנתן לתוכה והכ־ניס שניהם פטורין.

ב. לא ישב אדם לפני הספר סמוך למנחה עד שיתפלל. לא יכנס

---

בעל הבית געפינט זיך אינווייניק. פשט בעל הבית את ידו לחוץ, אויב דער בעל הבית האָט ארויסגעשטעקט זיין האַנט אין דרויסן ארויס און ער האָט אריינגעלייגט (א זאך) אין דער האַנט פון אָרימאן אָדער ער האָט פון איר ארויסגענומען (א זאך) און ארייג־געטראָגן, איז דער בעל הבית חייב און דער אָרימאן איז פטור. ווייל דער בעל הבית האָט אין ביידע פאלן געטאָן ביידע זאכן, אי ער האָט „גענומען" אי ער האָט „אוועק־געלייגט". אָבער דער אָרימאן האָט דאָך גאָרניט געטאָן. דאָס זענען די צוויי אופנים פון איבערטראָגן א זאך, וואָס אויב דער מענטש, וועלכער שטייט אינווייניק, דער בעל הבית, טוט זיי, איז ער חייב. איצט וועט די משנה לערנען וועגן די אנדערע צוויי אופנים פון איבערטראָגן זאכן, וואָס אויב מען טוט זיי איז מען פטור. פשט העני, אויב דער אָרימאן האָט אריינגעשטעקט זיין האַנט אינווייניק און דער בעל הבית האָט ארויסגענומ׳ען (א זאך) פון איר (פון דעם ארימאנ׳ס האַנט), אָדער ער (דער בעל הבית) האָט אריינגעלייגט (א זאך) אין אָרימאנס האַנט און דער אָרימאן האָט זי ארויסגעטראָגן, זענען זיי ביידע (סיי דער ארימאן און סיי דער בעל הבית) פטור. קיינער פון זיי האָט ניט געטאָן ביידע זאכן, דאָס „נעמען" און „אוועקלייגן". ווייל אין ערשטן פאל האָט דער אָרימאן „גענומען" די זאך פון דרויסן, אָבער ער האָט זי ניט אוועקגעלייגט אינווייניג, ווארום דער בעל הבית האָט דאָך די זאך ארויסגענומען פון זיין האַנט ארויס. אין צווייטן פאל האָט דער בעל הבית „גענומען" די זאך פון אינווייניג און אריינגעלייגט אין אָרימאַנס האַנט, האָט דאָך דער אָרימאן ניט „גענו־מען", כאָטש ער האָט די זאך ארויסגעטראָגן. דעריבער זענען זיי ביידע פטור. פשט בעל הבית, אויב דער בעל הבית האָט ארויסגעשטעקט זיין האַנט אין דרויסן, און דער אָרימאן האָט ארויסגענומען (א זאך) פון איר (פון דער האַנט), אָדער ער (דער אָרימאן) האָט אריינגעלייגט אין איר (אין בעל הבית׳ס האַנט) און דער בעל הבית האָט זי אריינגעטראָגן, זענען זיי ביידע פטור. אויך דאָ, אין די דאָזיקע צוויי פאלן האָט קיינער פון זיי, ניט דער בעל הבית און ניט דער אָרימאן, ניט געטאָן ביידע זאכן, דאָס „נעמען" און דאָס „אוועקלייגן" יעדער פון זיי האָט געטאָן נור איין זאך, אָדער ער האָט „גענו־מען" אָדער ער האָט „אוועקגעלייגט", און דעריבער זענען זיי ביידע פטור.

ב. לא ישב, א מענטש טאָר זיך ניט אוועקזעצן פאר דעם שערער (אָפּצושערן זיך) נאָנט צו דער צייט (ווען מען דארף דאוונען) מנחה, איידער ער האָט געדאוונט. די דאָזיקע משנה לערנט דעם דין ניט דוקא וועגן פרייטאָק פארנאכט, נאָר אויך וועגן יעדן טאָג, אז מען טאָר נישט טאָן אין מנחה־צייט (די צייט פון „מנחה גדולה", א האלבע שעה נאָך האלבן טאָג) קיין זאך, וואָס קאָן צופיל באשעפטיקן דעם מענטש אזוי אז ער קאָן פארגעסן צו דאוונען. די דאָזיקע דינים פון יעדן טאָג ווערן דאָ גע־לערנט, ווייל אין די ווייטערדיקטע משנות ווערן געלערנט דינים וועגן זאכן וואָס מען טאָרניט טאָן פרייטיק פארנאכט צוליב דער מורא טאָמער וועט דער מענטש פאר־געסן און טאָן אן ארבייט אים שבת. „ספר" קומט אונטער דעם „ס" א פתח און אונ־טער דער „פ" א קמץ, און דער טייטש איז „שערער". ולא יכנס, און א מענטש טאָר־ניט (פאר מנחה־דאוונען) אריינגיין אין א באָד, און אויך ניט אין דער גארבעריי, און אויך ניט (זעצן זיך) עסן, און אויך ניט (זעצן זיך) צו א דין תורה. אויך אין די דאָזיקע פאלן איז די מורא טאָמער וועט מען פארגעסן צו דאוונען מנחה. ביים גיין אין באָד איז מורא צו האָבן טאָמער וועט דער מענטש חלשן און דערווייל וועט אריבער די צייט פון דאוונען. ביים אריינגיין אין דער גארבעריי איז מורא צו האָבן טאָמער

**אדם למרחץ ולא לבורסקי ולא לאכול ולא לדין, ואם התחילו אין מפסי־קין. מפסיקין לקרות קריאת שמע ואין מפסיקין לתפלה.**

**ג. לא יצא החייט במחטו סמוך לחשכה, שמא ישכח ויצא. ולא הלבלר בקולמוסו. ולא יפלה את כליו ולא יקרא לאור הנר. באמת אמרו, החזן רואה היכן תנוקות קוראים, אבל הוא לא יקרא. כיוצא בו.**

---

וועט ער באמערקן, אז די פעל גארבן זיך ניט גוט און ער וועט פרווון זיי איבערצו־לייגן, און דאָס פארנעמט צייט. ביים זעצן זיך עסן מיינט מען, לויט טייל מפרשים, א גרעסערע סעודה, וואָס פארציט זיך. דאָס זעלביקע איז אויך מיט א דין תורה, און אפילו ארויסצוגעבן דעם פסק דין, ווייל טאָמער וועט מען דארפן אויסהערן נאָכ־אמאָל די טענות, און מען וועט פארשפּעטיקן דאָס דאווענען. ואם התחילו, און אויב מען האָט יאָ אָנגעהויבן, דארף מען ניט איבעררייסן. אויב מען האָט זיך יאָ געזעצט אפשערן זיך, אָדער מען איז יאָ ארייגעגאנגען אין באָד, צי אין גארבעריי, צי גע־זעצט זיך עסן, צי צו דער דין תורה, דארף מען ניט איבעררייסן. אָבער מען דאַרף אכטונג געבן, אז מען זאָל דאווענען מנחה. מפסיקים לקרות, מען דארף איבעררייסן צו ליינען קריאת שמע, אָבער מען דארף ניט איבעררייסן צו דאווענען. די גמרא זאָגט, אז דער דאָזיקער דין מיינט, אז אויב מען זיצט און מען לערנט תורה און עס קומט אָן די צייט צו ליינען קריאת שמע דארף מען איבעררייסן דאָס לערנען תורה און לייענען קריאת שמע; אָבער ווען עס קומט אָן די צייט צו דאווענען דארף מען ניט איבעררייסן דאָס לערנען תורה. דער טעם איז ווייל קריאת שמע איז א מצוה פון דער תורה (מדאורייתא), און דאווענען איז א מצוה מדרבנן, וואָס די חכמים האָבן מתקן געווען. די גמרא זאָגט אויך, אז דאָס איז דער דין נור פאר אמאָליקע גרויסע לומדים, אָבער היינטיקע צייטן דארף מען איבעררייסן אויך צום דאווענען.

ג. לא יצא, א שניידער טאָר ניט ארויסגיין מיט זיין נאָדל (פרייטאָג) נאָענט צו אוונט, ווייל טאָמער וועט ער פארגעסן און ארויסגיין (מיט דער נאָדל אים שבת); און אויך ניט דער שרייבער מיט זיין פעדער. דער טעם, פארוואָס די משנה דערמאָנט דעם שניידער און דעם שרייבער, איז ווייל דער שניידער האָט געוויינטליך שטעקן זיין נאָדל אין זיין מאנטל, און דער שרייבער האלט די פעדער הינטער זיין אויער, און עס איז דעריבער מער מעגליך אז זיי זאָלן פארגעסן. ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" ווייזט אָן, אז דאָס וואָרט „קולמוס" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאלא־מאָס", וואָס איז דער טייטש א שטעקעלע בכלל און באזונדערס א שרייבפעדער. דאָס וואָרט „לבלר" איז דאָס לאטייניש וואָרט „ליבעלאריוס", וואָס איז דער טייטש „א שרייבער". ביידע ווערטער געפינען זיך א סך מאָל אין דער גמרא. ולא יפלה, און ער זאָל ניט אויסריי ניקן זיינע קליידער (פרייטאָגצונאכטס) און זאָל אויך ניט ליינען ביים ליכט פון א לעמפל. מיט „אויסרייניקן די קליידער" איז פאראן דער טייטש „אויסרייניקן ווערם". טייל טייטשן אויך „ולא יפלה" ער זאָל ניט „אויסקלייבן די קליידער", פרובן דערקענען, וועלכע זענען זיינע. דער טעם פארוואָס מען טאָר פרייטאָג צו נאכטס ניט אויסרייניקן קליידער און ניט ליינען אין א ספר ביים ליכט פון א לעמפל, איז ווייל טאָמער וועט זיך דאָס לעמפל ניט גוט ברענען און דער מענטש זייענדיק פארטאָן אין ריי ניגן צי אין לערנען, וועט פארגעסן אז עס איז שבת און וועט אויסבייגן דאָס קנויטל אין לעמפל כדי עס זאָל זיך בעסער ברענען. באמת אמרו, עס איז באמת געזאָגט געוואָרן, אז דער חזן מעג זען ווי די קינדער ליינען, אָבער ער טאָר ניט ליינען (מיט זיי). מיט „חזן" מיינט מען דאָ ניט דעם בעל תפילה, וואָס דאוונט פארן עמוד; נאָר „חזן" האָט געהייסן אין דער צייט פון דער משנה דער שמש פון שול, וועלכער האָט אויך געלערנט מיט די קינדער ליינען אין ספר תורה. זאָגט דאָ די משנה, אז דער חזן מעג פרייטאָגצונאכטס יאָ צוזען ווי די קינ־דער ליינען אין ספר ביים ליכט פון א לעמפל, מחמת די קינדער האָבן דרך ארץ פאר דעם חזן און וועלן ניט פארריכטן דאָס לעמפל ,און דער חזן איז דאָך ניט פארטאָן אין

**לא יאכל הזב עם הזבה, מפני הרגל עבירה.**

**ד. ואלו מן ההלכות שאמרו בעליית חנניה בן חזקיה בן גוריון כשעלו לבקרו. נמנו, ורבו בית שמאי על בית הלל, ושמנה עשר דברים גזרו בו ביום.**

ליינען, וועט ער ניט פארגעסן, אז עס איז שבת. אָבער דער חזן טאָר ניט ליינען צו־זאמען מיט די קינדער, ווייל ער וועט דאָך זיין פארטאָן אין ליינען און קאָן דעריבער יאָ פארגעסן. מיר האָבן שוין געגעבן אין אָנהויב פרק ב׳ פון מסכת תרומות, אז אומעטום וואו עס איז פאראן „באמת אָמרו״ מיינט מען אז עס איז אזא הלכה, ווי א הלכה למשה מסיני. כיוצא בו, דאָס זעלביקע איז אויך (דער דין), אז א זב טאָרניט עסן צוזאמען מיט א זבה כדי (ניט דערלאָזן צו) דער געלעגנהייט צו טאָן א עברה. „זב״ הייסט א מאַנספערזאָן און „זבה״ הייסט א פרוי, פון וועלכע עס רינט אן אומ־ריינע פליסיקייט; מיט אזא פרוי טאָר מען ניט האָבן קיין געשלעכט־פארקער. זאָגט די משנה, אז אפילו עסן צוזאמען טאָרן זיי אויך ניט, ווייל דאָס קאָן זיי דערפירן צו טאָן א עבירה. דער ברטנורא זאָגט, אז די משנה מיינט, אז אויך א מאן וועלכער איז ניט קיין זב טאָר ניט עסן צוזאמען מיט א זבה; און די משנה זאָגט א „זב״, ווייל כאָטש פאר אים איז דאָך שווער צו האָבן געשלעכטס־פארקער טאָר ער אויך ניט.

ד. ואלו מן ההלכות, און דאָס זענען פון די הלכות, וועלכע זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט אין דעם בוידעם־שטיבל פון חנניה דעם זון פון חזקיה דעם זון פון גוריון, ווען זיי (די חכמים) זענען ארויפגעקומען צו באזוכן אים; מען האָט גע־ציילט, און די בית שמאי זענען געווען מער פון די בית הלל; און אכצען זאכן האָט מען גוזר געווען אין זעלביקן טאָג. די בית שמאי, דאָס הויז פון שמאי, און בית הלל, דאָס הויז פון הלל, מיינט מען די חכמים און תלמידים וועלכע האָבן געלערנט אין די ישיבות פון שמאי און הלל, פון די צוויי תנאים, וועלכע האָבן געלערנט אין ירושלים לערך 100 יאָר איידער דאָס צווייטע בית המקדש איז חרוב געוואָרן. די מחלוקות צווישן זיינע תלמידים וועגן א סך דינים האָבן געדויערט א לאנגע צייט, ביז נאָך דעם חורבן פון בית המקדש. שפּעטער האָט מען אָנגענומען אז מען פסקנט ווי די בית הלל. דאָ דערציילט די משנה, אז אין אָ געוויסן טאָג, ווען די בית שמאי און די בית הלל זיינען געקומען צו באזוכן חנניה בן חזקיה בן גוריון, האָבן זיי ביי אים אין בוידעם־שטיבל גוזר געווען אויף 18 זאכן. און כאָטש די בית הלל האָבן גע־האַלטן, אז מען דארף ניט גוזר זיין די דאָזיקע גזרות, אָבער מען האָט געציילט, נמנו, מען האָט געשטעלט צו אָפּשטימונג, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין דאָזיקן טאָג זענען די בית שמאי געווען מער פון די בית הלל, און מען האָט די גזרות אָנגע־נומען. וועגן חנניה בן חזקיה ווערט אין דער גמרא שבת י״ג געזאָגט, אז ער און זיינע חברים האָבן מחבר געווען די מגילת תענית און האָבן מפרש געווען דעם ספר יחזקאל. טייל מיינען, אז ער איז דער פאָטער פון אלעזר בן חנניה, וועלכער האָט געפירט די מלחמה קייגן די רוימער בעת דעם חורבן ירושלים און וועלכער ווערט דערמאָנט אין ספר יוסיפון. — די משנה זאָגט דאָ, אז דאָס זענען פון די דינים, וואָס די חכמים האָבן געזאָגט יענעם טאָג אין דעם בוידים־שטיבל פון חנניה. די גמרא זאָגט, אז מיט „דאָס זענען״ (ואלו) מיינט מען די צוויי דינים פון דער פריערי־קער משנה, אז מען טאָרניט רייניקן קיין קליידער און מען טאָרניט ליינען ביי קיין ליכט פון א לעמפל אים פרייטאָגצונאכטס. דאָס זענען נור צוויי דינים. וואָס זענען די אנדערע 16 דינים, מחמת די משנה זאָגט דאָך, אז מען האָט גוזר געווען 18 גזרות? וועגן דעם זענען פאראן חלוקי דעות אין דער גמרא בבלי און ירושלמי. עס איז אָנ־גענומען, אז די אנדערע זעכצן דינים זענען: א) אז איינער עסט א „ראשון״ טמא זאך ווערט ער טמא און ער טאָר ניט עסן קיין תרומה ביז ער ווערט ריין; ב) דאָס־זעלביגע איז אויך אז איינער עסט א „שני״־טמא זאך; וואָס מען מיינט „ראשון״ און „שני״ דערקלערן מיר אין דער הקדמה צום סדר טהרות; ג) דאָסזעלביקע איז אויך

ה. בית שמאי אומרים, אין שורין דיו וסממנים וכרשינים, אלא כדי שישורו מבעוד יום. ובית הלל מתירין.

ו. בית שמאי אומרים, אין נותנין אונין של פשתן לתוך התנור, אלא כדי שיהבילו מבעוד יום, ולא את הצמר ליורה, אלא כדי שיקלוט

---

ווען איינער טרינקט טמא געטראנקן; ד) דאָסזעלביקע איז אויך ווען איינער האָט נאָכ'ן טובל זיין זיך אין אכשרער מקוה, זיך אונטערגעטונקן אין געשעפּט וואסער (מים שאובין); ה) דאָסזעלביקע איז אויך, ווען אויף א ריינעם מענטש פאלט ארויף דריי קוואָרט געשעפּט וואסער; ו) אז תרומה רירט אָן ספרים פון תנך ווערט זי פסול און מען טאָר איר ניט עסן; ז) סתם הענט, ווען זיי רירן אָן תרומה איידער מען האָט די הענט געוואשן, ווערט די תרומה פסול; ח) אויב געטראנקען האָבן אָנגערירט די דאָזיקע הענט ווערן די געטראנקען טמא און זענען מטמא תרומה, אויב זיי רירן איר אָן; ט) דאָסזעלביקע זענען די דאָזיקע געטראנקען מטמא א כלי אויב זיי רירן איר אָן; י) אפילו גאָר יונגע טעכטער פון כותים (זע דעם פירוש צו משנה א' פרק ז' אין מסכת ברכות) פון זינט זיי זענען געבוירן זענען טמא ווי נידות; י"א) א זאך וואָס האָט אין דעם אומפאנג (היקף) א טפח און אונטער דער זאך געפינען זיך א מת און א לעבעדיקער מענטש, ווערט דער מענטש טמא, גלייך זוי ער וואָלט זיך געפינען צו־זאמען מיטן מת אונטער איין דאך, אונטער איין אוהל; י"ב) דער זאפט וואָס גייט ארויס פון וויינטרויבן ווען מען שניידט זיי, האָבן דעם דין פון וויין וואָס אז א עסנ־ווארג רירט אים אָן קאָן עסנווארג ווערן טמא אויב ס'רירט שפּעטער אָן א טמא זאך (וועגן "הכשר" זע דעם פירוש צו מסכת דמאי פרק ב' משנה ג'); י"ג) אויב מען פארזייט תרומה איז די תבואה, וואָס וואקסט ארויס דערפון, אויך תרומה; י"ד) אויב איינער פארשפּעטיקט זיך פרייטאָג פארנאכט אין וועג און עס ווערט שבת טאָר ער ניט טראָגן זיין בייטל געלט ווינציקער פון 4 איילן מיט אמאָל, נאָר ער דארף אים געבן א גוי צו טראָגן; ט"ו און ט"ז) זענען די צוויי דערמאָנטע דינים וועגן ניט רייניקן קליידער און לייגן ביי א לעמפּל פרייטאָגצונכטס; י"ז) ברויט און אייל און וויין און די טעכטער פון גויים זענען פארבאָטן; יח) א קליין קינד פון א גוי איז טמא ווי א זב (וועגן זב זע פריער אין משנה ג'). די אלע דינים דארף מען באזונדער מפרש זיין און מיר וועלן געבן זיי אין אנדערע ערטער, וואו זיי ווערן געלערנט אין דער משנה, אממייסטן אין סדר טהרות.

ה. בית משאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָרניט איינווייקן (אין וואסער, פרייטאָג) טינט־מאטעריאלן און פארבן־מאטעריאלן און וויקע (כרשינים, צו געבן צו עסן צו בהמות) סיידן (עס איז פאראן גענוג צייט) אז די זאָלן אויסגעווייקט ווערן ווען עס איז נאָך טאָג (איידער עס ווערט נאכט); און די בית הלל זענען מתיר. מאטעריאלן צו מאכן טינט אָדער פארב זענען הארט און מען מוז זיי גוט ווייקן כדי זיי זאָלן ווייך ווערן. וויקע איז אזא געוויקס, וואָס מייסטנס עסן עס בהמות, און מען מוז עס פריער גוט צעווייקן כדי מען זאָל עס קאָנען עסן. זאָגט די בית שמאי, אז פּונקט ווי די תורה האָט (שמות כ') אָנגעזאָגט, אז עס דארף רוהען אים שבת דער מענטש און זיין בהמה (שביתת בהמתו), אזוי דארפן רוהען אויך זיינע כלים (שביתת כלים), און דעריבער אויב די זאכן ווייקן זיך אים שבת, הייסט עס, אז די כלים טוען א מלאכה אים שבת, און דאָס טאָר מען ניט. אָבער די בית הלל האַלטן, אַז כלים דארפן ניט רוהען.

ו. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָרניט ארייגלייגן בינטלעך פלאקס אין אויוון סיידן (עס איז פאראן גענוג צייט) אז די זאָלן אָנגעווארעמט ווערן (פריי־טאָג) ווען עס איז נאָך טאָג, און אויך (זאָל מען ניט ארייגלייגן) וואָל אין קעסל (מיט הייסער פארב) סיידן עס זאָל אָננעמען די פארב; די בית הלל זענען מתיר. בינטלעך פלאקס לייגט מען אריין אין א ווארעמען אויוון, כדי דער פלאקס זאָל ווערן העל. וואָל

העין, ובית הלל מתירין. בית שמאי אומרים אין פורשין מצודות חיה ועופות ודגים אלא כדי שיצודו מבעוד יום. ובית הלל מתירין.

ז. בית שמאי אומרים, אין מוכרין לעובד כוכבים ואין טוענין עמו ואין מגביהין עליו, אלא כדי שיגיע למקום קרוב, ובית הלל מתירין.

ח. בית שמאי אומרים, אין נותנין עורות לעבדן ולא כלים לכובס עובד כוכבים, אלא כדי שיעשו מבעוד יום; ובכולן בית הלל מתירים עם השמש.

ט. אמר רבן שמעון בן גמליאל נוהגין היו בית אבא שהיו נותנין

---

לייגט מען אריין אין א קעסל הייסער פארב צום פארבן. אויך דאָ איז די מחלוקה צווישן די בית שמאי און די בית הלל צי די כלים דארפן רוהען אים שבת. די גמרא זאָגט, אז די בית הלל זענען מתיר נור ווען דער קעסל שטייט ניט אויפן פייער אים שבת און ער איז פארקלעבט, ווייל אויב ניט איז מורא צו האָבן טאָמער וועט מען שארן אין די קוילן אז זיי זאָלן זיך בעסער ברענען, און אויך טאָמער וועט מען מישן אין קעסל און דאָס הייסט ווי געקאָכט אים שבת. „יהבילו" איז פון „הבלא", היץ; „עין", אויג, הייסט, דער אויסזען די פארב. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אַז מען טאָר ניט אויסשפרייטן נעצן (צו פאנגן) חיות, עופות, און פיש סיידן (עס איז פאראן גענוג צייט) אז זיי זאָלן גלפאנגן ווערן (פרייטאָג) ווען עס איז נאָך טאָג; און די בית הלל זענען מתיר. עס איז אלץ דיזעלבע מחלוקה, צי די נעצן, די כלים, דארפן אויך רוהען אים שבת.

ז. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָרניט פארקויפן צו א גוי, און אויך ניט ארויפלייגן צוזאמען מיט אים משא (אויף זיין אייזל), און אויך ניט ארויפלייגן אויף אים (אויף דעם גוי'ס אקסל) משא, סיידן (עס איז דאָ גענוג צייט) אז ער זאָל אָנקומען צו אנאָנט אָרט (פרייטאָג בייטאָג, פאר שבת); און די בית הלל זענען מתיר. דאָ אסרן די בית שמאי, ווייל זייטיקע מענטשן קאָנען מיינען, אז דער גוי איז א שליח פון דעם ייד און אז דער ייד האָט אים געשיקט צו טאָן די מלאכה אים שבת. ר' עקיבא אין דער ברייתא זאָגט, אַז די בית הלל זענען נור מתיר, ווען דער גוי פאר־לאָזט דעם ייד'ס הויז פרייטאָג ווען עס איז נאָך טאָג. די ווערטער „צו א נאָנט אָרט" מיינען, אז דאָס אָרט, וואוהין דער גוי וויל גיין, איז נאָנט גענוג אז ער זאָל דאָרט קאָנען אָנקומען פאר שבת.

ח. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָרניט געבן פעל צו א גארבער (א גוי) און אויך ניט קליידער צו א וועשער א גוי סיידן (עס איז דאָ גענוג צייט) אז זיי זאָלן אויסגעארבייט ווערן (פרייטאָג) ווען עס איז נאָך טאָג; און ביי די אלע זאכן זענען די בית הלל מתיר (ווען מען גיט זיי אוועק) ווען די זון איז נאָך פאראן (פרייטאָג ווען עס איז נאָך טאָג). אויך די דאָזיקע מחלוקה איז צי אויך די זאכן דארפן רוהען אים שבת, מחמת דאָ ווערט דאָך געטאָן אַ מלאכה מיט דער פעל און די קליידער פון א ייד.

ט. אָמר, האָט רבן שמעון בן גמליאל געזאָגט: ביים פאָטער אין הויז האָט מען זיך נוהג געווען אַז מען האָט אָוועקגעגעבן ווייסע קליידער צו אַ גוי אַ וועשער דריי טעג פאר שבת. רבן שמעון בן גמליאל איז געווען א נשיא ביי יידן און מיר האָבן געשריבן וועגן אים אין מסכתא ברכות פרק א' משנה ח'. ער דערציילט א סך מאָל וועגן מנהגים פון „בית אבא", „דער פאָטערס הויז". דאָ דערציילט ער, אז כאָטש זיין משפחה האָט געשטאמט פון הלל, אָבער זיי האָבן אין דעם דאָזיקן דין מחמיר געווען ווי די בית שמאי, און ווייסע קליידער, ווייל עס האָט געדויערט לענגער דאָס וואשן זיי, האָבן זיי מקפיד געווען ניט אוועקצוגעבן שפעטער ווי דריי טעג פאר שבת. ושוין, און סיי די (בית שמאי) און סיי די (בית הלל) זענען צוזאמען מסכים, אז מען מעג ארויפלייגן די קלעצער פון אן אייל־קעלטער, און די קיילעכיקע העלצער פון

**כלי לבן לכובס עובד כוכבים שלשה ימים קודם לשבת. ושוין אלו ואלו שטוענין קורות בית הבד ועגולי הגת.**

**י. אין צולין בשר, בצל, וביצה, אלא כדי שיצולו מבעוד יום. אין נותנין פת לתנור עם חשיכה, ולא חררה על גבי גחלים אלא כדי שיקרמו פניה מבעוד יום; ר׳ אליעזר אומר כדי שיקרום התחתון שלה.**

**יא. משלשלין את הפסח בתנור עם חשיכה; ומאחיזין את האור**

---

וויין־קעלטער. ווען מען וויל מאכן אייל פון איילבירטן צעמאָלט מען זיי צוערשט און דערנאָך לייגט מען ארויף אויף זיי שווערע קלעצער און דאָס אייל רינט ארויס. דאָס־זעלבע איז אויך ווען מען וויל מאכן וויין פון וויינטרויבן צעטרעט מען זיי צוערשט און דערנאָך לייגט מען אויף זיי ארויף קיילעכיקע העלצער („עיגולים״, קיילעכיקע) או דער וויין־זאפט רינט ארויס. זאָגט די משנה, אז אויך די בית שמאי זענען מודה, אז מען מעג אים פרייטאָג ארויפלייגן די קלעצער און די העלצער אויף די צעריבענע איילבירטן און וויינטרויבן, כאָטש דער אייל און דער וויין וועלן רינען פון זיי אים שבת. די גמרא זאָגט, אז דער טעם איז, ווייל די איילבירטן און די וויינטרויבן זענען דאָך צעריבענע און דער זאפט וואָלט פון זיי סיי ווי געררונען, און די קלעצער און די העלצער מאכן נאָר אז זיי זאָלן בעסער רינען. און ווייל ווען מען זאָל עס טאָן אפילו אים שבת וואָלט עס אויך ניט געווען קיין איסור „מדאורייתא״, א פארבאָט פון דער תורה, דעריבער האָבן די בית שמאי פרייטאָג מתיר געמאכט.

י. אין צולין, מען טאָר ניט (פרייטאָג) בראָטן פלייש, ציבעלע, און אן איי, סיידן (עס איז דאָ גענוג צייט) אז זיי זאָלן ווערן אָפּגעבראָטן ווען עס איז נאָך טאָג. **די גמרא זאָגט, אז עס איז גענוג ווען זיי ווערן אָפּגעבראָטן בייטאָג א דריטל פון דעם שיעור אָפּבראָטן ווען זיי ווערן אינגאנצן פארטיק. דער טעם פארוואָס מען טאָרניט איז, ווייל עס איז מורא צו האָבן איז דער מענטש, זעענדיק פרייטאָגצונאכטס אז עס איז נאָכניט אָפּגעבראָטן, וועט צונויפשאַרן די קוילן צו מאכן דאָס פייער גרעסער, פארגעסנדיק אז עס איז שבת. אָבער אויב עס איז א דריטל געבראָטן איז שוין דער שטייגער פון טייל מענטשן עס צו עסן, וועט ער שוין ניט צונויפשאַרן די קוילן.** אין נותנין, מען טאָרניט ארייַנלייגן ברויט אין אויוון (צום באקן) פרייטאָג פארנאכט (עם חשיכה, איידער עס איז פינסטער), און אויך ניט א קוכן ארויפלייגן אויף (הייסע) קוילן, סיידן (עס איז, אין ביידע פאלן, פאראַן גענוג צייט) אז זייער פנים (די אויסערליכע הויט) זאָל געהאַרטעוועט ווערן ווען עס איז נאָך טאָג. **מיטן וואָרט פנים מיינט מען דאָס אויסערליכע, די הויט פון ברויט אָדער פון קיכן. „שיקרמו״ איז פון וואָרט „קרום״, הייטל; דאָס ברויט אָדער קוכן ווערט פארצויגן מיט א האַרטע הויט. אויב דאָס דאָזיקע האַרטע הייטל האָט זיך פארצויגן ווען עס איז נאָך טאָג, מעג מען.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז (מען מעג) ווען עס ווערט פאַרהאַרטעוועט די אונטערשטע (הויט). **דאָס הייסט דער טייל פון ברויט אָדער קוכן וואָס איז צוגעקלעבט צום אויוון אָדער ליגט אויף די קוילן.**

יא. משלשלין, מען מעג אראָפּלאָזן דאָס קרבן־פסח־(שעפּסל) אין אויוון (פריי־טאָג, ערב פסח) איידער עס ווערט פינסטער. **אויב פסח איז געפאלן אים שבת מעג מען אראָפּלאָזן פרייטאָג פארנאכט דאָס קרבן פסח־שעפּסל אין אויוון, אז עס זאָל זיך דאָרט אָפּבראָטן, כאָטש עס וועט זיך ארייַנבראָטן אין שבת אריין, ווייל דאָס וואָס מיר האָבן געלערנט אין דער פריערדיקע משנה, אז מען טאָרניט בראָטן פלייש סיידן עס בראָט זיך פריער אָפּ א דריטל פון שיעור, איז געווען דער טעם, ווייל טאָ־מער וועט מען פרייטאָגצונאכטס צונויפשאַרן די קוילן, עס זאָל זיך בעסער בראָטן. אָבער דער קרבן פסח עסן א גרופּע מענטשן צוזאמען, א חבורה, און די חבורה־מענטשן זענען אויפמערקזאם און זיי וועלן זיך דערמאָנען איינער דעם אנדערן אז עס איז שבת.** ומאחיזין, און מען מעג אָנצינדן (פרייטאָג פארנאכט) דאָס פייער (אין האלץ)

**במדורת בית המוקד. ובגבולין כדי שתאחוז האור ברובן. ר׳ יהודה אומר בפחמין כל שהוא.**

## פרק ב.

**א. במה מדליקין ובמה אין מדליקין? אין מדליקין, לא בלכש, ולא בחוסן, ולא בכלך, ולא בפתילת האידן, ולא בפתילת המדבר, ולא**

---

אין דעם פייער־הויפן אין דער ברענונגס־האַליע (אין בית המקדש). **אין הויף פון בית המקדש, אין דער עזרה, איז געווען א האַליע, וואָס האָט געהייסן „בית המוקד", ברענונגס־האַליע; דאָרט האָט געבראַכט א פייער־הויפן, מדורה, כדי די כהנים, וועלכע מוזן גיין אין בית המקדש־הויף נאָר באָרוועס, זאָלן זיך קאָנען אָנוואַרמען. זאָגט די משנה,** אז מען מעג פרייטאָג פאַרנאַכט אָנצינדן דאָס האָלץ אין דעם **דאָזיקן פייער־הויפן, און מען האָט ניט מורא צו האָבן, אז ווייל דאָס האָלץ האָט זיך נאָכניט פונאַנדערגעברענט וועט מען פרייטאָגצונאַכטס אויפבלאָזן דאָס פייער, אז עס זאָל זיך פונאַנדערברענען. מחמת די כהנים אין בית המקדש זענען זריזין, אויפ־מערקזאַם און זיי וועלן געדענקען אז עס איז שבת.** ובגבולין, אָבער אויסער דעם בית המקדש (מעג מען אָנצינדן פרייטאָג פאַרנאַכט האָלץ) נאָר ווען דאָס פייער וועט (פאַר שבת) ארומנעמען דעם גרעסטן טייל (פון האָלץ). **ווייל מען האָט מורא, אז ווען עס וועט ניט גוט ברענען וועט מען פרייטאָג צונאַכטס אויפבלאָזן דאָס פייער, פאַר־געסנדיק אז עס איז שבת. די גמרא זאָגט, אז „ברובן", „מיט דעם גרעסטן טייל", מיינט מען, ווען דער פלאַם פלאַקערט אויף אליין.** ר׳ יהודה זאָגט, אז ביי קוילן איז גענוג עטוואָס. **ווייל קוילן ווען מען צינדט זיי אָן לעשן זיי זיך ניט, נאָר ברענען זיך שויך, און עס איז ניטאָ מורא צו האָבן טאָמער וועלן זיי זיך ניט גענוג ברענען.**

## פרק ב.

א. במה, מיט וואָס מעג מען צינדן (די שבת־ליכט) און מיט וואָס טאָר מען ניט צינדן? **עס איז א מצוה אָנצוצינדן פרייטאָג פאַרנאַכט ליכט אז זיי זאָלן ברענען פרייטאָגצונאַכטס לכבוד שבת. אין דער צייט פון דער משנה האָט מען גע־וויינליך ניט אָנגעצינדן קיין ליכט, נאָר א לעמפּל, אין וועלכן מען האָט אריינגעטאָן אייל און אין דעם אייל א קנייטל, און מען האָט אָנגעצינדן דאָס קנייטל. פרעגט דאָ די משנה,** מיט וועלכע קנייטלעך און איילן מעג מען צינדן אין די שבת־ליכט־**לעמפּלעך און וועלכע טאָר מען ניט?** אין מדליקין, מען טאָרניט צינדן ניט מיט צעדערבוים־מאָך (לכש), און ניט מיט די ניט־אויסגעקלאַפּטע פלאַקס־שטעקעלעך (חוסן), און ניט מיט דעם גראָבן זייד (כלך), און ניט מיט דעם וואָל פון די ערבות־ריטלעך (פתילת האידן), און ניט מיט די בלעטער פון נעסל־קרויט (פתילת המדבר), און ניט מיט דעם גרינעם מאָך וואָס איז אויפן וואַסער. **ביז איצט האָט די משנה אויסגערעכנט וועלכע קנייטלעך (פתילות) מען טאָרניט אָנצינדן. „לכש" טייטשט די גמרא, אז דאָס איז דער וואָל פון א צעדערבוים. די מפרשים זענען מחולק, צו דאָס מיינט מען דעם מאָך וואָס וואַקסט אויף דער קאָרע פון בוים, אָדער די ווייכע אָדערלעך צווישן דער קאָרע און דעם האָלץ. מען קאָן פון יעדן פון זיי מאַכן קנייט־לעך. „חוסן" איז פאַראַן אין ישעיה א׳ („חסון") און די גמרא טייטשט, אז דאָס זענען די פלאַקס־שטעקעלעך, וועלכע מען האָט נאָכניט אויסגעקלאַפּט. וועגן „כלך" אלס גראָבע זיידנס האָבן מיר געשריבן אין כלאים פרק ט׳ משנה ב׳. „אידן" זאָל זיין דאָס גריכישע וואָרט „איטעאָ", און דאָס מיינט מען די ריטלעך וואָס מען נעמט צו ערבות צום לולב.** „מדבר" זאָל זיין די לאַנגע גראָז־בלעטער נעסל־קרויט. **„ירוקה" מיינט מען דעם גרינעם מאָך וואָס וואַקסט אין וואַסער אונטן ביי די שיפ־לעך. דער טעם פאַרוואָס מען טאָר זיי ניט נוצן איז ווייל זיי ברענען זיך ניט גוט און מען האָט מורא אז זיי קאָנען זיך אויסלעשן און מען וועט בלייבן זיצן פרייטאָג־צונאַכטס אין דער פינסטער, אָדער מען וועט זיי אים שבת פּרובן איינבייגן, פאַר־ריכטן.** ולא בזפת, און (מען טאָר ניט צינדן) ניט מיט פעך (סמאָלע, צעלאָזטע, צו

**בירוקה שעל פני המים, ולא בזפת, ולא בשעוה, ולא בשמן קיק, ולא בשמן שרפה, ולא באליה, ולא בחלב. נחום המדי אומר, מדליקין בחלב מבושל. וחכמים אומרים, אחד מבושל ואחד שאינו מבושל אין מדליקין בו.**

**ב. אין מדליקין בשמן שרפה ביום טוב. רבי ישמעאל אומר, אין מדליקין בעטרן מפני כבוד השבת. וחכמים מתירין בכל השמנים, בשמן שומשמין, בשמן אגוזים, בשמן צנונות, בשמן דגים, בשמן פקועות, בעטרן, ובנפט. רבי טרפון אומר, אין מדליקין אלא בשמן זית בלבד.**

---

נוצן עס אלס אייל), און ניט מיט וואקס (צעלאָזטע, צו נוצן עס אלס אייל), און ניט מיט אייל פון ביינוועל־בוים־קערנדלעך (שמן קיק) און ניט מיט טמא־דיקן תרומה־אייל (שמן שריפה, ברען־אייל), און ניט מיט שמאלץ פון א בהמה־ווידל (אליה) און ניט מיט חלב (פעט פון א בהמה). דאָ האָט די משנה אויסגערעכנט וועלכע זאכן מען טאָרניט באנוצן אלס אייל צום ברענען אין שבת־ליכט־לעמפּעל, מחמת זיי ברענען זיך ניט גוט. און עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער פארריכטן, אָדער ער וועט איבערלאָזן די ליכט און ארויסגיין פון צימער, און עסן די שבת־סעודה ניט ביי ליכט. „שמן קיק" טייטשן טייל אז דאָס מיינט ריצין־אייל, פון גריכישן וואָרט „קיקי" (ריצין). אן אויסנאַם פון די אלע איילן איז דאָ „שמן שריפה", „ברען־אייל", וואָס דער טייטש דערפון איז טמא תרומה־אייל, וואָס אויך דער כהן טאָרניט עסן, מחמת עס איז טמא, און ער מוז עס פארברענען, אָבער ער מעג ביים פארברענען עס הנאה האָבן פון דער ליכט דערפון (זע אין אונזער פירוש צו מסכתא תרומות פרק י"א משנה י'). די גמרא זאָגט, אז אין א געוויינטליכן פרייטאָג מעג דער כהן יאָ נוצן טמא־תרומה־אייל צו ברענען אין דעם שבת־ליכט־לעמפּל, נאָר די משנה דאָ מיינט ווען פרייטאָג פאלט־אויס אים יום טוב, און מען טאָרניט פארברענען קיין פסול־געוואָרענע הייליקע זאכן אים יום טוב („אין שורפין קדשים ביום טוב"), און די טמא־תרומה־אייל איז א הייליקע זאך. נחום, נחום פון לאנד מדי זאָגט, אז מען מעג צינדן מיט געקאָכטן חלב, און די חכמים זאָגן, אז סיי מיט געקאָכטן און סיי מיט ניט געקאָכטן טאָר מען ניט צינדן. די גמרא זאָגט, אז די חכמים זאָגן דאָסזעלבע וואָס די סתם משנה פריער, נאָר דער אונטערשייד צווישן זיי איז, אין פאל ווען דער געקאָכטער חלב איז צונויפגעמישט מיט ניט־געקאָכטן. איינער פון זיי (מען ווייסט ניט ווער, די סתם משנה אָדער די חכמים) זאָגט, אז אין אזא פאל מעג מען יאָ.

ב. אין, מען טאָרניט צינדן מיט שמן שריפה (טמא־תרומה־אייל) אים יום טוב. די גמרא זאָגט, אז די דאָזיקע משנה איז א טעם צו דער פריערדיקער משנה, דהיינו, אז דעריבער טאָר מען ניט אים פרייטאָג וואָס פאלט אויס אים יום טוב ברענען אין שבת־ליכט־לעמפּל טמא־תרומה־אייל, ווייל מען טאָרניט פארברענען טמא־תרומה־אייל אים יום טוב. ר' ישמעאל זאָגט, אז מען טאָרניט צינדן מיט פעך־אָפּפאל (סמאָלע דזשעגעכץ, עטרן) צוליב דעם כבוד פון שבת. ווייל דער ריח דערפון איז א שלעכטער און עס איז מורא צו האָבן, אז די מענטשן וועלן דאדורך פארלאָזן דעם צימער; אזוי זאָגט די גמרא. וחכמים, און די חכמים זענען מתיר (צו צינדן) מיט אלע איילן, מיט אייל פון זעזאם (שומשמין, אזא מאָן), מיט אייל פון ניס, מיט אייל פון רעטאכער (פון די רעטאָך־קערנדלעך), מיט אייל (פעטס) פון פיש, מיט אייל פון ווילדן קירביס (פקועות, אזא ווילדע גוויקס), מיט פעך־אָפּפאל (עטרן) און מיט נאפט (אייל פון שטיינער). די מפרשים זאָגן, אז אויך די חכמים זענען מודה, אז מיט די איילן וואָס זענען אויסגערעכנט פריער אין משנה א' טאָר מען ניט ברענען. „נאפט" איז דאָס גריכישע וואָרט „נאפטא" און ווערט אין דער גמרא דערמאָנט א סך מאָל. ר' טרפון זאָגט, אז מען טאָרניט צינדן (מיט קיין אנדערן

**ג. כל היוצא מן העץ אין מדליקין בו אלא פשתן. וכל היוצא מן העץ אינו מטמא טומאת אוהלים, אלא פשתן. פתילת הבגד שקפלה ולא הבהבה, ר׳ אליעזר אומר טמאה ואין מדליקין בה, ר׳ עקיבא אומר, טהורה ומדליקין בה.**

---

אייל) נאָר מיט אייל פון איילבירטן (שמן זית) אַליין. **ווייל שמן זית ברענט העל און עס איז א כבוד פאַר דער הייליקייט פון שבת.**

ג. כל, אַלץ וואָס גייט ארויס פון אַ בוים טאָר מען דערמיט ניט צינדן (ניט נוצן אלס קנייטל צו שבת־ליכט נאָר פון פלאַקס. **פלאַקס, כאָטש מען נעמט עס ארויס פון די פלאַקס־שטעקעלעך, וועלכע זענען דאָך אזוי ווי ביימלעך און אין תנך הייסן זיי „עץ", בוים** (יהושע ב׳ „ותטמנם בפשתי העץ") **פונדעסטוועגן מעג מען עס יאָ נוצן אלס קנייטלעך.** וכל, און אלץ וואָס גייט ארויס פון א בוים איז ניט מטמא די טומאה פון א געצעלט (טומאת אהלים) נאָר פלאַקס. **דער דין איז, אז אויב א מת, דער טויטער קערפּער פון א מענטש, ליגט אין א געצעלט (אהל) און דאָס געצעלט איז געמאַכט למשל, פון וואָל, ווערט דאָס געצעלט טמא. דאָס הייסט „טומאת אהלים", דאָס געצעלט אליין ווערט טמא. זאָגט די משנה, אז אויב דאָס געצעלט איז געווען געמאַכט פון האָלץ אָדער פון אנדערע אזעלכע זאַכן וואָס קומען ארויס פון א בוים ווערט דאָס געצעלט ניט טמא. אן אויסנאַם איז נור אויב דאָס געצעלט איז געמאַכט פון פלאַקס, און א פלאַקס־געצעלט ווערט יאָ טמא.** פּתילת, א קנייטל פון קלייד־שטאָף וואָס מען האָט עס איינגעדרייט אָבער ניט אָפּגעזענגט אין פייער, זאָגט ר׳ אליעזר, אז עס קאָן ווערן טמא, און אז מען טאָרניט צינדן דערמיט (אלס קנייטל אין שבת־לעמפּל); ר׳ עקיבא זאָגט, אז עס איז טהור (קאָן ניט ווערן טמא) און מען מעג יאָ צינדן מיט איר. **אין דער גמרא זענען פאַראַן דערויף עטליכע טייטשן. דער טייטש, וואָס איז אָנגענומען דורך די מפרשים איז, אז מיר האָבן דאָ צוויי באַזונדערע דינים. איינער איז וועגן א שטיקל קלייד־שטאָף, וואָס איז גרויס 3 פינגער אויף דריי פינגער און עס האָט אָנגערירט א טמא זאַך. זאָגט ר׳ אליעזר, אז כאָטש מען האָט דאָס שטיקל קלייד־שטאָף איינגעדרייט אלס קנייטל צום ברע־נען, אָבער ווייל מען האָט עס ניט אָבגעזענגט אין פייער (אַז עס זאָל ווערן אַ גוט קנייטל צום ברענען) הייסט עס נאָך אלץ א שטיקל קלייד־שטאָף (א „בגד", קלייד), און דער דין איז אז א קלייד־שטאָף וואָס איז מינדסטנס דריי פינגער די ברייט אויף דריי פינגער די לענג קאָן טמא ווערן. אָבער ר׳ עקיבא זאָגט, אז דאָס איינ־דרייען אלס קנייטל אליין, כאָטש עס איז ניט געוואָרן אפּגעזענגט, מאַכט עס, אז עס הייסט ניט־מער קיין קלייד־שטאָף, קיין בגד, און אויב עס האָט אָנגערירט א טמא־זאַך קאָן עס ניט מער אָננעמען קיין טומאה און עס איז טהור. די צווייטע מחלוקה צווישן ר׳ אליעזר און ר׳ עקיבא איז וועגן א שטיקל קלייד־שטאָף וואָס האַלט פונקט דריי פינגער די לענג אויף דריי פינגער די ברייט, און מען האָט עס איינגעדרייט אלס קנייטל און מען האָט עס ניט אָפּגעזענגט אין פייער, און יום טוב איז אויסגעפאַלן אין פרייטאָג. ר׳ אליעזר האַלט, אז ווייל אזא שטיקל קלייד־שטאָף פון דריי אויף דריי ווערט פאַררעכענט פאַר א זאַך, פאַר א כלי, און ווייל דער דין איז, אז ווען מען צינדט־אָן שבת־ליכט דאַרף מען אָנצינדן דעם גרעסטן טייל פון קנייטל וואָס שטאַרצט־ארויס פון אייל, קומט דאָך אויס, אז ביים אָנצינדן פאַרקלע־נערט מען דאָס שטיקל קלייד־שטאָף פון דריי פינגער אויף דריי פינגער, און עס ווערט א „שבר כלי" א צעבראָכענער טייל פון א כלי, און דער דין איז, אז מיט א כלי וואָס איז צעבראָכן געוואָרן אים יום טוב טאָר מען ניט צינדן. אָבער ר׳ עקיבא האַלט דאָך, אז דורך דעם וואָס מען האָט איינגעדרייט דאָס שטיקל קלייד און גע־מאַכט דערפון א קנייטל איז עס געוואָרן אויס כלי, ממילא איז דאָך עס ניט צע־בראָכן געוואָרן ערשט ביים אָנצינדן אים יום טוב נאָר שוין פריער פאַר יום טוב**

ד. לא יקוב אדם שפופרת של ביצה וימלאנה שמן ויתננה על פי הנר, בשביל שתהא מנטפת. אפילו היא של חרס; ור׳ יהודה מתיר. אבל אם חברה היוצר מתחלה מותר, מפני שהוא כלי אחד. לא ימלא אדם קערה של שמן ויתננה בצד הנר ויתן ראש הפתילה בתוכה בשביל שתהא שואבת, ור׳ יהודה מתיר.

ה. המכבה את הנר, מפני שהוא מתירא מפני גויים, מפני לסטים,

---

**און מיט אַ כלי וואָס איז צעבראָכן געוואָרן פאַר יום טוב מעג מען יאָ ברענען אים יום טוב.**

ד. לא, א מענטש טאָרניט (פרייטאָג פאַרנאַכט) מאַכן א לעכל (אונטן) אין דעם רערל פון אן איי־שאָל און אָנפילן עס מיט אייל און עס אוועקלייגן איבער דעם (שבת־ליכט־) לעמפל, כדי עס זאָל אראָפרינען טראָפּנווייז (אין לעמפל אייל, און דאָס לעמפל זאָל זיך אים שבת לענגער ברענען), און אפילו דאָס (רערל) איז (ניט פון אן איי־שאָל, נאָר פון) ערד (־שערבל). **דער טעם איז, ווייל עס איז מורא צו האָבן, אז מען וועט פרייטאָג־צונאַכטס ארויסנעמען אייל פון דעם רערל צום נוצן, און אזוי ווי דער אייל איז דאָך באַשטימט צום ברענען דערמיט הייסט עס ווי מען פאַרקלענערט דאָס ברענען, און דאָס איז אזוי ווי מען וואָלט אויסגעלאָשן דאָס ליכט, און אויסלעשן א ליכט אים שבת (מכבה) טאָר מען ניט. די משנה גיט צו אז כאָטש דאָס רערל איז פון אַ ערד־שערבל, וואָס איז מיאוס, און מען דאַרף דעריבער ניט מורא צו האָבן טאָמער וועט מען נוצן פון אייל, פונדעסטוועגן טאָר מען ניט.** ור׳ יהודה, און ר׳ יהודה איז מתיר. **ער האַלט, אז מען דאַרף ניט מורא האָבן טאָמער וועט מען נוצן פון דעם אייל.** אבל, אָבער אויב דער טעפּער האָט דאָס (רערל) פריער צובאַפעסטיקט (איבער דעם לעמפל), מעג מען (אריינגיסן דאָרט אייל, אז עס זאָל אראָפּרינען), ווייל עס איז איין כלי. **דאָס זאָגט ניט ר׳ יהודה, נאָר די סתם משנה, וועלכע האַלט דאָך פריער, אז מען טאָר ניט, אָבער איצט אין פאַל ווען מען האָט דאָס רערל פריער צוגעקלעצט איבער דעם לעמפּל מעג מען, ווייל עס איז פונקט ווי דער אייל וואָלט זיך געפינען אין לעמפל, עס איז ווי איין כלי. די גמרא זאָגט, אז ניט דוקא ווען א טעפּער האָט עס צובאַפעסטיקט, נאָר אפילו ווען דער בעל הבית האָט עס געטאָן, און ער האָט צובאַפעסטיקט מיט קאַלך, ווי א טעפּער וואָלט עס געמאַכט, מעג מען אויך.** לא ימלא, א מענטש זאָל ניט אָנפילן א שיסל מיט אייל און איר אוועקשטעלן (פרייטאָג פאַרנאַכט) לעבן דעם לעמפל און אריינטאָן אין איר (אין דער שיסל) דעם עק פון דעם קנייטל כדי עס זאָל ציען (אייל פון דער שיסל ביים ברענען אים שבת). **עס איז דערזעלבער טעם וואָס פריער; טאָמער וועט מען נוצן פון דעם אייל.** ור׳ יהודה, און ר׳ יהודה איז מתיר. **ווייל ער האַלט ניט, אז מען דאַרף מורא האָבן טאָמער וועט מען נוצן.**

ה. המכבה, אז איינער פאַרלעשט (שבת) די ליכט, ווייל ער האָט מורא פאַר גויים, פאַר גזלנים, פאַר א שלעכטן גייסט, און אָדער כדי דער קראַנקער זאָל אַנט־שלאָפן ווערן, איז ער פטור. **מיט פטור מיינט מען, אז עס הייסט ניט, אַז ער האָט געטאָן א מלאכה אים שבת, אויסגעלאָשן די ליכט (מכבה), פאַרוואָס מען איז מחויב טויט־שטראָף אויב מען טוט עס במזיד, אָדער צו ברענגען א קרבן חטאת אויב מען טוט עס בשוגג. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, ווען עס איז געווען א סכנה; און אויך ביי אַ קראַנקן מיינט מען, ווען עס איז מורא צו האָבן פאַר זיין לעבן אויב ער וועט ניט אַנטשלאָפן ווערן, און ניט נאָר איז מען פטור, נאָר מען מעג אויך לכתחילה עס טאָן. מיט די ווערטער „פאַר גויים" טייטשן די מפרשים, אז עס זענען געווען אין יענע צייטן געצענדינער, וועלכע האָבן געדינט צו פייער, און האָבן אין זייערע חגאות אין ערגיץ ניט געלאָזט ברענען פייער נאָר אין זייערע עבודה־זרה־ערטער. וועגן וואָרט „לסטים" (גזלנים) זע אין אונזער פירוש צו מסכתא ברכות פרק א׳**

מפני רוח רעה, ואם בשביל החולה שיישן, פטור. כחס על הנר, כחס על השמן, כחס על הפתילה חייב. ור׳ יוסי פוטר בכולן, חוץ מן הפתילה מפני שהוא עושה פחם.

ו. על שלש עבירות נשים מתות בשעת לידתן; על שאינן זהירות בנדה, ובחלה, ובהדלקת הנר.

ז. שלשה דברים צריך אדם לומר בתוך ביתו ערב שבת עם חשי-כה: עשרתם? ערבתם? הדליקו את הנר! ספק חשיכה ספק אין חשיכה,

---

משנה ג׳. מיט „שלעכטן גייסט" (רוח רעה) מיינט מען, לויט דעם טייטש פון רמבם, ביי א קראנקן א מרה שחורה, וועלכע באַרואיקט זיך נאָר אין דער פינסטער. כחס, אויב (ער האָט עס אויסגעלאָשן דאָס ליכט, כדי) איינצושפּאָרן דאָס לעמפּל, כדי איינצושפּאָרן דעם אייל, כדי איינצושפּאָרן דאָס קנייטל, איז ער חייב. דאָס הייסט, אז ער האָט אויסגעלאָשן ליכט אים שבת, מכבה, און געטאָן א מלאכה און אויב במזיד קומט אים טויט-שטראָף און אויב בשוגג איז ער מחויב צו ברענגען א קרבן חטאת. דאָס וואָרט „כחס" טייטשט רשי ווי עס וואָלט געווען צוויי ווערטער „כי חס", אויב ער האָט געוואָלט איינשפּאָרן". ר׳ יוסי פּטר׳ט ביי אלע, א חוץ ביים (ווען איינשפּאָרן דאָס) קנייטל, ווייל ער מאַכט עס קויל. ר׳ יוסי האַלט אז „מלאכה שאינה צריכה לגופה", אז טאָן אים שבת אן ארבייט, וואָס מען טוט, ניט פאַר דער ארבייט אליין נאָר כדי צו דערגרייכן אן אנדערע זאַך, טאָר מען ניט טאָן, אָבער אויב מען האָט זי יאָ געטאָן איז מען פּטור. און אויך דאָ ווען ער לעשט אויס כדי איינצושפּארן דאָס לעמפּל אָדער דעם אייל, האָט ער דאָך ניט אויסגעלאָשן דאָס ליכט ווייל ער האָט עס געוואָלט אויסלעשן כדי דאָס ליכט זאָל ניט זיין, נאָר ער האָט עס געטאָן כדי איינצושפּארן אן אנדערע זאַך, איז ער דעריבער פּטור. אָבער ווען ער לעשט אויס כדי איינצושפּאָרן דאָס קנייטל און ער איז מכוון דערביי (אזוי זאָגט די גמרא), אז דאָס קנייטל, וואָס איז ניט געווען אָנגעזענגט דורך פייער אים פרייטאָג, ווער איצט באַקומענדיק אן אָנגעזענגטן שפּיץ (פון קויל), זיין בעסער צום ברענען, איז ער יאָ חייב.

ו. על, צוליב דריי עבירות שטאַרבן פרויען אין זייער קימפּעט: ווייל זיי זענען ניט אָפּגעהיטן אין נידה, און אין (אָפּשיידן) חלה, און אין אָנצינדן (פרייטאָג פאַרנאַכט די שבת-) ליכט. ווען א פרוי איז אין איר מאָנאַטליכער בלוטיגונגס-צייט איז זי א נידה און עס זענען פאַראַן דינים ווי זי דאַרף זיין אָפּגעשיידט פון מאַן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא נידה). ווען מען באַקט ברויט (און עס איז אן אַלטע תקנה פון אָנהייב פון דער צייט פון 2טן בית המקדש דורך עזרא הסופר, לויט דער גמרא אין בבא קמא פ"ב, אז א פרוי זאָל באַקן ברויט) דאַרף זי אָפּשיידן חלה (זע וועגן דעם אין דער הקדמה צו מסכתא חלה). אויך די מצוה פון אָנצינדן שבת-ליכט פרייטאָג פאַרנאַכט געהערט צו דער בעל הבית׳טע פון הויז, צו דער פרוי. זאָגט די משנה, אז פרויען ווערן באַשטראָפט אין דער צייט פון זייער קימפּעט פאַר ניט אָפּהיטן די דאָזיקע דריי מצוות.

ז. שלשה, דריי זאַכן דאַרף א מענטש זאָגן אין זיין הויז פרייטאָג (פאַרנאַכט), נאָענט (איידער עס ווערט) פינסטער: „צי האָט איר אָפּגעשיידט מעשר? צי האָט איר געמאַכט א עירוב? צינדט אָן די (שבת-) ליכט!" פון תבואות (מעל) און פרוכטן און גרינס האָט מען געדאַרפט אָפּשיידן מעשר (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי), און אים שבת האָט מען קיין מעשר ניט געטאָרט אָפּשיידן. דעריבער דאַרף מען פרייטאָג פאַרנאַכט דערמאָנען, אז מען זאָל אָפּשיידן. „מאַכן א עירוב" מיינט מען דאָ „עירובי תחומין", דאָס אוועקלייגן עסנוואַרג כדי מען זאָל קאָנען גיין אים שבת ווייטער פון 2000 איילן פון דער שטאָט וואו מען געפינט זיך (זע וועגן דעם אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין); אויך דאָס מוז מען טאָן פאַר שבת. דאָס

**אין מעשרין את הודאי, ואין מטבילין את הכלים, ואין מדליקין את הנרות; אבל מעשרין את הדמאי, ומערבין, וטומנין את החמין.**

## פרק ג.

**א. כירה שהסיקוה בקש ובגבבא, נותנים עליה תבשיל; בגפת**

---

זעלבע דארף מען אנצינדן שבת־ליכט פרייטאג פאר נאכט. מען דארף דערמאנען וועגן מעשר און עירוב ניט פרייטאג בייטאג נאר פארנאכט, כדי די הויז־מענטשן זאלן ניט טראכטן, אז זיי האבען נאך צייט און זיי וועלן שפעטער פארגעסן דאס צו טאן. ספק חשיכה, (ווען עס איז שוין פינסטערליך, עס איז בין השמשות, און) עס איז א ספק (מען ווייסט ניט) צי עס איז שוין אוונט אדער עס איז נאכניט אוונט (שבת), טאר מען ניט אפשיידן מעשר פון ודאי (זיכערן טבל, תבואה, פרוכטן, גרינס, פון וועלכע מען האט זיכער נאכניט גענומען מעשר), און מען טאר ניט טובל־זיין קיין כלים (וועלכע זענען טמא און מען וויל זיי ריין מאכן דורך טובל זיין זיי) און מען טאר ניט אנצינדן קיין ליכט. די אלע דריי זאכן טאר מען ניט טאן אים שבת. מעשר נעמען און טובל זיין כלים טאר מען ניט, ווייל עס איז ווי פארריכטן א זאך, מחמת ביז איצט טאר מען ניט עסן די תבואה און מען קאן ניט נוצן די כלים, און דורך מעשר נעמען און טובל זיין פארריכט מען זיי, און פארריכטן א זאך טאר מען ניט אים שבת. אנצינדן ליכט אים שבת איז א מלאכה, וואס מען טאר ניט. דעריבער טאר מען ניט די דאזיקע זאכן טאן אויך ווען עס איז א ספק צי עס איז שוין שבת. אבל, אבער מען מעג (אין דער דאזיקער ספק־צייט) נעמען מעשר פון דמאי (תבואה וואס מען קויפט פון א עם הארץ און עס איז נאר פאראן א חשד טאמער זענען זיי ניט געמעשרט) און מען מעג לייגן עירוב (פון הויפן, עירוב חצרות), און מען מעג באהאלטן ווארעמע (מאכלים, אז זיי זאלן ניט קאלט ווערן). וועגן דמאי זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי. ווייל דער גרעסטער טייל עמי הארצים מעשרן יא, איז דאך עס נור א חשד דעריבער מעג מען נעמען דמאי־מעשר ווען עס איז א ספק צי עס איז שבת. וועגן עירוב חצירות, דאס אוועקלייגן עסנווארג, אז עס זאל הייסן ווי אלע איינוואוינער פון הויף זענען ווי איין הויז און מען זאל אים שבת מעגן טראגן פון די שטיבן אין הויף אריין, זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין; אויך דאס מעג מען טאן אים בין השמשות ווען מען ווייסט ניט צי עס איז שוין שבת, ווייל דער עירוב חצרות איז נאר א חומרא, און מען האט ביי א ספק מיקל געווען. מען מעג דעמאלס אויך איינפאקן ווארעמע מאכלים אין זאכן (ווי אין בעטגעוואנט), וואס זאלן ניט ארויסלאזן די ווארימקייט און די מאכלים זאלן ניט קאלט ווערן. די גמרא זאגט, אז באהאלטן אין זאכן וואס געבן־צו היץ (מוסיף הבל) טאר מען אפילו פרייטאג בייטאג ניט טאן, ווייל עס איז מורא צו האבן טאמער וועט מען באהאלטן דעם טאפ מיט די מאכלים אין הייסן אש געמישט מיט קוילן און עס איז מורא צו האבן אז מען זאל אים שבת ניט צונויפשארן די קוילן כדי די היץ זאל לענגער האלטן. אויך באהאלטן אין זאכן, וועלכע געבן ניט צו קיין היץ אבער זיי דערהאלטן די היץ טאר מען ניט אים שבת, ווייל מען האט מורא, אז בעת דעם באהאלטן, אויב מען וועט זען, אז די מאכלים זענען קאלט וועט מען זיי אנווארמען. נאר פרייטאג בין השמשות האט מען מתיר געמאכט, ווייל געוויינליך זענען די טעפ מיט מאכלים פרייטאג בין השמשות הייסע (סתם קדירות בין השמשות רותחות הן), און מען וועט זיי ניט אנווארעמען.

## פרק ג.

א. כירה, א קיך (מיט צוויי פייערקעס אויף וועלכע מען קאן אוועקשטעלן צוויי טעפ צום קאכן), וועלכע מען האט באהייצט מיט שטרוי אדער מיט זייער דינע שטיקלעך העלצלעך, מעג מען (פרייטאג פארנאכט) ארויפשטעלן דערויף (א טאפ מיט) געקאכטע מאכלים (אז עס זאל שטיין שבת ביז צו דער סעודה). כדי מען זאל פארשטיין די משנה און אויך די ווייטערדיקע משנות וועלן מיר דא

ובעצים, לא יתן עד שיגרוף, או עד שיתן את האפר. בית שמאי אומ-רים, חמין אבל לא תבשיל, ובית הלל אומרים חמין ותבשיל. בית שמאי אומרים, נוטלין אבל לא מחזירין, ובית הלל אומרים, אף מחזירין.

ב. תנור שהסיקוהו בקש ובגבבא, לא יתן בין מתוכה בין מעל

---

געבן עטליכע דערקלערונגען. „כירה" הייסט אַ קיך מיט צוויי לעכער, צוויי פייערקעס, אויף וועלכע מען קאָן אַרויפשטעלן צוויי טעפּ צו קאָכן. „כופח" הייסט א קיך נאָר מיט איין לאָך, מיט איין פייערקע, אויף וועלכער מען קאָן קאָכן נור איין טאָפּ. די היץ אין אזא שמעלער קיכל האַלט זיך שטאַרקער. „תנור" הייסט אן אויוון, וואָס איז אונטן ברייט און אין דער הויך שמאָל, און מען באַקט אין אים און מען קאָכט אין אים, און די היץ האַלט זיך אין אים אמלענגסטן. מיט די עסנווארג וואָס מען גרייט אָן פרייטאָג פאַרנאַכט אויף שבת קאָן מען טאָן צוויי זאכן. איין זאך איז, וואָס מען לאָזט „שטיין" אויף דער קיך דעם טאָפּ מיט מאכלים, וואָס מען דאַרף עסן שבת כדי די מאכלים זאָלן ניט קאַלט ווערן; דאָס הייסט „שהייה", לאָזן שטיין אויף דער קיך. די צווייטע זאך איז, וואָס מען נעמט אַראָפּ דעם טאָפּ פון דער קיך און מען „באַהאַלט" אים אין בעטגעוואַנט צי אנדערע זאכן, כדי די מאכלים זאָלן ניט קאַלט ווערן; דאָס הייסט „הטמנה", באַהאַלטן, איינוויקלען. עס איז פאַראַן נאָך אַן אונטערשיד, דהיינו, צווישן „תבשיל", געקאָכטע „מאכלים", עסנווארג, און „חמין" וואַרעמע וואַסער. די דינים וועגן „הטמנה", וועגן באַהאַלטן, וועט די משנה לערנען ווייטער אין פרק ד'. דאָ לערנט די משנה (לויט דעם רמבם) די דינים וועגן „שהייה", וועגן לאָזן שטיין אויף דער קיך. דער ערשטער דין דאָ אין דער משנה זאָגט, אז אויף א קיך מיט צוויי פייערקעס, וואו די היץ האַלט זיך ניט לאַנג, אויב מען האָט איר באַהייצט מיט שטרוי און זייער דינע, טרוקענע העלצלעך (גבבא), וועלכע ברענען זיך אויס שנעל, מעג מען לאָזן שטיין פאַרנאַכט ביז צו דער סעודה אים שבת די טעפּ מיט עסן. בגפת, אויב (מען האָט די קיך באַהייצט) מיט איילבירטן־אָפּפאַל אָדער האָלץ טאָר מען ניט לאָזן שטיין ביז מען קערט־אַרויס צוערשט (די קוילן), אָדער ביז מען באַשיט זיי (די קוילן) מיט אַש. ווייל דער אָפּפאַל פון אייל-בירטן און האָלץ ברענט זיך ניט שנעל און די קוילן האַלטן לענגער דאָס פייער, און עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט מען שבת צונויפשאַרן די קוילן. אָבער ווען מען קערט־אַרויס די קוילן אָדער מען באַשיט זיי מיט אש איז ניטאָ מער מורא צו האָבן. אין די גמרא און אין די פוסקים זענען פאַראַן די דינים ביי וועלכע מאכלים מען מעג יאָ און ביי וועלכע מען טאָר ניט. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז (נור) וואַרעם וואַסער. (מעג מען לאָזן שטיין אויף דער קיך נאָכדעם ווי מען האָט די קוילן אויסגעקערט) אָבער ניט געקאָכטע מאכלים; און די בית הלל זאָגן, אז סיי וואַ־רים וואַסער און סיי געקאָכטע מאכלים (מעג מען). די בית שמאי האַלטן, אַז וואַרעם, געקאָכטע וואַסער דאַרף מען מער ניט קאָכן, דעריבער מעג מען, אָבער געקאָכטע מאכלים, וועלכע מען וויל, אז זיי זאָלן זיך מער קאָכן און ווערן בעסער, טאָר מען ניט. די בית הלל זענען מתיר ביי ביידע. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען מעג אַראָפּנעמען (דעם טאָפּ פון דער קיך) אָבער צוריקשטעלן (דעם טאָפּ אויף דער קיך נאָכדעם ווי מען האָט איר אַראָפּגענומען אים שבת) טאָר מען ניט, און די בית הלל זאָגן, אז מען מעג אויך צוריקשטעלן. דער ברטנורא טייטשט אייך לויט דער גמרא, אז אויך לויט די בית הלל מעג מען נור אַזוי לאַנג ווי מען האַלט דעם טאָפּ אין דער האַנט, אָבער ניט ווען מען האָט אים אוועקגעשטעלט אויף דער ערד אָדער אויף אַן אנדערער זאַך.

ב. תנור, אַן אויוון, וועלכן מען האָט באַהייצט (אפילו נאָר) מיט שטרוי און מיט זייער דינע שטיקלעך העלצלעך טאָר מען ניט לאָזן שטיין (פרייטאָג פאַרנאַכט די טעפּ מיט מאכלים צו דער שבת־סעודה) ניט אינווייניק (אין אויוון) און ניט אויף

גביו. כופח שהסיקוהו בקש ובגבבא, הרי זה ככיריים; בגפת ובעצים, הרי הוא כתנור.

ג. אין נותנין ביצה בצד המיחם, בשביל שתתגלגל. ולא יפקיענה בסודרין; ור׳ יוסי מתיר. ולא יטמיננה בחול ובאבק דרכים, בשביל שתצלה.

ד. מעשה שעשו אנשי טבריא, והביאו סלון של צונן לתוך אמה של חמין. אָמרו להן חכמים, אם בשבת, כחמין שהוחמו בשבת אסורין ברחיצה ובשתייה, ביום טוב, כחמין שהוחמו ביום טוב אסורים ברחי-

---

אים (אין דרויסן). ווייל די היץ אין אן אויוון האלט זיך לאנג איז מורא צו האָבן טאָ־מער וועט מען צונויפשארן די איבערגעבליבענע שטיקלעך קוילן אים שבת. כופח, א קיך (פון איין טאָפּ, איין פייערקע), וועלכע מ'עט האָט באהייצט מיט שטרוי אָדער זייער דינע שטיקלעך העלצלעך, האָט זי דעם דין ווי א. צוויי־טאָפּ־קעך (און מען מעג) ;און אויב (מ'עט האָט איר באהייצט) מיט איילבירטן־אָפּפאל אָדער מיט האָלץ האָט זי דעם דין אן אויוון (און מען טאָר ניט). מחמת אין א כופח, אן איין־טאָפּ־קעכל האַלט זיך די היץ לענגער ווי אין א צוויי־טעפּ־קיך אָבער ווינציקער ווי אן אויוון.

ג. אין, מען טאָרניט (אים שבת) אַוועקלייגן א (רוי) איי לעבן אַ (ווארמען) קעסל מיט וואסער (מיחם) כדי דאָס (איי) זאָל לייכט אָפּגעקאָכט ווערן. ווייל דאָס הייסט ווי קאָכן אים שבת דאָס איי. „מיחם" הייסט א קעסל אין וועלכן מען קאָכט וואסער. „תתגלגל", מיינט, אז דאָס איי ווערט אָפּגעקאָכט ווייך, שיטער, ניט הארט. ולא, און מען טאָרניט צעקלאפּן דאָס איי אויף ווארימע טיכער. ווען מען צעקלאפּט אן איי, אויף א טוך, וואָס איז צוערשט שטארק צעהיצט געוואָרן אויף דער זון, ווערט דאָס איי עטוואָס געקאָכט. און דאָס טאָר מען אויך ניט אים שבת, מחמת מען האָט מורא אז קוים וועט מען מתיר מאכן ביי זאכן, וועלכע זענען צעהיצט פון דער זון, וועלן מענטשן זיך מתיר מאכן אריינצולייגן דאָס איי אין ווארימע אש. ור׳ יוסי, און ר׳ יוסי איז מתיר. ער איז מתיר ביי טיכער, וועלכע זענען צעהיצט דורך דער זון און איז ניט חושש טאָמער וועט מען אָנווארמען אין אש. אזוי טייטשט רש״י, „יפקיענה" פון „בקע", שפּאלטן, צעקלאפּן. אָבער דער „ערוך" טייטשט עס פון „פקע", „פקעת", א קיילעכיקער קנויל, און דער טייטש איז „איינוויקלן" די איי און הייסע טיכער, כדי דאָס איי זאָל זיך עטוואָס אָפּקאָכן. „סודרין", „סודר" איז פון גריכישן „סודאריאָן", קאָפּ־טוך. ולא, אָבער מען זאָל דאָס איי ניט אריינשטעקן אין זאמד אָדער אין שטויב פון וועגן (וועלכע זענען צעהיצט דורך דעם זון) אז עס זאָל זיך אָפּבראָטן. דאביי איז אויך ר׳ יוסי מודה, אז מען טאָר ניט, ווייל זאמד און שטויב זענען ענליך צו אש. אן אנדער טעם איז, ווייל עס איז מורא צו האָבן אז מען וועט רירן פון אָרט די ערד און דאָס טאָר מען ניט אים שבת, ווייל עס הייסט ווי אקערן ערד.

ד. מעשה, עס האָט פּאסירט, אז די איינוואוינער פון (דער שטאָט) טבריה האָבן געטאָן און אריינגעצויגן א רער מיט קאַלט (וואסער) אין דעם קאַנאַל פון די הייסע (קוואלן־וואסער); האָבן די חכמים צו זיי געזאָגט: אויב אים שבת האָט דאָס (קאַלטע וואסער וואָס איז אָנגעווירעמט געוואָרן אין דער רער דורך די הייסע קוואלן־וואסער) דעם דין ווי וואָסער וואָס מען האָט אָנגעווארעמט אים שבת און מען טאָר זיך ניט וואשן מיט דעם און מען טאָר ניט טרינקען, און אויב אים יום טוב האָט דעם דין ווי וואסער וואָס מען האָט אָנגעווארעמט אין יום טוב און מען טאָר זיך ניט וואשן מיט דעם אָבער מען מעג עס טרינקען. אין טבריה, אין ארץ ישראל, זענען פאראן הייסע וואסער־קוואלן, וואָס ווערן אָנגערופן חמי טבריה, און די משנה דער־ציילט דאָ וועגן די דאָזיקע הייסע וואסער. וועגן „סילון", „רער", זע מסכתא כלאים

**צה ומותרין בשתייה. מוליאר הגרוף שותין הימנו בשבת. אנטיכי, אף על פי שגרופה, אין שותין ממנה.**

**ה. המיחם שפינהו לא יתן לתוכו צונן בשביל שיחמו; אבל נותן הוא לתוכו או לתוך הכוס כדי להפשירן. האילפס והקדירה שהעבירן מרותחין, לא יתן לתוכן תבלין; אבל נותן הוא לתוך הקערה או לתוך התמחוי. ר׳ יהודה אומר, לכל הוא נותן, חוץ מדבר שיש בו חומץ וציר.**

**ו. אין נותנין כלי תחת הנר לקבל בו את השמן, ואם נתנו מבעוד**

---

**פרק ז׳ משנה א׳.** מוליאר, א מוליאר פון וועלכן מען האָט ארויסגעקערט די קוילן, מעג מען פון אים טרינקן אים שבת. ,,מוליאר״ הייסט א סאָרט ,,סאַמאָוואר״, א קעסל, אין וועלכן מען קאָכט וואסער, און אין די אויסערליכע זייטן איז פארא אָן אָרט אויף ברענענדיקע קוילן, וועלכע דערוואַרמען דאָס וואסער. זאָגט די משנה אז אויב מ׳האָט פרייטאָג ארויסגעקערט די קוילן, מעג מען אים שבת טרינקן פון אים דאָס וואַרימע וואסער. אנטיכי, אן אנטיכי, כאָטש מען האָט ארויסגעקערט די קוילן, טאָר מען פון פון אים ניט טרינקן די וואסער (אים שבת). די גמרא זאָגט, אז אנטיכי איז דאָסזעלביקע וואָס מוליאָר, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס אין דעם אנטיכי געפינען זיך די ברענענדיקע קוילן אונטן, און די היץ האַלט לענגער, און דעריבער טאָר מען ניט. וועגן ,,מוליאר״ זאָגט ר׳ בנימין מוספיא אין ,,מוסף הערוך״, אז עס איז דאָס גריכישע וואָרט ,,מיליאַריאַן״, א הויכער שמאָלער קעסל צו קאָכן וואַ־סער. ,,אנטיכי״ זאָל זיין דאָס גריכישע וואָרט ,,ענטאקעיאַן״, וואסער־רעזערוואואר״. זיכער איז עס ניט.

ה. המיחם, א וואסער־קעסל (אין וועלכן מען קאָכט וואסער אויף דער קיך), וועלכן מען האָט אראָפּגענומען פון דער קיך, טאָר מען (אים שבת) ניט אריינגיסן אין אים (אביסל) קאַלטע וואסער, כדי עס אָנצוואַרעמען; אָבער מען מעג אין אים אָדער אין א כוס (מיט וואַרעם וואסער) אריינגיסן (א סך קאַלט וואסער) כדי עס זאָלן ווערן לעבלעך (ניט קאַלט און ניט וואַרם). אָנוואַרמען הייסט ווי געקאָכט; אָבער מאכן דאָס וואסער לעבלעך מעג מען. האילפס, א קאָך־פאַן אָדער א קאָך־טאָפּ (מיט געקאָכטע עסנווארג), וועלכע מען האָט אראָפּגענומען (פון דער קיך) ווען זיי זענען קאָכענדיק (פרייטאָג פארנאכט) טאָר מען (באַלד ווי עס ווערט פינסטער, שבת) ניט אריינטאָן אין זיי געווירצן. ווייל דאָס הייסט א ,,כלי ראשון״, דאָס ערשטע געפּעס, וואָס איז געשטאַנען אויפן פייער, און ממילא, אז מען טוט אין דעם אריין געווירצן אפילו ווען מען האָט עס אראָפּגענומען פון פייער נאָר זיי זענען נאָך הייס, הייסט עס ווי געקאָכט. וועגן ,,אילפס ״זע פאה פרק ח׳ משנה ד׳. אבל, אָבער מען מעג (אריינ־טאָן געווירצן) אין דער שיסל אָדער אין דער גרויסער שיסל. דאָס מיינט מען די שיסל אין וועלכער מען גיסט אריין פון קאָך־טאָפּ, און עס הייסט א ,,כלי שני״, א צווייט געפּעס, וואָס איז ניט געשטאַנען אויפן פייער, און עס הייסט דעריבער ניט געקאָכט (כלי שני אינו מבשל). תמחוי הייסט די גאָר גרויסע שיסל, פון וועלכער מען גיסט איבער אין קלענערע שיסלעך. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען מעג אריינטאָן געווירץ אין אלעם (אפילו אין א קאָך־טאָפּ, אין א כלי ראשון) א חוץ אין א זאַך, וואָס איז פאראַן אין איר עסיק אָדער (געזאַלצענער) פיש־זאַפט. ווייל זיי זענען שאַרף, קאָכן זיי די געווירצן.

ו. מען טאָר ניט ארונטערשטעלן (אים שבת) א כלי אונטער א (ברענענדיק) לעמפּל, כדי עס זאָל נעמען דאָס אייל (וואָס טריפט אַראָפּ פון לעמפּל). דעם אייל טאָר מען ניט מטלטל־זיין, רירן פון אָרט, ווייל ער איז געוואָרן מוקצה, אָפּגעשיידט; צוליב דעם וואָס פרייטאָג פארנאכט בין השמשות האָט ער דאָך געברענט, האָט מען דאָך אים דאמאָלס ניט געטאָרט רירן, ממילא טאָר מען אים ניט רירן א גאַנצן שבת. קומט דאָך אויס אז די כלי, אין וועלכער דער אייל טריפט אריין, ווערט אויך מוקצה,

**יום מותר. ואין ניאותין ממנו לפי שאינו מן המוכן. מטלטלין נר חדש אבל לא ישן; ר׳ שמעון אומר, כל הנרות מטלטלין, חוץ מן הנר הדולק בשבת. נותנין כלי תחת הנר לקבל ניצוצות, ולא יתן לתוכו מים, מפני שהוא מכבה.**

## פרק ד.

**א. במה טומנין ובמה אין טומנין? אין טומנין, לא בגפת, ולא בזבל, לא במלח, ולא בסיד, ולא בחול, בין לחים בין יבשים; לא בתבן, ולא**

---

און מען טאָר איהר אויך ניט רירן פון אָרט, און דער דין איז אז מען טאָר ניט אים שבת זיין א „מבטל כלי מהיכנו”, מאכן, אז א כלי, וואָס מען האָט געמעגט רירן פון אָרט זאָל ווערן מוקצה און מען זאָל איר ניט טאָרן רירן. ואם, און אויב מען שטעלט אוועק די כלי (אונטער דעם לעמפל) ווען עס איז נאָך טאָג (פרייטאָג) מעג מען, אָבער מען טאָר ניט נוצן פון דעם (אייל) ווייל ער איז ניט (געווען דערצו) אָנ־געגרייט. דאָס איז דער טעם וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט, אז דער אייל האָט פרייטאָג פארנאכט בין השמשות געברענט און ער איז ניט געווען אָנגעגרייט אויף צום נוצן אים צום עסן אָדער צו שמירן דערמיט. מטלטלין, מען מעג איבערטראָגן (פון איין אָרט צום צווייטן אָרט אים שבת) א נייע לעמפל (אין וועלכן מען האָט נאָך ניט געברענט) אָבער ניט קיין אלט לעמפל (אין וועלכן מען האָט שוין געברענט). ווייל א נייע לעמפל קאָן מען אויך פאר אן אנדערע זאך, ניט דוקא צום ברענען, מחמת עס איז ניט מיאוס, און דעריבער איז עס אים שבת ניט מוקצה. אָבער אן אלט לעמפל איז מיאוס און עס איז מוקצה. ר׳ שמעון זאָגט ,אז מען מעג איבערטראָגן אלע לעמפ־לעך א חוץ א לעמפל וואָס ברענט אים שבת. ר׳ שמעון האַלט ניט פון דין פון מוקצה צוליב מיאוס, און נאָר א לעמפל ווען עס ברענט טאָר מען ניט איבערטראָגן אים שבת, ווייל מען האָט מורא, אז מען זאָל ניט אויסלעשן און אויסלעשן אים שבת הייסט א מלאכה. נותנים, מען מעג ארונטערשטעלן א כלי אונטער א (ברענענדיק) לעמפעל (אים שבת) כדי די כלי זאָל אויפנעמען די אראָפפאלענדיקע פונקן פייער. מחמת פונקן פייער האָבן ניט קיין ממש, און מען מעג דעריבער די כלי צונעמען פון אָרט. ולא, אָבער מען טאָר ניט אריינטאָן אין איר (אין דער דאָזיקער כלי) קיין וואסער, ווייל עס פארלעשט. די פונקן ווען זיי פאלן אריין אין וואסער ווערן פארלאָשן און פארלעשן אים שבת טאָר מען ניט. די גמרא זאָגט אז אפילו פרייטאָג טאָר מען אויך ניט אריינטאָן וואסער.

## פרק ד.

א. במה, אין וואָס מעג מען באַהאַלטן און אין וואָס טאָר מען ניט באהאלטן? ווען מען נעמט אראָפּ פרייטאָג פארנאכט דעם טאָפּ געקאָכטע הייסע עסנווארג פון דער קיך, און מען וויל עס „באהאלטן”, ארומוויקלן מיט זאכן, אז דאָס עסנווארג זאָל בלייבן ווארעם אים שבת צו דער סעודה. איז דער דין, אז מען מעג באַהאַלטן נאָר אין זאכן וואָס געבן ניט צו קיין היץ, אָבער אין זאכן וואָס געבן יאָ צו היץ (דבר המוסיף הבל) טאָר מען ניט. די גמרא זאָגט דעם טעם דערפון, ווייל אויב מען וועט דאָס דערלויבן, וועט מען באהאלטן אויך אין הייסן אש, און דאָס קאָן דערפירן דערצו, אז מען וועט אים שבת צונויפשארן די שטיקלעך נאָך טליענדיקע קוילן וואָס געפינען זיך אין אש, וואָס הייסט א מלאכה, ברענען. פרעגט דאָ די משנה, וועלכע זאכן געבן ניט צו קיין היץ און מען מעג אין זיי באַהאַלטן, און וועלכע געבן־צו היץ און מען טאָר אין זיי ניט באַהאַלטן? אין, מען טאָר ניט באהאלטן ניט אין אָפּפאל פון איילבירטן (און פון מאָן) און ניט אין מיסט און ניט אין זאלץ און ניט אין קאַלך און ניט אין זאמד, סיי ווען זיי זענען פייכט און סיי ווען זיי זיינען טרוקן. ווען די אלע זאכן זענען פייכט האַלטן זיי מער היץ ווי ווען זיי זענען טרוקן. זאָגט די משנה אז אפילו ווען זיי זענען טרוקן טאָר מען אויך ניט. לא, (מען טאָר ניט באהאלטן) ניט

בזגים, ולא במוכין, ולא בעשבים, בזמן שהן לחים, אבל טומנין בהן כשהן יבשים. טומנין בכסות, ובפירות, בכנפי יונה, ובנסורת של חרשים, ובנעורת של פשתן דקה. ר׳ יהודה אוסר בדקה ומתיר בגסה.

ב. טומנין בשלחין ומטלטלין אותן, בגיזי צמר ואין מטלטלים אותן. כיצד הוא עושה? נוטל את הכסוי והן נופלות. ר׳ אליעזר בן עזריה

---

אין שטרוי און ניט אין די שאָלעכץ פון וויינטרויבן און ניט אין ווייכע שטיקלעך (וואָל ביינוועל) און ניט אין גראָזן, ווען זיי (די אלע דאָזיקע פיער אויסגערעכנטע זאכן) זענען פייכטע, אָבער מען מעג אין זיי באהאלטן .ווען זיי זענען טרוקענע די מפרשים זענען מחולק אין טייטש פון דער גמרא שבת מ״ט, צי מען טאָרניט באַהאַלטן אין די אלע זאכן נאָר ווען זיי זענען פייכט פון זיך אליין, אָדער אויך ווען זיי זענען פייכט געוואָרן ווייל עס איז אויף זיי ארויפגעגאָסן געוואָרן וואסער. דער רמבם אין פירוש און אויך דער ברטנורא זאָגן, אז אויב זיי זענען פייכט ניט פון זיך אליין מעג מען, און דער רמבם אין „יד החזקה״ זאָגט אז מען טאָרניט. טומנין, מען מעג באהאלטן אין קליידער און אין פרוכטן, אין טויבן־פעדערן און אין זעגעכץ־אָפפאל פון האָלץ־ארבייטער (סטאָליארעס, טישלער) און אין פלאקס־שפענדלעך. די מפרשים זאָגן, אז מען מיינט ניט דוקא טויבן־פעדערן, נאָר אויך אלע אנדערע פעדערן. מיט „נסורת של חרשים״ מיינט מען דעם האָלץ־שטויב און שפענדלעך וואָס פאלט אראָפ ווען מען זעגט אָדער מען היבליעוועט האָלץ. מיט „נעורת של פשתן״ מיינט מען די שפענדלעך פון די פלאקס־שטעקעלעך, וואָס פאלן אראָפ ווען מען קלאפט אויס דעם פלאקס. טייל זענען דאָ גורס „דקה״, עס הייסט „דינע פלאקס־שפענדלעך״. ר׳ יהודה אסרט ביי דינע און איז מתיר ביי גראָבע. די גמרא זאָגט, אז ר׳ יהודה׳ס ווערטער גייען ארויף נור אויף די פלאקס־שפענדלעך. — דער „תפארת ישראל״ זאָגט דאָ, אז דעריבער מעג מען שטעלן טשאָלנט אין אויוון ווייל דאָס הייסט ניט „באהאלטן״, מחמת מיט באהאלטן מיינט מען ווען די זאך וואָס דעקט ארום רירט אָן דעם טאָפ פון אלע זייטן, און דער טשאָלנט־טאָפ רירט ניט אָן דעם אויוון פון אלע זייטן.

ב. מען מעג באַהאַלטן אין פעל, און מעג זיי (די פעל) איבערטראָגן (פון איין אָרט אויפן צווייטן אין שטוב אים שבת). „שלחין״ הייסן פעלן, פון אראמעאישן „שלח״, אראָפציען, ווייל פעל ווערט אראָפגעצויגן פון דער בהמה. די גמרא זאָגט, אז מען מעג זיי טראָגן אים שבת און זיי זענען ניט קיין מוקצה, ווייל מען קאָן זיצן אויף זיי און זיי ווער ניט קאליע דורך זיצן אויף זיי, און ממילא הייסן זיי א זאך, וואָס מען נוצט אים שבת. בגזי, (מען מעג באהאלטן) אין שטיקער וואָל, אָבער מען טאָר זיי ניט איבערטראָגן (אים שבת). ווייל די וואָל זענען דאך באשטימט צום שפינען פון זיי פעדים, און מען נוצט זיי ניט אים שבת. די גמרא זאָגט, אז אויב מען האָט באשטימט די וואָל בפירוש נור צו באַהאַלטן אין זיי עסנווארג שטענדיק, מעג מען זיי יאָ איבערטראָגן. כיצד, ווי אזוי זאָל מען טאָן? ווען מען האָט באַהאלטן א טאָפ מיט עסנווארג אין וואָל־שטיקער און מען טאָר זיי דאך ניט באוועגן? נוטל, מען נעמט אראָפ דאָס דעקל און זיי (די שטיקער וואָל) פאלן אליין אראָפ; ר׳ אלעזר בן עזריה זאָגט, אז מען בייגט־אויס אין א זייט דעם קויש (מיט די וואָל, אין וועלכן מען האָט באַהאלטן דעם טאָפ עסנווארג) און מען נעמט ארויס (דאָס עסן פון טאָפ), ווייל אויב מען וועט ארויסנעמען (דעם טאָפ) וועט מען ניט קאָנען צוריקשטעלן (דעם טאָפ). געווענליך עסט מען ניט אויף מיט אמאָל אלע מאכלים פון טאָפ; אַ טייל באַהאַלט מען אויף שפּעטער. זאָגט ר׳ אלעזר בן עזריה, אז מען זאָל נור ארויסנעמען דעם טייל עסן, וואָס מען דאַרף, און דעם טאָפ זאָל מען ניט רירן פון אָרט, ווייל מען טאָר אים ניט צוריקשטעלן אין דעם אָרט אין דעם וואָל, מחמת טאָמער וועט דער גרוב אין וואָל וואו דער טאָפ איז געשטאנען, קאַליע ווערן און כדי אים צו פאַרריכטן וועט מען באוועגן די שטיקער וואָל, און דאָס טאָר מען ניט. וחכמים, אָבער

**אומר, קופה מטה על צדה ונוטל, שמא יטול ואינו יכול להחזיר. וחכ־מים אומרים, נוטל ומחזיר. לא כסהו מבעוד יום, לא יכסנו משתחשך. כסהו ונתגלה, מותר לכסותו. ממלא את הקיתון ונותן לתחת הכר או תחת הכסת.**

## פרק ה.

**א. במה בהמה יוצאה ובמה אינה יוצאה? יוצא הגמל באפסר, ונאקה בחטם, ולובדקים בפרומביא, וסוס בשיר; וכל בעלי השיר יוצאים**

---

די חכמים זאָגן, אז ער מעג נעמען דעם טאָפּ און צוריקשטעלן. **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען דער גרוב איז ניט קאליע געוואָרן, אָבער אויב ער איז קאליע געוואָרן האלטן אויך די חכמים אז מען טאָר ניט.** לא כסהו, אויב מען האָט (דעם טאָפּ מיט עסנוואַרג) ניט צוגעדעקט (פרייטאָג) בייטאָג (מיט די זאכן, אין וועלכן מען באהאלט אים) טאָר מען אים ניט צודעקן ווען עס איז געוואָרן פינסטער (פרייטאָג צונאכטס). **מיר האָבן אין סוף פון פריערדיקן פרק געשריבן, אז מען טאָר אים שבת ניט באַ־האלטן אפילו אין זאכן וואָס געבן ניט צו קיין היץ, נאָר זיי דערהאַלטן די היץ.** כסהו, אויב מען האָט אים (דעם טאָפּ) צוגעדעקט (פרייטאָג) און ער איז געוואָרן אָפּ־געדעקט (אים שבת) מעג מען אים צוריק צודעקן. **דער „תפארת ישראל" באמערקט דאביי אז מען מעג לכתחילה אים שבת אָפּדעקן און צודעקן; א חוץ מיט וואָל־שטי־קער, וועלכע מען טאָר ניט באוועגן אים שבת.** ממלא, מען מעג אנפילן (אָנגיסן מיט קאַלט וואסער אים שבת) א קרוג און אים ארונטערלייגן אונטער דעם קישן אָדער אונטער דעם אונטערדעק. **כדי די קעלט זאָל ווערן שוואכער. „קיתון" איז דאָס גרי־כישע וואָרט „קאָטאָן", א טרינק־כלי, א גלאָז, א בעכער. וועגן „כר" און „כסת" זע־נען פאראן עטליכע פירושים. זע כלאים פרק ט' משנה ב'.**

## פרק ה.

א. במה, מיט וואָס מעג (מען לאָזן) א בהמה ארויסגיין (טראָגנדיק די זאך אויף זיך אים שבת) און מיט וואָס טאָר זי ניט ארויסגיין? **אין חומש שמות כ' ווערט אָנגעזאָגט, אז ניט נור דער מענטש דארף רוען אים שבת, נאָר אויך די בהמה, (מיט בהמה מיינט מען יעדע לעבעדיקע זאך), וואָס געהערט צום מענטשן, דארף מען לאָזן רוען אים שבת. דאָס הייסט „שביתת בהמתו". מען טאָר דעריבער ניט לאָזן, אז די בהמה זאָל טראָגנדיק א זאך, וואָס איז פאר איר ווי א משא, ארויסגיין דערמיט אים שבת. אָבער ווען זי טראָגט א זאך, וואָס איז שיין פאר דער בהמה, א תכשיט, אָדער זי איז נויטיק פאר דער בהמה, אָדער וואָס איז נויטיק צו היטן די בהמה, למשל א שטריקל, מיט וועלכן מען האלט די בהמה, מעג מען איר לאָזן ארויס־גיין דערמיט אים שבת. דאביי האָבן די חכמים געזאָגט, אז אפילו א זאך, וואָס איז נויטיק צו היטן די בהמה, מעג מען נור אזוי פיל וויפיל זי איז נויטיק צום היטן, אָבער אויף צו־פיל צום היטן (נטירותא יתירתא) טאָר מען ניט. מען טאָר אויך ניט, אויב די זאך, וואָס די בהמה טראָגט, מאכט דעם איינדרוק, ווי מען פירט די בהמה צו פארקויפן אין מארק. די משנה אין דעם פרק רעכנט דאָ אויס די זאכן, וועלכע מען מעג, און די זאכן וועלכע מען טאָר ניט.** יוצא, דער קעמל מעג ארויסגיין מיט א שטריק אויפן האַלדז (אפסר), און די (ווייסע) קעמל־נקבה (נאקה) מיט אן אייזערנעם נאָז־רינג. **די ווייסע קעמל־נקבה איז ווילדער און זי פאָדערט א גרעסערע שמירה, און דעריבער לעבערט מען איר די נאָז און מען ציט אדורך אן אייזערנעם רינג און דערמיט האַלט מען איר.** ולובדקים, און אייזלן פון ליביע מיט אן אייזערנעם מויל־צוים (פרומביא), און פערד מיט א האַלדז־רינג (שיר). **מיט „לובדקים" מיינט מען די שטארקע אייזלן, וועלכע שטאמען פון ליביע, א לאנד אין צפון אפריקא. אנדערע מיינען, אז פון לידיע, א לאנד אין קליין־אזיע. „פרומביא" איז דאָס גריכישע וואָרט „פאָרבעיא", א מויל־צוים. „שיר" דארף מען מנקד זיין מיט א צירה אונטער דער**

**בשיר, ונמשכים בשיר, ומזין עליהן וטובלין במקומן.**

**ב. חמור יוצא במרדעת, בזמן שהיא קשורה לו. זכרים יוצאין לבובין. רחלות יוצאות שחוזות, כבולות, וכבונות. העזים יוצאות צרורות. ר' יוסי אוסר בכולן חוץ מן הרחילין הכבונות. ר' יהודה אומר, עזים יוצאות צרורות ליבש, אבל לא לחלב.**

**ג. ובמה אינה יוצאה? לא יצא גמל במטוטלת, לא עקוד ולא רגול,**

---

„ש", און דער טייטש איז א רינג בכלל, און דאָ מיינט מען א האלדז־רינג, וואָס מען טוט אָן דעם פערד אויפן האַלז און מען בינדט־צו צו אים א שטריק און מען פירט דערמיט דאָס פערד. דאָס וואָרט „שיר" אלס רינג געפינען מיר אין לשון רבים אין ישעיה ג' פסוק י"ט „והשרות". וכל, און אלע לעבעדיקע זאכן) וואָס טראָגן האלדז־רינגן מעגן ארויסגיין מיט די רינגן און (דער מענטש) מעג זיי פירן ביי די רינגן. דער ברטנורא גיט אלס ביישפּיל יאגד־הינט. ומזין, און מען מעג (די רינגן) באשפריצן (מיט דעם אש־וואסער פון דער פרה אדומה) און זיי טובל זיין אויף זייער אָרט (ניט אראָפּנעמענדיק זיי פון דער בהמה). דער דין איז אז א כלי רירט אָן א מת ווערט זי טמא און כדי זי זאָל ווערן ריין דאַרף מען איר באשפריצן מיט דעם וואסער, וואָס איז אויסגעמישט מיט דעם אש פון דער פארברענטער רויטער קי, פרה אדומה (זע וועגן דעם אין דער הקדמה צו מסכתא פרה) און מען דאַרף זי טובל זיין. זאָגט די משנה, אז אויב האַלדז־רינגען פון א בהמה זענען טמא געוואָרן מעג מען זיי שפּריצן און טובל זיין ווען זיי זענען אויף דער בהמה, און מען דאַרף זיי ניט אראָפּנעמען. די משנה לערנט דאָ, אגב אורחא, אויך דעם דין, אז די דאָזיקע האלדז־רינגען קאָנען ווערן טמא, און כאָטש א זאך, וואָס דינט בלויז א בהמה, קאָן ניט ווערן טמא, אָבער ווייל מיט דעם האלדז־רינג באנוצט זיך דער מענטש צו פירן די בהמה, הייסט עס ווי א זאך וואָס נוצט דעם מענטש.

ב. חמור, אן אייזל מעג ארויסגיין מיט דער וואַטל־דעק, ווען זי איז צוגעבונדן צו אים. ווייל די דעק היט דעם אייזל אז עס זאָל אים ניט זיין קאַלט. די גמרא זאָגט, אז זי מוז זיין צוגעבינדן צום אייזל פון פרייטאָג, אָבער אים שבת טאָר מען איר ניט צובינדן. זכרים, שעפּסן־זכרים מעגן ארויסגיין מיט אַ שטיק־לעדער צוגעבונדן צו זייער גליד. אזוי טייטשט די גמרא דאָס וואָרט „לבובין"; דאָס היט, אז זיי זאָלן ניט ארויפגיין אויף די נקבות. רחלות, שעפּסן־נקבות מעגן ארויסגיין מיט די ווינדלען ארויפגעבינדן, אויף זייער רוקן (שחוזות, כדי די זכרים זאָלן קאָנען אויף זיי ארויפגיין), אָדער מיט די ווינדלען ארונטערגעבינדן אונטען (כבולות, כדי די זכרים זאָלן ניט קאָנען ארויפגיין אויף זיי) אָדער איינגעהילט אין א דעק (כבונות). יונגע שעפּסלעך הילט מען איין מיט א דעק, כדי די וואָל זאָל ניט באפלעקט ווערן. העזים, ציגן מעגן ארויסגיין מיט צוגעבינדענע (אייטערס). מען בינדט צו טיילמאָל די אייטערס פון די ציגן פעסט כדי די מילך זאָל אויסגעטריקנט ווערן, און טיילמאָל בינדט מען צו א בייטעלע אונטער די אייטערס כדי די מילך זאָל ניט אראָפּטריפן אויף דער ערד. ר' יוסי אסרט ביי זיי אַלע, א' חוץ די שעפּסלעך־נקבות וואָס זענען איינגעהילט (כבונות). ווייל דאָס הייסט א תכשיט, עס מאכט שענער די וואָל פון די שעפּסלעך, און דעריבער איז ער מתיר. ר' יהודה זאָגט, אז ציגן מעג ארויסגיין (מיט צוגעבונדענע אייטערס) ווען דאָס איז כדי אויסצוטריקענען (די מילך זאָל ווערן אויסגעטרוקנט), אָבער ניט כדי (צו היטן) די מילך (אז זי זאָל ניט אראָפּטריפן אויף דער ערד). דער טעם איז, ווייל אין אזא פאַל בינדט מען ניט צו שטאַרק און עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט דאָס בייטעלע אראָפּפאלן און דער מענטש וועט עס אויפהייבן און טראָגן עס אים שבת.

ג. ובמה, און מיט וואָס טאָר (די בהמה) ניט ארויסגיין? א קעמל טאָר ניט ארויסגיין מיט א שטיקל שמאטע (צוגעבינדן צום וויידל). „מטוטלת" זאָל זיין פון וואָרט „מטלית", א שטיקל שמאטע; טייל טייטשן עס ווי „טלטל", באוועגן זיך,

וכן שאר כל הבהמות. לא יקשור גמלים זה בזה וימשוך, אבל מכניס חבלים לתוך ידו וימשוך, ובלבד שלא יכרוך.

ד. אין חמור יוצא במרדעת בזמן שאינה קשורה לו, ולא בזוג, אף על פי שהוא פקוק, ולא בסולם שבצוארו, ולא ברצועה שברגלו. ואין התרנגולין יוצאין בחוטין, ולא ברצועות שברגליהם. ואין הזכרים יוצאין בעגלה שתחת האליה שלהן. ואין הרחלים יוצאות חנונות. ואין העגל

---

נאָכהענגען. סיי ווי דאָס איז א שטיקל שמאטע, וואָס איז צוגעבונדן צום ווידל פון קעמל אלס א סימן. לא, (דער קעמל טאָרניט ארויסגיין) צוגעבונדן די פאָדערשטע פוס (די הענט) צו די הינטערשטע פיס (עקוד) און אויך ניט מיט א פאָדערשטן פוס איינגעבויגן און צוגעבינדן (רגול), און אזוי טאָרן אויך ניט אנדערע בהמות. דער טעם איז, ווייל דאָס הייסט שוין א צו־שטארקע שמירה, און ווי מיר האָבן געלערנט אין פירוש צום אָנהויב פון דאָזיקן פרק, טאָר מען עס ניט. לא יקשור, מען זאָל ניט אָנבינדן קעמלן איינעם צום צווייטן און פירן זיי, אָבער מען מעג נעמען אין האַנט די שטריק (פון די קעמלן ניט אָנבינדן איינער אין צווייטן) און פירן (די קעמלן). די גמרא זאָגט, אז ווייל ווען זיי זענען אָנגעבינדן איינער אין צווייטן זעט עס אויס ווי מען פירט זיי אין מארק צו פארקויפן און דעריבער טאָר מען ניט. ובלבד, אָבער (ווען מען פירט די קעמלן האלטנדיק די שטריק אין דער האנט) טאָר מען ניט (די שטריק) צוזאמען פארוויקלען. די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט מען ניט צוליב שבת נאָר צוליב כלאים, דאָס הייסט ווייל ווען איין שטריק איז פון וואָל און איינער איז פון פלאקס און מען פארוויקלט זיי צוזאמען (און די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען אויך ווען מען בינדט זיי צו צוזאמען) און די האַנט ווערט אָנגעוואָרעמט פון זיי, הייסט עס כלאים, שעטנז, און מען טאָרניט. זעה אין דער הקדמה צו מסכתא כלאים.

ד. אין, אן אייזל טאָרניט (אים שבת) ארויסגיין מיט דער זאָטל־דעק ווען זי איז צו אים ניט צוגעבונדן. פריער אין משנה ב׳ האָבן מיר געלערנט, אז ווען די דעק איז צוגעבונדן מעג מען; איצט זאָגט די משנה, אז אויב זי איז ניט צוגעבונדן טאָר מען ניט, ווייל מען האָט מורא, טאָמער וועט זי אראָפּפאלן אין גאס און דער מענטש וועט זי אויפהויבן און טראָגן אים שבת. ולא, און (דער אייזל זאָל) ניט (ארויסגיין) מיט אן (אָנגעהאָנגען גלעקל, כאָטש דאָס (גלעקל) איז פארשטאָפּט. אויך דאָ זאָגט די גמרא, אז דער טעם איז, ווייל עס זעט אויס, ווי מען פירט דעם אייזל אין מארק צום פארקויפן. ולא בסולם, און אויך ניט מיט א האָלץ־לייטער אויפן האַלדז. מען טוט עס אָן אן אייזל, ווען עס האָט א מכה און דאָס פארהיט, אז דער אייזל זאָל ניט אויסדרייען דעם האלדז און מיט די ציין בייסן די מכה. ולא ברצועה, און ניט מיט א רימען צוגעבונדן צו זיין פוס. דאָס איז געמאַכט כדי די פיס זאָלן זיך ניט רייבן איינער אין אנדערן. ואין, און הינער זאָלן ניט ארויסגיין מיט (צוגעבינדענע) פעדעס (צום דערקענען זיי) און ניט מיט רימען צווישן זייערע פיס. מען בינדט צו מיט א רימען איין פוס צום אנדערן כדי זיי זאָלן ניט שפרינגען און צעברעכן זאכן. ואין הזכרים, און שעפּסן־זכרים טאָרן ניט ארויסגיין מיט א רעדלעך־וועגעלע (צוגעבינדן) אונטער זייער ווידל. די ווידלען פון די שעפּסן־זכרים זענען זייער פעטע און שווערע, און מען לייגט זיי ארויף אויף א נידריג וועגעלע מיט רעדלעך און מען בינדט זיי צו כדי דאָס וועגעלע זאָל טראָגן די ווידלען. ואין הרחלים, און די שעפּסן־נקבות טאָרן ניט (ארויסגיין) מיט ניס־העלצלעך. די גמרא טייטשט דאָס וואָרט „חנונות", אז אין די קעפּ פון די שעפּסן כאפּן זיך אריין ווערעמלעך, און מען לייגט דעריבער אריין אין זייערע נעז א שטיקל האָלץ, וואָס הייסט „חנון", און דערפון הייבן זיי אָן צו ניסן און די ווערעמלעך פאלן ארויס. דאקייגן ביי שעפּסן־זכרים דארף מען דאָס ניט, ווייל די זכרים שטויסן זיך איינער דעם אנדערן מיט די הערנער, פאלן די ווערעמלעך אליין ארויס. ואין העגל, און א קאלב זאָל ניט ארויסגיין מיט א קליי־

יוצא בגימון, ולא פרה בעור הקופר, ולא ברצועה שבין קרניה. פרתו של ר׳ אלעזר בן עזריה היתה יוצאה ברצועה שבין קרניה, שלא ברצון חכמים.

## פרק ו.

א. במה אשה יוצאה ובמה אינה יוצאה? לא תצא אשה לא בחוטי צמר, ולא בחוטי פשתן, ולא ברצועות שבראשה, ולא תטבול בהן עד שתרפם; ולא בטוטפת, ולא בסנבוטין, בזמן שאינן תפורין, ולא בכבול

---

נעם יאָך. אזוי טייטשט די גמרא דאָס וואָרט „גימון״, אז דאָס טוט מען אָן דעם קאלב א קליינעם יאָך, און רש״י זאָגט, אז דאָס איז כדי אים צוצוגעוואוינען איינצובייגן דעם קארק שפּעטער, ווען ער וועט ווערן אן אָקס און ער וועט דארפן אנטאָן א גרויסן, ריכטיקן אקער־יאָך. ולא פרה, און א קו זאָל ניט ארויסגיין (באדעקט די אייטערס) מיט דער פעל פון א שטעכל־שווין. קופר, לויט טייל גירסאות „קופד״ און „קיפוד״ מיינט אזא חיה׳לע, וואָס הייסט אין דייטש איגל, שטאכל־שוויין, אין ענגליש „פּאר־קופּיין״, אין פּויליש „יעזש״; זיינע האָר זענען שטעכעדיק. די גמרא זאָגט, אז מען באדעקט טיילמאָל די אייטער ביי קו מיט א שטעכעדיקער פעל פון דעם קופר כדי צו שיצן זיי אז שרצים זאָלן זיי ניט אויסזייגן. ולא ברצועה, און (א קו) טאָר ניט (ארויסגיין) מיט דעם רימען (צוגעבונדן) צווישן אירע הערנער. מען טאָר ניט סיי ווען דער רימען איז פאר שיינקייט וועגן, סיי ווען ער איז צום שיצן די קו. פרתו, די קו פון ר׳ אלעזר בן עזריה האָט געפלעגט ארויסגיין (אים שבת) מיט דעם רימען צווישן אירע הערנער ניט מיט דער צושטימונג פון די חכמים, די גמרא זאָגט, אז די קו איז ניט געווען ר׳ אלעזר בן עזריה׳ס, נאָר זיינס א שכנטע׳ס, און ווייל ער האָט איר גאָרנישט געזאָגט קיין דעה איז זי געוואָרן אָנגערופן אויף זיין נאָמען.

## פרק ו.

א. במה אשה, מיט וואָס מעג א פרוי ארויסגיין (אים שבת) און מיט וואָס טאָר זי ניט? מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צום ערשטן פרק, אז ארויסטראָגן אים שבת פון שטוב אין גאס, אָדער אריינטראָגן פון גאס אין שטוב (פון רשות היחיד אין רשות הרבים אָדער פון רשות הרבים אין רשות היחיד) אָדער טראָגן פיר איילן אין גאס (אין רשות הרבים) טאָר מען ניט אים שבת. אָבער מלבושים אָדער א ציי־רונג מעג מען טראָגן, ווייל אויך א צירונג (תכשיט) הייסט ווי א מלבוש. נאָר די חכמים האָבן גוזר געווען, אז אויך טייל צירונג־זאכן זאָל מען אויך ניט טאָרן טראָגן, צוליב טעמים וואָס מיר וועלן ווייטער לערנען. פרעגט דאָ די משנה, וועלכע זאכן מעג א פרוי יאָ טראָגן אויף זיך אים שבת ווען זי גייט־ארויס, און וועלכע זאכן טאָר זי ניט טראָגן? און די משנה ענטפערט: לא, א פרוי טאָר ניט ארויסגיין ניט מיט־בינד־שנירן פון וואָל און ניט מיט בינד־שנירן פון פלאקס, און ניט מיט באַנדן אין איר קאָפּ. א פרוי וועלכע פארבינדט די האָר פון קאָפּ מיט שנירן אָדער מיט באנדן, טאָר זי מיט זיי ניט ארויסגייך אים שבת. ולא תטבול, און זי זאָל זיך ניט טובל זיין מיט זיי (ווען זי טראָגט די שנירן אָדער די באנדן אין די קאָפּ־האָר) ביז זי מאכט זיי לויז. ווען א פרוי האָט איר בלוטיגונגס־צייט, זי איז אַ נידה, און עס ענדיגט זיך די צייט און זי דארף זיך טובל זיין כדי צו ווערן ריין, מוז זי מאכן לויז די האָר־שנירן און באנדן, כדי ביים טובל זיין זיך זאָל דאָס וואסער קאָנען גוט אריינגיין אין די האָר פון קאָפּ און עס זאָל ניט זיין קיין חציצה, קיין צווישן־שייד, צווישן דעם וואסער און דער פרויס קערפּער, די גמרא זאָגט, אז דאָס איז א טעם צום פריערדיקן דין, דהיינו, אַז דעריבער טאָר די פרוי ניט ארויסגיין מיט די האָר־שנורן און באַנדן אים שבת, ווייל טאָמער וועט זי זיך דארפן טובל זיין אים שבת וועט זי דאָך זיי מוזן אויפבינדן און זי קאָן פארגעסן און זיי טראָגן פיר איילן אין גאס. ולא בטוטפת, און (זי זאָל ניט ארויסגיין) מיט א שטרן־בראש און ניט מיט די באקן־נאָכהענגער, אויב זיי זענען ניט צוגענייט. א שטרן־בראש, „טוטפת״, איז אזא לענגליכע מעטאלענע

לרשות הרבים, ולא בעיר של זהב, ולא בקטלא, ולא בנזמים, ולא בטבעת שאין עליה חותם, ולא במחט שאינה נקובה. ואם יצאה, אינה חייבת חטאת.

ב. לא יצא האיש בסנדל המסומר, ולא ביחיד בזמן שאין ברגלו

---

בראָש, וואָס די פרוי פלעגט אַמאָל טראָגן אויפן שטערן, פון אויער צו אויער, און „סנבוטין", הייסן באַקן־נאָכהענגער, לאַנגע בענדער, וועלכע האָבן אראָפּגעהאָנגען פון דער שטערן־בראַש ביי ביידע זייטן פון פּנים. ביי די אָרימע פרויען זענען די סנבוטין געווען פון געוויינליכער סחורה, פאַרשידנפאַרביק, און ביי די רייכערע זענען זיי געווען פון זילבער אָדער גאָלד. זאָגט די משנה, אַז אים שבת טאָר מען דערמיט ניט ארויסגיין, ווייל די דאָזיקע שטיקלעך צירונג זענען שיינע, און די פרוי קאָן אמאָל אראָפּנעמען זיי אין גאַס כדי צו ווייזן איר פריינדין, און זי וועט פאַרגעסן און זיי טראָגן, אָבער אויב די בראש און די נאָכהענגער זענען צוגעניייט צום קאָפּ־טיכל, וואָס די פרוי טראָגט אויפן קאָפּ מעג מען, ווייל אראָפּנעמען דאָס קאָפּ־טיכל וועט ניט די פרוי. ולא בכבול, און (די פרוי זאָל) ניט ארויסגיין מיט דעם שטערן־באַנד אין רשות הרבים (אין גאַס). „כבול" הייסט א באַנד, וואָס די פרוי פלעגט טראָגן אונטער דעם שטערן־בראַש, און טיילמאָל פלעגט זי טראָגן דעם שטערן־באַנד אליין, אָן דער בראַש. דאָ זאָגט די משנה, אַז נור אין רשות הרבים, אין גאַס, זאָל זי דערמיט ניט ארויסגיין, אָבער אין הויף, אפילו וואו מען טאָר ניט ארויסטראָגן פון שטוב אין הויף, מעג זי יאָ ארויסגיין, ווייל די חכמים האָבן געוואָלט, אַז עפּיס צירונג זאָל די פרוי יאָ טראָגן אויף זיך, כדי זי זאָל ניט פאַרמיאוסט ווערן ביי איר מאַן. דער רמבם טייטשט, אַז דער „לרשות הרבים" גייט ארויף אויך אויף אלע פריער־אויסגערעכנטע תכשיטים, אַז נור ארויסגיין מיט זיי אין רשות הרבים טאָר ניט די פרוי, ולא בעיר, און ניט מיט א שטאָט פון גאָלד. א בראָש אין געשטאַלט פון א שטאָט, און דאָס איז געווען אזא צירונג פון גאָלד, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס בילד פון ירושלים. ולא בקטלא, און ניט מיט א ענג האַלדז־קייטל. די גמרא זאָגט, אַז דעריבער הייסט דאָס האַלדז־קייטל „קטלא", ווייל די פרוי דריקט זיך דערמיט צו פעסט (פון וואָרט „קטל" הרגנען) כדי זי זאָל אויסזען שענער. ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" זאָגט, אַז אויך אין לאַטייניש הייסט אזא גאָלדן קייטל „קאַטעלא". ולא בנזמים, און ניט מיט נאָז־רינגלעך און ניט מיט א רינגל (אפילו) וואָס האָט ניט אויף זיך קיין סטעמפּל, און ניט מיט א נאָדל (אפילו) וואָס איז ניט געלעכערט. מיט „נזמים" מיינט מען דאָ רינגלעך, וואָס פרויען אין די מזרח־לענדער טראָגן אין דער נאָז; דאַקייגן אויער־ינגלעך מעג מען יאָ, ווייל אויערינגלעך וועט די פרוי ניט אראָפּנעמען אין גאַס, מחמת זי וואָלט געדאַרפט אראָפּנעמען צוערשט די באַקן־בענדער. מיט א „סטעמפּל", מיינט מען, צו סטעמפּלן דערמיט בריף וכדומה זאַכן. זאָגט די משנה, אַז אויב מיט אַ סטעמפּל טאָר מען אודאי ניט, ווייל דאָס איז דאָך שוין א זאַך, און ניט קיין צירונג. נאָר אפילו אָן א סטעמפּל טאָר מען אויך ניט. דאָסזעלבע איז אויך מיט א ניט־געלעכערטער נאָדל, וואָס קומט דאָך ניט צונוץ צום נייען און איז נור א צירונג, פונדעסטוועגן טאָר מען אויך ניט. ואם, און אויב זי איז יאָ ארויסגעגאַנגען מיט זיי (בשוגג, פאַרגעסנדיק), איז זי ניט מחויב קיין חטאת. אַז מען טוט אים שבת בשוגג אן ארבייט וואָס די תורה האָט פאַרבאָטן, דאַרף מען ברענגען אין בית־המקדש א קרבן חטאת. אָבער די אלע צירונג־זאַכן מעג מען לויט דער תורה טראָגן נאָר די חכמים האָבן פאַרווערט צוליב דער מורא טאָמער וועט די פרוי זיי אראָפּנעמען צו ווייזן און פאַרגעסן און זיי טראָגן ניט אויף זיך. און אויף א זאַך, וואָס נור די חכמים האָבן פאַרווערט צו טאָן, דאַרף מען ניט ברענגען קיין קרבן.

ב. ולא, און א מאַנספּערזאָן זאָל (אים שבת) ניט ארויסגיין מיט א שיך, וואָס איז באַשלאָגן מיט טשוועקעס. סנדל איז פון גריכישן וואָרט „סאַנדאַלאָן" דאָס איז א סאָרט שיך, וואָס פלעגט טיילמאָל זיין פון האָלץ און אין אים האָט מען אריינגעקלאַפּט

מכה, ולא בתפילין, ולא בקמיע מזמן שאינו מן המומחה, ולא בשריון, ולא בקסדא, ולא במגפיים. ואם יצא, אינו חייב חטאת.

ג. לא תצא אשה במחט הנקובה, ולא בטבעת שיש עליה חותם, ולא בכוליאר, ולא בכובלת, ולא בצלוחית של פלייטון. ואם יצתה, חייבת חטאת, דברי ר׳ מאיר; וחכמים פוטרין בכובלת ובצלוחית של פלייטון.

---

טשוועקעס. די גמרא דערציילט, אז איינמאָל האָבן יידן זיך באהאלטן שבת אין א הייל ווייל די שונאים האָבן זיי געוואָלט הרגנען. פּלוצלינג האָבן זיי דערהערט א גערויש, און מיינענדיק, אז די שונאים קומען אָן האָבן זיי גענומען לויפן אין דער הייל און דריקן איינער דעם צווייטן מיט די שיך מיט טשוועקעס און דאדורך זענען א סך פון זיי אומגעקומען, מחמת דעם האָט מען גוזר געווען, אז אים שבת און יום טוב, ווען א סך יידן קומען זיך צונויף, זאָל מען ניט טראָגן די באטשוועקטע שיך. ולא ביחיד, און (א מאנספּערזאָן זאָל ניט ארויסגיין אים שבת) מיט איין שוך ווען ער האָט ניט אויף דעם פיס קיין מכה. אויב ער טראָגט נור איין שוך אויף איין פוס, קאָן מען אים חושד זיין אז דעם אנדערן שוך טראָגט ער אונטער דעם מאַנטל. אן אנדערער טעם איז, ווייל מען וועט לאכן פון אים, וועט ער אראָפּנעמען דעם שוך און טראָגן. — אויב אָבער ער האָט אויף דעם באָרוועסן פוס א מכה, זעט מען דאָך, פארוואָס ער טראָגט נור איין שוך, וועט מען אים ניט חושד זיין, און מען וועט ניט לאכן פון אים. ולא בתפילין, און ניט מיט תפילין. אפילו לויט דער דעה, אז שבת דארף מען לייגן תפילין (שבת זמן תפילין) טאָר מען אויך ניט ארויסגיין אים שבת מיט די תפילין אויפן קאָפּ, ווייל טאָמער וועט ער דארפן אריינגיין אין אן אומרייך אָרט און ער וועט מוזן אראָפּנעמען די הייליקע תפילין און ער קאָן פארגעסן און זיי טראָגן אין דער האַנט. ולא בקמיע, און ניט מיט א קמיע, אויב זי איז ניט פון א מומחה. קמיע הייסט פּארמעט, אויף וועלכן ס׳איז אויפגעשריבן א לחש, און דאָס איז באטראכט געוואָרן אלס א סגולה צו א קראנקייט. אויב די קמיע איז געשריבן געוואָרן ניט פון אַ מומחה, פון א מאן, וואָס מען ווייסט, אז זיינע קמיעות האָבן שוין אויסגעהיילט 3 מענטשן, טאָר מען מיט איר ניט ארויסגיין אים שבת. ולא בשריון, און ניט מיט א פאנצערמאנטל (א מעטאלענעם מלבוש צו שיצן קייגן קלעפּ פון אַ שווערט), און ניט מיט א שטורם־העלם (מעטאלן היטל אויפן קאָפּ אויך צו שיצן קייגן קלעפּ פון א שווערט), און ניט מיט אייזערנע שטיוועלעטן (וואָס זעלנער פלעגט טראָגן אין דער מלחמה אויף די זייטן פון די פיס צו שיצן זיי קייגן קלעפּ פון א שווערט). כאָטש מען גייט די אַלע זאכן אָנגעטאָן טאָר מען ניט ארויסגיין מיט זיי. „קסדא", שטורם־העלם, איז פון דער מיטל־גריכישער שפּראך „קאסידא". ואם, און אויב מען איז ארויס־געגאַנגען (מיט די אַלע זאכן, וואָס די משנה האָט דאָ געזאָגט, אז א מאַנספּערזאָן זאָל מיט זיי ניט ארויסגיין) איז מען ניט מחויב צו ברענגן א קרבן חטאת. ווייל לויט דעם דין פון דער תורה מעג ער ארויסגיין מיט זיי נאָר די חכמים האָבן געאסרט.

ג. לא תצא, א פרוי זאָל ניט ארויסגיין (אים שבת) מיט א געלעכערטער נאָדל, און ניט מיט א רינגל וואָס האָט א סטעמפּל, און ניט מיט א קאָפּ־רינג („כוליאר", א רינג, וואָס נאָר זייער זעלטן טוט א פרוי דאָס אָן אויפן קאָפּ), און ניט מיט א בשמים בינטל (כובלת, וואָס טייל פרויען טראָגן אויפן האַלדז) און ניט מיט א פלעשל מיט שמעקעדיקן אייל פון נאָרד־בלעטער (פלייטון). אנשטאט „כוליאר" איז דער „ערוך" גורס „ככליאר" און דאָס זאָל זיין, לויט טייל מיינונגען, דאָס גריכישע „קאָכ־ליאס", וואָס איז אויך דער טייטש א קרומע, געדרייטע זאך. לויט דער גירסא „כובלת", איז עס פון „כבל", בינדן, א בינטל. „פלייטון" איז דאָס לאטיינישע „פאָליאטום", שמעקעדיקער אייל פון נאָרד־בלעטער. ואם יצאה, און אויב זי (די פרוי) איז ארויסגעגאנגן (מיט איינער פון די דאָזיקע זאכן) איז זי מחויב (צו ברענגן)

**ד. לא יצא האיש לא בסייף ולא בקשת ולא בתריס ולא באלה ולא ברומח, ואם יצא חייב חטאת. ר׳ אליעזר אומר, תכשיטין הן לו. וחכמים אומרים, אינן אלא לגנאי, שנאמר, „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות, ולא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדו עוד מלחמה״. בירית, — טהורה, ויוצאין בה בשבת; כבלים, — טמאין, ואין יוצאין בהן בשבת.**

---

א קרבן חטאת, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **מחמת די אלע זאכן זענען ניט קיין מלבוש און ניט קיין צירונג, און מען טאָר זיי ניט טראָגן לויט דין פון דער תורה.** וחכמים, און די חכמים פטרן (פון צו ברענגן א קרבן חטאת) ביי דעם בינטל בשמים און ביים פלעשל מיט שמעקעדיקן אייל. **ווייל זיי האַלטן, אז זיי געהערן יאָ צו דער צירונג (תכשיטין) פון א פרוי.**

ד. לא יצא, א מאנספערזאָן זאָל ניט ארויסגיין, ניט מיט א שווערט, און ניט מיט א בויגן (צום שיסן פיילן) און ניט מיט א פאנצער־שילד (תריס, וואָס מ׳טוט ניט אָן ווי א מלבוש נאָר מען האַלט עס אין דער האַנט) און ניט מיט א קאמף־שטעקן (אלה) און ניט מיט א שפיז. „תריס״ **איז דאָס גריכישע „טוראס״, א שילד. וועגן „אלה״ זענען פאראן עטליכע טייטשן. די גמרא זאָגט „קופלא״, וואָס איז דער טייטש א גראָ־בער שטעקן צו שלאָגן דערמיט. דער ירושלמי טייטשט „דייקרון״, דאָס איז דאָס גריכישע „דיקראנאן״, א שפיץ־פייל. דער ברטנורא טייטשט א קיילעכיקער פאנ־צער־שילד. די אלע אויסגערעכנטע זאכן זענען כלי זין, וואָס זענען באשטימט צו קעמפן אין א מלחמה.** ואם יצא, און אויב ער איז ארויסגעגאנגען מיט זיי איז ער מחויב (צו ברענגן א קרבן חטאת). ר׳ אליעזר זאָגט, אז זיי זענען פאר אים (פאר דעם מאנספערזאָן וואָס טראָגט זיי) תכשיטין (צירונג). **ווי מיר האָבן געזאָגט זענען טייל צירונגען נאָר אסור צום טראָגן אָבער קיין קרבן חטאת דארף מען ניט ברענגן.** וחכמים, און די חכמים (וועלכע זאָגן, אז מען דארף ברענגען א קרבן חטאת) זאָגן, אז זיי (די כלי זיין) זענען (ניט קיין צירונג, קיין שיינקייט) נאָר א שאנד (גנאי), ווארום עס ווערט געזאָגט (ישעיה ב׳) „און זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אקער־אייזנס און זייערע שפיזן צו פרוכטן־שנייד־מעסער־לעך און איין פאָלק וועט ניט אויפהייבן קייגן אנדערן פאָלק די שווערט און זיי וועלן זיך ניט מער לערנען (צו פירן) מלחמה״. **די חכמים זאָגן, אז דערפון וואָס ישעיהו הנביא זאָגט וועגן דער צייט פון „אחרית הימים״, פון משיח, אז פעלקער וועלן דעמאָלס מער ניט נוצן קיין געווער, איז צו זען, אז געווער־זאכן, כלי זיין, איז ניט קיין שיינקייט, קיין צירונג, נאָר א חרפה פאר דעם מענטש,** בירית, א קני־רינג איז טהור (קאָן ניט ווערן טמא) און מען מעג ארויסגיין דערמיט אים שבת, צווישן־פיס־קייטלעך (קאָנען) ווערן טמא און מען טאָר מיט זיי ניט ארויסגיין אים שבת. **די גמרא טייטשט אז בירית מיינט מען די רינגען, וואָס א פרוי טוט־אָן אויף אירע פיס ביי די קניען און זיי האלטן פעסט די אונטער־וועש, אז זיי זאָלן ניט אראָפּפאלן. דער דין איז אז ווען א כלי, א זאך, רירט אָן א טמא זאך, למשל א טויטן שרץ, ווערט די זאך טמא. אָבער דאָס איז נור ווען די זאך איז געמאַכט געוואָרן צו באַדינען דעם מענטש. ווי איז אָבער אז די זאך איז געמאַכט געוואָרן צו באַדינען אן אנדערע זאך, און ערשט די אנדערע זאך באדינט דעם מענטש, הייסט די ערשטע זאך ניט קיין כלי, אז זי זאָל קאָנען ווערן טמא. זאָגט דאָ די משנה, אז ווייל דער קני־רינג איז דאָך געמאכט געוואָרן ניט דירעקט צו באדינען דעם מענטש, נאָר כדי צו־צוהאלטן די אונטערוועש, קאָן ער ניט ווערן טמא. אויך מעג מען ארויסגיין דערמיט אין גאס אים שבת, ווייל מען האָט ניט מורא צו האָבן אז זי וועט אראָפּנעמען דעם רינג צו ווייזן אירע פריינדינען, מחמת זי וועט מורא האָבן אז די אונטערוועש זאָל ניט אראָפּפאלן. „כבלים״ טייטשט די גמרא, אז עס איז געווען א משפחה אין ירושלים, וועמענס טעכטער פלעגן מאכן גרויסע טריט ביים גיין און דאָס האָט ביי זיי צושטערט די סימנים פון מיידלשאפט (בתולים), האָט מען זיי געמאַכט צווישן**

**ה. יוצאה אשה בחוטי שער, בין משלה, בין משל חבירתה, בין משל בהמה. ובטוטפת ובסנבוטין בזמן שהן תפורין, בכבול ובפאה נכרית לחצר. במוך שבאזנה, ובמוך שבסנדלה, ובמוך שהתקינה לנדתה, בפלפל, ובגרגיר מלח, וכל דבר שתתן לתוך פיה, ובלבד שלא תתן לכתחלה בשבת. ואם נפל לא תחזיר. שן תותבת ושן של זהב, רבי מתיר, וחכמים אוסרים.**

**ו. יוצאה בסלע שעל הציניתֽ. הבנות קטנות יוצאות בחוטין ואפילו**

---

**די פיס קייטלעך, אז זיי זאָלן ניט מאכן גרויסע טריט. ווייל די דאָזיקע קייטלעך דינען דירעקט דעם מענטש הייסן זיי יאָ א כלי, א זאך, וואָס קאָן ווערן טמא; אויך טאָר מען ניט ארויסגיין מיט זיי אים שבת, ווייל עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט מען זיי אראָפּנעמען צום ווייזן, און דערווייל טראָגן.**

ה. יוצאה, א פרוי מעג ארויסגיין (אים שבת) מיט האָר־בינדשנירן (אויפן קאָפּ), סיי ווען זיי זענען (געמאכט) פון אירע (אייגענע אָפּגעשוירענע האָר), סיי ווען זיי זענען פון פרעמדע (האָר), סיי פון א בהמה׳ס (האָר); און מיט א שטערן־בראָש, און מיט באקן־הענגער ווען זיי זענען צוגענייט (צום קאָפּ־טיכל). **פריער אין משנה א׳ איז געווען, אז מיט בינדע־שנירן פון וואָל און פלאקס טאָר מען ניט; זאָגט דאָ די משנה אז פון האָר מעג מען יאָ. פריער אין משנה א׳ איז געווען אז מיט א שטערן־בראש און באקן־נאָכהענגער, ווען זיי זענען ניט־צוגענייט טאָר מען ניט; זאָגט די משנה, אז ווען זיי זענען יאָ צוגענייט מעג מען. ווייל ווען די פרוי איז זיך טובל דארף זי ניט אראָפּנעמען די האָר־בינד־שנירן מחמת די וואסער גייט דורך זיי א דורך. אויך קאָן די פרוי ניט אראָפּנעמען די בראש און די נאָכהענגער ווען זיי זענען צוגענייט.** בכבול, (די פרוי מעג ארויסגיין) מיט דעם שטערנבאנד און מיט א שייטל (פאה נכרית, א פרעמדער עק האָר) אין הויף. **נאָר אין גאס טאָר מען ניט ארויסגיין, (זע פריער משנה א׳) אָבער אין הויף מעג מען.** במוך, (די פרוי מעג ארויסגיין אים שבת) מיט אַ שטיקל וואטע אין איר אויער (איינצוזאפּן די שמוציקע פייכקייט פון אויער), מיט א שטיקל וואטע אין איר שוך (דער שוך זאָל ניט אָנרייבן דעם פוס), מיט א שטיקל וואטע, וואָס זי האָט זיך אָנגעגרייט צו איר נידה־צייט (ווען זי האָט די מאָנאטליכע בלוטיקונג, כדי עס זאָל אריינזעמען דאָס בלוט), מיט א (שמעקעדיג) פעפערל אין איר מויל (כדי צו באזייטיקן דעם ניט־אנגענעמען מויל־ריח), און מיט א שטיקל זאלץ (שארף זאלץ אין מויל קייגן ציינווייטאָג), און מיט יעדער זאך, וואָס זי טוט אריין אין איר מויל (קייגן ניט־אנגענעמען ריח פון מויל), אָבער זי זאָל ניט אריינלייגן דאָס ערשטע מאָל אים שבת, (נאָר אויב זי האָט אריינגעלייגט פון פרייטאָג מעג זי), און אויב עס איז ארויסגעפאלן זאָל זי ניט צוריקלייגן. **די גמרא זאָגט, אז מיט די אלע זאכן מעג די פרוי ארויסגיין ווייל די שטיקלעך וואטע אין אוירן און שוך זענען צוגעבינדן און זי וועט זיי ניט ארויס־נעמען; די נידה־וואטע וועט זי ניט ארויסנעמען ווייל עס איז שמוציק.** שן, אן אריינגעזעצטן צאָן און א צאָן פון גאָלד (ווען ביי א פרוי פעלט א צאָן און מען זעצט איר אריין א קינסטליכן צאָן אָדער א צאָן פון גאָלד), איז רבי מתיר (ארויסצוגיין מיט אים אין שבת) און די חכמים אסרן. **רבי (דאָס איז ר׳ יהודה הנשיא, דער מסדר פון דער משנה) איז מתיר, ווייל א פרוי וועט ניט ארויסנעמען דעם צאָן פון מויל כדי ניט צו ווייזן אז איר פעלט א צאָן. אָבער די חכמים זאָגן, אז גראד פאַרקערט, די פרוי קאָן זיך אמאָל שעמען צו טראָגן דעם קינסטליכן אָדער גאָלדענעם צאָן אין מויל, כדי מען זאָל ניט לאכן פון איר, און דעריבער איז מורא צו האָבן, אז זי וועט אים יאָ ארויסנעמען.**

ו. יוצאה, זי (די פרוי) מעג ארויסגיין (אים שבת) מיט א סלע (א זילבערנע מטבע) אויף א פיס־מכה. **די גמרא טייטשט אז „צינית" מיינט „בת ארעא", און די מפרשים מיינען, אז דאָס איז א מכה אויף דעם פוס־טריט, און מען לייגט**

**בקיסמין שבאזניהם. ערביות יוצאות רעולות, ומדיות — פרופות; וכל אדם, אלא שדברו חכמים בהווה.**

**ז. פורפת על האבן, ועל האגוז, ועל המטבע, ובלבד שלא תפרוף לכתחילה בשבת.**

**ח. הקיטע יוצא בקב שלו דברי ר׳ מאיר; ור׳ יוסי אוסר. ואם יש**

---

אונטער א זילבערנע מטבע כדי זי אויסצוהיילן. הבנות, יונגע מיידלעך מעגן ארויסגיין (אים שבת) מיט פעדעם און אפילו מיט שפענדלעך אין זייערע אויערן. כדי די מיידלעך זאָלן שפעטער קאָנען אָנטאָן אוירינגלעך לעכערט מען זיי די אויער־לעפלעך ווען די מיידלעך זענען יונג און מען ציט אדורך דורך די לעכלעך פעדעם אָדער שפענדלעך, כדי די לעכלעך זאָל צוריק ניט צוּוואַקסן. ערביות, (אי־דישע פרויען אין) אראבישע (לענדער) מעגן ארויסגיין (אים שבת) פארשלייערט (די געזיכטער). אין די אראבישע לענדער גייען די פרויען (אויך ניט יידישע) ארויס אין גאס ניט מיט אפענע פנימער, נאָר זיי טראָגן א שלייער איבערן פנים, און נור די אויגן זעט מען ארויס. ומדיות, און די (יידישע פרויען) אין מדי מעגן ארויסגיין (אים שבת) איינגעהילט אין א קאָפּ־טוך, וואָס איז צוגעהאלטן. זי וויקלט איין איר קאָפּ אין א טיך, פון וועלכן עס הענגען אראָפּ פון ביידע זייטן באנדן, און אין באנד איז צוגעקניפּט צום עק א שטיין אָדער א מטבע, און דעם עק פון אנדערן באנד העקלט זי צו, בינדט־צו, צום דאָזיקן שטיין אָדער מטבע פון ערשטן באנד, כדי עס זאָל זיך שטארקער האַלטן. דאָס וואָרט „רעלות" אלס שלייערן געפינט זיך אין ישעיה ג׳ י"ט (והרעלות). „פרופות", „צוגעהעקעלט", זאָגט ר׳ בנימין מוס־פיא אין „מוסף הערוך", איז פון גריכישן וואָרט „פּארפּע", א „האקן". וכל, און יעדער מענטש (מעג ארויסגיין אים שבת געשלייערט און צוגעהעקעלט, אפילו ניט פון אראביען און פון מדי), נאָר די חכמים האָבן גוזאָגט (אין דעם פריערדיקן דין פרויען פון אראביען און פון מדי) ווי עס איז דער שטייגער. די חכמים האָבן, הייסט עס, נאָר דערמאָנט די פרויען פון די דאָזיקע לענדער אלס ביישפיל, ווייל דארט איז דער שטייגער אזוי צו גיין.

ז. פורפת, מען מעג צוהעקעלן צו א שטיין, און צו א נוס און צו א מטבע, אָבער מען זאָל ניט לכתחילה צוהעקעלן (צו א מטבע) אים שבת. אזוי טייטשט די גמרא, אז דער לעצטער דין, אז מען זאָל לכתחילה ניט צוהעקעלן אים שבת גייט ארויף אויף דער מטבע, ווייל א מטבע טאָר מען אים שבת ניט טראָגן אפילו אין הויז, ווייל עס איז מוקצה. מיט „לכתחילה" (ווי עס איז צו זען פון „תפארת ישראל") מיינט מען, אז מען טאָר די מטבע ניט צו־בינדן צום באנד אים שבת; אָבער אויב מען האָט זי געהאָט צוגעבינדן ערב שבת און מען האָט די מטבע מבטל־געווען צום שלייער מעג מען אים שבת צו העקלן צו אים דעם אנדערן באנד. אזוי זעט אויך אויס אין רמבם אין „יד החזקה" הלכות שבת פרק י"ט הלכה י"ב און אין פירוש פון „הגהות מימוניות". דאדורך ווערט די משנה גוט פארשטאַנען.

ח. הקיטע, א לאָמער (וואָס האָט נור איין פוס) מעג ארויסגיין (אים שבת) מיט דעם קינסטליכן פוס, אזוי זאָגט ר׳ מאיר, און ר׳ יוסי אסרט. „קב" הייסט אן אויס־געהוילט שטיק האָלץ, געמאכט ווי א פוס. טיילמאָל לייגט מען אין אים אריין שטיק־לעך ווייכע זאכן, וואטע, ווייכע וואָל (כתיתים), און דער לאָמער שטעלט דארט אריין די קני פון דעם אָפּגעהאַקטן פוס, עס מאַכט דעם איינדרוק ווי ער האָט א פוס. אָבער גיין קאָן ער נור, ווען ער לענט זיך אָן אויף א שטעקן. ר׳ יוסי האָלט, אז דאָס הייסט ניט שיך און מען טאָר ניט דערמיט ארויסגיין אים שבת. ואם, און אויב ער (דער קב, דער קינסטליכער האָלץ־פוס) האָט א הויל אָרט אריינצונעמען די ווייכע שטיקלעך (די „כתיתים") קאָן ער ווערן טמא. דער דין איז, אז א הילצערנע כלי, ווען זי רירט אָן א טמא זאך, למשל א טויטן שרץ, ווערט זי טמא נור ווען די כלי קאָן אין זיך עפּיס אריינעמען. אָבער למשל א גליאַט שטיק האָלץ (פשוטי כלי עץ), קאָן ניט

**לו בית קבול כתותין, טמא. סמוכות שלו טמאין מדרס, ויוצאין בהן בשבת, ונכנסין בהן בעזרה; כסא וסמוכות שלו טמאין מדרס, ואין יוצאין בהן בשבת, ואין נכנסין בהן בעזרה. אַנקטמין — טהורים, ואין יוצאין בהן.**

**ט. הבנים יוצאין בקשרים, ובני מלכים בזוגין; וכל אדם, אלא שדברו חכמים בהווה.**

---

ווערן טמא. זאָגט די משנה, אז אויב דער הילצערנער פוס האָט א הויל אָרט, אין וועלכע מען קאָן ארייגלייגן די ווייכע שטיקלעך וואַטע צי וואָל, קאָן ער ווערן טמא. סמוכות, זיינע (דעם לאָמענס) קני־קישעלעך קאָנען ווערן טמא דורך מדרס (דעם טרעטן פון א זב). מיט „סמוכות", „אָנלענונגען", מיינט מען ווען ביי א מענטש פעלן ביידע פיס, מאַכט מען אים צוויי קני־קישעלעך פון לעדער, א קישעלע צו יעדער קני, און אויף זיי ריקט ער זיך. זאָגט די משנה, אז אזוי ווי דער דין איז, אז ווען איינער איז א זב, ער רינט פון אים אן אומרייניע פליסיקייט און ער טרעט ארויף אויף א זאך וואָס איז באשטימט צו לייגן זיך דערויף, ווערט די זאך טמא אלס „מדרס" (פון „דורס", ארויפטרעטן), דעריבער אויב א זב האָט ארויפגעטרעטן אויף די דאָזיקע קישעלעך ווערן זיי טמא אַלס מדרס (וועגן „מדרס" און „זב" זע אין הקדמה צו מסכתא זבים). ויוצאין, און מען (דער לאָמער) מעג ארויסגיין דערמיט אים שבת. ווייל דאָס איז ניט א משא וואָס ער טראָגט, נאָר זיין תכשיט. ונכנסין, און מען מעג ארייגגיין דערמיט אין בית המקדש־הויף (עזרה). אין בית המקדש־הויף האָט מען ניט געטאָרט ארייגגיין אין שיך (זע מסכתא ברכות פרק ט' משנה ה'). זאָגט די משנה, אז די דאָזיקע קני־קישעלעך הייסן ניט קיין שיך. כסא, די שטול (דאָס וועגעלע) ,און זיינע שפיצן־קני־קישעלעך קאָנען ווערן טמא דורך מדרס און מען טאָר ניט ארויסגיין מיט זיי אים שבת און מען טאָר ניט ארייגגיין מיט זיי אין בית־המקדש־הויף. „כסא", שטול, מיינט מען דאָס וועגעלע אין וועלכן א לאָמער, וועמען עס פעלן ביידע פיס זיצט, און אָנשפּארענדיקט זיך מיט די הענט אין דרויסן פון דער שטול אויף דער ערד, ריקט ער זיך (אזוי טייטשט דער „תפארת ישראל"). „סמוכות" דאָ אין דער משנה, טייטשן די מפרשים שפיצן־קני־קישעלעך, וועלכע הענגען אביסל אראָפּ, און זיי זענען געמאַכט צו די שפיצן פון די קניען. סיי די שטול און סיי די שפיצן־קישעלעך קאָנען ווערן טמא אלס מדרס, ווייל זיי זענען דאָך געמאַכט געוואָרן, אז דער לאָמער זאָל דריקן אויף זיי. מען טאָר ניט ארויסגיין מיט זיי אים שבת, ווייל זיי זענען ניט פעסט צוגעבינדן צום מענטש און ס'איז מורא צו האָבן, אז מ'וועט זיי טראָגן אין גאס. מען טאָר ניט ארייגגיין מיט זיי אין בית־המקדש־הויף ווייל זיי ווערן באטראַכט ווי שיך. דער „תוספות יום טוב" ברענגט דעם טייטש, אז די ווערטער „מען טאָר ניט ארויסגיין מיט זיי אים שבת און מען טאָר ניט ארייגגיין מיט זיי אין בית־המקדש־הויף" גייען ארויף נור אויף די שפיצן־קני־קישעלעך, אָבער מיט דער שטול מעג מען יאָ. אנקטמין, א שפּאס־אייזל קאָן ניט ווערן טמא, און מען טאָר ניט ארויסגיין דערמיט (אים שבת). דאָס איז איין טייטש פון וואָרט „אנקטמין", און איין גירסא איז „לוקטמין". מען מיינט דערמיט אן אייזל פון האָלץ, וואָס ליצנים, אקטיאָרן־קאָמיקער, מאַכן דערמיט קונצן. דאָס איז ניט קיין כלי און קאָן ניט ווערן טמא, און מען טאָר ניט דערמיט ארויסגיין אים שבת. דאָס וואָרט „אנקטמין" איז די גריכישע ווערטער „אנאס קאט אמאָן". פאַראַן אויך א טייטש, אז דאָס מיינט מען א מאַסקע.

ט. הבנים, די זין מעגן ארויסגיין (אים שבת) מיט קניפּלעך (קשרים). די גמרא טייטשט, אז דאָס מיינט מען ווען א ייִנגל האָט בענקשאַפט צום פאָטער איז פאַראַן א סגולה פאַר דעם פאָטער צו נעמען א שטיקל רימען פון א רעכטן שיך און אָנצוקניפּן דעם זון ביי זיין לינקן שיך (לויט איין גירסא ביי דער לינקער האַנט) און דאָס ווירקט, אז די בענקשאַפט זאָל פאַרשווינדן. רשי טייטשט אין די גמרא, אז נור

**י. יוצאין בביצת החרגול, ובשן שועל, ובמסמר מן הצלוב משום רפואה, דברי ר׳ מאיר; וחכמים אומרים אף בחול אסור משום דרכי האמורי.**

## פרק ז.

**א. כלל גדול אמרו בשבת; כל השוכח עיקר שבת ועשה מלאכות הרבה בשבתות הרבה, אינו חייב אלא חטאת אחת. היודע עיקר שבת**

---

ביי יונגע זין איז עס אזוי ווייל טעכטער האָבן ניט אזא בענקשאַפט צום פאָטער ווי די זין. ובני, און זין פון מלכים מעגן ארויסגיין (אים שבת) מיט גלעקעלעך; און אויך יעדער מענטש (מעג), נאָר די חכמים האָבן געזאָגט (קינדער פון מלכים) ווי עס איז דער שטייגער. דער שטייגער איז, אז קינדער פון מלכים פלעגן טראָגן גלעקעלעך; אָבער אויך יעדער מענטש מעג דערמיט ארויסגיין אים שבת. די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז נור ווען די גלעקעלעך זענען אריינגעוועבט אין די מלבושים און זיי קלינגען ניט.

י. יוצאין, מען מעג ארויסגיין (אים שבת) מיט אן איי פון א היישעריק, און מיט א צאָן פון א פוקס און מיט א טשוואָק פון א געהאָנגענעם, צוליב רפואה, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. די גמרא זאָגט, אז זיי זענען באטראכט געוואָרן אלס סגולות קייגן קראַנקייטן. דאָס אייעלע פון אַ היישעריק („חרגול״ איז דער נאָמען פון אַ געוויסן סאָרט היישעריק) העגגט מען אָן ביים אויער און דאָס איז א סגולה קייגן אויער־ווייטיק. דער צאָן פון א לעבעדיקן פוקס העלפט אויפצוועקן א שלאָפנדיקן, און א צאָן פון א טויטן פוקס העלפט, אז עס זאָל אנטשלאָפן ווערן איינער וועלכען קאָן ניט שלאָפן. דער טשוואָק פון א געהאָנגענעם (אין דער משנה איז פאראן „צלוב״, דאָס מיינט מען איינגנטליך צוקלאפן מיט טשוועקעס דעם מענטש צו א באלקן, און ער הענגט דאָרט אזוי לאנג ביז ער שטאַרבט) איז א סגולה קייגן דעם אויפבלאָז פון א מכה; דער רמב״ם זאָגט, אז דאָס איז א סגולה קייגן דער „דריטער קדחת״, א סאָרט פיבער־קראַנקייט. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אויך אין מיטן דער וואָך טאָר מען ניט (באנוצן די אלע סגולות) ווייל עס איז „דרכי אמורי״ (וועגן, מנהגים, אויפפירונגען פון אמורי, געצנדינער). מיט די ווערטער „דרכי אמורי״ ווערן אָנגערופן די אלע ניט־ריכטיקע „סגולות״, וואָס שטאַמען פון די ניט־יידישע פעלקער, און די תורה האָט אָנגעזאָגט „ובחוקותיהם לא תלכו״ (ויקרא י״ח), אז מען זאָל ניט גיין אין זייערע וועגן. און ווייל די תורה האָט אָפט אָנגעוויזן אויף דעם פאָלק אמורי אין לאנד כנען אלס געצנדינער, ווערט דאָס אנגערופן דרכי אמורי. אין טייל משניות איז פאראן די גירסא ר׳ יוסי אנשטאָט ר׳ מאיר, און ר׳ מאיר אנשטאָט די חכמים.

## פרק ז.

א. כלל, א גרויסן כלל האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט וועגן שבת: ווער עס פארגעסט דעם עיקר פון שבת און טוט א סך (סאָרטן) ארבייטן אין א סך שבתים איז ער ניט מחויב מער ווי איין קרבן חטאת. כדי צו פארשטיין די דאָזיקע הלכה און אויך די ווייטערדיקע הלכות אין דער משנה וועלן מיר דאָ געבן עטליכע דערקלערונגען. ערשטנס אויב איינער טוט אן ארבייט, א מלאכה, אים שבת במזיד, — דאָס הייסט, ער ווייסט אז עס איז היינט שבת און אז מען טאָר ניט טאָן א מלאכה אים שבת און אז די מלאכה וואָס ער טוט, טאָר ער ניט טאָן, — קומט אים טויט־שטראָף, מיתה. אויב ער טוט עס בשוגג, — דאָס הייסט, ער האָט פארגעסן אָדער ניט געוואוסט בכלל, אז עס איז פאראן אזא מצוה פון דער תורה אָפצוהיטן שבת, אָדער אז עס איז היינט שבת, אָדער אז די דאָזיקע מלאכה, וואָס ער טוט, טאָר מען ניט טאָן אים שבת, — דאַרף ער ברענגען אין בית המקדש א קרבן חטאת. צווייטנס, עס זענען פאראן הויפּט־מלאכות, וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שבת, למשל פארזייען קערנדלעך אין דער ערד, „זורע״ (פארזייען). דאָס הייסט אב־מלאכה, די פאָטער־מלאכה, די הויפט מלאכה. עס זענען אויך פאראן מלאכות, וואָס מען טאָר ניט טאָן,

**ועשה מלאכות הרבה בשבתות הרבה, חייב על כל שבת ושבת. היודע שהוא שבת ועשה מלאכות הרבה בשבתות הרבה, חייב על כל אב מלאכה ומלאכה. העושה מלאכות הרבה מעין מלאכה אחת, אינו חייב אלא חטאת אחת.**

---

און זיי זענען אָפּשטאַמונג־מלאכות, „תולדה". למשל באגיסן גראָזן מיט וואסער, כדי די גראָזן זאָלן בעסער וואקסן, הייסט אויך „זורע", פארזייען, מחמת דאָס העלפט צום וואקסן, אָבער דאָס איז ניט דער עיקר „זורע", נור אן אפשטאמונג דערפון, אַ תולדה. יעדע אב־מלאכה האָט אירע אפשטאַמונגס־מלאכות, אירע „תולדות". למשל, שניידן תבואה מיט א שנייד־מעסער איז אן אב מלאכה „קוצר", אָבער אפרייסן תבואה מיט דער האַנט איז נור א „תולדה" פון „קוצר". — זאָגט דאָ די משנה, אז אויב איינער האָט בכלל פארגעסן, אז עס איז פאראן אזא מִצוה אָפּצוהיטן שבת און ער האָט געטאָן א סך מלאכות, א סך ארבייטן, למשל ער האָט געזייט און געשניטן תבואה אין א סך שבתים, און דערנאָך איז ער געוואָר געוואָרן וועגן זיינע דאָזיקע עבירות, דארף ער ברענגען ניט מער ווי איין קרבן חטאת. דער טעם איז, ווייל דער יסוד, פארוואָס ער האָט געטאָן די עבירות איז דאָך געוועזן איינער, דהיינו, ער האָט פארגעסן בכלל אז עס איז פאראן א מצוה אָפּצוהיטן שבת, הייסט עס נור „איין פארגעסן", „איין ניט־וויסן", און ער ברענגט דעריבער נור איין קרבן. היודע עיקר, אויב איינער ווייסט דעם עיקר פון שבת (אז עס איז פאראן א מצוה אָפּצוהיטן שבת, נאָר ער האָט פארגעסן, אז עס איז היינט שבת) און ער האָט געטאָן א סך (סאָרטן) אר־בייטן אין א סך שבתים (פארגעסנדיק יעדן שבת, אז עס איז היינט שבת) דארף ער ברענגען (א קרבן חטאת) פאר יעדן שבת. וויפיל שבתים ער האָט געארבייט, אזוי פיל קרבנות דארף ער ברענגען. ווייל דאָ איז דאָך דער יסוד פון זיינע עבירות געוועזן, וואָס יעדן שבת האָט ער ניט־געוואוסט, אז עס איז היינט שבת, דעריבער איז יעדער שבת א באזונדערער יסוד, א באזונדערער ניט־וויסן, און מען דארף פאר יעדן „ניט־וויסן" ברענגען א באזונדערן קרבן. די גמרא זאָגט, אז אפילו ער איז צווישן איין שבת און דעם אנדערן שבת ניט געוואָר געוואָרן אז עס איז געוועזן שבת, ווערט אויך יע־דער שבת פארערעכנט באזונדער, ווייל די „ימים שבינתיים", די וואָכנטעג צווישן די שבתים טיילן אָפּ איין שבת פון אנדערן שבת, און זיי הייסן באזונדערע שבתים. די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק אין שמות ל"א „את שבתותי תשמורו" (איר זאָלט אָפּהיטן מיינע שבתים") אין לשון רבים, א סך שבתים, און „ושמרו בני ישראל את השבת" (און קינדער פון ישראל זאָלן אָפּהיטן דעם שבת) אין לשון יחיד, און דערפון איז געדרונגען, אז טיילמאָל איז מען מחויב צו ברענגען איין קרבן פאר אלע שבתים און טיילמאָל איין קרבן פאר יעדן שבת באזונדער. היודע שהוא, אויב איי־נער ווייסט, אז עס איז שבת און ער האָט געטאָן א סך, (סאָרטן) ארבייטן אין א סך שבתים (פארגעסנדיק, אז די דאָזיקע ארבייטן טאָר מען ניט טאָן אים שבת) דארף ער ברענגען א קרבן חטאת פאר יעדער ארבייט באזונדער. למשל ער האָט געזייט און געשניטן תבואה, דארף ער ברענגען א באזונדערן קרבן פאר דעם זייען (זורע) און א באזונדערן פאר שניידן (קוצר). דער טעם איז, ווייל דאָ איז דאָך דער יסוד פון זיין טאָן די עבירות געוועזן דאָס פארגעסן וועגן יעדער סאָרט מלאכה, אז מען טאָר זי ניט טאָן אים שבת; ממילא איז דאָך יעדע סאָרט מלאכה א באזונדער פארגעסן. העושה, אז איינער טוט א סך ארבייטן פון איין סאָרט מלאכה דארף ער ברענגען נור איין קרבן חטאת. למשל, ער האָט געזייט און האָט באגאָסן גראָזן מיט וואסער, און מיר האָבן פריער דערקלערט, אז דאָס זייען איז די הויפּט־מלאכה, די אב מלאכה „זורע", און דאָס באגיסן וואסער איז די אפשטאמונג־מלאכה „תולדה" פון „זורע", דארף ער דעריבער ברענגען נור איין קרבן. אויב אָבער ער טוט צוויי אבות־מלאכות (ער זייעט און שניידט) אָדער צוויי אָפּשטאַמונגס־מלאכות, צוויי תולדות, וואָס יעדע פון זיי שטאמט פון אן אנדערן אב־מלאכה, ווי למשל באגיסן גראָז מיט וואסער וואָס

**ב. אבות מלאכות ארבעים חסר אחת: הזורע, והחורש, והקוצר, והמעמר, הדש, והזורה, הבורר, הטוחן, והמרקד, והלש, והאופה, הגוזז את הצמר, המלבנו, והמנפצו, והצובעו, והטווה, והמיסך, והעושה**

---

שטאַמט פון „זורע", און אָפּרייסן תבואה מיט דער האַנט וואָס שטאַמט פון „קוצר", שניידן, דאַרף ער ברענגען צוויי קרבנות; דאָס איז אויב ער האָט פאַרגעסן, אַז מען טאָרניט טאָן די דאָזיקע מלאכות.

ב. אבות, הויפּט־מלאכות (אבות־מלאכות, פּאַטערס פון מלאכות, וועלכע מען טאָרניט טאָן אים שבת) זענען פירציק ווינציקער איינע. מיר האָבן שוין אין דער פריערדיקער משנה דערקלערט, וואָס מען מיינט אַן אב מלאכה. די משנה זאָגט איצט, אַז אַזעלכע אבות־מלאכות זענען פאַראַן 39. די גמרא זאָגט, אַז אַן אב מלאכה הייסט אַזאַ אַרבייט, וואָ ס'איז נויטיק געווען אין משכן אין דער מדבר. די משנה רעכנט איצט אויס די אַלע 39 מלאכות: הזורע, אַז איינער זייט, והחורש, און אַז איינער אַקערט. די גמרא פרעגט, פאַרוואָס רעכנט די משנה צוערשט זייען און דערנאָך אַקערן, און מיר ווייסן דאָך, אַז מען אַקערט צוערשט און דערנאָך זייט מען? און די גמרא ענטפערט, אַז דער תנא פון דער משנה איז געווען אין ארץ־ישראל און ווייל די ערד איז דאָרט זייער האַרט ווייל אַ גאַנצן זומער גייט ניט קיין רעגן, דעריבער ווען מען פאַרזייט איז דער שטייגער צו פאַראַקערן או־ נאָכן פאַרזייען. די משנה וויל דערמיט לערנען, אַז אויך דאָס אַקערן נאָכן זייען הייסט אויך אַ אב מלאכה. והקוצר, און אַז איינער שניידט־אָפּ (פון דער ערד תבואה, צי פרוכטן, צי ירקות), והמעמר און אַז איינער זאַמלט־צונויף (אָפּגעשניטענע ערד־פּראָדוקטן אויפן אָרט וואו זיי זענען געוואַקסן), הדש, אַז איינער דרעשט (קלאַפּט־אַרויס די תבואה־קערנדלעך פון די זאַנגען), און אַז איינער ווינד־שויפלט (נאָכן דרעשן וואַרפט מען די אויסגעמישטע שטרוי און תבואה אויפן ווינט, וועלכער בלאָזט אַוועק די שטרוי־פּלעווע און די קערנדלעך בלייבן. ביז איצט האָט די משנה גערעכנט די אַרבייטן, וואָס ווערן געטאָן כדי צו באַקומען תבואה. איצט אַז די תבואה־קערנדלעך זענען שוין פאַראַן, רעכנט די משנה די אַרבייטן, וואָס מען טוט כדי פון די תבואה־קערנדלעך צו מאַכן ברויט. הבורר, אַז איינער קלויבט אויס (די תבואה־קערנדלעך, די גוטע באַזונדער און די שלעכטע באַזונדער), הטוחן, אַז איינער מאָלט (די תבואה קערנדלעך און מאַכט פון זיי מעל), והמרקד, און אַז איינער זיפּט־אַדורך (דאָס מעל דורך אַ זיפּ, כדי אַרויסצובאַקומען דאָס גוטע מעל), והלש און אַז איינער קנעט (דאָס מעל, מאַכט דערפון טייג), והאופה, און אַז איינער באַקט (פון דעם מעל געבעקסן). די אַלע אַרבייטן זענען געווען אין משכן ביים צוגרייטן די פאַרבן־מאַטעריאַלן צום פאַרבן די יריעות פון משכן. מען האָט די פאַרבן־גראָזן געדאַרפט פאַרזייען און פאַראַקערן און דערנאָך אָפּשניידן און זאַמלען און דרעשן און ווינדשויפלן און אויסקלייבן און מאָלן און זיפּן און קנעטן (אין וואַסער) און קאָכן (וואָס איז דאָס זעלבע וואָס באַקן). איצט גייט די משנה אויסרעכענען די אַרבייטן, וואָס מען האָט געדאַרפט טאָן כדי צו באַקומען פאַרן משכן די יריעות, די פאָרהאַנגן, פון וואָל. הגוזז את הצמר, אַז איינער שערט אָפּ וואָל (פון אַ שעפּסל, און דאָס זעלבע אויך אָפּשערן האָר פון אַ בעל חי), המלבנו, אַז איינער מאַכט אים ווייס (דעם וואָל, וואַשט אים, אַז ער זאָל ווערן קלאָר), והמנפצו, און אַז איינער קלאַפּט אים אויס (קעמט אויס דעם וואָל און נעמט אַרויס די פסולת), והצובעו, און אַז איינער פאַרבט אים (דעם וואָל), והטווה, און אַז איינער שפּינט (מאַכט פון וואָל פעדים), והמיסך, און אַז איינער וועבט די צעטל־פעדים, כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע מלאכה, און אויך עטליכע ווייטער־דיקע מלאכות אין דער משנה, דאַרף מען וויסן, אַז ווען מען וועבט אויס אַ שטיקל סחורה פון וואָל־פעדים, דאַרף מען אויף דער וועב־שטול צוערשט פאַרציען אין דער לענג דינע וואָל־פעדעם. די דאָזיקע לענג־פעדעם הייסן אין לשון־קודש „שתי", אין דייטש „צעטל", אין ענגליש „וואַרפּ", און זיי ווערן אַדורכגעצויגן אין מיטן דער

**שתי בתי נירין, והאורג שני חוטין, והפוצע שני חוטין, הקושר, והמתיר, והתופר שתי תפירות, הקורע על מנת לתפור שתי תפירות, הצד צבי, השוחטו, והמפשיטו, המולחו, והמעבד את עורו, והמוחקו, והמחתכו, הכותב שתי אותיות, והמוחק על מנת לכתוב שתי אותיות, הבונה, והסותר, המכבה, והמבעיר, המכה בפטיש, המוציא מרשות לרשות. הרי אלו אבות מלאכות ארבעים חסר אחת.**

---

וועב־שטול דורך רינגעלעך, וועלכע הייסן אין דער משנה „בתי נירין". צווישן די דאָזיקע שתי־פעדעם ווערן אריינגעוועבט אין דער ברייט ברייט־פעדים, וועלכע זענען דאָפּלט אזוי דיק ווי די שתי־פעדים. די דאָזיקע ברייט־פעדים הייסן אין לשון קודש „ערב", אין דייטש „איינטראג", אין ענגליש „וואוף". זאָגט די משנה, אז „המיסך", דאָס פארציען די שתי־פעדים איז א מלאכה. והעושה שתי בתי נירין, אז איינער מאַכט צוויי פעדעם־רינגעלעך. די מפרשים טייטשן (לויט דער גמרא שבת ק"ה „תרתי בבתי נירא וחדא בנירא") אז דאָס מיינט מען אריינציען צוויי צעטל־פעדים אין די רינגעלעך. והאורג שני חוטין, און אז איינער וועבט צוויי פעדים. דאָס מיינט מען, וועבן צוויי ברייט־פעדים (ערב) אריין צווישן די צעטל־פעדים, ווי מיר האָבן פריער דערקלערט. והפוצע שני חוטין, און אז איינער נעמט ארויס פון געוועב צוויי פעדעם. דער ברטנו"א גיט צו, אז סיי ער נעמט ארויס צעטל־פעדעם סיי ברייט־פעדעם, און אז דאָס נעמט ער ארויס כדי זיי אריינצוּוועבן. הקושר, אז איינער מאַכט א קניפּ, והמתיר, און אז איינער בינדט־אויף א קניפּ. די וואָס האָבן געדאַרפן פאנגן דעם חלזון, דאָס ווערמל צו מאכן דערפון תכלת־פארב פאר די יריעות אין משכן, האָבען געמוזט פארבינדן די שטריק פון דער נעץ און אויפבינדן. והתופר שתי תפירות, און אז איינער נייט צוויי נעיט. ער גייט מיט דעם נאָדל־פאָדעם אהין און צוריק. והקורע על מנת לתפור שתי תפירות, אז איינער צערייסט, כדי ער זאָל צו נייען צוויי נעיט. סתם צערייסן א זאך, קאליע מאכן, הייסט ניט קיין מלאכה, ווייל דאָס הייסט א מקלקל. א מלאכה הייסט נור ווען מען צערייסט כדי צו פארנייען. ביז איצט האָט די משנה גערעכנט די מלאכות, וואָס מען האָט געטאָן ביי די וואָלענע יריעות, די פאַר־האַנגן, פון משכן. איצט גייט די משנה אויסרעכענען די מלאכות וואָס זענען געטאָן געוואָרן כדי צו קריגן די פעל („עורות תחשים", פעל פון דער חיה „תחש") אין משכן, און זי זאָגט: הצד צבי, אז איינער פאַנגט א הירש (מען מיינט אויך יעדן בעל־חי), הש‎[illegible]טו, אז איינער שעכט אים, והמפשיטו, און אז איינער ציט אראָפּ פון אים (די פעל), המולחו, והמעבד, אז איינער זאלצט אים איין און אז איינער באארבייט זיין פעל, והמוחקו, און אז איינער קראַצט אָפּ פון איר (פון דער פעל) די האָר, והמחתכו, און אז איינער צושניידט איר (די פעל). די גמרא זאָגט, אז באזאלצן און באארבייטן איז איין מלאכה, און אז מען דארף צוגעבן אלס מלאכה אויך „צייכנען", „שרטוט", וואָס גייט ניט אריין אין כלל פון שרייבן. הכותב שתי אותיות, אז איינער שרייבט צוויי אותיות, והמוחק על מנת לכתוב שתי אותיות, און אז איינער מעקט אָפּ (געשריבענע ווערטער) כדי אָנצושרייבן צוויי אותיות. די גמרא זאָגט אז אויך די דאָזיקע ארבייטן זענען געווען אין משכן ביים אויפשרייבן אויף די ברעטער סימנים צו־וויסן, וואָסער ברעט פאסט זיך צו צום אנדערן ברעט, און ביים מאכן א טעות האָט מען אויסגע־מעקט דאָס אויפגעשריבענע. הבונה, אז איינער בויט, והסותר, און אז איינער צעשטערט (דאָס אויפגעבויטע), המכבה, אז איינער לעשט אויס (פייער), והמבעיר, און אז איינער צינדט־אָן (פייער), המכה בפטיש, אז איינער גיט א קלאַפּ מיטן האמער. צום סוף פון דער ארבייט גיט דער בעל מלאכה א קלאַפּ מיט'ן האמער אויף דער זאך און דאָס פארענדיקט די ארבייט. המוציא מרשות לרשות, אז איינער טראָגט ארויס פון איין רשות אין אן אנדערן רשות. וועגן דעם האָבן מיר געשריבן אין אָנהויב פון פרק א', אז דאָס מיינט, ארויסטראָגן א זאך פון „רשות היחיד", פון א הויז, אין א „רשות הרבים", אין גאַס, אָדער פארקערט, טראָגן פון „רשות הרבים"

**ג. ועוד כלל אחר אמרו: כל הכשר להצניע ומצניעין כמוהו, והוציאו בשבת, חייב עליו הטאת; וכל שאינו כשר להצניע ואין מצניעין כמוהו, והוציאו בשבת, אינו חייב אלא המצניעו.**

**ד. המוציא תבן כמלא פי פרה, עצה כמלא פי גמל, עמיר כמלא**

אין „רשות היחיד". הרי, דאָס זענען אבות מלאכות פירציק ווינציקער איינע. **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז צו לערנען, אז מער קיין אבות מלאכות איז ניט פאראן, כאָטש** עס זענען פאראן טייל תנאים (ווי ר' יהודה), **וועלכע האלטן אז עס זענען יאָ פאראן נאָך אנדערע ארבייטן, וואָס ווערן פארעכנט פאר אבות מלאכות.**

ג. וועוד, און נאָך איין כלל האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט; אלץ וואָס איז ווערט צו באהאלטן (אוועקצולייגן צום נוצן), און (עס האָט אזוי פיל, אזא שיעור, אז מענטשן) באהאלטן אזוי ווי דאָס איז, און מען האָט עס ארויסגעטראָגן אים שבת (בשוגג, ניט וויסנדיק אז מען טוט א עבירה) איז מען מחויב (צו ברענגען) דערויף א קרבן חטאת.
**די משנה דאָ און אויך די ווייטערדיקע משנות לערנען די דינים וועגן דער מלאכה „הוצאה", דאָס ארויסטראָגן אים שבת. זאָגט די משנה ערשטנס, אז מען איז מחויב צו ברענגען א קרבן פאר טאָן אים שבת די ארבייט פון הוצאה, פון ארויסטראָגן א זאך פון שטוב אין גאס, נאָר ווען די זאך איז א חשובע זאך, דהיינו, עס איז דער שטייגער אז מענטשן באהאלטן זי צום באנוצן. למשל אויב מען טראָגט ארויס א שטיקל האָלץ פון א בוים פון א עבודה זרה (אשירה) איז מען פטור פון ברענגען א קרבן, ווייל דאָס טאָר מען ניט נוצן. צווייטנס, די זאך וואָס מען טראָגט ארויס מוז זיין אזוי גרויס, אז מענטשן האלטן עס פאר גענוג חשוב צום נוצן. למשל, אז איינער טראָגט ארויס א גאָר קליין פיצל ברויט, האָט ער ניט געטאָן דערמיט די ארבייט פון „הוצאה", ווייל דאָס שטיקל ברויט מוז האָבן א געוויסן שיעור, כדי עס זאָל זיין חשוב פאר מענטשן. די משנה וועט שפּעטער לערנען וויפיל עס דאַרף זיין דער שיעור ביי פארשידענע זאכן.** וכל שאינו, און אלץ וואָס איז ניט ווערט צו באהאלטן, אָדער עס האָט ניט (דעם שיעור) אז מענטשן זאָלן אַ שטייגער ווי דאָס באהאלטן, און מען האָט עס ארויסגעטראָגן אים שבת איז נור חייב דער וואָס האָט עס באַהאַלטן.
**אויב איינער האָט די זאך יאָ באהאלטן, כאָטש זי איז ניט ווערט אָדער האָט ניט דעם שיעור, איז דער דין, אז פאר אלע אנדערע מענטשן איז די זאך ניט חשוב, און אויב זיי האָבן זי ארויסגעטראָגן אים שבת זענען זיי פטור פון ברענגען א קרבן; אָבער אויב דער מענטש, וואָס האָט די ניט חשובע און קליינע זאך באַהאַלטן, האָט ארויסגעטראָגן די זאך, איז ער יאָ מחויב צו ברענגען א קרבן, ווייל ער האָט דורך זיין באהאלטן עס געמאכט פאר זיך א חשובע זאך. איצט וועט די משנה לערנען וועגן פארשידענע זאכן, וויפיל איז ביי יעדער פון זיי דער שיעור, אז מען זאָל מחויב ווערן צו ברענגען א קרבן אויב מען האָט זי ארויסגעטראָגן שבת.**

ד. המוציא, אז איינער פירט ארויס שטרוי (איז דער שיעור) ווי א פול מויל פון אַ קו. **שטרוי איז גוט צו עסן פאר א קו, און דאריבער איז דער שיעור דערפון וויפיל א קו קאָן מיט איינמאָל אננעמען א פול מויל.** עצה, שטענגלעך (פון קטניות, פון ארבעס, בעבלעך) ווי א פול מויל פון א קעמל. **מיט „עצה" מיינט מען דאָ ניט „האָלץ", נאָר די שטענגלעך, די שטרוי אין וועלכע עס וואקסן קטניות, ווי ארבעס, בעבלעך. פאר א קו איז דאָס שווער צו עסן, מחמת דאָס איז צו־הארט. אָבער א קעמל עסט דאָס יאָ, און דעריבער איז דער שיעור א גרעסערער, דהיינו, ווי א פול מויל פון א קעמל.** עמיר, זאנגען־שטרוי ווי א פול מויל פון א שעפּסל. **אזוי טייטשט רשי דאָס וואָרט „עמיר", דאָס שטרוי פון די זאנגען, דאָס הייסט ניט די שטיקער הארטע שטרוי, נאָר די ווייכע, וועלכע ווערן אָפּגעשניטן מיט דער תבואה. אנדערע ווייזן אָן אויפן יסוד פון ספרי ויקרא י"ט (תלתן בעמיר) אז מען מיינט דערמיט די היי פון „תלתן" (פענום גרעקום, גריכישע היי), ווייל דאָס איז גוט אויך פאר א שעפסל, און דעריבער איז דער שיעור א קלענערער, דהיינו, ווי דאָס פול מויל פון**

**פי טלה, עשבים כמלא פי גדי, עלי שום ועלי בצלים לחים כגרוגרת, יבשים כמלא פי גדי; ואין מצטרפין זה עם זה, מפני שלא שוו בשיעוריהן, המוציא אוכלים כגרוגרת, חייב, ומצטרפים זה עם זה, מפני ששוו בשיעוריהן. חוץ מקליפיהן, וגרעיניהן, ועוקציהן, וסובן ומורסנן; ר׳ יהודה אומר, חוץ מקליפי עדשים שמתבשלות עמהן.**

## פרק ח.

**א. המוציא יין, כדי מזיגת הכוס; חלב, כדי גמיעה; דבש, כדי ליתן**

---

א שעפּסל. עשבים, גראָזן ווי א פול מויל פון א ציגעלע. גראָזן זענען נאָך ווייכער און זענען גוט פאר א ציגעלע און דער שיעור איז דעריבער קלענער, ווי א פול מויל פון א ציגעלע. עלי, בלעטער פון קנאָבל און בלעטער פון ציבעלעס, (אויב) זיי זענען פייכטע (איז זייער שיעור) ווי א דארע פייג (גרוגרת) און (אויב) טרוקענע (איז זייער שיעור) ווי א פול מויל פון א ציגעלע. ווייל ווען די בלעטער זענען פייכט, קאָן זיי א מענטש עסן, און ווי מיר וועלן ווייטער לערנען איז דער שיעור פון מאכלים וואָס מענטשן עסן, די גרויס פון א דארע פייג; אָבער א ציגעלע עסט ניט קיין פייכטע בלעטער. ואין מצטרפין, און זיי ווערן ניט צוזאמענגערעכנט איינער מיט דעם אנדערן, ווייל זיי זענען ניט גלייך אין זייערע שיעורים. אויב למשל מען נעמט שטרוי א העלפט פון א פול קו־מויל און קטניות־זאנגן א העלפט פון א פול קעמל־מויל, זענען זיי זיך ניט מצטרף, ווערן ניט פאררעכנט צוזאמען, מחמת דער שיעור פון שטרוי איז א פול קו־מויל און דער שיעור פון די קטניות־זאנגן איז א פול קעמל־מויל. המוציא אוכלים, אז איינער טראָגט־ארויס (אים שבת) עסנווארג (זאכן וואָס מענטשן עסן), די גרויס ווי א דארע פייג (גרוגרת) איז ער חייב (צו ברענגען א קרבן), און זיי (פארשידענע עסנווארג) ווערן צוזאמענגערעכנט איינער מיטן אנדערן, ווייל זיי זענען גלייך אין זייער שיעור. למשל, אויב מען טראָגט ארויס ברויט די גרויס פון א האַלבער דארער פייג און טייטלען די גרויס פון א האלבער דארער פייג, ווערן זיי פאררעכנט צוזאמען, און מען איז מחויב צו ברענגען אקרבן, ווייל סיי ברויט און סיי טייטלען איז זייער שיעור די גרויס פון א דארער פייג. חוץ, אויסער (מען רעכנט ניט אריין אין שיעור פון דער גרויס פון דער דארער פייג ביי עסנווארג) זייער שאָלעכץ, זייערע קערנדלעך, זייערע ריטלעך־שפּיצן (ביי פּרוכטן הענגן־נאָך ריטלעך־שפּיצן), זייערע דינע קלייען און זייערע גראָבע קלייען. ביי פרוכטן ווערן ניט אריינגערעכנט די שאָלעכץ, די קערנדלעך און די ריטלעך־שפּיצן; און ביי תבואה (ווייץ וכדומה) ווערן ניט אריינגערעכנט די קלייען; נאָר עס מוז זיין דורכאויס ריינע עסנווארג די גרויס פון א דארע פייג. ר׳ יהודה זאָגט, אז אן אויסנאם זענען די שאָלעכץ פון לינזן ווייל זיי ווערן געקאָכט צוזאמען מיט זיי (מיט די לינזן). די לינזן־שאָלעכץ ווערן יאָ אריינגערעכנט אין דעם שיעור פון דער גרויס פון א דארער פייג.

## פרק ח.

א. המוציא, אז איינער טראָגט ארויס (אים שבת) וויין, איז (דער שיעור, וויפיל מען דאַרף) כדי צו־צו־מישן צום בעכער (כוס). די משנה לערנט דאָ וועגן פארשידענע פליסיקייטן, משקאות, וויפיל איז זייער שיעור, אז מען זאָל דארפן ברענגען א קרבן אויב מען טראָגט זיי ארויס אים שבת בשוגג. זאָגט דאָ די משנה, אז וויין איז דער שיעור וויפיל מען דאַרף צו־מישן צו וואסער כדי מען זאָל באַקומען א פולן בעכער וויין, „מזג״ מיינט צוזאמען מישן וויין מיט וואסער, ווייל אמאָל פלעגט מען טרינקען ניט ריינעם וויין, נאָר געמישט מיט וואסער, און די גמרא זאָגט, אז מען מיינט איין פירטל וויין אויף דריי פירטל וואסער. די גמרא זאָגט אויך, אז מיט „כוס״, „בעכער״, מיינט מען דעם כוס וויין וואָס מען דאַרף האָבן צום בענטשן נאכן עסן (כוס של ברכה), אָדער צום קידוש און הבדלה, און אזא בעכער האַלט א פירטל פון א קוואַרט ,לוג), ממילא דאַרף מען האָבן וויין א פערטל פון א פערטל, דאָס הייסט א 16־טל. חלב, מילך (איז דער שיעור) ווי א שלינג. דאָס הייסט וויפיל א מענטש קאָן אריינעמען אין

על הכתית; שמן, כדי לסוך אבר קטן; מים, כדי לשוף בהם את הקילור, ושאר כל המשקין, ברביעית; וכל השופכין, ברביעית. רבי שמעון אומר כולן ברביעית, ולא אמרו כל השיעורין הללו אלא למצניעיהן:

ב. המוציא חבל, כדי לעשות אזן לקופה; גמי, כדי לעשות תלאי לנפה ולכברה. רבי יהודה אומר, כדי ליטול ממנו מדת מנעל לקטן. נייר,

---

מויל און אראָפּשלינגען מיט איין מאָל. דבש, האָניק (וויפיל מען דאַרף) כדי ארויפצוּלייגן אויף א מכה „כתית" מיינט א מכה, וואָס ווערט אויפן רוקן פון פערד און אייזלען צוליב דער משא וואָס מען לייגט אויף זיי און האָניק איז א רפואה דערצו. שמן, אייל, (וויפיל מען דאַרף) כדי צו שמירן א קליינעם אבר. די גמרא טייטשט אבר קטן, „דאָס קלענסטע אבר ביים קלענסטן קינד, וואָס איז אלט נור איין טאָג". און דאָס מיינט מען, לויט טייל מפרשים, דער קלענסטער פינגער ביים פיסל פון אזא קליין קינד. מים, וואסער, (וויפיל מען דאַרף) כדי אָנצורייבן (פייכט צו מאכן) אן אויגן־פלאסטער. „קילור" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאָלירא", א זאלב צו אויגן, אן אויגן־פלאסטער. ושאר, און אלע אנדער משקאות (פליסיקייטן, וועלכע מען באַנוצט ניט פאר רפואה) איז א פערטל (קוואָרט). מיט „רביעית" מיינט מען א פערטל פון א „לוג", פון א קוואָרט, און עס ווערט געשאצט אז דאָס פארנעמט אזוי פיל ווי אנדערהאַלבן אייער. וכל, און אַלע (פליסיקייטן) וואָס מען גיסט ארויס (ניט ריינע וואסער, וואָס מען נוצט צום קנעטן דערמיט ליים) איז (זייער שיעור) א פערטל. אויך דאָ מיינט מען א פערטל פון א קוואָרט (לוג). ר' שמעון זאָגט, אז אלע (משקאות) איז זייער שיעור א פערטל (קוואָרט), און מען האָט געזאָגט די אלע שיעורים (ווין וויפיל צו מישן צו א כוס, מילך וויפיל א שלינג, און אזוי כסדר) נאָר פאר די מענטשן וואָס באהאלטן זיי. לויט ר' שמעון דאַרף מען ביי יעדער משקה האָבן מינדעסטנס א פערטל קוואָרט כדי מען זאָל מחויב ווערן צו ברענגען א קרבן חטאת אויב מען טראָגט זיי ארויס אים שבת; און די שיעורים, וועלכע די משנה האָט פריער אויסגערעכנט ביי ווין, מילך, האָניג, אייל, וואסער, וועלכע זיינען ווינציקער פון א פערטל קוואָרט, זענען נור, אויב איינער האָט זיי ספּעציעל באַהאַלטן, באשטימט, צו באנוצן פאר די דאָזיקע זאכן, ווי ווין צום כוס פון בענטשן, און אזוי ווייטער, דעמאָלס איז דער דאָזיקער מענטש מחויב אויף זיי אפילו ווען זיי האָבן דעם קלענערן שיעור. ר' שמעון איז מחולק אויף דער סתם משנה אין פאָריגן פרק ז' משנה ג', אז דער וואָס באהאלט א זאך, איז מחויב דערויף אפילו די זאך האָט גאָר קיין שיעור ניט, עס איז דאָס סאמע קלענסטע (כל שהוא), נאָר ער האַלט, אז אויך דער מענטש וואָס באַהאַלט, דאַרף האָבן א שיעור פון די משקאות.

ב. המוציא חבל, אז איינער טראָגט ארויס א שטריק (איז דער שיעור וויפיל מען דאַרף האָבן) כדי צו מאכן דערפון א אויער ביי א קויש. מיט „אוזן", „אויער", מיינט מען א הענטל, צו האַלטן דעם קויש. דאָס הענטל ווערט געמאַכט פון א שטיקל שטריקל. גמי, גראָז־ריטל (וויפיל מען דאַרף) כדי צו מאכן א הענגער צו א דינער זיפּ אָדער צו א דיקער זיפּ. „תלאי", הענגער, מען זאָל קאָנען דערמיט אויפהענגען די זיפּ. „נפה" טייטשט מען א זיפּ צו מעל און „כברה" א זיפּ צי תבואה. טייל טייטשן פארקערט, נפה א תבואה־זיפּ און כברה א מעל זיפּ. ר' יהודה זאָגט, אז (דער שיעור דערפון איז), כדי צו נעמען דערמיט א מאָס פאר א שיך פאר א קינד. דאָס איז קלענער פון א הענגער. נייר, פּאפּיר, (וויפיל מען דאַרף) בדי אויפצושרייבן דערויף א צייכן פון צאָל־באאמטע. „מוכסין" הייסן באאמטע, וועלכע זענען באשטימט צו נעמען פון מענטשן צאָל ביי דער גרעניץ פאר אריינברענגען סחורות, אָדער וועלכע מאָנען־אויף שטייערן פון מענטשן. ווען מען באַצאָלט דעם צאָל קריגט מען פון באאמטען אויף א פּאפּיר אן אָנגעשריבענעם צייכן, אז דער

**כדי לכתוב עליו קשר מוכסין, והמוציא קשר מוכסין חייב. נייר מחוק, כדי לכרוך על פי צלוחית קטנה של פלייטון:**

**ג. עור, כדי לעשות קמיע. דוכסוסטוס, כדי לכתוב עליו מזוזה. קלף, כדי לכתוב עליו פרשה קטנה שבתפילין שהיא שמע ישראל. דיו, כדי לכתוב שתי אותיות. כחול כדי לכחול עין אחת:**

**ד. דבק, כדי ליתן בראש השבשבת. זפת וגפרית, כדי לעשות נקב. שעוה, כדי ליתן על פי נקב קטן. חרסית, כדי לעשות פי כור של**

---

צאָל איז באַצאָלט. דער צייכן הייסט „קשר של מוכסין", און באַשטייט פון צוויי גרויסע אותיות. דאָס וואָרט „נייר" איז ניט קלאָר פון וואַנער עס שטאַמט. והמוציא, און אַז איינער טראָגט אַרויס אַ מוכסין־צייכן (קשר) איז ער חייב. תוספות זאָגט, אַז אפילו דער צייכן איז אָנגעשריבן ניט אויף פּאַפּיר. נייר מחוק, אָפּגעמעקט פּאַפּיר (אויף וועלכן מען קאָן ניט שרייבן איז זיין שיעור וויפיל מען דאַרף האָבן) כדי אַרומצוּוויקלען דאָס מויל פון אַ קליין פלעשל פון פּערפום (פלייטון). וועגן „פלייטון" האָבן מיר געגעבן פריער אין פרק ו' משנה ג'.

ג. עור, פעל־פּאַרמעט (איז דער שיעור וויפיל מען דאַרף) כדי צו מאַכן (צו־צודעקן דערמיט) אַ קמיע; דוכסוסטוס־פּאַרמעט (וויפיל מען דאַרף צו שרייבן דע־רויף אַ מזוזה; קלף־פּאַרמעט (וויפיל מען דאַרף) כדי צו שרייבן דערויף די קלענסטע פרשה אין תפילין, דאָס איז שמע ישראל. די גמרא זאָגט, אַז ביים אויסאַרבייטן פעל, אַז עס זאָל ווערן פּאַרמעט, לייגט מען צוערשט אַריין די פעל אין זאַלץ (מליח) און דערנאָך אין מעל מיט וואַסער (קמיח) און דערנאָך רייבט מען איר מיט אַזאַ מאַ־טעריאַל וואָס הייסט „עפּץ", דאָס איז גאַל־נוס־זאַפט. „עור" הייסט פעל פּאַרמעט, וועלכע מען האָט נאָכניט אָפּגעריבן מיט דעם „עפּץ", און „קלף" הייסט פּאַרמעט, וועלכן מען האָט שוין יאָ אָפּגעריבן מיט דעם „עפּץ". „דוכסוסטוס" הייסט אין גריכיש („דו־קסעסטאָס") פּאַרמעט, וואָס איז געמאַכט גליאַטיק פון ביידע זייטן. די מפרשים זאָגן, אַז מען מיינט דערמיט דעם דיקערן טייל פון דער פעל צו דער פליישזייט צו, ווען מען טיילט די פעל אין דער דיק; דער דינערער טייל הייסט קלף. אין טייל משניות פעלן אינגאַנצן די ווערטער „דוכסוסטוס, כדי צו שרייבן אַ מזוזה". אין תפילין זענען פאַראַן פיר פרשיות פון חומש, און די קלענסטע פון זיי איז שמע ישראל. דיו, טינט (וויפיל מען דאַרף) כדי צו שרייבן (דערמיט) צוויי אותיות; כחול, פאַרב (שמינקע, מיט וועלכער פרויען פאַרבן זיך די געזיכט־טיילן), כדי אָפּצופאַרבן (אַרום) איין אויג. צנועות'דיקע פרויען, וועלכע טראָגן אַ שלייער איבער זייער געזיכט און לאָזן אָפן נאָר איין אויג, פאַרבן אַרום דאָס איינע אויג.

ד. דבק, קלעב־ליים (איז דער שיעור, וויפיל מען דאַרף) כדי אַרויפצולייגן אויף דעם שפּיץ פון אַ צווייג־שטעקעלע (שבשבת). ווען מען וויל פאַנגען אַ פויגל קלאַפּט מען אַריין אין דער ערד אַ צווייג־שטעקעלע און דערויף לייגט מען אַוועק אַ שטיקל ברעטל און אויף דעם ברעטל לייגט מען אַרויף קלעב־ליים, און ווען דער פויגל זעצט זיך דערויף ווערט ער צוגעקלעבט. טייל זענען גורס „שפשפת". זפת, פעך (סמאָלע) און שוועבל (איז דער שיעור וויפיל מען דאַרף) כדי צו מאַכן אַ לעכל. ווען מען טוט אַריין אין אַ שמאָל פלעשעלע קוועק־זילבער קלעבט מען צו דאָס מויל פון פלעשעלע מיט פעך אָדער מיט שוועבל און מען מאַכט אין דעם צוקלעבעכץ אַ לעכל, כדי אַרויסצובאַקומען טראָפּנווייז דעם קוועק־זילבער. דער שיעור פון פעך און שוועבל איז, אַז מען זאָל קאָנען מאַכן אין דעם דאָס דאָזיקע לעכל. די גמרא זאָגט, אַז אַ קליין לעכל. שעוה, וואַקס (וויפיל מען דאַרף) כדי צו פאַרקלעבן (דערמיט) אַ קליין לעכל. די גמרא זאָגט, אַז מען מיינט דערמיט אַ קליין לעכל וואָס מען מאַכט אין דער פאַרשטאָפּונג פון אַ קרוג ווייַן, כדי אַרויסצוקריגן דעם ווייַן. חרסית, ציגל־ליים, (וויפיל מען דאַרף) כדי צו מאַכן די עפנונג פון דעם

צורפי זהב. ר׳ יהודה אומר, כדי לעשות פטפוט. סובין, כדי ליתן על פי כור של צורפי זהב. סיד, כדי לסוד קטנה שבבנות, ר׳ יהודה אומר כדי לעשות כלכול; ר׳ נחמיה אומר, כדי לעשות אנדיפי:

ה. אדמה, כחותם המרצופין, דברי ר׳ עקיבא; וחכמים אומרים כחותם האיגרות. זבל וחול הדק, כדי לזבל קלח של כרוב, דברי ר׳ עקיבא; וחכמים אומרים כדי לזבל כרישא. חול הגס, כדי ליתן על מלא כף סיד. קנה, כדי לעשות קולמוס, ואם היה עב או מרוסס, כדי לבשל בו ביצה קלה שבבצים, טרופה ונתונה באילפס:

---

שמעלץ־טיגל פון גאָלד־שמידן. **דער גאָלד־שמיד האָט א קליין שמעלץ־טיגל, אין וועלכן ער שמעלצט גאָלד, און די עפנונג פון דעם שמעלץ־טיגל, דורך וועלכן עס גייט אריין דער בלאָז־זאק אויפצובלאָזן דאָס פייער איז געמאַכט פון ציגל־ליים.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (דער שיעור איז) כדי צו מאכן א פּיסל (פטפוט) **אויף וועלכן עס שטייט דער שמעלץ־טיגל.** סובין, קלייען (וויפיל מען דארף כדי ארויפצולייגן אויף דער עפנונג פון שמעלץ־טיגל פון גאָלד־שמידן. **רשי טייטשט, אז ווען עס איז ניטאָ קיין קוילן ברענען די גאָלד־שמידן אין זייערע שמעלץ־טיגלן קלייען. דער ברטנורא ברענגט נאָך א טייטש, אז מען לייגט קלייען ארום דער טיגל־עפּ־נונג, און דער „תפארת ישראל" באמערקט, אז דאָס איז צו האלטן די היץ.** סיד, קאלך (וויפיל מען דארף) כדי ארומצוקלעבן די קלענסטע פון טעכטער. **מען פלעגט אמאָל ארומקלעבן מיט קאַלך דעם קערפּער פון יונגע מיידלעך כדי די הויט זאָל ווערן איידעלער און די מיידלעך זאָלן ווערן שנעלער פרויען־רייף. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דעם קלענסטן פינגער פון א מיידל. אין טייל משניות איז פאראן די גירסא „אצבע קטנה", „דעם קלענסטן פינגער".** ר׳ יהודה זאָגט, אז (דער שיעור איז וויפיל מען דארף) צו פארקלעבן (מיט קאלך) דעם שלייף (כלכל). **דאָס איז כדי איינצולייגן די האָר פון די שלייפן.** ר׳ נחמיה זאָגט, אז כדי צו (באקלעבן) אונטער די שלייפן (אנדיפי). **דאָס וואָרט „כלכל" איז דער טייטש מאכן די האָר פון קאָפּ. דאָס וואָרט „אנדיפי" איז זייער שווער און עס איז ניט קלאָר, פון וואנען עס שטאמט. טייל טייטשן „כלכל" די האָר אויף דעם קאָפּ־פראָנט, און „אנדיפי" די האָר־לאָקן, וועלכע פאלן אראָפּ אויפן שטערן (דאָס זאָל זיין דער טייטש פון דער גמרא צידעא און בת צידעא).**

ה. אדמה, רויטער ליים (איז דער שיעור וויפיל מען דארף פאר א) סטעמפּל פון גרויסע זעק, אזוי זאָגט ר׳ עקיבא. **„מרצופין" איז, ווי ר׳ בנימין מוספיא ווייזט אָן אין „מוסף הערוך", דאָס גריכישע וואָרט „מארסיפּיאָן" און לאטיינישע „מאר־סופּיום", וואָס איז דער טייטש א זאק. אין דער משנה ווערט עס אין עטליכע ער־טער באנוצט אלס „זעק אין וועלכע מען לייגט אריין סחורות". מען פלעגט זיי פאר־חתמן מיט רויטן ערד־ליים.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ווי דער סטעמפּל פון בריף. **אויך בריף פלעגט מען פארחתמן מיט רויטן ערד־ליים, און דערצו האָט מען געדאַרפט האָבן ווייניקער ליים ווי צו די זעק. זאָגן די חכמים, אז דער שיעור איז אַ קלענערער.** זבל, מיסט און דינער זאמד (איז דער שיעור וויפיל מען דארף) צו באמיסטיקן דערמיט א שטענגל פון קרויט, אזוי זאָגט ר׳ עקיבא, און די חכמים זאָגן, כדי צו באמיסטיגן א גרינעם לויך־קנאָבל (כרישא). **רשי זאָגט, אז אויך דאָ איז דער שיעור פון די חכמים א קלענערער, פון ר׳ עקיבא׳ס שיעור.** חול הגס, גראָבער זאמד (איז דער שיעור וויפיל מער דארף) כדי ארויפצולייגן אויף א פולן קאלך־לעפל. **די גמרא טייטשט וויפיל מען דארף האָבן כדי צו מאכן דערפון געמישט קאַלך אין א פולן קאַלך־לעפל (קעלנע), וואָס די מויערער באנוצן ביים אָפּקאלכן א הויז.** קנה, א שטעקעלע, כדי צו קאָנען דערפון מאכן א שרייב־פעדער (קולמוס), און אויב עס איז געווען דיק אָדער צעשפּאָלטן (מרוסס, און מען קאָן דערפון קיין

ו. עצם, כדי לעשות תרווד; ר׳ יהודה אומר, כדי לעשות ממנו חף. זכוכית, כדי לגרור בו ראש הכרכר. צרור או אבן, כדי לזרוק בעוף, ר׳ אליעזר בן יעקב אומר, כדי לזרוק בבהמה:

ז. חרס, כדי ליתן בין פצים לחברו, דברי ר׳ יהודה; ר׳ מאיר אומר, כדי לחתות בו את האור; ר׳ יוסי אומר כדי לקבל בו רביעית. אמר ר׳ מאיר, אף על פי שאין ראיה לדבר זכר לדבר (ישעיה ל׳) לא ימצא במכיתתו חרס לחתות אש מיקוד, אמר לו ר׳ יוסי, משם ראיה (שם) ולחשוף מים מגבא.

---

פעדער ניט מאכן, אין דער שיעור) כדי מען זאָל קאָנען דערמיט אָפּקאָכן דאָס גרינגע איי פון צווישן אייער, אויסגעמישט (מיט אייל), און אריינגעלייגט אין א פאן. די גמרא גאָגט, אז מיט „דאָס גרינגע איי פון צווישן אייער״ מיינט מען אן איי פון א הון, וואָס קאָכט זיך אמשנעלסטן, און אז מען מיינט אפּקאָכן אן איי די גרויס ווי א דארע פייג. ווענן „אילפס״ האָבן מיר געגעבן אין מסכתא פאה פרק ח׳ משנה ד׳.

ו. עצם, אז ביין (איז דער שיעור וויפיל מען נוצט דערפון) כדי צו מאכן דערפון א לעפל (תרווד). מען פלעגט אמאָל מאכן לעפל פוןביינער. ר׳ יהודה זאָגט כדי צו מאכן דערפון א צאָן צו א שליסל. דאָס וואָרט „חף״ אלס צאָן פון א שליסל געפינט מען עטליכע מאָל אין דער משנה. דער „ערוך השלם״ מיינט, אז עס איז א פערסיש וואָרט; אָבער די דאָזיקע מיינונג איז ניט קיין זיכערע. זכוכית, גלאָז (אין דער שיעור וויפיל מען דארף) כדי דערמיט אָפּצושאָבן דעם שפּיץ פון וועבער־שפּול. דער וועבער ווען ער וועבט א שטיקל סחורה האָט אויף דער וועב־שטול א שארפע הילצערנע נאָדל, מיט וועלכער ער מאכט גלייך די פעדעם, אז זיי זאָלן ליגן גלייך. די נאָדל דארף ווערן אָפּט צוגעשפּיצט דורך גלאָז, וואָס שאָבט־אָפּ דאָס האָלץ ביים שפּיץ. די שפּול הייסט „כרכר״, פון גריכישן „קער־קיס״. אין טייל משניות איז די גירסא „כרכד״. צרור או אבן, א גראָב שטיקל ערד אָדער א שטיין (איז דער שיעור וויפיל מען דארף כדי צו וואָרפן אין א פויגל, דאָס הייסט כדי דערמיט אוועקצוטרייבן פייגל. אין טייל משניות איז פאראן די גירסא „צרור אבן״, וואָס איז דער טייטש א קליין שטיינדל. ר׳ אליעזר בן יעקב זאָגט, כדי צו וואָרפן אין א בהמה. דערצו דארף מען האָבן א גרעסערן שטיין. דא־קייגן א פויגל קאָן מען אוועקטרייבן מיט א בלויזן געשריי, און מען באמיט זיך ניט צו נעמען דערצו קיין שטיינדל.

ז. חרס, א שערבל (דארף זיין אזוי דיק) כדי אריינצוליגן צווישן ברעטער, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. ווען מען לייגט ארויף ברעטער איינעם אויף דעם אנדערן לייגט מען צווישן זיי דיקע שטיקער שערבלעך כדי די ברעטער זאָלן ניט ווערן אויסגעקרימט. אזוי טייטשט רש״י. דער „ערוך״ ברענגט דעם פּירוש פון די גאונים, אז „פצים״ איז דער טייטש צעבראָכן, און אז מען לייגט די צעבראָכענע שטיקלעך שערבלעך צווישן די ברעטער וועלכע זענען נאָס, כדי דער ווינד זאָל אריינגיין דורך די ברעטער און זיי זאָלן ווערן טרוקן. ר׳ מאיר זאָגט, כדי מען זאָל קאָנען ארויסשארן דערמיט פייער (ברענענדיקע שטיקלעך קוילן); ר׳ יוסי זאָגט, כדי עס זאָל קאָנען אריינגעמען אין זיך א פערטל (פון א קוואָרט וואסער, „רביעית״ א פערטל פון א לוג, פון א קוואָרט). פון דער גמרא איז צו זען, אז ר׳ יוסי׳ס שיעור איז א קלענערער. אָמר, האָט ר׳ מאיר געזאָגט, כאָטש עס איז ניט פאראן קיין באווייז צו דער זאך (צו מיין מיינונג), אָבער א זאך (אן אָנדייטונג) איז יאָ פאראן דערצו (פון ישעיה ל׳) „ולא ימצא במכתתו חרס לחתות אש מיקוד״ (עס וועט זיך צווישן זיינע צעבראָכענע זאכן ניט געפינען קיין שערבל ארויסצושארן פייער פון פייער־פלאץ). דערפון איז צו זען, אז א שערבל, מיט וועלכן מען קאָן ארויסשארן פייער האָט א

## פרק ט.

**א. אמר ר׳ עקיבא מניין לעבודת כוכבים שמטמאה במשא כנדה? שנאמר (ישעיה ל׳) תזרם כמו דוה צא תאמר לו. מה נדה מטמאה במשא, אף עבודת כוכבים מטמאה במשא:**

**ב. מניין לספינה שהיא טהורה שנאמר (משלי ל׳) דרך אניה בלב ים. מניין לערוגה שהיא ששה על ששה טפחים שזורעין בתוכה חמשה זרעונין ארבעה בארבע רוחות הערוגה ואחד באמצע? שנאמר (ישעיה ס״א) כי כארץ תוציא צמחה וכגנה זרועיה תצמיח, זרעה לא נאמר, אלא זרועיה.**

---

**חשיבות.** אָמר לו, האָט ר׳ יוסי געזאָגט צו אים (צו ר׳ מאיר): פון דאָרט (פון דאָזיקן פסוק) איז דען א באוויז? (דאָרט אין ישעיה ל׳ אין זעלבן פסוק, איז דאָך אויך פאַראַן ״ולחשוף מים מגבא״ (און צו שעפּן וואסער פון גרוב). **דערפון איז דאָך צו זען, אז דער פסוק באטראכט אלס א חשובע זאך א שערבל מיט וועלכן מען קאָן שעפּן וואסער.**

## פרק ט.

א. אָמר, ר׳ עקיבא האָט געזאָגט, פון וואנען לערנט מען, אז א עבודה זרה איז מטמא דורך ווערן געטראָגן (במשא) פונקט ווי א נידה (א פרוי אין איר מאָנאטלעכער בלוטיגונגס־צייט, וועלכע איז אויך מטמא דורך ווערן געטראָגן)? ווייל עס איז געזאָגט (ישעיה ל׳) ״באזייטיקט זיי (די עבודה זרהס) ווי א נידה, גיי ארויס! זאָג צו אים״ (תזרם כמו דוה, צא תאמר לו), פונקט ווי א נידה איז מטמא דורך ווערן געטראָגן, אזוי איז אויך א עבודה זרה מטמא דורך ווערן געטראָגן. **אין דאָזיקן פרק ווערן געלערנט עטליכע הלכות, וועלכע האָבן (חוץ איינע) גאָרניט קיין שייכות מיט שבת. אָבער ווייל מען האָט צום סוף פון פאָריקן פרק געפינען א ״זכר״, אן אָנדייטונג צו דער הלכה וועגן דעם ווי גרויס דארף זיין א שערבל, בנוגע ארויסטראָגן עס אים שבת, אין פסוק אין ישעיה, ווערן דאָ געלערנט עטליכע אזעלכע הלכות, וועלכע הויבן זיך אָן מיט ״מניין?״ ״פון וואנען לערנט מען?״ און צו וועלכע מען געפינט אן ״אסמכתא״, אן אָנדייטונג, אין פסוקים פון תנ״ך־ספרים. — די ערשטע הלכה איז, אז ווען מען טראָגט א עבודה זרה, אן אָפּגאָט, א געץ, אפילו מען רירט איר ניט אָן, ווערט מען טמא; דאָס הייסט אז די עבודה זרה איז מטמא אויך דורך משא, דורך ווערן געטראָגן, פונקט ווי א נידה איז מטמא דורך משא. אלס אָנדייטונג דערצו ברענגט די משנה דעם פסוק אין ישעיה וואו די עבודה זרה ווערט געגליכן צו א נידה. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור אן ״אסמכתא״, אן אָנדייטונג.**

ב. מנין לספינה, פון וואנען לערנט מען, אז א שיף איז טהור (קאָן ניט ווערן טמא)? ווייל עס ווערט געזאָגט (משלי ל׳) ״דער וועג פון א שיף אין מיטן ים״ (דרך אניה בלב ים). **דער דין איז, אז א שיף, אפילו א ערדענע שיף, אפילו וועלכע מען האָט אָנגעלאָדן אויף דער יבשה און דערנאָך האָט מען זי אראָפּגעלאָזט אויפ׳ן וואסער אין ים, אויב א טמא זאך (א טויטער שרץ, צי א מת) רירט איר אָן קאָן זי ניט ווערן טמא. אן אנדייטונג צו דער דאָזיקער הלכה געפינט די משנה אין פסוק פון משלי, וועלכער ווערט געדרשנט, אז א שיף איז גלייך צום ים, און פונקט ווי דער ים קאָן ניט ווערן טמא קאָן אויך א שיף ניט ווערן טמא.** מנין לערוגה, פון וואנען לערנט מען, אז א בייט (א שטיקל גאָרטן) וואָס האַלט זעקס אויף זעקס טפחים (זעקס אין דער לענג און זעקס אין דער ברייט) מעג מען זייען אין אים פינף (פארשידענע) מי־נים (גרינסן), פיר אין די פיר זייטן פון דעם בייט און איינעם אין דער מיט? ווייל עס ווערט געזאָגט (ישעיה ס״א) ״ווי די ערד גיט ארויס איר שפּראָצונג און ווי דער גאָרטן מאַכט ארויסשפּראָצן אירע זאמען״ (כי כארץ תוציא צמחה וכגנה זרועיה תצמיח), עס ווערט ניט געזאָגט ״איר זאָם״, נאָר ״אירע זאמען״. **דער דאָזיקער דין**

**ג. מניין לפולטת שכבת זרע ביום השלישי שהיא טמאה? שנאמר (שמות י״ט) היו נכונים לשלשת ימים. מניין שמרחיצין את המילה ביום השלישי שחל להיות בשבת? שנאמר (בראשית ל״ד) ויהי ביום השלישי בהיותם כאבים. מניין שקושרין לשון של זהורית בראש שעיר המשתלח? שנאמר (ישעיה א׳) אם יהיו חטאיכם כשנים כשלג ילבינו;**

---

איז וועגן כלאים. עס איז דער דין, אז ווען מען וויל פלאַנצן אין א גאָרטן צוויי מינים גרינסן, ירקות, למשל ציבעלעס און קנאָבל, מוז מען אפּרוקן איינעם פון אנדערן 6 טפחים (איין איל), ווייל אויב ניט הייסט עס כלאים. אָבער מען האָט געמאַכט אַ פאַרלייכטערונג ווען מען פאַרזייט ניט גרויסע שטחים, און ביי א בייט וואָס האָט 6 טפחים די לענג און 6 טפחים די ברייט, האָט מען מתיר געמאַכט, אז מען זאָל מעגן פלאַנצן אין אים פינף מינים גרינסן. דעם פּירוש פון דער דאָזיקער הלכה און דעם טעם דערצו געבן מיר אין מסכתא כלאים פרק ג׳ משנה א׳. דאָ ברענגט די משנה אַן אָנדייטונג דערצו פון פּסוק אין ישעיה, און עס ווערט גערעכנט „תוציא״ איז איינס, צמחה איינס, זרועיה (אין לשון רבים) צוויי, תצמיח איינס, און צוזאַמען איז עס פינף.

ג. מניין לפולטת, פון וואַנען לערנט מען, אז א פרוי (וועלכע האָט פאַרקערט מיט א מאַן און) פון וועלכער אויפ׳ן דריטן טאָג איז אָפּגעגאַנגען פון איר די זרע, איז טמא? ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות י״ט) „זייט גרייט צו דריי טעג״ (היו נכונים לשלשת ימים); דער דין איז, אז ווען מען רירט אָן שכבת זרע (די זאָמען פון א מאַן) איז מען טמא און מען דאַרף זיך טובל זיין צו ווערן טהור. זאָגט די משנה, אז די זרע איז מטמא ביז אויפן דריטן טאָג, זינט זי איז אַרויס פון מאַן; אָבער נאָכן דריטן טאָג הייסט זי ניט מער קיין זרע און איז ניט מער מטמא. און די משנה לערנט עס אָפּ פון חומש, ווען די יידן זענען געגאַנגען נעמען די תורה ביים באַרג סיני האָט זיי משה רבנו אָנגעזאָגט צו זיין גרייט דריי טעג און ניט צו פאַרקערן מיט א פרוי, און דערפון איז צו זען אז אויפן דריטן טאָג זינט דער פאַרקערונג וואָלט די פרוי נאָך געווען טמא. טייל זענען גורס ניט אז „זי איז טמא״ נאָר „שהיא טהורה״, אז זי איז טהור, ווייל אזוי בלייבט די הלכה, און דער פּסוק אין חומש ווערט געטייטשט, אז ניט דעם פירטן טאָג האָט מען געגעבן די תורה, נאָר דעם דריטן טאָג האָט מען געגעבן די תורה. מניין שמרחיצין, פון וואַנען לערנט מען, אז מען מעג אָבוואַשן (אין וואַרעם וואַסער) א גע׳מל׳עט קינד אין דריטן טאָג (זינט דעם ברית) וועלכער איז געפאַלן אים שבת? ווייל עס ווערט געזאָגט (בראשית ל״ד) „און עס איז געווען אין דריטן טאָג ווען זיי האָבן געהאַט ווייטאָגן״ (ויהי ביום השלישי בהיותם כואבים). פון דעם פּסוק אין חומש ווי די ברידער שמעון און לוי זענען באַפאַלן די איינוואוינער פון שכם דעם דריטן טאָג נאָך זייער מל־זיין־זיך מחמת זיי האָבן דעמאָלס געהאַט ווייטאָגן און זענען געווען שוואַך, איז צו זען, אז דעם דריטן טאָג נאָכן מל־זיין איז דאָס קינד שוואַך און מען מעג דעריבער דעם דריטן טאָג מחלל שבת זיין אָנצוואַרמען וואַסער אָפּצוואַשן דאָס קינד. טייל פּוסקים טייטשן, אז אויך די ערשטע צוויי טעג מעג מען מחלל שבת זיין. מניין שקושרין, פון וואַנען לערנט מען, אז מען בינדט אָן א שנור פון רויטן וואָל (אים יום כיפור) ביים קאָפּ פון שעיר המשתלח (דעם באָק, וואָס מען האָט פון בית המקדש אַוועקגעשיקט אין דער מדבר אומצוקומען? ווייל עס ווערט געזאָגט (ישעיה א׳) „אויב אייערע זינד וועלן זיין ווי רויטע וואָל, וועלן זיי ווערן ווייס ווי שניי״ (אם יהיו חטאיכם כשנים כשלג ילבינו). ווען דער מאַן וואָס האָט אַוועקגעפירט אים יום כיפור דעם שעיר המשתלח איז צוגעקומ׳ען צום שטיין אויפן שפּיץ־באַרג, פון וואַנען ער האָט געדאַרפן דעם שעיר (באָק) אַראָפּוואַרפן, האָט ער אָנגעבינדן א האַלבן שנור פון רויטן וואָל ביים קאָפּ פון באָק, און דעם אַנדערן האַלבן שנור אין דעם שטיין. נאָכדעם ווי ער האָט דעם באָק אַראָפּגעוואָרפן איז דער האַלבער שנור ביים שטיין געוואָרן ווייס, און דאָס איז געווען א סימן, אז מען

**ד. מניין לסיכה שהיא כשתיה ביום הכפורים? אף על פי שאין ראיה לדבר זכר לדבר שנאמר (תהלים ק״ט) ותבא כמים בקרבו וכשמן בעצמותיו:**

**ה. המוציא עצים, כדי לבשל ביצה קלה. תבלין, כדי לתבל ביצה קלה, ומצטרפין זה עם זה. (קליפי אגוזים), קליפי רמונים, אסטיס ופואה, כדי לצבוע בהן בגד קטן בסבכה. מי רגלים, נתר, ובורית,**

---

**האָט אין הימל מוחל געווען די עבירות פון די יידן. אן אָנדייטונג דערצו געפינט די משנה אין פסוק אין ישעיה.**

ד. מנין לסיכה, פון וואנען לערנט מען, אז שמירן זיך אים יום כיפור איז דאָס זעלבע וואָס טרינקן (און פונקט ווי מען טאָרניט טרינקן טאָר מען אויך ניט שמירן זיך דעם קערפער)? כאָטש עס איז ניט פאראן קיין באַווייז דערצו, אָבער עס איז פאראן א זכר (אן אָנדייטונג) דערצו; ווייל עס ווערט געזאָגט (תהלים ק״ט) „און עס איז געקומען ווי וואסער אין אים און ווי אייל אין זיינעביינער״ (ותבוא כמים בקרבו וכשמן בעצמותיו). **דערפון איז צו זען, אז דאָס אָנשמירן זיך מיט אייל איז דאָסזעלבע וואָס אריינגענומען אין זיך וואסער דורך טרינקען. דער רמב״ם און אנדערע מפרשים זאָגן דאָ, אז שמירן איז ניט אינגאנצן גלייך צום טרינקען, און פאר שמירן זיך אים יום כיפור קומט ניט קיין כרת ווי עס קומט פאר טרינקען.**

ה. המוציא, אז איינער טראָגט ארויס (אים שבת) האָלץ (איז דער שיעור וויפיל עס דארף זיין דאָס האָלץ כדי עס זאָל הייסן, אז מען האָט געטאָן א מלאכה אים שבת) כדי מען זאָל קאָנען דערמיט אָפּקאָכן א לייכט איי. **די משנה הייבט אָן איצט ווידער צו געבן די דינים וועגן דעם איסור פון הוצאה, וועגן ניט ארויסטראָגן פון שטוב אין גאס (פון רשות היחיד אין רשות הרבים) אָדער אריינטראָגן פון גאס אין שטוב (פון רשות הרבים אין רשות היחיד) אים שבת, און גיט דערביי די שיעורים פון פאר־שידענע זאכן וויפיל זיי דארפן זיין, כדי זיי זאָלן זיין גענוג חשוב, אז מיט ארויס־טראָגן זיי זאָל עס הייסן אז מען האָט געטאָן א מלאכה. א „לייכט איי״, ביצה קלה, האָט די גמרא שוין פריער אויף פרק ח׳ משנה ה׳ געטייטשט, אז דאָס מיינט מען אן איי פון א הון, מחמת דאָס קאָכט זיך אָפּ אמשנעלסטן פון אנדערע אייער.** תבלין, געווירצן (איז דער שיעור וויפיל מען דארף) כדי צו באַווירצן א לייכט איי. **וויפיל מען דארף אריינטאָן אין א הינעריש איי כדי עס צו מאכן באַטעמטער.** ומצטרפין, און זיי (די פארשידענע געווירצן) ווערן צוזאמענגערעכנט איינער מיטן אנדערן. **דאָס הייסט אויב ער האָט ארויסגעטראָגן עטליכע מינים געווירצן, און אין יעדן פון זיי איז ניט געווען גענוג צו באַווירצן אן איי, אָבער אין אלע צוזאמען איז יאָ געווען דער שיעור, ווערן זיי צוזאמענגערעכנט און עס הייסט, אז דער וואָס האָט זיי ארויס־געטראָגן האָט געטאָן א מלאכה.** קליפי, שאָלעכץ פון ניט, שאָלעכץ פון מילגרוימען, איסאטיס (אזא פלאנץ פון וועלכער מען מאכט פארב), קראָפּ (פואה, א פלאנץ, פון וועלכער מער מאכט פארב), כדי מען זאָל קאָנען דערמיט אָפּפארבן א קליין טוך ביי א נעץ־קאָפּ־הוט (פון פרויען). **פון שאָלעכץ פון ניס און מילגרוימען, און פון די פלאנצן איסאטיס און קראָפּ מאכט מען פארב. (זע אין אונזער פירוש אין כלאים פרק ב׳ משנה ה׳ און שביעית פרק ה׳ משנה ד׳ און שביעית פרק ז׳ משנה א׳ און ב׳). זאָגט די משנה, אז דער שיעור פון זיי איז וויפיל מען דארף האָבן כדי צו קאָנען אָפּפארבן דערמיט דאָס שטיקל טוך, וואָס מען נייט צו אין שפיץ פון א געשטריקטן נעץ־הוט, וואָס א פרוי טוט־אָן אויפן קאָפּ. „סבכה״ איז דער טייטש א נעץ־הוט, וואָס איז געשטריקט אזוי, אז עס האָט לעכלעך.** מי רגלים, אורין (השתנה), נתר, אלאן, ובורית, און לויגנזאלץ, קימוליא, קימאליע־קרייד, ואשלג, און אשלג (איז זייער שיעור, וויפיל מען דארף) כדי דערמיט אויסצוואשן א קליין טוך ביי א נעץ־קאָפּ־הוט (פון פרויען). **די משנה רעכנט דאָ אויס פארשידענע שטאָפן מיט וועל־**

**קמוליא, ואשלג, כדי לכבס בהן בגד קטן בסבכה. ר׳ יהודה אומר, כדי להעביר על הכתם:**

**ו. פלפלת, כל שהוא. ועטרן, כל שהוא. מיני בשמים ומיני מתכות, כל שהן. מאבני המזבח ומעפר המזבח, מקק ספרים ומקק מטפחותיהם, כל שהוא, שמצניעין אותן לגונזן; ר׳ יהודה אומר, אף המוציא ממשמשי עכו״ם כל שהוא, שנאמר** (דברים י״ג) **לא ידבק בידך מאומה מן החרם:**

---

כע מען וואשט קליידער, און זאָגט אז דער שיעור איז, וויפיל מען דארף האָבן כדי אויסצוואשן דאָס שטיקל טוך וואָס איז צוגענייט אין דערמיט צום שפּיץ פון דעם נעץ־הוט (סבכה). מי רגלים (פּיס־וואסער) הייסט אורין, און אין אמאָליקע צייטן איז דאָס געווען א וויכטיקער מאטעריאל צום וואשן דערמיט, און מען האָט עס געזאמלט. „נתר״ ווערט דערמאָנט אלס וואש־מאטעריאל אין תנ״ך (ירמיה ב׳ „אם תכבסי בנתר״) און עס הייסט אזוי אויך אין אנדערע שפּראכן, („ניטראן״ אין גריכיש). דער ירושלמי דאָ זאָגט טאקע „נתר, ניטרון״. דאָס איז „אלאַן״. אויך „בוריה״ איז פאראן אין תנך (דאָרט אין ירמיה ב׳, מלאכי ג׳) און מען טייטשט עס לויגן־זאַלץ. „קימוליא״ איז דאָס גריכישע וואָרט „קימאליא״, אזא קרייד, וואָס איז גוט צום וואשן. „אשלג״ טייטשט דער ירושלמי „אצרות רוח״ און דער „כתר כהונה״ זאָגט, אז דאָס איז דאָס גריכישע „סטרודאס ריזא״, אזא גראָז מיט וועלכן מען וואשט קליידער. אין דער גמרא אין בבלי זאָגט שמואל אז די ים־פאָרער האָבן אים געזאָגט אז דאָס איז א מאטעריאל וואָס מען געפינט אין פּערל. דער ברטנורא זאָגט, אז עס איז אים ניט אויפגעקלערט געוואָרן וואָס דאָס איז. היינט אין ארץ ישראל רופט מען „פּאַטאַש״ אשלג. ר׳ יהודה זאָגט, אז כדי איבערצוגיין איבער א פלעק. מיט „כתם״, „פלעק״, מיינט מען דאָ א פלעק וואָס א פרוי געפינט אויף איר העמד און זי ווייסט ניט צי דאָס איז א צייכן פון בלוט פון איר מאָנאטליכער בלוטיגונג (דם נידה) און זי איז א נידה, אָדער עס איז סתם א פלעק. זאָגט די משנה אין מסכתא נידה פּרק ט׳ משנה ו׳, אז מען דארף איבערגיין, אָפּוואשן דעם פלעק מיט זיבן מאטעריאלען און דאָס דארף ווייזן צי דער פלעק איז נידה־בלוט. צווישן די זיבן מאטעריאלן זענען אויך פאראן די פיר מאטעריאלן וועלכע זענען דאָ אויסגערעכנט אין דער משנה. זאָגט ר׳ יהודה אז דער שיעור פון די פיר מאטעריאלן, אויב מען טראָגט זיי ארויס אים שבת זאָל מען מחויב ווערן צו ברענגען א קרבן חטאת, ווייל עס הייסט געטאָן א מלאכה, איז וויפיל מען דארף צו האָבן כדי איבערצוגיין איבער דעם פלעק (כתם).

ו. פלפלת, א (שמעקעדיק) פעפערל (וואָס איז צום האלטן אין מויל, כדי צו באזייטיקן דעם ניט־אָנגענעמען מויל־ריח) איז דער שיעור עטוואָס; און פעך־אפּפאל איז דער שיעור עטוואָס; מינים פון בשמים (צום שמעקן) און מינים פון מעטאלן איז זייער שיעור) עטוואָס. **אפילו דאָס סאמע קלענסטע, ווייל דאָס סאמע קלענסטע פון בשמים שמעקט, און פון קלענסטן שטיקל מעטאל קאָן מען עפּיס מאכן.** מאבני, פון די שטיינער פון מזבח (וואָס איז געווען אין בית המקדש) און פון דער ערד פון מזבח, פארשימלטע שטיקלעך ספרים און פארשימלטע שטיקלעך פון זייערע (ספרים׳ס) מענטעלעך, (איז דער שיעור) עטוואָס, ווייל מען לייגט זיי אוועק צום באהאלטן (גונז־צו זיין). **מזבח־שטיינער און ערד, שטיקלעך ספרים און שטיקלעך ספרים מענטעלעך דארף מען גונז־זיין, ווייל זיי זענען הייליק. דעריבער האָט אפילו דאָס קלענסטע שטיקל פון זיי א חשיבות.** ר׳ יהודה זאָגט אז אויך ווען איינער טראָגט ארויס פון (זאכן) מיט וועלכע מען דינט צו א עבודה זרה (איז זייער שיעור) עטוואָס, ווייל עס ווערט געזאָגט (דברים י״ג) „עס זאָל אין דיין האנט גאָרניט זיך צוקלעבן פון דעם (עבודה־זרה)־פארבאָטענעס״ (לא ידבק בידך מאומה מן החרם). **פונם וואָרט „מאומה״, „גאָרניט״, איז**

**ז. המוציא קופת הרוכלין אף על פי שיש בה מינין הרבה אינו חייב אלא חטאת אחת. זרעוני גינה, פחות מכגרוגרת. ר׳ יהודה בן בתירא אומר, חמשה. זרע קשואין, שנים. זרע דילועין, שנים. זרע פול המצרי, שנים. חגב חי׳, טהור — כל שהוא, מת-כגרוגרת, ציפורת כרמים, בין חיה בין מתה, כל שהוא, שמצניעין אותה לרפואה; ר׳ יהודה אומר, אף המוציא חגב חי טמא כל שהוא, שמצניעין אותו לקטן לשחוק בו:**

---

אָפּצולערנען, אז אפילו דאָס קלענסטע שטיקל פון א זאך, מיט וועלכער מען דינט צו א עבודה זרה, איז אסור מען טאָרניט עס נוצן. האַלט ר׳ יהודה, אז ווייל דער פסוק אליין האָט בפירוש גע׳אסרט דערפון אפילו דאָס קלענסטע, האָט דעריבער דאָס ארויס־טראָגן עס אים שבת פון הויז, אפילו ווען עס איז נור דאָס סאמע קלענסטע, א גרויסע חשיבות, ווייל מען באזייטיקט דאָך דערמיט א עבודה זרה פון הויז; און מחמת דעם הייסט עס א הוצאה, ארויסגעטראָגן אים שבת און עס הייסט א מלאכה.

ז. המוציא, אז איינער טראָגט־ארויס א בשמים־הענדלער־קויש (קופת הרוכלין, אין וועלכן עס זענען פאראן קלענערע בינטלעך מיט בשמים), כאָטש עס זענען פאראן אין אים א סך מינים (בשמים) איז ער ניט מחויב מער ווי איין קרבן. כאָטש ער האָט דאָך ארויסגעטראָגן אין קויש א סך זאכן, ווערט דאָס פארעכנט ווי איין הוצאה, ווי איינמאָל ארויסגעטראָגן, געטאָן נור איין מלאכה, און ער דארף דערויף ברענגן (אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג) נאָר איין קרבן חטאת. זרעוני, (אז איינער טראָגט־ארויס) גאָרטן־זאמען־קערנדלעך (קערנדלעך פון גרינסן, וואָס זענען גוט צום פארזייען, איז דער שיעור) ווינציקער ווי די גרויס פון א דארער פייג. אויב מען טראָגט ארויס עסנוואַרג איז דאָך דער שיעור אזוי גרויס ווי אַ דארע פייג (פריער פרק ז׳ משנה ד׳), אָבער קליינע גרינס־זאמען־קערנדלעך, וועלכע מען קאָן פארזייען איז דער שיעור ווינציקער. דער רמבם זאָגט, אז נור עטוואָס ווינציקער פון א דארער פייג. ר׳ יהודה בן בתירה זאָגט, אז פינף. דער שיעור איז פינף קערנדלעך. זרע, זאמען־קערנדלעך פון אוגערקעס (איז דער שיעור) צוויי זאמען־קערנדלעך פון קירביסן ,דיניעס, באניעס), איז (דער שיעור) צוויי; זימען־קערנדלעך פון עגיפטישע באָבעס איז (דער שיעור) צוויי. מחמת די זאמען־קערנדלעך פון די דאָזיקע געוויקסן זענען חשובער פון די זאמען־קערנדלעך פון אנדערע געוויקסן. חגב, א לעבעדיקער היי־שעריק א כשרער (וועלכן מען מעג עסן, איז דער שיעור) עטוואָס. אפילו ווען דער היישעריק איז זייער קליין; מחמת מען באהאלט אים צו געבן צו א קינד צו שפילן זיך דערמיט. מת, אויב (דער היישעריק איז) א טויטער (איז דער שיעור) ווי א דארע פייג. מחמת צו שפילן זיך דערמיט טויג ער ניט, האָט ער דעריבער דעם דין ווי אנ־דערע עסנווארג (א היישעריק דארף מען ניט שעכטן צום עסן) און דער שיעור איז ווי א דארע פייג. ציפורת כרמים, א וויינגאָרטן־פייגעלע, סיי ווען עס לעבט סיי ווען עס איז טויט (איז דער שיעור) עטוואָס, ווייל מען באהאַלט עס אויף א רפואה. דער „ערוך” זאָגט אז „ציפורת כרמים” איז אויך א סאָרט היישעריק, און אזוי ווייזט אויס אויך אין דער גמרא חולין ס״ה. די גמרא אין שבת אויף דער משנה זאָגט, אז עס איז א סגולה צו האָבן א גוטן שכל. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך ווען איינער טראָגט ארויס א לעבעדיקן היישעריק א ניט־כשרן (וועלכן מען טאָרניט עסן) איז (דער שיעור) עטוואָס, ווייל מען באהאלט אים פאר א קינד צו שפילן זיך מיט אים. היישעריקן זענען פאראן כשרע און ניט־כשרע. די גמרא זאָגט, אז דעריבער האַלט ניט די סתם משנה ווי ר׳ יהודה, ווייל א ניט־כשרן היישעריק, אפילו א לעבעדיקן, וועט מען ניט געבן א קינד צו שפילן זיך דערמיט מחמת מען וועט מורא האָבן טאָמער וועט דער היישעריק שטארבן און דאָס קינד וועט עס אויפעסן.

## פרק י.

א. **המצניע לזרע, ולדוגמא, ולרפואה, והוציאו בשבת, חייב בכל שהוא; וכל אדם אין חייב עליו אלא כשיעורו. חזר והכניסו, אינו חייב אלא כשיעורו:**

ב. **המוציא אוכלין ונתנן על האסקופה, בין שחזר והוציאן בין**

## פרק י.

א. המצניע, אז איינער באהאלט (אין דער וואַכנס) א זאַך כדי עס צו פאַרזייען, אָדער פאַר א מוסטער (צו ווייזן מענטשן אלס מוסטער, פּראָבע), אָדער אויף א רפואה, און ער האָט עס ארויסגעטראָגן אים שבת, איז ער חייב (צו ברענגען א קרבן חטאת) אפילו ווען עס איז נור עטוואָס. **אפילו עס האָט ניט דעם שיעור וואָס אזא זאַך דאַרף האָבען לויט ווי מיר האָבן געלערנט אין דער משנה אין די פריערדיקע צוויי פּרקים. מחמת דערמיט וואָס ער האָט די זאַך באהאלטן פאַר א געוויסן תכלית, האָט ער איר צוגעגעבן א באזונדערע חשיבות.** וכל אדם, אָבער יעדער אנדערער מענטש (ניט דער וועלכער האָט די זאַך באהאלטן) ווערט ניט מחויב דערויף סיידן (ער האָט ארויסגעטראָגן) דעם פולן שיעור איז. **מחמת די חשיבות האָט די זאַך נור פאַר דעם מענטשן, וועלכער האָט איר באהאלטן, אָבער ניט פאַר אנדערע מענטשן.** חזר, אויב ער (דער מענטש וואָס האָט די זאַך באהאלטן, האָט איר צוערשט ארויסגענומען צו דעם תכלית, למשל, צו פאַרזייען, אָבער ער האָט חרטה געהאַט און) ער האָט צוריק אריינגעטראָגן, ווערט ער ניט מחויב דערויף סיידן זי האָט געהאַט איר שיעור. **ווייל דאדורך וואָס ער האָט חרטה געהאַט האָט ער מבטל געווען זיין פריערדיקן געדאַנק צו באהאלטן די זאַך פאַר דעם תכלית, למשל צום פאַרזייען, ממילא איז עס געוואָרן סתם א זאַך, און עס מוז דעריבער האָבן דעם שיעור, וואָס די משנה האָט געלערנט וועגן אזא זאַך אין די פריערדיקע צוויי פּרקים.**

ב. המוציא אוכלין, אז איינער טראָגט ארויס (פון שטוב אין גאַס, אים שבת) עסנווארג און ער האָט זיי אנידערגעלייגט אויף דער שוועל (פון דער טיר), סיי ער אליין האָט דערנאָך (אים שבת) ווידער ארויסגעטראָגן זיי (דיזעלבע עסנווארג פון דער שוועל אין גאַס) סיי אן אנדערער מענטש האָט זיי ארויסגעטראָגן (פון שוועל אין גאַס) איז ער פּטור (פון ברענגען א קרבן חטאת), ווייל ער האָט ניט געטאָן זיין ארבעט מיט איינמאָל. **עס איז פאַראַן בנוגע שבת פיר סאָרטן "רשות", פיר סאָרטן ערטער: א) רשות היחיד, ווי א שטוב, א ארומגערינגעלטער הויף, און נאָך אנדערע אזעלכע ערטער. ב) רשות הרבים, ווי א גאַס. ג) כרמלית, דאָס איז אזא אָרט, וואָס איז ניט קיין רשות היחיד און ניט קיין רשות הרבים, ווי למשל א ים, א שוועל, וואָס איז הויך פון 3 ביז ניט-גאַנצע 10 טפחים און איז ברייט 4 טפחים. "כרמלית" זאָל, לויט דעם רמבם, זיין ווי "כארמלית", ווי אן אלמנה (אין אראמעאיש), דאָס הייסט ניט קיין בתולה און ניט קיין פאַרהייראַטעטע, ניט קיין רשות היחיד און ניט קיין רשות הרבים. ד) מקום, פּטור, ווי 10 טפחים העכער פון רשות הרבים. דער דין איז אז ס'הייסט געטאָן א מלאכה אים שבת נור ווען מען טראָגט ארויס פון רשות היחיד אין רשות הרבים אָדער פון רשות הרבים אין רשות היחיד אָדער מען טראָגט 4 איילן אין רשות הרבים. אָבער ווען מען טראָגט ארויס פון רשות היחיד צי פון רשות הרבים אין א כרמלית, צי פון א כרמלית אין רשות היחיד צי אין רשות הרבים, הייסט ניט געטאָן קיין מלאכה, און מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה מעג מען עס טאָן, נאָר די חכמים האָבן געאסרט, און אויב מען האָט יאָ געטאָן איז מען פּטור פון ברענגען א קרבן חטאת. דאקייגן אין א מקום פּטור מעג מען אריינטראָגן און ארויסטראָגן סיי פון רשות היחיד סיי פון רשות הרבים. עס איז אויך דער דין (און מיר האָבן דאָס דערקלערט פריער אין פּרק א' משנה א') אז ארויסטראָגן פון איין רשות אין צווייטן הייסט נור ווען מען מאַכט א "עקירה" און א "הנחה", מען איז עוקר, מען נעמט-**

שהוציאן אחר, פטור, מפני שלא עשה מלאכתו בבת אחת. קופה שהיא מליאה פירות ונתנה על איסקופה החיצונה, אף על פי שרוב הפירות מבחוץ פטור עד שיוציא את כל הקופה;

ג. המוציא בין בימינו בין בשמאלו, בתוך חיקו, או על כתיפו, חייב, שכן משא בני קהת; כל אחר ידו, ברגלו, בפיו, ובמרפקו, באזנו, ובשערו, ובפונדתו ופיה למטה, בין פונדתו לחלוקו, ובשפת חלוקו, במנעלו, בסנדלו, פטור, שלא הוציא כדרך המוציאין:

ד. המתכוין להוציא לפניו ובא לו לאחריו, פטור; לאחריו ובא לו

---

ארויס פון א שטוב און מען לייגט עס אוועק אין גאס, אָדער פאַרקערט מען נעמט ארויס פון גאס און מען לייגט עס אוועק אין שטוב. זאָגט דאָ די משנה, אז ווייל ער האָט דאָך צוערשט אוועקגעלייגט די עסנווארג אויף דער שוועל, אין דעם כרמלית, און כאָטש ער האָט דערנאָך גענומען די עסנווארג פון דער שוועל און אוועקגעלייגט אין גאס איז ער פטור. ווייל צווישן דער „עקירה" (דעם נעמען) פון שטוב און דער „הנחה" (אוועקלייגן) אין גאס, האָט ער דאָך אינמיטן אוועקגעלייגט אין א כרמלית, הייסט עס ניט אז ער האָט געטאָן אָן איבעררייסן די עקירה פון רשות היחיד און די הנחה אין **רשות הרבים.** קופה, (אויב ער האָט גענומען פון שטוב) א קויש וואָס איז פול מיט פרוכטן און ער האָט אים אוועקגעלייגט אויף דער דרויסנדיקער שוועל (וועלכע איז נידריקער פון 3 טפחים און איז דעריבער גלייך ווי די גאס און הייסט א רשות הרבים), כאָטש דער רוב פון די פרוכטן זענען אין דרויסן (אָבער ווייל א טייל פון קויש געפינט זיך נאָך אין שטוב) איז ער פטור, ביז ער טראָגט ארויס דעם גאנצן קויש. **אין דער גמרא איז פאַראַן איין מיינונג, אז דאָס מיינט מען נור ווען אין קויש זענען פאַראַן לאַנגע פרוכטן ווי ציבעלעס מיט די בלעטער, אזוי אז א טייל פון יעדער פרוכט איז אינווייניג אין הויז; אָבער אויב אין קויש איז פאַראַן קליינע פרוכטן, ווי זענעפט, אזוי אז א סך פרוכטן זענען דאָך שוין אינגאנצן אין דרויסן, איז מען יאָ חייב.**

ג. המוציא, אז איינער טראָגט ארויס (א זאַך), סיי אין זיין רעכטער האַנט סיי אין זיין לינקער האַנט, (אָדער) אין זיין שויס, אָדער אויף זיין אַקסל איז ער חייב (צו ברענגען א קרבן חטאת), ווייל אזוי איז געווען דאָס טראָגן פון די זין פון קהת (בני קהת). **מיר האָבן פריער אין פרק ז' משנה ב' געזאָגט, אז די מלאכות אין שבת ווערן געדעכנט לויט די ארבייטן וואָס זענען פאָרגעקומען צום משכן ווען די יידן זענען געווען אין דער מדבר. און ווייל אין חומש במדבר ז' ווערט געזאָגט אז די בני קהת האָבן געטראָגן אַ טייל פון משכן אויף דעם אקסל (בכתף ישאו), הייסט דעריבער דאָס טראָגן אויפן אקסל אויך די מלאכה פון הוצאה.** כלאחר, אויב (אָבער איינער טראָגט א זאַך) אויף דער צווייטער זייט פון זיין האַנט (ניט אין דער האַנט, אין דער דלאָניע, נאָר האַלטנדיק די דלאָניע אראָפּ און טראָגן די זאַך אויף דער אנדערער זייט פון דער האַנט), אָדער אין זיין פוס (ער טראָגט א זאַך מיט די פיס) אָדער אין זיין מויל, אָדער אינם עלנבויגן, אָדער אין זיין אויער, אָדער אין זיינע האָר אָדער אין בייגארטל (א גאר־טעל אין וועלכן ס'איז פאראַן א בייטעלע) און דאָס מויל פון בייטעלע איז איבערגעדרייט אראָפּ, אָדער צווישן זיין בייגארטל און זיין העמד, אָדער אין זוים פון העמד, אָדער אין זיין שוך אָדער זיין סאנדל (א סאָרט שיך), איז ער פטור, ווייל ער האָט ניט ארויס־געטראָגן ווי עס איז דער שטייגער פון (מענטשן) וועלכע טראָגן ארויס. **וועגן דעם וואָרט „פונדתו", „פונדה", א בייגארטל האָבן מיר געגעבן ברכות פרק ט' משנה ה'.**

ד. המתכוון, אז איינער האָט געוואָלט טראָגן (א זאַך) פון זיין פאָרנט (פון פאָ־רענט פון זיך) און זי (די זאַך) איז אים ארויסגעקומען הינטער אים (אויף די פליי־צעס) איז ער פטור; אויב (ער האָט געוואָלט טראָגן) הינטער זיך (אויף די פלייצעס) און זי איז אים ארויסגעקומען אין פראָנט, איז ער חייב. **דער טעם איז, ווייל אז ווען ער האָט געוואָלט האָבן די זאַך אין פראָנט, האָט ער די זאַך געוואָלט בעסער אָפּהיטן, מען**

**לפניו, חייב. באמת אמרו, האשה החוגרת בסינר בין מלפניה ובין מלאחריה חייבת, שכן ראוי להיות חוזר. ר׳ יהודה אומר אף מקבלי פתקין:**

**ה. המוציא ככר לרשות הרבים חייב; הוציאוהו שנים, פטורין. לא יכול אחד להוציאו והוציאוהו שנים חייבין; ור׳ שמעון פוטר. המוציא אוכלין פחות מכשיעור בכלי, פטור אף על הכלי, שהכלי טפילה לו. את החי במטה, פטור אף על המטה, שהמטה טפילה לו. את המת במטה,**

---

זאָל זי ניט צוגנבענען, און אויב זי האָט זיך אַרונטערגערוקט אויף די פּלייצעס איז דאָך דאָס אָפּהיטן געוואָרן שוואַכער, הייסט עס, אַז עס איז ניט אַרויסגעקומען ווי ער האָט געוואָלט. אָבער ווען אַנשטאַט אויף די פּלייצעס האָט ער באַקומען די זאַך אין פֿאָרנט, ווערט דאָך די זאַך בעסער אָפּגעהיטן, נעמט מען אָן, אַז דאָס האָט ער יאָ געוואָלט. באמת, מען האָט באמת געזאָגט, אַז די פֿרוי וואָס טוט אָן (גאַרטלט אָן) איר פֿאַרטוך סיי ווען (זי טראָגט אַרויס אים שבת אַ זאַך אין פֿאַרטוך ווען דאָס פֿאַרטוך איז) אין איר פֿראָנט, און סיי ווען (דאָס פֿאַרטוך) איז הינטער איר, איז זי חייב, ווייל דאָס (פֿאַרטאָך) איז דער שטייגער זיך אומצודרייען. ממילא האָט די פֿרוי געוואוסט, אַז עס קאָן זיין אַז די זאַך וועט אַרויסקומען הינטן. וועגן „באמת אמרו״ (מען האָט באמת געזאָגט) האָבן מיר געגעבן פֿריער פּרק א׳ משנה ג׳. ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ מיינט אַז „סינר״ איז פֿון גריכישן וואָרט „סענאַריאָן״, אַ גאַרטל. ר׳ יהודה זאָגט, אַז אויך בריף־טרעגער (מקבלי פּתקין). זיי טראָגן די בריף אין אויסגעהוילטע שטעקעלעך, אַנגעבינדן ביים האַלדז, און די שטעקעלעך דרייען זיך און קומען אַרויס אויף די פּלייצעס, און דעריבער זענען אויך זיי חייב אויב זיי האָבן געוואָלט טראָגן (די בריף אים שבת) פֿון פֿאָרנט און זיי זענען אַרויסגעקומען פֿון הינטן. אַזוי טייטשט דער ברטנורא, און ער באַמערקט דאַביי „של מלך״, דאָס מיינט ער מסתמא, די אָפּיציעלע בריף־טרעגער, וועלכע זענען אָנגעשטעלט ביים מלך. רש״י און אַנדערע מפֿרשים ברענגען אַנדערע טייטשן, אָבער רש״י אַליין זאָגט, „ולבי מגמגם״, אַז דער טייטש איז ניט זיכער.

ה. המוציא ככר, אַז איינער טראָגט אַרויס (פֿון שטוב) אַ ברויט (אים שבת) אין אַ רשות הרבים (אין גאַס) איז ער חייב (צו ברענגען אַ קרבן חטאת). אויב צוויי (מענטשן) צוזאַמען האָבן אים (דעם ברויט) אַרויסגעטראָגן, זענען זיי פּטור. די גמרא לערנט דאָס אַרויס פֿון פּסוק ויקרא ד׳ „בעשותה״ (ווען ער וועט איר, די עבירה, טאָן), אַז מען איז חייב נאָר ווען איינער טוט די גאַנצע מלאכה. לא, אויב איינער האָט ניט געקאָנט אים (דעם ברויט) אַרויסטראָגן (ער איז געווען צו־שוואַך פֿאַר איין מענטשן) און צוויי מענטשן האָבן אים אַרויסגעטראָגן, זענען זיי חייב. די גמרא לערנט דאָס אויך אַרויס פֿון זעלבן פּסוק. ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון פּטרט. ער האַלט, אַז מען איז מחויב צו ברענגען דעם קרבן חטאת נאָר ווען איינער טוט די אַרבייט. המוציא אוכלין, אַז איינער טראָגט אַרויס אין אַ כלי עסנוואַרג ווינציקער ווי דער שיעור, איז ער פּטור אויך אויף דער כלי, ווייל די כלי איז אַ טפל צו אים. פֿריער אין פּרק ז׳ משנה ד׳ איז געלערנט געוואָרן, אַז דער שיעור פֿון עסנוואַרג איז די גרויס פֿון אַ דאַרער פֿייג. אויב מען האָט אַרויסגעטראָגן אַ קלענער שטיקל עסנוואַרג איז מען פּטור. זאָגט די משנה, אַז אפילו מען האָט דאָס קלענערע שטיקל עסנוואַרג אַרויסגעטראָגן אין אַ כלי איז מען פּטור אויך אויף דעם אַרויסטראָגן די כלי, כאָטש ווען מען טראָגט די כלי אַליין אַרויס וואָלט מען יאָ געווען חייב. דער טעם איז, ווייל די כלי איז אַ טפל צו דעם קלענערן שטיקל עסנוואַרג, און עס ווערט ניט באַטראַכט ווי אַ באַזונדער אַרויסטראָגן. את החי, אויב (איינער האָט אַרויסגעטראָגן אַ לעבעדיקן (מענטש) אין אַ בעט, איז ער פּטור אויך אויף דעם בעט, ווייל דאָס בעט איז אַ טפל צו אים (צום לעבעדיקן מענטשן). דער דין איז, אַז אַרויסטראָגן אַ לעבעדיקן מענטש אים

**חייב. וכן כזית מן המת, וכזית מן הנבלה, וכעדשה מן השרץ, חייב: ור׳ שמעון פוטר:**

**ו. הנוטל צפורניו זו בזו או בשיניו, וכן שערו, וכן שפמו, וכן זקנו, וכן הגודלת, וכן הכוחלת, וכן הפוקסת, ר׳ אליעזר מחייב, וחכמים**

שבת הייסט ניט ארויסטראָגן ווייל „חי נושא עת עצמו״, א **לעבעדיקער מענטש טראָגט זיך אליין, און מען איז פטור צו ברענגען א קרבן חטאת. לערנט די משנה, אז ער איז פטור אויך אויף דעם בעט, ווייל דאָס בעט איז א טפל צום לעבעדיקן מענטש.** את המת, אויב (איינער האָט ארויסגעטראָגן א מת (א טויטן מענטש) איז א בעט איז ער חייב, און אזוי (אויך, אויב ער האָט ארויסגעטראָקן ניט קיין גאנצן טויטן מענטשן נאָר) א שטיקל פלייש פון א מת וואָס איז גרויס ווי אן איילבירט (א כזית) אָדער א כזית פון א נבלה (א געפגרטער בהמה צי א חיה), אָדער א שטיקל פון א טויטן שרץ גרויס ווי א לינז (כעדשה), איז ער חייב. **דער טעם איז, ווייל א מת, און א כזית פון א מת און א כזית פון א נבלה און א כעדשה (אזוי גרויס ווי א לינז, ווי א סאָרט ארבעס) פון אטויטן שרץ איז מטמא, און דעריבער האָט דאָס ארויס־טראָגן עס פון שטוב א חשיבות כדי עס זאָל ניט מטמא זיין אנדערע, און עס הייסט דעריבער א מלאכה.** ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון פטרט. **דער טעם איז, ווייל ר׳ שמעון האַלט, אז א „מלאכה שאינה צריכה לגופה״, אן ארבייט, וואָס מען טוט ניט פאר דער ארבייט זעלבסט נאָר כדי צו דערגרייכן אן אנדערן ציל, הייסט ניט קיין ארבייט און אויב מען טוט איר אים שבת איז מען פטור. אויך דאָ טראָגט מען דאָך ארויס דעם מת צי דאָס שטיקל נבלה צי דאָס שטיקל שרץ, ניט דערפאַר ווייל מען דארף די זאכן צו האָבן צום נוצן זיי, נאָר כדי זיי זאָלן ניט זיין אין שטוב, און אויסצומיידן אז זיי זאָלן ניט מטמא זיין אנדערע זאכן, הייסט ער א „מלאכה שאינה צריכה לגופה״ און מען איז פטור.**

ו. הנוטל, אז איינער שניידט זיך אָפּ (אים שבת) די נעגל איין נאָגל מיט דעם אנדערן (מיט איין נאָגל רייסט ער אראָפּ דעם אנדערן נאָגל), אָדער (ער בייסט זיי אָפּ) מיט זיינע ציין, און אזוי אויך (ווען איינער רייסט אויס מיט זיינע הענט) זיינע האָר (פון קאָפּ), און אזוי אויך (אויב ער רייסט אויס) זיינע וואָנסעס און אזוי אויך זיין באָרד, און אזוי אויך ווען א (פרוי) פלעכט זיך איין די האָר (אויף איר קאָפּ), און אזוי אויך ווען א פרוי פאַרבט זיך (ארום די אויגן), און אזוי אויך ווען א פרוי מאַכט זיך א שרינט אין די האָר פון קאָפּ (טיילט איין די האָר אין צוויי זייטן), איז ר׳ אליעזר מחייב (צו ברענגען א קרבן חטאת, ווייל ער באַטראַכט די אלע ארבייטן פאר א מלאכה) און די חכמים אסרן עס אלס שבות (כדי צו רוהען אים שבת). **ר׳ אליעזר האַלט אז דאָס אָפּרייסן די נעגל מיט דער האַנט צי מיט די ציין, און דאָס זעלבע אויסרייסן האָר מיט דער האַנט הייסט „גוזז״. אפּשערן, און דאָס איז א מלאכה. דאָס־זעלבע האַלט ער, אז פלעכטן די האָר און מאכן זיך א שרינט הייסט „בונה״, בויען און עס איז א מלאכה. דאָס זעלבע איז פאַרבן זיך ארום די אויגן אזוי ווי „כותב״, שרייבן, און עס הייסט א מלאכה, אָבער די חכמים זאָגן, אז ניט אזוי שערט מען, און ניט אזוי בויט מען און ניט אזוי שרייבט מען, און עס הייסט ניט קיין מלאכה, און מדאורייתא מעג מען עס טאָן, און דעריבער אויב מען טוט עס דארף מען ניט ברענגען קיין קרבן חטאת, אָבער מען טאָר עס ניט טאָן לכתחילה אים שבת, ווייל די רבנן האָבן עס גע׳אסר׳ט.** די ארבייטן וואָס די רבנן (די חכמים) האָבן גע׳אסרט צו טאָן אים שבת און אים יום טוב, הייסן „שבות״ (פון „שבת״, רוען) און זיי זענען אסור. **אָבער אָפּרייסן די נעגל צי די האָר מיט א כלי הייסט, לויט די חכמים, יאָ א מלאכה.** „כוחלת״ איז פון „כחול״, פאַרבן. „גדל״ הייסט אויך אין אראמעאיש פלעכטן האָר. **„פוקסת״ זאָגט ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ אז דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „פעקא״, קעמען זיך די האָר. עס איז פאראן נאָך א וואָרט אין גריכיש „פוקאס״, וואָס איז דער טייטש שמינקע, פאַרב, מיט וועלכע פרויען**

**אוסרין משום שבות. התולש מעציץ נקוב חייב, ושאינו נקוב פטור; ור׳ שמעון פוטר בזה ובזה:**

## פרק י״א.

**א. הזורק מרשות היחיד לרשות הרבים, מרשות הרבים לרשות היחיד, חייב. מרשות היחיד לרשות היחיד ורשות הרבים באמצע, ר׳ עקיבא מחייב, וחכמים פוטרין:**

---

פארבן זיך דאָס געזיכט, און דער ירושלמי דאָ אויף דער משנה זאָגט טאקע „הפוקסת חיבת משום צובעה״, אז פוקסת איז עובר אויף דער מלאכה פון פארבן. התולש, אז איינער רייסט אָפּ (אים שבת א געוויקס) פון א געלעכערטן בלומען־טאָפּ איז ער חייב. ווייל דאָס הייסט ווי ער וואָלט אָפּגעריסן פון דער ערד, מחמת דורך דעם לעכל אין בלומען־טאָפּ ציט דאָס געוויקס די יניקה פון דער ערד, און עס הייסט „תולש״, אָפּ־רייסן, ושאינו, אויב פון א ניט־געלעכערטן (בלומען־טאָפּ) איז ער פטור. ווייל עס הייסט ניט באהאפטן צו דער ערד (מחובר לקרקע). ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון פטרט ביי דעם און ביי דעם. ער האַלט, אז אויך א געלעכערטער בלומען־טאָפּ הייסט ניט באהאפטן צו דער ערד, וועגן וואָרט „עציץ״ זע אין אונזער פירוש מסכתא כלאים פרק ז׳ משנה ח׳.

## פרק י״א.

א. הזורק, אז איינער וואַרפט (אים שבת) פון רשות היחיד אין רשות הרבים, (אָדער) פון רשות הרבים אין רשות היחיד איז ער חייב. מיר האָבן שוין אין אָנהויב פון דער מסכתא שבת און אויך אויף פריער פרק י׳ משנה ב׳ דערקלערט וואָס איז רשות היחיד און וואָס איז רשות הרבים. בכלל קאָן מען אָננעמען אז א רשות היחיד איז א שטוב, צי אן ארומגערינגעלטער הויף, און רשות הרבים איז א גאס. זאָגט די משנה, אז ניט נור הייסט געטאָן א מלאכה אים שבת און מען איז מחוייב (צו ברענגען א קרבן אויב מען טוט די מלאכה בשוגג) ווען מען טראָגט ארויס א זאך פון שטוב אין גאס אָדער פון גאס אין שטוב, נאָר אויך ווען מען וואַרפט ארויס א זאך פון שטוב אין גאס אָדער פון גאס אין שטוב, הייסט עס אזוי ווי געטראָגן און געטאָן א מלאכה. מרשות היחיד, (אויב איינער וואַרפט א זאך) פון איין רשות היחיד אין אן אנדערן רשות היחיד און אין צווישן (די דאָזיקע צוויי רשות היחיד) אי פאראן א רשות הרבים, איז ר׳ עקיבא מחייב און די חכמים פטרן. די שאלה וועגן וואָס די משנה לערנט דאָ איז, אויב עס זענען פאראן צוויי הייזער (צוויי רשות היחיד), און צווישן די צוויי הייזער איז פאראן א גאס (א רשות הרבים), און איינער וואַרפט אריבער א זאך פון איין הויז אין אנדערן הויז דורך דעם גאס. צי הייסט עס, אז ער האָט געוואָרפן פון רשות היחיד אין רשות הרבים, מחמת די זאך איז דאָך דורכגע־גאנגען די גאס? אָדער ווייל די זאך איז דאָך ניט געבליבן אין דער גאס, זי האָט דאָך אין גאס ניט געהאט קיין „הנחה״, און געבליבן ליגן איז זי דאָך אין צווייטן רשות היחיד, הייסט עס ניט ווי געוואָרפן פון רשות היחיד אין רשות הרבים? זאָגט די משנה, אז ר׳ עקיבא האַלט, אז ווייל די זאך איז דאָך אריין אין דער לופט פון רשות הרבים, פון דער גאס, זי איז דאָרט „נקלט״, אויפגענומען געוואָרן, איז „קלוטה כמי שהונחה״, הייסט עס פונקט ווי זי וואָלט געבליבן ליגן אין רשות הרבים און ער איז מחייב צו ברענגען א קרבן. אָבער די חכמים האַלטן, אז „קלוטה לאו כמי שהונחה״, אז עס הייסט ניט ווי געבליבן ליגן, און זיי פטרן פון ברענגען א קרבן. די גמרא ברענגט איין דעה, אז די מחלוקה איז נאָר ווען די זאך איז דורכגעגאנגען די גאס ניט העכער פון 10 טפחים פון דער ערד. אָבער אויב העכער פון 10 טפחים פון דער ערד האָט אויך די לופט פון דער גאס דעם דין ניט פון א רשות הרבים נאָר פון א „מקום פטור״, פון א „פטור־ארט״ (ווי מיר האָבן ער דערקלערט פריער פרק י׳ משנה ב׳) און ער איז פטור.

**ב. כיצד? שתי גזוזטראות זו כנגד זו ברשות הרבים, המושיט והזורק מזו לזו, פטור. היו שתיהן בדיוטא אחת, המושיט חייב, והזורק פטור, שכך היתה עבודת הלוים: שתי עגלות זו אחר זו ברשות הרבים, מושיטין הקרשים מזו לזו, אבל לא זורקין. חוליות הבור וסלע, שהן גבוהים עשרה ורחבן ארבעה, הנוטל מהן והנותן על גבן חייב; פחות מיכן, פטור:**

---

ב. כיצד? ווי אזוי? **די חכמים ענטפערן דאָ אויף דער שאלה, ווען הייסט יאָ געטאָן א מלאכה ביי צוויי רשות היחיד און א רשות הרבים איז מפסיק אין דערמיט.** שתי גזוזטראות, צווי באלקאָנען, איינער קייגנאיבער דעם אנדערן, אין רשות הרבים, אויב ער דערלאנגט אריבער אָדערווארפט אריבער פון דעם (באלקאָן) צו דעם (אנדערן באלקאָן) איז ער פטור. **ווען אין איין זייט גאס איז פאראן א באלקאָן אין א הויז, און א באלקאָן הייסט א רשות היחיד, און אין אנטקייגן - איבער, אין דער אנדערער זייט גאס, איז פאראן אן אנדערער באלקאָן, ווָעלכער איז אויך א רשות היחיד, און צווישן די צוויי באלקאָנען גייט די גאס, און א מענטש דערלאנגט אריבער אָדער ווארפט אריבער א זאך פון איין באלקאָן צום צווייטן דורך דער ברייט פון דער גאס, איז ער פטור.** היו שתיהן, אויב ביידע (באלקאָנען) זענען געווען אין איין זייט (פון דער גאס, איין באלקאָן נאָכן אנדערן אין דער לענג פון דער גאס), איז איינער, ווָעלכער דערלאנגט אריבער (א זאך) פון איין באלקאָן צום אנדערן דורך דעם שטיקל גאס וואָס געפינט זיך צווישן זיי) איז חייב, און דער וואָס וואַרפט־אריבער (פון איין באלקאָן צום אנדערן דורך דעם שטיקל גאס) איז פטור. **דאָ, אין דעם פאל, ווען די באלקאָנען זענען ניט איינער קייגן צווייטן, נאָר איינער נאָכן צווייטן, מאַכט די משנה אן אונטערשיד צווישן „מושיט" אריבערדערלאנגן, און „זורק", אריבערוואַרפן. אריבערדערלאנגן הייסט געטאָן א מלאכה, און אריבער־ווארפן הייסט ניט געטאָן קיין מלאכה. און די משנה דערקלערט פארוואָס עס איז אזוי דער דין:** שכך, ווייל אזוי איז געווען די ארבייט פון די לויים (אין דער מדבר ביים משכן, ווען מען האָט גֶעטראָגן די טיילן פון משכן, צווי וועגענער (זענען גע־שטאַנען איינער נאָכן אנדערן אין רשות הרבים (אין דער מדבר) און (די לויים) האָבן אריבערדערלאנגט די ברעטער (פון משכן) פון דעם (איינעם וואָגן) צו דעם (אנדערן וואָגן, אָבער מען האָט ניט געוואָרפן. **מיר האָבן פריער פרק ז' משנה ב' געזאָגט, אז אלס ארבייטן, מלאכות, וואָס מען טאָרניט טאָן אים שבת, ווערן באטראכט אזעלכע ארבייטן, וואָס זענען געטאָן געוואָרן אמאָל ביים משכן אין דער מדבר, זאָגט דאָ די משנה, אז אזא ארבייט אריבערצודערלאנגן (מושיט) זאכן פון איין רשות היחיד צו אן אנדערן רשות דורך א רשות הרבים, ווען די צוויי רשות היחידס זענען איינער נאָכן אנדערן, איז געטאָן געוואָרן ביים משכן, דהיינו ביים דערלאנגן ברעטער פון איין וואָגן צום אנדערן, און די וועגענער זענען געשטאנען איינער נאָכן אנדערן. דעריבער איז „מושיט", אריבערדערלאנגן, א מלאכה און מען איז חייב. אָבער גע־וואָרפן די ברעטער האָט מען ניט, ווייל זיי זענען געווען צו־שווער. דעריבער איז „זורק", וואַרפן פון איין רשות היחיד צו אן אנדערן דורך א רשות הרבים, ניט קיין מלאכה און מען איז פטור. „גזוזטרא" איז, ווי עס זאָגט דער „מוסף הערוך", דאָס גריכישע וואָרט „עקסאסטרא", וואָס איז דער טייטש א באלקאָן, א גאלעריע. „דיוטא" איז דאָס גריכישע וואָרט „דיעטא", וואָס איז דער טייטש א וואוינונג, און אין דער משנה און גמרא ווערט דאָס וואָרט באנוצט אלס „שטאָק" („דיוטא עליונה", „העכערער שטאָק", בבא בתרא ס"ג), און דאָ מיינט מען אין איין זייט פון דער גאס.** חולית, א ראנד פון א גרוב אָדער א שטיין, וואָס זענען הויך צען (טפחים) און ברייט פיר (טפחים) אויב א מענטש וואָס (שטייט אין רשות הרבים) נעמט אראָפּ (א זאך) פון זיי אָדער ער לייגט ארויף א (זאך) אויף זיי (אים שבת) איז ער חייב; אויב

ג. הזורק ארבע אמות בכותל, למעלה מעשרה טפחים — כזורק באויר, למטה מעשרה טפחים — כזורק בארץ. הזורק בארץ ארבע אמות חייב. זרק לתוך ארבע אמות ונתגלגל חוץ לארבע אמות, פטור; חוץ לארבע אמות ונתגלגל לתוך ארבע אמות, חייב:

ד. הזורק בים ארבע אמות פטור. אם היה רקק מים ורשות הרבים מהלכת בו, הזורק לתוכו ארבע אמות חייב. וכמה הוא רקק מים? פחות מי׳ טפחים. רקק מים ורשות הרבים מהלכת בו, הזורק בתוכו ארבע אמות, חייב:

---

ווינציגער פון דעם (זיי זענען נידריגער פון צען טפחים אָדער שמעלער פון פיר טפחים) איז ער פטור. עס ווערט אָנגענומען אז יעדעס אָרט אין א רשות הרבים (ווי א שטיין, צי אָנגעלייגט זאמד ארום א ראנד פון א גרוב) וואָס איז הויך 10 טפחים און ברייט פיר טפחים, ווערט פאררעכנט פאר א רשות היחיד. בנוגע דעם גרוב זענען פאראן צוויי דעות, צי דאָס זאמד אליין איבער דער עפענונג פון גרוב דארף זיין הויך 10 טפחים, צי דאָס זאמד צוזאמען מיט דער טיפקייט פון גרוב זאָל זיין צען טפחים. דער „ערוך השלם" ברענגט א חקירה איבער דעם וואָרט „חוליה" (חולית הבור), און ער מיינט, אז דאָס איז פון אראָבישן וואָרט „חלה", א שטיק, א טייל פון א זאך. עס קאָן אָבער זיין אז עס איז פון חלל (אָדער „חול"), ארומרינגלען, און דערפון איז „מחול" א טאנץ, ארומדרייען זיך. חוליית הבור איז אזוי ארום דער טייטש די שטיקער ערד, וואָס מען לייגט ארום דער עפנונג פון גרוב.

ג. הזורק, אז איינער ווארפט פיר איילן (אין רשות הרבים) אויף א וואנט ארויף, אויב העכער פון צען טפחים איז ווי געוואָרפן אין דער לופט, אויב נידריקער פון צען טפחים איז ווי געוואָרפן אויף דער ערד, דער דין איז, אז ווען מען טראָגט א זאך אים שבת פיר איילן אין רשות הרבים הייסט געטאָן א מלאכה און מ׳איז מחויב צו ברענגען א קרבן (אויב מען האָט עס געטאָן בשוגג). דאָסזעלבע איז אויך ווען מען ווארפט א זאך פיר איילן אין רשות הרבים. זאָגט די משנה אז איינער ווארפט א זאך אין רשות הרבים פיר איילן און די זאך איז געפאלן אויף א וואנט (די גמרא זאָגט, אז עס איז געווען א פעטע פייג און זי איז געוואָרן צוגעקלעבט צו דער וואנט), איז אויב עס איז העכער פון צען טפחים איז ער פטור, ווייל העכער פון צען טפחים אין רשות הרבים הייסט ניט קיין רשות הרבים און איז א מקום פטור (ווי מיר האָבן דערקלערט פריער פרק י׳ משנה ב׳), און אויב נידריקער פון צען טפחים איז ער חייב. הזורק בארץ, אז איינער ווארפט אין דער ערד (אין רשות הרבים) פיר איילן איז ער חייב; אויב ער האָט געוואָרפן אין פיר איילן (ער האָט געוואָלט אז עס זאָל פאלן ווינציקער פון פיר איילן) און עס האָט זיך ארויסגעקייקלט אויסער די 4 איילן איז ער פטור. מחמת ער האָט דאָך ניט מכוון געווען צו ווארפן אזוי אז ער זאָל דאדורך האָבן געטאָן א מלאכה. חוץ, (אויב ער האָט געוואָרפן אויסער די פיר איילן און (די זאך), האָט זיך צוריק ארייגעקייקלט אין די פיר איילן איז ער חייב. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור, ווען די זאך איז געבליבן כאָטש אויף א קליינער ווייל אויסער די פיר איילן.

ד. הזורק בים, אז איינער ווארפט (א זאך) פיר איילן אין ים איז ער פטור. ווי מיר האָבן פריער פרק י׳ משנה ב׳ דערקלערט, איז א ים א כרמלית, ניט קיין רשות הרבים; און מען איז דעריבער פטור. אם היה, אויב עס איז געווען א וואסער־זומפ (בלאָטע) און דער רשות הרבים האָט זיך דורכגעצויגן דורך אים (מענטשן זענען געגאַנגען דורך דעם זומפ), ווען איינער ווארפט אין אים פיר איילן איז ער חייב. ווייל דער זומפ ווערט גערעכנט ווי דער רשות הרבים. וכמה, און וויפיל דארף זיין טיף דער וואסער־זומפ (אז ער זאָל נאָך הייסן א רשות הרבים)? ווינציקער פון צען טפחים. אויב אָבער ער איז טיף צען טפחים אָדער מער, האָט ער שוין ניט דעם

ה. **הזורק מן הים ליבשה, ומן היבשה, לים, ומן הים לספינה, ומן הספינה לים, ומן הספינה לחבירתה, פטור. ספינות קשורות זו בזו, מטל־טלין מזו לזו; אם אינן קשורות, אף על פי שמוקפות, אין מטלטלין מזו לזו:**

ו. **הזורק ונזכר לאחר שיצאת מידו, קלטה אחר, קלטה כלב, או שנשרפה, פטור. זרק לעשות חבורה בין באדם בין בבהמה, ונזכר עד**

---

**דין פון א רשות הרבים נאָר פון א כרמלית, און מען איז פטור אויב מען ווארפט אין אים פיר איילן.** רקק מים, א וואסער־זומפּ און א רשות הרבים גייט דורך, אז איינער ווארפט אין אים פיר איילן איז ער חייב. **די גמרא זאָגט, אז דעריבער לערנט די משנה דאָס נאָכאמאָל, כדי צו ווייזן, אז אפילו דאָס זומפּ איז ברייטער פון 4 איילן און אפילו מענטשן קאָנען גיין נאָר על ידי הדחק, מיט מאטערניש, פונדעסטוועגן אויב זי איז ניט טיף צען טפחים איז זי א רשות הרבים.**

ה. הזורק מן הים, אז איינער ווארפט (א זאך) פון ים ארויף אויף דער יבשה, אָדער פון דער יבשה אין ים, אָדער פון ים ארויף אויף א שיף, אָדער פון איין שיף אויף דער אנדערער (שיף), איז ער פטור. **דער ים איז, ווי מיר האָבן געלערנט, א כרמלית, און די יבשה, די טרוקעניש, איז א רשות הרבים, און די שיף איז א רשות היחיד. עס הייסט דעריבער געוואָרפן פון א כרמלית אין רשות הרבים אָדער פון רשות הרבים אין א כרמלית, אָדער פון א כרמלית אין רשות היחיד, אָדער פון איין רשות היחיד אין אן אנדערן רשות היחיד, און ווי מיר האָבן שוין געלערנט איז מען אין די אלע פאלן פטור.** ספינות, שיפן, וועלכע זענען צוגעבינדן איינע צו דער אנדערער, מעג מען איבערטראָגן (זאכן) פון איינער צו דער אנדערער; אויב (אָבער) זיי זענען ניט צוגעבונדן, כאָטש זיי רירן זיך אָן טאָר מען ניט איבערטראָגן (זאכן) פון איינער צו דער אנדערער. **דער טעם איז, ווייל אז זיי זענען ניט צוגעבונדן קאָנען זיי לייכט אוועקגיין איינע פון דער צווייטער. די גמרא זאָגט, אז אויב די שיפן גע־הערן צו צוויי באזונדערע מענטשן איז אפילו זיי זענען צוגעבונדן, מעג מען טראָגן פון איינער צו דער צווייטער נאָר ווען מען האָט געמאכט א עירובי חצרות, ווייל עס איז פּונקט ווי צוויי וואוינונגען פון צוויי מענטשן געפינען זיך אין איין הויף. וועגן עירובי חצרות זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין. „מוקף" מיינט נאָנט, און דאָ מיינט מען אז צווישן די שיפן איז ניטאָ קיין הפסקה.**

ו. הזורק ונזכר, אז איינער ווארפט א זאך (אים שבת, פון רשות היחיד אין רשות הרבים, בשוגג, ניט ווייסנדיק, אז עס איז שבת, אָדער ניט ווייסנדיק אז מען טאָר ניט ווארפן), און ער האָט זיך דערמאָנט (אז עס איז שבת און אז מען טאָרניט ווארפן) נאָכדעם ווי די זאך איז ארויס פון זיין האַנט (איידער די זאך איז געפאלן אויף דער ערד), אָדער (ער האָט זיך ניט דערמאָנט, נאָר) אן אנדערער מענטש האָט געכאַפּט די האנט (פון דער לופט) אָדער א הונט האָט געכאפּט די זאך, אָדער די זאך איז (אין דער לופט) פארברענט געוואָרן איז ער פטור (פון צו ברענגען א קרבן חטאת). **אין פאל פון דערמאָנען זיך איידער די זאך איז אראָפּגעפאלן איז מען פטור, ווייל מען איז מחויב א קרבן חטאת נאָר ווען די שגגה, דאָס ניט ווייסן, האָט זיך געצויגן כסדר, פון אָנהויב טאָן די מלאכה ביז צום סוף פון טאָן די מלאכה. אין פאל ווען אן אנדערער מענטש איז צוגעלאָפן און געכאפּט די זאך פון דער לופט הייסט עס, ווי צוויי מענטשן האָבן געטאָן די ארבייט און ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק י' משנה ה' זענען זיי ביידע פטור. אין פאל ווען א הינט האָט די זאך געכאפּט אָדער פון פארברענען איז מען פטור, ווייל דער ווארפער האָט ניט געוואָלט, אז דער הונט זאָל זי כאפּן אָדער זי זאָל פארברענט ווערן, און עס הייסט אז עס איז ניט געטאָן געוואָרן די ארבייט, צו וועלכער ער האָט מכוון געווען.** זרק, אויב ער האָט געוואָרפן (בשוגג א שטיין) צו מאכן א וואונד אין א מענטש אָדער אין א בהמה, און ער האָט זיך דערמאָנט איידער די וואונד איז געמאכט געוואָרן איז ער פטור (פון ברענגען א

**שלא נעשה חבורה, פטור. זה הכלל, כל חייבי חטאות אינן חייבין עד שתהא תחלתן וסופן שגגה. תחלתן שגגה וסופן זדון, תחלתן זדון וסופן שגגה, פטורין, עד שתהא תחלתן וסופן שגגה:**

## פרק י״ב.

**א. הבונה כמה יבנה ויהא חייב? הבונה כל שהוא. וחמסתת, והמכה בפטיש ובמעצד, והקודח כל שהוא, חייב. זה הכלל, כל העושה מלאכה, ומלאכתו מתקיימת, בשבת, חייב. רבן שמעון בן גמליאל אומר, אף**

---

קרבן חטאת). **פארוואונדן אים שבת** (חובל) **א מענטש צי א בהמה הייסט געטאָן א מלאכה** (ווייטער אין פרק י״ד משנה ה׳ ווערט געלערנט פארוואָס עס איז א מלאכה). **אויך דאָ איז מען פטור, און די משנה גיט באלד דעם טעם:** זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אלע, וואָס זענען מחויב צו ברענגען א קרבן חטאת זענען ניט מחויב סיידן עס זאָל זיין זייער אָנהויב און זייער סוף (פון אָנהויבן טאָן די עבירה ביז צום סוף טאָן די עבירה) בשוגג (ניט וויסן, אז מען טוט א עבירה); אָבער אויב אין אָנהויב איז עס געווען בשוגג און צום סוף במזיד (מען האָט זיך דערמאָנט אין דער מיט), אָדער אין אָנהויב במזיד און צום סוף בשוגג (למשל, ביים ארויסוואַרפן דעם שטיין האָט מען געוואוסט, אז מען טאָרניט, נאָר נאָכן ארויסוואַרפן, איידער דער שטיין איז אראָפּ־געפאלן, האָט מען פארגעסן) איז מען פטור (פון ברענגען א קרבן חטאת), סיידן עס איז דער אָנהויב און דער סוף בשוגג. **דער ברטנורא זאָגט, אז דער כלל וויל לערנען, אז אויך ווען איינער טראָגט בשוגג א זאך פיר איילן אין רשות הרבים און ער האָט זיך דערמאָנט אז עס איז שבת איידער ער האָט די זאך אוועקגעלייגט אָדער איידער ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז ער פטור צו ברענגען דעם קרבן חטאת.**

## פרק י״ב.

א. הבונה, א איינער בויט (אים שבת) וויפיל דארף ער בויען כדי ער זאָל זיין חייב (צו ברענגען א קרבן חטאת, ווייל ער האָט געטאָן אמלאכה אים שבת)? ווען איינער בויט אפילו נור עטוואָס. **„בונה״, „בויען״ הייסט געטאָן א מלאכה אפילו מען בויט נאָר עטוואָס, מען פארשטאָפּט אפילו נור דאָס קלענסטע לעכל אין א וואנט.** וחמסתת, און ווער עס האקט ארום שטיינער (מאכט זיי גליאטיק, פארטיק צום נוצן), והמכה בפטיש, און ווער עס גיט א קלאַפּ מיטן גרויסן האמער (אויף א שטיין, און דא־דורך צעפאלט דער שטיין און מען קאָן נעמען פון אים שטיקער צום נוצן), ובמעצד, און (דער וואָס גיט א קלאַפּ אין דעם שטיין) מיט א קלענערן האמער, הקודח, אז איינער בויערט (מאכט א לעכל), (ווען איינער טוט איינע פון די אויסגערעכנטע אר־בייטן) אפילו נור עטוואָס איז ער חייב. **די דאָזיקע ארבייטן ווערן פארערכנט פאר דער מלאכה „מכה בפטיש״, טוען א קלאַפּ מיטן האמער, דאָס הייסט, אַז דאדורך האָט מען פארענדיקט די ארבייט ארום א זאך** (ווי מיר האָבן פריער געלערנט אין **פרק ז׳ משנה ב׳**). זה הכלל, דאָס איז דער כלל, ווער עס טוט א מלאכה אים שבת און די מלאכה האָט א קיום איז חייב. **אזוי טייטשן די מפרשים, אז דאָס וואָרט „בשבת״ גייט ארויף אויף דעם „העושה מלאכה״, אז איינער טוט אן ארבייט אים שבת. די ווערטער „מלאכתו מתקיימת״ טייטשן די מפרשים, אז „דערמיט, מיט דער דאָזיקער ארבייט, איז די ארבייט אָפּגעטאָן געוואָרן״, מען דארף ניט מער צוגעבן צו איר, און דעריבער איז עס די מלאכה פון „מכה בפטיש״, ווי מיר האָבן פריער דער־קלערט.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אויך ווען איינער גיט (אים שבת) א קלאַפּ מיט דעם האַמער אויף דעם אמבאָס בשעת דער ארבייט איז ער חייב, ווייל עס הייסט פארעכנט (אָפּגעטאָן) אן ארבייט. **דער שמיד האָט אן אייזערנעם טיש, אמ־באָס, אויף וועלכן ער טוט זיינע ארבייטן. טיילמאָל גיט דער שמיד סתם א קלאַפּ מיט זיין האמער אויף דעם דאָזיקן אמבאס, כדי הארטער צו מאכן דעם האמער. מיר האָבן דאָ געהאט עטליכע נעמען פאר פארשידענע האמערס. „פטיש״ הייסט דער**

**המכה בקורנס על הסדן בשעת מלאכה, חייב, מפני שהוא כמתקן מלאכה:**

**ב. החורש כל שהוא, המנכש, והמקרסם, והמזרד כל שהוא, חייב. המלקט עצים, אם לתקן — כל שהן. אם להיסק — כדי לבשל ביצה קלה. המלקט עשבים, אם לתקן — כל שהוא, אם לבהמה — כמלא פי הגדי:**

**ג. הכותב ב׳ אותיות, בין בימינו בין בשמאלו, בין משם אחד בין משני שמות, בין משני סממניות, בכל לשון, חייב. אמר ר׳ יוסי לא חייבו שתי אותיות אלא משום רושם, שכך היו כותבין על קרשי המשכן לידע**

---

**האמער מיט וועלכן מען האַקט שטיינער. „מעצד" הייסט דער קלענערער, שאַרפער האמער, מיט וועלכן מען היבליעוועט אַרום סיי שטיינער און סיי האָלץ. „קורנס" הייסט דער האמער מיט וועלכן דער שמיד האַקט אויף דעם אמבאָס (דעם אייזערנעם טיש, סדן).**

ב. החורש, אז איינער אַקערט (אים שבת) אפילו נאָר עטוואָס, המנכש, אז איינער רייסט אויס שלעכטע גראָזן, והמקרסם, און אז איינער שניידט־אַרום פאַרטרוקנטע צווייגן פון א בוים (די איבעריגע צווייגן זאָלן בעסער וואַקסן), והמזרד, און אז ער שניידט אָפּ די צו־געדיכטע צווייגן, (ווען מען טוט איינער פון די דאָזיקע אַרביטן אפילו) נאָר עטוואָס, איז מען חייב. **דער רמבם זאָגט, אז דאָס אויסרייסן שלעכטע גראָזן, אָפּהאַקן פאַרטרוקנטע אָדער צו־געדיכטע צווייגן געהערן צו דער מלאכה „זורע", פאַרזייען, ווייל זיי מאַכן, אז די איבערגעבליבענע געוויקסן און צווייגן זאָלן בעסער וואַקסן.** המלקט, אז איינער האַקט־אָפּ („לקט", הייסט „קלייבן", און אויך „אָפּהאַקן", אָפּרייסן) העלצלעך, אויב (ער האָט דאָס געטאָן) כדי צו פאַרריכטן (דעם בוים, פון וועלכן ער האָט אָפּגעהאַקט, אָדער די ערד, פון וואַנען ער האָט די העלצלעך אַרויסגעריסן) איז גענוג נאָר עטוואָס (אפילו נור דאָס קלענסטע ביסל העלצלעך), אויב כדי זיי צו ברענען, איז (דער שיעור) כדי אָפּצוקאָכן א לייכט איי. **דאָס הייסט, אז עס ווערט פאַררעכנט פאַר א מלאכה נור ווען מען האָט אָפּגעהאַקט גענוג העלצלעך, אז ווען מען צינדט זיי אָן זאָל מען ביים פייער קאָנען אָפּקאָכן א לייכט איי. ווי מיר האָבן אין פרק ח׳ משנה ה׳ דערקלערט מיינט מען אַן איי פון א הון, מחמת עס איז דאָס לייכטסטע איי צום קאָכן.** המלקט עשבים, אז איינער רייסט־אָפּ גראָזן, אויב צו פאַרריכטן איז אפילו נאָר עטוואָס, אויב (צו געבן צו עסן) צו א בהמה איז (דער שיעור) ווי א פול מויל פון א ציגעלע. **מיר האָבן דאָ סיי, ביי העלצלעך און סיי ביי גראָזן געטייטשט „המלקט" „אָפּהאַקן", „אָפּרייסן", באַהאַפטענע העלצלעך און גראָזן. אזוי טייטשט דער ברטנורא („וקצוץ מן המחובר") דער „תפארת ישראל" טייטשט צונויפזאמלען „שוין אָפּגעריסענע".**

ג. הכותב, אז איינער שרייבט (אים שבת) צוויי אותיות (בוכשטאַבן) סיי מיט זיין רעכטער (האַנט) סיי מיט זיין לינקער (האַנט), סיי פון איין נאָמען (צוויי ריזעלבע בוכשטאַבן, למשל צוויי אלף׳ן) סיי פון צוויי נעמען (א „אלף" און א „בית"), סיי פון צוויי טינט־מאַטעריאַלן (סממניות), אין יעדער שפּראַך (ניט דוקא אין דעם לשון־קודש אלף־בית, נאָר אין יעדער שריפט) איז ער חייב. **דאָס הייסט, אז ער האָט געטאָן א מלאכה אים שבת. דאָס וואָרט „סממניות", וואָס מיר האָבן פאַרטייטשט „מיט צוויי סאָרט טינט־מאַטעריאַלן", ווערט אויך געטייטשט „מיט צוויי סימנים", צייכנס, ווי למשל שרייבן ציפערן א 2 און א 4, און די גירסא איז „סימניות", צייכנס.** אמר ר׳ יוסי, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אז מען האָט דעריבער מחייב געווען (איינעם וועלכער שרייבט אים שבת) צוויי אותיות, ווייל ער האָט דערמיט געמאַכט א צייכן, מחמת אזוי האָט מען געשריבן אויף די ברעטער פון משכן, כדי צו וויסן וועלכע איז זיין פּאָר. **ר׳ יוסי האַלט, אז אפילו איינער האָט געמאַכט צוויי סתם צייכנס הייסט שוין אויך ווי ער האָט געשריבן; און ער זאָגט, אז דער גאנצער טעם פאַרוואָס**

**איזו בן זוגו. אמר רבי, מצינו שם קטן משם גדול, שם משמעון ומשמואל, נח מנחור, דן מדניאל, גד מגדיאל:**

**ד. הכותב שתי אותיות בהעלם אחד, חייב. כתב בדיו, בסם, בסיקרא, בקומוס, ובקנקנתום, ובכל דבר שהוא רושם, על שני כותלי זויות, ועל שני לוחי פנקס, והן נהגין זה עם זה, חייב. הכותב על בשרו חייב. המסרט על בשרו, ר׳ אליעזר מחייב חטאת, ורבי יהושע פוטר.**

---

שרייבן צוויי אותיות הייסט א מלאכה ווייל (ווי מיר האָבן שוין געזאָגט פריער פרק ז׳ משנה ב׳) עס ווערט גענומען פון די ארבייטן וועלכע מען האָט געמוזט טאָן אין משכן אין דער מדבר, און דאָרט האָט מען געמאַכט אויף די ברעטער צייכנס, כדי מען זאָל ביי יעדן ברעט וויסן, וואָסער ברעט דאַרף זיין לעבן אים. דעם משכן פלעגט מען פונאנדערנעמען און אויפשטעלן און מען האָט געמוזט דעריבער אויף די ברעטער מאַכן די צייכנס. „בן זוגו", הייסט „זיין פּאָר", דאָס אנדערע ברעט וואָס דאַרף זיך געפינען לעבן דעם דאָזיקן ברעט. אמר רבי, האָט רבי געזאָגט, מיר געפינען א קליינעם נאָמען פון א גרויסן נאָמען (דעם נאָמען) „שם" פון „שמעון" און „שמואל", „נח" פון „נחור", „דן" פון דניאל", „גד" פון „גדיאל". רבי האַלט, אז אפילו איינער האָט געוואָלט שרייבן א גרויס וואָרט פון א סך אותיות און ער האָט געשריבן נור די צוויי ערשטע אותיות פון וואָרט, און זיי האָבן א באדייטונג, למשל אנשטאָט צו שרייבן שמואל האָט ער געשריבן נור די ערשטע צוויי אותיות „ש" און „מ", און „שם" איז דאָך אויך א נאָמען, הייסט עס געטאָן א מלאכה. די גמרא פרעגט, סטייטש די „מ" פון „שם" איז דאָך א געשלאָסענע „ם" און די „מ" פון „שמואל" איז דאָך א אָפענע „מ"? און די גמרא ענטפערט דערויף, אז דערפון איז געדרינגען (דאָס הייסט רבי האַלט), אז ווען אנשטאָט א געשלאָסענעם „ם" שרייבט מען אן אָפענע „מ" איז אויך גוט.

ד. הכותב, אז איינער שרייבט (בשוגג) צוויי אותיות מיט איין פארגעסן איז ער חייב (צו ברענגען א קרבן חטאת). „בהעלם אחד", „מיט איין פארגעסן", מיינט אז צווישן דעם שרייבן איין אות און דעם שרייבן דעם צווייטן אות האָט ער זיך ניט דערמאָנט (און ווידער פארגעסן) אז עס איז שבת אָדער אז מען טאָרניט טאָן די מלאכה, און ער איז געווען כסדר א שוגג פון אָנהויב שרייבן דעם ערשטן אות ביזן סוף שרייבן פון צווייטן אות. כתב, אז איינער האָט געשריבן מיט טינט, אָדער מיט רויטער פארב (סיקרא), אָדער מיט גומי (קומוס), אָדער מיט וויטריאָל (קנקנתום), אָדער מיט יעדער זאַך, וואָס לאָזט איבער א צייכן, (אז איינער האָט געשריבן צוויי אותיות) אויף צוויי ווענט אין די ווינקלען (אזוי אז די אותיות ליינען זיך צוזאמען) אָדער אויף צוויי טאָוולען פון א שרייב־בוך, און מען קאָן זיי (די צוויי אותיות) ליינען צוזאמען איז ער חייב. די משנה לערנט דאָ צוויי דינים, ערשטנס, אז שרייב מיינט מען ניט דוקא מיט טינט נאָר מיט יעדער זאַך, וואָס לאָזט איבער א דויערענדעם צייכן; אָבער למשל ווען מען שרייבט מיט וואסער הייסט ניט געשריבן. צווייטנס, אז די צוויי אותיות דאַרפן זיין אזוי געשריבן, אז ווען מען וויל קאָן מען זיי לייענען צוזאמען. למשל ביים ווינקל אויף צוויי ווענט, וועלכע מאַכן צוזאמען א ווינקל, אָדער אויף צוויי טאָוולען פון א בוך, און מען קאָן די אותיות לייענען צוזאמען. „קומוס" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאָמי", גומי. „קנקנתום, לויט איין גירסא „קלקנתום" איז דאָס גריכישע וואָרט „קלאקאנטאָס", וויטריאָל. „פנקס" איז דאָס גריכישע וואָרט „פינאַקס", א בוך, וואָס איז צונויפגעלייגט פון שרייב־טאָוולען. דער „תפארת ישראל" טייטשט „נהגין" פון „והגית", אריינטראַכטן, לייענען. הכותב, אז איינער שרייבט (מיט טינט, אותיות) אויף זיין קערפער איז ער חייב; אז איינער קראַצט־אריין (אותיות) אויף זיין קערפער, איז ר׳ אליעזר מחייב א חטאת, און ר׳ יהושע פטר׳ט. ווייל ר׳ יהושע האַלט, אז אריינקראַצן אותיות אויף א קערפער הייסט

**ה. כתב במשקין, במי פירות, באבק דרכים, באבק הסופרים ובכל דבר שאינו מתקיים, פטור. לאחר ידו, ברגלו, בפיו, ובמרפיקו, כתב אות אחת סמוך לכתב, וכתב על גבי כתב, נתכוין לכתוב חי״ת וכתב שני זייני״ן, אחד בארץ ואחד בקורה, כתב על ב׳ כותלי הבית, על שני דפי פנקס ואין נהגין זה עם זה, פטור. כתב אות אחת נוטריקון, ר׳ יהושע בן בתירא מחייב, וחכמים פוטרין:**

**ו. הכותב שתי אותיות בשתי העלמות, אחת שחרית ואחת בין הערבים, רבן גמליאל מחייב, וחכמים פוטרין:**

---

**ניט געשריבן, אפילו ווען די אותיות זענען געוואָרן באפלעקט מיט בלוט.**

ה. כתב אויב איינער האָט געשריבן מיט משקאות (מיט פליסיקייטן, ניט מיט טינט, און ניט מיט אזא מאטעריאל וואָס לאָזט איבער א דויערנדעס צייכן), מיט זאפט פון פרוכטן, אין דעם שטויב פון וועגן, אין דעם שטויב פון שרייבער (מיט וועלכן זיי באשיטן דאָס אָנגעשריבענע כדי עס אויסצולעשן), אָדער אין יעדער זאך וואָס בלייבט ניט, איז ער פטור. **ניט נור איז מען פטור ווען מען האָט געשריבן מיט א פליסיקייט וואָס לאָזט ניט איבער קיין דויערנדיקן צייכן נאָר אויך ווען מען האָט געשריבן אויף א מאטעריאל, וואָס דער צייכן אין אים בלייבט ניט, ווי למשל אין שטויב פון וועגן.** לאחר ידו, (אויב ער האָט געשריבן האלטענדיק די פעדער) מיט דער פארקערטער זייט פון דער האַנט, מיט זיין פוס, מיט זיין מויל אָדער מיט זיין עלבויגן, (אָדער ער האָט צו־געשריבן נור) איין אות לעבן א שוין געשריבענעם כתב, אָדער ער האָט איבערגעצויגן איבער א שוין־געשריבענעם כתב (אויף די אותיות) אָדער ער האָט געוואָלט שרייבן א „חית" און ער האָט געשריבן צוויי „זיין'ס" (דעם מיט פון דער אויבערשטער ליניע פון חית האָט ער ניט צוגעשריבן און עס זענען געבליבן צוויי זיין'ס), (אָדער ער האָט געשריבן) איין אות אויף דער ערד און איין אות אויף דעם באלקן (און די צוויי אותיות ליינען זיך ניט צוזאמען) אָדער ער האָט געשריבן (צוויי אותיות אויף צוויי ווענט פון הויז אָדער אויף צוויי טאָוולן פון שרייב־בוך און זיי ליינען זיך ניט צוזאמען, איז ער פטור. **די משנה לערנט, אז די צוויי אותיות מוזן זיין געשריבן ווי דער שטייגער איז זיי צושרייבן, דהיינו האלטנ־דיק די פעדער נאָרמאל מיט דער האנט, און דוקא צוויי אותיות (ניט צושרייבן איין אות צו א שוין פון פריער געשריבן אות), און ניט איבערציען שוין אָנגעשריבענע צוויי אותיות, און מען מוז זיי קאָנען ליינען צוזאמען.** כתב אות אחת, אויב ער האָט געשריבן איין אות נוטריקון (א ראשי תבות, למשל א „ק" מיט א פינטעלע אין דער הויך, און עס איז דער ראשי תבות, פון „קרבן"), איז ר׳ יהושע בן בתירה מחייב. **ער האַלט, אז דאָס הייסט ווי געשריבן צוויי אותיות, מחמת מיט דעם נוטריקון באצייכנט ער דאָך א גאנץ וואָרט פון עטליכע אותיות.** וחכמים, און די חכמים פטרן. **זיי האַלטן, אז דאָס איז ניט מער ווי איין אות. נוטריקון איז דאָס לאטייניש וואָרט „נאטאריקאָן", דאָס הייסט די שנעלע פארם שרייבן, וואָס עס באנוצן שרייבער (נאָטאריום, שרייבער), דאָס באנוצן זיך מיט ראשי תבות.**

ו. הכותב, אז איינער שרייבט (בשוגג) צוויי אותיות אין צוויי פארגעסונגן (ער האָט ניט געדענקט, אז עס איז שבת און אָנגעשריבן איין אות, און דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט, אז עס איז שבת, און ער האָט ווידער פארגעסן און געשריבן נאָך אן אות), איין (אות שבת) אין דער פרי און איין (אות, דעמזעלבן שבת) פארנאכט (און ער האָט אין צווישן שרייבן די צוויי אותיות זיך דערמאָנט און ווידערפארגעסן) איז רבן גמליאל מחייב (צו ברענגען א קרבן חטאת). **ווייל רבן גמליאל האַלט, אז „אין ידיעה לחצי שיעור", אז ווייל ווען ער האָט זיך געהאט דאָס ערשטע מאָל דערמאָנט, האָט ער דאָך געהאָט געטאָן נור א האלבע ארבייט, געשריבן נור איין אות, הייסט דאָס ניט קיין „ווּיסן", קיין דערמאָנען, און עס הייסט, ווי ער האָט די צוויי אותיות**

## פרק י״ג

א. ר׳ אליעזר אומר, האורג שלשה חוטין בתחלה ואחת על האריג חייב; וחכמים אומרים בין בתחלה בין בסוף שיעורו שני חוטין:

ב. העושה שתי בתי נירין בנירין, בקירוס, בנפה, בכברה, ובסל, חייב. והתופר שתי תפירות, והקורע על מנת לתפור שתי תפירות:

ג. הקורע בחמתו, ועל מתו, וכל המקלקלין, פטורין. והמקלקל על מנת לתקן, שיעורו כמתקן:

---

אָנגעשריבן בשוגג מיט איין פארגעסן. וחכמים, און די חכמים פטרן. זיי האלטן, אז דאָס דערמאָנען זיך אין דערמיט הייסט א הפסקה, און מען קאָן ניט רעכנען די צוויי האלבע שיעורים, די צוויי באזונדערע אותיות, ווי מען וואָלט זיי געשריבן מיט איין „שגגה״, מיט איין פארגעסן. רשי און דער ברטנורא טייטשט די ווערטער „איין (אות) אין דער פרי און איין (אות) פארנאכט״, אז דאָס מיינט מען אז אפילו ער האָט זיך אין דערמיט ניט דערמאָנט האלטן די חכמים, אז ער איז פטור, ווייל אויב ס׳איז אריבער א גאנצער טאָג ווערט עס באטראכט ווי צוויי באזונדערע פארגע־סונגען. אָבער תוספות און די אנדערע מפרשים טייטשן ניט אזוי.

## פרק י״ג

א. ר׳ אליעזר זאָגט, אז איינער וועבט (אים שבת) דריי פעדים אין אָנהויב אָדער איינס אויפן געוועב איז ער חייב (פאר טאָן א מלאכה אים שבת). „בתחילה״, אין אָנהויב, מיינט מען, אז ער האָט אָנגעהויבן וועבן א שטיקל סחורה, און ר׳ אליעזר האלט, אז עס הייסט געטאָן א מלאכה נאָר ווען ער האָט אָבגעוועבט דריי פעדים. „על האריג״, אויפן געוועב, מיינט מען, אז עס איז שוין געווען א שטיקל סחורה, און ער האָט צוגעוועבט איין פאָדעם, און ר׳ אליעזר האלט, אז ביים צו־וועבן איז גענוג אפילו איין פאָדעם, אז עס זאָל הייסן געטאָן א מלאכה. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז סיי אין אָנהויב און סיי צום סוף איז דער שיעור צוויי פעדים, די מפרשים זאָגן, אז מיט „צום סוף״ מיינט מען ניט גאָר צום סוף פון שטיקל סחורה, ביים פארענדיקן עס, נאָר מען מיינט אין דערמיט, צו־וועבן צו א שטיקל סחורה. מחמת אויב אינגאנצן צום סוף הייסט א מלאכה אפילו נור איין פאָדעם.

ב. העושה, אז איינער מאכט צוויי וועב־רינגעלעך (בתי נירין), סיי אין די וועב־רינגעלעך (ביים וועבן וואָל צי פלאקס צי אנדערע אזעלכע וועב־שטראָפן), סיי ביים וועבן א געוועב פון דעם מאָך פון א טייטלבוים (קירוס), סיי ביים וועבן א מעל־זיפּ אָדער א תבואה־זיפּ אָדער א קויש, איז ער חייב. אזוי טייטשט די משנה דער ברטנורא. אנדערע מפרשים טייטשן „בקירוס״ ניט אז ער האָט געמאכט א געוועב (א קויש צו אן אנדערע זאך) פון די מאָך־פעדים, וואָס וואקסט ארום דעם טייטל־בוים, נאָר אז דאָס איז גאָר א טייל פון דער וועב־שטול־מאשין, די „קאם״; פון דער משנה א׳ אין כלים פרק כ״א איז צו ברענגען א שטארקע ראיה צו דער דאָזיקער מיינונג. סיי ווי די משנה לערנט, אז געטאָן א מלאכה הייסט ניט נור ווען מען מאַכט וועב־רינגלעך פאר א שטיקל קלייד נאָר אויך פאר יעדער זאך, וואָס מען וועבט אין דער לענג און דער ברייט, ווי א זיפּ, א קויש. והתופר, און אז איינער נייט צוויי נעיט, און אז איינער צע־רייסט כדי צו פארנייען צוויי נעיט. די משנה חזר׳ט דאָ איבער די ווערטער פון דער משנה פריער פרק ז׳ משנה ב׳ פון די 39 מלאכות, און דאָס איז אז נייען און צע־רייסן איז א מלאכה.

ג. הקורע, אז איינער צערייסט (א זאך) פון כעס (מחמת ער איז אין כעס), אָדער אויף זיין פארשטאָרבענעם, און (בכלל) אלע וואָס (טוענדיק א מלאכה) מאכן קאליע, זענען פטור. דאָס איז דער באקאנטער דין וועגן שבת, אז „המקלקל״, אז איינער פארדארבט א זאך, מאכט עס קאליע, איז ער פטור. אויב ער טוט עס במזיד איז ער פטור פון מיתה און כרת און אויב בשוגג איז ער פטור פון קרבן חטאת. דעריבער

ד. **שיעור המלבן, והמנפץ, והצובע, והטווה, כמלא רחב הסיט כפול; והאורג שני חוטין שיעורו כמלוא הסיט.**

ה. **ר׳ יהודה אומר הצד צפור למגדל וצבי לבית חייב; וחכמים אומרים צפור למגדל וצבי (לבית) ולחצר ולביברין. רבן שמעון בן גמליאל אומר לא כל הביברין שוין; זה הכלל, מחוסר צידה פטור, שאינו מחוסר צידה חייב:**

---

**האָט פריער די משנה געלערנט, אז צערייסן א זאַך הייסט געטאָן א מלאכה נאָר ווען ער צערייסט עס כדי ער זאָל עס קאָנען פאַרנייען. די גמרא זאָגט, אז דאָס וואָס די משנה לערנט דאָ, אז צערייסן צוליב טרויער אויף א פאַרשטאָרבענעם, אויף א מת, הייסט „מקלקל״, קאַליע געמאַכט, מיינט נאָר ווען דער טויטער איז ניט זיינס אזא נאָנ־טער קרוב, אויף וועלכן ער דאַרף קריעה רייסן. אָבער אויב ער דאַרף אויף אים קריעה רייסן הייסט עס געטאָן א מלאכה.** והמקלקל, און אז איינער מאַכט קאַליע, כדי ער זאָל (קאָנען דאדורך) פאַרריכטן, איז זיין שיעור אזוי ווי ער (טוט די מלאכה ווען ער) פאַרריכט. **למשל, דער דין פריער אין דער משנה זאָגט, אז ווען איינער צערייסט א שטיקל קלייד, כדי ער זאָל עס קאָנען צו־נייען, איז דער שיעור, אז ער זאָל קאָנען צונייען צוויי נעיט, מחמת אזוי איז דאָך דער שיעור פון דער מלאכה „תופר״, צו־נייען.**

ד. שיעור, דער שיעור (די מאָס־גרויס) פון (דער וואָל ביים טאָן די מלאכות) מאַכן ווייס (מלבן, וואַשן), און קלאַפּן (מנפץ), און פאַרבן, איז ווי די גרויס־ברייט פון א טאָפּלטן „סיט״. **די גרויס פון א „סיט״ איז דער מרחק צווישן צוויי אויסגע־שפּרייטע פינגער פון א מענטשס האַנט, צווישן דעם צווייטן פינגער און דעם דריטן פינגער, רעכענדיק דעם גראָבן פינגער אלס ערשטן. א „טאָפּלטער סיט״ איז דער מרחק צווישן דעם גראָבן פינגער און דעם צווישן פינגער ווען זיי זענען אויסגע־שפּרייט איינער פון אנדערן. זאָגט די משנה, אז די דאָזיקע ארבייטן פון וואַשן וואָל, אָדער קלאַפּן וואָל, אָדער פאַרבן אים אָדער שפּינען אים, הייסן געטאָן א מלאכה אים שבת נאָר ווען מען טוט זיי מיט אזוי פיל וואָל, אז מען קאָן פון זיי מאַכן א פאָדים, וואָס זאָל זיין אזוי לאַנג ווי עס איז דער מרחק צווישן גראָבן פינגער און דעם צווייטן פינגער. ווענן „סיט״ האָבן מיר געגעבן אין מסכתא ערלה פרק ג׳ משנה ב׳.** והאורג, און וועבן צוויי פעדים איז זיין שיעור ווי די גרויס פון א סיט. **דאָס הייסט, אז ער דאַרף האָבן געוועבט צוויי פעדים אויף די ברייט פון קלייד („ערב״, זע אין אונזער פירוש פריער צו פרק ז׳ משנה ב׳ צו דער מלאכה „אורג״, וועבן) אזוי גרויס ווי צווישן דעם צווייטן פינגער און דעם דריטן פינגער פון א מענטשס האַנט.**

ה. ר׳ יהודה זאָגט, אז איינער פאַנגט א פויגל אין א שאַנק (מגדל) אריין, אָדער א הירש אריין אין א שטוב איז ער חייב. **די משנות פריער און אויך די איצטיקע משנה און א סך פון די ווייטערדיקע משנות זענען פּירושים צו טייל פון די 39 מלאכות וואָס זענען אויסגערעכנט פריער אין פרק ז׳ משנה ב׳. די איצטיקע משנה לערנט וועגן דער מלאכה „הצד״, „אז איינער פאַנגט ,אים שבת) א לעבעדיקע זאַך״, און די משנה דערקלערט, וואָס הייסט „פאַנגען״. זאָגט ר׳ יהודה, אז אזא קליין באַ־שעפעניש ווי א פויגל הייסט געפאַנגען נור ווען מען קריגט עס אריין אין א שאַנק; אָבער למשל אין א שטוב, אין א צימער, הייסט נאָכניט געפאַנגען. דאַקעגן א הירש ווען מען קריגט אים אריין אין א צימער הייסט שוין יאָ געפאַנגען, מחמת אין צימער קאָן מען אים לייכט כאַפּן, אָבער ווען מען פאַנגט א הירש אריין אין א גרויסן הויף הייסט עס ניט געפאַנגען.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז (פאַנגן הייסט) א פויגל אין א שאַנק אריין, און א הירש אין א שטוב אָדער אין א הויף אָדער אין אן ארומגע־צוימטן חיות־פּלאַץ (ביברין). **די חכמים האַלטן, אז קוים איז דאָס אָרט ארומגע־צוימט און פאַרמאַכט הייסט עס געפאַנגען אפילו פאַר א הירש. „ביבר״, „ביברין״**

**ו. צבי שנכנס לבית ונעל אחד בפניו, חייב. נעלו שנים, פטורין; לא יכול אחד לנעול ונעלו שניים, חייבין; ור׳ שמעון פוטר:**

**ז. ישב האחד על הפתח ולא מלאהו, ישב השני ומלאהו, השני חייב. ישב הראשון על הפתח ומלאהו, ובא השני וישב בצדו, אף על פי שעמד הראשון והלך לו, הראשון חייב והשני פטור; הא למה זה דומה? לנועל את ביתו לשומרו, ונמצא צבי שמור בתוכו:**

---

**איז דאָס לאטיינישע וואָרט „וויוואריום״, א זאָאָלאָגישער גאָרטן, אן אָרט וואו מען האלט פארשידענע בעלי חיים.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ניט אלע „ביברין״ זענען גלייך; דאָס איז דער כלל: וואָס מען דארף (נאָכאמאָל) פאנגן איז מען פטור, און וואָס מען דארף ניט (נאָכאמאָל) פאנגן איז מען חייב. **רבן שמעון בן גמליאל איז מפרש די ווערטער פון די חכמים, און ער זאָגט, אז למשל א זייער גרויס ארומגעצוימט אָרט, וואו מען דארף דעם הירש, וועלכן מען האָט אריינגעפאנגן אהין, נאָכאמאָל זיך באמיען צו כאפן אים, מחמת ער קאָן אין דעם אָרט בריוח ארומלויפן, הייסט עס ניט אז מען האָט אים פריער געפאנגן, מחמת עס „פעלט״ איצט דאָס נאָכאמאָל פאנגן אים, און דעריבער איז מען פטור פאר אריינפאנגן אים אהין. אָבער אויב כדי צו כאפן דעם הירש, וועלכער געפינט זיך שוין אין דעם דאָזיקן ארומגעצוימטן אָרט, דארף מען זיך ניט באמיען, מען דארף אים ניט נאָכאמאָל פאנגן, איז מען יאָ חייב פאר אריינפאנגן אים אהין.**

ו. צבי, אויב א הירש איז (פון זיך אליין) אריינגעגאנגן אין א שטוב, און איין מענטש האָט פארמאכט (די טיר פון דער שטוב) פאר אים (און האָט אים דערמיט געפאנגן, ווייל דער הירש קאָן דאָך ניט ארויסגיין) איז ער חייב. **מחמת דאָס הייסט, אז ער האָט דעם הירש געפאנגן.** נעלו, אויב צוויי מענטשן האָבן פארמאכט (צוזאמען די טיר פון שטוב) זענען זיי פטור. **דאָס איז דער דין וואָס די משנה האָט געלערנט פריער פרק י׳ משנה ה׳, אז צוויי מענטשן האָבן געטאָן איין מלאכה צוזאמען זענען זיי פטור.** לא יכול, אויב (די טיר איז געווען אזוי שווער אז) איינער האָט ניט געקאָנט פארמאכן און צוויי האָבן זי פארמאכט זענען זיי חייב. **מחמת יעדער איינער האָט דאָך געטאָן דעם גאנצן טייל פון דעם וואָס ער האָט געקאָנט טאָן, און אָן זיין ארבייט וואָלט דאָך די טיר ניט פארמאכט געוואָרן.** ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון פטרט. **די זעלביקע מחלוקה פון דער סתם משנה און ר׳ שמעון האָבן מיר געהאַט פריער אין פרק י׳ משנה ה׳ וועגן ארויסטראָגן א זאך פון שטוב אין גאס (הוצאה).**

ז. ישב, אויב איינער האָט זיך אוועקגעזעצט ביי דער אָפענער טיר (פון א שטוב, אין וועלכער עס איז געווען א הירש) און ער האָט איר ניט אויסגעפילט (עס איז געבליבן אין דער אָפענער טיר גענוג ליידיק אָרט, אז דער הירש זאָל קאָנען ארויסגיין), און א צווייטער האָט זיך אוועקגעזעצט (ביי דעם איבריקן טייל פון דער אָפענער טיר) און ער האָט איר אויסגעפילט, איז דער צווייטער חייב. **מחמת דורך זיין אוועקזעצן זיך האָט ער געמאכט, אז דער הירש זאָל ניט קאָנען ארויסגיין און ער איז אזוי ארום געוואָרן געפאנגן.** ישב הראשון, אויב דער ערשטער (מענטש) האָט זיך אוועקגעזעצט (ביי דער אָפענער טיר) און ער האָט זי אויסגעפילט, און (דערנאָך) איז געקומען א צווייטער (מענטש) און האָט זיך אוועקגעזעצט אין זיין (דעם ערשטנס) זייט (אינווייניג אין דער אָפענער טיר), איז כאָטש דער ערשטער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אוועקגעגאנגן (און דער צווייטער איז געבליבן און פארשטעלט די אָפענע טיר) איז דער ערשטער חייב, און דער צווייטער איז פטור. **כאָטש איצט פארשטעלט דאָך דער צווייטער אליין די אָפענע טיר, אָבער ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט איז שוין דער הירש געווען געפאנגן דורך דעם אוועקזעצן זיך פון ערשטן. די משנה גיט דאָ באלד צו דעם טעם:** הא למה, צו וואָס איז דאָס גלייך? צו איינעם וועלכער פארשליסט זיין שטוב כדי איר אָפצוהיטן (אז פרעמדע

## פרק י״ד

**א. שמונה שרצים האמורים בתורה, הצדן והחובל בהן חייב. ושאר שקצים ורמשים, החובל בהן, פטור, הצדן — לצורך, חייב, שלא לצורך פטור. חיה ועוף שברשותו הצדן פטור, והחובל בהן חייב:**

**ב. אין עושין הילמי בשבת, אבל עושה הוא את מי המלח וטובל בהן פיתו ונותן לתוך התבשיל. אמר ר׳ יוסי, והלא הוא הילמי בין**

---

זאָלן דאַרט ניט אריינגיין, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אינוועניג איז געווען אַפגעהיטן א הירש. פון ברטנורא און נאָך בפירושער איז עס צו זען פון ר״ן, אז דער טייטש דערפון איז, אז איינער האָט שוין געהאָט אין שטוב א הירש, נאָך פון נעכטן, פון פרייטאָג, און די שטוב איז שוין געווען פארשלאָסן, און ער ,דער בעל הבית, האָט אים שבת פארשלאָסן מיט נאָך א שלאָס, און דאָס הייסט ניט געפאנגן אים שבת, מחמת דער הירש איז שוין געווען געפאנגען פון פריער.

## פרק י״ד

א. שמונה, די אכט שרצים, וועלכע ווערן דערמאָנט אין דער תורה (ויקרא י״א, כ״ט) ווער עס פאנגט זיי (אים שבת) אָדער ווער עס פארוואונדעט זיי (אים שבת) איז חייב. אין חומש ויקרא י״א, כ״ט ווערן אויסגערעכנט 8 שרצים. זיי זענען: חלד (וויזל), עכבר (מויז), צב (שילדרעט), אנקה (טייל מיינען אז דאָס איז דער שטאכל-שווין), כח (אזא שלאנג), לטאה (איידעקס), חמט (קאמאלעאָן), תנשמת (פלעדערמויז). זאָגט די משנה, אז ווייל מענטשן פאנגן געוויינליך די דאָזיקע סאָרטן שרצים, דעריבער ווען מען פאנגט זיי אים שבת איז מען חייב צוליב טאָן די מלאכה „צד״, פאנגן. אויך ווען מען פארוואונדעט זיי אים שבת, איז מען חייב פאר טאָן א מלאכה, „חובל״, ווייל די דאָזיקע שרצים האָבן אויף זיך א הויט, און די הויט ווערט געפארבט דורך דעם בלוט און עס הייסט „צובע״, פארבן. טייל מפרשים מיינען, אז פארוואונדן הייסט א מלאכה, „מפרק״, „פונאנדערנעמען״, און דאָס איז א תולדה פון דער אב מלאכה „דש״, דרעשן (זע פריער אין פרק ז׳ משנה א׳ און משנה ב׳ וועגן „אב מלאכה״, „תולדה״ און „דש״). ושאר, און אנדערע שקצים און רמשים (ווערם-באַשעפעניש און קריכנדיקע באשעפענישן), אויב מען פארוואונדערט זיי (אים שבת) איז מען פטור, ווייל זיי האָבן ניט קיין הויט; הצדן, אויב מען פאנגט זיי צוליב געברויך (לצורך, ווייל מען דארף זיי האָבן, זיי׳ער פליש) איז מען חייב. (אויב אָבער מען פאנגט זיי) ניט צוליב געברויך איז מען פטור. ווייל געוויינליך פאנגן ניט מענטשן די דאָזיקע אנדערע ווערם־באַשעפענישן. חיה, א חיה און א עוף וואָס געפינען זיך אין מענטש׳ס רשות, איז אויב ער פאנגט זיי (אים שבת) איז ער פטור (מחמת זיי זענען דאָך שוין געפאנגען), און אויב ער פארוואונדערט זיי איז ער חייב. מחמת א חיה און א עוף האָבן א הויט, און מיר האָבן פריער דערקלערט פארוואָס פארוואונדן הייסט א מלאכה. דער ברטנורא זאָגט דאָ, אז דאָס איז נור ווען ער דארף האָבן זייער בלוט, אָבער אויב ער דארף ניט דאָס בלוט, איז ער פטור, ווייל דורך דעם פארוואונדן הייסט ער א „מקלקל״, ער מאכט קאליע (זע פריער פרק י״ג משנה ג׳).

ב. אין, מען טאָר אים שבת ניט מאכן קיין זאלץ־לאַג (א סך זאלץ־וואסער, כדי איינצולייגן אין זיי גרינסן), אָבער מען מעג מאַכן (אביסל) זאלץ־וואסער און מען מעג אין דעם איינטונקן דאָס ברויט און אויך אריינטאָן (דאָס זאלץ־וואסער) אין געקעכץ. „הילמי״, לויט אן אנדער גירסא, „הלמי״, איז ווי דער „מוסף הערוך״ זאָגט, דאָס גריכישע וואָרט „אלמע״, וואָס איז דער טייטש, זאלץ־לאַג, וואסער אויסגעמישט מיט א סך זאלץ, כדי אין זיי איינצולייגן פיש, גרינסן. זאָגט די משנה, אז א סך טאָר מען ניט, אָבער אביסעל, באלד צום נוצן מעג מען. אמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, דאָס (זאלץ־וואסער) איז דאָך אויך זאלץ־לאַג (הילמי), סיי עס איז א סך און סיי עס איז ווייניק? ! נאָר דאָס איז דאָס זאלץ וואסער וואָס מען מעג, מען טוט

**מרובה ובין מועט, ואלו הן מי מלח המותרין: נותן שמן בתחלה לתוך המים או לתוך המלח:**

**ג. אין אוכלין איזוביון בשבת, לפי שאינו מאכל בריאים, אבל אוכל הוא את יועזר ושותה אבוב רועה. כל האוכלין אוכל אדם לרפואה, וכל המשקין שותה חוץ ממי דקלים וכוס עיקרים, מפני שהן לירוקה; אבל שותה הוא מי דקלים לצמאו, וסך שמן עיקרין שלא לרפואה.**

---

פריער אריין אייל אין דעם וואסער אָדער אין זאלץ. לויט ר' יוסי טאָר מען ניט צו־ערשט אויסמישן וואסער מיט זאלץ, ווייל דאָס הייסט ווי „מעבד", באארבייטן (פונקט ווי מען באארבייט פעל מיט זאלץ און דאָס איז א מלאכה, זע פריער פרק ז' משנה ב'). מען מעג נאָר ווען מען טוט פריער אריין אייל אין דעם וואסער אָדער אין זאלץ, און ווייל דער אייל לאָזט ניט דאָס זאלץ שטארק אויסמישן זיך מיט דעם וואסער, מעג מען.

ג. אין אוכלין, מען טאָר ניט עסן גריכישן איזאָפּ (אזוב יון, אזא גראָז) אים שבת, ווייל עס איז ניט קיין עסנווארג פאר געזונטע מענטשן. כדי מען זאָל פארשטיין די משנה און אויך די ווייטערדיקע משנות, איז נויטיק צו וויסן די דינים וועגן רפואות אים שבת. אויב א מענטש איז קראנק לעבנס־געפערליך, חולה שיש בו סכנה, מעג מען מחלל שבת זיין און טאָן אלע מלאכות כדי אים צו ראטעווען. אויב איינער איז קראנק, און ער ליגט צו בעט, אָבער עס איז ניט פאראן קיין לעבנס־געפאר, מעג מען נוצן אלע רפואות, אָבער טאָן א מלאכה אים שבת פאר זיינעט וועגן טאָר מען ניט. אויב אָבער מען איז אים אלגעמיין געזונט, נאָר מען האָט א לייכטן מיחוש, מען גייט ארום דערמיט, טאָר מען אים שבת דערצו ניט נעמען קיין רפואה, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט מען צערייבן די מעדיצין־מאטעריאלן (שחיקת סממנין) כדי צו מאכן די רפואה, און דאָס איז שוין א מלאכה („טוחן", צעמאָלן). זאָגט דאָ די משנה, אז מען טאָר אים שבת ניט עסן גריכישן איזאָפּ, אזא גראָז, וואָס איז גוט צום טויטן די ווערם אין בויך; ווייל געזונטע מענטשן עסן עס ניט, און דעריבער איז דאָך קלאָר, אז מען עסט עס פאר א רפואה־וועגן, און דאָס טאָר מען ניט. אבל, אָבער מען מעג עסן ווילדן ראזמארין (אזא קרויט, יועזר) און מען מעג טרינקן דעם זאפט פון אבוב רועה (פאסטוכער בליאונג, אזא פלאנץ). כאָטש דער יועזר איז גוט פאר מענ־טשן וואָס ליידן אויף ווערם אין דער לעבער און דער אבוב רועה איז גוט פאר מענטשן וואָס האָבן זיך פארדאָרבן דורך טרינקן שלעכט וואסער, פונדעסטוועגן ווייל אויך געזונטע מענטשן עסן און טרינקן דאָס, מעג מען. כל האוכלין, אלע עסנווארג מעג א מענטש עסן (אים שבת) אלס רפואה, און אלע געטראנקן מעג מען טרינקן (צו א רפואה). מען טאָר נאָר ניט עסן און טרינקן א זאך, וואָס איז נאָר א רפואה; אויב אָבער די זאך איז א עסנווארג אָדער א געטראנק און געזונטע מענטשן עסן און טרינקן עס, מעג מען עס נעמען, כאָטש דאביי האָט מען דערפון אויך א רפואה. חוץ, א חוץ טייטל־ביימער־וואסער און דעם וואָרצל־געטראנק, ווייל זיי זענען גוט צו געלבזוכט. כאָטש געזונטע מענטשן טרינקן אויך די דאָזיקע וואסערן, נאָר אויב מען איז ניט געזונט טאָר מען זיי אים שבת ניט טרינקן. די גמרא זאָגט אז „מי דקלים", טייטל־ביימער־וואסער מיינט מען אזא וואסער פון א קוואל, וואָס איז אין ארץ ישראל ארויסגעגאַנגען פון צווישן צוויי טייטל־ביימער, און דאָס וואסער איז גוט געווען קייגן מאָגן־פארשטאָפּונג. „כוס עיקרים" מיינט מען וואסער געקאָכט מיט געוויסע וואָרצלען פון פלאנצן. אבל שותה, אָבער א מענטש מעג טרינקן טייטל־ביימער־וואסער צו (שטילן) זיין דאָרשט, און ער מעג שמירן וואָרצל־אייל ניט א רפואה וועגן. אויב מען איז ניט קראנק און מען מיינט ניט דערמיט פאר א רפואה מעג מען. „שמן של עקרים", „וואָרצל־אייל", מיינט מען אייל ארייגעגאָסן אין פלאנצן־וואָרצלען.

ד. החושש בשיניו, לא יגמע בהן את החומץ אבל מטבל הוא כדרכו, ואם נתרפא, נתרפא. החושש במתניו, לא יסוך יין וחומץ, אבל סך הוא את השמן, ולא שמן ורד. בני מלכים סכין שמן ורד על מכותיהן, שכן דרכם לסוך בחול. ר׳ שמעון אומר, כל ישראל בני מלכים הם:

## פרק ט״ו

א. אלו קשרים שחייבין עליהן, קשר הגמלין וקשר הספנין. וכשם

---

ד. החושש, אז איינער שפּירט א ווייטיק אין די ציין זאָל ער ניט (אים שבת) שווענקען זיי מיט עסיק. „חושש״ הייסט „שפּירן״, און מען מיינט דאָ שפּירן א ווייטאָג. דאָס שווענקען זיי מיט שטאַרקן עסיק פאַרלייכטערט דעם ווייטאָג, און ווייל עס איז א רפואה טאָר מען ניט. „יגמע״ הייסט זופּן, און די גמרא טייטשט, אז מען מיינט אריינגעמען עסיק אין מויל און אויסשפּייען. און דאָס ווייזט דאָך בפירוש, אז מען טוט עס פאַר א רפואה. אבל, אָבער ער מעג איינטונקען (עסנווארג אין עסיק און עס עסן) ווי זיין שטייגער איז, און אויב דאָס האָט אים אויסגעהיילט (פון ציין־ווייטיק), האָט עס אים אויסגעהיילט. דאָס הייסט אז מען מעג עס טאָן. החושש במתניו, אז איינער שפּירט א ווייטיק אין זיינע לענדן (אין די זייטן פון קערפּער) זאָל ער זיי ניט אָנשמירן מיט וויין אָדער עסיק, אָבער ער מעג זיי אָנשמירן מיט אייל, אָבער ניט רויזן־אייל (שמן ורד). מחמת מיט וויין און עסיק שמירט מען געווינליך ניט דעם קערפּער, דעריבער הייסט עס בפירוש, אַז מען טוט עס פאַר אַ רפואה. אָבער מיט אייל שמירן אויך געזונטע מענטשן זייערע קערפּערס, דעריבער מעג מען. רויזן־אייל קאָסט טייער, און מען פאַרשטייט, אַז ער טוט עס פאַר א רפואה. בני מלכים, קינדער פון מלכים מעגן שמירן (אים שבת) רויזן־אייל אויף זייערע וואונדן (פון קערפּער) ווייל זיי זענען געוואוינט אויך צו שמירן זיך דערמיט אין־דערוואָכנס. מחמת פאַר זיי איז עס ניט צו־טייער און אויך ווען זיי האָבן ניט קיין וואונדן שמירן זיי זיך אויך דערמיט דעם קערפּער. ר׳ שמעון זאָגט, אז אלע יידן זענען קינדער פון מלכים. דעריבער מעגן אלע שמירן אים שבת מיט רויזן־אייל אויף זייערע וואונדן. דער „תפארת ישראל״ ברענגט פון די פוסקים, אז ביי ציין־ווייטיק אויב עס טוט אזוי וויי, אז דער קערפּער ווערט דאדורך אָפּגעשוואכט מעג מען אים שבת טאָן אלע רפואות, און מען מעג אויך הייסן א גוי ארויסנעמען דעם צאָן אים שבת.

## פרק ט״ו

א. אלו קשרים, דאָס זענען די קניפּן אויף וועלכע מען איז חייב (צו ברענגען א קרבן חטאת אויב מען מאַכט זיי אים שבת), דער קניפּ פון די קעמל־טרייבער און דער קניפּ פון די שיף־מענטשן. די דאָזיקע משנה און אויך א טייל ווייטערדיקע משנות לערנט די דינים פון דער מלאכה „קושר״, מאַכן א קניפּ (זע פריער פרק ז׳ משנה ב׳). דער כלל איז, אז די מלאכה „קושר״, מאַכן א קניפּ, הייסט נור, ווען א פאַכמאַן, א בעל מלאכה, מאַכט א פעסטן קניפּ, וועלכער זאָל שוין בלייבן אויף שטענדיק, אז מען זאָל אים ניט מער צוריק אויפקניפּן (קשר של קיימא). אויב דער קניפּ איז ניט געמאַכט דורך א פאַכמאַן אָדער ער איז ניט א שטענדיקער קניפּ טאָר מען אים ניט מאַכן אים שבת, אָבער ווען מען מאַכט אים איז מען ניט מחויב צו ברענגען א קרבן. אויב דער קניפּ איז ניט געמאַכט דורך א פאַכמאַן און ער איז אויך ניט קיין שטענדיקער קניפּ, מעג מען אים מאַכן אים שבת. זאָגט דאָ די משנה, אז ביישפּילן פון קניפּן, אויף וועלכע מען איז מחויב צו ברענגען א קרבן אויב מען מאַכט זיי אים שבת, זענען פאָלגנדע צוויי קניפּן; דער קניפּ מיט וועלכן די קעמל־טרייבער בינדן צו דעם שטריק דורך דער געלעכערטער נאָז פון קעמל כדי ער זאָל שוין דאָרט בלייבן אויף שטענדיק און דער קעמל־טרייבער זאָל מיט אים קאָנען פירן דעם קעמל; און דער קניפּ, מיט וועלכן די שיף־ארבייטער בינדן צו דעם שטריק צום שנאבל פון דער שיף, כדי ער זאָל דאָרט בלייבן אויף שטענדיק. די דאָזיקע צוויי

שהוא חייב על קישורן כך הוא חייב על התירן. ר׳ מאיר אומר, כל קשר שהוא יכול להתירו באחת מידיו, אין חייבין עליו:

ב. יש לך קשרים שאין חייבין עליהן כקשר הגמלין וכקשר הספ־נין: קושרת אשה מפתח חלוקה, וחוטי סבכה ושל פסיקיא, ורצועות מנעל וסנדל, ונודות יין ושמן, וקדרה של בשר. ר׳ אליעזר בן יעקב אומר, קושרין לפני הבהמה בשביל שלא תצא. קושרין דלי בפסיקיא, אבל לא בחבל; ר׳ יהודה מתיר. כלל אמר ר׳ יהודה, כל קשר שאינו של קיימא, אין חייבין עליו:

---

קניפּן זענען געמאַכט געוואָרן דורך פאַכלייט (מעשה אומן) און זיי בלייבן אויף שטענדיק (קשר של קיימא). וכשם, און אזוי ווי ער איז חייב פאַר פאַרקניפּן זיי (פאַר מאַכן דעם קניפּ אים שבת) אזוי איז ער חייב פאַר אויפבינדן זיי (אים שבת). דאָס איז די מלאכה „מתיר״, אויפבינדן א קניפּ, און די משנה לערנט, אז דאָס מיינט מען נור אויפבינדן אזא קניפּ וואָס איז געמאַכט דורך א פאַכמאַן און איז א קשר של קיימא, א שטענדיקער קניפּ. ר׳ מאיר זאָגט, אז יעדער קניפּ, וועלכן מען קאָן אויפבינדן מיט איין האַנט איז מען אויף אים ניט חייב. אפילו דער קניפּ איז געמאַכט געוואָרן אויף שטענדיק און דורך א פאַכמאַן, מחמת אזא קניפּ איז ניט א גענוג פעסטער.

ב. יש לך, עס זענען פאַראַן קניפּן, אויף וועלכע מען איז ניט חייב ווי אויף דעם קניפּ פון קעמלטרייבער און פון שיף־מענטשן. די משנה וועט איצט געבן עטליכע ביישפּילן פון קניפּן, וועלכע מען מעג לכתחילה מאַכן אים שבת. קושרת, א פרוי מעג (אים שבת) פאַרקניפּן די עפנונג פון איר העמד, און די פעדעם פון קאָפּ־היטל און פון גאַרטל און די פּאַסקעס (רימען) פון שיך און פון סאַנדאַל (אזא סאָרט שיך), און פון לאָגלן פון ווײַן און אייל, און פון טעפּ מיט פלייש. ווייל די אלע דאָזיקע קניפּן, ניט זיי זענען געמאַכט דורך א פאַכמאַן, און אויך זענען זיי ניט קיין קניפּן אויף שטענדיק, מחמת מען מוז זיי דאָך אויפקניפּן. די „עפנונג פון העמד״ (מפתח חלוקה) מיינט מען די צוויי בענדלעך אין דער הייך, וועלכע די פרוי פאַרבינדט, כדי דאָס העמד זאָל ניט אראָפּפאַלן. „סבכה״ מיינט מען אזא האָר־נעץ, א קאָפּ־היטל, געוועבט מיט גרוי־סע לעכער ווי א נעץ. „פּסיקייא״ איז דאָס לאַטייניש וואָרט „פאַסצעיא״, א גאַרטל. „נודות״, „לאָגלן״, זענען געמאַכט פון הויט, אין וועלכן מען האַלט ווײַן, אייל, וואַ־סער, און זיי ווערן פאַרבינדן אין דער הויך. ר׳ אליעזר בן יעקב זאָגט, אז מען מעג (אים שבת) פאַרבינדן (מיט א שטריק די טיר פון א שטאַל) פאַר דער בהמה, כדי זי זאָל ניט ארויסגיין (פון דער שטאַל. דער טעם איז ווי מיר האָבן געזאָגט, ווייל ניט עס איז דער קניפּ פון א פאַכמאַן און ניט עס איז א קניפּ אויף שטענדיק. קושרין, מען מעג צובינדן (אים שבת) א עמער מיט א גאַרטל אָבער ניט מיט א שטריק. דער עמער מיט וועלכן מען שעפּט וואַסער איז אָנגעבינדן אין א לאַנגן האָלץ מיט וועלכן מען לאָזט אראָפּ דעם עמער אין דעם ברונעם. זאָגט די משנה, אז מיט א גאַרטל מעג מען צו־בינדן מחמת מען ווייסט, אז מען וועט דעם גאַרטל ניט איבערלאָזן און מען וועט אים צוריק אויפבינדן און עס איז ניט א שטענדיקער קניפּ. אָבער מיט א שטריק טאָר מען ניט, מחמת מען ווייסט, אז א שטריק וועט מען איבערלאָזן און עס איז דעריבער א שטענדיקער קניפּ. ר׳ יהודה איז מתיר. די גמרא זאָגט, אז ר׳ יהודה איז נור מתיר ביי א שטריק פון א וועבער, א בעל מלאכה, מחמת ער דאַרף דאָך אים האָבן צו זײַן אַרבייט און ער וועט אים זיכער צוריק אויפבינדן. אָבער די סתם משנה אסר׳ט אפילו ביי א שטריק פון א וועבער, ווייל מען האָט מורא, אז מען וועט זיך מתיר זײַן אויך מיט אַנדערע שטריק. כלל, ר׳ יהודה האָט געזאָגט א כלל, אז יעדער קניפּ וואָס איז ניט אויף שטענדיק איז מען ניט חייב אויף אים. דאָס איז דער דין וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט, אז „קושר״, פאַרקניפּן, הייסט א מלאכה נאָר ווען עס איז א „קשר של קיימא״, א שטענדיקער קניפּ.

ג. מקפלין את הכלים, אפילו ארבעה וחמשה פעמים; ומציען את המטות מלילי שבת לשבת, אבל לא משבת למוצאי שבת. ר׳ ישמעאל אומר, מקפלין את הכלים ומציעון את המטות מיום הכפורים לשבת, וחלבי שבת קריבין ביום הכיפורים (אבל לא של יום הכיפורים בשבת). ר׳ עקיבא אומר לא של שבת קריבין ביום הכיפורים ולא של יום הכי־פורים קריבין בשבת:

## פרק ט״ז

א. כל כתבי הקודש מצילין אותן מפני הדליקה, בין שקורין בהן

---

ג. מקפלין, מען מעג איינלייגן (אים שבת) קליידער פיר און פינף מאָל. „כלים" מיינט מען קליידער, מלבושים. ווען מען טוט אויס די קליידער זענען זיי פאַרקנייטשט, און מען דאַרף זיי איינלייגן גלייך, כדי אויסצוגלייכן די קנייטשן. זאָגט די משנה, אז מען מעג עס טאָן אים שבת, אפילו פיר פינף מאָל. די גמרא זאָגט, אז דאָס מעג טאָן נור איין מענטש, אָבער צוויי מענטשן טאָן ניט איינלייגן א מלבוש, און אז מען מעג עס טאָן נור מיט נייע און ווייסע קליידער ווייל זיי ווערן ניט אזוי צעקנייטשט, און אויך נאָר ווען מען האָט ניט קיין אנדער מלבוש איבערצוטאָן לכבוד שבת. ומציען, און מען מעג אויסבעטן די בעטן פרייטאָג־צונאכטס (אז מען זאָל ליגן אין זיי צו־מאָרגנס) אים שבת, אָבער מען טאָרניט (אויסבעטן די בעטן) אים שבת (אז מען זאָל ליגן אין זיי) שבת צונאַכטס. ווייל דאָס איז געטאָן א זאך, וואָס פאָדערט א טירחא, אים שבת פאר א וואָכנטאָג. ר׳ ישמעאל זאָגט, אז מען מעג איינלייגן די קליידער און אויסבעטן די בעטן אים יום כיפור (אז מען זאָל זיי נוצן) אים שבת, און אז די פעט (פון קרבנות, וואָס מען האָט געשאָכטן אים שבת) מעג מען מקריב זיי (אויפן מזבח) אים יום כיפור. אין בית המקדש האָט מען יעדן טאָג געבראַכט א קרבן תמיד, און אויך אים שבת האָט מען דעם דאָזיקן קרבן תמיד געבראכט. מען האָט אים שבת אויך געבראכט א קרבן מוסף. די דאָזיקע צוויי קרבנות האָט מען געשאָכטן אים שבת בייטאָג, אָבער אויפן מזבח האָט מען זיי געמעגט מקריב זיין, פאַרברענען שבת צו־נאכטס. זאָגט ר׳ ישמעאל, אז אויב שבת צונאכטס איז געוועזן יום כיפור, האָט מען אויך געמאכט די שבת־קרבנות פאַרברענען שבת־צונאכטס אויפ׳ן מזבח, ווייל די קדושה פון שבת איז גרעסער פון דער יום כיפור־קדושה. דערפון נעמט אויך ר׳ ישמעאל דעם דין, אז אויב יום כיפור פאלט אויס אים פרייטאָג מעג מען אים יום כיפור איינלייגן קליידער און אויסבעטן די בעטן, כדי זיי צו נוצן אים שבת, מחמת יום כיפור האָט א קלענערע קדושה פון שבת. עס דאַרף באמערקט ווערן, אז היינט, ווען מיר האָבן א לוח, וואָס איז איינגעאָרדנט לויט א חשבון, האָבן די חכמים אים אזוי איינגעאָרדנט, אז יום כיפור קאָן קיינמאָל ניט אויספאלן ניט אים פרייטאָג און ניט (שבת־צונאכטס) זונטאָג. אָבער אמאָל, ווען מען האָט געמאכט ראש חודש לויט „ראייה", ווען מען האָט געזען די נייע לבנה, האָט יום כיפור יאָ געקאָנט אויספאלן אין די דאָזיקע טעג. ר׳ עקיבא זאָגט, אז ניט די (קרבנות) פון שבת מעג מען מקריב זיין אים יום כיפור און ניט די (קרבנות) פון יום כיפור מעג מען מקריב זיין אים שבת. ווייל ער האַלט, אז זייער הייליקייט איז גלייך.

## פרק ט״ז

א. כל, אלע הייליקע שריפטן (כתבי הקודש) מעג מען זיי ראַטעווען (אים שבת) פון א פייער. אויב עס איז אויסגעבראָכן אין א הויף א פייער מעג מען ארויסראַטעווען די הייליקע ספרים פון דאָזיקן הויף און אריבערטראָגן זיי אים שבת אין אן אנדער הויף, אין זעלבן געסל (מבוי), כאָטש עס איז ניט געמאכט געוואָרן צווישן די צוויי הויפן קיין „שיתופי מבואות" (אזא עירוב, זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין) און מען טאָר ניט טראָגן פון איין הויף אין אנדערן. „כתבי הקודש", הייליקע שריפטן, מיינט מען תורה, נביאים, כתובים; דער ברטנורא זאָגט, אז נור ווען זיי זענען געשריבן

**ובין שאין קורין בהן, ואף על פי שכתובים בכל לשון טעונין גניזה. ומפני מה אין קורין בהם? מפני ביטול בית המדרש. מצילין תיק הספר עם הספר, ותיק התפילין עם התפילין, ואף על פי שיש בתוכן מעות. ולהיכן מצילין אותן? למבוי שאינו מפולש; בן בתירא אומר, אף למפולש:**

**ב. מצילין מזון ג׳ סעודות, הראוי לאדם — לאדם, הראוי לבהמה — לבהמה. כיצד? נפלה דליקה בלילי שבת, מצילין מזון שלש סעודות;**

---

**מיט דעם ספר תורה כתב** (כתב אשורי) **און אין לשון קודש. בין שקורין,** (מען מעג זיי ראטעווען אים שבת פון פייער) סיי ווען מען ליינט אין זיי (אים שבת) און סיי ווען מען ליינט ניט אין זיי (אים שבת). **חומש ליינט מען אים שבת; אויך די ספרים פון די נביאים ליינט מען אויך אים שבת, צו מפטיר. אָבער כתובים** (ווי משלי, איוב וכדומה) **איז געווען איינגעפירט, אז מען זאָל זיי ניט ליינען אים שבת, און די משנה וועט ווייטער זאָגן פארוואָס.** ואף על פי, און כאָטש זיי זענען געשריבן אין יעדער אנדערער שפראך דארף מען זיי (ווען זיי טויגן ניט מער צום נוצן) גונז־זיין. **מיט „גניזה", באַהאלטן, מיינט מען אוועקלייגן אין א באזונדער אָרט, און ניט לאָזן הפקר, ווייל זיי זענען הייליק. זאָגט די משנה, אז די הייליקע ספרים, ווען זיי זענען צעריסן און מען קאָן זיי ניט מער נוצן דארף מען גונז זיין אפילו ווען זיי זענען געשריבן ניט דוקא אין לשון קודש נאָר אויך ווען זיי זענען איבערזעצט אין אן אַנדערער שפּראַך.** ומפני מה, און פארוואָס ליינט מען ניט אין זיי (אין די ספרים פון כתובים אים שבת, ווי די משנה האָט פריער געזאָגט)? צוליב דעם וואָ דאדורך פארלירט מען צייט (און מען קאָן ניט הערן די דרשה) אין בית המדרש. **אזוי טייטשן רש״י און אַלע מפרשים די ווערטער „ביטול בית המדרש", און דהיינו, אים שבת פלעגט מען אין בית המדרש האלטן דרשות פאר דעם עולם און געלערנט זיי הלכות פון איסור והיתר, און מען האָט מורא געהאַט, אז ווען מען וועט ליינען אין די ספרים פון כתובים, וועלכע זענען אָנציענדיק, וועט מען דערוויל ניט קומען צו דער דרשה.** מצילין, מען מעג ארויסראטעווען דאָס מענטעלע פון ספר (אין וועלכן דאָס ספר ליגט) צוזאמען מיט דעם ספר, און דאָס זעקעלע פון תפילין צוזאמען מיט די תפילין, און אפילו עס ליגט אין זיי (אין דעם ספר־מענטעלע אָדער אין דעם תפילין־זעקעלע) אויך געלט. **דאָס איז אלץ דערזעלבער דין וועגן ארויסראטעווען זיי פון א שריפה אים שבת.** ולהיכן, און וואוהין מעג מען זיי ארויסראטעווען? אין א (פון דריי זייטן) פארמאכטן געסל. **דער טייטש פון „מבוי שאינו מפולש" איז דער טייטש א געסל, וואָס איז ניט דורכגעשניטן דורך און דורך, עס איז פארמאכט פון דריי זייטן, און נור פון איין זייט איז עס אָפן אין דער גרויסער גאס אריין. די גמרא טייטשט, אז דאָס מיינט מען אז דאָס געסל האָט א „הכשר מבוי", דאָס הייסט אז ביי דער פערטער אָפענער זייט איז אוועקגעשטעלט געוואָרן א ברעטל** (לחי), **וואָס דאָס מאכט, אז מען זאָל אין דעם געסל מעגן טראָגן. בן בתירא זאָגט,** אז אויך אין אן אָפן געסל (מבוי מפולש). **די גמרא זאָגט, אז אויך „מבוי מפולש"** (געסל וואָס איז דורכגעשניטן) **מיינט מען דאָ א געסל, וואָס איז פארמאַכט פון דריי זייטן, נאָר ביי דער פערטער אָפענער זייט איז ניטאָ דאָס ברעטל** (דער לחי, זע וועגן דעם אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין).

ב. מצילין, מען מעג ארויסראטעווען (פון א פייער אים שבת) שפייז פאר דריי סעודות, דאָס (שפייז) וואָס איז גוט פאר מענטשן (דארף מען ארויסראטעווען) פאר מענטשן, און וואָס איז גוט פאר א בהמה (דארף מען ארויסראטעווען) פאר א בהמה. **די גמרא זאָגט, אז דעריבער האָט מען ניט דערלויבט צו ראטעווען מער שפייז** (כאָטש עס איז דאָך מותר, מחמת ער טראָגט דאָך ארויס דאָס שפייז אין א הויף, אין וועלכן עס איז פאראַן א עירוב), **ווייל מען האָט מורא, אז ער קאָן פארגעסן אז עס איז שבת און וועלענדיק ראטעווען זיין פארמעגן וועט ער אויסלעשן דאָס פייער.**

בשחרית, מצילין מזון שתי סעודות; במנחה, מזון סעודה אחת. ר׳ יוסי אומר, לעולם מצילים מזון שלש סעודות:

ג. מצילין סל מלא ככרות, ואף על פי שיש בו מאה סעודות, ועיגול של דבילה וחבית של יין, ואומר לאחרים: בואו והצילו לכם; ואם היו פקחין, עושין עמו חשבון אחר השבת. להיכן מצילין אותן? לחצר המעורבת; בן בתירא אומר, אף לשאינה מעורבת:

ד. ולשם מוציא כל כלי תשמישו, ולובש כל מה שיכול ללבוש,

---

כיצד, ווי אזוי? אויב דאָס פייער איז אויסגעבראָכן פרייטאָג־צונאכטס (פאַרן עסן די סעודה) מעג מען ארויסראַטעווען שפּייז פאַר דריי סעודות (ווייל שבת עסט מען דריי סעודות; אויב (דאָס פייער איז אויסגעבראָכן) שבת אין דער פרי (פאַרן עסן) מעג מען ארויסראַטעווען שפּייז (נאָר) פאַר צוויי סעודות; אויב (דאָס פייער איז אויסגעבראָכן שבת) מנחה־צייט, (מעג מען ארויסראַטעווען) שפּייז (נאָר) פאַר איין סעודה. ר׳ יוסי זאָגט, אז מען מעג שטענדיק ארויסראַטעווען שפּייז פאַר דריי סעודות. **ר׳ יוסי האַלט, אז אפילו שבת צו מנחה צייט מעג מען אויך ראַטעווען שפּייז פאַר דריי סעודות, ווייל ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, מעג מען דאָך עס באמת ראַטעווען אין הויף אריין.**

ג. מצילין סל, מען מעג ארויסראַטעווען א קויש פול מיט ברויטן, און כאָטש עס איז פאַראַן אין אים (גענוג פאַר) הונדערט סעודות, און אויך א (גרויסן) קנויל פייגן און אַ פאַס וויין. **כאָטש עס איז פאַראַן אין דעם קויש מיט ברויטן און אין דעם קנויל פייגן און דער פאַס וויין א סך מער ווי פאַר דריי סעודות, פונדעסטוועגן מעג מען זיי ארויסראַטעווען. ווייל ער ראַטעוועט דאָך ניט די דאָזיקע ברויטן, צי די פייגן, צי דעם וויין, ביסלעכווייז, נאָר מיט איינמאָל, איז דעריבער ניט קיין אונטערשיד צי עס איז פאַראַן ווינציקער צי א סך.** ואומר, און ער מעג זאָגן צו אנדערע מענטשן: „קומט און ראַטעוועט ארויס פאַר אייערטוועגן. **און יעדערער פון זיי מעג אויך ראַטעווען שפּייז פאַר דריי סעודות; לויט טייל מיינונגען, מעגן פרעמדע מענטשן ראַטעווען מער, ווייל ביי זיי איז דאָך ניט שייך דער פריערדיקער טעם, אז ווייל זיי ווילן ראַטעווען זייער פאַר־מעגן וועלן זיי פאַרגעסן אז עס איז שבת און אויסלעשן דאָס פייער.** ואם היו, און אויב זיי זענען קלוגע מאכן זיי מיט אים אן אָפּרעכנונג נאָך שבת. **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען אזעלכע פרומע יידן, וועלכע ווילן ניט געניסן פון פרעמדנס זאכן און זיי ווילן ניט צונעמען פאַר זיך די געראַטעוועטע שפּייז, כאָטש עס איז באמת הפקר. אָבער זיי טאָרן באַלד אים שבת ניט אויסנעמען זיך, אז מען זאָל זיי באַצאָלן פאַר דער אר־בייט; דאַקייגן נאָך שבת מעגן זיי פאַרלאַנגען באַצאָלט.** להיכן, און וואוהין מעג מען זיי (די עסנוואַרג) ארויסראַטעווען? אין הויף, וואָס האָט א עירוב; בן בתירא זאָגט, אז אפילו אין הויף וואָס האָט ניט קיין עירוב. **דער „תפארת ישראל“ זאָגט, אז ביי היי־ליגע ספרים האָט מען דערלויבט ארויסצוראַטעווען אפילו אין א געסל (מבוי) מחמת די מצוה צו ראַטעווען זיי איז גרעסער ווי דאָס ראַטעווען שפּייז.**

ד. ולשם, און דאָרט אהין (אין דעם הויף) מעג ער אריבערטראָגן (ראַטעווענדיק זיי ארויס פון פייער אים שבת) אלע באַנוצונגס כלים (וואָס ער דאַרף האָבן אין זעלבן טאָג צו דער סעודה), און ער מעג אָנטאָן אויף זיך אלע מלבושים וואָס ער קאָן נור אָנטאָן און ארומוויקלען זיך מיט אלע זאכן וואָס ער קאָן זיך נור ארומוויקלען מיט זיי. **כאָטש געוויינלעך טראָגט מען ניט אזוי פיל מלבושים, אָבער ווייל ער טוט דאָך אָן די אלע קליידער און ער וויקלט זיך ארום מיט די אלע זאכן, מעג ער זיי ארויסטראָגן פון פייער אים שבת.** ר׳ יוסי זאָגט, אז נור אכצן מלבושים־זאכן. און ער מעג (נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעטאָן די אלע מלבושים זיי אויסטאָן אין דעם אנדערן הויף און) צוריקקומען און ווידער אָנטאָן זיך (די אנדערע מלבושים־זאכן) און זיי ארויסטראָגן. **די גמרא רעכנט אויס די דאָזיקע אכצן מלבושים־זאכן, דהיינו: א אָבער־מאַנטל, א וואַרעם מלבוש אָנגעפּילט מיט וואַטע און ביינוול, א ברייטן גאַרטל, א**

**ועוטף כל מה שיכול לעטוף. ר׳ יוסי אומר, שמנה עשר כלים. וחוזר ולובש ומוציא. ואומר לאחרים: בואו והצילו עמי:**

**ה. ר׳ שמעון בן ננס אומר, פורסין עור של גדי על גבי שידה תיבה ומגדל, שאחז בהן את האור, מפני שהוא מחרך, ועושין מחיצה בכל הכלים, בין מלאים בין ריקנים, בשביל שלא תעבור הדליקה. ר׳ יוסי אוסר בכלי חרס חדשים מלאין מים, לפי שאין יכולין לקבל את האור, והן מתבקעין, ומכבין את הדליקה:**

**ו. נכרי שבא לכבות, אין אומרים לו כבה ואל תכבה, מפני שאין שביתתו עליהן; אבל קטן שבא לכבות, אין שומעין לו, מפני ששביתתו עליהן:**

**ז. כופין קערה על גבי הנר, בשביל שלא תאחוז בקורה, ועל צואה**

---

**וועסטל, א העמד אויפן לייב, א גארטל צום העמד, א גרויסן הוט, א קאפל, צוויי שיך, צוויי זאָקן, צוויי הענטשקעס, צוויי טיכלעך זיך אָפצווישן מיט זיי, א טלית קטן און א האלדז־טוך.** ואומר, און ער מעג זאָגן צו אנדערע מענטשן: „קומט און ראטעוועט צו־זאמען מיט מיר״. **דער ברטנורא טייטשט לויט דער גמרא, אז ביים ראטעווען שפייז זאָגט ער** (ווי די משנה זאָגט פריער), **„קומט און ראטעוועט פאר אייך״, מחמת עס איז מעגליך, אז זיי האָבן שוין געגעסן און זיי מעגן ראטעווען ווינציקער סעודות, און ניט אזוי פיל ווי ער. אָבער ביי מלבושים ראטעווען זיי גלייך מיט אים. ר׳ עקיבא איגר טייטשט די זעלבע גמרא, אז דער טעם איז, וואָס מלבושים, ווייל ער קאָן דאָך זיך איבערטאָן עטליכע מאָל, זענען זיי ניט קיין הפקר (ווי עס איז דער פאל ביי שפייז) און דעריבער הייסט עס, אז זיי ראטעווען ניט „פאר זיך״ נאָר „מיט אים״.**

ה. ר׳ שמעון בן ננס זאָגט, אז מען מעג (אים שבת) אויסשפרייטן א פעל פון א ציגעלע אויף א (הילצערנעם) קאסטן, קעסטל און שאנק, אין וועלכע עס האָט זיך אָנ־געכאפט פייער, ווייל עס זענגט נור אָפּ. **דאָס פייער קאָן די פעל ניט ארומנעמען, עס זענגט איר נור אָפּ, און אזוי ארום ווערן געראטעוועט די קאסטנס און די שאנק.** ועושין, און מען מעג (אים שבת) מאכן אן אפטיילונגס־וואנטל מיט אלע כלים, סיי פולע (מיט וואסער) און סיי מיט ליידיקע, כדי דאָס פייער זאָל ניט אריבערגיין. **מען מעג אוועקשטעלן געפעסן מיט וואסער אָדער אָן וואסער, צווישן דעם פייער און אנדערע זאכן, כדי דאָס פייער זאָל ניט אריבערגיין.** ר׳ יוסי אסר׳ט מיט נייע ערדענע כלים, וועלכע זענען אָנגעפילט מיט וואסער, מחמת זיי קאָנען ניט פארנעמען קיין פייער און זיי ווערן צעפלאצט און (דאָס וואסער) וועט פארלעשן דאָס פייער. **ווייל אפילו ווען מען פארלעשט ניט אליין פייער אים שבת, נאָר מען איז גורם אז דאָס פייער זאָל פארלאָשן ווערן טאָר מען אויך ניט.**

ו. נכרי, אז א גוי קומט (אים שבת) אויסלעשן (א פייער וואָס איז אויסגע־בראָכן ביי יידן) דארף מען אים ניט זאָגן „לעש״ און „לעש ניט אויס״, ווייל אויף זיי (אויף די יידן) ליגט ניט דער חוב צו לאָזן אים (דעם גוי) רוען (אים שבת). **מען טאָר אים נישט זאָגן „לעש אויס״, ווייל „אמירה לגוי שבות״, די רבנן האָבן געאסרט צו זאָגן אים שבת צו א גוי, אז ער זאָל טאָן א מלאכה. אָבער מען איז ניט מחויב אים צו זאָגן, אז ער זאָל ניט אויסלעשן, אויב ער וויל עס טאָן אליין, אָן דעם ייד׳ס זאָגן, מחמת דער ייד דארף ניט אכטונג געבן, אז דער גוי זאָל ניט טאָן א מלאכה אים שבת.** אבל, אָבער אויב א (יידיש) קינד וויל אויסלעשן (א פייער אים שבת), דארף מען אים ניט לאָזן, מחמת זיין רוען אים שבת ליגט יאָ אויף זיי (אויף יידן). **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען ווען דאָס קינד ווייסט, אז דער פאָטער האָט א הנאה דערפון וואָס ער לעשט־אויס דאָס פייער.**

ז. כופין, מען מעג אריבערדעקן א שיסל איבער א (ברענענדיקן) לעמפל (אים שבת) כדי דאָס פייער זאָל ניט אָנצינדן דעם באלקן; און (מען מעג אויך איבערדעקן

**של קטן, ועל עקרב שלא תישך. אמר ר׳ יהודה, מעשה בא לפני רבן יוחנן בן זכאי בערב, ואמר, חוששני לו מחטאת:**

**ח. נכרי שהדליק את הנר, משתמש לאורו ישראל; ואם בשביל ישראל, אסור. מילא מים להשקות בהמתו, משקה אחריו ישראל. ואם בשביל ישראל, אסור. עשה נכרי כבש לירד בו, יורד אחריו ישראל. ואם בשביל ישראל, אסור. מעשה ברבן גמליאל וזקנים, שהיו באין בספינה, ועשה נכרי כבש לירד בו וירדו בו רבן גמליאל וזקנים:**

---

א שיסל) איבער דער צואה (דעם שטילגאנג) פון א קינד, און אויך איבער א סקאר־פיאן (אזא סאָרט שלאנג, עקרב) כדי ער זאָל ניט בייסן. **די גמרא טייטשט „ועל צואה של קטן", אז דאָס מיינט מען איבערדעקן א שיסל אויף דער צואה פון הינער, כדי דאָס קינד זאָל זיך ניט באפלעקן דערמיט.** אָמר, האָט ר׳ יהודה גזאָגט, אז אזא מעשה (וועגן אריבערדעקן אים שבת א שיסל איבער א סקאָרפיאָן) איז געקומען פאר רבן יוחנן בן זכאי אין (דער שטאָט) ערב, און ער האָט געזאָגט: „איך האָב מורא, אז עס קומט דערפאר א קרבן חטאת". **דאָס הייסט, אז רבן יוחנן בן זכאי האָט עס באַ־טראכט פאר א ריכטיקע אב מלאכה, הצד, פאנגן. דער ברטנורא זאָגט, אז דער דין איז, אז שלאנגן און אנדערע באשעפענישן וועלכע בייסן און באדראָען דערמיט דאָס לעבן פון מענטשן מעג מען הרגענען אים שבת, אפילו זיי יאָגן ניט נאָך דעם מענטש. און באשעפענישן, וועלכע בייסן און טויטן טיילמאָל און טיילמאָל ניט, איז אויב זיי יאָגן נאָך מעג מען זיי הרגענען, און אויב זיי יאָגן ניט נאָך מעג מען זיי אי־בערדעקן מיט א שיסל. אָבער סתם פאנגן א שלאנג כדי צו שפילן זיך מיט אים טאָר מען ניט.**

ח. נכרי, אויב א גוי האָט אָנגעצינדן (אים שבת) אַ לעמפל (פאר זיך) מעג א ייד באנוצן זיך מיט זיין ליכט; און אויב ער האָט עס געטאָן פאר דעם ייד׳ס וועגן טאָר דער ייד ניט (זיך באנוצן מיט דער ליכט). **דער „תפארת ישראל" באַמערקט דערביי, אז דאָס מיינט מען אויך ביי אלע אנדערע מלאכות, אויב דער גוי טוט זיי אים שבת פאר דעם ייד׳ס וועגן טאָר דער ייד פון זיי ניט געניסן.** מילא, אויב (דער גוי) האָט אָנגעשעפּט וואסער (פון א גרוב אין רשות הרבים, אין גאס, און געבראכט אין רשות היחיד, אין הויף, וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שבת) כדי אָנצוטרינקן זיין (דעם גוי׳ס) בהמה, מעג א ייד נאָך אים (דאָס וואסער וואָס איז געבליבן) אָנטרינקן (זיין, דעם ייד׳ס, בהמה); און אויב ער האָט עס געטאָן פאר דעם ייד׳ס וועגן טאָר מען ניט. **עס זענען פאראן צוויי דעות ביי די מפרשים, צי מיט די ווערטער „נאָך אים" האָט די משנה געמיינט דוקא, און אײדער דער גוי טרינקט אָן זיין בהמה טאָר דער ייד ניט, ווייל מען קאָן מיינען, אז דער גוי האָט געבראכט דאָס וואסער פאר דעם ייד׳ס וועגן אָדער מען מיינט ניט דוקא, און אויך פריער מעג מען.** עשה, אויב א גוי האָט געמאכט (אים שבת) א טרעפּ כדי דערפון אראָפּצוגיין (פון א שיף אויף דער יבשה) מעג נאָך אים אראָפּגיין א ייד; און אויב ער האָט עס געמאכט פאר דעם ייד׳ס וועגן טאָר מען ניט. **דער ברטנורא זאָגט, אז דעריבער לערנט די משנה דעמזעלבן דין ביי אלע דריי פאלן, ביי א לעמפל, וואסער און א טרעפּ, ווייל ביי א לעמפל כאָטש איין ליכט איז גענוג פאר אלע און מ׳דארף עס ניט מאכן גרעסער (נר לאחד, נר למאה, איין ליכט פאר איין מענטש איז גוט פאר הונדערט), פונדעסטוועגן אויב ער האָט עס געמאכט פאר דעם ייד׳ס וועגן טאָר מען ניט די גמרא זאָגט אז וואַ־סער לערנט די משנה, אז כאָטש מען קאָן מורא האָבן „שמא ירבה בשבילו", טאָמער וועט דער גוי אָנשעפּנדיק פאר זיך, שעפּן מער וואסער אויך פאר דעם ייד׳ס וועגן, פונדעסטוועגן מעג מען אויב מען ווייסט, אז דער גוי האָט געשעפּט פאר זיך. און דעם טרעפּ לערנט די משנה, כדי צו ברענגען באלד די מעשה מיט רבן גמליאל.** מעשה, עס האָט פאסירט א מעשה מיט רבן גמליאל און די זקנים (יידישע חכמים)

## פרק י״ז

**א. כל הכלים ניטלין בשבת ודלתותיהן עמהן, על פי שנתפרקו, בשבת, שאינן דומין לדלתות הבית, לפי שאינן מן המוכן:**

**ב. נוטל אדם קורנס לפצע בו את האגוזים; וקורדום לחתוך את הדבילה; מגירה לגרור בה את הגבינה; מגריפה לגרוף בה את הגרוג־רות; את הרחת ואת המזלג לתת עליו לקטן; את הכוש ואת הכרכר,**

---

וועלכע זענען אָנגעקומען (אים שבת) מיט א שיף צו דער יבשה, און א גוי האָט געמאַכט א טרעפּ אראָפּצוגיין, און רבן גמליאל און די זקנים זענען אראָפּגעגאנגען אויף אים. **דאָס וואָרט „כבש", טרעפּ מיינט א גלאַט שטיק ברעט צי אן אנדערע זאַך, וואָס מ'לייגט אנידער שיפּוע'דיק פון דער הויך פון שיף צו דער יבשה, און בכלל פון יעדן העכערן אָרט צו א נידריקערן אָרט, און אויף אים גייט מען אראָפּ.**

## פרק י״ז

א. כל, אלע כלים (וועלכע האָבן טירן און מען מעג זיך באנוצן מיט זיי אים שבת) און מען מעג זיי מטלטל־זיין אים שבת, מעג מען אויך זייערע טירן מטלטל זיין צוזאמען מיט זיי, אים שבת, כאָטש די טירן זענען אראָפּגענומען געוואָרן (פון די כלים אין דער וואָכנס). **עס זענען פאראַן כלים, וועלכע האָבן טירלעך, צו־דעקלעך, וועלכע זענען באהאפטן צו די כלים, למשל א קעסטל, אין וועלכן מען האַלט עסנוואַרג. זאָגט די משנה, (אזוי טייטשט די גמרא), אז „אף על פי שנתפּרקו, בשבת", דאָס הייסט, כאָטש דאָס טירל איז אראָפּגענומען געוואָרן אין מיטן דער וואָך, מעג מען עס מטלטל זיין אים שבת צוזאמען מיט די כלים. „ניטלין", מטלטל־זיין, מיינט מען נעמען די זאַך און עס איבערטראָגן פון איין אָרט אין אן אנדערן אָרט. ניט אלע זאכן מעג מען מטלטל־זיין אים שבת. למשל געלט טאָר מען ניט, און מען טאָר ניט אויך אנדערע זאכן, וועלכע מען קאָן ניט נוצן אים שבת. דאָס הייסט „מוקצה", „אָפּגע־שיידט", זאָגט דאָ די משנה אז די דאָזיקע טירן מעג מען יאָ.** שאינן דומין, ווייל זיי זענען ניט גלייך צו די טירן פון א הויז, מחמת זיי (די הויז־טירן) זענען ניט צו־געגרייט (צום איבערטראָגן זיי). **די משנה זאָגט דאָ, אז טירן פון אַ הויז, וועלכע זע־נען אראָפּגענומען געוואָרן טאָר מען ניט מטלטל זיין, ווייל זיי זענען ניט געמאַכט גע־וואָרן צום איבערטראָגן; אָבער טירלעך פון כלים טראָגט מען דאָך יאָ צוזאמען מיט די כלים, דעריבער אפילו ווען זיי זענען געוואָרן אראָפּגענומען מעג מען זיי אויך טראָגן. — מיר האָבן אין אָנהויב פון דער משנה געטייטשט ווי תוספות און די גירסא איז דעריבער „הניטלין", „וועלכע מען מעג מטלטל זיין".**

ב. נוטל, מען מעג נעמען (אים שבת) א האַמער צו צעקלאַפּן ניס. **כאָטש גע־וויינליך איז דער האַמער באשטימט אויף צו טאָן מיט אים מלאכות, וואָס מען טאָר־ניט טאָן אים שבת, פונדעסטוועגן מעג מען אים נעמען צו צעקלאַפּן ניס. די משנה וועט דאָ באלד געבן נאָך אזעלכע דינים, אז מען מעג אים שבת נעמען כלים, וועל־כע זענען באשטימט צו טאָן מיט זיי מלאכות, וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שבת, אָבער ווייל איצט נעמט מען די כלים כדי זיי צו באנוצן צו זאכן וואָס מען מעג טאָן אים שבת, מעג מען זיי נעמען; און דאָס זענען:** וקורדום, און א האַק אָפּצושניידן געפּרע־סטע פייגן (וועלכע זענען הארט צוזאמענגעפּרעסט); **כאָטש א האַק איז באשטימט צו האַקן דערמיט האָלץ אָדער צו גראָבן אין דער ערד.** מגירה, א זעג, כדי צוצעשניידן (הארטן קעז). **כאָטש מיט דער זעג זעגט מען געוויינליך האָלץ.** מגריפה, א שאַרפע שופליע (קליינע לאָפּאטע), כדי ארויסצוקראַצן די דאַרע פייגן (פון פאַס). **פייגן האָט מען געפּאַקט אין עטליכע פאַרמען. פון נאַסע פייגן האָט מען אויסגעקנעטן א קיי־לעכיקן לאַבן, און דאָס האָט געהייסן „דבלה", אָדער „ככר דבלה", אָדער „עיגול". טרוקענע פייגן (גרוגרות) האָט מען געפּאַקט אין קליינע פעסלעך, אין קרוגן (חביות).** את הרחת, די ווינט־שופליע (אין וועלכער מען רייניגט אויף דעם ווינט תבואה – קער־

**לתחוב בו; מחט של יד, ליטול בו את הקוץ, ושל סקאים, לפתוח בו את הדלת:**

**ג. קנה של זתים, אם יש קשר בראשו, מקבל טומאה, ואם לאו, אין מקבל טומאה; בין כך ובין כך ניטל בשבת:**

**ד. ר׳ יוסי אומר, כל הכלים ניטלין חוץ מן המסר הגדול ויתד של מחרישה. כל הכלים ניטלין לצורך ושלא לצורך, רבי נחמיה אומר, אין ניטלין אלא לצורך:**

---

נער פון די שטיקלעך שטרוי־פּליעווס), און דעם (תבואה)־גאָפּל (מיט וועלכן מען דרייט איבער די בינטלעך שטרוי אין שייער) כדי צו דערלאַנגן אויף זיי (עסנווארג) צו א קינד. **דער „תפארת ישראל" טייטשט כדי אריבערצודערלאנגן עסן צו א קינד וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט פון א שמאָל טייכל.** את הכוש, דאָס שפּינדל און דאָס וועבער שיפל, כדי זיי אריינצושטעקן. **שפּינדל און וועבער־שיפל זענען לענג־ליכע, שפּיציקע העלצלעך, וואָס מען נוצט ביים שפּינען און וועבן. זאָגט די משנה, אז מען מעג זיי נעמען אים שבת כדי צו באנוצן זיי ביים עסן למשל ווייכע פרוכטן, ווי יאגדעס, און מען וויל זיך ניט איינפלעקן די הענט.** מחט, א האנט־נאָדל (מיט וועל־כער מען נייט) כדי ארויסצונעמען מיט איס א דין שטיקל האָלץ (וואָס האָט זיך אריינגעשטאָכן אין לייב). **מחמת דאָס מעג מען טאָן אים שבת.** ושל סקאים, און (א **גרויסע נאָדל) פון זעק־נייערס (מעג מען נעמען), כדי צו עפענען דערמיט א טיר אויב מ׳האָט פארלוירן דעם שליסל קאָן מען מיט אזא גרויסן זאק־נאָדל עפנען די טיר.**

ג. קנה, א (הילצערן) רערל (צו פּראָבירן) איילבירטן, אויב עס האָט אַ פאר־שטאָפּונג אין (איין) שפּיץ קאָן עס ווערן טמא, און אויב ניט קאָן עס ניט ווערן טמא; און סיי אזוי (עס האָט א פארשטאָפּונג אין איין זייט) און סיי אזוי (עס האָט ניט) מעג מען עס נעמען אים שבת. **איילבירטן לייגט מען אריין אין א כלי און מען לאָזט זיי דאָרט ליגן לאנג כדי זיי זאָלן ווערן ווייך און זיי זאָלן ארויסגעבן אייל. כדי צו וויסן צי זיי געבן שוין ארויס דעם אייל, שטעקט מען אריין אין דער כלי מיט אייל־בירטן א הילצערן הויל רערל, און ווען מען ציט ארויס דאָס רערל זעט מען צי איז אין דעם דאָ אייל. טיילמאָל פארשטאָפּט מען דעם שפּיץ פון א רערל מיט א ווייכע זאך כדי עס זאָל אָנזיפּן מער אייל און מען זאָל קאָנען בעסער וויסן צי עס איז שוין פאראן א סך אייל. דער דין איז אז א הילצערנע זאך, כלי עץ, אויב עס קאָן ניט אריינעמען עפּיס (עס האָט ניט קיין בית קיבול) קאָן ניט ווערן טמא, אפילו עס רירט אָן א טויטן שרץ צי אַן אנדערע טמא־זאך. זאָגט דאָ די משנה אז אויב דאָס הילצערנע רערל האָט אזא פארשטאָפּונג. נעמט דאָך עס אָן אביסל אייל, קאָן עס ווערן טמא, און אויב ניט קאָן עס ניט ווערן טמא. אָבער אים שבת מעג מען דאָס רערל נעמען סיי עס האָט א פארשטאָפּונג און סיי עס האָט ניט, מחמת איןביידע פאלן קאָן מען עס דאָך נוצן כדי ארויסצופּרובירן די איילבירטן.**

ד. ר׳ יוסי זאָגט, אז אלע כלים מעג מען נעמען אים שבת, א חוץ די גרויסע זעג און דעם טשוואָק פון אַקער־אייזן. **מחמת די דאָזיקע צוויי כלים זענען באשטימט נור פאר אזא ארבייט וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שבת (זעגן און אקערן) און דער בעל הבית גיט אכטונג אז מען זאָל זיי ניט נוצן צו קיין אנדע־רער זאך, מחמת ער האָט מורא, אז זיי זאָלן ניט קאַליע ווערן.** כל הכלים, אלע כלים מעג מען נעמען (אים שבת) סיי צום געברויך און סיי ניט צום געברויך. **די גמרא טייטשט, אז אלע כלים, וואָס מען נוצט זיי צו א זאך וואָס מען מעג טאָן אים שבת, למשל שיסלען, גלעזער, מעג מען זיי צונעמען פון זייער אָרט, וואו זיי שטייען, סיי ווען מען דאַרף האָבן זיי אליין צום נוצן (לצורך גופן), סיי מען דאַרף האָבן דאָס אָרט וואו זיי שטייען (לצורך מקומן) און סיי ווען מען דאַרף ביידע זאכן ניט, נאָר מען באהאלט זיי, למשל, פאר גנבים, אָדער זיי שטייען אויף דער זון און זיי ווערן קא־**

**ה. כל הכלים הניטלין בשבת, שבריהן ניטלין (עמהן), ובלבד שיהו עושין מעין מלאכה; שברי עריבה לכסות בהן את פי החבית, שברי זכוכית לכסות בהן את פי הפך. ר' יהודה אומר, ובלבד שיהו עושין מעין מלאכתן; שברי עריבה לצוק לתוכן מקפה, ושל זכוכית לצוק לתוכן שמן:**

**ו. האבן שבקירויה, אם ממלאין בה ואינה נופלת, ממלאין בה, ואם לאו, אין ממלאין בה. זמורה שהיא קשורה בטפיח, ממלאין בה בשבת:**

---

ליע טראָגט מען זיי איבער אין שאָטן. אָבער כלים, וואָס מען טוט מיט זיי געוויינליך מלאכות, וועלכע מען טאָר ניט טאָן אים שבת, למשל א מילכל, איז אויב מען וויל זיי אליין נוצן (למשל צו נעמען אין דעם עפּיס א עסנווארג) אָדער מען דאַרף זייער אָרט, מעג מען זיי נעמען אים שבת; אויב אָבער שלא לצורך, באַהאַלטן פאַר גנבים, טאָר מען ניט אים שבת. ר' נחמיה זאָגט, אז מען מעג זיי (אַלע כלים) נעמען נור צום געברויך. די גמרא טייטשט, אז ר' נחמיה האַלט, אז אפילו למשל א מעסער מעג מען נעמען נור צום שניידן עסן, מחמת דאָס איז דאָך די ארבייט פון א מעסער; אויך מעג מען נעמען ווען מען דאַרף דאָס אָרט. אָבער, למשל, אונטערצושטיצן מיט דעם מעסער א שיסל טאָר מען ניט.

ה. כל הכלים, אַלע כלים וועלכע מען מעג נעמען אים שבת, מעג מען נעמען אויך זייערע צעבראָכענע שטיקער, אָבער נור אויב מען קאָן מיט זיי טאָן עפּעס א סאָרט ארבייט (וואָס מען מעג טאָן אים שבת); צעבראָכענע שטיקער פון א מילטער כדי מיט זיי צו צודעקן די עפנונג פון א פאַס, שטיקער צובראָכענע גלעזער כדי מיט זיי צו צודעקן די עפנונג פון א קרוגל. דאָס הייסט, אז כאָטש די דאָזיקע ארבייט פון די צעבראָכענע שטיקער האָט ניט קיין שייכות מיט דער ארבייט וואָס די כלים האָבן געטאָן, ווען זיי זענען געווען גאַנץ, פונדעסטוועגן מעג מען. ר' יהודה זאָגט, אז נור ווע זיי טאָן אן ארבייט פון זייער פריערדיקער ארבייט; צעבראָכענע שטיקער פון א מילטער, כדי אין זיי אריינצעגיסן געקאָכט געדיכט עסן, און (צובראָכענע שטיקער) גלעזער כדי אין זיי אריינצוגיסן אייל. מחמת אין א מולטער האָט מען דאָך אריינגעטאָן טייג, וואָס איז אויך ווי א געדיכט עסן (וואָסער מיט מעל) און אין גלעזער האָט מען דאָך אריינגעגאָסן משקאות. די גמרא זאָגט, אז די מחלוקה פון דער סתם משנה און ר' יהודה איז נור וועגן כלים, וועלכע זענען צובראָכן געוואָרן אים שבת, אָבער אויב זיי זענען צובראָכן געוואָרן פאַר שבת, האַלט אויך ר' יהודה, אז מען מעג אפילו ווען מ'קאָן מיט זיי טאָן נאָר יעדע אנדערע מלאכה.

ו. האבן, אויב א שטיין ליגט אין א אויסגעהוילטן קירביס (דיניע), איז אויב מען קאָן שעפּן מיט אים (דעם קירביס) וואַסער און דער שטיין זאָל ניט ארויספאַלן, מעג מען שעפּן מיט אים (אים שבת), און אויב ניט, טאָר מען ניט שעפּן מיט אים אים שבת). „קרויה" איז דער טייטש א קירביס, א דיניע, אזא סאָרט ארבוז, א וואַסערמעלאָן, וועלכער איז גרויס און האָט א זייער האַרטע שאָל. ווען מען נעמט ארויס פון אינווייניק דאָס ווייכע און די קערנדלעך, בלייבט א גרויסע, קיילעכיקע דיקע שאָל, און זעט אויס ווי א טאָפּ. מען פלעגט דערמיט שעפּן וואַסער, און כדי דער דאָזיקער הוילער קירביס זאָל קאָנען אראָפּגיין אין וואַסער האָט מען אריינגעלייגט אין אים א שטיין, כדי ער זאָל ווערן שווערער. זאָגט די משנה אז אויב דער שטיין איז געווען אזוי שטאַרק אריינגעפּאַסט אין דעם קירביס („מהודק", אריינגעפּאַסט), אז ווען מען שעפּט דערמיט וואַסער פאַלט דער שטיין ניט ארויס, מעג מען שעפּן דערמיט וואַסער, מחמת דער שטיין ווערט בטל צום קירביס. אויב אָבער דער שטיין פאַלט יאָ ארויס, הייסט עס, אז דער קירביס איז א ליג־אָרט פאַר דעם שטיין, און א שטיין טאָר מען דאָך ניט נעמען אים שבת, דעריבער טאָר מען אויך מיט דעם קירביס, אין

ז. פקק החלון, ר׳ אליעזר אומר, בזמן שהוא קשור ותלוי, פוקקין בו ואם לאו, אין פוקקין בו; וחכמים אומרים, בין כך ובין כך פוקקין בו:

ח. כל כיסוי כלים שיש להם בית אחיזה, ניטלים בשבת. אמר רבי יוסי, במה דברים אמורים? בכסוי קרקע, אבל בכסוי כלים, בין כך ובין כך ניטלים בשבת:

## פרק י״ח

א. מפנין אפילו ארבע וחמש קופות של תבן ושל תבואה, מפני

---

וועלכן דער שטיין ליגט, ניט שעפן וואסער אים שבת. זמורה, א צווייגל וואס איז אנגעבינדן אין א קרוגל (טפיח) מעג מען דערמיט שעפן וואסער אים שבת. מחמת דאס צווייגל ווערט א טייל פון דעם קרוגל.

ז. פקק החלון, א פארשטאפער פון א פענסטער, זאגט ר׳ אליעזר, אז אויב ער איז צוגעבינדן צום פענסטער און ער הענגט (ליגט ניט אויף דער ערד) מעג מען מיט אים פארשטאפן (דאס פענסטער אים שבת) און אויב ניט טאר מען ניט פאר־שטאפן מיט אים. אמאל האבן די פענסטער ניט געהאט קיין גלאז, נאר זיי זענען גע־ווען סתם לעכער, אפן, און ווען מען האט געוואלט זיי פארמאכן (צוליב רעגן אדער צוליב אנדערע סיבות) האט מען זיי פארשטאפט מיט עפיס א זאך, מיט א ברעט צי א ווייכע זאך. דאס האט געהייסן „פקק החלון״, דער פענסטער־פארשטאפער, זאגט ר׳ אליעזר, אז כדי מען זאל מעגן אים שבת פארשטאפן א פענסטער, מוז דער פקק, דער פארשטאפער, זיין אנגעבינדןביים פענסטער און אויך אראפהייענגן, ניט ליגן אויף דער ערד; מחמת נור אין אזא פאל הייסט עס, אז ער איז א טייל פון פענסטער, פון דער שטוב, און עס הייסט ניט זוי מען בויט צו (מוסיף על הבנין), כאטש דאס איז דאך נור א צייטווייליקע זאך, ווארום מען נעמט דאך עס צוריק ארויס, האלט ר׳ אליעזר, אז מען טארניט, ווייל אויך מוסיף־זיין אויף א „אוהל ארעי״, אויף א צייט־ווייליק געצעלט, טאר מען אויך ניט אים שבת. וחכמים, און די חכמים, זאגן, אז סיי אזוי און אזוי (צי ער איז יא צו־געבינדן צי ניט) מעג מען מיט אים פארשטאפן, מחמת דאס איז דאך פון פאר שבת באשטימט געווען צו פארשטאפן דערמיט, און די חכמים האלטן, אז אויף א „אוהל ארעי״ מעג מען יא מוסיף זיין אים שבת.

ח. כל כיסוי, אלע צו־דעקלעך פון כלים וועלכע האבן הענטלעך (בית אחיזה, הענטלעך אנצונעמען) מעג מען נעמען (מטלטל־זיין) אים שבת. האט ר׳ יוסי גע־זאגט, ווען איז דאס געזאגט געווארן? ביי צו־דעקלעך איבער דער ערד, אבער צו־דעקלעך פון כלים, סיי אזוי און סיי אזוי (סיי זיי האבן הענטלעך און סיי זיי האבן ניט קיין הענטלעך), מעג מען זיי נעמען אים שבת. די גמרא זאגט, אז ביי צודעקלעך פון כלים האלט אויך די סתם משנה אז מען מעג זיי נעמען אפילו זיי האבן ניט קיין הענטלעך, און ביי צו־דעקן (טירן) פון א ברונעם צי א קעלער האלט אויך ר׳ יוסי, אז אויב זיי זענען אן הענטלעך טאר מען ניט. די מחלוקה איז נור ביי כלים צוגעפעסטיקט צו דער ערד; די סתם משנה האלט, אז זיי האבן דעם דין פון ערד, און ר׳ יוסי האלט, אז זיי האבן דעם דין פון כלים.

## פרק י״ח

א. מפנין, מען מעג (אים שבת) אוועקרוימען (פון ארט) אפילו פיר פינף קוישן שטרוי און תבואה, כדי צו מאכן (א ליידיקן ארט) פאר געסט, אדער כדי ניט צו דער־לאזן צו מבטל זיין (דאס לערנען פון די תלמידים) פון בית המדרש. אים שבת טאר מען ניט (מדרבנן) טאן א זאך, וואס מען דארף דערצו זיך שווער אנצוהארעווען (טירחא). דעריבער טאר מען ניט סתם ריזן פון ארט גרויסע קוישן שטרוי און תבואה (סיידן מען דארף זיי צוגעבן צו עסן צו א בהמה). אבער אויב מען דארף דאס ארט פאר געסט אדער פאר תלמידים וועלכע קומען הערן די דרשה און עס איז ניטא קיין פלאץ פאר זיי צו שטיין, מעג מען אוועקרוימען די קוישן, כדי צו מאכן

**האורחים ומפני בטול בית המדרש. אבל לא את האוצר. מפנין תרומה טהורה, ודמאי, ומעשר ראשון שניטלה תרומתו, ומעשר שני והקדש שנפדו, והתורמוס היבש, מפני שהוא מאכל לעניים. אבל לא את הטבל, ולא מעשר ראשון שלא נטלה תרומתו, ולא את מעשר שני והקדש שלא נפדו, ולא את הלוף, ולא החרדל. ר׳ שמעון בן גמליאל מתיר בלוף, מפני שהוא מאכל עורבין:**

**ב. חבילי קש וחבילי עצים וחבילי זרדים, אם התקינן למאכל**

---

**אָרט.** אבל אָבער ניט דעם גאנצן שפייכלער. **מען מעג אוועקרוימען נאָר א טייל פון דער שטרוי און תבואה, אָבער אינגאנצן אוועקנעמען טאָר מען ניט, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט מען אויסגלייכן די גריבלעך וואָס זענען געבליבן אויפן אָרט.** מפנין, מען מעג אוועקרוימען (תבואה) ריינע תרומה, און דמאי (תבואה, וועגן וועלכער עס איז נור א חשד, טאָמער האָט מען איר ניט געמעשרט), און מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט אראָפּגענומען תרומת מעשר (כאָטש צוליב דעם וואָס מען האָט דעם מעשר אָפּגעשיידט פון דער תבואה אין די זאנגן האָט מען ניט גענומען צוערשט תרומה), און מעשר שני און הקדש, וועלכע זענען געוואָרן אויסגעלייזט (כאָטש דער אויסלייזער האָט באַצאָלט נאָר דעם קרן אָבער נאָכניט דאָס פיפטל, דעם חומש), און אויך דעם טרוקענעם לופין (אזא סאָרט גראָז־בעבלעך) ווייל עס איז אַ עסנווארק פאר אָרימע לייט. **די משנה לערנט דאָ, אז כאָטש תרומה טאָר דאָך א ישראל ניט עסן, אָבער ווייל א כהן מעג דאָך עס עסן, מעג דעריבער אויך א ישראל מטלטל זיין און עס איז ניט פאר אים קיין מוקצה. דאָסזעלביקע איז מיט דמאי (וועגן דמאי, תרומה, מעשר ראשון און תרומת מעשר און מעשר שני זע אין דער הקדמה פון אונזער פירוש צו מסכתא דמאי), ווייל אַן אָרימאַן מעג עסן דמאי, און יעדער איינער קאָן דאָך מפקיר זיין פארמעגן און הייסן אַן אָרימאַן, מעג דעריבער יעדער מטלטל זיין דמאי אים שבת. אויך מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט גענומען תרומת מעשר און מעשר שני און הקדש (תבואה וואָס מען האָט מקדיש געווען) וועלכע מען האָט אויסגעלייזט, כאָטש עס זענען טייל זאכן דאביי ניט אָפּגעהיטן געוואָרן, אָבער ווייל מען מעג זיי עסן, מעג מען זיי מטלטל־זיין אים שבת. אויך טרוקענעם לופין (וועגן לופין, תורמוס, זע אין אונזער פירוש אין מסכתא כלאים פרק א׳ משנה ג׳) עסן אָרימע לייט (נאָסער טויג צו גאָרניט, ווייל ער איז ביטער).** אבל לא, אָבער מען טאָר ניט (מטלטל זיין אים שבת) טבל (תבואה, פון וועלכער מ׳האָט ניט גענומען תרומה אָדער מעשרות. אפילו ווען ס׳איז נור טבל מדרבנן), און ניט מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט ניט אראָפּגענומען תרומת מעשר און ניט מעשר שני און הקדש וועלכע מען האָט ניט אויסגעלייזט, און ניט די לוף־ציבעלע און ניט זענעפט (גאָרטשיצע). **מחמת טבל און מעשר ראשון פון וועלכע מען האָט ניט אראָפּגענומען תרומת מעשר און ניט אויסגעלייזטע מעשר ראשון און הקדש טאָר מען ניט עסן, און די לוף־ציבעלע (ניט געקאָכט) און זענעפט קאָן מען ניט עסן, און אפילו הויז־בהמות קאָנען זיי ניט עסן, דעריבער זענען זיי מוקצה, אָפּגעשיידט, און מען טאָר זיי אים שבת ניט מטלטל זיין.** רבן שמעון בן גמליאל איז מתיר (מטלטל צו זיין) לוף־ציבעלע, ווייל עס איז א עסנווארג פאר קראָען. **און ווייל רייכע לייט האָדעוועט קראָען כדי צו שפּילן זיך מיט זיי, מעגן אויך אפילו אָרימע לייט מטלטל זיין, לויט רבן שמעון בן גמליאל, די לוף־ציבעלע אים שבת (אזוי טייטשט ר׳ עקיבא איגר).**

ב. חבילי, בינטלעך שטרוי, און בינטלעך שטרוי־העלצלעך און בינטלעך ווייכע פייכטע צווייגן, אויב מען האָט זיי צוגעגרייט צו עסן פאר א בהמה מעג מען זיי מטלטל־זיין (אים שבת) און אויב ניט טאָר מען זיי ניט מטלטל זיין. **מחמת אויב זיי זענען ניט געווען באשטימט צום עסן פאר א בהמה זענען זיי מוקצה. „חבילי עצים״ טייטשן מיר שטרוי־העלצלעך, דאָס וואָרט „עצים״ מיינט מען דאָ ניט סתם**

**בהמה, מטלטלין אותן, ואם לאו, אין מטלטלין אותן. כופין את הסל לפני האפרוחים, כדי שיעלו וירדו. תרנגולת שברחה, דוחין אותה עד שתכנס, מדדין עגלין וסייחין ברשות הרבים. אשה מדדה את בנה. אמר ר' יהודה, אימתי? בזמן שהוא נוטל אחת ומניח אחת, אבל אם היה גורר אסור:**

**ג. אין מילדין את הבהמה ביום טוב, אבל מסעדין. ומילדין את האשה בשבת, וקורין לה חכמה ממקום למקום, ומחללין עליה את**

---

„העלצלעך", ווארום העלצלעך זענען נִיט גוט צום עסן פאר א בהמה, נאָר מען מיינט דאָ די האַרטערע שטרויען פון קטניות, פון אַרבעס און בעבלעך, און דער יחיד דערפון איז ניט „עץ", נאָר „עצה", ווי מיר האָבן עס געהאַט פריער פרק ז' משנה ד' („עצה כמלוא פי גמל"). „זרדים" מיינט מען פייכטע, ווייכע צווייגן, אויך ווייכע ריטלעך. כופין, מען מעג (נעמען אים שבת) און אוועקלייגן א קויש פאר יונגע הינדעלעך, אז זיי זאָלן אויף אים אַרויפגיין און אַראָפגיין. דער דין איז, אז אים שבת טאָר מען ניט מאַכן, אז א כלי, וועלכע מען קאָן באַנוצן זאָל מען ניט קאָנען באַנוצן (מבטל כלי מהיכנו), אָבער ווייל די הינדלעך בלייבן דאָך ניט שטיין אויף דעם קויש, נאָר זיי גייען אַרויף און אַראָפּ, מעג מען דאָך דעם קויש אוועקנעמען, דער־ריבער הייסט עס ניט „צוגענומען פון קויש די מעגליכקייט צו באַנוצן אים". אַן אנדער טייטש אין דער גמרא איז, אז נאָר ווען מען דאַרף האָבן דאָס אָרט וואו דער קויש שטייט, מעג מען אים צונעמען פון דאָרט און אוועקלייגן פאר די הינ־דעלעך. „אפרוחים" הייסן יונגע הינדעלעך און בכלל יונגע פייגעלעך. תרנגולת, א הון, וועלכע איז אַרויסגעלאָפן (פון הויז) מעג מען איר אַריינשטיפּן ביז זי קומט צוריק אַריין. ווייל דאָס הייסט ניט, אז מען טראָגט די הון, און טראָגן די הון אים שבת טאָר מען ניט. די גמרא זאָגט, אז מען מעג נאָר „דוחין", „שטיפּן", אָבער מען טאָר ניט זיין „מדדין", אָננעמען ביים האַלדז און שלעפּן איר, מחמת די הון הויבט זיך אויף פון דער ערד, און עס קומט אויס ווי מען טראָגט איר אים שבת. די גמרא ברענגט א ברייתא, אז אנדערע עופות מעג מען אויך אָננעמען ביים האַלדז און שלעפּן ווייל זיי הויבן זיך ניט אויף פון דער ערד. מדדין, מען מעג (אָננעמען פאַרן האַלדז און) שלעפן קעלבער און יונגע אייזלען (אים שבת) אין רשות הרבים. עס הייסט ניט ווי מען טראָגט זיי אין רשות הרבים, אין גאַס, וואָס מען טאָרניט; מחמת זיי, די קעלבער און די יונגע אייזלען, הייבן זיך ניט אויף, ווען מען שלעפּט זיי. דאָס וואָרט „מדדים", מאַכן באַוועגן זיך, איז פון וואָרט „דדה", פּאַמעליך שלעפּן זיך, און געפינט זיך אין תנך אין דער פאָרם פון התפעל („אדדם" אין תהלים מ"ב, און „אדדה" אין ישעיה ל"ח). אשה, א פרוי מעג שלעפן (אים שבת אין גאַס) איר (יונג) קינד; ר' יהודה זאָגט: ווען (מעג זי)? אין דער צייט ווען ער (דאָס קינד) הויבט אויף איין (פוס) און שטעלט אוועק איין (פוס), אָבער אויב ער שלעפּט (ביידע פיס) טאָר מען ניט. מחמת דאָס הייסט, ווי זי טראָגט אים. די מפרשים זאָגן, אז דאָ מיינט מען אזא יונג קינד, וואָס קאָן אליין ניט גיין, ווייל א קינד וואָס קאָן שוין גיין אליין מעג מען עס טראָגן, מחמת „חי נושא את עצמו", א לעבעדיקע זאַך טראָגט זיך אליין.

ג. אין, מען טאָרניט אָפּנעמען (אַרויסנעמען דאָס קינד ביים געבוירן ווערן) פון א בהמה אים יום טוב, אָבער מען מעג העלפן (ביים געבוירן). אָפּנעמען דאָס קינד טאָר מען ניט, ווייל עס איז א צו שווערע טירחא; אָבער העלפן, האַלטן דאָס קינד ביים אַרויסגיין פון דער מוטערס בויך, כדי עס זאָל ניט אַראָפּפאַלן אויף דער ערד, מעג מען. ומילדין, אָבער ביי א פרוי מעג מען אָפּנעמען דאָס קינד (ביים גע־בוירן ווערן) אים שבת, און מען רופט צו איר א הייבאַם פון איין אָרט צום אנדערן אָרט, און מען איז מחלל שבת צוליב איר (צוליב דער געווינערין). דאָס איז דער דין,

השבת, וקושרין את הטבור. ר׳ יוסי אומר, אף חותכין. וכל צרכי מילה עושין בשבת:

## פרק י״ט

א. ר׳ אליעזר אומר, אם לא הביא כלי מערב שבת, מביאו בשבת מגולה, ובסכנה, מכסהו על פי עדים. ועוד אמר רבי אליעזר, כורתים עצים לעשות פחמין ולעשות (כלי) ברזל. כלל אמר רבי עקיבא, כל מלאכה, שאפשר לעשותה מערב שבת אינה דוחה את השבת, ושאי אפשר לעשותה מערב שבת דוחה את השבת:

---

אז פאר א קראנקן, וועלכער איז אין לעבנס־געפאר (חולה שיש בו סכנה) דארף מען מחלל שבת זיין, און א געווינערין, פון זינט זי הויבט אָן צו גיין צו קינד ביז 3 טעג נאָכן געבוירן דאָס קינד, דארף מען צוליב איר מחלל שבת זיין, אפילו זי פארלאנגט עס ניט. „חכמה" הייסט א הייבאם, די פרוי וואָס נעמט אָפּ דאָס קינד, און די משנה לערנט, אז זי מעג קומען אפילו ווייטער פון א תחום שבת. וקושרין, און מ׳בינדט־צו דעם נאָפּל (ביים געבוירענעם קינד אים שבת). ווייל אויב מען וועט דעם נאָפּל ניט צובינדן קאָנען ארויסגיין דעם קינד׳ס געדערים. ר׳ יוסי זאָגט, אז מען מעג אויך אָפּ־שניידן. די גמרא זאָגט, אז ר׳ יוסי האַלט, אז מען מעג טאָן אַלץ, אָפּשניידן, ארום־שמירן, און אז דער דין איז ווי ר׳ יוסי. וכל צרכי, און אלע זאכן, וואָס מען דארף האָבן צום מל־זיין מעג מען טאָן אים שבת. דער דין איז, אז מל זיין איז דוחה שבת. אין קומענדיקן פרק ווערן געלערנט די דינים, וועלכע זאכן צום מל־זיין מעג מען טאָן אים שבת.

## פרק י״ט

א. ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויב מען האָט ניט געבראַכט די כלי (דאָס מוהל־מעסער) אים ערב שבת, זאָל מען עס ברענגען אים שבת אָפּגעדעקט. מיר האָבן צום סוף פון לעצטן פרק געלערנט, אז אויב דער אכטער טאָג, דער ברית, פאלט אויס אים שבת דארף מען מל זיין אים שבת, ווייל די מצוה פון מילה איז דוחה דעם איסור פון שבת. זאָגט ר׳ אליעזר, אז אויב מען האָט פרייטאָג ניט געבראַכט דאָס מוהל מעסער מעג מען עס ברענגען אים שבת, און כאָטש אים שבת טאָר מען דאָך ניט טראָגן פון איין רשות אין אנדערן, איז אָבער אויך דאָס מעסער־ברענגען דוחה דעם איסור פון שבת. אָבער מען זאָל עס טראָגן אָפּגעדעקט, כדי מענטשן זאָלן זען, אז מען טראָגט א מוהל־מעסער. ובסכנה, און אין דער צייט פון געפאר מעג מען עס (דעם מוהל־מעסער) צודעקן (און טראָגן אים שבת) דורך עדות. עדות, מענטשן, זאָלן האָבן געזען, אז מען האָט באדעקט דאָס מוהל־מעסער. מיט דעם וואָרט „סכנה", „גע־פאר", מיינט מען די צייט, ווען די רוימישע רעגירונג אין ארץ ישראל האָט געהאט גוזר געווען, אז מען טאָרניט מל־זיין קינדער, און דאָס מל זיין איז פארגעקומען אין געהיים. ועוד, און נאָך האָט ר׳ אליעזר געזאָגט: מען מעג שניידן (אים שבת) האָלץ, כדי (זיי צו פארברענען און) מאכן פון זיי קוילן און צו מאכן (אויף די קוילן) א כלי פון אייזן (דאָס מוהל־מעסער). ר׳ אליעזר האלט, אז אפילו אזעלכע זאכן, וואָס מען האָט געקאָנט טאָן ערב שבת, מעג מען זיי טאָן אים שבת אויב זיי זענען נויטיק צום מל־זיין. אָבער ר׳ עקיבא האלט ניט אזוי, און די משנה זאָגט: כלל, דעם (דאָ־זיקן) כלל האָט ר׳ עקיבא געזאָגט: יעדע מלאכה וואָס מען קאָן טאָן ערב שבת איז זי ניט דוחה שבת (טאָר מען זי ניט טאָן אים שבת אפילו זי איז נויטיק צום מל־זיין), און די (מלאכה) וואָס מען קאָן ניט טאָן ערב שבת איז דוחה דעם שבת. לויט ר׳ עקיבא, טאָר מען דאָס מוהל־מעסער ניט ברענגען אים שבת פון אן אנדערן רשות, און מען טאָר אויך ניט אים שבת ברענען האָלץ און מאכן אייזן אויף די קוילן כדי צו שמידן דאָס מוהל־מעסער; מחמת די דאָזיקע ארבייטן האָט מען דאָך געקאָנט טאָן ערב שבת, אָבער דאָס מל־זיין אליין און די ארבייטן וואָס זענען נויטיק ביים מל־זיין און וועל־

ב. עושין כל צרכי מילה בשבת; מוהלין ופורעין ומוצצין ונותנין עליה איספלנית וכמון. אם לא שחק מערב שבת לועס בשיניו ונותן. אם לא טרף יין ושמן מערב שבת ינתן זה בעצמו וזה בעצמו. ואין עושין לה חלוק לכתחלה, אבל כורך עליה סמרטוט. אם לא התקין מערב שבת, כורך על אצבעו ומביא, אפילו מחצר אחרת:

ג. מרחיצין את הקטן, בין לפני המילה ובין לאחר המילה, ומזלפין עליו ביד, אבל לא בכלי. ר׳ אלעזר בן עזריה אומר, מרחיצין את הקטן ביום השלישי שחל להיות בשבת, שנאמר (בראשית ל״ד) ויהי ביום

---

כע מען האָט פריער ניט געקאָנט טאָן מעג מען טאָן אים שבת. די משנה וועט באלד אויסרעכענען די זאכן, וועלכע מען מעג טאָן אים שבת.

ב. עושין, מען מעג טאָן אים שבת אלע נויטיקע זאכן צום מל־זיין: מען איז מל׳ע, מען רייסט אויף די הויט (מען מאכט די פריעה), מען זויגט אויס דאָס בלוט (מען מאכט די מציצה), און מען לייגט ארויף אויף איר (אויף דער מילה־וואונד) א פלאסטער און קימל. דאָס מל־זיין, אויפרייסן די הויט און אויסזויגן דאָס בלוט הייסט א מלאכה (מאכן א וואונד), אָבער מען מעג זיי טאָן אים שבת ביים מל־זיין. „איספלנית״ איז דאָס גריכישע וואָרט „ספלעניאן״ און איז דער טייטש א פלאס־טער, אן ארומבינדונג. אם, אויב מען האָט ניט צעריבן ,דעם קימל) ערב שבת, מעג מען אים צעקייען מיט די ציין און ארויפלייגן. צערייבן אים שבת מיט די הענד דעם קימל טאָר מען ניט, נאָר מיט די ציין מעג מען יאָ. אם לא טרף, אויב מען האָט ניט אויסגעמישט דעם וויין און אייל ערב שבת, זאָל מען ארויפלייגן דעם (וויין) באזונ־דער און דעם (אייל) באזונדער. מען פלעגט אויסמישן וויין און אייל און דערפון מאכן שמירעכץ אָנצושמירן דערמיט די מילה־וואונד. ואין, און מען טאָרניט (אים שבת) ערשט גיין מאכן פאר איר (פאר דער מילה־וואונד) א העמדל. „חלוק״, א „העמדל״, מיינט מען א שטיקל לייווענט, אין דערמיט א לעכל, און מען טוט עס אָן אויף דער מילה, כדי די הויט זאָל ניט צוריק צודעקן דעם גליד. אבל, אָבער מען מעג ארויפ־בינדן אויף איר (דער וואונד) א שטיקל שמאטע. „סמרטוט״, א שטיקל לייווענט, א שמאטקע, זאָל זיין פון „סרמט״, וואָס איז דער טייטש אין אראביש צושניידן אין שטיקלעך. אם לא התקין, אויב מען האָט ניט צוגעגרייט (דאָס שטיקל לייוונט) ערב שבת (און עס געפינט זיך אין אן אנדער אָרט, פון וואנען מען טאָר ניט טראָגן אים, שבת) זאָל מען עס ארומוויקלן אויף דעם פינגער און ברענגן, אפילו פון אן אנדערן הויף. ניט נאָר מעג מען עס ברענגן פון אן אנדערן הויז אין זעלבן הויף, אפילו מען האָט ניט געמאכט קיין עירובי חצרות, נאָר מען מעג אויך ברענגן פון אן אנדערן הויף אפילו ווען די צוויי הייפן האָבן ניט צוזאמען אן עירוב (וועגן עירובי חצרות זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין). אָבער מען מעג עס ברענגן נאָר ארומגעוויקלט אויפן פינגער, אנדערש ווי מען טראָגט עס אין מיטן דער וואָך.

ג. מרחיצין, מען מעג ארומוואשן (אים שבת) דעם קליינעם (אינגל, וואָס מען איז מל׳ע) סיי פארן מל־זיין און סיי נאָכן מל־זיין, און מען מעג ארויפשפריצן אויף אים (דאָס וואסער) מיט דער האַנט אָבער ניט מיט א כלי. די גמרא טייטשט, אז סתב ארומ־וואשן אפילו מיט דער האַנט טאָר מען ניט, און מען מעג נאָר באשפריצן מיט דער האַנט. ר׳ אלעזר בן עזריה זאָגט, אז מען מעג ארומוואשן דעם קליינעם (יינגל) אין דריטן טאָג (נאָכן מל־זיין) וואָס פאלט אויס אים שבת, ווייל עס ווערט געזאָגט (בראשית ל״ד) „און עס איז געווען אין דריטן טאָג, ווען זיי האָבן געהאַט שמערצן״. ר׳ אלעזר בן עזריה איז מחולק אויף דער סתם משנה און ער האַלט, אז מען מעג אפילו ארומוואשן דאָס קינד ווי געוויינליך סיי פארן מל־זיין און סיי נאָכן מל־זיין און אויך דעם דריטן טאָג נאָכן מל־זיין, סיי מיט וואסער וואָס מען האָט אָנגעווארעמט ערב שבת און סיי מיט וואַסער וואָס מען ווארעמט אָן אים שבת, ווייל עס איז פאר דעם קינד א לעבנס־געפאר.

**השלישי בהיותם כואבים. ספק ואנדרוגינוס אין מחללין עליו את השבת; ור׳ יהודה מתיר באנדרוגינוס:**

**ד. מי שהיו לו שתי תנוקות, אחד למול אחר השבת, ואחד למול בשבת, ושכח ומל את של אחר השבת בשבת, חייב. אחד למול בערב שבת ואחד למול בשבת, ושכח ומל את של ערב שבת בשבת, ר׳ אליעזר מחייב חטאת, ור׳ יהושע פוטר:**

**ה. קטן נמול לשמונה, לתשעה, ולעשרה, ולאחד עשר, ולשנים**

---

די הלכה פון ר׳ אלעזר בן עזריה האָבן מיר געהאַט פריער פרק ט׳ משנה ג׳. ספק, א (קינד, וואָס איז א) ספק, אָדער אן אנדרוגינוס איז מען אויף אים (זיין מל־זיין) ניט מחלל־שבת. מיט ספק מיינט מען, ווען מען ווייסט ניט צי דאָס קינד איז געבוירן גע־וואָרן צו 9 חדשים און איז א בן קיימא, וועט לעבן, אָדער עס איז געבוירן געוואָרן צו 8 חדשים און וועט ניט קאָנען לעבן, און דאָס מל זיין איז גאָרניט, און מען טאָר דע־ריבער ניט מל־זיין עס אים שבת. אנדרוגינוס (דאָס גריכיש וואָרט „אנדרא", „מאן", „גינאס", פרוי) מיינט מען א קינד וואָס האָט די געשלעכטס־סמנים פון א זכר און פון א נקבה, און מען טאָר אים ניט מל־זיין אים שבת. ור׳ יהודה, און ר׳ יהודה איז מתיר ביי אן אנדרוגינוס. ווייל ער לערנט ארויס פון חומש („המול לכם כל זכר", בראשית ט״ז) אז אן אנדרוגינוס דאַרף מען מל זיין און דעריבער איז זיין מילה דוחה שבת.

ד. מי, אויב איינער האָט געהאַט צוויי קינדער, איינעם מל־צו־זיין נאָך שבת און איינעם מל־צו־זיין אים שבת, און ער האָט פארגעסן און ער האָט דאָס קינד פון נאָך שבת מו־געוועזן אים שבת איז ער חייב. ער דאַרף ברענגען א קרבן חטאת פאר טאָן אים שבת א מלאכה בשוגג. אחד, אויב איינעם (פון די קינדער) האָט מען געדאַרפן מל־זיין פאר שבת און איינעם מל־זיין אים שבת, און ער האָט פארגעסן און ער האָט דאָס קינד פון פאר שבת מל־געוועזן אים שבת, איז ר׳ אלעזר מחייב צו ברענגען א קרבן חטאת, און ר׳ יהושע פטר׳ט (צו ברענגען דעם קרבן חטאת). כדי צו פארשטיין די דאָזיקע משנה און אויך די קומענדיקע משנה, איז נויטיק צו וויסן עטליכע דינים. ערשטנס, דאָס מל־זיין א קינד דאַרף פאַרקומען אין אכטן טאָג נאָכן געבוירן. דאָס הייסט „מילה בזמנה", דאָס מל־זיין קומט פאַר אין דער צייט; און אפילו דער אכטער טאָג פאלט אויס אים שבת מעג מען מל־זיין אים שבת. צווייטנס אויב מען האָט א קינד ניט מל־געוועזן דעם אַכטען טאָג, דאַרף מען די מצוה פון מל־זיין טאָן שפעטער, דעם 9טן, צי דעם 10טן טאָג, צי שפעטער, ווען מען קאָן. דאָס הייסט „מילה שלא בזמנה", דאָס מל־זיין קומט ניט פאר אין דער צייט, און דאָס טאָר מען ניט טאָן אים שבת, נאָר דאָס מל־זיין מוז פאָרקומען אין דער וואכנס. דריטנס, אויב מען האָט מל־געוועזן פאר דעם אכטן טאָג, למשל דעם 7טן טאָג, הייסט דאָס אינגאנצן ניט מקיים געווען די מצוה פון מל־זיין. די משנה לערנט דאָ, אז אויב איינער וויל טאָן א מצוה און די מצוה ווערט ניט געטאָן אָבער דאביי טוט ער אויך א עבירה בשוגג (טעה בדבר מצוה ולא עשה מצוה), ווי למשל אין ערשטן פאל פון דער משנה, ווען ער האָט דאָס קינד, וואָס ווערט אלט 8 טעג נאָך שבת, מל־געוועזן אים שבת, דאָס הייסט פאר דעם אכטן טאָג און די מצוה פון מילה איז ניט געטאָן געוואָרן, און דאביי האָט ער דאָך מחלל שבת געווען, דאַרף ער ברענגען א קרבן חטאת. אָבער די מחלוקה פון ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע איז אין פאל פון „טעה בדבר מצוה ועשה מצוה", אויב די מצוה איז יאָ געטאָן געוואָרן. למשל ער האָט מל־געוועזן אים שבת א קינד וואָס איז געוואָרן אכט טאָג פאר שבת, אָבער א עבירה האָט ער אויך דאביי געטאָן, ווייל עס איז דאָך „מילה שלא בזמנה" און מען טאָר עס ניט טאָן אים שבת. זאָגט ר׳ אלעזר אז אפילו ווען די מצוה איז געטאָן געוואָרן, דאַרף מען ברענגען א קרבן חטאת, און ר׳ יהושע זאָגט, אז מען איז פטור.

ה. קטן, א קינד דאַרף מען מל־זיין אין אכטן (טאָג), און (טיילמאָל) אין ניינטן,

**עשר, לא פחות ולא יותר. הא כיצד? כדרכו, לשמונה; נולד לבין השמשות, נמול לתשעה; בין השמשות של ערב שבת, נמול לעשרה; יום טוב לאחר שבת, נמול לאחד עשר; שני ימים טובים של ראש השנה, נימול לשנים עשר. קטן החולה, אין מוהלין אותו עד שיברא:**

**ו. אלו הן ציצין המעכבין את המילה, בשר החופה את רוב העטרה,**

און (טיילמאָל) אין צענטן, און (טיילמאָל) אין עלפטן, און (טיילמאָל) אין צוועלפטן (טאָג); ניט ווינציקער און ניט מער. די משנה מיינט ניט דאָ צו זאָגן, אז אויב מען **האָט ניט מל־געווען אין 12טן טאָג טאָר מען מער דאָס קינד ניט מל־זיין; באמת דאַרף מען מל־זיין אויך שפּעטער. די משנה מיינט צו זאָגן, אז ווען מען וויל און מען קאָן יאָ מל־זיין אי דער צייט, טרעפן זיך פאַלן, ווען מען מוז אָפּלייגן און מל־זיין אויפן צוועלפטן טאָג, אָבער ניט שפּעטער, און די משנה זאָגט באַלד ווי אזוי.** הא כיצד? ווי אזוי? כדרכו, אויב (דאָס קינד ווערט געבוירן) ווי געוויינלעך, (דאַרף מען עס מל־זיין) אויפן אכטן טאָג; (אויב עס איז געבוירן געוואָרן) בין השמשות (צווישן טאָג און נאכט) דאַרף מען עס מל־זיין דעם ניינטן טאָג. **בין השמשות הייסט ווען עס ענדיגט זיך דער טאָג און עס הויבט זיך אָן די נאכט, און מען ווייסט ניט צי עס איז נאָך טאָג צי עס איז שוין נאכט. ממילא מוז דאָס מל זיין פאַרקומען ערשט אויפן ניינטן טאָג, ווייל עס איז דאָך א ספק און עס קאָן דאָך זיין, אז דער אכטער טאָג איז גאָר דער זיבעטער טאָג, און פאַר דעם אכטן טאָג טאָר מען דאָך ניט מל־זיין.** בין השמשות של ערב שבת, (אויב דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן אים בין השמשות פון פרייטאָג, דאַרף מען עס מל־זיין אויפן צענטן טאָג. **אין אזא פאַל מוז דאָס מל־זיין אָפּגעלייגט ווערן אויף זונטאָג, מחמת טאָמער איז דאָס קינד געבוירן געוואָרן אים פרייטאָג, טאָר מען דאָך עס ניט מל־זיין אים שבת, ווייל עס איז דאָך מילה שלא בזמנה (ווי מיר האָבן געלערנט אין דער פריערדיקער משנה) און מען טאָר עס ניט טאָן אים שבת.** יום טוב, אויב נאָך־שבת (זונטאָג) איז געווען יום טוב, איז מען דאָס קינד מל אין עלפטן טאָג. **אויך דאָ מיינט די משנה, ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן פרייטאָג בין השמשות, און דאָס מל־זיין דאַרף דעריבער פאַרקומען דעם 10טן טאָג, זונטאָג (ווי מיר האָבן פריער געלערנט), און אויב זונטאָג איז געווען יום טוב (און מילה שלא בזמנה טאָר מען ניט טאָן אויך אים יום טוב), דאַרף מען מל־זיין מאָנטאָג, דעם 11טן טאָג. די משנה לערנט וועגן ארץ־ישראל, וואו יום טוב איז נאָר איין טאָג; וועגן חוץ־לארץ, וואו יום טוב איז 2 טעג, איז פאַראַן א חלוקי דעות צווישן די פוסקים, און דער רמבם האַלט, אז מען מעג דעם 2טן טאָג יום טוב יאָ מל־זיין, מילה שלא בזמנה, און דער רא״ש און דער שולחן ערוך האַלטן, אז ניט.** שני ימים טובים, אויב עס זענען געווען (זונטאָג און מאָנטאָג) די צוויי יום־טוב־טעג פון ראש השנה, איז מען דאָס קינד מל אין צוועלפטן טאָג (דינסטאָג). **ראש השנה איז אויך אין ארץ־ישראל צוויי טעג, און זיי ווערן ביידע פאַררעכנט פאַר איין יום טוב, די־זעלביקע הייליקייט, און מען טאָר ניט מל־זיין אין זיי מילה שלא בזמנה און מען לייגט דעריבער אָפּ דאָס מל־זיין אויף דינסטאָג היינטיקע צייטן, ווען דאָס לוח־יאָר איז איינגעאָרדנט לויט א חשבון, קאָן דער ערשטער טאָג ראש השנה ניט אויספאַלן אים זונטאָג; אָבער אין דער צייט פון דער משנה, ווען מען האָט דעם לוח איינגעאָרדנט לויט זען די לבנה („על פי ראייה") האָט ראש השנה געקאָנט זיין זונטאָג.** קטן, א קינד, וואָס איז קראַנק, טאָר מען עס ניט מל־זיין ביז עס ווערט געזונט. **ווייל עס איז א סכנה.**

ו. אלו הן, דאָס זענען די הויט־שטיקלעך, וועלכע מאכן ניט־גילטיק (זענען מעכב) דאָס מל־זיין; (דאָס איז ווען) דאָס פלייש באַדעקט דעם גרעסערן טייל פון דער קרוין. **מיט „ציצין" מיינט מען „נאָכהענגנדיקע שטיקלעך", און עס איז דאָס־זעלבע וואָס „ציצית" אין חומש. דאָ מיינט מען שטיקלעך הויט און פלייש, אויב זיי בלייבן ביים שפּיץ פון גליד נאָכן מל־זיין. זאָגט די משנה, אז אויב זיי דעקן־צו דעם**

**ואינו אוכל בתרומה. ואם היה בעל בשר, מתקנו, מפני מראית העין. מל ולא פרע את המילה, כאלו לא מל:**

## פרק כ׳

**א. ר׳ אליעזר אומר, תולין את המשמרת ביום טוב, ונותנין לתלויה בשבת. וחכמים אומרים, אין תולין את המשמרת ביום טוב, ואין נותנין לתלויה בשבת, אבל נותנין לתלויה ביום טוב:**

**ב. נותנין מים על גבי השמרים, בשביל שיצלו. ומסננין את היין**

---

גרעסערן טייל פון דער „קרוין״, פון דעם בערגל ביים שפיץ פון גליד, מאכן זיי דאָס מל־זיין פאר ניט־גילטיק און מען מוז זיי אָפשניידן. די גמרא זאָגט, אז מיטן „גרע־סערן טייל״ מיינט מען פון דער „הויך פון דער קרוין״. ואינו, און ער טאָרניט עסן קיין תרומה. דער דין איז אז א ניט־גע׳מל׳טער כהן, א ערל, טאָרניט עסן קיין תרומה (וואָס איז תרומה זע אין דער הקדמה צו מסכתא תרומה). זאָגט די משנה, אז אויב ביי א כהן הענגען נאָך די שטיקלעך הויט און זיי באדעקן דעם גרעסערן טייל פון דער הויך פון דער גליד־קרוין הייסט דער כהן א ערל און ער טאָרניט עסן קיין תרומה ביז מען שניידט זיי אָפ. ואם, און אויב איינער איז א פעטער (א בעל בשר, האָט א סך פלייש, און דאדורך זעט עס אויס ביי אים ווי דאָס פלייש דעקט־צו דאָס גע׳מל׳עטע אָרט) זאָל ער עס פארריכטן (אָפשניידן דאָס פלייש) צוליב דעם „אנ־בליק פון אויג״ (מראית עין). דאָס הייסט, ווייל מענטשן קאָנען מיינען, אז ער איז ניט גע׳מל׳עט דארף ער דאָס פלייש ארומשניידן. מל, אויב מען איז מל׳ע, און מען רייסט ניט אויף די הויט (מען מאכט ניט די פריעה) איז עס אזוי ווי מען האָט ניט מל־געווען. מען מוז אין אזא פאל מאכן די פריעה אפילו אין א צייט שפעטער נאָכן מל־זיין.

## פרק כ׳

א. ר׳ אליעזר זאָגט, אז מען מעג אויפהענגען (איבער א גלאָז אָדער אן אנדער כלי) דעם דורכזייער אים יום טוב. „משמרת״ הייסט א „דורכזייער״, וועלכן מען לייגט ארויף אויף א גלאָז צו אן אנדער כלי און מען גיסט אריין ניט־ריינעם ווין, וועלכער רינט אַראָפ אין גלאָז און די הייוון פון ווין בלייבן אין דורכזייער. זאָגט ר׳ אלעזר, אז מען מעג ארויפלייגן אויף דעם גלאָז דעם דורכזייער אים יום טוב; און כאָטש עס זעט דאָך אויס ווי עס ווערט געמאכט א „אוהל״, א „געצעלט״ (ווי א דעכל איבער דעם גלאָז), פונדעסטוועגן מעג מען, ווייל אלץ וואָס העלפט מאכן מאכלים, עסנווארג, פאר דעם מענטש מעג מען טאָן אים יום טוב. ונותנין, און מען מעג ארייג־גיסן (ווין) דורך א הענגענדיקן (דורכזייער) אים שבת. אויפהענגען דעם דורכזייער אים שבת טאָר מען ניט, ווייל דאָס הייסט ווי געמאכט א „אוהל״, אָבער אויב דער דורכזייער איז שוין פאראן אויף דעם גלאָז מעג מען ארייגיסן דורך אים ווין. דאָס הייסט ניט ווי „בורר״, אויסקלויבן שלעכטע מאכלים פון גוטע, מחמת אזוו איז ניט דער שטייגער פון קלויבן. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז מען טאָרניט אויפהענגען דעם דורכזייער אים יום טוב, און מען טאָר ניט ארייגיסן אין א הענגעדיקן (דורכ־זייער) אים שבת, אָבער מען מעג ארייגיסן אין א הענגענדיקן (דורכזייער) אים יום טוב. די חכמים האלטן, אז מען טאָר אים יום טוב ניט מאכן קיין אוהל אפילו צו מאכן מאכלים פארן מענטש צו עסן אָדער צו טרינקן, און אז אים שבת טאָר מען ניט ארייגיסן דעם ווייך עס איז ווי „בורר״.

ב. נותנין, מען מעג (אים שבת) ארויפגיסן וואסער אויף (ווין־) הייוון, כדי זיי זאָלן ווערן לויטער (שיצלו). אויף דער משנה זענען פאראן צוויי פירושים, איינער איז, אז מען מעג ארויפגיסן וואסער אויף ווין־הייוון וואָס געפינען זיך אין דורכזייער, כדי די הייוון זאָלן ווערן לויטער, קלאָרער, און עס זאָלן פון זיי ארויסרינען די רעשט־לעך ווין. דער צווייטער פירוש איז, אז מען מעג ארויפגיסן וואסער אויף ווין־הייוון,

בסודרין ובכפיפה מצרית. ונותנין ביצה במסננת של חרדל. ועושין אנומלין בשבת. רבי יהודה אומר בשבת בכוס, ביום טוב בלגין, ובמועד בחבית. ר׳ צדוק אומר הכל לפי האורחין:

ג. אין שורין את החילתין בפושרין, אבל נותן לתוך החומץ. ואין שורין את הכרשינין, ולא שפין אותן, אבל נותן לתוך הכברה או לתוך

---

וועלכע געפינען זיך איז א פאס, כדי דאָס וואסער זאָל אריינגעמען אין זיך דעם טעם פון וויין, עס הייסט ניט „בורר״, ארויסנעמען דעם גוטן וויין פון שלעכטן הייון, ומסננין, או מען מעג (אים שבת) דורכזייען (ניט ריינעם) וויין דורך טיכער, אָדער דורך א מיצרישן קויש. דאָ מיינט מען טיכער, וועלכע זענען געמאַכט דורכצוזייען וויין, און עס איז דעריבער ניטאָ מורא צו האָבן טאָמער וועט מען אויסקוועטשן די טיכער אים שבת, וואָס מען טאָר ניט טאָן צוליב „סחיטה״ (אויסקוועטשן). די גמרא זאָגט, אז מען מוז אכטונג געבן, אז דער מצרישער קויש זאָל זיין נידריקער א טפח פון דער דנא פון דער כלי אין וועלכן דער וויין רינט אריין, כדי עס זאָל ניט הייסן געמאכט א אוהל (ווינציקער פון טפח הייסט ניט קיין געצעלט, קיין אוהל). ונותנין, און מען מעג אריינטאָן (אים שבת) אן איי אין א דורכזייער פון זענעפט (גאָרטשיצע). דאָס צעקלאַפּטע איי ציט אריין אין זיך דעם שמוץ פון זענעפט, און מען מעג עס טאָן אים שבת. „משמרת״ געוויינטליך דער דורכזייער פון וויין, וועלכער לאָזט ניט דורכגיין די וויין־הייון („משמרת״ פון וואָרט „שמרים״, הייון), און „מסננת״ הייסט אַ דורכזייער פאר אנדערע זאכן. ועושין, און מען מעג מאכן האָניג־וויין אים שבת. „אנומלין״ (האָניג־וויין) איז דאָס גריכישע וואָרט „איינאמעלאן״, און איז דער טייטש וויין געמישט מיט האָניג און געווירצן. זאָגט די משנה, אז מען מעג אים שבת מישן וויין מיט האָניג און געווירצן. ר׳ יהודה זאָגט, אז אים שבת מעג מען עס (דעם האָניג־זויין) מאכן אין א בעכער (כוס, א קליינע כלי), אים יום טוב (מעג מען) אין קרוג (לגין), און אים חול המועד אין א פאס. דער טעם איז, וואָס אים שבת און יום טוב טאָר מען ניט טאָן א זאך, וואָס מען דאַרף דערצו א גרויסע טירחא, און ווייל שבת איז הייליקער פון יום טוב, מעג מען דעם האָניג־וויין מאכן נור אין א בעכער, א קליין ביסל, און אים יום טוב מעג מען שוין אין א קרוג, אָבער חול המועד מעג מען אין א פאס. „לגין״ איז דאָס גריכישע וואָרט „לאגעטאָס״, וואָס איז דער טייטש א „קרוג״, א „פלאש״. ר׳ צדוק זאָגט, אז אלץ (מעג מען) לויט (דער צאָל פון) די געסט. אויב ער זענען פאראן א סך אורחים, געסט, צום עסן, מעג מען מאכן מער האָניג־וויין, אויב ווינציקער אורחים דאַרף מען מאכן נאָר ווינציקער.

ג. אין, מען טאָרניט ווייקן (אים שבת) דעם חלתית־גראָז אין לוילעך וואסער, אָבער מען מעג אים אריינטאָן אין עסיק. „חלתית״ זאָל זיין דאָס גריכישע וואָרט „כאל־טיטע״, און איז דער נאָמען פון דעם גראָז „ווייסער עציאן״ (לאסערפיציום), און מען ווייקט אים אין לוילעך וואסער און די גמרא שבת ק״מ זאָגט, אז עס איז גוט צו האַרץ־קראנקייט. זאָגט די משנה, אז ווייקן אין וואסער טאָר מען ניט אים שבת, ווייל עס איז ווי א „עובדא דחול״ (מען טוט אזוי אין וואָכנטעג) אָבער אריינטאָן אין עסיק מעג מען, ווייל געוויינליך טוט מען אים ניט אריין אין עסיק. ואין שורין, און מען טאָרניט ווייקן (אים שבת) וויקע, און מען טאָר זיי אויך ניט רייבן (כדי אראָפּצונעמען די שאָלעכץ) אָבער מען מעג זי אריינטאָן אין א זופּ אָדער אין א קויש. וויקע (כרשינין) איז א געוויקס, וואָס האָט אזוי ווי קערנער, און עס ווערט געגעסן מייסטנס דורך בהמות; די וויקע איז בעסער צום עסן ווען מען נעמט ארויס די פּסולת דורך ווייקן אין דער וואסער און די פּסולת שווימט ארויף אויף דעם וואסער, אָדער מען נעמט אראָפּ די פּסולת דורך רייבן די וויקע. זאָגט די משנה אז ווייקן און רייבן טאָר מען ניט אים שבת אָבער אריינלייגן אין א זופּ אָדער אין א געלעכערטן קויש און די פּסולת זאָל אליין ארויספאלן מעג מען יאָ. אין כוברין, מען טאָר ניט (אים שבת) דורכ־זיפּן שטרוי דורך א זיפּ, און מען טאָר זי ניט אוועקלייגן אויף א הויך־אָרט, כדי די

**הכלכלה. אין כוברין את התבן בכברה, ולא יתננו על גבי מקום גבוה בשביל שירד המוץ, אבל נוטל הוא בכברה ונותן לתוך האבוס:**

**ד. גורפין מלפני הפטם, ומסלקין לצדדין מפני הרעי, דברי ר׳ דוסא. וחכמים אוסרין. נוטלין מלפני בהמה זו ונותנין לפני בהמה זו בשבת:**

**ה. הקש שעל גבי המטה, לא ינענעו בידו, אלא מנענעו בגופו; ואם היה מאכל בהמה, או שהיה עליו כר או סדין, מנענעו בידו. מכבש**

---

פליעוועס (די פסולת פון שטרוי) זאָלן אראָפּגיין. די שטרוי, וואָס מען גיט צו עסן בהמות, איז געוויינליך אויסגעמישט מיט פּליעוועס, די שטעכענדיקע הערעלעך פון די שטרוי־שפּיצן, וואָס טויגן ניט פאר די בהמות. מען זיפּט דעריבער אדורך די שטרוי דורך א זיפּ אָדער מען לייגט זי ארויף אויף א הויך אָרט, כדי דער ווינט זאָל אַראָפּבלאָזן די פּליעוועס. זאָגט די משנה, אַז אים שבת טאָר מען עס ניט טאָן. אבל, אָבער מען מעג נעמען (די שטרוי) מיט א זיפּ און אריינטאָן אין דער קאָריטע (פון וואנען די בהמות עסן). אויב ער איז ניט מכוון דורכצופּירן, נאָר ער נעמט סתם די שטרוי און א זיפּ כדי אריינצוטאָן אין דער קאָריטע, כאָטש דערוויל ווערן די פליעוועס אדורכגעזיפּט, מעג מען. דאָס איז דער דין אז „דבר שאינו מתכוון מותר", אז אויב מען מיינט ניט צו טאָן די מלאכה מעג מען.

ד. גורפין, מען מעג אים שבת אויסשארן (די קאָריטע) פאר דעם אקס וועלכן מען שטאָפּט מיט עסן. עס זענען פאראן אָקסן, וועלכע מען שטעלט אוועק אין שטאל און מען שטאָפּט זיי מיט עסן, כדי זיי זאָלן ווערן פעט. אזא אקס הייסט „פּטם" (פון „פּטם", שטאָפּן מיט עסן). זאָגט די משנה, אז מען מעג אויסשארן די קאָריטע פון זאמד, כדי מען זאָל דאָרט אריינטאָן דאָס עסן פאר דעם אָקס, וועלכן מען שטאָפּט. ומסלקין, און מען מעג אוועקשטעלן אין די זייטן צוליב דעם טינופת, אזוי זאָגט ר׳ דוסא. די מפרשים (רשי, ברטנורא) טייטשן, אז דאָס מיינט מען, אז מען מעג אוועק־שארן דאָס שטרוי אין דער זייט, כדי דער אָקס זאָל עס ניט שמוציג מאכן מיט זיין טינופת. „רעי" איז דער טייטש טינופת. די ווערטער „דברי ר׳ דוסא", אזוי זאָגט ר׳ דוסא, גייען ארויף אויך אויף דעם אָנהויב פון דער משנה („מען מעג אויסשארן"). דער ר״ח (און אזוי איז אויך צו זען פון ירושלמי) טייטשט, אז דאָ מיינט מען צוויי סאָרטן „בהמות": אן אָקס וועלכן מען שטאָפּט מיט עסן אין שטאל און ער הייסט „פּטם", און אן אָקס, וועלכן מען שטאָפּט ניט נאָר ער פּאשעט זיך אין פעלד, און ער הייסט „רעי" (פון „רעה", זיך פּאשן). וחכמים, און די חכמים אסרן. סיי דאָס אויס־שארן די קאָריטע און סיי דאָס אַוועקשארן די שטרוי אין די זייטן. די גמרא זאָגט, אז די מחלוקה איז נור וועגן א קאָריטע א כלי, אָבער אויב די קאָריטע איז אין דער ערד האַלט אויך ר׳ דוסא אַז מען טאָר ניט, ווייל מען וועט אויסגלייכן די גריבלעך, און דאָס טאָר מען ניט טאָן אים שבת. נוטלין, מען מעג נעמען אים שבת (עסן) וואָס ליגט פאר דער (איינער) בהמה, און עס לייגן פאר דער (אנדערער) בהמה. מחמת איין בהמה עסט דאָס וואָס אן אנדערע בהמה האָט איבערגעלאָזט, און דעריבער איז עס ניט מוקצה, ווייל דאָס עסן קאָן דאָך באנוצט ווערן דורך דער אנדערער בהמה. די גמרא זאָגט, אז דאָס עסן פון אן אָקס טאָר מען ניט געבן פאר אן אייזל, ווייל אן אָקס באשמוצט דאָס עסן מיט שפּייעכץ און דאָס אייזל מיאוסט זיך דערפון צו עסן.

ה. הקש, שטרוי וואָס ליגט אויף א בעט טאָר מען (אים שבת) ניט שאָקלן מיט דער האַנט, אָבער מען מעג עס שאקלן מיטן קערפּער. ווייל מען נעמט אָן, אַז סתם שטרוי איז באשמיט צום פארברענען, און אזוי ווי אים שבת טאָר מען דאָך ניט אָנצינדן קיין פייער איז דאָס שטרוי מוקצה. אָבער מיט'ן קערפּער, ניט מיט דער האנט, מעג עס יאָ שאָקלן, ווייל „טלטול מן הצד", דאָס באוועגן א זאך דורך דער זייט (ניט מיט דער האנט) הייסט ניט באוועגן. ואם, און אויב דאָס (שטרוי) איז געווען

**של בעלי בתים מתירין אבל לא כובשין, ושל כובסין לא יגע בו. רבי יהודה אומר, אם היה מותר מערב שבת, מתיר את כולו ושומטו:**

## פרק כ״א

**א. נוטל אדם את בנו והאבן בידו, וכלכלה והאבן בתוכה, ומטל־טלין תרומה טמאה עם הטהורה ועם החולין. ר׳ יהודה אומר, אף מעלין את המדומע באחד ומאה:**

---

צום עסן פאר א בהמה, אָדער עס איז געלעגן דערויף א קישן אָדער א ליילעך, מעג מען עס שאָקלען מיט דער האַנט. מחמת דערמיט האָט מען דאָך קלאָר געמאַכט, אז דאָס שטרוי איז ניט צום פארברענען נאָר צום לייגן זיך דערויף און עס איז ניט קיין מוקצה; און אַזוי איז עס אויך ניט קיין מוקצה אויב דאָס שטרוי איז באַשטימט צום עסן פאר א בהמה. מכבש, א פרעס פון בעלי בתים מעג מען (אים שבת) אויפמאַכן (איין טייל פון דער פרעס פון דער אנדערער און ארויסנעמען די קליידער פון צווישן זיי), אָבער מען טאָר ניט פרעסן; און פון פרעסערס (בעלי מלאכות) און פון וועשערס טאָר מען זי ניט אָנרירן. די פרעס (מכבש) באַשטייט פון צוויי פליטן (ברעטער, מייסטנס מעטאלענע), און מען לעגט אריין דאָס קלייד צווישן די פלאַטן און מען קוועטשט זיי צו ווערט דאָס קלייד אויסגעפרעסט. זאָגט די משנה, אז אויב די פרעס איז א הויז־פרעס, פון בעלי בתים, מעג מען ארויסנעמען די קליידער פון דער פרעס, אָבער אריינלייגן זיי אין דער פרעס און זיי אויספרעסן טאָר מען ניט. אָבער די פרעס איז פון בעלי מלאכות, פון פרעסערס אָדער פון וועשערס, טאָר מען ניט אָנרירן, אפילו ניט ארויסנעמען די קליידער, ווייל אזא פרעס איז פעסטער צוגעמאַכט און ווען מען עפנט זי הייסט עס ווי צעשטערט א זאַך. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב די פרעס איז געווען אָפן (ניט צוגעקוועטשט) פון פאר שבת, מעג ער אויפמאַכן זי (די פרעס) אינגאַנצן און ארויסציען (די קליידער). לויט טייל גירסאות איז אין ר׳ יהודה׳ס ווערטער פאראַן „מתיר את כליו ושומטן״, דאָס הייסט, אז ער מעג אויפבינדן די מלבושים פון דער פרעס ארויס און זיי ארויסציען.

## פרק כ״א

א. נוטל, א מענטש מעג נעמען און טראָגן (אים שבת אין הויף) זיין קינד, וועל־כער טראָגט א שטיין אין זיין האַנט. כאָטש דעם שטיין אליין טאָר מען דאָך ניט טראָגן ווייל ער איז מוקצה, אָבער ווייל ער טראָגט דאָך דאָס קינד הייסט עס ניט, אז ער טראָגט דעם שטיין. וכלכלה, און (ער מעג טראָגן) א קויש און א שטיין איז פאַראַן אינעווייניק (אין קויש). די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט מען ווען אין קויש איז א חוץ דעם שטיין פאראַן אויך פרוכטן, ווייל אויב ניט הייסט עס, אז דער קויש איז א „בסיס״, אן אונטערשטיצונג פאר דעם שטיין, פאר א זאַך וואָס מען טאָרניט טראָגן און מען טאָר דעריבער דעם קויש אויך ניט טראָגן. די גמרא זאָגט אויך, אז די פרוכטן מעגן זיין אזעלכע, וואָס אויב מען זאָל זיי ארויסוואַרפן פון קויש וועלן זיי ווערן פארשמוציקט, ווי וויינטרויבן און אנדערע אזעלכע פרוכטן, און אז אויך נאָר ווען דער קויש האָט א לאָך און דער שטיין איז אריינגעשטעלט אין לאָך און איז גע־וואָרן ווי א טייל פון קויש. ומטלטלין, און מעג איבערטראָגן טמא־תרומה צוזאַמען מיט טהור־תרומה אָדער מיט חולין. תרומה הייסט די תבואה און פרוכטן וואָס מען שיידט אָפּ און מען גיט צום כהן, און נאָר א כהן מעג די תרומה עסן. אויב די תרומה איז געוואָרן טמא (עס האָט זי אָנגערירט א טמא־זאַך, ווי א טויטער שרץ) טאָר איר אויך א כהן ניט עסן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא תרומות). „חולין״ הייסן סתם תבואה און פרוכטן, וועלכער יעדער ייד מעג עסן, אויך ניט א כהן. זאָגט די משנה, אז כאָטש טמא־תרומה טאָר מען ניט טראָגן אים שבת, ווייל קיינער טאָר זי ניט עסן און זי איז דעריבער מוקצה, אָבער אויב אין א קויש איז געלעגן טמא תרומה און דערלעבן טהור־תרומה (ניט אָנרירנדיק איינע אין דער אנדערער) אָדער חולין מעג מען דעם

**ב. האבן שעל פי החבית, מטה על צדה והיא נופלת. היתה בין החביות, מגביהה ומטה על צדה והיא נופלת. מעות שעל הכר, נוער את הכר והן נופלות. היתה עליו לשלשת, מקנחה בסמרטוט. היתה של עור, נותנין עליה מים עד שתכלה:**

**ג. בית שמאי אומרים, מגביהין מן השלחן עצמות וקליפין; ובית הלל אומרים נוטל את הטבלה כולה ומנערה. מעבירים מלפני השלחן**

---

קויש **יאָ איבערטראָגן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען מעג (אים שבת) ארויסנעמען פון דעם מדומע־געמיש פון הונדערט און איינס. **אין דער הקדמה צו מסכתא תרומות האָבן מיר דערקלערט, אז אויב א טאָפּ תרומה האָט זיך אויסגעמישט מיט 100 טעפּ חולין (צוזאמען 101), איז דער דין, אַז מען נעמט ארויס פון געמיש א טאָפּ און מען דער־קלערט אז עס איז דער טאָפּ תרומה, און די איבעריקע 100 טעפּ מעג עסן אויך א ישראל** (ניט קיין כהן). **אזא געמיש הייסט „מדומע״, און ר׳ יהודה זאָגט, אז מען מעג דעם דאָזיקן טאָפּ ארויסנעמען אויך אים שבת, כדי מתיר צו מאכן די איבעריקע 100 טעפּ פאר ניט כהנים צום עסן.**

ב. האבן, אויב אַ שטיין ליגט אויף דעם מויל (דער עפנונג) פון א פאס (מיט וויין) מעג מען (אים שבת) אויסבייגן די פאס אויף איר זייט, און ער (דער שטיין) זאָל אראָפּפאלן (און מען קאָן ארויסנעמען וויין פון דער פאס). **אָבער אראָפּנעמען דעם שטיין מיט דער האַנט טאָר מען ניט, ווייל ער איז מוקצה.** היתה, אויב זי (די פאס איז געווען צווישן אנדערע פעסער (און עס איז א מורא אז דער אראָפּפאלענדי־קער שטיין קאָן צעברעכן די אנדערע פעסער), מעג מען אויפהויבן (די פאס) און אויס־בייגן איר אויף איר זייט און דער (שטיין) פאלט אראָפּ. **ער מעג די פאס אויפהייבן אוז אוועקנעמען איר פון צווישן די פעסער און דער שטיין זאָל אראָפּפאלן אין א זייט.** מעות, אויב עס ליגט געלט אויף א קישן (און מען דאַרף האָבן דעם קישן) מעג מען אָפּשאָקלען דעם קישן און דאָס געלט זאָל אראָפּפאלן. **אויך דאָ טאָר מען מיט דער האַנט ניט אראָפּנעמען דאָס געלט; אָבער אראָפּשאָקלען מעג מען. די גמרא זאָגט, אז סיי דעם שטיין אויף דער פאס און סיי ביי געלט אויף א קישן מעג מען אראָפּשאָקלען נור ווען מען האָט זיי פארגעסן ערב שבת, אָבער אויב מען האָט זיי אוועקגעלייגט בכוונה טאָר מען זיי אים שבת ניט אראָפּשאָקלען, ווייל די פאַס און דער קישן זענען געוואָרן א „בסיס לדבר האסור״, אַן אונטערשטיצונג צו א זאך** (שטיין און געלט) **וואָס מען טאָר אים שבת ניט נעמען און מען טאָר אויך די פאס און דעם קישן ניט מטלטל זיין.** היתה עליו, אויב עס איז געווען אויף אים (אויף דעם קישן) א שמוציקע זאך, מעג מען עס אָפּווישן (אים שבת) מיט א שמאטע. „לשלשת״ טייטשט **רש״י „שפייעכץ, אָדער טינופת״. דער „ערוך״ טייטשט טינופת פון הינער. דער „ערוך השלם״ מיינט, אז עס איז פון אראבישן וואָרט „לאש״, וואָס איז דער טייטשט א קלעביקע זאך.** היתה של, אויב ער (דער קישן) איז געווען פון לעדער (און דערויף איז געווען א שמוציקע זאך) מעג מען (אים שבת) ארויפגיסן אויף אים וואסער ביז (דער שמוץ) פארשווינדט. **מען מעג נור ארויפגיסן וואסער, אָבער וואשן טאָר מען ניט.**

ג. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען מעג אראָפּנעמען (אים שבת) פון טיש ביינער און שאָלעכץ. **כאָטש מענטשן קאָנען דאָס ניט עסן, אָבער ווייל בהמות קאָנען עס יאָ עסן, מעג מען זיי אראָפּנעמען פון טיש.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז מען מעג אָננעמען דעם גאנצן טיש־ברעט (טבלה) און אים אראָפּשאָקלען. **די ביינער און שאָלעכץ וועלן דעמאָלס ממילא אראָפּפאלן; אָבער אראָפּנעמען זיי מיט דער האַנט טאָר מען ניט. די גמרא זאָגט, אז מען פארלאָזט זיך ניט אויף דעם דאָזיקן נוסח פון דער משנה, און אז באמת איז פארקערט; די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָר ניט אראָפּנעמען מיט דער האַנט נור אראָפּשאָקלען דעם טיש־ברעט, און די בית הלל זאָגן, אז מען מעג אראָפּנעמען מיט דער האַנט די ביינער און די שאָלעכץ.** מעבירין,

**פירורין פחות מכזית, ושער של אפונין, ושער עדשים, מפני שהוא מאכל בהמה. ספוג, אם יש לו עור בית אחיזה, מקנחין בו, ואם לאו, אין מקנחין בו. (וחכמים אומרים), בין כך ובין כך ניטל בשבת, ואינו מקבל טומאה:**

## פרק כ״ב

**א. חבית שנשברה, מצילין הימנה מזון שלש סעודות, ואומר לאחרים, באו והצילו לכם, ובלבד שלא יספוג. אין סוחטין את הפירות להוציא מהן משקין, ואם יצאו מעצמן, אסורין. ר׳ יהודה אומר, אם**

---

מען מעג אראָפּנעמען פון טיש ברעקלעך (עסנוואַרג, אפילו) זיי זענען קלענער פון דער גרויס פון אן איילבירט (פחות מכזית), און די שויטן פון באָבעס און די שויטן פון לינזן (א סאָרט ארבעס), ווייל זיי, (די ברעקלעך און די שויטן) זענען א עסנוואַרג פאר א בהמה. **דעריבער הייסן זיי ניט קיין מוקצה מחמת מען גיט זיי צו עסן צו בהמות. אן אנדערע גירסא איז „מלפני השולחן״, פון פאר דעם טיש״, די ברעקלעך און שויטן וואָס פאלן אראָפּ פון טיש אויף דער ערד. „שער״, „שרביטין״, די שויטן, אין וועלכע די באָבעס און ארבעס וואקסן.** ספוג, א שוואם, אויב ער האָט א לעדער־נעם הענטל (בית אחיזה, אן אָנהאלטער) מעג מען מיט אים אפווישן (אים שבת) און אויב ניט טאָר מען מיט אים ניט אפווישן (אים שבת). **אויב דער שוואם איז נאס און האָט ניט קיין לעדערנעם הענטל, אין וואָס מען זאָל אים האַלטן ביים אָפּווישן מיט אים, מוז מען דאָך אננעמען דעם שוואם אליין, ממילא קומט אויס, אז מען קוועטשט דעם נאסן שוואס, און דאָס הייסט „סחיטה״, אויסקוועטשן, און מען טאָר עס ניט טאָן אים שבת.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז סיי אזוי (ער האָט א לעדערנעם הענטל) און סיי אזוי (ער האָט ניט קיין לעדערנעם הענטל) מעג מען אים אָננעמען אים שבת. **רש״י און אנדערע מפרשים טייטשן, אז די חכמים מיינען, ווען דער שוואם איז טרוקן.** ואינו, און ער (דער שוואָם) קאָן ניט ווערן טמא. **די משנה לערנט דאָ אגב אורחא נאָך א דין וועגן שוואם, דהיינו, אז אויב ער רירט אָן א טמא זאך (א טויטן שרץ) קאָן ער ניט ווערן טמא. דער טעם איז, ווייל טמא קאָנען ווערן נאָר קליידונגס־שטאָפן, זאק, הילצערנע און מעטאַלענע כלים, און א שוואם איז ניט קיין איינע פון זיי.**

## פרק כ״ב

א. חבית, א פאס (מיט עסנוואַרג און וויין) וואָס איז צובראָכן געוואָרן (אים שבת) מעג מען ראטעווען פון איר שפּייז פאר דריי סעודות. **אָבער מער טאָר מען ניט, און די גמרא שבת קי״ז זאָגט, ווייל עס איז מורא צו האָבן, אז מען ווערט אים דערלויבן צו ראטעווען מער וועט דער מענטש פארגעסן, אז עס איז שבת און ער וועט ברענגען כלים דורך א רשות הרבים כדי צו ראטעווען, און דאָס טאָר מען ניט. רשי זאָגט, אז דאָס מיינט מען אין א סך כלים, אָבער אין איין כלי מעג מען ראטעווען מער.** ואומר, און ער מעג זאָגן צו אנדערע מענטשן: „קומט און ראטעוועט פאר אייערטוועגן״. **און יעדער פון זיי מעג אויך ראטעווען צו דריי סעודות.** ובלבד, אָבער ער זאָל ניט איינזאפּן. **מען טאָר ניט מיט א שוואם אריינזאפּן דעם וויין פון דער צעבראָכענער פאס און לאָזן דעם שוואם וויין אויסרינען אין אן אנדער אָרט, און דערנאָך ווידער איינזאפּן וויין; מחמת עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער אויסקוועטשן דעם שוואם און דאָס איז סחיטה (אויסקוועטשן) און עס איז אסור. די ברייתא אין דער גמרא זאָגט, אז מען טאָר אויך גערדיכטן אייל ניט נעמען מיט די הענט און אָפּווישן אין כלי, ווייל עס הייסט געטאָן זוי מען טוט אין וואָכנטעג (כדרך שהוא עושה בחול).** אין סוחטין, מען טאָר ניט (אים שבת) אויסקוועטשן פרוכטן, כדי ארויסצוציען פון זיי געטראנקן (דעם זאפט). **דאָס איז דער איסור פון „סחיטה״, אויסקוועטשן אים שבת. די גמרא זאָגט, אז „סחיטה״ איז אסור, ווייל עס הייסט ווי „מפרק״, ארויס־ברעקלען, און דאָס איז די „תולדה״ פון דער אב מלאכה „דש״, דרעשן תבואה, וואָס**

**לאוכלין, היוצא מהן מותר, ואם למשקין, היוצא מהן אסור. חלות דבש, שריסקן מערב שבת ויצאו מעצמן, אסורים. ור׳ אליעזר מתיר:**

**ב. כל שבא בחמין מערב שבת, שורין אותו בחמין בשבת, וכל שלא בא בחמין מערב שבת, מדיחים אותו בחמין בשבת, חוץ מן המליח הישן, (ודגים מלוחים קטנים), וקוליס האיספנין, שהדחתן זו היא גמר מלאכתן:**

---

נעמט ארויס די קערנדלעך פון די שטרויען. וועגן ,,תולדה" און אב מלאכה זע אין אונזער פירוש פריער פרק ז׳ משנה א׳ און ב׳. ואם, און אויב זיי (די געטראנקן, דער זאפט) זענען אליין ארויסגעגאנגן (קיינער האָט זיי ניט געקוועטשט) פון די פרוכטן (אים שבת) זענען זיי אסור (טאָר מען זיי אים שבת ניט טרינקן), ווייל מען האָט מורא, טאָמער וועט מען אויסקוועטשן, דאָס וואָרט ,,ואם", ,,און אויב", מיינט דאָ ,,און אפילו", און מיר האָבן אין טייל ערטער ,,אם" אנשטאט ,,אפילו". זע ברכות פרק ה׳ משנה ד׳. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב (די פרוכטן, פון וועלכע דער זאפט רינט אליין ארויס) זענען באשטימט צום עסן (ניט צו מאכן פון זיי זאפט) מעג מען טרינקן (דעם זאפט), וואָס גייט פון זיי (אליין) ארויס (אים שבת), און אויב זיי זענען באשטימט אויף זאפט, טאָר מען ניט טרינקן (דעם זאפט) וואָס גייט פון זיי (אליין) ארויס (אים שבת), מחמת אויב זיי זענען באשטימט צום עסן, איז ניט מורא צו האָבן טאָמער וועט דער מענטש זיי אויסקוועטשן. די גמרא זאָגט, אז ביי איילבירטן און וויינטרויבן, וואָס עס איז דער שטייגער צו מאכן פון זיי אייל און וויין, איז אויך ר׳ יהודה מודה אז עס איז אסור כאָטש מען האָט זיי באשטימט צום עסן. ווידער אנ־דערע פרוכטן, וואָס מען נוצט נור צום עסן זענען די חכמים מודה צו ר׳ יהודה אז זיי זענען מותר. די מחלוקה איז נור ביי תות־יאגדעס און מילגרוימען, און ר׳ יהודה איז זיי מתיר, זיי האָבן דעם דין ווי אנדערע פרוכטן, און די חכמים אסר׳ן זיי ווי אייל־בירטן און וויינטרויבן. חלות דבש, קוכנס (פון וואקס), אין וועלכע עס געפינט זיך דער האָניק, וועלכע מען האָט צעברעקעלט פאר שבת און (דער האָניק) רינט (פון זיך אליין) ארויס (אים שבת) טאָר מען ניט עסן דעם האָניק אים שבת. דער האָניק ווען מען נעמט אים ארויס פון בינשטאָק ליגט אין א סאָרט קוכנס פון וואקס (חלות דבש), און ווען מ׳צעברעקלט די קוכנס רינט דער האָניק ארויס פון זיך אליין. זאָגט די משנה, אז מען טאָר דעם האָניק ניט נוצן אים שבת, אויב ער רינט ארויס אים שבת, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט מען אים שבת ארויסנעמען אויך פון ניט־צעברעקעלטע קיכנס. ור׳ אליעזר, און ר׳ אליעזר איז מתיר, מחמת עס איז ניט דער שטייגער ארויס־צוקוועטשן דעם האָניק פון ניט צעברעקלטע קיכנס. אין טייל גירסאות איז פאראן ,,ר׳ אלעזר".

ב. כל, אלץ (עסנווארג) וואָס איז שוין פאר שבת (געקאָכט געוואָרן) אין הייס וואסער, מעג מען אים שבת ווייקן אין הייס וואסער, און אלץ (עסנווארג) וואָס איז פאר שבת ניט (געקאָכט געוואָרן) אין הייס וואסער, מעג מען אים שבת נאָר אָפּשווענקן אין הייס וואסער. אָבער ווייקן עס אין הייס וואסער טאָר מען ניט. ווייל דאָס הייסט ווי געקאָכט. חוץ, אן אויסנאם זענען עלטערע איינגעזאלצענע פיש (און קליינע איינ־געזאלצענע פישלעך), און שפאנישער קאליאס (אזא פיש), ווייל זייער אָפּשווענקן איז די ענדע פון דער ארבייט ארום זיי. דעריבער הייסט עס ווי געטאָן אן ארבייט אים שבת. ,,עלטערע איינגעזאלצענע פיש" (מליח הישן) מיינט, וועלכע זענען איינגע־זאלצן געוואָרן מיט א יאָר צוריק. אין טייל משניות זענען ניט פאראן די ווערטער ,,ודגים מלוחים קטנים" ,,און קליינע איינגעזאלצענע פישלעך". ,,קוליס איספנין" איז א סאָרט טאָן־פיש, וואָס מען פלעגט ברענגען פון די שפאנישע וואסערן, און האָט אין גריכיש געהייסן ,,קאָליאס".

ג. שובר אדם את החבית לאכול הימנה גרוגרות, ובלבד שלא יתכוון לעשות כלי. ואין נוקבין מגופה של חבית; דברי ר׳ יהודה; וחכמים מתירין. ולא יקבנה מצדה, ואם היתה נקובה, לא יתן עליה שעוה מפני שהוא ממרח. אמר רבי יהודה, מעשה בא לפני רבן יוחנן בן זכאי בערב, ואמר, חוששני לו מחטאת:

ד. נותנין תבשיל לתוך הבור, בשביל שיהא שמור, ואת המים היפים ברעים, בשביל שיצנו, ואת הצונן בחמה, בשביל שיחמו. מי שנשרו כליו בדרך במים, מהלך בהן ואינו חושש; הגיע לחצר החיצונה, שוטחן בחמה, אבל לא כנגד העם:

---

ג. שובר, מען מעג אָפּברעכן (אים שבת) א פאס (אין וועלכער עס זענען פאַראַן דאַרע פייגן) כדי (אַרויסצונעמען און) צו עסן דאַרע פייגן. **דאַרע פייגן זענען געווען איינגעפּאַקט אין ערדענע פעסלעך און דאָס מויל פון דעם פעסל איז געווען פאַרשטאָפּט מיט א צודעק, וואָס האָט געהייסן „מגופה״, און אַרומגעקלעפּט. זאָגט די משנה אז אים שבת מעג מען אָפּהאַקן א שטיק פון דעם פאַרמאַכטן פעסל כדי אַרויסצונעמען די פייגן, מחמת ער איז דאָך „מקלקל״, מאַכט קאַליע דאָס פעסל און עס הייסט דעריבער** ניט, **אַז ער טוט אַ מלאכה.** ובלבד, אָבער ער טאָר ניט אינזינען האָבן צו מאַכן פון דעם פעסל א כלי. **מען זאָל ניט אַזוי אָפּברעכן; אַז עס זאָל ווערן א שיינע עפענונג, און דעריבער ווערט דאָס פעסל א כלי.** ואין נוקבין, מען טאָר ניט מאַכן קיין לאָך אין דעם צודעקל פון פעסל (מיט ווייַן), אַזוי זאָגט ר׳ יהודה. **ווייל דאָס הייסט ווי געמאַכט א טיר צו דעם פעסל, און דאָס טאָר מען ניט; אָבער אַראָפּנעמען דאָס גאַנצע צודעקל מעג מען.** וחכמים, און די חכמים זענען מתיר. **ווייל זיי האַלטן, אַז עס איז ניט דער שטייגער צו מאַכן א לאָך אין דער הויך אין צודעק. אין טייל משניות איז אנשטאט „חכמים״ פאַראַן „ר׳ יוסי איז מתיר״.** ולא, און מען זאָל ניט מאַכן א לאָך אין דער זייט פון פעסל. **דאָ זענען אויך די חכמים (לויט דער אַנדערער גירסא ר׳ יוסי) מודה, אז מען טאָר ניט, ווייל אין דער זייט פון פעסל מאַכן מענטשן יאָ אַ לאָך, ניט וועלנדיק עפענען אין דער הויך כדי עס זאָל ניט אַריינפאַלן אין ווייַן שטויב.** ואם, און אויב די פאס האָט געהאַט א לאָך טאָר מען (אים שבת) ניט אַרויפלייגן אויף אים וואַקס, ווייל עס הייסט פאַרשמירט (ממרח). **רשי זאָגט אַז דאָס איז די מלאכה „ממחק״, אָפּמעקן, וואָס ווערט גערעכנט אין פרק ז׳ משנה ב׳ צווישן די 39 מלאכות (המוחק).** אָמר, ר׳ יהודה האָט געזאָגט, אז עס איז געווען א מעשה און מען איז (מיט אַזא שאלה פון אָנשמירן וואַקס אויף דעם לאָך פון א פאס) געקומען פאַר רבן יוחנן בן זכאי אין (דער שטאָט ערב), און ער האָט געזאָגט: „איך האָב מורא (אַז מען דאַרף) דערפאַר ברענגען א קרבן חטאת. **דער וואָס האָט דאָס געטאָן אים שבת בשוגג קאָן זיין, אַז ער דאַרף ברענגען א קרבן, ווייל עס קאָן הייסן געטאָן א מלאכה.**

ד. נותנין, מען מעג (אים שבת) אַריינשטעלן געקעכץ אין א גרוב, כדי דאָס (געקעכץ) זאָל זיך דערהאַלטן; און מען מעג אַריינשטעלן א כלי (מיט) גוטע וואַסער אין (קאַלטע) שלעכטע וואַסער, כדי דאָס (גוטע וואַסער) זאָל קאַלט ווערן, און (מען מעג אַריינשטעלן א כלי מיט) קאַלטע וואַסער אין וואַרימע וואַסער כדי דאָס (קאַלטע) זאָל ווערן וואַרימער. **די משנה לערנט, אַז ביים גרוב האָט מען ניט קיין מורא טאָמער וועט מען אויסגלייכן גריבלעך אויף דער ערד פון גרוב, און ביי אַריינשטעלן קאַלטע וואַסער אין וואַרימע האָט מען ניט מורא טאָמער וועט מען אַריינשטעלן אין הייסן אש, וואָס מען טאָר ניט (זע פריער פרק ג׳ משנה א׳).** מי, אויב ביי איינעם זענען אַריינגעפאַלן זיינע קליינער אין וועג אין וואַסער אַריין, מעג ער זיי (אָנטאָן און) ווייטער טראָגן און ער דאַרף ניט מורא האָבן. **ער דאַרף ניט חושש זיין טאָמער וועלן מענטשן, זעענדיק אים טראָגן נאַסע קליידער, מיינען, אַז ער האָט זיי געוואַשן אים שבת.** הגיע, ווען ער (דער מענטש) קומט אָן אין אויסנווייניקסטן הויף מעג ער

**ה. הרוחץ במי מערה ובמי טבריא ונסתפג, אפילו בעשר אלונטי־אות, לא יביאם בידו. אבל עשרה בני אדם מסתפגין באלונטית אחת, פניהם ידיהם ורגליהם, ומביאין אותה בידן:**

**ו. סכין וממשמשין (בבני מעים), אבל לא מתעמלים, ולא מתגרדין. אין יורדין לקורדימא, ואין עושין אפיקטויזין, ואין מעצבין את הקטן,**

---

זיי אויסשפּרייטן (צום טרוקענען) אויף דער זון, אָבער ניט וואו מענטשן זען. **מענטשן זאָלן ניט זען, ווי די קליידער הענגען אויף דער זון, מחמת זיי קאָנען מיינען, אז ער האָט זיי געוואשן אים שבת. די גמרא זאָגט, אז דער דין איז ניט ווי די משנה, און אז אויך וואו מענטשן זען ניט טאָר מען ניט אויסשפּרייטן די נאסע קליידער אויף דער זון, ווייל „כל דבר שאסרו חכמים מפני מראית העין אפילו בחדרי הדרים אסור", א זאך, וואָס מען טאָר ניט טאָן עפנטליך, צוליב חשד פון מענטשן, טאָר מען אויך אין געהיים ניט טאָן.**

ה. הרוחץ, אז איינער וואשט זיך (אים שבת) אין וואסער פון אן הייל אָדער אין די (וואַרימע קוואַלן) וואסער פון דער שטאָט טבריה און ער האָט זיך אָפּגעווישט, אפילו מיט צען טיכער, זאָל ער זיי (די טיכער) ניט טראָגן אין זיין האַנט. **ער טאָר זיי ניט אהיימטראָגן אין דער האַנט, ווייל די טיכער זענען דאָך נאס און עס איז מורא צו האָבן, אז ער וועט זיי אויסקוועטשן, און דאָס (סחיטה, אויסקוועטשן) איז אסור אים שבת. דעריבער זאָגט די משנה אז מען טאָר ניט „אפילו" אין 10 טיכער, ווייל מען וואָלט געקאָנט מיינען אז ווייל די לעצטע טיכער זענען שוין ניט נאס מעג מען זיי יאָ טראָגן. „מי טבריה" הייסן די וואַרימע קוואַלן־וואסער אין דער שטאָט טבריה. זע פריער פרק ג' משנה ד'. „נסתפג", אפּווישן זיך, איז פון וואָרט „ספוג", שוואם, אריינזאַפּן, דאָס וואסער ווערט אריינגעזאַפּט. „אלונטית" איז דאָס גריכישע וואָרט „לינטעיאָן", א טוך.** אבל, אָבער צען מענטשן מעגן (אים שבת) אָפּווישן זייערע פּני־מער און זייערע הענט און זייערע פיס מיט איין טוך און ברענגען איר (די טוך) אין זייערע הענט. **ווייל צען מענטשן דערמאָנען איינער דעם צווייטן און זיי וועלן ניט אויסקוועטשן. די גמרא זאָגט, אז אין צען טיכער מעגן אודאי די צען מענטשן זיך אָפּווישן, ווייל די טיכער זענען דאָך ניט אזוי נאס, נאָר אפילו אין איין טוך, וואָס ווערט גאָר שטארק נאס, מעגן זיי אויך. רש"י טייטשט, אז זיי מעגן אויך דעם גאנצן קערפּער אָפּווישן, נאָר די משנה לערנט ווי דער שטייגער איז, דהיינו, אז צען מענטשן ווישן זיך ניט אָפּ די גאנצע קערפּערס מיט איין טוך, אָבער די געזיכטער, די הענט און פיס ווישן זיי יאָ אָפּ. די גמרא זאָגט, אז די הלכה איז ניט ווי די דאָזיקע משנה, און אפילו איין מענטש מעג אָפּווישן זיך אפילו מיט איין טוך און עס אהיימ־נעמען (דאָרט וואו מען מעג טראָגן אים שבת).**

ו. סכין, מען מעג (אים שבת) זיך אָנשמירן (דעם קערפּער מיט אייל), וממשמשין, און אָנרייבן (מיט די הענט אויפן קערפּער); אבל לא מתעמלין, אָבער מען טאָר ניט מיט כח רייבן אויפן קערפּער, ולא מתגרדין, און מען טאָר ניט (מיט א באַרשט) רייבן דעם קערפּער. **די משנה רעכנט דאָ אויס זאכן, וואָס איז געווען איינגעפירט צו טאָן ביים באָדן זיך אין א מרחץ, און די משנה זאָגט, אז די לייכטערע זאכן, ווי שמירן מיט אייל אָדער אָנרייבן לייכט מיט די הענט מעג מען, אָבער שטארק רייבן אָדער רייבן מיט א באַרשט טאָר מען ניט.** אין יורדין לקורדימא, מען טאָר ניט (אים שבת) אריינ־גיין אין בלאָטע־בעדער. **אזוי טייטשן טייל מפרשים דאָס וואָרט קורדימא, און דער ברטנורא (לויט דער משנה אין ירושלמי) איז גורס „פולומא". אן אנדערער טייטש איז א גרוב מיט וואַרעם וואסער (רמבם). רש"י זאָגט, אז „קורדימא" איז דער נאָמען פון א טייך און ווייל דער ליים פון דאָזיקן טייך איז גליטשיק איז מורא צו האָבן אז די קליידער וועלן נאס ווערן און מען וועט זיי דערנאָך אויסקוועטשן. ר' בנימין אין „מוסף הערוך" טייטשט „פולומא" פון גריכישן וואָרט „פעלאמא" (פעלאס), ליים־**

**ואין מחזירין את השבר. מי שנפרקה ידו ורגלו, לא יטרפם בצונן; אבל רוחץ הוא כדרכו, ואם נתרפא נתרפא:**

## פרק כ״ג

**א. שואל אדם מחבירו כדי יין וכדי שמן, ובלבד שלא יאמר לו, הלויני; וכן האשה מחברתה ככרות. ואם אינו מאמינו, מניח טליתו אצלו, ועושה עמו חשבון לאחר שבת. וכן ערב פסח בירושלים, שחל**

---

בלאָטע, און אזוי טייטשט אויך דער „ערוך" אליין. דער „ערוך" ברענגט אויך די גירסא „קורימא", און מיינט אז דאָס איז דער נאָמען פון טייך „קרמיון" (אין מסכתא פרה פרק ח' משנה י'). ואין עושין אפיקטויזין, און מען טאָר אים שבת ניט איננעמען א מיטל צום אָפּברעכן (אָפּגעבן צוריק דאָס עסן). אין טייל גירסאות איז פאראן „אפקטפיזון". דער „ערוך השלם" מיינט אז דאָס זאָלן זיין די גריכישע ווערטער „אפּאפּטוסיס" און „עקפּטוסיס", וואָס זענען דער טייטש אָפּברעכן עסן. דער „ערוך" און אויך רשי (אין סוכה מ') און דער רמבם דאָ אין פירוש מיינען אז דאָס איז פון „אפיק טפי זון", „ארויסגעבן דאָס איבריקע שפּייז". ואין מעצבין, און מען טאָר ניט (אים שבת) אויספרעסן (דעם חוט השדרה פון) א קינד. ווייל עס זעט אויס ווי בויען (בונה). אזוי זאָגט די גמרא. ואין מחזירין, און מען טאָר ניט (אים שבת) גלייכשטעלן (ביי א מענטשן) א צעבראָכענעם ביין. דער דין בלייבט ניט ווי די משנה, און אויב ביי איינעם איז צובראָכן געוואָרן א ביין מעג מען אים אויסלייגן און צוריקשטעלן (אזוי זאָגט די גמרא). מי שנפרקה, אויב ביי איינעם האָט זיך אויסגעלענקט זיין פוס אָדער זיין האַנט זאָל ער זיי ניט ווייקן אין קאַלט וואַסער, אָבער ער מעג זיך וואַשן (אין קאַלט וואַסער) ווי געוויינליך, און אויב זיי זענען (דערפון) אויסגעהיילט געוואָרן, זענען זיי אויסגעהיילט. דאָס איז דער דין, וואָס מיר האָבן געהאַט פריהער אין פרק י״ד משנה ג' אז (אויב מען איז ניט שטאַרק קראַנק) טאָר מען ניט נעמען קיין רפואות אים שבת און מען טאָר ניט טאָן קיין זאַך אלס רפואה. „נפרקה", „אויסגעלענקט", פון וואָרט „פרק", דער ביין איז ארויס פון ((פרק", פון גלענד, פון אָרט, וואו די צוויי ביינער טרעפן זיך. „יטרפם", ווייקן זיי, פון וואָרט „טרף", מישן.

## פרק כ״ג

א. שואל, א מענטש מעג (אים שבת) באָרגן (שואל) ביי זיין חבר קרוגן וויין און קרוגן אייל, אָבער ער זאָל אים ניט זאָגן: „אנטליי מיר" (הלויני). וועגן דעם אונטערשיד צווישן „שאל" (באָרגן) און „לוה" (אנטלייען) זענען פאראן צוויי מיינונגען. רש״י זאָגט, אז „באָרגן" מיינט מען אויף א קורצער צייט, און „אנטלייען" מיינט אויף א לענגערע צייט, אויף א 30 טעג. אָבער תוספות זאָגט, אז „שאל" (באָרגן) מיינט צוריקצוגעבן די זאַך זעלבסט, למשל, דאָ מיינט מען צוריקצוגעבן קרוגן וויין און אייל; „לוה" אנטלייען מיינט צו באצאָלן געלט דערפאר. די גמרא זאָגט, אז דעריבער טאָר מען ניט אנטלייען, ווייל מען האָט מורא, אז כדי צו געדענקען וועט דער מלוה (דער וואָס גיט אוועק) פארשרייבן און שרייבן איז דאָך א מלאכה וואָס מען טאָר ניט טאָן אים שבת. אָבער ביי „שאלה", באָרגן, ווייל עס איז אויף א קורצער צייט (לויט רש״יס פשט), אָדער ווייל מען זאָגט עס בלשון שאלה (לויט תוספות פשט) געדענקט מען און עס איז ניט מורא צו האָבן פאר פארשרייבן. וכן, און אזוי מעג אויך איין פרוי (באָרגן) פון איר פריינדין ברויטן (אים שבת). ווען מען זאָגט עס בלשון שאלה מעג מען. ואם אינו, און אויב ער, דער מלוה, דער אוועקבאָרגער) גלויבט ניט אים (דעם באָרגער, דעם לוה), מעג ער (דער לוה) איבערלאָזן ביי אים (ביים מלוה) זיין קלייד (אלס משכון) און ער רעכנט זיך מיט אים אָפּ נאָך שבת. ניט נור מעג מען באָרגן נאָר מען מעג אויך איבערלאָזן א משכון אים שבת. וכן ערב פסח, און אזוי איז אויך, ווען ערב פסח אין ירושלים וואָס איז אויסגעפאַלן אים שבת

**להיות בשבת, מניח טליתו אצלו, ונוטל את פסחו, ועושה עמו חשבון לאחר יום טוב.**

**ב. מונה אדם את אורחיו ואת פרפרותיו מפיו, אבל לא מן הכתב. ומפיס עם בניו ועם בני ביתו על השלחן, ובלבד שלא יתכוין לעשות מנה גדולה כנגד קטנה, משום קוביא. ומטילין חלשים על הקדשים ביום טוב, אבל לא על המנות:**

---

(און איינער האָט פאַרגעסן צו קויפן אינדערוואַכנס דאָס שעפּסל מקריב צו זיין עס איז ערב פסח) מעג ער איבערלאָזן (שבת ערב פסח) זיין קלייד (אלס משכון) ביי אים (ביים שעפּסלען־פאַרקויפער), און ער נעמט זיין קרבן־פסח־(שעפּסל), און ער רעכנט זיך מיט אים אָפּ נאָך יום טוב. **עס איז דערזעלבער דין, וואָס פריער אין דער משנה אז מען מעג באָרגן אויף א קורצער צייט (לויט רש״י, און לויט תוספות אין לשון פון שאלה) און איבערלאָזן א משכון אים שבת. דאָ זאָגט די משנה „נאָך יום טוב״, ווייל צומאָרגנס פון שבת ערב פסח, זונטאָג, איז דאָך יום טוב, און אים יום טוב טאָר מען דאָך אויך ניט זיך אפּרעכנען. די גמרא זאָגט, אז כאָטש אנדערע קרבנות טאָר מען ניט מקדיש זיין (זאָגן אז עס זאָל זיין הקדש) אים שבת, אָבער ווייל דעם קרבן פסח קאָן מען דאָך ניט אָפּלייגן (קבוע זמן) מעג מען דאָס שעפּסל מקדיש זיין אים שבת ערב פסח, אויב מען האָט עס ניט מקדיש געווען פריער.**

ב. מונה, א מענטש מעג אויסרעכענען (אים שבת) זיינע געסט און זיינע צו־גאָבעס־געריכטן (פרפרותיו) אויסנווייניג, אָבער ניט פון א געשריבענעם (פאַפּיר). **אויב איינער האָט געסט און גרייט אָן פאַר זיי געריכטן, מעג ער פון אויסווייניק אויסרעכענען וויפיל געסט ער האָט און זייערע נעמען און וויפיל געריכטן ער דאַרף אָנגרייטן; אָבער פון א געשריבענעם פאַפּיר טאָר ער ניט. די גמרא ברענגט דערצו צוויי טעמים, איינער איז, ווייל טאָמער וועט ער זען, אז ער האָט ניט גענוג געריכטן וועט ער אויסמעקן די נעמען פון עטליכע געסט. דער צווייטער טעם איז, ווייל זעענ־דיק אז מען מעג ליינען געשריבענע זאכן וועט ער אויך ליינען סתם געשעפטס־דאָ־קומענטן (שטרי הדיוטות) און דאָס טאָר מען ניט אים שבת. וועגן פרפּרת זע אין מסכתא ברכות פרק ו׳ משנה ה׳.** ומפיס, און ער מעג וואַרפן גורל מיט זיינע קינדער און הויז־מענטשן ביים טיש (ווער עס זאָל באקומען די אָדער יענע פּאַרציע עסן), אָבער מען זאָל ניט אין זינען האָבן מאכן (וואַרפן גורל) א גרויסע פּאַרציע קייגן א קליינער, צוליב ביינדל־שפּיל. **די גמרא טייטש, אז ביי קינדער און הויז־מענטשן מעג מען וואַרפן גורל אפילו א גרויסע פּאַרציע קייגן א קליינער, ווייל ברידער און שוועס־טער זענען ניט מקפּיד איינער אויף דעם צווייטן, און אויב איינער קריגט א קלענערע אָרט עס אים ניט. אָבער פרעמדע מענטשן טאָרן ניט, ווייל זיי זענען יאָ מקפּיד און עס איז פּונקט ווי געפּירט א געשעפט, געבאָרגט און געוואויגן און געמאָסטן אים שבת אָדער אים יום טוב. און וואַרפן גורל א גרויסע פּאַרציע קייגן א קליינע טאָר מען צווישן פרעמדע מענטשן אפילו אין דער וואָכנס אויך ניט, ווייל עס איז „משחק בקוביא״, געשפּילט אין אַ ביינדל־שפּיל, און דאָס איז ווי גזלה, מחמת דער, וועלכער געווינט נעמט א פרעמדנס א זאך, דעם אונטערשיד צווישן דער גרעסערער פּאַרציע און דער קלענערער) בחינם, בלויז צוליב „אסמכתא״ (פאַרלאָזן זיך), ווייל דער פאַרשפּילער האָט זיך פאַרלאָזט אויף דעם שפּיל. „קוביא״ איז דאָס גריכישע וואָרט „קוביא״, „קובאס״, ביינדל־שפּיל.** ומטילין, און מען מעג וואַרפן גורל (צווישן כהנים) אים יום טוב אויף די (טיילן פון) קרבנות. **פון געוויסע קרבנות, וואָס מען האָט מקריב געווען אין בית המקדש, האָבן די כהנים באקומען דאָס פליש אָדער טיילן פון פליש צום עסן. די כהנים פלעגן צעטיילן עס צווישן זיך. זאָגט די משנה, אז אויף די פליש פון די קרבנות וואָס מען האָט געשאָכטן אים יום טוב מעגן די כהנים יאָ וואַרפן צווישן זיך גורל ווער עס זאָל נעמען די אָדער יענע פּאַרציע פליש.** אבל, אָבער (די כהנים) טאָרן ניט (וואַרפן גורל) אויף די טיילן פון (קרבנות פון) ערב

ג. לא ישכור (אדם) פועלים בשבת, ולא יאמר אדם לחבירו לשכור לו פועלים. אין מחשיכין על התחום לשכור פועלים, ולהביא פירות; אבל מחשיך הוא לשמור, ומביא פירות בידו. כלל אמר אבא שאול, כל שאני זכאי באמירתו, רשאי אני להחשיך עליו:

ד. מחשיכין על התחום לפקח על עסקי כלה, ועל עסקי המת,

---

יום טוב. אזוי טייטשט די גמרא דאָס וואָרט „מנות, אז דאָס מיינט מען פון קרבנות, וואָס זענען געשאָכטן געוואָרן ערב יום טוב. דער רמבם זאָגט דעם טעם אז דערי־בער האָט מען כהנים יאָ מתיר געמאכט כאָטש זיי זענען פרעמדע, ווייל מען האָט געוואָלט דערמיט מחבב זיין אויף זיי די מצוה פון עסן קרבנות־פלייש. לויט איין טייטש פון רמבם אין פירוש צו משניות זאָל „מנות" זיין דער טייטש ניט פון קרבנות פון ערב יום טוב, נאָר פון ניט קרבנות, פון חולין־פלייש (און די ווערטער אין דער גמרא „של חול", מיינט מען פון „חולין"), און דער דין איז, אז אפילו כהנים מעגן נור וואַרפן גורל אויף קרבנות־טיילן אָבער ניט אויף חולין־טיילן, כאָטש מען וואָלט גע־קאָנט מיינען, אז ווייל כהנים זענען קפדנים זאָל מען זיי דערלויבן צו וואַרפן גורל אויך אויף חולין־טיילן, כדי זיי זאָלן זיך ניט קריגן ביים צעטיילן, פונדעסטוועגן לערנט מען, אז ביי חולין טאָר מען ניט (אזוי זאָל לויטן רמבם זיין דער טייטש אין דער גמרא שבת קמ"ט, אנדערש פון פירוש פון רשי).

ג. לא ישכור, מען טאָרניט דינגען אַרבייטער אים שבת. אפילו אויף צו אַרבייטן צומאָרגנס, אין דער וואָכנס. די גמרא לערנט עס אָפּ פון ישעיה נ"ח „ודבר דבר", אז אפילו דאָס רעדן צו מאכן געשעפט טאָר מען ניט. ולא יאמר, און מען טאָר (אים שבת) אויך ניט זאָגן צו אַן אנדערן, אז יענער זאָל דינגען פאַר אים אַרבייטער. די גמרא לערנט דערפון, אז ניט בפירוש מעג מען זאָגן צו אַן אנדערן: „לאָמיר זיך זען מוצאי שבת", כאָטש אין הארצן ווייסט יעדער פון זיי אז דאָס איז אויף צו דינגען אים צו אַרבייט; מחמת נור ארויסזאָגן בפירוש (דיבור) טאָר מען ניט, אָבער איינזינען האָבן (הרהור) מעג מען. אין מחשיכין, מען טאָר (אים שבת) ניט צו גיין ביז צום תחום שבת און דאָרט וואַרטן ביז עס וועט ווערן נאכט כדי צו דינגען אַרבייטער אָדער צו ברענגען פרוכטן (פון חוץ לתחום). אים שבת טאָר מען ניט גיין מער ווי 2000 איילן ארויס פון דער שטאָט; דאָס איז דער תחום שבת. זאָגט די משנה, אז מען טאָר ניט צו גיין אים שבת ביז צום תחום, ביז צום סוף פון די 2000 איילן, כדי דאָרט צו וואַרטן ביז עס וועט ווערן פינסטער, נאכט (מחשיכין), און דעמאָלס ארויסגיין פון תחום און ברענגען אַרבייטער אָדער פרוכטן. מחמת ברענגען אים שבת פרוכטן אָדער דינגען אַרבייטער טאָר ער דאָך ניט, דעריבער טאָר ער אויך ניט טאָן אים שבת אזא זאַך, וואָס זאָל אים פאַרלייכטערן דאָס דינגען אַרבייטער און ברענגען פרוכטן אפילו שבת צונאכטס. אבל, אָבער ער מעג (צו גיין צום תחום און וואַרטן) ביז עס ווערט נאכט,כדי ארויסצוגיין (צום גאָרטן) דאָרט היטן די פרוכטן, און (אין איין וועגס) מעג ער אויך ברענגען פון דאָרט פרוכטן. מחמת היטן פרוכטן אים שבת מעג מען דאָך. און ווייל זיין כוונה איז דאָך געווען נור צו היטן די פרוכטן, מעג ער שוין אויך ברענגען די פרוכטן. כלל, א כלל האָט געזאָגט אבא שאול: יעדע זאַך, וואָס איך מעג זאָגן (אים שבת) מעג איך דערפון אויך (צו גיין צום תחום שבת און) וואַרטן ביז עס ווערט נאכט. דער ברטנורא טייטשט לויט דער גמרא, אז אבא שאול איז מחולק אויף דער סתם משנה, און ער האַלט אז ביי א מצוה־זאַך, למשל צו ברענגען שבת צו נאכטס א ארון און תכריכים פאַר א מת, מעג מען יאָ צוגיין צום תחום און וואַרטן ביז שבת צונאכטס, מחמת מען מעג אפילו אים שבת זאָגן צו אַן אנדערן, אז ער זאָל דעם ארון און תכריכים ברענגען שבת צונאכטס. „זכאי" מיינט „באַרעכטיקט" האָבן דאָס רעכט, מעגן.

ד. מחשיכין, מען מעג (אים שבת) צו גיין צום תחום־שבת (ארויס פון דער שטאָט די 2000 איילן) און וואַרטן ביז נאכט כדי צו באַזאָרגן די ענינים פון א כלה און

להביא לו ארון ותכריכין. נכרי שהביא חלילין בשבת, לא יספוד בהן ישראל, אלא אם כן באו ממקום קרוב. עשו לו ארון וחפרו לו קבר, יקבר בו ישראל. ואם בשביל ישראל, לא יקבר בו עולמית:

ה. עושין כל צורכי המת, סכין ומדיחין אותו, ובלבד שלא יזיזו בו אבר; שומטין את הכר מתחתיו, ומטילין אותו על החול, בשביל שימתין. קושרים את הלחי, לא שיעלה, אלא שלא יוסיף. וכן קורה שנשברה, סומכין אותה בספסל או בארוכות המיטה, לא שתעלה, אלא

---

די ענינים פון א מת צו ברענגען פאר אים אן ארון און תכריכים. **די משנה מיינט, כדי ארויסצוגיין שבת צונאכטס פון תחום שבת אין אן אנדער אָרט צו ברענגען זאכן וואָס מען דאַרף האָבן צו דער חופה פון דער חתן כלה אָדער זאכן פאר דעם מת ווי אן ארון און תכריכים. די דאָזיקע משנה האלט די הלכה ווי אבא שאול אין דער פריערדיקער משנה.** גוי, אויב א גוי האָט געבראַכט פייפערלעך אים שבת טאָר א ייד ניט באקלאָגן מיט זיי (א מת) סיידן זיי זענען געקומען פון א נאָענט אָרט. **עס איז געווען אין דער צייטן פון דער משנה א מנהג אז ביים מספיד זיין א מת האָט מען צוגעפייפט טרויעריגע ניגונים אויף פייפערלעך, חלילים. דער מנהג ווערט געבראַכט עטליכע מאָל אין דער משנה (כתובות פרק ד' משנה ד' „לא יפחות משני חלילים ומקוננת", בבא מציעא פרק ו' משנה א' „וחלילים לכלה או למת"). זאָגט די משנה, אז אויב א גוי האָט געבראַכט די פייפערלעך אים שבת, טאָר אַ ייד ניט מספיד זיין מיט זיי שבת צונאכטס סיידן ער ווייסט זיכער, אז דער גוי האָט זיי געבראַכט פון א „נאָענט אָרט". אין דער גמרא טייטשט רב אז דאָס מיינט, ווען מען ווייסט זיכער, אז די פייפערלעך זענען געווען אין תחום שבת, און שמואל טייטשט, אז אפילו עס איז א ספק מעג מען אויך.** עשו לו, אויב מ'ען האָט (אים שבת) געמאכט אן ארון אָדער מען האָט גע־גראָבן א קבר פאר אים (פאר א גוי), מעג מען (באלד שבת צו נאכטס) קובר זיין אין אים (אין דעם ארון און קבר) א ייד; און אויב (מען האָט געמאכט דעם ארון און גע־גראָבן דעם קבר אים שבת) פאר א ייד, טאָר מען אין אים (אין ארון און אין קבר) קיינמאָל ניט קובר זיין. **די פוסקים זאָגן אז נור דעם דאָזיקן יידישן מת, פאר וועלכן גויים האָבן אים שבת געגראָבן דעם קבר טאָר מען ניט קובר זיין שפּעטער אין דער־וואַכנס אין דעם דאָזיקן קבר, אָבער אן אנדערן יידישן מת מעג מען.**

ה. עושין, מען מעג טאָן (אים שבת) ארום דעם מת אלע זיינע געברויכן, שמירן (אים מיט אייל) אפּשווענקען אים אין וואַסער, אָבער מען טאָר ניט רירן אין אים אן אבר. **דאָס הייסט, באַוועגן דעם מת'ס א גליד טאָר מען ניט, אָבער אָנרירן מעג מען. דער ברטנורא זאָגט, אז זאכן, וואָס מען טאָר אים שבת ניט טראָגן צוליב מוקצה, מעג מען זיי אָנרירן.** שומטין, מען מעג (אים שבת) אפּשלעפּן דעם קישן פון אונטער אים (דעם מת) און אזוי ארום בלייבט ער ליגן אויפן זאמד. **אויב דער מת ליגט אויף דער ערד (אין די אמאָליקע הייזער איז אין די הייזער ניט געווען געוויינליך קיין פּאָדלאָגע, נאָר זאמד) און אונטער אים א קישן מעג מען אפּערשלעפּן דעם קישן.** בשביל שימתין, כדי ער זאָל לענגער זיך האלטן. **ליגנדיק אויפן זאמד ווערט דער קערפּער פון מת ניט צעהיצן זיך און ניט קאליע ווערן שנעל. אזוי טייטשן טייל דאָס וואָרט „ימתין", צו־וואַרטן, אויסדויערן, לענגער דויערן. דער „ערוך" טייטשט פון וואָרט „מתון", פייכט זיין, ניט טרוקן ווערן, און מיר געפינען דאָס וואָרט אין מכשירין פרק ו' משנה ב' „בשביל שימתינו", און אויך אין טייל אנדערע ערטער.** קושרים, מען מעג „אים שבת) ביים מת צובינדן דעם קין־באַק, ניט אז עס זאָל זיך פארמאכן (שיעלה, זיך אויסהייבן) נאָר כדי עס זאָל ניט מער עפנן. **אויב דאָס מויל פון מת האָט זיך געעפענט מעג מען אים צובינדן די באַק, כדי עס זאָל זיך ניט מער עפנען.** וכן, און אזוי איז אויך (דער דין) מיט א באלקן (אין א הויז) וואָס איז צעבראָכן געוואָרן מעג מען אונטער אים אונטערשטעלן א באנק אָדער א לייסט פון א

**שלא תוסיף. אין מעמצין את המת בשבת; ולא בחול עם יציאת נפש. והמעמץ עם יציאת נפש, הרי זה שופך דמים:**

## פרק כ״ד

**א. מי שהחשיך בדרך נותן כיסו לנכרי. ואם אין עמו נכרי, מניחו על החמור. הגיע לחצר החיצונה, נוטל את הכלים הניטלין בשבת; ושאינן ניטלין בשבת, מתיר את החבלים. והשקים נופלין מאליהם:**

**ב. מתירין פקיעי עמיר לפני בהמה, ומפספסים את הכיפין, אבל**

---

בעט, ניט כדי דעם באלקן גלייכצושטעלן (דאָס צעבראָכענע אָרט צוריקצופאַסן), נאָר כדי עס ,דער בראָך) זאָל זיך ניט פארגרעסערן. „ספסל" **איז דאָס לאטייניש וואָרט „סובסעלום"** ,א באנק. „ארוכוס המטה" מיינט די לאנגע (ארוך, לאנג) לייסטן **אין די זייטן פון בעט.** אין מעמצין, מען טאָר ניט פארמאכן (די אויגן) פון מת אים שבת. **עס איז א אלטער מנהג צו פארמאכן ביים מת די אויגן; אים שבת טאָר מען עס ניט טאָן, ווייל עס הייסט באוועגן אן אבר. „מעמצין" איז אזוי ווי „מעצמין" (אין ישעיה לג „ועוצם עיניו", פארמאכן די אויגן). אין דער משנה אין דער גמרא איז פאראן „מעצמין".** ולא, און מען טאָרניט אויך אין דערוואָכנס פארמאכן (ביי א מת) די אויגן איידער ער הויכט אוים די נשמה (יציאת נפש), און ווער עס פארמאכט (די אויגן פון א מת) איידער ער הויכט אויס די נשמה, איז עס ווי ער וואָלט אים געטויט (שופך דמים, פארגיסן בלוט, געטויט). „**עם" מיינט מען דאָ „נאָנט איידער", און מיר האָבן עס אין דער משנה א סך מאָל, ווי פריער פרק א' משנה י' „עם חשכה". „יציאת הנפש", דאָס ארויסגייען פון דער נשמה, דאָס אויסהויכן די נשמה, שטארבן. „שופך דמים", פארגיסן בלוט איז אין תנך דער אויסדרוק פאר „טויטן" (בראשית ל״ז „אל תשפכו דם", און פיל אנדערע ערטער).**

## פרק כ״ד

א. מי שהחשיך, אויב איינער איז (פרייטיק) אין וועג און עס ווערט נאכט (שבת), מעג ער געבן זיין בייטל (מיט געלט) צו א גוי. **כדי דער גוי זאָל אים טראָגן אים שבת. רשי זאָגט, אז ער מעג אים געבן צו א גוי נאָר ווען עס איז נאָך פרייטאָג, בייטאָג. די גמרא זאָגט, אז דעריבער האָט מען מתיר געמאכט, (כאָטש מען טאָר דאָך אויך א גוי ניט הייסן טאָן אן ארבייט אים שבת), ווייל א מענטש זאָרגט זיך שטאַרק וועגן זיין געלט, און אויב מען וועט ניט מתיר מאַכן צו געבן צו א גוי, וועט ער אליין טראָגן.** ואם, און אויב ער האָט ניט לעבן זיך א גוי, מעג ער ארויפלייגן (דעם בייטל) אויף דעם אייזל. **אויב ער האָט מיט זיך אן אייזל זאָל ער אויף אים ארויפלייגן דעם בייטל. די גמרא זאָגט, עז ער זאָל ארויפלייגן ווען דאָס אייזל גייט, און ער טאָר ניט טרייבן דאָס אייזל, ווייל דאָס הייסט „מחמר", פירן א בהמה, וואָס טראָגט אויף זיך אפילו נאָר די קלענסטע משא, און דאָס טאָר מען ניט אים שבת (זע פריער פרק ה' משנה א').** הגיע, ווען ער קומט־צו (מיט דעם אייזל) צו דעם אויסען־וויינקסטן הויף מעג ער אים שבת אראָפּנעמען (פון אייזל) די זאכן, וואָס מען מעג נעמען אים שבת; און די זאכן, וואָס מען טאָר ניט נעמען אים שבת (און זיי ליגן אויפן אייזל) זאָל ער אויפבינדן די שטריק (מיט וועלכן זיי זענען צוגעבינדן צום אייזל) און די זעק (אין וועלכע די זאכן ליגן) פאלן אראָפּ פון זיך אליין. **דער דאָזיקער דין איז ניט וועגן איינעם וואָס האָט ארויפגעלייגט זיין געלט־בייטל אויפ׳ן אייזל (פון דעם פריעריקן דין אין דער משנה) נאָר סתם ווען איינער איז אין וועג מיט זיין אייזל און עס פאלט צו שבת און ער קומט אָן מיט׳ן אייזל אין שטאָט אים שבת. דארף ער, ווי נור קומט צו צום ערשטן הויף פון דער שטאָט, וואו די זאכן קאָנען בלייבן געהיט, טאָן ווי די משנה לערנט דאָ.**

ב. מתירין, מען מעג (אים שבת) אויפבינדן בינטלעך שטרוי פאר א בהמה (צום עסן). **ווייל איידער די בינטלעך זענען אויפגעבינדן וויל זיי די בהמה ניט עסן, דערי־**

**לא את הזירין. אין מרסקין לא את השחת ולא את החרובין לפני בהמה, בין דקה בין גסה; ר׳ יהודה מתיר בחרובין לדקה:**

**ג. אין אובסין את הגמל, ולא דורסין, אבל מלעיטין. ואין ממרים את העגלים, אבל מלעיטין. ומהלקטין לתרנגולין. ונותנין מים למורסן, אבל לא גובלים. ואין נותנין מים לפני דבורים, ולפני יונים שבשובך; אבל נותנין לפני אווזים ותרנגולים, ולפני יוני הרדיסיות:**

---

בער מעג מען זיי אויפבינדן אים שבת. וועגן „עמיר״ (שטרוי) זע פריער פרק ז׳ משנה ד׳. ומפספסין, און מען מעג (אים שבת) פונאנדערשפרייטן (פאר א בהמה צו עסן) גרינע צעדער־צווייגלעך (כיפים) אָבער מען טאָר ניט (פונאנדערשפרייטן) די דריי־פאַך־געבונדענע בינטלעך שטרוי. „פספס״ איז דער טייטש פונאנדערוואַרפן, און דאָס וואָרט געפינט זיך אויך אין נזיר פרק ו׳ משנה ג׳ „נזיר חופף ומפספס״, פונאנדערוואַרפן די האָר. „כיפין״ מיינט מען צווייגן און אין חומש (ויקרא כ״ג) „כפות תמרים״, און איין טייטש אין דער גמרא איז „צווייגלעך פון אַ צעדערבוים״ (דארזא). „זירין״, זאָגט די גמרא, אז עס איז דאָס זעלבע וואָס „פקיעין״ בינטלעך, נאָר „פקיעין״ זענען געבינדן מיט צוויי באנדן, אין ביידע עקן פון בינטל, און זירין זענען געבינדן מיט דריי באנדן, אויך מיט א באנד אין דערמיט. די משנה זאָגט, אז די „זירין״ מעג מען אויפבינדן, און ווייל די בהמה עסט זיי שוין אויפגעבינדערהייט טאָר מען זיי ניט מער פונאנדערוואַרפן. אין מרסקין, מען טאָר (אים שבת) ניט צע־שניידן תבואה־פאַשע (שחת, אָפגעשניטענע תבואה, ווען זי איז נאָך גרין), און אויך ניט באָקסערס (צו עסן) פאר א בהמה, סיי ניט פאר גרויס־פי (רינדער) און סיי ניט פאר קליין־פי (שעפסן, ציגן). מחמת די בהמות עסן די תבואה־פאַשע און די באָק־סערס אויך ווען זיי זענען ניט צעשניטן. בהמה גסה, גרויס־פי, מיינט אָקסן, קו, און בהמה דקה, קליין־פי, מיינט שעפסן, ציגן. ר׳ יהודה איז מתיר (צו צעשניידן) באָק־סערס ביי קליין־פי. ווייל די שעפסן און ציגן האָבן דינע ציין און עס איז זיי שווער צו צעקייען די ניט־צעשניטענע באָקסערס.

ג. אין אובסין, מען טאָר ניט (אים שבת) שטאָפּן מיט עסן א קעמל. „אובסין״ איז פון וואָרט „אבוס״, א קאָריטע, און דער טייטש איז, אז מען טאָר ניט אריינ־שטיפּן פאַשע א קעמעל אין האלדז אריין. ולא דורסין, און מען טאָר אויך ניט (דעם קעמל) אריינצווינגען פאַשע. „דורסין״ איז דאָסזעלביקע וואָס „אובסין״, אריינשטיפּן עסן אין האלדז, מיט דעם אונטערשיד וואָס „דורסין״ מיינט ווינציקער פאַשע און „אובסין״ מיינט מער פאַשע. אבל מלעיטין, אָבער מען מעג אריינשטעקן (דעם קעמל אין מויל אריין פאַשע). „מלעיטין״ איז פון „הלעיטני״ אין חומש בראשית כ״ה, און דער טייטש איז, ניט אריינשטעקן אין האלדז נאָר אריינלייגן אין מויל, אין אַן אָרט, פון וואנען מען קאָן צוריקנעמען. ואין, און מען טאָרניט ,אים שבת) שטאָפּן (מיט פאַשע) קעלבער, אָבער מען מעג זיי שטעקן די פאַשע אין מויל אריין. „ממרים״ ביי קעלבער איז דאָס זעלבע וואָס „אובסין״ ביי קעמלען, אריינשטאָפּן דאָס עסן אין האלדז אריין („מריא״, פעט, ווי „וחלב מריאים״ ישעיה א׳). ומהלקטין, און מען מעג שטאָפּן אין מויל אריין פאַשע צו הינער. „מהלקטין״ ביי הינער איז דאָסזעלבע וואָס „מלעי־טין״ ביי קעמלען און קעלבער, דערלאַנגען אין מויל אריין. ונותנין, און מען מעג ארויפ־גיסן וואסער אויף קלייען, אָבער מען טאָר ניט קנעטן (דעם קלייען מיט וואסער). אריינגיסן אים שבת וואסער אין מעל־קלייען, כדי די בהמות זאָלן עסן מעג מען, אָבער קנעטן עס טאָר מען ניט. ואין נותנין, און מען טאָרניט געבן וואסער פאר בינען אָדער פאר טויבן אין טויבנשלאַג. מחמת בינען און טויבן פון טויבנשלאַג פליען ארום און זיי שאַפן זיך אליין זייער שפייז און זייער וואסער און עס איז ניט קיין מוז פאר דעם מענטש זיי צו באַזאָרגן דערמיט, און דעריבער טאָר מען עס ניט טאָן אים שבת, ווייל עס איז אַן איבעריקע טירחא. אבל נותנין, אָבער מ׳מעג געבן (וואסער)

**ד. מחתכין את הדילועין לפני הבהמה, ואת הנבלה לפני הכלבים: ר' יהודה אומר, אם לא היתה נבלה מערב שבת אסורה, לפי שאינה מן המוכן:**

**ה. מפירין נדרים בשבת, ונשאלין לדברים שהן לצורך השבת. פוקקין את המאור ומודדין את המטלית ואת המקוה. ומעשה בימי אביו**

---

פאר געגנדז און הינער, און אויך פאר הרדסיות־טויבן (הויז־טויבן). ווייל זיי זענען שטוב־עופות און דער מענטש דארף זיי באזארגן מיט עסן און וואסער. די גמרא חולין קלח זאָגט, אז „הרדסיות" מיינט הויז־טויבן אויפן נאָמען פון הורדוס המלך (געלעבט לערך 80 יאָר פאַרן חורבן פון 2טן בית המקדש), ווייל ער פלעגט האָדעווען טויבן.

ד. מחתכין, מ'ען מעג (אים שבת) צעשניידן (אָפּגעריסענע) קירביסן (אזא פלאנץ) פאר א בהמה (צום עסן) און א נבלה (דעם געפּגרטן קערפּער פון א בהמה, מעג מען צעשניידן אים שבת) פאר די הינט (צום עסן). „דלועין" זענען „קירביסן", דיניעס, וואָס געוויינטליך ווערן זיי געגעסן דורך מענטשן, פונדעסטוועגן מעג מען זיי צעשניידן אים שבת און געבן צו עסן צו בהמות. נבלה מיינט מען דאָ אפילו אַ בהמה וואָס איז געפּגרט אים שבת, און כאָטש פרייטאָג בין השמשות האָט זי דאָך געלעבט, און מען האָט דעמאָלס ניט געטראַכט, אז מען זאָל איר פלייש געבן צו עסן צו א בהמה, מחמת זי איז דאָס נאָך גוט געווען פאר מענטשן (צו שעכטן אפילו אים שבת פאר א חולה מסוכן), פינדעסטוועגן מעג מען איר צעשניידן אים שבת פאר הינט.
ר' יהודה זאָגט, אז אויב זי איז ניט געווען א נבלה פון פאר שבת, טאָר מען ניט (צעשניידן איר פאר הינט אים שבת) ווייל זי איז ניט געווען אָנגעגרייט. דאָס הייסט ווייל פרייטאָג בין השמשות איז זי דאָך נאָך גוט געווען פאר מענטשן, און מען האָט איר דעמאָלס ניט געהאט „אָנגעגרייט" צום עסן פאר בהמות, איז דעריבער דאָס פלייש מוקצה.

ה. מפירין, מען מעג אים שבת צו צעשטערן די נדרים (א מאן די נדרים פון זיין ווייב און א פאָטער די נדרים פון זיין יונגער טאָכטער), און מען מעג (אים שבת) זיך לאָזן מתיר־נדר־זיין נדרים, וואָס מען דארף האָבן אים שבת. ווען מען טוט א נדר, למשל, ניט צו עסן א געוויסן מאכל, טאָר דער מענטש די זאך ניט עסן. אָבער אויב א מיידל (א נערה, יונגער פון 12 יאָר מיט א טאָג) טוט א נדר קאָן איר פאָטער אין טאָג ווען ער ווערט געוואָר וועגן נדר, צעשטערן דעם נדר, דערקלערן אים פאר ניט־מער גילטיג, און דעמאָלס מעג זי עסן דעם מאכל. דאָס זעלבע קאָן א מאן אין טאָג ווען ער ווערט געוואָר, צעשטערן די נדרים פון זיין פרוי. דאָס הייסט „מפיר", צעשטערן דעם נדר. עס איז פאראן נאָך אן אופן צו מאכן א נדר ניט־גילטיק, און דאָס איז גיין צו א חכם, אָדער צו דריי איינפאכע מענטשן, און לאָזן זיך מתיר־נדר־זיין אויפן יסוד, וואָס דער מענטש וועלכער האָט געמאכט דעם נדר האָט חרטה צו־ליב געוויסע סיבות; דאָס הייסט „נשאלין". זאָגט די משנה, אז א פאָטער און א מאן מעגן צעשטערן אים שבת די נדרים פון זייער טאָכטער און פרוי אפילו ווען די זאך, וואָס די נדר האָט געאסר'ט, איז ניט נויטיק אים שבת. דער טעם איז, ווייל זיי מעגן דאָך צעשטערן דעם נדר נאָר אין זעלבן טאָג און זיי קאָנען דעריבער ניט וואַרטן ביז נאָך שבת מיטן צעשטערן דעם נדר. אָבער זיך לאָזן מתיר נדר זיין ביי א חכם אים שבת מעג מען נור ווען דאָס איז נויטיג צוליב דעם שבת, למשל, ווען דער נדר איז געווען ניט צו עסן אים שבת. אָבער אויב עס איז ניט נויטיג צוליב שבת, טאָר מען אים שבת ניט מתיר נדר זיין. וועגן „נדרים" זע אין דער הקדמה צו מסכתא נדרים.פוקקין, מען מעג (אים שבת) פארשטאָפּן דאָס פענסטער. די הלכה האָבן מיר שוין געהאט פריער פרק י"ז משנה ז'. די אמאָליקע פענסטערס האָבן ניט געהאט קיין שויבן נאָר זיי זענען געווען סתם לעכער, און ווען מען האָט זיי געוואָלט פארמאכן האָט מען זיי פארשטאָפּט מיט עפּיס. דאָס הייסט דאָס פענסטער „מאור",

**של ר׳ צדוק ובימי אבא שאול בן בטנית, שפקקו את המאור בטפיח וקשרו את המקידה בגמי, לידע אם יש בגיגית פותח טפח, אם לאו.**

---

ווייל דורך דער פענסטער גייט אריין די ליכט אין שטוב („אור", ליכט). ומודדין, און מען מעג מעסטן (אים שבת) דאָס שטיקל קלייד און די מקוה. דער דין איז, אז א שטיקל קלייד־שטאָף קאָן ווערן טמא אויב עס רירט אָן א טמא־זאך (א טויטן שרץ), נאָר ווען דאָס שטיקל קלייד־שטאָף איז גרויס ווינציקסטנס דריי פינגער אויף דריי פינגער. זאָגט די משנה, אז אויב אַ שטיקל קלייד־שטאָף האָט אים שבת אָנגערירט א טמא־זאך, און דערנאָך האָט דאָס שטיקל־קלייד־שטאָף אָנגערירט עסנווארג, מעג מען עס מעסטן כדי צו זען, צי עס האַלט דריי פינגער אויף דריי פינגער און צו די עסנווארג זענען טהור. דאָס זעלביקע איז דער דין אז א כשרע מקוה, אין וועלכער מען קאָן א טמא מענטש אָדער טמא כלים טובל זיין אז זיי זאָלן ווערן טהור, מוז האַלטן 40 סאה וואסער, דאָס איז אן אייל די לענג, און אייל די ברייט און דריי איילן די הויך (דריי קוביק־איילן). זאָגט די משנה, אז מען מעג מעסטן א מקוה אים שבת. דער טעם איז וואָס די מעסטונגען פון דעם שטיקל קלייד־שטאָף און דער מקוה איז א מצוה, צו וויסן דעם דין, און דעריבער מעג מען. ומעשה, און עס איז געווען א מעשה אין דער צייט פון דעם פאָטער פון ר׳ צדוק און דער צייט פון אבא שאול בן בטנית, אז מען האָט (אים שבת) פארשטאָפּט א פענסטער מיט א ערדענער וואסער־קרוגל (טפיח, וואסער קרוגל), און מען האָט צוגעבינדן א גראָז־צווייגל (גמי) צו א ערדענער כלי (מקידה) כדי דערמיט (ארויפצושטעקן און צו מעסטן דעם שפאַלט אין א) בעקן (גיגית) כדי צו וויסן צי עס איז (אין שפאַלט) פאראן די ברייט פון א טפח, צי ניט. אויף דער משנה זענען פאראן עטליכע פירושים. דער רמבם טייטשט, אז דאָס זענען צוויי באזונדערע מעשיות, איינער איז, אז מען האָט אים שבת פארשטאָפּט א פענסטער מיט א וואסער־קרוגל. און די צווייטע מעשה איז, אז עס איז געווען א וואנט צווישן צוויי שטיבן און דער וואנט איז געווען אין דער הויך א פענסטער, און אין איין שטוב איז געלעגן א מת. איז דער דין, אז אויב עס איז אָפן א לאָך די ברייט פון א טפח צווישן איין שטוב און דער אנדערער, ווערן טמא ניט נאָר די זאכן, וואָס געפינען זיך אין דער שטוב פון מת צוליב אוהל, (זע אין דער הקדמה צו מסכתא אהלות), נאָר אויך די זאכן אין דער אנדערער שטוב. אָבער ווייל דאָס פענסטער צווישן די צוויי שטובן איז געווען פארמאכט מיט א גיגית, א בעקן, אזא שויב (ווי אונזערע פענסטער־שויבן), און אין דער שויב איז געווען א לאָך, האָט מען צו א ערדענער כלי (מקידה), וועלכע איז געווען ברייט א טפח, צוגעבינדן א צווייגל כדי צו דערלאנגן צו דעם לאָך און צו מעסטן, צי עס איז פאראן אין דעם גיגת־לאָך די ברייט פון א טפח. אזוי טייטשט איין דער רמבם די גמרא׳ס פירוש אויף דער משנה (ווי דער תוספות יום טוב דערקלערט עס). אָבער רשי און דער ברטנורא טייטשן, אז עס איז איין מעשה, און אז דאָס זענען געווען צוויי הייזער, און אין יעדן פון זיי א פענסטער, און צווישן זיי איז געווען א שמאָל געסל, און איבער דעם געסל אין דער הויך, אויף די ביידע הייזער, איז געלעגן א בעקן. אין איינעם פון די הייזער איז געווען א מת, און דער דין איז (ווי מיר האָבן פריער געלערנט), אז די טומאה גייט ארויס דורך דעם פענסטער און ווייל דער בעקן וואָס ליגט אין דער הויך פאראייניקט ביידע הייזער גייט די טומאה דורך דעם געסל און דורך דעם צווייטן פענסטער אריין אין אנדערן הויז, און איז מטמא דאָרט די זאכן. וואָס האָט מען געטאָן? האָט מען אים שבת פארשטאָפּט דאָס ערשטע פענסטער מיט א ערדענעם וואסער־קרוגל מיט דעם רוקן אין דרויסן ארויס) און דאָס האָט פארשטעלט, אז די טומאה זאָל ניט ארויסגיין. אָבער מען האָט געדאַרפט אוועקנעמען פון דאָרט דאָס קרוגל; האָט מען באמערקט, אז דער בעקן האָט א לאָך, און דער דין איז, אז אויב דער לאָך איז ברייט א טפח פאראייניקט עס מער ניט די צוויי הייזער און די טומאה קאָן דורך דעם געסל ניט אדורכגיין. דעריבער האָט מען צוגעבינדן צו א ער־

## ומדבריהם למדנו, שפוקקין ומודדין וקושרין בשבת:
## סליק מסכת שבת

דענער כלי (מקידה), וואָס האָט די גרויס פון א טפח, א צווייג און ארויפדערלאנגט צו דעם דאך און געמאָסטן צי עס האָט א טפח. — „טפיח" איז דער טייטש א וואסער־קרוגל (זע פריער שבת פרק י"ז משנה ו'). „מקידה" הייסט א ערדענע שיסל (סוטה ט', „מקידה של חרש"). „גמי" הייסט א גראָז־צווייגל (בכורים פרק ג' משנה א' „קושרו בגמי"). „גיגית", אין שומרוניש־סיריש הייסט „גיגתא" א קעסל, א בעקן, א גאָר גרויסע שיסל, א פאס. און אין דער גמרא סוכה מ"ה געפינען מיר „מניחין אותה בגיגית של זהב". צי דאָס איז אויך דער טייטש אין דער גמרא שבת פ"ח „כפה עליהם הר כגיגית" און סנהדרין ע"ז „כפה עליו גיגית" איז ניט זיכער. — ומדבריהם, און פון זייערע רייד (פון דעם ר' צדוק'ס פאָטער און פון אבא שאול בן בטנית, וועל־כע האָבן מתיר געמאַכט דאָס צוטאָן), לערנען מיר אָפּ, אז מען מעג פארשטאָפּן און מעסטן און צובינדן (א ניט דויערענדן קניפּ) אים שבת. צובינדן מעג מען נאָר א קניפּ וואָס מען וועט אים צוריק אויפבינדן (דאָס צווייגל צו דער ערדענער כלי; זע פריער ט"ו משנה א'). מעסטן מעג מען נור פאר א מצוה־זאך אָדער כדי צו דערגיין א דין. דער פאָטער פון ר' צדוק און אבא שאול בן בטנית זענען געוועזן תנאים און האָבן געלעבט א קורצע צייט פארן חורבן פון צווייטן בית המקדש. — אויף דער משנה זענען פאראן נאָך אנדערע פירושים.

סליק מסכת שבת — געענדיקט די מסכתא שבת.

# מסכתא עירובין
## הקדמה

די מסכתא עירובין לערנט וועגן די דינים פון פארשידענע סאָרטן „עירובין״. דאָס וואָרט „עירוב״ איז דער טייטש „אויסמישן״, פארבינדן, פאראייניקן, מאכן איינס. דורך מאכן א עירוב ווערן עטליכע זאכן אויסגעמישט, איינס, די ערובין זענען:

א. „עירוב פון א מבוי״. מיר האָבן געלערנט אין דער הקדמה צו מסכתא שבת, אז אין א רשות הרבים, א גאס, טאָר מען אים שבת ניט טראָגן. א שמאָל געסל וואָס איז פארמאכט פון דריי זייטן, און עס איז אָפן נור פון דער פערטער זייט, הייסט ניט א גאס, ניט קיין „רשות הרבים״, נאָר עס הייסט „מבוי״, א געסל. לויט דעם דין פון דער תורה, „מדאורייתא״, מעג מען אין אזא געסל טראָגן אים שבת, אָבער די רבנן האָבן געאסרט אויך אין א מבוי צו טראָגן אים שבת, און כדי מען זאָל יאָ מעגן דאָרט טראָגן, דארף מען ארויפלייגן א „קורה״, א באלקן אויף דער אָפענער זייט פון געסל, אָדער אוועקשטעלן ביי דער אָפענער זייט א „לחי״, א ברעטל דאָס הייסט געמאכט א „עירוב פון דער מבוי״. דאָס וואָרט „מבוי״ איז פון „מבוא״, ארייננאנג. אין דער משנה ווערט ניט באנוצט דאָס וואָרט „עירוב פון א מבוי״, נאָר „הכשרי מבוי״, דאָס מאכט דעם מבוי כשר צום טראָגן.

ב. „שתופי מבוי״. דער דין איז אַז אַפילו מען האָט שוין געמאַכט דעם „עירוב פון דער מבוי״ טאָר מען ניט ארויסטראָגן אין געסל אריין פון די הויפן, פון די חצרות, אין דעם געסל. כדי מען זאָל מעגן טראָגן, דארפן אלע איינוואוינער פון די הויפן זיך צונויפלייגן עסנווארג אָדער געטראנק, און לאָזן דאָס ליגן, און עס הייסט ווי זיי האָבן זיך פאראייניקט, געוואָרן שותפים צו דעם שפייז, און ממילא הייסן זיי ווי איין הויף און מען מעג שוין ארויסטראָגן פון הויפן אין געסל אריין.

ג. „עירוב חצרות״. אין יעדן הויף גייען ארויס טירן פון עטליכע הייזער, און יעדעס הויז געהערט צו א באזונדערן מענטשן. דער דין איז, אז מען טאָר אים שבת ניט ארויסטראָגן פון די הייזער אין הויף אריין, סיידן מען מאכט א „עירוב חצרות״; אויך דאָ לייגט מען אוועק ברויט פאר אלע איינוואוינער, און עס הייסט ווי זיי זענען געוואָרן פון אלע געמאכט איינס, און זיי מעגן ארויסטראָגן פון די הייזער אין הויף.

ד. „ערוב תחומין״. דער דין איז, אז שבת און יום טוב מעג מען גיין ארויס פון דער שטאָט נאָר 2000 איילן, דאָס הייסט, אז אין יעדער זייט פון דער שטאָט מעג מען גיין 2000 איילן און ניט ווייטער. דאָס הייסט א תחום שבת. אויב אָבער מען דארף גיין אין איין זייט ווייטער פון די 2000, לייגט מען אוועק פרייטאָג פארנאכט ביים סוף פון די 2000 איילן עסנווארג, און עס הייסט ווי דער מענטש וואוינט (האָט קונה שביתה געוועזן) ניט אין דער שטאָט, נאָר דאָרט, אין יענעם פונקט, און ממילא מעג ער פון יענעם פונקט אָן גיין ווייטער נאָך 2000 איילן. קומט אויס אז ער מעג גיין פון דער שטאָט אין דער דאָזיקער זייט 4000 איילן. אָבער דערפאר טאָר ער אין די אנדערע זייטן פון דער שטאָט גאָרניט גיין. דאָס אוועקלייגן די שפייז הייסט מאכן א „עירוב תחומין״.

ה. „עירוב תבשילין״ (דער עירוב פון קאָכן מאכלים) דער דין איז, אז אויב יום טוב פאלט אויס אין פרייטאָג, טאָר מען אים יום טוב (פרייטאָג) ניט קאָכן אויף שבת, סיידן מען לייגט אוועק ערב יום טוב, דאָנערשטאָג, שפייז, און עס הייסט, אז מען האָט ערב יוב טוב אָנגעהויבן קאָכן אויף שבת, און דעמאָלס מעג מען שוין אים יום טוב אויך קאָכן אויף שבת, ווייל עס ווערט פאררעכנט ווי מען וואָלט ניט אים יום טוב אָנגעהויבן דאָס קאָכן, נאָר מען פארענדיקט דאָס קאָכן פון ערב שבת, און דאָס מעג מען. דאָס הייסט „ערוב תבשילין״. די דינים פון עירוב תבשילין ווערן געלערנט ניט אין דער מסכתא עירובין נאָר אין דער מסכתא ביצה.

די דינים פון די אלע פריער־דערמאָנטע עירובין (א חוץ עירוב תבשילין) ווערן געלערנט אין דער דאָזיקער מסכתא עירובין.

# מסכתא עירובין

## פרק א.

**א. מבוי שהוא גבוה למעלה מעשרים אמה, ימעט. ר׳ יהודה אומר, אינו צריך. והרחב מעשר אמות ימעט. ואם יש לו צורת הפתח, אף על פי שהוא רחב מעשר אמות, אין צריך למעט.**

**ב. הכשר מבוי, בית שמאי אומרים לחי וקורה, ובית הלל אומרים לחי או קורה. ר׳ אליעזר אומר, לחיין. משום ר׳ ישמעאל אמר תלמיד**

---

## פרק א.

א. מבוי, א מבוי (געסל) וואָס איז העכער פון צוואנציק איילן, זאָל מען פאַרקלענערן. **די משנה מיינט ניט דאָ, אז מען זאָל דאָס געסל פאַרקלענערן, נאָר מען מיינט דעם „עירוב״ פון דעם געסל, דעם באַלקן, די „קורה״, וואָס מען לייגט ארויף אויף דער אָפענער זייט פון געסל, כדי מען זאָל אין געסל מעגן טראָגן אים שבת (זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין). זאָגט די משנה, אז אויב דער באַלקן ליגט העכער פון 20 איילן, זאָל מען אים אוועקלייגן נידריקער, ניט העכער פון 20 איילן. די גמרא זאָגט דעם טעם, ווייל דאָס אוועקלייגן דעם באַלקן, די קורה, איז כדי צו מאַכן א היכר, א דערקענונג, מענטשן זאָלן זען, אז מען האָט געמאַכט א עירוב, און אויב דער באַלקן ליגט העכער פון 20 איילן זעט מען אים ניט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען דאַרף ניט. **ר׳ יהודה האַלט, אַז דער באַלקן, די קורה, איז ניט צו מאַכן אַ היכר, נאָר עס ווערט פאַררעכנט ווי א מחיצה, ווי א פערטע וואַנט, ווייל מען באַטראַכט, ווי דער באַלקן ציט זיך אראָפּ איבער דער גאַנצער אָפענער זייט און פאַרשטעלט איר („פי תקרה יורד וסותם״, דער קאַנט פון באַלקן גייט אראָפּ און פאַרמאַכט״ די אָפענע זייט), און עס איז דעריבער ניט קיין אונטערשיד צי ער ליגט העכער פון 20 איילן צי נידריקער.** והרחב, און אויב דאָס געסל (די אָפענע זייט) איז ברייטער פון צען איילן **זאָל מען עס פאַרקלענערן (מאַכן שמעלער). ווייל אויב עס איז ברייטער פון צען איילן הייסט עס ניט אַן אריינגאַנג (א פתח), נאָר א פירצה״, א דורכברוך, און מען קאָן עס ניט מתיר מאַכן מיט א עירוב. דעריבער זאָל מען פאַרשטעלן די אָפענע זייט אזוי ווייט אז עס זאָל נור בלייבן אָפּן 10 איילן.** ואם, און אויב עס (די אָפענע זייט) האָט די צורה (די פאָרם) פון אן אריינגאַנג (צורת הפתח), כאָטש עס איז ברייטער פון צען איילן, דאַרף מען ניט פאַרקלענערן. „פתח״ הייסט ניט די „פאַרמאַכטע טיר״, **נאָר דער אָפענער אריינגאַנג, פון וואָרט „פתח״, עפענען. די „טיר״ מיט וועלכער מען פאַרמאַכט דעם אריינגאַנג, דעם פתח, הייסט „דלת״. מיר געבן דאָ די באַמערקונג, ווייל אין דער מסכתא עירובין איז עס זייער וויכטיק. די משנה זאָגט דאָ, אז אויב די אָפענע זייט פון געסל האָט די פאָרם, די צורה, פון א פתח, פון אַן אריינגאַנג, איז אפילו זי איז ברייטער פון 10 איילן איז אויך כשר. א „צורת הפתח״, די פאָרם פון ; אריינגאַנג, הייסט ווען אין ביידע זייטן זענען פאַראַן שטאַנגן (אפילו שטעקעלעך) און איבער זיי ליגט דער באַלקן, אפילו דער באַלקן ליגט ניט אויף זיי, רירט זיי ניט אָן, ער ליגט אין דער הויך איבער זיי.**

ב. הכשר, דער עירוב (הכשר) פון א מבוי, זאָגן די בית שמאי, אז ער (דאַרף זיין א באַלקן (קורה) און א ברעטל. **כדי מען זאָל מעגן טראָגן אין געסל אים שבת דאַרף מען ארויפלייגן א באַלקן איבער דער אָפענער זייט פון געסל און מען דאַרף אוועקשטעלן א ברעטל (א לחי) ביי איינעם פון די זייטן פון דער אפענער זייט פון געסל.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז (עס איז גענוג) א ברעטל (אין דער זייט) אָדער א באַלקן. **איינס פון די ביידע איז גענוג מתיר צו מאַכן דאָס געסל אז מען זאָל מעגן טראָגן.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז צוויי ברעטלעך. **איין ברעטל (לחי) ביי איין זייט און איין ברעטל ביי דער צווייטער זייט פון דער אָפענער זייט פון געסל. דער ברטנורא זאָגט, אז ר׳ אליעזר האַלט ווי די בית שמאי און ער זאָגט אז מען דאַרף האָבן צוויי**

**אחד לפני ר׳ עקיבא, לא נחלקו בית שמאי ובית הלל על מבוי שהוא פחות מארבע אמות שהוא (ניתר) או בלחי או בקורה; על מה נחלקו? על רחב מארבע אמות ועד עשר, שבית שמאי אומרים, לחי וקורה, ובית הלל אומרים, או לחי או קורה. אמר ר׳ עקיבא על זה ועל זה נחלקו:**

**ג. הקורה שאמרו, רחבה כדי לקבל אריח. ואריח, חצי לבנה של שלשה טפחים. דיה לקורה שתהא רחבה טפח כדי לקבל אריח לארכו:**

**ד. רחבה כדי לקבל אריח ובריאה כדי לקבל אריח. ר׳ יהודה אומר רחבה אף על פי שאינה בריאה:**

---

**ברעטלעך. אין דער גמרא איז די שאלה, צי ר׳ אליעזר האלט ווי די בית שמאי, ניט געווארן אנטשידן.** משום, אין נאמען פון ר׳ ישמעאל האט איין תלמיד געזאגט פאר ר׳ עקיבא, אז די בית שמאי און די בית הלל זענען ניט מחולק וועגן א געסל, וואס (די אפענע זייט) איז שמעלער פון פיר איילן (און דערביי זענען זיי ביידע מודה) אז עס איז גענוג אדער א ברעטל אדער א באלקן; וועגן וואס זענען זיי יא מחולק? וועגן (א געסל, וואס איז) ברייט פון פיר איילן ביז צען (איילן), און די בית שמאי זאגן, אז א ברעטל און א באלקן, און די בית הלל זאגן, אז אדער א ברעטל אדער א באלקן, האט ר׳ עקיבא געזאגט, אז סיי וועגן דעם (געסל) און סיי וועגן דעם אנדערן (געסל) זענען זיי (די בית שמאי און די בית הלל) מחולק. **די גמרא זאגט, אז דער אונטערשיד צווישן ר׳ עקיבא און דער סתם משנה פריער איז וועגן א געסל וואס איז שמעלער פון 4 טפחים, און לויט איינעם פון זיי (אדער ר׳ עקיבא אדער די סתם משנה) דארף אזא געסל ניט האבן ניט קיין באלקן און ניט קיין ברעטל. די גמרא זאגט, אז דער תלמיד איז געווען ר׳ מאיר.**

ג. הקורה, דער באלקן וועגן וועלכן די חכמים האבן געזאגט (אז ער איז מתיר דאס געסל צום טראגן אים שבת) דארף זיין ברייט גענוג, אז ער זאל קאנען ארויפ־נעמען (אויף זיך) אן „אריח" (א בוי־שטיין). **עס איז ניט גענוג סתם א באלקן אפילו דער שמעלסטער, נאר ער מוז זיין גענוג ברייט, כדי מען זאל קאנען אויף אים ארויפ־לייגן אן אריח; און די משנה זאגט באלד וואס איז אן אריח.** ואריח, און דער אריח איז א האלבער ציגל וועלכער (דער ציגל) האלט דריי טפחים. **קומט אויס אז אן אריח האלט אנדערהאלבן טפחים. א טפח איז א 6טל פון אן אייל.** דיה, עס איז גענוג פאר דעם באלקן, אויב ער האלט א טפח די ברייט, כדי ער זאל קאנען נעמען אויף זיך אן אריח אין זיין (דעם אריח׳ס) לענג. **די קשיא איז, סטייטש דער אריח האט דאך אנ־דערהאלבן טפחים, און אז מען וועט אים ארויפלייגן אויף א באלקן וואס איז ברייט א טפח, בלייבט דאך איבער דער האלבער טפח, און עס שטעקט ארויס א פערטל טפח פון איין זייט און פערטל טפח (א טפח איז די ברייט פון 4 גראבע פינגער, און א פערטל טפח איז איין פינגער) און דער צווייטער זייט? זאגט די גמרא אז אזעלכע קליינע שטיקלעך קאן מען אונטערשמירן דעם באלקן מיט ליים, אזוי אז ער זאל האלטן אין דער ברייט די אנדערהאלבן טפחים. אין טייל משניות איז פאראן די גירסא ניט „לארכו" (אין זיין, דעם אריח׳ס, לענג) נאר „לרחבו", אין זיין ברייט, און איז דער מסכתא בבא בתרא פרק א׳ וועלן מיר מסביר זיין דעם גאנצן ענין פון אריח און זיין גרויס.**

ד. רחבה, ער (דער באלקן) דארף זיין ברייט (גענוג), אז ער זאל קאנען נעמען אויף זיך אן אריח, און שטארק (בריאה, געזונט, שטארק) גענוג, אז ער זאל קאנען נעמען אויף זיך אן אריח. **דאס וואסט די משנה האט פריער געלערנט, אז דער באלקן, די קורה, דארף קאנען נעמען אויף זיך אן אריח (א האלבן ציגל), האט זי געמיינט, אז ער דארף זיין ברייט גענוג און אויך שטארק גענוג צו קאנען נעמען אויף זיך דעם הילבן ציגל. אויב למשל ער איז גענוג ברייט, ער האט א טפח די ברייט, אבער ער איז שוואך און ווען מען וועט אויף אים ארויפלייגן א האלבן ציגל וועט ער זיך**

**ה. היתה של קש ושל קנים, רואין אותה כאלו היא של מתכת; עקומה רואין אותה כאלו היא פשוטה; עגולה רואין אותה כאלו היא מרובעת. כל שיש בהקיפו שלשה טפחים, יש בו רוחב טפח:**
**ו. לחיין שאמרו, גובהן עשרה טפחים ורחבן ועוביין כל שהוא; ר׳ יוסי אומר, רחבן ג׳ טפחים:**
**ז. בכל עושין לחיין, אפילו בדבר שיש בו רוח חיים; ור׳ יוסי אוסר.**

**איינברעכן טויג ניט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (עס איז גענוג) ווען ער איז ברייט, כאָטש ער איז ניט שטארק. **און באלד וועט די משנה מסביר זיין די ווערטער פון ר׳ יהודה:**

ה. היתה, אויב ער (דער באלקן) איז געווען פון שטרוי אָדער פון שטעקעלעך באטראכט מען אים ווי ער וואָלט געווען פון מעטאל. **און כאָטש ווען מען לייגט ארויף דעם האָלבן ציגל אויף דעם באַלקן פון שטרוי צי פון שטעקעלעך וואָלט ער זיך איינגעבראָכן, איז עס אויך א גוטער באַלקן, ווייל מען נעמט אָן ווי ער וואָלט געווען פון מעטאל, פון אייזן, ער דארף נור ברייט זיין א טפח.** עקומה, אויב (דער באלקן איז) קרום, באטראכט מען אים ווי ער וואָלט געווען גלייך. **כאָטש אויף דעם קרומען באלקן קאָן קיין אריח ניט ליגן, איז אויך גוט.** עגולה, אויב (דער באלקן איז) קיילעכיק באַטראכט מען אים ווי ער וואָלט געווען פירקאנטיק; יעדע (קיילעכיקע זאך) וואָס האלט אין ארומנעם (היקף) דריי טפחים האָלט אין דער ברייט (אין דורכשניט) א טפח. **די משנה לערנט, אז אויב דער באלקן איז קיילעכיק און האלט אין דעם ארומנעם (אויב מען זאָל מיט א שניר ארומוויקלען דעם ראָד ארום) דריי טפחים, האָלט ער אין דורכשניט א טפח, און ממילא הייסט ער א גוטער טפח־ברייטער־ באלקן, אז מען זאָל מעגן אין געסל טראָגן. תוספות זאָגט, אז דער חשבון איז ניט פינקטליך. דער רמבם זאָגט, אָז די חכמי המדות, די געלערנטע פון רעכנען, פון מאָטעמאַטיק, האָבן נאָכגעוויזן, אז מען קאָן ניט זאָגן גענוי, מיט אונזערע ציפערן, וויפיל עס האלט דער ארומנעם, דער היקף, פון א קיילעכיקע זאך, אויב מען ווייס וויפיל עס האלט די ברייט, דער דורכשניט. למשל, ווען ער האלט א טפח, זאָגט דער רמבם, אז דער היקף האלט דריי טפחים מיט א זיבעטל טפח (עטוואָס ווינציקער פון דריי מיט א זי־ בעטל). אין דער מאטעמאטיק ווערט די דאָזיקע צאָל אָנרופן מיט דעם גריכישן בוכשטאב „פי״. די חכמים פון דער משנה האָבן גענומען דערצו א גלייכע צאָל „דריי״, און דער תוספות יום טוב זאָגט, אז אפילו מיקל צו זיין, ווייל דער עירוב איז נור מדרבנן.**

ו. לחיין, די ברעטלעך, וועגן וועלכע מען האָט פריער גערעדט (אין משנה ב׳, די חכמים אז עס איז גענוג איין ברעטל, לחי, און ר׳ אליעזר, אז מען דארף האָבן צווייי ברעטלעך, לחיין), דארף זייער הויך זיין (מינדסטנס) צען טפחים, און זייער ברייט און זייער דיק (מעג זיין אפילו) עטוואָס. **הויך מוז א לחי זיין לפחות 10 טפחים, ווייל ס׳ברעטל איז א מחיצה און ס׳מוז זיין 10 טפחים. די ברייט און די דיק האָבן ניט קיין שיעור, און אפילו עטוואָס, א כל שהוא, איז גענוג.** ר׳ יוסי זאָגט, אז זייער ברייט (דארף זיין) דריי טפחים. **ווייל דאָס ברעטל דארף זיין א דבר חשוב, א זאך וואָס האָט א חשיבות, און ווינציקער פון דריי טפחים האָט עס ניט קיין חשיבות.**

ז. בכל, מיט אַלץ קאָן מען מאכן ברעטלעך (לחיין), אפילו מיט א זאך וואָס איז לעבעדיק (וואָס האָט אין זיך א רוח חיים, א לעבעדיקן גייסט). **יעדע זאך קאָן מען אוועקשטעלן אין דער זייט פון געסל און עס זאָל הייסן א „לחי״, א ברעטל, און מען זאָל אויף דעם יסוד מעגן טראָגן אין געסל אים שבת. אפילו א לעבעדיקע זאך, למשל א לעבעדיקע בהמה, קאָן מען אוועקשטעלן און צובינדן זי זאָל הייסן א לחי.** ור׳ יוסי, און ר׳ יוסי אסרט. **ער האלט, אז עס איז מורא צו האָבן, טאָמער וועט די בהמה פגרן און זי וועט ווערן קלענער פון 10 טפחים (און די משנה ו׳ האָט געלערנט, אז א לחי קלענער פון 10 טפחים טויג ניט) און מען וועט ניט באַמערקן און מען וועט טראָגן אים שבת.** ומטמא, און (א לעבעדיקע זאך) איז מטמא צוליב גולל. **אויף „גולל״**

**ומטמא משום גולל; ור׳ מאיר מטהר. וכותבין עליו גיטי נשים; ור׳ יוסי הגלילי פוסל:**

**ח. שיירא שחנתה בבקעה והקיפוה בכלי בהמה, מטלטלין בתוכה, ובלבד שיהא גדר גבוה עשרה טפחים, ולא יהו פירצות יתירות על הבנין. כל פירצה שהיא כעשר אמות מותרת, מפני שהוא כפתח; יותר מכאן אסור:**

**ט. מקיפין שלשה חבלים זה למעלה מזה וזה למעלה מזה, ובלבד**

---

זענען פאראן עטליכע פירושים. איינער פון די טייטשן איז א שטיין וואָס מען לייגט ארויף צוצודעקן דעם קבר פון א מת (אין עזרא ה׳ „אבן גלל״), און דער דין איז, אז ווען מען רירט אָן אָדער מען בייגט זיך אריבער איבער אזא שטיין ווערט מען טמא. אָבער ניט דוקא א שטיין, נאָר יעדער זאך וואָס דעקט צו דעם קבר הייסט „גולל״ און איז מטמא, אפילו די זאך איז א לעבעדיקע בהמה. ור׳ מאיר, און ר׳ מאיר איז מטהר. ער האלט, אז א לעבעדיקע זאך קאָן ניט ווערן קיין גולל און אויך ניט קיין לחי. וכותבין, און מען קאָן שרייבן אויף איר (אויף דער לעבעדיקער זאך) א גט פאר א פרוי. ווען מען גיט דער פרוי די לעבעדיקע בהמה, אויף וועלכער דער גט איז אָנגעשריבן, ווערט זי גע׳גט. ור׳ יוסי, און ר׳ יוסי הגלילי פסלט (דעם גט). ער לערנט עס אראָפּ פון חומש דברים כ״ד „וכתב לה ספר״, „און ער (דער מאן, וואָס וויל גטן זיין פרוי) זאָל איר שרייבן א ספר״, איז פונקט ווי א ספר איז ניט לעבעדיק, אזוי דארף דער גט ניט זיין קיין לעבעדיקע זאך.

ח. שיירא, א קאראוואן (א מחנה מענטשן וועלכע גייען צוזאמען אין וועג) וועלכע ריט (שבת) אין א טאָל און האָט אים, דעם לאגער אָרט) ארומגערינגלט מיט (א צוים פון) זאכן (וואָס מען באנוצט) פאר די בהמות (זאָטלען וכדומה), מעג מען אין אים טראָגן (אים שבת), אָבער דער צוים (פון די זאכן) מוז זיין הויך (מינדעסטנס) צען טפחים, און די לעכער טאָרן ניט זיין מער ווי דער געבויטער (צוים). ווען מען איז געפאָרן אין ווייטע וועגן, מייסטנס דורך מדבריות, זענען געפאָרן א סך מענטשן צוזאמען, א קאראוואן, א שיירא, געריטן אויף קעמלען און אייזלען. ווען מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אן אָפענעם טאָל זיך אפּצורוען, האָט מען דעם לאגער ארומגע־רינגלט מיט די זאכן וואָס מען האָט אראָפּגענומען פון די בהמות. אָבער דער דאָזי־קער צוים, דער גדר, איז ניט געווען א אינגאנצן־פערבויטער, עס זענען געווען אינדערמיט לעכער. זאָגט די משנה, אז אין אזא לאגער מעג מען טראָגן אים שבת, ווייל דער צוים ארום און ארום הייסט א מחיצה און מאכט דעם טאָל פאר א רשות היחיד (ווי א הויף). אָבער דער צוים מוז זיין הויך לפחות 10 טפחים און די לעכער אין דעם צוים טאָרן ניט (אלע צוזאמען) זיין גרעסער פון די אלע פארבויטע (פארמאכטע) ערטער אין דער צוים. כל, יעדער לאָך, וואָס איז גרויס (ניט מער ווי) צען איילן איז מותר, ווייל זי איז ווי א טיר־עפנונג (פתח), און אויב זי איז גרעסער פון דעם (פון צען איילן) איז אסור. אפילו דאָס פארבויטע אין דער צוים איז מער ווי דער לאָך, אָבער ווייל דער לאָך איז גרעסער פון 10 איילן אסר׳ט עס, אז מען זאָל ניט טאָרן טראָגן אין לאגער. וועגן „פתח״ און „צורת הפתח״ האָבן מיר געגעבן פריער אין משנה א׳. דער ברטנורא זאָגט, אז אויב דער לאָך האָט א „צורת הפתח״ איז מותר אפילו ער איז גרעסער פון 10 איילן.

ט. מקיפין, מען קאָן ארומצוימען (דעם לאגער פון קאראוואן מיט) דריי שטריק, דעם (צווייטן שטריק) העכער פון דעם (ערשטן שטריק) און דעם (דריטן שטריק) העכער פון דעם (צווייטן שטריק), אָבער עס טאָר ניט זיין צווישן איין שטריק און דעם אנדערן דריי טפחים. ווייל ווינציקער פון דריי טפחים האָט דעם דין פון „לבוד״. עס ווערט ווי באהאפטן איין שטריק מיטן אנדערן. שיעור, די גרויס פון די שטריק אין זייער דיק (די גרעב פון אלע שטריק צוזאמען) דארף זיין מער פון א טפח, כדי

**שלא יהא בין חבל לחבירו שלשה טפחים. שיעור חבלים ועוביין יתר על טפח, כדי שיהא הכל עשרה טפחים:**

**י. מקיפין בקנים, ובלבד שלא יהא בין קנה לחברו שלשה טפחים. בשיירא דברו, דברי ר׳ יהודה; וחכמים אומרים, לא דברו בשיירא אלא בהווה. כל מחיצה שאינה של שתי ושל ערב אינה מחיצה; דברי ר׳ יוסי בר׳ יהודה; וחכמים אומרים, אחד משני דברים. ארבעה דברים פטרו**

---

אלץ צוזאמען (די גרעב פון די שטריק צוזאמען מיט דעם ליידיקן חלל צווישן די שטריק) זאָלן זיין צען טפחים. אין דער משנה ו׳ און ז׳ האָבן מיר געלערנט אז א מחיצה דארף זיין הויך מינדסטנס 10 טפחים. זאָגט די משנה, אז ווייל צווישן איין שטריק און דעם אנדערן מוז דער ליידיקער חלל זיין ווינציקער פון 3 טפחים, און אזוי ווי עס זענען פאראן 3 שטריק, באטרעפט דער ליידיקער חלל עטוואָס ווינציקער פון 9 טפחים (דריי מאָל צו עטוואָס ווינציקער פון דריי טפחים), דעריבער אויב די גרעב פון די דריי שטריק צוזאמען איז עטוואָס מער פון א טפח, האלטן די שטריק צוזאמען מיט דעם ליידיקן חלל 10 טפחים.

י. מקיפין, מען מעג אויך (דעם קאראוואן) ארומצוימען מיט שטעקלעך, אָבער עס טאָר ניט זיין צווישן איין שטעקעלע און דעם אנדערן (שטעקעלע) דריי טפחים (ליידיקע חלל). די שטריק (פריער אין משנה ט׳) האָט מען ארומגעצוימט איין שטריק „איבער" דעם אנדערן שטריק. אָבער שטעקעלעך שטעלט מען אוועק איין שטעקעלע „לעבן" דעם אַנדערן שטעקעלע. זאָגט די משנה, אַז דאָ טאָר צווישן איין שטעקעלע און דאָס אנדערן זיין ניט קיין גאנצע דריי טפחים ליידיקער חלל. בשיירא, די אלע (דערמאָנטע דינים, אז עס איז גענוג דער צוים מיט די שטריק, שטעקעלעך) האָט מען געזאָגט ביי אַ קאַראַוואַן (שיירא, אַ קאַראַוואַן), אזוי זאָגט ר׳ יהודה. מען האָט נור ביי א קאראוואן מיקל און מתיר געמאכט צו פארצוימען מיט א מחיצה וואָס איז ניט גלייכצייטיק אין דער לענג און אין דער ברייט; שטריק זענען געצויגן נור אין דער ברייט, און שטעקעלעך נור אין דער לענג; א קאראוואן הייסט א מחנה מינ־דעסטענס פון דריי פערזאָן. אָבער פאָר סתם מענטשן מוז מען האָבן אַ מחיצה וואָס איז געמאכט גלייכצייטיק אין דער לענג און אין דער ברייט. וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אַז (אפילו ביי איין מענטש אין וועג איז מותר די מחיצה פון שטריק און שטעקעלעך און) מען האָט געזאָגט (די דאָזיקע הלכות) וועגן א קאראוואן אלס בייש־פיל פון לעבנס־שטייגער (הווה). מחמת געוויינטליך ווערן אזעלכע שטריק־און שטע־קעלעך־מחיצות געמאכט ווען א קאראוואן פון עטליכע מענטשן שטעלן זיך אָפּ אין וועג. כל, יעדע מחיצה (צוים, שייד־וואנט), וואָס איז ניט גלייכצייטיק געצוימט אין דער לענג און אין דער ברייט („שתי" און „ערב") איז ניט קיין מחיצה, אזוי זאָגט ר׳ יוסי בר׳ יהודה. ער איז מחולק מיט זיין פאָטער ר׳ יהודה, און האַלט, אַז אַפילו א קאראוואן פון דריי מענטשן דארף האָבן א גאנצן צוים פון „לענג און ברייט". וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז עס איז גענוג איינס פון די צוויי זאכן (אָדער פון דער לענג אָדער פון דער ברייט). די גמרא זאָגט, אז די דאָזיקע חכמים זענען מחולק מיט די חכמים פריער אין דערזעלביקער משנה, און די דאָזיקע חכמים האלטן, אז אפילו איין מענטש ניט אין וועג נאָר אין אָרט, וואו עס איז פאראן א ישוב פון מענטשן (יחיד ובישוב) האָט אויך גענוג א מחיצה פון איין זאך, אָדער פון דער לענג אָדער פון דער ברייט. ארבעה, פון פיער זאכן (דינים) האָט מען געפּטר׳ט (באַ־פרייט) אן ארמיי־לאגער (א מחנה, זעלנער וואָס גייען־ארויס אין מלחמה): מביאין, זיי מעגן נעמען האָלץ פון יעדן אָרט. און עס הייסט ניט קיין גזלה, עס הייסט ניט צוגעגזלט א פרעמדנס האָלץ. ומרחיצת ידים, פטור פון וואשן זיך די הענט (צום עסן); ומדמאי זיי מעגן עסן דמאי. דמאי הייסט תבואה וואָס מען קויפט ביי א עם הארץ און מען ווייסט ניט צי זי איז געמעשר׳ט און דער דין איז אז מען דארף פון איר אָפּ־שיידן מעשר אין א געוויסער מאָס (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי). אָבער זעל־

**במחנה: מביאין עצים מכל מקום, ופטורים מרחיצת ידים, ומדמאי, ומלערב:**

## פרק ב.

**א. עושין פסין לביראות, ארבעה דיומדין נראין כשמונה, דברי ר׳ יהודה; ר׳ מאיר אומר, שמונה נראין כשנים עשר, ארבעה דיומדין וארבעה פשוטים. גובהן עשרה טפחים, ורחבן ששה, ועוביין כל שהוא, ובי־**

---

**נער אין ארמיי־לאגער האָט מען מתיר געמאַכט צו עסן דמאי אומגעמעשרט.** ומלערב, און זיי דאַרפן ניט מאַכן קיין עירוב. **די גמרא זאָגט, אַז זיי דאַרפן ניט האָבן קיין עירובי הצרות (זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין) און מעגן טראָגן אים שבת פון איין געצעלט אין לאגער אין צווייטן געצעלט אָן אן עירובי חצרות. אָבער צו מאַכן א עירוב תחומין (זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין) כדי צו מעגן גיין ווייטער פון 2000 איילן דאַרפן אויך די זעלנער אין דעם ארמיי־לאגער. די גמרא זאָגט, אַז מים אחרונים, וואַשן זיך די הענט נאָכן עסן, זענען אויך די זעלנער אין ארמיי־לאגער מחויב.**

## פרק ב.

א. עושין, מען קאָן מאַכן ארום ברונעמס (א טיילווייזע) ברעטער־פאַרצוימונג, (דהיינו), פיר טאָפּל־ברעטער (אין די ווינקלען) וועלכע זען־אויס ווי אכט, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **ווען א ברונעם געפינט זיך אין א רשות הרבים, למשל אויף א מאַרק־פּלאַץ, און מען דאַרף אים שבת ארויסשעפּן וואַסער פון ברונעם און טרינקן אָדער געבן בהמות צום טרינקן. אָבער דער ברונעם, וועלכער איז טיף 10 טפחים הייסט בנוגע שבת א רשות היחיד, ווי א הויז, אָדער ווי א הויף, און מען טאָר דאָך פון אים ניט ארויסשעפּן וואַסער אין רשות הרבים אריין, ווייל דאָס הייסט דאָך ארויסגעטראָגן פון רשות היחיד אין רשות הרבים. זאָגט די משנה אז מען האָט מתיר געמאַכט אז מען זאָל אין דער וואָכנס מאַכן נור א טיילווייזן צוים ארום דעם ברונעם, דהיינו אוועקגעשטעלט צו עטליכע ברעטער (פּסין) און צווישן איין ברעט און דעם אנדערן מעג זייןליידיקער אָרט. ווי אזוי זאָלן די ברעטער געשטעלט ווערן? זאָגט די משנה אז מען זאָל אין יעדן ווינקל אין דעם פּלאַץ ארום דעם ברונעם אוועקשטעלן א ווינקל־טאָפּל־ברעט, ווי דאָס אות דלית „ד״, און אזוי ווי עס זענען פאַראַן 4 ווינקלען זעט עס אויס ווי 8 ברעטער, ווי 4 אותיות „ד״. „פּסין״ הייסט שטיקלעך ברעטלעך. „דיומדין״ איז פון גריכישן וואָרט „דוא״, צוויי, און פון לשון הקודש „עמוד״, זייל, א ברעט, און די „ע״ ווערט פאַרשווינדן, און „דיומדין״ איז „טאָפּל־ברעטער״.** ר׳ מאיר זאָגט, אז (מען זאָל מאַכן) אכט, וועלכע זען־אויס ווי צוועלף, (דהיינו) פיר טאָפּל־ברעטער (אין די ווינקלען) און פיר איינצלנע (פשוטים) ברעטער. **לויט ר׳ מאיר דאַרף די טיילווייזע ארומצוימונג ארום דעם ברונעם האָבן אויך פשוטע ברעטער.** גובהן, די הויך (פון די ברעטער) דאַרף זיין (ניט נידריגער פון) צען (טפחים), און די ברייט (פון יעדן ברעט) זעקס (טפחים), און די דיק (מעג זיין אפילו נור) עטוואָס. **ווי מיר האָבן שוין געזאָגט איז 6 טפחים אן אייל. קומט אויס אז לויט ר׳ יהודה איז פאַראַן אין יעדער זייט צוויי ברעטלעך צו איין אייל א ברעטל אין יעדן ווינקל, און ארום און ארום איז פאַראַן פאַרצוימט 8 איילן. לויט ר׳ מאיר קומען צו נאָך פיר ברעטלעך צו איין ברעטל, וואָס האַלט איין אייל, אין דערמיט פון יעדער זייט, און ארום און ארום איז די פאַרצוימונג צוועלף איילן. די גמרא זאָגט, אז אויב צווישן איין ווינקל־ברעטל און דעם אנדערן ווינקל־ברעטל אין יעדער זייט איז ניט פאַראַן ליידיק אָרט מער פון 10 איילן איז אויך ר׳ מאיר מודה, אז מען דאַרף ניט אינצווישן קיין איינצלנע ברייטלעך, און אויב עס איז פאַראַן ליידיק אָרט מער פון 13 איילן און א דריטל אייל איז אויך ר׳ יהודה מודה אז מען דאַרף אין דערמיט איינצלנע ברעט־לעך. זייער מחלוקה איז נור ביי א ליידיקן אָרט פון 10 ביז 13 און א דריטל איילן.**

**ניהן כמלא שתי רבקות, של שלש שלש בקר, דברי ר׳ מאיר; רבי יהודה אומר, של ארבע ארבע. קשורות ולא מותרות, אחת נכנסת ואחת יוצאה.**
**ב. מותר להקריב לבאר, ובלבד שתהא פרה ראשה ורובה בפנים ושותה. מותר להרחיק כל שהוא, ובלבד שירבה בפסין:**
**ג. ר׳ יהודה אומר, עד בית סאתים. אָמרו לו, לא אָמרו בית סאתים**

---

וביניהן, און צווישן זיי (צווישן די ברעטער, מעג זיין ליידיקער אָרט אז עס זאָלן קאָנען דורכגיין) די ברייט פון צוויי רינדער־געשפאנען, צו דריי רינדער (אין יעדן געשפאן), אזוי זאָגט ר׳ מאיר. „רבקה" איז דער טייטש „רינדער־געשפאן", עטליכע **רינדער, קו צו אָקסן, וועלכע גייען צוזאמען. זאָגט די משנה אַז דאָס ליידיקע אָרט צווישן די ברעטער מעג זיין אזוי גרויס אז צוויי אזעלכע געשפאנען, און אין יעדער געשפאן זאָלן זיין 3 קו צי אָקסן, זאָלן קאָנען דורכגיין דורך דעם ליידיקן אָרט. מען האָט אָפּגעשאצט, אז די ברייט פון א קו איז לערך איין אייל און צוויי דריטל אייל; קומט אויס אז 6 קו האלטן 10 איילן, און אזוי פיל מעג האלטן דאָס לעדיקע אָרט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז צו פיר (קו). **לויט דעם פריערדיקן חשבון האלט ר׳ יהודה, אז עס מעג זיין גרויס דרייצען איילן און א דריטל אייל.** קשורות, זיי (די רינדער־געשפאנען ווערן גערעכנט ווי זיי) זענען צוגעבינדן און ניט אויפגעבינדן. **מחמת ווען די קו זענען צוגעבונדן איינע צו דער אנדערער פארנעמען זיי ווייניקער אָרט. די גמרא זאָגט, אז די משנה גיט צו „און ניט אויפגעבינדן", כדי צו לערנען, אז מען מיינט ממש צוגעבינדן, און ניט „אזוי ווי צוגעבונדן".** אחת, איין (רינדער־געשפאן) גייט אריין און איין (רינדער־געשפאן) גייט ארויס. **עס ווערט גערעכנט, ניט ווי די ברייט פון צוויי רינדער־געשפאנען וועלכע גייען אריין דורך דעם ליידיקן אָרט צווישן די ברעטער, נאָר ווי איינער גייט אריין (און איינער גייט ארויס, און אזוי ארום דארפן זיי האָבן עפּיס מער אָרט. — די גמרא זאָגט, אַז דעם דאָזיקן דין מתיר צו מאַכן צו שעפּן וואסער פון א ברונעם אים שבת דורך טיילווייז (ניט אינגאנצן) ארומצוימען מיט ברעטער (דאָס רופט מען „פסי ביראות", די ברונעם־ברעטער) האָט מען גע־זאָגט נאָר פאַר די יידן, וועלכע זענען אמאָל געגאַנגען עולה־רגל צום בית המקדש און נור אין ארץ ישראל, אָבער ניט היינטיקע צייט.**

ב. מותר, מען מעג (די ברעטער) דערנענטערן צו דעם ברונעם, אָבער (עס מוז זיין גענוג אָרט אין דעם ארומגעצוימטן פלאץ) אז א קו זאָל זיך קאָנען געפינען מיט איר קאָפּ און מיט דעם גרעסטן טייל פון איר קערפּער אינווייניק (אין דעם ארומ־געצוימטן פלאץ) און טרינקן. **מען האָט אויסגערעכנט, אז דער שיעור איז, אז פון דעם ברעג פון דעם ברונעם ביז די ברעטער ארום זאָל זיין מינדעסטנס 2 איילן, אָבער אויב עס איז ווינציקער פון 2 איילן טאָר מען ניט, ווייל עס איז מורא צו האָבן טאָ־מער וועט דער מענטש (צוליב דער ענגשאפט פון אָרט) ארויסנעמען דעם עמער מיט וואַסער אין דרויסן צו געבן דער קו צו טרינקן,** מותר להרחיק, מען מעג דערווייטערן (די ברעטער פון די ברונעם וויפיל מען וויל (כל שהוא, ביז יעדער גרויס), אָבער מען מוז דעמאָלט געבן מער ברעטער. **ווי מיר האָבן פריער אין משנה א׳ געלערנט מוז זיין לויט ר׳ מאיר ניט מער ווי 10 איילן און לויט ר׳ יהודה ניט מער ווי 13 און א דריטל אייל ליידיק אָרט צווישן איין ברעט און דעם אנדערן. און דעריבער, אויב מען ריקט אָפּ ווייט די ברעטער פון ברונעם בלייבט דאָך מער ליידיק אָרט צווישן איין ברעט דעם אנדערן, דארף מען צושטעלן נאָך ברעטער, כדי דאָס ליידיקע אָרט זאָל ניט זיין מער פון 10 איילן לויט ר׳ מאיר, און 13 און א דריטל אייל לויט ר׳ יהודה.**

ג. ר׳ יהודה זאָגט, אז (נור) ביז א פלאץ גרויס ווי א פעלד, וואָס צו פארזייען עס דארף מען האָבן צוויי סאה תבואה (בית סאתים). **ר׳ יהודה איז ניט מסכים מיט דער סתם משנה פריער, וואָס זאָגט, אז מען קאָן ארומצוימען מיט די ברעטער ארום דעם ברונעם א פלאץ גרויס וויפיל מען וויל. ער זאָגט, אז דער פלאץ מעג האַלטן העכסטנס א „בית סאתים". א סאה איז 6 טעפּ (קבים) און 2 סאה איז 12 טעפּ. מען**

**אלא לגנה ולקרפף, אבל אם היה דיר או סהר או מוקצה או חצר, אפילו בית חמשת כורין, אפילו בית עשרה כורין מותר. ומותר להרחיק כל שהוא ובלבד שירבה בפסין:**

**ד. ר׳ יהודה אומר, אם היתה דרך הרבים מפסקתן יסלקנה לצדדין; וחכמים אומרים, אינו צריך. אחד בור הרבים, ובאר הרבים, ובאר היחיד, עושין להן פסין, אבל לבור היחיד עושין לו מחיצה גבוה עשרה**

---

האָט אויסגערעכנט, אז א בית סאתיים האלט 5000 קוואדראט־איילן, דאָס הייסט לערך 70 איילן מיט 2 דריטל אייל די לענג און 70 איילן מיט 2 דריטל אייל די ברייט. אמרו לו, האָבן די חכמים צו אים (צו ר׳ יהודה) געזאָגט, אז מען האָט געלערנט אז (עס טאָר ניט זיין מער ווי) א בית סאתים נאָר ביי א גאָרטן און ביי א האָלץ־מאגאזין (קרפף); **נאָר אויב מען האָט א גאָרטן אָדער א פלאץ, וואו מען לייגט אוועק האָלץ, אלס מאגאזין, ניט צום נוצן, מעג מען טראָגן אין אים שבת נאָר אויב זיי זענען ניט גרעסער פון א בית סאתים; מחמת די דאָזיקע ערטער באנוצט ניט דער מענטש פאר זיך פערזענליך** (זיי זענען ניט „מוקף לדירה״); אבל, אָבער אויב עס איז געווען אן (ארומגעצוימט) אָרט פאר בהמות (דיר, וואו בהמות ווערן אוועקגעשטעלט אָנצוואָרפן זייער מיסט) אָדער סתם א בהמות־אָרט (סהר, ארומגערינגלט אָרט פאר בהמות) אָדער א פלאץ הינטער דעם הויז (מוקצה, צום טרוקענען פייגן) אָדער א הויף, אפילו זיי זענען גרויס (אז מען קאָן פארזייען אין זיי) פינף כור (א כור איז 30 סאה), און אפילו צען כור איז מותר; און מען מעג (דעריבער אויך ביים ברונעם) דערווייטערן (די ברעטער) וויפיל מען וויל, אָבער מען דארף צו־געבן מער ברעטער. **די חכמים זאָגן, אז ווייל די אלע ערטער ווערן באנוצט דורך דעם מענטשן (אריינצוגיין צו די בהמות און ארבייטן ארום זיי, ארבייטן ארום די פייגן, אין הויף, און אויך ביים ברונעם צו טרינקען וואסער) מעג מען אפילו ווען זיי זענען גרעסער פון א בית סאתים. דערקלערונגען וועגן „דיר״ און „סהר״ האָבן מיר געגעבן אין מסכתא שביעית פרק ג׳ משנה ד׳, און וועגן „מוקצה״ אין מסכתא שביעית פרק ח׳ משנה ו׳. פאראן אויך א טייטש, אז „סהר״ מיינט מען דאָ אן ארומגעצוימטער פלאץ, וואו מען האַלט ארעסטירטע מענטשן.**

ד. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב א עפנטליכער וועג (דרך הרבים, א וועג וואָס אלע מענטשן גייען דאָרט) האָט זיי איבערגעהאַקט (איז געגאנגען דורך דעם ליידיקן אָרט צווישן די ברעטער ארום דעם ברונעם) זאָל מען אים (דעם וועג) אוועקרוקן אין א זייט. **דער וועג זאָל ניט גיין דורך דעם פלאץ ארום ברונעם, ווייל עס מאכט אים ווי א רשות הרבים.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז מען דארף ניט. **מחמת דאָס הייסט ניט קיין רשות הרבים.** אחד, סיי א גרוב (מיט אָנגעזאמלט וואסער, א בור) וואָס געהערט צו אלע מענטשן (צום רבים), סיי א ברונעם (מיט קוועלעדיק וואסער, א באר), וואָס געהערט צו אלע מענטשן, און סיי א ברונעם וואָס געהערט צו א פריוואטן מענטש (יחיד), מעג מען זיי ארומצוימען (טיילווייז) מיט ברעטער (און שעפן פון זיי וואסער אים שבת), אָבער א גרוב (מיט אָנגעזאמלט וואסער, א בור) וואָס געהערט צו א פריוואטן מענטש (יחיד) מוז מען אים מאכן א (גאנצע) מחיצה (א גאנצע ארומצוימונג ארום) הויך צען טפחים, אזוי זאָגט ר׳ עקיבא. **„בור״ הייסט א גרוב מיט אָנגעזאמלט וואסער** (דורכן רעגן) **און ווען מען שעפט אויס דאָס וואסער קומט מער ניט צו קיין אנדער וואסער. אויב דער בור געהערט צו א רבים מעג מען, ווייל אפילו ווען דאָס וואסער וועט אויפהערן און מען וועט שוין ניט טאָרן טראָגן אין דעם פלאץ** (מחמת מען האָט דאָך מתיר געמאכט נאָר צוליב וואסער טריקן) **וועט איין מענטש דערמאָנען דעם אנדערן אז מען טאָר ניט טראָגן. אָבער אויב דער בור געהערט צו א פריוואטן מענטשן איז דאָך ניטאָ ווער עס זאָל אים דערמאָנען, טאָר מען ניט. אָבער א באר, א ברונעם, וואו דאָס וואסער שעפט זיך ניט אויס, מעג מען אויך ביי א פריוואטן מענטש.**

טפחים, דברי ר׳ עקיבא. ר׳ יהודה בן בבא אומר, אין עושין פסין אלא לבאר הרבים בלבד, ולשאר עושין חגורה גבוה י׳ טפחים:

ה. ועוד אמר ר׳ יהודה בן בבא, הגינה והקרפף שהן שבעים אמה ושיריים על שבעים אמה ושיריים מוקפת גדר גבוה עשרה טפחים, מטלטלים בתוכה, ובלבד שיהא בה שומירה, או בית דירה, או שתהא סמוכה לעיר. ר׳ יהודה אומר אפילו אין בה אלא בור ושיח ומערה מטל־טלין בתוכה. ר׳ עקיבא אומר, אפלו אין בה אחת מכל אלו מטלטלין בתוכה, ובלבד שיהא בה שבעים אמה ושירים על שבעים אמה ושיריים.

---

ר׳ יהודה בן בבא זאָגט, אז מען מאכט ניט ברעטלעך (פסים, טיילווייזע צוים) נאָר ביי א ברונעם וואָס געהערט צום רבים. ווייל דאָ זענען פאראןביידע מעלות: דאָס וואסער ווערט ניט אויסגעשעפּט, און עס געהערט צו אלע מענטשן. ולשאר, און צו די אנדערע (דעם גרוב פון א רבים און דעם ברונעם פון א יחיד און א גרוב פון א יחיד) דארף מען מאכן א גארטל הויך צען טפחים. אויך דאָ זענען די ווערטער פון ר׳ יהודה בן בבא. „חגורה", א גארטל, טייטשן די מפרשים (תוספות און אנדערע) א פולשטענדיקן צוים, און ווייל מען דארף דעם צוים מאכן ארום און ארום, ניט אי־בערלאָזנדיק ליידיק אָרט צווישן איין ברעט און דעם צווייטן, הייסט עס „חגורה" א גארטל. — ר׳ יהודה בן בבא איז געווען א חבר פון ר׳ עקיבא, און איז איינער פון די עשרה הרוגי מלכות, פון די צען תנאים, וועלכע זענען אומגעקומען דורך קידוש השם דורך די רוימער אין ארץ ישראל.

ה. ועוד, און אויך האָט געזאָגט ר׳ יהודה בן בבא, אַז ווען אַ גאָרטן און א האָלץ־מאגאזין־פּלאץ (קרפּף) האַלטן (ניט מער) ווי זיבציג איילן מיט עטוואָס מער (די לענג) אויף זיבציג איילן מיט עטוואָס מער (די ברייט) און איז ארומגערינגלט מיט א צוים הויך צען טפחים, מעג מען אין זיי טראָגן (זאכן אים שבת), אָבער עס מוז אין זיי (דעם גאָרטן אָדער קרפּף) זיין א היטער־ביידל (שומרה) אָדער א וואוין־הויז, אָדער זיי זאָלן זיין נאָנט צו דער שטאָט. מיר האָבן פריִער אין משנה ג׳ געזאָגט, אז א בית סאתים איז 5000 קוואדראט איילן, דאָס איז לערך 70 איילן מיט צוויי דריטל אייל די לענג אויף 70 איילן מיט צוויי דריטל אייל די ברייט. די משנה רופט אָן די לערך 2 דריטל אייל „שיריים", א „רעשט", עטוואָס מער. זאָגט ר׳ יהודה בן בבא, אז מען מעג טראָגן אין א גאָרטן און האָלץ־מאגאזין־פּלאץ אים שבת אויב זיי זענען ארומגערינגלט מיט א צוים הויך צען טפחים נאָר ווען עס זענען פאראן ביי זיי די צוויי תנאים: ערשטנס, זיי זענען ניט גרעסער פון א בית סאתים, 70 איילן מיט עפּיס אויף 70 איילן מיט עפּיס, און צווייטנס, עס געפינט זיך אין זיי א היטער־ביידל אָדער א וואוין־הויז אָדער זיי זענען נאָנט צו א שטאָט און ווייל עס איז נאָנט נוצט זיי דער מענטש און עס הייסט ווי ער וואוינט דאָרט, ווי ער האָט דאָרט א בית דירה. ר׳ יהודה זאָגט, אז אפילו עס איז פאראן אין זיי א גרוב (מיט וואסער) אָדער אן אנדער וואסער־באהאַלטער אָדער א הייל (בור, שיח, מערה) מעג מען אויך טראָגן אין זיי (אים שבת). עס מוז ניט דוקא זיין א וואוין־הויז. ר׳ עקיבא זאָגט, אז אפילו עס איז ניטאָ אין זיי קיינע פון די דאָזיקע זאכן מעג מען אויך טראָגן אין זיי (אים שבת), אָבער זיי מוזן האלטן (ניט מער ווי) זיבציק איילן מיט עטוואָס מער (די לענג) אויף זיבציג איילן מיט עטוואָס מער (די ברייט). די גמרא זאָגט, אז ר׳ עקיבא האלט, אז עס טאָר ניט זיין א גאנצער בית סאתים, גאנצע 5000 קוואדראט־איילן, נאָר עס מעג זיין נור 70 איילן מיט עפּיס אויף 70 איילן מיט עפּיס, דאָס הייסט עפּיס מער פון 4900 איילן (70 מאָל 70 4900), און די חכמים פריִער אין משנה ג׳ האלטן אז עס מעג זיין א גאנצער בית־סאתים, גאנצע 5000 קוואדראט־איילן, און דער דאָזיקער „עטוואָס מער" מעג זיין לערך עפּיס מער פון 2 דריטל אייל. היות אן אייל איז 6 טפחים, און א טפח איז 4 גראָבע פינגער, מעג דער עטוואָס מער זיין 4 טפחים מיט 2 דריטל פינגער (70 איילן

**ר׳ אליעזר אומר, אם היתה ארכה יתר על רחבה אפילו אמה אחת אין מטלטלין בתוכה. ר׳ יוסי אומר, אפילו ארכה פי שנים ברחבה. מטלטלין בתוכה:**

**ו. אמר ר׳ אלעאי, שמעתי מרבי אליעזר, ואפילו היא כבית כור; וכן שמעתי ממנו, אנשי חצר ששכח אחד מהן ולא עירב, ביתו אסור מלהכ־ניס ולהוציא לו, אבל להם מותר; וכן שמעתי ממנו שיוצאין בעקרבנין**

מיט 69 הונדערטסטלעך מאָל 70 איילן מיט 69 הונדערטסטלעך איז לערך 5000 איילן). דער רמבם זאָגט, אז פּינקטליך קאָן מען ניט זאָגן וויפיל דער „עטוואָס מער" איז; מחמת די 70 מיט עטוואָס מער הייסט אין דער חכמת ההנדסה (געאָמעטריע) דער קוואדראט־וואָרצל פון 5000 און מען קאָן עס אויסרעכענען נור זייער נאָענט, אָבער ניט פּינקטליך. ר׳ אליעזר זאָגט, אויב (דער גאָרטן אָדער קרפף) איז געווען זייער לענג מער פון זייער ברייט אפילו נאָר איין אייל, טאָר מען ניט טראָגן אין זיי (אים שבת). ער האַלט, אז זיי מוזן זיין קוואדראט, די לענג און די ברייט גלייך. ר׳ יוסי זאָגט, אז אפילו זייער לענג איז צוויי מאָל ווי זייער ברייט (דאָס הייסט די לענג איז 100 איילן און די ברייט 50 איילן, און 100 מאָל 50 איז 5 טויזנט איילן, א בית סאתים) מעג מען טראָגן אין זיי. דער שיעור בית סאתים איז גענומען געוואָרן פון דער גרויס פון הויף פון משכן, וואָס די יידן האָבן געהאַט אין דער מדבר (שמות כ״ז) „די לענג פון הויף איז געווען הונדערט איילן און זיין ברייט פופציק אין פופציק (חמשים בחמשים)". דאָס הייסט 100 איילן די לענג אויף 50 איילן די ברייט. די מפרשים ברענגען דאָ אויס־פירליכע חשבונות ווי אזוי אויסצורעכענען דעם עטוואָס מער, איינטייטשנדיק די גמרא ווערטער צום פסוק אין חומש, אז מען דאַרף נעמען א קוואדראט פון 50 אויף 50 און ארום אים ארומלייגן דעם צושניטענעם צווייטן קוואדראט פון פופציק אויף פופ־ציק, און עס וועט ארויסקומען די 70 מיט עפּיס אויף 70 מיט עפּיס. מיר האָבן דאָ געגעבן דעם ענטגילטיקן חשבון.

ז. אמר ר׳ אלעאי, ר׳ אלעאי האָט געזאָגט: איך האָב געהערט פון ר׳ אליעזר, אַז אפילו עס איז אַ בית כור. אפילו דער גאָרטן אָדער דער קרפף, וועגן וועלכן עס ווערט געלערנט פריער אין דער משנה, איז אזוי גרויס אז מען קאָן דאָרט פארזייען א כור תבואה (א כור איז 30 סאה, און א בית כור הייסט א פעלד וואָס איז 15 מאָל אזוי גרויס ווי א בית סאתים, 75 טויזנט קוואדראט איילן) מעג מען אויך טראָגן אין אים אים שבת, אויב ער איז אַרומגעצוימט. וכן, און אזוי האָב איך (ר׳ אלעאי) אויך געהערט פון אים (פון ר׳ אליעזר), אז מענטשן פון א הויף, וואָס איינער פון זיי האָט פארגעסן צו מאכן דעם עירוב (עירובי חצרות, און ער האָט מבטל געווען, אוועקגעשאָנקן, זיין רשות אין זיין הויז און אין הויף צו די איבריקע הויף־איינוואוינער, וועלכע האָבן יאָ געמאַכט דעם עירוב) איז זיין הויז אסור פאר אים אריינצוטראָגן און ארויסצוטראָגן (אים שבת פון הויף אין הויז און פון הויז אין הויף), אָבער פאר זיי (פאר די איבריקע הויף־איינוואוינער) איז מותר. אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין האָבן מיר דער־קלערט, אז עירובי חצרות איז, ווען די איינוואוינער פון הויף לייגן אוועק ברויט, און דאדורך מעגן זיי אים שבת ארויסטראָגן פון זייערע הייזער אין הויף און אויך אריינ־טראָגן פון הויף אין זייערע הייזער. זאָגט ר׳ אליעזר, אז כאָטש דער וואָס האָט פאר־געסן צו מאַכן דעם עירוב האָט אוועקגעשאָנקן (מבטל געווען) זיין הויז און זיין רשות און הויף צו די אנדערע איינוואוינער, מעגן זיי יאָ טראָגן אפילו פון זיין הויז, אָבער ער טאָרניט. ווייל ווען ער טראָגט ארויס עפּיס פון זיין הויז, הייסט עס, ווי ער האָט צו־נישט געמאכט דאָס מבטל־זיין, דאָס אוועקשענקען. וכן, און אזוי האָב איך (ר׳ אלעאי) אויך געהערט פון אים (פון ר׳ אליעזר), אז מען איז יוצא מיט עקרבנין (פאר מרור) אים פסח. עקרבנין זאָל זיין אזא ירק, אזא גרינס וואָס זעט־אויס אזוי קרום ווי א עקדיש (עקרב). לויט אן אנדערע מיינונג איז עס דער מאַך וואָס וואַקסט ארום א טייטלבוים.

**בפסח. וחזרתי על כל תלמידיו, ובקשתי לי חבר, ולא מצאתי:**

## פרק ג.

**א. בכל מערבין ומשתתפים, חוץ מן המים ומן המלח; והכל ניקח בכסף מעשר, חוץ מן המים ומן המלח. הנודר מן המזון, מותר במים ובמ־לח. מערבין לנזיר ביין, ולישראל בתרומה; סומכוס אומר, בחולין. ולכהן**

ובקשתי, און איך (ר׳ אלעאי) בין ארומגעגאנגן צו אלע זיינע (ר׳ אליעזר׳ס) תלמידים און געזוכט צו מיר א חבר (וועלכער זאָל אויך האָבן געהערט פון ר׳ אליעזר די דאָ־זיקע דריי דינים) און האָב ניט געפינען. **קיינער פון זיי האָט דאָס פון ר׳ אליעזר ניט געהערט.**

## פרק ג.

א. בכל, מיט אלע (שפייזן) קאָן מען מאכן א עירוב (תחומין) און מאכן שיתופים (פון געסלעך, מבואות), מיטן אויסנאם פון וואסער און זאלץ. **מיר האָבן אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין דערקלערט, אז ווען מען וויל שבת און יום טוב גיין מער ווי 2000 איילן, מער ווי תחום שבת הינטער דער שטאָט, דארף מען פרייטאָג פאר נאכט לייגן ביים סוף פון די 2000 איילן, (אָדער נענטער), שפייז אלס א עירוב. דאָסזעלבע אויב מען וויל ארויסטראָגן פון די הייפן אין געסל, אין מבוי, דארפן די איינוואוינער פון די הויפן אוועקלייגן צוזאמען שפייז, און דאָס הייסט שיתופי מבו־אות, און עס ווערט באטראכט ווי אלע איינוואוינער פון געסל זענען צוזאמען, שותפים, און זיי מעגן טראָגן אים שבת. זאָגט די משנה, אז מיט אלע סאָרט שפייז קאָן מען מאכן א עירוב תחומין און א שיתופי מבואות; אן אויסנאם זענען וואסער און זאלץ, מיט וועלכע מען קאָן ניט מאכן דעם עירוב און די שיתופים, מחמת זיי זענען ניט קיין ריכטיקע שפייז. ער דארף דאָ באמערקט ווערן, אז צו עירובי חצרות (זע אין דער הקדמה) מוז מען האָבן דוקא ברויט.** והכל ניקח, און אלע (שפייז) קאָן מען קויפן (אין ירושלים) פארן געלט פון מעשר (שני), מיטן אויסנאם פון וואסער און זאלץ. **אין דער הקדמה צו מסכתא מעשר שני האָבן מיר דערקלערט, אז דאָס „צווייטע צענטל" (מעשר שני) פון תבואה און פרוכטן וואָס מען האָט געדארפן אוועקפירן קיין ירושלים און דאָרט זיי עסן, האָט מען געקאָנט אויסטוישן אויף געלט, און דאָס געלט אוועקפירן קיין ירושלים און פאר דעם געלט קויפן שפייז און עס עסן אין ירושלים. זאָגט די משנה, אז אלע שפייז קאָן מען קויפן, אָבער ניט וואסער און זאלץ. דער טעם איז, ווייל עס דארף געקויפט ווערן נור א פרוכט וואָס וואקסט ארויס פון אן אנדערער פרוכט, און וואסער און זאלץ וואקסן ניט ארויס פון קיין אנדערע זאך.** הנודר, אז איי־נער טוט א נדר (ניט צו עסן) שפייז מעג ער (טרינקען) וואסער און (עסן) זאלץ. **די גמרא זאָגט, אז ניט ער האָט א נדר געטאָן פון „מזון", מחמת אין אזא פאל טאָר ער ניט עסן נור די 5 מינים (ווייץ, גערשטן, שפעלץ, קאָרן און האָבער); נאָר מען מיינט, אז ער האָט א נדר געטאָן פון אלץ וואָס שפייזט („הזן"), איז ער אסור אין אלע שפייזן וועלכע שפייזן און זעטיקן אויף א ווייל, אָבער ער איז מותר אין וואסער און זאלץ.** מערבין, מען מעג מאכן פאר א נזיר א עירוב מיט ווייך, און פאר א ישראל (ניט א כהן, מעג מען מאכן א עירוב) מיט תרומה. **אז איינער נעמט אויף זיך צו זיין א נזיר טאָר ער ניט טרינקען קיין וויין (זע אין דער הקדמה צו מסכתא נזיר). א ישראל, ניט א כהן, טאָר ניט עסן קיין תרומה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא תרומות). זאָגט די משנה, אז כאָטש דער נזיר טאָרניט טרינקען קיין וויין און דער ישראל טאָרניט עסן קיין תרומה, קאָן מען פאר זיי מאכן דעם עירוב מיט וויין און מיט תרומה, ווייל אנדערע, ניט א נזיר, מעגן טרינקען וויין, און א כהן מעג עסן תרומה, דעריבער הייסט דאָס א גוטע שפייז.** סומכוס זאָגט, אז (פאר א ישראל מעג מען מאכן א עירוב נור) מיט חולין. **אָבער מיט תרומה ניט. בנוגע א נזיר מיט וויין האלט אויך סומכוס אז מען מעג, ווייל דער נזיר קאָן גיין צו א חכם און זיך לאָזן מתיר נדר זיין אויף זיין נזירות און מעגן טרינקען דעם וויין. סומכוס איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ מאיר.** ולכהן, און מען מעג פאר א כהן

**בבית הפרס; ר׳ יהודה אומר, אפילו בבית הקברות, מפני שיכול לילך לחוץ ולאכול:**

**ב. מערבין בדמאי, ובמעשר ראשון שנטלה תרומתו, ובמעשר שני והקדש שנפדו, והכהנים בחלה (ובתרומה), אבל לא בטבל, ולא במעשר**

(לייגן דעם עירוב) און א בית הפרס. מיט „בית הפרס" ווערט אָנגערופן א פעלד, אין וועלכן עס איז צעאַקערט געוואָרן א קבר. דער דין איז, אז א כהן (וועלכער טאָר דאָך ניט מטמא זיין צו מתים) טאָר ניט אריינגיין אויף א זיכערן בית הקברות. אָבער אין אזא פעלד פון א צעאַקערטן קבר מעג ער אריינגיין, אויב ער בלאָזט פאר זיך די ערד און גיט אכטונג אז ער זאָל ניט אנרירן א ביינדל וואָס איז גרויס ווי א לינז (א סאָרט ארבעס). דעריבער ווייל דער כהן קאָן אריינגיין אין דעם פעלד, מעג מען פאר אים דאָרט לייגן דעם ערוב. „פרס" הייסט א שטיקל, און ווייל אין דעם פעלד איז דער מת צעאַקערט אויף שטיקלעך, הייסט דאָס פעלד בית הפרס. ר׳ יהודה זאָגט, אז (מען מעג פאר א כהן לייגן דעם עירוב) אפילו אין א בית הקברות, ווייל ער (דער כהן) קאָן אריינגיין (אין בית הקברות) מיט א מחיצה (לחוץ, זיך אפטיילן מיט א מחיצה) און עסן (דעם עירוב). אזוי טייטשט די ברייתא אין דער גמרא דאָס וואָרט „לחוץ" אין דער משנה, דהיינו אז ער קאָן אריינגיין אין א געטראָגענעם קאסטן (שידה, תיבה ומגדל), אזוי אז דער קאסטן זאָל זיין א מחיצה צווישן דעם כהן און די קברים. די גמרא זאָגט, אז די חכמים האלטן אז אפילו פאר א ישראל טאָר מען ניט לייגן א עירוב אויף א בית הקברות, ווייל פון א בית הקברות טאָר מען ניט נהנה זיין, און לייגן דאָרט א עירוב וועלכער דארף ווערן אָפגעהיט קייגן גנבה, הייסט הנאה געהאַט דערפון. אָבער ר׳ יהודה האַלט, אַז אַ עירוב מאַכט מען נאָר ווען מען דארף גיין טאָן א מצוה און א מצוה טאָן הייסט ניט קיין הנאה געהאַט (מצוות לאו ליהנות ניתנו), און אַ מענטש איז ניט מקפיד אז מען זאָל ניט צוגנבענען זיין עירוב. די דאָזיקע משנה און אויך די ווייטערדיקע משנות האָבן אלס יסוד דעם דין, אז א עירוב פון שפייז איז א גוטער עירוב נאָר ווען דער מענטש, פאר וועלכן מען האָט דעם עירוב געלייגט קאָן צו־קומען צו דעם אָרט און מעג עסן די שפייז. די משנה רעדט ארום די דינים, וואָס הייסט אז ער קאָן צו־קומען צום אָרט, און וואָס הייסט, אז ער מעג עסן די שפייז.

ב. מערבין, מען מעג מאכן א עירוב מיט שפייז פון דמאי, און פון מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט אראָפּגענומען זיין תרומה (תרומת מעשר), און פון מעשר שני און הקדש וואָס מען האָט אויסגעלייזט, און כהנים מיט חלה און מיט תרומה. דמאי איז תבואה, וואָס מען האָט געקויפט ביי א עם הארץ און ס׳איז א חשד אז דער עם הארץ האָט ניט אָפּגעשיידט פון איר קיין מעשר (זע אין דער הקדמה צו מסכתא חלה). און ווייל דער דין איז אז א אָרימאַן מעג מען געבן צו עסן דמאי, און ווייל יעדער איינער קאָן דאָך מפקיר זיין דאָס פארמעגן און הייסן אן אָרימאַן, הייסט עס, אז דער דמאי איז א גוטע שפייז און מען קאָן מאכן דערמיט א עירוב. דאָסזעלבע איז מיט מעשר ראשון פון וועלכן מען האָט אראָפּגענומען תרומת מעשר, כאָטש מען האָט געמאכט א ערמה און מען האָט ניט אַראָפּגענומען פריער די ריכטיקע תרומה (תרומה גדולה), דהיינו, מען האָט אָפּגעשיידט מעשר ווען די תבואה איז נאָך געווען אין די זאנגען און מען האָט ניט געדאַרפן אָפּשיידן תרומה. ווייל די דאָזיקע תבואה איז מותר צום עסן מעג מען מאכן דערמיט א עירוב. מעשר שני, האָבן מיר געשריבן אין דער פאָריקער משנה, קאָן מען אויסלייזן מיט געלט און עס ווערט אויס מעשר שני און מען קאָן עס עסן אומעטום (און ניט מוזן פירן קיין ירושלים). אויך אַז איינער האָט מקדיש געווען תבואה, קאָן ער עס אויסלייזן. ביי ביידע מוז מען צוצאָלן צום קרן נאָך א פינפטל, חומש, (אייגענטליך א פערטל). איז דער דין, אז כאָטש מען האָט דאָס פינפטל ניט באצאָלט, נאָר בלויז דעם קרן, מעג מען שוין די תבואה עסן און מען קאָן דערמיט מאכן א עירוב. חלה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא חלה) וואָס מען שיידט אָפּ פון טייג, און תרומה מעגן געגעסן ווערן נאָר דורך א כהן, און דעריבער קאָן מען דערמיט מאכן א עירוב

**ראשון שלא נטלה תרומתו, ולא במעשר שני והקדש שלא נפדו. השולח ערובו ביד חרש שוטה וקטן או ביד מי שאינו מודה בערוב, אינו ערוב; ואם אמר לאחר לקבלו ממנו, הרי זה ערוב.**

**ג. נתנו באילן, למעלה מעשרה טפחים אין ערובו ערוב, למטה**

---

**נאָר פאַר אַ כהן** (די סתם משנה פסקנט ווי סומכוס אין דער פאַריקער משנה). אבל, אָבער מען טאָר ניט (מאכן א עירוב) מיט טבל (תבואה פון וועלכער מען האָט ניט אָפּ־געשיידט תרומה צי מעשרות און מען טאָר זי ניט עסן) און ניט מיט מעשר ראשון פון וועלכער מען האָט ניט אָפּגעשיידט זיין תרומה (תרומת מעשר) און ניט מיט מעשר שני אָדער הקדש, וואָס מען האָט ניט אויסגעלייזט. **מחמת די דאָזיקע שפייז טאָר מען ניט עסן און זיי זענען דעריבער ניט קיין ריכטיקע שפייז.** השולח, אז איינער שיקט (לייגן) זיין ערוב (צום סוף פון תחום, פון די 2000 איילן) דורך א טויב־שטומען, אָדער דורך א נאַר, אָדער דורך א קינד, אָדער דורך איינעם וועלכער גלויבט ניט אין (דער מצוה פון) עירוב (אינו מודה בעירוב), איז עס ניט קיין עירוב. **חרש מיינט מען א טויב־שטומען; שוטה מיינט מען א נאַר, אייגענטליך א משוגענעם; קטן הייסט ניט־קיין־דערוואקסענער, א יינגל, וועלכער האָט נאָך ניט די „שתי שערות", די צוויי האָר, דעם סימן פון א דערוואקסענעם. אזעלכע קאָנען ניט ווערן קיין שליח. אויך איינער, וועלכער גלויבט ניט אין דער מצוה פון עירוב, למשל די כותים (שומרונים) אָדער די צדוקים, וועלכע האָבן ניט געגלויבט אין מצוות וואָס זענען ניט פאַראַן בפירוש אין דער תורה, קאָן ניט ווערן קיין שליח צו לייגן א עירוב.** ואם, און אויב ער האָט גע־הייסן אן אנדערן (וועלכער קאָן יאָ זיין א שליח), אז ער זאָל צונעמען פון אים (פון דעם טויב־שטומען, צי משוגענעם, צי קינד, צי פון כותי אדער צדוקי, און ער, דער גוטער שליח, זאָל עס אוועקלייגן) איז עס יאָ א עירוב. **אויב ער האָט געזען ווי דער פסולער שליח האָט געגעבן דעם כשרן שליח, און כאָטש ער האָט ניט געזען, ווי דער כשרער שליח האָט דעם עירוב אַוועקגעפירט; מחמת „חזקה שליח עושה שליחותו", עס איז אָנצונעמען אז א שליח דערפילט זיין שליחות.**

ג. נתנו, אויב מען האָט אוועקגעלייגט (די שפייז) אויף א בוים העכער פון צען טפחים (פון דער ערד) איז דער עירוב ניט קיין עירוב; אויב נידריקער פון צען טפחים, איז דער עירוב א עירוב. **כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע משנה און אויך די ווייטערדיקע משנות דאַרף מען זאָגן עטליכע הקדמות. ערשטנס, ווען מען לייגט פאַר איינעם שפייז אלס א עירוב תחומין פרייטאָג פאַרנאכט, ווערט אָנגענומען אז דער מענטש, פאַר וועמען מען האָט די שפייז געלייגט, געפינט זיך אויף דעם אָרט פון שפייז פרייטאָג בין השמשות, און ער האָט דאָרט דעריבער קונה שביתה געווען, מחמת ער קאָן דאָרט נעמען די שפייז און עסן. דעריבער מוז די שפייז ליגן אין אזא אָרט, וואו דער מענטש זאָל מעגן נעמען די שפייז. צווייטנס, פרייטאָג בין השמשות הייסט נור א ספק שבת; דעריבער מעג מען דעמאָלס (פאַר א מצוה וועגן) טאָר א ארבייט, וואָס הייסט א שבות, וואָס מדאורייתא מעג מען עס טאָן אים שבת, נאָר די רבנן האָבן עס גע'אסרט צו טאָן אים שבת, און פרייטאָג בין השמשות האָבן די רבנן ניט גע'אסרט** (כל דבר שהוא משום שבות לא גזרו בו בין השמשות). **איצט וועלן מיר פאַרשטיין די משנה. — די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, אז דער בוים שטייט אין א רשות הרבים, און דער בוים הייסט נאָך פון 10 טפחים אָן א רשות היחיד (אויב ער האָט 4 טפחים די לענג אויף 4 טפחים די ברייט), קומט דאָך אויס אז דער מענטש וואָס שטייט אונטן קאָן ניט פרייטאָג בין השמשות, ווען דער עירוב דאַרף ווערן א גוטער עירוב, אראָפּנע־מען דעם עירוב מחמת מען טאָר דאָך ניט אריסטראָגן (אויך פרייטאָג בין השמשות, ווייל עס איז דאָך א ספק שבת) פון רשות היחיד אין רשות הרבים. דעריבער טויג ניט דער עירוב. אָבער אויב ער ליגט נידריקער פון 10 טפחים, הייסט עס שוין ניט קיין רשות היחיד, נאָר אַ כרמלית** (זע אין דער הקדמה צו מסכתא שבת) **און פרייטאָג**

**מעשרה טפחים ערובו ערוב. נתנו בבור, אפילו עמוק מאה אמה, ערובו ערוב. נתנו בראש הקנה או בראש הקונדס בזמן שהוא תלוש ונעוץ אפילו גבוה מאה אמה, הרי זה ערוב. נתנו במגדל ונעל בפניו ואבד המפתח, הרי זה ערוב. ר׳ אליעזר אומר. אם אינו יודע שהמפתח במקומו אינו ערוב:**

**ד. נתגלגל חוץ לתחום, ונפל עליו גל, או נשרף, או תרומה ונטמאה, מבעוד יום אינו ערוב, משחשיכה הרי זה ערוב. אם ספק, ר׳ מאיר ור׳**

---

**בין השמשות מעג מען פון א כרמלית ארויסטראָגן אין א רשות הרבים (ווייל עס איז נור מדרבנן, א שבות), ממילא, קאָן מען דאָך דעמאָלס נעמען דעם עירוב צום עסן, און ער איז דעריבער א עירוב.** נתנו בבור, אויב מען האָט אים געלייגט אין א גרוב, אפילו טיף הונדערט איילן, איז דער עירוב א עירוב. **די גמרא זאָגט אז דער גרוב איז א כרמלית און מען מעג פון דאָרט ארויסנעמען דעם עירוב.** נתנו בראש, אויב מען האָט אים געלייגט אויפן שפיץ פון א שטעקן (קנה) אָדער פון שטאנג (א סלופּ), אויב ער (דער שטעקן אָדער שטאנג) איז אָפּגעריסן (פון דער ערד) און איז נור אריינגעשטעקט (אין דער ערד), אפילו ער איז הויך הונדערט איילן איז דער עירוב א עירוב. **מחמת א דינער שטעקן צי א שטאנג, וועלכער האַלט ניט 4 טפחים די לענג און 4 טפחים די ברייט, איז ניט קיין רשות היחיד, און דעריבער מעג מען פון דאָרט פרייטאָג־בין השמשות ארויסנעמען דעם עירוב. אָבער אויב דער שטעקן אָדער דער שטאנג זענען ארויסגעוואקסן פון דער ערד טאָר מען ניט, ווייל זיי זענען ווייכע און עס איז מורא צו האָבן אז ביים באנוצן זיך מיט אים קאָן מען עפּיס אפּברעכן פון אים. דאקייגן ביי א בוים, אויב ער האָט ניט קיין 4 טפחים די לענג און 4 טפחים די ברייט איז דער עירוב יאָ אן עירוב, ווייל ביי א הארטן בוים איז ניט מורא צו האָבן טאָמער וועט מען אָפּברעכן פון אים. „קונדס" איז דאָס גריכישע וואָסט „קאָנטאָס", א שטאנג.** נתנו במגדל, אויב מען האָט דעם עירוב געלייגט אין א שאנק און מען האָט אים פארשלאָסן און דער שליסל איז פארלוירן געגאנגן, הייסט ער א עירוב. **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען ווען מען קאָן אָן דעם שליסל עפנען דעם שלאָס, וועלכער איז צוגעבינדן מיט שטריק, דורך אויפשניידן די שטריק מיט א מעסער און ווייל דאָס הייסט דאָך קאַליע געמאכט (מקלקל געווען) די שטריק, איז דאָס שניידן נאָר אסור מדרבנן, עס איז א שבות, און מען מעג עס טאָן פרייטאָג בין השמשות. דעריבער הייסט עס א עירוב, מחמת מען קאָן דאָך ארויסנעמען די שפּייז פון דער שאנק דורך אויפשניידן די שטריק.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויב מען ווייסט ניט וואו דאָס אָרט פון שליסל איז, איז ער ניט קיין עירוב. **מחמת ר׳ אליעזר האַלט, אז מען טאָר אים שבת ניט נעמען דעם מעסער צום שניידן שטריק, און אויך טאָר מען ניט שניידן די שטריק, און כאָטש די ביידע איסורים זענען נור מדרבנן, טאָר מען זיי ניט טאָן אים פרייטאָג בין השמשות, ווייל צוויי „שבותים" טאָר מען אויך בין השמשות ניט טאָן.**

ד. נתגלגל, אויב ער (דער עירוב) האָט זיך ארויסגעקייקלט ארויס פון תחום (פון די 2000 איילן), אָדער עס איז אויף אים ארויפגעפאלן א בארג־ערד (גל), אָדער ער איז פארברענט געוואָרן, אָדער ער (די עירוב־שפּייז) איז געווען תרומה און איז טמא געוואָרן (און טמא־תרומה טאָר אויך א כהן ניט עסן), אויב (דאָס איז געשען) ווען עס איז נאָך געווען (פרייטאָג) בייטאָג איז ער ניט קיין עירוב, אויב (אָבער עס איז געשען) ווען עס איז שוין געווען פינסטער (פרייטאָג־צו־נאַכטס, שבת) איז ער א עירוב. **מחמת אויב עס איז געשען פרייטאָג בייטאָג קומט דאָך אויס, אז פרייטאָג בין הש־משות האָט ער דאָך דעם עירוב ניט געקאָנט נעמען און עסן (ניט געטאָרט ארויסגיין חוץ פון תחום, אָדער דער עירוב איז געווען פארגראָבן, צי פארברענט, צי דער תרומה־עירוב טמא). אָבער אויב עס איז געשען שבת, האָט ער דאָך פרייטאָג בין השמשות יאָ געקאָנט נעמען דעם עירוב, איז דער ערוב גוט, מחמת וואָס עס איז גע־**

**יהודה אומרים, הרי זה חמר גמל; רבי יוסי (ור׳ שמעון) אומרים, ספק ערוב כשר. אמר ר׳ יוסי, אבטולמוס העיד משום חמשה זקנים על ספק ערוב שכשר:**

**ה. מתנה אדם על ערובו ואומר: אם באו גויים מן המזרח — ערובי למערב, מן המערב — ערובי למזרח, אם באו מכאן ומכאן — למקום**

---

שען מיט אים שפּעטער האָט שוין ניט קיין באַדייטונג. אם ספק, אויב עס איז אַ ספק (מען ווייסט ניט צי עס איז געשען פרייטאָג צי שבת), זאָגט ר׳ מאיר און ר׳ יהודה אז עס איז אן „אייזל־טרייבער און א קעמל־ציער צוזאמען", „חמר־גמל" — דאָס איז א אויסדרוק פאר א ספק־צושטאנד, אין וועלכן מען קאָן ניט טאָן ניט אהין און ניט אהער. עס איז פּונקט ווי איינער טרייבט אן אייזל און שלעפּט פון הינטן א קעמל, און גאַנץ אָפט קאָן ער צוליב דעם זיך ניט רירן פון אָרט. אויך דאָ קומט אויס, אז ווייל עס איז א ספק צי דער עירוב איז א גוטער, טאָר ער אין דער אנדערער שטאָט־זייט, וואו ער האָט דעם עירוב ניט געלייגט, ניט גיין אויסער דער שטאָט, מחמת טאָמער איז דער עירוב יאָ א גוטער. ער טאָר אבער אויך ניט גיין אין דער עירוב־זייט מער פון די 2000 איילן, טאָמער איז דער עירוב ניט קיין גוטער. ר׳ יוסי און ר׳ שמעון זאָגן, אז א ספק־עירוב איז כשר. מען נעמט אָן, אז דער ערוב איז פרייטאָג בין השמשות יאָ גוט געווען און ממילא מעג ער גיין אין דער דאָזיקער זייט 4000 איילן. אָמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אז אבטולמוס האָט עדות געזאָגט אין נאָמען פון פינף זקנים אויף ספק עירוב אז ער איז כשר. „זקן", „זקנים" איז געווען א טיטל אין דער צייט פון דער משנה און אויך שפּעטער פאר אזעלכע וואָס האָבן געהאַט סמיכה.

ה. מתנה, א מענטש קאָן אויסנעמען א תנאי אויף זיין עירוב, און זאָגן: אויב גויים וועלן אָנקומען פון דער מזרח־זייט, זאָל מיין עירוב גוט זיין אין מערב־זייט; אויב (די גויים) וועלן אָנקומען פון מערב זייט זאָל מיין עירוב גוט זיין אין מזרח־זייט; אויב זיי וועלן אָנקומען פון דאנען (פון מערב) און פון דאנען (און פון מזרח) זאָל איך קאָנען גיין אין וועלכער זייט איך וועל וועלן; אויב זיי וועלן ניט אָנקומען ניט פון דאנען (מערב) און ניט פון דאנען (מזרח), זאָל איך זיין ווי מיינע שטאָט־מענטשן. די משנה לערנט, אז א מענטש, וואָס האָט מורא, אז גויים וועלן אָנקומען שבת צו יום טוב אין שטאָט און ער וועט דארפן פון זיי אנטלויפן, אָבער ער ווייסט ניט, פון וועלכער זייט זיי וועלן אָנקומען, מעג ער לייגן איין עירוב אין מערב זייט פון דער שטאָט און איין עירוב אין מזרח זייט, און אויסנעמען א תנאי, אז אויב די גויים וועלן אָנקומען פון איין זייט, זאָל זיין עירוב גילטיג זיין אין דער אנדערער זייט, און ממילא וועט ער קאָנען אַנטלויפן פון זיי 4000 איילן. ער קאָן אויך זאָגן, אַז אויב זיי וועלן אָנקומען פוןביידע זייטן, זאָל ער זיך קאָנען אויסקלויבן אין וועלכער זייט צו אַנטלויפן, וואו עס וועט פאר אים זיין בעסער. אויך קאָן ער אויסנעמען א תנאי, אז אויב די גויים וועלן בכלל ניט אָנקומען, זאָל קיין איין עירוב ניט גוט זיין, און ער זאָל בלייבן ווי די אנדערע שטאָט־מענטשן, און קאָנען גיין צו 2000 איילן אין יעדער זייט. דאָס איז דער דין אז „יש ברירה", מען קאָן זיך אויסנעמען, אז שפּעטער זאָל באַשלאָסן ווערן וועגן א זאַך, אז זי זאָל אריינגיין אין קראַפט פריער. למשל דאָ זאָל מען אים שבת קאָנען באַשליסן, וועלכער עירוב איז גוט געוואָרן אין פרייטאָג בין השמשות. „ברירה" הייסט „אויס־וויילן", אויסקלייבן, באַשטימען. אם בא, (דאָסזעלבע קאָן דער מענטש זאָגן): אויב דער חכם (דער געלערנטער מאן) וועט קומען אין מזרח־זייט פון דער שטאָט (און דער חכם וועט דאָך זיין אויסער די 2000 איילן, און ער, דער עירוב־לייגער, וועט וועלן גיין צו אים שבת) זאָל מיין עירוב זיין אין מזרח־זייט; (אויב ער, דער געלערנטער מאן, דער חכם, וועט קומען) אין מערב־זייט, זאָל מיין עירוב גוט זיין אין מערב זייט; אויב ער וועט קומען פון דאנען און פון דאנען (אויב עס וועלן קומען צוויי חכמים, איינער אין מזרח־זייט און איינער אין מערב־זייט) זאָל איך גיין, אין וועלכן אָרט איך

**שארצה אלך, לא באו לא מכאן ולא מכאן הריני כבני עירי; אם בא חכם מן המזרח — ערובי למזרח, מן המערב — ערובי למערב, בא לכאן ולכאן — למקום שארצה אלך, לא לכאן ולא לכאן — הריני כבני עירי. ר׳ יהודה אומר, אם היה אחד מהן רבו, הולך אצל רבו, ואם היו שניהם רבותיו, למקום שירצה ילך:**

**ו. ר׳ אליעזר אומר, יום טוב הסמוך לשבת, בין מלפניה ובין מלאח־ריה, מערב אדם שני עירובין ואומר: עירובי הראשון למזרח והשני למערב, הראשון למערב והשני למזרח, עירובי — הראשון והשני כבני עירי, עירובי — השני והראשון כבני עירי. וחכמים אומרים, מערב לרוח אחת או אינו מערב כל עיקר, או מערב לשני ימים או אינו מערב**

---

וועל וועלן; אויב ער וועט ניט קומען ניט דאָ און ניט דאָ (ניט אין מזרח און ניט אין מערב), זאָל איך זיין ווי מיינע שטאָט־מענטשן. **עס איז דערזעלבער דין וואָס פריער מיט די גויים, נאָר פריער האָט דער עירוב־לייגער געוואָלט אנטלויפן, און דער עירוב האָט געדאַרפן גוט זיין אין דער אנדערער זייט פון אַנקומען פון די גויים. דאָ ביים חכם דאַרף דער עירוב גוט זיין דוקא אין דער זייט פון אַנקומען פון חכם.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב איינער פון זיי (פון די צוויי חכמים וועלכע דאַרפן אַנקומען פון מזרח און פון מערב) איז געווען זיין רבי זאָל ער גיין צו זיין רבי, און (נאָר) אויב זיי זענען ביידע געווען זיינע רביים מעג ער גיין צו וועלכן אָרט ער וויל. **ר׳ יהודה האלט, אז אויב איינער פון די חכמים איז זיין רבי קאָן ער צומאַרגנס שבת ניט אויסקלויבן זיך צו גיין, צו וועמען ער וויל, מחמת מען נעמט אָן אז בשעת דער עירוב איז געוואָרן גוט פרייטאָג בין הש־משות האָט ער מסתמא געהאט בדעה צו גיין צו זיין רבי. אָבער די חכמים האלטן, אז טיילמאָל וויל א מענטש גלייכער זען זיין חבר איידער זיין רבי.**

ו. ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויב יום טוב פאלט אויס נאָנט צו שבת, סיי פאר שבת (אים פרייטאָג), סיי נאָך שבת (אים זונטאָג), מעג א מענטש לייגן צוויי עירובין (איי־נעם אין מזרח און איינעם אין מערב) און זאָגן: מיין ערשטער עירוב (וועלכער זאָל גוט זיין אין ערשטן טאָג, אים יום טוב, צי אים שבת) זאָל זיין גוט אין מזרח־זייט און דער צווייטער עירוב (וועלכער זאָל גוט זיין אין צווייטן טאָג, אים שבת צי אים יום טוב) זאָל גוט זיין אין מערב־זייט; (אָדער ער קאָן זאָגן פאַרקערט) דער ערשטער (טאָג זאָל גוט זיין) צו מערב און דער צווייטער (טאָג) צו מזרח; (אָדער ער זאָל לייגן נור אין עירוב און זאָגן) מיין ערוב (זאָל גוט זיין) אין ערשטן (טאָג), און אין צווייטן (טאָג) זאָל איך זיין ווי מיינע שטאָט־מענטשן (אָן א עירוב), (אָדער ער קאָן זאָגן) מיין עירוב (זאָל גוט זיין) אין צווייטן (טאָג), און אין ערשטן (טאָג) זאָל איך זיין ווי מיינע שטאָט־מענטשן (אָן א עירוב). **ר׳ אליעזר האַלט, אז די צוויי טעג, שבת און יום טוב, צי יום טוב און שבת, זענען צוויי באַזונדערע טעג, און ער קאָן האָבן אין יעדן איי־נעם פון זיי אן עירוב אין אן אנדערער זייט, אָדער אין איינעם יאָ האָבן א עירוב און אין דעם אנדערן ניט האָבן קיין עירוב.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אָדער ער לייגט א עירוב צו איין זייט (צו מזרח אָדער צו מערב) אָדער ער לייגט אינגאנצן ניט קיין עירוב; אָדער ער לייגט א עירוב פאר ביידע טעג, אָדער ער לייגט גאָרניט קיין עירוב. **אלע זענען מודה, אז למשל אויף דעם טאָג שבת קאָן מען ניט לייגן איין עירוב צו מזרח אויף דעם ערשטן האלבן שבת־טאָג און אן אנדערן עירוב צו מערב אויף דעם צווייטן האלבן שבת־טאָג, מחמת דער גאנצער טאָג איז איין הייליקייט, איין קדושה, און דער עירוב וועלכער איז גוט געוואָרן פרייטאָג בין השמשות איז חל אויף א גאנצן שבת. אָבער בנוגע יום טוב אים פרייטאָג אָדער יום טוב אים זונטאָג זענען די חכמים מסופק צי די צוויי טעג (יום טוב און שבת אָדער שבת און יום טוב) זענען איין קדושה, איין הייליקייט, אָדער צוויי באַזונדערע קדושות, צוויי הייליקייטן. דעריבער איז מען מחמיר אין ביידע זייטן. מען קאָן ניט האָבן איין טאָג**

**כל עיקר. כיצד יעשה? מוליכו בראשון ומחשיך עליו ונוטלו, ובא לו, בשני — מחשיך עליו ואוכלו, ונמצא משתכר בהליכתו ומשתכר בערובו. נאכל בראשון, ערובו לראשון ואינו ערוב לשני. אמר להם ר׳ אליעזר, מודים אתם לי שהן שתי קדושות:**

**ז. ר׳ יהודה אומר, ראש השנה שהיה ירא שמא תתעבר, מערב אדם שני עירובין ואומר: ערובי בראשון למזרח ובשני למערב, בראשון למערב ובשני למזרח, עירובי — בראשון, ובשני כבני עירי, עירובי — בשני, ובראשון כבני עירי. ולא הודו לו חכמים:**

---

**איין עירוב און דעם צווייטן טאָג אן אנדערן עירוב אָדער גאָרניט קיין עירוב, מחמת מען איז מחמיר און מען נעמט אָן אז זיי זענען איין קדושה. אָבער אויב דער עירוב איז אויפגעגעסן געוואָרן דעם ערשטן טאָג איז ער ניט קיין גוטער עירוב פאַר דעם צווייטן טאָג, מחמת אויך דאָ איז מען מחמיר און מען זאָגט, אז זיי זענען צוויי באַזונדערע קדושות, און דאָס וואָס דער עירוב איז געוועזן גילטיג פרייטאָג (צי ערב יום טוב, אויב יום טוב איז געפאלן פאַר שבת) בין השמשות איז ער נור גילטיג געווען פאַר דעם ערשטן טאָג, און ווייל דעם צווייטן בין השמשות איז דער עירוב שוין געוועזן אויפגעגעסן איז דעם צווייטן טאָג מער ניט געוועזן קיין עירוב. און דעריבער זאָגן ווייטער די חכמים:** כיצד יעשה? ווי אזוי זאָל ער טאָן? **דאָס הייסט, וואָס זאָל טאָן איינער וואָס לייגט א עירוב און ער ווייסט ניט, צי דעם צווייטן בין השמשות וועט זיך דער עירוב דאָרט געפינען, טאָמער וועט ער פארלוירן־גיין** מוליכו, זאָל ער אים אוועקפירן פאַר דעם ערשטן טאָג (ערב דעם ערשטן טאָג פאַרנאכט, פרייטאָג פאַר נאכט, אָדער ערב יום טוב פארנאכט אויב יום טוב פאלט אויס אים פרייטאָג) און ער ווארט דאָרט ביז עס ווערט פינסטער און נעמט אים צוריק צו, און דערנאָך גייט ער אויפן צווייטן טאָג מיטן עירוב און ווארט ביז עס ווערט פינסטער, און ער (מעג שוין) דעם עירוב אויפעסן, און עס קומט אויס אז ער פאַרדינט זיין גיין (ער וועט דעם צווייטן טאָג קאָנען גיין 4000 איילן) און ער פאַרדינט דעם עירוב (ער קאָן דעם עירוב אויפעסן דעם צווייטן טאָג); אויב (דער עירוב) איז אויפגעגעסן געוואָרן דעם ערשטן טאָג איז ער א עירוב נאָר פאַר דעם ערשטן (טאָג) אָבער ניט פאַר דעם צווייטן (טאָג). **אזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט, אז די חכמים זענען מחמיר איןביידע זייטן. די גמרא זאָגט, אז דעריבער זאָגט ניט די משנה, אז ער מעג דעם ערשטן טאָג אויפעסן דעם עירוב און פאַר דעם צווייטן טאָג לייגן אן אנדערע שפּייז אלס עירוב, ווייל ער מוז לייגן פאַר דעם צווייטן טאָג דעם עירוב פון ערשטן טאָג (באותה פת), מחמת מען טאָרניט אָנגרייטן פון יום טוב אויף שבת, און דאָס מאכן פון שפּייז א נייעם עירוב הייסט אָנגעגרייט אים יום טוב אויף שבת.** אָמר להם, האָט ר׳ אליעזר געזאָגט צו זיי (צי די חכמים): זענט איר דאָך מודה צו מיר, אז זיי (די צוויי טעג) זענען צוויי קדושות (הייליקייטן). **דערמיט וואָס איר זאָגט, אז אויב דער עירוב איז אויפגעגעסן געוואָרן דעם ערשטן טאָג, טויג ער ניט פאַרן צווייטן טאָג, הייסט עס דאָך, אז איר האלט, אז די צוויי טעג זענען צוויי באַזונדערע קדושות, און ממילא קאָן מען מאכן צוויי באַזונדערע עירובין.**

ז. ר׳ יהודה זאָגט, אז (ערב) ראש השנה, ווען וועלכן מען האָט מורא, אז (דער חודש אלול) זאָל ווערן מעובר (האָבן דרייסיק טעג און מען וועט מאכן צוויי טעג ראש השנה, דעם דרייסיקסטן טאָג אין אלול און דעם ערשטן טאָג אין תשרי), קאָן א מענטש לייגן צוויי עירובין, און זאָגן: מיין עירוב אין ערשטן (טאָג ראש השנה) זאָל זיין צו מזרח און (מיין עירוב) אין צווייטן (טאָג) זאָל זיין צו מערב; אָדער, (מיין עירוב) אין ערשטן (טאָג ראש השנה) זאָל זיין צו מערב און אין צווייטן טאָג צו מזרח; אָדער אין ערשטן (טאָג) זאָל איך האָבן א עירוב און אין צווייטן טאָג זאָל איך זיין ווי מיינע שטאָט־מענטשן (אָן א עירוב); אָדער אין צווייטן (טאָג) זאָל איך האָבן

ח. ועוד אמר ר׳ יהודה, מתנה אדם על הכלכלה ביום טוב ראשון ואוכלה בשני, וכן ביצה שנולדה בראשון תאכל בשני. ולא הודו לו חכמים:

ט. ר׳ דוסא בן הרכינס אומר, העובר לפני התיבה ביום טוב של ראש השנה אומר, החליצנו ה׳ אלהינו את יום ראש החודש הזה אם היום אם למחר, ולמחר הוא אומר, אם היום אם אמש. ולא הודו לו חכמים:

---

א עירוב און אין דעם ערשטן (טאָג) זאָל איך זיין ווי מיינע שטאָט־מענטשן. עס איז דאָס זעלבע וואָס אין דער פריערדיקער משנה וועגן שבת און יום טוב, נאָר דאָ לערנט ר׳ יהודה וועגן די צוויי טעג ראש השנה, מחמת איינער פון די צוויי טעג איז דאָך יום טוב נאָר צוליב אַ ספק. אין ארץ ישראל זענען די אַנדערע ימים טובים געווען נור צו איין טאָג, און נור ראש השנה האָט מען געמאכט צוויי טעג, און דעם טעם דערפון ווען מיר געבן אין מסכתא ראש השנה פרק ד׳ משנה ד׳. ולא, און די חכמים האָבן ניט מודה געווען צו אים (צו ר׳ יהודה). ווייל די חכמים האַלטן, אז די צוויי טעג ראש השנה זענען ניט צוליב א ספק, נאָר מען האָט געמאכט אזא תקנה (זע אין דער דערמאָנטער משנה פרק ד׳ מסכתא ראש השנה) און דעריבער זענען זיי איין קדושה, איין הייליקייט, איין יום טוב, און מען קאָן ניט מאכן פאר יעדן טאָג א באזונדערן עירוב.

ח. ועוד, און נאָך האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אז א מענטש קאָן אויסנעמען א תנאי אויף אַ קויש מיט פרוכטן דעם ערשטן טאָג יום טוב (ראש השנה) און עסן זיי דעם צווייטן טאָג (ראש השנה). דער טייטש איז, אויב איינער האָט א קויש מיט פרוכטן טבל, דאָס הייסט, מען האָט פון זיי נאָכניט אָפגעשיידט קיין תרומה און מעשרות, און דער דין איז אז אים שבת און יום טוב טאָר מען ניט אָפשיידן תרומה און מעשרות, און עס איז גראָד ראש השנה צוויי טעג, גיט ר׳ יהודה אים אן עצה, אז ער זאָל דעם ערשטן טאָג זאָגן: אויב היינט איז ניט ראש השנה איז דער דאָזיקער טייל פרוכטן, וואָס איך וויז אָן אויף אים, אָפגעשיידט אלס תרומה און מעשרות, און אויב עס איז יאָ ראש השנה, איז ער ניט אָפגעשיידט. צומאָרגנס דעם צווייטן טאָג ראש השנה זאָל ער אזוי זאָגן: „אויב נעכטן איז געווען ראש השנה, מאך איך היינט די טייל פרוכטן אלס תרומה — און מעשרות״, ווארום היינט איז דאָך אזוי ארום א וואכנטאָג. ממילא קומט אויס, אז ער מעג דעם צווייטן טאָג עסן די פרוכטן. וכן, און אזוי איז אויך, אויב אן איי איז געבוירן געוואָרן אין ערשטן (טאָג ראש השנה) מעג מען עס עסן אין צווייטן (טאָג ראש השנה). דער דין איז, אז אן איי איז געבוירן געוואָרן אים יום טוב טאָר מען עס אים יום טוב ניט עסן. זאָגט ר׳ יהודה, אז אן איי וואָס איז געבוירן געוואָרן דעם ערשטן טאָג ראש השנה מעג מען עס עסן דעם צווייטן טאָג, צוליב ממה נפשך: איז אין ערשטן טאָג געווען יום טוב, איז דאָך דער צווייטער טאָג א וואכנטאָג, מעג מען דאָך דאָס איי עסן. אויב ווידער דער ערשטער טאָג איז געווען א וואָכנטאָג, איז דאָך דאָס איי געבוירן געוואָרן אין א וואכנטאָג, מעג מען דאָך עסן דעם צווייטן טאָג כאָטש עס איז יום טוב. ולא, און די חכמים האָבן ניט מודה געווען צו אים (צו ר׳ יהודה). צוליב דעמזעלבן טעם, וואָס אין דער פאָ־ריקער משנה ז׳, מחמת די חכמים האלטן, אז די צוויי טעג ראש השנה זענען איין יום טוב, איין קדושה. די מפרשים זאָגן (אויפן גרונט פון דער גמרא) אז דאָס איז נור ביי ראש השנה, אָבער ביי אנדערע ימים טובים האַלטן אויך די חכמים ווי ר׳ יהודה.

ט. ר׳ דוסא בן הרכינס זאָגט, אז איינער דאַוונט פארן עמוד אין ראש־השנה־יום־טוב זאָל ער זאָגן: „החליצנו, גיב אונז כח, גאָט אונזער גאָט, דעם דאָזיקן טאָג פון ראש חודש, צי ער (ראש חודש) איז היינט צי (ער וועט זיין) מאָרגן״; און צומאָרגנס

## פרק ד.

**א. מי שהוציאוהו גוים או רוח רעה, אין לו אלא ארבע אמות. החזירוהו, כאלו לא יצא. הוליכוהו לעיר אחרת, נתנוהו בדיר או בסהר, רבן גמליאל ור' אליעזר בן עזריה אומרים, מהלך את כולה: רבי יהושע ורבי עקיבא אומרים אין לו אלא ארבע אמות. מעשה**

---

זאָל ער אויך זאָגן (דיזעלביקע תפלה און צוגעבן): „צי ער (ראש חודש) איז היינט צי (ער איז געווען) נעכטן". ווייל ראש השנה איז דאָך אויך ראש חודש תשרי, האלט ר' דוסא בן הרכינס, אז מען דארף דערמאָנען אין דאוונען אויך ראש חודש, און ווייל מען ווייסט דאָך ניט, אין וועלכן טאָג דער ראש חודש איז, זאָל מען אין דער תפילה צוגעבן די ווערטער „צי היינט צי מאָרגן", און „צי היינט צי נעכטן". ולא, און די חכמים האָבן ניט מודה געווען צו אים (צו ר' דוסא). די חכמים האַלטן, אז אין דאוונען פון ראש השנה דארף מען אינגאנצן ניט דערמאָנען ראש חודש. די גמרא זאָגט, אז דער טעם איז, ווייל דאָס דערמאָנען („זכרון") פון ראש השנה איז שוין אויך פאר דעם ראש חודש („זכרון אחד עולה לכאן ולכאן"). ר' דוסא בן הרכינס איז געווען א תנא אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש. ווען „עובר לפני התבה" אלס נאָמען פאר דעם וואָס דאוונט פארן עמוד, האָבן מיר געגעבן מסכתא ברכות פרק ה' משנה ג'.

## פרק ד.

א. מי, אויב איינער איז געוואָרן (אים שבת) ארויסגעפירט (חוץ לתחום, אוי־סער די 2000 איילן, קייגן זיין ווילן) דורך גוים אָדער דורך זיין אייגענעם שלעכטן גייסט (עס איז אים באפאלן א רוח רעה, א שלעכטער גייסט), האָט ער ניט מער ווי פיר איילן. נאָך די 2000 איילן, דעם תחום שבת, אויסער דעם אָרט, וואו א מענטש האלט שבת, טאָר ער אים שבת ניט גיין. אויב איינער איז געוואָרן ארויסגעפירט סיי דורך פרעמדע מענטשן, ווי גוים, אָדער עס איז אין אים ארייגעגאנגען א משוגעת, און ער איז ארויס פון תחום שבת, און דערנאָך איז ער צוריקגעקומען צום פארשטאַנד, מוז ער בלייבן אויף דעם אָרט וואו ער איז, און מעג זיך באוועגן נור אין די 4 איילן. די גמרא זאָגט, אז די 4 איילן לערנט מען אָפּ פון חומש שמות ט"ז „שבו איש תחתיו", יעדער מענטש זאָל שבת זיצן (ליגן) אונטער זיך, און די הויך פון א מענטש איז 3 איילן, און איין אייל גיט מען צו אויף אויסצוציען די הענט און די פיס. החזירוהו, אויב מען האָט אים (אויף דעמזעלבן אופן, קייגן זיין ווילן) צוריקגעפירט (אין תחום) איז ער ווי ער וואָלט ניט ארויסגעגאנגען (פון תחום). און ער מעג גיין די 2000 איילן אין יעדער זייט פון דעם אָרט, וואו ער האָט זיך געפינען פרייטאָג בין השמשות. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור אויב מען האָט אים ארויסגעפירט און צו־ריקגעבראכט קייגן זיין ווילן; אָבער אויב ער איז ארויסגעגאנגען מיט זיין ווילן אפילו מען האָט אים צוריקגעבראכט קייגן זיין ווילן אָדער אפילו פארקערט, מען האָט אים ארויסגעפירט קייגן זיין ווילן, אָבער ער איז צוריקגעגאנגען מיט זיין ווילן, טאָר ער גיין ניט מער ווי 4 איילן. הוליכוהו, אויב מען האָט אים ארויסגעפירט (אים שבת חוץ לתחום) אין אן אנדערער שטאָט, אָדער מען האָט אים ארייגעפירט אין א גרויסער בהמות־שטאל אָדער אין אן ארומגעצוימטן פלאץ (דיר און סהר,ביידע זענען ארומ־געצוימט מיט א צוים), זאָגן רבן גמליאל און ר' אלעזר בן עזריה אז ער מעג גיין אין זייער גאנצן אָרט (אין דער גאנצער שטאָט אָדער אין דער גאַנצער שטאל צו פלאץ, מער ווי די פיר איילן). ווייל די ארומגערינגלטע צוים מאכט די ערטער, אז זיי ווערן באטראכט ווי 4 איילן, ניט מער, און א ראיה דערצו איז דאָך, אז די 2000 איילן ווערן גערעכנט ניט פון אָרט אין שטאָט אָדער אין דעם ארומגערינגלטן פלאץ, וואו דער מענטש געפינט זיך, נאָר פון די גרעניצן פון דער שטאָט און פון פלאץ. מחמת די גאנצע שטאָט און דער גאנצער פלאץ ווערן באטראכט אלס ניט מער ווי 4 איילן. ר' יהודה און ר' עקיבא זאָגן, אז ער האָט ניט מער ווי פיר איילן. זיי האלטן,

שבאו מפרנדיסין והפליגה ספינתם בים, רבן גמליאל ור' אליעזר בן עזריה הלכו את כולה, ר' יהושע ור' עקיבא לא זזו מארבע אמות, שרצו להחמיר על עצמן:

ב. פעם אחת לא נכנסו לנמל עד שחשיכה. אמרו לו לרבן גמליאל, מה אנו לירד? אמר להן, מותר אתם שכבר הייתי מסתכל והיינו בתוך התחום עד שלא חשיכה.

ג. מי שיצא ברשות ואמרו לו, כבר נעשה מעשה, יש לו אלפים אמה לכל רוח. אם היה בתוך התחום, כאלו לא יצא, שכל היוצאים להציל חוזרין למקומן:

---

אז דאָס וואָס די ארומגערינגעלטע צוים מאכט אז דאָס גאנצע אָרט זאָל הייסן ניט מער ווי פיר איילן, איז עס נאָר ווען דער מענטש האָט זיך געפינען דאָרט פרייטאָג פאר נאכט, אָבער אויב ער איז אריין דאָרט אים שבת איז עס ווי יעדער ניט־ארומגערינגעלטער פלאץ, און אנדער טעם אין דער גמרא איז, ווייל זיי זענען גוזר טאָמער וועט מען מתיר מאכן אין א ניט־ארומגערינגעלטן פלאץ. מעשה, עס האָט פאסירט אז זיי (די דערמאָנטע פיר תנאים) זענען געקומען (אין א שיף) פון פרנדיסים און זייער שיף איז אוועק (אים שבת) אין ים (חוץ פון תחום שבת); זענען רבן גמליאל און ר' אלעזר בן עזריה געגאנגן (אים שבת) אין דער גאנצער (שיף); ר' יהושע און ר' עקיבא האָבן זיך ניט גערירט פון די פיר איילן, ווייל זיי האָבן געוואָלט מחמיר זיין אויף זיך. די גמרא זאָגט, אז בנוגע דער שיף האַלטן אויך די תנאים ר' יהושע און ר' עקיבא אז מען מעג גיין אין דער גאנצער שיף, מחמת זיי זענען דאָך געווען אין דער שיף נאָך פון פרייטאָג און ביי א גייענדיקער שיף איז מען ניט גוזר טאָמער וועט מען מתיר מאכן א ניט־ארומגעצוימטן פלאץ; אָבער זיי האָבן געוואָלט מחמיר זיין אויף זיך. „פרנדיסין" מיינען טייל אַז דאָס איז דער פאָרט אין איטאַליע „ברינדיזי", וואָס האָט געהייסן אמאָל „ברונדוסיום", און דאָס איז געווען ווען די פיר תנאים זענען געפאָרן קיין רוים אין א וויכטיקער שליחות. און זייער דאָזיקע רייזע ווערט געבראַכט עטליכע מאָל (מכות כ"ד „ושמעו קול המונה של רומי", און „בבל" איז געגעבן געוואָרן דורך דער צענזור אנשטאט „רומי", און מעשר שני פרק ה' משנה ט' און אנדערע ערטער).

ב. פעם אחת, איינמאָל זענען זיי (די דערמאָנטע פיר תנאים פאָרנדיק אויף דער שיף) אריינגעקומען אין פאָרט ערשט נאָכדעם ווי עס איז שוין געווען פינסטער (פרייטאָגצונאכטס, שבת); האָבן זיי געזאָגט צו רבן גמליאל: צי מעגן מיר אראָפּגיין אין שטאָט, (ווייל עס איז דאָך געווען חוץ לתחום)? האָט ער צו זיי געזאָגט: איר מעגט, ווייל איך האָב געקוקט (מסתכל, אבסערווירט) און מיר זענען געווען אין תחום (אין די 2000 איילן פון פאָרט) איידער עס איז געוואָרן פינסטער (פרייטאָג פארנאכט, פאר שבת). דער פאָרט איז ניט געווען ארומגעצוימט, ווייל אויב יאָ וואָלט דאָך רבן גמליאל סיי ווי געווען מתיר געווען, לויט זיין הלכה אין דער פאָריקער משנה. די גמרא זאָגט, אז רבן גמליאל האָט געהאט אזא קוק־רער (שפופרת), מיט וועלכער ער האָט געקאָנט, קוקנדיק דורך איר, אָפּמעסטן צוויי טויזנט איילן אויף דער יבשה און אויפן ים.

ג. מי שיצא, אויב איינער איז ארויסגעגאנגען (אים שבת חוץ לתחום) מיט א ערלויבניש (דער דין דערלויבט אים ארויסצוגיין חוץ לתחום, למשל עדות צו זאָגן וועגן קידוש החודש, אָדער צו ראטעווען מענטשן פון א סכנה), און מען האָט אים געזאָגט, אז די זאך איז שוין אָפּגעטאָן (און מען דארף שוין ניט זיין עדות זאָגן, אָדער מען דארף שוין ניט זיין ראטעווען), האָט ער צוויי טויזנט איילן אין יעדער זייט. דאָס הייסט אז ער מעג גיין פון אָרט, וואו ער געפינט זיך איצט חוץ לתחום, 2000 איילן אין יעדער זייט. אם היה, אויב ער איז געווען אין תחום איז ער ווי ער וואָלט

ד. מי שישב בדרך ועמד וראה והרי הוא סמוך לעיר, (הואיל) ולא היתה כונתו לכך, לא יכנס, דברי ר׳ מאיר; ר׳ יהודה אומר יכנס. אָמר ר׳ יהודה, מעשה היה ונכנס רבי טרפון בלא מתכוין:

ה. מי שישן בדרך ולא ידע שחשיכה, יש לו אלפים אמה לכל רוח, דברי ר׳ יוחנן בן נורי; וחכמים אומרים, אין לו אלא ארבע אמות. ר׳ אליעזר אומר, והוא באמצען. ר׳ יהודה אומר, לאיזה רוח שירצה, ילך. ומודה ר׳ יהודה, שאם בירר לו, שאינו יכול לחזור בו:

---

ניט געווען ארויסגעגאנגען. די גמרא טייטשט, אז אויב די 2000 איילן, וואָס ער האָט איצט פון אָרט, וואו ער געפינט זיך, ענדיקן זיך אין דעם תחום שבת פון דעם אָרט, פון וועלכן ער איז געהאט ארויסגעגאנגען, מעג ער צוגיין ביז צום דאָזיקן אָרט, פון וואנען ער איז געהאט ארויסגעגאנגען, און פון דאָרט מעג ער גיין צו 2000 איילן און יעדער זייט, און עס ווערט אָנגענומען, אז ער האָט ניט פארלאָזט זיין אָרט. שכל, ווייל אלע מענטשן, וועלכע גייען ארויס צו ראטעווען, מעגן (אים שבת) צוריקגיין צו זייער אָרט. די גמרא טייטשט אז די משנה לערנט וועגן נאָך אן אנדערן פאר־לייכטערונג פאר די וועלכע גייען ראטעווען מענטשן פון סכנה, דהיינו, אז זיי מעגן צוריקגיין טראָגנדיק מיט זיך זייער געווער און דארפן ניט אוועקלייגן דאָס געווער. דערפון האָט מען אָפּגעלערנט אז זיי ווערן באטראכט ווי זיי זענען אינ־גאנצן ניט ארויסגעגאנגען.

ד. מי שישב, אויב איינער האָט זיך אוועקגעזעצט אָפּרוען זיך, (פרייטאָג פארנאכט) אין וועג און ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט (פרייטאָגצונאכטס, שבת) האָט ער געזען, אז ער איז לעבן דער שטאָט (און פריער האָט ער ניט געוואוסט, אַז ער איז לעבן דער שטאָט), איז ווייל ער האָט ניט מכוון געווען דערצו (צו זיין אין דער שטאָט שבת), טאָר ער ניט אריינגיין, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. דאָס הייסט, אז ער מעג גיין פון זיין אָרט 2000 איילן, און אויב די 2000 ענדיקן זיך אין דער שטאָט, טאָר ער ווייטער ניט גיין. ער הייסט ניט ווי די שטאָט־מענטשן, וועלכע מעגן גיין אין דער גאנצער שטאָט, און 2000 איילן אויסער דער שטאָט. ר׳ יהודה זאָגט אז, ער מעג יאָ אריינגיין (אין שטאָט). לויט ר׳ יהודה האָט ער דעם דין ווי די שטאָט־מענטשן. אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, עס האָט אמאָל פאסירט (אזא פאל מיט) ר׳ טרפון און ער איז אריינגעגאנגען (אין שטאָט, כאָטש) ער האָט פריער ניט מכוון געווען. ער האָט ניט געוואוסט, אז ער איז לעבן דער שטאָט און זיין כוונה איז דע־ריבער ניט געווען צו זיין אין שטאָט שבת.

ה. מי שישן, אויב איינער איז (פרייטאָג פארנאכט) איינגעשלאָפן אויפ׳ן וועג און ער האָט (שלאָפנדיק) ניט געוואוסט אז עס איז דערווייל געוואָרן פינסטער (שבת), האָט ער (ער מעג גיין) צוויי טויזנט איילן אין יעדער זייט, אזוי זאָגט ר׳ יוחנן בן נורי. מחמת, ווען עס הויבט זיך אָן דער שבת (פרייטאָג בין השמשות) איז דער מענטש „קונה שביתה״, ער באקומט דאָס שבת־רעכט אויפן אָרט, וואו ער גע־פינט זיך, אלץ איינס, צי ער שלאָפט דעמאָלס צי ער איז וואך. די גמרא זאָגט, אז ר׳ יוחנן בן נורי האַלט, אז „חפצי הפקר״, זאכן וואָס האָבן ניט איבער זיך קיין דעה פון א בעל הבית זענען אויך קונה שביתה, און דעריבער אפילו דער מענטש שלאָפט און ער איז אזוי ווי א הפקר־חפץ, אָן דער דעה פון בעל הבית, איז ער אויך קונה שביתה. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ער האָט נאָר פיר איילן. ער מעג גיין נור פיר איילן; מחמת זיי האלטן, אז א הפקר־חפץ קאָן ניט קונה שביתה זיין. ר׳ אליעזר זאָגט (אז די פיר איילן מיינט מען אז) ער איז אין דערמיט. דאָס הייסט, ניט ער מעג גיין 4 איילן אין יעדער זייט. נאָר ער מעג גיין צו 2 איילן אין יעדער זייט, און ער געפינט זיך אינדערמיט פון די 4 איילן. ר׳ יהודה זאָגט, אז צו יעדער זייט, וואָס ער וויל, מעג ער גיין (די 4 איילן), דאָס הייסט ניט, אז ער מעג

**ו. היו שנים, מקצת אמותיו של זה בתוך אמותיו של זה, מביאין ואוכלין באמצע ובלבד שלא יוציא זה מתוך שלו לתוך של חבירו. היו שלשה, והאמצעי מובלע ביניהן, הוא מותר עמהם והן מותרין עמו, ושנים החיצונים אסורין זה עם זה. אמר ר׳ שמעון, למה הדבר דומה? לשלש חצירות הפתוחות זו לזו ופתוחות לרשות הרבים; עירבו שתיהן עם האמצעית, היא מותרת עמהם, והם מותרות עמה, ושתים החיצונות אסורות זו עם זו:**

גיין 4 איילן אין „יעדער" זייט: נאָר ער מעג זיך אויסקלויבן איין זייט, און צו דער דאָזיקער זייט מעג ער גיין די גאנצע 4 איילן, און דערפאר טאָר ער אין די אנ־דערע זייטן גאָרניט גיין. ומודה, און ר׳ יהודה איז מודה, אז אויב ער האָט זיך אויס־געקליבן (איין זייט צו גיין דאָרט די פיר איילן) קאָן ער מער ניט חרטה האָבן, ער קאָן ניט ענדערן און גיין אין אן אנדערער זייט.

ו. היו, אויב עס זענען געווען צוויי מענטשן, וואָס טייל איילן פון איין (מענטשן) זענען אריינגעגאנגען אין די איילן פון דעם אנדערן מעגן זיי ברענגען (עסנווארג) און עסן אין דערמיט (אין די איילן, וואָס ביידע מעגן אין זיי גיין), אָבער קיינער פון זיי טאָרניט (אויסציען די האנט און) ארויסטראָגן עסנווארג פון זיינע (איילן) און די איילן פון זיין חבר. דער טייטש איז, אז אויב צוויי מענטשן זענען געווען חוץ לתחום אים שבת, און זיי זענען געווען אָפּגערוקט איינער פון אנדערן 6 איילן, און אזוי ווי יעדער פון זיי מעג גיין נור 4 איילן, קומט אויס, אז זיי האָבן בשותפות, אין דערמיט, וואו ביידע מעגן גיין, נור 2 איילן. זאָגט די משנה אז אין די דאָזיקע 2 איילן מעגן זיי עסן צוזאמען, אָבער קיינער טאָרניט אפילו אויסציען די האנט און ארויסטראָגן זיין ברויט צי אַנדערע זאכן אין די אַנדערע 2 איילן, וועלכע געהערן ניט אין זיינע 4 איילן, נאָר אין דעם אנדערענס פיר איילן. היו שלשה, אויב זיי זענען געווען דריי מענטשן, און דער מיטלסטער מענטש איז אריינגעשלינגן צווישן זיי (צווישן די צוויי אויסערסטע מענטשן), מעג ער עסן מיט זיי, און זיי מעגן עסן מיט אים, אָבער די צוויי אויסערסטע (מענטשן) טאָרן ניט איינער מיט דעם אנדערן. דאָס הייסט אויב למשל ראובן און שמעון זענען אָפּגעריקט איינער פון אנדערן 8 איילן, און זיי האָבן דע־ריבער קיינע בשותפותדיקע איילן. אָבער אינמיטן פון די 8 איילן איז פאראן לוי, און ער האָט דעריבער צוויי איילן אין ראובן׳ס 4 איילן, און צוויי איילן אין שמעונ׳ס 4 איילן, מעג דעריבער לוי (דער מיטלסטער) אריינגיין סיי אין ראובנ׳ס 2 איילן וועל־כע זענען אויך זיינע 2 איילן, און סיי אין שמעונ׳ס 2 איילן, וועלכע זענען אויך זיינע 2 איילן. אויך ראובן און שמעון קאָנען אריינגיין יעדער אין זיינע בשותפותדיקע 2 איילן וואָס ער האָט מיט לוי. אָבער זיי, די „חיצונים", די אויסערסטע, ראובן און שמעון, טאָרן איינער אין אנדערנס איילן ניט אריינגיין, מחמת זיי האָבן ניט קיין בשותפותדיקע איילן. אָמר, האָט ר׳ שמעון געזאָגט, צו וואָס איז דאָס גלייך, צו דריי הייפן, וועלכע זענען אָפן איינער אין דעם אנדערן, און זיי זענען אויך אָפן אין רשות הרבים אריין; אויב זיי ביידע (די אויסערסטע הייפן) האָבן געמאכט א עירוב (עירובי חצרות) מיט דעם מיטלסטן (הויף), מעג ער (דער מיטלסטער ארויסטראָגן אים שבת) צו זיי (אין די אויסערסטע הייפן), אָבער די צוויי אויסערסטע (הייפן) זענען אסור (ארויסצוטראָגן אים שבת) איינער אין אנדערן. עירוב חצרות הייסט (זע אין דער הקדמה צו דער מסכתא עירובין) ווען די איינוואוינער פון צוויי הויפן, וואָס האָבן אן אריינגאנג איינער אין אנדערן, לייגען אוועק צוזאמען ברויט. דאָס איז דער עירוב, און זיי מעגן דעריבער טראָגן אים שבת פון איין הויף אין אנדערן. די משנה זאָגט דאָ, אז אויב עס זענען געווען 3 הייפן, לאָמיר זיי אָנרופן „א", „ב", „ג", און דער א מיט דעם ב האָבן געמאכט צוזאמען א עירוב, און דער ג׳ מיט דעם ב׳ האָבן אויך געמאכט צוזאמען א עירוב, אָבער דער ג׳ מיט דעם א׳ האָבן צווישן זיך ניט געמאכט קיין עירוב, מעגן די איינוואוינער פון א׳ טראָגן אין ב׳

**ז. מי שבא בדרך וחשכה לו, והיה מכיר אילן או גדר, ואמר: „שביתתי תחתיו״, לא אמר כלום; „שביתתי בעיקרו״ — מהלך ממקום רגליו ועד עקרו אלפים אמה, ומעקרו ועד ביתו אלפים אמה, נמצא, מהלך משחשיכה ארבעת אלפים אמה:**

**ח. אם אינו מכיר. או שאינו בקי בהלכה, ואמר: „שביתתי במ־קומי״, זכה לו מקומו אלפים אמה לכל רוח. עגולות, דברי ר׳ חנינא**

---

**און דער ב׳ אין א׳, און דאָסזעלבע מעג דער ג׳ טראָגן אין ב׳ און דער ב׳ אין ג׳; אָבער דער א׳ און ג׳ טאָרניט טראָגן. דאָס וואָס די משנה גיט צו, אז יעדער הויף איז אויך אָפן אין רשות הרבים (גאס) אריין, איז דערפאר, ווייל אויב מענטשן פון טייל הייף וואָלטן געמוזט דורכגיין צום רשות הרבים נור דורך אן אנדערן הויף, וואָלטן אלע דריי געווען אסור (דאָס איז דער דין פון „דריסת הרגל״, וועגן וואָס מיר וועלן לערנען ווייטער אין פרק ו׳). די גמרא זאָגט, אז די חכמים זענען ניט מסכים צו ר׳ שמעון, און זיי האלטן, אז ביי די הייפן זענען אלע אסור, אויך די מיטלסטע, ווייל עס זענען אין די הייפן פאראן א סך מענטשן און די מענטשן פון די אויסערסטע הייפן קאָנען פארגעסן און טראָגן פון איין הויף אין צווייטן, און קיינער וועט זיי ניט דערמאָנען, אז מען טאָרניט, ווייל מען וועט מיינען אז דאָס טראָגן די מענטשן פון מיטלסטן הויף; אָבער ביי דריי מענטשן בנוגע דעם תחום שבת, וועט דער מיטלסטער מענטש זיי דערמאָנען, אויב די אויסערסטע מענטשן וועלן פרובן גיין איינער צום אַנדערן.**

ז. מי שבא, אז איינער גייט אין וועג (פרייטאָג פארנאכט) און עס הויבט אים אָן צו ווערן פינסטער (עס ווערט שבת) און ער קען א בוים אָדער א צוים (און ער קאָן דאָרט אהינגיין איידער עס ווערט פינסטער, נאָר ער איז מיד און ער וויל נישט גיין אהין), און ער זאָגט: „זאָל מיין שבת אָרט זיין אונטער אים״ (עס זאָל הייסן, אז אין אָנהויב פון שבת האָט ער קונה שביתה געווען אונטער דעם בוים אָדער צוים און ער זאָל מעגן פון דאָרט גיין אים שבת צוויי טויזנט איילן), האָט ער גאָרניט געזאָגט. **ער האָט ניט „קונה שביתה״ געווען אונטער דעם בוים, מחמת ער האָט געזאָגט „אונטער אים״** (תחתיו) **און ער האָט ניט געזאָגט געניי אין וועלכע 4 איילן אונטער די צווייגן פון בוים. אין דער גמרא זאָגט רב, אז ער האָט אויך ניט קונה שביתה געווען אין אָרט, וואו ער געפינט זיך איצט, ווייל ער האָט מכוון געווען קונה שביתה צו זיין אונטער דעם בוים. ממילא טאָר ער פון דעם אָרט, וואו ער געפינט זיך איצט ניט גיין מער ווי 4 איילן. וועגן „קונה שביתה״ זיין און וועגן „מכוון־זיין״ האָבן מיר געגעבן פריער אין משנה ה׳.** שביתתי בעיקרו, (אויב אָבער ער האָט געזאָגט): „זאָל מיין שבת־אָרט זיין ביי זיין (דעם בוים׳ס) שטאַם־וואָרצל״, מעג ער גיין (אים שבת) פון זיין פיס־אָרט (פון אָרט וואו ער געפינט זיך איצט) ביז צום שטאַם־וואָרצל (פון בוים) צוויי טויזנט איילן, און פון שטאַם־וואָרצל פון בוים ביז צו הויז צוויי טויזנט איילן, קומט אויס, אז ער גייט פון זינט עס איז גע־וואָרט פינסטער (שבת) פיר טויזנט איילן. **ווייל ער האָט געזאָגט געניי, אז ער איז קונה שביתה ביים שטאַם־וואָרצל פון בוים, האָט ער דאָרט קונה שביתה געווען, און ער מעג דעריבער גיין ביז צום שטאַם־וואָרצל 2000 איילן, און פון שטאַם־וואָרצל ווייטער ביז זיין הויז־צו אנדערע 2000 איילן, מחמת דער שטאַם־וואָרצל איז דאָס אָרט, פון וואַנען ער מעג גיין צו 2000 איילן צו יעדער זייט צו.**

ח. אם, אויב ער קען ניט (קיין בוים), אָבער ער ווייסט ניט דעם דין (אז ער קאָן זאָגן, אז זיין שבת־אָרט זאָל זיין ביים בוים־שטאַם), און ער האָט געזאָגט: „מיין שבת־אָרט זאָל זיין אין מיין אָרט (וואו ער איז איצט, ווען עס ווערט שבת), האָט אים זיין אָרט זוכה געווען צוויי טויזנט איילן צו יעדער זייט. **דאָס הייסט, אז ער האָט קונה שביתה געווען וואו ער געפינט זיך, און ער מעג פון דאָרט גיין צו 2000 איילן אין יעדער זייט.** עגולות, קיילעכיקע, אזוי זאָגט ר׳ חנינא בן אנטיגנוס. **דאָס**

בן אַנטיגנוס; וחכמים אומרים, מרובעות, כטבלה מרובעת, כדי שיהא נשכר לזויות:

ט. וזו היא שאמרו. העני מערב ברגליו. אָמר רבי מאיר, אנו אין לנו אלא עני. רבי יהודה אומר, אחד עני ואחד עשיר, לא אָמרו מער־בין בפת, אלא להקל על העשיר, שלא יצא ויערב ברגליו:

י. מי שיצא לילך בעיר שמערבין בה, והחזירו חבירו, הוא מותר לילך וכל בני העיר אסורין, דברי ר׳ יהודה; רבי מאיר אומר,

---

הייסט, מען מאכט ווי א ראָד וויט 2000 איילן ארום דעם אָרט, וואו ער געפינט זיך, און ער מעג גיין ביז צו יעדן פונקט פון דעם ראָד. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז פירקאנטיקע (מרובעות), ווי א פירקאנטיקע ברעט (טבלא, פלאטע, טיש), כדי ער זאָל פאַרדינען די ווינקלן: ביז צו יעדער זייט פון דעם 4־קאַנטיקן פעלד ארום דעם אָרט וואו ער געפינט זיך, איז ניט מער ווי 2000 איילן פון דאָזיקן אָרט; אָבער צו די ווינקלען פון דעם 4־קאַנטיקן פעלד איז א סך ווייטער, עס איז דער אלכסון (די דיאגאָנאַל־ליניע), און עס קומט צו עפּיס מער ווי צוויי פינפטל, לערך נאָך 800 איילן, צוזאמען הייסט עס לערך 2800 איילן. צוליב דעם, וואָס ער קאָן דאָך מאכן דאָס פיר־קאַנטיקע פעלד, וואו ער וויל, אזוי אז יעדער פונקט זאָל קאָנען הייסן דער ווינקל־פונקט, ממילא קאָן ער זיך אויסקלייבן צו גיין וואו ער וויל לערך 2800 איילן.

ט. וזו היא, און דאָס איז (דער דין) וואָס זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט, אז אן אָרימאַן קאָן מאכן א עירוב (תחומין) מיט זיינע פיס. דער רייכער מענטש, וואָס קאָן זיך דערלויבן אוועקצולייגן אלס עירוב שפּייז, דאַרף אָדער קאָן אוועקלייגן שפּייז. אָבער אן אָרימאַן מעג צו גיין פרייטאָג צום סוף פון די 2000 איילן און דאָרט זיין ביז עס ווערט פינסטער, שבת, און ער איז דאָרט אין אָנהויב פון שבת קונה שביתה, און קאָן צוריקגיין אהיים, און צוזאמענגנס קאָן ער גיין פון זיין היים 4000 איילן. אין דער פריערדיקער משנה האָבן מיר דאָס געלערנט. אז אויב ער זאָגט „מיין שבת אָרט זאָל זיין וואו איך גיפּען זיך", איז עס אזוי ווי ער וואָלט דאָ גע־לייגט א עירוב, און ער מעג פון דאָרט גיין צו 2000 איילן אין יעדער זייט. אָמר, האָט ר׳ מאיר געזאָגט: מיר האָבן נור (געלערנט דעם דין) ביי אן אָרימאַן. מחמת פאַר אן אָרימאַן האָט מען פאַרלייכטערט, ווייל ער האָט ניט קיין שפּייז אוועקצו־לייגן. אָבער א רייכער מענטש דאַרף מאכן דעם עירוב מיט שפּייז („עיקר עירוב בפת"). ר׳ יהודה זאָגט, אז (דער דין איז) סיי פאַר אן אָרימאַן און סיי פאַר א רייכן. אויך א רייכער מעג אליין גיין און וואַרטן ביז עס ווערט שבת און דאָס איז זיין עירוב, ניט לייגנדיק קיין ברויט. לא אָמרו, מען האָט געזאָגט, אז מען זאָל מאכן א עירוב מיט ברויט, נאָר כדי גרינגער צו מאכן פאַר דעם רייכן מאַן, אז ער זאָל ניט (מוזן) אליין גיין און מאכן דעם עירוב מיט זיינע פיס. ר׳ יהודה האַלט, אז דער עיקר דין עירוב מיינט, אז מען זאָל אליין צוגיין צום סוף פון די 2000 איילן („עיקר עירוב ברגל"); און נור כדי צו פאַרלייכטערן פאַר דעם רייכן מענטש האָט מען מיקל געווען, אז מען קאָן אויך שיקן וועמען און אוועקלייגן שפּייז.

י. מי שיצא, אויב איינער איז (פרייטאָג) געגאַנגען (לייגן א עירוב) צו א שטאָט וואוהין מען דאַרף האָבן א עירוב, און זיין חבר האָט אים צוריקגעבראַכט (איידער ער האָט געלייגט דעם עירוב), מעג ער גיין (אים שבת) אין דער אנדערער שטאָט, און זיינע אנדערע שטאָט־מענטשן טאָרן ניט, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. די גמרא טייטש די משנה, ווי מיר האָבן דאָ געגעבן, און גיט צו, אז דאָ מיינט מען, אז עס זענען דאָ 2 שטעט „א" און „ב", און צווישן די 2 שטעט איז געווען ניט מער ווי 4000 איילן, אזוי אז ווען מען לייגט א עירוב קאָן מען גיין פון איין שטאָט אין דער אנדערער. האָבן די מענטשן פון דער שטאָט „א" געמאכט איינעם פאַר א שליח אז ער זאָל גיין און אוועקלייגן פאַר זיי א עירוב. אָבער אויפ׳ן וועג האָט זיינס א חבר

**כל שהוא יכול לערב ולא עירב, הרי זה חמר גמל:**

**יא. מי שיצא חוץ לתחום אפילו אמה אחת, לא יכנס; ר׳ אליעזר אומר, שתים יכנס, שלש — לא יכנס. מי שהחשיך לו חוץ לתחום אפילו אמה אחת, לא יכנס. ר׳ שמעון אומר, אפילו חמש עשרה אמות יכנס, שאין המשוחות ממצין את המדות מפני הטועין:**

---

**אים געעצה׳ט צוריקצוגיין מחמת עס איז צו־קאלט אָדער צו־הייס, דער מענטש איז צוריקגעגאנגען, אָבער ער האָט באשלאָסן, אז זיין שבת־ארט זאָל זיין אין סוף פון די 2000 איילן, כדי ער זאָל מאָרגן קאָנען גיין אין דער אנדערער שטאָט. דערויף זאָגט ר׳ יהודה, אז ווייל ער איז שוין געווען אין וועג, האָט ער דעם דין ווי דער מענטש אין וועג פריער אין משנה ז׳, וועלכער זאָגט „שביתתי בעיקרו" (דאָס הייסט ווי אן אָרימאַן, וועלכער האָט ניט צו לייגן א עירוב מיט שפייז און עס איז אים אויך שווער צוצוגיין) און דעריבער הייסט זיין באשלוס א עירוב. אָבער פאר זיינע שטאָט מענטשן הייסט עס ניט קיין עירוב.** ר׳ מאיר זאָגט, אז ווער עס קאָן לייגן א עירוב (מיט שפייז) און האָט ניט געלייגט (נאָר האָט געזאָגט, אז זיין שבת־אָרט זאָל זיין צום סוף פון תחום שבת) הייסט עס אן אייזל־טרייבער וועלכער ציט א קעמל (עס איז א ספק). **ר׳ מאיר איז מסופק, צי ער האָט דעם דין ווי אן אָרימאַן, מחמת ער האָט דאָך יאָ געקאָנט צוגיין און אוועקלייגן די שפייז; דעריבער טאָר ער פון זיין שטאָט אין ערגיץ ניט גיין, וועגן דעם אויסדרוק „חמר־גמל", „אייזל־טרייבער־קעמל־שלעפער" האָבן מיר געגעבן פריער פרק ג׳ משנה ד׳.**

יא. מי שיצא חוץ, ווער עס איז אים שבת ארויסגעגאנגען (אָן א עירוב) ארויס פון די צוויי טויזנט איילן אפילו איין אייל, זאָל ער צוריק ניט אריינגיין. **מחמת ער טאָר דאָך ניט גיין חוץ לתחום, און ער מעג גיין נור 4 איילן, ווי איינער, וועלכער געפינט זיך חוץ לתחום. און כאָטש די 4 איילן ענדיקן זיך אין תחום, טאָר ער אויך מער ניט גיין** („הבלעת תחומין לאו מילתא היא") ר׳ אליעזר זאָגט, אז (אויב ער איז ארויסגעגאנגען) צוויי איילן מעג ער צוריק אריינגיין, דריי איילן טאָר ער צוריק ניט אריינגיין. **ר׳ אליעזר האַלט פריער אין משנה ה׳, אז ווען איינער געפינט זיך חוץ לתחום מעג ער גיין נור 2 איילן; אָבער ווייל די 2 איילן ענדיקן זיך אין תחום („הבלעת תחומין"), האלט ר׳ אליעזר, אז ער מעג שוין גיין דעם גאנצן תחום שבת, צוריק צו זיין שטאָט.** מי שהחשיך, אז איינער (איז פרייטאָג פארנאכט געווען אין וועג און עס) איז אים געוואָרן פינסטער (שבת) חוץ לתחום, אפילו ער איז געווען נור איין אייל (אויסער די צוויי טויזנט איילן פון דער שטאָט) טאָר ער ניט אריינגיין. **ער מעג נאָר גיין די 2000 איילן, אָבער די איין אייל אריינצוגיין אין שטאָט טאָר ער ניט. אזוי טייטשט דער רמבם (אין יד החזקה פרק כ״ז הלכות שבת). אָבער דער ברטנורא זאָגט, אז ער טאָר אויך די 2000 איילן ניט גיין, ווייל ער האָט דאָך גע־מיינט אריינצוגיין אין שטאָט, קומט דאָך אויס, אז ער האָט ניט מכוון געווען קונה שביתה צו זיין אין זיין אָרט, דעריבער מעג ער גיין נור 4 איילן (ווי מיר האָבן גע־לערנט פריער אין משנה ה׳).** ר׳ שמעון זאָגט, אז אפילו פופצן איילן (אויסער די צוויי טויזנט איילן) מעג ער אריינגיין, ווייל די וועג־מעסטערס ציען־איין די מאסן, כדי (צו באוואָרענען) די מענטשן וועלכע זענען זיך טועה. **„משוחות" איז פון „משיחה", א שטריק, און דאָס הייסט די מענטשן, וועלכע מעסטן מיט שטריק די וועגן פון איין אָרט צום אנדערן („משותות" איז א דקדוק־ פאָרם ווי „לקוחות"). „ממצין" איז דער טייטש איינקווטשן, איינציען, מאכן עטוואָס קלענער. און די משנה זאָגט אז די מעסטערס, ווען זיי מעסטן דעם תחום־שבת מאכן זיי מיט 15 איילן ווייניקער פון 2000 איילן, כדי די וועלכע פארזעען און גייען ארויס ניט קיין סך פון דעם תחום שבת זאָלן קאָנען צוריק אריינגיין. דאָס איז נור, ווען איינער איז ניט ארויסגעגאנגען פון תחום שבת במזיד; אָבער פריער אין דער משנה ווערט געלערנט, אז אפילו איין אייל טאָר ער ניט אריינגיין, ווייל ער איז ארויס פון תחום**

## פרק ה.

א. כיצד מעברין את הערים? בית נכנס בית יוצא, פגום נכנס פגום יוצא, היו שם גדודיות גבוהות עשרה טפחים, וגשרים ונפשות, שיש בהן בית דירה, מוציאין את המדה כנגדן, ועושין אותה כמין טבלא מרובעת, כדי שיהא נשכר את הזויות:

ב. נותנין קרפף לעיר, דברי ר׳ מאיר: וחכמים אומרים, לא אמרו קרפף, אלא בין שתי עיירות, אם יש לזו שבעים אמה ושירים

---

במזיד. אין פשט אין רש״י זאָגט, אז 15 איילן מיינט מען ניט דוקא, נאָר אומגעפער.

## פרק ה.

א. כיצד, ווי אזוי ארוממעסט מען (מעברין) די שטעט? **דער דין איז, אז דעם תחום שבת, די 2000 איילן, וואָס מען מעג גיין אים שבת און יום טוב און ווייטער ניט, מעסט מען אויסער דער שטאָט; אָבער די שטאָט, זי קאָן זיין ווי גרויס, ווערט ניט ארייגערעכנט אין די 2000 איילן. מען הויבט זיי אָן צו מעסטן אויסער דער שטאָט. די שאלה איז דעריבער: וואו הויבט זיך אָן אויסער דער שטאָט? אויב למשל אין איין גרעניץ־טייל פון דער שטאָט שטעקט־ארויס איינצעלנע הייזער, צי גע־הערן די ליידיקע ערטער צווישן זיי צו דער שטאָט? ווי אזוי „ארוממעסט" מען די שטאָט? די גמרא האָט צוויי טייטשן אויף דעם וואָרט „מעברין", איינער איז אז מען איז גורס „מאַברין" פון וואָרט „אבר", גליד, מען גיט צו צו דער שטאָט „אברים", ווי גלידער צו א קערפּער. דער צווייטער איז פון א פרוי א „מעוברת", און דער בויך שטעקט ארויס ביי איר, אזוי שטעקן ארויס פון דער שטאָט טיילן.** בית, אויב (צום סוף פון דער שטאָט) גייט איין הויז אריין (צו דער שטאָט־צו) און א הויז גייט ארויס, אָדער (אין דער שטאָט־מויער) טורעמס גייען אריין און טורעמס גייען ארויס, אָדער (אין טייל זייטן פון דער שטאָט) זענען געווען שטיקער מויערן פון חרובע הייזער (גדודיות) הויך צען טפחים, אָדער בריקן אָדער קברים־בנינים (נפשות, הייזלעך וואָס מען שטעלט אויף א קבר) אין וועלכע עס וואוינען מענטשן, ציט מען אויס די מאָס קייגן זיי, און מען מאכט זי (די שטאָט) ווי א פיר־קאַנטיקן ברעט, כדי מען זאָל פארדינען די ווינקלען. **די משנה לערנט, אז ניט נור ווערן די אלע ארויסגעשטעקטע הייזער און חורבות און בריקן און קברים־הייזער אריינגערעכנט אין שטח פון דער שטאָט, נאָר מען ציט ארום זיי א ליניע פיר־קאַנ־טיק ארום דער שטאָט, אזוי אז אין אלע זייטן זאָל זיין גלייך, און ערשט פון דער דאָזיקער פיר קאַנטיקער ליניע, הויבט מען אָן צו מעסטן די 2000 איילן. דאביי פארדינט מען אויך די ווינקלען פון דער פירקאַנטיקער ליניע ארום דער שטאָט. מיר האָבן פריער אין פרק ד׳ משנה ח׳ דערקלערט, וואָס מען מיינט „פארדינען די ווינקלען", דהיינו, אז עס גייט צו דאָס שטיק אלכסון־ליניע, וואָס איז לערך מיט צוויי פיפטל מער. וועגן די ווערטער „פגום" און „גדודיות" זענען פאראן עטליכע טייטשן ביי די מפרשים, מיר האָבן דאָ געגעבן דעם פשט פון רשי.**

ב. נותנין, מען גיט־צו א פלאַץ (קרפף) צו דער שטאָט, אזוי זאָגט ר׳ מאיר, **עס ווערט געטייטשט, אז ווען מען מעסט די 2000 איילן תחום שבת, הויבט מען זיי אָן מעסטן ניט גענוי פון סוף פון דער שטאָט, נאָר עטוואָס ווייטער פון דער שטאָט, מען גיט צו א ליידיקן פּליץ, א קרפף. דער שיעור פון ליידיקן פלאַץ איז 70 איילן מיט 2 דריטל איילן, אזוי אז דער תחום שבת איז ווייט פון דער שטאָט 2070 איילן מיט עטוואָס.** וחכמים, און חכמים זאָגן, אז מען האָט געלערנט (וועגן צוגעבן) א ליידיקן פלאַץ (קרפף) נאָר צווישן צוויי שטעט, (דהיינו): אויב צווישן די צוויי שטעט איז פאראן ליידיק ניט מער ווי הונדערט און איין פירציג איילן מיט א דריטל, דאָס הייסט) עס איז פאראן צו דער איינער שטאָט זיבציק איילן מיט עפּיס (מיט צוויי דריטל אייל) און צו דער אַנדערער שטאָט זיבציק איילן מיט עפּיס (מיט

**ולזו שבעים אמה ושיריים, עושה קרפף לשתיהן להיותן כאחת:**
**ג. וכן ג׳ כפרים המשולשין, אם יש בין שנים החיצונים מאה וארבעים ואחד ושליש, עשה אמצעי את שלשתן להיותן כאחד:**
**ד. אין מודדין אלא בחבל של חמשים אמה, לא פחות ולא יותר. ולא ימדוד אלא כנגד לבו. היה מודד והגיע לגיא, או לגדר, מבליעו**

---

צוויי דריטל אייל), מאכט מען ליידיק פלאץ (קרפף) צו ביידע, כדי זיי זאָלן הייסן איין (שטאָט). **לויט די חכמים ווערט דער קרפף, די 70 און 2 דריטל אייל, צוגע־רעכנט צו דער שטאָט נאָר ווען די צוויי שטעקעלעך זענען זייער נאָנט איינער צום אנ־דערן אזוי אז ווען מען וועט צורעכענען א קרפף צו דער שטאָט און א קרפף צו דער אנדערע שטאָט וועלן זיי ווערן איין שטאָט. דער „ושיריים" מיינט מען צוויי דריטל אייל.**

ג. וכן, און אזוי איז אויך מיט דריי דערפער, וועלכע ליגן אין א דריי־עק, אויב עס איז פאראן צווישן (דעם מיטלסטן דאָרף, אויב מען זאָל אים אריינרוקן צווישן די צוויי דערפער און) די צוויי אויסערסטע דערפער (ניט מער פון) הונדערט און איין און פירציק און א דריטל (איילן) מאכט דער מיטלסטער די דריי דערפער צו זיין ווי איין דאָרף. **און מען הייבט אָן צו מעסטן דעם תחום שבת פון דעם סוף פון די אויסערסטע דערפער. דרייעק מיינט מען ∴ ווי א סגול, און מען מיינט אז אויב מען זאָל דאָס מיטלסטע דאָרף אין געדאנק אריינריקן צווישן די צוויי אוי־סערסטע דערפער (רואין את האמצעית כאילו נתונה ביניהן) וועט זיין ניט מער ווי 147 און א דריטל אייל צו איין דארף און די זעלבע ווייטקייט צום אנדערן דאָרף. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען דאָס מיטלסטע דאָרף איז ווייט פון די דערפער ניט מער ווי 2000 איילן.**

ד. אין, מען טאָרניט מעסטן, סיידן מיט א שטריק (וואָס איז) לאנג פופציק איילן, ניט ווינציקער און ניט מער. **דער שטריק, מיט וועלכן די מעסטערס מעסטן די 2000 איילן פון תחום שבת, מוז זיין לאנג פינקטליך 50 איילן. ווייל אויב ער איז קלענער מוז מען אים ביים מעסטן מער ציען, און די אייל ווערט גרעסער. אויב ווידער ער איז לענגער ווירקט אויף אים די שווערקייט אין דערמיט, און די אייל ווערט קורצער.** ולא, און ער זאָל ניט מעסטן סיידן קייגן זיין האַרץ. **ווען צוויי מענטשן מעסטערס האלטן דעם שטריק, איינער פון דער זייט און איינער פון דער אנדערער זייט, זאָל זיי האלטן דעם שטריק קייגן זייער הארץ. דאָס האָבן די חכמים פעסטגעשטעלט אן אָרט, וואו צו האלטן דעם שטריק, ווייל אויב ניט וואָלט גע־קאָנט אויסקומען אז איינער זאָל האלטן העכער, לעבן זיין קאָפּ, און איינער ניד־ריקער, לעבן זיינע פיס.** היה, אויב מען האָט געמאָסטן און מען איז צוגעקומען צו א טאָל אָדער צו א הויפן אָנגעלייגטער שטיינער (גדר) זאָל ער זיי אריינשלינגן. **למשל, אויב דער טאָל איז געווען טיף אפילו 1000 איילן, אָבער אין דער הויך, פון איין ראנד פון טאָל ביז צום צווייטן ראנד פון טאָל איז מער ניט ווי 50 איילן, רעכנט מען אים נאָר 50 איילן. דאָסזעלבע איז אויך מיט א בארג שטיינער, וועלכער ליגט אָנגעלייגט קרום, און דער שיפוע, די קרומקייט ארויף, איז הויך אפילו 1000 איילן, אָבער אונטן, אין דורכשניט, איז מער ניט פאראן ווי 50 איילן, מעסט מען נור 50 איילן, מען שטעלט אויף שטאַנגען פוןביידע זייטן באַרג, און מען מעסט צווישן די שפיצן פון די שטאַנגען.** וחוזר למדתו, און ער גייט צוריק צו זיין מעסטן. **די גמרא טייטשט, אז אויב למשל אין איין אָרט פון טאָל קאָן ער ניט מעסטן מיט דעם 50־אייל־שטריק, ווייל דער טאָל איז ברייטער פון 50 איילן, אָבער אין אן אנדערן אָרט פון זעלבן טאָל, אן אָרט, וואָס ליגט ניט אויפן וועג פון שטאָט, קאָן מען יאָ מעסטן, ווייל ער איז שמעלער, זאָל מען דאָרט מעסטן און דערנאָך צוריקקומען צום פריערדיקן אָרט און ווייטער מעסטן.** הגיע, אויב ער קומט צו צו א באַרג זאָל ער אים איינשלינגן און צוריקקומען צו זיין מעסטן. **עס איז דערזעלבער דין וואָס פריער,**

וחוזר למדתו. (הגיע להר מבליעי וחוזר למדתו), ובלבד שלא יצא חוץ לתחום. אם אינו יכול להבליעו, בזו אמר ר׳ דוסתאי בר ינאי משום רבי מאיר, שמקדרין בהרים:

ה. אין מודדין אלא מן המומחה. ריבה למקום אחד, ומיעט למקום אחר, שומעין למקום שריבה. ריבה לאחד ומיעט לאחר, שומעין למרובה. אפילו עבד, אפילו שפחה נאמנין לומר, עד כאן תחום שבת, שלא אמרו חכמים את הדבר להחמיר, אלא להקל:

ו. עיר של יחיד ונעשית של רבים, מערבין את כולה. ושל רבים

---

די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען דער בארג איז ניט זייער גלייך, נאָר ער איז גענוג קרום, אזוי ווען מען גייט אויף אים 5 איילן, ווערט ער העכער ניט מער ווי מיט 10 טפחים (א אייל איז 6 טפחים). ובלבד, אָבער ער זאָל ניט ארויסגיין פון דעם תחום פון מעסטן. דער טייטש איז, אז ער זאָל ניט אוועקגיין אין דער זייט (ארויס פון דער מעסטונגס־גרעניץ, תחום) צו מעסטן, נאָר ער זאָל מעסטן גלייך. אם אינו, אויב ער קאָן ניט איינשלינגן (מען קאָן ניט מעסטן דעם בארג מיט א שטריק פון פופציק איילן), דערויף האָט געזאָגט ר׳ דוסתאי ברבי ינאי אין נאָמען פון ר׳ מאיר: איך האָב געהערט, אז מען שטעכט אדורך אין בערג. אויב ווען מען זאָל אויפשטעלן העכערע שטאנגן בייביידע זייטן פון בארג וועט מען צווישן די שטאנגן ניט קאָנען מעסטן, ווייל עס איז מער פון 50 איילן, זאָל מען אפשאצן וויפיל עס וועט האלטן דער בארג ווען מען וועט אים דורכשטעכן אונטן. די גמרא זאָגט, אז מען דערגייט די דאָזיקע מאָס, ווען מען מעסט מיט א שטריק פון 4 איילן, אָבער ביים דאָזיקן מעסטן האלט דער אונטערשטער מעסטער איין שפיץ שטריק ביים הארץ און דער אויבערשטער מעסטער האלט דעם אנדערן שפיץ שטריק ביי די פיס, און אזוי מעסט מען כסדר צו 4 איילן, און דער דאָזיקער אונטערשיד אין דער הויך פון א מענטשן שלינגט איין דעם שיפוע־אונטערשיד פון בארג. אנשטאט „מקדרין״ איז דער „ערוך״ גורס „מקדדין״, און עס איז אויך פאראן א גירסא „מקרדין״.

ה. אין, מען טאָרניט מעסטן נור דורך אַ מומחה. עס דארף מעסטן נור אַ מענטש א פאכמאן, וועלכער איז בקי אין מעסטן. דער רבנו תם (אין תוספות) טייטשט „מן המומחה״: פון א „גלייכער מעסטונגס־ליניע״ קייגן דער שטאָט, און מען טאָר ניט מעסטן פון דער זייט שטאָט (מומחה פון וואָרט „ומחה על כתף במדבר ל״ד). ריבה למקום, אויב מען האָט אין איין אָרט געמאכט לענגער (דעם תחום) און אין איין אָרט קורצער, נעמט מען אָן (שומעין, מען הערט, מען פאָלגט) לויט דעם לענגערן אָרט. אויב מען האָט געפונען סימנים פון תחום־שבת (פון סוף פון די 2000 איילן) אויפן זעלבן וועג פון שטאָט, נאָר אין איין אָרט נענטער און אין אן אנדערן אָרט ווייטער, נעמט מען דאָס ווייטערע אָרט, און מ׳האלט, אז די מעסטערס פון נענטערן אָרט האָבן ניט גענוג אויסגעצויגן דעם שטריק. ריבה לאחד, אויב (צוויי מענטשן האָבן באזונדער געמאָסטן אויפן זעלבן אָרט, און) ביי איינעם איז ארויסגעקומען מער און ביים אנדערן ווינציקער, נעמט מען דעם לענגערן, אויך צוליב דעמזעלבן טעם, ווייל דאָ האָט מען שטארקער געצויגן דעם שטריק. אפילו עבד, אפילו א שקלאַף, אפילו א שקלאפין, זענען באגלויבט צו זאָגן אז ביז דאנען (ציט זיך) דער תחום שבת (די צוויי טויזנט איילן) ווייל די חכמים האָבן (ביי עירוב־תחומין־זאכן) ניט געזאָגט מחמיר צו זיין נאָר מיקל צו זיין. כאָטש געווייינטליך קאָנען שקלאפן ניט זיין קיין עדות, אָבער ביי ערוב־תחומין האָט מען מיקל געווען און מען נעמט אָן זייער עדות. רשי זאָגט, ווייל דער איסור ניט צו זיין מער ווי 2000 איילן איז ניט מדאורייתא, נאָר מדרבנן, און דעריבער איז מען מיקל. עס זענען פאראן טייל מיינונגען, אז ביי לענגערע וועגן איז דער איסור יאָ מדאורייתא.

ו. עיר, אויב א שטאָט האָט געהערט צו איין מענטש, און זי איז געוואָרן א

**ונעשית של יחיד, אין מערבין את כולה, אלא אם כן עשה חוצה לה. כעיר חדשה שביהודה שיש בה נ׳ דיורים, דברי ר׳ יהודה; ר׳ שמעון אומר ג׳ חצירות של שני בתים:**

**ז. מי שהיה במזרח, ואמר לבנו. ״ערב לי במערב״, במערב — ואמר**

שטאָט וואָס געהערט צו א סך מענטשן מעג מען מאכן א עירוב (א עירובי חצרות) פאר דער גאַנצער שטאָט. די משנה לערנט דאָ ניט וועגן עירובי תחומין נאָר וועגן **א עירוב חצרות** (זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין), וואָס ווערט געמאכט אויב אין דער שטאָט מעג מען לויט דעם דין פון דער תורה טראָגן אים שבת, דהיינו, זי איז ניט געווען א ריכטיקער רשות הרבים, נאָר די חכמים האָבן גע׳אסר׳ט צו טראָגן סיידן מען מאכט א באלקן, א ברעטל (זע פריער פרק א׳) און די איינוואוי־נער לייגן אוועק ברויט בשותפות און עס הייסט ווי די הייזער ווערן איין רשות. **זאָגט די משנה אַז אויב אין דער שטאָט האָבן געהערט אַלע הייזער צו איין מענטשן (עיר של יחיד) און ער האָט פארדינגגן צו איינוואוינער, און דערנאָך האָבן אסך מענטשן אָפגעקויפט די הייזער און זי איז געוואָרן א ״עיר של רבים״, א שטאָט וואָס גע־הערט צו א סך מענטשן, מעג מען מאכן א עירוב חצרות פאר אלע איינוואוינער און אלע זאָלן מעגן טראָגן אים שבת. מחמת די שטאָט האָט ווייטער דעם דין ווי א שטאָט וואָס געהערט צו איין מענטש.** ושל רבים, און אויב די שטאָט האָט צוערשט געהערט צו א סך מענטשן און דערנאָך (האָט איין מענטש אָפגעקויפט אלע הייזער און) זי איז געוואָרן א שטאָט וואָסס געהערט צו איין מענטש, טאָר מען ניט מאכן איין עירוב פאר אלע מענטשן וועלכע וואוינען אין דער דאָזיקער שטאָט, נאָר מען מוז איבערלאָזן (א טייל איינוואוינער) אויסער דעם עירוב (חוצה לה). **מחמת דער דין איז, אז אין א שטאָט וואָס געהערט צו א סך מענטשן, טאָר מען ניט מאכן א עירוב פאר אלע איינוואוינער, נאָר מען מוז איבערלאָזן עטליכע איינוואוינער אָן א עירוב און זיי זאָלן ניט טאָרן טראָגן אים שבת. דאָס האָט מען מתקן געווען כדי מען זאָל ניט פארגעסן דעם דין פון ניט טאָרן טראָגן אים שבת אין א רשות פון א רבים. און ווייל די שטאָט האָט פריער געהערט צו א סך מענטשן, כאָטש איצט געהערט זי צו איין מענטש, האָט זי דעם דין פון א שטאָט פון רבים. איצט וועט די משנה ענטפערן אויף דער שאלה: וויפיל דארף מען איבערלאָזן הייזער מיט איינ־וואוינער אָן א ערוב? און די משנה זאָגט:** כעיר, אזוי פיל (הייזער מיט איינוואוי־נער) וויפיל עס איז פאראן אין דער שטאָט חדשה אין יהודה, וועלכע האָט פופציק וואוינונגן, אזוי זאָגט ר׳ יהודה; ר׳ שמעון זאָגט, אז (מען דארף איבערלאָזן) דריי הייפן (וואָס אין יעדן הויף זענען פאראן) צו צוויי הייזער. **דער ברטנורא זאָגט (אויפן יסוד פון דער גמרא) אז אויב די שטאָט, אפילו פון א רבים, האָט נור איין טויער דארף מען ניט איבערלאָזן און מען קאָן מאכן א עירוב פאר אלע. די שטאָט חדשה ווערט דערמאָנט אין ספר יהושע ט״ו אין טייל פון שבט יהודה. זי ווערט אויך דערמאָנט אין ספר חשמונאים א׳ ד׳, אז לעבן חדשה האָט יהודה המכבי אָפּ־געהאלטן א נצחון קייגן ניקנור דעם גענעראל פון אנטיוכוס. היינט איז זי א חורבה אין צפון פון ירושלים און הייסט אין אראביש ״עדאסא״. — עס איז זייער שווער צו פארשטיין, ווי קומט די דאָזיקע משנה מיט דעם דין פון עירובי חצרות אהער אין דער מיט פון משנות מיט דינים פון עירובי תחומין.**

ז. מי שהיה, אז איינער איז געווען (פרייטאָג) אין (פעלד צו) מזרח־זייט (פון זיין הויז) און ער האָט געזאָגט צו זיין זון: לייג פאר מיר א עירוב (תחומין) אין מערב־זייט (פון הויז) אָדער ער איז געווען אין מערב־זייט און ער האָט געזאָגט צו זיין זון: ״לייג פאר מיר א עירוב אין מזרח״, איז אויב עס איז פון אים (פון דעם אָרט אין פעלד וואו ער געפינט זיך פרייטאָג בין השמשות) ביז צו זיין הויז צוויי טויזנט איילן, און צו (דעם אָרט פון) זיין עירוב מער ווי דאָס (מער ווי צוויי טויזנט איילן), מעג ער (גיין) צו זיין הויז, און ער טאָרניט גיין צו (דעם אָרט פון) זיין עירוב.

**לבנו: „ערב לי במזרח״, אם יש הימנו ולביתו אלפים אמות ולערובו יותר מכאן, מותר לביתו ואסור לערובו; לערובו אלפים אמה ולביתו יותר מכאן, אסור לביתו ומותר לערובו. הנותן את ערובו בעיבורה של עיר, לא עשה ולא כלום. נתנו חוץ לתחום, אפילו אמה אחת, מה שנשכר הוא מפסיד:**

**ח. אנשי עיר גדולה מהלכין את כל עיר קטנה, ואין אנשי עיר**

---

מחמת פרייטאָג בין השמשות ווען דער מענטש דאַרף קונה שביתה זיין איז ער דאָך געוועזן ווייט פון עירוב מער ווי 2000 איילן, האָט ער דאָך אהין ניט געטאָרט גיין מחמת עס איז דאָך שוין שבת ממילא האָט ער ניט קונה־שביתה־געוועזן אויפן עירוב־אָרט, ווייל דער ערוב ווערט נאָר א גוטער עירוב, ווען דער מענטש, פאַר וועלכן מען האָט אים געלייגט, קאָן אויב ער וויל צוגיין פרייטאָג בין השמשות צום עירוב־אָרט. דעריבער הייסט עס ווי מען האָט אינגאנצן ניט געלייגט פאַר אים קיין עירוב, און ווייל דער עירוב איז ניט קיין גוטער וויל ער דאָך מסתמא קונה שביתה זיין ביי זיך אין הויז. און אזוי ווי זי צום הויז איז נור 2000 איילן מעג ער אהינגיין אים שבת. לעירובו אלפים, אויב צו זיין עירוב־אָרט איז צוויי טויזנט איילן און צו זיין הויז מער ווי דאָס (מער ווי צוויי טויזנט איילן), טאָר ער ניט (גיין) צו זיין הויז און ער מעג גיין צו זיין עירוב־אָרט. ווייל ער קאָן דאָך פרייטאָג בין השמשות צוגיין צום עירוב־אָרט, דעריבער איז דער עירוב א גוטער עירוב, און ער מעג צוגיין צום עירוב־אָרט, ווארום עס איז דאָך ניט מער ווי 2000 איילן. אָבער צו זיין הויז טאָר ער ניט גיין, מחמת עס איז ווייטער פון 2000 איילן. די גמרא פרעגט, אז אויב ער איז אין מזרח פון הויז און דאָס עירוב־אָרט איז אין מערב פון הויז, ווי אזוי זשע איז מעגליך, אז ער זאָל זיין צום הויז ווייטער ווי צום עירוב־אָרט? און די גמרא ענטפערט אז דאָס הויז איז געשטאַנען אין „אלכסון״, דאָס הייסט ווייט אין דער זייט פון דער גלייכער ליניע וואָס ציט זיך פון אים צום עירוב־אָרט. הנותן, אז איינער לייגט זיין ערוב אין דעם שטאָט־צוגאָב (עיבורה של איר) האָט ער גאָר־ניט ניט געטאָן. „עיבורה של איר״ האָבן מיר איבערגעזעצט „שטאָט־צוגאָב״. אין רשי טייטשט, אז דאָס מיינט מען, אז ער האָט געלייגט דעם עירוב אין א הויז וואָס שטייט אין די 70 איילן מיט 2 דריטל אייל לעבן דער שטאָט. און ווייל דאָס ווערט סיי ווי פאַררעכנט ווי די שטאָט, הייסט עס ווי גאָרניט געלייגט קיין עירוב. זע פריער אין משנה א׳ פון דאָזיקן פרק וועגן וואָרט „מעברין״. נתנו, אויב ער האָט אים (דעם עירוב) געלייגט אויסר דעם שטאָט־צוגאָב (חוץ לתחום, אויסער פון די דערמאָנ־טע זיבציג איילן מיט צוויי דריטל אייל, אויסער פון דעם עיבורה של עיר) אפילו נור איין אייל, איז וואָס ער פאַרדינט (אין דער שטאָט־זייט פון עירוב) פאַרלירט ער אין דער אַנדערער שטאָט־זייט. אומעטום מיינט מען חוץ לתחום, אויסער די 2000 איילן, אָבער דאָ טייטשט די גמרא אז מען מיינט אויסער די 70 איילן מיט 2 דריטל אייל פון דער שטאָט, די משנה זאָגט אז אויב ער האָט למשל, געלייגט דעם עירוב איין אייל ווייט פון דעם עיבורה של עיר אין מערב זייט, האָט ער פאַרדינט דעם איינעם אייל און ער מעג גיין צו מערב זייט 2001 אייל (און נאָך 4 אייל, ווי מיר וועלן זען ווייטער), אָבער ער האָט דעם דאָזיקן אייל פאַרלוירן אין מזרח־זייט, און דאָרט טאָר ער מער ניט גיין ווי 1999 איילן אין מזרח־זייט, און די שטאָט אליין גייט ניט אריין אין חשבון, ווייל די גאנצע שטאָט ווערט פאַררעכנט ווי 4 איילן. ר׳ עקיבא איגר באַמערקט דאָ אז די 4 איילן ווערן אויך ניט אראָפּגערעכנט ווייל יעדן איינעם קומט צו 4 איילן צו די 2000 ווי די חכמים זאָגן פריער פרק ד׳ משנה ה׳.

ח. אנשי, די מענטשן פון דער גרויסער שטאָט מעגן גיין (מיט א עירוב) די גאנצע קליינע שטאָט, אָבער די מענטשן פון דער קליינער שטאָט טאָרן ניט גיין די גאַנצע גרויסע שטאָט. אויב עס איז געווען א גרויסע שטאָט און לעבן איר, אין די 2000 איילן, איז געווען א קליינע שטאָט, און די מענטשן פון דער גרויסער שטאָט

**קטנה, מהלכין את כל עיר גדולה. כיצד? מי שהיה בעיר גדולה ונתן את ערובו בעיר קטנה, בעיר קטנה ונתן את ערובו בעיר גדולה, מהלך את כולה, וחוצה לה אלפים אמה. ור׳ עקיבא אומר, אין לו אלא ממקום ערובו אלפים אמה:**

**ט. אמר להן רבי עקיבא, אי אתם מודים לי בנותן ערובו במערה,**

---

האָבן געלייגט א עירוב צום סוף פון די 2000 איילן, מעגן די גרויסע שטאָט-מענטשן גיין די גאנצע 4000 איילן און זיי דארפן ניט אריינרעכענען דעם שטיקל וועג, וואס זיי מאכן אדורך אין דער קליינער שטאָט. ווייל די גאנצע קליינע שטאָט ווערט פארעכנט ווי 4 איילן, ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין דער משנה. **אָבער אויב די קליינע־שטאָט־מענטשן האָבן געלייגט א עירוב צו דער גרויסער שטאָט, און זייערע 4000 איילן האָבן זיך געענדיקט אין מיטן פון דער גרויסער שטאָט, טאָרן זיי ניט גיין די גאנצע גרויסע שטאָט, נאָר ביז צום אָרט וואו די 4000 איילן ענדיקן זיך.** די משנה באנוצט דאָ די ווערטער „גרויסע שטאָט״, און „קליינע שטאָט״, און זי מיינט צו לערנען דעם דין, אז אויב די 4000 איילן ענדיקן זיך נאָך דער שטאָט, ווערט דער שטח אין דער שטאָט ניט אריינגערעכנט. און אויב די 4000 איילן ענדיקן זיך אינמיטן דער שטאָט ווערט דער שטח אין דער שטאָט יאָ אריינגערעכנט. **און ווייל געוויינטליך מוזן זיך ענדיקן די 4000 איילן ניט וויטער ווי אין דער מיט פון א גרויסער שטאָט, דעריבער זאָגט די משנה „גרויסע שטאָט״.**
כיצד? ווי אזוי? אויב איינער איז געווען אין א גרויסער שטאָט און האָט געלייגט זיין עירוב אין דער קליינער שטאָט, אָדער ער איז געווען אין דער קליינער שטאָט און האָט געלייגט זיין עירוב אין דער גרויסער שטאָט, מעג ער גיין די גאנצע שטאָט, און אויסער איר 2000 איילן. **דאָס הייסט, אז די שטאָט ווערט ניט אריינגערעכנט. אייגנטליך איז די משנה שווער און איז אין סתירה צום פריערדיקן דין, אַז די קליינע שטאָט־מענטשן קאָנען ניט גיין די גאנצע גרויסע שטאָט, און זי ווערט יאָ אריינ־גערעכנט. די גמרא ענטפערט דערויף אַז אין דער משנה פעלן עטליכע ווערטער און אז מען לערנט דאָ א נייעם דין, דהיינו: אז דאָס וואָס מען האָט פריער געלערנט אז אויב די 4000 איילן ענדיקן זיך אין מיטן דער (גרויסער) שטאָט, מעג מען גיין נור ביז צום דאָזיקן אָרט און ניט אין דער גאנצער שטאָט, איז נור אויב מען האָט געלייגט דעם עירוב אויסער דער שטאָט. אָבער אויב מען האָט געלייגט דעם עירוב אין דער (גרויסער) שטאָט, ווערט די גאנצע שטאָט ניט אריינגערעכנט, אפילו איר שטח איז א סך מער פון 4000 איילן, און די גאנצע שטאָט ווערט גערעכנט ווי 4 איילן.** ור׳ עקיבא, און ר׳ עקיבא זאָגט, אז ער האָט ניט פון אָרט פון זיין עירוב מער ווי צוויי טויזנט איילן. **ער האלט, אז אפילו דער עירוב ליגט אין דער שטאָט ווערט דער שטח אין דער שטאָט יאָ אריינגערעכנט אין די 2000 איילן פון עירוב־אָרט אָן.**
ט. אָמר להן, האָט ר׳ עקיבא צו זיי (צו די חכמים) געזאָגט: צי זענט איר ניט מודה, אז אויב איינער לייגט זיין עירוב אין א הייל, אז ער האָט ניט מער ווי צוויי טויזנט איילן (פון אָרט פון זיין עירוב)? **און אויב די הייל ציט זיך לאנג, ווערט דער שטח פון דער הייל יאָ אריינגערעכנט.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ עקיבא): ווען (איז דאָס געזאָגט געוואָרן ביי דער הייל, אז איר שטח ווערט אריינגערעכנט)? ווען עס זענען אין איר ניט פאראן וואוינונגן (דיורין), אָבער אויב עס זענען אין איר פאראן וואוינונגן, מעג ער גיין די גאנצע הייל און אויסער איר (נאָך) צוויי טויזנט איילן. **די חכמים האלטן, אז אויב אין דער הייל זענען פאראן וואוינונגן, מען קאָן וואוינען אין איר, אירע ווענט זענען ניט איינגעפאלן (כאָטש איצט וואוינט ניט קיינער), ווערט איר שטח טאקע ניט אריינגערעכנט און זי האָט דעם דין ווי א שטאָט. עס דארף באמערקט ווערן, אז אין ארץ ישראל זענען פאראן היילן וועלכע ציען זיך ווייט (פון תנך איז באקאנט די מערת צדקיהו) און גאנץ אָפט וואוינען מענטשן אין די היילן.** נמצא, קומט אויס, אז אין איר אינווייניק (אינ־

**שאין לו (ממקום ערובו) אלא אלפים אמה? אָמרו לו, אימתי? בזמן שאין בה דיורין, אבל יש בה דיורין, מהלך את כולה וחוצה לה אלפים אמה. נמצא, קל תוכה מעל גבה. ולמודד שאמרו נותנין לו אלפים, שאפילו סוף מדתו כלה במערה:**

## פרק ו.

**א. הדר עם הגוי בחצר, או עם מי שאינו מודה בערוב, הרי זה**

---

וויניק פון דער הייל) איז לייכטער ווי איבער איר (איבער דער הייל). **מחמת אויב מען לייגט דעם עירוב אין דער הייל ווערט דער הייל־שטח ניט אריינגערעכנט; אָבער אויב מען לייגט דעם עירוב אין דרויסן, איבער דער הייל, איז עס ווי געלייגט אין פעלד, און דער הייל־שטח ווערט יאָ אריינגערעכנט, ווייל איבער דער הייל קאָן דאָך קיינער ניט וואוינען.** ולמודד, און וואָס נוגע דעם (וועלכער האָט געלייגט א עירוב און מען האָט געזאָגט אז) ער מעסט און מען גיט אים צוויי טויזנט איילן (פון אָרט וואו ער האָט געלייגט דעם עירוב), איז אפילו דער סוף פון זיין מעסטן (פון די צוויי טויזנט איילן) ענדיקט זיך אין דער הייל (טאָר ער ווייטער ניט גיין). **אזוי טייטש די גמרא די דאָזיקע משנה, און דאָס איז אייגענטליך דער דין וואָס מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ט׳, אז אויב מען לייגט דעם עירוב ניט אין דער שטאָט נאָר אויסער דער שטאָט, ווערט דער שטח פון דער שטאָט יאָ אריינגע־רעכנט אין די 2000 איילן, אויב די 2000 איילן ענדיקן זיך אין מיטן דער שטאָט, און מען טאָר ווייטער ניט גיין. אויך דאָ זענען די חכמים מודה צו ר׳ עקיבא, אז אויב די 2000 איילן (פון עירוב־אָרט) ענדיקן זיך אין מיטן פון דער הייל, אפילו אין דער הייל קאָנען מענטשן וואוינען, טאָר ער ניט גיין ווייטער, אויב דער עירוב ליגט ניט אין דער הייל.**

**אין די לעצטע עטליכע פרקים האָט די משנה געלערנט וועגן עירוב פון תחומין, איצט הויבט אָן די משנה צו לערנען די דינים וועגן עירובי חצרות און שיתופי מבואות. כדי צו פארשטיין בעסער די דינים וועלן מיר דאָ געבן א הקדמה כאָטש מיר האָבן שוין אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין דערקלערט, וואָס מען מיינט דערמיט. דער רמבם זאָגט, אז לויטן דין פון דער תורה מעג מען טראָגן אים שבת אין א שטאָט וואָס איז ארומגעצוימט, און אין אירע גאסן (מבוי) און אין די הייפן. אָבער די חכמים האָבן געזאָגט, אז דאָרט וואו עס וואוינען מער ווי איין מענטש, טאָר מען ניט ארויס־טראָגן פון דער וואוינונג אין הויף, פון איין הויף אין אנדערן הויף, פון הויף אין גאס (מבוי), און עס הייסט אז יעדעס פון זיי איז א באזונדערע רשות. אָבער כדי מען זאָל יאָ מעגן טראָגן, האָבן די חכמים מתקן געווען, אז אין א הויף און צווישן די הייפן זאָל מען מאכן א „עירובי הצרות״, דאָס הייסט מען נעמט פאר אלע איינוואוינער ברויט, און מען לייגט עס אוועק, און עס הייסט דאדורך ווי די אלע איינוואוינער האָבן זיך פאראייניקט, „מערב״ געווען, זיך אויסגעמישט, און זיי זענען אלע ווי איין רשות. דאָסזעלבע זאָלן אלע איינוואוינער פון די הייפן אין דער גאס (מבוי) צונויפ־נעמען שפייז און עס הייסט ווי אלע זענען פאראייניקט אין איין רשות; דאָס הייסט „שיתופי מבואות״, און מען מעג ארויסטראָגן פון די הייפן אין גאס. די משנה וועט דאָ לערנען די דינים פון עירובי חצרות און שיתופי מבואות.**

## פרק ו.

א. הדר, אז איינער (א ייד) וואוינט מיט א גוי אין איין הויף, אָדער מיט איי־נעם, וועלכער גלויבט ניט אין עירוב, אסר׳ט ער (דער גוי אָדער ניט־גלויביקער כותי) אויף אים (אויף דעם פרומען ייד). **מיט א גוי אָדער מיט א מענטש, וועלכער גלויבט ניט אין עירוב, דאָס איז א כותי, קאָן מען ניט מאכן קיין עירובי חצרות. דעריבער אויב א ייד וואוינט אין איין הויף מיט א גוי אָדער מיט א ניט־גלויביקן כותי, טאָר דער ייד ניט ארויסטראָגן אים שבת פון זיין הויז אין הויף אריין. ביי א גוי העלפט אפילו ניט, ווען ער איז „מבטל זיין רשות״, ווען ער זאָגט צום ייד, אז ער שיינקט אוועק זיין**

**אוסר עליו, (דברי רבי מאיר); רבי אליעזר בן יעקב אומר, לעולם אינו אוסר עד שיהו שני ישראלים אוסרין זה על זה:**

**ב. אמר רבן גמליאל, מעשה בצדוקי אחד שהיה דר עמנו במבוי בירושלים, ואמר לנו אבא, מהרו והוציאו את (כל) הכלים המבוי, עד**

**רשות.** עס איז נור פאראן איין עצה, דהיינו, דער ייד מוז דינגן ביים גוי זיין, דעם גוי'ס, **רשות** אין הויז און אין הויף, און דעמאָלט הייסט עס ווי דער גאַנצער הויף געהערט צום ייד אליין, און ער מעג דעמאָלט ארויסטראָגן אים שבת פון זיין וואוינונג אין **הויף.** ר' אליעזר בן יעקב זאָגט, אז ער (דער גוי) קאָן ניט אסרן, סיידן ווען עס זענען פאראן צוויי יידן (וואוינען אין הויף) צו אסרן איינער אויפן אנדערן. **די גמרא טייטשט אזוי: סיי די סתם משנה און סיי ר' אליעזר בן יעקב האלטן אז דעם גוי'ס דירה איז ניט קיין דירה, און ממילא הייסט עס ניט ווי דער גוי וואוינט אין הויף און ער קאָן בכלל ניט אסרן. נאָר די סתם משנה האלט, אז כאָטש א גוי איז דאָך חשוד צו הרגענען יידן און איין ייד טאָר ניט וואוינען אליין מיט א גוי אין א הויף, פונדעסט־וועגן טרעפט זיך, אז איין ייד זאָל יאָ וואוינען מיט א גוי אליין אין א הויף. און אזוי ווי די חכמים האָבן ניט געוואָלט אז א ייד זאָל וואוינען צוזאמען מיט א גוי (ער זאָל זיך ניט אפלערנען פון זיינע מעשים) האָבען זיי געמאכט דעם דין, אז אַ גוי זאָל אסרן אויף א ייד דאָס טראָגן אים שבת אין הויף און דער גוי זאָל ניט קאָנען „מבטל זיין" דעם רשות און אז מען זאָל מוזן דינגן פון אים, און א גוי וועט ניט וועלן פארדינגען, וועט דער ייד זיך מוזן באמיהען ניט צו וואוינען מיטן גוי אין איין הויף. אָבער ר' אליעזר בן יעקב האַלט, אז עס טרעפט זיך ניט, אז איין ייד זאָל וואוינען מיט א גוי אליין אין הויף, מחמת ער וועט מורא האָבן אז ער וועט אים הרגענען; אָבער עס טרעפט זיך אז צוויי יידן זאָלן יאָ וואוינען מיטן גוי, ווייל זיי האָבן ניט קיין מורא פאר אים. דעריבער האָבן די חכמים גע'אסר'ט נור ביי צוויי יידן, כדי זיי זאָלן ניט וואוינען צוזאמען מיטן גוי. דאקייגן ביי איין ייד, ווייל עס טרעפט זיך ניט, האָבן די חכמים ניט גוזר געווען, די משנה זאָגט „איינער וועלכער גלויבט ניט אין עירוב". די גמרא טייטשט, אז דאָס מיינט מען א כותי, דאָס איז א שומרוני, א סעקטע, וועלכע גלויבן נור אין תורת משה אָבער ניט אין די נביאים און ניט אין תורה שבעל פה און זיי האַלטן ניט פון די דינים פון עירוב, און טייל חכמים האָבן זיי בכלל ניט געהאלטן פאר קיין יידן.**

ב. אמר, האָט רבן גמליאל געזאָגט: עס איז געווען א מעשה מיט איין צדוקי (א ייד וואָס גלויבט ניט אין עירוב) וועלכער האָט געוואוינט מיט אונז אין א געסל אין ירושלים, און דער פאָטער (רבן גמליאל'ס פאָטער) האָט אונז געזאָגט: „איילט אייך און פירט ארויס אייערע זאכן אין געסל, כדי ער (דער צדוקי) זאָל ניט ארויסטראָגן זיינע זאכן (אין געסל) און אסרן אויף אייך. **די גמרא טייטשט, אז אין דער משנה פעלן עט־ליכע ווערטער (חסורי מחסרא), און אז עס דארף זיין אזוי: „און א צדוקי האָט דעם דין ווי א גוי". און דערויף איז מחולק רבן גמליאל און ער זאָגט, אז א צדוקי האָט ניט דעם דין ווי א גוי, און ער ברענגט א ראיה פון דער מעשה. ווייל אויב ער וואָלט גע־האָט דעם דין ווי א גוי, וואָלט מען דאָך אודאי געדינגען ביי אים זיין רשות. טאָ וואָס־זשע איז געווען מורא צו האָבן, טאָמער וועט ער ארויסטראָגן די זאכן אין געסל? דע־ריבער מוז מען אָננעמען, אז א צדוקי האָט ניט דעם דין ווי א גוי, און אזוי ווי קיין ערוב צוזאמען מיט אים האָט מען דאָך ניט געקאָנט מאכן (ווייל ער גלויבט דאָך ניט אין דעם) האָט מען אים געבעטן, און ער האָט מבטל געווען זיין רשות, און דעריבער האָט מען מורא געהאַט, אַז דער צדוקי וועט פריער ארויסטראָגן זיינע זאכן אין געסל איידער רבן גמליאלס מענטשן טראָגן ארויס די זאכן, און עס וועט הייסן ווי ער האָט צוריק פארנומען דעם רשות אין געסל. אָבער אויב זיי האָבן פארנומען פריער דאָס געסל (דורך ארויסטראָגן זייערע זאכן) קאָן שוין דער צדוקי ניט אָפּרופן זיין פריערדיקן רשות־מבטל־זיין.** ר' יהודה זאָגט, (אז ער האָט זיי געזאָגט) **מיט אן אנדערן**

**שלא יוציא ויאסר עליכם. רבי יהודה אומר בלשון אחר, מהרו ועשו צרכיכם במבוי, עד שלא יוציא ויאסר עליכם:**

**ג. אנשי חצר ששכח אחד מהן ולא עירב, ביתו אסור מלהכנים ומלהוציא לו ולהם, ושלהם מותרין לו ולהם. נתנו רשותן, הוא מותר, והן אסורין. היו שנים, אוסרין זה על זה, שאחד נותן רשות ונוטל רשות, שנים נותנים רשות ואין נוטלין רשות:**

---

לשון (דהיינו): איילט אייך און טוט (פאר שבת) אייערע באדארפענישן אין געסל איידער עס וועט ארויסגיין (דער פרייטאָג־טאָג און עס וועט ווערן שבת) און ער (דער צדוקי) וועט אסרן אויף אייך. לויט ר׳ יהודה האָט א צדוקי יאָ דעם דין פון א גוי, נאָר רבן גמליאל׳ס פאָטער האָט ניט געהייסן ארויסטראָגן די זאכן אין געסל, נאָר ער האָט געהייסן אָפטאָן אים ערב שבת אלץ וואָס זיי דארפן אין געסל, כדי זיי זאָלן אים שבת גאָרניט דארפן מער טאָן אין געסל, מחמת דער צדוקי אסרט אויף זיי. אזוי טייטשט די גמרא ר׳ יהודה׳ס ווערטער. — א צדוקי האָט געהייסן א ייד, אן אנהענגער פון דער צדוקים־סעקטע, וועלכע האָבן געגלויבט אין תורה משה און די נביאים, נאָר האָבן ניט געגלויבט אין תורה שבעל פה, און האָבן ניט געהאַלטן פון עירוב.

ג. אנשי, די איינוואוינער פון א הויף, אויב איינער פון זיי האָט פארגעסן און האָט ניט געמאכט (צוזאמען מיט די אנדערע) דעם עירוב (און ער האָט מבטל געווען צו די אנדערע איינוואוינער זיין רשות אין הויף, אָבער ניט זיין רשות אין זיין הויז), טאָר ניט ער און עס טאָרן ניט אויך זיי (די אנדערע איינוואוינער) אריינטראָגן (פון הויף) אין זיין הויז און ארויסטראָגן (פון זיין הויז אין הויף), אָבער זייערע (הייזער) זענען מותר (מעגן ארויסטראָגן און אריינטראָגן אין זיי) סיי ער (דער וועלכער האָט ניט געמאכט דעם עירוב) און סיי זיי (די אנדערע איינוואוינער). פון זיין הויז טאָר ער ניט אריינטראָגן אין הויף ווייל ער האָט דאָך ניט געמאכט קיין עירוב, און די אנדערע איינוואוינער טאָרן ניט אריינטראָגן אהין, ווייל דעם רשות פון הויז האָט ער צו זיי ניט מבטל געווען, ניט אוועקגעשאָנקן. אָבער פון זייערע הייזער מעגן זיי אריינטראָגן אין הויף, מחמת דער גאנצער הויף איז דאָך זייערער, ווארום דעם חלק רשות וואָס דער ניט־עירוב־מאכער האָט אין הויף האָט ער דאָך מבטל געווען צו זיי. אָבער אויך ער, דער ניט־עירוב־מאכער, מעג אריינטראָגן אין הויף פון זייערע הייזער, מחמת ווייל ער האָט זיי אוועקגעשאָנקן זיין רשות אין הויף הייסט ער ביי זיי אן אורח, און אן אורח מעג מטלטל זיין אין רשות פון דעם בעל הבית. נתנו, אויב זיי האָבן אים אוועקגעגעבן זייער רשות (אין הויף), מעג ער (ארויסטראָגן פון זיין הויז אין הויף), אָבער זיי טאָרן ניט. די אנדערע איינוואוינער טאָרן ניט ארויסטראָגן ניט פון זייערע הייזער אין הויף, ווייל דער הויף איז דאָך שוין ניט זייערער; און אויך ניט פון זיין הויז אין הויף, און זיי הייסן ניט קיין אורחים ביי אים, ווארום מען נעמט אָן, אז נור איין מענטש (א יחיד) קאָן זיין אן אורח ביי א סך מענטשן (ביי א רבים), אָבער א סך מענטשן (א רבים) קאָנען ניט הייסן אורחים ביי איין מענטש. היו שנים, אויב צוויי (מענטשן פון די הויף־איינוואוינער האָבן פארגעסן צו מאכן דעם עירוב) אסרן זיי איינעד אויף דעם אנדערן, ווייל איין מענטש קאָן געבן (מבטל זיין) זיין רשות (צו אנדערע) און (אויך) נעמען דעם רשות (פון אנדערע), (אָבער צוויי) קאָנען געבן זייער רשות (צו אנדערע) און קאָנען ניט נעמען רשות (פון אַנדערע). אַפילו די איבעריקע איינוואוינער פון הויף האָבן מבטל געווען צו די דאָזיקע צוויי מענטשן, לאָמיר זאָגן, צו ראובן און שמעון, זייער רשות, טויג אויך ניט, ווייל בשעת זיי האָבן מבטל געווען זייער רשות איז דאָך נאָך בנוגע ראובן געבליבן שמעון׳ס חלק, וואָס אסרט אויף ראובנען און בנוגע שמעון איז געבליבן ראובן׳ס חלק וואָס אסרט אויף שמעונען. און אפילו איינער פון זיי, למשל שמעון, שענקט דערנאָך אויך אוועק זיין חלק צו ראובנען טויג אויך ניט, ווייל ער קאָן ניט אוועקשענקן דעם חלק, וועלכן די איבריקע איינוואוינער האָבן אוועקגעשאָנקן צו אים, צו שמעונען, ווייל ער האָט אים נאָכניט געהאַט באקומען, ווייל דאָס מבטל זיין

**ד. מאימתי נותנין רשות? בית שמאי אומרים, מבעוד יום, ובית הלל אומרים, משחשיכה. מי שנתן רשותו והוציא, בין בשוגג בין במזיד, הרי זה אוסר, דברי ר׳ מאיר; ר׳ יהודה אומר, במזיד אוסר, בשוגג אינו אוסר:**

**ה. בעל הבית שהיה שותף לשכניו, לזה ביין ולזה ביין, אינם צריכים לערב; לזה ביין ולזה בשמן, צריכים לערב. ר׳ שמעון אומר, אחד זה ואחד זה אינם צריכים לערב:**

---

**דורך די איבריקע איינוואוינער צו שמעונען איז דאָך ניט גוט געווען.**

ד. מאימתי, פון ווען (אין וועלכער צייט) קאָן מען אוועקגעבן (מבטל זיין) דעם רשות? די בית שמאי זאָגן, אז (פרייטאָג) בייטאָג, און די בית הלל זאָגן אז ווען עס איז שוין פינסטער (שבת). **דער דין איז אז אים שבת טאָר מען ניט פירן קיין האנדל, מען טאָר ניט מקנה זיין קיין זאך צו אן אנדערן. זאָגן די בית שמאי, אז אויך דאָס אוועקגעבן דעם רשות הייסט מקנה זיין א זאך, און מען טאָר עס ניט טאָן אים שבת, און מען מוז עס טאָן אים פרייטאָג. אָבער די בית הלל האַלטן אז מבטל זיין א רשות הייסט ניט מקנה זיין, עס הייסט נור זיך אָפּזאָגן פון רשות, און דאָס מעג מען אים שבת אויך.** מי שנתן, אויב איינער האָט אוועקגעשאָנקען זיין רשות (אין הויף) און ער האָט דערנאָך ארויסגעטראָגן (פון זיין הויז אין הויף), אסר׳ט ער, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דאָס הייסט, אז די אנדערע איינוואוינער טאָרן ניט מער טראָגן אין דעם הויף, מחמת דעם רשות, וואָס ער האָט געהאַט זיי אוועקגעגעבן, האָט ער איצט צוריקגענומען דאָר־דורך וואָס ער האָט זיך ווידער באנוצט מיט דעם הויף.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (אויב ער האָט עס געטאָן) במזיד (וועלנדיק עס טאָן) אסרט ער, אָבער אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג (ניט ווילנדיק) אסר׳ט ער ניט. **די מפרשים באמערקן דאָ, אז במזיד קאָן ער אסרן נאָך אויב ער האָט באנוצט דעם הויף איידער די איבריקע איינוואוינער האָבן זיך באנוצט מיט אים, אָבער אויב די איבריקע איינוואוינער האָבן זיך שוין געהאָט באַ־נוצט מיט דעם הויף און ער איז געוואָרן זייערס קאָן ער ניט מער אסרן (אזוי ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ב׳ ביי דער מעשה מיט דעם צדוקי).**

ה. בעל הבית, אויב א בעל הבית איז געווען א שותף צו זיינע שכנים (בעלי בתים אין געסל, אין מבוי), צו דעם (איינעם שכן) אין וויין און דעם (אנדערן שכן) אין וויין דארפן זיי ניט מאכן קיין עירוב (קיין שיתופי מבואות). **מיר האָבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא און אויך אין דער הקדמה צום דאָזיקן פּרק משנה א׳ געגעבן, אז שיתופי מבואות הייסט, ווען אלע בעלי תבים פון געסל (מבוי) נעמען צווישן זיך צונויף עפּיס א שפּייז, ניט דוקא ברויט, עס קאָן זיין וויין, צי אייל, צי אן אנדערע שפּייז און עס הייסט, אז זיי ווערן פאראייניקט און זיי מעגן טראָגן אין געסל אים שבת. זאָגט די משנה, אז אויב א בעל הבית האָט געהאָט בשותפות (סתם א שותפות, ניט וועגן שבת) מיט זיינע שכנים וויין, דארפן זיי מער ניט מאכן קיין שיתופי מבואות, ווייל דאָס וויין־שותפות איז שוין גענוג, און זיי מעגן טראָגן אין געסל אים שבת.** לזה ביין ולזה בשמן, (אויב דער בעל הבית האָט געהאָט בשותפות מיט דעם איינעם שכן) וויין און מיט (דעם אנדערן שכן) אייל דארפן זיי מאכן א עירוב (שיתופי מבואות). **ווייל די אלע שכנים זענען דאָך ניט שותף אין דערזעלבער זאך. די גמרא זאָגט, אז אפילו דער בעל הבית האָט בשותפות מיט איין שכן וויין און מיט דעם אנדערן שכן וויין אָבער אין באזונדערע כלים, הייסט שוין אויך ניט קיין שותפות און מען דארף מאכן שיתופי מבואות.** ר׳ שמעון זאָגט אז סיי דאָס און סיי דאָס (סיי ווען ער האָט מיט אלע שכנים בשותפות וויין, און סיי ער האָט מיט איינעם וויין און מיט איינעם אייל) דארף זיי ניט מאכן קיין עירוב (שיתופי מבואות). **ער האַלט, אז דאָס הייסט אויך שוין משתף געווען זיך, ווייל ער איז דאָך א שותף צו יעדע שכנים. מיר האָבן דאָ געגעבן כסדר אז דאָ לערנט דער דין ניט וועגן עירובי חצרות נאָר וועגן שיתופי מבואות, ניט**

**ו. חמש חבורות ששבתו בטרקלין אחד, בית שמאי אומרים, ערוב לכל חבורה וחבורה, ובית הלל אומרים, ערוב אחד לכולן. ומודים בזמן שמקצתן שרוין בחדרים או בעליות, שהן צריכין ערוב לכל חבורה וחבורה:**

**ז. האחין השותפין שהיו אוכלין על שלחן אביהם וישנים בבתיהם, צריכין עירוב לכל אחד ואחד. לפיכך אם שכח אחד מהם**

---

אין הויף, נאָר אין דעם מבוי, אין געסל, כאָטש אין דער משנה איז פאראן דאָס וואָרט „לערב". ווייל דער דין איז, אז עירובי חצרות קאָן מען ניט מאכן מיט וויין אָדער מיט אייל, נאָר מיט אַ גאנץ ברויט, ווייל דער עירובי חצרות איז א שותפות אין א דירה, אין א וואוינונג, און די דירה פון א מענטש איז דאָרט וואו ער האָט ברויט. אָבער שיתופי מבואות קאָן מען מאכן מיט יעדער שפייז, ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ג' משנה א'.

ו. חמש, אויב פינף גרופן מענטשן (חבורות) האָבן געוואוינט שבת אין א לאנגן זאל (טרקלין), זאָגן די בית שמאי אז יעדער גרופע דארף האָבן א עירוב (חצרות). אויב יעדע גרופע האָט א באזונדער טיר ארויסצוגיין פון איר טייל זאל אין הויף אריין, דארף יעדע גרופע געבן באזונדער איר טייל אין דעם עירוב ברויט פאר דעם הויף. מחמת יעדע גרופע ווערט פאררעכנט אלס באזונדערער בעל הבית, באזונדערע איינ־וואוינער, יעדע גרופע האָט א באזונדערן רשות. און די בית הלל זאָגן, אז עס איז גענוג איין עירוב פאר אלע (גרופן). ווייל זיי וואוינען אין איין זאל, הייסט עס איין רשות. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען אז דער זאל איז צעטיילט דורך ווענטלעך אין 5 טיילן, פאר יעדער גרופע איין טייל. אויב די ווענטלעך זענען הויך און דערגייען ביז צום באלקן זענען אויך די בית הלל מודה אז יעדער טייל איז א באזונדערער רשות; נאָר אויב די ווענטלעך דערגייען ניט ביז צום באלקן, איז די מחלוקה, און די בית שמאי האַלטן, אז דאָס זענען באזונדערע רשותים, און די בית הלל האַלטן, אז עס איז איין רשות. ומודים, און זיי (די בית הלל זענען מודה) אז אויב טייל פון זיי (פון די גרופן) געפינען זיך אין (באזונדערע) צימערן אָדער אין די בוידעם צימערן, דארפן זיי האָבן א עירוב פיר יעדער גרופע. דאָ טייטשט די גמרא, אז דאָס מיינט מען ניט דוקא באזונדערע צימערן, נאָר אפילו אזוי ווי באזונדערע צימערן, דהיינו, אז יעדער טייל זאל איז געווען אָפּגעטיילט מיט ווענטלעך ביז צום באלקן. „טרקלין" איז דאָס גריכישע וואָרט „טריקלינאָן", וואָס איז דער טייטש א גרויסער צימער, און מען האָט דערמיט אָנגערופן דער עיקר דעם גרויסן שפייזע־זאל, וואו מען פלעגט מאכן סעודות פאר געסט. דאָ מיינט מען א גרויסן זאל.

ז. האחין, ברידער, וועלכע (נעמען עסן) ביי זייער פאָטער (על שולחן אביהם) און זיי שלאָפן יעדער ביי זיך אין הויז, דארפן (געבן צום) עירוב יעדער באזונדער. אויב די ברידער און זייער פאָטער און נאָך יידן וואוינען אין זעלבן הויף, און מען מאכט א עירוב, דארף יעדער פון די ברידער צושטייער געבן זיין ברויט צום עירוב. כאָטש זיי נעמען זייערע עסנווארג פון איין אָרט, פון זייער פאָטער, אָבער ווייל זיי האָבן באזונדערע הייזער צום שלאָפן, און דאָס עסנווארג נעמט יעדער צו זיך אין אָרט, וואו ער שלאָפט (דאָס הייסט, אז יעדער האָט א באזונדערן „מקום פיתא", ברויט־אָרט" און א באזונדערן „מקום לינה", שלאָף־אָרט), דארף יעדער באזונדער צושטייער געבן צום עירוב. דער רמבם און דער ברטנורא האָבן דאָ אויך די גירסא „השותפים", און ער טייטשט, אז דערזעלביגער דין איז אויך ביי ארבייטער, וועלכע ארבייטן ביי איין בעל הבית און וואוינען יעדער באזונדער אין זעלבן הויף וואו דער בעל הבית אָבער זיי נעמען צו עסן פון בעל הבית און פירן עס יעדער צו זיך אהיים. דאָס וואָרט „השותפין" מיינט דאָ אז זיי קריגן אלע צו עסן ביים זעלבן בעל הבית. רשי איז ניט גורס דאָס וואָרט „השותפין". לפיכך, דעריבער אויב איינער פון זיי (פון די ברידער) האָט פארגעסן און האָט ניט צושטייער געגעבן צום עירוב, דארף ער מבטל זיין זיין

**ולא עירב, מבטל את רשותו. אימתי? בזמן שמוליכין ערובן למקום אחר; אבל אם היה ערוב בא אצלן, או שאין עמהן דיורין בחצר, אינן צריכין לערב.**

**ח. חמש חצרות פתוחות זו לזו ופתוחות למבוי, ערבו בחצרות ולא נשתתפו במבוי, מותרין בחצרות ואסורין במבוי; ואם נשתתפו במבוי, מותרין כאן וכאן. ערבו בחצרות ונשתתפו במבוי, ושכח אחד**

---

רשות (צו די איבריקע איינוואוינער פון הויף), **כדי זיי זאָלן קאָנען טראָגן אין הויף אים שבת.** אימתי, ווען איז עס געזאָגט געוואָרן (דער דין, אז די ברידער דאַרפן יעדער באזונדער צושטייער געבן צום עירוב)? ווען זיי (די ברידער) פירן זייער עירוב אין אן אנדערן אָרט (ווען דער עירוב־שפייז פון הויף ליגט ביי אן אנדערן הויף־איינוואוינער); אָבער אויב מען האָט אוועקגעלייגט דעם עירוב־(שפייז) ביי זיי (אין הויז פון פאָטער), אָדער עס זענען ניט פאראן מיט זיי קיין אנדערע איינוואוינער אין הויף (נאָר זיי אליין, די ברידער און דער פאָטער וואוינען אין הויף) דאַרפן זיי ניט מאכן קיין עירוב. **אויב דער עירוב־ברויט ווערט געלייגט ביים פאָטער אין הויז דאַרפן די ברידער ניט מאכן קיין עירוב ווייל עס איז דער דין, אז דאָס הויז, וואו דער עירוב ליגט דאַרף ניט צושטייער געבן צום עירוב. אויב עס זענען מער קיין איינוואוינער ניט פאראן, ווערן די אלע ברידער און דער פאָטער באטראַכט ווי איין איינוואוינער, און ווען איין בעל הבית איז פאראן אין הויף דאַרפן ער און זיין פאמיליע ניט האָבן קיין עירוב, ווייל עס הייסט איין רשות.**

ח. חמש חצרות, אויב פינף הייפן זענען אפן (האָבן אריינגאנגן) איינער אין דעם אנדערן און זענען אפן (האָבן ארויסגאנגען) אין א געסל, (איז דער דין אז אויב) זיי (די איינוואוינער פון די הויפן) האָבן געמאכט עירובין (ערובי חצרות) אין די הייפן (אין יעדן הויף באזונדער), און זיי האָבן ניט געמאכט קיין שיתופין אין געסל, מעגן זיי (ארויסטראָגן) אי די הייפן (יעדער אין זיין הויף) און זיי טאָרן ניט (ארויסטראָגן) אין געסל. **די עירובין וואָס זיי האָבן יעדער געמאכט אין זיין הויף זענען ניט גוט פאר דעם געסל (וואָס הייסט „שיתופין" האָבן מיר געגעבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא און פריער אין דער הקדמה צום דאָזיקן פרק). די גמרא זאָגט, אז אין דער משנה דאַרפן ניט זיין די ווערטער „פתוחות זו לזו", „זיי (די הייפן) זענען אָפן איינער אין דעם אנדערן", ווייל אויב זיי זענען אָפן איינער אין דעם אנדערן הייסן זיי ווי איין הויף, און דער דין איז אז כדי מען זאָל מעגן אין א געסל טראָגן דורך לייגן ביי דער אָפע־נער זייט א באלקן אָדער א ברעטל (קורה אָדער לחי, זע פריער פרק א' משנה א') מוזן זיין אָפן אין געסל אריין לפחות צוויי הייפן.** ואם נשתתפו, און אויב זיי האָבן גע־מאכט שיתופין אין דעם געסל מעגן זיי (אריינטראָגן) דאָ (אין געסל) און דאָ (אין די הייפן). **אי דער גמרא און אין די מפרשים זענען פאראן דערויף צוויי טייטשן. איין טייטש איז „אויב זיי האָבן געמאכט אויך שיתופין אין געסל", דאָס הייסט, זיי האָבן געמאַכט עירובין אין די הייפן און אויך שיתופים אין געסל. דער דין איז טאקע, אַז אויב מען מאכט שיתופים אליין אין געסל קאָן מען יוצא זיין דערמיט פאר עירובי חצרות, אָבער דאָס איז נור ווען מען מאכט שיתופים מיט ברויט, אָבער אויב מען מאכט מיט אנדערער שפייז** (למשל מיט ווייַן) קאָן מען ניט, ווייל עירובי חצרות מוז **זיין דוקא מיט ברויט. דער אנדערער טייטש איז אז אפילו מען האָט געמאכט נאָר שיתופים אין געסל מעג מען ארויסטראָגן אין די הייפן, און מען מיינט, אז מען האָט געמאכט מיט ברויט. עס איז דאָ נאָך אן אנדערע דעה, אז כאָטש צו עירובי חצרות מוז מען האָבן דוקא ברויט, אָבער אויב מען האָט געמאכט שיתופין מיט ווייַן קאָן דערמיט יוצא זיין אויך פאר עירובי חצרות, ווייל עס איז דאָ דער דין פון „מיגו" („ווייל"), ווייל דער ווייַן העלפט דאָ פאר די שיתופים איז ער שוין גוט אויך פאר די עירובין.** ערבו בחצרות ונשתתפו, אויב זיי האָבן געמאכט עירובין אין די הייפן און שיתופין אין געסל, און איינער פון די הויף־איינוואוינער האָט פארגעסן און ניט צו־

**מבני חצר ולא עירב, מותרין כאן וכאן. מבני מבוי ולא נשתתף, — מותרין בחצרות ואסורין במבוי. שהמבוי לחצרות כחצר לבתים:**

**ט. שתי החצרות זו לפנים מזו, עירבה הפנימית ולא עירבה החיצונה, הפנימית מותרת והחיצונה אסורה. החיצונה ולא הפנימית — שתיהן אסורות. עירבה זו לעצמה וזו לעצמה — זו מותרת בפני עצמה וזו מותרת בפני עצמה. ר׳ עקיבא אוסר החיצונה, שדריסת הרגל אוסרתה. וחכמים אומרים, אין דריסת הרגל אוסרתה:**

---

שטייער געגעבן צום עירוב, מעגן זיי (ארויסטראָגן) דאָ (אין געסל) און דאָ (אין די הויפן). **דאָ מיינט מען אלץ, אז מען האָט געמאכט די שיתופין מיט ווייַן און מיט ווייַן קאָן מען ניט יוצא זייַן פאר עירובין. אָבער דער דין, אז ווען די שיתופין זענען מיט ווייַן קאָן מען ניט יוצא זייַן פאר עירובין איז דאָך נור, כדי די מצוה פון עירובין זאָל ניט פארגעסן ווערן ביי קלייַנע קינדער (וועלכע וועלן ניט זען אז מען מאכט א עירוב), און ווייל דאָ האָבן דאָך דער רוב פון די הויף־אייַנוואוינער יאָ געמאַכט דעם עירוב איז מען יאָ יוצא.** מבני מבוי, (אויב איינער) פון די אייַנוואוינער פון געסל האָט (פארגעסן און) ניט צושטייער געגעבן צו די שיתופין, מעג מען ארויסטראָגן אין די הייפן און מען טאָר ניט ארויסטראָגן אין געסל, ווייל דאָס געסל איז צו די הייפן אזוי ווי דער הויף איז צו די הייזער. **און פונקט ווי אויב איין אייַנוואוינער איז א הויף האָט פאר־געסן צושטייער צו געבן צום עירוב טאָרן אויך די אנדערע אייַנוואוינער ניט ארויס־טראָגן פון די הייזער אין הויף צוליב דעם חלק רשות וואָס דער דאָזיקער איינער מענטש האָט אין הויף, אזוי טאָר מען ניט ארויסטראָגן פון די הייפן אין געסל אויך אפילו נור איין הויף האָט ניט צושטייער געגעבן צו די שיתופים.**

ט. שתי, ווען צוויי הייפן זענען איינער אינווייניג פון צווייטן (פון אינווייניקסטן הויף גייט מען אריין אין אויסנווייניקסטן הויף, און פון אויסנווייניקסטן אין געסל), איז אויב דער אינווייניקסטער (הויף) האָט געמאַכט א עירוב און דער אויסנווייניקסטער האָט ניט געמאכט קיין עירוב, איז דער אינווייניקסטער מותר און דער אויסנווייניק־סטער איז אסור. **די אייַנוואוינער פון אינווייניקסטן הויף מעגן ארויסטראָגן פון זייערע הייזער אין זייער הויף אים שבת.** החיצונה ולא הפנימית, אויב דער אויסנווייניקסטער האָט געמאַכט א עירוב און דער אינווייניקסטער האָט ניט געמאַכט, זענען ביידע אסור. **אויך די אייַנוואוינער פון אויסנווייניקסטן הויף טאָרן ניט ארויסטראָגן פון די הייזער אין זייער הויף, מחמת די אייַנוואוינער פון אינווייניקסטן הויף האָבן דאָך א רעכט אדורכצוגיין דורך דעם אויסנווייניקסטן הויף, און היות די דאָזיקע אייַנוואוינער פון אינווייניקסטן הויף טאָרן דאָך אויך ביי זיך אין הויף ניט טראָגן, ווייל זיי האָבן דאָך ניט געמאכט קיין עירוב, איז דער דין, אז זיי אסרן אויך אין אויסנווייניקסטן הויף. דאָס איז דער דין אז „דריסת הרגל האסורה במקומה אוסרת", אז אויב מענטשן, וועלכע טאָרן ביי זיך אין הויף ניט טראָגן,** (אסורה במקומה), **האָבן דאָס רעכט אדורך צו גיין דורך אן אנדערן הויף** („דריסת הרגל", דאָס רעכט צו „טרעטן מיט די פיס", דורכ־צוגיין), **אסרן זיי אויך די אייַנוואוינער פון אנדערן הויף אז זיי זאָלן אין דעם אנדערן הויף ניט טאָרן טראָגן אים שבת.** עירובה זו לעצמה, אויב דער (אינווייניקסטער) האָט געמאַכט פאר זיך באזונדער א עירוב, און דער (אויסנווייניקסטער) האָט געמאכט פאר זיך באזונדער א (עירוב), מעגן די (אייַנוואוינער פון דעם אינווייניקסטן) טראָגן ביי זיך אין הויף) און די (פון אויסנווייניקסטן) מעגן טראָגן ביי זיך אין הויף. **די מענטשן פון אינווייניקסטן הויף אסרן ניט אויף די מענטשן פון אויסנווייניקסטן הויף, ווייל ביי זיך אין הויף מעגן זיי דאָך טראָגן און זיי הייסן דעריבער „דריסת הרגל המותרת במקומה", און זיי אסרן ניט.** ר׳ עקיבא אסרט דעם אויסנווייניקסטן (הויף), ווייל דער דריסת הרגל (דאָס רעכטט פון די מענטשן פון אינווייניקסטן הויף דורכצוגיין אין אויסנווייניקסטן הויף) אסרט אים (דעם אויסנווייניקסטן הויף). וחכמים, און די חכמים

**י. שכח אחד מן החיצונה ולא עירב, הפנימית מותרת והחיצונה אסורה. מן הפנימית ולא עירב — שתיהן אסורות. נתנו ערובן במקום אחד ושכח אחד בין מן הפנימית בין מן החיצונה ולא עירב, שתיהן אסורות. ואם היו של יחידים, אינן צריכין לערב:**

---

זאָגן, אז דריסת הרגל אסרט ניט. מיר האָבן דאָ דריי מיינונגען. די סתם משנה האַלט, אז „דריסת הרגל האסורה" אסרט, אָבער „דריסת הרגל המותרת" אסרט ניט. ר' עקיבא האלט, אז ביידע אסרן. די חכמים האלטן, אז אפילו „דריסת הרגל אסורה", קאָן אויך ניט אסרן, מחמת זיי האלטן, אז דאָס רעכט דורכצוגיין דורך אַ הויף האָט ניט קיין חשיבות. לויט די חכמים, אויב די אינוויניקסטע האָבן ניט געמאַכט קיין עירוב, און די אויסנווייניקסטע האָבן יאָ געמאַכט אַ עירוב, מעגן די מענטשן פון אויסנווייניקסטן הויף טראָגן ביי זיך אין הויף.

י. שכח, אויב איין איינוואוינער פון דעם אויסנווייניקסטן (הויף) האָט פארגעסן און ניט צושטייער געגעבן צום עירוב, מעגן די מענטשן אין אינווייניקסטן הויף (טראָגן, אויב אלע איינוואוינער דאָרט האָבן געמאכט א עירוב), און אין אויסנווייניקסטן טאָר מען ניט. די אויסנווייניקסטע קאָנען ניט אסרן אויפן אינווייניקסטן הויף, ווייל זיי האָבן דאָך ניט אין אים קיין דריסת הרגל, קיין רעכט דורכצוגיין, מחמת פון אויסנווייניקסטן קאָן מען דאָך גלייך ארויסגיין אין געסל. מן הפנימית, אויב איין איינוואוינער פון אינווייניקסטן (הויף, האָט פארגעסן און) ניט צושטייער געגעבן צום עירוב, זענען ביידע (הייפן) אסור. אפילו אלע מענטשן אין אויסנווייניקסטן האָבן געמאכט א עירוב, זענען זיי אסור, ווייל איינער פון די אינווייניקסטע האָט דאָך פארגעסן צו מאכן דעם עירוב און דאדורך זענען די מענטשן אין אינווייניקסטן אסור, און זיי אסרן אויך אויף די מענטשן אין אויסנווייניקסטן ווייל זיי זענען „דריסת הרגל האסורה". נתנו עירובן, אויב (די צוויי הייפן האָבן געמאכט צוזאמען איין עירוב און) זיי האָבן דעם עירוב אוועקגעלייגט אין איין אָרט און איינער פון די איינוואוינער, סיי פון דעם אינווייניקסטן (הויף) און סיי פון אויסנווייניקסטן (הויף), האָט פארגעסן און ניט צו שטייער געגעבן צום עירוב, זענען ביידע הייפן אסור. מיר וועלן אין קומענדיקן פרק ז' לערנען דעם וועגן ווען צוויי הייפן קאָנען מאכן איין עירוב צוזאמען. די גמרא זאָגט, אז די משנה מיינט, אז אויב דער עירוב איז געלעגן אין אויסנווייניקסטן הויף, און אין דעם אויסנווייניקסטן הויף טאָר מען ניט טראָגן, דעריבער טאָרן אויך די מענטשן פון אינווייניקסטן הויף ביי זיך ניט טראָגן, ווייל זיי האָבן ליגן זייער עירוב אין אן אסור אָרט. אָבער אויב דער עירוב ליגט אין אינווייניקסטן הויף, און איינער פון דעם אינווייניקסטן האָט פארגעסן צושטייער צוגעבן צום עירוב, מעגן די מענטשן אין אויסנווייניקסטן הויף יאָ טראָגן ביי זיך אין הויף, ווייל זיי קאָנען פארשליסן זייער טיר און ניט אריינלאָזן די מענטשן פון דרויסן. ואם, און אויב די (צוויי הייפן) זענען געווען באוואוינט פון איינצלנע (אין יעדן הויף האָט געוואוינט נור איין איינוואוינער) דאַרפן זיי ניט קיין עירוב. דער איינציקער איינוואוינער אין אינווייניקסטן הויף דאַרף ניט מאכן קיין עירוב און ער מעג ביי זיך טראָגן, מחמת ער איז דאָך אליין ביי זיך אָן שכנים. אויך דער איינוואוינער אין אויסנווייניקסטן הויף מעג טראָגן ביי זיך אין הויף, מחמת ער איז דאָך אויך נור איין איינוואוינער, און דער איינוואוינער פון אינווייניקסטן הויף קאָן אויף אים ניט אסרן, כאָטש ער האָט דאָס רעכט אדורכצוגיין (דריסת הרגל), ווייל עס איז „דריסת הרגל המותרת במקומה", וואָרום ביי זיך אין אינווייניקסטן הויף מעג דאָך דער איינצלנער אינווייניקסטער איינוואוינער טראָגן. ווי מיר זען פסקנט דאָ די משנה אזוי ווי די סתם משנה אין דער פריערדיקער משנה, אז „דריסת הרגל האסורה" אסרט, און „דריסת הרגל המותרת" אסרט ניט.

## פרק ז.

**א. חלון שבין שתי חצרות, ד׳ על ד׳ בתוך עשרה, מערבין שנים; ואם רצו מערבין אחד. פחות מארבעה על ארבעה, או למעלה מעשרה, מערבין שנים ואין מערבין אחד.**

**ב. כותל שבין שתי חצרות, גבוה עשרה ורחב ארבעה, מערבין שנים ואין מערבין אחד. היו בראשו פירות, אלו עולין מכאן ואוכלין ואלו עולין מכאן אוכלין, ובלבד שלא יורידו למטה. נפרצה הכותל, עד עשר**

## פרק ז.

א. חלון, אויב א פענסטער (א עפנונג) איז פאראן צווישן צווי הייפן (און דאָס פענסטער, די עפנונג האַלט) פיר (טפחים די ברייט) אויף פיר (טפחים די הויך) און (א טייל פון דעם פענסטער איז) אין צען (טפחים פון דער ערד), קאָנען זיי (די ביידע הייפן) מאכן באזונדערע עירובין, און אויב זיי ווילן קאָנען זיי מאכן צוזאמען איין עירוב. **די משנה לערנט דאָ און אין די ווייטערדיקע משנות דעם דין וועגן צווי הייפן, וואָס יעדער פון זיי האָט א באזונדערע טויער ארויס אין געסל אריין, אָבער מען קאָן אויך אריינקומען פון איין הויף אין אנדערן ניט דורכן געסל נאָר גלייך. זאָגט די משנה אז עס זענען פאראן פאלן ווען יעדער הויף דארף מאכן א באזונדערן עירוב, און כאָטש אין יעדן הויף מעג מען טראָגן אָבער פון איין הויף אין אנדערן טאָר מען ניט טראָגן; און עס זענען פאראן פאלן, ווען מען מוז מאכן אין ביידע הייפן איין עירוב, ווייל די ביידע הייפן האָבן דעם דין פון איין הויף; און עס זענען פאראן פאלן, ווען אז מען וויל מאכט מען באזונדערע עירובין און אז מען וויל מאכט מען איין עירוב. זאָגט די משנה, אַז אויב צווישן איין הויף און דעם אַנדערן איז פאַראַן א וואַנט, און אין דער וואנט איז פאראן א עפנונג (א „חלון״, פענסטער) וואָס איז ברייט 4 טפחים אויף 4 טפחים, און ער איז נידריג צו דער ערד, אזוי אַז טייל פון אים איז נידריגער פון 10 טפחים צו דער ערד, איז אויב מען וויל קאָן מען מאכן צווי באזונדערע עירובין, און אויב ווען וויל מאכט מען איין עירוב. דער טעם איז, ווייל זיי זענען טאקע צווי באַזונדערע הייפן, אָבער מ׳קאָן דאָך לייכט אריינקומען פון איין הויף אין צווייטן. פחות,** (אויב דער פענסטער איז) ווינציקער פון פיר טפחים אויף פיר טפחים, אָדער ער איז (אינגאנצן) העכער פון צען טפחים (פון דער ערד) מאכט מען צווי באזונדערע עירובין און מען קאָן ניט מאכן איין עירוב. **ווייל אויב עס פעלט איינע פון די צווי זאכן (דאָס פענסטער איז ניט גענוג גרויס אָדער עס איז צו־הויך) איז שווער דער ארייננגאנג פון איין הויף אין צווייטן און זיי זענען דעריבער צווי באזונדערע הייפן. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ביי א הויף, וואָס איז ניט באַדעקט, אָבער אין א הויז, וואָס איז באַדעקט, מעג מען מאַכן איין עירוב אפילו ווען דאָס פענסטער אין אנדערן הויז אריין איז העכער פון 10 טפחים, מחמת עס איז דער שטייגער צו־צושטעלן בענקלעך און ארויפצוקריכן און דורכצוגיין.**

ב. כותל, אויב צווישן צווי הייפן איז פאראן א וואנט, וואָס איז הויך צען (טפחים) און איז דיק פיר (טפחים), מאכט מען צווי עירובין, און מען קאָן ניט מאכן איין עירוב. **ווייל די וואנט איז א מחיצה צווישן די צווי הייפן. אויב אָבער זי איז ניד־ריקער פון 10 טפחים הייסט זי ניט קיין מחיצה. די מפרשים זאָגן, אז אפילו די וואנט איז ניט דיק 4 טפחים איז זי אויך א מחיצה, און מען דאַרף האָבן צווי עירובין, און די משנה זאָגט, אז עס דארף זיין דיק 4 טפחים נאָר צוליב דעם ווייטערדיקן דין וועגן די פרוכטן וואָס ליגן אויף דער וואנט.** היו, אויב אין דער הויך (אויף דער וואנט) זענען געלעגן פרוכטן, מעגן די (מענטשן פון דעם איינעם הויף) ארויפגיין פון דער דאָזיקער זייט אין דער הויך און עסן און די (מענטשן פון דעם אנדערן הויף) מעגן ארויפגיין פון דער אנדערער זייט און עסן, אָבער זיי טאָרן ניט אראָפּברענגען (די פרוכטן) אונטן. **דאָס איז נור ווען די וואנט איז דיק 4 טפחים, און זי הייסט דעריבער א באזונדערער רשות, אָבער אויב זי האָט ניט קיין 4 טפחים איז עס א מקום פטור) זע די הקדמה**

**אמות, מערבין שנים, ואם רצו מערבין אחד, מפני שהוא כפתח; יותר מכאן, מערבין אחד ואין מערבין שנים:**

**ג. חריץ שבין שתי חצרות, עמוק עשרה ורחב ארבע. מערבין שנים ואין מערבין אחד, אפילו מלא קש או תבן; מלא עפר או צרורות, מערבין אחד ואין מערבין שנים:**

**ד. נתן עליו נסר, שהוא רחב ארבעה טפחים, וכן שתי גזוזטראות זו כנגד זו, מערבין שנים; ואם רצו מערבין אחד. פחות מכאן, מערבין שנים ואין מערבין אחד:**

---

צו מסכתא שבת) און מען מעג אַרׇאָפּברענגען די פּרוכטן אויך אונטן. די גמרא זאָגט, אז די פּרוכטן טאָר מען נאָר ניט אַראָפּנעמען אין די הייזער אריין, אָבער אין די הייפן מעג מען יאָ, ווי מיר וועלן עס לערנען ווייטער אין פּרק ט׳ משנה א׳ די הלכה פון ר׳ שמעון. נפרצה, אויב די וואנט איז געוואָרן אויפגעבראָכן (עס איז געוואָרן אין איר א לאָך) איז (אויב דער לאָך איז גרויס) ביז צען איילן, קאָן מען (אויב מען וויל) מאכן 2 באזונדערע עירובין, און אויב מ׳וויל מאכן איין ערוב, ווייל ער (דער לאָך איז ווי אַ טיר (פּתח). דאָס וואָרט פּתח איז דער טייטש די טיר־עפנונג, דער לאָך, וואָס ווערט פאַרמאַכט מיט א טיר; די טיר זעלבסט הייסט „דלת״. אזא טיר־עפנונג מאכט ניט אז די צוויי הייפן זאָלן זיין אינגאנצן איין הויף, אָבער עס הייסט אזוי ווי איין הויף, און מען קאָן מאכן אָדער צוויי עירובין אָדער איין עירוב. יותר, (אויב דער לאָך איז גרעסער ווי דאָס (ווי צען איילן) מאכט מען איין עירוב און מען קאָן ניט מאכן צוויי עירובין. ווייל א לאָך, וואָס איז גרעסער פון 10 איילן פאַראייניקט שויןביידע הייפן און מאכט זיי פאַר איין הויף. אומעטום ווי די משנה זאָגט דאָ, אז מען מאכט נור איין עירוב, איז דער דין אז אויב די הייפן האָבן געמאכט יעדער באזונדערע עירובין, אסרן זיי איינער אויפן צווייטן און קיינער פון זיי טאָר ניט טראָגן אים שבת.

ג. חריץ, אויב צווישן צוויי הייפן איז פאַראן א גראָבן, וואָס איז טיף צען (טפחים) און איז ברייט פיר טפחים, קאָן מען מאכן צוויי עירובין און מען קאָן ניט מאכן איין עירוב, אפילו דער גראָבן איז אָנגעפילט מיט שטרוי אָדער זאנגען־שטרוי, מחמת אזא גראָבן, וועלכער ציט זיך לענג־אויס צווישן די צוויי הייפן, שיידט לגמרי אָפּ איין הויף פון צווייטן. און אפילו מען האָט אים אָנגעפילט מיט שטרוי העלפט עס ניט, ווייל שטרוי איז דער שטייגער אוועקצונעמען אָבער אויב דער גראָבן איז ניט טיף 10 טפחים אָדער ער איז ניט ברייט 4 טפחים איז דער שטייגער אים אריבערצו־שפּרינגען און ער איז ניט קיין אָפּשיידונג צווישן די צוויי הייפן. וועגן אונטערשיד צווישן „קש״, שטרוי און „תבן״ זאנגען־שטרוי האָבן מיר געגעבן אין מסכתא שביעית פּרק ח׳ משנה י״א. מלא עפר, אויב ער (דער גראָבן) איז אָנגעפילט מיט ערד אָדער מיט שטיינדלעך, מאכט מען איין עירוב און מען קאָן ניט מאכן צוויי עירובין. ווייל ערד און שטיינדלעך האלט מען ניט ביי אוועקנעמען. און דעריבער מאכט עס דעם גראָבן, אז ער ווערט אויס גראָבן. וועגן טייטש פון „צרורות״, „שטיינדלעך״, האָבן מיר געגעבן אין מסכתא שבת פּרק ח׳ משה ו׳ („צרור או אבן״).

ד. נתן, אויב מען האָט געלייגט איבער אים (איבער דעם גראָבן, פון איין זייט צו דער אנדערער זייט) א ברעט וועלכער איז ברייט פיר טפחים, און אזוי איז אויך (ווען מען האָט געלייגט דאָס פיר טפחים ברעט) פון באלקאָן (אין איין הויף) צום אנדערן באלקן (אין אנדערן הויף), וואָס ליגן איינער קייגן אנדערן, קאָן מען מאכן צוויי באזונדערע עירובין, און אויב מען וויל מאכט מען איין עירוב. מחמת דאָס ברעט פאַראייניגט ביידע הויפן, אז מען זאָל קאָנען לייכטער אריבערגיין פון איינעם אין אנדערן; אָבער עס מאכט ניט אז די ביידע הויפן זאָלן ווערן אינגאנצן איין הויף. פחות, אויב (דאָס ברעט איז) קלענער ווי דאָס (שמעלער פון פיר טפחים) מוז מען מאכן צוויי עירובין, און מען קאָן ניט מאכן איין עירוב. ווייל איבער א ברעט וואָס

**ה. מתבן שבין שתי חצרות גבוה י׳ טפחים, מערבין שנים ואין מערבין אחד. אלו מאכילין מכאן ואלו מאכילין מכאן. נתמעט התבן מי׳ טפחים, מערבין אחד ואין מערבין שנים:**

**ו. כיצד משתתפין במבוי? מניח את החבית ואומר, הרי זו לכל בני מבוי. ומזכה להן על ידי בנו ובתו הגדולים, ועל ידי עבדו ושפחתו העברים, ועל ידי אשתו; אבל אינו מזכה לא על ידי בנו ובתו הקטנים, ולא על ידי עבדו ושפחתו הכנענים, מפני שידן כידו:**

איז שמעלער פון 4 טפחים האָט מען מורא אריבערצוגיין און דאָס באַנוצן זיך מיט אים איז ניט באַקוועם (לא ניחא תשמישתיה). וועגן „גזוזטראות" האָבן מיר געגעבן אין מסכתא שבת פרק יא משנה ב׳.

ה. מתבן, א שטרוי־וואַנט (א שטרוי־סטערטע), וואָס געפינט זיך צווישן צוויי הייפן (און טיילט זיי אָפּ אינגאַנצן) און איז הויך צען טפחים, מוז מען מאַכן צוויי עירובין און מען קאָן ניט מאַכן איין עירוב. ווייל אַזאַ וואַנט פון שטרוי האָט דעם דין ווי יעדער אַנדערע וואַנט (פריער אין משנה ב׳). אלו, די (מענטשן פון דעם איינעם הויף) קאָנען לאָזן זייערע בהמות עסן (פון דעם שטרוי אין דער וואַנט) פון דער זייט, און די (מענטשן פון דעם אַנדערן הויף) קאָנען לאָזן עסן (זייערע בהמות פון דעם שטרוי) פון דער אַנדערער זייט. דאָס וואָרט „מאכילין" איז געוויינטליך דער טייטש געבן צו עסן. אָבער די גמרא זאָגט דאָ, אַז נעמען שטרוי פון דער וואַנט און געבן צו עסן דער בהמה טאָר מען ניט (ווייל טאָמער וועט מען נעמען צו־פיל), נאָר מען מעג לאָזן די בהמה עסן פון דער וואַנט. מען מעג עס טאָן און מען האָט ניט קיין מורא טאָמער וועט די בהמה אויפעסן אין דער וואַנט א לאָך, וואָס איז גרעסער פון 10 איילן (פריער משנה ב׳), מחמת אין איין שבת וועלן די בהמות אַזוי פיל ניט אויפעסן. נתמעט, אויב די שטרוי (אין דער וואַנט) איז געוואָרן נידריקער פון צען טפחים (פון דער ערד) מוז מען מאַכן איין עירוב און מען קאָן ניט מאַכן צוויי עירובין. מחמת איצט האָבן ביידע הייפן איין הויף. מיט „נתמעט", פאַרקלענערט געוואָרן, מיינט מען פאַר שבת, ווען מען קאָן מאַכן א עירוב.

ו. כיצד, ווי אַזוי מאַכט מען שיתופי מבואות? מיר האָבן שוין דערקלערט אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין און אויך פריער אין דער הקדמה צום פרק ו׳, אַז א חוץ וואָס מען דאַרף מאַכן א עירובי חצרות, אין יעדן הויף באַזונדער, דאַרף מען מאַכן „שיתופי מבואות". אַלע איינוואוינער אין דעם געסל, אין דעם מבוי, לייגן זיך צונויף שפּייז, און עס הייסט ווי מען ווערט איינס, און מען מעג דעמאָלט אַרוסטראָגן פון די הייפן אין געסל אים שבת. דער אונטערשיד צווישן עירובי חצרות און שיתופי מבואות איז אין דעם, וואָס עירובי חצרות מוז מען מאַכן נור מיט ברויט און דוקא מיט א גאַנצן לעבל ברויט; אָבער שיתופי מבואות קאָן מען מאַכן מיט יעדן שפּייז, אויך מיט ווייַן. די משנה וועט דאָ לערנען ווי אַזוי מען מאַכט די שיתופי מבואות. מניח, איינער (אַן איינוואוינער פון דעם געסל) לייגט אַוועק א פאַס (מיט וויין אָדער פּרוכטן אָדער אַנדערע שפּייז) און זאָגט „דאָס זאָל זיין פאַר אַלע איינוואוינער פון געסל"; און ער שענקט זיי (איז זיי מזכה) דורך זיין דערוואַקסענעם זון אָדער דערוואַקסענע טאָכטער, אָדער דורך זיין יידישן קנעכט אָדער יידישער דינסט, אָדער דורך זיין ווייב. די משנה לערנט, אַז כאָטש די אַנדערע איינוואוינער פון געסל האָבן דאָך גאָרניט אריינגעגעבן אין דעם פאַס שפּייז, קאָן דער בעל הבית פון דער פאַס אוועקשענקן, מזכה זיין, צו יעדן איינוואוינער דעם חלק שפּייז, וואָס מאַכט אויס אויף אים, און אַזוי אַרום הייסט עס ווי יעדער האָט צושטייער געגעבן. און מזכה זיין קאָן מען דורך אַזעלכע וואָס קאָנען האָבן זייער אייגן פאַרמעגנס, זייער פריי־וואַט אייגענטום. דאָס „מזכה זיין" קומט פאַר, ווען דער זון אָדער די טאָכטער אָדער די אַנדערע מענטשן הייבן־אויף די פאַס אַ טפח פון דער ערד (כדי עס זאָל שוין ניט הייסן אַז די פאַס געפינט זיך אין רשות פון בעל הבית און זאָגט, אַז ער

**ז. נתמעט האוכל, מוסף ומזכה ואין צריך להודיע. נתוספו עליהם, מוסיף ומזכה וצריך להודיע:**

**ח. כמה הוא שעורו? בזמן שהן מרובין — מזון שתי סעודות לכולם; בזמן שהן מועטין — כגרוגרות, להוצאת שבת, לכל אחד ואחד:**

**ט. אמר רב יוסי, במה דברים אמורים? בתחלת ערוב, אבל בשירי**

---

**געמט זי פאר די איינוואוינער פון געסל.** אבל, אָבער ער קאָן (די פאס) ניט מזכה זיין צו זיי (צו די געסל־איינוואוינער) דורך זיין ניט־דערוואקסענעם זון און ניט דער־וואקסענע טאָכטער, און ניט דאַרך זיין גויישן שקלאף און גוישער שקלאפין, ווייל זייער האַנט איז ווי זיין האַנט. **מחמת אלץ וואָס געהערט צו די יונגע קינדער גע־הערט צום פאָטער, און וואָס עס געהערט צו די גוייאישע שקלאפן געהערט צו זייער בעל הבית. „זייער האַנט איז ווי זיין האַנט", מיינט, אז אלץ וואָס איז זייערס איז זיינס.**

ז. נתמעט, אויב דאָס עסן (די שפייז אין דער פאס, וואָס איז אוועקגעלייגט געוואָרן פאר די שיתופי מבואות) איז געוואָרן פארקלענערט (און עס איז ניט פאראַן גענוג פאר יעדן איינעם, ווי די משנה וועט לערנען ווייטער אין משנה ח'), קאָן ער (דער בעל הבית פון דער פאס שפייז) צולייגן (שפייז) און זיי אוועקשענקן און ער דארף זיי (די געסל־איינוואוינער) ניט מודיע זיין. **ער קאָן טאָן אפילו ווען זיי ווייסן ניט דערפון.** ניתוספו, אויב עס איז פארגרעסערט געוואָרן אויף זיי (אויב עס זענען צוגעקומען מענטשן אין געסל, די צאָל איינוואוינער האָט זיך פארגרעסערט), קאָן ער (דער בעל הבית פון דער פאס שפייז) צולייגן (נאָך שפייז), און ער דארף זיי מודיע זיין. **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען אין הויף וואו די מענטשן וואוינען זענען פאראַן צוויי טויערן, איינער אין דעם געסל און איינער אין אן אנדערן געסל. און ווייל ווען מען מאכט א שיתופי מבואות אין דעם געסל טאָר מען ניט ארויסטראָגן פון הויף אין אנדערן געסל, דעריבער דארף מען די נייע איינוואוינער פון הויף מודיע זיין, מחמת עס קאָן זיין, אז זיי ווילן האָבן די שיתופין אין אנדערן געסל. אָבער אויב עס איז פאראַן נור איין טויער, נאָר אין דעם דאָזיקן געסל, קאָן מען צולייגן שפייז פאר די נייע איינוואוינער און ניט מודיע זיין זיי, ווייל עס איז דער דין אז „זכין לאדם שלא בפניו", מען קאָן טאָן א טובה א מענטשן אפילו ווען ער ווייסט ניט דערפון.**

ח. כמה, וויפיל איז דער שיעור? **וויפיל שפייז דארף אויסמאכן אויף יעדן הויף בעל הבית, אויב מען מאכט שיתופי מבואות אין געסל, און אויף יעדן הויז־בעל הבית, אויב מען מאכט עירובי חצרות אין יעדן הויף? אזוי טייטש דער רבנו יונתן די דאָזיקע משנה, אז ניט אויף יעדן מענטש, נאָר אויף יעדן בעל הבית).** בזמן, ווען זיי זענען א סך (איז גענוג פאר אלע) שפייז וויפיל מ'דארף האָבן אויף צוויי סעודות (פאר איין מענטש). **די גמרא זאָגט, אז א סך מיינט פון אכצן אָן און מער, דאָס הייסט אכצן בעלי בתים. „מזון שתי סעודות", „שפייז פאר צוויי סעודות", איז שפייז אזוי גרויס ווי 18 דארע פייגן (גרוגרות).** בזמן שהן מועטין, ווען זיי זענען ווייניג (עס זע־נען פאראַן ווינציקער פון אכצן בעלי בתים) דארף זיין פאר יעדן איינעם (שפייז אזוי גרויס) ווי א דארע פייג (גרוגרות), וויפיל (עס איז דער שיעור פון דער מלאכה) ארויסטראָגן אים שבת. **מיר האָבן געלערנט אין מסכתא שבת פרק ז' משנה ד', אז ווען מען טראָגט ארויס עסנווארג אים שבת פון איין רשות אין צווייטן, למשל פון רשו"ת היחיד אין רשות הרבים, איז מען מחויב צו ברענגען א קרבן פאר האָבן גע־טאָן א מלאכה נאָר ווען דאָס עסנווארג איז גרויס ניט ווינציקער פון א דארע פייג, א גרוגרת. זאָגט דאָ די משנה, אז דאָס איז אויך דער קלענסטער שיעור שפייז וואָס דארף אויסקומען אויף יעדן בעל הבית אין דער עירובי חצרות אָדער שיתופי מבואות.**

ט. אָמר, האָט ר' יוסי געזאָגט: ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? **אז מען דארף ביי עירובי חצרות, ביי א עירוב אין א הויף, האָבן מינדעסטנס שפייז גרויס ווי א דארע פייג פאר יעדן בעל הבית, און מינדעסטנס שפייז גרויס ווי 18 דארע פייגן, אויב עס**

**ערוב כל שהוא. ולא אמרו לערב בחצרות, אלא כדי שלא לשכח את התינוקות:**

**י. בכל מערבין ומשתתפין, חוץ מן המים ומן המלח, דברי ר׳ אליעזר. רבי יהושע אומר, ככר הוא ערוב; אפילו מאפה סאה והיא פרוסה, אין מערבין בה. ככר באיסר והוא שלם, מערבין בה:**

**יא. נותן אדם מעה לחנוני ולנחתום כדי שיזכה לו ערוב, דברי ר׳ אליעזר; וחכמים אומרים, לא זכו לו מעותיו. ומודים בשאר כל אדם**

---

זענען פאראן 18 בעלי בתים אָדער מער? בתחלת, נאָר (ווען מען מאכט) אין אָנהויב דעם ערוב, אָבער ווען עס בלייבט איבער פון עירוב (שירי עירוב) איז גענוג אפילו עטוואָס. ביים אוועקלייגן דאָס ערשטע מאָל דעם עירוב דארף מען טאקע האָבן דעם דאָזיקן שיעור; אָבער ווען מען האָט שוין געהאַט אוועקגעלייגט דעם עירוב און איין שבת איז שוין אריבער און דערנאָך איז ער פארקלענערט געוואָרן, איז אפילו עס איז געבליבן נור אביסל שפייז איז שוין גענוג. ולא אמרו, און מען האָט געהייסן מאכן א עירוב אין די הייפן (עירובי חצרות) נאָר כדי די קינדער זאָלן ניט פארגעסן (די מצוה פון עירוב). באמת וואָלט דאָס מאכן שיתופי מבואות איין געסל גענוג געווען אויך פאר די הייפן, אז מען זאָל מעגן ארויסטראָגן פון די הייזער אין די הייפן. נאָר די חכמים האָבן געהייסן מאכן באַזונדערער עירוב אין די הויפן, כדי די קינדער זאָלן ניט פארגעסן, אז עס איז פאראן די מצוה פון עירובי חצרות. דעריבער האָט מען מיקל געווען, לויט ר׳ יוסי׳ס הלכה, אז אפילו עס בלייבט נור עטוואָס שפייז איז מען יוצא מיט עירובי חצרות.

י. בכל, מיט אלץ (אלע שפייזן און געטראנקן) מעג מען מאכן א עירוב (תחומין) און שיתופין (אין געסלעך), א חוץ מיט וואסער אָדער מיט זאלץ, אזוי זאָגט ר׳ אליעזר. די משנה האָבן מיר געהאַט פריער אין פרק ג׳ משנה א׳. מיט „מערבין״. מיינט מען מאכן א עירוב תחומין, ווייל עירובי חצרות קאָן מען מאכן נור מיט ברויט, און לויט ר׳ אליעזר מעג מען מאכן עירובי חצרות ניט דוקא מיט א גאנצן ברויט, נאָר מיט אן אפגעבראָכענעם שטיק ברויט (פרוסה). ר׳ יהושע זאָגט, אז (נור) א גאנצער לאבן (ככר) ברויט קאָן זיין א עירוב (עירובי חצרות); אפילו דאָס געבעקס איז פון א סאה (מעל) און עס איז אָפּגעבראָכן (פרוסה א אָפּגעבראָכן שטיק) קאָן מען דערמיט ניט מאכן קיין עירוב; (אָבער) א לאבן ברויט (אפילו) פאר אן איסר (אזא קליינע מטבע) און ער איז א גאנצער קאָן מען מאכן מיט איהם א עירוב. איין טייטש פון „ככר כאיסר״ איז, אפילו דער לאבן ברויט באַטרעפט ניט מער ווי א איסר; דאָס איז געווען אן אלט-רוימישע מטבע „אסאריאן״, און האָט געהאַט א קליינעם ווערט. אן אנדערער טייטש (פון רשי און פון רמבם) איז „אזוי גרויס ווי אן איסר״. רשי און דער ברטנורא זאָגן, אז דאָס ברויטל ווי אן איסר מיינט מען פון יעדען בעל הבית באַזונדער, מחמת לויט דער דין פריער אין דער משנה דארף דאָך זיין שפייז גרויס ווי א דאָרע פייג פאר יעדען איינעם. „סאה״ איז א גרויסע מאָס, 6 טעפּ, 6 קבין. די גמרא זאָגט, אז דער טעם, וואָס פאר עירובי חצרות דארף מען האָבן דוקא א גאנצן ברויט, איז „משום איבה״, כדי ניט צו דערלאָזן צו קריגערייען, כדי די איינ־וואוינער זאָל זיך ניט קריגן און זאָגן „איך האָב געבראַכט א גאנצן ברויט און ער נור א שטיקל״.

יא. נותן, עס קאָן איינער געבן א מעה (א מטבע וואָס האָט פיר „איסרים״) צו א קרעמער (וועלכער האנדלט מיט ווייַן און אנדערע שפייזן) אָדער צו א בעקער, אז ער זאָל איהם מזכה זיין אין עירוב, אזוי זאָגט ר׳ אליעזר. ווען דער קרעמער אָדער דער בעקער לייגט אוועק א פאס ווייַן אָדער ברויט פאר די איינוואוינער פון געסל צו מאכן עירובי חצרות אָדער שיתופי מבואות, קאָן איינער פון די איינוואוינער געבן דעם קרעמער אָדער דעם בעקער א מעה, אז ער זאָל איהם פארקויפן דערמיט א טייל פון ווייַן אָדער פון ברויט און אזוי ארום זאָל ער אויך האָבן א חלק אין דעם עירוב

**שזכו לו מעותיו, שאין מערבין לאדם אלא מדעתו. אמר ר׳ יהודה, במה דברים אמורים? בערובי תחומין, אבל בערובי חצרות מערבין לדעתו ושלא לדעתו, לפי שזכין לאדם שלא בפניו ואין חבין לאדם שלא בפניו.**

פרק ח.

**א. כיצד משתתפין בתחומין? שניח את החבית ואומר, הרי זה לכל**

אָדער אין די שיתופין (ביים ערוב מיינט מען נור דעם בעקער מיט ברויט, ווייל נור מיט ברויט מאכט מען א עירוב). כאָטש אומעטום איז דאָך דער דין, אז ווען מען קויפט א זאך איז מען דורך געבן געלט נאָכניט קונה די זאך נאָר מען מוז זי נעמען, משיכה, אָבער דאָ האָט מען מתקן געווען אז געלט זאָל יאָ קונה זיין. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז זיין געלט האָט אים ניט מזכה געווען. ווייל אויך דאָ איז עס ווי אומעטום, און געלט איז ניט קונה. און אפילו דער קרעמער האָט מזכה געווען פאר אלע איינוואוינער פון געסל, איז דאָך דער דאָזיקער מענטש ניט אין כלל, ווייל דער מענטש האָט דאָך ניט מכוון געווען צו באַקומען דאָס ברויט דורך א געשאנק (ווי די אנדערע) נאָר ביי אים צו קויפן, און דאָס געלט האָט דאָך אים ניט קונה געווען. ומודים, און זיי (די חכמים) זענען מודה ביי אנדערע מענטשן (ניט ביי א קרעמער אָדער א בעקער), אז זיין געלט האָט אים יאָ מזכה געווען, ווייל (דאָס וואָס מיר האָבן פריער געלערנט, אז ער איז ניט קונה איז ווייל) מען קאָן ניט מאכן פאר א מענטש א עירוב סיידן מיט זיין וויסן. אזוי טייטשן די מפרשים די דאָזיקע שווערע משנה, און דאָס איז, אז נור ביי א קרעמער אָדער בעקער האָט זיך דער מענטש פאַרלאָזט דערויף, אז ער קויפט ביי זיי און דעריבער ווייל דאָס געלט האָט דאָך אים ניט קונה געווען, העלפט ניט וואָס דער קרעמער האָט אים געוואָלט מזכה זיין צוזאמען מיט די אנדערע געסל־אָדער הויף־איינוואוינער, מחמת דאָס געשאנק איז דאָך פאַרגעקומען אָן דעם וויסן פון דעם מענטש. אָבער ווען דאָס איז ניט קיין קרעמער אָדער א בעקער, נאָר סתם א מענטש, וועמען ער האָט געגעבן א מעה אז ער זאָל אים מזכה זיין אין עירוב וואָס ער לייגט, הייסט עס ניט, אז ער וויל דוקא קויפן ביי אים נאָר ער מאכט אים פאר שליח צו מאכן פאר אים דעם עירוב, און דעריבער איז עס זיין כוונה אויך צו נעמען עס ביי אים אלס געשאנק און דער עירוב איז א גוטער עירוב. אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט: ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? ביי עירוב פון תחומין, אָבער ביי עירובי חצרות, קאָן מען מאכן (פאר א מענטש) א עירוב סיי מיט זיין וויסן און סיי אָן זיין וויסן, ווייל מען קאָן פאר א מענטש טאָן א גוטע זאך אפילו ווען ער איז ניטאָ דאביי אָבער מען קאָן ניט טאָן פאר אים א ניט גוטע זאך (חבין) ווען ער איז ניטאָ דאביי. ווען מען לייגט פאר אים א עירוב לאָמיר זאָגן אין מערב זייט צום סוף פון די 2000 איילן ווייטער פון דער שטאָט, געווינט דער מענטש דאָס וואָס ער קאָן גיין פון דאָרט אים שבת נאָך אנדערע 2000 איילן. אָבער ער פארלירט דאָס וואָס אין מזרח־זייט קאָן ער ניט גיין די 2000 איילן, וואָס ער האָט אָן דעם עירוב יאָ געקאָנט גיין. דעריבער הייסט עס ווי געטאָן פאר אים א זאך וואָס איז אין א געוויסער מאָס ניט גוט פאר אים און מחמת דעם קאָן מען עס ניט טאָן אָן אים, אָן זיין וויסן. אָבער ביי א עירוב אין הויף (עירובי הצרות) טוט מען דאָך מיט דעם ערוב דעם מענטש נאָר א טובה, אז ער זאָל קאָנען טראָגן אין הויף אים שבת, און ער פארלירט גאָר ניט דאדורך, דעריבער קאָן מען מאכן פאר אים דעם עירוב אָן זיין וויסן.

פרק ח.

א. כיצד, ווי אזוי מאכט מען בשותפות ערובי תחומין? מיר האָבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא געגעבן וואָס מ׳מיינט עירובי תחומין. מ׳לייגט צום סוף פון די 2000 איילן (אָדער נענטער) אויסער דער שטאָט פרייטאָג עסנווארג און ס׳הייסט, אז פרייטאָג בין השמשות האָט מען דאָרט געוואוינט. דאדורך מעג מען גיין פון דאָרט 2000

בני עירי, לכל מי שילך לבית האבל, או לבית המשתה. וכל שקבל עליו מבעוד יום, מותר: משתחשך — אסור, שאין מערבין משתחשך.

ב. כמה הוא שיעורו? מזון שתי סעודות לכל אחד. מזונו לחול ולא לשבת, דברי ר׳ מאיר, רבי יהודה אומר לשבת ולא לחול. וזה וזה מתכוונין להקל. ר׳ יוחנן בן ברוקה אומר, מככר בפונדיון, מד׳ סאין

אײלן, יעדער מענטש קאָן לײגן פאַר זיך א עירוב תחומין. אָבער מען קאָן אויך לײגן דעם עירוב תחומין בשותפות, פאַר עטליכע מענטשן צוזאַמען, און אפילו פאַר דער גאַנצער שטאָט מענטשן, פרעגט דאָ די משנה: װי אַזױ מאַכט מען אַזאַ בשותפותדיקן עירוב תחומין? און זי ענטפערט: מניח, ער לײגט אַנידער (צום סוף פון די 2000 אײלן אָדער נענטער) די פאַס (מיט װײן אָדער מיט שפײז) און ער זאָגט: דאָס איז פאַר אַלע אײנװאױנער פון מײן שטאָט, פאַר יעדן אײנעם װאָס װעט גײן צום הויז פון אבל אָדער צום הויז פון דער חתונה. דאָס הײסט, אויב עס איז פאַראַן אַן אבל װעלכער װאױנט װײט פון דער שטאָט 4000 אײלן און מען װיל גײן צו אים אָדער עס איז א חתונה-סעודה װײט 4000 אײלן פון דער שטאָט, קאָן יעדער פון די שטאָט-מענטשן גײן אַהין אויפן סמך פון דער פאַס שפײז, װאָס ער האָט געלײגט אַלס עירוב פאַר די שטאָט-מענטשן. די משנה לערנט דאָ אגב אורחא, אַז מען זאָל ניט מאַכן א עירוב תחומין סתם, נאָר װען מען דאַרף עס פאַר א דבר מצוה, װי צו גײן צו אַן אבל אָדער צו א חתונה-סעודה אָדער אַן אַנדערער סעודת-מצוה. כל שקבל, יעדער אײנער װעלכער (הערנדיק װעגן עירוב-לײגן) האָט מקבל געװען אויף זיך פרײטאָג (זיך סומך צו זײן אויף דעם עירוב) מעג (זיך באַנוצן מיט דעם עירוב); משתחשך, אויב (אײנער האָט געהערט װעגן עירוב ערשט) װען עס איז שוין געװען פינסטער (שבת) טאָר ער ניט, װײל מען קאָן ניט מאַכן א עירוב װען עס איז שוין פינסטער (שבת). די גמרא זאָגט, אַז אויב אײנער, װאָס האָט געהערט װעגן דעם עירוב פרײטאָג, האָט ניט מקבל געװען אויף זיך פרײטאָג סומך צו זײן זיך אויף דעם עירוב, נאָר ער האָט ערשט מקבל געװען אויף זיך װען עס איז שוין געװען שבת, מעג ער זיך באַנוצן מיט דעם עירוב. דאָס איז דער דין פון „יש ברירה" (ביי תחומין, װײל דער איסור איז נור מדרבנן), דאָס הײסט, אַז שפּעטער אים שבת איז באַשטימט געװאָרן, אַז שוין פרײטאָג האָט ער גענומען אויף זיך דעם עירוב. אָבער אויב ער האָט פרײטאָג ניט געהערט װעגן דעם עירוב איז דאָך ניט שײך קײן „ברירה", װײל ער האָט דאָך פרײטאָג ניט געװאוסט װעגן דעם.

ב. כמה, װיפיל איז זײן שיעור? װיפיל איז דער שיעור שפײז, װאָס מען דאַרף האָבן צו א עירוב תחומין? מזון, שפײז פאַר צװײ סעודות פאַר יעדן מענטש. סײ מען מאַכט פאַר זיך אַלײן דעם עירוב תחומין, סײ מען מאַכט אים בשותפות מיט אַנדערע מענטשן, מוז זײן שפײז גענוג אויף צװײ סעודות פאַר יעדן מענטש, פאַר װעמען מען מאַכט דעם עירוב. דער טעם איז, װײל קוים נעמט מען אָן אַז ס'איז דאָס אָרט, װאו דער מענטש דאַרף װאױנען א גאַנצן שבת (מחמת דאָ האָט ער דאָך קונה שביתה געװען) דאַרף ער האָבן צו עסן צװײ סעודות, װײל געװײנטליך עסט א מענטש אין א טאָג צװײ סעודות. דער תוספות יום טוב באַמערקט דאָ, אַז שבת דאַרף מען דאָך אײגנטליך עסן שלש סעודות, דרײ סעודות, און ער זאָגט, אַז מען רעכנט נור די סעודות װאָס מען עסט יעדן טאָג. מזונו, זײן שפײז אין דער װאָכנס, און ניט אים שבת, אַזױ זאָגט ר׳ מאיר. מען שאַצט אָפּ דעם שיעור פון די צװײ סעודות ניט אַזױ פיל װיפיל א מענטש עסט ביי די סעודות אים שבת, נאָר װיפיל ער עסט אין דער װאָכנס. ר׳ יהודה זאָגט, אַז לויט אים שבת און ניט לויט אין דער װאָכנס. די צװײ סעודות דאַרף מען אָפּשאַצן װיפיל מען עסט שבת. וזה, און סײ דער (ר׳ מאיר) און סײ דער (ר׳ יהודה) מײנען גרינגער צו מאַכן (מיקל צו זײן). ר׳ מאיר האַלט, אַז שבת מאַכט מען געשמאַקערע עסנס, און דער מענטש עסט מער, און דעריבער זאָגט ער אַז לויט די סעודות פון דערװאָכנס, װעלכע זענען קלענערע. ר׳ יהודה האַלט,

**בסלע. ר׳ שמעון אומר, שתי ידות לככר, משלש לקב. חצייה לבית המנוגע, וחצי חצייה לפסול את הגויה:**

**ג. אַנשי חצר ואנשי מרפסת ששכחו ולא ערבו, כל שגבוה י׳ טפחים — למרפסת, פחות מכאן — לחצר. חוליות הבור והסלע גבוהים**

**אז שבת עסט דאָך דער מענטש דריי סעודות (שלש סעודות), דעריבער עסט ער ביי צוויי סעודות ווינציקער פון דעם וואָס ער עסט אין צוויי וואָכענדיקע סעודות.** ר׳ יוחנן בן ברוקא זאָגט, אז (דער שיעור פון שפייז פאַר צוויי סעודות איז) א לאַבן ברויט פאַר א פונדיון, צו פיר סאה פאַר א סלע. **א סלע איז געווען א גרויסע זילבערנע מטבע, און ער האָט געהאַט 48 קלענערע מטבעות, וואָס האָבן געהייסן פונדיון (דאָס איז די רוימישע מטבע „דופאָנדיום"). א „סאה" איז געווען א מאָס, וואָס האָט געהאַט 6 טעפּ (6 קבים). קומט אויס, אז 4 סאה האָבן געהאַט 24 טעפּ. אויב מען האָט געקויפט 4 סאה ווייץ פאַר א סלע, הייסט עס, אז עס האָט געקאָסט 24 טעפּ ווייץ 48 פונדיונים, און איין האַלבער טאָפּ ווייץ האָט געקאָסט איין פונדיון. אָבער אזוי ווי עס דאַרף דאָך קאָסטן מאָלן דעם ווייץ און באַקן און דער קרעמער וואָס פאַרקויפט דאָס ברויט דאַרף דאָך פאַרדינען, רעכנט מען העלפט אויף העלפט. קומט אויס אז פאַר איין פונדיון האָט מען באַקומען א לאַבן ברויט ניט פון א האַלבן טאָפּ נאָר פון א פערטל טאָפּ. דער ברטנורא זאָגט אויפן יסוד פון דער גמרא און מפרשים אז דאָס איז די גרויס פון 6 אייער, דאָס איז דער שיעור פון ברויט פאַר צוויי סעודות.** ר׳ שמעון זאָגט, אז עס איז גענוג (פאַר די צוויי סעודות) צוויי דריטל (ידות, חלקים) פון א ברויט, וואָס דריי ברויטן פאַרנעמען א טאָפּ, **אזוי ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, אז א טאָפּ האָט די גרויס פון 24 אייער, קומט אויס, אז ווען דריי ברויטן פאַרנעמען א טאָפּ, האָט יעדעס ברויט די גרויס פון 8 אייער, און צוויי דריטל פון אזא ברויט האָט די גרויס 5 אייער און איין דריטל איי. דאָס איז, לויט ר׳ שמעון דער שיעור פאַר די צוויי סעודות.** חציה, א העלפט פון אים (פון אזא ברויט) איז פאַר א הויז וואָס האָט צרעת. **דער דין איז אז ווען איינער גייט אריין אין א הויז וואָס האָט א קרעציק אָרט איז דער געביידע, ווערט ער טמא. אָבער אויב ער טראָגט אויף זיך קליידער ווערן די קליידער ניט טמא (אז מען זאָל זיי דאַרפן וואשן) סיידן דער מענטש וואַרט אין הויז אזוי לאַנג, אז ער זאָל דורך דער צייט קאָנען אויפעסן א האַלב ווייצן-ברויט (זע אין דער הקדמה צו מסכתא נגעים); דאָס הייסט „אכילת פרס", דאָס אויפעסן פון א העלפט („פרס", א העלפט). זאָג דאָ די משנה, אז דאָס מיינט מען א העלפט פון אזא ברויט, וואָס דריי אזעלכע ברויטן זענען גרויס ווי איין טאָפּ, דאָס הייסט א העלפט פון דער גרויס פון 8 אייער, דאָס הייסט, די גרויס פון 4 אייער.** וחצי חצייה, און א העלפט פון זיין העלפט (דאָס הייסט א פערטל פון אזא ברויט) איז צו פסלענען דעם קערפּער (פון מענטש). **עס איז פאַראַן א תקנה פון די חכמים, אז איינער עסט טמא׳דיקע מאכלים, ווערט ער (זיין קערפּער) פסול פון צו עסן תרומה. זאָגט די משנה, אז דער שיעור צו עסן די טמא׳דיקע מאכלים און דער קערפּער זאָל פסול ווערן איז ווען די מאכלים זענען אזוי גרויס ווי א פערטל פון אזא ברויט, דאָס הייסט די גרויס פון 2 אייער. דאָס איז דער שיעור לויט ר׳ שמעון. און לויט ר׳ יוחנן בן ברוקא דאַרף מען האָבן צום בית המנוגע, צום צרעת׳דיקן הויז א העלפט פון זיין שיעור ברויט, א העלפט פון 6 אייער, דאָס הייסט די גרויס פון 3 אייער, און די טמא׳דיקע מאכלים דאַרפן זיין א פערטל פון זיין ברויט, דאָס הייסט די גרויס פון אנדערהאַלבן אייער.**

ג. אנשי חצר, אויב די איינוואוינער פון א הויף און די איינוואוינער פון דער גאַלעריע (מרפסת, און די גאַלעריע איז אין זעלבן הויף און פון דער גאַלעריע, וועלכע איז העכער פון דער ערד פון הויף, גייט מען אריין אין אויבערשטע וואוינונגען) האָבן פאַרגעסן און ניט געמאַכט צוזאַמען א עירוב (א עירוב חצרות, אָבער די מרפסת-איינוואוינער באַזונדער און די הויף-איינוואוינער באַזונדער האָבן יאָ גע־

**י׳ טפחים — למרפסת. פחות מכאן — לחצר. במה דברים אמורים? בסמוכה, אבל במופלגת, אפילו גבוה עשרה טפחים, לחצר. ואיזו היא סמוכה? כל שאינה רחוקה ד׳ טפחים:**

**ד. הנותן את ערובו בבית שער, אכסדרה, ומרפסת, אינו ערוב, והדר שם אינו אוסר עליו; בבית התבן ובבית הבקר ובבית העצים ובבית האוצרות — הרי זה ערוב, והדר שם אוסר (עליו). ר׳ יהודה אומר, אם יש שם תפיסת יד של בעל הבית אינו אוסר (עליו):**

---

מאכט ערובים), איז אלץ (אין הויף) וואָס איז הויך צען טפחים (אָדער מער) געהערן צו דער גאַלעריע, און ווינציקער פון דאָס (ווינציקער פון צען טפחים) געהערן (אויך) צום הויף. **עס הייסט אז פון דער גאַלעריע צו די ערטער אין הויף, וואָס זענען הויך 10 טפחים, מעג מען ארויסטראָגן, אָבער צו ערטער נידריקער פון 10 טפחים טאָר מען ניט טראָגן. אָבער פון הויף טאָר מען ניט טראָגן ניט צו די ערטער העכער פון 10 טפחים און ניט צו די נידריגערע פון 10 טפחים, מחמת דאָס וואָרט אין דער משנה „לחצר״, מיינט מען „אויך צום הויף״, דאָס הייסט, אז אין די נידריקערע ערטער האָבן ביידע א רשות, סיי די גאַלעריע און סיי דער הויף, און ווייל זיי האָבן ניט געמאַכט צוזאמען איין ערוב, טאָרן ביידע דאָרט ניט טראָגן.** חוליות, די ערד־צוים פון א גרוב אָדער א שטיין, וועלכע זענען הויך צען טפחים געהערן צו דער גאַלע־ריע און נידריקער פון צען טפחים געהערן צום הויף. **די גמרא זאָגט, אז דאָס (ווען עס איז הויך 10 טפחים געהערט עס צו דער גאַלעריע) איז נור ווען דער גרוב איז פול מיט זאכן וואָס מען טאָרניט נעמען אים שבת ווי ערד וכדומה, אָבער אויב למשל מיט פרוכטן, טאָר מען ניט ארויסטראָגן אהין פון דער גאַלעריע, ווייל ס׳איז מורא צו האָבן טאָמער וועט מען נוצן דערפון אים שבת און עס וועט קלענער ווערן פון 10 טפחים.** במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? ביי נאָנטע (ערטער, וואָס זענען נאָנט צו דער גאַלעריע), אָבער ביי ווייטע, איז אפילו זיי זענען הויך צען טפחים געהערן זיי (אויך) צום הויף. **ווי מיר האָבן פריער געלערנט טאָר מען ניט טראָגן צו זיי ניט פון דער גאַלעריע און ניט פון הויז.** ואיזה, און וואָס הייסט נאָנט? אלץ וואָס איז ניט ווייט פיר טפחים. **אויב אָבער אן אָרט איז ווייט 4 טפחים פון דער גאַלעריע הייסט עס ווייט.**

ד. הנותן, אז איינער לייגט אוועק דעם עירוב (דעם הויף־עירוב) אין טויער־הייזל (בית שער, וואו דער היטער פון הויף זיצט און גיט אכטונג) אָדער אין אן אריינגאנג־האָל (אכסדרה) אָדער אין א גאַלעריע (מרפסת) איז עס ניט קיין עירוב. **מחמת דער עירוב דאַרף ליגן אין א הויז וואו מענטשן וואוינען, און אין די אלע דריי ערטער וואוינט מען ניט. וועגן „בית שער״ און „אכסדרה״ און „מרפסת״ האָבן מיר געגעבן אין מסכתא מעשרות פרק ב׳ משנה ו׳.** והדר, און דער וואָס וואוינט דאָרט אסרט ער ניט אויף אים. **אויב איינער וואוינט יאָ אין איינעם פון די דאָזיקע דריי ערטער, האָט ער ניט דעם דין ווי אן איינוואוינער פון הויף, און אויב ער האָט ניט צושטייער געגעבן צום הויף־עירוב אסרט ער ניט אויף די אנדערע איינוואוינער אז זיי זאָלן ניט טאָרן טראָגן אין הויף־רשות.** בבית התבן, (אויב מען האָט געלעגט דעם עירוב) אין דער געביידע וואו מען האלט שטרוי, אָדער אין שטאל וואו מען האלט רינדער (בקר, רינדער, בהמות), אָדער אין דער געביידע וואו מען האלט האָלץ אָדער אין דער געביידע וואו מען האלט תבואה (בית האוצרות, מאגאזין), איז עס אן עירוב, און אויב איינער וואוינט דאָרט אסרט ער אויף אים. **מחמת די אלע ערטער באנוצט זיך דער מענטש מיט זיי ווי זיין וואוינונג; און דעריבער אויב דער הויף בעל הבית האָט פאַרדינגען די ערטער צו אן אנדערן מענטש צו וואוינען און דער דאָזיקער איינ־וואוינער האָט ניט צושטייער געגעבן צום עירוב אסרט ער יאָ אז אויך דער בעל הבית פון הויף זאָל ניט טאָרן טראָגן, ווייל די אלע ערטער גייען אריין אין הויף אריין.**

ה. המניח ביתו והלך לשבות בעיר אחרת, אחד נכרי ואחד ישראל, הרי זה אוסר, דברי ר׳ מאיר. רבי יהודה אומר, אינו אוסר. ר׳ יוסי אומר, נכרי אוסר, ישראל אינו אוסר, שאין דרך ישראל לבא בשבת. ר׳ שמעון אומר, אפילו הניח ביתו והלך לשבות אצל בתו באותה העיר, אינו אוסר, שכבר הסיע מלבו:

ו. בור שבין שתי חצרות, אין ממלאין ממנו בשבת, אלא אם כן עשו לו מחיצה גבוהה עשרה טפחים, (בין מלמעלה), בין מלמטה, בין מתוך אוגנו. רבן שמעון בן גמליאל אומר, בית שמאי אומרים, מלמטה,

---

ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב דער בעל הבית האלט דאָרט (אין די ערטער) זאכן (תפיסת יד, „אננעמען מיט דער האנט״) אסרט ער ניט אויף אים. מחמת עס הייסט, אז אויך די דאָזיקע פאַרדינגענע ערטער געהערן צום בעל הבית. אָבער דאָס איז נור אויב אין הויף זענען מער ניט פאראן ווי דער בעל הבית און דער דאָזיקער איינוואוינער, אָבער אויב עס זענען פאראן נאָך אנדערע איינוואוינער אסרט ער אויף זיי. מיט „זאכן״ מיינט מען (אזוי לערנט די גמרא) אזעלכע זאכן, וועלכע מען טאָר ניט נע־מען אים שבת; אָבער זאכן וואָס מען קאָן צונעמען אים שבת הייסט ניט קיין תפיסת יד און אסרט יאָ, ווייל דער איינוואוינער קאָן זיי נעמען און ארויסוואַרפן.

ה. המניח, אז איינער לאָזט איבער זיין וואוינונג (אין א הויף) און גייט אוועק האלטן שבת אין אן אנדער שטאָט, סיי דער איינוואוינער איז א גוי און סיי ער איז א ייד, אסרט ער, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. דאָס הייסט, אויב דער יידישער איינוואוינער, האָט ניט צושטייער געגעבן צום הויף־עירוב טאָרן אויך די אנדערע איינוואוינער, וועלכע האָבן יאָ געמאַכט א עירוב, ניט טראָגן אין הויף, ווייל עס הייסט ווי דער דאָזיקער אוועקגעגאנגענער איינוואוינער געפינט זיך נאָך אלץ אין הויף. רשי און דער ברטנורא זאָגן, אז דער טעם איז ווייל „דירה בלא בעלים״, א וואוינונג, אין וועלכער איר באוואוינער געפינט זיך ניט אין איר, הייסט א דירה. ר׳ יהודה זאָגט, אז ער אסרט ניט. ער האלט, אז א „דירה בלא בעלים״ הייסט ניט קיין דירה. ר׳ יוסי זאָגט, אז א גוי אסרט און א ייד אסרט ניט, ווייל א ייד איז ניט זיין שטייגער צו קו־מען אים שבת. א גוי קאָן דאָך אָנקומען צוריק אין דער וואוינונג אים שבת, הייסט עס ווי ער וואוינט דאָ. אָבער א ייד וועט דאָך שבת ניט קומען הייסט עס א „דירה בלא בעלים״ און עס איז ניט קיין דירה. ר׳ שמעון זאָגט, אז אפילו איינער האָט פארלאָזט זיין וואוינונג און איז אוועקגעגאנגען האלטן שבת ביי זיין טאָכטער (אין אן אנדערן הויף) אין דערזעלביקער שטאָט, אסרט ער ניט, ווייל ער האָט שוין אין געדאנק זיך אפגעזאָגט (פון דער דאָזיקער וואוינונג). לויט ר׳ שמעון מוז מען ניט דוקא האָבן אוועקגעגאנגען אין אן אנדערער שטאָט, נאָר אפילו אין דערזעלביקער שטאָט וועט ער אויך ניט צוריקקומען אים שבת. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען ער איז געגאנגען צו דער טאָכטער, אָבער אויב צום זון אסרט ער יאָ, ווייל עס איז מורא צו האָבן אז די שנור וועט זיך קריגן מיט אים און ער וועט צוריק קומען אהיים; דער איידעם אָבער קריגט זיך ניט מיטן שווער. „הסיע מלבו״, „אוועקגעריקט פון זיין הארץ״, זיך אנטזאָגט אין געדאנק.

ו. בור, א גרוב (מיט וואסער) וואָס געפינט זיך צווישן צווי הייפן (איין העלפט גרוב אין דעם איינעם הויף און די אנדערע העלפט גרוב אין דעם אנדערן הויף) טאָר מען ניט שעפּן פון אים (קיין וואסער) סיידן מען האָט געמאכט (אין מיטן פון גרוב, צווישן די צווי העלפטן) א ווענטל, וואָס איז הויך צען טפחים, סיי אין דער הויך, סיי אונטן, סיי אין זיין (דעם גרובס) בעקן. אָן דעם ווענטל טאָר מען ניט שעפּן קיין וויסער, ווייל דער גרוב געהערט דאָך צו ביידע הייפן, און זיי האָבן דאָך ניט געמאכט צוזאמען איין עירוב, ממילא אסרט יעדער הויף אויף דעם אנדערן. אָבער אויב מען האָט געמאַכט א ווענטל הויך 10 טפחים, הייסט עס ווי מען האָט צעטיילט

ובית הלל אומרים מלמעלה. אמר ר׳ יהודה, לא תהא מחיצה גדולה מן הכותל שביניהם:

ז. אמת המים שהיא עוברת בחצר, אין ממלאין הימנה בשבת, אלא אם כן עשו לה מחיצה גבוה עשרה טפחים בכניסה וביציאה. ר׳ יהודה אומר, כותל שעל גבה תדון משום מחיצה. אָמר ר׳ יהודה, מעשה באמה של אבל שהיו ממלאין ממנה על פי זקנים בשבת. אָמרו לו, מפני שלא היה בה כשיעור:

---

דעם גרוב, איין העלפט צו דעם איינעם הויף און איין העלפט צום אנדערן הויף, און עס איז ניט קיין געמישטע רשותים, און דעריבער מעג מען. די משנה זאָגט אז סיי מען מאכט דאָס ווענטל אונטן, דאָס הייסט 9 טפחים פון ווענטל זענען אין וואסער און איין טפח שטעקט ארויס פון וואסער, און סיי מען מאכט עס איז דער הויך, דאָס הייסט עס הענגט אראָפּ א ווענטל 9 טפחים איבער דעם וואסער און איין טפח אין וואסער, און סיי דאָס ווענטל טיילט אָפּ בלויז דעם בעקן פון גרוב, כאָטש עס רירט ניט אָן דאָס וואסער, הייסט עס אלץ א גוט ווענטל. מיט בעקן (אוגן) פון גרוב מיינט מען אין גרוב, נאָר ניט טיף, וואו דאָס וואסער איז, נאָר אין דער הויך. די גמרא זאָגט, אז אזא ווענטל וואָס גייט ניט אראָפּ ביז צום באָדן פון גרוב האָט מען מתיר געמאכט נור ביי וואסער און מען זאָגט דאָ „גוד אחית", דאָס הייסט, מען נעמט אָן, אז דאָס ווענטל „ציט זיך אראָפּ" ביז צום באָדן. ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז די בית שמאי זאָגן, אז (דאָס ווענטל דארף זיין) אונטן (אין וואסער און נור א טפח פון ווענטל זאָל ארויסשטעקן פון וואסער), און די בית הלל זאָגן, אז אין דער הויך (איבער דעם וואסער, און נור א טפח טיף אין וואסער); האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אז א ווענטל דארף ניט זיין גרעסער פון דער וואנט וואָס שיידט אָפּ צווישן זיי (צווישן די הויפן), **ר׳ יהודה האלט, אז דאָס ווענטל דארף זיך ניט געפינען דוקא אין בעקן פון גרוב, נאָר אפילו עס איז איבער דעם בעקן און עס טיילט אָפּ דיביידע הייפן איז עס שוין אויך א גוטע מחיצה.**

ז. אמת המים, אויב א קאנאל מיט וואסער גייט אדורך דורך א הויף (ער קומט אָן פון דרויסן און גייט אדורך דעם הויף און גייט ארויס אין דרויסן) טאָר מען ניט (אין הויף) שעפּן פון אים וואסער אים שבת, סיידן מען האָט אין אים געמאַכט א ווענטל הויך צען טפחים ביים אריינגאנג (ביים אָרט וואו דער וואסער קאַנאַל גייט־אריין אין הויף) און סיי ביים ארויסגאנג (א ווענטל פון צען טפחים ציים אָרט וואו דער קאנאל גייט ארויס פון הויף). **מחמת דער וואסער־קאנאל, כאָטש ער גייט אדורך דעם הויף** (**וועלכער איז א רשות היחיד**) **ווערט גערעכנט פאר א כרמלית** (**זע אין דער הקדמה צו מסכתא שבת**) **און מען טאָרניט טראָגן אריין פון אים אין הויף אריין. אָבער ווען מען מאכט די צוויי ווענטלעך אי דעם קאנאל איבער זיין גאנצער ברייט, ווערט ער באטראכט ווי א טייל פון הויף.** ר׳ יהודה זאָגט, אז די וואנט איבער אים (איבער דעם קאנאל) איז גוט אלס ווענטל. **ר׳ יהודה זאָגט דאָ דעמזעלביקן דין ווי פריער אין משנה ו׳, דהיינו, אז עס מוז ניט דוקא זיין א ווענטל אין קאנאל, נאָר עס איז גענוג די וואנט וואָס געפינט זיך איבער דעם קאנאל און וועלכע טיילט אָפּ דעם הויף פון דעם ארומיקן דרויסן.** אָמר, האָט ר׳ יהודה דערזאָגט, אז עס איז געווען א מעשה מיט א קאנאל פון (דער שטאָט) אבל און מען האָט אים שבת פון איר געשעפּט וואַסער (אין די הייפן דורך וועלכע זי איז דורכגעגאנגען) מיט דער הסכמה פון די זקנים (תנאים). **אין דאָזיקן קאנאל פון דער שטאָט אבל האָט מען ניט געמאכט קיין באזונדערע ווענטלעך אין קאַנאַל נאָר מען האָט זיך סומך געווען אויף די ווענט אי־בער אים.** אמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) אָפּגעענטפערט אים (ר׳ יהודה), אז (דאָרט ביים קאנאל פון דער שטאָט אבל איז געווען מותר צו שעפּן פון אים וואסער אים שבת) ווייל עס איז ניט געווען אין אים וויפיל דער שיעור דארף זיין. **דער דין איז אז א וואסער־קאנאל הייסט א כרמלית נאָר ווען ער איז טיף מינדסטנס 10 טפחים און**

**ח. גזוזטרא שהיא למעלה מן המים אין ממלאין הימנה בשבת, אלא אם כן עשו לה מחיצה גבוהה י׳ טפחים בין מלמעלה בין מלמטה. וכן שתי גזוזטראות זו למעלה מזו, עשו לעליונה ולא עשו לתחתונה, שתיהן אסורות עד שיערבו:**

---

איז ברייט מינדעסטנס 4 טפחים, זאָגן די חכמים, אז דער וואַסער־קאַנאַל אין אבל האָט ניט געהאַט דעם שיעור; אָדער ער איז ניט טיף געווען 10 טפחים אָדער ער איז ניט ברייט געווען 4 טפחים, און דעריבער האָט מען געמאַכט פון אים שעפּן וואַסער. וועגן טיטל „זקנים” זע פריער פּרק ג׳ משנה ד׳. די שטאָט „אבל” סתם, אָן א ביינאמען, אז געווען אין גליל לעבן דער שטאָט צפּורי און האָט טיילמאָל אויך געהייסן „אובלון, און לויט טייל מיינונגען האָט זי אויך געהייסן „אבל ערב”. היינט איז עס אן אראַביש דאָרף „איבלין”.

ח. גזוזטרא, אויב א באַלקן (וואָס שטעקט ארויס פון א הויז) געפינט זיך איבער א וואַסער (און אין באָדן פון באַלקאָן איז פאַראַן א לאָך, דורך וועלכן מען לאָזט אראָפּ א עמער און מען שעפּט וואַסער און מען ציט אים צוריק ארויף), טאָר מען פון אים (פון דעם וואַסער־אָרט) ניט שעפּן קיין וואַסער אים שבת, סיידן מען מאַכט ווענטלעך (ארום און ארום) וואָס זענען הויך צען טפחים, סיי איבער (דעם וואַסער), סיי אונטער (דעם וואַסער). אויב די ווענטלעך זענען געמאַכט ארום און ארום דעם וואַסער־אָרט אונטער דעם באַלקן מעג מען יאָ ארויפשעפּן וואַסער אים שבת. דעם טייטש פון „איבער” (מלמעלה, פון דער הויך) און „אונטער” (מלמטה, „פון אונטן”) האָבן מיר געגעבן פריער אין משנה ו׳. אזוי טייטשט דער רמבם (זע תוספות יום טוב). אָבער רשי טייטשט „מלמעלה”, אין דער הויך מיינט מען אויף דעם באַלקאָן, איבער דעם לאָך, כדי דער באַלקאָן זאָל האָבן ווענטלעך ארום, און „מלמטה” מיינט מען אונטער דעם לאָך פון באַלקאָן צו־באַהאַפטן צום באַלקאָן, רשי זאָגט אויך, אז די ווענטלעך דאַרפן זיין געמאַכט אז זיי זאָלן ארומנעמען א שטח פון 4 טפחים אויף 4 טפחים ארום דעם לאָך, אָדער זיי זאָלן ארומנעמען דעם גאַנצן באַלקאָן. וכן, און אזוי איז אויך דער דין מיט צוויי באַלקאָנען, איינער איבער דעם צווייטן; אויב מען האָט געמאַכט (ווענטלעך) אין דעם אויבערשטן באַלקאָן און מען האָט ניט געמאַכט (קיין ווענטלעך) צום אונטערשטן (באַלקאָן) זענען ביידע אסור (טאָרן זיי ניט שעפּן וואַסער) סיידן זיי זאָלן מאַכן (צוזאַמען איין) עירוב. די משנה איז א זייער שווערע, און האָט עטליכע גירסאות און עטליכע פּירושים. דער ברטנורא טייטשט, אז מען מיינט, דאָס דער לאָך אין דעם אויבערשטן באַלקאָן איז פּונקט איבער דעם לאָך אין אונטערשטן באַלקאָן, און פון דעם אויבערשטן לאָזט מען אראָפּ מיט א שטריק דעם עמער דורך די ביידע לעכער אין וואַסער און מען שעפּט דאָס וואַסער. זאָגט די משנה אז אויב די איינוואוינער פון דעם אונטערשטן האָבן געהאָלפן מאַכן אין דעם אויבערשטן באַלקאָן די ווענטלעך און אין דעם אונטערשטן האָט מען ניט געמאַכט, איז ווייל די אונטערשטע האָבן א חלק אין די אויבערשטע ווענטלעך טאָרן אויך די אויבערשטע ניט שעפּן קיין וואַסער, סיידן זיי האָבן געמאַכט איין עירוב און זיי זענען ווי איין הויז. אויב די אונטערשטע האָבן געמאַכט ביי זיך און די אויבערשטע ניט, און אפילו די אויבערשטע האָבן ניט געהאָלפן מאַכן די אונטערשטע ווענטלעך און זיי האָבן ניט געמאַכט צוזאַמען איין ערוב, טאָרן אויך ביידע ניט שעפּן וואַסער; די אויבערשטע טאָרן ניט ווייל זיי האָבן דאָך ניט קיין ווענטלעך, און די אונטערשטע טאָרן ניט, ווייל די אויבערשטע האָבן א רשות־חלק אין דעם אונטערשטן (ווייל זיי ציִען דאָך דורך דעם אונטערשטן וואַסער) און דעריבער אסרן זיי אויך די אונטערשטע. אָבער אויב זיי האָבן געמאַכט יעדע פאַר זיך ווענטלעך, מעגן זיי ביידע שעפּן וואַסער, ווייל זיי זענען געוואָרן דאַדורך באַזונדערע רשותים און זיי דאַרפן ניט האָבן א עירוב. דער רמבם פּסקנט, אז אויב פון דעם אויבערשטן צום אונטערשטן איז ניטאָ קיין 10 טפחים מוזן זיי האָבן צוזאַמען א עירוב אפילו ווען זיי האָבן באַזונדערע ווענטלעך.

**ט. חצר שהיא פחותה מארבע אמות, אין שופכין בתוכה מים בשבת, אלא אם כן עשו לה עוקה מחזקת סאתים, מן הנקב ולמטה; בין מבחוץ בין מבפנים, אלא שמבחוץ צריך לקמור, מבפנים אין צריך לקמור:**

**י. ר׳ אליעזר בן יעקב אומר, ביב שהוא קמור ארבע אמות ברשות הרבים, שופכין לתוכו מים בשבת. וחכמים אומרים אפילו גג או חצר**

---

ט. חצר, א הויף, וואָס האלט ניט פיר איילן (פיר קוואדראט־איילן, דאָס הייסט צוויי איילן די לענג אויף צוויי איילן די ברייט אָדער פיר איילן אויף איין אייל) טאָר מען ניט ארויסגיסן אין אים (אין הויף) וואסער אים שבת, סיידן מען מאכט א גרוב וואָס האלט צוויי סאה פון דעם לאָך פון גרוב און אראָפּ (דער גרוב קאָן ארייננעמען וואסער צוויי סאה). **דער טעם איז, ווייל עס איז אָנגענומען אז אין 4 איילן ווערט אריינגעזאפּט אין דער ערד אזוי פיל וואסער וויפיל א מענטש דארף צום באנוצן אין איין טאָג. ממילא, פליסט דאָך דאָס וואסער ניט ארויס פון הויף אין דרויסן ארויס (אין רשות הרבים אריין). אָבער ווינציקער פון 4 איילן ווערט דאָס וואסער ניט אריינגעזאפּט און עס פליסט ארויס אין רשות הרבים, אָבער ווען מען מאכט א גרוב, אין וועלכן דאָס וואסער גייט אריין איידער עס פליסט ארויס פון דאָרט אין דרויסן און דער גרוב נעמט אריין וואסער „סאתים", צוויי סאה, דאָס איז 12 טעפּ (דער רמבם זאָגט, אז דאָס איז איין אייל די לענג אויף איין אייל די ברייט, און אין דער טיף דריי פיפטל אייל) מעג מען, ווייל אזוי פיל וואסער באנוצט א מענטש א טאָג. „עוקה" איז דער טייטש א גרוב (זע מסכתא מעשרות פרק א׳ משנה ז׳ „משירד לעוקה"). „נקב", „לעכל", מיינט מען דאָ דעם לאָך אין גרוב דורך וועלכן דאָס וואסער פליסט ארויס ווייטער אין דרויסן ארויס.** בין מבחוץ, (דעם גרוב קאָן מען מאכן) סיי אין דרויסן (ניט אין הויף, נאָר אין דרויסן, אין רשות הרבים, ביים הויף) און סיי אינווייניק (אין הויף), נאָר אויב (מען מאכט אים) אין דרויסן דארף מען אים איבערוועלבן („לקמור", מאכן איבער דעם גרוב א דעכל, ער זאָל זיין פארמאכט פון דער הויך), אויב (מען מאכט אים) אינווייניק (אין הויף) דארף מען אים ניט איבערוועלבן (ניט מאַכן איבער דעם גרוב א דעכל). **דאָס וואָרט „קמור", „איבערוועלבן", זיין צוגעדעקט פון דער הויך איז פאראן עטליכע מאָל אין משנה (מסכתא אהלות פרק ג׳ משנה ז׳ „ביב שהוא קמור" און אנדערע ערטער). דער „ערוך השלם" מיינט אז דאָס איז פון גריכישן וואָרט „קאמארעא", איבערוועלבט. דער ברטנורא זאָגט, אז דערמיט וואָס דער גרוב איז פארמאכט איז ער ווי אָפּגעטיילט פון רשות הרבים אין וועלכן ער געפינט זיך.**

י. ר׳ אליעזר בן יעקב זאָגט, אז אין אן אָפּצוג־קאנאל (ביב) וועלכער איז צוגעדעקט (איבערוועלבט, קמור) פיר איילן אין רשות הרבים מעג מען אין אים אריינגיסן (אין הויף) וואסער אים שבת. „ביב" הייסט **אן אָפּצוג־קאנאל, א „ראָוו", דורך וועלכן דאָס וואסער פליסט אוועק. דאָס וואָרט איז אויך פאראן אין דער סירישער און אראבישער שפּראכן. זאָגט די משנה אז ווען אזא אָפּצוג־קאנאל גייט פון הויף אריין אין רשות־הרבים און אין רשות הרבים איז ער צוגעדעקט אויף א שטח פון 4 איילן, מעג מען אין אים אין הויף אריינגיסן וואסער אים שבת. דער טעם איז ווייל אין 4 איילן קאָן ער איינזאפּן אין זיך צוויי סאה (סאתים) וואסער, וואָס א מענטש פארנוצט אין פארלויף פון א טאָג (ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ט׳).** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אפילו דער דאך (פון וועלכן מען גיסט אראָפּ וואסער) אָדער דער הויף (אין וועלכן מען גיסט אויס דאָס וואסער) איז גרויס הונדערט איילן טאָר מען ניט גיסן (גלייך, דירעקט) אין אָפּצוג־קאנאל (על פי הביב, אין מויל פון אָפּצוג־קאנאל, גלייך אין אים), אָבער מען מעג אויסגיסן אויפן דאך און דאָס וואסער רינט אריין אין אָפּצוג־קאנאל. **דער טעם איז, ווייל מען זעט ווי מען גיסט אריין אין אפּצוג־קאנאל קאָן מען מיינען אז ער האָט זיי געגאָסן נאָענט צום ארויסגאנג אין רשות הרבים.**

**מאה אמה, לא ישפוך על פי הביב, אבל שופך על הגג, והמים יורדין לביב. החצר והאכסדרה מצטרפין לארבע אמות:**

**יא. (וכן) שתי דיוטאות זו כנגד זו, מקצתן עשו עוקה ומקצתן לא עשו עוקה, את שעשו עוקה מותרין, את שלא עשו עוקה אסורין:**

## פרק ט.

**א. כל גגות העיר רשות אחת, ובלבד שלא יהא גג גבוה עשרה או נמוך עשרה, דברי ר' מאיר; וחכמים אומרים, כל אחד ואחד רשות**

החצר, דער הויף און די פאָר־האַליע (וועראַנדע, אכסדרא) ווערן צוגערעכנט (זענען זיך מצטרף) צו די פיר איילן. **דאָס גייט ארויף אויף דעם דין אין דער משנה ט׳, אז אויב א הויף האָט 4 איילן מעג מען גיסן אין אים וואסער אים שבת, כאָטש דאָס וואסער רינט ארויס אין רשות הרבים. זאָגט דאָ די משנה אז אויב אין הויף איז צו־זאמען מיט דער פאָר־האַליע, וועראַנדע, פאַראַן 4 איילן מעג מען. די פאָר־האַליעס, די וועראַנדעס זענען געווען אייגענטליך א טייל פון הויף, און די ערד איז דאָרט ניט געווען באדעקט, און ממילא האָט זיך דאָס וואסער אויך דאָרט ארייגעזאפּט. „אכסד־רא״, איז דאָס גריכישע וואָרט „עקסעדרא״ (א פאָר־האַליע).**

יא. שתי, אויב צוויי אויבערשטע וואוינונגן, וועלכע געפינען זיך איינע קייגן דער אנדערער (און צווישן זיי איז פאַראַן דער הויף ווינציקער פון פיר איילן), און טייל פון זיי (די איינוואוינער פון איין וואוינונג) האָבן יאָ געמאכט (אין הויף) דעם גרוב (עוקה), און טייל פון זיי (די איינוואוינער פון דער אנדערער וואוינונג) האָבן ניט געמאַכט דעם גרוב, איז די וועלכע האָבן געמאכט דעם גרוב מעגן (גיסן דאָס וואסער אים שבת) און די וועלכע האָבן ניט געמאכט טאָרן ניט. **דאָס גייט אויך ארויף אויף דער פריערדיקער משנה ט׳, אז אין א הויף ווינציקער פון 4 איילן מוז מען מאכן א גרוב, און די משנה לערנט דאָ, אז אויב די איינוואוינער פון די צוויי וואוינונגן האָבן ניט געמאכט צוזאמען א עירוב, מעגן גיסן דאָס וואסער נאָר די איינוואוינער וועלכע האָבן געמאכט דעם גרוב, און די אנדערע טאָרן ניט. דער טעם איז, ווייל קוים וועט מען זיי מתיר מאכן, וועלן זיי ארויסטראָגן די כלים מיט דעם וואסער ביז צום גרוב און זיי וועלן טראָגן אָן א עירוב. אָבער די וועלכע האָבן געמאכט דעם גרוב מעגן, ווייל דער גרוב איז דאָך לעבן זייער „דיוטאָ״, שטאָק־וואוינונג, גיסן זיי מסתמא אויף דער דיוטא און דאָס וואסער פליסט גלייך ארייך אין גרוב. וועגן „דיוטא״ האָבן מיר גע־געבן אין מסכתא שבת פרק י״א משנה ב׳.**

## פרק ט.

א. כל גגות, אלע דעכער אין דער שטאָט זענען איין רשות, אָבער עס זאָל ניט זיין איין דאך העכער (פון אנדערן דאך) צען (טפחים) אָדער נידריקער צען טפחים, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **מיר האָבן אין די פריערדיקע פרקים געלערנט אז מען טאָרניט טראָגן אים שבת פון וואוינונגן ארויס אין די הויפן סיידן מען האָט געמאכט א עירובי חצרות. זאָגט דאָ ר׳ מאיר, אז פון איין דאך צו דעם אנדערן דאך מעג מען טראָגן (זאכן וועלכע זענען געווען אויפן דאך פרייטאָג בין השמשות) אָן א עירוב, ווייל זיי ווערן באטראכט ווי איין רשות, כאָטש די וואוינונגן אונטן געהערן צו באזונדערע מענטשן. דער טעם איז, ווייל מען נוצט פיל די דעכער און עס הייסט דעריבער ניט ווי באזונדערע רשותים. אָבער ווען איין דאך איז העכער פון אנדערן 10 טפחים טאָר מען ניט, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט מען מתיר מיכן ארויפצוליייגן אין רשות הרבים (אין גאס) אויף א בערגל וואָס איז הויך 10 טפחים און ברייט 4 טפחים, און דאָס טאָר מען ניט.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז יעדער (פון די דעכער) איז א באזונדער רשות פאר זיך. **לויט די חכמים אויב די איינוואוינער פון די וואוינונגן אונטן האָבן ניט געמאכט איין עירוב טאָר מען ניט טראָגן אויף די דעכער פון איינעם צום אנדערן.** ר׳ שמעון זאָגט, אז סיי דעכער, און סיי הייפן און סיי (ארומגעצוימטע)

**בפני עצמו. ר׳ שמעון אומר, אחד גגות ואחד חצרות ואחד קרפיפות, רשות אחד לכלים ששבתו לתוכן, ולא לכלים ששבתו בתוך הבית:**

**ב. גג גדול סמוך לקטן, הגדול מותר והקטן אסור. חצר גדולה שנפרצה לקטנה, גדולה מותרת וקטנה אסורה, מפני שהיא כפתחה של גדולה. חצר שנפרצה לרשות הרבים, המכניס מתוכה לרשות היחיד, או מרשות היחיד לתוכה חייב, דברי ר׳ אליעזר; וחכמים אומרים,**

---

פלעצער (קרפיפות) זענען איין רשות (נאָר) פאר זאכן וועלכע זענען דאָרט געווען ווען עס איז געוואָרן שבת (פרייטאָג בין השמשות) אָבער ניט פאר זאכן, וועלכע זענען געווען אין דער וואוינונג ווען ס׳איז געוואָרן שבת. ר׳ שמעון האלט, אז אויב עס האָבן זיך געפינען זאכן אויף דא דאך אדער אין א הויף אָדער אין אן ארומגעצוימטן פלאץ (אויב זיי האָבן ניט מער שטח ווי א בית סאתים, 5000 קוואדראט־טיילן) דעמאָלס ווען עס איז געוואָרן שבת, מעג מען די זאכן טראָגן אים שבת ארויף אויף אן אנדערן דאך (אפילו זיי זענען העכער אָדער נידריקער פון 10 טפחים) אָדער אין אן אנדערן הויף אפילו אָן א עירוב. דער טעם איז, ווייל די דעכער און הויפן און פלעצער זענען דאָך ניט קיין וואוינונגען און מען באנוצט דאָך ניט זיי אזוי אָפט ווי א וואוינונג, הייסן די זאכן ווי זיי געהערן צו אלע דעכער און אלע הייפן און אלע פלעצער. אָבער די זאכן וואָס זענען בעת ס׳איז געוואָרן שבת געווען אין דער וואוינונג, האָבן זיי געקראָגן דע־מאָלס דעם רשות פון דער וואוינונג, און אפילו מען האָט געמאַכט א עירוב אין דעם הויף מעג מען זיי נור ארויסטראָגן אין דאָזיקן הויף, אָבער ניט אין אן אנדערן הויף (אויב די צוויי הייפן האָבן ניט איין עירוב), ווייל עס איז שוין אן אנדערער רשות.

ב. גג, אויב א גרויסער דאך איז לעבן א קליינעם דאך, איז דער גרויסער דאך מותר און דער קליינער דאך איז אסור. דער טייטש איז, אז די איינוואוינער פון הויז מיטן גרויסן דאך מעגן אים שבת ארויפטראָגן זייערע זאכן אויף זייער דאך; אָבער די איינוואוינער פון הויז מיטן קליינעם דאך טאָרן ניט ארויסטראָגן אויפן דאך זייערע זאכן. די מפרשים זאָגן, אז דאָ מיינט מען ווען די דעכער זענען ארומגערינגלט מיט ווענטלעך, גאניקלעך, און עס איז פאראן אין דעם ווענטל א לאָך ניט גרעסער פון 10 איילן. און ווייל די איינוואוינער פון די צוויי הייזער האָבן ניט צווישן זיך איין עירוב, טאָרן די איינוואוינער פון הויז מיטן קליינעם דאך ניט ארויפטראָגן אויף זייער דאך מחמת די איינוואוינער פון גרעסערן דאך אסרן זיי, ווייל פאר דעם קליינעם דאך הייסט עס א פירצה, א גרויסער לאָך. אָבער פאר דעם גרויסן דאך הייסט עס ניט ווי א לאָך נאָר ווי א טויער (צוליב די שטיקלעך וואָס שטעקן ארויס פוןביידע זייטן) און דעריבער מעגן די איינוואוינער פון הויז מיטן גרויסן דאך ארויסטראָגן זאכן אויף זייער דאך. חצר, אויב א גרויסער הויף איז אויפגעבראָכן געוואָרן אין א (שכנותדיקן) קליינעם הויף אריין (אין דער וואנט צווישן די ביידע הייפן איז געוואָרן א לאָך ניט גרעסער פון צען איילן) איז דער גרויסער (הויף) מותר און דער קליינער איז אסור. די איינוואוינער פון גרעסערן הויף מעגן טראָגן אים שבת זאכן פון זייערע וואוינונגען אין זייער הויף (מיט א עירוב), או די איינוואוינער פון קליינעם הויף טאָרן ניט טראָגן אין זייער הויף. דער טעם איז דערזעלבער וואָס פריער ביים גרויסן דאך און דעם קליינעם דאך, און די משנה גיט דאָ באלד דעם טעם: מפני, ווייל עס איז ווי א טיר (פתח) פון דעם גרויסן הויף. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען דער לאָך איז געוואָרן פאר שבת, אָבער אויב ער איז אויפגעבראָכן געוואָרן אים שבת מעגן אויך די איינוואוינער פון קליינעם הויף ארויסטראָגן די זאכן אין זייער הויף. חצר, אויב א הויף איז אויפגעבראָכן געוואָרן אין רשות הרבים אריין (אין דער וואנט וואָס טיילט אָפּ דעם הויף פון רשות הרבים, למשל פון דער גאס, איז געוואָרן א לאָך ברייטער פון צען איילן אָדער די וואנט איז אינגאנצן איינגעפאלן). איז ווער עס טראָגט אריין פון אים (פון הויף) אין א רשות היחיד (למשל אין א הויז) אָדער (ווער עס טראָגט־אַרויס) פון

**מתוכה לרשות הרבים או מרשות הרבים לתוכה פטור, מפני שהיא ככרמלית:**

**ג. חצר שנפרצה לרשות הרבים משתי רוחותיה, וכן בית שנפרץ משתי רוחותיו, וכן מבוי שנטלו קורותיו או לחייו, מותרין באותה שבת ואסורין לעתיד לבא, דברי ר׳ יהודה, ר׳ יוסי אומר, אם מותרין לאותו שבת מותרין לעתיד לבא, ואם אסורין לעתיד לבא אסורין לאותו שבת:**

**ד. הבונה עלייה על גבי שני בתים, וכן גשרים המפולשים, מטלטלין תחתיהן בשבת, דברי ר׳ יהודה; וחכמים אוסרין. ועוד אמר ר׳ יהודה, מערבין למבוי המפולש; וחכמים אוסרין:**

---

רשות היחיד אין אים (אין הויף) איז חייב, אזוי זאָגט ר׳ אליעזר. **מחמת אזא הויף, האַלט ר׳ אליעזר, איז א רשות הרבים און מען איז מחויב צו ברענגען א קרבן אויב מען טראָגט אריין אין אים (בשוגג) פון א רשות היחיד אָדער מען טראָגט ארויס פון אים אין א רשות היחיד.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז (ווער עס טראָגט) פון אים אין א רשות הרבים אָדער פון א רשות הרבים אין אים איז פטור, ווייל ער איז ווי א כרמלית. **טראָגן טאָר מען ניט, אָבער אויב מען טראָגן איז מען פטור, ווייל אזא הויף איז ווי א כרמלית. רשי זאָגט, אז דאָסזעלביקע האַלטן די חכמים, אז ווען מען טראָגט פון אים אין א רשות היחיד אָדער פון א רשות היחיד אין אים איז מען אויך פטור. וועגן „כרמלית" זע אין דער הקדמה צו מסכת שבת.**

ג. חצר שנפרצה, אויב א הויף איז אויפגעבראָכן געוואָרן (אים שבת) פון צוויי זייטן זיינע אין רשות הרבים אריין, און אזוי איז אויך אויב א הויז איז (אים שבת) אויפגעבראָכן געוואָרן פון צוויי זייטן זיינע (אין רשות הרבים אריין), און אזוי איז אויך ווען א געסל (מבוי), פון וועלכן עס איז (אים שבת) צוגענומען געוואָרן זיין באַלקן (קורה) אָדער זיין ברעטל (לחי) (צוליב וועלכע מען מעג אין אים טראָגן אים שבת ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א׳ משנה א׳), מעג מען (טראָגן אין אים) דעם דאָזיקן שבת, אָבער מען טאָרניט טראָגן אין די קומענדיקע (שבתים), אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **די מפרשים טייטשן אויפן יסוד פון דער גמרא, אז דאָ מיינט מען אז עס איז איינגעבראָכן געוואָרן א ווינקל פון הויף אָדער פון הויז און דאָס הייסט „פון 2 זייטן", אפילו דער לאָך איז ניט ברייטער פון 10 איילן. אויך מיינט מען אז אין דער הויך פון לאָך איז ניט געבליבן קיין שטיקל וואַנט אָדער באַלקן, ווייל אויב עס וואָלט געבליבן וואָלט געווען מותר אויך אלע שבתים, ווייל „פי תקרה יורד וסותם", דאָס שטיקל באַלקן ווערט באטראכט ווי עס גייט־אראָפּ און פאַרמאַכט דעם לאָך. אָבער ווען קיין שטיקל באַלקן איז ניט געבליבן, האַלט ר׳ יהודה אז די קומענדיקע שבתים טאָר מען ניט טראָגן, אָבער אין דעם שבת וואָס דער אויפברוך איז פאָרגעקומען מעג מען יאָ טראָגן. דאָסזעלבע מעג מען טראָגן אין זעלבן שבת ווען עס איז צוגענומען געוואָרן דער באַלקן אָדער דאָס ברעטל אין געסל. דער טעם איז, ווייל א טייל פון שבת איז געווען מותר, איז מותר א גאַנצן שבת.** ר׳ יוסי זאָגט, אז אויב זיי זענען מותר אין דאָזיקן שבת דאַרפן זיי אויך זיין מותר אין די קומענדיקע (שבתים), און אויב זיי זענען אסור אין די קומענדיקע (שבתים) דאַרפן זיי זיין אויך אסור אין דאָזיקן (שבת). **די גמרא זאָגט, אז ר׳ יוסי האַלט, אז זיי זענען אסור אויך אין דאָזיקן שבת.**

ד. הבונה, אז איינער האָט אויפגעבויט א בוידעם־שטיבל (עלייה) איבער צוויי הייזער (צווישן די צוויי הייזער גייט א גאַס, א רשות הרבים און ער האָט אויפגעבויט אין דער הויך א לאַנגן זאַל פון איין הויז צום אנדערן איבער דער גאַס און אונטער דעם זאַל ציט זיך די גאַס), און אזוי אויך בריקן אונטער וועלכע מען קאָן דורכגיין (מפול־שין) פון איין זייט צו דער צווייטער זייט (און די בריקן האָבן ווענט אונטן ביי די צוויי זייטן) מעג מען טראָגן אונטער זיי אים שבת, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **מחמת ער האַלט „פי תקרה יורד וסותם", אז דער ראַנד פון באַלקן (פון דער הויז) ווערט באטראכט**

## פרק י׳.

**א. המוצא תפילין, מכניסן זוג זוג. רבן גמליאל אומר, שנים שנים. במה דברים אמורים? בישנות, אבל בחדשות פטור. מצאן צבתים או**

---

ווי ער לאָזט זיך אראָפּ און ער פארמאכט די אָפענע זייט און ממילא הייסט עס ווי א שטח וואָס איז ארומגערינגלט פון 4 זייטן, און ער איז א רשות היחיד. וחכמים, און די חכמים אסרן. זיי האלטן אז ביי א מפולש, ביי שטחים וועלכע זענען אָפן פון צוויי קייגנאיבער־ליגנדיקע זייטן, זאָגט מען ניט „פי תקרה יורד וסותם". ועוד, און נאָך זאָגט ר׳ יהודה, אז אין א געסל (מבוי) וואָס איז אָפן פוןביידע (קייגנאיבערליגענדיקע זייטן (מפולש) קאָן מאכן א עירוב. די מפרשים טייטשן, אז מיט מאכן א עירוב מיינט מען שיתופי מבואות (זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין און פריער פרק ז׳ משנה ו׳). מחמת ר׳ יהודה האלט, אז מדאורייתא הייסט א געסל מיט צוויי פארמאכטע זייטן (און די אנדערע צוויי זייטן אָפן) א רשות היחיד. וחכמים, און די חכמים אסרן. זיי האלטן, אז א געסל (א מבוי) מוז זיין פארמאכט פון 3 זייטן. זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין און אויך אין פרק א׳ משנה א׳.

## פרק י׳.

א. המוצא, אז איינער געפינט (אין א פעלד אים שבת) תפילין (א סך פאָר) מעג ער זיי אריינטראָגן פאָר־ווייז. ווייל תפילין זענען הייליק און מען טאָר זיי ניט לאָזן אין פעלד אומגעהיטן, האָט מען מתיר געווען אָנצוטאָן פּאָרווייז, דעם של־יד אויף דער האנט און דעם של־ראש אויפן קאָפּ און זיי אריינטראָגן, און אויסטאָן זיי און אוועקלייגן, און דערנאָך ווידער ארויסגיין אין פעלד און ווידער אָנטאָן א פאָר און אריינטראָגן, און אזוי כסדר ביז ער ברענגט אריין אלע תפילין. דאָ האלט די סתם משנה, אז „שבת זמן תפילין", אז אויך אים שבת לייגט מען תפילין, און דעריבער טאָר מען מער ווי איין פּאָר ניט אָנטאָן, ווייל מען איז עובר אויף „בל תוסיף", מען זאָל „ביט מערן" מען זאָל ניט לייגן מער ווי איין פּאָר תפילין מיט אמאָל, און ווייל מען איז עובר אויף „בל תוסיף" הייסט עס שוין ניט ווי מען טראָגט תפילין, נאָר ווי מען טראָגט א משא, און דאָס טאָר מען ניט אים שבת. רבן גמליאל זאָגט, אז צו צוויי פּאָר מיטאמאָל. מען מעג אריינטראָגן צוויי של־יד׳ס, אויף דער האַנט און צוויי של ראש׳ס אויפן קאָפּ מיט אמאָל. רבי גמליאל האַלט, אז „שבת לאו זמן תפילין", שבת איז ניט קיין מצוה צו לייגן תפילין, און דעמאָלס ווען עס איז ניט קיין מצוה איז מען ניט עובר אויף „בל תוסיף", און תפילין אים שבת מעג מען טראָגן ווייל עס איז א תכשיט, א צירונג (און טייל תכשיטים מעג מען טראָגן אים שבת און ביי טייל איז עס נור אן איסור דרבנן, זע מסכתא שבת פרק ו׳ משנה א׳), און אויפן קאָפּ פון מענטשן איז פאראן אָרט צו לייגן צוויי תפילין, און דעריבער מעג מען זיי טראָגן צו צוויי־ווייז. במה דברים אמורים, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (אז מען איז מחויב אריינצוטראָגן אים שבת תפילין, וועלכע מען געפינט אין פעלד)? בישנות, ווען די תפילין זענען אלטע, אָבער ווען זיי זענען נייע איז מען פטור: „אלטע תפילין" מיינט מען, אז עס איז פאראן אויף זיי דער קשר, אָדער מען דערקאָנט אז עס איז געווען דער קשר, דער קניפּ, ווי דער שם „שדי" (אזוי זאָגט רשי), און דאָס זענען זיכער תפילין און מען טאָר זיי ניט לאָזן אומגעהיטן, אז זיי זאָלן מבוזה ווערן. אָבער נייע תפילין, אָן דעם קשר, קאָן זיין אַז דאָס זענען ניט קיין תפילין נאָר סתם אן אָנגעשריבענע פּרשה פאר א קמיע, און עס האָט ניט קיין קדושה און מען טאָר זיי ניט אריינטראָגן אים שבת. מצאן, אויב ער האָט זיי (די תפילין) געפינען צונויפגעבינדן (צבתים, ביי יעדער פּאָר איז דער של־יד געווען צוגעבינדן צום של ראש) אָדער צוזאמענגעבינדן (כרוכות, א סך תפילין צוגעבינדן צוזאמען) זאָל ער ווארטן לעבן זיי ביז עס ווערט פינסטער (ביז עס ווערט שבת צונאכטס) און זיי אריינברענגן. אָנטאָן זיי טאָר ער ניט ווייל זיי זענען צוזאמענגעבינדן, און ער מוז דעריבער ווארטן ביי זיי ביז עס ווערט אויס שבת. דאָס וואָרט „צבתים" איז

**כריכות, מחשיך עליהן ומביאין. ובסכנה, מכסן והולך לו:**

**ב. ר' שמעון אומר, נותנן לחברו. וחברו לחברו, עד שמגיע לחצר החיצונה. וכן בנו, נותנו לחברו וחברו לחברו ואפילו מאה. ר' יהודה אומר, נותן אדם חבית לחברו וחברו לחברו אפילו חוץ לתחום. אָמרו לו, לא תהלך זו יותר מרגלי בעליה:**

---

דער טייטש בינטלעך און איז פאראן אין רות ב' „מן הצבתים" (פון די בינטלעך תבואה). ובסכנה, און אין דער צייט פון א סכנה זאָל ער זיי (די תפילין) צודעקן און מעג אוועקגיין. מיט סכנה מיינט מען דאָ די צייט, ווען די רומישע רעגירונג, וועלכע האָט געהערשט אין ארץ ישראל, האָט געהאָט ארויסגעגעבן גזירות שמד, און זי האָט איינגעפירט טויט-שטראָף אויף יידן וועלכע האָבן מקיים געווען מצוות (לייגן תפילין און אנדערע מצוות). זאָגט די משנה, אז אין אזא סכנה-צייט איז גענוג, אז מען דעקט צו די תפילין, וועלכע מען געפינט אין פעלד, און מען מעג אוועקגיין. די גמרא זאָגט, אז ביי אן אנדערער סכנה, למשל עס איז א געפאר צו בלייבן אין פעלד צוליב גזלנים, מעג מען טראָגן די תפילין ווינציקער פון 4 איילן, דאָס הייסט מען טראָגט זיי ווינציקער פון 4 איילן און מען בלייבט שטיין, דערנאָך טראָגט מען זיי ווייטער ווינציקער פון 4 איילן און מען בלייבט ווידער שטיין, און אזוי ווי דער איסור מדאורייתא איז ווען מען טראָגט מינדסטנס 4 איילן אין רשות הרבים (מעביר ד' אמות ברשות הרבים), און נור מדרבנן איז אסור ווען מען טראָגט ווינציקער, האָבן דאָ די חכמים מתיר געמאכט צו טראָגן ווינציקער פון 4 איילן צוליב דעם כבוד פון די תפילין.

ב. ר' שמעון זאָגט, אז ער (דער וועלכער געפינט די תפילין אין פעלד) זאָל זיי געבן צו זיין חבר (וועלכער שטייט לעבן אים) און זיין חבר צו זיין חבר (וועלכער שטייט לעבן אים (און אזוי כסדר איינער דעם אנדערן) ביז (די תפילין) קומען אָן אין דעם אויסנווייניקסטן הויף (דעם ערשטן הויף, וואו זיי ווערן אָפגעהיטן). ר' שמעון זאָגט, אז אפילו אין א סכנה פאר גזלנים זאָל ער אויך ניט טראָגן זיי צו ווינציקער פון 4 איילן (זע צום סוף פון דער פאָריקער משנה) ווייל עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער זיי פירן גאנצע 4 איילן. ער האלט דעריבער אז איין מענטש זאָל זיי דערלאנגען דעם אנדערן. וכן, און אזוי (איז אויך דער דין בנוגע) זיין זון (אויב ביי איינעם איז געבוירן געוואָרן א קינד אין פעלד), זאָל ער אים געבן צו זיין חבר (וועלכער שטייט לעבן אים), און זיין חבר צו זיין חבר, און אפילו צו הונדערט (מענטשן, איינער דעם אנדערן). אויך דאָ האלט ר' שמעון אז עס איז גלייכער אז איין מענטש זאָל דאָס קינד דערלאנגען דעם צווייטן און מען זאָל עס ניט טראָגן ווינציקער פון 4 איילן. ר' יהודה זאָגט, אז א מענטש (געפינט אין פעלד א פאס) זאָל ער געבן די פאס צו זיין חבר (וועלכער שטייט לעבן אים) און זיין חבר צו זיין חבר (און אזוי כסדר), אפילו די פאס קומט ארויס חוץ פון תחום שבת. דאָס הייסט, אפילו די פאס קומט ארויס מער ווי 2000 איילן פון אָרט, וואו דער מענטש האָט זי געפונען. די מפרשים, אויפן יסוד פון דער גמרא, טייטשן, אז די פאס איז א הפקר-פאס און האָט ניט קיין בעל הבית, און דעריבער האָט זי ניט קונה געווען קיין שביתה, קיין וואוין-אָרט אין דעם פלאץ, וואו זי איז געלעגן, און מען מעג איר דעריבער ארויספירן חוץ פון תחום שבת; ווארום אויב די פאס וואָלט געהאט א בעל הבית (פרייטאָג בין השמשות ווען עס קומט פאָר דאָס קונה-זיין שביתה, זע פריער פרק ג' משנה ג') מעג מען זי פירן נור אזוי ווייט ווי איר בעל הבית מעג גיין. אָמרו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר' יהודה); זאָל זי (די פאס) ניט גיין ווייטער פון די פיס פון איר בעל הבית (ניט ווייטער ווי איר בעל הבית מעג גיין). די גמרא טייטשט, אז די חכמים זאָגן, אז פונקט ווי זאכן וועלכע האָבן א בעל הבית טאָרן ניט ארויסגעפירט ווערן חוץ פון תחום פון זייער בעל הבית, אזוי טאָרן הפקר-זאכן ניט ארויסגעפירט ווערן חוץ פון תחום (2000 איילן) פון אָרט וואו די זאכן זענען געווען פרייטאָג בין השמשות, מחמת זיי האלטן, אז „חפצי הפקר

ג. היה קורא בספר על האסקופה ונתגלגל הספר מידו, גוללו אצלו. היה קורא בראש הגג ונתגלגל הספר מידו, עד שלא הגיע לעשרה טפחים גוללו אצלו, משהגיע לעשרה טפחים הופכו על הכתב. ר׳ יהודה אומר, אפילו אין מסולק מן הארץ אלא כמלא מחט, גוללו אצלו. ר׳ שמעון אומר, אפילו בארץ עצמו גוללו אצלו, שאין לך דבר משום שבות עומד בפני כתבי הקודש:

ד. זיז שלפני חלון, נותנין עליו ונוטלין ממנו בשבת. עומד אדם

---

קונין שביתה במקומן", הפקר־זאכן זענען קונה זייער שביתה־אָרט אין דעם פּלאַץ וואו זיי זענען.

ג. היה, אז איינער האָט געליינט אין א (תנך־) ספר (זיצנדיק) אויף אַ שוועל און דאָס ספר (האָט זיך אויפגעוויקלט און א טייל פון אים) האָט זיך אַראָפּגעקייקלט (פון דער שוועל אין רשות הרבים), מעג ער צוריקוויקלען צו זיך. אמאָל זענען ביי יידן ניט געווען געשריבן קיין שום ספרים, נאָר דער תנך (חומשים, נביאים און כתובים), און געווען איז דער תנך געשריבן אזוי ווי היינט ביי אונז די ספר תורה און די מגילות, אויף פּאַרמעט און זיי זענען געווען איינגעוויקלט ווי א מגילה. זאָגט די משנה, אז ווייל די שוועל איז דאָך נור א כרמלית (און איז אסור נור מדרבנן, זע, אין דער הקדמה צו מסכתא שבת) און ער האַלט דאָך איין עק פון ספר אין דער האַנט מעג ער עס צוריקוויקלען צו זיך. היה קורא בראש הגג, אויב ער האָט (דאָס ספר) געליינט (זיצנדיק) אויפן דאַך, און (א טייל פון) ספר האָט זיך ארויסגעקייקלט פון זיין האַנט, (איז דער דין, אז) אויב עס איז ניט צוגעקומען ביז צען טפחים (פון דער ערד) מעג ער עס צוריקוויקלען צו זיך, און אויב עס איז צוגעקומען ביז צען טפחים פון דער ערד (טאָר ער ניט צוריקוויקלען צו זיך, נאָר) ער זאָל איבערדרייען דאָס ספר מיט דעם געשריבענעם (צו דער וואנט). ווייל א דאך איז דאָך א רשות היחיד, דעריבער איז עס האַרבער ווי פריער ביי דער שוועל; און ביים דאך איז דער דין, אז אויב דער אַראָפּגעקייקלטער טייל איז נאָכניט צוגעקומען צו די 10 טפחים נאָנט צו דער ערד, הייסט עס אז דאָס ספר געפינט זיך נאָך אַלץ אין א מקום פטור. (זע אין דער הקדמה צו מסכתא שבת, אז די לופט און רשות הרבים איבער 10 טפחים פון דער ערד איז א מקום פטור) און מען מעג דעריבער צוריקוויקלען, אָבער נידריקער פון 10 טפחים הייסט עס שוין אין רשות הרבים, און מען טאָר דעריבער עס ניט צוריקוויקלען צו זיך. די משנה לערנט, אז מען זאָל איבערדרייען דעם פּאַרמעט מיט דעם געשריבענעם צו דער וואנט, ביז עס ווערט שבת צונאכטס; ווייל עס איז א בזיון פאַר הייליקן ספר צו זיין מיט דעם געשריבענעם אפן אין גאס אריין. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, אז דאָס ספר האָט אַראָפּגעקייקלט אויף א קרומער וואנט און עס איז דעריבער געבליבן ליגן אויף דער קרומער וואנט; אָבער אויב אויף א גלייכער וואנט מעג מען צוריקוויקלען, מחמת עס איז ניט געבליבן ליגן (לא נח) אין רשות הרבים. די גמרא זאָגט אויך אז דער דאָזיקער דין האָט געלערנט ר׳ יהודה, און די משנה גיט באַלד צו דעם סוף פון ר׳ יהודה׳ס ווערטער; ר׳ יהודה, (ווייל) ר׳ יהודה זאָגט, אז אפילו דאָס (ספר) איז נאָך אָפּגערוקט פון דער ערד עטוואָס, נאָר די ברייט פון א נאָדל, זאָל ער עס צוריקוויקלען צו זיך. מחמת עס האָט ניט גערירט אויף דער ערד. ר׳ שמעון זאָגט, אז אפילו (דער טייל ספר) געפינט זיך אויף דער ערד אליין זאָל ער עס צוריקוויקלען צו זיך, ווייל קיין זאך וואָס איז אסור (אים שבת) צוליב א שבות (א איסור נור מדרבנן) קאָן ניט גילטיק זיין בנוגע הייליקע ספרים (כתבי הקודש). וועגן „שבות" זע אין דער הקדמה צו מסכתא שבת. ר׳ שמעון האַלט, אז ווייל איין טייל ספר איז דאָך אין זיין האַנט איז דאָס צוריקוויקלען ניט קיין איסור מדאורייתא נאָר מדרבנן, און צוליב דעם כבוד פון די הייליקע ספרים, כתבי הקודש, האָט מען מתיר געמאכט.

ד. זיז, א ברעט, וואָס איז פאַר דעם פענסטער (עס שטעקט ארויס ביים פענסטער

**ברשות היחיד ומטלטל ברשות הרבים, ברשות הרבים ומטלטל ברשות היחיד, ובלבד שלא יוציא חוץ מד׳ אמות:**

**ה. לא יעמוד אדם ברשות היחיד וישתין ברשות הרבים, ברשות הרבים וישתין ברשות היחיד. וכן לא ירוק. ר׳ יהודה אומר, אף משנתלש רוקו בפיו לא יהלך ארבע אמות עד שירוק.**

**ו. לא יעמוד אדם ברשות היחיד וישתה ברשות הרבים, ברשות הרבים וישתה ברשות היחיד, אלא אם כן הכניס ראשו ורובו למקום**

---

אין גאס אריין) מעג מען (זייענדיק אין שטוב) לייגן דערויף (זאכן) און נעמען פון אים (זאכן) אים שבת. זיז מיינט מען אייגענטליך א גזשימס, א שטיק ברעט אדער שטיין, וואס שטעקט ארויס פון דער וואנט. די גמרא זאגט, אז דא מיינט מען, אז דער זיז איז העכער פון 10 טפחים פון דער ערד אין דער גאס, אין רשות הרבים, און ווי מיר האבן שוין געזאגט פריער אין דער משנה ג׳ הייסט דאס ניט מער קיין רשות הרבים און דע־ריבער מעג מען ארויסטראגן און אריינטראגן פון דעם זיז אין הויז. מען מעג נור זאכן, וואס אויב זיי פאלן אראפ ווערן זיי צעבראכן; אבער זאכן וואס ביים אראפפאלן ווערן זיי נישט צעבראכן טאר מען ניט, צוליב דער מורא טאמער וועלן זיי אראפ־פאלן פון זיז אין רשות הרבים און מ׳וועט זיי אריינטראגן פון רשות הרבים אין הויז. עומד, א מענטש מעג (אים שבת) שטיין אין רשות היחיד (אין הויף צי אין הויז און ארויסשטעקן די הענט אין גאס) און איבערטראגן זאכן אין רשות הרבים (פון איין ארט אין רשות הרבים אין אן אנדערן ארט אין רשות הרבים). (ער מעג שטיין) אין רשות הרבים און איבערטראגן (זאכן) אין רשות היחיד (פון איין ארט אין רשות היחיד אין אן אנדערן ארט אין רשות היחיד. מ׳האט ניט קיין מורא טאמער וועט ער אריינ־ברענגען די זאכן צו זיך. ובלבד, אבער ער זאל ניט ארויסטראגן (די זאכן) פון די פיר איילן (פון ארט, אין וועלכן זיי זענען געלעגן). פון די גמרא איז צו זען (און אזוי בא־מערקט אויך דער תוספות יום טוב), אז דאס גייט ארויס אויף דעם מענטש וועלכער שטייט אין רשות היחיד און טראגט איבער זאכן אין רשות הרבים, מחמת מען טאר אים שבת ניט טראגן זאכן 4 איילן אין רשות הרבים.

ה. לא יעמוד, א מענטש זאל (אים שבת) ניט שטיין אין רשות היחיד (הויף צי הויז) און משתין־זיין אין רשות הרבים (גאס) ארויס; (ער זאל ניט שטיין) אין רשות הרבים (גאס) און משתין־זיין אין רשות היחיד אריין; און אזוי איז אויך (דער דין) אז ער טאר (אים שבת) ניט שפייען (פון רשות היחיד אין רשות הרבים אדער פון רשות הרבים אין רשות היחיד. **מחמת דאס הייסט ארויסגעטראגן פון איין רשות אין דעם אנדערן.** ר׳ יהודה זאגט, אז אויך ווען (ביי א מענטש) האט זיך אפגעריסן דאס שפיי־עכץ אין מויל (און דאס שפייעכץ איז נאך אין מויל, נאר ער האט זיך פארזאמלט און אריבער פון איין ארט אין צווייטן אין מויל) זאל ער ניט גיין (אין גאס) פיר איילן סיידן ער שפייט עס פריער אויס. **ווייל עס הייסט אז דאס שפייעכץ איז שוין א זאך, וואס ער טראגט אין מויל, און טראגן א זאך אים שבת 4 איילן אין רשות הרבים טאר מען ניט.**

ו. לא יעמוד, א מענטש טאר (אים שבת) ניט שטיין אין רשות היחיד (אין הויף צי הויז) און (ארויסשטעקן דעם קאפ) און טרינקן (וואסער צי אן אנדער משקה) אין רשות הרבים (אין גאס), אדער (שטיין) אין רשות הרבים און טרינקן אין רשות היחיד; סיידן ער האט אריינגעבראכט זיין קאפ און דעם גרעסטן טייל פון זיין קערפער (ראשו ורובו אין ארט וואו ער טרינקט. **מחמת ווען דער קאפ און דער גרעסטער טייל פון זיין קערפער איז דארט פאראן הייסט עס, ווי ער שטייט אינגאנצן אין ארט וואו ער טרינקט. די גמרא זאגט, אז דער דין איז אז מען טאר ניט שטיין אין איין רשות און טרינקען אין אנדערן רשות איז נור ווען ער דארף האבן די כלים פון וועלכער ער טרינקט, און מען האט גוזר געווען, טאמער וועט ער זיי ברענגען צו זיך. אבער פון כלים, וועלכע ער דארף ניט, מעג מען טרינקן.** וכן, און אזוי איז אויך דער דין מיט א וויין־קעלטער. **די**

**שהוא שותה. וכן בגת. קולט אדם מן המזחילה למטה מעשרה טפחים; ומן הצינור מכל מקום שותה:**

**ז. בור ברשות הרבים וחולייתו גבוהה עשרה טפחים, חלון שעל גביו ממלאין הימנו בשבת. אשפה ברשות הרבים גבוהה עשרה טפחים, חלון שעל גביו, שופכין לתוכה מים בשבת:**

---

גמרא זאָגט, אז דאָס איז ניט וועגן שבת נאָר וועגן מעשר. אזוי ווי מען טאָר ניט טרינקן וויין, פון וועלכן מען האָט נאָכניט אָפּגעשיידט קיין מעשר, און ווען דער וויין געפינט זיך נאָך אין וויין־קעלטער מעג מען אין טייל פאַלן יאָ טרינקען פון אים אומגעמעשרט. לערנט די משנה, אז מען טאָרניט שטיין אין דרויסן און אריינשטעקן דעם קאָפּ אין וויין־קעלטער און טרינקן דעם וויין אומגעמעשרט, סיידן מען שטעקט אריין דעם קאָפּ און דעם גרעסטן טייל פון קערפּער (דער דין איז פאראן אין מסכתא מעשרות פרק ד׳ משנה ד׳ און דאָרט געבן מיר דעם פירוש דערצו). קולט, א מענטש מעג אויפנעמען (וואסער) פון דער דאַך־רינע נידריקער פון צען טפחים (פון דער ערד). „מזחילה״ איז דער טייטש די דאַך־רינע וואָס גייט אראָפּ פון דאַך ביי דער וואנט פון הויז און גייט ווינציקער פון 3 טפחים פון דאַך; און דורך דער דאַך־רינע גיסט זיך אראָפּ דאָס רעגן־וואסער. דער ברטנורא זאָגט, אז דאָס איז פון וואָרט „זחל״, קריכן, ווייל דאָס וואסער קריכט אראָפּ דורך דער רינע. לערנט די משנה, אז א מענטש וואָס שטייט אין רשות הרבים מעג ער אים שבת אריינעמען אין א כלי וואסער פון דער רינע, נאָכדעם ווי דאָס וואסער איז שוין ארויסגעגאנגען פון דער רינע, אָבער צושטעקן די כלי צו דאָס מויל צו דער רינע און נעמען פון דאָרט וואסער טאָר מען ניט, און ווייל זי איז ווינציקער פון 3 טפחים פון דאַך הייסט זי ווי דער דאַך, א רשות היחיד, און עס הייסט ווי ארויסגעטראָגן דאָס וואסער גלייך פון רשות היחיד אין רשות הרבים. אָבער „קולט״־זיין, אויפכאַפּן פון דער לופט דאָס וואַסער, וואָס איז שוין ארויס פון דער רינע מעג מען. ומן הצינור, און פון דער רער מעג מען אין אלע פאלן (מכל מקום) טרינקן. דער „צינור״, די רער, שטעקט ארויס פון דאַך דריי טפחים אָדער מער אריין אין גאַס אריין, און זי איז ניט מער קיין טייל פון דעם דאַך, און ווייל די רער איז ניט ברייט קיין 4 טפחים אויף 4 טפחים איז זי ניט קיין באזונדערער רשות, און דעריבער מעג מען אפילו צושטעקן די כלי אָדער דאָס מויל צו דער רער און נעמען פון איר וואסער.

ז. בור, אויב א גרוב (מיט וואַסער) איז אין רשות הרבים און זיין ערד־ארומצוימונג (חוליותו, די ערד איבער דעם מויל פון גרוב) איז הויך צען טפחים, מעג מען פון א פענסטער וואָס איז איבער דעם גרוב שעפּן (וואסער) פון גרוב אים שבת. מחמת קוים איז די ערד, דאָס וועגטל־ארומצוימונג, וואָס שטעקט ארויס פון גרוב, הויך 10 טפחים, איז עס שוין ניט קיין רשות הרבים (ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ג׳) נאָר א מקום פטור, און מען מעג דעריבער פון גרוב ארויפנעמען וואסער דורך דעם פענסטער אין הויז, ווייל דאָס וואסער גייט ניט אדורך קיין רשות הרבים. אשפה, אויב א מיסט־אָרט (אשפה) איז אין רשות הרבים און ס׳איז הויך צען טפחים, מעג מען פון א פענסטער איבער אים (איבער דעם מיסט־אָרט) ארויסגיסן אהין וואַסער אים שבת. מחמת דאָס מיסט־אָרט, קוים איז עס הויך 10 טפחים איז עס א רשות היחיד, און דעריבער מעג מען פון הויז, וואָס איז אויך א רשות־היחיד, אהין גיסן דאָס וואסער. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור אין א מיסט־אָרט וואָס געהערט צו אלע מענטשן, אָבער אויב עס געהערט נור צו איין מענטש טאָר מען ניט. מחמת עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט דער מענטש צונעמען דאָס מיסט־אָרט און עס וועט ווערן נידריקער פון 10 טפחים און מען וועט ווייטער גיסן דאָס וואסער, אָבער ביי א מיסט אָרט פון רבים איז ניט מורא צו האָבן פאר צונעמען. וועגן „חולית הבור״ זע מסכתא שבת פרק י״א משנה ב׳.

**ח. אילן שהוא מיסך על הארץ, אם אין נופו גבוה מן הארץ שלשה טפחים, מטלטלין תחתיו. שרשיו גבוהין מן הארץ ג׳ טפחים, לא ישב עליהן. הדלת שבמוקצה, וחדקים שבפרצה, ומחצלות, אין נועלין בהן, אלא אם כן גבוהים מן הארץ.**

**ט. לא יעמוד אדם ברשות היחיד ויפתח ברשות הרבים, ברשות הרבים ויפתח ברשות היחיד, אלא אם כו עשה מחיצה גבוה י׳ טפחים.**

---

ח. אילן, א בוים, וועלכער באדעקט ארום און ארום די ערד מיט זיינע צווייגן (די צווייגן גייען אראָפּ נידריק צו דער ערד צו), איז אויב זיינע צווייגן זענען ניט הויך פון דער ערד דריי טפחים מעג מען אונטער דעם בוים טראָגן אים שבת. דאָס איז דער כלל פון „לבוד", „צובאהעפטונג", דהיינו, אז אויב א זאַך איז נאָענט צו א צווייטע זאַך ווינציקער פון 3 טפחים הייסט עס ווי זיי זענען באהאפטן איינער צו דער אַנדערער (פחות משלשה טפחים כלבוד דמי). און ווייל דאָ זענען די צווייגן ווינציקער פון 3 טפחים פון דער ערד, הייסט עס ווי די צווייגן זענען צוגעגאנגען ביז צו דער ערד, און זיי האָבן געשאפן א מחיצה ארום און ארום דער ערד אונטער דעם בוים. און דעריבער כאָטש דער בוים שטייט אין רשות הרבים, איז די ערד אונטער דעם בוים א רשות היחיד, ווייל זי איז ארומגערינגלט מיט די צווייגן־מחיצות. דער ברטנורא זאָגט, אז מען מוז אָנפילן די ווינציקער פון 3 טפחים לופט צווישן די צווייגן און דער ערד מיט שטרוי און מען דאַרף צובינדן די צווייגן כדי דער ווינט זאָל זיי ניט צעבלאָזן, מחמת א מחיצה וואָס האלט ניט אויס א געוויינטליכען ווינט איז ניט קיין מחיצה. שרשיו, אויב זיינע ,דעם בוימ׳ס) וואָרצלן זענען הויך איבער דער ערד דריי טפחים טאָר מען (אים שבת) ניט זיצן אויף זיי. ווייל מען טאָר אים שבת ניט באַנוצן זיך מיט אַ בוים, טאָמער וועט מען עפּיס אָפּרייסן פון אים. אויב אָבער זיי זענען ניט הויך קיין דריי טפחים הייסן זיי ווי די ערד און מען מעג זיצן אויף זיי. הדלת, די טיר אין דעם הינטער־הויף־פלאַץ (מוקצה), און דערנער־העלצער, (חדקים) מיט וועלכע מען פארשטאָפּט לעכער (אין דער וואַנט), און שטעקלעך־ראָגאָזשעס (מחצלות), טאָר מען מיט זיי (אויב זיי ליגן אויף דער ערד) ניט פארמאכן (די טיר, לעכער) סיידן זיי זענען אויפגעהויבן (כאָטש עטוואָס) פון דער ערד. כדי צו פארשטיין די משנה וועלן מיר געבן עטליכע דערקלערונגען. „פתח" הייסט אין לשון קודש די „עפנונג", דער לאָך אין דער וואַנט, דורך וועלכן מען גייט אריין אין הויז צי אין א פלאַץ. „דלת" הייסט די טיר, מיט וועלכער מען פארמאַכט (נועלין) דעם לאָך. אזעלכע טירן זענען פאראן צוויי סאָרטן: א טיר וועלכע הענגט אויף אייזן־אנגלן (זאוויאַסעס, „ציר"), און א טיר, וועלכע ליגט אויף דער ערד, און ווען מען וויל פארמאכן הויבט מען אויף די טיר און מען שטעלט איר צו צו דעם לאָך. געוויינט־ליך זענען אזעלכע ליגנדע טירן ניט פאראן ביי וואוינונגס־הייזער נאָר ביי פלעצער. „מוקצה" הייסט דער פלאַץ הינטער דעם הויף, וואו מען לייגט אויס פרוכטן (פייגן) צום טרוקענען (זע אין מסכתא שביעית פרק ח׳ משנה ו׳) אָדער מען האַלט האָלץ, און דאָרט פאַרשטעלט מען דעם לאָך־אריינגאנג מיט אזא ליגנדיקער טיר. אויב אין דער וואַנט זענען פאראן אנדערע קלענערע לעכער פארשטאָפּט מען זיי טיילמאָל מיט דערנער־הֶעלצער, „חידקים" (פון „חדק", אין משלי ט״ו, דאָרן־האָלץ), אָדער מיט „מחצלות", ראָגאָזשעס געפלאָכטן פון שטעקעלעך. די אלע ליגן אויף דער ערד, און ווען מען וויל פארשטאָפּן די לעכער, הויבט מען זיי אויף פון דער ערד. זאָגט די משנה, אז אים שבת טאָר מען זיי ניט אויפהויבן פון דער ערד צו פארמאכן די לע־כער, ווייל עס זעט אויס ווי מען בויט צו אים שבת. אָבער אויב זיי ליגן ניט אויף דער ערד מעג מען יאָ, ווייל עס הייסט ווי זיי זענען שוין א טייל פון דער וואַנט.

ט. לא יעמוד, א מענטש טאָר ניט שטיין אין רשות היחיד (אין הויז צי הויף) און עפענען (מיט אשליסל וואָס ליגט אין גאַס, אין רשות הרבים, א טיר) אין רשות הרבים, סיידן מען האָט געמאַכט (ארום דער טיר וואָס ער דאַרף עפענען) ווענטלעך

**דברי ר׳ מאיר. אָמרו לו, מעשה בשוק של פטמין שהיה בירושלים, שהיו נועלין ומניחין את המפתח בחלון שעל גבי הפתח. ר׳ יוסי אומר, שוק של צמרים היה:**

**י. נגר שיש בראשו גלוסטרא, ר׳ אליעזר אוסר, ור׳ יוסי מתיר. אמר ר׳ אליעזר, מעשה בכנסת שבטבריא, שהיו נוהגין בו היתר, עד שבא רבן גמליאל והזקנים ואסרו להן. ר׳ יוסי אומר איסור נהגו בה, בא רבן גמליאל והזקנים והתירו להן:**

הויך צען טפחים (און ער זאָל זיך שטעלן הינטער די ווענטלעך און עפנען), אזוי זאָגט ר׳ מאיר. מחמת עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער ברענגען צו זיך דעם שליסל. אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ מאיר), אז עס איז געווען א מעשה אין דעם מאַרק פון בהמות־פיטערער (פטמים, קצבים וואָס שטאָפּן בהמות צו ווערן פעט און צו שעכטן זיי) וואָס איז געווען אין ירושלים, און זיי פלעגן דאָרט פאַרשליסן (אים שבת) און אוועקלייגן דעם שליסל אין דעם פענסטער וואָס איז געווען איבער דער טיר. די גמרא זאָגט, אז די חכמים האָבן געהערט פון ר׳ מאיר, אז ניט נור טאָר מען ניט שטיין אין רשות היחיד און עפנען אין רשות הרבים, נאָר מ׳טאָר אויך ניט שטיין אין א כרמלית (זע אין דער הקדמה צו מסכתא שבת) און עפנען אין א רשות היחיד, און אויך ניט שטיין אין רשות היחיד און עפנען אין א כרמלית. דעריבער האָבן זיי אים אָפּגעפרעגט פון דער מעשה אין ירושלים, מחמת ירושלים האָט געהייסן א כרמלית (ווייל די טויערן פון דער שטאָט־מויער פלעגן געשלאָסן ווערן ביינאכט און די שטאָט האָט דעריבער ניט געהייסן קיין רשות הרבים), און פונדעסטוועגן האָבן די מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען אין דעם קצבים־מאַרק אוועקגעלייגט דעם שליסל אין פענסטער וואָס איז געווען א רשות היחיד, און האָבן גענומען דערנאָך דעם שליסל פון פענסטער און געעפנט מיט דעם שליסל אין רשות היחיד. פאַראַן אויך א טייטש „פטמים״, בשמים, הענדלער, פון „פטם״, רויכערן בשמים (זע מסכתא תרומות פרק י״א משנה ב׳ „כמוני פטומים״). ר׳ יוסי זאָגט, אז עס איז געווען דער מאַרק פון וואָל־הענדלער. דאָס וואָרט „צמרים״ איז מיט א „פתח״ אונטער דער „צ״ און א קמץ אונטער דער „מ״, און דער טייטש איז וואָל־סוחרים.

י. נגר, א ריגל (צו פאַרמאַכן א טיר), וועלכער האָט אין זיין שפּיץ א (קיילעכיק) ריגל־הענטל (גלוסטרא), ר׳ אליעזר אסר׳ט (צו פאַרמאַכן מיט אים די טיר אים שבת) און ר׳ יוסי איז מתיר. דאָ מיינט מען, אז דער ריגל איז ניט אָנגעבינדן צו דער טיר אָדער אין דער וואַנט, נאָר ער ליגט אויף דער ערד, און ווען מען דאַרף פאַרריגלען הויבט מען אים אויף און מען שטעקט אים אַריין אין די אייזן לעכער פון די וואַנט און דער טיר און מען פאַרריגלט. זאָגט ר׳ יוסי אַז ווייל דער ריגל האָט אַ קיילעכיק הענטל אין שפּיץ איז ער ווי א שטייסל און מען קאָן מיט אים צעשטויסן פעפער און ער הייסט אַ כלי און מען מעג אים נעמען אים שבת אויך צו פאַרריגלען די טיר. אָבער ר׳ אליעזר זאָגט אז מען טאָר ניט, סיידן דער ריגל איז צוגעבינדן צו דער טיר און ער הענגט אויף דער טיר און ער הענגט ניט אַראָפּ ביז צו דער ערד אז ער זאָל ליגן אויף דער ערד. אָמר ר׳ אליעזר, האָט ר׳ אליעזר געזאָגט, אז ס׳איז געווען א מעשה אין א שול אין טבריה, אז מען האָט (מיט אזא ריגל) זיך נוהג געווען א היתר (מען האָט זיך מתיר געמאַכט מיט אים צו פאַרריגלען אים שבת), ביז עס זענען געקומען רבן גמליאל און די זקנים און האָבן זיי גע׳אסרט; ר׳ יוסי זאָגט, אז זיי האָבן (אין דער שול אין טבריה) זיך נוהג געווען אן איסור (זיי האָבן גע׳אסר׳ט צו פאַרריגלען) ביז עס זענען געקומען רבן גמליאל און די זקנים און זיי האָבן זיי מתיר געמאַכט. עס איז אביסל שווער, ווי קומט עס אז ר׳ אליעזר (און אומעטום וואו עס איז פאַראַן סתם ר׳ אליעזר מיינט מען ר׳ אליעזר בן הורקנוס) זאָל מחולק זיין מיט ר׳ יוסי, וועלכער איז געווען אין א שפּעטערדיקן דור, און זאָל ברענגען א ראיה

**יא. נגר הנגרר, נועלים בו במקדש, אבל לא במדינה. והמונח — כאן וכאן אסור. ר׳ יהודה אומר, המונח מותר במקדש, והנגרר — במדינה:**

**יב. מחזירין ציר התחתון במקדש, אבל לא במדינה: והעליון כאן וכאן אסור. ר׳ יהודה אומר, העליון — במקדש, והתחתון — במדינה:**

**יג. מחזירין רטיה במקדש, אבל לא במדינה; אם בתחלה — כאן**

---

פון רבן גמליאל, וועלכער איז געווען אין ר׳ אליעזר׳ס צייט (זיינס אשוואָגער). טייל מיינען אז דאָ דאַרף זיין ר׳ אליעזר און דאָס זאָל זיין דער תנא ר׳ אליעזר בן שמוע. „גלוסטרא״ איז דאָס גריכישע וואָרט „קלעיסטראָן״, „ריגל״, און די משנה דאָ מיינט דערמיט א ריגל־הענטל.

יא. נגר הנגרר, א ריגל וואָס (איז צוגעבינדן צו דער טיר און דער שטריק איז לאַנג און דער ריגל) שלעפּט זיך אויף דער ערד (און דער ריגל האָט ניט קיין הענטל) מעג מען מיט אים פאַרשליסן אין בית המקדש, אָבער ניט אין אַנדערע ערטער (במדינה, אויסער דעם בית המקדש). **מחמת דאָס ניט טאָרן פאַרשליסן מיט אזא ריגל איז נור א שבות, עס איז אסור מדרבנן, ווייל עס זעט אויס, ווי מען בויט־צו עפּיס (בונה), און אין בית המקדש האָט מען מתיר געמאַכט א „שבות״.** והמונח, און דער (ריגל) וואָס ליגט אויף דער ערד (ער איז אינגאַנצן ניט צוגעבינדן צו דער טיר) איז אסור סיי דאָ (אין בית המקדש) און סיי דאָ (אין אנדערע ערטער), **ווייל ווען ער איז ניט צוגעבינדן הייסט עס ווי צובויען, בונה.** ר׳ יהודה זאָגט, דער (ריגל) וואָס ליגט (איז ניט צוגעבינדן) איז מותר אין בית המקדש, און דער וואָס שלעפּט זיך (און איז יאָ צוגעבינדן) איז מותר (אין אנדערע ערטער). **ר׳ יהודה האלט, אז אפילו דער ריגל איז ניט צוגעבינדן הייסט עס ניט ווי צוגעבויט, ווען מען לייגט אים אַרויף אויף דער טיר, און עס איז נור אסור מדרבנן, א „שבות״, און דעריבער איז עס מותר אין בית המקדש; און דער ריגל, וועלכער איז צוגעבינדן, איז מותר אפילו אין אנדערע ערטער, אפילו ער שלעפּט זיך אויף דער ערד.**

יב. מחזירין, מען מעג צוריק אויפהענגען (די טיר) אויף דעם אונטערשטן טיר־אייזן־הענגער (אים שבת) אין בית המקדש, אָבער (מען טאָר) ניט אין אנדערע ערטער (אין ערטער ניט אין בית המקדש); און צוריק אויפהענגען אויף דעם אויבערשטן טיר־אייזן־הענגער טאָר מען ניט סיי דאָ (אין בית המקדש) און סיי דאָ (אין אַנדערע ערטער). **די גמרא זאָגט אז דאָ מיינט מען ניט די טיר פון א הויז, מחמת אזא טיר טאָר מען ניט אויפהענגען ווייל עס הייסט איר צו באַהאָפטן צו דער ערד (א הויז איז דאָך „מחובר לקרקע״, באַהאָפטן צו דער ערד). נאָר מען מיינט די טיר פון א שאַנק, אויב זי איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דעם אונטערשטן טיר־אייזן־הענגער (ציר, זאַוויאַסע) מעג מען אין בית המקדש צוריק אויפהענגען. ווייל אויב די טיר הענגען אויף דעם אויבערשטן הענגער וועט זי סיי ווי ניט אַראָפּפאַלן, און דעריבער הייסט עס ניט אויסגעזען ווי געבויט א זאַך, און עס איז נור א „שבות״, עס איז נור אסור מדרבנן און אין בית המקדש האָט מען מתיר געמאַכט. אָבער אין אנדערע ערטער טאָר מען ניט. דאַקעגן ווען די טיר איז אַרויסגענומען פון אויבערשטן הענגער קאָן זי זיך ניט האלטן און ווען מען שטעלט אריין די טיר איז עס ווי געבויט און מען טאָר ניט אויך אין בית המקדש.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (אפילו) אויף דעם אויבערשטן מעג מען אין בית המקדש, און אויף דעם אונטערשטן מעג מען אומעטום. **ר׳ יהודה האלט, אז ביי כלים, ווי א שאַנק, איז ניט שייך צו זאָגן בויען (אין בנין בכלים), און אויפהענגען אויף דער אויבערשטן הענגער איז אויך נור אסור מדרבנן, און דעריבער מעג מען עס טאָן אין בית המקדש; און אויף דעם אונטערשטן איז גאָרניט אָסור, אפילו אין אנדערע ערטער, ווייל די טיר האלט זיך סיי ווי אויף דעם בלויזן איבערשטן הענגער.**

יג. מחזירין רטיה, מען מעג (אים שבת) צוריקלייגן (אויף א וואונד) א פלאַסטער

**וכאן אסור. קושרין נימא במקדש, אבל לא במדינה. אם בתחלה — כאן וכאן אסור. חותכין יבלת במקדש, אבל לא במדינה. ואם בכלי — כאן וכאן אסור:**

(וועלכער איז אראָפּגענומען געוואָרן), אָבער אין אנדערע ערטער (במדינה, ניט אין בית המקדש) טאָר מען ניט. **די גמרא טייטשט אז דאָ מיינט מען, ווען א כהן האָט אויף דער האַנט א וואונד און צו אים איז צוגעלייגט א פלאסטער און ער דאַרף מקריב זיין דעם קרבן אים שבת, און ער מוז אראָפּנעמען דעם פלאסטער, כדי דער פלאסטער זאָל ניט זיין א "חציצה", א צווישן־שייד, צווישן דער האַנט און דעם קרבן, און אַ חציצה טאָר ניט זיין ביים מקריב זיין. זאָגט די משנה אז נאָך דער עבודה מעג ער דעם פלאסטער צוריק ארויפלייגן, ווייל אויב מען וועט אים ניט מתיר מאכן וועט דער כהן ניט וועלן אראָפּנעמען אים און וועט ניט טאָן די עבודה. אָבער סתם צוריק ארויפלייגן אפילו אן אראָפּגענומענעם פלאסטער טאָר מען ניט, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט מען דעם פלאסטער צערייבן און דאָס איז שוין א מלאכה ("ממחק", צע־רייבן).** אם בתחילה, אויב אָבער ארויפלייגן אין אָנהויב א פלאסטער (ניט אזעלכן וואָס מען האָט אראָפּגענומען, נאָר א נייעם פלאסטער) איז סיי דאָ (אין בית המקדש און סיי דאָ (אין די אנדערע ערטער) אסור. **דאָס איז אלץ אויב מען האָט דעם פלאס־טער אראָפּגענומען ניט כדי מקריב צו זיין קרבנות. די גמרא זאָגט, אז דער איסור איז נור ווען מען האָט דעם פלאסטער, נאָכן אראָפּנעמען אים, ארויפגעלייגט אויף דער ערד, אָבער אויב מען האָט אים געהאלטן אין דער האַנט אָדער אים ארויפגע־לייגט אויף א זאַך איז מותר אים צוריקצולייגן.** קושרין, מען מעג (אים שבת) צוריק צובינדן א סטרונע (נימא, א סטרונע פון א שפיל־אינסטרומענט, וואָס האָט זיך אי־בערגעריסן אים שבת) אין בית המקדש, אָבער ניט אין אנדערע ערטער (במדינה, ניט אין בית המקדש). **די לויים האָבן אין בית המקדש געזינגען יעדן טאָג שירה און צוגעשפילט מיט אינסטרומענטן, זאָגט די משנה, אז אויב אים שבת האָט זיך ביי אזא אינסטרומענט פון די לויים איבערגעריסן א סטרונע מעג מען זי צוריק צובינדן, ווייל מען בינדט זי צו נור אויף א ווייל. דאָס איז נור מותר אין דערמיט סטרונע אָבער ניט אין דער זייט, וואו די סטרונע איז צוגעקניפּט צו די ביינדלעך, מחמת אזא צור־בינדן איז שוין אויף שטענדיק, און עס איז א "קשר של קיימא", און מען טאָר ניט, ווייל עס איז אסור מדאורייתא (זע אין מסכתא שבת פרק ט"ו משנה א'). דער ברטנורא זאָגט, אז דעריבער מעג מען אין דער מיט יאָ צובינדן אין בית המקדש, ווייל עס איז אן אינסטרומענט מיט וועלכן מען טוט א מצוה, און פרייטאָג האָט מען עס ניט געקאָנט פאַרריכטן ווייל עס האָט זיך דאָך שבת איבערגעריסן, דעריבער מעג מען.** אם בתחילה, אויב אין אָנהויב (ער האָט זיך ניט איבערגעריסן אים שבת, נאָר עס איז געווען איבערגעריסן פון נעכטן) איז סיי דאָ (אין בית המקדש) און סיי דאָ (אין אנדערע ערטער) אסור. **אפילו אין בית המקדש טאָר מען ניט פאַרבינדן, ווייל מען האָט עס געקאָנט טאָן פרייטאָג.** חותכין, מען מעג אָפּרייסן (מיט דער האַנט) א וואָרצל (פון א בהמה) אין בית המקדש, אָבער ניט אין אנדערע ערטער. **די תורה (ויקרא כ"ב) זאָגט, אז א בהמה האָט א וואָרצל (יבלת) איז זי א בעל מום און מען טאָר איר ניט מקריב זיין אלס א קרבן. אויב מען רייסט אראָפּ דעם וואָרצל מעג מען די בהמה מקריב זיין. זאָגט די משנה אז אין בית המקדש מעג מען מיט דער האַנט אראָפּרייסן דעם וואָרצל, ווייל דאָס אראָפּרייסן אים שבת איז אסור נור מדרבנן (עס איז א "שבות").** ואם בכלי, און אויב (מען וויל אראָפּשניידן) מיט א כלי (מיט א מעסער), איז סיי דאָ אין בית המקדש און סיי דאָ (אין אנדערע ערטער) אסור. **ווייל אָפּשניידן מיט א כלי עפּיס פון א לעבעדיקע זאַך געהערט צו דער מלאכה "גוזז", אָפּשערן און דאָס איז אסור מדאורייתא. רש"י באַמערקט דאָ, אז "יבלת" אין חומש איז דער טייטש "די בהמה וואָס האָט א וואָרצל", און דאָ אין דער משנה מיינט מען דערמיט דעם וואָרצל אליין.**

**יד. כהן שלקה באצבעו כורך עליו גמי במקדש, אבל לא במדינה. אם להוציא דם — כאן וכאן אסור. בוזקין מלח על גבי כבש, בשביל שלא יחליקו. וממלאים מבור הגולה ומבור הגדול בגלגל בשבת, ומבאר הקר ביום טוב:**

**טו. שרץ שנמצא במקדש, כהן מוציאו בהמיינו, שלא לשהות את**

---

טו. כהן שלקה, ווען א כהן, האט זיך פארוואונדעט אין זיין פינגער (אים שבת) מעג ער עס ארומבינדן מיט א הייל־גראז (גמי) אין בית המקדש, אבער ניט אין אנ־דערע ערטער (במדינה, ניט אין בית המקדש). „גמי" איז דער טייטש א ווייך גראז־ריטל און מיר געפינען עס עטליכע מאל אין משנה (מסכתא ביכורים פרק ג' משנה א' „קושרו בגמי"), און דער רמבם אין פירוש המשניות זאגט, אז דאס מיינט מען מיט אזא הייל־פלאנץ. דער כהן מעג עס טאן אים שבת; כאטש דאס איז דאך א רפואה זאך (זע שבת פרק י"ד משנה ג'), פונדעסטוועגן ווייל עס איז אסור נאר מדרבנן און ווייל עס איז ניט שיין אז ער זאל מיט א פארוואוינדעטן פינגער טאן די עבודה (מקריב זיין) מעג ער עס ארומבינדן. מען מיינט דא, אז די וואונד איז געווען אויף א פינגער פון דער לינקער האנט, ווייל אויב אויף דער רעכטער טאר ער ניט מקריב זיין צוליב חציצה (זע פריער אין משנה י"ג). אם להוציא, אויב (ער בינדט ארום) כדי ארויסצוקוועטשן דאס בלוט איז סיי דא (אין בית המקדש) און סיי דא (אין די אנדערע ערטער) אסור. מחמת ארויסקוועטשן בלוט הייסט „חובל", מאכן א בייל, און דאס איז אסור מדאורייתא. בוזקים, מען מעג (צעשטויסן און צעשפרייטן) זאלץ אויף דעם מזבח־טרעפ (כבש) כדי זיי (די כהנים) זאל (ביים גיין אויף אים) זיך ניט אויסגליטשן. פון בית המקדש־הויף (די עזרה), וואו דער מזבח איז געשטאנען, איז געווען צוגעבויט צום מזבח איין לאנגער קרומער טרעפ וואס האט געהייסן כבש (אויך אין מסכתא שבת פרק ט"ז משנה ח' האבן מיר „כבש", א טרעפ) און אויף אים זענען די כהנים ארויפגעגאנגען אויפן מזבח. דער כבש איז געווען גליאטיק און כדי די כהנים זאל זיך ניט אויסגליטשן האט מען פונאנדערגעשפרייט אויף אים זאלץ. זאגט די משנה, אז מען האט דאס געמעגט טאן אויך אים שבת, ווייל עס איז נור אן איסור מדרבנן. וממלאים, און מען מעג שעפן וואסער אים שבת מיט א ראד פון וואסער־גרוב „בור הגולה" און פון „בור הגדול". די דאזיקע צוויי וואסער־גריבער זענען געווען אין בית המקדש־הויף, אין דער עזרה. די משנה צום סוף מידות זאגט, אז אין דער עזרה איז געווען א האליע וואס האט געהייסן „לשכת הגולה", און אז דארט איז געווען א וואסער־גרוב און דער תוספות יום טוב רעכנט אז דאס איז דער בור הגולה. „גולה" האבן געהייסן אין דער צייט פון 2טן בית המקדש די יידן אין בבל. דער דין איז אז סתם ארויפציען וואסער פון א וואסעד גרוב אים שבת מעג מען, אבער ארויפדרייען מיט א ראד טאר מען ניט, ווייל מען האט מורא, אז ווייל עס איז לייכט ארויפצודרייען מיט א ראד וואסער קאן דער מענטש אמאל באגיסן מיט דעם וואסער זיין גארטן. אבער ווייל עס איז נור אן איסור מדרבנן האט מען אין בית המקדש מתיר געמאכט. ומבאר הקר, און מען מעג (שעפן וואסער מיט א ראד) פון דעם ברונעם באר הקר אים יום טוב. „בור" הייסט א גרוב וואו עס זאמלט זיך אן רעגן־וואסער; „באר" הייסט א ברונעם, וואו דאס וואסער קומט פון דער ערד־טיפע־ניש. די גמרא זאגט אז „קר" איז פון ווארט „מקור", קוואל, דער ברונעם איז געווען פון קוועלעדיק וואסער (מים חיים). דער ברונעם איז געווען ניט אין בית המקדש, אבער עס האבן פון אים געטרינקען די יידן וואס זענען געקומען קיין ירושלים פון גלות בבל אין אנהויב בית שני, און די נביאים, וואס זענען געווען אין יענער צייט, חגי, זכריה ומלאכי, האבן זיי מתיר געמאכט צו שעפן מיט א ראד וואסער פון דאזיקן ברונעם אים יום טוב.

טו. שרץ, אויב מען געפינט (א טויטן) שרץ אין בית המקדש דארף א כהן (אים אננעמען) מיט זיין גארטל (און) אים ארויסווארפן, כדי מען זאל ניט לאזן לאנג ליגן

**הטומאה, דברי ר׳ יוחנן בן ברוקא; רבי יהודה אומר, בצבת של עץ, שלא לרבות את הטומאה. מהיכן מוציאין אותו? מן ההיכל, ומן האולם, ומבין האולם ולמזבח, דברי ר׳ שמעון בן ננס. ר׳ עקיבא אומר, מקום שחייבין על זדונו כרת ועל שגגתו חטאת, משם מוציאין אותו. ושאר**

די טמא־זאך, אזוי זאָגט ר׳ יוחנן בן ברוקא. **א שרץ, למשל א מויז ווען ער איז טויט איז ער טמא און ווען א מענטש אָדער א זאך רירן אים אָן ווערן אויך זיי טמא. אין בית המקדש טאָר מען ניט לאָזן ליגן עפּעס וואָס איז טמא. זאָגט די משנה, אז כאָטש מען קאָן דאָך ארומגיין און זוכן א צוויי שטיקלעך האָלץ און ווי א צווענגל דערמיט אָננעמען דעם שרץ און אים ארויסוואַרפן, זאָל מען פונדעסטוועגן דאָס ניט טאָן, ווייל ביז מען וועט געפינען דאָס האָלץ וועט דער טמא־שרץ לענגער ליגן אין בית המקדש. דעריבער איז גלייכער אז א כהן זאָל אָננעמען דעם שרץ מיט זיין גארטל און אים ארויסוואַרפן, כאָטש ער איז דאדורך מטמא דעם גארטל. דער כהן ווערט דאבײ ניט טמא, ווייל א מענטש (און אויך כלים) ווערט ניט טמא נאָר ווען ער רירט אָן אב הטומאה, די הויפּט טמא־זאך, אָבער דער גארטל, וועלכער איז טמא געוואָרן אָנרירנדיק דעם שרץ, הייסט שוין א ולד הטומאה, א „קינד פון דער טומאה״, ניט א הויפּט־טומאה, און דערפון ווערט א מענטש ניט טמא (וועגן „אב הטומאה״ און „ולד הטומאה״ זע אין דער הקדמה צו מסכתא כלים). „המיין״ הייסט א גארטל און מיר געפינען דאָס וואָרט א סך מאָל אין דער גמרא (המיינא).** ר׳ יהודה זאָגט, אז (דער כהן זאָל דעם שרץ ארויסנעמען) מיט א הילצערנעם צווענגל, כדי מען זאָל ניט נאָכמער פארגרעסערן די טומאה (מען זאָל ניט מטמא זיין נאָכמער זאכן). **ר׳ יהודה האלט אז עס איז גלייכער צו וואַרטן ביז מען וועט געפינען א הילצערנעם צווענגל איידער מען זאָל נאָך מטמא זיין א גארטל. דאָס הילצערנע צווענגל ווערט ניט טמא, ווייל א הילצערנע כלי קאָן ווערן טמא נאָר ווען זי האָט א „בית קיבול״, מען לייגט אריין אין איר זאכן, און צוויי גלאַטע שטיקלעך האָלץ, ווי א צווענגל קאָנען ניט ווערן טמא (זע אין דער הקדמה צו מסכתא כלים).** מהיכן, פון וואַנען דאַרף מען (און מען מעג אים שבת) אים (דעם שרץ) ארויסנעמען? פון היכל, פון אולם, און פון צווישן אולם און דעם מזבח, אזוי זאָגט ר׳ שמעון בן ננס. **אין הויף פון בית המקדש, וואָס האָט געהייסן עזרה איז געשטאַנען דער מזבח. דער גאַנצער הויף ביז צום מזבח האָט געהייסן סתם „עזרה״, און ער איז געווען הייליק. אָבער נאָך הייליקער איז געווען דער טייל פון דעם הויף, וואָס איז געווען צווישן דעם מזבח און דעם בית המקדש אליין, דעם הויז פון בית המקדש. דער דאָזיקער טייל פון הויף האָט געהייסן „בין האולם למזבח״, צווישן אולם און דעם מזבח. אין דעם הויז פון בית המקדש איז מען אריינגעקומען צוערשט אין א זאַל וועלכער האָט געהייסן „אולם״, און פון דאָזיקן זאַל איז מען אריינגעקומען אין א צווייטן זאַל וואָס האָט געהייסן „היכל״. (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מידות). זאָגט ר׳ שמעון בן ננס, אז דעם שרץ דאַרף מען ארויסטראָגן אים שבת אויב מען געפינט אים אין איינעם פון די דריי ערטער: היכל, אולם און צווישן דעם אולם און דעם מזבח, אָבער אויב מען געפינט אים אין דעם איבעריגן טייל פון בית־המקדש הויף, אין דער סתם עזרה וועט די משנה ווייטער לערנען וואָס מען טוט מיט אים.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז פון דעם אָרט, וואו מען איז מחויב (אויב עס גייט דאָרט אריין א טמא מענטש) במזיד כרת (דער הימל פארשניידט די יאָרן פון מענטש), און אויב בשוגג (ניט ווייסנדיק) איז מען מחויב צו ברענגען א קרבן חטאת, דאַרף מען אים ,דעם טויטן שרץ) ארויספירן (אים שבת). **לויט ר׳ עקיבא דאַרף מען אים ארויספירן אפילו מען געפינט אים אין דער סתם עזרה, ניט דוקא אין די ערטער וואָס ר׳ שמעון בן ננס האָט פריער געזאָגט. מחמת ווען א טמא מענטש גייט אריין אין דער עזרה במזיד קומט אים דער עונש פון כרת, און אויב בשוגג דאַרף ער ברענגען א קרבן חטאת (זע מסכתא שבועות פרק א׳ און פרק ב׳).** ושאר, און די איבעריקע ערטער (אויב מען געפינט א טויטן שרץ אין אנדערע ערטער, ניט, לויט ר׳ שמעון בן ננס, אין זיינע אויסגערעכנטע ערטער,

**כל המקומות כופין עליו פסכתר. ר' שמעון אומר, מקום שהתירו לך חכמים, משלך נתנו לך, שלא התירו לך אלא משום שבות:**

סליק מסכת עירובין.

---

און ניט, לויט ר' עקיבא, אין זיינע ערטער אין דער עזרה) זאָל מען איבערדעקן אי־בער אים א קופּערנעם קעסל. מען טאָר דעם טויטן שרץ אים שבת ניט רירן פון אָרט, נאָר מען זאָל אים איבערדעקן מיט א קעסל, און ערשט שבת צונאכטס זאָל מען אים ארויסנעמען. מיט „אנדערע ערטער" מיינט מען דאָ אזעלכע ערטער וועלכע האָבן א שייכות צו דער עזרה, נאָר זיי זענען ניט אזוי הייליק. „פּסכתר", (לויט דער גירסא פון „ערוך" זאָל דאָ זיין „פסקטר") איז דאָס גריכישע „פּסאַקטער", א קעסל. ר' שמעון זאָגט: אומעטום וואו די חכמים האָבן דיר מתיר געווען, האָבן זיי דיר געגעבן נור פון דיינס, מחמת זיי האָבן דיר מתיר געמאכט נאָר דאָס וואָס איז (אסור) צוליב שבות. די גמרא טייטשט, אז ר' שמעון איז מחולק אויף דער הלכה פריער אין משנה י"ג, וואָס זאָגט אז מען מעג אים שבת צו־בינדן א סטרונע, וועלכע האָט געפּלאַצט אים שבת. ר' שמעון האלט, אז צובינדן טאָר מען ניט, און מען מעג נור מאכן א שלייף, ווייל א שלייף־מאכן אים שבת איז אסור נור מדרבנן, עס איז א שבות, און ס'קאָן קומען צו אן איסור מדאורייתא. ר' שמעון זאָגט, אז דאָס וואָס ער אליין האָט מיקל געווען פריער אין פרק ד' משנה י"א, אז אפילו איינער איז ארויסגע־גאנגען אים שבת צי יום טוב 15 איילן חוץ לתחום (אויסער די דערלויבטע 2000 איילן) מעג ער צוריק אריינגיין איז עס נור דערפאַר ווייל די מעסטערס פון די תחומין מעסטן ניט פּינקטליך און זיי שטעלן אוועק דעם צייכן פון תחום שבת ניט פּינקט־ליך צום סוף פון די 2000 איילן פון דער שטאָט, נאָר אביסל אריינגערוקט, טאקע דערפאַר טאָמער וועט מען זיך טועה זיין (מפני הטועין) און מען וועט פארבלאָנדזשען ארויס עטליכע איילן ארויס פון תתום. דאָס איז די כוונה פון ר' שמעון'ס ווערטער, אז דאָס וואָס די חכמים האָבן געגעבן דעם מענטש (די 15 איילן) האָבן זיי אים געגעבן זיינע.

סליק מסכת עירובין — געענדיקט די מסכתא עירובין:

---

# מסכת פסחים

## הקדמה

די משנה מסכתא פסחים לערנט די דינים וועלכע האָבן א שייכות מיטן יום טוב פסח. דער יום טום פסח הויבט זיך אָן דעם 15טן טאָג אין חודש ניסן (די נאכט פון 14טן טאָג אויפן 15טן). דער 15טער טאָג אין ניסן איז א יום טוב און מען טאָר ניט טאָן אין אים די מלאכות, די ארבייטן, וועלכע מען טאָר ניט טאָן אים יום טוב, דערנאָך גייען 5 טעג חול המועד, אין וועלכע מען מעג טאָן טייל מלאכות; דערנאָך, דעם 7טן טאָג (דעם 21טן טאָג אין ניסן) איז ווידער יום טוב, שביעי של פסח. אזוי איז אין ארץ־ישראל. אין די גלות־לענדער איז אויך דער 16טער טאָג אין ניסן יום טוב, און אויך דער 22טער טאָג אין ניסן איז יום טוב, אחרון של פסח. דאָס דאָזיקע זאָגט אונז די תורה אין חומש וויקרא כ"ג, „ביום הראשון מקרא קודש", און דערנאָך „ביום השביעי מקרא קודש". די דינים, וועלכע מלאכות מען טאָרניט טאָן אים יום טוב און וועלכע מען מעג, וועלן מיר געבן אין דער הקדמה צו מסכתא ביצה. אָבער דער יום טוב פסח האָט נאָך אנדערע דינים און דאָס זענען זיי:

א. מען טאָר ניט עסן און ניט הנאה האָבן פון חמץ. דאָס ווערט אָנגעזאָגט אין חומש שמות י"ב און י"ג „כל מחמצת לא תאכלו" און „ולא יאכל חמץ", אז מען טאָר אין די 7 טעג פסח ניט עסן „געזייערט ברויט", מיט „חמץ" מיינט מען ווען דאָס מעל אויסגעמישט מיט וואסער אָדער דאָס טייג איז געשטאנען א לענגערע צייט און איז געוואָרן געזייערט. דער חומש שמות י"ב זאָגט, אז ווען עס איז עובר אויף דעם איסור און עסט חמץ, „ונכרתה", קומט אים דער עונש „כרת", פון הימל

פארשניידט מען אים די יאָרן. אויב איינער עסט חמץ בשוגג, ניט וויסנדיק אז עס איז חמץ, מיינענדיק אז עס איז ניט קיין חמץ, אָדער ניט וויסנדיק אז עס איז פסח, אָדער ניט וויסנדיק אז אין פסח טאָר מען ניט עסן קיין חמץ, האָט ער געדאַרפן ברענגען אין בית המקדש א קרבן חטאת. די חכמים האָבן אפּגעלערנט פון דער תורה, אז ניט נור אים פסח, נאָר אויך ערב פסח. דעם 14טן טאָג אין ניסן, פון האלבן טאָג אָן, פון חצות היום, טאָר מען אויך ניט עסן קיין חמץ. אָבער אויב איינער עסט יאָ דעמאָלס חמץ קומט אים ניט קיין כרת און דאַרף ניט ברענגען קיין קרבן חטאת, נאָר עס איז אַ לאו, א פארבאָט, און עס קומט דערפאַר מלקות, קלעפּ, 39 קלעפּ. די חכמים האָבן אויך איינגעפירט, אַז מען זאָל אויך ניט עסן קיין חמץ א שעה פאַר האלבן טאָג אים ערב פסח. אויך האָבן די חכמים אָפּגעלערנט אז מען טאָר ניט הנאה האָבן פון חמץ. די דינים וועגן דעם געפינען זיך אין דער מסכתא פסחים.

ב. מען טאָרניט האָבן קיין חמץ. ניט נור טאָר מען אים פסח ניט עסן קיין חמץ, נאָר א ייד טאָר ניט האָבן אין זיין רשות קיין חמץ. דאָס האָט אָנגעזאָגט די תורה אין חומש שמות י״ב „לא ימצא״, עס זאָל זיך ניט געפינען קיין חמץ, און אין שמות י״ג „לא יראה לך חמץ״, אז עס זאָל ניט געזען ווערן קיין חמץ. דער דאָזי־קער איסור הייסט דעריבער „בל יראה ובל ימצא״ ((בל איז דאָסזעלביקע וואָס „לא״, „ניט״). און ניט נור אים פסח נאָר אויך פון האלבן טאָג אָן ערב פסח (און לויט דער תקנה פון די חכמים א שעה פארן האלבן טאָג) טאָר מען מער קיין חמץ ניט האָבן. דעם חמץ וואָס מען האָט ערב פסח דאַרף מען מבער זיין, פארניכטן. כדי מען זאָל וויסן, צי עס איז פאראַן אין הויז חמץ, האָבן די חכמים מתקן געווען אז אין דער נאכט פאַר ערב פסח (פון 13טן ניסן אויפן 14טן ניסן) זאָל מען בודק חמץ זיין, נאָכזוכן אין אלע ערטער אין שטוב און אומעטום, וואו מען פלעגט אריינברענגען חמץ־עסנוואַרג, צי עס איז פאראַן חמץ, דאָס איז „בדיקת חמץ״.

ג. „די מצוה צו עסן מצה״. מצה הייסט אזא ברויט, וואָס איז ניט געוואָרן גע־זייערט. אין די 7 טעג פסח מעג מען עסן מצה. אָבער א מצוה צו עסן מצה איז אין דער ערשטער נאכט פון פסח. אויב מען האָט אין דער ערשטער נאכט פון פסח גע־געסן א כזית מצה (אזוי גרויס ווי אן איילבירט) האָט מען מקיים געווען די מצוה. אין חומש שמות י״ב ווערט אָנגעזאָגט „בערב תאכלו מצות״.

ד. „די מצוה צו עסן מרור״. עס איז א מצוה צו עסן אין דער ערשטער נאכט פסח ביטערע קרייטיכצער, ביטערע ירקות, און דאָס הייסט „מרור״. אין חומש במדבר ט׳ ווערט עס אָנגעזאָגט, „על מצות ומרורים תאכלוהו״. עס זענען פאראַן נאָך אנדערע מצוות וואָס מען דאַרף מקיים זיין אים פסח מדרבנן (לויט טייל דעות איז אויך דאָס מרור עסן היינטיקע צייט נור מדרבנן), און מיר וועלן וועגן זיי לערנען אין דער משנה מסכתא פסחים.

ה. די מצוה מקריב צו זיין דעם קרבן פסח. די תורה אין שמות י״א און במדבר ט׳ האָט אָנגעזאָגט אז ערב פסח נאָך האלבן טאָג (בין הערביים) זאָל יעדער ייד ברענגען א קרבן פסח. יעדער ייד האָט מיט זיין פאמיליע געדאַרפן קומען קיין ירושלים און עטליכע מענטשן צוזאמען (א „חבורה״, א גרופּע) האָבן גענומען א שעפּסל צי אַ ציגעלע און עס געבראַכט אין בית המקדש, דאָרט האָט מען עס געשאָכטן און די כהנים האָבן געשפּריצט ס׳בלוט אויפן מזבח און מקריב געווען ס׳פעטס אויפן מזבח. דאָס פלייש פון שעפּסל צי פון ציגעלע האָט מען געבראָטן (שוין ניט אין בית המקדש, נאָר אין דער היים אין ירושלים) אויף פייער און ביינאכט האָט די גאנצע חבורה צוזאמען געגעסן דאָס פלייש צוזאמען מיט מצה און מרור. עס זענען פאראַן זייער א סך דינים וועגן קרבן פסח, און זיי ווערן געלערנט אין דער משנה מסכתא פסחים.

ו. דער קרבן פסח שני (צווייטער פסח). אויב א ייד האָט ניט געקאָנט ברענגען דעם 14טן טאָג אין ניסן דעם קרבן פסח (צי ווייל ער איז געווען טמא צי ווייל ער איז גע־ווען ווייט פון בית המקדש) האָט ער געמוזט ברענגען דעם קרבן פסח אין א חודש

# מסכת פסחים

## פרק א.

**א. אור לארבעה עשר בודקין את החמץ לאור הנר. כל מקום שאין מכניסין בו חמץ, אין צריך בדיקה. ולמה אמרו שתי שורות במרתף? מקום שמכניסין בו חמץ. בית שמאי אומרים, שתי שורות על פני כל**

---

**שפעטער, דעם 14טן טאָג אין אייר. אזוי זאָגט די תורה אין חומש במדבר ט׳. אויך וועגן דעם זענען פאַראַן א סך דינים און זיי ווערן געלערנט אין משנה מסכתא פסחים.**

**עס איז פאַראַן נאָך א מצוה, וואָס איז פאָרגעקומען אים פסח, און דאָס איז דאָס מקריב זיין אין בית המקדש דעם עומר ,מעסטל גערשטן־מעל) דעם 16טן טאָג אין ניסן, אין דערמיט איז אויך די מצוה צו ציילן ספירה. אָבער דאָס ווערט געלערנט ניט אין מסכתא פסחים, נאָר אין דער מסכתא מנחות פרק „אָמר ר׳ ישמעאל״ (אין משניות איז עס פרק י׳).**

**די תורה (שמות י״ב און אנדערע ערטער) זאָגן אז דער יום טוב פסח און די אלע מצוות וואָס מען דאַרף אין אים מקיים זיין איז צום אנדענקן פון „יציאת מצרים״ און דעריבער איז אויך פאַראַן די מצוה צו דערציילן די ערשטע נאכט פסח די סיפורים וועגן יציאת מצרים (הגדה), זאָגן הלל, טרינקען פיר כוסות וויין, עסן בהסיבה, און אויך די דאָזיקע דינים ווערט לערנען די משנה אין מסכתא פסחים.**

**די מסכתא הייסט פסחים, אין לשון רבים, ווייל עס ווערן אין איר געלערנט די דינים סיי פון ערשטן פסח און סיי פון פסח שני.**

## פרק א.

א. אור, אין דער נאכט צום פירצענטן (טאָג אין ניסן, אין דער נאכט פאַר ערב פסח) איז מען בודק דעם חמץ ביי דער ליכטיקייט פון א ליכט. **אין דער משנה איז פאַראַן עטליכע מאָל „אור״, „ליכט״, אנשטאָט אוונט, נאכט. דאָס איז ווי מען רופן אָ בלינדן „סגי נהור״ (א „סך ליכט״), דער רמבם זאָגט, אַז די משנה האָט ניט געוואָלט אָנהויבן מיט א וואָרט פון „פינסטערניש״, „נאכט״, „לילה״, האָט זי אָנגעהויבן מיט „אור״, ליכט. דער ברטנורא זאָגט, אז מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, איז גענוג ווען איינער איז מבטל דעם חמץ, ווען ער דערקלערט, אז אלע חמץ וואָס ער האָט איז הפקר, איז ניט זיינס, און ער איז מער ניט עובר אויף דעם איסור פון בל יראה ובל ימצא (ניט צו האָבן חמץ אין פסח), נאָר די חכמים האָבן מורא געהאַט טאָמער ווער דער מענטש געפינען אים פסח ביי זיך א שיין ברייטל און ער וועט פארגעסן און טראַכטן ביי זיך אז ער וועט עס עסן, דעריבער האָט מען איינגעפירט אז מען זאָל בודק חמץ זיין פאַר פסח, אויסגעפינען יעדעס שטיקל חמץ און עס פאַרניכטן. די גמרא זאָגט, אז דעריבער מאַכט מען די בדיקת חמץ ביינאכט און ביי א ליכט, ווייל ביינאכט זענען מענטשן פאַראַן אין זייערע הייזער, און מיט א ליכט קאָן מען גיכער זען אין פאַרבאָרגענע ערטער.** כל מקום, אין אלע ערטער, וואו מען ברענגט (א גאַנץ יאָר) ניט אריין קיין חמץ, דאַרף מען ניט בודק זיין. **די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט מען אין די ערטער וואו מען האַלט נור וויינען און איילן; און דעריבער פרעגט די משנה:** ולמה, און פאַרוואָס האָט מען געזאָגט (אז מען דאַרף בודק זיין) צוויי שורות (פעסער וויין) אין (ווייך) קעלער? **איז דער ענטפער:** מקום, (אז דאָס האָט מען געמיינט נור אין אזא) אָרט, וואו מען ברענגט אריין חמץ. **מען האָט געמיינט נור אזא ווינקעלער, וואוהין דער באַדינער ,דער שמש) קומט אראָפּ אין מיטן דער סעודה כדי ארויפצוברענגען וויין, ווען דער וויין האָט אויסגע־פעלט, און דער באַדינער האלט טיילמאָל זיין ברויט אין האנט ווען ער גייט אראָפּ אין קעלער.** בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז (מען דאַרף בודק זיין) צוויי שורות וויין איבער דעם גאנצן קעלער, און די בית הלל זאָגן, אז צוויי אויסוויינקסטע שו־רות וועלכע זענ'ען די אויבערשטע. **אין דער גמרא זענען פאַראַן צוויי טייטשן אויף די ווערטער פון די בית שמאי און די בית הלל, און אויך אויף די טייטשן פון דער**

**המרתף, ובית הלל אומרים, שתי שורות החיצונות שהן העליונות:**
**ב. אין חוששין שמא גררה חולדה מבית לבית וממקום למקום, דאם כן מחצר לחצר ומעיר לעיר אין דבר סוף:**
**ג. ר׳ יהודה אומר, בודקין אור ארבעה עשר, ובארבעה עשר שחרית, ובשעת הביעור. וחכמים אומרים לא בדק אור ארבעה עשר, יבדוק בארבעה עשר, לא בדק בארבעה עשר, יבדוק בתוך המועד, לא**

---

גמרא האָבן די מפרשים עטליכע טייטשן. לויט איין טייטש מיינט מען אזוי: אין א קעלער איז פאראן אָנגעשטעלט פעסער־ווייַן, איינע אויף דער אַנדערער אין שורות־ווייז, לאָמיר זאָגן 1000 פעסער. אונטן איז פאראן א שיכט מיט 100 פעסער, צו 10 אין דער לענג פון דער שיכט און 10 אין דער ברייט פון דער שיכט. אויף דער שיכט איז פאראן אָנגעלייגט א צווייטע שיכט מיט 100 פעסער; און אזוי כסדר ביז דער סאמער אויבערשטער שיכט פון 100 פעסער. זאָגן די בית שמאי אז מען דארף בודק זיין די גאנצע פאָדערשטע וואנט מיט 100 פעסער, און אויך אין דער הויך די אויבערשטער שיכט פון 100 פעסער, מחמת אין דער ערטער איז מעגליך געווען אז דער באדינער זאָל צוקומען אָבער די בית הלל זאָגן, אז עס איז גענוג בודק צו זיין די אויבערשטע צוויי אויסנווייניקסטע שורות, צו 10 פעסער אין יעדער שורה (צו־זאמען נור 20 פעסער). מחמת דער שטייגער פון באדינער איז צוצוגיין צו די דאָזיקע אויבערשטע פעסער. אזוי טייטשט די משנה דער רמבם אין פירוש המשניות.

ב. אין חוששין, מען דארף ניט מורא האָבן טאָמער האָט (נאָכדעם ווי מען האָט געהאַט בודק־חמץ־געווען) א קרעט (חולדה) אריינגעשלעפט (חמץ) פון איין שטוב (וואו מען האָט נאָכניט בודק געווען) אין דער אנדערער שטוב (וואו מען האָט שוין יאָ בודק געווען), אָדער פון איין אָרט אין אן אנדערן אָרט; ווארום אויב אזוי (אויב מען זאָל דאָס מורא האָבן, דארף מען דאָך מורא האָבן, טאָמער האָט זי פארשלעפט) פון איין הויף אין אן אנדערן הויף און פון איין שטאָט אין אן אנדערער שטאָט, און די זאך האָט ניט קיין סוף. וועגן חולדה, א ווי‍זל, אויף פויליש „לאשיצא", האָבן מיר געגעבן אין כלאים פרק ח׳ משנה ה׳. דאָ מיינט מען אַ קרעט, חולד, ווערט גערעכנט אין ויקרא י״א צווישן די 8 שרצים. די משנה ברענגט חולדה, ווייל דער ירושלמי שבת פרק י״ד זאָגט אז דער שטייגער פון דער חולדה איז אז זי עסט ניט אויף, נאָר זי לייגט אוועק, און דעריבער איז מורא צו האָבן, אז זי וועט דעם חמץ אוועקלייגן אין שטוב.

ג. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען איז בודק (חמץ) אין דער נאכט צום פירצנטן (טאָג אין ניסן), און (אויב מען האָט דאמאָלס ניט בודק געווען איז מען בודק) דעם פירצנטן טאָג (ערב פסח) אין דער פרי, און (אויב מען האָט אויך דאמאָלס ניט בודק געווען, איז מען בודק) בשעת מען איז מבער (דעם חמץ). די משנה וועט ווייטער לערנען, אז מען איז מבער, מען פארניכטעט דעם חמץ א שעה פאר דעם האלבן טאָג אים ערב פסח. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב מען האָט ניט בודק געווען אין איינעם פון די דאָזיקע דריי צייטן זאָל מען אים פסח ניט בודק זיין, ווייל ס׳איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער פארגעסן און עסן דערפון. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אויב איינער האָט ניט בודק געווען אין דער נאכט צום פירצנטן (טאָג אין ניסן), זאָל ער בודק זיין אין פירצנטן טאָג (ערב פסח), און אויב ער האָט ניט בודק געווען דעם פירצנטן (טאָג) זאָל ער בודק זיין אים יום טוב (במועד), און אויב ער האָט ניט בודק געווען אים יום טוב זאָל ער בודק זיין נאָך יום טוב. דער דין איז אז חמץ פון א ייד טאָר מען ניט עסן און ניט הנאה האָבן דערפון אויך נאָך פסח (חמץ שעבר עליו הפסח). דעריבער הייסן די חכמים בודק זיין אויך שפּעטער, אויב מען האָט ניט בודק געווען פריער. די חכמים האָבן ניט מורא טאָמער וועט ער פארגעסן און עסן דערפון, מחמת ער זוכט דאָך דעם חמץ צו פארניכטן אים. דעם טייטש ביי „מועד" „יום טוב", ברענגט דער רמבם. רשי טייטשט „מועד", די „צייט" פון

**בדק בתוך המועד, יבדוק לאחר המועד. ומה שמשייר יניחנו בצינעא, כדי שלא יהא צריך בדיקה אחריו:**

**ד. ר' מאיר אומר, אוכלין כל חמש, ושורפין בתחילת שש. ור' יהודה אומר אוכלין כל ארבע, ותולין כל חמש, ושורפין בתחילת שש:**

**ה. ועוד אמר ר' יהודה, שתי של חלות של תודה פסולות מונחות על גג האיצטבא; כל זמן שמונחות כל העם אוכלים; ניטלה אחת, תולין, לא אוכלין, ולא שורפין; ניטלו שתיהן, התחילו כל העם שורפין. רבן**

---

מבער זיין דעם חמץ, דאָס מיינט מען ערב פסח א שעה פאַר דעם האַלבן טאָג, און „לאחר המועד", מיינט ערב פסח נאָכן האַלבן טאָג, ביז ביינאַכט. והא שמשייר, און (דעם חמץ) וואָס ער לאָזט איבער זאָל ער אוועקלייגן אין א באַהאַלטן אָרט (בצינעא), כדי ער זאָל ניט דאַרפן (נאָכאַמאָל) זוכן נאָך אים. דאָס גייט אַרויף בכלל אויף דער גאַנצער הלכה פריער, אז מען דאַרף בודק חמץ זיין, און די משנה זאָגט, אז וואָס מען לאָזט איבער חמץ אין דער נאַכט צו ערב פסח אויף צו עסן צו מאָרגנס אין דער פרי (אזוי טייטשט דער ר"ן), זאָל מען אוועקלייגן אין א זיכער אָרט.

ד. ר' מאיר זאָגט, מען מעג עסן (חמץ אים ערב פסח די גאַנצע פיפטע (שעה) און מען דאַרף פאַרברענען (דעם חמץ) אין אָנהויב פון דער זעקסטער (שעה); און ר' יהודה זאָגט, אז מען מעג עסן די גאַנצע פירטע (שעה), און מען לאָזט הענגען (ניט מען עסט און ניט מען פאַרברענט) די גאַנצע פיפטע (שעה), און מען פאַר־ברענט אין אָנהויב פון דער זעקסטער (שעה). כדי מען זאָל פאַרשטיין די משנה וועלן מיר געבן דאָס וואָס מיר האָבן שוין דערקלערט איינמאָל אין מסכתא ברכות פרק א' משנה ב', דהיינו, אז די משנה מיינט „שעות זמניות", „צייט־שעה'ן". דאָס מיינט אזוי: דער טאָג, ווי לאַנג אָדער ווי קורץ ער זאָל ניט זיין, ווערט איינגעטיילט אין 12 שעה. אויב למשל דער טאָג אין ווינטער האָט נור 8 אונזערע זייגער שעהן, ווערן די דאָזיקע 8 שעה איינגעטיילט אין 12 טיילן, און יעדער טייל הייסט א שעה. די ערשטע שעה פון ווען די זון־גייט אויף אין דער פרי, הייסט „איינס", די צווייטע שעה הייסט צוויי, די דריטע הייסט „דריי", די פירטע הייסט „פיר (ארבע), די פיפטע הייסט „פינף" (חמש) און די זעקסטע שעה, די שעה פאַר האַלבן טאָג, פאַר חצות היום, הייסט „זעקס" (שש). ווי מיר האָבן געזאָגט אין דער הקדמה צו דער מסכתא פסחים, טאָר מען מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, ניט עסן (און ניט הנאה האָבן) חמץ ערב פסח פון חצות היום, פון האַלבן טאָג אָן, דאָס הייסט פון דער 7 טער שעה. אָבער די חכמים האָבן גע'אסרט צו עסן (און הנאה צו האָבן) חמץ אויך די גאַנצע 6טע שעה, ווייל טאָמער וועט מען זיך טועה זיין און מיינען אויף דער 7טער שעה, אז זי איז די 6טע שעה, זאָגט ר' מאיר, אז די גאַנצע 5טע שעה מעג מען עסן חמץ, און מען פאַרברענט אים אין אָנהויב פון דער 6טער שעה. אָבער ר' יהודה האַלט, אז אויך די 5טע שעה זאָל מען שוין ניט עסן, טאָמער וועט מען אין א וואָלקנדיקן טאָג א טעות האָבן אויף דער 7טער שעה און מיינען אז זי איז די 5טע שעה; אָבער פאַרברענען דאַרף מען נאָכניט, און מען מעג דעמאָלס געבן דעם חמץ צו עסן צו א בהמה, און פאַרברענען זאָל מען ערשט אין אָנהויב פון דער 6טער שעה.

ה. ועוד, און נאָך האָט ר' יהודה געזאָגט: צוויי פסולע חלות פון א קרבן תודה זענען געלעגן (אין ירושלים, ערב פסח) אויף א העכערער באַנק (גג האיצטבא); אזוי לאַנג ווי זיי זענען (ביידע) געלעגן, האָבן אַלע מענטשן געגעסן (חמץ); איז איינע (פון די חלות) צוגענומען געוואָרן, האָט מען ניט געגעסן (דעם חמץ) און ניט פאַרברענט; זענען ביידע (חלות) געוואָרן צוגענומען האָבן אַלע מענטשן אָנגעהויבן פאַרברענען (זייער חמץ). דערפון ברענגט ר' יהודה א ראיה צו זיין דעה, אז עס איז פאַראַן ערב פסח א צייט (די פיפטע שעה) ווען ניט מען עסט חמץ און ניט מען פאַרברענט. א קרבן תודה האָט א ייד געבראַכט אין בית המקדש אלס א דאַנק (תודה) צו גאָט. א חוץ דעם

**גמליאל אומר, חולין נאכלין כל ארבע, ותרומה כל חמש, ושורפין בתחילת שש:**

**ו. ר׳ חנינא סגן הכהנים אומר, מימיהם של כהנים לא נמנעו מלשרוף את הבשר שנטמא בולד הטומאה עם הבשר שנטמא באב**

קרבן, דעם שעפּסל, האָט מען נאָך צוגעבראַכט 40 חלות, פון וועלכע 10 זענען געווען פון חמץ. עסן האָט מען עס געמעגט ניט מער ווי אין דעם טאָג ווען מען האָט געבראַכט דעם קרבן און אין דער נאַכט דערנאָך, ביז אין דער פרי (יום ולילה); צומאָרגנס ווען עס איז געוואָרן טאָג, זענען די חלות פסול געוואָרן (געוואָרן „נותר״, איבערגעבליבן נאָך דער צייט) און מען האָט זיי שוין ניט געטאָרט עסן. צוליב דעם וואָס די חמץ־חלות פון תודה האָט מען ערב פסח נאָך דער פיפטער שעה ניט געטאָרט עסן, און מען טאָר ניט גורם זיין צו פסלן א קרבן, האָט יעדער, וואָס האָט געדאַרפן ברענגען א קרבן תודה, זיך מקדים געווען און אים געבראַכט דעם 13טן טאָג אין ניסן. ווייל עס זענען דעמאָלס געווען א סך אַזעלכע קרבנות תודה, איז געקומען דערצו אז מען האָט טייל חלות ניט אויפגעגעסן און זיי זענען געבליבן ביז ערב פסח אין דער פרי און זיי זענען פסול געוואָרן. דעריבער האָט מען זיי געמעגט אוועקלייגן אויף דער באַנק פאַר א סימן; ווייל כשרע חלות וואָלט מען ניט געטאָרט לאָזן ליגן ביז דער צייט אין ערב פסח ווען מען וועט זיי ניט טאָרן עסן. „איצטבא״ זאָל זיין פון גריכישן וואָרט „סטאָא״, וואָס הייסט א גאַלעריע, א האַליע, און טיילמאָל אויך א לאַנגע, הויכע באַנק. רבן גמליאל זאָגט, אַז (חמץ פון) חולין מעג מען עסן די גאַנצע פירטע (שעה), און תרומה די גאַנצע פיפטע (שעה), און מען פאַרברענט אין אָנהויב פון דער זעקסטער (שעה). תרומה הייסט די תבואה וואָס מען שיידט אָפּ און מען גיט צום כהן און נור דער כהן מעג איר עסן, און זי איז הייליק און עס איז א מצוה איר צו עסן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא תרומות). זאָגט רבן גמליאל, אַז תרומה האָט מען מתיר געמאַכט צו עסן אויך די גאַנצע פיפטע שעה, כדי מען זאָל ניט שפּעטער פאַרברענען הייליקע תרומה, וואָס מען קאָן איצט עסן.

ו. ר׳ חנינא סגן הכהנים זאָגט, אַז די כהנים האָבן קיינמאָל („מימיהם לא״, קיינמאָל ניט) זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון צו פאַרברענען פלייש (פון קרבנות) וואָס איז טמא געוואָרן דורך (אָנרירן) א ולד־הטומאה (א קינד פון טומאה, ניט א הויפּט־טמא־זאַך) צוזאַמען מיט פלייש (פון קרבנות) וואָס איז טמא געוואָרן דורך (אָנרירן) אַן אב הטומאה (א פאָטער פון טומאה, א הויפּט־טמא־זאַך), כאָטש דאַדורך איז מען מוסיף (פאַרגרעסערט מען) טומאה אויף דער פריערדיקער טומאה. עס זענען פאַראַן הויפּט־טמא־זאַכן, אַן אָב הטומאה. צו זיי געהערן א מענטש, וואָס האָט אָנגערירט אין א מת (טמא מת), א טויטער שרץ, א נבלה, און אַנדערע זאַכן, וואָס מיר וועלן געבן אין דער הקדמה צו מסכתא כלים. אויב א זאַך רירט אָן אַן אב הטומאה, א הויפּט־טמא, ווערט די זאַך א ראשון לטומאה, א „ערשטע״ צו דער טומאה. אויב א עסנווארג רירט אָן א ראשון לטומאה, ווערט עס א שני לטומאה, א צווייטע צו דער טומאה; דאָס איז שוין א נאָך־לייכטערע טומאה. אויב א הייליק עסנווארג (תרומה צי פלייש פון א קרבן) רירט אָן דעם שני לטומאה ווערט עס א „שלישי״, א דריטער צו דער טומאה; דאָס איז שוין גאָר א לייכטע טומאה. דער „ראשון״ הייסט „ולד הטומאה״, דאָס „קינד״ פון דעם „אב הטומאה״, פון דעם פאָטער פון דער טומאה. דער „שני״ הייסט „ולד ולד״, דאָס „קינד פון קינד״. קרבנות־פלייש, וואָס איז טמא געוואָרן האָט מען פאַרברענט. זאָגט ר׳ חנינא סגן הכהנים, אז די כהנים פלעגן פאַרברענען צוזאַמען פלייש (מיר וועלן עס אָנרופן „א״) וואָס איז טמא געוואָרן דורך אָנרירן א ולד הטומאה, צוזאַמען מיט פלייש (מיר ווילן עס אָנרופן „ב״) וואָס איז טמא געוואָרן דורך אָנרירן אַן אב הטומאה. כאָטש איצטביים פאַרברענען, רירט אָן דאָס „א״־פלייש דעם „ב״־פלייש און עס באַקומט א שטאַרקערע טומאה פונדעסטוועגן האָט עס די כהנים ניט געאַרט, ווייל סיי ווי פאַרברענט מען עס דאָך. די גמרא

## הטומאה, אף על פי שמוסיפין טומאה על טומאתו. הוסיף ר׳ עקיבא ואמר, מימיהם של כהנים לא נמנעו מלהדליק את השמן שנפסל בטבול יום בנר שנטמא בטמא מת, אף על פי שמוסיפין טומאה על טומאתו:

## ז. אמר ר׳ מאיר, מדבריהם למדנו, ששורפין תרומה טהורה עם

פרעגט: ווען דאָס פלייש „א״ האָט אָנגערירט דעם ולד הטומאה, דעם ראשון איז דאָך עס געוואָרן א שני, און איצט, אז עס רירט אָן דאָס פלייש „ב״, וועלכעס איז טמא געוואָרן דורך אָנרירן אן אב הטומאה און איז געוואָרן א ראשון, הייסט דאָך עס ווידער אז דאָס פלייש „א״ האָט אָנגערירט א ראשון און עס איז ווידער טמא געוואָרן נור אלס א שני, — טאָ וואָסזשע הייסט עס, אז עס איז געוואָרן פארגרעסערט די טומאה? און די גמרא ענטפערט דערויף, אז מען מיינט אז דאָס פלייש „א״ האָט אָנגערירט ניט א ראשון, א ולד״, נור א שני, א ולד ולד״, און עס איז געוואָרן א שלישי; און אזוי ווי איצט רירט עס אָן דאָס פלייש „ב״, א ראשון און עס ווערט א שני, הייסט עס, אז עס קומט צו מער טומאה. הוסיף, האָט ר׳ עקיבא (נאָכמער) צוגעגעבן, אז די כהנים האָבן קיינמאָל זיך ניט אָפּגעהאלטן צו ברענען אייל (פון תרומה) וואָס איז געוואָרן פסול דורך אָנרירן א טבול יום (א מענטש וואָס איז געווען טמא און האָט זיך טובל געווען איז געוואָרן טהור, ריין, אָבער ער דארף וואַרטן ביז עס ווערט נאכט, און דעם גאַנצן טאָג הייסט ער א טבול יום און ווען ער רירט אָן תרומה ווערט די תרומה א „שלישי״), אין א לעמפּל וואָס איז טמא געוואָרן אין א טמא־מת (אָנרירנדיק א מענטש וועלכער האָט אָנגערירט א מת), כאָטש זיי האָבן מוסיף געווען טומאה אויף דער פריערדיקער טומאה (פון דעם תרומה ־ אייל). **אויך תרומה ווען זי ווערט טמא דארף מען זי פארברענען; אָבער דער כהן מעג האָבן הנאה פון דער תרומה ביים פארברענען. ער מעג, למשל, ברענען טמא־געוואָרענעם תרומה־אייל און נוצן די ליכט דערפון. זאָגט ר׳ עקיבא, אז די כהנים האָבן געטאָן נאָכמער ווי ר׳ חנינא דערציילט, און דהיינו, זיי האָבן תרומה־אייל וואָס האָט אָנגערירט א טבול יום און ער איז געוואָרן נור א שלישי, געברענט אין א לעמפּל וואָס האָט אָנגערירט א טמא מת, א מענטש, וועלכער האָט אָנגערירט א מת, און אזא מענטש איז אן אב הטומאה. אויך דאָ פרעגט די גמרא: וואָס האָט ר׳ עקיבא מוסיף געווען? סטייטש, דאָס לעמפּל, אָנרירנדיק אן אב הטומאה, איז דאָך געוואָרן א ראשון, און איצט אז דער אייל (דער שלישי) רירט אָן דאָס לעמפּל, דעם ראשון) ווערט ער א שני, און דאָס האָט אויך ר׳ חנינא געלערנט, אז מען מעג מאכן (ביים פארברענען) פון א „שלישי״ א „שני״? און די גמרא ענטפערט, אז דאָס לעמפּל איז געווען פון מעטאַל (כלי מתכת) און דער דין איז אז א מעטאַלענע כלי, וואָס רירט אָן אן אב הטומאה ווערט אליין אויך אן אב הטומאה, און ממילא ווערט דער אייל א „ראשון״, און ר׳ עקיבא לערנט אז פון א „שלישי״ מעג מען (ביים פארברענען) מאכן א ראשון. די גמרא ברענגט דאָ א סך לימודים וועגן די דינים פון טומאה (צי עסנווארג קאָנען מטמא זיין עסנווארג, די טומאה פון משקאות און אנדערע). ר׳ חנינא סגן הכהנים האָט געלעבט אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש, און אין דער צייט פון בית המקדש איז ער געווען דער סגן, דער „געהילף״, פון כהן גדול. וועגן וואָרט „סגן״ האָבן מיר געגעבן אין מסכתא ביכורים פרק ג׳ משנה ג׳. — די משנה וועגן טומאה ווערט דאָ געלערנט צוליב דער ווייטערדיקער משנה ז׳ וועגן חמץ.**

ז. אָמר, האָט ר׳ מאיר געזאָגט, אז פון זייערע ווערטער, (פון די ווערטער אין דער פריערדיקער משנה) לערנען מיר אָפּ, אז מען מעג פארברענען צוזאמען (חמץ) תרומה, וואָס איז טהור, מיט תרומה וואָס איז טמא, אים פסח (אין דער זעקסטער שעה ערב פסח, ווען מען פארברענט חמץ). **די גמרא זאָגט, אז ר׳ מאיר האָט איינגע־טייטשט אז דאָס קרבנות־פלייש, „א״, וואָס איז טמא געוואָרן אָנרירנדיק א ולד הטומאה (פריער אין ר׳ חנינא׳ס ווערטער), האָט מען געמיינט דערמיט, אז עס האָט אָנגערירט משקאות, פליסיקייטן, וועלכע האָבן אָנגערירט אין א כלי וועלכע האָט**

**הטמאה בפסח. אָמר לו רבי יוסי, אינה היא המדה. ומודים רבי אליעזר ורבי יהושע, ששורפין זו לעצמה וזו לעצמה. על מה נחלקו? על התליוה ועל הטמאה, שר׳ אליעזר אומר, תשרף זו לעצמה וזו לעצמה, ורבי יהושע אומר, שתיהן כאחת.**

פרק ב.

**א. כל שעה שמותר לאכול, מאכיל לבהמה לחיה ולעופות ומוכרו**

---

אָנגערירט אין א טויטן שרץ; און ר׳ מאיר האלט, אז אזעלכע משקאות (פליסיקייטן) קאָנען לויט דעם דין פון דער תורה ניט מטמא זיין קיין אנדערע זאך (טומאת משקין לטמא אחרים לאו דאורייתא) און נור מדרבנן קאָן עס מטמא זיין. פונדעסטוועגן, האָבן די כהנים מתיר געמאכט עס צו פארברענען מיט פלייש וואָס האָט אָנגערירט אן אב הטומאה, כאָטש דאדורך ווערט דאָס פלייש „א" איצט טמא אויך מדאורייתא, דורך אָנרירן דאָס פלייש „ב". זעען מיר דאָך דערפון, אז ווייל דאָס פלייש „א" ווערט סיי־ווי פארברענט, מעג מען שוין עס מטמא זיין מיט א טומאה מדאורייתא כאָטש ביז איצט איז עס מדאורייתא געווען טהור און נור מדרבנן איז עס געווען טמא. אזוי מעג מען אויך חמץ תרומה, וואָס איז טהור און איז אסור אין דער 6טער שעה ערב פסח נור מדרבנן (זע פריער משנה ד׳) פארברענען מיט טמא׳דיקער תרומה, כאָטש די טהור־תרומה ווערט דאדורך טמא מדאורייתא אָנרירנדיק די טמא־תרומה. אָמר לו, האָט ר׳ יוסי צו אים (צו ר׳ מאיר) געזאָגט, אז דאָס איז ניט פון דער (זעלביקער) מאָס (עס איז ניט גלייך). ווייל ר׳ יוסי האָלט, אַז די משקאות קאָנען יאָ מטמא זיין אָנדערע זאכן מדאורייתא, ממילא איז דאָך דאָס פלייש „א" סיי ווי געווען מדאורייתא טמא. אָבער דאָ איז דאָך די חמצ׳דיקע טהור־תרומה אין דער 6טער שעה ערב פסח אסור נור מדרבנן, טאָר מען איר ניט מטמא זיין, כאָטש מען גייט איר פארברענען. ומודים, און (אזוי זאָגט ווייטער ר׳ יוסי) עס זענען מודה ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע אז (די חמצדיקע טהור־תרומה און די חמצדיקע טמא־תרומה) דארף מען פארברענען די דאָזיקע באזונדער און די דאָזיקע באזונדער; וועגן וואָס זענען זיי מחולק? אויף (חמץ׳דיקער) תרומה וואָס הענגט (תלויה, מען ווייסט ניט צי זי איז טהור צי זי איז טמא) און (חמצדיקער) תרומה וואָס איז (זיכער) טמא, וואָס (וועגן זיי) זאָגט ר׳ אליעזר, אז מען זאָל פארברענען די (הענגנדיקע) באזונדער און די (זיכער־טמא׳־דיקע) באזונדער, און ר׳ יהושע זאָגט, אז (מען מעג פארברענען) ביידע צוזאמען. מחמת ר׳ אליעזר האלט, אז אפילו א תרומה תלויה, וואָס עס איז א ספק, צי זי איז טמא, טאָר מען אויך ניט מטמא זיין און מען דארף איר אָפּהיטן, און דעריבער טאָר מען זי ניט פארברענען ערב פסח צוזאמען מיט דער זיכערער טמא־תרומה, מחמת אָנרירנדיק די טמא־תרומה וועט אויך די „הענגנדיקע" טמא ווערן. אָבער ר׳ יהושע האלט, אז א תרומה וואָס איז ספק־טמא דארף מען ניט אָפּהיטן אז זי זאָל ניט טמא ווערן (זע מסכתא תרומות פרק ח׳ משנה ח׳).

פרק ב.

א. כל שעה, אין יעדער שעה (ערב פסח), ווען מען מעג עסן (חמץ), מעג מען געבן צו עסן (חמץ) צו א בהמה און צו א חיה און צו עופות. די גמרא טייטשט, אז דאָס מיינט מען אין דער 5טער שעה (זע פרק א׳ משנה ד׳ און ה׳), ווען א כהן מעג, לויט רבן גמליאל, עסן אין דער 5טער שעה חמץ׳דיקע תרומה, דעמאָלס מעג א ישראל, וועלכער טאָר שוין ניט עסן חמץ׳דיקע חולין, געבן צו עסן חמץ צו א בהמה און צו א חיה און צו עופות. די משנה רעכנט דאָ אויס א בהמה און א חיה, ווייל מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז א בהמה מעג מען געבן צו עסן חמץ, ווייל זי עסט געוויינטליך אויף אלץ, אָבער א חיה טאָר מען ניט, ווייל זי לאָזט איבער. און ווען מען לערנט א חיה וואָלט מען געקאָנט, אז א חיה מעג מען ווייל דאָס וואָס זי לאָזט איבער באהאלט זי, אָבער א בהמה אויב עס טרעפט זיך אז זי לאָזט איבער בלייבט דער חמץ ליגן. עופות גיט צו די משנה ווייל זי לערנט שוין בהמה און חיה. ומוכרו, און מ׳מעג (דעם

**לגוי ומותר בהנאתו. עבר זמנו, אסור בהנאתו. ולא יסיק בו תנור וכירים. ר׳ יהודה אומר, אין ביעור חמץ אלא שריפה. וחכמים אומרים, אף מפרר וזורה לרוח או מטיל לים:**

**ב. חמץ של גוי שעבר עליו הפסח מותר בהנאה, ושל ישראל אסור בהנאה, שנאמר** (שמות י״ג) **לא יראה לך שאור:**

**ג. גוי שהלוה את ישראל על חמצו, אחר הפסח מותר בהנאה.**

---

חמץ ערב פסח) פארקויפן צו א גוי. **אפילו מען ווייסט, אז דער חמץ וועט פסח זיין ביים גוי און ער וועט אים פריער ניט האָבן אויפגעגעסן.** ומותר, און מען מעג פון אים פון דעם חמץ) הנאה האָבן. **די גמרא טייטשט אז אויב מען האָט פארברענט דעם חמץ ערב פסח פאר דער 6טער שעה,** מעג מען פון דעם אש **הנאה האָבן (נוצן אים) אפילו אים פסח.** עבר, נאָכדעם ווי עס איז אריבער זיין צייט (ווען מען מעג דעם חמץ האלטן), טאָר מען פון אים ניט קיין הנאה האָבן. **די גמרא זאָגט, אַז די משנה לערנט, אז שוין אין דער 6טער שעה ערב פסח, ווען דער איסור צו עסן חמץ איז נור** מדרבנן (זע פריער פרק א׳ משנה ד׳), **טאָר מען אויך ניט קיין הנאה האָבן פון אים, און אויב איינער איז מקדש א פרוי מיט אזא חמץ וואָס איז אסור מדרבנן, זענען די** קידושין אפילו מדאורייתא ניט קיין קידושין. **פונקט ווי עס וואָלט געווען מדאורייתא אסור הנאה צו האָבן פון דעם חמץ.** ולא יסיק, און מען זאָל ניט איינהייצן מיט אים (מיט דעם חמץ) אן אויוון אָדער א קיך. **כאָטש ווי מיר וועלן לערנען ווייטער, האלט ר׳ יהודה, אז חמץ דארף מען פארברענען, אָבער דעם אויוון איינהייצן מיט אים טאָר מען ניט, כדי מען זאָל ניט קיין הנאה האָבן פון אים. וועגן "תנור" און "כיריים" גיבן מיר אין מסכתא שבת פרק ג׳ משנה א׳ און ב׳.** ר׳ יהודה זאָגט, אז דאָס פארניכטן דעם חמץ דארף זיין נור דורך פארברענען (אים). **ער האלט אז די מצוה "ביעור חמץ", מבער זיין אים פארניכטן אים, מיינט מען דורך פארברענען.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז מען מעג אויך אים (דעם חמץ) צעברעקלן (מפרר, צעברעקלן אויף קליינע שטיקלעך) און פונאנדערוואַרפן אים אויף דעם ווינט אָדער אריינוואַרפן (אים) אין ים. **זיי האלטן אז "מבער זיין", פארניכטן, מיינט יעדע סאָרט פארניכטונג.**

ב. חמץ, דער חמץ פון א גוי, אויף וועלכן עס איז אריבער דער פסח, מעג (א ייד) הנאה האָבן פון אים. **אפילו עס איז שוין געווען חמץ אים פסח, נאָר ער האָט געהערט צו א גוי, מעג נאָך פסח א ייד הנאה האָבן פון חמץ. דער ירושלמי זאָגט, אז באמת מעג א ייד אויך עסן פון דעם חמץ, נאָר ווייל געוויינטליך מייבט מען מיט חמץ ברויט, און טייל יידן זענען זיך נוהג ניט צו עסן גויאיש ברויט (פת עכום) דע־ריבער זאָגט די משנה הנאה האָבן.** ושל ישראל, און (חמץ) פון א ייד (וועלכער איז שוין געווען אים פסח) טאָר מען ניט הנאה האָבן פון אים (אפילו נאָך פסח), ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות י״ג) "לא יראה לך שאור, עס זאָל ניט געזען ווערן ביי דיר (אים פסח) קיין זויערטייג". **איין טייטש איז, אז ווייל דער ייד האָט עובר געווען אויף דעם איסור "לא יראה", ניט צו האלטן ביי זיך חמץ אים פסח, האָט מען אים באַ־שטראָפט, אז מען זאָל אויך נאָך פסח ניט טאָרן קיין הנאה האָבן פון אים. אן אנדע־רער טייטש איז, אז דער "שנאמר", "ווייל עס ווערט געזאָגט", גייט ארויף אויף דעם דין, אז א גוי׳ס חמץ מעג מען יאָ עסן נאָך פסח, און די ראיה איז ווייל די תורה זאָגט צום ייד "לך", "ביי דיר", און מען לערנט דערפון אז נור ביי דיר טאָרסטו ניט זען קיין חמץ אָבער ביים גוי, מעגסטו. און ווייל מען האָט ניט עובר געווען קיין איסור אויף דעם גויס חמץ מעג א ייד אים עסן נאָך פסח.**

ג. גוי, אויב א גוי האָט געבאָרגט (פאר פסח) צו א ייד (געלט) אויף זיין (דעם יידיס) חמץ (אלס משכון) מעג מען פון דעם חמץ הנאה האָבן נאָך פסח. **די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאָ, אז דער ייד האָט געזאָגט צום גוי; אויב איך וועל דיר דאָס געלט ניט אָפגעבן ביז א געוויסן טאָג זאָל דער חמץ זיין דיינער שוין פון איצט אָן (מעכשיו),**

**וישראל שהלוה את הגוי על חמצו, אחר הפסח אסור בהנאה. חמץ שנפלה עליו מפולת, הרי הוא כמבוער. רבן (שמעון בן) גמליאל אומר, כל שאין הכלב יכול לחפש אחריו.**

**ד. האוכל תרומת חמץ בפסח, בשוגג משלם קרן וחומש, במזיד פטור מתשלומים ומדמי עצים:**

**ה. אלו דברים שאדם יוצא בהן ידי חובתו בפסח: בחיטים, בשעו-**

---

**און דער חמץ איז געלעגן ביים גוי אין שטוב און ער האָט אים צו דער צייט ניט באַצאָלט, קומט אויס, אז עס איז שוין געווען דעם גוי׳ס חמץ פון פאר פסח אָן.** וישראל, און אויב א ייד האָט (פאר פסח) געבאָרגט (געלט) צו א גוי אויף זיין (דעם גוי׳ס) חמץ, איז (דער חמץ) נאָך פסח אסור הנאה צו האָבן פון אים. **אויך דאָ מיינט מען אז דער גוי האָט זיך אויסגערעט מיט דעם ייד, אז דער חמץ־משכון זאָל זיין זיינס פון פריער אָן, אויב ער וועט אים ניט באצאָלן ביז א געוויסער צייט, און ער האָט אים ניט באצאָלט.** חמץ שנפלה, אויב אויף חמץ איז ארויפגעפאלן א חורבה (מפולת, א געביידע אָדער א גרויס שטיק ערד) הייסט עס אזוי ווי ער איז שוין פארניכטעט (מבוער). **מען דארף ניט אויפגראָבן און אים מבער זיין. די גמרא זאָגט, אז מען דארף דעם חמץ מבטל זיין, דערקלערן אים פאר הפקר, ווייל טאָמער וועט מען אים פסח אויפגראָבן די חורבה.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז (נור דאמאָלס הייסט דער חמץ ווי פארניכטעט, אויב עס איז ארויפגעפאלן אויף אים א חורבה) ווען א הונט קאָן ניט אים (דעם חמץ) נאָכזוכן. **ווען א הונט קאָן אים ניט צוריק אויפגראָבן, הייסט דער חמץ פארניכטעט. די גמרא זאָגט אָז דאָס מיינט אָז איבער דעם חמץ זאָל ליגן 3 טפחים חורבה (6 טפחים איז אן אייל).**

ד. האוכל, אז איינער (א ישראל, ניט א כהן) עסט חמץ׳דיקע תרומה אים פסח בשוגג (ניט וויסנדיק אז עס איז תרומה) דארף ער באצאָלן דעם קרבן און דאָס פיפטל (חומש). **מיר האָבן געלערנט אין מסכתא תרומות פרק ו׳ משנה א׳, אז א ישראל (צי א לוי) עסט תרומה בשוגג דארף ער באצאָלן דעם כהן אזוי פיל וויפיל ער האָט געגעסן, דאָס איז דער קרן, און לייגט נאָך צו א פערטל פון דעם קרן, צוזאמען פינף פערטל פון דעם קרן; דאָס פיפטע פערטל הייסט „חומש", א פיפטל. ער באצאָלט ניט מיט געלט, נאָר מיט תבואה צי פרוכטן פון חולין און זיי ווערן תרומה. זאָגט די משנה דאָ, אז כאָטש חמץ אין פסח איז דאָך גאָרניט ווערט, נאָר ווייל דאָס באצאָלן פאר עסן תרומה בשוגג איז דאָך ניט אייגנטליך קיין באצאָלונג, מחמת ער קאָן דאָך ניט געבן קיין געלט, נאָר עס איז ווי א סאָרט קרבן, דעריבער מוז ער אויך פאר חמצדיקער תרומה אים פסח באצאָלן.** במזיד, אויב (דער ישראל האָט געגעסן די חמץ׳דיקע תרומה אים פסח) במזיד (וויסנדיק אז זי איז תרומה אפילו ער האָט ניט געוואוסט אז עס איז חמץ) איז ער פטור. פון באצאָלן (דעם ווערט פון דער תרומה) און אויך (אפילו) פון דעם וויפיל עס וואָלט ווערט געווען אויף האָלץ. **מחמת ווען א ישראל עסט תרומה במזיד דארף ער באצאָלן דעם כהן ווי געוויינטליך ווען מען עסט א פרעמדנס א זאַך, געלט, און דאָס געלט ווערט ניט קיין תרומה; און אזוי ווי חמץ אים פסח איז אסור בהנאה האָט דער ישראל דעם כהן גאָרניט צוגענומען. ער איז אפילו פטור צו באצאָלן אויב די תרומה־חמץ איז געווען טמא, וויפיל די תרומה־חמץ איז ווערט אויף צו פארנוצן עס אלס האָלץ (דמי עצים) איינצוהייצן דערמיט דעם אויוון, מחמת מען טאָר דאָך פון אים אפילו די דאָזיקע הנאה אויך ניט האָבן.**

ה. אלו דברים, דאָס זענען די זאכן, מיט וועלכע א מענטש קאָן (עסנדיק זיי) יוצא זיי זיין חוב (צו עסן מצה) אים פסח. **מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכתא פסחים אז די תורה האָט געהייסן עסן מצה אין דער ערשטער נאכט פון פסח, מען מוז עסן מינדסטנס א כזית מצה. מיט מצה מיינט מען ברויט, וואָס איז ניט געוואָרן געזייערט, ניט געוואָרן חמץ. די משנה רעכנט דאָ אויס די סאָרטן תבואות, וואָס נור ווען די מצה איז געבאקן פון זייער מעל קאָן מען מקיים זיין די מצוה צו עסן**

**רים, בכוסמין, ובשיפון, ובשבולת שועל. ויוצאין בדמאי, ובמעשר ראשון שנטלה תרומתו, ובמעשר שני והקדש שנפדו, והכהנים בחלה ובתרומה. אבל לא בטבל. ולא במעשר ראשון שלא נטלה תרומתו, ולא במעשר שני והקדש שלא נפדו. חלות תודה ורקיקי נזיר, עשאן לעצמו אין יוצאין בהן, עשאן למכור בשוק יוצאין בהן:**

**מצה אים פסח.** בחטים, מיט ווייץ, מיט גערשטן, מיט שפעלץ (כוסמין), מיט קארן און מיט האבער. **ווענן די דאזיקע 5 מינים תבואה האבן מיר געגעבן אין מסכתא כלאים פרק א׳ משנה א׳. די משנה לערנט דא אז למשל מיט מצה פון רייז־אדער הירזש־מעל איז מען ניט מקיים די מצוה. דער טעם איז, ווייל מצה מוז געבאקן ווערן פון אזא מעל, וואס קאן ווערן חמץ, אבער מעל פון רייז און הירזש קאן ניט ווערן חמץ (זויער־טייג), נאר אויב עס ווערט זויער ווערט עס קאליע.** ויוצאין, און מען איז יוצא (ווען מען עסט מצה פון) דמאי (תבואה פון א עם הארץ, און מען ווייסט ניט צי ער האט אפגע־שיידט דערפון מעשרות), און מעשר ראשון, פון וועלכן מען האט אראפגענומען זיין תרומה (די תרומת מעשר) און מעשר שני און הקדש, וועלכע זענען געווארן אויסגע־לייזט. **אין מסכתא ברכות פרק ד׳ משנה א׳ און שבת פרק י״ח משנה א׳ האבן מיר דערקלערט וואס די משנה מיינט מיט די אלע זאכן.** והכהנים, און כהנים (מעגן מקיים זיין די מצוה פון עסן מצה אויב זיי עסן מצה פון) חלה און תרומה. **חלה, וואס מען שיידט אפ פון טייג, און תרומה, וואס מען שיידט אפ פון תבואה, מעגן עסן נור כהנים. זאגט די משנה, אז כאטש א ישראל טאר דאך די מצה פון חלה און תרומה ניט עסן און מען וואלט געקאנט מיינען, אז מצה מוז זיין אזוי אז אלע זאלן איר מעגן עסן, פונ־דעסטוועגן איז דער דין, אז כהנים זענען יא יוצא מיט מצה פון חלה און תרומה.** אבל לא, אבער מען קאן ניט יוצא זיין מיט (מצה פון) טבל (תבואה, פון וועלכער מען האט ניט אפגעשיידט תרומה צו מעשרות און מען טאר אזא תבואה ניט עסן) און ניט מיט מעשר ראשון, פון וועלכער מען האט ניט אפגעשיידט זיין תרומה (תרומת מעשר, און מען טאר אזא מעשר ראשון ניט עסן), און ניט מיט מעשר שני און הקדש, וועלכע מען האט ניט אויסגעלייזט (אזא מעשר שני טאר מען ניט עסן אויסער ירושלים, און הקדש טאר מען אין ערגיץ ניט עסן). **מען איז ניט יוצא דערמיט די מצוה פון מצה־עסן, ווייל עס איז א עבירה דאס צו עסן. ווענן טבל, דמאי, תרומה, מעשר ראשון, מעשר שני (און ווענן אויסלייזן מעשר שני) געבן מיר אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי. „הקדש״ מיינט, אז איינער איז מקדיש זיין תבואה אז עס זאל געהערן צום בית המקדש. הקדש תבואה טאר מען ניט עסן און אפילו קיין הנאה האבן פון איר, אבער אויב מען לייזט אויס די הקדש תבואה מיט געלט ווערט זי צוריק חולין און מען מעג זי עסן. זאגט די משנה, אז מיט מצה פון הקדש וואס מען האט ניט אויסגעלייזט איז מען ניט מקיים די מצוה פון עסן מצה.** חלות תודה, (מצות פון) חלות פון א קרבן תודה אדער פלעצל פון א נזיר, אויב א מענטש האט זיי (די חלות אדער די פלעצל) געבאקן פאר זיך (כדי צו ברענגן זיי פאר זיך צום קרבן תודה אדער צו די קרבנות פון נזיר) איז ער ניט יוצא מיט זיי (די מצוה פון עסן מצה); אויב ער האט זיי געמאכט צו פארקויפן אין גאס, מעג ער יא יוצא זיין מיט זיי (די מצוה צו עסן מצה). **דער דין איז אז איי־נער ברענגט אין בית המקדש א קרבן תודה (תודה, א דאנק, מען דאנקט גאט פאר א חסד, וואס ער האט געטאן) דארף ער מיטברענגען 40 חלות, פון וועלכע 30 זענען מצה און 10 חמץ. אויך ווען איינער האט געטאן א נדר צו זיין א נזיר א געוויסע צייט, ניט טרינקען קיין וויין, ניט אפשערן זיך די האר, ניט מטמא זיין זיך צו מתים, דארף ער נאכן פארענדיקן זיין נזירות ברענגען קרבנות, און צוזאמען מיט די קרבנות ברענגען מצה־פלעצל (רקיקים). זאגט די משנה אז אויב ער האט די מצה־חלות פון דעם קרבן תודה אדער די מצה־פלעצל פון נזירות געבאקן, ווייל ער אליין האט געדארפן ברענגען א תודה אדער ער אליין איז געווען אנזיר, קאן ער מיט זיי ניט יוצא זיין די מצוה פון עסן מצה אים פסח. ווייל דער חומש (שמות י״ב) זאגט „ושמרתם את המצות״,**

**ו. ואלו ירקות שאדם יוצא בהן ידי חובתו בפסח: בחזרת, ובעול־שין, ובתמכא, ובחרחבינא, ובמרור. יוצאין בהן, בין לחין בין יבשין, אבל לא כבושין ולא שלוקין ולא מבושלין. ומצטרפין לכזית. ויוצאין בקלח שלהן, ובדמאי, ובמעשר ראשון שנטלה תרומתו, ובמעשר שני והקדש שנפדו:**

**ז. אין שורין את המורסן לתרנגולים, אבל חולטין. האשה לא תשרה את המורסן שתוליך בידה למרחץ, אבל שפה היא בבשרה יבש.**

---

„איר זאָלט אָפּהיטן די מצות, מיינט מען, אַז די מצות זאָלן אָפּהיטן ווערן אַלס פּסח־מצות און ניט אַלס קרבן־מצות, און די תודה־חלות און נזיר־פּלעצל זענען דאָך געמאַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן. אָבער אויב ער האָט זיי געבאַקן צו פאַרקויפן אין גאַס ווען עס וועט זיך אים טרעפן אַ קונה, וואָס דאַרף ברענגען אַ תודה, צי אַ נזיר, מעג ער יאָ מקיים זיין דערמיט די מצוה פון פּסח־מצה; ווייל באַלד ביים באַקן זיי האָט ער מסתמא געטראַכט, אַז אויב ער וועט זיי ניט פאַרקויפן וועט ער זיי פאַרנוצן אַלס פּסח־מצה.

ו. ואלו, און דאָס זענען די ירקות (גרינסן, קרייטיכצער), מיט וועלכע אַ מענטש איז יוצא זיין חוב (די מצוה צו עסן מרור) אים פּסח. אין דער ערשטער נאַכט פּסח דאַרף מען עסן מרור, אַ ביטער גרינס, און די משנה רעכנט דאָ אויס די גרינסן, מיט וועלכע מען קאָן מקיים זיין די מצוה פון מרור. בחזרת, מיט שאַלאַטן, ובעולשין, און מיט אינדיוו (עס־ציקאָריע), ותמכא, און מיט גאָרטן־אינדיוו, ובחרחבינא, און מיט שטעך־דאָרן, ובמרור, און מיט ביטערן קאַריאַנדער. „חזרת" טייטשן כמעט אַלע מפרשים „שאַלאַטן" (לעטוס); „עולשין" טייטשט מען עס־ציקאָריע, אינדיוו (און דער גמרא „הינדבי"); „תמכא" טייטשט דער רמב״ם „גאָרטן־אינדיוו"; טייל טייטשן „כריין"; אַנדערע טייטשן „דער מאָך וואָס וואַקסט אויף טייטל־ביימער" „חרחבינא" טייטשן דער רי״ף און דער רמב״ם אַזאַ דאָרן־געוויקס, וואָס איז זייער ביטער. „מרור" זאָל זיין ביטערער „קאַריאַנדער" (קאַריאַנדער הייסט אין דער משנה „כוסבר"). יוצאין, מען איז יוצא (די מצוה פון מרור־עסן) מיט זיי (מיט די וואָרצלן פון די דערמאָנטע גרינסן) סיי זיי זענען פייכטע (פרישע) סיי זיי זענען שוין טרוקענע; אָבער ניט ווען זיי זענען איינגעלייגט (אין עסיק) און ניט ווען זיי זענען שטאַרק געקאָכט (שלוקין), און ניט ווען זיי זענען (ווי געוויינטליך) געקאָכט (מבושלין); און זיי זענען זיך מצטרף צו אַ כזית. מרור מוז מען עסן מינדסטנס אַזוי פיל וויפיל עס איז די גרויס פון אַן איילבירט, אַ כזית. זאָגט די משנה, אַז אויב מען האָט גענומען פון עט־ליכע גרינסן אַ כזית אין מען יוצא. אויך מיט מצה איז מען יוצא מיט אַ כזית פון אַלע 5 מינים. ויוצאין, און מען איז יוצא מיט זייער שטעקעלע־וואָרצל (קלח). די גמרא זאָגט, אַז דאָס ווערן איינגעטייטשט די ווערטער פריער אין דער משנה, אַז מען קאָן יוצא זיין סיי ווען די גרינס זענען פייכטע, פרישע, סיי ווען זיי זענען טרוקן, — אַז דאָס מיינט מען נור ווען מען עסט אַלס מרור דעם וואָרצל פון די גרינסן; אָבער אויב מען עסט די בלעטער פון די גרינסן, מוזן זיי זיין נור פייכטע, פרישע. ובדמאי, און (מען איז יוצא ווען מען עסט מרור פון) דמאי, און מיט מעשר ראשון, פון וועלכן מען האָט אָפּגעשיידט זיין תרומה (תרומת מעשר) און מעשר שני און הקדש וועלכע זענען אויסגעלייזט געוואָרן. וועגן דעם זע פריער אין משנה ה׳.

ז. אין שורין, מען טאָרניט (אים פּסח) ווייקן (אין וואַסער) קלייען (מורסן) (צו געבן זיי צו עסן) פאַר הינער. מחמת די קלייען ווערן אין וואַסער חמצדיק. מען טאָר־ניט זיי ווייקן ניט נור אין לעבלעך וואַסער, נאָר אויך ניט אין קאַלט וואַסער. וועגן „מורסן", גראָבע קלייען זע מסכתא תרומות פרק י״א משנה ה׳. אבל חולטין, אָבער מען מעג (די קלייען) אָפּבריען (מיט קאָכענדיק וואַסער). ווייל דאָס הייסע וואַסער לאָזט ניט די קלייען חמצדיק ווערן. דער ברטנורא באַמערקט, אַז היינט איז מען זיך נוהג אויך ניט אָפּצובריען מיט קאָכעדיק וואַסער. האשה, אַ פרוי זאָל (אים פּסח) ניט ווייקן

לא ילעוס אדם חיטין ויניח על מכתו בפסח, מפני שהן מחמיצות:

ח. אין נותנין קמח לתוך החרוסת או לתוך החרדל, ואם נתן, יאכל מיד. ור׳ מאיר אוסר. אין מבשלין את הפסח לא במשקין, ולא במי פירות; אבל סכין ומטבילין אותו בהן. מי תשמישו של נחתום ישפכו, מפני שהן מחמיצין:

## פרק ג.

א. אלו עוברין בפסח: כותח הבבלי, ושכר המדי, וחומץ האדומי,

---

(אין וואסער) קלייען כדי צו פירן מיט זיך אין מרחץ, אָבער זי מעג רייבן (מיט קלייען) אויף איר קערפּער (בבשרה, אויף איר לייב) טרוקענערהייט. **פרויען פלעגן אַמאָל נאָכן באָדן זיך רייבן זיך דעם קערפּער מיט קלייען, כדי די הויט זאָל ווערן קלערער. זאָגט די משנה אז פריער וויקן דעם קלייען טאָר זי ניט, ווייל עס ווערט חמצדיק, אָבער זי מעג מיט טרוקענעם קלייען זיך אָנרייבן דעם קערפּער, כאָטש די הויט איז נאָך נאַס, אַזוי טייטשט רש״י, און דער ראש זאָגט, אז נאַס מיינט מען ניט פון וואסער, נאָר פון שווייס.** לא ילעוס, א מענטש טאָר אים פסח ניט קייען ווייצן־קערנער און לייגן (דעם צעקייטן ווייץ) אויף זיינס א מכה, ווייל זיי (די ווייצן־קערנער) ווערן חמץ (דורכן שפּייעכץ פון מויל). **עס איז, ווייזט אויס געווען אזא רפואה צוצולייגן צו א מכה צעקייטע ווייצן.**

ח. אין נותנין, מען טאָרניט (אים פסח) אריינטאָן מעל אין חרוסת אָדער אין זענעפט (חרדל) און אויב מען האָט אריינגעטאָן זאָל מען עס באלד אויפעסן. **ווייל אויב עס וועט ליגן לאַנג וועט עס ווערן חמץ. „חרוסת״, טייטשן רש״י און דער ברטנורא, מיינט מען אזא געמיש פון עסיק און וואסער, און עס איז געמאַכט כדי איינצוטונקן פלייש. מען טוט אין דעם אריין מעל צו מאַכן עס געדיכטער. חרדל מיינט זענעפט. די גמרא זאָגט, אז די משנה איז מתיר באלד אויפצועסן נור ווען מען האָט דאָס מעל אריינגעטאָן אין זענעפט, אָבער אויב אין חרוסת טאָר מען עס אפילו באלד ניט עסן, מחמת חרוסת מאַכט באַלד חמצדיק דאָס מעל. וועגן חרוסת צום סדר זע ווייטער פרק י׳ משנה ג׳.** ור׳ מאיר, און ר׳ מאיר אסרט. **אויך אין זענעפט טאָר מען ניט עסן אפילו באלד, ווייל אויך זענעפט מאַכט באלד המצדיק דאָס מעל.** אין מבשלין, מען טאָרניט קאָכן (דאָס פלייש פון דעם) קרבן פסח ניט אין געטראַנקען און ניט אין פּרוכטן־זאַפט. **דאָס פלייט פון קרבן פסח האָט מען געדאַרפט עסן ביי־נאַכט געבראָטן אויף פייער (צלי) און ניט געקאָכט (זע אין דער הקדמה צו דער מסכתא פסחים). זאָגט די משנה אז ניט נור קאָכן אין וואסער טאָר מען ניט, נאָר אויך ניט אין אנדערע געטראַנקען און אויך ניט אין פּרוכטן־זאַפט (מי־פירות). מען לערנט עס אָפּ פון שמות י״ב „ובשל מבושל״, אז מען מיינט דערמיט יעדעס קאָכן.** אבל, אָבער מען מעג (נאָכדעם ווי מען האָט דאָס קרבן־פסח־פלייש אפּגעבראָטן אויף פייער) אָנשמירן עס און איינטונקן עס אין זיי (אין געטראַנקען און אין פּרוכטן־זאַפט). **און מען האָט ניט קיין מורא, אז עס וועט מבטל זיין דעם טעם פון פלייש. אַן אנדער טייטש איז, אז קאָכן דעם קרבן פסח טאָר מען ניט אין פּרוכטן־זאַפט, אָבער אָנ־שמירן אים מיט פּרוכטן־זאַפט אפילו פאַרן בראָטן מעג מען יאָ.** מי תשמישו, דאָס וואסער וואָס דער בעקער באַנוצט (ער שטעקט אריין אין דעם די הענט כדי זיי אָפּ־צוקילן, ווען ער צענעמט דאָס מצה־טייג), זאָל מען אויסגיסן, ווייל זיי ווערן חמץ׳דיק. **מחמת אין די הענט פון בעקער אין פאַראַן שטויב פון מעל און טייג און דאָס ווערט חמץ אין וואסער, אויב עס וועט שטיין לאַנג. מען דאַרף זיי דעריבער אויסגיסן אין א קרום אָרט, כדי דאָס וואסער זאָל ניט בלייבן שטיין לאַנג אין איין אָרט.**

## פרק ג.

א. אלו עוברין, די דאָזיקע (חמץ־זאַכן) דאַרפן ווערן פאַרני״כטעט אים פסח. **מען דאַרף זיי מבער זיין, כאָטש מען איז ניט עובר אויף זיי אויף דעם איסור**

**וזיתום המצרי, וזומן של צבעים, ועמילן של טבחים, וקולן של סופרים: ר׳ אליעזר אומר, אף תכשיטי נשים. זה הכלל, כל שהוא ממין דגן הרי זה עובר בפסח. הרי אלו באזהרה ואין בהן משום כרת:**

---

פון „בל יראה״ און „בל ימצא״, ווען מען האלט זיי אים פסח, ווייל טייל פון זיי זענען ניט „חמץ בעין״, דער חמץ״, איז ניט באזונדער, ער איז אויסגעמישט, און טייל פון זיי זענען יאָ באזונדער אָבער זיי זענען „חמץ נוקשה״, מען קאָן אים ניט עסן; אָבער די חכמים האָבן געהייסן זיי מבער זיין אזוי טייטשט רשי. אנדערע מפרשים טייטשן „עוברים״, אז מען איז יאָ עובר אויף דעם איסור פון האלטן חמץ אים פסח. דאָס זענען די זאכן: כותח הבבלי, דער בבלישער טונקבריי, אזא געמיט פון פארשימלט ברויט און מילך און זאלץ, און מען טונקט איין דעם איין דאָס עסן; ושכר המדי, דאָס מדי׳שע ביר, דאָס ביר איז געמאכט פון ווייצן־מעל אָדער גערשטן־מעל. וחומץ האדומי, עסיג פון אדום. דאָס איז געמאכט פון גערשטן און וויין. וזיתום המצרי, און עגיפּטישער זיטום. דאָס איז געמאכט פון א דריטל גערשטן און א דריטל זאפראן און א דריטל זאלץ, און אין לאטיין הייסט עס „זיטהום״; וזומן של צבעים, און דאָס קלייען־וואסער פון פארבער; וואסער, אין וועלכן מען טוט אריין קלייען און פארבער באנוצן עס צו זייער ארבייט; ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ מיינט, אז דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „סאמיאָן״, זופּ. ועמילן של טבחים, דאָס איינזאפּונגס־טייג פון די קיכערס. ביים קאָכן גרעסערע טעפּ עסנווארג ווערט אין דער הויך א שוים, און די קיכערס האָבן אזא טייג, וואָס איז געמאכט פון מעל פון תבואה, וואָס איז ניט אויפגעוואָקסן א דריטל פון איר געוויינטליכער גרויס, און מען דעקט מיט דעם טייג צו דעם טאָפּ און ער ציט ארויס דעם שוים. וועגן וואָרט „עמילן״ זענען פאראן עט־ליכע מיינונגען. דער „מוסף הערוך״ מיינט אז עס איז פון גריכישן „אמאלאס״, „ווייך״, אָדער „אמאלא״, א בינטל זאנגען. דער „ערוך השלם״ מיינט אז דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „אמולאָן״, קראפּט־מעל. וקולן של סופרים, דאָס קלייסטער פון שריי־בערס. די אמאָליקע שרייבערס פלעגן נעמען מעל־שטויב פון די מילן און ווייקן עס אין וואסער און מאכן דירפון א קלייסטער, א קלעבעכץ, צוצוקלעבן דערמיט זייע־רע אָנגעשריבענע פּאפּירן. „קולן״ איז דאָס גריכישע וואָרט „קאללא״, קלייסטער. — די ערשטע פיר, כותח פון בבל און ביר פון מדי און עסיק פון אדום און זיתום, זענען חמץ, וואָס איז גוט צום עסן, נאָר ער איז געמישט (ער איז ניט „בעין״, ער איז „תערובת״, געמישט). די אנדערע דריי „זומן״, און „עמילן״ און „קולן״ זענען „חמץ נוקשה״, פארהארטעוועטער חמץ, ניט גוט צום עסן, אָבער ער איז „בעין״, ניט געמישט. ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויך די תכשיטים (שמוק־זאלבן) פון פרויען (גע־הערן דערצו). תכשיטים מיינט געוויינטליך צירונג. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען די זאלבן, וואָס זענען געמאכט פון מעל געמישט מיט אנדערע מאטעריאלן, און דער־מיט שמירן פרויען זייער קערפּער כדי אראָפּצונעמען די האָר אָדער וויס צו מאכן די הויט. ר׳ אליעזר זאָגט, אז אפילו די דאָזיקע זאלבן, כאָטש זיי זענען ביידע צוזאמען, אי „חמץ נוקשה״ (פארהארטעוועטער חמץ, ניט צום עסן) אי געמישטער חמץ (תע־רובת) פונדעסטוועגן דארף מען זיי אויך מבער זיין. זה הכלל, דאָס איז דער כלל: אלץ וואָס איז פון א מין תבואה (דגן, פון די פינף מינים, ווייץ, גערשטן, שפּעלץ, קאָרן און האָבער), דארף מען (אויב עס איז חמץ) מבער זיין אים פסח. דער ברטנורא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען עס איז חמצ׳דיק געוואָרן דורך וואסער, אָבער אויב עס איז נור אריינגעטאָן געוואָרן אין זיי פרוכטן־זאפט (מי פירות) הייסט עס ניט קיין חמץ. הרי אלו, די דאָזיקע (חמץ־זאכן, אויב זיי זענען ניט „בעין״, באזונדער, נאָר תערובת, אויסגעמישט מיט ניט חמץ׳דיקע זאכן) האָבן (די שטראָף פון) א ווארנונג (פון א „אזהרה״, פון א „לאו״), אָבער זיי האָבן ניט (די שטראָף פון) כרת. מיר האָבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא געזאָגט, אז ווער עס עסט חמץ אים פסח במזיד קומט אים די שטראָף כרת, פארשניטן ווערן, אין הימל פארשניידט מען זיים די יאָרן; אויב

**ב. בצק שבסדקי עריבה אם יש כזית במקום אחד, חייב לבער, ואם לא, בטל במיעוטו. וכן לענין הטומאה, אם מקפיד עליו חוצץ, ואם רוצה בקיומו, הרי הוא כעריבה. בצק החרש, אם יש כיוצא בו שהחמיץ, הרי זה אסור:**

ער עסט בשוגג, ניט וויסנדיק, דארף ער ברענגען א קרבן חטאת. לערנט דאָ די משנה, אז אויב איינער עסט חמץ ניט „בעין", באזונדער, נאָר דורך „תערובת", אויסגע־מישט מיט אנדערע ניט־חמץ'דיקע זאכן, קומט אים ניט קיין כרת (און אויב בשוגג דארף ער ניט ברענגען קיין קרבן חטאת), אָבער ער איז עובר אויף דעם לאו, דעם פארבאָט פון „לא יאכל חמץ", און אויב ער טוט עס במזיד קומט אים מלקות, קלעפּ. „אזהרה", ווארנונג, הייסט דער פארבאָט פון דער תורה, דער „לאו" („ניט" טאָן). דער ברטנורא זאָגט, אז עס קומט אים מלקות ביי געמישטן חמץ נור ווען ער עסט א כזית חמץ „בכדי אכילת פרס", אין דעם געמיש פון דער גרויס פון א האלב ברייטל („פרס", א העלפט), דאָס הייסט אין דער גרויס פון 4 אייער (זע מסכתא ערובין פרק ח' משנה ב'). אָבער אויב ווינציקער קומט אים ניט קיין מלקות, און עס איז נור אסור צו עסן.

ב. בצק, טייג (חמצדיק) אין די שפּאלטן פון מילטער (די שפּאלטן זענען מיט דעם טייג צוגעקלעבט), אויב עס איז פאראן אכזית (גרויס ווי אן איילבירט) אין איין אָרט, דארף מען עס מבער זיין; און אויב ניט ווערט דאָס (טייג) בטל (צום מילטער) צוליב זיין ווייניקייט. מען דארף עס ניט מבער זיין, ווייל עס ווערט באטראכט ווי עס איז א טייל פון מילטער. וכן, און אזוי איז אויך (דער דין) בנוגע דעם ענין פון טומאה, אויב ער איז מקפיד אויף דעם טייג (און רעכנט עס אוועקצונעמען פון מילטער) איז עס חוצץ (מאכט עס א חציצה, אן אָפּשיידונג צווישן דער טומאה און דעם מילטער) און אויב ער וויל אז דאָס (טייג) זאָל דאָרט זיין איז עס ווי דער מילטער. אויב א טמא־זאך, למשל, א טויטער שרץ, האָט אָנגערירט דאָס טייג, מיט וועלכן עס זענען פאר־קלעבט די שפּאלטן אין מילטער, איז די שאלה, צי איז דאָס טייג א באזונדערע זאך, און עס הייסט ווי דער שרץ האָט אָנגערירט בלויז דאָס טייג, און נור דאָס טייג ווערט טמא און דער מילטער ניט, אָדער דאָס טייג איז אזוי ווי א טייל פון מילטער און עס הייסט אז דער שרץ האָט אָנגערירט דעם מילטער אליין און אויך דער מילטער ווערט טמא. די גמרא זאָגט, אז די משנה לערנט דאָ צוויי דינים. איין דין איז, אויב דער שרץ האָט אָנגערירט דאָס חמצ'דיקע מילטער־טייג אים פסח, און די משנה זאָגט, אז אויב עס איז אין טייג געווען א כזית האָט דאָך עס אים פסח א חשיבות, ווייל מען דארף דאָך עס מבער זיין, עס איז דאָך אסור, דעריבער הייסט עס אז דאָס טייג איז א באזונדערע זאך און עס ווערט ניט בטל צום מילטער, און דער מילטער איז טהור; און אויב עס איז ניט געווען קיין כזית, ווערט דאָך עס (ווי מיר האָבן פריער געלערנט אין דער משנה) בנוגע חמץ אים פסח בטל צום מילטער און עס הייסט אַ טייל פון מילטער, און דער מילטער איז טמא. דער צווייטער דין איז, אויב דער שרץ האָט אָנגערירט דאָס מילטער־טייג ניט אים פסח, נאָר אין סתם טעג פון יאָר. אין דעם דאָזיקן פאל איז שוין ניט קיין אונטערשיד צי עס איז פאראן א כזית צי ניט, נאָר עס איז אָפּהענגיק פון דעם צי דער מענטש איז ניט „מקפיד", דאָס הייסט, ער וויל אז דאָס טייג זאָל בלייבן און דאָס טייג איז דעריבער א טייל פון מילטער און דער מילטער איז טמא, צי ער איז יאָ „מקפיד", דאָס הייסט, אז ער וויל עס אוועקנעמען פון מילטער, און דאָס טייג איז דעריבער א באזונדערע זאך און דער מילטער איז טהור. בצק החרש, א טייג וואָס איז „טויב" (אז מען קלאפּט דערויף הערט מען ניט קיין אָפּקלאנג), אויב עס איז פאראן אזא שטייגער ווי דאָס (טייג) וואָס ווערט חמצ־דיק, איז עס אסור. די משנה מיינט, אז כאָטש ביי אזא טייג קאָן מען ניט דערקענען צי עס איז המצדיק, אָבער אויב אן אנדער טייג, וואָס איז געקנעטן געוואָרן אין דער זעלבער צייט איז יאָ חמצ'דיק געוואָרן, הייסט אויך דאָס דאָזיקע „טויבע" טייג

**ג. כיצד מפרישין חלה בטומאה ביום טוב? ר׳ אליעזר אומר, לא תקרא לה שם עד שתאפה. ר׳ יהודה בן בתירא אומר, תטיל בצונן. אמר ר׳ יהושע, לא זה הוא חמץ שמוזהרים עליו בבל יראה ובבל ימצא; אלא מפרשתה ומניחתה עד הערב, ואם החמיצה, החמיצה:**

**ד. רבן גמליאל אומר, שלש נשים לשות כאחת ואופות בתנור אחד זו אחר זו. וחכמים אומרים שלש נשים עוסקות בבצק, אחת לשה, ואחת**

---

חמץ און עס איז אסור. אויב עס איז ניטאָ קיין אנדער טייג איז דער שיעור ווי צוויי פיפטל שעה. טייל זענען גורס „החרס״ (ניט „החרש״) און דער טייטש איז, הארט ווי א שארבן.

ג. כיצד, ווי אזוי שיידט מען אָפּ חלה אין טומאה (פון טמא׳דיקן טייג) אים יום טוב (פון פסח)? די שאלה איז, אויב טייג פון וועלכן מען באקט מצה אים יום טוב פסח איז טמא געוואָרן, ווי אזוי קאָן מען אפּשיידן דערפון חלה? זאָל מען דאָס שטיקל חלה־טייג לאָזן ליגן אלס טייג, וועט דאָך עס חמץ ווערן און וועט עובר זיין אויפן איסור פון האלטן חמץ אים פסח. ווידער, אָפּבאקן דאָס שטיקל טמא׳דיקע חלה־טייג טאָר מען דאָך ניט, ווייל טמאדיקע חלה טאָר דאָך דער כהן אויך ניט עסן און מען דארף זי דאָך פארברענען, און באקן אים יום טוב מעג מען דאָך נור אזא גע־באקס וואָס מען מעג עסן. אויך טאָר מען ניט פארברענען די טמאדיקע חלה (אָדער געבן עס צו הינט) אים יום טוב, ווייל דער דין איז אז הייליקע זאכן טאָר מען ניט פארברענען אים יום טוב, כאָטש זיי זענען טמא (זע מסכתא שבת פרק ב׳ משנה א׳ וועגן „שמן שריפה״). וואָס זשע זאָל מען טאָן? ר׳ אליעזר זאָגט, אז מען זאָל אים (דער שטיקל טייג) ניט א נאָמען געבן (ניט געבן דעם נאָמען חלה, ניט אָפּשיידן עס) איידער מען באקט עס אָפּ. מען זאָל פון דעם גאנצן טייג באקן מצות, און דאָס מעג מען, ווייל וועגן יעדע מצה קאָן מען דאָך זאָגן, אז דאָס וועט ניט זיין די חלה. און די חלה זאָל מען אָפּשיידן נאָכן באקן, און ר׳ אליעזר האלט, אז מען קאָן פון מצות אין איין קויש אראָפּנעמען איין מצה אלס חלה אויף די איבריקע מצות (מסכתא חלה פרק ב׳ משנה ד׳). ר׳ יהודה בן בתירה זאָגט, אז מען (זאָל יאָ אָפּשיידן א שטיקל טייל אלס חלה און מען) זאָל עס אריינלייגן אין קאלט וואסער. און אין קאלטן וואסער וועט עס ניט חמצדיק ווערן, און אזוי קאָן עס ליגן ביז מוצאי יום טוב און דעמאָלס וועט מען עס פארברענען. אָמר ר׳ יהושע, האָט ר׳ יהושע געזאָגט: ניט דאָס איז דער חמץ אויף וועלכן מען איז עובר אויף בל יראה און בל ימצא (אויף דעם פארבאָט ניט צו האלטן חמץ אים פסח); און דעריבער זאָל ער עס (דאָס שטיקל טייג) אָפּשיידן (אלס חלה) און ער זאָל עס לאָזן ליגן ביז אוונט (ביז מוצאי יום טוב), און אויב עס וועט ווערן חמצדיק זאָל עס ווערן חמצדיק. ר׳ יהושע האלט, אַז ווייל די חלה געהערט ניט צום בעל הבית פון טייג, מחמת מען דארף זי אוועקגעבן צו א כהן, און אזוי ווי דער כהן האָט דאָך זי נאָכניט גענומען, ממילא איז עס ניט קיינעמס חמץ און מען איז ניט עובר פאר האלטן אזא חמץ. דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון „לא יראה לך״, אז „שלך אי אתה רואה״, אז נור „דיין חמץ טאָרסטו ניט זען״, ניט האָבן, „אבל אתה רואה של אחרים״, „אָבער מעגסט זען א פרעמדנס חמץ״. אָבער ר׳ אליעזר האלט, אז ווייל אפילו ווען מען האָט שוין די חלה אָפּגעשיידט קאָן מען זיך „שואל״־זיין, מען קאָן צו־נישט מאכן דאָס אָפּשיידן, דעריבער זאָגט מען „הואיל״, ווייל ווען ער זאָל וועלן קאָן ער זיך שואל־זיין און מאכן פון דעם שטיקל חלה געוויינליכע טייג, און דאָס טייג זאָל זיין זיינס, איז מען יאָ עובר אויף דעם איסור צו האלטן חמץ. ר׳ יהושע האלט ניט פון „הואיל״, פון זאָגן, „ווייל מען קאָן טאָן״ הייסט אזוי ווי געטאָן.

ד. רבן גמליאל זאָגט, אז דריי פרויען קאָנען קנעטן צוזאמען (אין דערזעלבער צייט זייערע טייגן) און באקן אין אויוון זייערע טייגן איינע נאָך דער אנדערער. כאָטש איין פרוי דארף דאָך וואַרטן מיט איר טייג ביז די אַנדערע צוויי פרויען וועלן

**עורכת, ואחת אופה. ר׳ עקיבא אומר לא כל הנשים ולא כל העצים ולא כל התנורים שוין. הכלל, תפח, תלטוש בצונן:**

**ה. שיאור ישרף, והאוכלו פטור. סידוק ישרף, והאוכלו חייב כרת. איזהו שאור, כקרני חגבים. סידוק? שנתערבו סדקיו זה בזה, דברי רבי יהודה. וחכמים אומרים, זה וזה האוכלו חייב כרת. ואיזהו שיאור? כל שהכסיפו פניו, כאדם שעמדו שערותיו:**

**ו. ארבעה עשר שחל להיות בשבת, מבערים את הכל מלפני**

---

**האָבן אָפּגעבאַקן זייערע טייגן. מעג מען עס טאָן אים פסח, ווייל דורך דער דאָזיקער צייט ווערט דאָס טייג נאָכניט המצדיק.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז דריי פרויען מעגן זיך פאַרנעמען (גלייכצייטיק) מיט זייער (יעדע מיט איר טייג) איינע זאָל קנעטן, איינע זאָל וואַלגערן דאָס טייג (מאַכן דערפון דאָס געבעקס) און איינע זאָל באַקן. **די חכמים זאָגן, אז קנעטן אלע דריי פרויען צוזאַמען טאָרן זיי ניט, ווייל עס וועט פאַרנעמען א צו־לאַנגע צייט; נאָר ווען איינע קנעט איר טייג, און איינע וואַלגערט איר טייג און איינע באַקט שוין, מעג מען יאָ, ווייל דאָס פאַרנעמט ווייניקער צייט.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז ניט אלע פרויען און ניט אלע העלצער (מיט וועלכע מען ברענט אין אויוון ביים באַקן) און ניט אלע אויוונס זענען גלייך. **ר׳ עקיבא איז מסכים מיט די חכמים און איז מחולק מיט רבן גמליאל, און ער זאָגט, אז טיילמאָל איז די פרוי ניט קיין שנעלע און דער ארבייט, אָדער דאָס האָלץ ברענט זיך ניט גוט, אָדער דער אויוון באַקט ניט שנעל און עס קאָן פאַרנעמען מער צייט. אָבער אויב יעדע פרוי איז פאַרנומען כסדר מיט איר טייג ווערט עס ניט המצדיק.** זה הכלל, דאָס איז דער כלל, (אויב א פרוי זעט אז דאָס טייג) האלט ביים ווערן אויפגעבלאָזן (און עס האלט ביי המצדיק ווערן) זאָל זי (איינטונקן איר האַנט) אין קאַלט וואַסער (און) רייבן דאָס טייג. **אזוי אַרום וועט דאָס טייג ניט חמצדיק ווערן.**

ה. שיאור, ניט־גאַנץ־חמץ־טייג דאַרף מען פאַרברענען, אָבער ווער עס עסט אים איז פטור. **מיט „שיאור", וואָס שטאַמט פון לשון־וואָרט „שאור", טייג וואָס ווערט חמצדיק, הייסט אזא טייג, וואָס איז נאָכניט אינגאַנצן חמצדיק געוואָרן. זאָגט די משנה, אז פאַרברענען אים דאַרף מען, אָבער קיין כרת און מלקות קומט ניט פאַר עסן עס (זע פריער משנה א׳ וועגן כרת און מלקות).** סידוק, געשפּאָלטענער חמץ־טייג דאַרף מען פאַרברענען, און ווער עס עסט אים קומט אים כרת. **„סידוק", פון „סדק", „שפּאַלט", הייסט טייג, וואָס ווערט חמצדיק, מחמת עס באַווייזן זיך אין אים שפּאַלטלעך.** איזהו, וואָס הייסט „שיאור"? (ווען עס באַווייזן זיך אין טייג שפּאַלט־לעך) ווי די הערנלעך פון היישעריקן, (די שפּאַלטלעך צעגייען זיך אין פאַרשידענע זייטן און זיי זענען ניט אויסגעמישט); וואָס הייסט סידוק? ווען זיינע (דעם טייג׳ס) שפּאַלטעלעך האָבן זיך אויסגעמישט איינער אין אנדערן; אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **ר׳ יהודה׳ס ווערטער זענען סיי אויף דעם שיאור און סיי אויף דעם סידוק.** וחכמים, און די חכמים זאָגן אז סיי דער (טייג מיט די שפּאַלטלעך ווי היישעריקן־הער־נערלעך) און סיי דער (טייג מיט די אויסגעמישטע שפּאַלטעלעך) ווען איינער עסט אים איז ער חייב כרת; און וואָס איז שיאור? ווען זיי (דעם טייג׳ס) אויסזען איז געוואָרן בלייך, ווי (דאָס געזיכט פון) א מענטש, ביי וועמען עס האָבן זיך (צוליב שרעק) אויפגעשטעלט די האָר. **דאמאָלס איז דאָס טייג נאָכניט ריכטיק חמצדיק, מחמת קיין שפּאַלטעלעך זענען נאָכניט פאַראַן אין אים. אזא טייג דאַרף מען פאַר־ברענען, אָבער קיין כרת קומט ניט פאַר עסן עס.**

ו. ארבעה עשר, ווען דער פירצנטער (טאָג אין ניסן, ערב פסח) פאַלט אויס אים שבת, דאַרף מען אלץ (די חמץ־זאַכן) מבער זיין פאַר שבת, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **מען דאַרף אלע חמץ־עסנוואַרג פאַרניכטן ערב שבת, און מען מעג איבערלאָזן פאַר זיך נאָר וויפיל מען דאַרף עסן שבת אין דער פרי.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז

**השבת, דברי ר' מאיר. וחכמים אומרים, בזמנן. ר' אליעזר בר צדוק אומר, תרומה מלפני השבת, וחולין בזמנן.**

**ז. ההולך לשחוט את פסחו ולמול את בנו ולאכול סעודת אירוסין בבית חמיו, ונזכר שיש לו חמץ בתוך ביתו, אם יכול לחזור ולבער ולחזור למצותו, יחזור ויבער. ואם לאו, מבטלו בלבו. להציל מן הגייס, ומן הנהר, ומן (הלסטים), ומן הדליקה, ומן המפולת, יבטל בלבו. ולשבות שביתת הרשות, יחזור מיד:**

---

אין זיין געוויינטליכער צייט (אים שבת). **דאָס הייסט, מען קאָן איבערלאָזן די חמץ־מאכלים און עס וועלן זיך געפינען גענוג מענטשן וועלכע וועלן זיי אויפעסן שבת אין דער פרי. און מען קאָן זיי אויך געבן צו בהמות.** ר' אליעזר בר צדוק זאָגט, אז תרומה (דארף מען זען אויפצועסן) פאר שבת, און חולין אין זייער צייט. **מחמת תרומה מעג דאָך עסן נור א כהן און מען טאָר איר ניט געבן צו עסן צו בהמות, און עס קאָן אמאָל ניט זיין גענוג כהנים צו עסן די חמץ־תרומה אים שבת, דעריבער דארף מען זען, אז זי זאָל אויפגעגעסן ווערן פאר שבת. אָבער מיט חולין קאָן מען וואַרטן ביז שבת ווייל מען קאָן געפינען גענוג עסערס.**

ז. ההולך, אז איינער גייט (ערב פסח) צו שעכטן זיין קרבן פסח (אין בית המקדש), אָדער מל צו זיין זיין זון, אָדער צו עסן א חתונה־סעודה (סעודת אירוסין, האלב־חתונה־סעודה, זע אין הקדמה צו מסכתא כתובות וועגן „אירוסין" און „נישו־אין") אין הויז פון זיין שווער, און ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט אין שטוב חמץ, איז (דער דין) אז אויב ער האָט גענוג צייט אז ער קאָן צוריקגיין און מבער זיין (דעם חמץ) און צוריקצוקומען (צו דער צייט) צו טאָן זיין מצוה (צו שעכטן דעם קרבן פסח, אָדער מל־זיין דעם זון אָדער צו עסן די חתונה־סעודה), זאָל ער צוריק־גיין און מבער זיין (דעם חמץ); און אויב ניט (ער האָט ניט גענוג צייט) זאָל ער אים (דעם חמץ) מבטל זיין אין געדאנק. **די משנה האָט דאָ אויסגערעכנט דריי זאכן, וואָס זענען טאָן מצוות (אויך די חתונה־סעודה הייסט א מצוה), און זי זאָגט, אז אויב ער וועט זיין געצווינגען ניט צו טאָן די מצוות אויב ער וועט צוריקגיין אין שטוב מבער צו זיין דעם חמץ, זאָל ער ניט צוריקגיין און עס איז גענוג, ווען ער איז מבטל דעם חמץ, ער דערקלערט אים, אז ער איז הפקר, ער איז ניט זיין חמץ (זע פריער אין פרק א' משנה א').** להציל, (אויב איינער גייט ערב פסח) כדי צו ראטעווען פון אן אָנפאלער (גייס) אָדער פון אטייך (וואָס האָט פארפלייצט) אָדער פון גזלנים, אָדער פון א פייער, אָדער פון אן איינגעפאלן הויז (און ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט חמץ אין שטוב), זאָל ער אים (דעם חמץ) מבטל זיין ביי זיך אין געדאנק. **אין די דאָ־זיקע פאלן, ווען ער גייט ראטעווען, דארף ער ניט צוריקגיין אפילו ער האָט צייט, מחמת וואָס פריער ער וועט אָנקומען צום ראטעווען איז אלץ בעסער. עס איז גע־נוג אז ער איז עס מבטל, ווייל לויט דעם דין פון דער תורה (מדאורייתא) איז גענוג ווען מען איז מבטל דעם חמץ. „גייס" מיינט מען „מיליטער", און דאָ מיינט מען פיינטליך מיליטער. איין גירסא איז „גויים", מציל זיין פון גויים. „מפולת", מיינט מען אן איינגעפאלן הויז אָדער אן איינגעפאלן שטיק ערד.** ולשבות, אָבער אויב (איי־נער גייט ערב פסח) כדי צו מאכן א עירוב תחומין פאר א פריוואַטן צוועק (ניט פאר א מצוה וועגן), זאָל ער צוריקגיין באלד. **די משנה זאָגט דאָ „ולשבות שביתת רשות", דאָס הייסט: דער דין איז, אז אים יום טוב טאָר מען ניט גיין אויסער שטאָט מער ווי 2000 איילן, און אויב איינער וויל גיין ווייטער דארף ער ערב יום טוב לייגן צום סוף פון די ערשטע 2000 איילן א עירוב אָדער צו גיין ערב יום טוב ביז צום סוף פון די ערשטע 2000 איילן און וואַרטן ביז עס ווערט פינסטער, און ער קאָן צוריקגיין אין שטאָט, און אים יום טוב מעג ער גיין 4000 איילן. זאָגט די משנה אז נור ווען ער גייט ערב פסח מאכן דעם עירוב כדי אים יום טוב צו גיין ניט פאר א מצוה־**

**ח. וכן מי שיצא מירושלים ונזכר שיש בידו בשר קודש אם עבר צופים, שורפו במקומו, ואם לאו, חוזר ושורפו לפני הבירה מעצי המע־רכה. ועד כמה הן חוזרין? ר׳ מאיר אומר, זה וזה בכביצה. ר׳ יהודה אומר, זה וזה בכזית. וחכמים אומרים, בשר קדש בכזית, וחמץ בכביצה:**

**צוועק, נאָר סתם אזוי, פאַר א רשות־זאַך, דעמאָלט איז גלייכער אז ער זאָל ניט מאַכן דעם עירוב און ער זאָל צוריקגיין און פאַרברענען דעם חמץ. אָבער אויב ער דאַרף אים יום טוב גיין צו א חתונה־סעודה (שבע ברכות) וכדומה אַ מצוה זאַך, זאָל ער יאָ גיין מאַכן דעם עירוב און מבטל זיין דעם חמץ און עס האָט דעם דין ווי ער גייט שעכטן דעם קרבן פסח.**

ח. וכן, און אזוי איז אויך (דער דין) מיט איינעם, וועלכער איז ארויסגעגאַנ־גען פון ירושלים און ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט ביי זיך (בידו, אין זיין האַנט, ביי זיך) פלייש פון קרבנות (בשר קודש, הייליק פלייש, און קרבן פלייש ווען עס גייט ארויס פון ירושלים ווערט עס פסול און מען דאַרף עס פאַרברענען), אויב ער איז שוין געהאַט אריבער (דאָס אָרט) צופים, זאָל ער עס פאַרברענען אויף זיין אָרט (וואו ער געפינט זיך איצט) און אויב ניט (ער איז נאָכניט אריבער צופים), זאָל ער צוריקגיין און עס פאַרברענען פאַר דעם בית המקדש (בירה, בית המקדש) מיט דעם האָלץ וואָס איז באַשטימט פאַרן מזבח (עצי המערכה). **עס איז פאַראַן פלייש פון קרבנות, קדשי קדשים, וואָס מען עסט נור אין בית המקדש (אין דער עזרה, אין בית המקדש הויף); און עס איז פאַראַן פלייש פון קרבנות, פון קדשים קלים** (ווי שלמים) וואָס מען מעג עסן אין גאַנץ ירושלים. **אָבער דאָס דאָזיקע שלמים־פלייש ווען עס קומט ארויס פון די מויערן פון ירושלים ווערט עס „יוצא״, ארויסגעגאַנגען פלייש, עס ווערט פסול און מען מוז עס פאַרברענען. פון דעם פסוק ויקרא ו׳ „בקדש לא תאכל באש תשרף״ ווערט אָפּגעלערנט, אז דאָרט וואו מען מעג עסן דאָס פלייש דאַרף מען עס פאַרברענען. דעריבער דאַרף מען דאָס יוצא־פלייש צוריקפירן קיין ירושלים און דאָרט עס פאַרברענען. אָבער אויב דער מענטש איז שוין געהאַט ארי־בער צופים און עס הייסט אַז ער איז שוין געווען ווייט פון דער שטאָט האָט מען מיקל געווען און ער מעג עס פאַרברענען וואו ער געפינט זיך. דאַקייגן אז ער איז נאָכניט אריבער צופים, דאַרף ער צוריקגיין קיין ירושלים און פאַרברענען עס לעבן דעם בית המקדש, און ער מעג נעמען דערצו האָלץ וואָס איז באַשטימט פאַר דעם מזבח. „צו־פים״** (קוקערס) ווערט געוויינטליך געטייטשט, אז דאָס מיינט מען דעם צופים־באַרג, **דעם „הר הצופים״, לעבן ירושלים. טייל מפרשים (תוספות יום טוב) טייטשן, אז דאָס מיינט מען אין יעדער זייט פון ירושלים, פון וואַנען מען קאָן זען די שטאָט („צופה״, קוקן, זען). וועגן „בירה״ אלס בית המקדש זע אין פירוש צו מסכתא ערלה פרק ב׳ משנה י״ב. „מערכה״ הייסט די איינגעלייגטע האָלץ פאַר דעם מזבח („ערוך״, איינלייגן).** ועד כמה? און ביז וויפיל (ווי גרויס דאַרף זיין דאָס שטיקל חמץ, אָדער דאָס שטיקל קרבנות־פלייש אז צוליב זיי) זאָל מען דאַרפן צוריקגיין? ר׳ מאיר זאָגט: דאָס (חמץ) און דאָס (קרבן־פלייש) אזוי גרויס ווי אַן איי (בכביצה). **נאָר ווען עס איז מינ־דעסטנס גרויס ווי אַן איי דאַרף מען צוריקגיין.** ר׳ יהודה זאָגט: דאָס (חמץ) און דאָס (קרבן־פלייש) אזוי גרויס ווי אַן איילבירט (כזית). **די גרויס ווי אַן איילבירט איז ווינציקער פון דער גרויס ווי אַן איי.** וחכמים, און די חכמים זאָגן: קרבן־פלייש ווי א כזית, און חמץ ווי די גרויס פון אַן איי (כביצה). **די גמרא זאָגט, אז ר׳ מאיר האַלט, אז דער שיעור דאַרף זיין וויפיל מען דאַרף האָבן כדי עסנווארג זאָל קאָנען מטמא זיין, אובי עס רירט אָן צוערשט א טמא זאַך, און דערנאָך רירט עס אָן א ריינע זאַך און מאַכט טמא די ריינע זאַך; און דער שיעור פון אזא עסנווארג איז ווי די גרויס פון אַן איי. ר׳ יהודה האַלט, אז דער שיעור איז, ווי גרויס עס דאַרף זיין כדי מען זאָל ווערן באַשטראָפט אויב מען עסט חמץ אָדער קודש פלייש, וואָס איז פסול געוואָרן דורך ארויסגיין פון ירושלים; און דער דאָזיקער שיעור איז א כזית. די חכמים**

## פרק ד.

**א. מקום שנהגו לעשות מלאכה בערבי פסחים עד חצות, עושין. מקום שנהגו שלא לעשות, אין עושין. ההולך ממקום שעושין למקום שאין עושין, או ממקום שאין עושין למקום שעושין, נותנין עליו חומרי מקום שיצא משם וחומרי מקום שהלך לשם. ואל ישנה אדם מפני המחלוקת:**

**ב. כיוצא בו, המוליך פירות שביעית ממקום שכלו למקום שלא כלו, או ממקום שלא כלו למקום שכלו, חייב לבער. ר׳ יהודה אומר, אומרים לו: צא והבא לך אף אתה:**

---

**אָבער זאָגן, אז עס דארף זיין מינדסטנס די גרויס פון אן איי; נאָר קרבן־פלייש צוליב דער הארבער קדושה, איז גענוג א כזית.**

## פרק ד.

א. מקום, אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען, צו טאָן א מלאכה אים ערב פסח ביז האלבן טאָג (חצות) מעג מען טאָן; אין אן ארט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען ניט צו טאָן (אים ערב פסח), טאָר מען ניט טאָן. **מען האָט איינגעפירט דעם מנהג ניט צו ארבייטן ערב פסח כדי מען זאָל ניט זיין פארנומען און מען קאָן אמאָל פארגעסן אויסצוזוכן דעם חמץ, צו שעכטן דעם קרבן פסח, צו באקן מצות פאר דער מצוה פון עסן מצה אין דער ערשטער נאכט פסח.** ההולך, אז איינער גייט פון אן אָרט, וואו מען טוט א מלאכה (ערב פסח) און ער קומט אין אן אָרט וואו מען טוט ניט, אָדער (ער גייט) פון אן אָרט וואו מען טוט ניט, און אן אָרט וואו מען טוט יאָ, לייגט מען אויף אים ארויף די חומרות (די שווערקייטן, די פארבאָטן, דאָס ניט טאָרן) סיי פון דעם אָרט, פון וואנען ער איז ארויסגעגאנגען, און סיי פון דעם אָרט, וואוהין ער איז געגאנגען. **דאָס הייסט, אז איןביידע פאלן טאָר דער מענטש ניט ארבייטן אים ערב פסח.** ואל ישנה, און א מענטש זאָל ניט ענדערן (ניט טאָן אנדערש ווי אנדערע מענטשן), כדי (מען זאָל אויסמיידן) קריגערייען. **די גמרא זאָגט, אז דאָס וואָס איינער וועלכער איז פון אן אָרט, וואו מען ארבייט ניט, און ער קומט אין אן אָרט, וואו מען ארבייט יאָ, דארף ניט ארבייטן, כאָטש ער טוט דאָך אנדערש פון די אנדערע מענטשן אין שטאָט, איז דער טעם, ווייל דאָס קאָן ניט ארויסרופן מחלוקת, מחמת מען קאָן מיינען, אז דער מענטש האָט ניט קיין ארבייט, און א סך מענטשן דרייען זיך ארום ליידיק. דער רמבם זאָגט, אַז אויב דער מענטש רעכנט ניט מער זיך צוריקצוקערן אין זיין פריערדיקן אָרט (אין דעתו לחזור) איז ער גלייך צו די מענטשן פון נייעם אָרט, סיי אין די חומרות און סיי אין די קולות (פארלייכטערונגען).**

ב. כיוצא, א שטייגער ווי דעם (איז אויך דער דין, אז) איינער פירט שמיטה־פרוכטן פון אן אָרט וואו עס האָט זיך אויסגעלאָזט (עס איז שוין ניטאָ מער אין פעלד אזעלכע פרוכטן) אין אן אָרט, וואו עס האָט זיך נאָכניט אויסגעלאָזט (וואו אין פעלד זענען נאָך פאראן אזעלכע פרוכטן), אָדער פון אן אָרט, וואו עס האָט זיך נאָכניט אויסגעלאָזט אין אן אָרט, וואו עס האָט זיך שוין אויסגעלאָזט, דארף ער (די שמיטה־פרוכטן) מבער זיין; ר׳ יהודה זאָגט, אז מען קאָן אים זאָגן, גיי און ברענג זיך אויך. **אין דער הקדמה צו מסכתא שביעית און אין אָנהויב פרק ז׳ און פרק ט׳ פון מסכתא שביעית האָבן מיר דערקלערט, אַז פרוכטן פון שמיטה־יאָר, אויב מען האַלט זיי אין שטוב און עס קומט די צייט ווען אין פעלד איז דער סאָרט פרוכט מער ניטאָ, מוז מען די פרוכטן ארויסרוימען פון שטוב ארויס. דאָס הייסט „ביעור" ארויסרוימען. זאָגט ר׳ יהודה, אַז איינער קומט פון אן אָרט, וואו עס האָט נאָכניט אויסגעפעלט די פרוכטן און ברענגט פון דאָרט פרוכטן אין אן אָרט, וואו עס האָט שוין יאָ אויסגעפעלט אין פעלד, מעג ער נוצן די פרוכטן, ווייל ער קאָן זאָגן צו די מענטשן אין דעם נייעם אָרט, אז זאָלן זיי זיך אויך ברענגען פרוכטן פון יענעם אָרט. אזוי טייטשט די משנה**

**ג. מקום שנהגו למכור בהמה דקה לגויים מוכרין, מקום שנהגו שלא למכור, אין מוכרין. ובכל מקום אין מוכרין להם בהמה גסה, עגלים וסייחים, שלמין ושבורין. ר׳ יהודה מתיר בשבורה. בן בתירא מתיר בסוס:**

**ד. מקום שנהגו לאכול צלי בלילי פסחים, אוכלין. מקום שנהגו שלא לאכול אין אוכלין. מקום שנהגו להדליק את הנר בלילי יום הכפורים, מדליקין. מקום שנהגו שלא להדליק, אין מדליקין. ומדליקין בבתי**

---

דער ירושלמי. אין בבלי זענען פאראן עטליכע פירושים, און איינער פון זיי איז אז די מחלוקה פון דער סתם משנה און ר׳ יהודה איז וועגן דער משנה אין פרק ט׳ משנה ה׳ מסכתא שביעית וועגן דריי מינים גרינסן, וועלכע זענען איינגעלייגט אין איין פאס, און די סתם משנה דאָ האלט ווי ר׳ יהושע דאָרט, אז אויב אפילו נור איינער פון די גרינסן איז נאָך פאראן אין פעלד מעג מען עסן אויך די אנדערע צוויי גרינסן אין פאס, כאָטש זיי זענען שוין אין פעלד ניטאָ, און ר׳ יהודה האלט ווי רבן גמליאל דאָרט, אז מען מעג עסן פון פאר נור דאָס גרינס וואָס איז נאָך פאראן אין פעלד. וועגן פרטים אין דער מחלוקה זע דאָרט אין פרק ט׳ אין מסכתא שביעית.

ג. מקום, אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען צו פארקויפן צו א גוי קליין־פי (בהמה דקה, שעפסן, ציגן), מעג מען זיי פארקויפן; אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען ניט צו פארקויפן (צו א גוי קליין־פי) טאָר מען ניט פארקויפן; און אין קיין אָרט טאָר מען ניט פארקויפן (צו א גוי) גרויס פי (בהמה גסה, אָקסן, קו), קעלבער און יונגע אייזלן (סייחים), סיי גאנצע, סיי קאליקעס (שבורין, צעבראָכענע). דער טעם איז ווייל מיט גרויס־פי, מיט אָקסן, קו, טוט מען ארבייט, מען אקערט פעלדער, מען שלעפט מיט זיי משאות; און די חכמים האָבן מורא געהאט, אז א ייד וועט מעגן פארקויפן זיי צו א גוי, וועט ער אויך זיי פארדינגען אָדער בארגן צו א גוי, וועלכער וועט טאָן א מלאכה מיט א ייד׳ס בהמה אים שבת, און א ייד איז אויך מחויב צו זען אז זיין בהמה זאָל רוען אים שבת. אויך קעלבער און יונגע אייזלן טאָר מען ניט ווייל ווען זיי וואקסן אויף קאָן מען טאָן מיט זיי א מלאכה. אויך קאליקעס האָט מען פארבאָטן, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט מען פארקויפן אויך געזונטע. ר׳ יהודה איז מתיר ביי א קאליקע, מחמת מען קאָן מיט איר קיינמאָל ניט טאָן קיין מלאכה. בן בתירה איז מתיר ביי א פערד. אין די צייטן פון דער משנה האָט מען אין ארץ ישראל געווינטליך ניט באנוצט פערד צו ארבייט אָדער צום שלעפן משאות, און מען האָט פערד נור באנוצט צום רייטן. און אזוי ווי אויב מען רייט אויף א פערד אים שבת, הייסט ניט דאדורך אז דאָס פערד טוט א מלאכה ווייל „חי נושא את עצמו״, דער מענטש, וואָס רייט איז אלעבעדיקע זאך, וואָס טראָגט זיך אליין, דעריבער איז בן בתירה מתיר צו פארקויפן א גוי א פערד.

ד. מקום, אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען צו עסן (פלייש) געבראָטן אויף פייער אין די נעכט פון פסח (דער ערשטער נאכט פון פסח), מעג מען עסן; אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען ניט צו עסן טאָר מען ניט עסן. מיר האָבן פריער אין פרק ב׳ משנה ח׳ געלערנט, אז דעם קרבן פסח האָט מען געגעסן אין ירושלים אין דער ערשטער נאכט פון פסח נאָר אָפּגעבראָטן אויף פייער, ניט געקאָכט. דערפון האָט מען אין טייל ערטער זיך נוהג געווען ניט צו עסן אין אנדערע שטעט (ניט אין ירושלים) אפילו אין דער צייט פון בית המקדש קיין געבראָטן פלייש פסח ביינאכט, כדי עס זאָל ניט מאכן דעם איינדרוק אז מען עסט קרבן, פסח־פלייש אויסער ירושלים, וואָס מען טאָרניט (קדשים בחוץ). מקום שנהגו להדליק, אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען צו ברענען (ליכט) יום כיפור ביינאכט זאָל מען ברענען אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען ניט צו ברענען, טאָר מען ניט ברענען. איינע פון די זאכן וואָס מען טאָרניט אים יום כפור איז

כנסיות, ובבתי מדרשות ובמבואות האפלים, ועל גבי החולים:

ה. מקום שנהגו לעשות מלאכה בתשעה באב, עושין. מקום שנהגו שלא לעשות מלאכה, אין עושין. ובכל מקום תלמידי חכמים בטלים. רבן שמעון בן גמליאל אומר לעולם יעשה אדם עצמו תלמיד חכם. וחכמים אומרים, ביהודה היו עושין מלאכה בערבי פסחים עד חצות, ובגליל לא היו עושין כל עיקר. והלילה, בית שמאי אוסרין, ובית הלל מתירין עד הנץ החמה:

ו. ר׳ מאיר אומר, כל מלאכה שהתחיל בה קודם לארבעה עשר, גומרה בארבעה עשר, אבל לא יתחיל בה בתחלה בארבעה עשר, אף על

---

תשמיש המיטה, פארקערן געשלעכטלעך מיט דער פרוי. אין טייל ערטער האָט מען צוליב דעם געהאַלטן, אז מען זאָל יאָ לאָזן ברענען א ליכט אים יום כיפור ביינאכט, ווייל עס איז פאראן א דין, אז מען טאָר ניט האָבן תשמיש המיטה אין דער ליכטי־קייט. אין אנדערע ערטער האָט מען געהאַלטן, אז צוליב דעם זאָל מען ניט ברענגען קיין ליכט, טאָמער וועט דער מאן זען די פרוי און דאָס וועט אים ברענגען צו תשמיש המיטה. ומדליקין, און מען מעג לאָזן ברענען (אפילו אין די ערטער, וואו מען איז זיך נוהג ניט צו ברענען) אין שולן און אין בתי מדרשים און אין טונקעלע געסלעך און ביי קראַנקע. דער ברטנורא גיט צו, אז אויך אין אלע ערטער וואו מאן און פרוי בלייבן ניט מיט זיך אליין.

ה. מקום, אין אן אָרט וואו מען האָט זיך נוהג געווען צו טאָן א מלאכה אים תשעה באב, מעג מען טאָן; אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען ניט צו טאָן א מלאכה טאָר מען ניט טאָן; און אומעטום (אפילו אין דעם אָרט, וואו מען איז זיך נוהג יאָ צו טאָן) זאָלן תלמידי חכמים זיך אָפּהאַלטן (בטלים, ניט ארבייטן). דאָס איז כדי זיי זאָלן ניט פארגעסן אין טרויער. רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז שטענדיק זאָל א מענטש (אין דער דאָזיקער זאַך) זיך האַלטן פאר א תלמיד חכם. געוויינטליך דארף מען דאָך זיין א עניו, און זיך ניט האַלטן פאר א תלמיד חכם, אָבער דאָ מעג מען, און עס זעט ניט אויס ווי גאוה, מחמת ווען מען זעט דעם מענטש ניט ארבייטן קאָן מען מיינען, אז ער האָט בכלל ניט קיין ארבייט. — די דינים פון „מקום שנהגו״, וועגן מנהגים, וואָס האָבן ניט קיין שייכות מיט פסח, האָט די משנה דאָ געלערנט צוליב דער ערשטער משנה וועגן מנהג ניט צו ארבייטן ערב פסח פאר האלבן טאָג. און איצט קומט די משנה צוריק צו יענעם ערשטן דין און זאָגט: וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אין יהודה האָט מען געטאָן א מלאכה און די ערב־פסח־טעג ביז האלבן טאָג, און אין גליל האָט מען אינגאנצן ניט געטאָן קיין מלאכה. „יהודה״ הייסט דער דרום טייל פון ארץ ישראל און „גליל״ הייסט דער צפון טייל. די חכמים זאָגן, אז דאָס ניט ארבייטן אים ערב פסח פאר האלבן טאָג איז ניט א זאַך פון א מנהג, נאָר עס איז א דין־ענין, און אין יהודה האָט מען געהאַלטן, אז עס איז מותר, און אין גליל האָט מען געהאַלטן אז עס איז אסור. והלילה, און אין דער נאכט (פאר ערב פסח), די בית שמאי אסרן (צו טאָן א מלאכה). ווייל עס איז פונקט ווי יעדער אנדערער יום טוב, ווען מען טאָר ניט טאָן א מלאכה, און די נאכט איז גלייך צום מאָרגענדיקן טאָג און איז אויך אסור. ובית הלל, און די בית הלל זענען מתיר. זיי האַלטן, אז עס איז גלייך צו א געוויינטליכן תענית, ווען בייטאָג טאָר מען ניט עסן און אין דער נאכט פריער מעג מען.

ו. ר׳ מאיר זאָגט, אז יעדע ארבייט, וואָס מען האָט אָנגעהויבן צו טאָן פאר דעם פירצנטן (טאָג אין ניסן, פאר ערב פסח) מעג מען זי פארענדיקן אים פירצנטן (טאָג אין ניסן, אים ערב פסח), אָבער מען טאָר ניט אָנהויבן די ארבייט אים פירצנטן (טאָג אין ניסן) כאָטש ער קאָן זי פארענדיקן (אין זעלביקן טאָג). די גמרא זאָגט, אז ר׳ מאיר איז מתיר צו פירענדיקן נאָר ביי ארבייטן וועלכע זענען נויטיק צוליב יום טוב

**פי שיכול לגומרה. וחכמים אומרים, שלש אומניות עושין מלאכה בערבי פסחים עד חצות, ואלו הן: החייטים, הספרים, והכובסין, ר׳ (יוסי בר) יהודה אומר, אף הרצענים:**

**ז. מושיבין שובכין לתרנגולים בארבעה עשר. ותרנגולת שברחה, מחזירין אותה למקומה; ואם מתה, מושיבין אחרת תחתיה. גורפין מתחת רגלי בהמה בארבעה עשר, ובמועד, מסלקין לצדדין. מוליכין ומביאין כלים מבית האומן, אף על פי שאינם לצורך המועד.**

**ח. ששה דברים עשו אנשי יריחו, על שלשה מיחו בידם, ועל שלשה**

---

(לצורך המועד). וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז דריי בעלי מלאכות (אומניות, מלאכה פאַכן) מעג מען טאָן די ארבייט אין די ערב פסח־טעג ביז האַלבן טאָג, און דאָס זענען זיי: די שניידערס, די שערערס און די וועשערס. **מחמת ביי די דאָזיקע מלאכות האָט מען אפילו אים חול המועד אליין מתיר געווען אין געוויסע פאַלן. למשל ניט אַ שניידער מעג נייען אים חול המועד. ווען איינער גייט ארויס פון א תפיסה אָדער ער קומט פון א ווייטן וועג מעג ער וואשן די וועש און אָפּשערן זיך אים חול המועד. דעריבער האָט מען אים ערב פסח ביז האַלבן טאָג מתיר געווען די דאָזיקע מלאכות בכלל.** ר׳ יוסי בר יהודה זאָגט, אז אויך שוסטערס. **די מענטשן, וואָס פלעגן קומען עולה רגל זיין קיין ירושלים האָט מען מתיר געמאַכט צו פאַרריכטן זייערע שיך אים חול המועד. דעריבער האָט מען ערב פסח ביז האַלבן טאָג בכלל מתיר געמאַכט שוסטערס צו ארבייטן.**

ז. מושיבין, מען מעג אוועקזעצן אים פירצנטן (טאָג אין ניסן, ערב פסח) הי־נער אויפן הינער־שטייג (אויף אייער, כדי אויסצובריען הינדלעך). **עס זענען פאַראַן עטליכע גירסאָאות צו דער משנה, און אין איינער איז דאָס וואָרט „לתרנגולים" ניט פאַראַן, און דער ברטנורא טייטשט (לויט רש"י) אז מען מעג אוועקזעצן טויבן אין זייער נעסטן (שובכין) כדי עס זאָל ארויסקומען טייבעלעך.** ותרנגולת, און א הון וועלכע איז אנטלאָפן (פון די אייער אויף וועלכע זי איז געזעסן אויסצובריען זיי) מעג מען זי צוריק ארויפזעצן אויף איר אָרט. **די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט אים חול המועד, מחמת ערב פסח מעג מען ניט צוריק ארויפזעצן נאָר אפילו לכתחילה ארויפצוזעצן הינער אויף אייער. און אים חול המועד מעג מען נאָר ווען די הון איז געזעסן אויף די אייער דריי טעג איידער זי איז אנטלאָפן, און די אייער קאָן מען שוין ניט עסן און עס הייסט א זאַך, וואָס גייט פאַרלוירן (דבר האבד) אויב מען וועט עס ניט ריכטיק מאַכן, און דעריבער מעג מען די הון צוריק ארויפזעצן.** ואם מתה, און אויב די הון איז געשטאָרבן מעג מען (אויף די אייער) ארויפזעצן אַן אנדערע (הון) אנשטאָט איר. **אויך דער דאָזיקער דין פון דער משנה גייט ארויף אויף חול המועד, ווי מיר האָבן פריער געלערנט, לויט טייל מפרשים (ברטנורא). אָבער דער רמבם און דער טור טייטשן אז עס גייט נור ארויף אויף ערב פסח.** גורפין, מען מעג אוועקשאַרן (און ארויסוואַרפן אין דרויסן מיסט) פון אונטער די פיס פון א בהמה אים פירצנטן (טאָג אין ניסן, ערב פסח); און אים חול המועד מעג מען אוועקשאַרן (דאָס מיסט פון אונטער די פיס פון א בהמה) אין א זייט. **אָבער אים חול המועד ארויסוואַרפן דאָס מיסט טאָר מען ניט.** מוליכין, מען מעג אוועקפירן און ברענגן זאַכן (צום און) פון הויז פון בעל מלאכה, אפילו זיי (די זאַכן) זענען ניט נויטיק צוליב יום טוב. **דאָס מיינט מען, אז מען מעג אים ערב פסח פירן די זאַכן צום בעל מלאכה און ברענגען זיי פון בעל מלאכה.**

ח. ששה, זעקס זאַכן פלעגן טאָן די איינוואוינער פון (דער שטאָט) יריחו; אויף דריי (זאַכן פון זיי) האָבן (די חכמים) געווערט קייגן זיי („מיחו בידם", ניט געלאָזט זיי פּראָטעסטירט קייגן דעם) און אויף דריי האָבן (די חכמים) ניט געווערט קייגן זיי (זיי געלאָזט טאָן); און דאָס זענען (די דריי זאַכן) וואָס (די חכמים) האָבן ניט געווערט

**לא מיחו בידם. ואלו הן שלא מיחו בידם; מרכיבין דקלים כל היום, וכורכין את שמע, וקוצרין וגודשין לפני העומר, ולא מיחו בידם. ואילו שמיחו בידם: מתירין גמזיות של הקדש, ואוכלין מתחת הנשרים בשבת, ונותנין פאה לירק, ומיחו בידם חכמים:**

---

קייגן זיי; זיי זענען מרכיב־טייטלבוימער א גאנצן טאָג (ערב פסח); „מרכיב זייך" הייסט ארייננזעצן א יונג צווייגל פון א טייטל בוים א זכר אין א טייטל־בוים א נקבה, כדי דאָס צווייגל זאָל ארויסגעבן טייטלן. וכורכין, און זיי בינדן־צונויף ביים זאָגן (קריאת) שמע. אין דער גמרא זענען פאראן צוויי טייטשן דערויף. איינער איז, אז נאָך דעם וואָרט „אחד", האָבן זיי ניט מפסיק געווען, מען דארף ציען לענגער דאָס וואָרט אחד און מפסיק זיין צווישן „שמע ישראל" און די ווייטערדיקע פסוקים, א צווייטער טייטש איז אז זיי האָבן נאָך „אחד" ניט געזאָגט דעם „ברוך שם כבוד מלכותו עולם ועד". וקוצרין, און זיי שנײדן און שאָרן־צונויף (די בינטלעך נייע תבואה) איידער (מען האָט מקריב געווען) דעם עומר. דעם עומר, א קרבן פון גערשטן־מעל פון נייער תבואה, האָט מען מקריב געווען אין בית המקדש דעם 16טן טאָג אין ניסן. מען טאָרניט שנײדן און ניט צונויפזאמלען בינטלעך נייע תבואה (חדש) פארן עומר מחמת טאָמער וועט מען עסן פון דער נייער תבואה פארן עומר, און דאָס טאָר מען ניט. ולא מיחו בידם, אויף די דאָזיקע (פריערדיקע דריי זאכן) האָבן (די חכמים) ניט געוועדט קייגן זיי. כאָטש די חכמים האָבן געהאלטן, אז מען דארף אויך די דאָזיקע זאכן ניט טאָן, אָבער זיי האָבן ניט געוועדט קייגן די יריחו איינוואוינער, וועלכע האָבן זיי יאָ געטאָן. ואלו שמיחו, און דאָס זענען (די דריי זאכן) וואָס (די חכמים) האָבן יאָ געוועדט קייגן זיי: זיי (די יריחו־איינוואוינער) זענען מתיר די גע־וויקסן פון הקדש־ביימער. אויב איינער האָט מקדיש געווען ביימער צום בית המקדש, און די ביימער טאָר מען ניט נוצן ווייל זיי זענען הקדש, האָבן די יריחו־איינוואוינער מתיר געמאַכט צו עסן די פרוכטן פון די ביימער, האלטנדיק אַז נור די ביימער אַליין זענען הקדש און ניט די פרוכטן. אן אנדער גירסא איז „מתזיר", פון וואָרט „זיר", צווייג, און דאָס הייסט, אז זיי האָבן אָפגעשניטן צווייגן וואָס זענען געוואקסן אויף הקדש־ביימער נאָכדעם ווי מען האָט זיי שוין געהאָט מקדיש־געווען, האלטנדיק אז די צווייגן זענען ניט הקדש. ר' בנימין אין „מוסף הערוך" זאָגט, אז „גמזיות" איז דאָס לאטיינישע וואָרט „געמא", יונגע ווײנשטאָקן־צווייגן וועלכע ווערן געגעסן. איין גירסא (געבראכט אין פירוש הר"ח) איז „גואזיות", צווייגן. ואוכלין, און זיי (די יריחו איינוואוינער) עסן (פרוכטן) פון אונטער דעם אראָפּפאַל (נשרים) אים שבת. אונטער פרוכטן־ביימער ליגן טיילמאָל פרוכטן, וועלכע זענען אראָפּגעפאלן פון די ביימער. שבת און יום טוב טאָר מען אזעלכע פרוכטן ניט עסן, ווייל מען ווייסט ניט צי זיי זענען אראָפּגעפאלן אים שבת (און מען טאָר זיי ניט עסן) צי זיי זיי זענען נאָך ערב שבת אראָפּגעפאלן. די יריחו איינוואוינער האָבן זיך יאָ מתיר געמאכט צו עסן די פרוכטן אים שבת. „נשרים" איז פון „נשר" אראָפּשאָקלן. ונותנין, און זיי גָעבן פאה פון גרינסן. די משנה אין מסכתא פאה פרק א' משנה ד' לערנט, אז פון אזא גע־וויקס, וואָס מען קאָן ניט אוועקלייגן, ווייל עס ווערט קאליע (שאינו מכניסו לקיום) דארף מען ניט איבערלאָזן פאה, אין עק פעלד צו גארטן, א טייל געוויקסן פאר די אָרימע לייט, אז זיי זאָלן עס נעמען. דער גרעסטער טייל גרינסן, ירקות, איז דערי־בער פטור פון פאה. אָבער די יריחו־איינוואוינער האָבן יאָ געגעבן פאה פון גרינסן, און דאָס טאָר מען ניט, ווייל פון פאה דארף מען ניט אָפּשיידן קיין תרומה און מעשר, און די אָרימע לייט קריגנדיק די גרינסן אלס פאה, וועלן פון זיי ניט אָפּשיידן קיין תרומה און מעשר און עסן טבל, וואָס מען טאָר ניט (זע אין דער הקדמה צו מסכתא פאה). ומיחו, און (אויף די דאָזיקע דריי זאכן) האָבן די חכמים יאָ געוועדט קייגן זיי, ווייל דאָס זענען זאכן, וועלכע זענען אסור.

**ט. ששה דברים עשה חזקיה המלך, על שלשה הודו לו, ועל שלשה לא הודו לו. גירר עצמות אביו על מטה של חבלים, והודו לו, כיתת נחש הנחשת, והודו לו, גנז ספר רפואות, והודו לו. על שלשה לא הודו לו: קצץ דלתות של היכל ושיגרן למלך אשור, ולא הודו לו, סתם מי גיחון העליון, ולא הודו לו, עיבר ניסן בניסן, ולא הודו לו:**

---

ט. ששה דברים, זעקס זאכן האָט געטאָן חזקיה המלך, אויף דריי האָט מען מודה געווען צו אים (געזאָגט אז ער האָט געטאָן גוט), און אויף דריי האָט מען ניט מודה געווען צו אים (ניט מסכים געווען מיט זיין טאָן). חזקיה איז געווען מלך אין ירושלים אין דער צייט פון ישעיה הנביא און וועגן אים איז פאַראן אין ספר מלכים ב׳ קאַפּיטל י״ח און ווייטער, אז ער איז געווען א פרומער מלך. גירר, ער האָט געשלעפּט די ביינער פון זיין (פאַרשטאָרבענעם) פאָטער אויף א בעט (א מיטה) פון שטריק, און מען האָט מסכים געווען דערמיט, חזקיה׳ס פאָטער, אחז המלך, איז געווען א רשע (מלכים ב׳ ט״ז), און חזקיה האָט אים מבזה געווען נאָכן טויט דורך שלעפּן זיינע ביינער אויף א ניט־בכבודיגער מיטה, כדי דאָס זאָל זיין אן אָפּקומעניש פאַר זיינע זינד און אויך אז רשעים זאָלן זען און זיך אפּלערנען מוסר. דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון פסוק (דברי הימים ב׳ כח) „כי לא הביאוהו לקברי מלכי ישראל״, אז מען האָט אחזן ניט קובר געווען אין די קברים פון די מלכים פון ישראל. כיתת, ער (חזקיה) האָט צעקלאַפּט דעם קופּערנעם שלאַנג, און מען האָט מסכים געווען מיט זיין טאָן. ווען די יידן זענען געווען אין דער מדבר און שלאַנגען האָבן זיי געביסן, האָט משה רבנו, לויט דעם געבאָט פון גאָט, געמאַכט א קופּערנעם שלאַנג (נחש הנחושת), און יעדער צעביסענער מענטש, קוקנדיק אויף דעם שלאַנג, איז געוואָרן געזונט. זאָגט דאָס ספר מלכים ב׳ י״ח, אז חזקיה האָט געלאָזט צעקלאַפּן דעם קופּערנעם שלאַנג, ווייל די יידן האָבן געדינט צו אים, אָנרופנדיק אים „נחשתן״. גנז, ער (חזקיה) האָט באהאלטן דאָס ספר רפואות (א ספר, אין וועלכן עס זענען געווען איינגעשריבן רפואות צו קראַנקהייטן), און מען האָט מסכים געווען צו זיין טאָן. עס זענען פאַראַן דערויף צוויי טייטשן. איינער (רשי און אנדערע) טייטשן, ווייל דורך די רפואות פלעגן די יידן באַלד אויסגעהיילט ווערן פון זייערע קראַנקהייטן און האָבן ניט געפילט די נויטווענדיקייט מתפלל צו זיין צו גאָט. דער רמבם פרעגט אָפּ דעם דאָזיקן טייטש, מחמת עס קומט דאָך אויס, אז א מענטש איז הונגעריק זאָל ער ניט עסן (ניט נעמען מאכלים וואָס זענען, אזוי צו זאָגן, די רפואה צו הונגער־קראַנקייט) באשר ער וועט פאַרגעסן גאָט! פאַרקערט, ער עסט און דאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט אים געגעבן עסן צו שטילן דעם הונגער. און אזוי איז אויך מיט רפואות צו קראַנקהייטן. דער רמבם טייטשט דעריבער, אז אין ספר רפואות זענען געווען סגולות פון „שטערן־זעער״, אז די צורה פון די אָדער יענע שטערנס ווירקן צו דער אָדער יענער קראַנקייט, און דאָס האָט געפירט צו עבודה זרה, געצנדינעריי, און דעריבער האָט עס חזקיה באהאלטן. על שלשה, אויף דריי זאכן האָבן זיי (די חכמים) ניט מסכים געווען מיט אים: ער (חזקיה) האָט אָפּגעהאַקט די טירן פון היכל (אין בית המקדש) און האָט זיי געשיקט צום מלך פון אשור, און מען האָט ניט מסכים געווען מיט זיין טאָן. דאָס ווערט דערציילט אין מלכים ב׳ י״ח. חזקיה האָט מורא געהאַט פאַרן מלך פון אשור, און ער האָט אים געוואָלט אונטערקויפן מיט דער מתנה פון די טירן פון היכל. און מען האָט ניט מסכים געווען מיט זיין דאָזיקער אויפפירונג, ווייל ער האָט געדאַרפט זיך פאַרלאָזן אויף גאָט. סתם, ער האָט פאַרשטאָפּט די וואַסערן פון אויבערשטן קוואַל גיחון, און מען האָט ניט מסכים געווען מיט זיין טאָן. דאָס ווערט דערציילט אין דברי הימים ב׳ לב, אז חזקיה, מורא האָבנדיק, אז דער מלך אשור וועט קומען מיט זיין מיליטער צו באלאַגערן ירושלים, האָט ער פאַרשטאָפּט די וואַסערן פון גיחון־קוואַל (לעבן ירושלים) כדי דאָס אשור־מיליטער זאָל ניט האָבן קיין וואַסער צו טרינקן. אויך דערמיט האָט מען ניט מסכים געווען, ווייל ער האָט זיך

## פרק ה.

**א. תמיד נשחט בשמנה ומחצה, וקרב בתשעה ומחצה. בערבי פסחים נשחט בשבעה ומחצה, וקרב בשמונה ומחצה, בין בחול בין בשבת. חל ערבי פסחים להיות בערב שבת, נשחט בששה ומחצה, וקרב בשבעה ומחצה, והפסח אחריו:**

---

**געדאַרפֿן פאַרלאָזן אויף גאָט, אַז ער וועט שיצן ירושלים.** עיבר, ער האָט געמאַכט א עיבור חודש פון ניסן אין ניסן, און מען האָט ניט מסכים געווען מיט זיין טאָן. די גמרא טייטשט, אַז ניט חזקיה האָט געמאַכט א עיבור חודש ניסן אנשטאָט אָדר; מחמת דאָס טאָר מען אויף קיין פאַל ניט. נאָר ער האָט אין 30טן טאָג אין אָדר מעבר געווען דאָס יאָר, געמאַכט נאָך א חודש אָדר, אָדר שני, און אין דעם האָבן די חכמים ניט מסכים געווען מיט אים, מחמת אין 30טן טאָג פון אָדר טאָר מען מער ניט מאַכן קיין עיבור יאָר, ווייל דער דאַזיקער טאָג קאָן שוין זיין ראש חודש ניסן (אויב אָדר איז נור 29 טעג). — די דאָזיקע משנה ט׳ וועגן חזקיהו המלך איז אין אַ סך משניות אינגאַנצן ניטאָ, און זי איז באמת א תוספתא, ניט קיין משנה, אָבער אַלע מפרשי המשנה ברענגען זי, און זענען זי מפרש.

די פרקים ה׳, ו׳, ז׳, ח׳ און ט׳ לערנען די דינים וועגן קרבן פסח, וואָס יעדער ייד און זיין פאַמיליע האָט געדאַרפֿן ברענגען אין ירושלים ערב פסח און עסן דאָס פלייש די ערשטע נאַכט פון פסח.

## פרק ה.

א. תמיד, דער קרבן תמיד (וואָס מען האָט מקריב געווען אין בית המקדש יעדן טאָג נאָכמיטאָג, בין הערבים), איז געשאָכטן געוואָרן אין דער שעה אכט און א האלב, און מקריב געווען אין דער שעה ניין און א האלב. אין בית המקדש האָט מען יעדן טאָג מקריב געווען צוויי קרבנות תמיד, איינעם אין דער פריה (תמיד של שחר) און איינעם נאָכמיטאָג (תמיד של בין הערבים). נאָכן קרבן תמיד פון נאָכמיטאָג האָט מען קיין שום קרבנות ניט מקריב געווען, א חוץ דעם קרבן פסח (און נאָך עט־ליכע אויסנאַמען זענען געווען), וועלכע מען האָט מקריב געווען ערב פסח נאָכן נאָכ־מיטאָג־תמיד. זאָגט די משנה, אַז דעם נאָכמיטאָג תמיד פלעגט מען שעכטן אין דער שעה 8 און א האלב. דער טאָג איז איינגעטיילט אין 12 שעה; פונקט צום סוף פון דער זעקסטער שעה איז האַלבער טאָג, דאָס הייסט, חצות היום. לויט דעם דין מעג מען שעכטן דעם נאָכמיטאָג ־ תמיד אין דער שעה 6 און א האלב, דאָס הייסט א האלבע שעה נאָך האלבן טאָג („מכי ינטו צללי ערב", „ווען עס נייגן זיך די פאַרנאַכט שאָטנס". ווען די זון נייגט זיך שוין צו מערב־זייט), אָבער ווייל עס איז דאָך געווען, געוויינטליך, א סך קרבנות מקריב צו זיין אין בית המקדש, נדרים און נדבות פון מענטשן, און נאָכן נאָכמיטאָג־תמיד האָט מען זיי ניט געטאָרט מקריב זיין, האָט מען דעריבער דעם תמיד געשאָכטן אין דער שעה 8 און א האלב, דאָס הייסט 2 און א האלבע שעה נאָך האלבן טאָג אויך אים שבת, ווען עס זענען קיין נדרים ניט געווען האָט מען געשאָכטן אין דער זעלבער שעה, כדי ניט צו מאַכן קיין אונטער־שיד. און מקריב געווען אויפן מזבח האָט מען דעם תמיד אין 9 און א האלב, מחמת עס האָט געדויערט לערך אַ שעה צייט די פאַרשידענע אַרבייטן אַרום דעם קרבן. בערבי פסחים, אין די ערב־פסח־טעג האָט מען (דעם נאָכמיטאָג־תמיד) געשאָכטן אין דער שעה זיבן און א האלב און אים מקריב געווען אין דער שעה אכט און האלב, סיי אין דער וואָכנס און סיי אין שבת. **ערב פסח האָט מען דעם נאָכמיטאָג־תמיד מקריב געווען מיט א שעה פריער ווי אין געוויינטליכע טעג, ווייל ווי מיר האָבן שוין געזאָגט פריער האָט מען דעם קרבן פסח מקריב געווען נאָכן נאָכמיטאָג־תמיד, האָט מען דעריבער דעם תמיד מקדים געווען, כדי מען זאָל האָבן מער צייט צום קרבן פסח.** חל, אויב ערב פסח איז געפאלן אים ערב שבת (פרייטאָג) האָט מען (דעם תמיד) געשאָכטן אין דער שעה זעקס און א האלב און מקריב געווען אין דער שעה זיבן

**ב. הפסח ששחטו שלא לשמו, וקבל, והלך, וזרק שלא לשמו, או לשמו ושלא לשמו, או שלא לשמו ולשמו, פסול. כיצד לשמו ושלא לשמו? לשם פסח ולשם שלמים. שלא לשמו ולשמו? לשם שלמים ולשם פסח.**

---

און א האלב, און דעם קרבן פסח נאָך אים. דאָס הייסט מען האָט דעם תמיד מקריב געווען מיט נאָך א שעה פריער. דער טעם איז, ווייל דעם קרבן פסח האָט מען גע־דארפן בראָטן אויפן פייער, און ווען די ערשטע נאכט פסח איז געווען אינמיטן דער וואָך, האָט מען דעם קרבן פסח געקאָנט בראָטן ביינאכט. אָבער ווען ערב פסח איז געפאלן פרייטאָג, איז דאָך די ערשטע נאכט פסח שוין געווען שבת, און בראָטן דעם קרבן פסח אים שבת טאָר מען ניט (מען מעג אים מקריב זיין אים שבת, ווען ערב פסח געפאלט אים שבת, אָבער דאָס בראָטן אים פסח איז ניט דוחה דעם איסור פון שבת), דעריבער האָט מען, ווען ערב פסח איז געפאלן אים פרייטאָג, געמוזט בראָטן דעם קרבן פסח אים פרייטאָג בייטאָג, און מען האָט געדאַרפן האָבן צו אים מער צייט און דעריבער האָט מען נאָכמער מקדים געווען דאָס מקריב זיין דעם קרבן תמיד.

ב. הפסח, אויב מען האָט געשאָכטן דעם קרבן־פסח ניט פאר זיין נאָמען וועגן (שלא לשמו, מען האָט ביים שעכטן אינזינען געהאַט אז מען שעכט דאָס שעפסל ניט אלס א קרבן פסח נאָר אלס אן אנדערן קרבן), אָבער מען האָט (נאָכן שעכטן) גענומען דאָס בלוט (אין א כלי) אָדער מען האָט געפירט דאָס בלוט (צום מזבח צו) אָדער מען האָט געשפריצט דאָס בלוט (אויפן מזבח) ניט פאר זיין נאָמען וועגן, אָדער מען האָט דאָס געטאָן (אין זינען האָבנדיק) פאר זיין נאָמען וועגן און ניט פאר זיין נאָמנס וועגן (אלס קרבן פסח און אלס אנדערן קרבן) אָדער ניט פאר זיין נאָמענס וועגן און יאָ פאר זיין נאָמענס וועגן (אלס אן אנדערן קרבן און אלס קרבן פסח), איז (דער קרבן פסח) פסול. כדי צו פארשטיין די משנה, איז נויטיק צו וויסן, אז ווען מען האָט גע־בראכט א בהמה אלס קרבן, זענען ביי דער בהמה געטאָן געוואָרן 4 עבודות, 4 אר־בייטן, וואָס אויב מען האָט אפילו נור ביי איינעם פון זיי געהאַט א פסולע מחשבה, א פסולן געדאנק, איז דער קרבן געוואָרן פסול, און מען האָט געדאַרפן ברענגען אן אנ־דערן קרבן. די דאָזיקע 4 עבודות זענען: א) שחיטה, שעכטן דעם קרבן; ב) קבלת הדם, ארייננעמען דאָס בלוט פון קרבן אין א כלי; ג) הולכה, אוועקפירן דאָס בלוט צום מזבח; ד) זריקה, שפריצן דאָס בלוט אויף דעם מזבח. עס איז געווען נאָך אן ארבייט, „הקטרה", דאָס פארברענען אויפ'ן מזבח טיילן פון קרבן (און אין טייל קרבנות דעם גאנצן קרבן). אָבער דאביי האָט שוין א פסולער געדאנק ניט געפסלט דעם קרבן. איי־נער פון די פסולע געדאנקען, פון די פסולע מחשבות, וועלכע האָבן געפסלט דעם קרבן פסח איז געווען דאָס טאָן איינע פון די עבודות „שלא לשמו", ניט אלס קרבן פסח, נאָר אלס אנדערע קרבן. דאָס לערנט אונז דאָ די משנה, און זי לערנט נאָכמער, אז אפילו מען האָט געהאַט צוויי מחשבות, איינע אז מען טוט יאָ אלס קרבן פסח און איינע אַלס אן אַנדערן קרבן, איז אויך דער קרבן פסח פסול. די גמרא זאָגט, אז די משנה לערנט אויך דעם דין אז „מחשבין מעבודה לעבודה", מען קאָן פסלן דעם קרבן פסח אויב מען האָט א פסולע „מחשבה פון איין עבודה צו אן אנדערער עבודה"; למשל אויב מען שעכט דעם קרבן פסח „לשמו", יאָ אלס קרבן פסח, אָבער מען האָט דאביי אין זינען, אז מען זאָל נעמען דאָס בלוט אָדער פירן עס צום מזבח, אָדער עס שפריצן אלס אן אנדערן קרבן, כאָטש ער האָט שפּעטער דאָס געטאָן יאָ אלס קרבן פסח. כיצד, ווי אזוי הייסט „פאַר זיין נאָמנס וועג און ניט פאַר זיין נאָמנס וועגן" (לשמו ושלא לשמו)? (אויב מען האָט אינזינען) אלס קרבן פסח און אלס קרבן שלמים; און (ווי אזוי הייסט) „ניט פאר זיין נאָמנס וועגן און יאָ פאר זיין נאָמנס וועגן" (שלא לשמו ולשמו)? (אויב מען האָט אין זינען געהאַט) אלס קרבן שלמים און אלס קרבן פסח. שלמים האָט געהייסן א קרבן, וואָס נור דאָס פעט האָט מען מקריב גע־ווען אויפן מזבח, און דאָס פליש האָט יעדער, אפילו א ישראל, געקאָנט עסן אין ירושלים. די משנה נעמט דאָ נור אלס משל דעם קרבן שלמים, און דאָס זעלביקע

**ג. שחטו שלא לאוכליו ושלא למנויין, לערלים ולטמאים, פסול. לאוכליו ושלא לאוכליו, למנויין ושלא למנויין, למולים ולערלים, לטמאים ולטהורים, כשר. שחטו קודם חצות, פסול, משום שנאמר (ויקרא כ״ג) בין הערבים. שחטו קודם לתמיד, כשר, ובלבד שיהא אחר ממרס בדמו עד שיזרק דם התמיד; ואם נזרק כשר.**

---

**איז דער דין אויב די מחשבה איז געווען אלס יעדן אנדערן קרבן, וועלכער איז ניט דער קרבן פסח, ווי למשל אלס קרבן חטאת צו קרבן עולה (וועגן די קרבנות זע אין דער הקדמה צו מסכתא זבחים).**

ג. שחטו, אויב מען האט אים (דעם קרבן פסח) גישאכטן (און אין זינען געהאט דאביי, אז ער איז) פאר מענטשן, וועלכע זענען ניט זיינע עסערס (למשל בלויז פאר קראנקע און אלטע לייט און קליינע קינדער וועלכע קאנען ניט עסן פלייש די גרויס פון א כזית), אדער בלויז פאר מענטשן וועלכע זענען ניט זיינע ארייגעציילטע (שלא למנויו, דהיינו, עס האבן זיך מיטגעציילט צום דאזיקן קרבן פסח איין גרופע מענטשן, און מען האט אים געשאכטן פאר אן אנדערע, ניט־מיטגעציילטע גרופע מענטשן), אדער פאר בלויז ניט געמלעטע (ערלים) אדער פאר טמא־געווארענע מענטשן (און ניט־געמלעטע, אדער טמא־געווארענע מענטשן, טמאים, טארן ניט עסן פון קרבן פסח) איז דער קרבן פסח פסול. **אויף איין שעפסל קרבן פסח האבן זיך צונויפגענומען א גרופע מענטשן, א חבורה, און זיי האבן געהייסן די „מנויים", די מיטגעציילטע, און נור זיי האבן געגעסן דאס שעפסל אלס קרבן פסח. זאגט די משנה, אז אויב מען האט דעם קרבן פסח געשאכטן, אז עס זאלן אים עסן נור אזעלכע מענטשן וועלכע קאנען אים ניט עסן, דהיינו, קראנקע מענטשן, גאר אלטע מענטשן, אדער אזעלכע וואס זע־נען ניט געמלעט, אדער טמא־געווארענע, אדער נור אזעלכע, וועלכע געהערן ניט צו דער חבורה פון דאזיקן קרבן פסח, ניט פון די מנויים, איז דער קרבן פסח פסול. מיט „ערלים", נישט געמלעטע מיינט מען אזעלכע, וועמענס ברידער זענען געשטארבן דורכן מלע זיין, און דעריבער האט מען זיי שוין ניט מל־געווען.** לאוכליו, אויב (אבער מען האט געשאכטן דעם קרבן פסח) פאר זיינע עסערס און פאר ניט־עסערס (פאר מענטשן וועלכע קאנען יא עסן און פאר מענטשן וועלכע קאנען ניט עסן), פאר מיט־געציילטע און פאר ניט־מיטגעציילטע, פאר געמלעטע און פאר ניט געמלעטע, פאר טמא־געווארענע און פאר ריינע (טהורים), איז ער (דער קרבן פסח) כשר. **ווייל ביים שעכטן אים האט מען דאך אינזינען געהאט אז דער קרבן פסח זאל זיין אויך פאר כשרע מענטשן (פאר עסערס, מנויים, געמלעטע, טהורים) ווערט ער שוין ניט פסול דאדורך וואס מען האט אויך אינזינען געהאט פאר ניט־כשר'ע מענטשן. די גמרא זאגט, אז דאס איז ניט גלייך צום פריערדיקן דין (משנה ב') אז „לשמו ושלא לשמו", „פאר זיין נאמנס וועגן און פאר ניט זיין נאמנס וועגן" איז פסול; מחמת דארט איז דאך די פסולע מחשבה געווען אין קרבן פסח זעלבסט, אז ער איז „שלא לשמו", אן אנדערער קרבן, אבער דא איז דאך די פסולע מחשבה ניט נוגע דעם קרבן (בגופו) נאר בנוגע די מענטשן.** שחטו קודם חצות, אויב מען האט אים (דעם קרבן פסח) גע־שאכטן פאר האלבן טאג איז ער פסול, ווייל עס ווערט געזאגט (ויקרא כ״ג) „בין הערבים", צווישן אוונטן. **פון דאזיקן פסוק ווערט אפגעלערנט, אז מען דארף דעם קרבן פסח שעכטן ווען דער טאג הייבט שוין אן גיין צו אוונט, און דאס מיינט מען ניט פריער ווי נאך האלבן טאג.** שחטו קודם לתמיד, אויב מען האט אים (דעם קרבן פסח) געשאכטן פאר דעם (נאכמיטאג־) תמיד, איז ער כשר, אבער אן אנדערער דארף מישן אין דעם בלוט (פון קרבן פסח, כדי עס זאל ניט פארגליווערט ווערן) ביז מען וועט האבן געשפריצט אויפן מזבח דאס בלוט פון קרבן תמיד. **און ערשט דאמאלס זאל מען שפריצן דאס בלוט פון קרבן פסח.** ואם, און אויב עס (דאס קרבן־פסח־בלוט) איז געשפריצט געווארן (אויפן מזבח איידער מען האט געשפריצט דאס קרבן־תמיד־בלוט) איז כשר, **דאס וואס מיר האבן פריער געלערנט אז דער קרבן פסח**

**ד. השוחט את הפסח על החמץ, עובר בלא תעשה. ר׳ יהודה אומר, אף התמיד. ר׳ שמעון אומר, הפסח בארבעה עשר, לשמו חייב, ושלא לשמו פטור, ושאר כל הזבחים בין לשמן ובין שלא לשמן פטור; ובמועד, לשמו פטור, ושלא לשמו חייב; ושאר כל הזבחים, בין לשמן ובין שלא**

---

**דארף זיין נאָכן קרבן תמיד** (און דער טעם איז ווייל ביים קרבן תמיד זאָגט די תורה אין במדבר כ״ח „בין הערבים״ און ביי פסח ווערט געזאָגט סיי „בין הערבים״ אין שמות י״ב און סיי „בערב״ דברים ט״ז), **איז נור א מצוה צו טאָן אזוי, אָבער פסול ווערט ניט דער קרבן פסח אויב מען שפריצט זיין בלוט פאַרן תמיד.**

ד. השוחט, אויב איינער שעכט דעם קרבן פסח אויף חמץ (סיי דער שוחט האָט חמץ סיי איינער פון די חבורה־מענטשן, פאַר וועמען דער קרבן פסח איז געוואָרן געשאָכטן האָט חמץ, אפילו דער חמץ איז ניט פאַראַן אין בית־המקדש־הויף, אין דער עזרה) איז ער עובר אויב א „לא תעשה״, (א פאַרבאָט פון דער תורה „דו זאָלסט עס ניט טאָן״). **דאָס איז דער פסוק אין שמות ל״ד „לא תשחט על חמץ דם זבחי״, „דו זאָלסט ניט שעכטן אויף חמץ דאָס בלוט פון מיין קרבן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך דעם (קרבן) תמיד. **אויב איינער שעכט אָדער איז מקריב ערב פסח דעם נאָכמיטאָג־תמיד האָבנדיק חמץ, איז ער עובר אויף דער „לא תעשה״. ר׳ יהודה לערנט אז „זבחי״, „מיין קרבן״, מיינט מען אויך דעם תמיד.** ר׳ שמעון זאָגט, אז (איינער שעכט האָבנדיק חמץ) דעם קרבן פסח אין פירצנטן (טאָג אין ניסן, ערב פסח נאָכמיטאָג) פאַר זיין נאָמנס וועגן (לשמו, אלס קרבן פסח) איז ער חייב (האָט ער עובר געווען אויף דער „לא תעשה״), און אויב ניט פאַר זיין נאָמנס וועגן (שלא לשמו, אלס אן אנדערן קרבן) איז ער פטור. **ווייל דער קרבן פסח, ווען מען שעכט אים שלא לשמו, ניט פאַר זיין נאָמנס וועגן, איז דאָך פסול, הייסט עס ניט, אז ער האָט עובר געווען דעם לאו פון שעכטן האָבנדיק חמץ, ווארום דאָס הייסט א „שחיטה שאינה ראויה״, א ניט גוטע שחיטה, און עס הייסט ניט קיין שחיטה. מען איז נור חייב ווען מען שעכט א כשרן קרבן פסח.** ושאר, (און ווען איינער שעכט ערב פסח נאָכמיטאָג האָבנדיק חמץ) אנדערע קרבנות איז סיי (ער שעכט זיי) פאַר זייער נאָמנס וועגן (לשמן, אלס די דאָזיקע קרבנות, למשל שלמים אלס שלמים) און סיי ניט פאַר זייער נאָמנס וועגן (שלא לשמן, למשל שלמים אלס א קרבן עולה) איז ער פטור. **כאָטש די דאָזיקע קרבנות (למשל שלמים צי א עולה) זענען כשר אפילו מען האָט זיי געשאָכטן „שלא לשמן״, און „לשמן״ זענען זיי דאָך אודאי כשר, פונדעסטוועגן איז מען פטור. די גמרא לערנט עס ארויס דערפון וואָס אין שמות כ״ג און ל״ד איז פאַראַן צוויי מאָל דאָס וואָרט „זבחי״, און דער פסוק מיינט דערמיט, אז אין דער צייט ווען מען איז מקריב דעם קרבן פסח (ערב פסח נאָכמיטאָג) איז מען עובר (ביים שעכטן אויף חמץ) נור אויפן קרבן פסח אליין, און ניט אויף אנדערע קרבנות.** ובמועד, און (אויב איינער שעכט דעם קרבן פסח) אים פסח (ער האָט מקדיש געווען א שעפּסל אלס קרבן פסח, אָבער ער האָט עס ניט מקריב געווען ערב פסח, נאָר געוואַרט דערמיט ביז פסח, ווען מען טאָר שוין ניט מקריב זיין דעם קרבן פסח, עס איז שוין נאָך דער צייט) איז פאַר זיין נאָמנס וועגן (לשמו, ער האָט אים געשאָכטן אלס קרבן פסח) איז ער פטור. **דער טעם איז, ווייל אז מען שעכט א קרבן פסח אלס א קרבן פסח נאָך דער צייט איז דער קרבן פסול, און אויף א פסולן קרבן איז מען ניט עובר אויף דעם איסור צו שעכטן אים אויף חמץ, כאָטש אים פסח טאָר מען ניט האָבן קיין חמץ.** ושלא לשמו, און אויב (ער האָט דעם קרבן פסח געשאָכטן אים פסח האָבנדיק חמץ) ניט פאַר זיין נאָמנס וועגן (נאָר אלס א קרבן שלמים) איז ער חייב. **מחמת דער דין איז אז אויב מען האָט מקדיש געווען א שעפּסל אלס קרבן פסח און מען האָט עס ניט מקריב געווען אים ערב פסח, דאַרף מען עס שפּעטער מקריב זיין אלס קרבן שלמים. ממילא איז דאָך דער דאָזיקער קרבן פסח, וועלכן מען האָט מקריב געווען אים פסח אלס שלמים, יאָ כשר, און ווייל מען האָט מקריב געווען כשרן קרבן אים פסח האָבנדיק**

**לשמן חייב, חוץ מן החטאת ששחט שלא לשמה.**

**ה. הפסח נשחט בשלש כיתות, שנאמר (שמות י״ב) ושחטו אותו כל קהל עדת ישראל: קהל, ועדה, וישראל. נכנסה כת הראשונה, מתמלאה העזרה, נעלו דלתות העזרה, תקעו הריעו ותקעו. הכהנים עומדים שורות שורות, ובידיהם בזיכי כסף ובזיכי זהב, שורה שכולה כסף כסף, ושורה שכולה זהב זהב, לא היו מעורבין; ולא היו לבזיכין שוליים, שמא יניחום ויקרש הדם:**

---

**חמץ איז מען עובר אויף דער לא תעשה.** ושאר, און אויב (מען האָט געשאָכטן) אלע אנדערע קרבנות (אים פסח, האָבנדיק חמץ) איז סיי מען האָט זיי געשאָכטן פאר זייער נאָמנס וועגן (לשמן) און סיי ניט פאר זייער נאָמנס וועגן (שלא לשמן) איז מען חייב. **מחמת דער דין איז אז א קרבן, וועלכן מען שעכט שלא לשמו, ניט פאר זיין נאָמנס וועגן, איז כשר, און אן אויסנאַם זענען נור דער קרבן פסח און דער קרבן חטאת, וואָס אויב מען שעכט זיי שלא לשמן זענען זיי פסול. און אזוי ווי מיר האָבן פריער געלערנט, אז די תורה האָט געזאָגט אז ווען מען שעכט אנדערע קרבנות האָבנדיק חמץ איז מען פטור נור ווען אין דערזעלבער צייט קאָן מען שעכטן דעם קרבן פסח** (ערב פסח) **און אזוי ווי אים פסח קאָן מען דאָך דעם קרבן פסח ניט מער שעכטן, דעריבער איז מען מחויב אויב מען שעכט אים פסח אנדערע קרבנות האָבנדיק חמץ.** חוץ, אן אויסנאַם איז א קרבן הטאת, וועלכן מען האָט געטאָכטן (אים פסח, האָבנדיק חמץ) ניט פאר זיין נאָמנס וועגן (שלא לשמו). **ווייל ווי מיר האָבן פריער געזאָגט איז א קרבן חטאת פסול ווען מען שעכט אים שלא לשמו (זע אין מסכתא זבחים פרק א׳ משנה א׳) און אויף א פסולן קרבן איז מען ניט עובר אויב מען שעכט אים אין פסח האָבנדיק חמץ.**

ה. הפסח, דער קרבן פסח (אלע קרבנות פסח) זענען געשאָכטן געוואָרן אין דריי כתות (דריי פאַרטיעס), וואָרום עס ווערט געזאָגט (שמות י״ב) „ושחטו אותו כל קהל עדת ישראל, און עס זאָל אים שעכטן דער גאַנצער קהל פון דער עדה פון ישראל" (מיינט מען) „קהל", און „עדה" און „ישראל". **די משנה זאָגט, אז סיי עס זענען געקומען א סך יידן ערב פסח צום בית המקדש צו שעכטן זייערע קרבנות פסחים און סיי עס זענען געקומען ווייניק, איז געווען א מצוה, אז מען זאָל צוטיילן אין דריי כתות, און צוערשט זאָל שעכטן איין כתה, דערנאָך די צווייטע און דערנאָך די דריטע. די משנה לערנט דאָס אָפּ פון פסוק, וואו עס ווערן געזאָגט דריי „קהל", „עדה" און „ישראל".** נכנסה, ווען עס איז אריינגעגאַנגען (אין בית המקדש-הויף, אין דער עזרה) די ערשטע כתה, איז די עזרה פול געוואָרן מיט מענטשן, האָט מען פאַר־שלאָסן די טויען פון דער עזרה; מען האָט געבלאָזן תקיעה און תרועה און תקיעה. **אין בית המקדש ווען מ׳האָט געבראַכט קרבנות פון גאַנצן פאָלק (ווי תמיד, מוספים) האָט מען געבלאָזן. אויך ביים ברענגען דעם קרבן פסח, כאָטש יעדער גרופּע מענטשן האָט דאָך געבראַכט איר קרבן און עס איז דאָך ניט געווען איין קרבן פארן גאַנצן פאָלק, האָט מען אויך געבלאָזן.** הכהנים, די כהנים זענען געווען אויסגעשטעלט שורות-וויז און אין זייערע הענט זענען פאַראן זילבערנע לעפל און גאָלדענע לעפל; איין שורה מיט בלויז זילבערנע (לעפל) און איין שורה מיט בלויז גאָלדענע (לעפל); זיי זענען ניט געווען איוסגעמישט (זילבערנע באזונדער און גאָלדענע באזונדער). **„בזך", אין לשון רבים „בזיכים", מיינט מען גרויסע און טיפע לעפל, און זיי זענען געווען, כדי צו נעמען אין זיי דאָס בלוט פון קרבן פסח צו שפּרענגען עס אויפן מזבח. מען האָט געמאַכט באזונדערע שורות פון זילבער און באזונדער פון גאָלד, ווייל אזוי איז געווען שענער.** ולא היו, און די לעפל האָבן ניט געהאַט קיין „גלייכע" דנא (שוליים), ווייל טאָמער וועט מען זיי (די לעפל מיטן בלוט) אוועקשטעלן און דאָס בלוט וועט ווערן פאַרגליווערט. **אָבער אז די לעפל האָבן ניט געהאַט קיין גלייכע דנא (שוליים),**

**ו. שחט ישראל וקבל הכהן, נותנו לחברו, וחברו לחברו, ומקבל את המלא ומחזיר את הריקן. כהן הקרוב אצל המזבח זורקו זריקה אחת כנגד היסוד:**

**ז. יצתה כת ראשונה ונכנסה כת שניה, יצתה שניה נכנסה שלישית; כמעשה הראשונה כך מעשה השניה והשלישית. קראו את ההלל; אם גמרו שנו, ואם שנו שלשו, אף על פי שלא שלשו מימיהם. ר׳ יהודה אומר, מימיהם של כת שלישית לא הגיעה לאהבתי כי ישמע ה׳, מפני שעמה מועטין:**

---

**באדן) נאר זיי זענען געווען אונטן שפיציק האט מען זיי ניט געקאנט אוועקשטעלן.**

ו. שחט, א ישראל האט געשאכטן (דעם קרבן פסח, מחמת שעכטן קרבנות מעג אויך א ישראל) און דער כהן האט אריינגענומען (אין זיין לעפל) דאס בלוט, און ער האט עס געגעבן צו זיין חבר (צום כהן, וועלכער איז געשטאנען לעבן אים) און דער דאזיקער חבר האט עס געגעבן צו זיין חבר. **די כהנים זענען דאך געשטאנען אין דער שורה, האט איינעם געגעבן דעם צווייטן דעם לעפל מיטן בלוט. די גמרא זאגט, אז דאס אלץ איז געווען צוליב „ברוב עם הדרת מלך", וואס מער כהנים זענען געווען באשעפטיקט דאביי איז עס געווען שענער.** ומקבל, און דער כהן (דער חבר) נעמט צו (פון ערשטן כהן) דעם פולן (לעפל בלוט) און גיט אים צוריק דעם ליידיקן (לעפל וואס ער דער חבר האלט אין זיין האנט). **דער ליידיקער לעפל איז געווען כדי דער ערשטער כהן זאל קאנען נעמען בלוט פון דעם ווייטערדיקן קרבן פסח. אזוי איז דער פולער לעפל בלוט געגאנגן ביי די כהנים פון האנט צו האנט ביז ער איז צוגעקומען צו לעצטן כהן לעבן מזבח.** כהן הקרוב, דער כהן, וועלכער שטייט אמנאנטסטן צום מזבח שפריצט איין בלוט־גאס (זריקה) קייגן דעם יסוד. **דער מזבח איז געווען אונטן ארומגערינגלט מיט א הויכער פאסאדע, א יסוד. אבער דער דאזיקער יסוד האט ארומגערינגלט דעם מזבח נאר פון די זייטן צפון און מערב, און איין אייל איז אריין אין דער מזרח זייט און איין אייל אין דרום זייט. דאס בלוט פון קרבן פסח האט מען געגאסן אויף דער וואנט פון מזבח נאר אין יענעם ארט, וואו אונטן איז געווען דער יסוד. פרטים וועגן מזבח און דעם יסוד זע אין מסכתא מדות פרק ג׳ משנה א׳.**

ז. יצתה, עס איז ארויסגעגאנגן (פון דער עזרה) די ערשטע כיתה (נאכדעם ווי זייער קרבן פסח איז שוין געווען אפגעטאן), איז אריינגעגאנגן די צווייטע כיתה; ווען עס איז ארויסגעגאנגן די צווייטע (כיתה) איז אריינגעגאנגן די דריטע (כיתה); אזוי ווי מען האט געטאן (מיטן קרבן פסח) ביי דער ערשטער (כיתה) אזוי האט מען געטאן ביי דער צווייטער און ביי דער דריטער; מען האט געזאגט הלל. **דאס זאגן הלל האט מען אנגעהויבן באלד ווי מען האט אנגעהויבן ביי דער ערשטער כיתה שעכטן דעם קרבן פסח, און מען האט אנגעהויבן דעם ערשטן קאפיטל „הללויה", און געזאגט הלל כסדר ביז צום סוף הלל. און אזוי האבן אויך געזאגט הלל די צווייטע און דערנאך די דריטע כיתה, ביז זי האט פארענדיקט דעם קרבן פסח.** אם גמרו, אויב מען האט פארענדיקט (דעם הלל, און מען האט נאך אלץ געשאכטן קרבנות פסחים) האט מען נאכאמאל געזאגט (אנגעהויבן הלל פון אנהייב, פון „הללויה"); און אויב מען האט פארענדיקט (דעם הלל) דאס צווייטע מאל, האט מען געדארפן א דריטן מאל, כאטש מען האט קיינמאל ניט געזאגט א דריטן מאל (הלל). **ווייל די כהנים זענען געווען א סך און זריזים, שנעלע, און זיי זענען שנעל פארטיק געווארן.** ר׳ יהודה זאגט, אז די דריטע כיתה איז קיינמאל ניט דערגאנגן (אין איר הלל־זאגן) ביז צום קאפיטל „אהבתי כי ישמע ה׳", ווייל אירע מענטשן זענען געווען ווייניק. **דעריבער איז די צאל פון קרבנות פסחים וואס די מענטשן פון דער דריטער כיתה האבן געבראכט געווען א קליינע און ממילא האט דאס שעכטן לאנג ניט געדויערט, אזוי**

ח. כמעשהו בחול כך מעשהו בשבת, אלא שהכהנים מדיחים את העזרה שלא ברצון חכמים. ר׳ יהודה אומר, כוס היה ממלא מדם התע־רובות, זרקו זריקה אחת על גבי המזבח. ולא הודו לו חכמים:

ט. כיצד תולין ומפשיטין? אונקליות של ברזל היו קבועים בכת־לים ובעמודים, שבהן תולין ומפשיטין. וכל מי שאין לו מקום לתלות ולהפשיט, מקלות דקים חלקים היו שם, ומניח על כתפו ועל כתף חברו ותולה ומפשיט. ר׳ אליעזר אומר, ארבעה עשר שחל להיות בשבת, מניח ידו על כתף חברו, ויד חברו על כתפו, ותולה ומפשיט:

י. קרעו והוציא אימוריו, נתנן במגיס, והקטירן על גבי המזבח.

---

**אז מען איז שוין ביים ערשטן מאָל הלל־זאָגן ניט דערגאַנגען ביז צו „אהבתי״.**

ח. כמעשהו, אזוי ווי מען האָט געטאָן מיט אים (מיט דעם קרבן פסח) אין מיטן דער וואָך, אזוי האָט מען געטאָן מיט אים אים שבת (ווען ערב פסח איז געפאַלן אים שבת), נאָר די כהנים האָבן (אויך אים שבת) אָפּגעשוואַנקט די עזרה (מיט וואַסער) ניט מיטדער הסכמה פון די חכמים. **אין דער עזרה, אין בית המקדש־הויף, וועלכער איז געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט מאַרמאָר־שטיינער איז דורכגעגאַנגען א וואַסער־גראָבן. ווען מען האָט געוואָלט אָפּרייניקן די עזרה פון אָנגעזאַמלטן בלוט, האָט מען פאַרמאַכט דאָס לאָך דורך וואַנען דאָס וואַסער איז אַרויסגעפּלאָסן, און דאָס וואַסער האָט פאַרפלייצט די עזרה, און דערנאָך האָט מען געעפנט דעם לאָך, און דאָס וואַסער צוזאַמען מיטן אָפּגעשווענקטנעם בלוט איז אַרויס פון דער עזרה. די כהנים פלעגן עס טאָן אויך אים שבת, כאָטש די חכמים האָבן געהאַלטן אַז מען טאָר עס אים שבת ניט טאָן.** ר׳ יהודה זאָגט, אַז (דער כהן) האָט אָנגעפילט א בעכער פון דעם אויסגעמישטן בלוט (וואָס איז געווען אָנגעזאַמלט אויף דעם באָדן פון דער עזרה) און דערפון גע־שפּריצט איין בלוט־גאָס (איין זריקה), אויפן מזבח, און די חכמים האָבן ניט מודה געווען צו אים (צו ר׳ יהודה). **זיי האָבן געהאַלטן, אז מען האָט אזוי ניט געטאָן.**

ט. כיצד, ווי אזוי האָט מען אויפגעהאַנגען (דאָס קרבן־פסח־שעפּסל) און אָפּ־געשונדן (פון אים די פעל)? אייזערנע האַקעס זענען געווען צוגעהאַקט אין די ווענט און די זיילן (אין בית המקדש־הויף), אויף וועלכע מען האָט אויפגעהאַנגען (דאָס שעפּסל) און מען האָט אָפּגעשונדן די פעל. **„אנקוליות״ איז דאָס גריכישע וואָרט „אַנקולאָס״, א קרומער האַקן־שטאַנג.** וכל מי, און פאַר דעם, וועלכער האָט ניט גע־האַט מער קיין אָרט (קיין האַקן) אויפצוהענגען און אָפּצושינדן, זענען דאָרט געווען דינע און גליאַטיקע שטעקנס, אַז ער האָט אַרויפגעלייגט (אַזאַ שטעקן) אויף זיין אַקסל און אויף דעם אַקסל פון זיין חבר און אויפגעהאַנגען דאָס שעפּסל אויף דעם שטעקן) און אָפּגעשונדן. ר׳ אליעזר זאָגט, אַז ווען דער פירצנטער (טאָג אין ניסן, ערב פסח) איז געפאַלן אים שבת האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף זיין חבר׳ס אַקסל און דעם חבר׳ס האַנט אויף זיין אַקסל און אויפגעהאַנגען (דאָס שעפּסל) אויף דער לענג פון די הענט און אָפּגעשינדן. **כאָטש דאָס באַנוצן שטעקנס אים שבת איז נור אסור מדרבנן, עס איז נור א שבות, און דער דין איז „אין שבות במקדש״, אין בית המקדש האָט מען מתיר געמאַכט א שבות, פונדעסטוועגן אסרט ר׳ אליעזר, ווייל ער האַלט, אַז אויב מען קאָן זיך באַגיין ניט עובר זייענדיק אויפן שבות, טאָר מען ניט עובר זיין דערויף אויך אין בית המקדש.**

י. קרעו, מען האָט אויפגעשניטן (דאָס שעפּסל) און מען האָט אַרויסגענומען זיינע „אימורים״ (די טיילן וואָס מען דאַרף פאַרברענען אויפן מזבח, ווי דאָס פעט און טייל אַנדערע טיילן) און מען האָט דאָס (די אימורים) געלייגט אין א שיסל (מגיס) כדי זיי מקטיר צו זיין (פאַרברענען) אויפן מזבח. **פון קרבן פסח־שעפּסל האָט מען מקריב־ געווען פאַרברענט אויפן מזבח נור געוויסע טיילן, וועלכע הייסן „אימורים״. דאָס פעט (חלב), דעם ווידל (אליה), די נירן (כליות) און די לעבער־**

**יצתה כת הראשונה וישבה לה בהר הבית, שניה בחיל, והשלישית במקומה עומדת. חשיכה, יצאו וצלו את פסחיהן:**

## פרק ו.

**א. אלו דברים בפסח דוחין את השבת: שחיטתו, וזריקת דמו, ומיחוי קרביו, והקטר חלביו. אבל צלייתו והדחת קרביו אינן דוחין את השבת. הרכבתו, והבאתו מחוץ לתחום, וחתיכת יבלתו, אין דוחין את השבת.**

---

לאפן (יותרת הכבד). דאָס איבריקע פלייש האָט מען געבראָטן אויף פייער און געגעסן אין ירושלים. וועגן דער אָפּשטאַמונג פון וואָרט „אימורים" זענען פאַראַן א סך חקירות דער רמבם זאָגט (און א געוויסער יסוד דערצו איז פאַראַן אין דער גמרא סוכה נ"ה) אז דאָס איז פון „אמר", עס ווערט „געזאָגט" וועגן די דאָזיקע טיילן אין דער תורה אז מען זאָל זיי פאַרברענען אויפן מזבח. דער „ערוך" אין וואָרט „מר" מיינט, אז דאָס איז פון „מר", „האר", דאָס העכסטע פון אלע אנדערע קערפּער־טיילן. „מגיס", זאָגט דער „ערוך", איז דאָס גריכישע וואָרט „מאגיס", א שיסל. יצתה, עס איז ארויסגעגאַנגען (מיט זייערע שעפּסלעך, ווען ערב פסח איז געפאַלן אים שבת) די ערשטע כתה־מענטשן (פון דער עזרה) און האָבן זיך אוועקגעזעצט אין הר הבית (דעם באַרג, אויף וועלכן דאָס בית המקדש, דער בית, איז געשטאַנען), די צווייטע (כיתה מענטשן) האָבן מיט זייערע שעפּסלעך זיך פאַרהאַלטן אין „חיל" (ביי דעם מויער פון דער עזרה), און די דריטע (כיתה מענטשן) זענען געבליבן שטיין אויף זייער אָרט (אין דער עזרה). די אלע מענטשן זענען ניט גלייך אהיימגעגאַנגען מיט די געשאָכטענע שעפּסלעך ווייל עס איז געווען שבת, און זיי האָבן ניט געטאָרט טראָגן די שעפּסלעך. זיי האָבן דאַריבער געוואַרט ביז עס וועט ווערן נאַכט. חשכה, ווען עס איז געוואָרן פינסטער (נאַכט, מוצאי שבת) זענען זיי אוועקגעגאַנגען און געבראָטן זייערע קרבן־פּסח־שעפּסלעך. די משנה וועט ווייטער לערנען אַז בראָטן דעם קרבן פסח טאָר מען ניט אים שבת (עס איז ניט דוחה שבת). וועגן „חיל" זע אין מסכתא מידות פרק ב' משנה ג'.

## פרק ו.

א. אלו דברים, דאָס זענען די זאַכן (אַרבייטן) ביים קרבן פסח, וועלכע זענען דוחה שבת. „דוחה שבת", „אָפּשטופּן דעם שבת", מיינט, אז מען מעג טאָן די אַרבייטן אים שבת. דער דין איז אז אויב ערב פסח פאַלט אויס אים שבת דאַרף מען דעם קרבן פסח ברענגען אים שבת; דאָס הייסט „פסח דוחה את השבת", דער קרבן פסח איז דוחה דעם שבת. עס ווערט אָפּגעלערנט פון פסוק (במדבר ט'), וואו עס ווערט געזאָגט וועגן קרבן פסח אז מען זאָל אים מקריב זיין „במועדו", „אין זיין צייט", און אזוי ווי אין במדבר כ"ה ווערט וועגן קרבן תמיד אויך געזאָגט „במועדו", „אין זיין צייט", איז פונקט ווי דער „במועדו" ביים קרבן תמיד מיינט אז אויך אים שבת זאָל מען אים ברענגען (אזוי זאָגט די תורה אין במדבר כ"ח בפירוש) אזוי מיינט דער „במועדו" ביים קרבן פסח, אז מען דאַרף אים ברענגען אויך אים שבת. די משנה רעכנט דאָ אויס די דאָזיקע אַרבייטן ביים קרבן פסח, וועלכע זענען דוחה שבת: שחיטתו, זיין שעכטן, און שפּריצן זיין בלוט, און דאָס אויסריייניקן זיין אינגעווייד (אויסרייניקן פון שמוץ די קישקעס), און דאָס פאַרברענען אויפן מזבח זיין פעט. מחמת שעכטן אין שפּריצן דאָס בלוט אויפן מזבח מוז מען טאָן ערב פסח און מען קאָן זיי ניט אָפּלייגן ביז ביינאַכט; דאָס אויסרייניקן פון שמוץ די קישקעס קאָן מען אויך ניט אָפּלייגן ביז ביינאַכט ווייל די קישקעס קאָנען קאַליע ווערן; דאָס פאַרברענען דאָס פעט אויפן מזבח קאָן מען יאָ אָפּלייגן ביז ביינאַכט, אָבער עס איז א מצוה צו טאָן עס בייטאָג. אבל, אָבער דאָס בראָטן (דאָס שעפּסל) און אָפּשווענקען מיט וואַסער די אינגעווייד (די קישקעס) זענען ניט דוחה שבת. און אויב עס איז שבת ערב פסח דאַרף מען דערמיט וואַרטן ביז ביינאַכט. הרכבתו, זיין טראָגן (דאָס טראָגן דאָס שעפּסל

**ר׳ אליעזר אומר, דוחין:**

**ב. אמר רבי אליעזר, והלא דין הוא, מה אם שחיטה שהיא משום מלאכה דוחה את השבת, אלו שהן משום שבות לא ידחו את השבת? אמר לו ר׳ יהושע, יום טוב יוכיח שהתירו בו משום מלאכה ואסרו בו משום שבות, אמר לו ר׳ אליעזר מה זה יהושע, מה ראיה רשות למצוה? השיב ר׳ עקיבא ואמר, הזאה תוכיח, שהיא מצוה והיא משום שבות ואינה דוחה את השבת, אף אתה אל תתמה על אלו, שאף על פי שהן מצוה, והן משום שבות, לא ידחו את השבת. אמר לו ר׳ אליעזר, ועליה**

---

אויף די פלייצעס פון שטאט אין בית המקדש־הויף) און ברענגן עס פון אויסער דעם תחום (אויב דאס שעפסל איז געווען אויסער די 2000 איילן ווייט פון דער שטאט און מען דארף עס ברענגן), און דאס אפשניידן זיין ווארצל (יבלת, אויב עס האט א ווארצל, און מיט דעם ווארצל קאן מען דאס שעפסל ניט ברענגן אלס קרבן פסח, ווייל עס הייסט א מום, א פעלער), זענען ניט דוחה שבת. **כאטש די דאזיקע זאכן זענען אסור צו טאן אים שבת נור מדרבנן, זיי זענען נאר א „שבות", פונדעסטוועגן טאר מען ניט זיי טאן אים שבת, ווייל מען האט זיי געקאנט טאן נעכטן, ערב שבת.** ר׳ אליעזר זאגט, אז זיי זענען דוחה שבת. ווייל **ר׳ אליעזר האלט, אז הילפס־ארבייטן פיר דער מצוה וועגן** (מכשירי מצוה), **כאטש מען האט זיי געקאנט טאן ערב שבת זענען יא דוחה שבת, און מען מעג זיי טאן אים שבת.**

ב. אמר, האט ר׳ אליעזר געזאגט, אז עס איז דאך אפצולערנען. **עס איז דאך א דין, א קל־וחומר, מען קאן אפלערנען פון א הארבערער זאך אויף א גרינגערער זאך, אז מען מעג די זאכן יא טאן אים שבת כדי צו ברענגן דעם קרבן פסח. און דער קל וחומר איז:** מה, מה־דאך שעכטן, וואס איז א מלאכה (די תורה האט פארבאטן צו שעכטן אים שבת) איז עס דוחה שבת (און מען מעג דעם קרבן פסח שעכטן אים שבת), מכל שכן די דאזיקע (ארבייטן) וועלכע זענען נור א שבות (נור פארבאטן מדרבנן), זאלן זיי ניט זיין דוחה שבת?! **דאס איז דער קל וחומר. וואס ר׳ אליעזר ברענגט א ראיה צו זיין הלכה פריער אין משנה א׳ אז די הילפס־ארבייטן ביים קרבן פסח זענען יא דוחה שבת.** אמר לו, האט צו אים (צו ר׳ אליעזר) געזאגט ר׳ יהושע: יום טוב באווייזט (אז דער קל וחומר איז ניט ריכטיק), מחמת מען האט מתיר גע־ווען אין אים (אים יום טוב) א מלאכה און מען האט אין אים געאסרט א שבות. **אים יום טוב מעג מען שעכטן א בהמה צי א עוף און אויך קאכן, כדי עס צו עסן, אבער ברענגן עסנווארג אויסער פון תחום טאר מען ניט. דערפון זעען מיר דאך, אז עס איז ניט קיין ראיה, און אז עס קאן זיין אז א מלאכה איז טיילמאל מותר, און א „שבות", א זאך וואס איז נור אסור מדרבנן טאר מען ניט.** אמר לו, האט ר׳ אליעזר צו אים (צו ר׳ יהושע) געזאגט: וואס טוט זיך דא, יהושע, וואס פאר א ראיה איז א רשות־זאך צו א מצוה־זאך? **פון יום טוב איז ניט קיין באווייז, ווייל אים יום טוב מוז מען דאך ניט ברענגן דאס עסנווארג אויסער דעם תחום, עס איז דאך א רשות, אז מען וויל האט מען עסנווארג, און אז מען וויל ניט האט מען ניט, און דעריבער טאר מען ניט ברענגן. אבער דעם קרבן פסח איז דאך א מצוה צו האבן, און דעריבער מעג מען דאס שעפסל ברענגן אפילו אויסער דעם תחום. די גמרא זאגט, אז ר׳ יהושע האלט אז אויך יום טוב איז א מצוה צו האבן עסנווארג צוליב שמחת יום טוב, מען זאל זיך פרייען אים יום טוב.** השיב, האט ר׳ עקיבא אפגעענטפערט (ר׳ אליעזרן) און געזאגט: עס איז א באווייז דאס שפריצן (הזאה, דאס שפריצן מיטן וואסער און אש פון דער פרה אדומה ערב פסח אויף א טמא מענטש, כדי אים צו מאכן ריין און ער זאל קאנען ברענגען דעם קרבן פסח), וואס איז דאך א מצוה (ווייל אויב מען וועט ניט שפריצן אויף אים וועט ער דאך ניט קאנען ברענגן דעם קרבן פסח), און דאס (שפריצן) איז נור א שבות און עס איז ניט דוחה שבת; דעריבער זאלסטו (ר׳ אליעזר) זיך ניט

אני דן: ומה אם שחיטה, שהיא משום מלאכה, דוחה את השבת, הזאה, שהיא משום שבות, אינו דין שדוחה את השבת? אמר לו ר׳ עקיבא, או חלוף: מה אם הזאה שהיא משום שבות, אינה דוחה את השבת, שחיטה שהיא משום מלאכה, אינו דין שלא תדחה את השבת? אמר לו רבי אליעזר, עקיבא, עקרת מה שכתוב בתורה, בין הערבים במועדו, בין בחול בין בשבת. אמר לו, רבי, הבא לי מועד לאלו, כמועד לשחיטה. כלל אמר רבי עקיבא: כל מלאכה שאפשר לעשותה מערב שבת, אינה דוחה את

---

וואונדערן, וואָס אויך די דאָזיקע (שבות ־ ארבייטן, ווי ברענגן אויסער דעם תחום) וואָס כאָטש זיי זענען א מצוה (מען דאַרף זיי טאָן כדי צו האָבן דעם קרבן פסח) און זיי זענען א שבות, זאָלן אויך ניט דוחה־זיין שבת. **דער דין איז, אז א מענטש האָט אָנ־גערירט א מת איז ער טמא, און ער ווערט טהור (ריין) ווען מען שפּריצט אויף אים דאָס וואַסער מיט אש פון דער פרה אדומה דעם 3טן טאָג (פון זיין טמא ווערן) און דעם 7טן טאָג (פון זיין טמא ווערן). אזוי ווי א טמא קאָן ניט ברענגען דעם קרבן פסח, ווייזט אָן ר׳ עקיבא אז אויב דער 7טער טאָג איז געווען שבת ערב פסח טאָר מען אויף דעם טמא־מענטש ניט שפּריצן, כאָטש ער וועט דאדורך ניט קאָנען מאכן דעם קרבן פסח. דאָס שפּריצן אים שבת איז נור א שבות, אסור מדרבנן.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר׳ עקיבא) געזאָגט ר׳ אליעזר: און אויך אויף דעם (אויף דעם שפּריצן) וועל איך אָפּלערנען (מתיר צו מאכן אים שבת ערב פסח דורך א קל וחומר); און מה דאָך שעכטן, וואָס איז א מלאכה (אסור אים שבת מדאורייתא, פון דער תורה) איז (ביים קרבן פסח) דוחה שבת, מכל שכן שפּריצן, וואָס איז נור א שבות (אסור אים שבת נור מדרבנן) דאַרף דאָך אודאי דוחה זיין שבת! **ר׳ אליעזר וויל האָבן אז אויף א טמא־מענטש, וואָס זיין 7טער טאָג פאלט אויס שבת ערב פסח, זאָל מען טאקע מעגן שפּריצן און אים מטהר זיין כדי ער זאָל קאָנען ברענגען דעם קרבן פסח.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר׳ אליעזר) געזאָגט ר׳ עקיבא: טאָמער (לאָמיר לערנען) פארקערט (מאכן דעם קל וחומר פארקערט); מה־דאָך שפּריצן וואָס איז נור א שבות (עס איז אסור אים שבת נור מדרבנן) איז ניט דוחה שבת (מען טאָר ניט שפּריצן אויף א טמא מענטש אים שבת ערב פסח כדי ער זאָל קאָנען ברענגען דעם קרבן פסח), מכל שכן שעכטן וואָס איז דאָך א מלאכה (אסור אים שבת מדאורייתא) דאַרף דאָך אודאי ניט דוחה זיין שבת (און מען זאָל ניט טאָרן שעכטן דעם קרבן פסח אים שבת ערב פסח)! **ר׳ עקיבא האָט ניט געמיינט צו זאָגן, אז שעכטן דעם קרבן פסח אים שבת זאָל מען ניט טאָרן; ער האָט נור געוואָלט אויפווייזן, אז דער קל וחומר איז דאָ ניט קיין ריכ־טיקער, שעכטן מעג מען טאקע און שפּריצן טאָר מען ניט צוליב דעם טעם, וואָס ער, ר׳ עקיבא, וועט שפּעטער זאָגן.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר׳ עקיבא) געזאָגט ר׳ אליעזר: עקיבא, רייסט דאָך אוים (שאפסט דאָך אָפּ) וואָס איז געשריבן אין דער תורה, „בין הערבים במועדו״ (במדבר ט׳), „פארנאכט אין זיין צייט״ (זאָל מען ברענגען דעם קרבן פסח), סיי אין דער וואָכנס, סיי אים שבת. **אין חומש במדבר ט׳ איז פאראן „בין הערבים תעשו אותו במועדו״, און ר׳ אליעזר האָט געבראַכט נור די ווערטער „בין הערבים במועדו״, און ווי מיר האָבן פריער אין משנה א׳ דער־קלערט אז מ׳האָט פון וואָרט „במועדו״ „אין זיין צייט״, אָפּגעלערנט, אז דער קרבן פסח אין דוחה שבת.** אָמר לו, האָט ר׳ עקיבא גֶעזאָגט צו אים (צו ר׳ אליעזר): רבי, גיב מיר א (באשטימטע) צייט צו די דאָזיקע (שבות־ארבייטן, ווי ברענגן דאָס שעפּסל פון אויסער דער תחום) ווי עס איז פאראן א (באשטימטע) צייט צום שעכטן! **דאָס איז ר׳ עקיבא׳ס כונה געווען צו דערפירן צום דאָזיקן טעם, און דהיינו, אז שעכטן שבת ערב פסח איז דוחה שבת, ווייל מען קאָן דאָך ניט שעכטן דעם קרבן פסח א טאָג פאר ערב פסח אין דער וואָכנס, ווייל עס וועט דאָך ניט זיין „במועדו״, איז „זיין באשטימטער צייט״, אָבער ברענגען דעם שעפּסל פון אויסער דעם תחום קאָן**

**השבת; שחיטה שאי אפשר לעשותה מערב שבת, דוחה את השבת:**
**ג. אימתי מביא חגיגה עמו? בזמן שהוא בא בחול בטהרה ובמועט. ובזמן שהוא בא בשבת, במרובה, ובטומאה, אין מביאין עמו חגיגה:**
**ד. חגיגה היתה באה מן הצאן, מן הבקר, מן הכבשים, ומן העזים,**

---

מען דאַרף אַ טאָן פאַר ערב פסח, אין דער וואָכנס, דעריבער איז עס ניט דוחה שבת. און איצט גיט ר' עקיבא דעם אלגעמיינעם כלל דערפון. כלל אַ כלל האָט ר' עקיבא געזאָגט: יעדע ארבייט (פאַר דעם קרבן פסח) וואָס מען קאָן איר טאָן ערב שבת, איז ניט דוחה שבת, שעכטן וואָס מען קאָן איר ניט טאָן ערב שבת איז דוחה שבת. ר' עקיבא איז געווען ר' אליעזר'ס אַ תלמיד, און דעריבער האָט ר' אליעזר אים גערופן „עקיבא", און ער האָט גערופן ר' אליעזרן „רבי". וועגן דעם פסוק וואָס ר' אליעזר האָט דאָ געבראַכט איז פאַראַן אַ גירסא בלויז „במועדו" (אָן דעם „בין הערבים") און לויט דעם וואָלט ר' אליעזר געמיינט דעם ערשטן האלבן פסוק „ויעשו בני ישראל את הפסח במועדו".

ג. אימתי, ווען ברענגט מען מיט אים (מיט דעם קרבן פסח אים ערב פסח) דעם קרבן חגיגה? יעדן יום טוב, פסח שבועות און סוכות האָט יעדער יד געדאַרפן קומען עולה רגל זיין אין בית המקדש און ברענגען קרבנות. איינער פון די קרבנות האָט געהייסן חגיגה (פון וואָרט „חג", יום טוב) און ער איז געווען אַ קרבן „שלמים". מען האָט אויפן מזבח נור מקריב געווען דאָס פעט, און יעדער ייד האָט געגעסן דאָס פלייש. אָבער אים ערב פסח האָט מען געדאַרפן ברענגען נאָך אַ באַזונדערן חגיגה־קרבן, וואָס מען האָט געשאָכטן ערב פסח און דערפון האָט ער געהייסן „חגיגת ארבעה עשר" (דער חגיגה־קרבן פון פירצנטן טאָג אין ניסן, פון ערב פסח). דאָס פלייש פון דער דאָזיקער „ערב־פסח־חגיגה" האָט מען געגעסן אין דער ערשטער נאַכט פסח, פאַרן עסן דאָס פלייש פון קרבן פסח. דער טעם דערפון איז געווען, ווייל מען האָט געדאַרפן עסן דאָס קרבן פסח־פלייש „על השובע", ווען מען איז זאַט. און ווייל אויף איין שעפּסל פון קרבן פסח זענען געווען אַ סך מענטשן (אַ סך חברים פון דער „חבורה"), איז אויסגעקומען אויף יעדן נור אַ קליין שטיקל קרבן פסח פלייש, און דעריבער האָט מען פריער געגעסן חגיגה־פלייש. זאָגט די משנה: ווען דאַרף מען ברענגען די ערב־פסח־חגיגה? און זי ענטפערט: „בזמן, ווען ער (דער קרבן פסח) ווערט געבראַכט אין מיטן דער וואָך (ניט ווען ערב פסח פאַלט אויס אים שבת), און בטהרה (ווען די מענטשן, וועלכע ברענגען אים זענען ריין) און במועט, ווען עס איז אַ קליינער קרבן פסח (ווען עס קומט אויס אויף יעדן מענטש נאָר אַ קליין שטיקל פלייש); אָבער ווען ער (דער קרבן פסח) ווערט געבראַכט אים שבת (ערב פסח פאַלט אויס אים שבת) אָדער ווען ער איז אַ סך (עס קומט אויס אַ סך פלייש אויף יעדן מענטש) אָדער בטומאה (ווען די מענטשן זענען טמא) ברענגט מען ניט מיט אים קיין חגיגה. ווי מיר וועלן לערנען ווייטער פרק ז' משנה ד', האָט אַ טמא מענטש ניט געטאָרט ברענגען דעם קרבן פסח. אָבער דאָס איז געווען נור ווען איינצלנע מענטשן זענען געווען טמא, און זיי האָבן געמוזט ברענגען דעם קרבן פסח אים פסח שני. אין פאַל אָבער ווען דער רוב פון יידן זענען געווען טמא האָט מען געבראַכט דעם קרבן פסח בטומאה אים 14טן טאָג אין ניסן, ערב פסח. זאָגט די משנה, אַז די ערב־פסח חגיגה האָט מען ניט געבראַכט ניט שבת ערב פסח און ניט ווען מען האָט דעם קרבן פסח געבראַכט בטומאה (ווייל דער קרבן חגיגה איז ניט דוחה ניט שבת און ניט טומאה) און ניט ווען עס איז געווען אַ קליינע צאָל מענטשן אויפן קרבן פסח שעפּסל און עס איז געווען גענוג פלייש פאַר יעדן איינעם.

ד. חגיגה, די (ערב־פסח־) חגיגה האָט מען געבראַכט פון קליין־פי (שעפּסן, ציגן) און פון רינדער (קו, אָקסן, קעלבער), פון שעפּסן און פון ציגן, פון זכרים און פון נקבות, און זי איז געגעסן געוואָרן צוויי טעג און איין נאַכט. **דעם קרבן פסח האָט**

**מן הזכרים ,ומן הנקבות; ונאכלת לשני ימים ולילה אחד:**

**ה. הפסח ששחטו שלא לשמו בשבת חייב עליו חטאת. ושאר כל הזבחים ששחטן לשם פסח, אם אינן ראויין, חייב; ואם ראויין הן, ר׳ אליעזר מחייב חטאת, ורבי יהושע פוטר. אמר ר׳ אליעזר, מה אם הפסח שהוא מותר לשמו, כששינה את שמו חייב, זבחים שהן אסורים לשמן, כששינה את שמן, אינו דין שיהא חייב? אמר לו ר׳ יהושע, לא, אם אמרת בפסח ששינהו לדבר איסור, תאמר בזבחים ששינן לדבר**

---

מען געבראכט נור פון קליין־פי (שעפסן אָדער ציגן), אָבער ניט פון רינדער (אָקסן, קעלבער, קו). אויך האָט דער קרבן פסח געמוזט זיין א זכר, ניט קיין נקבה. דעם קרבן פסח האָט מען געגעסן נור איין נאכט, די נאכט פון פסח (אייגנטליך נור ביז האלבער נאכט). זאָגט די משנה, אז די ערב פסח חגיגה האָט מען געקאָנט ברענגען אויך רינדער און אויך נקבות, און מען האָט דאָס פלייש געמעגט עסן דעם טאָג ווען מען האָט אים געשאָכטן )ערב פסח), די נאכט דערנאָך (די נאכט פון פסח) און צומאָרגנס דעם גאנצן טאָג, דאָס הייסט, צוויי טעג און א נאכט, ווי יעדן אנדערן קרבן שלמים.

ה. הפסח, אויב איינער האָט געשאָכטן דעם קרבן פסח אים שבת (ערב פסח) ניט פאר זיין נאָמענס וועגן (שלא לשמו, ניט אלס קרבן פסח נאָר אלס אן אנדערן קרבן, זייענדיק א שוגג, מיינענדיק אז פונקט ווי מען מעג שעכטן דעם קרבן פסח אים שבת מעג מען אים שעכטן אויך אלס אן אנדערן קרבן אים שבת) איז ער מחויב דערויף צו ברענגען א קרבן חטאת. מחמת דער קרבן פסח, ווען מען שעכט אים שלא לשמו איז ער פסול (זע פריער ה׳ משנה ב׳), ממילא הייסט עס אז ער האָט געטאָן א מלאכה אים שבת בשוגג און עס קומט דערפאר צו ברענגען א קרבן חטאת. ושאר, און אויב (ער האָט געשאָכטן אים שבת ערב פסח) אנדערע קרבנות־בהמות אלס קרבן פסח (לשם פסח), איז (דער דין), אויב די דאָזיקע בהמות זענען ניט ראוי (קאָנען ניט זיין א קרבן פסח, למשל, א קאלב, אָדער א באראן צוויי יאָר אלט, וואָס מען קאָן ניט ברענגן אלס קרבן פסח) איז ער מחויב (צו ברענגן א קרבן חטאת), און אויב זיי זענען ראוי (זיי קאָנען געבראכט ווערן אלס קרבן פסח, למשל א שעפסל ניט קיין צוויי יאָר אלט), זאָגט ר׳ אליעזר, אז ער איז חייב. מחמת אויב דאָס איז א קאלב, און אלע ווייסן אז א קאלב קאָן מען ניט ברענגן אלס קרבן פסח, ממילא הייסט עס ניט, אז ער האָט א טעות געהאָט וועלנדיק טאָן א מצוה, האלטן אלע אז ער איז חייב. נאָר אויב עס איז אַ שעפסל האָט ער דאָך אַ טעות געהאָט וועלנדיק טאָן אַ מצוה (טעה בדבר מצוה) דהיינו מקריב צו זיין דעם קרבן פסח, און ער האָט דאָך געטאָן א מצוה, מחמת דער קרבן, דאָס שעפסל, וואָס ער האָט געשאָכטן לשם פסח איז דאָך ניט פסול (נאָר א קרבן פסח אָדער א חטאת ווען מען שעכט פאר אן אנדער קרבן ווערט פסול), פונ־דעסטוועגן האלט ר׳ אליעזר אז ער איז חייב צו ברענגען א קרבן חטאת פאר מחלל שבת זיין בשוגג, ווייל ר׳ אליעזר האלט אז „טעה בדבר מצוה ועשה מצוה”, אז איינער האָט א טעות געהאָט אין א מצוה זאך און ער האָט געטאָן א מצוה און דאביי האָט ער מחלל שבת געווען איז ער חייב. ור׳ יהושע, און ר׳ יהושע פטרט (פון צו ברענגן דעם קרבן חטאת). ער האלט, אז „טעה בדבר מצוה ועשה מצוה” איז פטור. אָמר ר׳ אליעזר, האָט ר׳ אליעזר געזאָגט: מה דאָך דער קרבן פסח, וואָס מען מעג (שעכטן אים שבת ערב פסח) פאר זיין נאָמענס וועגן (לשמו, אלס קרבן פסח), פונדעסטוועגן, ווען ער ענדערט זיין נאָמען (ווען ער שעכט אים שבת ערב פסח ניט אלס קרבן פסח נאָר אלס אן אנדערן קרבן) איז ער חייב (צו ברענגן א קרבן חטאת, ווי מיר האָבן גע־לערנט אין אָנהויב פון דער משנה), מכל שכן אנדערע קרבנות, וואָס מען טאָר ניט שעכטן (שבת) פאר זייער נאָמענס וועגן (לשמן, אלס די דאָזיקע קרבנות), אויב מען האָט געענדערט זייער נאָמען (מען האָט זיי געשאָכטן אים שבת אלס קרבן פסח) דארף מען דאָך אודאי זיין חייב (צו ברענגן א קרבן חטאת)?! דאָס איז דאָס אָפּלערנען

**המותר. אמר לו ר׳ אליעזר, אימורי צבור יוכיחו, שהן מותרין לשמו, והשוחט לשמן חייב. אמר לו ר׳ יהושע, לא, אם אמרת באימורי צבור שיש להן קצבה, תאמר בפסח שאין לו קצבה. ר׳ מאיר אומר, אף השוחט לשם אמורי צבור פטור.**

**ו. שחטו שלא לאוכליו, ושלא למנויו, לערלין, ולטמאין, חייב.**

**דורך א „קל וחומר״, ווי מיר האָבן עס דערקלערט פריער פרק ו׳ משנה ב׳.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר׳ אליעזרן) געזאָגט ר׳ יהושע: ניין, אויב דו האָסט געזאָגט ביי פסח (אז איינער שעכט דעם קרבן פסח אים שבת ערב פסח אלס אן אנדערן קרבן איז ער חייב א חטאת) איז עס דערפאַר, ווייל ער האָט געענדערט אויף א זאך וואָס איז אסור, (ווייל אן אנדערן קרבן טאָר מען דאָך אים שבת ניט שעכטן), צי זאָלסטו זשע זאָגן (אז ער איז חייב א חטאת ווען ער האָט געשאָכטן) אנדערע קרבנות (שבת ערב פסח אלס קרבן פסח), וועלכע ער האָט געענדערט אויף א זאך וואָס איז מותר! **ווייל ער האָט זיי דאָך געשאָכטן אלס קרבן פסח, וואָס מען מעג שעכטן אים שבת ערב פסח.** אָמר לו ר׳ אליעזר, האָט צו אים (צו ר׳ יהושע) געזאָגט ר׳ אליעזר: זאָלן זיין א ראיה (אָפּצופרעגן דעם דאָזיקן ענטפער פון ר׳ יהושע) די קרבנות ציבור (א קרבן, וואָס דאָס גאנצע יידישע פאָלק ברענגט איין קרבן, למשל דער קרבן תמיד, וואָס מען ברענגט אויך אים שבת), וואָס מען מעג דאָך זיי שעכטן (אים שבת) פאַר זייער נאָמנס וועגן (דעם קרבן תמיד אלס קרבן תמיד), און פונדעסטוועגן, אויב איינער שעכט (אים שבת) אַנדערע קרבנות פאַר זייער נאָמנס וועגן (לשמן, אויב מען שעכט אים שבת אן אנדערן קרבן אלס קרבן תמיד) איז ער חייב (צו ברענגען א קרבן חטאת! **דערפון זען מיר דאָך, אז אפילו מ׳ענדערט (מען שעכט אים שבת) אויף א זאך וואָס מען מעג איז מען אויך מחויב צו ברענגען א קרבן חטאת.** אָמר לו ר׳ יהושע, האָט צו אים (צו ר׳ אליעזר) געזאָגט ר׳ יהושע: אויב דו זאָגסט (אז מען איז מחויב א חטאת ווען מען שעכט אים שבת אנדערע קרבנות אלס קרבנות פון ציבור (אלס א קרבן תמיד), מחמת זיי (די קרבנות ציבור) האָבן דאָך א באַשטימטע צאָל (מען קאָן אים שבת ניט ברענגען מער ווי איין שעפסל אלס קרבן תמיד אין דער פרי און איין שעפסל פאַרנאַכט), צו וועסטו דאָס זעלביקע זאָגן ביי קרבן פסח וואָס האָט דאָך ניט קיין באַשטימטע צאָל! **ר׳ יהושע זאָגט, אז אויב איינער שעכט אנדערע קרבנות אים שבת אלס א קרבן תמיד דאַרף ער טאַקע חייב זיין צו ברענגען א חטאת, ווייל מער ווי איין שעפסל ברענגט מען דאָך ניט אלס תמיד, און ווייל ער האָט ניט געזען אנדערע מענטשן עוסק זיין זיך ביים שעכטן קרבנות תמידים, האָט ער ניט געקאָנט האָבן קיין טעות. אָבער ביים קרבן פסח ברענגט מען דאָך א סך קרבנות פסחים, און ער זעט דאָך ווי אנדערע זענען עוסק אין שעכטן קרבנות פסחים, און דעריבער אפילו ער אליין האָט שוין געבראַכט זיין קרבן פסח, האָט ער געקאָנט מיינען אז דאָס דאָזיקע שעפסל איז אן אנדערענס קרבן פסח און ער האָט עס געשאָכטן ערב פסח אים שבת. דערפאַר הייסט עס אַז ער האָט זיך „טועה״-געווען אין אַ מצוה-זאך.** ר׳ מאַיר זאָגט, אז אויך אויב איינער שעכט (שבת א גאנץ יאָר) אנדערע קרבנות אלס קרבנות פון ציבור (למשל, אלס קרבן תמיד), איז ער פטור (פון א חטאת). **מחמת דאָס הייסט אויך אז ער האָט געוואָלט ברענגען א קרבן וואָס מען מעג ברענגען אים שבת; ר׳ מאיר איז ניט מסכים צו ר׳ יהושע׳ס סברא וועגן קרבנות מיט א „באשטימטער צאָל״ (קצבה). „אימורים״ אלס קרבנות-טיילן האָבן מיר געהאָט פריער פרק ה׳ משנה י׳; דאָ ווערט „אימורים״ באנוצט אלס קרבן בכלל.**

ו. שחטו, אויב איינער האָט אים געשאָכטן (דעם קרבן פסח שבת ערב פסח) ניט פאַר זיינע עסערס, אָדער ניט פאַר זיינע מיטגעציילטע (חברים), אָדער פאַר ניט געמלעטע, אָדער פאַר טמא - מענטשן, איז ער חייב (צו ברענגען א קרבן חטאת). **ווייל דער קרבן פסח איז פסול אויב מען האָט אים געשאָכטן, אז די דאָזיקע מענטשן זאָלן אים עסן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ה׳ משנה ג׳, און ממילא הייסט**

**לאוכליו ושלא לאוכליו, למנויו ושלא למנויו, למולין ולערלים, לטהו־ רים ולטמאים, פטור. שחטו ונמצא בעל מום, חייב. שחטו ונמצא טריפה בסתר, פטור. שחטו ונודע שמשכו הבעלים את ידם, או שמתו, או שנט־ מאו, פטור, מפני ששחט ברשות:**

## פרק ז.

**א. כיצד צולין את הפסח? מביאין שפוד של רמון, תוחבו מתוך פיו עד בית נקובתו; ונותן את כרעיו ואת בני מעיו לתוכו, דברי ר׳ יוסי הגלילי. ר׳ עקיבא אומר, כמין בשול הוא זה, אלא תולין חוצה לו:**

---

**עס, אז ער האָט מחלל שבת געווען.** (זע דאָרט אויך דעם טייטש פון **לאוכליו, למנויו, לערלים, לטמאים**). לאוכליו ושלא, אויב (ער האָט געשאָכטן דעם קרבן פסח שבת ערב פסח) פאַר זיינע עסערס און פאַר זיינע ניט־עסערס, אָדער פאַר זיינע מיט־ געציילטע (חברים) און פאַר זיינע ניט(מיטגעציילטע (ניט־חברים), אָדער פאַר געמ־ מלעטע און ניט־געמלעטע, אָדער פאַר טהור־מענטשן און טמא־מענטשן, איז ער פטור (צו ברענגען א קרבן חטאת). **ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ה׳ משנה ג׳ איז דער דאָזיקער קרבן פסח כשר, ממילא הייסט עס דאָך ניט, אז ער האָט מחלל שבת געווען.** שחטו ונמצא, אויב (איינער האָט) געשאָכטן אים (דעם קרבן פסח שבת ערב פסח) און ער (דער קרבן פסח) איז געפונען געוואָרן א בעל מום (מען האָט נאָכן שעכטן אים געזען אז ער האָט א מום, א פעלער, און ער איז פסול), איז ער (דער וואָס האָט געשאָכטן) חייב. **ער דאַרף ברענגען א קרבן חטאת, ווייל ער האָט מחלל שבת געווען; מחמת ער האָט געדאַרפן פריער בודק זיין דאָס שעפסל צי עס האָט א פעלער.** שחטו ונמצא טריפה, אויב ער האָט אים געשאָכטן (שבת ערב פסח) און ער (דער קרבן פסח) האָט זיך ארויסגעוויזן אז ער איז טריפה באהאלטענערהייט (ער האָט אינווייניק געהאַט א חסרון, למשל, אין די לונגן איז געווען א לעכל און ער איז טריפה און דער קרבן פסח איז פסול) איז ער פטור (פון ברענגען א קרבן חטאת). **מחמת ער האָט דאָך פאַרן שעכטן ניט געקאָנט וויסן צי דאָס שעפסל וועט טריפה ווערן, און עס הייסט דעריבער ניט, אז ער איז א שוגג, נאָר ער איז אן „אונס", ער האָט זיך גאָרניט געקאָנט העלפן.** שחטו ונודע, אויב איינער האָט געשאָכטן אים (דעם קרבן פסח שבת ערב פסח) און דערנאָך איז מען געוואָר געוואָרן, אז זיינע בעלי בתים (די חברים, וואָס האָבן זיך אריינגערעכנט אז עס איז זייער קרבן פסח) האָבן זיך געהאַט (פאַרן שעכטן אים) צוריקגעצויגן פון אים (און דאָס שעפסל איז בשעת דעם שעכטן געווען אָן בעלי בתים, און עס איז פסול) אָדער אז זיי (די בעלי בתים, די חברים זיינען) זענען גע־ האָט געשטאָרבן, אָדער זיי זענען געהאַט טמא־געוואָרן (און דאָס שעפסל איז געווען ביים שעכטן אָן בעלי בתים), איז ער (דער שעכטער) פטור (פון ברענגען א קרבן חטאת), ווייל ער האָט געטאָן מיט דערלויבניש. **ווייל אזוי ווייט האָט דער שעכטער ניט גע־ דאַרפן נאָכפאָרשן, צי די בעלי בתים פון שעפסל זענען נאָך פאַראַן, און ממילא הייסט ער אָן אונס.** וועגן ענין פון „**חברים** פון דער חבורה" וואָס דאַרף עסן דעם קרבן פסח (זיי הייסן אויך „מנויים") וועלן מיר געבן ווייטער פרק ז׳ משנה י״ג.

## פרק ז.

א. כיצד צולין, ווי אזוי בראָט מען דעם קרבן פסח? **נאָכדעם ווי מען האָט ערב פסח אין בית המקדש געשאָכטן דאָס שעפסל פון קרבן פסח און מען האָט דערפון געשפריצט דאָס בלוט אויפן מזבח און ארויסגענומען דאָס פעט און אנדערע טיילן כדי זיי מקריב צו זיין אויפן מזבח, האָט מען אהיימגענומען אין ירושלים דאָס שעפסל און עס אָפּגעבראָטן אויף פייער. זאָגט איצט די משנה, ווי אזוי מען האָט עס געבראָטן.** מביאין, מען ברענגט א בראָט־שפּיז (א לאַנגן שטעקן) פון מילגרוימען־האָלץ, און מען שטעקט אים (דעם שטעקן) אדורך (דורך דעם שעפסל) פון זיין מויל ביז אדורך דעם אונטערשטן לאָך; און מען לייגט אריין אין אים (אין דעם שעפסל) די קני־שטי־

**ב. אין צולין את הפסח לא על השפוד ולא על האסכלא. אמר רבי צדוק, מעשה ברבן גמליאל, שאמר לטבי עבדו: צא וצלה לנו את הפסח על האסכלא. נגע בחרסו של תנור, יקלוף את מקומו. נטף מרוטבו על החרס וחזר עליו, יטול את מקומו. נטף מרוטבו על הסולת, יקמוץ את מקומו:**

קער און די קישקעס, אזוי זאָגט ר׳ יוסי הגלילי; ר׳ עקיבא זאָגט, אז דאָס (ארײנלײגן אינווייניק די קני־שטיקער און די קישקעס) הייסט ווי געקאָכט (און קאָכן דעם קרבן פסח טאָר מען ניט), נאָר מען הענגט זיי אויף (אויף דעם הילצערנעם בראָט־שפּיז) אין דרויסן פון אים (פון שעפּסל). די גמרא זאָגט, אז דעריבער נעמט מען דוקא א בראָט־שפּיז פון האָלץ, ווייל אויב מען זאָל אים בראָטן אויף א מעטאלענעם שפּיז, אפילו דער שפּיז וועט ווערן נור טייל פון אים הייס, ווערט שוין דער גאנצער שפּיז הייס (חם מקצתו חם כולו), און דאָס פלייש פון שעפּסל וועט זיך אָפּבראָטן אויך דורך דעם הייסן שפּיז; און די תורה האָט (שמות י״ב) געזאָגט „צלי אש״, אז עס מוז זיין געבראָטן דורך פייער און ניט דורך אן אנדערער זאך. ווידער אנדערע סאָרטן האָלץ געבן ארויס וואסער, וועט דאָס פלייש זיין ווי געקאָכט און דאָס טאָר מען אויך ניט. דאקייגן מילגרוימען־האָלץ גיט ניט ארויס קיין וואסער.

ב. אין צולין מען טאָר ניט בראָטן דאָס קרבן פסח־שעפּסל אויף א (מעטאלענעם) שפּיז און אויך ניט אויף בראָט־אייזנס (אסכלא). דעם טעם האָבן מיר געגעבן פריער אין משנה א׳, ווייל דאָס הייסט ווי דאָס פלייש ווערט געבראָטן דורכן הייסן אייזן. „שפוד״, מיינט דער „ערוך השלם״, אז דאָס גרעכישע וואָרט „ספּאַדאס״, א שפּיז. „אסכלה״ איז דאָס גריכישע וואָרט „עסקארא״ (די „ל״ און „ר״ טוישן זיך אויס גאנץ אָפט), בראָט־אייזנס, וואָס זענען איינגעאָרדנט ווי א לייטער. אָמר, האָט ר׳ צדוק געזאָגט, אַז עס איז געווען א מעשה מיט רבן גמליאל, וועלכער האָט געזאָגט צו טבי זיין קנעכט: „גיי און בראָט אונז אָפּ דאָס קרבן־פּסח־שעפּסל אויף דער אסכלה („די בראָט־אייזנס״). די גמרא זאָגט, אז די משנה מיינט צו זאָגן, אז אויב צווישן די אייזנס אין בראָט־אייזן איז געווען גענוג ליידיג אָרט, און מען האָט אריינגעשטעקט דאָס שעפּסל אין א שפּיז פון מילגרוים־האָלץ און מען האָט דעם שפּיז ארויפגעלייגט אויף דעם בראָט־אייזן, אזוי אז דאָס שעפּסל איז געווען אין ליידיקן אָרט, מעג מען; און זי ברענגט דערצו די מעשה, אז אויך רבן גמליאל האָט געהייסן אזוי טאָן. נגע, אויב דאָס (שעפּסל וואָס בראָט זיך אויפן פייער האָט אָנגערירט די וואנט (דאָס שערבל) פון באק־אויוון, זאָל מען אָפּשיילן זיין אָרט. מען זאָל אָפּשיילן דאָס פלייש אין דער אָרט, וויו עס האָט אָנגערירט דעם אויוון, מחמת דאָס שטיקל פלייש האָט זיך דאָך אָפּגעבראָטן דורך דעם הייסן אויוון. די אויוונס זענען געווען ערדענע און דעריבער הייסט עס „חרס״, שערבל. נטף, אויב עס האָט אראָפּגעטריפט פון זיין יויך (פליסיק פעט פון דעם שעפּסל) אויף דער אויוון־וואנט און עס (דאָס ביסל פעט) איז צוריק ארויף אויף אים (שעפּסל), זאָל מען אויסשניידן זיין אָרט (דאָס שטיקל פלייש, אויף וועלכן דאָס פעט איז צוריקגעקומען). פריער האָט די משנה געזאָגט „יקלוף״, אָפּשיילן, און דאָס מיינט מען נור עפּיס, און דאָ זאָגט די משנה „יטול״, אויסשניידן, און דאָס מיינט מען, פלייש ווי די גרעב פון א פינגער. מחמת דאָס פעטס, וואָס איז געוואָרן אסור צום עסן (ווייל עס איז דאָך געבראָטן געוואָרן דורך דעם אויוון) איז אריינגעדרינגן טיפער אין פלייש אריין. נטף, אויב פון זיין (דעם שעפּסל׳ס יויך (פליסיקע פעט) האָט ארויפגעטריפט אויף מעל (און דאָס מעל איז געווען הייס) זאָל מען ארויסנעמען א האנד־הויפן פון דעם מעל־אָרט. מחמת דאָס פעטס פון פסח־שעפּסל איז דאָך געווען געבראָטן דורך דעם הייסן מעל, און איז דאדורך געוואָרן אסור צום עסן, און עס איז דאָך אריין אין מעל אריין, דאַרף מען ארויסנעמען פון דאָזיקן אָרט אין מעל א פולן האנד־הויפן מעל און מען דאַרף עס פארברענען, ווי מען מוז פארברענען קרבנות־פלייש וואָס איז פסול געוואָרן (מחמת

**ג. סכו בשמן תרומה, אם חבורת כהנים, יאכלו; אם ישראל, אם חי הוא, ידיחנו. ואם צלי הוא, יקלוף את החיצון. סכו בשמן של מעשר שני, לא יעשנו דמים על בני חבורה, שאין פודין מעשר שני בירושלים:**

**ד. חמשה דברים באין בטומאה ואינן נאכלין בטומאה: העומר,**

---

**דאָרט איז דאָך פאראן דאָס פסול־געוואָרענע פסח־פּעטס).**

ג. סכו, אויב מען האָט אים (דאָס קרבן־פסח־שעפּסל) אָנגעשמירט מיט אייל פון תרומה, אויב די חבורה (די מענטשן, וועלכע דאַרפן עסן דעם קרבן פסח) זענען כהנים זאָל זיי (עס) עסן, ווייל מען מעג אָנשמירן דאָס שעפּסל מיט פּרוכטן־זאַפט (ווי פּירות) און ווייל ס'איז דאָך דער זאַפט פון איילבירטן און אזוי ווי כהנים מעגן עסן תרומה מעגן זיי עסן דאָס שעפּסל וואָס איז געשמירט מיט תרומה־אייל. אם ישראל, אויב (די חבורה, די מענטשן וואָס דארפן עסן דאָס שעפּסל) זענען ישראלים (וועלכע טאָרן ניט עסן קיין תרומה), איז דער דין, אויב דאָס שעפּסל איז רוי (נאָכניט געבראָטן), זאָל מען עס אָפּשווענקן, און אויב עס איז שוין געבראטן זאָל מען אפּשיילן דאָס אויסנווייניקסטע (פליש). מחמת ווען דאָס שעפּסל איז נאָך רוי, איז דער תרומה־אייל ניט געוואָרן איינגעזאַפּט אין פליש און עס איז דעריבער גענוג ווען מען שווענקט עס אָפּ. אָבער אויב עס איז שוין געבראָטן, איז דאָס פליש ווייך און עס זאַפּט אביסל אריין אין זיך דעם תרומה־אייל, און דעריבער מוז מען אפּשיילן דאָס אויסנווייניק־סטע פליש. סכו, אויב מען האָט אים (דאָס שעפּסל) געשמירט מיט אייל פון מעשר שני, זאָל ער (דער בעל הבית פון מעשר־שני־אייל) ניט פאררעכנען עס אלס געלט אויף די חבורה־מיטגלידער (ער זאָל ניט נעמען דערפאַר קיין געלט ביי די עסערס פון שעפּסל), ווייל מען טאָר ניט אויסלייזן מעשר שני אין ירושלים. וועגן מעשר שני האָבן מיר געגעבן בפרטות אין דער הקדמה צו דער מסכתא מעשר שני. אויב דער מעשר שני־אייל איז נאָכניט אריינגעקומען קיין ירושלים מעג מען אים אויסלייזן, אויסטוישן אויף געלט, און דאָס געלט ווערט מעשר שני. אָבער ווען דער מעשר שני אייל איז שוין אין ירושלים טאָר מען אים ניט אויסלייזן און ניט פארקויפן (זע אין פרק א' משנה א' מסכתא מעשר שני) אפילו דער קויפער זאָל אים עסן מיט דער קדושה פון מעשר שני. דאריבער טאָר מען ניט נעמען דאָ קיין געלט ביי די חבורה־מיטגלידער פאר דעם מעשר־שני־אייל.

ד. חמשה, פינף זאכן (פינף קרבנות) קומען אין טומאה (מעג מען מקריב זיין אויך ווען דער רוב יידן אָדער די כהנים אָדער די כלי שרת זענען טמא) אָבער מען טאָר זיי ניט עסן אין טומאה. די קרבנות ווערן איינגעטיילט אין צוויי סאָרטן: א) „קרבנות צבור", וואָס דאָס גאנצע יידישע פאָלק ברענגט איין קרבן, ווי למשל יעדן טאָג דעם קרבן תמיד, שבתים און ימים טובים און ראשי חדשים דעם קרבן מוסף, און אנדערע אזעלכע קרבנות; ב) „קרבנות יחיד", א קרבן, וואָס אן איינצלנער מענטש ברענגט. אויך די זענען די קרבנות וועלכע ווערן ווידער איינגעטיילט אין צוויי סאָרטן: א) „קבוע להם זמן", זיי האָבן א באשטימטע צייט, ווען מען מוז זיי ברענגען, למשל דער קרבן תמיד, אָדער מוסף, און אַנדערע אזעלכע, וואָס אויב מען ברענגט זיי ניט אין דעם דאָזיקן טאָג, קאָן מען אים מער ניט ברענגען; ב) „שאינו קבוע להם זמן", זיי האָבן ניט קיין באשטימטע צייט, ווי למשל ווען דאָס גאנצע פאָלק ברענגט א קרבן פאר האָבן געטאָן א עבירה. דער דין איז, אז א קרבן מוז מען ברענגען בטהרה, און די כהנים און די כלי שרת מוזן זיין ריין. אויך איז דער דין ביי קרבן פסח, אז אויב איינצלנע יידן זענען טמא, טאָרן זיי ניט ברענגען דעם קרבן פסח, אים ערב פסח דעם 14טן טאָג אין ניסן, און זיי מוזן ווארטן ביז דעם 14טן טאָג אין אייר, פסח שני, און דעמאָלס ברענגען זייער קרבן פסח. אָבער אויב דאָס רוב פון יידישן פאָלק איז טמא אָדער די כהנים אָדער די כלי שרת זענען טמא, איז מען דעם קרבן פסח מקריב אין טומאה, און מען עסט דאָס פליש אויך אין טומאה. יעדער אנדערער קרבן „שקבוע לו זמן", א קרבן וואָס האָט א באשטימטע צייט, איז

**ושתי הלחם, ולחם הפנים, וזבחי שלמי צבור, ושעירי ראשי חדשים. הפסח שבא בטומאה, נאכל בטומאה, שלא בא מתחלתו אלא לאכילה.**

**ה. נטמא הבשר והחלב קיים, אינו זורק את הדם. נטמא החלב והבשר קיים, זורק את הדם. ובמוקדשין אינו כן, אלא אף על פי שנטמא**

דער דין, אז מען מעג אים מקריב זיין בטומאה, ווייל מען לערנט עס אָפּ („במועדו־במועדו") פון קרבן פסח, מחמת מען קאָן אים ניט אָפּלייגן. אָבער מען מעג אים נור מקריב זיין בטומאה, דאקייגן עסן זיין פלייש טאָר מען ניט בטומאה, און מען מוז עס פארברענען. דער גרעסטער טייל קרבנות ציבור (למשל, דער תמיד) זענען א קרבן עולה, וואָס סיי ווי עסט מען ניט דערפון דאָס פלייש, און דער גאנצער קרבן ווערט פארברענט אויפן מזבח (אפילו ווען מען ברענגט אים בטהרה). אָבער עס זענען פאראן 5 קרבנות ציבור וואָס ווערן יאָ געגעסן; טייל פון זיי זענען ניט קיין בהמות נאָר ברויט קיכנס, און טייל זענען יאָ בהמות, אָבער זיי זענען „שלמים" און דאָס פלייש דערפון ווערט יאָ געגעסן. זאָגט דאָ די משנה, אז די דאָזיקע פינף סאָרטן קרבנות ציבור מעג מען מקריב זיין בטומאה אָבער עסן בטומאה טאָר מען זיי ניט. און דאָס זענען זיי: העומר, דער עומר: דאָס מעסטל גערשטן־מעל, וואָס מען האָט געבראכט אין בית המקדש דעם 16טן טאָג אין ניסן, און מען האָט דערפון מקריב געווען אויפן מזבח נור א טייל (א קומץ, א האנט־גאָרטש) און דאָס איבריקע האָבן די כהנים געגעסן. ושתי הלחם, די צוויי ברויטן; וואָס מען האָט געבראכט אין בית המקדש יעדן שבועות און די כהנים האָבן זיי געגעסן. ולחם הפנים, און דאָס ברויט פון געזיכט; דאָס זענען די 12 חלות וואָס מען האָט געבראכט יעדן שבת אין בית המקדש און דעם אנדערן שבת האָבן זיי די כהנים געגעסן. וזבחי שלמי ציבור, און די קרבנות שלמים פון ציבור. דאָס זענען צוויי שעפסלעך וועלכע מען האָט געבראכט שבועות אין בית המקדש, און דאָס פעט און אנדערע טיילן האָט מען מקריב געווען אויפן מזבח און דאָס פלייש האָבן געגעסן די כהנים. ושעירי ראשי חדשים, און די ציגן־באָקן, וועלכע מען האָט געבראכט יעדן ראש חודש. אויך פון זיי האָבן די כהנים געגעסן דאָס פלייש. לערנט די משנה אז בטומאה מעג מען זיי מקריב זיין, אָבער עסן זייער פלייש טאָר מען ניט. ווען די משנה האָט געזאָגט „זבחי שלמי ציבור" האָט זי געמיינט אויך די שעירים, די ציגן־באָקן (שעירי רגלים), וואָס מען האָט מקריב געווען אים יום טוב אלס חטאות, און מען האָט זייער פלייש געגעסן, און אויב מען האָט זיי געבראכט בטומאה האָט מען זיי ניט געטאָרט עסן. הפסח, דער קרבן פסח, אויב מען ברענגט אים בטומאה, ווערט ער געגעסן בטומאה, ווייל מען ברענגט אים באלד נאָר צום עסן. דער קרבן פסח איז אן אויסנאַם, און אפילו ווען מען איז אים מקריב בטומאה (ווען דאָס רוב יידן זענען געוואָרן טמא, אָדער ווען די כהנים זענען טמא) עסט מען זיין פלייש בטומאה. דער דין אז דער קרבן פסח ווערט געבראכט בטומאה ווערט אפגעלערנט פון פסוק (במדבר כ"ט) „איש כי יהיה טמא", אז א מענטש איז טמא דארף ער ווערן אָפּגעלייגט צום פסח שני, אז „איש נדחה ואין ציבור נדחין", אז נור איינצלנע מענטשן ווערן אָפּגעלייגט, אָבער דער ציבור ווערט ניט אָפּגעלייגט. און דער עיקר מצוה פון קרבן פסח איז דאָס עסן זיין פלייש (שמות י"ב „לפי אכלו") און דערפון לערנט מען אז די תורה ווען זי האָט מתיר געמאכט צו ברענגען אים בטומאה האָט זי געמיינט, אז מען זאָל אים אויך עסן בטומאה.

ה. נטמא, אויב (פון קרבן פסח, ניט ווען ער קומט בטומאה, נאָר בטהרה) איז טמא געוואָרן דאָס פלייש, און דאָס פעט (וואָס מען דארף מקריב זיין אויפן מזבח) איז פאראן (דאָס פעט איז ניט טמא געוואָרן), טאָר מען ניט שפריצן דאָס בלוט אויפן מזבח. מחמת ווי מיר האָבן געלערנט, איז ביים קרבן פסח דער עיקר דאָס עסן דאָס פלייש, און אז דאָס פלייש איז טמא געוואָרן קאָן מען דאָך עס ניט עסן (ווען מען ברענגט דעם קרבן פסח בטהרה), דעריבער שפריצט מען ניט דאָס בלוט. נטמא החלב, אויב דאָס פעט (פון קרבן פסח ווען עס קומט בטהרה) איז טמא געוואָרן און

**הבשר והחלב קיים, זורק את הדם:**

**ו. נטמא קהל או רובו, או שהיו הכהנים טמאים והקהל טהורים, יעשה בטומאה. נטמא מיעוט הקהל, הטהורין עושין את הראשון והט־מאין עושין את השני:**

**ז. הפסח שנזרק דמו ואחר כך נודע שהוא טמא, הציץ מרצה; נטמא הגוף, אין הציץ מרצה, מפני שאמרו, הנזיר ועושה פסח, הציץ מרצה על טומאת הדם, ואין הציץ מרצה על טומאת הגוף. נטמא טומאת התהום, הציץ מרצה.**

---

דאָס פלייש איז פאַראַן (דאָס פלייש איז ניט טמא געוואָרן) שפּריצט מען דאָס בלוט. **ווייל דאָס פלייש צום עסן איז דאָך פאַראַן.** ובמוקדשים, און ביי (אַנדערע) קרבנות איז ניט אַזוי, נאָר אפילו דאָס פלייש איז טמא געוואָרן און דאָס פעט איז פאַראַן (דאָס פעט איז ניט טמא געוואָרן) שפּריצט מען דאָס בלוט. **רש״י גיט דאָ צו, ווייל דאָס שפּריצן דאָס בלוט איז מתיר, אַז מען זאָל קאָנען דערנאָך מקריב זיין דאָס פעט אויפן מזבח.**

ו. נטמא קהל, אויב דער קהל (אַלע יידן) אָדער זיין רוב (דער גרעסטער טייל יידן) איז טמא געוואָרן, אָדער די כהנים זענען געווען טמא און דער קהל איז געווען טהור זאָל מען מאַכן (דעם קרבן פסח) בטומאה. **אפילו טמא־מענטשן זאָלן ברענגען דעם קרבן פסח, אויב די כהנים זענען טמא. דער ברטנורא זאָגט, אַז דאָס מיינט מען נור ווען דער קהל אָדער די כהנים זענען טמא געוואָרן דורך טומאת מת, דורך א מת. דער תוספות יום טוב ווייזט אויף, אַז אויך ביי טייל אַנדערע טומאות, מעג מען מקריב זיין בטומאה.** נטמא מיעוט, אויב עס איז טמא געוואָרן א מיעוט פון קהל (א מינדער־הייט פון די יידן), דאַרפן די טהורים (די ריינע יידן, וועלכע זענען ניט טמא גע־וואָרן) מאַכן דעם פסח ראשון (דעם ערשטן קרבן פסח, אין פערצנטן טאָג אין ניסן) און די טמאים (די וועלכע זענען טמא געוואָרן) מאַכן דעם שני (דעם פסח שני). **ווי מיר האָבן שוין געזאָגט ווערט דער פסח שני געבראַכט אין 14טן טאָג אין אייר.**

ז. הפסח, אויב מען האָט שוין געהאַט געשפּריצט דאָס בלוט פון א קרבן פסח (וועלכן מען האָט געבראַכט בטהרה) און דערנאָך איז מען געוואָר געוואָרן, אַז ער (דאָס פלייש אָדער דאָס בלוט) איז געווען טמא, איז דער ציץ מכפּר (הציץ מרצה). **אין חומש שמות כ״ח ווערט געזאָגט, אַז דער כהן גדול זאָל טראָגן אויפן שטערן א גאָלד־שטערן־טאַץ, און דאָס האָט געהייסן „ציץ". דער חומש זאָגט דאָרט „ונשא אהרן את עוון הקדשים", און דערפון ווערט אָפּגעלערנט, אַז דער ציץ האָט מכפּר געווען אויב מען האָט מקריב געווען א קרבן און דאָס פלייש און דאָס פעט און דאָס בלוט זענען געווען טמא. צוליב דעם הייסט עס אַז מען האָט מיט דעם קרבן יוצא געווען און מען דאַרף ניט ברענגען קיין אַנדערן קרבן. זאָגט דאָ די משנה, אַז אויך דאָ דאַרף מען ניט ברענגען אַן אַנדערן קרבן פסח.** נטמא הגוף, אויב (מען איז געוואָר געוואָרן אַז) דער גוף (דער קערפּער פון מענטש, וועלכער ברענגט דעם קרבן פסח) איז געווען טמא, איז דער ציץ ניט מכפּר. **און דער מענטש דאַרף ברענגען אים 14טן אייר א פסח שני.** מפּני, ווייל מען האָט (די חכמים האָבן) געזאָגט, אַז ביי א נזיר און ביי איינעם וועלכער ברענגט א קרבן פסח איז דער ציץ מכפּר אויף די טומאה פון בלוט (אויב דאָס בלוט פון קרבן איז טמא געווען), און דער ציץ איז ניט מכפּר אויף די טומאה פון גוף (פון מענטש). **אויב איינער איז א נזיר, דאַרף ער, ווען עס ענדיקט זיך זיין נזירות־צייט ברענגען קרבנות. אויב דער נזיר איז טמא געוואָרן דורך א מת איידער ער האָט געבראַכט די קרבנות מוז ער נאָכאַמאָל ציילן טעג פון נזירות, זאָגט די משנה אַז אויב מען איז געוואויר געוואָרן אַז דאָס קרבן־בלוט איז געווען טמא, דאַרף ער מער ניט ברענגען קיין אַנדערן קרבן; אָבער אויב מען איז געוואויר געוואָרן אַז דער נזיר איז געווען טמא, דאַרף ער נאָכאַמאָל ציילן טעג פון נזירות (פּרטים**

**ח. נטמא שלם או רובו, שורפין אותו לפני הבירה מעצי המערכה. נטמא מיעוטו, והנותר, שורפין אותו בחצרותיהן או על גגותיהן מעצי עצמן. הציקנין שורפין אותו לפני הבירה, בשביל ליהנות מעצי המע־רכה:**

**ט. הפסח שיצא או שנטמא, ישרף מיד. נטמאו הבעלים או שמתו,**

---

**וועגן דעם זע אין דער הקדמה צו מסכתא נזיר).** נטמא טומאת התהום, אויב מען איז געוואויר געוואָרן נאָכן מקריב זיין, אז ער (דער מענטש וואָס ברענגט דעם קרבן פסח אָדער דער נזיר) איז געווען טמא דורך די טומאה פון א „תהום", איז דער ציץ יאָ מכפר. **טומאת התהום מיינט, ווען קיין שום מענטש האָט ניט געוואוסט פריער, אז דאָ איז פאראן די טומאה פון א מת, און עס איז ווי א „תהום", אן אָפּגרונד, וואו קיי־נער קאָן ניט אריינקוקן. עס איז א הלכה למשה מסיני, אז אויב נאָכן מקריב זיין דעם קרבן פסח אָדער די קרבנות פון נזיר איז מען געוואויר געוואָרן אז דער קרבן־פסח־ברענגער אָדער דער נזיר זענען געווען טמא דורך אזא טומאת התהום, איז דער ציץ יאָ מכפר (כאָטש עס איז נאָך די טומאה אין גוף, אין מענטש'ס קערפּער) און מען דאַרף קיין אנדערן קרבן פסח ניט ברענגען און דער נזיר דאַרף ניט ציילן נאכאמאָל קיין נזירות־טעג און ניט ברענגען אנדערע קרבנות.**

ח. נטמא שלם, אויב דאָס (קרבן פסח־שעפּסל, וואָס מען האָט געבראכט בטהרה) איז טמא געוואָרן אינגאנצן אָדער דער גרעסטער טייל פון אים, פארברענט מען עס פאר דעם בית המקדש פון האָלץ וואָס איז באשטימט פאר דעם מזבח. **דאָס איז, כדי אלע מענטשן זאָלן זען און דער בעל הבית פון קרבן פסח זאָל זיך שע־מען, וואָס ער האָט דערלאָזט אז עס זאָל טמא ווערן. מען האָט מתקן געווען אז אלע זאָלן פארברענען פון מזבח־האָלץ, כדי ניט צו פארשעמען אָרימע לייט, וועלכע האָבן ניט קיין האָלץ.** וועגן „בירה", „מערכה" זע פריער פרק ג' משנה ח'. ניטמא מיעוטו, אויב עס איז טמא געוואָרן (נור) דער קלענערער טייל פון אים (פון דעם קרבן־פסח־שעפּסל), און דער נותר (עס איז געבליבן פלייש פון א טהור־קרבן־פסח נאָך דער צייט ביז ווען מען מעג אים עסן, „נותר", געבליבן, און מען דאַרף עס פארברענען) פארברענט מען עס אין די אייגענע הייפן אָדער אויף זייערע אייגענע דעכער, מיט אייגן האָלץ. **מחמת דאָס קאָן זיך גיכער טרעפן האָט מען ניט געצוואונגען צו פאר־ברענען דוקא פאר דעם בית המקדש; און דערפאר דאַרף יעדער עס פארברענען מיט זיין אייגן האָלץ.** הציקנין, די קאַרגע מענטשן פלעגן (אויך ווען א קליינער טייל איז טמא געוואָרן און אויך דעם נותר) פארברענען פאר דעם בית המקדש, כדי צו גע־ניסן פון מזבח־האָלץ. **זיי האָבן געוואָלט, צוליב זייער קאַרגשאַפט, זיך איינשפּאָרן זייער אייגן האָלץ. „ציקנין" זאָל זיין פון וואָרט „צוק", ענג, און דאָס הייסט „ענג־הארציק", קאַרג.**

ט. הפסח שיצא, אויב (פלייש פון) קרבן פסח איז (ערב פסח) ארויסגעגאנגען (ארויס פון ירושלים) אָדער עס איז טמא געוואָרן, דאַרף מען עס פארברענען באלד. **מען דאַרף ניט וואַרטן ביז עס וועט אריבער די צייט ווען מען מעג עסן דעם קרבן פסח, ביז צומאָרגנס דעם 15טן טאָג אין ניסן, עס זאָל ווערן „נותר", איבערגעבליבן פלייש, און מען זאָל עס פארברענען דעם 16טן טאָג אין ניסן (אין יום טוב, דעם 15טן טאָג אין ניסן טאָר מען ניט פארברענען, ווי די משנה וועט ווייטער לערנען), נאָר מען פארברענט דאָס פלייש באלד אים ערב פסח. מחמת דאָס פלייש ווען עס גייט ארויס פון ירושלים ווערט דאָס „יוצא", ארויסגעגאנגען פלייש, און עס איז שוין פסול; דאָסזעלבע איז באלד פסול פלייש פון קרבן פסח וואָס איז טמא געוואָרן.** נטמאו, אויב עס זענען (אים ערב פסח נאָכן מקריב זיין) טמא געוואָרן די בעלי בתים פון קרבן פסח אָדער זיי זענען געשטאָרבן, זאָל מען דאָס פלייש לאָזן ליגן ביז עס וועט קאַליע ווערן („תעובר צורתו", זיין צורה וועט קאַליע ווערן, דאָס הייסט, אז עס זאָל ווערן נותר) און מען זאָל עס פארברענען אין זעכצנטן (טאָג אין ניסן).

**תעובר צורתו וישרף בששה עשר. ר׳ יוחנן בן ברוקה אומר, אף זה ישרף מיד, לפי שאין לו אוכלין:**

**י. העצמות, והגידין, והנותר, ישרפו בששה עשר. חל ששה עשר להיות בשבת, ישרפו בשבעה עשר; לפי שאינן דוחין לא את השבת ולא את יום טוב:**

**יא. כל הנאכל בשור הגדול, יאכל בגדי הרך; וראשי כנפים והס-**

---

**דער טעם איז, ווייל דאָ איז דאָך דער קרבן פסח אליין ניט פסול געוואָרן (עס איז ניט פסולו בגופו), נאָר עס פעלן אים זיינע בעלי בתים (וועלכע זענען טמא גע־וואָרן אָדער געשטאָרבן, און אנדערע, ניט די בעלי בתים, טאָרן אים ניט עסן). דע־ריבער טאָר מען אים באלד, אים ערב פסח, ניט פארברענען, ווייל עס איז דאָך כשרע קרבנות־פלייש. מען מוז דאריבער ווארטן ביז דאָס פלייש וועט פסול ווערן צוליב נותר, און עס פארברענען דעם 16טן ניסן (ניט דעם 15טן ניסן, ווייל מען טאָר ניט פארברענען פסולע קרבנות פלייש אים יום טוב).** ר׳ יוחנן בן ברוקא זאָגט, אז אויך דאָס דאָזיקע (פלייש, וואָס זיינע בעלי בתים זענען געוואָרן טמא אָדער גע־שטאָרבן) זאָל מען פארברענען באלד, אים ערב פסח) ווייל עס האָט ניט קיין עסערס. **די גמרא זאָגט, אז ר׳ יוחנן בן ברוקא לערנט נאָר אין פאל, ווען די בעלי בתים זע־נען טמא געוואָרן אָדער געשטאָרבן איידער מען האָט געשפריצט דאָס בלוט פון קרבן פסח אויפן מזבח, און עס הייסט דעריבער אז דאָס פלייש זעלבסט איז ניט געוואָרן גוט צום עסן.**

י. העצמות, די ביינער (פון קרבן פסח, וועלכע מען טאָר ניט צעברעכן, ווייל ביים קרבן פסח האָט די תורה געאסרט צו צעברעכן די ביינער, און אינווייניק איז פאראן מארך, און זיי זענען געבליבן, געוואָרן נותר), והגידין, די אדערן (אזעלכע אָדערן, וואָס לויט דער תורה מעג מען זיי עסן, אָבער די חכמים האָבן זיי געאסרט צו עסן, און אויך זיי זענען געבליבן און זענען געוואָרן נותר), והנותר, און דאָס פלייש פון קרבן פסח וואָס איז איבערגעבליבן, זאָל מען פארברענען אין זעכצעטן (טאָג אין ניסן). **מען מעג עסן דאָס קרבן פלייש אין דער ערשטער נאכט פסח, און לויט איין דעה נור ביז האלבע נאכט. סיי ווי צומאָרגנס, דעם 15טן טאָג אין ניסן, אים יום טוב, איז דאָס פסח פלייש, וואָס איז געבליבן, געוואָרן „נותר" (איבערגע־בליבן) און מען טאָר עס ניט עסן, און מען דאַרף עס פארברענען. אָבער דער 15טער ניסן איז יום טוב און מען טאָרניט פארברענען פסולע קדשים (הייליקע זאכן) אים יום טוב ווייל יוען מען טוט אים יום טוב א מלאכה איז מען עובר אויף א „לא תעשה" (ניט טאָן א מלאכה) און אויף א „עשה", א מצוה, אָפּצוהיטן יום טוב; דאקייגן פאר־ברענען פסולע קרבנות־פלייש איז נור א עשה, א מצוה, און מיר האָבן א כלל אז „אין עשה דוחה לא תעשה ועשה", א מצוה קאָן ניט דוחה זיין א עבירה און א מצוה צוזאמען. דעריבער טאָר מען עס אים 15טן ניסן ניט פארברענען און מ׳פארברענט עס אים 16טן ניסן, ווען עס איז שוין ניט קיין יום טוב (אין ארץ ישראל איז פסח געווען נאָר איין טאָג).** חל, אויב דער זעכצנטער (טאָג אין ניסן) איז אויסגעפאלן אים שבת, זאָל מען עס פארברענען דעם זיבנצטן (טאָג אין ניסן), ווייל זיי (דאָס פארברענען די דאָזיקע פסולע קרבנות פלייש) זענען ניט דוחה ניט שבת און ניט יום טוב. **וועגן יום טוב האָבן מיר שוין דערקלערט; און שבת איז עס אודאי ניט דוחה, ווארום שבת איז דאָך הארבער.**

י״א. כל הנאכל, אלץ (אלע טיילן), וואָס מען קאָן עסן פון א דערוואקסענעם אקס, ווערט באטראכט אז עס קאָן געגעסן ווערן אויך ביי א יינג (רך, צארט, ווייך) ציגעלע. **צו איין קרבן פסח האָבן געהערט עטליכע מענטשן, די חבורה, און דער דין איז אז מען האָט געדארפן אויסרעכענען, אז אויף יעדן מענטש זאָל זיין מינדעסטנס א שטיקל פלייש גרויס ווי א כזית (ווי אן איילבירט). זאָגט די משנה, אז כאָטש ביי א ווייך יונג ציגעלע קאָן מען דאָך עסן אפילו אזעלכע טיילן, וואָס פון א דערוואק־**

**חוסים. השובר את העצם בפסח הטהור, הרי זה לוקה ארבעים. אבל המותיר בטהור, והשובר בטמא, אינו לוקה את הארבעים:**

**יב. אבר שיצא מקצתו, חותך עד שמגיע לעצם, וקולף עד שמגיע לפרק, וחותך. ובמוקדשין, קוצץ בקופיץ, שאין בו משום שבירת העצם.**

---

סענעם אָקס קאָן מען זיי ניט עסן (ווייל זיי זענען שוין ביי א אָקס פארהארטעוועט), טאָר מען פונדעסטוועגן די דאָזיקע טיילן ניט אריינרעכענען, נאָר מען מוז רעכנען אלס גוט צום עסן אויך ביים ציגעלע נאָר די טיילן, וואָס אויך ביי א דערוואקסענעם אָקס קאָן מען זיי עסן. די משנה גיט דאָ באלד א ביישפיל וועגן צוויי טיילן וואָס מען קאָן יאָ פאררעכנען אלס גוט צום עסן: וראשי, און די שפיצן פון די פליגל און די ווייך־הארטע קנאָרכלן (ווערן אויך געגעסן). מיט „ראשי כנפים", „שפיצן פון די פליגל", מיינט מען די הארטליכע שטיקלעך ביי די אקסלן פון דער בהמה, און מיט „סחוסים", מיינט מען די ווייך־הארטלעכע אויער־לעפלעך און די ווייך־הארטלעכע טיילן ביי די זשעברעס און ביי דער ברוסט. און די משנה זאָגט, אז ווייל פון א גרויסן אָקס קאָן מען זיי עסן ווען זיי ווערן זייער שטאַרק איינגעקאָכט (שלוק), קאָן מען זיי באטראכטן, אז זיי ווערן געגעסן ביי אַ יונג ציגעלע אפילו ווען זיי ווערן נור געבראָטן אויפן פייער (ווי עס איז דער דין ביים קרבן פסח אז ער ווערט נור געבראָטן אויף פייער). השובר, אז איינער צעברעכט א ביין פון קרבן פסח, וועלכער ווערט געבראכט בטהרה, קומט אים פירציק קלעפּ (מלקות). ווייל ער האָט עובר געווען אויף דעם פארבאָט פון דער תורה (שמות י"ד) „ועצם לא תשברו בו, און קיין ביין זאָלט איר אין אים ניט צעברעכן". אבל, אָבער אז איינער לאָזט איבער (מאכט נותר פלייש) פון א קרבן פסח, וועלכער ווערט געבראכט בטהרה, און איינער וועלכער צוברעכט א ביין פון א קרבן פסח, וועלכער ווערט געבראכט בטומאה, קומט אים ניט די פירציק קלעפּ (מלקות). די תורה (שמות י"ב) האָט אָנגעזאָגט, אז מען טאָרניט איבערלאָזן פלייש פון קרבן פסח ביז דעם 15טן טאָג אין ניסן, „לא תותירו ממנו עד בקר". אָבער ווייל די תורה זאָגט באלד, אז דאָס פלייש וואָס מען האָט איבערגעלאָזט זאָל מען פארברענען, הייסט עס א „לאו הניתק לעשה", דאָס הייסט א פארבאָט, נאָך וועלכן עס ווערט צוגעגעבן א מצוה (די מצוה צו פארברענען אויב מען האָט עובר געווען און יאָ איבערגעלאָזט), און פאר עובר זיין אויף אזא „לאו הניתק לעשה" קומט ניט קיין מלקות. אן אנדערע מיינונג איז פאראן, אז אויף א „לאו שאין בו מעשה", א פארבאָט, וועלכן מען איז עובר דורך גאָרניט טאָן, קומט ניט קיין מלקות, און „איבער־לאָזן פלייש" הייסט דאָך אויך גאָרניט געטאָן. צעברעכן א ביין ביי א קרבן פסח, וועלכן מען ברענגט בטומאה (זע פריער משנה ד' ווען מען ברענגט א קרבן פסח בטומאה) הייסט ניט געטאָן קיין עבירה, ווייל מען לערנט אראָפּ פון פסוק „ועצם לא תשברו בו", אז „בו, בכשר ולא בפסול", נור ווען דער קרבן פסח איז כשר, איז פאראן דער פאַרבאָט פון שבירת עצם (ניט צעברעכן אַ ביין), און כאָטש מען האָט מתיר געמאכט צו ברענגן דעם קרבן פסח בטומאה (ווען דער גרעסטער טייל יידן זענען טמא געוואָרן) פונדעסטוועגן הייסט ער א פסולער קרבן פסח.

י"ב. אבר שיצא, אויב אן אבר (א גליד, למשל א פוס, פון קרבן פסח) איז א טייל פון אים ארויס אין דרויסן (נור א טייל פון פוס פון געשאָכטענעם קרבן פסח איז ארויסגעשטעקט געוואָרן ארויס פון דער מויער פון ירושלים, און אויב פסח ביי־נאכט, ארויס פון דער שטוב, אין וועלכן מען עסט אים, און דורך דעם ארויסגיין ווערט דער טייל פוס אסור צו עסן, צוליב יוצא), דארף מען שניידן (דאָס פלייש אויף דעם פוס) ביז מען קומט צו צום ביין, און מען טיילט־אָפּ (דאָס איבעריקע פלייש ביז מען קומט צו דעם געלענק (פרק, וואו די פיס ביינער שליסן זיך) און ער שניידט דאָרט אָפּ (דעם גאנצן ביין). ער קאָן ניט אָפּהאקן דעם טייל פלייש מיטן טייל ביין, וואָס איז ארויסגעגאנגען, ווייל מען טאָר דאָך ביים קרבן פסח ניט איבערהאקן דעם ביין. ובמוקדשין, און ביי אנדערע קרבנות (אויב א טייל פון פוס איז ארויס) אויסער

**מן האגף ולפנים כלפנים. מן האגף ולחוץ — כלחוץ. החלונות ועובי החומה — כלפנים:**

**יג. שתי חבורות שהיו אוכלות בבית אחד, אלו הופכין את פניהם הילך ואוכלין, ואלו הופכין את פניהם הילך ואוכלין, והמיחם באמצע; וכשהשמש עומד למזוג, קופץ את פיו ומחזיר את פניו עד שמגיע אצל חבורתו ואוכל. והכלה הופכת פניה ואוכלת:**

---

ירושלים, אויב דער ביין איז פון די קדשים קלים, פון די לייכטערע קרבנות, ווי שלמים, וואָס מען מעג עסן נור אין ירושלים, אָדער ארויס פון בית המקדש הויף, אויב ער איז פון די קדשי קדשים, ווי קרבן חטאת וואָס מען מעג עסן נור אין בית המקדש הויף, — קוצץ, זאָל ער אָפּהאקן (דעם ארויסגעגאנגענעם טייל גליד, דאָס פלייש מיט דעם ביין) מיט א האק־מעסער (קופיץ), ווייל ביי אים (דעם ביין פון אן אנדערן קרבן, ניט פון קרבן פסח) איז ניט פאראן (דער פארבאָט פון) צעבר'עכן א ביין. דעריבער דארף ער ניט אָפּשיילן דאָס פלייש ביז ער קומט־צו צו דעם ביין און אָפּ־שניידן דעם גאנצן ביין, נאָר ער האקט אָפּ בלויז דעם טייל ביין, וואָס איז ארויס. דאָס שטיק ביין ביי אנדערע קרבנות און דעם גאנצן ביין ביים קרבן פסח (וואָס א טייל פון אים איז ארויס) דארף מען אוועקווארפן ווייל ער איז פסול געוואָרן אלס יוצא. „קופיץ", זאָגט ר' בנימין אין „מוסף הערוך", איז דאָס גריכישע וואָרט „קאָפּיס", א האקמעסער. מן, פון דער שוועל (אגף, פון דער טויער פון ירושלים) און אינווייניק ווערט גערעכנט ווי אינווייניק (ווי ירושלים) און פון דער שוועל אין דרויסן ארויס ווערט גערעכנט ווי אין דרויסן (ווי אויסער ירושלים); די פענסטער (וואָס זענען פאַראן אין דער ירושלים־מויער) און די גרעב פון די מויערן אין די מויערן, ווערן גערעכנט) ווי אינווייניק (ווי ירושלים). און מען מעג דאָרט עסן די קרבנות־פליישן (קדשים קלים) וועלכע מען מעג עסן אין ירושלים.

י"ג. שתי, אויב צוויי חבורות (קאָמפּאניעס, געזעלשאפטן, חבורה) עסן (זייער קרבן פסח) אין איין שטוב, דרייען אויס די (מענטשן פון איין חבודה) זייערע פנימער צו איין זייט און עסן, און די (מענטשן פון דער אנדערער חבודה) דרייען־אויס זייערע פנימער אין דער אנדערער זייט און עסן. מיט „חבורה", א קאָמפּאניע (וואָס באַ־שטייט פון בני החבורה, קאָמפּאניע מענטשן) מיינט מען דאָ די קאָמפּאניע מענטשן וואָס האָט זיך צונויפגענומען כדי צוזאמען צו האָבן איין שעפּסל אלס קרבן פסח. עס טרעפט זיך אויך אז צוויי חבורות קויפן איין שעפּסל, און מען טיילט זיך דערמיט, און יעדע חבורה עסט איר טייל קרבן פסח באזונדער. זאָגט די משנה אז די צוויי חבורות קאָנען עסן איין קרבן פסח, יעדע חבורה איר טייל, און די חבורות זאָלן זיין אָפּגעזונדערט אין דער זעלבער שטוב. והמיחם באמצע, און דער ווארימער וואַ־סער־קעסל מעג שטיין אין דערמיט (צווישן די צוויי חבורות). אמאָל האָט מען גע־טרינקן ווין צוגעמישט מיט וואסער, אָפּט מיט ווארים וואסער, זאָגט די משנה, אז דער ווארעמער וואסער־קעסל, פון וועלכן דיביידע חבורות נעמען וואסער צום מישן צום זויער ווין ביים עסן, מעג שטיין אין דער מיט און מפסיק זיין צווישן זיי. וכשהשמש, און ווען דער באדינער (דער שמש, וואָס באדינט די ביידע חבורות) שטעלט זיך אויף צו מישן (דאָס וואסער מיט דעם ווין און צו דערלאנגן צו די חבורות־מענטשן), זאָל ער פארמאכן דאָס מויל און דרייט אויס זיין פנים צוריק (אין דער ריכטונג צו זיין חבורה) ביז ער קומט צוריק צו זיין חבורה און עסט (דאָרט דאָס שטיקל פלייש פון קרבן פסח וואָס ער האַלט אין מויל). ער דארף דאָס אלץ טאָן (פארמאכן דאָס מויל, אויסדרייען דאָס פנים) כדי מען זאָל אים ניט חושד זיין אז ער עסט דאָס קרבן־פלייש אין צוויי חבורות, און דאָס טאָר מען ניט. והכלה, און א כלה מעג אוועקדרייען איר פנים און עסן. יעדער אנדערער חבורה־מענטש מוז האָבן דאָס פנים זיינט צו דער חבורה, כדי מען זאָל זען, אז ער עסט צוזאמען מיט דער חבורה,

## פרק ח.

**א. האשה בזמן שהיא בבית בעלה, שחט עליה בעלה ושחט עליה אביה, תאכל משל בעלה. הלכה רגל ראשון לעשות בבית אביה, שחט עליה אביה ושחט עליה בעלה, תאכל במקום שהיא רוצה. יתום ששחטו עליו אפטרופסים, יאכל במקום שהוא רוצה. עבד של שני שותפין, לא יאכל משל שניהם. מי שחציו עבד וחציו בן חורין, לא יאכל משל רבו:**

**ב. האומר לעבדו: „צא ושחוט עלי את הפסח״, שחט גדי, יאכל.**

---

אָבער א כלה, ווייל זי שעמט זיך צו עסן, האָט מען מתיר געמאכט אז זי מעג אוועק־דרייען דאָס פּנים ביים עסן. — מיר האָבן די משנה איינגעטייטשט לויט רשי, **אָבער דער רמבם טייטשט די משנה, אז אויב צוויי חבורות עסן אין איין שטוב מוזן זיי אויסדרייען די פּנימער, כדי מען זאָל דוקא מאכן די הפסקה (ניט אז עס מעג זיין די הפסקה), און מען זאָל ווייזן אז דאָס זענען צוויי באַזונדערע חבורות.**

## פרק ח.

א. האשה, א פרוי, אין דער צייט, וואָס זי איז אין הויז פון איר מאַן, אויב איר מאַן האָט געשאָכטן פאַר איר (א שעפּסל אלס קרבן פּסח) און איר פאָטער האָט געשאָכטן פאַר איר (אַן אנדער שעפּסל אלס קרבן פסח), זאָל זי עסן פון איר מאנס (שעפּסל). **דער דין איז, אז איין מענטש טאָר ניט האָבן צוויי שעפּסלעך אלס קרבנות פּסחים. ער קאָן זיין מיטבאַטייליגט נור אין איין שעפּסל. זאָגט די משנה, אז ווייל די פרוי איז אין הויז פון איר מאַן, איז מסתמא איר ווילן צו עסן פון איר מאנס שעפּסל.** הלכה, אויב זי איז געגאַנגען אויף דעם ערשטן יום טוב (פסח, דעם ערשטן יום טוב נאָך איר חתונה) צו פאַרברענגען (דעם יום טוב אַלס גאַסט) אין הויז פון איר פאָטער, און איר פאָטער האָט געשאָכטן פאַר איר (א שעפּסל) און איר מאַן האָט געשאָכטן פאַר איר (א שעפּסל), זאָל זי עסן וואו זי וויל. **די גמרא זאָגט, אז זי מוז האָבן אויס־געקליבן ביים שעכטן די שעפּסלעך, צו וועלכן זי וויל געהערן, און די משנה וויל לערנען, אז אויב זי האָט ניט אויסגעקליבן טאָר זי פון קיינעם פון די שעפּסלעך ניט עסן, ווייל איצט קאָן מען ניט זאָגן, אז מסתמא האָט זי געוואָלט עסן פון מאנס שעפּסל. די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט מען, ווען זי האָט פרייער ניט אַרויסגעוויזן די געוואוינהייט צו לויפן כסדר צום פאָטערס הויז.** יתום, א יתום, פאַר וועמען עס האָבן געשאָכטן די אפּוטרופּסים (דער יתום האָט געהאַט צוויי אפּוטרופּסים, וועלכע האָבן פאַרוואַלטעט מיט דעם יתום׳ס פאַרמעגן, און יעדער פון זיי האָט געשאָכטן פאַר דעם יתום א שעפּסל), זאָל ער עסן אין וועלכן אָרט ער וויל. **ווייל דער יתום קאָן פאַררעכנט ווערן, אז ער געהערט אָדער צום דעם איינעם אפּוטרופּוס׳ס בני בית אָדער דעם צווייטענס.** עבד, א שקלאַף וואָס געהערט צו צוויי שותפים זאָל ניט עסן פון קיינעם פון די ביידע. **עס איז נור פאַראַן די עצה אז ביידע שותפים זאָלן מסכים זיין, אז ער זאָל עסן פון דעם שעפּסל פון איינעם פון זיי.** מי שחציו, אויב איינער איז א העלפט א שקלאַף און א העלפט א פרייער מענטש (א בן חורין) זאָל ער ניט עסן פון זיין בעל הבית׳ס (שעפּסל). **עס קאָן זיין אזא פאַל, למשל, אויב דער שקלאַף האָט געהערט צו צוויי שותפים, און איין שותף האָט איהם באַפרייט, און דער שקלאַף איז געוואָרן א העלפט א פרייער מענטש. אויף דער משנה זענען פאַראַן עטליכע פשטים, דער רמבם זאָגט, אז דער דאָזיקער האלב־שקלאַף טאָר איבערהויפּט ניט עסן פון קרבן פסח, אפילו ניט פון זיין אייגענעם, כדי מען זאָל דאדורך צווינגען דעם בעל הבית צו באַפרייען איהם אינגאַנצן. אַן אנדערער פשט איז, אז פון זיין איי־גענעם קרבן פסח מעג ער יאָ עסן, ווייל לויטן דין צווינגט מען דעם בעל הבית צו באַפרייען איהם, און ער ווערט שוין דעריבער באַטראַכט אלס פרייער מענטש.**

ב. האומר, אויב איינער זאָגט (ערב פסח) צו זיין שקלאַף: „גיי און שעכט פאַר מיר דעם קרבן פסח״, איז דער דין, אַז אויב ער האָט געשאָכטן אַ ציגעלע, זאָל ער

**שחט טלה, יאכל. שחט גדי וטלה, יאכל מן הראשון. שכח מה אמר לו רבו, כיצד יעשה? ישחט טלה וגדי ויאמר: „אם גדי אמר לי רבי, גדי שלו, וטלה שלי, ואם טלה אמר לי רבי, הטלה שלו וגדי שלי״. שכח רבו מה אָמר לו, שניהם יצאו לבית השריפה, ופטורין מלעשות פסח שני:**

**ג. האומר לבניו: „הריני שוחט את הפסח על מי שיעלה מכם ראשון לירושלים״, כיון שהכניס הראשון ראשו ורובו, זכה בחלקו,**

---

(דער בעל הבית) עסן פון אים, און אויב ער האָט געשאָכטן א שעפּסל זאָל (דער בעל הבית) עסן. אלס קרבן פסח קאָן מען ברענגען אָדער א שעפּסל אָדער א ציגעלע. זאָגט די משנה, אז ווייל דער בעל הבית האָט דעם שקלאַף ניט ארויסגעזאָגט בפירוש וואָס ער וויל, כאָטש יעדעס יאָר פלעגט ער שעכטן א שעפּסל, איז וואָס דער שקלאַף האָט געשאָכטן הייסט עס מקיים געווען דעם בעל הבית׳ס באַפעל. שחט גדי וטלה, אויב (דער שקלאַף) האָט געשאָכטן א ציגעלע און א שעפּסל, זאָל ער (דער בעל הבית) עסן פון ערשטן. אויב דאָס ערשטע געשאָכטענע איז געווען א ציגעלע איז דאָס דער קרבן פסח, און אויב עס איז געווען א שפּסל איז דאָס דער קרבן פסח. שכח, אויב (דער בעל הבית האָט יאָ געזאָגט דעם שקלאַף וואָס ער זאָל שעכטן נאָר דער שקלאַף) האָט פארגעסן וואָס זיין בעל הבית האָט אים געזאָגט, וואָס זאָל ער טאָן? זאָל ער שעכטן א שעפּסל און א ציגעלע און זאָל זאָגן (אויסנעמען א תנאי): „אויב מיין בעל הבית האָט מיר געהייסן א ציגעלע, זאָל דאָס ציגעלע זיין זיינס (זיין קרבן פסח) און דאָס שעפּסל זאָל זיין מיינס (מיין קרבן פסח) און אויב מיין בעל הבית האָט מיר געהייסן א שעפּסל, זאָל דאָס שעפּסל זיין זיינט און דאָס ציגעלע זאָל זיין מיינט. דערנאָך ווען ער וועט געפינען דעם בעל הבית זאָל ער אים פרעגן וואָס ער האָט געהייסן, און דאָס זאָל זיין דעם בעל הבית׳ס קרבן פסח. די גמרא זאָגט, אז כאָטש א שקלאַף האָט ניט קיין פריוואַט־אייגנטום, און אלץ וואָס ער האָט געהערט צום בעל הבית, איז פאראַן פונדעסטוועגן די עצה, אז ער זאָל גיין צום בהמות־פארקויפער וואָס איז זיין בעל הבית׳ס א פריינט, און יענער זאָל אים שענקען איינס פון די צוויי (אָדער דאָס ציגעלע אָדער דאָס שעפּסל) מיטן תנאי, אז דער בעל הבית זאָל אין דעם ניט האָבן קיין רשות. שכח רבו, אויב זיין בעל הבית האָט פאַרגעסן וואָס ער האָט אים געזאָגט, דארפן ביידע (סיי דאָס שעפּסל סיי דאָס ציגעלע) ארויסגעפירט ווערן צום פארברענען (לבית השריפה, צום אָרט וואו מען פארברענט), און זיי (דער בעל הבית און דער שקלאַף) זענען פטור פון צו מאכן א פסח שני. עסן טאָרן זיי ניט דאָס ציגעלע און אויך ניט דאָס שעפּסל ווייל זיי ווייסן דאָך ניט וועלכעס עס איז דער קרבן פסח פון יעדן פון זיי (און מען טאָר ניט עסן פון א צווייטנס קרבן פסח). אָבער א קרבן פסח האָט יעדער פון זיי דאָך געבראכט, ווייל אין הימל ווייסט מען דאָך וואָס דער בעל הבית האָט געזאָגט, און ממה נפשך האָט דאָך יעדער (דער בעל הבית און דער שקלאַף) געבראכט א קרבן פסח. — די גמרא זאָגט, אז דאָס וואָס די משנה זאָגט פריהער, אז אויב דער בעל הבית האָט ניט געזאָגט בפירוש זאָל דער שקלאַף שעכטן א ציגעלע און א שעפּסל און דער בעל הבית זאָל עסן פון ערשטן, מיינט מען נור אז דער בעל הבית איז געווען א מלך און א מלכה, און מען מעג עס טאָן צוליב שלום מלכות, און אויך ווייל זיי זענען ניט מקפיד; אָבער סתם מענטשן טאָרן ניט, ווייל עס איז „אין ברירה״, מען קאָן ניט שפּעטער באַשטימען אז שוין פריער איז געווען אזוי.

ג. האומר, אז איינער זאָגט צו זיינע קינדער; „איך וויל שעכטן דעם קרבן פסח פאר דעם פון אייך וואָס וועט דער ערשטער אָנקומען קיין ירושלים״, ווי נור דער ערשטער (פון די קינדער) איז אריינגעקומען אין שטאָט מיט זיין קאָפּ און מיט דעם גרעסטן טייל פון זיין קערפּער האָט ער זוכה געווען זיין חלק (אין שעפּסל) און ער

ומזכה את אחיו עמו. לעולם נימנין עליו עד שיהא בו כזית לכל אחד ואחד; נימנין ומושכין את ידיהן ממנו עד שישחט. ר׳ שמעון אומר, עד שיזרק עליו את הדם.

ד. הממנה עמו אחרים בחלקו, רשאין בני חבורה ליתן לו את שלו, והוא אוכל משלו, והן אוכלין משלהן:

ה. זב שראה שתי ראיות, שוחטין עליו בשביעי. ראה שלש, שוח-

איז אויך מזכה זיינע ברידער צוזאמען מיט זיך. די גמרא זאגט, אז דא מיינט מען אז באמת האט ער אלע קינדער געמאכט פאר שותפים צום קרבן פסח, נאר ער האט געזאגט אז דער וועלכער וועט אריינקומען דער ערשטער זאל האבן דעם כבוד, און דורך אים זאל עס הייסן אז אויך די אנדערע קינדער באקומען די חלקים; און דאס איז כדי זיי מזרז צו זיין אז זיי זאלן קומען וואס פריער קיין ירושלים. לעולם, מען קאן כסדר צו-נעמען שותפים צו אים (צום קרבן-פסח-שעפסל) אזוי לאנג ווי עס איז פאראן א כזית פאר יעדן איינעם. דאס איז א באזונדערער דין אין דער משנה און האט ניט קיין שייכות צום פריערקן דין מיט די קינדער אין ירושלים. די משנה לערנט, אז מען קאן כסדר צונעמען שותפים צום שעפסל, נייע חברים צום עסן דעם קרבן פסח, אבער עס מוז זיין אין שעפסל פאר יעדן פון די חברים אזוי גרויס ווי א כזית פלייש. נימנין, מען קאן ווערן שותפים (צום שעפסל) און מען קאן זיך צוריקציען פון שותפות (מושכין ידיהן, צוריקציען די הענט, צוריקציען זיך) ביז (דאס שעפסל) ווערט געשאכטן. אבער נאכן שעכטן דאס שעפסל קאן מען שוין ניט. ר׳ שמעון זאגט אז ביז דאס בלוט (פון שעפסל) ווערט געשפריצט (אויפ׳ן מזבח). די גמרא זאגט, אז ר׳ שמעון האלט נור, אז מען קאן זיך אנטזאגן פון שותפות אפילו נאכן שעכטן דאס שעפסל אויב מען האט נאך ניט געשפריצט דאס בלוט. אבער ווערן א שותף צום שעפסל קאן מען נור ביז מען שעכט עס.

ד. הממנה, אז איינער (פון דער קאמפאניע, פון דער חבורה, וועלכע האבן צוזאמען א שעפסל אלס קרבן פסח) נעמט צו זיך צו א שותף צו זיין חלק, מעגן די אנדערע קאמפאניע-מענטשן (בני החבורה) געבן אים זיין חלק, און ער עסט (צו-זאמען) מיט זיין שותף פון זיין חלק, און זיי עסן פון זייערס. דאס הייסט, אז זיי קאנען צו אים זאגן, אז ער זאל זיך נעמען זיין חלק און עסן דערפון צוזאמען מיט זיין נייעם שותף באזונדער, און ניט צוזאמען מיט זיי, און אז זיי ווילן ניט האבן דעם נייעם שותף אין זייער קאמפאניע. די דאזיקע משנה האלט (ווי די פריעריקע משנה פרק ז׳ משנה י״ג) אז „פסח נאכל בשתי חבורות", אז איין קרבן-פסח-שעפסל קאן געגעסן ווערן אין צוויי קאמפאניעס, מחמת דא ווערן דאך זיין צוויי קאמפאניעס, דער מענטש מיט זיין נייעם שותף, און די אלטע קאמפאניע.

ה. זב, אויב א זב האט געזען (ביי זיך ארויספליסן) אומריינע פליסיקייט צוויי זעאונגן (צוויי מאל ארויספליסן) מעג מען פאר אים שעכטן (דעם קרבן פסח, אויב ערב פסח פאלט אויס) אין זיבעטן טאג (נאכן זעען דאס לעצטע מאל); אויב ער האט געזען דריי מאל, מעג מען פאר אים שעכטן אין זיין אכטן טאג. דער דין איז (זע אין דער הקדמה צו מסכתא זבים), אז איינער זעט, ווי עס רינט פון זיין געשלעכטס-ארגאן ארויס אן אומריינע פליסיקייט צוויי מאל הייסט ער א זב און ער איז טמא 7 טעג. אין זיבעטן טאג איז ער זיך טובל און ביינאכט מעג ער שוין עסן קרבנות. דעריבער אויב ביים זב איז דער 7טער טאג געווען ערב פסח, כאטש ער טאר דאך נאכניט עסן בייטאג קיין קרבנות, פונדעסטוועגן אויב ער האט זיך טובל געווען מעג מען פאר אים שעכטן דאס קרבן-פסח-שעפסל, און ביינאכט עסט ער דעם קרבן פסח. דאס איז, אויב ער האט געזען 2 מאל. אויב אבער ער האט געזען ווי עס איז פון אים ארויסגעלאפן דריי מאל, איז דער דין, אז ער איז טמא 7 טעג, און דעם 7טן טאג דארף ער זיך טובל זיין, אבער ביינאכט טאר ער נאכניט עסן קיין קרבנות-פלייש. ער מוז צוערשט דעם 8טן טאג ברענגען א קרבן און ערשט נאכן ברענגען דעם

**טין עליו בשמיני שלו. שומרת יום כנגד יום, שוחטין עליה בשני שלה. ראתה שני ימים, שוחטין עליה בשלישי. והזבה, שוחטין עליה בשמיני:**

**ו. האונן, והמפקח את הגל, וכן מי שהבטיחוהו להוציאו מבית האסורים, והחולה והזקן שהן יכולין לאכול כזית, שוחטין עליהן. על**

קרבן מעג ער עסן קרבנות־פלייש. איידער ער ברענגט דעם קרבן הייסט ער א „מחוסר כיפורים", עס „פעלט אים די כפרה", דער קרבן, וואס איז אים מכפר. **זאגט די משנה, אז ביי א זב מיט 3 זעאונגען מעג מען שעכטן פאר אים דעם קרבן פסח ערשט ווען ערב פסח איז זיין 8טער טאג; די גמרא גיט צו, אז דאס איז נור ווען ער האט אוועקגעגעבן זיין קרבן צום בית דין, און מען איז אזוי ארום זיכער, אז מען וועט אים מקריב זיין.** שומרת, אויב א פרוי איז א „שומרת יום כנגד יום" (זי ווארט א טאג איבער א טאג), מעג מען פאר איר שעכטן (דעם קרבן פסח, אויב ערב פסח איז) אין איר צווייטן טאג; אויב זי האט געזען צווי טעג, שעכט מען פאר איר (דעם קרבן פסח, אויב ערב פסח איז) אין איר דריטן טאג. **דער דין איז (מדאורייתא, לויט דער תורה, ווייל מדרבנן זענען פאראן חומרות) אז א פרוי, אין פארלויף פון עלף טעג נאך איר נידה־צייט, אויב זי זעט ביי זיך ארויספליסן בלוט איין טאג, איז זי טמא, און זי דארף „ציילן" (ווארטן, שומרת) בלויז דעם טאג דערנאך, דעם 2־טן טאג נאכן „זען", און אויב זי זעט ניט מער קיין בלוט איז זי זיך טובל דעם זעלבן טאג און ביינאכט הייסט זי ריין. אויב זי זעט צומארגנס אויך, איז זי טמא אויך צומארגנס, און זי דארף ציילן נאר דעם טאג איבערמארגן, דאס הייסט דעם 3טן טאג, און אויב זי זעט ניט מער קיין בלוט איז זי זיך טובל און ביינאכט איז זי ריין. אויב אבער זי זעט בלוט אויך איבערמארגן (דעם 3טן טאג), דאס הייסט, זי האט געזען בלוט 3 טעג, הייסט זי א זבה און זי איז טמא 7 טעג און דארף ציילן זיבן טעג ניט צו זען מער קיין בלוט, און איז זיך טובל, און דעם 8טן טאג ברענגט זי א קרבן, און נאכן ברענגען דעם קרבן מעג זי איז עסן קרבנות.** (ווי מיר האבן פריער דערקלערט ביי א זב). **זאגט די משנה, אז אויב די פרוי, די שומרת יום כנגד יום, האט געזען נור איין טאג, מעג מען פאר איר שעכטן דעם קרבן פסח אויב ערב פסח איז איר 2טער טאג (און זי האט זיך טובל געווען), מחמת ביינאכט מעג זי דאך שוין עסן דעם קרבן פסח. אויב זי האט געזען 2 טעג, מעג מען שעכטן פאר איר אויב ערב פסח איז דער 3טער טאג (און זי האט זיך טובל געווען), מחמת ביינאכט מעג זי עסן דעם קרבן פסח.** והזבה, און א זבה (אויב זי האט געזען דריי טעג) מעג מען פאר איר שעכטן (דעם קרבן פסח, אויב ערב פסח איז) אין איר אכטן טאג. **מחמת דעם 8טן טאג ברענגט זי דעם קרבן און ביינאכט מעג זי עסן דעם קרבן פסח.**

ו. האונן, אן אונן (אן אבל, וואס זיין נאנטער קרוב איז געשטארבן אין זעלבן טאג, אים ערב פסח), און איינער וועלכער גראבט־אויף אן איינגעפאלן בערגל (וואס איז ארויפגעפאלן אויף א מענטש און מען ווייסט ניט צי דער מענטש לעבט צי ער איז טויט), און אזוי אויך איינער (וועלכער זיצט אין תפיסה און) מען האט אים צו־געזאגט צו באפרייען (ערב פסח) פון דער תפיסה, און א קראנקער און אן אלטער מאן וועלכע קאנען עסן א כזית פלייש, מעג מען שעכטן אויף זיי (דאס קרבן־פסח־שעפסל אים ערב פסח). **דער טעם איז ווייל אן אונן מעג מדאורייתא עסן ביינאכט קרבנות־פלייש, און נור די רבנן האבן אים געאסרט צו עסן קרבנות־פלייש אויך ביינאכט, און ווייל אז מען מאכט ניט דעם קרבן פסח איז מען מחויב כרת, האבן די רבנן מתיר געמאכט. איינעם וועלכער גראבט אויף אן איינגעפאלן בערגל, נעמט מען אן, אז דער מענטש אונטער דעם בערגל לעבט און דער אויפגראבער איז דעריבער טהור.** על כולן, אויף די אלע דאזיקע מענטשן (וואס די משנה האט פריער אויסגערעכנט) טאר מען פאר זיי אליין ניט שעכטן דעם קרבן פסח (מען מעג נור שעכטן ווען צום שעפסל זענען שותפים אויך אנדערע מענטשן), ווייל (מען האט מורא) טאמער וועלן זיי ברענגן דערצו אז דער קרבן פסח זאל פסול ווערן. **ביים אונן האט מען מורא טא־**

**כולן אין שוחטין עליהן בפני עצמן, שמא יביאו את הפסח לידי פסול. לפיכך אם אירע בהן פסול, פטורין מלעשות פסח שני, חוץ מן המפקח בגל, שהוא טמא בתחילתו:**

**ז. אין שוחטין את הפסח על היחיד, דברי ר׳ יהודה. ור׳ יוסי מתיר. אפילו חבורה של מאה שאין יכולין לאכול כזית, אין שוחטין עליהן. אין עושין חבורת נשים ועבדים וקטנים:**

**ח. אונן טובל ואוכל את פסחו לערב, אבל לא בקדשים. השומע על**

---

מער וועט ער צוליב פארטוענקייט זיך מטמא זיין ביי זיין מת; **ביים אויפגראָבער פון בערגל האָט מען מורא טאָמער וועט דער מענטש געפינען ווערן טויט און דער אויפגראָבער וועט זיי טמא; ביים ארעסטירטן אין תפיסה מיינט מען, אז ער איז ארעסטירט ביי גוים, און מען האָט מורא טאָמער וועלן זיי ניט האלטן זייער וואָרט און אים ניט באפרייען; ביים קראנקן און אלטן מאן האָט מען מורא טאָמער וועט זיי ערגער ווערן און זיי וועלן ניט קאָנען עסן א כזית פלייש. אין די אלע פאלן וועט דאָך דאָס שעפסל בלייבן אָן עסערס און פסול ווערן. דעריבער מוז מען האָבן דערצו אנדערע שותפים.** לפיכך, דעריבער, אויב עס האָט זיך זיי טאקע געטראָפן אזא פסול (אויב דער אונן האָט זיך שפּעטער מטמא געווען, און דעם ארעסטירטן האָט מען ניט באפרייט, און דעם קראנקן און דעם אלטן מאן איז ערגער געוואָרן און זיי האָבן ניט געקאָנט עסן) זענען זיי פטור צו מאכן (אין 14טן טאָג אין אייר) א פסח שני. **מחמת בשעת מען האָט געשאָכטן זענען זיי געווען גוט און מען האָט געשפריצט דאָס בלוט פאר זיי הייסט עס אז זיי האָבן מקיים געווען ריכטיק דאָס מאכן דעם קרבן פסח אין דער צייט (ערב פסח).** חוץ, אן אויסנאם איז דער וועלכער גראָבט־אויף דאָס בערגל, ווייל ער איז געווען טמא באלד פון אָנהויב. **אויב מען האָט געפינען שפּעטער דעם מענטשן טויט אונטער דעם בערגל (און דאָס בערגל איז געווען ניט לאנג, נאָר קיילעכיק), האָט דאָך דער אויפגראָבער זיכער זיך געהאט אריבערגעבויגן איבער דעם מת און איז טמא געוואָרן צוליב „אוהל" (ווי א געצעלט, איבערבייגן זיך איבער דעם מת) נאָך פריער און איז געווען טמא שוין בעת מען האָט געשאָכטן דאָס שעפסל; ממילא דארף ער דעם 14טן אייר מאכן א פסח שני.**

ז. אין שוחטין, מען טאָר ניט שעכטן דאָס קרבן־פסח־שעפסל פאר איין מענטש אליין, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **ער לערנט עס אָפּ פון פסוק דברים טז „לא תוכל לזבוח את הפסח, באחד" אז „דו טאָרסט ניט שעכטן דעם קרבן פסח מיט איינעם".** ור׳ יוסי, און ר׳ יוסי איז מתיר; אפילו עס איז דאָ א חבורה (א קאָמפּאניע) פון הונדערט מענטשן און זיי קאָנען ניט עסן קיין כזית (פלייש) טאָר מען ניט שעכטן פאר זיי. **ר׳ יוסי זאָגט, אז עס איז אָפּהענגיג ניט פון דער צאָל מענטשן, נאָר פון קאָנען עסן. אויב איין מענטש קאָן עסן אכזית מעג מען פאר אים אליין שעכטן א שעפּסל; אויב אָבער 100 מענטשן און זיי קאָנען ניט עסן א כזית טאָר מען פאר זיי ניט שעכטן. עס זענען פאראן דערויף צוויי פירושים. דער רמבם טייטשט, אז אויך אפילו נור איינער פון די 100 מענטשן קאָן ניט עסן א כזית טאָר מען שוין ניט שעכטן. רשי זאָגט, אז אויב פון אלע 100 קאָן איינער עסן א כזית מעג מען שעכטן.** אין עושין, מען טאָר ניט מאכן א קאָמפּאניע (א חבורה, צום שעכטן דעם קרבן פסח) פון בלויז פרויען און שקלאפן און קליינע קינדער. **מען טאָר ניט פון פרויען און שקלאפן צוזאמען, צוליב מורא פאר אויסגעלאסענקייט; דאָס זעלבע אויך ניט פון שקלאפן און קליינע קינדער צוליב מורא פאר אויסגעלאסענקייט. אָבער פרויען באזונדער, שקלאפן באזונדער מעגן יאָ.**

ח. אונן, אן אונן איז זיך טובל (ערב פסח) און ער מעג עסן זיין קרבן פסח ביינאכט (אין דער ערשטער נאכט פון פסח). **מיר האָבן שוין פריער אין משנה ו׳ דערקלערט וואָס איז אונן, און אז ביינאכט איז ער אן אונן נור מדרבנן, און ווייל פאר ניט**

**מתו, והמלקט לו עצמות, טובל ואוכל בקדשים. גר שנתגייר בערב פסח, בית שמאי אומרים, טובל ואוכל את פסחו לערב, ובית הלל אומרים, הפורש מן הערלה כפורש מן הקבר:**

## פרק ט.

**א. מי שהיה טמא או בדרך רחוקה ולא עשה את הראשון, יעשה**

מאכן דעם קרבן פסח קומט כרת האָבן די רבנן מתיר געמאכט. אבל, אָבער ער (דער אונן ביינאכט) טאָר ניט (עסן) קרבנות־פליש. מחמת עסן סתם קרבנות־פלייש איז נור א געוויינליכע מצוה, און דעריבער האָבן די רבנן יאָ געאסרט אן אונן. השומע, אַז איינער איז געוואָר געוואָרן אַז זיין קרוב איז געשטאָרבן (און ער איז נאָך אים אן אבל), אָדער איינער, פאר וועמען מען האָט צוזאמענגענומען די ביינער (פון זיינע עלטערן, וועלכע זענען שוין מיט א צייט צוריק געשטאָרבן) איז ער זיך טובל און ער מעג עסן קרבנות פלייש (ביינאכט). מחמת אפילו בייטאָג איז ער אן אונן נור מדרבנן, אויב ער ווערט געוואויר א צייט דערנאָך וועגן טויט פון זיין קרוב, און אין טאָג פון קלייבן די ביינער איז דער טרויער (די אבילות) נאָר אין זעלבן טאָג, אָבער ביינאכט איז ער טהור. עס איז געווען אין די משנה־צייטן א מנהג אז מ'פלעגט פריער קובר זיין דעם מת אין אַ צייטווייליקן קבר, און נאָך א לאנגער צייט, נאָך עטליכע יאָר, ווען עס זענען נור געבליבן די ביינער פון מת, האָט מען זיי צונויפגעקליבן און קובר געווען אין דעם גרויסן משפחה־קבר. דאָס דאָזיקע צונויפקלויבן און איבערטראָגן די ביינער פון מת האָט געהייסן „ליקוט עצמות", און אין יענעם טאָג איז געווען א געוויסע אבלות. גר, אויב א גר האָט זיך מגייר געווען (זיך מל געווען) ערב פסח, זאָגן די בית שמאי, אז ער איז זיך טובל און ער מעג עסן זיין קרבן פסח אין אוונט, און די בית הלל זאָגן, אז ווער עס שיידט זיך אָפּ פון אַ ערלה (פון דעם אָפּגעשניטענעם מילה־פלייש) איז גלייך ווי ער שיידט זיך אָפּ פון אַ קבר (און ער איז טמא זיבן טעג. די גמרא זאָגט, אז אויב א ייד וועלכן מען האָט קליינערהייט ניט געקאָנט מל זיין) האָט זיך מל געווען גרויסערהייט אים ערב פסח האלטן אויך די בית הלל, אז ער מעג עסן ביינאכט דעם קרבן פסח. די מחלוקה איז נור וועגן א גוי וועלכער האָט זיך מגייר געווען און זיך געלאָזט מל זיין ערב פסח. די בית שמאי האלטן, אז אויך ער מעג עסן ביינאכט דעם קרבן פסח. אָבער די בית הלל זאָגן, אז עס איז מורא צו האָבן טאָמער האָט דער גוי אָנגערירט א מת, און דערנאָך האָט ער זיך מגייר געווען ערב פסח, און אזוי ווי א גוי (אָנרירענדיק א מת) ווערט ניט טמא, וועט ער דאָך ביינאכט מעגן עסן דעם קרבן פסח; און איבעראיאָר, ווען ער וועט שוין זיין א ייד, וועט ער אויך האָבן פאר פסח אָנגערירט א מת, און ער וועט מיינען, אז אויך דאָס־מאָל מעג ער זיך טובל זיין און ביינאכט עסן דעם קרבן פסח, און ער וועט ניט וויסן, אז איצט איז ער א ייד און ער איז טמא געוואָרן און ער דארף ווארטן זיבן טעג און מען דארף אויף אים שפריצן (דעם 3טן טאָג און דעם 7טן טאָג) מיט דעם וואסער פון דעם אש פון דער פרה אדומה. דעריבער זאָגן די בית הלל, אז דער גר האָט דעם דין ווי ער איז אוועקגעגאנגען פון א קבר און אז ער איז טמא זיבן טעג און מען דארף אויף אים שפריצן מיט אש־וואסער פון דער פרה אדומה דעם 3טן טאָג און דעם 7טן טאָג.

## פרק ט.

א. מי שהיה, אויב איינער איז (ערב פסח) טמא אָדער ער איז אין א וויטן וועג (וויט פון בית המקדש) און ער האָט (דעריבער) ניט געמאכט דעם ערשטן (קרבן פסח) זאָל ער מאכן דעם פסח שני (דעם צווייטן קרבן פסח). „ראשון", ערשטער, מיינט מען דעם קרבן פסח וועלכן מען ברענגט ערב פסח, דעם 14טן טאָג אין ניסן. „שני", צווייטער, מיינט מען דעם קרבן פסח, וועלכן מען דארף ברענגן אים פסח שני, דעם 14טן טאָג אין אייר, אויב מען האָט אים ניט געקאָנט ברענגן דעם 14טן טאָג

**את השני. שגג או נאנס ולא עשה את הראשון, יעשה השני. אם כן למה נאמר טמא או שהיה בדרך רחוקה? שאלו פטורין מהכרת, ואלו חייבין בהכרת:**

**ב. איזו היא דרך רחוקה? מן המודיעים ולחוץ, וכמדדתה לכל רוח, דברי ר׳ עקיבא. ר׳ אליעזר אומר, מאסקופת העזרה ולחוץ. אמר ר׳ יוסי, לפיכך נקוד על ה׳ לומר, לא מפני שרחוקה ודאי, אלא מאסקופת העזרה ולחוץ:**

**ג. מה בין פסח ראשון לשני? הראשון אסור בבל יראה ובבל**

---

**אין ניסן.** שגג, אויב ער איז געווען א שוגג (ער האָט ניט געוואוסט אז עס איז ערב פסח) אָדער ער איז געווען אן אונס (ער האָט ניט געקאָנט צוליב א צוואנג־סיבה) און ער האָט ניט געמאכט דעם ערשטן (קרבן פסח אים ערב פסח) זאָל ער מאכן דעם (פסח) שני. **די גמרא זאָגט, אַז אויך ווען ער איז געווען אַ מזיד, און האָט בכונה ניט געבראכט דעם קרבן פסח אים ערב פסח, דאַרף ער ברענגען דעם פסח שני.** אם כן, אויב אזוי, צו וואָס זשע ווערט געזאָגט (אין חומש במדבר ט׳, אז עס זאָלן מאכן דעם פסח שני) א טמא אָדער דער וועלכער איז אין ווייטן וועג? (איז דער ענטפער, אז דער פסוק לערנט אונז): אז די דאָזיקע (דער וועלכער איז געווען טמא אָדער אין ווייטן וועג) זענען פטור פון דער שטראָף כרת (אויב זיי האָבן ניט געמאכט דעם פסח שני), אָבער די דאָזיקע (דער שוגג און דער אונס און אודאי דער מזיד) זענען חייב די שטראָף כרת. **דאָס מיינט מען, אז עס קומט זיי כרת אויב זיי האָבן במזיד ניט גע־בראכט דעם 14טן טאָג אין אייר דעם קרבן פסח (דעם פסח שני).**

ב. איזו, וואָס הייסט אַ ווייטער וועג? **ווי ווייט דאַרף זיך אַ מענטש געפינען פון בית המקדש ערב פסח, אז עס זאָל הייסן, אז ער איז ווייטן וועג?** מן, פון מודיעים און ווייטער, און אזוי ווי איר מאָס אין יעדער זייט, אזוי זאָגט ר׳ עקיבא. **„מודיעים" איז אן אָרט אין ארץ ישראל צו מערב פון ירושלים, צום מיטלענדישן ים צו. דאָס אָרט ווערט דערמאָנט אין ספר החשמונאים, אַז דאָרט האָט געוואוינט מתתיהו הכהן און זיינע 5 זין, די חשמונאים־ברידער. היינט איז עס אן אראביש דאָרף מידיא. די גמרא זאָגט, אז עס איז ווייט פון ירושלים 15 מיל; א מיל איז א תחום שבת, 2000 איילן, און 15 מייל איז 30000 איילן; זאָגט ר׳ עקיבא, אז איינער האָט זיך געפינען ערב פסח פון מודיעים און ווייטער, און לויט דער דאָזיקער מאָס אין יעדער זייט פון ירושלים (אין מזרח, צפון, דרום), דאָס הייסט 30,000 איילן און ווייטער, הייסט עס אז ער איז געווען אין א ווייטן וועג, דער טעם איז, ווייל א געוויינטליכער מענטש קאָן גיין אזא וועג פון 30 טויזנט איילן פון אין דער פרי ביז נאָכמיטאָג, ווען מען איז מקריב דעם קרבן פסח.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז פון דער שוועל פון דער עזרה (בית המקדש־הויף) און ווייטער (אין דרויסן). **לויט ר׳ אליעזר הייסט זיך געפינען אין „ווייטן וועג", אויב איינער איז געווען לעבן ירושלים און איז קראנק געוואָרן און האָט זיך פארהאלטן און איז אָנגעקומען צו דער שוועל פון דער עזרה צום סוף פון מקריב זיין דעם קרבן פסח.** אָמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אַז דעריבער איז פאראן (אין דער ספר תורה) א פינטעלע (א נקודה) אויף דער „ה" (פון וואָרט „רחוקה"), כדי צו זאָגן, אז ניט דערפאר ווייל (דער וועג) איז זיכער א ווייטער (רחוקה) נאָר אויך ווען מען איז געווען (צום סוף פון מקריב זיין דעם קרבן פסח) אויסער דער שוועל פון דער עזרה. **דער ברטנורא זאָגט אז דאָס פינטעלע אויף דער „ה" מיינט, אז ער איז געווען 5 איילן אויסער דער שוועל פון דער עזרה.**

ג. מה, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן פסח און דעם פסח שני? דעם ערשטן פסח איז אסור צו האלטן חמץ אין שטוב (בל יראה און בל ימצא, מען זאָל ניט זען און עס זאָל זיך ניט געפינען חמץ אין שטוב) און דעם צווייטן (אים פסח שני) קאָנען זיין חמץ און מצה מיט אים (צוזאמען מיט דעם קרבן פסח) אין שטוב.

**ימצא, והשני מצה וחמץ עמו בבית. הראשון טעון הלל באכילתו, והשני אינו טעון הלל באכילתו. זה וזה טעון הלל בעשייתן, ונאכלין צלי על מצה ומרורים, ודוחין את השבת:**

**ד. הפסח שבא בטומאה, לא יאכלו ממנו זבין וזבות, נדות ויולדות; ואם אכלו, פטורים מכרת. ר׳ אליעזר פוטר אף על ביאת מקדש:**

**ה. מה בין פסח מצרים לפסח דורות? פסח מצרים מקחו מבעשור,**

---

**אים פסח שני מעג מען ניט נאָר האָבן חמץ אין שטוב נאָר מען מעג אויך עסן חמץ.** הראשון, דער ערשטער קרבן פסח דאַרף מען ביים עסן אים (אין דער ערשטער פסח־נאַכט פון 14טן אויפן 15טן ניסן) זאָגן הלל, און ביים צווייטן עסן אין דער נאַכט פון פערצענטן אייר אויפן פופצנטן אייר) ניט זאָגן קיין הלל. **די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק ישעיה ל׳ „השיר יהיה לכם כליל התקדש חג״, אז הלל דאַרף מען זאָגן נור ווען די נאַכט איז מקודש צו יום טוב, און דער 15טער טאָג אין אייר איז ניט קיין יום טוב.** זה וזה, סיי דער (ערשטער קרבן פסח) און סיי דער (קרבן פסח שני) דאַרף מען זאָגן הלל ווען מען מאַכט אים. **דאָס הייסט ווען מען שעכט זיי און מען שפּריצט דאָס בלוט דעם 14טן ניסן און דעם 14טן אייר. די גמרא זאָגט, ווייל פון דערמאָנטן פּסוק אין ישעיה האָט מען נור אָפּגעלערנט אז ביינאַכט זאָל מען ניט זאָגן הלל, אָבער בייטאָג זאָל מען יאָ זאָגן הלל.** ונאכלים, און זיי (סיי דער ערשטער קרבן פסח און סיי דער קרבן פסח שני) דאַרפן ווערן געגעסן (נור) געבראָטן (אויפן פייער, ״צלי אש״), אויף מצות און מרור (דאָס קרבן־פסח־פלייש דאַרף מען עסן צוזאמען מיט מצות און מרור), און זיי זענען דוחה שבת. **אויב דער 14טער טאָג איז ניסן אָדער דער 14טער טאָג אין אייר פאַלן אויס אים שבת שעכט מען און מען איז מקריב דעם קרבן פסח (סיי פון ערשטן סיי פון צווייטן) אים שבת.**

ד. הפסח, ווען דער קרבן פסח ווערט געבראַכט בטומאה (אויב דאָס רוב יידן, אָדער כהנים אָדער כלי שרת זענען טמא געוואָרן דורך א מת) זאָלן פון אים ניט עסן ניט זבים און ניט זבות און ניט נידות און ניט קימפּעטאָרינס. **זבים און זבות הייסן מענער און פרויען, פון וועלכע עס פליסט א ניט־ריינע פליסיקייט (זע פריער פרק ח׳ משנה ה׳); נידה הייסט די פרוי אין איר נידה־צייט (מאָנאַטליכע בלוטיגונג); יולדת איז א קימפּעטאָרין, די תורה האָט געזאָגט, אז די אַלע זענען טמא. זאָגט די משנה, אז דער פּסוק (במדבר ט׳) „איש איש״, פון וועלכן מען לערנט אַראָפּ אז אויב ס׳רוב יידן זענען טמא מעג מען ברענגען דעם קרבן פסח בטומאה („איש איש״, נאָר איינצלנע טמאים ווערן איבערגעשיקט צום פסח שני, אָבער ניט א ציבור), איז געזאָגט געוואָרן נור ביי טמאי מתים, מענטשן וואָס זענען טמא געוואָרן דורך א מת; מיינט דאָס, אז אַזעלכע טמאים ווי זבים און זבות און נידה און א קימפּעטאָרין קאָנען ניט ברענגען דעם קרבן פסח בטומאה, און ממילא טאָרן זיי ניט עסן דאָס קרבן־פסח־פלייש,** ווייל א טמא מענטש טאָר ניט עסן קרבנות־פלייש. ואם, און אויב זיי האָבן געגעסן זענען זיי פּטור פון כרת. **אין חומש ויקרא ז׳ ווערט געזאָגט „כל טהור יאכל בשר״ און באַלד דערנאָך אז ווען מען עסט קרבנות־פלייש ווען מען איז טמא קומט כרת; לערנט מען דערפון אז דאָס מיינט מען נור קרבנות־פלייש וואָס ווערט געגעסן דורך טהורים, אָבער ווייל דער קרבן פסח וואָס מען ברענגט בטומאה ווערט דאָך געגעסן דורך טמאי מת, קומט שוין ניט קיין כרת אויב אנדערע טמאים עסן עס.** ר׳ אליעזר פּטרט אויך אויף אַריינקומען אין בית המקדש. **א טמא מענטש ווען ער קומט אַריין אין בית המקדש קומט כרת. זאָגט ר׳ אליעזר, אז ווייל ווען מען ברענגט דעם קרבן פסח בטומאה מעגן דאָך דעמאָלס טמאי מת אַריינגיין אין בית המקדש הויף, דעריבער אויב די זבים און זבות און נידות און קימפּעטאָרינס זענען אַריינגעגאַנגען דעמאָלס אין בית המקדש הויף קומט זיי ניט די שטראָף כרת.**

ה. מה, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן קרבן פסח, וועלכן די יידן האָבן

**וטעון הזאה באגודת אזוב על המשקוף ועל שתי מזוזות, ונאכל בחפזון בלילה אחד, ופסח דורות נוהג כל שבעה:**

**ו. אמר ר׳ יהושע, שמעתי שתמורת הפסח קריבה, ותמורת הפסח אינה קריבה, ואין לי לפרש. אמר ר׳ עקיבא, אני אפרש, הפסח שנמצא קודם שחיטת הפסח, ירעה עד שיסתאב, וימכר, ויקח בדמיו שלמים, וכן תמורתו; אחר שחיטת הפסח קרב שלמים, וכן תמורתו:**

---

מקריב געווען) אין מצרים, און דעם קרבן פסח (וועלכן די יידן זענען מקריב) אין די שפּעטערדיקע דורות (צייטן)? דעם קרבן פסח אין מצרים האָט מען (דאָס שעפּסל) געדאַרפֿן קויפֿן דעם צענטן (טאָג אין ניסן), און ער האָט געדאַרפֿן (האָבן אז מען זאָל מיט זיין בלוט) שפּריצן מיט א בינטל איזוב (איזאָפּ־שטעקעלע) אויף דעם אָבער־שטידל (משקוף, אין דער הויך איבער דער טיר פון הויז) און אויף די צוויי בייַ־שטידלעך (מזוזות, פון ביידע זייטן טיר), און ער איז געגעסן געוואָרן שנעל (בחפזון) אין איין נאכט; און דער פסח אין די שפּעטערדיקע דורות איז נוהג (דויערט) גאַנצע זיבן (טעג). **די גמרא זאָגט, אז אין דער משנה פעלן דאָ צום סוף עטליכע ווערטער, און עס דאַרף זיין, אז דעם פסח וואָס די יידן האָבן געפּייערט אין מצרים האָט מען ניט געטאָרט עסן חמץ נאָר איין טאָג (דעם ערשטן טאָג פסח), און אין פסח פון די שפּעטערדיקע צייטן טאָר מען ניט עסן חמץ זיבן טעג. די פּרטים וועגן פסח אין מצרים, וואָס איז געפּייערט געוואָרן ווען די יידן זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים, ווערן געזאָגט אין חומש שמות י״ב און י״ג.**

ו. אמר, האָט ר׳ יהושע געזאָגט: איך האָב געהערט, אז די תמורה פון קרבן פסח (תמורה, אויסטויש, אויב מען האָט דאָס קרבן־פסח־שעפּסל אויסגעטוישט אויף אן אנדערן שעפּסל) איז מען מקריב, און אז די תמורה פון קרבן פסח איז מען ניט מקריב, און איך ווייס ניט עס צו דערקלערן. **ר׳ יהושע האָט געהערט פון זיינע רביים צוויי דינים, איין דין אז די תמורה פון קרבן פסח דאַרף מען יאָ מקריב זיין, און א צווייטן דין אז מען טאָר ניט מקריב זיין. און ער האָט ניט געוואוסט, וועלכע תמורה דאַרף מען און וועלכע טאָר מען ניט.** אמר ר׳ עקיבא, האָט ר׳ עקיבא געזאָגט: איך וועל עס דערקלערן: אויב דאָס קרבן פסח (שעפּסל איז פאַרלוירן געוואָרן און מען האָט מקדיש געווען אן אנדער שעפּסל אויף זיין אָרט און דערנאָך) איז עס (דאָס ערשטע שעפּסל) געפינען געוואָרן איידער מען האָט געשאָכטן (דאָס אנדערע שעפּסל אלס) קרבן פסח, זאָל דאָס ערשטע שעפּסל זיך פּאַשען ביז עס וועט באַקומען א פּע־לער און מען זאָל עס דעמאָלס פאַרקויפֿן (אויסלייזן) און עס זאָל ווערן אויס הייליק חולין) און מען זאָל פאַר דעם געלט קויפֿן א (בהמה און איר מקריב זיין אלס) קרבן שלמים; און אזוי איז אויך דער דין מיט זיין תמורה (אויב מען האָט דאָס ערשטע שעפּסל אויסגעטוישט אויף אן אנדער שעפּסל). **דאָס איז דער דין, ווען די תמורה פון קרבן פסח שעפּסל איז מען ניט מקריב נאָר מען וואַרט ביז עס וועט באַקומען א פּעלער און מען וועט עס קאָנען פאַרקויפֿן אלס חולין און פאַר דעם געלט קויפֿן א בהמה כדי מקריב צו זיין איר אלס שלמים. דער טעם איז, ווייל קוים האָט מען עס געפינען פאַרן שעכטן דאָס צווייטע שעפּסל, און מען האָט דאָס ערשטע שעפּסל ניט געשאָכטן, הייסט עס, אז מען האָט עס „מדחה״־געווען־בידים״, מען האָט עס בכוונה אָפּגעוואָרפֿן, אָפּגעשטויסן. דעריבער קאָן מען עס שפּעטער ניט מקריב זיין אפילו אלס קרבן שלמים.** אחר שחיטת, אויב (מען האָט געפינען דאָס ערשטע שעפּסל) נאָכדעם ווי מען האָט שוין געהאט געשאָכטן (דאָס צווייטע שעפּסל אלס) קרבן פסח, זאָל מען (דאָס ערשטע שעפּסל) מקריב זיין אלס קרבן שלמים, און אזוי זאָל מען אויך (מקריב זיין אלס קרבן שלמים) זיין תמורה (אויב מען האָט דאָס געפינענע שעפּסל אויסגעטוישט אויף אן אנדער שעפּסל). **ווייל קוים האָט מען עס געפונען שוין נאָך דערשחיטה פון צווייטן שעפּסל, האָט מען דאָך דאָס ערשטע שעפּסל ניט געקאָנט מקריב זיין אלס קרבן פסח, הייסט עס ניט ווי מען האָט עס „מדחה־געווען־בידים״,**

ז. המפריש נקבה לפסחו, או זכר בן שתי שנים, ירעה עד שיסתאב, וימכר, ויפלו דמיו לנדבה׃ המפריש פסחו ומת, לא יביאנו בנו אחריו לשם פסח, אלא לשם שלמים׃

ח. הפסח שנתערב בזבחים, כולן ירעו עד שיסתאבו, וימכרו, ויביא בדמי היפה שבהן ממין זה, ובדמי היפה שבהן ממין זה, ויפסיד המותר

---

דעריבער איז מען מקריב אלס שלמים סיי דאָס שעפּסל אליין סיי אויך זיין תמורה. „תמורה" הייסט ווען מען האָט צוויי בהמות, איינע וועלכע מען האָט מקדיש געווען אלס קרבן, און איינע א געוויינטליכע, חולין, און מען זאָגט אז די צווייטע געוויינט־ליכע זאָל זיין הקדש אנשטאט די ערשטע (זו תמורת זו) און דער דין איז, אז דא־מאָלס זענען ביידע בהמות הקדש.

ז. המפריש, אַז איינער שיידט־אָפּ (איז מקדיש) אַ בהמה א נקבה צו ברענגען איר אלס זיין קרבן פסח, אָדער א בהמה א זכר, וואָס איז אלט צוויי יאָר, זאָל די בהמה זיך פּאַשן ביז זי ווערט באַקומען א פעלער און מען זאָל איר דעמאָלס פאַרקויפן, און דאָס געלט זאָל אריינפאלן (געגעבן ווערן אין בית המקדש צו ברענגען דערפאַר) קרבן נדבה. דאָס שעפּסל אלס קרבן פסח האָט געמוזט זיין א זכר און ניט עלטער פון א יאָר. אויב איינער האָט מקדיש געווען א נקבה אָדער א צוויי־יעריגן זכר אלס זיין קרבן פסח, און פאַרקויפן א גאַנצע הקדש־בהמה קאָן מען ניט, דאַרף מען וואַרטן ביז זי באַקומט א פעלער, א מום, און דעמאָלס מעג מען איר פאַרקויפן (אויסלייזן) און דאָס געלט זאָל מען אוועקגעבן אין בית המקדש אין דער קאַסע, פון וואַנען מען פלעגט קויפן בהמות און מקריב זיין אלס עולות (די גאַנצע בהמה ווערט פאַרברענט אויפן מזבח) נדבה, א נדבה, פרייוויליקער קרבן צו גאָט. המפריש פסחו, אַז איינער האָט אָפּגעשיידט (א שעפּסל, א זכר, יינגער פון צוויי יאָר) צו ברענגען עס אלס זיין קרבן פסח, און ער איז געשטאָרבן (איידער ער האָט עס געבראַכט אלס קרבן פסח) זאָל זיין זון עס ניט ברענגען אלס זיין (דעם זון'ס) קרבן פסח, נאָר אלס קרבן שלמים. ווײַל דער דין איז, אז א שעפּסל אלס קרבן פסח, וואָס מען האָט ניט מקריב געווען אלס קרבן פסח, זאָל מען דערנאָך מקריב זיין אלס שלמים. קרבן שלמים איז מען מקריב אויפן מזבח נור דאָס פעטס, און די כהנים קריגן דערפון נאָר געוויסע טיילן, און דאָס איבריקע פלייש קאָן ווערן געגעסן אויך דורך ישראלים אין ירושלים.

ח. הפסח שנתערב, אויב א (שעפּסל וואָס איז באַשטימט אלס) קרבן פסח האָט זיך אויסגעמישט מיט (שעפּסלעך, וועלכע זענען באַשטימט אלס) אנדערע קרבנות, זאָלן אלע זיך פּאַשן ביז זיי וועלן באַקומען פעלערן, און מען זאָל זיי דעמאָלס פאַר־קויפן און פאַר דעם געלט פון דעם טייערסטן פון זיי זאָל מען ברענגען דעם קרבן פון דעם (איינעם) מין, און פאַר דעם געלט פון דעם טייערסטן פון זיי זאָל מען ברענגען דעם קרבן פו דעם אנדערן מין, און ער זאָל דעם געלט־אונטערשיד (המותר, דאָס איבריקע) פאַרלירן פון זיין הויז (פון זיין אייגן געלט). די מפרשים טייטשן די משנה אזוי: עס זענען, למשל געווען דריי שעפּסלעך, איינס אַלס קרבן פסח, איינס, אַלס עולה און איינס אלס אשם (אַ קרבן, וואָס זיין פלייש ווערט געגעסן נור צו כהנים), און זיי האָבן זיך אויסגעמישט. איין שעפּסל איז ווערט געווען א סלע (א טאַלער) און די אנדערע צוויי נור צו האלבע סלע. דאַרף מען די שעפּסלעך לאָזן צוערשט באַ־קומען פעלערן (ווייל גאַנצע קרבנות־שעפּסלעך קאָן מען ניט פאַרקויפן) און מען ברענגט דריי סלעים, דריי טאַלערס, און מען קויפט אויס די שעפּסלעך, און פאַר איין טאַלער קויפט מען א קרבן עולה, און פאַר איין טאַלער א קרבן אשם און פאַר איין טאַלער א קרבן שלמים (ווי מיר האָבן פריער געלערנט דאַרף מען דאָס געלט פאַר א קרבן־פסח־שעפּסל, וואָס מען האָט ניט מקריב געווען צו דער צייט, קויפן דערפאַר א שעפּסל אלס קרבן שלמים). מען דאַרף אזוי טאָן, ווייל וועגן יעדן קרבן קאָן מען דאָך מיינען, אז דאָס איז געווען דאָס טייערע טאַלער־שעפּסל. מען האָט היזק א טאַלער, ווייל די דריי שעפּסלעך זענען דאָך באמת ווערט ניט מער ווי 2 טאַלער,

**מביתו. נתערב בבכורות, רבי שמעון אומר, אם חבורת כהנים יאכלו:**

**ט. חבורה שאבדה פסחה, ואמרה לאחד: „צא ובקש ושחוט עלינו", והלך ומצא ושחט, והם לקחו ושחטו, אם שלו נשחט ראשון, הוא אוכל משלו והם אוכלים עמו משלו; ואם שלהן נשחט ראשון, הם אוכלין משלהן והוא אוכל משלו. ואם אינו ידוע איזה מהן נשחט ראשון, או ששחטו שניהן כאחד, הוא אוכל משלו: והם אינם אוכלין עמו**

**און ניט 3 טאָלער.** נתערב בבכורות, אויב דאָס (קרבן פסח־שעפּסל) האָט זיך אויסגע־מישט מיט (שעפּסלעך) בכורים, זאָגט ר׳ שמעון, אז אויב די חבורה (די קאָמפּאַניע וואָס דאַרף ברענגען דעם קרבן פסח) זענען כהנים, זאָלן זיי עסן (די שעפּסלעך) אלס קרבן פסח. **מחמת נור כהנים מעגן עסן דאָס פלייש פון א בכור. ר׳ שמעון האַלט, אז כאָטש מען פאַרקלענערט דאַדורך די צייט פון מעגן עסן דעם בכור־קרבן, וועלכער ווערט געגעסן צוויי טעג און א נאַכט, דאַקייגן דער קרבן פסח ווערט געגעסן נור ביז דער האַלבער נאַכט פון פסח און דאָס בכורים־פלייש וועט נאָך דער האַלבער נאַכט פסול ווערן, פונדעסטוועגן מעג מען. די חכמים אָבער האַלטן, אז אויך ביים אויס־מישן זיך מיט בכורים דאַרף מען די שעפּסלעך לאָזן באַקומען פעלערס און פאַרקויפן, אזוי ווי מען טוט ווען דאָס קרבן פסח־שעפּסל מישט זיך אויס מיט אַנדערע קרבנות. די מחלוקה איז, וואָס ר׳ שמעון האַלט, אז „מביאין קדשים לבית הפסול", מען מעג ברענגען דערצו, אז קרבנות־פלייש זאָל פסול ווערן, און די חכמים האַלטן, אז „אין מביאין קדשים לבית הפסול", מען טאָר עס ניט טאָן.**

ט. חבורה, א קאָמפּאַניע, וועמענס קרבן־פסח־שעפּסל איז פאַרלוירן געוואָרן, און זיי (די קאָמפּאַניע־מענטשן) האָבן געזאָגט צו איינעם (פון זייערע חברים): „גיי און זוך און (ווען דו וועסט געפינען דאָס שעפּסל) שעכט עס (אלס קרבן פסח) פאַר אונזערט וועגן", און ער איז געגאַנגען און האָט עס געפונען און געשאָכטן, און זיי האָבן (דערווײַלע) געקויפט (אן אנדער שעפּסל) און געשאָכטן (אלס קרבן פסח), (איז דער דין, אז) אויב זיינס (דאָס געפינענע) איז געשאָכטן געוואָרן צוערשט, עסט ער פון זיינס און זיי עסן מיט אים פון זיינס. **מחמת נאָכן שעכטן דאָס שעפּסל קאָנען זיי זיך ניט צוריקציען, ממילא הייסט עס אז עס איז זייער קרבן פסח. און דאָס שעפּסל, וואָס זיי האָבן געשאָכטן אלס קרבן פסח איז פסול, און מען דאַרף עס פאַרברענען.** ואם שלהן, און אויב זייערס איז געשאָכטן געוואָרן צוערשט זאָלן זיי עסן פון זייערס, און ער עסט פון זיינס (פון דעם געפינענעם). **ווייל זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן צו דער ריכטיקער צייט פון געפינענעם שעפּסל, און זייער געקויפטע שעפּסל איז זייער קרבן פסח; און ער האָט זיך דאָך ניט צוריקגעצויגן, דעריבער איז דאָס געפינענע שעפּסל זיין קרבן פסח.** ואם אינו ידוע, און אויב מען ווייסט ניט, וועלכער פון זיי איז געשאָכטן געוואָרן צוערשט, אָדער זיי האָבן געשאָכטן (ביידע שעפּסלעך) צוזאַמען (אין איין צייט), זאָל ער עסן פון זיינס, און זיי טאָרן ניט עסן מיט אים (פון זיין שעפּסל) און זייער (שעפּסל) ווערט אַרויסגעפירט צום פאַרברענט ווערן (לבית השריפה). **ער מעג עסן, ווייל עס איז דאָך זיכער זיין קרבן פסח. אָבער זיי טאָרן ניט עסן פון זיינס, ווייל טאָמער איז זייערס פריער געשאָכטן געוואָרן; און זיי טאָרן אויך ניט עסן פון זייער שעפּסלעך, ווייל טאָמער איז זיינס פריער געשאָכטן געוואָרן. דערי־בער דאַרף מען זייער שעפּסל פאַרברענען.** ופטורין, און זיי זענען פטור צו מאַכן א פסח שני. **זיי דאַרף ניט ברענגען אין 14טן טאָג אין אייר א פסח שני (ווי עס דאַרפן ברענגען מענטשן וועלכע האָבן ניט געבראַכט ערב פסח אין ניסן דעם קרבן פסח), ווייל ממה נפשך האָבן זיי דאָך געהאַט א קרבן פסח, אָדער זיין שעפּסל אָדער זייערס. און דאָס וואָס זיי האָבן ניט געגעסן שאַדט ניט, ווייל „אכילת פסחים אינה מעכבת", דאָס ניט עסן פון קרבן פסח פלייש הייסט ניט אז מען האָט ניט מקיים געווען די מצוה.** אָמר להן, אויב ער (דער מענטש, וועלכער איז געגאַנגען זוכן דאָס שעפּסל) האָט צו זיי געזאָגט: „אויב איך וועל מיך פאַרשפּעטיקן (מיטן געפינען דאָס שעפּסל) גייטס

**ושלהן יצא לבית השריפה, ופטורין מלעשות פסח שני. אמר להן: „אם אחרתי, צאו ושחטו עלי״, הלך ומצא ושחט והן לקחו ושחטו, אם שלהן נשחט ראשון הן אוכלין משלהן והוא אוכל עמהן, ואם שלו ראשון, הוא אוכל משלו והן אוכלין משלהן. ואם אינו ידוע איזה מהם נשחט ראשון, או ששחטו שניהם כאחד, הן אוכלין משלהן, והוא אינו אוכל עמהן, ושלו יצא לבית השריפה, ופטור מלעשות פסח שני. אמר להן ואמרו לו, אוכלין כולם מן הראשון. ואם אין ידוע איזה מהן נשחט ראשון, (שניהן) יוצאין לבית השריפה. לא אָמר להן ולא אמרו לו, אינן אחראין זה לזה:**

**י. ב׳ חבורות שנתערבו פסחיהן, אלו מושכין להן אחד ואלו מושכין להן אחד, אחד מאלו בא לו אצל אלו, ואחד מאלו בא לו אצל אלו,**

---

און שעכטס (אן אנדער שעפּסל) אויך פאַר מיינעטוועגן״ (און זיי האָבן צו אים ניט געזאָגט צו שעכטן דאָס ערשטע שעפּסל פאַר זייערס וועגן) און ער איז געגאַנגען און האָט געפונען (דאָס ערשטע שעפּסל) און האָט עס געשאָכטן און זיי האָבן געקויפט אן אנדער שעפּסל און געשאָכטן, (איז דער דין), אויב זייערס איז געשטאָכטן געוואָרן צוערשט עסן זיי פון זייערס און ער עסט מיט זיי (פון זייער שעפּסל). **ווייל ער האָט דאָך זיי געהייסן שעכטן אויך פאַר זיינעטוועגן, און דערמיט וואָס זיי האָבן געשאָכטן צוערשט איז זייער שעפּסל געוואָרן אויך זיין קרבן פּסח. דאָס ערשטע שעפּסל דאַרף, אין אזא פאַל, פאַרברענט ווערן.** ואם שלו, און אויב זיינס איז צוערשט געשאָכטן געוואָרן, עסט ער פון זיינס און זיי עסן פון זייערס. **מחמת דאָס דאָזיקע שעפּסל איז דאָך נור זיין קרבן פּסח און ניט זייער קרבן פּסח.** ואם אינו ידוע, און אויב מען ווייסט ניט, וועלכע (שעפּסל) פון זיין איז געשאָכטן געוואָרן צוערשט, אָדער זיי זענעןביידע געשאָכטן געוואָרן צוזאמען (אין איין צייט), עסן זיי פון זייערס, און ער טאָרניט עסן צוזאמען מיט זיי (פון זייער שעפּסל) און זיינס (דאָס געפינענע שעפּסל) דאַרף ארויסגעפירט ווערן צום פאַרברענען, און ער איז פּטור צו ברענגען דעם פּסח שני. **עס איז דערזעלבער דין וואָס פריער, נאָר אין איצטיקן פאַל האָבן זיי א זיכער שעפּסל אלס זייער קרבן פּסח, און ער ווייסט ניט וועלכעס עס איז זיינס.** אָמר להן ואמרו לו, אויב ער האָט צו זיי געזאָגט (אז אויב ער וועט זיך פאַרשפּעטיקן זאָלן זיי שעכטן פאַר זיינעטוועגן, און זיי האָבן צו אים געזאָגט, אז אויב ער וועט געפונען זאָל ער שעכטן פאַר זייערטוועגן), דאַרפן ביידע עסן פון דעם שעפּסל וואָס איז צוערשט געשאָכטן געוואָרן. **מחמת דאָס איז דאָך סיי זיין און סיי זייער קרבן פּסח, ווארום זיי האָבן דאָך געהייסן איינער דעם אנדערן שעכטן דעם קרבן פּסח.** ואם אינו ידוע, און אויב מען ווייסט ניט וועלכעס (שעפּסל) איז געשאָכטן געוואָרן צוערשט, דאַרפן ביידע (שעפּסלעך) ארויסגעפירט ווערן צום פאַרברענען. **ווארום ניט ער און ניט זיי ווייסן דאָך ניט וועלכעס שעפּסל איז זיכער דער קרבן פּסח וואָס געהערט צו אים און וועלכעס איז זיכער זייער קרבן פּסח; סיי ער און סיי זיי זענען פּטור פון א פּסח שני, ווייל ממה־נפשך האָבן זיי דאָך אלע געבראַכט א קרבן פּסח.** לא אָמר, אויב ניט ער האָט צו זיי געזאָגט, און ניט האָבן זיי צו אים געזאָגט (און ער האָט געשאָכטן און זיי האָבן געשאָכטן) זענען זיי ניט פאַראנטוואָרטליך איינער צום צווייטן. **זיינס איז זיינס און זייערס איז זייערס. דער רמב״ם זאָגט, אז אפילו זיי האָבן אין זינען געהאַט, אז איינער זאָל שעכטן פאַר דעם צווייטן שאַדט אויך ניט.**

י. שתי חבורות, אויב ביי צוויי קאָמפּאַניעס האָבן זיך זייערע (צוויי) קרבן־פּסח־שעפּסלעך אויסגעמישט איינס מיט דעם אנדערן (און מען ווייסט ניט, וועלכעס שעפּסל עס געהערט צו דער איינער קאָמפּאַניע און וועלכעס צו דער צווייטער) זאָל די קאָמפּאַניע נעמען (פון די אויסגעמישטע) איין (שעפּסל) און די אנדערע זאָל נעמען איין (שעפּסל), און איינער (איין מאַן) פון דער איינער (קאָמפּאַניע) זאָלן גיין צו

**וכך הם אומרים: „אם שלנו הוא הפסח הזה, ידיך משוכות משלך ונמנית על שלנו; ואם שלך הוא הפסח הזה, ידינו משוכות משלנו ונמנינו על שלך״. וכן חמש חבורות של חמשה חמשה, ושל עשרה עשרה, מושכין להן אחד מכל חבורה וחבורה, וכן הם אומרים:**

**יא. שנים שנתערבו פסחיהם, זה מושך לו אחד, וזה מושך לו אחד, זה**

---

דער צווייטער (קאַמפּאַניע) און איינער (איין מאַן) פון דער צווייטער קאַמפּאַניע זאָל גיין צו דער ערשטער קאַמפּאַניע, און זיי יעדע קאַמפּאַניע) זאָל אזוי זאָגן (צום מאַן פון דער אנדערער קאַמפּאַניע, וועלכער איז געקומען צו זיי): אויב דאָס דאָזיקע קרבן־פּסח־שעפּסל (וואָס מיר האָבן גענומען פון די געמישטע) איז אונזערס, זאָלסטו זיין צוריקצויגן פון דיין שעפּסל (פון דעם אנדערן שעפּסל) און דו זאָלסט ווערן מיט־געציילט (א שותף) צו אונזער (שעפּסל); און אויב דאָס דאָזיקע קרבן־פּסח־שעפּסל איז דיינס ציען מיר זיך צוריק פון אונזער (פון דעם אנדערן שעפּסל, וואָס איז אונ־זערס) און מיר ציילן זיך מיט (מיר ווערן שותפים) צו דיין (שעפּסל). **דער יסוד פון דער דאָזיקער משנה איז, ערשטנס — אז איין מענטש טאָר ניט זיין א שותף צו צוויי קרבן־פּסח־שעפּסלעך, און צווייטענס, אז מען טאָרניט איבערלאָזן א קרבן פסח שעפּסל אָן בעלי בתים; עס מוז בלייבן כאָטש איין בעל הבית. דעריבער קאָנען ניט די אלע קאַמפּאַניע־מענטשן זיך אנטזאגן פון דעם שעפּסל. אָבער מיט דעם אויפטו פון דער משנה בלייבט שטענדיק אויף יעדן שעפּסל איינער פון זיינע פריערדיקע בעלי־בתים, פון די פריערדיקע קאַמפּאַניע־מענטשן (בני החבורה).** וכן, און אזוי קאָן מען אויך טאָן (אויב עס האָבן זיך אויסגעמישט קרבן־פּסח־שעפּסלעך פון) פינף קאמפּאַניעס (חבורות) וואָס אין יעדער קאַמפּאַניע איז פאַראַן פינף (מענטשן); אָדער (אויב עס האָבן זיך אויסגעמישט צען שעפּסלעך פון) (קאַמפּאַניעס) צו צען (מענטשן אין יעדער קאַמפּאַניע; זיי נעמען צו איין מענטשן פון יעדער קאַמפּאַניע (חבורה) און זיי זאָגן אזוי (ווי די משנה האָט פריער געבראַכט). **ביי 5 קאַמפּאַניעס צו 5 מענטשן אין יעדער קאַמפּאַניע, צעטיילן זיך די קאַמפּאַניעס און שאַפן 5 נייע קאַמפּאַניעס צו 5 מענטשן אין יעדער. מיר ווילן עס דאָ בעסער דערקלערן, ווען מיר וועלן אָנרופן יעדן מענטש פון דער קאַמפּאַניע מיט א אות, למשל אי דער ערשטער קאַמפּאַניע זענען געווען די 5 מענטשן א, ב, ג, ד, ה, אין דער צווייטער ו, ז, ח, ט, און י, אין דער דריטער יא, יב, יג, יד, און טו, אין דער פירטער טז, יז, יח, יט, און כ, אין דער פיפטער כא, כב, כג, כד, כה. דאַרף מען די קאַמפּאַניעס אינגאַנצן צו צעטיילן, אזוי אז אין דער ערשטער קאַמפּאַניע זאָלן זיין א, ו, יא, טז, און כא; אין דער צווייטער ב, ז, יב, טז, כב, און אזוי כסדר, אזוי אז אין יעדער קאַמפּאַניע זאָלן די פינף חברים זיין ניי־צוזאַמענגעשטעלט. און דעמאָלס נעמט יעדע פון די נייע קאַמפּאַניע איי־נעם פון די אויסגעמישטע שעפּסלעך און קאָן אדורכפירן דאָס זאָגן. למשל מיר וועלן נעמען די ערשטע נייע קאַמפּאַניע, זאָגן די מענטשן א, ו, יא, טז, צום כ״א; „אויב דאָס שעפּסל איז דיינס, אנטזאָגן מיר זיך פון אונזערע שעפּסלעך און מיר ווערן שותפים צו דיין דאָזיקן שעפּסל, און אויב דאָס שעפּסל געהערט צו איינעם פון אונז, אנטזאָגסטו דו זיך פון דיין שעפּסל און ווערטס א שותף צום דאָזיקן שעפּסל״. דערנאָך זאָגן דאָס זעלבע א, ו, יא און כא צום טז; דערנאָך זאָגן דאָסזעלבע א, ו, טז, און כא צום יא; דערנאָך זאָגן דאָס זעלבע א. יא, טז און כא צום א. ממה נפשך איז דאָך דאָס שעפּסל איינעמט פון זיי, און ממילא איז דאָס שעפּסל ניט געבליבן אָן א בעל הבית. דיזעלבע זאַך פּירט מען אדורך אין די אנדערע נייע קאַמפּאַניעס. די משנה זאָגט, אז דאָסזעלבע קאָן מען טאָן ביי 10 קאַמפּאַניעס צו 10 מענטשן אין יעדער, און מען צעטיילט די 10 מענטשן פון יעדער קאַמפּאַניע אז יעדער פון זיי זאָל ווערן א חבר אין אן אנדערער קאַמפּאַניע, און דאָ דאַרף מען אין יעדער קאַמפּאַניע דורכפירן דאָס זאָגן 10 מאָל.**

יא. שנים, צוויי (איינצעלנע) מענטשן וואָס (יעדער פון זיי האָט געהאַט א

**ממנה עמו אחד מן השוק, וזה ממנה עמו אחד מן השוק, זה בא אצל זה, וזה בא אצל זה, וכך הם אומרים: „אם שלי הוא פסח זה, ידיך משו־כות משלך ונמנית על שלי, ואם שלך הוא פסח זה, ידי משוכות משלי, ונמניתי על שלך".**

## פרק י.

**א. ערבי פסחים סמוך למנחה, לא יאכל אדם עד שתחשך. ואפילו עני שבישראל לא יאכל עד שיסב. ולא יפחתו לו מארבע כוסות של יין, ואפילו מן התמחוי.**

---

שעפּסל פאר א קרבן פסח און) זייערע צוויי קרבן־פסח־שעפּסלעך האָבן זיך אויסגעמישט, נעמט דער איינער איין (שעפּסל) און דער צווייטער נעמט איין (שעפּסל), און דער איינער נעמט צו זיך צו איינעם פון גאס (וועלכער האָט נאָכניט קיין קרבן פסח) און דער צווייטער נעמט צו זיך צו איינעם פון גאס, (אזוי אז איצט האָט שוין יעדעס שעפּסל צוויי בעלי הבתים), און דערנאָך גייט אריבער איינער (פון די בעלי הבתים פון איין (שעפּסל) צום אנדערן, און איינער פון דעם אנדערן צום ערשטן, און אזוי זאָגן זיי (יעדער צו זיין נייעם אריבערגעקומענעם שותף); אויב דאָס דאָזיקע (שעפּסל) איז מיינס, זאָלסטו זיין צוריקגעצויגן פון דיין (שעפּסל) און ווערסט א שותף צו מיינס, און אויב דיינס איז דאָס דאָזיקע שעפּסל, צי איך זיך צוריק פון מיין שעפּסל און ווער א שותף צו דיינס. **אייגענטליך איז עס דאָס זעלבע וואָס פריער אין משנה י' מיט די 2 קאָמפּאַניעס. נאָר אזוי ווי דאָ איז געווען אין אָנהויב אין יעדער קאָמ־פּאַניע נאָר איין מענטש, האָט די משנה געגעבן דעם אויפטו, אז יעדער פון די צוויי מענטשן זאָל זיך צונעמען א שותף פון דער גאס, ממילא וועלן דאָך שוין זיין אין יעדער קאָמפּאַניע צוויי מענטשן, און מען וועט קאָנען טאָן אזוי ווי די משנה האָט געלערנט, דהיינו, אַז פון איין קאָמפּאַניע זאָל אריבערגיין אין דער צווייטער איין מענטש און מען זאָל זאָגן די ווערטער, און די שעפּסלעך בלייבן כסדר מיט איין בעל הבית. עס דאַרף באַמערקט ווערן אַז אומעטום וואו אין די לעצטע דריי משנות איז געלערנט געוואָרן וועגן אויסגעמישטע קרבן פסח־שעפּסלעך, מיינט מען לעבעדיקע שעפּסלעך, איידער מען האָט זיי געשאָכטן.**

**אין דאָזיקן צענטן פּרק לערנט די משנה די דינים ווי אזוי זיך נוהג צו זיין ערב פּסח פאַרנאַכט, און דערנאָך פּסח ביינאַכט צום סדר, און דאָס זענען די דינים וואָס זענען דער יסוד פאַר אונזער היינטיקן סדר, קידוש, כרפּס, הגדה־זאָגן, מצה, מרור, חרוסת, אפיקומן, הלל, נשמת. די אלע דינים און אויפפירונגען זענען א „זכר ליציאת מצרים", צו געדענקן דעם גלות מצרים און די ניסים, וואָס גאָט האָט באַוויזן אַרויס־נעמענדיק די יידן פון מצרים.**

## פרק י.

א. ערבי פּסחים, ערב פּסח נאָנט צו מנחה־צייט זאָל א מענטש ניט עסן, ביז עס ווערט פינסטער. **די מפרשים זאָגן, אז מנחה־צייט מיינט מען אין אָנהויב פון דער צענטער שעה. דער טאָג איז איינגעטיילט אין 12 שעה, און נאָנט צו מנחה מיינט מען דעריבער דאָס לעצטע פערטל פון טאָג. מען טאָר דעמאָלס ניט עסן קיין שום זאַך; חמץ טאָר מען דאָך סיי ווי ניט עסן, און מצה איז אויך פאַראַן א חומרא ניט צו עסן, און די משנה לערנט אז מען זאָל אויך אנדערע זאַכן ניט עסן. דער טעם איז, כדי מען זאָל ביינאַכט עסן מצה (וואָס איז א מצוה) מיט אפּעטיט, לתאבון.** ואפילו, און אפילו דער אָרימער צווישן יידן זאָל ניט עסן (פּסח ביינאַכט, צום סדר) סיידן ער לענט זיך אָן, „בהסבה", **אָנלענען זיך אויף א היסב־בעט ביים טיש, ווי עס האָבן זיך געפירט אמאָל פרייע מענטשן. טייל מפרשים טייטשן אז די ווערטער „און אפילו דער אָרימער צווישן יידן" גייען אַרויף אויף פריער, און דאָס הייסט, אז אויך ער, כאָטש ער איז הונגעריק, טאָר אויך ניט עסן ערב פּסח נאָנט צו מנחה־צייט; און דער „לא**

**ב. מזגו לו כוס ראשון, בית שמאי אומרים, מברך על היום ואחר כך מברך על היין. ובית הלל אומרים, מברך על היין ואחר כך מברך על היום.**

**ג. הביאו לפניו, מטבל בחזרת, עד שמגיע לפרפרת הפת. הביאו לפניו מצה וחזרת וחרוסת ושני תבשילין, אף על פי שאין חרוסת מצוה. ר' אליעזר בר צדוק אומר, מצוה. ובמקדש היו מביאים לפניו גופו של פסח.**

---

יאכל עד שיסב", „מען זאָל ניט עסן סיידן מען לענט זיך אָן", איז א באַזונדערער דין, ולא יפחתו, און מען זאָל אים ניט געבן ווינציקער פון פיר כוסות ווייַן, און אַפילו פון דער צדקה־שיסל. די צדקה־גבאים, וואָס זענען מפרנס דעם אָרימאַן דאַרפן אים געבן פּסח צום סדר פיר כוסות ווייַן, די אַרבע כוסות, און מען דאַרף דאָס געבן אפילו צו די סאַמע אָרימסטע, וואָס עסן פון דער צדקה־שיסל (תמחוי). וועגן „תמחוי" האָבן מיר געגעבן אין מסכתא פאה פרק ח' משנה ז'. די ארבע כוסות זענען אנטקייגן די 4 ווערטער פון גאולה וואָס זענען פאַראַן אין חומש פרשת וארא „והוצאתי", „והצלתי", „וגאלתי", „ולקחתי".

ב. מזגו לו, מען האָט אים (דעם בעל הבית וואָס ריכט־אָפּ דעם סדר) אָנגעגאָסן דעם ערשטן כוס. די משנה הייבט דאָ אָן געבן ווי אַזוי דער סדר דאַרף געפירט ווערן, און דאָס ערשטע איז מען גיסט אָן דעם ערשטן כוס ווייַן, כדי צו מאַכן קידוש. „מזג" איז דער טייטש „צענויפמישן ווייַן מיט וואַסער", ווייל אַמאָל פלעגט מען טרינקען דעם ווייַן געמישט מיט וואַסער, און עס איז געוואָרן א וואָרט בכלל פאַר אָנגיסן א כוס ווייַן. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן אַז (ביים קידוש מאַכן) זאָל ער צוערשט מאַכן די ברכה אויפן טאָג (די קידוש ברכה „מקדש ישראל והזמנים") און דערנאָך מאַכן די ברכה אויפן ווייַן („בורא פרי הגפן"), און די בית הלל זאָגן, אַז צוערשט די ברכה אויפן ווייַן און דערנאָך די ברכה אויפן טאָג. די דאָזיקע משנה האָבן מיר געהאַט אין מסכתא ברכות פרק ח' משנה א' און מיר האָבן זי דאָרט דערקלערט. די הלכה איז ווי די בית הלל, און מיר טוען היינט ווי די בית הלל.

ג. הביאו לפניו, מען האָט געבראַכט פאַר אים (פאַר דעם בעל הבית) און ער האָט איינגעטונקן (מטבל) מיט די שאַלאַטן (בחזרת), ביז ער קומט צום ברויט־שפּייַז. די מפרשים טייטשן די משנה, אַז מען האָט געבראַכט אויפן טיש ירקות, גרינוואַרג, און דער בעל הבית טונקט־איין שאַלאַטן (חזרת) און עסט זיי. די משנה זאָגט ניט, אין וואָס ער טונקט איין. אַמאָל פלעגט מען אַלץ עסן איינגעטונקן, ווי אין דער גמרא פסחים קז „השמש מטבל בבני מעיים". דערפון איז אונזער עסן ביים סדר כרפס, א גרינס איינגעטונקן אין זאַלץ־וואַסער. „פרפרת הפת", ברויט־שפּייַז, מיינט מען די מצה. וועגן וואָרט פרפרת זע ברכות פרק ו' משנה ה'. הביאו לפניו מצה, מען האָט געבראַכט פאַר אים (פאַר דעם בעל הבית אויפן טיש) מצה, און שאַלאַטן (נאָכאַמאָל שאַלאַטן, צו עסן אלס מרור) און חרוסת, און צוויי געקעכצן, כאָטש די חרוסת איז ניט קיין מצוה. „חרוסת" איז געמאַכט פון צעריבענע מאַנדלען, טייטלען, עפּל, און אַנדערע פרוכטן, און עס זאָל זייַן געדיכט ווי ליים, און מען טונקט אין אים איין דעם מרור. די גמרא זאָגט אַז דער „חרוסת" איז א „זכר לטיט", אַן אָנדענקונג צום ליים, ביי וועלכן די יידן האָבן געאַרבייט שווער אין מצרים. די „געקעכצן" זענען איינס אלס אָנדענקן צום קרבן פסח און איינס אלס אָנדענקן צום קרבן חגיגה. די משנה זאָגט, אַז עסן חרוסת איז ניט קיין מצוה, און די גמרא זאָגט, אַז דאָס איינטונקן חרוסת איז כדי צו לייכטער מאַכן די הארבקייט פון מרור. ר' אליעזר בר צדוק זאָגט, אַז חרוסת איז א מצוה. דער מדרש זאָגט אַז דער עפּל אין חרוסת איז אויך אלס אָנדענקן צום עפּל־בוים, אונטער וועלכן די יידישע פרויען אין מצרים האָבן געבוירן זייערע

**ד. מזגו לו כוס שני. וכאן הבן שואל אביו. אם אין דעת בבן, אביו מלמדו: מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות? שבכל הלילות אני אוכלין חמץ ומצה, הלילה הזה כלו מצה? שבכל הלילות אנו אוכלין שאר ירקות, הלילה הזה מרור? שבכל הלילות אַני אוכלין בשר צלי שלוק ומבושל, הלילה הזה כלו צלי? שבכל הלילות אנו מטבילין פעם אחת, הלילה הזה שתי פעמים? ולפי דעתו של בן אביו מלמדו. מתחיל בגנות ומסיים בשבח, ודורש מ„ארמי אובד אבי" עד שיגמור כל הפרשה כולה:**

---

קינדער אָן צער, און דער רמז דערצו איז אין שיר השירים ה׳ „תחת התפוח עוררתיך". ובמקדש, און אין דער צייט פון בית המקדש האָט מען געבראַכט פאַר אים (אין ירושלים) דעם גוף פון קרבן־פסח. דאָס הייסט, דאָס שעפּסל מקיים צו זיין די מצוה צו עסן דאָס פלייש פון קרבן פסח.

ד. מזגו לו, מען האָט אים אָנגעגאָסן דעם צווייטן כוס (וויין), און דאָ פרעגט דער זון זיין פאָטער. אין טייל משניות איז פאַראַן די גירסא ניט „וכאן" (און דאָ) נאָר „וכן", „און אזוי", עס הייסט אזוי פרעגט דער זון די קשיות וואָס קומען ווייטער. אם אין, אויב דער זון האָט ניט קיין ווישן זאָל אים דער פאָטער לערנען. ער זאָל אים לערנען די אלע טעמים פאַר וואָס מען טוט די אלע זאַכן. די קשיות זענען: מה נשתנה, פאַרוואָס איז פאַרענדערט געוואָרן די דאָזיקע נאַכט (פון פסח) פון אלע נעכט (פון א גאַנץ יאָר); ווארום אלע נעכט עסן מיר חמץ און מצה, און אין דער דאָזיקער נאַכט (עסן מיר) אינגאַנצן מצה? ווארום אלע נעכט עסן מיר אנדערע גרינסן (ירקות) און אין דער דאָזיקער נאַכט (עסן מיר) מרור (ביטערע גרינסן)? ווארום אין אלע נעכט עסן מיר פלייש געבראָטן (אויף פייער), שטאַרק אָפּגעקאָכט (שלוק), אָדער געקאָכט, און אין דער דאָזיקער נאַכט (עסן מיר) אינגאַנצן געבראָטן? ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ב׳ משנה ה׳ מוז מען דאָס פלייש פון קרבן פסח בראָטן אויפן פייער, און מען טאָר עס ניט קאָכן. די דאָזיקע קשיא האָבן מיר היינט ניט אין אונזער הגדה, מחמת מיר האָבן ניט היינט קיין קרבן פסח. זי איז געפרעגט געוואָרן ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען און מען האָט מקריב געווען צום קרבן פסח. שבכל, ווארום אין אלע נעכט טונקען מיר איין מאָל, און אין דער דאָזיקער נאַכט (טונקען מיר איין) צוויי מאָל? פסח צום סדר טונקט מען איין איינמאָל אין אָנהויב סדר, דאָס גרינס (די חזרת, פריער אין אָנהויב משנה ג׳, היינט הייסט עס „כרפס") אין זאַלץ־וואַסער, און איינמאָל דעם מרור אין חרוסת. אין טייל משניות איז די גירסא (לויט דער מסקנא פון דער גמרא) אז אין אלע נעכט „אין אנו מטבילין אפילו פעם אחת", טונקט מען ניט איין אפילו ניט איינמאָל. די זאַך איז וואָס אין די אלטע צייטן איז געווען דער מנהג צו עסן כמעט אַלע מאכלים איינגעטונקען אין עפּעס, און מיר האָבן פריער געבראַכט די גמרא פסחים ק״ז „השמש מטבל בבני מעיים", אזוי אז יעדע נאַכט ביים עסן פלעגט מען איינטונקען אין עפּיס. — מיט דער דאָזיקער קשיא ענדיקן זיך די 4 קשיות. צוליב דעם וואָס היינט האָבן מיר ניט די דריטע קשיא וועגן געבראָטן פלייש, איז צו־געגעבן געוואָרן די קשיא: פאַרוואָס מען עסט גראַד אין דער דאָזיקער נאַכט אָנגע־לענטערהייט (מסובין). ולפי דעתו, און לויט דעם שכל פון זון דאַרף דער פאָטער אים לערנען. ווען ער גיט אים דעם ענטפער זאָל ער אים אזוי געבן אז דער זון זאָל פאַר־שטיין. איצט גיט די משנה אז ער דערציילט דערנאָך דעם גאַנצן ספור פון יציאת מצרים, און ער הויבט אָן נאָך פון פריער אין דער יידישער געשיכטע: מתחיל בגנות, ער הייבט אָן מיט די חסרונות (די שלעכטע זייטן, גנות) און ער ענדיקט מיט לויב (בשבח, די גוטע זייטן). מען הייבט אָן אין דער הגדה דערציילן, ווי אונזערע אור־עלטערן (אברהם אבינו׳ס פאָטער תרח) זענען געווען געצנדינער (עובדי עבודה זרה היו אבותינו) און ווי אונזערע אור־עלטערן האָבן געדינט אין מצרים (עבדים

**ה. רבן גמליאל היה אומר, כל שלא אמר שלשה דברים אלו בפסח, לא יצא ידי חובתו. ואלו הן: פסח, מצה ,ומרור. פסח, על שום שפסח המקום על בתי אבותינו במצרים. מצה, על שום שנגאלו אבותינו ממצרים. מרור, על שום שמררו המצרים את חיי אבותינו במצרים. בכל דור דור חייב אדם לראות את עצמו כאלו הוא יצא ממצרים, שנאמר (שמות י״ג) ,,והגדת לבנך ביום ההוא לאמר בעבור זה עשה ה׳ לי בצאתי ממצרים״. לפיכך אנחנו חייבים להודות להלל לשבח לפאר לרומם להדר לברך לעלה ולקלס למי שעשה לאבותינו ולנו את כל הנסים האלו, הוציאנו מעבדות לחרות, מיגון לשמחה, ומאבל ליום טוב, ומאפילה לאור גדול, ומשעבוד לגאולה, ונאמר לפניו הללויה:**

---

**היינו) און ווי גאָט האָט זיי אויסגעלייזט און זיי געגעבן די תורה.** ודורש, און ער דער־קלערט פון ,,ארמי אובד אבי״ ביז ער ענדיקט די גאנצע פרשה. **דאָס איז די פרשה אין דברים כ״ו, ה׳ ,,ארמי אובד אבי״ ביזן סוף פון פסוק ח׳ ,,ובאותות ומופתים״. די דאָזיקע דערקלערונגען אויף דער פרשה, וועלכע דערציילן אין קורצן דעם סיפור פון יציאת מצרים, האָבן מיר אין דער הגדה.**

ה. רבן גמליאל פלעגט זאָגן, אז ווער עס זאָגט ניט (דערקלערט ניט דעם טעם) פון די דאָזיקע דריי זאַכן אין פסח האָט ער ניט דערפילט זיין חוב, און דאָס זענען זיי (די דריי זאכן): פסח (קרבן פסח), מצה און מרור. **מען דארף זאָגן דעם טעם פאר־וואָס מען עסט די דאָזיקע דריי זאַכן אים פסח. און דער טעם איז:** פסח, (מען עסט דעם קרבן (פסח), ווייל גאָט האָט איבערגעהיפּערט איבער די הייזער פון אונזערע עלטערן אין מצרים. **דאָס איז דער פסוק אין שמות י״ב, כ״ז, (ואמרתם זבח פסח — אשר פסח) אז ווען גאָט האָט געטויט אלע בכורים פון די מצריים האָט ער איבערגעהיפּערט אי־בער די הייזער פון די יידן, און די יידישע בכורים זענען געראַטעוועט געוואָרן. פסח איז פון וואָרט ,,פסח״, איבערשפּרינגען, איבערהיפּערן.** מצה, (מען עסט מצה), ווייל אונזערע עלטערן זענען געוואָרן אויסגעלייזט פון מצרים. **דער רמבם גיט צו אין דער דאָזיקער משנה דעם פסוק פון שמות י״ב, ל״ט, ,,ויאפו את הבצק אשר הוציאו ממצרים עגות מצות כי לא חמץ״, אז די יידן האָבן זיך געאיילט ארויסצוגיין פון מצרים און זיי האָבן ניט באוויזן זויער צו מאכן זייער טייג (חמץ) און זיי האָבן גע־באַקן מצות.** מרור, (מען עסט מרור, ביטערע גרינס), ווייל די מצריים האָבן פארבי־טערט דאָס לעבן פון אונזערע עלטערן אין מצרים. **דערמיט ענדיקן זיך די טעמים פון די דריי זאכן, פסח, מצה און מרור, וועלכע רבן גמליאל האָט געהייסן זאָגן. איצט גיט די משנה צו אנדערע ווערטער וואָס מען דארף זאָגן ביים סדר:** בכל דור, אין יעדן דור דארף דער מענטש זיך באטראכטן ווי ער אליין איז ארויסגעגאנגען פון מצרים, ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות יג) והגדת לבנך, און דו זאָלסט דערציילן דיין זון אין דאָזיקן טאָג אזוי צו זאָגן: צוליב דעם האָט גאָט צו מיר געטאָן ווען איך בין ארויס־געגאנגען פון מצרים״. **דער פסוק זאָגט אָן, אז יעדער ייד אין אלע צייטן זאָל אזוי זאָגן צו זיינע קינדער: ,,ווען איך בין ארויסגעגאנגען פון מצרים״, און דאָס הייסט אז יע־דער דארף זיך באטראכטן ווי ער איז אויך מיט־אויסגעלייזט געוואָרן.** לפיכך, דע־ריבער זענען מיר מחויב צו דאנקן און צו לויבן און צו רימען און צו באשיינען און צו דערהייבן און צו פארערן און צו בענטשן און צו הֶעכערן און צו פארהערליכן צו דעם (גאָט) וועלכער האָט געטאָן צו אונזערע עלטערן און צו אונז די אלע דאָזיקע ניסים; ער האָט אונז ארויסגעצויגן פון קנעכטשאפט צו פרייהייט, פון באטריבטקייט צו פרייד, און פון טרויער צו יום טוב, און פון אונטערטעניקייט צו אויסלייזונג, און מיר וועלן זאָגן פאר אים הללויה. **מיט זאָגן ,,הללויה״ מיינט מען זאָגן ,,הלל״, וואָס הויבט זיך אָן מיטן קאַפּיטל קי״ג (הללויה עבדי ה׳) אין תהלים.**

**ו. עד היכן הוא אומר? בית שמאי אומרים, עד „אם הבנים שמחה״ ובית הלל אומרים, עד „חלמיש למעינו מים״. וחותם בגאולה. ר׳ טרפון אומר, „אשר גאלנו וגאל את אבותינו ממצרים״, ולא היה חותם. ר׳ עקיבא אומר, „כן ה׳ אלהינו ואלהי אבותינו יגיענו למועדים ולרגלים אחרים הבאים לקראתינו לשלום שמחים בבנין עירך וששים בעבודתך ונאכל שם מן הזבחים ומן הפסחים וכו׳״. עד „ברוך אתה ה׳ גאל ישראל״:**

**ז. מזגו לו כוס שלישי, מברך על מזונו. רביעי גומר עליו את ההלל, ואומר עליו ברכת השיר. בין הכוסות הללו אם רוצה לשתות ישתה; בין שלישי לרביעי, לא ישתה:**

---

ז. עד היכן, ביז וואנען זאָגט ער (דעם הלל)? די בית שמאי זאָגן, אז ביז „אם הבנים שמחה״ (ביז צום סוף קאפיטל קי״ג), און די בית הלל זאָגן, אז ביז „חלמיש למעינו מים״ (צום סוף קאפיטל קי״ד). **דעם סוף פון הלל וועט ער זאָגן שפּעטער ביים פירטן כוס וויין, און דאָ זאָגט ער נור דאָס ערשטע קאפיטל פון הלל, לויט די בית שמאי, און די ערשטע צוויי קאפּיטלעך פון הלל, לויט די בית הלל,** וחותם, און ער ענדיקט מיט גאולה. **ער דארף נאָכדעם זאָגן א ברכה וועגן גאולה, אויסלייזונג.** ר׳ טרפון זאָגט, אז די ברכה פון גאולה זאָגט מען: („ברוך אתה ה׳, אלהינו מלך העולם) אשר גאלנו, וועלכער האָט אונז אויסגעלייזט און האָט אויסגע־לייזט אונזערע עלטערן פון מצרים״, און מען ענדיקט ניט. **דאָס הייסט, מען זאָגט ניט צום סוף „ברוך אתה ה׳ גאל ישראל״. וועגן וואָרט „חותם״, מען ענדיקט, ביי ברכות האָבן מיר געגעבן אין מסכת ברכות פרק א׳ משנה ד׳.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז (מען גיט צו נאָך דעם וואָרט „ממצרים״, אויך די דאָזיקע ווערטער): „כן ה׳, אזוי גאָט, אונזער גאָט און גאָט פון אונזערע עלטערן, דערפיר אונז צו אנדערע פייערטעג און ימים טובים, וואָס קומען אונז אנטקייגן אין פרידן, דערפרייטע מיט דעם אויפ־בוי פון דיין שטאָט (ירושלים) און דערפרייטע מיט טאָן דיין עבודה (מקריב זיין קרבנות אין בית המקדש) און מיר זאָלן דאָרט עסן פון די קרבנות (חגיגה) און פון די קרבנות פסח״, און אזוי ווייטער (דעם סוף פון דער דאָזיקער ברכה, וואָס איז פאראן אין דער הגדה), ביז „ברוך אתה ה׳ גאל ישראל, געבענטשט ביזטו גאָט וואָס האָט אויסגעלייזט ישראל״. **ר׳ עקיבא האָט צו ר׳ טרפונ׳ס נוסח פון דער גאולה ברכה צוגעגעבן צוויי זאכן. ערשטנס די תפילה, אז מען זאָל אינגיכן דערלעבן די קומענ־דיקע גאולה, דעם אויפבוי פון ירושלים און מקריב זיין קרבנות אין בית המקדש. צווייטנס, אז מען „שליסט״ צום סוף מיט א ברכה פון „גאל ישראל״.**

ז. מזגו לו, מען האָט אים אָנגעגאָסן א דריטן כוס (וויין), ער בענטשט אויף זיין עסן. **דאָס איז דאָס בענטשן נאָכן עסן, ברכת המזון, וואָס איז א מצוה צו זאָגן אויף א כוס וויין.** רביעי, (מען האָט אָנגעגאָסן) א פירטן (כוס וויין), ער ענדיקט אויף אים דעם הלל. **פריער האָט מען דאָך געזאָגט נור טייל פון הלל, לויט די בית שמאי איין קאפיטל און לויט די בית הלל צוויי קאפיטלעך; איצט דערזאָגט מען די איבריקע קאפיטלעך הלל ביז צום סוף.** ואומר, און ער זאָגט אויף אים (האָבנדיק פאר זיך דעם כוס וויין) די ברכת השיר, די ברכה פון געזאַנג. **אין דער גמרא זענען פאראן צוויי טייטשן אויף ברכת השיר. איינער איז אז דאָס מיינט מען „נשמת״; און דער צווייטער איז, אז דאָס מיינט מען „יהללוך״, (צום סוף הלל). דער מנהג איז צו זאָגן ביידע.** בין הכוסות, צווישן די דאָזיקע (די ערשטע דריי) כוסות (וויין), אויב ער וויל טרינקן (נאָך וויין) מעג ער טרינקן; צווישן דעם דריטן (כוס) און דעם פירטן (כוס) זאָל ער ניט טרינקן. **דער טעם איז, ווייל צווישן די ערשטע דריי כוסות עסט מען דאָך, און מיט וויין וואָס מען טרינקט אינמיטן עסן ווערט מען ניט שיכור. אָבער צווישן דריטן און פירטן עסט מען ניט, און אז מען וועט טרינקן נאָך וויין וועט מען**

**ח. אין מפטירין אחר הפסח אפיקומן. ישנו מקצתן, יאכלו; כולן, לא יאכלו. ר׳ יוסי אומר, נתנמנמו, יאכלו, נרדמו לא יאכלו:**

**ט. הפסח אחר חצות, מטמא את הידים. הפגול, והנותר, מטמאין את הידים. בירך ברכת הפסח, פטר את של זבח, בירך את של זבח,**

---

שיכור ווערן און ניט קאָנען דערענדיקן דאָס הלל־זאָגן.

ח. אין מפטירין, מען טאָרניט פאַרענדיקן דאָס (קרבן־) פסח־עסן מיט א נאָכשפייז, אפיקומן. די משנה איז א שווערע און עס זענען פאַראַן א סך פירושים. ערשטנס, דאָס וואָרט „מפטירין״. דער גרעסטער טייל מפרשים טייטשן עס פון „פטר״, געזעגנען זיך, אָפּשיידן זיך, ענדיקן. צווייטנס, דאָס וואָרט „אפיקומן״. אין דער גמרא טייטשט רב אז דאָס הייסט, אז מען טאָר ניט גיין עסן דעם קרבן פסח פון איין חבורה (קאַמפּאַניע) אין אן אנדערער חבורה; שמואל (אין דער גמרא) טייטשט, אז דאָס מיינט מען פליישׂ־נאָכשפּייז; ר׳ יוחנן טייטשט, פאַרשידענע פרוכטן, ווי טייטלען, ניס. דער „מוסף הערוך״ זאָגט, אז עס איז א גריכיש וואָרט, וואָס איז דער טייטש פאַרשידענע זיסקייטן און פרוכטן וואָס מען עסט נאָך דער סעודה. עס איז אָבער ניט קלאָר וואָסער גריכיש וואָרט דער „מוסף הערוך״ האָט געמיינט. מען מיינט, אז דאָס איז דאָס גריכיש וואָרט „עפיגיימא״, וואָס איז דער טייטש נאָכשפּייז. סיי ווי די משנה לערנט, אז נאָכן עסן דעם קרבן פסח טאָר מען מער גאָרניט עסן. דאָסזעלבע איז דער דין היינט, ווען עס איז ניטאָ קיין קרבן פסח, אז מען טאָרניט עסן נאָכן לעצטן כזית מצה (וואָס הייסט דעריבער „אפיקומן״). ישנו, אויב טייל מענטשן (פון דער קאַמפּאַניע, פון דער חבורה, וואָס עסט צוזאַמען דעם קרבן פסח) זענען (אינמיטן עסן) אנטשלאָפן געוואָרן (און זיי האָבן זיך דערנאָך אויפגעכאַפּט) מעגן זיי ווייטער עסן. מחמת עס זענען דאָך געבליבן נאָך מענטשן, וואָס עסן. כולן, (אויב עס זענען אנטשלאָפן געוואָרן) אלע מענטשן (און זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט), טאָרן זיי ניט עסן. ווייל אז אלע זענען אנטשלאָפן געוואָרן הייסט עס, אז זיי האָבן מסיח־דעת־געווען, זיך אנטזאָגט פון עסן, און אויב זיי וועלן ווייטער עסן פון קרבן פסח־פלייש נאָכן אויפכאַפּן זיך, הייסט עס ווי עסן אין צוויי ערטער און דאָס טאָר מען ניט. ר׳ יוסי זאָגט, אז אויב זיי האָבן געדרעמעלט (נתנמנמו) מעגן זיי עסן, אויב זיי זענען אנטשלאָפן געוואָרן (נרדמו) טאָרן זיי ניט עסן. ר׳ יוסי׳ס ווערטער גייען ארויף אויף דער אָנהויב משנה, וואָס זאָגט, אז אויב א טייל מענטשן זענען אנטשלאָפן געוואָרן מעגן זיי עסן, זאָגט ר׳ יוסי אז דאָס איז נור ווען זיי האָבן געדרעמלט, אָבער אויב זיי זענען אנטשלאָפן געוואָרן טאָרן זיי ניט עסן.

ט. הפסח, קרבן־פסח־פלייש (וואָס איז געבליבן) נאָך האלבער נאַכט (אין דער ערשטער נאַכט פון פסח) איז מטמא די הענט. דער דין איז אז קרבן־פסח־פלייש מעג מען עסן נור ביז האלבער נאַכט, און דער תנא ר׳ אליעזר בן עזריה זאָגט, אז נאָך האלבער נאַכט הייסט דאָס קרבן־פסח־פלייש „נותר, איבערגעבליבן קרבנות־פלייש. די חכמים האָבן גוזר געווען, אז ווער עס רירט אָן נותר, ווערן זיינע הענט טמא; דאָס איז כדי מען זאָל ניט זיין פויל און מען זאָל שנעל אויפעסן דאָס קרבנות־פלייש. הפיגול, פיגול און נותר זענען מטמא די הענט. פיגול הייסט פלייש פון קרבנות, וואָס בשעת מען האָט זיי געשאָכטן אָדער גענומען פון זיי דאָס בלוט אָדער אוועקגעפירט דאָס בלוט צום מזבח אָדער געשפּריצט דאָס בלוט, האָט מען געהאַט א פסולע מחשבה (צו עסן דאָס פלייש אין א צייט ווען מען טאָר עס ניט עסן). „נותר״ הייסט קרבנות־פלייש, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך דער צייט, ביז ווען מען מעג עס עסן. זאָגט די משנה אז די דאָזיקע פסולע פלייש זענען מטמא די הענט. בירך, אז איינער האָט געמאַכט א ברכה אויף עסן דעם קרבן פסח, איז ער דערמיט פטור געוואָרן (פון מאַכן א ברכה) אויף דער חגיגה; אויב מען האָט געמאַכט א ברכה אויף דער חגיגה האָט מען, ניט יוצא געווען פאַר דעם קרבן פסח, אזוי זאָגט ר׳ ישמעאל. מיר האָבן פריער

**לא פטר את של פסח, דברי רבי ישמעאל. ר׳ עקיבא אומר, לא זו פוטרת זו ולא זו פוטרת זו:**

סליק מסכת פסחים

---

# מסכת שקלים

## פרק א.

**א. באחד באדר משמיעין על השקלים ועל הכלאים; בחמשה עשר**

---

אין פרק ו׳ משנה ג׳ שוין דערקלערט אז צוזאמען מיטן קרבן פסח האט מען אויך געבראכט א קרבן חגיגה (חגיגת ארבעה עשר, די חגיגה פון ערב פסח), און דאס חגיגה־פלייש האט מען געגעסן ביי דער סדר־סעודה. דער דין איז, אז ווען מען עסט קרבן פסח פלייש דארף מען מאכן א ברכה „ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו לאכול הפסח״, און ווען מען עסט חגיגה־פלייש מאכט מען די ברכה און מען פארענדיקט „לאכול הזבח״. זאגט ר׳ ישמעאל, אז מיט דער ברכה אויפן קרבן פסח־פלייש איז מען שוין יוצא צום עסן דאס חגיגה־פלייש. ר׳ עקיבא זאגט, אז ניט די (ברכה פון קרבן פסח) פטר׳ט די (ברכה פון חגיגה), און ניט די (ברכה פון חגיגה) פטר׳ט די (ברכה פון קרבן פסח). מען דארף, לויט ר׳ עקיבא, מאכן צוויי באזונדערע ברכות.

סליק מסכת פסחים — געענדיקט די מסכתא פסחים.

# מסכת שקלים

## הקדמה

די תורה אין שמות ל׳ זאגט אן, אז יעדער ייד, פון זינט ער ווערט אלט 20 יאר, דארף געבן פארן בית המקדש (אין חומש ווערט געזאגט „על עבודת אהל מועד״) א „מחצית השקל״, א האלבן שקל. דערפון איז די מצוה, אז יעדעס יאר זאל יעדער ייד, פון 20 יאר אן, געבן צום בית המקדש א מחצית השקל, און פון די געלטער האט מען אויסגעהאלטן דאס בית המקדש, געקויפט די קרבנות־ציבור, וואס מען האט מקריב געווען פארן כלל ישראל (תמידים, מוספים, עומר, שתי הלחם, לחם הפנים און אנדערע), און בכלל אלע הוצאות פון בית המקדש. דעם שקל האט מען געדארפן געבן צום סוף יאר, כדי מען זאל באלד אין אנהויב נייעם יאר קאנען נעמען פון די נייע געלטער צו קויפן קרבנות פאר דעם נייעם יאר. דאס נייע יאר האט זיך אנגע־הויבן פון ראש חודש ניסן (זע אין מסכתא ראש השנה פרק א׳ משנה א׳), און דע־ריבער האט מען דעם מחצית השקל געדארפן געבן שוין אין חודש אדר, כדי מען זאל באלד אין ניסן קאנען פון די נייע געלטער קויפן קרבנות מקריב צו זיין.

עס זאל דא באמערקט ווערן א זאך וואס דער לערנער זאל גוט געדענקן. דער „שקל״, וואס ווערט דערמאנט אין חומש, האט אין דער משנה געהייסן ניט שקל, נאר „סלע״. דער „מחצית השקל״, דער האלבער שקל פון חומש, איז אין דער משנה א האלבער סלע, און אין דער משנה ווערט דער דאזיקער האלבער סלע אנ־גערופן „שקל״. געדענקט זשע גוט: דער „שקל״ פון דער משנה איז דער „מחצית השקל״ פון חומש. ממילא האט מען געדארפן געבן (לויט דער מטבע־ווערט פון דער משנה) ניט א האלבן שקל, נאר א גאנצן שקל.

אין דער מסכתא שקלים ווערן געלערנט די דינים וועגן שקלים און וועגן דער גאנצערווירטשאפט אין בית המקדש מיט די געלטער, און דאביי אויך טייל אנדערע הלכות.

אויף דער מסכתא שקלים איז ניט פאראן קיין גמרא בבלי, נאר בלויז די גמרא ירושלמי.

## פרק א.

א. באחד באדר, אין ערשטן (טאג) פון (חודש) אדר (אין ראש חודש אדר)

בו קורין את המגילה בכרכין, ומתקנין את הדרכים ואת הרחובות ואת מקואות המים, ועושין כל צרכי הרבים, ומציינין את הקברות, ויוצאין אף על הכלאים:

ב. אמר רבי יהודה, בראשונה היו עוקרין ומשליכין לפניהם; משרבו עוברי עבירה, היו עוקרין ומשליכין על הדרכים; התקינו שיהו מפקירין כל השדה כולה:

---

רופט מען אויס וועגן שקלים. דאָס בית דין פון ירושלים האָט פונאנדערגעשיקט שליחים אין אלע יידישע שטעט און מען האָט אויסגערופן אז יעדער ייד זאָל איינצאָלן דעם שקל, כדי מען זאָל אים חודש ניסן, אין נייעם יאָר, שוין קאָנען ברענגען די קרבנות ציבור פון די נייע געלטער (זע אין דער הקדמה צו מסכתא שקלים). ועל הכלאים, און (מען האָט אויך אויסגערופן) וועגן כלאים. דאָ מיינט מען די כלאים פון פעלדער און גערטנער, וואו מען טאָר ניט זייען צוויי פארשידענע מינים צוזאמען (זע אין דער הקדמה צו מסכתא כלאים). דאָס בית דין האָט אין ראש חודש אדר אויסגערופן, אז ווער עס באמערקט אין זיין געלד אָדער גאָרטן אז עס וואקסט כלאים זאָל עס אויסרייסן. אזוי טייטשט דער רמבם. דער ברטנורא ברענגט נאָך א טייטש דהיינו, אז ווען מען גייט פארזייען די פעלדער און גערטנער זאָל מען אכטונג געבן אז אין דער זריעה זאָל ניט זיין אויך קערנדלעך פון אן אנדערן מין, און אויב זיי זענען פאראן (א 24סטל פון דער זריעה, א טאָפּ אויף א סאה) פון אן אנדערן מין, זאָל מען עס ארויסקלויבן, און ניט זייען צוזאמען. בחמשה עשר, אין פופצנטן טאָג אין אים (אין חודש אדר) לייענט מען די מגילה אין די פארמויערטע שטעט. דאָס איז דער דין אז אין שטעט, וואָס זענען געווען ארומגערינגלט מיט מויערן פון דער צייט פון יהושע בן נון („ערים המוקפות חומה, דאָ אין דער משנה הייסן זיי „כרכין”, פון וואָרט „כרך”, „ארומגעוויקלט” מיט א מויער) לייענט מען די מגילה דעם 15טן טאָג אין אָדר. די משנה זאָגט עס דאָ, ווייל זי וויל באלד זאָגן וואָסערע נאָך אנדערע זאכן דאָס בית דין האָט געהייסן טאָן דעם 15טן טאָג אין אָדר, דהיינו: ומתקנין, און מען פארריכט די וועגן (אין לאנד), און די מארק־פלעצער (אין די שטעט); ווייל דעמאָלס איז שוין אריבער דער ווינטער, ווען עס זענען אין ארץ־ישראל געגאנגען די שטארקע רעגנס, און זיי האָבן, מעגליך, קאליע געמאכט די וועגן און די פלעצער, און עס דארף אָנקומען אויף פסח קיין ירושלים די עולי רגל, יידן פון אלע ערטער, האָט מען איצט פאראכטן די וועגן און די מארק־פלעצער. ואת מקואות, און (מען האָט פאראכטן) אויך די וואסער־מקוואות (וועלכע זענען קאליע געוואָרן דורך די רעגנס, אָדער זענען געוואָרן פסול), און מען טוט אלע נויטיקע זאכן פאר דעם רבים (פאר דעם כלל, מען דערליידיקט אלע געלד־דין־תורות, אנדערע געריכטס־פראָצעסן און אנדער׳ע ענינים, מען זעט אז אין די ברונעמס זאָל זיין גענוג וואסער פאר מענטשן צום טרינקן) און מען מאכט צייכנס אויף די קברים. בכדי כהנים, וועלכע טאָרן זיך ניט מטמא זיין זאָלן וויסן ניט צו גיין צו זיי. די צייכנס אויף די קברים זענען באשטאנען פון ווייסן קאלך (זע מסכתא מעשר שני פרק ד׳ משנה א׳), און ווייל דורך די ווינטער־רעגנס זענען די צייכנס אראָפּגעשוואנקן געוואָרן, האָט מען איצט געדארפן מאכן נייע צייכנס. ויוצאין, און שליחים גייען ארויס (אין פופצנטן אדר) אויך וועגן כלאים. כאָטש מען האָט דאָך פריער, אין ראש חודש אדר, שוין ארויסגערופן אז מען זאָל אכטונג געבן ניט צו האָבן כלאים, פונדעסטוועגן האָט מען איצט געשיקט שליחים צו זען, צי עס וואקסט כלאים, און אויב עס וואקסט האָבן די שליחים עס אויסגעריסן.

ב. אמר, ר׳ יהודה האָט געזאָגט: אין אָנהויב (אין די ערשטע צייטן) האָבן זיי (די שליחים) געפלעגט אויסרייסן (די כלאים־פלאנצונגן פון די פעלדער) און זיי געוואָרפן פאר זיי (פאר די בעלי בתים אויף די פעלדער); ווען עס זענען געוואָרן א סך

**ג. בחמשה עשר בו שלחנות היו יושבין במדינה; בעשרים וחמשה ישבו ישבו במקדש. משישבו במקדש התחילו למשכן. את מי ממשכנין? לוים, וישראלים, גרים, ועבדים משוחררים; אבל לא נשים, ועבדים, וקטנים. כל קטן, שהתחיל אביו לשקול על ידו, שוב אינו פוסק. ואין ממשכנין את הכהנים, מפני דרכי שלום:**

---

עוברי עבירה (פעלדער־בעלי בתים, וועלכע האָבן געטאָן עבירות און זיי האָבן זיך געפרייט וואָס די שליחים רייסן אויס די פלאַנצונגען און זיי האָבן דערפון פאַשע פאַר די בהמות), האָבן זיי (די שליחים) אויסגעריסן און געוואָרפן אויף די וועגן (כדי די בהמות זאָלן זיי ניט קאָנען עסן); (דערנאָך, ווען מען האָט געזען, אז די פעלדער־בעלי בתים פרייען זיך ווייטער, ווייל מען רייניקט זיי אויס די פעלדער פון שלעכטע גראָזן), האָט מען מתקן געווען, אז מען האָט מפקיר געווען דאָס גאַנצע פעלד. **דער דין איז אז בית דין קאָן מפקיר זיין דאָס פאַרמעגנס פון יעדן איינעם („הפקר בית דין הפקר").**

ג. בחמשה עשר, אין פופצענטן (טאָג) אין אים (אין חודש אדר) האָבן זיך אויס־געזעצט געלט־וועקסלער (שולחנות) אין דער מדינה; אין פינף און צוואַנציקסטן אין אָדר האָבן זיי זיך אוועקגעזעצט אין מקדש. **דער רמבם טייטשט, אז מיט „מדינה" מיינט מען די פראָווינץ־שטעט, און „מקדש" מיינט מען ירושלים, און א געוויסע ראיה קאָן מען האָבן צום רמבם׳ס פירוש פון מסכתא מעשר שני פרק ג׳ משנה ד׳ („פירות בירושלים ומעות במדינה"). אָבער רשי (אין אָנהויב פרק ד׳ מסכתא ראש השנה) און אנדערע מפרשים זאָגן אז „מדינה" מיינט מען ירושלים, און „מקדש", מיינט מען אין בית המקדש־הויף; א ראיה דערצו איז פון בכורות פרק ז׳ „ואלו מומין שאין שוחטין עליהן לא במקדש ולא במדינה". סיי ווי מען האָט אויך גענוצט ספּע־ציעלע געלט־טוישער, א סאָרט באַנקירן, כדי די מענטשן, וועלכע קומען אָן פון פאַרשידענע לענדער און האָבן פאַרשידענע סאָרטן געלטער, זאָלן ביי זיי אויס־טוישן זייערע געלטער אויף שקלים און קאָנען באַצאָלן די שקלים. „שולחנות" איז דער לשון רבים פון „שולחני", געלט־וועקסלער, באַנקיר, (וועלכע האָט געהאַט פאַר זיך א טיש, שולחן, מיט געלט), און דאָס וואָרט איז פאַראַן א סך מאָל אין דער משנה.** משישבו, פון זינט זיי (די געלט־וועקסלער) האָבן זיך אוועקגעזעצט אין מקדש (פון פינף און צוואַנציקסטן טאָג אין אָדר אָן) האָט מען אָנגעהויבן נעמען משכנות. **מען איז אריינגעגאַנגען אין די הייזער פון די מענטשן, וועלכע האָבן נאָכניט אָפּגע־צאָלט דעם שקל, און מען האָט גענומען ביי זיי זאַכן אלס א משכון.** מי ממשכנין? ביי וועמען נעמט מען משכנות? ביי לויים, ישראלים, גרים, באַפרייטע שקלאַפן, אָבער ניט ביי פרויען, שקלאַפן און ניט־ דערוואַקסענע, קטנים. **מחמת פרויען דאַרפן ניט צאָלן דעם שקל, וואָרום אין חומש שמות ל׳ ווערט געזאָגט „ונתנו איש", טייטשט מען „איש ולא אשה" נאָר א מאַנספּערזאָן און ניט קיין פרוי. שקלאַפן האָבן דעם דין ווי פרויען און זענען אויך פטור פון צאָלן דעם שקל. מיט „קטנים", ניט־דער־וואַקסענע, מיינט מען דאָ ייִנגער פון 20 יאָר, און דער חומש שמות ל׳ זאָגט בפירוש אז נור פון 20 יאָר אָן דאַרף מען צאָלן דעם שקל.** כל קטן, יעדער ניט־דערוואַקסענער, וואָס זיין פאָטער האָט אָנגעהויבן פאַר אים צאָלן דעם שקל, זאָל ער מער ניט אויפ־הערן (צו צאָלן). **דער פאָטער דאַרף פאַר אים כסדר צאָלן דעם שקל, כאָטש דער זון איז נאָכניט אלט 20 יאָר. און אויב דער פאָטער איז געשטאָרבן דאַרף דער זון צאָלן פאַר זיך דעם שקל.** ואין ממשכנין, און מען נעמט ניט משכנות ביי כהנים, צוליב שלום וועגן. **א כהן, וואָס האָט ניט באַצאָלט דעם שקל, גייט מען ניט אריין צו אים צו נעמען א זאַך אלס משכון, מחמת די כהנים טוען דאָך די עבודה אין בית המקדש דאַרף מען זיי אָנטאָן כבוד, און אז מען וועט ביי זיי נעמען משכנות וועלן זיי זיך באַליידיקן און זיך אָנהייבן קריגן. אזוי טייטשט דער תוספות יום טוב. דער ברטנורא זאָגט אויך, אז**

**ד. אמר ר׳ יהודה, העיד בן בוכרי ביבנה, כל כהן ששוקל אינו חוטא. אמר לו ר׳ יוחנן בן זכאי, לא כי, אלא כל כהן שאינו שוקל חוטא, אלא שהכהנים דורשים מקרא זה לעצמן, (ויקרא ו׳) „כל מנחת כהן כליל תהיה לא תאכל״, הואיל ועומר ושתי הלחם ולחם הפנים שלנו היאך נאכלים?**

**ה. אף על פי שאמרו אין ממשכנין נשים ועבדים וקטנים, אם**

---

מען פאַרלאָזט זיך, אַז זיי וועלן מסתמא ניט אויפהאַלטן דעם שקל, און אַז אויב זיי וועלן ניט איינצאָלן, באַטראַכט דאָס בית דין זייער עבודה אין בית המקדש ווי זיי האָבן דערמיט באַצאָלט דעם שקל, אַזוי ווי מען באַצאָלט אַנדערע בעלי מלאכות, וועלכע טוען אַרבייטן אין בית המקדש. ווי מיר וועלן לערנען באַלד אין דער משנה איז פאַראַן אַ מחלוקה צו כהנים דאַרפן בכלל צאָלן דעם שקל.

ד. אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אַז בן בוכרי האָט עדות געזאָגט אין יבנה, אַז אַ כהן, וועלכער צאָלט דעם שקל באַגייט ניט קיין זינד. בן בוכרי האַלט אַז כהנים דאַרפן ניט צאָלן דעם שקל. מען קאָן מיינען, אַז זיי טאָרן ניט איינצאָלן, ווייל פאַר דעם געלט קויפט מען דאָך קרבנות און עס הייסט אַז מען קויפט קרבנות פון ניט־ריכטיג־איינגעצאָלטן געלט, ניט פון ציבור־געלט, נאָר פון יחיד־געלט. דעריבער לערנט בן בוכרי אַז אויב אַ כהן וויל מעג ער איינצאָלן, ווייל מסתמא גיט ער איבער דאָס געלט צום ציבור, צום כלל ישראל, מיטן גאַנצן הארץ, און עס ווערט ציבור־געלט. אָמר לו, האָט צו אים געזאָגט רבן יוחנן בן זכאי: ניט אַזוי, נאָר יעדער כהן, וואָס צאָלט ניט איין דעם שקל באַגייט אַ זינד (ווייל אויך כהנים דאַרפן צאָלן דעם שקל); נאָר די כהנים דרשענען דעם דאָזיקן פסוק פאַר זיך וועגן (פאַר זייער אייגענער טובה): „כל מנחת כהן כליל תהיה לא תאכל, יעדע מנחה פון אַ כהן זאָל ווערן פאַרברענט, זי זאָל ניט ווערן געגעסן״. (ויקרא ו׳), און אַזוי ווי דער עומר און דער שתי הלחם און דער לחם הפנים וועלן זיין אונזערס (די כהנים׳ס, ווייל זיי ווערן דאָך געקויפט פון די שקלים־געלטער), ווי אַזוי זשע ווערן זיי געגעסן! „מנחה״ הייסט אַ קרבן ניט פון אַ בהמה אָדער אַ עוף, נאָר פון מעל, אַ שפייז־קרבן. פון אַזאַ קרבן נעמט מען אַראָפּ נור אַ טייל, אַ קומץ, אַ האַנט־הויפן, און מען איז עס מקריב אויפן מזבח (מען פאַרברענט עס דאָרט), און דאָס איבעריקע פון דער מנחה, די שיריים, עסן די כהנים. זאָגט די תורה, אַז דאָס איז נור ווען די מנחה ברענגט אַ ניט־כהן, אָבער אויב די מנחה איז אַ כהנ׳ס טאָר מען זי ניט עסן, נאָר די גאַנצע מנחה ווערט פאַרברענט אויפן מזבח. פון די שקלים־געלטער האָט מען געבראַכט די קרבנות־ציבור, פאַר דעם גאַנצן כלל־ישראל, און צווישן זיי אויך דעם „עומר״ דאָס מעסטל גערשטן־מעל דעם 16טן טאָג אין ניסן, די „שתי הלחם״, די צוויי ברויטן אים שבועות, און דעם „לחם הפנים״, דאָס ברויט פון געזיכט, די 12 חלות יעדן שבת. די דאָזיקע מנחות, שפייז־קרבנות, האָבן די כהנים יאָ געגעסן. ווילן דערפון די כהנים ברענגען אַ ראיה, אַז זיי דאַרפן ניט צאָלן דעם שקל, מחמת פון די שקלים־געלטער ברענגט מען דאָך די מנחות־קרבנות, דעם עומר און שתי הלחם און לחם הפנים, און אויב די כהנים׳ס געלטער וועלן זיין צווישן די שקלים, האָבן זיי דאָך אַ חלק אין די דאָזיקע מנחות־קרבנות, הייסן זיי דאָך אַ מנחה פון אַ כהן, טאָר מען זיי דאָך ניט עסן. ווי אַזוי זשע עסט מען זיי? די גמרא זאָגט, אַז באמת איז די קשיא פון די כהנים ניט קיין קשיא, ווייל נור ווען אַ כהן אַליין, אַלס יחיד, ברענגט אַ מנחה־קרבן, ווערט זי ניט געגעסן, אָבער אויב ער באַטייליקט זיך מיטן גאַנצן יידישן ציבור אין דער מנחה מעג מען זי יאָ עסן. — וועגן די „עדות זאָגן אין יבנה״ זע אין דער הקדמה צו מסכתא עדיות.

ה. אף על פי, כאָטש זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט, אַז מען נעמט ניט קיין משכנות ביי פרויען און שקלאַפן און קינדער (ווייל זיי דאַרפן ניט צאָלן דעם שקל), אויב זיי האָבן יאָ געגעבן דעם שקל נעמט מען ביי זיי. **אָבער זיי דאַרפן איבערגעבן**

**שקלו מקבלין מידן. הגוי והכותי ששקלו אין מקבלין מידן. ואין מקבלין מידן קיני זבין, וקיני זבות, וקיני יולדות, וחטאות ואשמות, (אבל) נדרים ונדבות מקבלין מידן. זה הכלל, כל שנידר ונידב מקבלין מידן, כל שאין נידר ונידב, אין מקבלין מידם. וכן הוא מפורש על ידי עזרא. שנאמר (עזרא ד׳) „לא לכם ולנו לבנות את בית אלהינו״:**

---

דאָס געלט צום כלל, און עס זאָל הייסן געלט פון ציבור, ווי מיר האָבן פריער גע־לערנט ביי די כהנים. הגוי, א גוי אָדער א כותי, וועלכע האָבן געגעבן שקלים, נעמט מען ניט פון זיי. א כותי איז א שומרוני, אן אָנהענגער פון אן אלטער האלב־יידישער סעקטע, וועלכע האלטן נור פון דער תורה אָבער ניט פון נביאים וכתובים, און זיי זאָגן, אז ניט אין ירושלים דאַרף זיין דאָס בית המקדש נאָר אויפן הר גריזים, טייל תנאים האָבן זיי געהאַלטן פאַר יידן און טייל האָבן זיי געהאַלטן פאַר גויים. די משנה לערנט אז פון א גוי און א כותי נעמט מען ניט קיין שקל, ווייל פאַר זייער געלט טאָר מען ניט קויפן קרבנות ציבור. ואין מקבלין מידן, און מען נעמט ניט צו פון זיי (אויב זיי ברענגען) טויבן־פאָר פאַר זבין, און טויבן־פאָר פאַר זבות, און טויבן־פאָר פאַר קימפעטאָרינס, און קרבנות חטאת און קרבנות אשם. דער דין איז, אז א מאַן אָדער א פרוי, פון וועלכע עס רינט אן אומריינע פליסיקייט (זב און זבה), זענען זיי טמא, און נאָך א צייט ווי די פליסיקייט הערט אויף און זיי ווערן טהור, ריין, דאַרפן זיי ברענגען אלס קרבן א פאָר טויבן, דאָס הייסט א „קן״, א נעסט, א פאָר טויבן. אויך א קימפעטאָרין (יולדת), כדי זי זאָל ווערן ריין, דאַרף ברענגען אלס קרבן א פאָר טויבן, א קן. א קרבן חטאת און א קרבן אשם דאַרפן ברענגען אַזעלכע וועלכע האָבן געטאָן הארבע עבירות בשוגג, אומווילינג (פּרטים וועגן דעם אין דער הקדמה צו מסכתא זבחים). זאָגט די משנה, אז אויב א גוי אָדער אכותי ברענגען טויבן־קרבנות ווייל זיי זענען געוועזן זבים אָדער זבות אָדער קימפעטאָרינס (אויב דאָס זענען פרויען) אָדער א קרבן חטאָת אָדער א קרבן אשם, נעמט מען ניט צו ביי זיי. דער ירושלמי זאָגט, אז „קרבנות פון זבים און זבות״ מיינט מען נור ביי א כותי, ווייל א גוי קאָן בכלל ניט זיין קיין זב און קיין זבה. אבל, אָבער נדרים און נדבות (קרבנות אלס נדר און אלס נדבה) נעמט מען יאָ צו ביי זיי (ביים גוי און ביים כותי). עס זענען פאַראַן קרבנות, וואָס מען איז ניט מחויב צו ברענגען, נאָר אויב איינער וויל איז ער מנדר אָדער מנדב צו ברענגען אַזעלכע קרבנות, און ער ברענגט זיי, דאָס הייסן נדרים און נדבות. דער חילוק צווישן א נדר און א נדבה באַשטייט אין דעם, וואָס ביי א נדר זאָגט דער מענטש: „איך נעם אויף זיך צו ברענגען א קרבן״, און ביי א נדבה זאָגט ער: „די דאָזיקע בהמה (צי עוף, צי מעל, צי ווייַן, צי געוויסע אנדערע זאכן) זאָל זיין א קרבן״. זאָגט די משנה, אז אַזעלכע קרבנות וועלכע מען איז ניט מחויב צו ברענגען (ניט ווי די פריער־דערמאָנטע טויבן־פאָר פון זבים, זבות און אזוי ווייטער) נאָר וואָס מען איז מנדר און מנדב, נעמט מען אויך ביי גויים און כותים. די ברייתא לערנט דאָס אָפּ פון פסוק ויקרא כ״ב „איש איש״ אז אויך גוים קאָנען ברענגען נדרים און נדבות. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אלץ (אלע קרבנות) וואָס מען איז מנדר אָדער מנדב נעמט מען ביי זיי, אַלץ וואָס מען קאָן ניט מנדר און מנדב זיין, נעמט מען ניט ביי זיי; און אזוי איז (פאַראַן) בפירוש דורך עזרא, ווארום עס ווערט געזאָגט (עזרא ד׳) „ניט איר צוזאמען מיט אונז דאַרפט בויען דאָס הויז פון אונזער גאָט״. אין ספר עזרא האָבן זרובבל און אנדערע יידישע פירער, ווען זיי זענען צוריקגעקומען פון גלות בבל און גענומען בויען דאָס בית המקדש, געזאָגט די דאָזיקע ווערטער צו די יידישע שונאים, גויים און כותיים. דער רמבם האלט אז קרבנות חטאת און אשם מעג מען יאָ נעמען ביי כותים, און ער איז ניט גורס דאָס וואָרט „אבל״ אין דער משנה, און ער שטעלט דעם פונקט נאָך „קיני יולדות״ (די טויבן־פאָר פון א קימפע־טאָרין״), און דערנאָך גייט די משנה: „חטאות און אשמות און נדרים און נדבות נעמט מען ביי זיי״.

ו. **ואלו שחייבין בקלבון; לוים וישראלים וגרים ועבדים משוחררים; אבל לא (כהנים) ונשים ועבדים וקטנים. השוקל על ידי כהן, על ידי אשה, על ידי עבד, על ידי קטן, פטור. ואם שקל על ידו ועל יד חברו חייב בקלבון אחד. ר' מאיר אומר, ב' קלבונות. הנותן סלע ונוטל שקל, חייב ב' קלבונות:**

---

ו. ואלו, און די דאָזיקע (זענען די מענטשן) וועלכע זענען מחויב (צו געבן) דעם קלבון. **דאָס וואָרט „קלבון", לייענט זיך „קאָלובאָן", און איז א גריכיש וואָרט (אזוי זאָגט ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך") און איז דער טייטש „אָבּצאָל", דער אָבּצאָל, וואָס מען גיט א באַנקיר, ווען מען טוישט אויס ביי אים א מטבע. מיר האָבן שוין געשריבן אין דער הקדמה צו מסכתא שקלים, אז די מטבע „שקל", וואָס איז פאראַן אין חומש, הייסט אין דער משנה „סלע", און אז דער האַלבער שקל (מחצית השקל) וואָס איז פאראַן אין חומש, הייסט אין דער משנה „שקל"; מען האָט געדאַרפן דעריבער געבן די משנה־מטבע „שקל" (וואָס איז דער „מחצית השקל" פון חומש). צוליב דעם וואָס ביים צוריק אויסטוישן די שקלים אויף אַנדערע מטבעות איז אויסגעקומען דעם בית המקדש היזק צו האָבן דעם דערמאָנטן „אָבּצאָל", דעם „קלבון", האָט מען מתקן געווען אז ווען איינער איז מקיים די מצוה און צאָלט איין דעם „שקל" זאָל ער צולייגן נאָך א קליינע מטבע, דעם „קלבון". די משנה וועט דאָ באַלד לערנען, ווער עס דאַרף צאָלן דעם קלבון, און ווען מען דאַרף צאָלן דעם קלבון און וויפיל באַטרעפט דער דאָזיקער קלבון. און די משנה זאָגט דאָ קודם כל, אז צאָלן דעם קלבון דאַרפן די דאָזיקע מענטשן:** לויים, און ישראלים, און גרים און באַפרייטע שקלאַפן. **מחמת זיי זענען דאָך מחויב צו צאָלן דעם שקל, ווי מיר האָבן פריער געלערנט.** אבל, אָבער ניט כהנים, און פרויען, און שקלאַפן, און ניט דערוואַקסענע (יינגער פון 20 יאָר). **ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ב' זענען זיי באמת פטור פון צאָלן דעם שקל, און דעריבער אויב זיי צאָלן יאָ מוזן זיי ניט צוגעבן דעם קלבון. אין טייל משניות איז ניט פאראַן „כהנים".** השוקל, אז איינער צאָלט איין (א סלע, פאר זיך א שקל און א) שקל פאר א כהן אָדער פאר א פרוי, אָדער פאר א שקלאַף, אָדער פאר ניט־דערוואַקסענע (מענטשן יינגער פון 20 יאָר), איז ער פטור. **ער דאַרף ניט געבן דעם קלבון, ווייל ער צאָלט איין פאר אזעלכע מענטשן וועלכע זענען באמת פטור צו צאָלן דעם שקל זעלבסט. דאָ מיינט די משנה, אז אפילו ער האָט איינגעצאָלט דעם שקל בתנאי, אז דער כהן צי די פרוי צי דער שקלאַף זאָל אים צוריקגעבן דאָס געלט, ער האָט זיי געבאָרגט, איז ער אויך פטור צו געבן דעם קלבון. וואָרום אויב אָבער ער האָט זיי ניט געבאָרגט, נאָר געשאָנקן, איז ער ניט מחויב צו געבן דעם קלבון אפילו ער האָט איינגעצאָלט פאר אנדערע מענטשן, ווי עס וועט לערנען ווייטער די משנה ז'.** ואם שקל, און אויב איינער האָט איינגעצאָלט (א סלע־מטבע, וואָס איז ווערט צוויי שקלים), פאר זיך און פאר זיין חבר (וועלכער איז יאָ בחויב צו צאָלן דעם שקל) איז ער מחויב צוצוגעבן איין קלבון; ר' מאיר זאָגט, אז ער דאַרף געבן צוויי קלבונות. **דאָ לערנט די משנה די מחלוקה וועגן דעם, ווען מען דאַרף צוגעבן דעם קלבון. די סתם משנה, די חכמים, האַלטן, אז ווען איינער צאָלט איין א שקל, דאַרף ער ניט צוגעבן א קלבון. אָבער ווען ער צאָלט איין פאר זיך און פאר זיין חבר א סלע, קומט דאָך אויס, אז דאָס בית המקדש, וועלנדיק אויסטוישן דעם סלע אויף 2 שקלים וועט דאַרפן באַצאָלן א קלבון טויש־געלט, דעריבער דאַרף ער געבן דעם קלבון צום בית המקדש. אָבער ר' מאיר האַלט, אז אפילו ווען איינער צאָלט איין א שקל דאַרף ער צוגעבן א קלבון, און דעריבער ווען ער צאָלט איין א סלע (פאר זיך און פאר'ן חבר) דאַרף ער געבן 2 קלבונות. אויך דאָ מיינט מען אז ער האָט דעם חבר געבאָרגט דעם שקל, ניט אז ער האָט אים געשאָנקן.** הנותן, אז איינער גיט (פאר זיך אליין) א סלע און נעמט צוריק (פון בית המקדש) א שקל, איז ער מחויב

**ז. השוקל על ידי עני, ועל ידי שכנו, ועל יד בן עירו, פטור. ואם הלוום, חייב. האחין והשותפין שחייבין בקלבון, פטורין ממעשר בהמה, וכשחייבין במעשר בהמה פטורין מן הקלבון. וכמה הוא קלבון? מעה כסף, דברי רבי מאיר, וחכמים אומרים, חצי:**

---

(צו געבן) צוויי קלבונות. **דאָ זענען אויך די חכמים מודה, ווייל עס קומט איין קלבון פאר דעם סלע,** און איין קלבון פאר דעם „רעשט", **פאר דעם שקל, וואָס ער נעמט פון בית המקדש.**

ז. השוקל, אז איינער צאָלט איין א שקל פאר אן אָרימאַן, אָדער פאר זיין שכן אָדער פאר זיין לאנדסמאן (בן עירו, א מענטש פון זיין שטאָט) איז ער פטור (פון צו געבן דעם קלבון). **דאָ מיינט מען ניט דוקא פאר אן אָרימאַן נאָר בכלל, אויב מען צאָלט איין א שקל פאר אן אנדערן, ניט אלס א הלואה, אויף צוריק-צונעמען ביי יע־נעם דעם שקל, נאָר אלס א מתנה, מען שענקט יענעם, דארף מען ניט צאָלן דעם** קלבון. ואם הלוום, און אויב ער האָט זיי געבאָרגט, איז ער חייב (צו געבן דעם קלבון). **דאָס הייסט, אויב ער האָט איינגעצאָלט פאר זיי דעם שקל, אז זיי זאָלן אים צוריק־צאָלן, דארף ער צוגעבן דעם קלבון.** האחים, ברידער שותפים, וועלכע זענען מחויב צו געבן דעם קלבון (ווען זיי געבן צוזאמען א סלע פאר ביידנס שקלים) זענען זיי פטור צו געבן מעשר פון בהמות, און ווען זיי זענען מחויב צו געבן מעשר פון בהמות, זענען זיי פטור פון צו געבן דעם קלבון. **דער דין איז, אז ביי איינעם זענען געבוירן 10 כשרע בהמות, למשל 10 שעפסלעך, דארף ער איינס דערפון, (א צענטל פון די 10), מאכן פאר מעשר בהמה, מעשר פון בהמות. דאָס דאָזיקע שעפסל איז הייליק, און מען דארף עס מקריב זיין אין בית המקדש און דאָס פלייש ווערט געגעסן אין ירושלים. דער דין איז אויך, אז אויב שותפים האָבן בהמות און עס ווערן גע־בוירן 10 כשרע בהמות זענען זיי פטור פון צו מאכן די מעשר בהמה. זאָגט די משנה אז אויב איינער שטאַרבט און לאָזט איבער, לאָמיר זאָגן, צוויי זין און אַ פאַרמעגנס, ירושה, און אין דעם פאַרמעגנס זענען אויך פאראן בהמות, איז דער דין, אז אויב די ברידער האָבן נאָכניט צעטיילט צווישן זיך די ירושה, הייסט דאָס פארמעגן ניט ווי א פארמעגן פון שותפים נאָר ווי פון איין מענטש. דעריבער, ווען זיי צאָלן איין פון דער ירושה א סלע** (צוויי שקלים) **פאר זיי ביידן אלס שקלים־געלט, דארפן זיי ניט צאָלן דעם קלבון, מחמת עס איז פונקט ווי דער פאָטער וואָלט נאָך געלעבט און ער וואָלט פאר די צוויי זין איינגעצאָלט די שקלים, און מיר האָבן דאָך פריער גע־לערנט, אז ווען איינער צאָלט דעם שקל פאר זיין שכן (ניט אלס א הלואה, נאָר אלס א געשאנק) איז ער פטור פון צו־געבן דעם קלבון. אָבער דערפאַר, אויב די בהמות פון דער ירושה האָבן דורך דער צייט געבוירן 10 קינדער, דארף מען פון זיי אָפּ־שיידן מעשר בהמה, מחמת דאָס ירושה־פארמעגן ווערט נאָך אלץ באטראכט ווי עס געהערט צו איין מענטש, צום פאָטער. אויב אָבער די ברידער האָבן זיך צעטיילט מיט דער ירושה און האָבן דערנאָך געמאַכט צווישן זיך שותפות דאָס פארמעגן, דארפן זיי, ווען זיי צאָלן איין א סלע** (אלס ביידנס שקלים) **צוגעבן דעם קלבון, מחמת איצט הייסט עס ווי צוויי פערזאָן צאָלן איין פון זייערע אייגענע געלטער איין סלע אלס 2 שקלים, און מען איז מחויב צו געבן דעם קלבון. אָבער דערפאר, אויב דורך דער צייט האָבן זייערע בשותפות־בהמות געבוירן 10 קינדער זענען זיי פטור אָפּצו־שיידן פון זיי דעם מעשר בהמה, ווייל איצט זענען זיי דאָך שותפים, און ווי מיר האָבן פריער געזאָגט זענען שותפים פטור פון מעשר בהמה. דער רמבם איז דאָ גורס ניט „האחים השותפים", נאָר „האחים והשותפים", און ער לערנט דעם דין. אז אויך ביי סתם שותפים איז פאראן אן אונטערשיד וועגן צאָלן דעם קלבון און דעם חיוב אָפּצושיידן מעשר בהמה.** וכמה, און וויפיל איז דער קלבון? א מעה זילבער, אזוי זאָגט ר' מאיר, און די חכמים זאָגן, אז א האלבע (מעה זילבער). **וועגן די אמאָליקע**

## פרק ב.

**א. מצרפין שקלים לדרכונות מפני משוי הדרך. כשם שהיו שופרות במקדש, כך היו שופרות במדינה. בני העיר ששלחו את שקליהן ונגנבו או שאבדו, — אם נתרמה התרומה, נשבעין לגיזברים, ואם לאו, נשבעין**

מטבעות און אויך וועגן דער מעה האָבן מיר געגעבן אין מסכתא מעשר שני פרק ב׳ משנה ז׳. א שקל (א האלבער סלע) האָט געהאַט 12 זילבערנע מעה־מטבעות (דער רמבם זאָגט, אז די זילבערנע מעה האָט געוואויגן ווי 16 גערשטן־קערנדלעך). ר׳ מאיר זאָגט, אז דער קלבון איז א זילבערנע מעה, און די חכמים זאָגן, אז א האלבע זילבערנע מעה.

## פרק ב.

א. מצרפין, מען מעג אויסטוישן שקלים אויף דרכונות, צוליב דער שווערקייט פון וועג. „דרכון" איז געווען א גאָלדענע מטבע אין דער פערסישער מלוכה, און האָט אין גריכיש געהייסן „דאַרעיכאָס", אויפן נאָמען פון דריוש מלך פרס. עס איז א סברא אז דאָס איז דאָס זעלבע וואָס די מטבע „דרכמון" אין ספר עזרא ב׳, און „אדרכונים" אין עזרא ח׳. צוויי זילבערנע „סלעים" זענען געווען איין „דרכון". די משנה לערנט דאָ, אז ווען מען זאמלט צונויף אין א פּראָווינץ־שטאָט „שקלים" און מען דאַרף זיי פירן קיין ירושלים, מעג מען זיי אויסטוישן (4 שקלים אויף איין גאָל־דענעם „דרכון") אויף גאָלדענע דרכונות, כדי עס זאָל זיין לייכטער זיי צו פירן אין וועג. כשם, אזוי ווי עס זענען געווען פושקעס (איינצולייגן אהין די שקלים־געלטער) אין מקדש, אזוי זענען אויך געווען פושקעס (אריינצולייגן אהין די שקלים־געלטער) אין דער מדינה. מיר האָבן שוין געגעבן פריער פרק א׳ משנה ג׳, אז טייל פון די אמאָליקע משנה־מפרשים טייטשן „מקדש" אין בית המקדש הויף און „מדינה" אויסער דעם בית־המקדש־הויף; און טייל טייטשן „מקדש" אין ירושלים, און „מדינה" אין די פּראָווינץ־שטעט. „שופר" און אין לשון רבים „שופרות", איז דער טייטש א פושקע, וועלכע איז אין דער הויך שמאָל און אונטן ברייט. אזוי ווי א שופר, כדי מען זאָל אהין אריינוואַרפן געלט און עס זאָל זיין שווער ארויסצונעמען. די משנה זאָגט, אז עס זענען געשטאַנען אומעטום פושקעס אויף אריינצולייגן די געבראַכטע שקלים. בני העיר, אויב מענטשן פון א שטאָט האָבן געשיקט (דורך שלי־חים) זייערע שקלים (צום בית המקדש) און זיי זענען (אויפן וועג) צוגעגנבעט גע־וואָרן אָדער פאַרלוירן געגאַנגען, איז אויב מען האָט שוין געהאַט אָפּגעשיידט (אין בית המקדש) תרומה (פון די געלטער פון נייעם יאָר), דאַרפן (די שליחים) שווערן צו די גזברים (די שאַצמייסטערס פון בית המקדש). יעדעס נייע יאָר (אָנהויבענדיק פון חודש ניסן, זע אין דער הקדמה צו מסכתא שקלים) נאָכדעם ווי עס זענען שוין גע־האָט אָנגעקומען דער גרעסטער טייל שקלים פון די פּראָווינץ־שטעט, האָבן די גזברים, די שאַצמייסטערס פון בית מקדש, אראָפּגענומען פון די נייע אָנגעקומענע שקלים־געלטער, א טייל געלטער, כדי צו קויפן דערפאַר ציבור־קרבנות. דער דאָ־זיקער טייל געלטער האָט געהייסן „תרומה" (אויך „תרומת הלשכה"), „אָפּגעהייבן", „אראָפּגענומען". די משנה וועט ווייטער אין פרק ג׳ לערנען ווי אזוי דאָס איז פאָר־געקומען. ביים אראָפּנעמען די „תרומה" האָבן די גזברים, די שאַצמייסטערס, איינ־זינען געהאַט, אז דאָס זאָל שוין גוט זיין אויך אויף די געלטער, וועלכע וועלן שפּע־טער אָנקומען, כדי אלע יידן זאָלן האָבן א טייל אין די קרבנות. זאָגט דאָ די משנה, אז אויב די תרומה איז שוין געהאַט געווען אראָפּגענומען איידער די שקלים זענען אין וועג געוואָרן צוגעגנבעט אָדער פאַרלוירן, הייסט עס אזוי ווי די שקלים וואָלטן שוין געווען אין רשות פון בית המקדש; און דעריבער דאַרפן די שליחים שווערן צו די גזברים, אז זיי זענען ניט שולדיק געווען אין צוגנבענען אָדער אין פאַרלוירן גיין, און די שטאָט־מענטשן דאַרפן ניט צאָלן אנדערע שקלים. ואם לאו, און אויב ניט (אויב מען האָט נאָכניט געהאַט אָפּגעשיידט די תרומה), דאַרפן זיי (די שליחים שווערן

**לבני העיר, ובני העיר שוקלין תחתיהן. נמצאו, או שהחזירום הגנבים, אלו ואלו שקלים, ואין עולין להן לשנה הבאה:**

**ב. הנותן שקלו לחברו לשקול על ידו, ושקלו על ידי עצמו, אם נתרמה תרומה, מעל. השוקל שקלו ממעות הקדש, — אם נתרמה תרומה וקרבה הבהמה, מעל. מדמי מעשר שני, מדמי שביעית, — יאכל כנגדן:**

---

צו די שטאָט־לייט, און די שטאָט־לייט דאַרפן געבן אַנדערע שקלים אַנשטאָט זיי (אַנשטאָט די צוגעגנבעטע אָדער פאַרלוירענע). מחמת, אַזוי לאַנג ווי מען האָט ניט אָפּגעשיידט די תרומה, האָט מען דאָך אין בית המקדש די דאָזיקע שקלים נאָכניט איינגענומען געהאַט, הייסט עס, אַז די שקלים זענען כסדר אין רשות פון די שטאָט־מענטשן, און זייערע געלטער, ניט בית־המקדש־געלטער, זענען געוואָרן צוגעגנבעט אָדער פאַרלוירן, און זיי מוזן דעריבער געבן אַנדערע שקלים. נמצאו, אויב (נאָכדעם ווי די שטאָט־מענטשן האָבן אָפּגעשיידט אַנדערע שקלים) זענען די (פאַרלוירענע שקלים) געפינען געוואָרן, אָדער די גנבים האָבן (די צוגעגנבעטע) צוריקגעגעבן, זענען סיי די (איצט אָפּגעשיידטע) סיי די (פריערדיקע) שקלים, און מען פאַררעכנט זיי ניט צום קומענדיקן יאָר, ווייל מען האָט דאָך אָפּגעשיידט די נייע שקלים, געהערן אויך זיי צום בית המקדש.

ב. הנותן, אַז איינער גיט צו זיין חבר זיין שקל אַז ער (דער חבר) זאָל אים אוועקגעבן (אין בית המקדש) פאַר זיינעטוועגן און ער (דער חבר) האָט אים אוועקגעגעבן אַלס זיין (אייגענעם) שקל, אויב די תרומה איז שוין געווען אָפּגעשיידט (איידער דער חבר האָט אוועקגעגעבן דעם שקל), האָט ער מועל געווען. מיט „מועל זיין" מיינט מען ווען איינער האָט הנאה פון אַ זאַך וואָס געהערט צום בית המקדש, וואָס איז הקדש, און אין חומש ויקרא ה' ט"ו (נפש כי תמעל מעל) ווערט געזאָגט, אַז מען דאַרף דערפאַר ברענגען אַ קרבן אשם און מען דאַרף באַצאָלן צו הקדש אויך נאָך אַ „חומש", אַ פיפטל (זע אין דער הקדמה צו מסכתא „מעילה"). זאָגט דאָ די משנה, אַז ווייל די תרומה איז שוין געווען אָפּגעשיידט הייסט עס אַז דער שקל איז שוין געווען אין רשות פון בית המקדש, הקדש, און דעריבער ווען ער, דער חבר, האָט אָפּגעשיידט דעם דאָזיקן הקדש־שקל אַלס זיין אייגענעם שקל, האָט ער דאָך הנאה געהאַט פון הקדש־געלט (וואָרום אַנישט וואָלט מען ביי אים געווען צוגענומען אַ משכון, ווי מען לערנט פריער פרק א' משנה ג'), האָט ער מועל געווען. השוקל, אַז איינערנעמט הקדש־געלט (געלט וואָס מען האָט מקדיש געווען פאַר פאַרריכטן דעם בית המקדש, בדק הבית) און צאָלט דערמיט זיין שקל, אויב מען האָט אָפּגעשיידט תרומה און מען האָט מקריב געווען אַ בהמה (אַלס קרבן פון די אָפּגעשיידטע געלטער), האָט ער מועל געווען. ווייל ווי מען האָט אָפּגעשיידט די תרומה איז דער שקל אַריין אין רשות פון הקדש און ווי מען האָט מקריב געווען אַ בהמה פון דער תרומה הייסט עס ווי מען האָט געקויפט און מקריב געווען אַ בהמה אויך פון דאָזיקן שקל־געלט, און דעריבער האָט דער שקל־־געבער מועל געווען. דער ירושלמי זאָגט, אַז אויך פריער (ביים פאַל ווען איינער האָט געגעבן אַ שקל צו זיין חבר) האָט מען געמיינט, אַז נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעשיידט די תרומה האָט מען פון די תרומה־געלטער שוין געהאַט מקריב געווען אַ בהמה. מחמת אויב מען האָט ניט מקריב געווען אַ בהמה, איז דאָך דער שקל ניט געהאַט אַריבער פון איין רשות אין אַן אַנדערן רשות, וואָרום פריער איז ער געווען הקדש און דערנאָך איז ער געווען הקדש, און מען איז מועל נאָר ווען מען איז „מוציא מרשות הקדש לרשות חולין", ווען מען נעמט די זאַך אַרויס פון הקדש־רשות אין אַ וואָכעדיקן רשות. אָבער אויב מען האָט געקויפט אַ בהמה און איר מקריב געווען, הייסט עס ווי פאַר דעם שקל האָט מען געקויפט די בהמה. מדמי, (אויב איינער האָט באַצאָלט זיין שקל) פון מעשר־

ג. המכנס מעות, ואמר: „הרי אלו לשקלי״, בית שמאי אומרים, מותרן נדבה; ובית הלל אומרים, מותרן חולין. „שאביא מהן לשקלי״, — שוין שמותרן חולין. „אלו לחטאת״ — שוין שהמותר נדבה. „שאביא מהן לחטאת״, — שוין שהמותר חולין:

ד. אָמר ר׳ שמעון, מה בין שקלים לחטאת? שקלים יש להם קצבה,

---

שני־געלט אָדער פון שמיטה־געלט זאָל ער עסן קייגן זיי. פאר מעשר שני געלט דארף מען קויפן עסנווארג און עס איז ירושלים אָפּגעהיטן דאביי א סך דינים (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעשר שני), און געלטער, וואָס מען האָט באַקומען פאר־קויפנדיק שמיטה־פרוכטן, מוז מען קויפן פאר זיי עסנווארג און עסן זיי לויט די דינים פון שמיטה־פרוכטן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא שביעית). זאָגט די משנה, אז איינער האָט פארנוצט די דאָזיקע געלטער אויף צו באַצאָלן זיין שקל, מוז ער נע־מען זיין אייגן געלט אין דעם ווערט פון א שקל און זאָגן, אז דער שקל פון מעשר שני אָדער פון שמיטה זאָל זיין אויסגעטוישט אויף דעם דאָזיקן געלט, און פאר דעם געלט זאָל ער קויפן עסנווארג און עס עסן לויט די דינים פון מעשר שני און שמיטה.

ג. המכנס, אז איינער נעמט צונויף געלט (ביסלעכווייז א פרוטה צו א פרוטה) און (באלד אין אָנהויב, איידער עס האָט זיך נאָך אָנגעזאמלט א שקל) האָט ער גע־זאָגט: „די דאָזיקע (געלטער) זאָלן זיין פאר מיין שקל״ (און צום סוף ביים איבער־ציילן דאָס געלט איז געווען מער ווי א שקל), זאָגן די בית שמאי, אז דאָס איבריקע געלט איז (הקדש־) נדבה. מיט „נדבה״ זענען אָנגערופן געוואָרן די געלטער, וואָס מען האָט געגעבן צום בית המקדש, וואו עס איז געווען א ספּעציעלער שופר, א פּוש־קע, מיטן אויפשריפט „נדבה״, און פאר די געלטער פון דער דאָזיקער נדבה־פּושקע האָט מען געקויפט בהמות און מקריב געווען אויפן מזבח „עולות״, דאָס זענען קרבנות, וואָס אויך זייער פלייש איז פארברענט געוואָרן אויפן מזבח. זאָגן די בית שמאי, אז כאָטש ער האָט בטעות מקדיש געווען מער געלט, פונדעסטוועגן איז דאָס געלט הקדש און עס געהערט צום בית המקדש אלס נדבה. ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז דאָס איבריקע (געלט) איז חולין. עס איז ניט קיין הקדש, ווייל דער מענטש האָט נור מכוון געווען אראָפּצונעמען דעם שקל און ניט מער; דאָס איבריקע געלט איז דעריבער זיינס, „וואכעדיק״ געלט, חולין. שאביא, אויב (אָבער ביים זאמלן דאָס געלט, האָט ער געזאָגט: „פון זיי (פון די דאָזיקע געלטער) זאָל איך ברענגען פאר מיין שקל״, האלטן זיי (די בית שמאי און די בית הלל) גלייך, אז דאָס איבריקע (געלט) איז חולין. ווייל זאָגנדיק „איך זאָל ברענגען פון זיי מיין שקל״, מיינט עס בפירוש, אז נור א טייל פון זיי, אויב עס וועט זיין מער. אלו לחטאת, (אויב איינער האָט געטאָן א הארבע עבירה בשוגג און האָט געדארפן ברענגען א קרבן חטאת, און ער האָט ביסלעכוויז געזאמלט זיך געלט און האָט ביים אָנהייב זאמלן געזאָגט): די דאָזיקע געלטער זאָלן זיין פאר דעם קרבן חטאת, האלטן זיי (די בית שמאי און די בית הלל) גלייך, אזדאָס איבריקע געלט (וואָס איז געקליבן נאָכדעם ווי ער האָט געקויפט א בהמה פאר זיין חטאת) איז נדבה. אויך די בית הלל האלטן אז עס איז הקדש־געלט. ווייטער אין דער משנה ווערט געגעבן דער טעם פאר וואָס די בית הלל האַלטן ביי „חטאת״ אנדערש ווי ביים שקל. שאביא, (אויב ער האָט געזאָגט): „פון זיי (פון די דאָזיקע געלטער) זאָל איך ברענגען מיין קרבן חטאת״, האלטן זיי (די בית שמאי און די בית הלל) גלייך, אז דאָס איבריקע געלט איז חולין. עס איז דערזעלבער טעם וואָס פריער, מחמת דאָס הייסט, ווי ער האָט בפירוש געזאָגט, אז אויב עס וועט זיין מער זאָל ער נור אראָפּנעמען א טייל פאר דעם קרבן חטאת.

ד. אמר, האָט ר׳ שמעון געזאָגט: וואָס איז דער אונטערשיד צווישן שקלים און קרבן חטאת? ווייל שקלים האָבן א באַשטימטן פרייז (קצבה, מען קאָן ניט געבן

**וחטאת אין לה קצבה. ר' יהודה אומר, אף לשקלים אין להם קצבה; שכשעלו ישראל מן הגולה, היו שוקלים דרכונות, חזרו לשקול סלעים, חזרו לשקול טבעין, ובקשו לשקול דינרים. אָמר ר' שמעון אף על פי כן יד כולן שוה, אבל חטאת, זה מביא בסלע, וזה מביא בשתים, וזה מביא בשלש:**

**ה. מותר שקלים-חולין. מותר עשירית האיפה, מותר קיני זבין, קיני יולדות וחטאות ואשמות, — מותריהן נדבה. זה הכלל, כל שהוא**

---

מער און אויך ניט ווינציקער פון א שקל), אָבער דער קרבן חטאת האָט ניט קיין באשטימטן פרייז (מען קאָן קויפן א קרבן פאר מער געלט אָדער פאר ווייניקער געלט). דעריבער, אויב ער זאָגט, „די דאָזיקע געלטער זאָלן זיין פאר מיין שקל", האָט ער דאָך ניט געקאָנט מיינען, אז וויפיל געלט ער וועט זאמלן זאָל עס גיין פאר דעם שקל, מחמת מער ווי א שקל-מטבע קאָן ער דאָך ניט געבן. דעריבער האלטן די בית הלל (אין דער פאָריקער משנה), אז דאָס איבריקע געלט איז חולין, ניט הקדש. אָבער ביים חטאת קאָן ער דאָך קויפן א בהמה פארן קרבן חטאת און באצאָלן וויפיל ער וויל, דעריבער אויב ער האָט געקויפט פאר ווינציקער און עס איז איבערגע־בליבן געלט, איז עס הקדש און עס גייט פאר נדבה. ר' יהודה זאָגט, אז אויך שקלים האָבן ניט קיין באשטימטן פרייז (קיין קצבה), ווארום ווען די יידן זענען אויפגע־גאנגן (אין דער צייט פון סוף גלות בבל) פון גלות (בבל קיין ארץ ישראל) האָבן זיי געצאָלט אלס שקלים די דרכונות-מטבעות (ווי מיר האָבן געגעבן פריער אין משנה א' איז א דרכון געווען פיר שקלים); דערנאָך האָבן זיי ווידער גענומען געבן אלס שקלים סלעים-מטבעות (איין סלע איז צוויי שקלים); דערנאָך האָבן זיי ווידער גע־נומען געבן אלס שקלים די טבעים-מטבעות (א „טבעא" איז געווען איין שקל-מטבע), און דערנאָך האָבן זיי געוואָלט געבן אלס שקל דינרים (איין דינר איז א האלבער שקל). אין דער משנה פון ירושלים איז צום סוף צוגעגעבן די ווערטער „ולא קבלו מהם", אז מען האָט ניט גענומען ביי זיי דעם דינר אלס א שקל, ווייל דאָס איז ווינציקער ווי די תורה זאָגט, אז מען זאָל געבן א „מחצית השקל" און ווי מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה איז א האלבער שקל פון חומש דאָס זעלבע ווי א שקל אין דער משנה. אויב אלע יידן ווילן געבן מער, קאָן מען נעמען, אָבער ווייניקער טאָר מען ניט. און דערפון וואָס מען האָט פריער געגעבן מער ווי א שקל (א דרכון און דערנאָך א סלע) ווייזט אויף ר' יהודה, אז אויך דער שקל האָט ניט קיין באַ־שטימטן פרייז, און אז מען קאָן געבן מער, און אז עס איז גלייך צום קרבן חטאת. אָמר ר' שמעון, האָט (דערויף) ר' שמעון געזאָגט: פונדעסטוועגן זענען (ביים שקל-צאָלן) אלע יידן גלייך (און אין דער צייט ווען אלע אנדערע יידן געבן נור א שקל, טאָר קיינער ניט געבן מער ווי א שקל), אָבער ביים קרבן חטאת, ברענגט דער (איי־נער ייד) (א קרבן חטאת) פאר א סלע, און דער (אנדערע ייד) פאר צוויי (סלעים) און דער (דריטער ייד) פאר דריי סלעים. דעריבער איז טאַקע יאָ אן אונטערשיד צווישן שקלים און דעם קרבן חטאת. מיר האָבן די משנה געטייטשט ווי די מפרשים ריבב"ן און „קרבן העדה". דער רמבם און דער ברטנורא טייטשן, אז מען האָט גע־געבן אלס שקל נאָר א האלבן דרכון, א האלבן סלע.

ה. מותר שקלים, (אויב איינער האָט געזאמלט געלט צו באצאָלן זיין שקל), דאָס געלט וואָס איז געבליבן נאָכן באצאָלן דעם שקל איז חולין. דאָס איז אזוי ווי די בית הלל זאָגן פריער אין משנה ג'. מותר עשירית האיפה, דאָס איבערגעבליבענע פון א עשירת האיפה (צענטל פון איפה), דאָס איבערגעבליבענע פון טויבן-פאָר (קינים) פאר א זב אָדער א זבה אָדער א קימפעטאָרין, אָדער קרבנות חטאת און אשם, זענען זייערע איבערגעבליבענע געלטער נדבה. עס זענען פאראן טייל עבירות, וואָס ווען איינער טוט זיי בשוגג און דער מענטש איז זייער אָרעם און ער קאָן

**בא לשם חטאת, ולשם אשם, מותריהן נדבה. מותר עולה — לעולה. מותר מנחה למנחה. מותר שלמים-לשלמים. מותר פסח-לשלמים. מותר נזירים-לנזירים. מותר נזיר-לנדבה. מותר עניים-לעניים. מותר עני-לאותו עני. מותר שבוים-לשבוים. מותר שבוי-לאותו שבוי. מותר המתים-**

---

ניט קויפן א בהמה פאר קרבן חטאת, מעג ער ברענגן א קרבן חטאת פון מעל, די מאָס פון א צענטל פון א איפה (עשירית האיפה). אן איפה איז 3 סאה. דאָס איז 18 טעפּ, און א צענטל דערפון איז 1 מיט 8 צענטל טאָפּ. וועגן קיני זבים, די טויבן־פאָר פון א זב און א זבה און א קימפּעטאָרין און אויך וואָס איז א חטאת און א אשם האָבן מיר געגעבן פריער פּרק א׳ משנה ה׳. זאָגט דאָ די משנה, אז איינער האָט געדאַרפן ברענגן אלס קרבן א עשירית האיפה, צי א טויבן־פּאָר (א קן), צי א קרבן חטאת צי א קרבן אשם, און ער האָט געזאמלט דערפון געלט, און ער האָט אראָפּגענומען א טייל פונם געלט און געבראַכט דערפאַר דעם קרבן, איז דאָס איבריקע געלט נדבה, הקדש־געלט; און מיר האָבן פריער אין משנה ג׳ געגעבן וואָס מען טוט אין בית המקדש פאַר דעם דאָזיקן נדבה־געלט. זה הכלל, דאָס איז דער כלל: אַלץ, וואָס ווערט געבראַכט אלס (קרבן) חטאת אָדער אלס קרבן אשם איז זייער איבערגעבליבן געלט נדבה. ווייטער אין פרק ו׳ משנה ו׳ גיט די משנה דעם פסוק אין ויקרא, פון וואנען יהוידע כהן גדול האָט אָפּגעלערנט דעם דאָזיקן דין. מותר עולה, (אז איינער האָט געזאמלט געלט צו ברענגן א קרבן עולה, וואָס דאָס פלייש פון קרבן ווערט אינגאנצן פארברענט אויפ׳ן מזבח, און עס איז געבליבן פון געלט נאָכדעם ווי ער האָט געקויפט דעם קרבן), דאָס איבריקע געלט פון דער עולה דארף גיין פאר א עולה. מען דארף פאר דעם געלט ברענגן נאָך א קרבן עולה. מותר מנחה, דאָס איבערגעבליבענע (געלט) פון א (קרבן) מנחה, דארף גיין פאר א מנחה. מנחה מיינט מען א קרבן פון מעל, וואָס מען ברענגט ניט אלס קרבן חטאת (ווע פריער ביי דער עשירית האיפה), נאָר סתם א קרבן, זאָגט די משנה אז פאר דעם איבערגעבליבענעם געלט זאָל מען ברענגן נאָך א קרבן מנחה. מותר שלמים, דאָס איבערגעבליבענע געלט פון שלמים, זאָל זיין פאר שלמים. שלמים הייסן א קרבן, פון וועלכן מען איז מקריב אויפ׳ן מזבח נור דאָס פעט און געוויסע אנדערע טיילן פון דער בהמה, און דאָס איבריקע פלייש עסן אויך ישראלים (ניט נור כהנים) אין ירושלים. זאָגט די משנה אז פאר דעם איבערעקן געלט דערפון זאָל מען ברענגן נאָך א קרבן שלמים. מותר פסח, דאָס איבערגעבליבענע געלט פון א קרבן פסח, זאָל זיין פאר שלמים. דעם קרבן פסח, א שעפּסל אָדער א ציגעלע, האָט יעדער ייד און זיין פאמיליע (אָדער עטליכע יידן צוזאמען) געדאַרפן ברענגן אים ערב פסח. אויב עס איז געבליבן פון דעם געלט, וואָס דער ייד און זיין פאמיליע האָבן אָנגעזאמלט צו קויפן דאָס שעפּסל פאר דעם קרבן פסח (נאָכן קויפן דאָס שעפּסל) זאָל מען דערפאר קויפן א בהמה און מקריב זיין איר אלס קרבן שלמים. מותר נזירים, דאָס איבערגעבליבענע (געלט וואָס איז באשטימט צו ברענגן קרבנות) פאר נזירים, גייט פאר נזירים. א נזיר הייסט איינער וועלכער האָט א נדר געטאָן צו זיין א נזיר, ניט טרינקן א געוויסע צייט (לפחות 30 טעג) קיין וויין, ניט אָפּשערן זיך די האָר און ניט מטמא זיין זיך צו מתים. נאָך דער צייט דארף דער נזיר ברענגן קרבנות און ער ווערט אויס נזיר. אויב מען האָט געזאמלט געלט צו ברענגן קרבנות פאר נזירים, און נאָכן ברענגן דערפון די קרבנות איז געבליבן אביסל געלט, זאָל עס גיין צו ברענגן קרבנות פאר אנדערע נזירים. מותר נזיר, דאָס איבערגעבליבענע (געלט פון די קרבנות) פון איין נזיר, זאָל גיין פאר נדבה. אויב איין נזיר האָט אָפּגעשיידט געלט פאר זיינע קרבנות און עס איז געבליבן דערפון זאָל עס גיין פאר „נדבה"; ווי מיר האָבן פריער אין משנה ג׳ געגעבן, מיינט מען דאָ מיט „נדבה", די פּושקע נדבה אין בית המקדש, וואָס פאר דעם געלט האָט מען געקויפט קרבנות עולות און זיי מקריב געווען אויפ׳ן מזבח. מותר עניים, איבערגעבליבענע געלט פאר אָרימע לייט, גייט פאר אָרימע לייט. אויב מען

**למתים. מותר המת-ליורשיו. ר׳ מאיר אומר, מותר המת יהא מונח עד שיבא אליהו. ר׳ נתן אומר, מותר המת, בונין לו נפש על קברו:**

## פרק ג

**א. בשלשה פרקים בשנה תורמין את הלשכה: בפרוס הפסח, בפרוס**

---

**האָט געזאַמלט געלט פאַר אָרימע לייט, און עס איז געבליבן א טייל פון געלט און איצט זענען קיין אָרימע לייט ניט פאַראַן זאָל דאָס געלט ליגן ביז עס וועלן קומען אָרימע לייט און מען זאָל זיי געבן. מען טאָר דאָס געלט ניט פאַרנוצן פאַר קיין אנדערע זאַך.** מותר עני, דאָס איבערגעבליבענע געלט פאַר איין אָרימאַן, זאָל מען אוועקגעבן דעם דאָזיקן אָרימאַן. אויב, למשל, מען האָט געזאַמלט געלט צו קויפן א **מלבוש פאַר אַן אָרימאַן, און נאָכן קויפן דעם מלבוש איז געבליבן געלט, זאָל מען דאָס געלט אוועקגעבן דעם דאָזיקן אָרימאַן.** מותר שבויים, איבערגעבליבענע געלט אויף (אויסצולייזן) געפאַנגענע, גייט פאַר (אויסלייזן) געפאַנגענע. **כאָטש איצט זענען קיין געפאַנגענע (שבויים) ניטאָ, זאָל דאָס געלט וואָס איז געבליבן פון פדיון שבויים געלט, ליגן ביז עס וועלן זיין געפאַנגענע און מען זאָל זיי דערפאַר אויסלייזן.** מותר שבוי, איבערגעבליבענע געלט (וואָס איז געזאַמלט געוואָרן) אויף (אויסצו־לייזן) איין (געוויסן) געפאַנגענעם, זאָל מען געבן דעם דאָזיקן געפאַנגענעם. **כאָטש ער איז שוין אויסגעלייזט, דאַרף מען אים געבן דאָס איבערגעבליבענע געלט, מחמת מען האָט עס געזאַמלט פאַר זיינעטוועגן.** מותר המתים, איבערגעבליבענע (געלט) אויף (קובר צו זיין) מתים, גייט (פאַר קובר זיין) מתים. **כאָטש איצט זענען קיין מתים ניט פאַראַן, זאָל דאָס געלט ליגן און מען זאָל עס פאַרנוצן אויף קובר זיין מתים ווען מען וועט עס דאַרפן.** מותר המת, (אויב מען האָט געזאַמלט געלט קובר צו זיין א געוויסן מת און עס איז) געבליבן געלט (נאָך דער קבורה) פון מת, (זאָל מען געבן) צו זיינע יורשים. **כאָטש עס איז ניט קיין כבוד פאַר דעם מת, נעמט מען אָן אז דער מת איז מוחל זיין כבוד, כדי די יורשים זאָלן האָבן דאָס געלט.** ר׳ מאיר זאָגט, אז דאָס איבערגעבליבענע געלט (וואָס איז געזאַמלט געוואָרן) פאַר א געוויסן מת, זאָל ליגן ביז אליהו וועט קומען. **וועגן געלטער וואָס איז א ספק צו וועמען זיי געהערן, איז פאַ־ראַן טיילמאָל אין דער משנה דער פסק דין, אז זיי זאָלן בלייבן ליגן סתם, אָן א באַ־שטימטער צייט, און די משנה רופט עס, „עד שיבוא אליהו", עס הייסט ביז אליהו הנביא וועט קומען, און ער וועט אנטשיידן וואָס מען זאָל טאָן מיטן געלט. אויך דאָ האַלט ר׳ מאיר איז א ספק, צי האָט דער מת מוחל געווען אויף זיין כבוד צי ניט, דעריבער זאָל עס בלייבן ליגן.** ר׳ נתן זאָגט, אז (פאַר) דעם איבערגעבליבענעם געלט (וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אויף קובר צו זיין) א געוויסן מת, זאָל מען שטעלן א מצבה אויף זיין קבר. **דאָס וואָרט „נפש" אלס מצבה איז פאַראַן אויך אין ערובין פרק ה׳ משנה א׳ (אין לשון רבים „נפשות"). רשי אין עירובין נ"ה טייטשט „נפש" א בנין אויפן קבר.**

## פרק ג

א. בשלשה, אין דריי צייטן אין יאָר שיידט מען אָפּ תרומה פון (די אָנגעזאַמל־טע שקלים אין) דער (בית־המקדש־) קאַמער (לשכה). **די שקלים, וועלכע זענען גע־זאַמלט געוואָרן אין ירושלים און אין די נאָנטע פּראָווינץ־שטעט צום סוף פון חודש אדר זענען אָנגעקומען אין בית המקדש באַלד, און מען האָט זיי אריינגעלייגט אין אַ קאַמער** (לשכה), **און מען האָט „אָפּגעשיידט" אראָפּגענומען פון די דאָזיקע שקלים א טייל געלט צו קויפן דערפאַר די קרבנות־ציבור, די קרבנות, וואָס דער יידישער כלל האָט געבראַכט** (קרבן תמיד, מוסף און אנדערע). **די דאָזיקע אראָפּגענומענע געלטער האָבן געהייסן „תרומה", אָפּגעשיידט, און מען האָט זיי אויך גערופן „תרומת הלשכה", די** (קאַמער־תרומה), **כדי איר אונטערצושיידן פון אנדערע תרומות. דאָס געלט, וואָס איז געבליבן אין דער קאַמער נאָכדעם ווי מען האָט אראָפּגענומען די תרומה, האָט געהייסן „שיירי הלשכה", די איבערגעבליבענע געלטער אין דער**

**עצרת, בפרוס החג. והן גרנות למעשר בהמה, דברי ר' עקיבא. בן עזאי אומר בעשרים ותשעה באדר ובאחד בסיון ובעשרים ותשעה באב. ר' אליעזר ור' שמעון אומרים, באחד בניסן, באחד בסיון, בעשרים ותשעה באלול. מפני מה אָמרו בעשרים ותשעה באלול, ולא אָמרו באחד בתשרי? מפני שהוא יום טוב, ואי אפשר לעשר ביום טוב; לפיכך הקדימוהו לעש־רים ותשעה באלול:**

**ב. בשלש קופות, של שלש שלש סאין, תורמין את הלשכה, וכתוב**

---

קאמער, און די משנה וועט ווייטער לערנען וואָס מען האָט דערמיט געטאָן. דאָס פלעגט געשען באַלד צום סוף פון חודש אדר. ווען עס איז אריבער א געוויסע צייט, עטליכע חדשים, און עס זענען אָנגעקומען די שקלים פון די ווייטערע שטעט, האָט מען ווידער אָפּגעשיידט תרומה פון די דאָזיקע אָנגעקומענע שקלים, און דאָס איבריקע געלט איז געווען „שיירי הלשכה". ווען עס זענען ווידער אריבער עטליכע חדשים און עס זענען אָנגעקומען די לעצטע שקלים פון די סאמע ווייטעסטע יידישע ישובים (אממערסטן אין אויסלאנד, אין בבל און אנדערע מדינות), האָט מען ווידער אָפּגעשיידט פון די דאָזיקע שקלים די תרומה. זאָגט די משנה, אז אזוי איז פאַר־געקומען דריי מאָל אין יאָר דהיינו: בפרוס הפסח, פופצן טעג פאַר פסח, פופצן טעג פאַר שבועות, פופצן טעג פאַר סוכות. דאָס וואָרט „פרוס" איז דער טייטש א טייל („פרס", טיילן) א העלפט, און מען מיינט דערמיט א האלבן חודש, און די תוספתא זאָגט, אז 15 טעג. דאָס אָפּשיידן די שקלים־תרומה איז פאַרגעקומען 15 טעג פאַר פסח, 15 טעג פאַר שבועות און 15 טעג פאַר סוכות. והן, און זיי (די דאָזיקע צייטן זענען (אויך) די צייט (ווען מען דאַרף אָפּשיידן) מעשר בהמה, אזוי זאָגט ר' עקיבא. מיר האָבן פריער פרק א' משנה ז' געזאָגט, אז מעשר בהמה מיינט, אז ווען ביי איינעם ווערן געבוירן כשרע בהמות (קעלבלעך, שעפּסן) דאַרף ער פון יעדע צען אָפּשיידן איין בהמה אלס מעשר בהמה, און דאָס דאַרף מען פירן קיין ירושלים, מקריב זיין אין בית המקדש און דאָס פלייש עסן אין ירושלים. זאָגט ר' עקיבא, אז אויב איינער האָט בהמות צו מעשרן טאָר ער ניט וואַרטן לענגער פון די דערמאָנטע צייטן; אויב עס ווערן געבוירן די בהמות ווינטער, מוז ער זיי מעשרן ניט שפּעטער פון 15 טעג פאַר פסח; און אויב זיי ווערן געבוירן צווישן פסח און פאַר שבועות מוז ער זיי מעשרן ניט שפּעטער פון 15 טעג פאַר שבועות, און אויב זיי ווערן געבוירן שפּעטער מוז ער זיי מעשרן שפּעטסטנס 15 טעג פאַר סוכות. דער טעם איז כדי די יידן וואָס גייען עולה רגל זיין אויף די ימים טובים זאָלן קאָנען קויפן בהמות, און איידער איינער מעשרט וויל ער ניט פאַרקויפן. דאָס וואָרט „גרנן", זייער „שייער", מיינט די צייט פון מעשרן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעשרות). בן עזאי זאָגט, אז (די דריי צייטן פאַר מעשר בהמה זענען) דעם ניין־און־צוואנציקסטן טאָג אין אָדר, און דעם ערשטן טאָג אין סיון, און דעם ניין־און־צוואנציקסטן טאָג אין אָב; ר' אליעזר און ר' שמעון זאָגן, אז דעם ערשטן טאָג אין ניסן, דעם ערשטן טאָג אין סיון, דעם ניין־און־צוואנציקסטן טאָג אין אלול, פאַרוואָס האָט מען געזאָגט „דעם ניין און צוואַנ־ציקסטן טאָג אין אלול", און ניט „דעם ערשטן טאָג אין תשרי"? ווייל ער (דער ער־שטער טאָג אין תשרי) איז יום טוב (ראש השנה), און מען קאָן ניט אָפּשיידן מעשר אים יום טוב, דעריבער האָט מען אים צוריקגעריקט צום ניין און צוואנציקסטן טאָג אין אלול. עס זאָל דאָ באמערקט ווערן אז ווען עס ווערט געטייטשט „בפרוס", „15 טעג פאַר", מיינט מען אז דער טאָג יום טוב איז שוין אין די 15 טעג. דאָס סתם וואָרט „חג" מיינט מען סוכות, און „בפרוס החג" מיינט מען (אזוי טייטשט דער רמבם) אָדער א טאָג פאַר ראש השנה אָדער א טאָג נאָך ראש השנה.

ב. בשלש קופות, מיט דריי קוישן צו דריי סאה יעדער (וואָס יעדע פון זיי האלט דריי סאה) האָט מען אָפּגעשיידט די (שקלים־תרומה פון דער) קאמער, און

בהן אל״ף בי״ת גימ״ל. רבי ישמעאל אומר, יונית כתוב בהן, אלפ״א בית״א גמל״א. אין התורם נכנס לא בפרגוד חפות, ולא במנעל, ולא בסנדל, ולא בתפילין, ולא בקמיע, שמא יעני, ויאמרו, מעון הלשכה העני, או שמא יעשיר, ויאמרו, מתרומת הלשכה העשיר. לפי שאדם צריך לצאת ידי הבריות, כדרך שצריך לצאת ידי המקום, שנאמר (במדבר ל״ב) „והייתם נקיים מה׳ ומישראל״, ואומר (משלי ג׳) ומצא חן ושכל טוב בעיני אלהים ואדם:

ג. של בית רבי גמליאל היה נכנס ושקלו בין אצבעותיו, וזורקו

---

אויף זיי איזגעווען אויפגעשריבן „אלף״, „בית״, „גימל״. די משנה לערנט איצט, ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס אפשיידן די שקלים־תרומה, וועגן וועלכער מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה א׳. זי זאָגט, אז מען האָט גענומען 3 קוישן, יעדער פון די קוישן האָט געהאַלטן 3 סאה (18 טעפּ), און יעדער קויש האָט געהאָט אויפגעשריבן אן אות, אויף איין קויש „אלף״, אויף דעם 2טן „בית״ און אויף דעם 3טן „גימל״. צוערשט האָט מען געקויפט די קרבנות פון אלף־קויש, דערנאָך פון בית־קויש און דערנאָך פון גימל־קויש (אזוי טייטשן תוספות אין קידושין נ״ד און אויך דער ברטנורא). ר׳ ישמעאל זאָגט, אז עס איז געווען אויפגעשריבן אויף זיי מיט גריכישע (אותיות) „אלפא״, „בעטא״, „גאמלא״. די משנה מיינט דאָ „גאמא״, ווייל אזוי הייסט דער דריטער גריכישער בוכשטאב. אין התורם, דער מענטש, וואָס שיידט אָפּ די (שקלים־) תרומה זאָל ניט אריינגיין (אין קאמער) ניט מיט קיין (פון אונטן) ארויפגעשארצטן אָבער־מלבוש (פרגוד), און אויך ניט אריינגיין טראָגנדיק שיך און ניט מיט קיין סאנדאל, און ניט (טראָגנדיק) תפילין, און ניט (טראָגנדיק) א קמיע, ווייל טאָמער וועט ער ווערן אָרעם און מען וועט זאָגן, אז צוליב דער זינד פון דער קאָמער (ער האָט געגנבעט געלט פון די שקלים אין קאַמער) איז ער געוואָרן אָרעם, אָדער טאָמער וועט ער ווערן רייך און מען וועט זאָגן אז פון דער קאמער־תרומה (גנבענדיק געלט פון די שקלים) איז ער געוואָרן רייך. אָבער אז ער גייט אריין, ניט טראָגנדיק די דערמאָנטע זאכן, קאָן מען אים ניט חושד זיין אין גנבענען געלט, ווייל ער האָט דאָך ניט וואו דאָס געלט אריינצולייגן. „פרגוד״ איז דאָס גריכישע וואָרט „פאראגוידיאן״, אן אָבער־מאנטל. „חפות״ מיינט ווען די אונטערשטע זום איז ארויפגעשארצט און אביסל איינגענייט. אין די אמאָליקע אָבער־קליידער זענען ניט געווען קיין קעשענעס, און מען האָט געקאָנט ארײנלעגן זאכן נור אין דער איבערגעלייגטער זום אונטן ביים מאנטל. לפי, ווייל א מענטש דארף יוצא זיין (צו האָבן א גוטן נאָמען) פאר מענטשן פונקט ווי ער דארף יוצא זיין פאר גאָט, ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר ל״ב) „און איר זאָלט זיין ריין פאר גאָט און פאר ישראל״, און עס ווערט (אויך) געזאָגט (משלי ג׳) „און געפין חן און גוטע מיינונג אין די אויגן פון גאָט און פון מענטשן״. עס איז אויך מעגליך, אַז די משנה טייטש „ושכל טוב״ פון וואָרט „שכל״, אנבליק, ווי אין אראמעאישן „הסתכל״, קוקן, און עס איז א סברא אז דאָס וואָרט איז אויך פאראן אין לשון קודש, ווי אין בראשית ג׳ „ונחמד העץ להשכיל״, און דער תרגום טייטשט „לאסתכלא ביה״ „צו קוקן אין אים״. וועגן „מקום״, „אָרט״, אלס באצייכנונג פאר גאָט זע אין ברכות פרק ה׳ משנה א׳.

ג. של בית, (יעדער) פון דער פאמיליע פון רבן גמליאל פלעגט (ביים אָפּגעבן זיין שקל) אריינגיין (אין קאמער, ווען דער מענטש פלעגט אפשיידן די תרומה), און זיין שקל האָט ער (פון רבן גמליאל׳ס פאמיליע) געהאלטן צווישן זיינע פינגער און ער האָט אים געוואָרפן פאר דעם אָפּשיידער, און דער אָפּשיידער האָט מכוון געווען און אים (דעם שקל) אריינגעשטופּט אין קויש. רבן גמליאל׳ס פאמיליע־מענטשן האָבן געוואָלט, אז זייערע שקלים זאָלן ניט בלײבן אין די „שיירי הלשכה״, נאָר זיי זאָלן אריין אין אָפּגעשיידטן קויש, כדי מען זאָל פאר זייער געלט קויפן די קרבנות־

לפני התורם, והתורם מתכוין ודוחקו לקופה. אין התורם תורם, עד שיאמר להם: „אתרום", והן אומרים לו: „תרום, תרום, תרום", שלשה פעמים:

ד. תרם את הראשונה, ומחפה בקטבלאות. שניה — ומחפה בקטבלאות. שלישית — לא היה מחפה, שמא ישכח ויתרום מן הדבר התרום. תרם את הראשונה לשם ארץ ישראל, ושנייה — לשום כרכים המוקפין לה, והשלישית — לשום בבל ולשום מדי ולשום מדינות הרחוקות:

---

ציבור, און דעריבער האָבן זיי אזוי געטאָן. מיט רבן גמליאל מיינט מען דאָ מסתמא רבן גמליאל הזקן, וועלכער איז געווען נשיא לערך 20 יאָר פאַרן חורבן פון 2טן בית המקדש. אין התורם, דער מענטש, וועלכער שיידט אָפּ, זאָל ניט אָפּשיידן ביז ער זאָגט צו זיי (צו די מענטשן, וועלכע שטייען אַרום אים): „זאָל איך אָפּשיידן?" און זיי זאָגן צו אים: „שייד־אָפּ!", „שייד־אָפּ!", „שייד־אָפּ!", דריי מאָל. יעדעס מאָל פרעגט ער: „זאָל איך אָפּשיידן?" און יעדעס מאָל ענטפערען זיי אים: „שייד אָפּ!", אזוי דריי מאָל.

ד. תרם, (נאָכדעם ווי) ער האָט אָפּגעשיידט דאָס ערשטע מאָל (פופצן טעג פאַר פסח) האָט ער (די איבערגעבליבענע שקלים געלטער) איבערגעדעקט מיט (לעדערנע) פלאַכטעס (קטבלאות), דאָס איז געווען כדי מען זאָל אַרויפגיילן אויף די פלאַכטעס די שקלים, וועלכע וועלן שפּעטער אָנקומען, און מען וועט פון די נייע שקלים אָפּשיידן תרומה דאָס צווייטע מאָל 15 טעג פאַר שבועות; אויב מען וועט ניט צודעקן די איבערגעבליבענע קאָן אויסקומען, אז ביים צווייטן מאָל זאָל ער אָפּשיידן פון די „שיירים", פון די שקלים, פון וועלכע ער האָט אָפּגעשיידט תרומה, און דאָס טאָר מען ניט. שניה, (נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעשיידט) דאָס צווייטע מאָל (פאַר שבועות) דעקט ער צו מיט (לעדערנע) פלאַכטעס; שלישית (נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעשיידט) דאָס דריטע מאָל (פאַר סוכות), האָט ער שוין מער ניט צוגעדעקט, ווייל (דאָס וואָס ער האָט די פריעריקע צווי מאָל צוגעדעקט איז נור געווען) טאָמער וועט ער פאַרגעסן און אפשיידן פון דער זאַך (פון די שקלים) פון וועלכע מען האָט שוין אָפּגעשיידט. אָבער ביים 3טן מאָל איז דאָך שוין ניט מורא צו האָבן, ווייל מען שיידט דאָך מער ניט אָפּ (אזוי טייטשט די משנה דער ברטנורא; דער רמבם האָט אן אנדערן טייטש). „קטבלאות" איז דאָס גריכישע „קאַטאַבאָלע", אן אונטערלאַנגע, א פלאַכטע, און דער ברטנורא זאָגט, אז לעדערנע פלאַכטעס (געשטיצט מסתמא אויף דער משנה אין כלים פרק כ"ו „ועור קטבליא"). תרם, דאָס ערשטע מאָל (פאַר פסח) האָט ער אָפּגעשיידט פאַר ארץ ישראל, און דאָס צווייטע מאָל פאַר די גרויסע שטעט וועלכע זענען נאָנט צו איר (צו ארץ ישראל) און דאָס דריטע מאָל פאַר בבל און פאַר מדי און פאַר די ווייטע מדינות. אין דער צייט פון 2טן בית המקדש זענען יידן געווען פאַרשפּרייט איבער א סך ווייטע לענדער, און פון אומעטום האָבן זיי געשיקט זייערע שקלים צום בית המקדש. פון די ארץ ישראל יידן זענען די שקלים אָנגעקומען באַלד פאַר חודש ניסן, און דעריבער האָט מען דעמאָלס אָפּגעשיידט פאַר זייערטוועגן. פון די יידן אין די שטעט נאָנט צו ארץ ישראל (למשל עמון און מואב און אנדערע) זענען די שקלים אָנגעקומען נאָך פסח, און מען האָט פאַר זייערטוועגן אָפּגעשיידט ביים צווייטן מאָל, 15 טעג פאַר שבועות. און פון די אנדערע ווייטערע לענדער זענען די שקלים אָנגעקומען שפּעטער, און מען האָט פאַר זיי אָפּגעשיידט ביים 3טן מאָל פאַר סוכות. פונדעסטוועגן האָט מען ביי יעדעס מאָל אין זינען געהאַט, אז דאָס זאָל זיין פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק, ווייל דער דין איז, אז מען קאָן אָפּשיידן אויך אויף די שקלים, וואָס מען דאַרף ערשט אָפּנעמען. „כרכים מוקפין", נאָנטע גרעסערע שטעט (פון וואָרט „מוקף", נאָנט) מיינט מען דאָ ניט דוקא גרעסערע שטעט.

## פרק ד.

**א. התרומה מה היו עושין בה? לוקחין בה תמידין ומוספין ונס־כיהם, העומר, ושתי הלחם, ולחם הפנים, וכל קרבנות הצבור. שומרי ספיחים בשביעית נוטלין שכרן מתרומת הלשכה. ר׳ יוסי אומר, (אף הרוצה) מתנדב שומר חנם. אָמרו לו, אף אתה אומר, שאינן באין אלא משל צבור:**

---

## פרק ד.

א. התרומה, די דאָזיקע תרומה (די שקלים, וואָס מען האָט אָפּגעשיידט אין די קוישן), וואָס האָט מען געטאָן מיט איר? מען האָט געקויפט דערפאַר (בהמות) פאַר די קרבנות תמיד (וואָס מען האָט מקריב געווען יעדן טאָג, א שעפּסל אין דער פרי און א שעפּסל נאָכמיטאָג) און די קרבנות מוסף (וואָס מען האָט מקריב געווען יעדן שבת און יום טוב און ראש חודש) און זייערע נסכים (די מעל געמישט מיט אייל, און אויך דעם וויין, וואָס מען האָט מיטגעבראַכט מיט די קרבנות תמיד און מוסף), דעם עומר (דאָס מעסטל גערשטן־מעל, וואָס מען האָט מקריב געווען דעם זעכצענטן טאָג אין ניסן) און די צוויי ברויטן (שתי הלחם, וואָס מען האָט געבראַכט יעדן שבועות) און דאָס ברויט פון געזיכט (לחם הפנים, די צוועלף ברויטן, וואָס מען האָט געבראַכט יעדן שבת) און אַלע קרבנות פון ציבור. **די אלע קרבנות וואָס זענען דאָ אויסגע־רעכנט געוואָרן זענען קרבנות פון ציבור, פון גאַנצן כלל ישראל, און זיי האָבן גע־מוזט געבראַכט ווערן נור פון געלטער פון ציבור, ניט פון דער נדבה פון אן איינצל־נעם מענטש. דער ברטנורא באַמערקט אז מיט די לעצטע ווערטער „און אלע קרבנות פון ציבור" מיינט מען אויך די „קטורת", די בשמים וואָס מען האָט גערויכערט אין בית המקדש צוויי מאָל אין טאָג, אין דער פרי און פאַרנאַכט.** שומרי, די מענטשן וועלכע היטן די נאָכוואַקסונגן (פון תבואה) אים שמיטה־יאָר נעמען זייער באַלוינונג (באַקומען באַצאָלט פאַר זייער היטן) פון דער תרומה פון (שקלים־) קאַמער. **דער דין איז, אז אים שמיטה־יאָר טאָר מען ניט זייען קיין תבואה, און אויב עס וואַקסט אויף די פעלדער תבואה דערפון, וואָס צופעליג זענען אַראָפּגעפאַלן אין פאָ־ריגן יאָר, אין ערב־שמיטה־יאָר, תבואה־קערנדלעך (דאָס הייסן „ספיחים", נאָכוואַק־סונגן), זענען זיי הפקר און יעדער מענטש קאָן זיי צונעמען. אזוי ווי מען האָט דאָך געדאַרפן האָבן אים שמיטה־יאָר גערשטן אויף צו ברענגען דעם עומר אים פסח, און ווייץ אויף צו ברענגען די שתי הלחם (די צוויי ברויטן) אים שבועות, וואָס מען האָט געמוזט ברענגען נור פון נייער תבואה (ניט פון פאַראַיאָריקער) און דוקא פון ארץ־ישראל־תבואה, דעריבער האָט מען אים שמיטה־יאָר אוועקגעשטעלט שומרים ביי טייל פעלדער מיט ספיחים, מיט די נאָכוואַקסונגן, אז זיי זאָלן וואַרנען מענטשן אז מען זאָל זיי ניט נעמען, ווייל מען דאַרף די דאָזיקע תבואות האָבן פאַר די דערמאָנטע קרבנות. די דאָזיקע שומרים האָבן געקראָגן באַצאָלט זייער באַלוינונג פון די תרומה, פון די אָפּגעשיידטע שקלים, ווייל זייער היטן איז דאָך נויטיק פאַר די קרבנות ציבור.** ר׳ יוסי זאָגט, אז ווער עס וויל קאָן זיך מתנדב זיין צו זיין א היטער אומזיסט. **מען מוז ניט דוקא צאָלן געלט פאַר דעם היטן, נאָר מענטשן קאָנען פרייוויליק, ניט פאַר געלט, היטן די תבואות פאַר די קרבנות.** אמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יוסי): וועסטו דאָך מודה זיין, אַז מען טאָר זיי (די ציבור קרבנות) ניט ברענגען סיידן פון ציבור־(געלט)! **די חכמים האַלטן, אַז מען טאָר ניט האָבן שומרים דערצו בחינם, אָן געלט, מחמת אויב א מענטש היט בחינם געהערן באמת די שמיטה־תבואות צום שומר, צום היטער, און ווען ער גיט די תבואות צום בית המקדש הייסט די תבואות א נדבה פון א יחיד, פון אן איינצעלנעם מענטש, ניט פון ציבור, און די דאָזיקע קרבנות מוז מען דאָך ברענגען פון ציבור, דעריבער מוז מען די שומרים צאָלן געלט.**

**ב. פרה, ושעיר המשתלח, ולשון של זהורית, באין מתרומת הלשכה. כבש פרה, וכבש שעיר המשתלח, ולשון שבין קרניו, ואמת המים, וחומת העיר ומגדלותיה, וכל צרכי העיר, באין משירי הלשכה. אבא שאול אומר, כבש פרה, כהנים לדולים עושין אותו משל עצמן:**

**ג. מותר שירי הלשכה מה היו עושין בהן? לוקחין בהן יינות**

---

ב. פרה, די פרה אדומה (די רויטע קו, וואָס מען האָט געשאָכטן און פאַרברענט און דאָס אש געמישט מיט וואסער און דערמיט געשפריצט אויף מענטשן און זאכן וואָס האָבן אָנגערירט א מת און זענען געוואָרן טמא און מען איז זיי מטהר מיט דעם אש־וואסער), און דער שעיר המשתלה (דער באָק, וואָס מען האָט אים יום כיפור אוועקגע־שיקט אין מדבר און דאָרט אראָפּגעוואָרפן אים פון א באַרג און אים דערהרגעט), און דער רויטער פאָדעם (לשון של זהורית, וואָס מען וואַרפט אריין אין פייער ווען מען פאַרברענט די פרה אדומה) ברענגט מען (מען קויפט זיי) פון דער תרומה פון דער (שקלים־) קאַמער. **כאָטש די פרה אדומה ווערט געשאָכטן ניט אין בית המקדש־הויף, אָבער ווייל אין דער תורה (פרשת חוקת) ווערט זי אָנגערופן „חטאת", הייסט זי ווי א קרבן ציבור. וואָס נוגע דעם „שעיר המשתלח" ווערט ער באטראכט ווי א קרבן ציבור, ווייל ער איז איינער פון די צוויי שעירים, צוויי באָקן, און דעם אנדערן באָק איז מען מקריב אין בית המקדש. אויך דער רויטער פאָדעם ווערט דאָך פאַרברענט מיט דער פרה אדומה, און ממילא האָט ער דעם דין ווי די פרה אדומה.** כבש פרה, דעם טרעפּ פאַר דער פרה אדומה (די צוויי בריקן, איינע איבער דער אנדערער, וועלכע מען האָט געמאַכט פון בית המקדש בארג ביז צום הר המשחה, און איבער זיי האָט מען געפירט די רויטע קו צום פאַרברענען) און דעם טרעפּ פאַר דעם שעיר המשתלח (דאָס בריקל, וואָס מען האָט געמאַכט פון בית המקדש־באַרג ביז הינטער דער שטאָט, אויף וועלכן מען האָט געפירט יום כיפור דעם באָק צו דער מדבר), און דעם רויטן פאָדעם צווישן זיינע הערנער, (צווישן די הערנער פון שעיר המשתלח האָט מען אָנ־געבינדן א רויטן פאָדעם, ווי מיר האָבן געלערנט אין שבת פרק ט' משנה ג'), און דער וואסער־קאנאל (וואָס איז אדורכגעגאנגען דורך דעם בית־המקדש־הויף, דורך דער עזרה, און מען האָט געדאַרפן פון צייט צו צייט פאַריכטן), און די מויער פון דער שטאָט (די מויער וואָס רינגלט ארום ירושלים) און אירע טורעמס (די טורעמס אויף דער מויער) און אַלע עפנטליכע באַדערפענישן פון דער שטאָט (פון ירושלים), ברענגט מען (מען גיט אויס אויף דעם אלעם געלט) פון די איבריקע (געלטער) אין (שקלים־) קאַמער. **דערויף האָט מען גענומען געלט פון די שיריים, די שקלים וואָס זענען פאַרבליבן אין דער לשכה, אין קאַמער, נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעשיידט די קוישן תרומה. מיט „אַלע באַדערפענישן פון דער שטאָט", מיינט מען דאָס פאַריכטן די גאַסן פון ירושלים, דינגען מענטשן אָפּצוהיטן די שטאָט וכדומה.** אבא שאול זאָגט, אז דעם טרעפּ פאַר דער פרה אדומה (די בריקן) מאַכן די כהנים גדולים פון זייער אייגנס (פון זייער אייגן געלט). **לויט אבא שאול האָט מען דערפון ניט גענומען פון די געלטער־שיריים פון דער שקלים־לשכה.**

ג. מותר שיירי הלשכה, דער רעשט געלט פון די שיריים פון דער קאמער (דאָס געלט וואָס איז איבערגעבליבן אין קאמער נאָכדעם ווי מען האָט שוין אראָפּגענומען גענוג אויף די זאכן, וועלכע ווערן אויסגערעכנט פריער אין דער משנה), וואָס האָט מען געטאָן דערמיט? מען קויפט דערפאַר וויינען און איילן און ווייצן־מעל, און דער פאַרדינסט איז פאַר הקדש (פאַר דעם בית המקדש), אזוי זאָגט ר' ישמעאל. **די וויינען און די איילן און די ווייצן־מעל האָבן די גזברים, די פאַרוואַלטער, פון בית המקדש פאַרקויפט צו אזעלכע מענטשן וועלכע האָבן געדאַרפן ברענגען מיט זייערע פריוואַ־טע קרבנות נסכים** (די נסכים, פון וואָרט „נסך", גיסן, זענען באַשטאַנען פון מעל געמישט מיט אייל, און וויין) **און וואָס עס איז פאַרדינט געוואָרן דאַביי האָט געהערט**

**שמנים וסלתות, והשכר להקדש, דברי ר׳ ישמעאל. ר׳ עקיבא אומר, אין משתכרין משל הקדש, ולא משל עניים:**

**ד. מותר תרומה מה היו עושין בה? רקועי זהב צפוי לבית קדשי הקדשים. ר׳ ישמעאל אומר, מותר הפירות — לקיץ המזבח, ומותר התרומה — לכלי שרת. ר׳ עקיבא אומר, מותר התרומה — לקיץ המזבח, ומותר נסכים — לכלי שרת. ר׳ חנניה סגן הכהנים אומר, מותר נסכים — לקיץ המזבח, ומותר התרומה — לכלי שרת. זה וזה לא היו מודים בפירות:**

---

**צו הקדש, צום בית המקדש.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז מען פאַרדינט ניט (מיט געלטער) פון הקדש, און אויך ניט (מיט געלטער) פון אָרימע לייט. **ר׳ עקיבא זאָגט, אז עס פאַסט ניט צו האַנדלען און צו פאַרדינען מיט געלטער פון הקדש, און אז מען טאָר אויך ניט האַנדלען מיט געלטער פון אָרימע לייט, ווייל עס קאָן זיך מאַכן אז גראַד דעמאָלס ווען דאָס געלט וועט זיין אריינגעלייגט אין סחורה וועט קומען אן אָרימאַן און מען וועט ניט האָבן אים צו געבן.**

ד. מותר, דער רעשט פון תרומה (דאָס געלט, וואָס איז געבליבן אין די קוישן, נאָכדעם ווי מען האָט דערפון אראָפּגענומען אויף צו קויפן די קרבנות־ציבור און די אנדערע זאַכן), וואָס האָט מען געטאָן דערמיט־ (מען האָט געקויפט דערפאַר) גאָל־דענע טאָוולן צו באַדעקן דאָס הויז פון קודש קדשים. **דער דאַך פון דער דאָזיקער געביידע האָט מען באַדעקט מיט גאָלד־טאָוולן (רקוע, אויסשפּרייטונג, טאָוולן) און דאָס געלט דערויף האָט מען גענומען פון דעם רעשט געלט, וואָס איז געבליבן אין די קוישן, יעדעס סוף יאָר, ווען עס איז אָנגעקומען דאָס נייע יאָר, ראש חודש ניסן, און מען האָט שוין דאָס געלט ניט געטאָרט מער פאַרנוצן אויף צו קויפן קרבנות־ציבור, מחמת מען האָט אויף די קרבנות געמוזט נעמען געלט פון נייעם יאָר.** ר׳ ישמעאל זאָגט, אז דער רעשט פון פירות (די פאַרדינסטן פון די ווייַנען, אייל און מעל, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער פריערדיקער משנה) גייט צו קויפן צוגאָב־קרבנות (קיץ) פאַרן מזבח, און דער רעשט פון תרומה (פון די געלטער אין די קוישן) גייט צו קויפן כלי שרת (די נויטיקע הייליקע כלים פאַר דעם בית המקדש). **„קיץ" טייטשט רשי אין מסכת שבועות י״ב, איז „זומער", און מען מיינט דערמיט „זומער־פּרוכטן", און דער טייטש איז „זיסע זאַכן וואָס מען עסט נאָך דער סעודה", דאָ מיינט מען, ווען דער מזבח איז ליידיק און ער האָט ניט קיין קרבנות, ברענגט מען סתם אזוי קרבנות עולות, וואָס דאָס פלייש פון זיי ווערט פאַרברענט אויפ׳ן מזבח, און דאָס איז ווי זיסע זאַכן נאָך דער סעודה. „כלי שרת" (כלים צום דינען) מיינט מען די אַלע הייליקע כלים, מיט וועלכע מען האָט געטאָן די עבודה אין בית המקדש.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז דער רעשט פון תרומה (פון די געלטער אין די קוישן) גייט פאַר די צוגאָב־קרבנות פאַרן מזבח, און דער רעשט פון די נסכים גייט פאַר כלי שרת. **מיט רעשט פון נסכים מיינט די משנה, אז ווען די גזברים פון בית המקדש קויפן נסכים (ווייַנען און אייל און מעלן) פאַר דעם בית המקדש (צו ברענגען זיי צוזאַמען מיט די ציבור־קרבנות), בלייבט א סך פון זיי, מחמת די מענטשן וואָס שטעלן צו די דאָזיקע נסכים מוזן געבן שטאַרקע מאָסן, און אויך טרעפט אז ווען די פּרייזן ווערן ביליקער מוזן די סוחרים געבן מער ווייַנען און אייל און מעלן; אזוי אַרום קומט אויס, אז עס בלייבן א סך פון די דאָזיקע זאַכן, און דאָס פאַרקויפט מען און מען קויפט דערפאַר כלי שרות.** ר׳ חנניה סגן הכהנים זאָגט, אַז דער רעשט פון נסכים גייט פאַר צוגאָב־קרבנות (קיץ) פאַרן מזבח און דער רעשט פון דער תרומה (אין די קוישן) גייט פאַר כלי שרת; דער (ר׳ עקיבא) און דער (ר׳ חנניה) זענען ניט מודה צו (דער מיינונג פון ר׳ ישמעאל; אז מען האָט פאַרדינט ביי) פירות. **דעריבער געבן זיי ניט אָן, וואָס מען האָט געטאָן מיט דעם „מותר הפירות". וועגן ר׳ חנניה (אויך ר׳ חנינא)**

**ה. מותר הקטורת מה היו עושין בה? מפרישין ממנה שכר האומנין, ומחללין אותה על שכר האומנין, ונותנין אותה לאומנין בשכרן, וחוזרין ולוקחין אותה מתרומה חדשה. אם בא החדש בזמנו, לוקחין אותה מתרומה חדשה, ואם לאו — מן הישנה:**

---

סגן הכהנים האָבן מיר געגעבן אין מסכתא פסחים פרק א׳ משנה ו׳״.

ה. מותר הקטורת, דער רעשט פון די קטורת, וואָס האָט מען געטאָן דערמיט? „קטורת״ הייסט די בשמים וואָס מען האָט אין בית המקדש געוואָרפן אויף פייער צוויי מאָל אין טאָג, אין דער פרי און פאַרנאַכט. די קטורת האָט מען צוגעגרייט פאַר א גאַנץ יאָר 365 מנה (יעדן טאָג איין מנה), און א חוץ דעם נאָך 3 מנה פאַר דעם כהן גדול מקטיר צו זיין די קטורת אים יום־כיפור, צוליב דעם וואָס געוויינטליכע יאָרן האָבן נור 354 טעג איז געבליבן א סך קטורת, און אויך פון כהן גדול׳ס קטורת איז געבליבן. וואָס האָט מען געטאָן דערמיט? מפרישין, מען האָט אראָפּגענומען פון איר (פון די אלטע געלטער פון דער תרומת הלשכה, פון די קוישן) די באַלוינונג פאַר די מייסטערס (די אומנין, די פאַכלייט וועלכע האָבן צוגעגרייט די קטורת, געמישט די בשמים), און דערנאָך האָט מען אויסגעטוישט דעם רעשט פון די קטורת אויף די דאָזיקע באַלוינונג־געלט פון די מייסטערס, און מען האָט איר (די רעשט פון די קטורת) געגעבן צו די מייסטערס אלס זייער באַלוינונג, און מען האָט עס צוריק אָפּגעקויפט פון זיי פון דער נייער תרומה. כדי צו פאַרשטיין די משנה דאַרף מען געדענקען עטליכע זאַכן. ערשטנס, אז קטורת וואָס איז געקויפט געוואָרן פאַר די געלטער (תרומה) פון איין יאָר, טאָר מען ניט באַנוצן דעם אַנדערן יאָר; מען מעג נור באַנוצן זיי אין בית המקדש ווען מען קויפט זיי פאַר געלטער פון זעלבן יאָר, ווען מען איז זיי מקטיר. דעריבער עס איז געבליבן אין ראש חודש ניסן (וואָס הייסט דער אָנהייב פון נייעם יאָר) קטורת פון פאָריגן יאָר, קאָן מען זיי ניט נוצן. צווייטנס, מען טאָרניט געבן קטורת פון ציבור צו בעלי מלאכות פאַר זייער אַרבייט, וואָס זיי האָבן געטאָן ביי די קטורת; אָבער פאַרקויפן די קטורת פאַר געלט (אויסטוישן זיי אויף געלט מעג מען. דעריבער גיט די משנה אזא עצה. מען גיט די בעלי מלאכות געלט פון דער תרומה פון אלטן יאָר; ווערט דאָס געלט אויס הקדש און עס ווערט חולין. דערנאָך טוישט מען אויס די קטורת אויף דעם געלט; ממילא זענען שוין די קטורת חולין און זיי געהערן צו די בעלי מלאכות. דערנאָך קויפט מען צוריק אָפּ ביי זיי די זעלבע קטורת פאַר די געלטער פון דער תרומה פון נייעם יאָר, און די קטורת ווערן צוריק הקדש, און מען מעג זיי מקטיר זיין אין נייעם יאָר, ווייל זיי זענען דאָך איצט געקויפט געוואָרן פאַר די נייע געלטער. אם בא, אויב ראש חודש (החדש, מיינט די נייע לבנה פון ראש חודש ניסן) איז געקומען אין דער צייט, נעמט מען די קטורת פון דער נייער תרומה, און אויב ניט נעמט מען איר פון דער אלטער תרומה. די משנה מיינט אזוי: ווען די לבנה באַווייזט זיך צו דער צייט, מיינט, אז זי איז געקומען דעם 30טן טאָג פון חודש אדר; ממילא איז דער 30טער טאָג געוואָרן ראש חודש ניסן, און דער טאָג געהערט שוין צום נייעם יאָר, און מען איז מקטיר אין דאָזיקן טאָג. די קטורת אין דער פרי און פאַרנאַכט וואָס מען האָט געקויפט פאַר געלטער פון דער נייער תרומה, פון נייעם יאָר, אויב אָבער זי איז ניט געקומען צו דער צייט, זי איז געקומען דעם 31טן טאָג פון חודש אדר, ווערט דאָך ערשט דער 31טער טאָג ראש חודש ניסן, און דער 30טער טאָג איז נאָך חודש אָדר און ער געהערט צום אלטן יאָר, מוז מען אין דעם דאָזיקן טאָג מקטיר זיין די קטורת פון אלטן יאָר, אזוי טייטשט בפירוש די דאָזיקע משנה דער ירושלמי אין מסכתא ראש השנה פרק ג׳. דער רמבם און דער ברטנורא טייטשן, אז אויב עס איז שוין דאָ נייע געלטער (אויב די נייע „חדש״, נייע תרומה איז אָנגעקומען צו דער צייט) קויפט מען קטורת פאַרן נייעם יאָר פון די נייע געלטער, און אויב ניט קויפט מען פון די אלטער געלטער.

**ו. המקדיש נכסיו, והיו בהן דברים ראוין לקרבנות הצבור, ינתנו לאומנין בשכרן, דברי ר׳ עקיבא. אמר לו בן עזאי, אינה היא המדה, אלא מפרישין מהן שכר האומנין, ומחללין אותן על מעות האומנין, ונותנין אותן לאומנין בשכרן, וחוזרין ולוקחין אותן מתרומה החדשה:**

**ז. המקדיש נכסיו, והיתה בהן בהמה ראויה לגבי המזבח, זכרים ונקבות, ר׳ אליעזר אומר, זכרים ימכרו לצרכי עולות, ונקבות ימכרו לצרכי זבחי שלמים, ודמיהן יפלו עם שאר נכסים לבדק הבית. ר׳ יהושע אומר, זכרים עצמן יקרבו עולות, ונקבות ימכרו לצרכי זבחי שלמים,**

---

ו. המקדיש, אז איינער איז מקדיש (גיט אוועק צום בית המקדש) זיינע פארמעגנס און עס זענען אין זיי פאראן זאכן, וואָס טויגן צו קרבנות פון ציבור (ווי בשמים צו באַנוצן צו קטורת), מעג מען זיי געבן צו די מייסטערס (אומנין, די פאַכלייט, וואָס מאכן פון די בשמים די קטורת) אלס זייער באלוינונג, אזוי זאָגט ר׳ עקיבא. מיט מקדיש־זיין מיינט מען דאָ פאר „בדק הבית״, **דאָס הייסט, אז מען זאָל פאר די זאכן ניט קויפן בהמות מקריב צו זיין אויפן מזבח, נאָר פאר אנדערע זאכן, וואָס דאָס בית המקדש דארף האָבן. ר׳ עקיבא האלט אז כאָטש מיר האָבן דאָך פריער אין משנה ג׳ געלערנט, אז די קטורת אליין טאָר מען ניט געבן צו די בעלי מלאכות אלס זייער באלוינונג, אָבער ווייל דאָ זענען דאָך די בשמים נאָכניט געווען קטורת פון ציבור, מעג מען.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר׳ עקיבא) געזאָגט בן עזאי: דאָס איז ניט די מאָס (מדה, די ריכטיקע אָפשאצונג פון דער הלכה), נאָר (מען מוז טאָן אזוי ווי מען האָט געלערנט פריער אין משנה ה׳ מיט קטורת פון ציבור), מען נעמט פון זיי די באַלוינונג פאר די מייסטערס, און מען טוישט זיי (די בשמים־קטורת) אויס אויף דעם געלט פון די מייסטערס, און דערנאָך קויפט מען זיי (די בשמים קטורת) צוריק אָפּ פון די (געלטער) פון דער נייער תרומה. **עס הייסט, אז מען טוט אזוי ווי מען האָט פריער געלערנט אין משנה ה׳.**

ז. המקדיש, אז איינער איז מקדיש זיינע פארמעגנס, און עס איז געווען צווישן זיי פי (בהמות), וואָס איז גוט צום מזבח (וואָס מען קאָן מקריב זיין אויפן מזבח), זכרים און נקבות (עס זענען געווען בהמות זכרים און בהמות נקבות), זאָגט ר׳ אליעזר אז די זכרים זאָל מען פארקויפן פאר עולות וועגן (מען זאָל זיי פארקויפן צו איינעם וועלכער דארף ברענגען א קרבן עולה און ער זאָל זיי ברענגען אלס קרבן עולה), און די נקבות זאָל מען פארקויפן פאר קרבנות שלמים וועגן (צו איינעם וועלכער דארף ברענגען א קרבן שלמים און ער זאָל זיי ברענגען אלס קרבן שלמים), און זייער געלט (דאָס געלט וואָס מען וועט באקומען פאר זיי) זאָל ארייַנפאלן צוזאמען מיט די אנדערע פארמעגנס צו בדק הבית (צו די באדערפענישן פון בית המקדש, פאררירכטן דאָס בית המקדש). **ר׳ אליעזר האַלט, אז כאָטש ער האָט די בהמות ניט מקדיש געווען מקריב צו זיין צום מזבח נאָר צו בדק הבית, פונדעסטוועגן, ווייל זיי זענען ראוי, טויגבאר אויף קרבנות, טאָר מען די בהמות ניט פארקויפן סתם, אויף חולין, נאָר מען זאָל זיי פארקויפן צו אזעלכע, וועלכע זאָלן זיי ברענגען אלס קרבנות. „עולה״ הייסט דער קרבן וואָס אויך דאָס פלייש ווערט פארברענט אויפן מזבח, און א קרבן עולה קאָן זיין נור א בהמה א זכר; „שלמים״ הייסט דער קרבן, וואָס זיין פלייש ווערט געגעסן אויך דורך ישראלים אין ירושלים, און מען קאָן שלמים ברענגען אויך פון בהמות נקבות.** ר׳ יהושע זאָגט, אז די זכרים זעלבסט זאָל מען מקריב זיין אלס עולות (און ניט פארקויפן צו קיינעם), און די נקבות זאָל מען פארקויפן פאר שלמים־וועגן און פאר זייערע געלטער זאָל מען קויפן בהמות מקריב צו זיין אלס עולות; און די איבריקע זאָל ארייַנפאלן צו בדק הבית. **ר׳ יהושע האלט, אז ווייל עולות אלס נדבה איז דער שטייגער פון מענטשן צו ברענגען, דעריבער דארף מען די זכרים ניט פארקויפן נאָר זיי אליין זאָל מען מקריב זיין אלס עולות, ווייל מען נעמט אָן אז דאָס**

**(ויביא בדמיהן עולות), ושאר נכסים יפלו לבדק הבית. ר' עקיבא אומר, רואה אני את דברי ר' אליעזר מדברי ר' יהושע, שר' אליעזר השוה את מדתו, ור' יהושע חלק. אָמר ר' פפייס, שמעתי כדברי שתיהן, שהמקדיש בפירוש — כדברי ר' אליעזר והמקדיש סתם — כדברי ר' יהושע:**

**ח. המקדיש נכסים, והיו בהן דברים ראוין על גבי המזבח, יינות, שמנים, ועופות, ר' אליעזר אומר ימכרו לצרכי אותו המין, ויביא בדמיהם עולות, ושאר נכסים יפלו לבדק הבית.**

**ט. אחת לשלשים יום משערין את הלשכה. כל המקבל עליו לספק**

---

איז געווען די כוונה פון דעם מענטש, וועלכער האָט זיי מקדיש געווען, אַז זיי זאָלן זיין עולות. וואָס נוגע די בהמות נקבות האָט דער מענטש, וועלכער האָט זיי מקדיש געווען, אויך מסתמא אינזינען געהאַט אַז זיי זאָלן זיין עולות, און ווייל זיי אליין קאָן מען אלס עולות ניט מקריב זיין, זאָל מען זיי פאַרקויפן צו א מענטש וועלכער זאָל זיי ברענגען אלס שלמים, און פאַר דעם געלט זאָל מען קויפן בהמות אויף מקריב צו זיין אלס עולות. ר' עקיבא זאָגט, מיר געפעלן בעסער די ווערטער פון ר' אליעזר פון די ווערטער פון ר' יהושע, ווייל ר' אליעזר האָט געמאַכט גלייך זיין הלכה (מדה, ער האָט געהייסן סיי זכרים און סיי נקבות פאַרקויפן), און ר' יהושע האָט צעטיילט זיין הלכה. דאָס וואָרט „מדה", סיי פריער און סיי איצט, מיינט די הלכה, די אפשאַצונג, די אָפּמעסטונג און ארויסגעבן דעם פסק דין. ביי ר' יהושע איז די הלכה: צוטיילט, ווייל ער האלט, אַז די זכרים זאָל מען מקריב זיין און די נקבות פאַרקויפן. אָמר ר' פפייס, האָט ר' פפייס געזאָגט: איך האָב געהערט ווי די ווערטער פון ביידע (פון ר' אליעזר און ר' יהושע, דהיינו:), אַז אויב איינער איז מקדיש בפירוש (ער זאָגט „איך בין מקדיש די בהמות און מיינע פאַרמעגנס", ער האָט דערמאָנט די בהמות באַזונדער) טוט מען ווי ר' אליעזר'ס ווערטער. מחמת קוים האָט ער דערמאָנט די בהמות בפירוש און ער האָט ניט געזאָגט, אַז זיי אליין זאָל מען מקריב זיין אלס קרבנות, הייסט עס אַז ער האָט ניט געוואָלט זיי מקדיש זיין צום מזבח, און דעריבער פאַרקויפט מען זיי; והמקדיש סתם, און אויב איינער איז מקדיש סתם (ער זאָגט: „איך בין מקדיש מיינע פאַרמעגנס" און ער דערמאָנט ניט באַזונדער די בהמות) טוט מען ווי ר' יהושע'ס ווערטער. ווייל מען נעמט אָן, אַז ער האָט מקדיש געווען אַזוי אַז יעדע זאַך, וואָס איז פאַראַן אין די פאַרמעגנס, זאָל פאַרנוצט ווערן, צו וואָס זי איז גוט, און אַזוי ווי בהמות זענען גוט אלס קרבנות צום מזבח, האָט ער מסתמא זיי מקדיש געווען צום מזבח.

ח. המקדיש, אַז איינער איז מקדיש פאַרמעגנס, און אין זיי זענען פאַראַן זאַכן, וואָס זענען גוט צו ברענגען זיי אויפן מזבח (ניט קיין בהמות, נאָר) וויינען, איילן און עופות (טויבן) זאָגט ר' אליעזר, אַז מען זאָל זיי פאַרקויפן פאַר די באַדערפעניש פון דאָזיקן מין (די וויינען און די איילן זאָל מען פאַרקויפן צו איינעם, וועלכער דאַרף ברענגען וויינען און איילן אלס נסכים מיט זיינע קרבנות, און די עופות צו איינעם וואָס דאַרף ברענגען עופות־קרבנות), און פאַר זייער געלט (פאַר דעם געלט, וואָס מען באַקומט פאַר זיי) זאָל מען קויפן (בהמות מקריב צו זיין אויפן מזבח) עולות, און די איבריקע (זאַכן פון די פאַרמעגנס זאָלן פאַלן צו בדק הבית. עס איז דאָסזעלבע וואָס אין דער פריעריקער משנה. דער ברטנורא איז גורס „יינות ושמנים וסלתות ועופות", „וויינען און איילן מעלן און עופות".

ט. אחת, איינמאָל יעדע דרייסיק טעג האָט מען פעסטגעשטעלט די פרייזן פאַר דער קאַמער (לשכה). „משערין" איז פון וואָרט „שער", מאַרק־פרייז (ווי אין דער משנה בבא מציעא פרק ה' „יצא השער פוסקין"). מיט „לשכה", קאַמער, מיינט מען די קאַמער פון בית המקדש, וואָס דערליידיקט די געלט־געשעפטן פון בית המקדש, קויפט בהמות, נסכים (וויינען, איילן, מעלן), פאַרקויפט די איבערגעבליבענע זאַכן,

**סלתות מארבעה, עמדו משלש, יספק מארבעה; משלש, ועמדו מאר־בעה, יספק מארבעה, שיד הקדש על העליונה. ואם התליעה סולת, התליעה לו, ואם החמיץ יין, החמיץ לו. ואינו מקבל את מעותיו, עד שיהא המזבח מרצה:**

## פרק ה.

**א. אלו הן הממונין, שהיו במקדש: יוחנן בן פינחס על החותמות.**

**זאָגט די משנה, אז די לשכה שטעלט פעסט מיט די סוחרים פעסטע פרייזן איינמאָל אין יעדע 30 טעג, און די סוחרים דאַרפן צושטעלן יעדן טאָג אין בית המקדש די וויינען און איילן און מעלן לויט די אָפּגעמאַכטע פרייזן. אָבער דאָס בית המקדש האָט געהאַט א פּריווילעגיע,, דהיינו, אז אויב אין די 30 טעג איז געוואָרן טייערער, האָבן די סוחרים געמוזט צושטעלן לויט דעם אָפּגעמאַכטן ביליגערן פרייז; און אויב עס איז געוואָרן ביליגער, האָבן די סוחרים געמוזט צושטעלן לויט דעם ביליגער־גע־וואָרענעם פרייז, און דאָס זאָגט די משנה;** כל המקבל, יעדער (סוחר) וואָס האָט זיך אונטערגענומען צוצושטעלן (צום בית המקדש) מעלן (לויט דעם פרייז) פון פיר (סאה מעל פאר איין סלע־מטבע), און (די פרייזן זענען געוואָרן טייערער און די מעלן) זענען געוואָרן דריי (סאה פאר א סלע), דאַרף ער צושטעלן פיר (סאה פאר א סלע); אויב (דער סוחר האָט זיך אונטערגענומען צוצושטעלן מעלן לויט) דריי (סאה פאר א סלע) און זיי זענען געוואָרן פיר (סאה פאר א סלע) דאַרף ער צושטעלן פיר (סאה פאר א סלע), ווייל הקדש האָט די אבער־האַנט (יד הקדש על העליונה). **הקדש, דאָס בית המקדש פלעגט געבן די סוחרים דאָס געלט אין פאָרויס, און דאָס בית המקדש האָט געהאַט סיי דאָס רעכט, אז זי איז קונה די זאכן דורך געבן דאָס געלט, און סיי אז אויב זי וויל איז זי קונה די זאכן נאָר ערשט דעמאָלס ווען זיי זענען איבערגע־געבן געוואָרן צום בית המקדש, דורך ,,משיכה״, ווי יעדער אנדערער פשוטער מענטש. דאָס וואָרט ,,לספק״ מיינט ,,צושטעלן די זאכן וואָס מען דאַרף״.** ואם התליעה, און אויב דאָס מעל איז געוואָרן ווערעמדיק (אפילו נאָכדעם ווע עס איז שוין געווען אין בית המקדש) איז עס געוואָרן ווערעמדיק אויף זיין (דעם סוחר׳ס) חשבון. **און ער דאַרף צושטעלן צום בית המקדש אנדערע מעל.** ואם החמיץ, און אויב דער וויין איז געוואָרן זויער (אפילו נאָכדעם ווי ער איז שוין אין בית המקדש) איז ער געוואָרן זויער אויף זיין (דעם סוחר׳ס) חשבון. **און ער דאַרף צושטעלן אנדערן וויין.** ואינו, און ער דער סוחר נעמט ניט איבער דאָס געלט, סיידן דער מזבח האָט עס (די וויינען, איילן און מעלן) גוט אויפגענומען. **כּאָטש רער סוחר מענט דאָך געלט פאָרויס, פונדעסטוועגן הייסט עס נאָכניט זיין געלט, און עס ווערט זיין געלט ערשט ווען די זאכן וועלכע ער האָט צוגעשטעלט זענען ארויף אויפן מזבח אין א גוטן צושטאנד און זענען גוט געווען פארן מזבח. און דעריבער אויב די זאכן זענען פריער קאַליע געוואָרן מוז ער געבן אנדערע אנשטאט זיי.**

## פרק ה.

א. אלו הן, דאָס זענען די ממונים (די פארוואלטערס), וועלכע זענען געווען אין בית המקדש. **די משנה וועט דאָ באלד אויסרעכענען 15 נעמען פון פארוואלטערס (ממונים) איבער פארשידענע ענינים אין בית המקדש. דער ירושלמי ברענגט די מיינונג אז דאָס זענען די נעמען פון די בעסטע פון די דאָזיקע פארוואלטערס אין פארשידענע צייטן** (כשירי דור ודור). יוחנן בן פנחס (איז געווען) איבער די געס־טעמפּעלטע קוויטלעך (חותמות). **די קוויטלעך וועלכע מען האָט געגעבן צו מענטשן, וואָס האָבן געקויפט אין בית המקדש נסכים** (וויינען, איילן און מעלן) **פאר זייערע קרבנות, כדי זיי זאָלן מיט די קוויטלעך אָפּנעמען אין בית־המקדש מאגאזין די גע־קויפטע זאכן.** אחיה איז געווען איבער די נסכים. **ער האָט פארוואלטעט מיט דעם מא־גאזין פון די וויינען און איילן און מעלן. די משנה וועט ווייטער אין משנות ג׳ און**

**אחיה על הנסכים. מתתיה בן שמואל על הפייסות. פתחיה על הקינין, פתחיה זה מרדכי, למה נקרא שמו פתחיה? שהיה פותח בדברים ודורשן ויודע שבעים לשון. בן אחיה על חולי מעים. נחוניא חופר שיחין. גביני כרוז. בן גבר על נעילת שערים. בן בבי על הפקיע. בן ארזה על הצלצל. הוגרס בן לוי על השיר. בית גרמו על מעשה לחם הפנים. בית**

---

ד׳ געבן ווי אזוי די דאָזיקע צוויי פאַרוואַלטערס יוחנן און אחיה האָבן געאַרבעט צו־זאַמען. מתתיה בן שמואל איז געווען איבער די גורלות (פייסות). יעדן טאָג האָט מען אין בית המקדש דורך א גורל (ציילנדיק אַרויסגעשטעקטע פינגער) באַשטימט וועלכע כהנים זאָלן טאָן די אָדער יענע עבודה. דאָס האָט געהייסן „פייסות״, גורל־ציען. מתתיה איז געווען דער ממונה איבער די פייסות. אין מסכתא יומא פרק ב׳ ווערט געגעבן ווי אזוי די פייסות זענען פאָרגעקומען. פתחיה איז געווען איבער די טויבן־פּאָרן (קינין). מיר האָבן פריער אין פרק א׳ משנה ה׳ דערקלערט, אז טייל מענטשן (זב, זבה, קימפּעטאָריז) האָבן געדאַרפט ברענגען א פּאָר טויבן אלס קרבן. פתחיה האָט אכטונג געגעבן אויף די ענינים פון די דאָזיקע טויבן־קרבנות. לויט איין מיינונג האָבן די דאָזיקע קרבנות־ברענגער נור געבראַכט געלט אין בית המקדש, און מען האָט שוין פאַר זיי געקויפט די טויבן; זע ווייטער פרק ו׳ משנה ה׳. פתחיה, דאָס איז מרדכי; פאַרוואָס האָט מען אים גערופן מיטן נאָמען פתחיה? ווייל ער האָט געוואוסט צו עפענען (פותח, צו דערקלערן ניט־פאַרשטענדליכע) ווערטער און זיי דרשענען (אויפקלערן) און ער האָט געקענט זיבציק שפּראַכן. מיט מרדכי מיינט מען מרדכי פון תנך־ספר אסתר. די גמרא מנחות ס״ד דערציילט, ווי מרדכי האָט אויפגעקלערט עטליכע ניט־פאַרשטענדליכע זאַכן וואָס האָבן געהאַט א שייכות צו קרבנות. בן אחיה איז געווען איבער (דעם היילן פון) בויך־קראַנקע כהנים. דער ירו־שלמי זאָגט, אז ווייל די כהנים האָבן געמוזט גיין באָרוועס אויף די פלאַסטער־שטיי־נער אין בית המקדש און האָבן געגעסן א סך פלייש פון די קרבנות זענען גאַנץ אָפט פאָרגעקומען צווישן זיי בויך־קראַנקהייטן, און בן אחיה איז געווען דער ממונה צו היילן זיי. נחוניה איז געווען דער גראָבער פון (וואַסער־) ברונעמס. „שיחין״ מיינט לענגליכע וואַסער־ברונעמס. מען האָט געדאַרפט דערצו האָבן א באַזונדערן מענטש, כדי די גרויסע צאָל יידן, וועלכע פלעגן קומען עולי־רגל־זיין אין בית המקדש זאָלן האָבן גענוג וואַסער צום טרינקען. גביני איז געווען דער אויסרופער (כרוז). ער האָט יעדן אין דער פרי אויסגערופן אין בית המקדש: „שטייט אויף כהנים צו אייער עבודה!״ בן גבר איז געווען איבער פאַרשליסן די טויערן. יעדן אָוונט פלעגט מען פאַרשליסן די טויערן אין בית המקדש און אין דער פרי זיי עפענען. בן בבי איז געווען איבער דער פקיע. דער ירושלמי טייטש „פקיע״ פון „הפקיע״, פונאַנדעררייסן און פלעכטן; מען פלעגט פון די אלטע הויזן פון די כהנים פלעכטן קנייטלעך צו ברענען אין דער מנורה און אויך סוכות צו די פייערן פון דער שמחת בית השואבה (זע מסכתא סוכה פרק ה׳ משנה ג׳ „היו מפקיעין״). די גמרא אין יומא כ״ג זאָגט, אז „פקיע״ מיינט מען אזא קאַנטשיק, מיט וועלכן מען פלעגט שלאָגן דעם כהן, וועל־כער האָט געדאַרפט היטן דאָס בית המקדש יעדע נאַכט, אויב מען האָט אים גע־טראָפן שלאָפנדיק. בן ארזא איז געווען איבער דעם טאַצן־אינסטרומענט (צלצל). מיט דעם צלצל האָט מען אָנגעהויבן דאָס זינגען און שפּילן שירה דורך די לוויים אין בית המקדש. הוגרס בן לוי איז געווען איבער דער שירה (פון די לוויים). ער פלעגט אָנהויבן און ער פלעגט ענדיקן. בית גרמו, די פאַמיליע פון גרמו איז געווען איבער דער אַרבעט פון לחם הפנים. „לחם הפנים״, דאָס ברויט פון געזיכט״, זענען די 12 חלות, וועלכע מען פלעגט באַקן יעדע וואָך און אַנידערלייגן שבת אין בית המקדש. די גרמו־פאַמיליע זענען געווען ספּעציאַליסטן אין באַקן די חלות, כדי זיי זאָלן ניט קאַליע ווערן. בית אבטינס, די פאַמיליע אבטינס איז געווען איבער דער צוגרייטונג

**אבטינס על מעשה הקטורת. אלעזר על הפרכות. ופנחס על המלבוש:**
**ב. אין פוחתין משלשה גזברין ומשבעה אמרכלין. ואין עושין שררה על הציבור בממון פחות משנים, חוץ מבן אחיה שעל חולי מעיים, ואליעזר שעל הפרכות, שאותן קיבלו הצבור עליהן:**
**ג. ארבעה חותמות היו במקדש, וכתוב עליהן: „עגל״, „זכר״,**

---

פון די קטורת. **די קטורת איז געווען א געמיש פון בשמים, צו וועלכע עס איז אויך געווען צוגעגעבן א גראז „מעלה עשן״ (דער ארויפברענגער פון רויך), וואס דורך אים איז דער רויך פון די בשמים ארויפגעגאנגען גלייך. די פאמיליע אבטינס איז געווען באקאנט מיט דעם גראז.** אליעזר איז געווען איבער די פרוכתן. **אין בית המקדש זענען געווען פרוכתן, און מען האט פון צייט צו צייט געדארפן מאכן נייע, און ער איז געווען ממונה דערויף.** ופינחס, און פינחס איז געווען איבער דער קליידונג. **דאס מיינט מען איבער די מלבושים פון די כהנים, וועלכע האבן געדארפן טראגן ספעציעלע מלבושים צו דער עבודה אין בית המקדש. — אין דער תוספתא ווערן צו־געגעבן נאך נעמען פון מענטשן, וועלכע זענען געווען ממונה איבער אנדערע ענינים אין בית המקדש. — דער ברטנורא ברענגט א מיינונג, וואס שטיצט זיך אויף די ווערטער פון תוספות אין מנחות ס״ד, אז ווייל למשל דער ערשטער בארימטער ממונה איבער די קינין איז געווען מרדכי, האט מען שוין דערנאך יעדן ממונה אי־מער די קינים אנגערופן „מרדכי״, און אזוי איז געווען מיט די אנדערע ממונים.**

ב. אין פוחתין, עס טארט ניט זיין (אין בית המקדש) ווינציקער פון דריי שאצ־מייסטערס (גזברים, וועלכע פארוואלטן מיטן געלט) און פון זיבן אָבער־פארוואל־טער (אמרכלין). **דער מדרש אין ויקרא רבה פ״ה זאגט אז „אמרכל״ איז פון ווארט „מר כל״, „דער האר פון אלעם״. די גמרא אין הוריות י״ג טייטשט פון „אמר כל״, ער האט צו זאגן איבער אלעם.** ואין עושין, און מען טארניט מאכן קיין פארוואלטונג (שררה) איבער כלל (ציבור) אין געלט־זאכן ווינציקער פון צוויי (מענטשן, כדי־איי־נער זאל היטן דעם אנדערן); אן אויסנאם זענען געווען אחיה איבער די בויך־קראנ־קע און אלעזר איבער די פרוכתן, ווייל זיי האט דער רוב פון ציבור באשטימט אי־בער זיך. **אין טייל משניות איז פאראן ניט „רוב הציבור״, נאר „ציבור״, דאס הייסט, אז זיי זענען אנגענומען געווארן איינשטימיק.**

ג. ארבעה, פיר געסטעמפלטע קוויטלעך (חותמות) זענען געווען אין בית המקדש, און אויף זיי איז געווען אנגעשריבן: אויף איינעם „עגל״ (קאלב), אויף דעם צווייטן „זכר״ (דאס מיינט מען א ווידער, איל, א זכר־שעפס פון 2 יאר און דער תרגום פון „איל״ איז „דוכרא״, א „זכר״), אויף דעם דריטן „גדי״ (א ציגעלע, א שעפסל), אויף דעם פערטן „חוטא״ (א זינדיקער, דאס מיינט מען דעם קרבן פון א מצורע). **ווען איינער האט געבראכט א קרבן, און צום קרבן האט ער געדארפן מיט־ברענגען נסכים (מעל געמישט מיט אייל, און וויין), איז אין בית המקדש געווען א מאגאזין מיט מעל און אייל און וויין, און דארט האט יעדער געקאנט קויפן וויפיל ער האט געדארפן האבן פאר זיינע נסכים. אבער דאס געלט דערפאר האט ער ניט באצאלט אין דעם מאגאזין, נאר עס איז געווען א ספעציעלע קאסע, וואו ער האט איינ־געצאלט דאס געלט, און די קאסע האט אים ארויסגעגעבן א חותם, א סטעמפל (א געסטעמפלט קוויטל), אויף וועלכן עס איז געווען אנגעשריבן די נסכים, די מעל און אייל און וויין, וואס דער מאגאזין זאל דעם מענטש ארויסגעבן. דעם סטעמפל האט דער מענטש איבערגעגעבן אין מאגאזין און האט דערפאר באקומען זיינע נסכים. עס זענען געווען 4 סארטן קרבנות, וואס יעדער פון זיי האט געדארפן האבן אן אנדערע צאל נסכים; עס זענען דעריבער געווען 4 סטעמפלן, חותמות, און לויט דעם אויפשריפט פון סטעמפל האט דער מאגאזין געוואוסט פאר וויפיל נסכים דער מענטש האט איינגעצאלט און אזוי פיל דארף מען אים ארויסגעבן. ווען מען האט גע־ברענגט אלס קרבן אן אקס אדער א קו אדער א קאלב (א רינד־בהמה) האט מען גע־**

„גדי״, „חוטא״. בן עזאי אומר, המשה היו, וארמית כתוב עליהן: „עגל״. „זכר״, „גדי״, „חוטא דל״, „וחוטא עשיר״. „עגל״ משמש עם נסכי בקר גדולים וקטנים, זכרים ונקבות. „גדי״ משמש עם נסכי צאן גדולים וקטנים, זכרים ונקבות, חוץ משל אילים. „זכר״ משמש עם נסכי אילים בלבד. „חוטא״ משמש עם נסכי שלש בהמות של מצורעין:

ד. מי שהוא מבקש נסכים הולך לו אצל יוחנן, שהוא ממונה על

דאַרפן האָבן נסכים 3 צענטלעך (עשרונים, אַ עשרון מיינט אַ צענטל פון א איפה, אַ צענטל פון 3 סאה) מעל, וואָס איז געמישט מיט אייל א האלבן „הין״ (א „הין״ איז 3 טעפּ), און אויך וויין א האלבן „הין״ צו גיסן אויפן מזבח. דער סטעמפּל פאַר די דאָזיקע נסכים האָט געהאַט די אויפשריפט „עגל״ (קאלב). ווען איינער האָט געבראַכט א קרבן א ווידער, אַן איל (א זכר־שעפּס אלט 2 יאָר), האָט ער געדאַרפן מיטברענגען נסכים 2 צענטלעך מעל געמיש מיט א דריטל הין אייל, און אויך וויין א דריטל „הין״. דער סטעמפּל דערויף האָט געהאַט די אויפשריפט „זכר״. ווען איינער האָט געבראַכט א קרבן א שעפּסל (ניט עלטער פון איין יאָר) האָט ער מיטגעבראַכט נסכים איין צענטל מעל געמישט מיט א פערטל „הין״ אייל, און אויך א פערטל „הין״ וויין. דער סטעמפּל דערויף האָט געהאַט די אויפשריפט „גדי״. א מצורע, א קרעציקער, וועלכער איז געוואָרן אויסגעהיילט, האָט געדאַרפן ברענגען (אויב ער איז געווען רייך, מצורע עשיר) דריי שעפּסלעך אלס קרבנות און ער האָט געדאַרפן האָבן דערצו דריי צענטלעך מעל געמיש מיט 9 קוואַרט (דריי פערטל „הין״ אייל, צו 1 צענטל מעל און א פערטל „הין״ אייל פאַר יעדן שעפּסל) און דאָסזעלביקע דריי פערטל „הין״ וויין, און ער האָט אויך געדאַרפן האָבן א ספּעציעלן קוואַרט („לוג״, א צוועלפטל פון א „הין״) אייל אויף צו באַשמירן דעם מענטש אויף די פינגער־שפּיצן און אויף די אויערן־לעפּלעך. דער סטעמפּל דערויף האָט געהאַט די אויפשריפט „חוטא״ (זינ־דיקער, ווייל מען נעמט אָן אַז די קרעציקייט, די צרעת, איז געקומען צוליב דער זינד פון מענטש). בן עזאי זאָגט, אַז עס זענען געווען פינף סטעמפּל־קוויטלעך, און אויף זיי איז געווען אָנגעשריבן אין אראַמעאיש: „קאלב״, „זכר״, ציגעלע, „ארי־מער זינדיקער״ (חוטא דל) און „רייכער זינדיקער (חוטא עשיר). ווייל א מצורע אַן אָרימאַן האָט געבראַכט נור איין שעפּסל, אָבער דעם קוואָרט אייל פאַר די פינגער־שפּיצן און די אויער־לעפּלעך האָט ער יאָ געדאַרפן האָבן. און די סתם משנה האַלט, אַז דער אָרימער מצורע האָט געקראָגן א סטעמפּל „גדי״, (ציגעלע) פאַר די נסכים פון זיין שעפּסל, און וואָס נוגע דעם קוואָרט אייל פאַר די פינגער־שפּיצן און די אויער־לעפּלעך האָט ער געקאָנט מיטברענגען פון דער היים. די אויפשריפטן זענען געווען אין אראַמעאיש, ווייל אין דער צייט פון 2טן בית המקדש האָט דער גרעסטער טייל יידן גערעדט אראַמעאיש. — איצט גיט די משנה, צו וועלכע קרבנות יעדער חותם, יעדעס סטעמפּל־קוויטל איז גוט געווען: עגל, דער „עגל״ („קאלב״־סטעמפּל) האָט געדינט (צו באַקומען) נסכים פאַר רינדער־קרבנות, גרויסע און קליינע, זכרים און נקבות (אַקס, קו, קאלב); דער „גדי״־(„ציגעלע״־סטעמפּל) האָט געדינט (צו באַקו־מען) נסכים פאַר קליין־פּי (שעפּסן, ציגן)־קרבנות, גרויסע און קליינע, זכרים און נקבות, א חוץ פאַר די ווידערס (אילים, שעפּסן זכרים פון 2 יאָר); דער „זכר״־(סטעמפּל) האָט געדינט (צו באַקומען) בלויז די נסכים פאַר קרבנות פון אילים (זכר־שעפּסן פון 2 יאָר); דער „חוטא״ (זינדיקער־סטעמפּל) האָט געדינט (צו באַ־קומען) די נסכים פון די דריי בהמות פון די מצורעים. דאָס איז אַזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט די אלע נסכים. לאָמיר דאָ באַמערקן, אַז מיט א „שעפּסל״ (כבש אָדער „גדי״, א ציגעלע) מיינט מען סיי א זכר און סיי א נקבה, אין עלטער פון 8 טאָג אָן ביז 1 יאָר. מיט „איל״ א ווידער, מיינט מען א שעפּסל א זכר, וואָס איז אלט פון 1 יאָר מיט 31 טעג ביז 2 יאָר.

ד. מי שהוא, ווער עס דאַרף האָבן נסכים (צו ברענגען מיט זיין קרבן), גייט צו

**החותמות, נותן לו מעות ומקבל ממנו חותם. בא לו אצל אחיה, שהוא ממונה על הנסכים, ונותן לו חותם ומקבל ממנו נסכים. ולערב באין זה אצל זה, ואחיה מוציא את החותמות ומקבל כנגדן מעות. ואם הותירו, הותירו להקדש, ואם פחתו, היה משלם יוחנן מביתו, שיד הקדש על העליונה:**

**ה. מי שאבד ממנו חותמו, ממתינין לו עד הערב; אם מוצאין לו כדי חותמו נותנין לו, ואם לאו — לא היה לו. ושם היום כתוב עליהן, מפני הרמאין:**

**ו. שתי לשכות היו במקדש, אחת לשכת חשאים, ואחת לשכת**

---

יוחנן, וועלכער איז דער ממונה איבער די סטעמפלן־(קוויטלעך), ער גיט אים (צו יוחנן) געלט און באקומט ביי אים א סטעמפל (־קוויטל); (דערנאָך) גייט ער צו אחיה, וועלכער איז ממונה איבער די נסכים, און גיט אים דעם סטעמפל־(קוויטל) און נעמט ביי אים די נסכים. ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה א׳ איז יוחנן געווען דער **פאַרוואַלטער פון די סטעמפּלן־קוויטלעך און אחיה פון די נסכים.** ולערב, און אין אוונט קומען זיי דער צו דעם (יוחנן און אחיה קומען זיך צוזאמען), און אחיה נעמט ארויס די שטעמפל ־ קוויטלעך און באקומט (פון יוחנן) געלט פאר זיי; און אויב עס איז געווען מער (יוחנן האָט געהאָט מער געלט ווי עס האָבן באטראָפן די סטעמפל־קוויטלעך וואָס אחיה האָט צוגעשטעלט), געהערט דאָס איבריקע געלט צו הקדש (צום בית המקדש); און אויב עס איז געווען ווינציקער געלט, האָט יוחנן באצאָלט פון זיין הויז, (פון זיינע אייגענע געלטער), ווייל הקדש האָט די אבערהאנד (יד הקדש על העליונה). **דאָס הייסט, אויב עס איז געווען דורך א טעות מער געלט האָט דאָס בית המקדש פארדינט, און אויב עס איז געווען ווייניקער האָט יוחנן, דער קאסירער פון די סטעמפּל־קוויטלעך, היזק געהאַט פון זיינע פּריוואַטע געלטער.**

ה. מי שאבד, אויב איינער (וועלכער האָט געקויפט ביי יוחנן א סטעמפל־קוויטל) האָט פארלוירן זיין סטעמפל (־קוויטל), וואַרט מען אים ביז אוונט; אויב מען געפינט (אז יוחנן האָט אזוי פיל מער געלט) וויפיל עס באטרעפט זיין (דעם מענטש׳ס פארלוירענער) סטעמפל (־קוויטל), גיט מען אים (דאָס געלט), און אויב ניט, גיט מען אים ניט; און דער נאָמען פון טאָג איז געוואָרן אָנגעשריבן אויף זיי (אויף די סטעמפּל־קוויטלעך), כדי צו פאַרהיטן זיך קייגן שווינדלערס. **אויף יעדן סטעמפל־קוויטל איז געווען אָנגעשריבן דער טאָג פון חודש, ווען דאָס סטעמפל־קוויטל איז גע־וואָרן ארויסגעגעבן, למשל „דער ערשטער טאָג אין ניסן״. דאָס איז געמאכט געוואָרן צוליב צוויי טעמים, ערשטענס, טאָמער וועט איינער פארלירן אזא קוויטל און א שווינדלער וועט עס געפינען, און ער וועט איבערוואַרטן עטליכע טעג (אין זעלבן טאָג וועט ער מורא האָבן צו קומען דערמיט, מחמת דער פארלירער זוכט דאָך עס), און ער וועט דעמאָלט קומען אָפּנעמען די נסכים. צווייטנס, טאָמער וועט א שווינד־לער קויפן א סטעמפל־קוויטל ווען נסכים (וויין, איילן און מעלן) קאָסטן ביליגער, און וואַרטן דערמיט ביז עס וועט ווערן טייערער, אָבער קוים איז פאַראַן א דאַטע אויפן קוויטל, ווערן די אלע שווינדלערייען־מעגליכקייטן אויסגעמיטן.**

ו. שתי לשכות, צוויי קאַמערן (לשכות) זענען געווען אין בית המקדש, איינע האָט געהייסן „לשכת חשאים (די קאַמער פון די שטילע), און איינע האָט געהייסן „לשכת הכלים״ (די קאמער פון די כלים). **וועגן „לשכות״, די קאַמערס אין בית המקדש בכלל, זע אין מסכתא „מידות״.** לשכת חשאים, די קאמער פון די שטילע, אהין פלעגן די יראי חטא (פרומע מענטשן, וועלכע האָבן מורא פאר זינד) ארײַנלייגן (זייערע געלט־נדבות) שטילערהייט (בחשאי, קיינער זאָל ניט זען), און אָרימע לייט פון פיינע פאַמיליעס (בני טובים, וועלכע האָבן זיך געשעמט צו נעמען אפן צדקה־הילף) האָבן פון דאָרט באקומען זייער פרנסה שטילערהייט (בחשאי). **דערפון איז**

**הכלים, לשכת חשאים — יראי חטא נותנים לתוכה בחשאי, ועניים בני טובים מתפרנסים מתוכה בחשאי. לשכת הכלים — כל מי שהוא מתנדב כלי, זרקו לתוכה, ואחד לשלשים יום גזברין חותחין אותה, וכל כלי שמוצאין בו צורך לבדק הבית מניחין אותו, והשאר נמכרין בדמיהן, ונופלין ללשכת בדק הבית:**

## פרק ו.

**א. שלשה עשר שופרות, שלשה עשר שולחנות, שלש עשרה השתחויות, היו במקדש. של בית רבן גמליאל ושל בית רבי חנניה סגן הכהנים היו משתחוין ארבע עשר. והיכן היתה יתירה? כנגד דיר העצים, שכן מסורת בידם מאבותיהם, ששם הארון נגנז:**

---

**דער נאָמען פון דער קאמער „לשכת חשאים״, די קאמער פון די שטילע.** לשכת הכלים, די קאמער פון כלים. ווער עס האָט מנדב געווען א כלי (צום בית המקדש), האָט זי אריינגעוואָרפן אהין (אין דער דאָזיקער קאמער), און איינמאָל יעדע דרייסיק טעג האָבן די גזברים (די שאצמייסטערס פון בית המקדש) געעפנט איר (די קאמער); און יעדע כלי, וואָס מען האָט געפינען אז זי איז נוצליך פאר דעם בית המקדש (לבדק הבית, צו דער פאַריכטונגונג פון בית המקדש) האָט מען זי איבערגעלאָזט (צום נוצן אין בית המקדש), און די איבריקע (כלים) האָט מען פארקויפט פאר געלט און (דאָס געלט) איז אריינגעפאלן אין דער קאמער פון פאַרריכטן דאָס בית המקדש (לבדק הבית). מיט „בדק הבית״ (אונטערזוכן, פאַרריכטן דאָס בית המקדש) **מיינט מען דאָ אלע באַדערפענישן פון בית המקדש מיטן אויסנאַם פון זאכן וואָס האָבן א שייכות צו קרבנות מקריב זיין אין קטורת. דערצו איז געווען א ספעציעלע קאמער „לשכת בדק הבית״, וואָס דאָרט האָבן זיך געפינען די געלטער דערויף;**

## פרק ו.

א. שלשה עשר שופרות, דרייצן פושקעס. **שופרות מיינט קרומע פושקעס, קאַס־טענס, אין דער הויך ביי דער עפנונג שמאָל און אונטן ברייט, אויף אריינצוואַרפן אהין געלט, און א פרעמדער זאָל עס ניט קאָנען ארויסנעמען;** שלשה שולחנות, דרייצן טישן, **אויף ארויפצולייגן זאכן אויף זיי,** שלש עשרה השתחויות, און דרייצן ביקונגן, **13 מאָל פאלן כורעים, מען איז דרייצען מאָל (אין 13 ערטער אין בית המקדש) גע־פאלען צו דער ערד.** היו במקדש, זענען געווען אין בית המקדש. **די 13 קאסטנס פאר געלט, און די 13 טישן און די 13 פאלן כורעים זענען געווען אין בית המקדש. ווייטער אין משנה ה׳ וועט ווערן געגעבן צו וואָס זענען געווען די 13 געלט־קאסטנס, און אין משנה ד׳, צו־וואָס זענען געווען די 13 טישן. איצט וועט די משנה לערנען וועגן די ביקונגן, וועגן דעם כורעים פאלן.** של בית, (די מענטשן) פון דער פאמיליע פון רבן גמליאל און פון ר׳ חנניה סגן הכהנים האָבן זיך געבוקט (געפאלן כורעים, אויך) א פערצנטן מאָל; און וואו (אין וועלכן אָרט אין בית המקדש האָבן זיי זיך גע־בוקט) דאָס איבריקע מאָל (דאָס פערצנטע מאָל)? **די משנה וועט ווייטער אין משנה ג׳ לערנען, אין וועלכע ערטער אין בית המקדש זענען פאַרגעקומען די 13 מאָל כור־עים־פאלן, און דאָ פרעגט די משנה, אין וועלכן אָרט איז פאַרגעקומען די דאָזיקע 14טע השתחויה, דאָס 14טע מאָל פאלן כורעים?** כנגד, אקעגנאיבער דעם שפייכלער פון האָלץ. **אין הויף פון בית המקדש לעבן דעם שפייכלער פון האָלץ דער דיר העצים, פון וואנען מען האָט גענומען האָלץ צום ברענען אויפן מזבח; דאָרט זענען זיי געפאלן כורעים דאָס 14טע מאָל.** שכן, ווייל אזוי האָבן זיי (די פאמיליעס פון רבן גמליאל און ר׳ חנניה סגן הכהנים) געהאַט א טראַדיציע פון זייערע עלטערן (א מסורה בקבלה) אז דאָרט (ביים שפייכלער פון האָלץ) איז פארבאָרגן געוואָרן דער ארון. **אין ערשטן בית המקדש איז געווען דער הייליקער ארון, וואָס די יידן האָבן מיטגע־בראַכט פון מדבר, און עס איז אויך געווען דער שטעקן פון אהרן הכהן, דאָס גלעזל מיט**

ב. מעשה בכהן אחד, שהיה מתעסק, וראה הרצפה, שהיא משונה מחברותיה, בא ואמר לחברו; לא הספיק לגמור את הדבר, עד שיצתה נשמתו. וידעו בייחוד ששם הארון נגנז:

ג. והיכן היו משתחוים? ארבע בצפון, וארבע בדרום, שלש במזרח, ושתים במערב, כנגד שלשה עשר שערים. שערים דרומים סמוכין למערב: שער העליון, שער הדלק, שער הבכורות, שער המים. ולמה נקרא שמו שער המים? שבו מכניסין צלוחית של מים של נסוך בחג.

---

מן און דאָס גלעזל מיט שמן המשחה (דעם זאלב אייל צו זאלבן כהנים גדולים) וואָס משה רבנו האָט געמאכט. עס איז פאראן איין דעה, אז צום סוף פון דער צייט פון ערשטן בית המקדש האָט מען דאָס באהאלטן אין בית המקדש ערגיץ אין א טיפן אָרט, וואָס איז געבויט געוואָרן נאָך דורך שלמה המלך. וואו דאָס ארט איז ווייסט מען ניט, נאָר די פאמיליעס פון רבן גמליאל און ר׳ חנניה סגן הכהנים האָבן געהאַט א מסורה, אז עס געפינט זיך ערגיץ ביים האָלץ־שפייכלער.

ב. מעשה, עס איז געווען אמאָל א מעשה מיט א כהן, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט (ביים האָלץ־שפייכלער) און ער האָט דערזען איין פלאסטער־שטיין (אויף דער ערד), אז ער איז עפּיס אנדערש פון די אנדערע (פלאסטער־שטיינער און ער האָט פארשטאַנען, אז מען האָט אים פון דאָרט געהאַט אוועקגעריקט און דערנאָך צוריקגעלייגט); איז ער געגאנגן און האָט דערציילט זיינס א חבר (א כהן, און האָט אים געוואָלט ווייזן וואו דאָס איז); אָבער ער האָט ניט באוויזן צו ענדיקן זיין רעדן, און עס איז ארויס זיין נשמה (ער איז געשטאָרבן); און (אזוי ארום) האָט מען געוואוסט אויף זיכער (ביחוד, קלאָר) אז דאָרט איז דער ארון באהאלטן. די מפרשים זאָגן, אז דער כהן איז געווען א בעל מום, האָט געהאַט א פעלער, און א בעל מום איז פסול צו טאָן די עבודות אין בית המקדש אָבער ער מעג ארויסקלייבן די ווערמדיקע שטיקער האָלץ, וועלכע טויגן ניט צום מזבח. און דאָס האָט דער דאָזיקער כהן טאקע געטאָן ביים האָלץ־שפייכלער, ווען ער האָט דערזען דעם פלאסטער־שטיין.

ג. והיכן, און וואו האָט מען זיך געבוקט? אין וועלכע 13 ערטער איז מען געפאלן כורעים אין בית המקדש? ארבע, פיר אין צפון (אין פיר ערטער אין צפון בית־המקדש־הויף), פיר אין דרום, דריי אין מזרח און צוויי אין מערב, אנטקעגן די דרייצען טויערן. אין בית המקדש־הויף, אין דער עזרה זענען געווען 13 טויערן, און ביי יעדער טויער איז מען געפאלן כורעים; 4 טויערן זענען געווען אין דרום, 4 אין צפון, 3 אין מזרח און 2 אין מערב. און איצט רעכנט אויס די משנה די נעמען פון די טויערן: שערים דרומים, די (פיר) טויערן אין דרום, (וועלכע זענען געווען) נאָנט צו מערב־זייט, זענען: דער שער העליון, דער אויבערשטער טויער; דער בית המקדש־הויף איז געווען אויף א קרומליכן בארג, וועלכער איז געגאנגן משופע, בארג־אראָפּ, פון מערב צו מזרח צו, און דער טויער אין דרום זייט, וועלכער איז געווען נאָנט צו מערב, איז געווען ביים שפיץ פון באַרג און ער האָט דעריבער געהייסן שער העליון, דער אויבערשטער טויער; שער הדלק, דער טויער פון ברען־(האָלץ); דאָס איז דער טויער פון האָלץ־שפייכלער, וואָס איז אויך געווען אין דרום פון בית המקדש־הויף, און דאָרט ארום האָט מען געפירט דאָס האָלץ, וואָס מען האָט געדארפן ברענגען אויפ׳ן מזבח; שער הבכורות, דער טויער פון די בכורות; דאָרט ארום האָט מען אריינגעפירט די בהמות־בכורות וועלכע מען האָט געמעגט שעכטן אין דרום־זייט אין בית המקדש־הויף. שער המים, דער טויער פון וואסער; פארוואָס האָט ער געהייסן „דער טויער פון וואסער״? ווייל דאָרט ארום האָט מען אריינגעבראכט (אין בית המקדש־הויף) דאָס גלעזל מיט וואסער צו גיסן (דאָס וואסער אויפן מזבח) אים סוכות. אים סוכות (סתם „חג״ מיינט מען סוכות) האָט מען ביים מקריב זיין אין דער פרי דעם קרבן תמיד, אויך מקריב געווען אויפן מזבח א וואסער־קרבן, מען האָט געגאָסן

**ר׳ אליעזר בן יעקב אומר, בו המים מפכים, ועתידין להיות יוצאין מתחת מפתן הבית. לעומתן בצפון סמוכין למערב: שער יכניה, שער קרבן, שער נשים, שער השיר. ולמה נקרא שמו שער יכניה? שבו יצא יכניה בגלותו. במזרח: שער ניקנור, ושתי פשפשין היו לו, אחד בימינו ואחד בשמאלו. ושנים במערב, שלא היה להן שם:**

**ד. שלשה עשר שלחנות היו במקדש: שמנה של שיש בבית המט-**

וואסער אויפן מזבח. דאָס האָט געהייסן „ניסוך המים", גיסן וואסער, און די משנה אין פרק ה׳ מסכתא סוכה דערציילט וועגן דער שמחה-פייערליכקייט פון שעפן דאָס וואסער און ברענגען אין בית המקדש-הויף. דורך דעם וואסער-טויער האָט מען דע־מאָלס געבראַכט דאָס וואסער. ר׳ אליעזר בן יעקב זאָגט, אַז דאָרט (ביים וואַסער־טויער) פליסט שוין דאָס וואסער שטאַרק (מפכין, שטאַרק פליסן) ביז דאָס וואסער וועט ארויסגיין פון אונטער דער שוועל פון הויז (פון דעם קודש הקדשים). דאָס איז וועגן דעם וואסער, וואָס דער נביא אין ספר יחזקאל מ"ז האָט געזאָגט „והנה מים מפכים מן הכתף הימנית, און אָט פליסט ארויס וואסער פון דעם רעכטן אקסל", דאָס הייסט פון דער רעכטער (דרום־) זייט פון בית-המקדש-הויף. דאָס וואָרט מפכים ווערט געטייטש אין דער גמרא (יומא עז) און ירושלמי, אַז דאָס איז פון וואָרט „פך", א קריגל, און דאָס וואסער גיסט זיך דאָרט ווי פון א קריגל. — ביז איצט האָט די משנה געגעבן וועגן די 4 טויערן אין דרום. איצט וועט די משנה געבן וועגן די 4 טויערן אין צפון. לעומתן בצפון, קייגן־איבער זיי אין צפון זייט (פון בית־המקדש־הויף), נאָנט צו מערב (זענען פאראן) דער שער יכניה, דער טויער פון קעניג יכניה; די משנה וועט ווייטער זאָגן פארוואָס ער האָט אזוי געהייסן; שער קרבן, דער טויער פון קרבן; דאָרט ארום האָט מען אריינגעבראַכט די בהמות־קרבנות, וועלכע הייסן קדשי קדשים (חטאת, עולה, אשם) און וועלכע מען דאַרף שעכטן נור אין צפון־זייט פון בית־המקדש־הויף; שער נשים; דער טויער פון די פרויען; דאָרט ארום זענען אריינגעקומען די פרויען וועלכע האָבן געבראַכט זייערע קרבנות; שער השיר, דער טויער פון געזאַנג. דאָר ארום האָט מען אריינגעבראַכט די מוזיק־אינסטרומענטן, די כלי שיר, וואָס מען האָט באנוצט ווען די לויים האָבן געזונגען און געשפּילט שירה אין בית המקדש. ולמה, און פארוואָס האָט ער (דער ערשטער טויער) געהייסן שער יכניה, דער טויער פון יכניה? ווייל דאָרט ארום איז (דער קעניג) יכניה ארויסגעגאנגען אין זיין גלות. ווען קעניג יכניה (עס ווערט דערציילט וועגן דעם אין מלכים ב׳ קאַ־פיטל כ"ד) איז פארטריבן געוואָרן דורך נבוכדנאצר קיין בבל, איז ער, יכניה, צו־ערשט געגאנגען אין בית המקדש זיך צו בוקן דאָרט און צו געזעגנען זיך מיטן הייליקן אָרט, און דורך דעם דאָזיקן טויער איז ער אוועק אין גלות. — דאָס זענען די 4 טויערן אין צפון. איצט וועט די משנה געבן וועגן די 3 טויערן איז מזרח: במזרח, אין מזרח זענען דער שער ניקנור (דער טויער פון ניקנור), און צוויי קליינע טויערן זע־נען געווען לעבן אים, איינער אין זיין רעכטע זייט און איינער אין זיין לינקע זייט. די גמרא אין יומא ל"ח דערציילט, אַז ניקנור איז געווען א מאַן פון אלכסנדריא אין מצרים און ער האָט געבראַכט דעם טויער פון דאָרט און עס איז געשען א נס מיט דעם טויער אויפן ים, אַז ער איז ניט דערטרינקען געוואָרן. „פשפשין" מיינט מען קליינע אריינגאנגען, טויערן. — און איצט וועט די משנה געבן וועגן די 2 טויערן אין מערב; ושנים במערב, און צוויי (טויערן) זענען אין מערב, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין נאָמען. דער תוספות יום טוב מיינט, אַז די צוויי טויערן אין דער מערב וואַנט (כותל המערבי) פון בית־המקדש־הויף זענען געווען נאָר פאַר א בויט־פאַל, למשל, ווען שונאים זאָלן באַפאַלן דעם בית המקדש; דעריבער האָבן זיי ניט געהאַט קיין נאָמען.

ד. שלשה עשר שולחנות, דרייצען טישן זענען געווען אין בית המקדש, אכט

**בחים, שעליהן מדיחין את הקרבים. ושנים במערב הכבש, אחד של שיש, ואחד של כסף; על של שיש היו נותנים את האברים, על של כסף כלי שרת. ושנים באולם מבפנים, על פתח הבית, אחד של שיש ואחד של זהב; על של שיש נותנין לחם הפנים בכניסתו, ועל של זהב ביציאתו, שמעלין בקדש ולא מורידין. ואחד של זהב מבפנים שעליו לחם הפנים תמיד:**

---

(פון זיי) זענען געווען פון מארמאָר־שטיין (שיש) אין שעכט־הויז, אויף וועלכע מען האָט אָפּגעוואשן די אינגעווייד (פון די קרבנות); און צוויי (טישן) זענען געווען אין דער מערב זייט פון דעם טרעפּ (כבש, דעם קרומען טרעפּ, אויף וועלכן מען איז ארויפגעגאנגן ארויף אויפן מזבח), איינער (איין טיש פון די דאָזיקע צוויי) איז געווען פון מארמאָר־שטיין, און איינער פון זילבער, אויף דעם (טיש) פון מארמאָר־שטיין האָט מען ארויפגעלייגט די איברים (די שטיקער קרבן־פלייש וועלכע מען האָט מקריב געווען אויפן מזבח), און אויף דעם (טיש) פון זילבער האָט מען ארויפגעלייגט די כלי שרת (די כלים, וועלכע מען האָט באנוצט צו דער עבודה). **דעם טיש, אויף וועלכן מען האָט געלייגט די שטיקער קרבן פלייש, האָט מען ניט געמאכט פון זילבער, ווייל זילבער מאַכט קאליע דאָס פלייש, אָבער מארמאָר האַלט דאָס פלייש קילער.** ושנים באולם, און צוויי טישן זענען געווען אין אולם (אין דער פאָרהאַליע פון דער געביידע פון קודש הקדשים) אינווייניק ביי דער טיר פון הויז; איינער (פון די דאָזיקע טישן) איז געווען פון מארמאָר־שטיין און איינער פון גאָלד; אויף דעם מארמאָר־שטיין־טיש האָט מען ארויפגעלייגט דעם לחם הפנים (דאָס ברויט פון געזיכט) ווען מען האָט עס אריינגעטראָגן (אין דער הייליקער געביידע), און אויף דעם טיש פון גאָלד (האָט מען ארויפגעלייגט דעם לחם הפנים) ווען מען האָט עס ארויסגעטראָגן, ווייל מען גייט ארויף העכער ביי הייליקייט און מען גייט ניט אראָפּ; און (נאָך איין, א דרייטער) טיש פון גאָלד איז געווען אינווייניק (אין דער געביידע), אויף וועלכן דער לחם הפנים איז געלעגן שטענדיק. **„לחם הפנים״ האָבן געהייסן די 12 חלות, וואָס מען האָט יעדן שבת אריינגעטראָגן אין דער געביידע פון בית המקדש, און מען האָט זיי אנידערגעלייגט אויף א גאָלדענעם טיש, און זיי זענען דאָרט געלעגן כסדר ביז איבעראכטאָג שבת. דעמאָלס, דעם אנדערן שבת האָט מען אריינגעטראָגן אנדערע 12 חלות, און מען האָט אריינגענומען די פאַראכטאָגדיקע 12 חלות און ארויפגעלייגט אויף דעם טיש די נייע חלות. די אלטע חלות האָבן געגעסן די כהנים. זאָגט די משנה אז עס זענען געווען דריי טישן. איין טיש, א גאָלדענער, גאָר אינווייניק אין דער בית־המקדש־געביידע, אויף וועלכן די חלות זענען געלעגן פון שבת ביז שבת. לעבן דער טיר פון דער געביידע אינווייניק (לויט אן אנדערן גירסא, דאַרף זיין „מבחוץ״, „אין דרויסן״, לעבן דער טיר) זענען געשטאַנען נאָך אַנדערע צוויי טישן, איינער פון גאָלד און איינער פון מארמאָר־שטיין. אויף דעם מארמאָרשטיין טיש האָט מען דערווייל אוועקגעלייגט די נייע חלות, און מען האָט דערנאָך אראָפּגענומען די אלטע חלות און ארויפגעלייגט אויף דעם גאָלדענעם טיש ביי דער טיר. דערנאָך האָט מען די נייע חלות אראָפּגענומען פון דעם מארמאָר טיש ביי דער טיר און ארויפגעלייגט אויף דעם גאָלדענעם טיש גאָר אינווייניק. די אלטע חלות זענען געבליבן אויף דעם גאָלדענעם טיש ביי דער טיר ביז מען האָט זיי צעטיילט צווישן די כהנים. די משנה זאָגט דאָ, אז דעריבער האָט מען ביים אריינטראָגן די נייע חלות ארויפגעלייגט זיי דערווייל אויף א מארמאָר־טיש, ווייל אין הייליקע זאכן דאַרף מען גיין־ארויף, העכער, און ניט אראָפּ (מעלין בקודש ולא מורידין), און עס איז דעריבער דער כבוד אז צוערשט ליגן די חלות אויף א ביליגערן טיש פון מארמאָר, און דערנאָך לייגט מען זיי אויף א טייערען טיש פון גאָלד.**

**ה. שלשה עשר שופרות היו במקדש, וכתוב עליהם: „תקלין חדתין״ ו„תקלין עתיקין״ „קינין״ ו„גוזלי עולה״ „עצים״ ו„לבונה״ „זהב לכפורת״; ששה לנדבה. „תקלין חדתין״ — שבכל שנה ושנה. ו„עתיקין״ — מי שלא שקל אשתקד שוקל לשנה הבאה. „קינין״ — הן תורין, ו„גוזלי עולה״ — הן בני יונה, וכולן עולות, דברי ר׳ יהודה.**

---

ה. שלשה עשר שופרות, דרייצן קאסטנס (שופרות, פושקעס, קאסטנס, וועלכע זענען אין דער הויך, ביי דער עפנונג שמאָל, און אונטן ברייט) זענען געווען איז בית המקדש (אויף אריינצולייגן דאָרט געלט), און אויף זיי איז געווען אָנגעשריבן: תקלין חדתין, נייע שקלים; **אויף איין קאסטן (שופר) איז געווען אָנגעשריבן „נייע שקלים״ ווייל דאָרט האָט יעדער אריינגעוואָרפן זיין שקל, וואָס ער האָט געדאַרפן געבן דעם היינטיקן יאָר, דעם נייעם יאָר.** ותקלין עתיקין, און אלטע שקלים. **אויף דעם צווייטן קאסטן איז געווען אָנגעשריבן „אלטע שקלים״, מחמת אויב איינער האָט מיט א יאָר צוריק ניט געהאָט באַצאָלט זיין שקל האָט ער איצט געדאַרפן אריינוואַרפן אין דאָזיקן קאסטן זיין אלטן שקל, און דאָס געלט איז געגאַנגען אין די שיריים פון דער לשכה; זע פריער פרק ד׳ משנה ב׳ וואָס מען האָט געטאָן מיטן דאָזיקן געלט.** קינין, אויף דעם דריטן קאסטן איז געווען אָנגעשריבן „קינין״, טויבן־פאָר. **דאָ האָט יעדער אריינגעלייגט געלט אויף צו ברענגען טויבן־קרבנות.** וגוזלי עולה, און אויף דעם פירטן קאסטן איז געווען אויפגעשריבן „גוזלי עולה״, יינגע טויבן מקריב צו זיין זיי אלס א קרבן עולה. **די משנה וועט ווייטער ברענגען די מחלוקה פון ר׳ יהודה און די חכמים וועגן די דאָזיקע 2 קאסטנס פון „קינין״ און „קרבן עולה״ וואָסערע געלטער מען האָט אין זיי אריינגעלייגט.** עצים, אויף דעם פיפטן קאסטן איז געווען אויפגעשריבן „עצים״, האָלץ. **דאָ האָט מען אריינגעלייגט דאָס געלט וואָס איינער האָט מנדב געווען אויף צו קויפן האָלץ צו ברענגען אויפן מזבח.** ולבונה, און אויף דעם זעקסטן קאסטן איז געווען אויפגעשריבן „לבונה״, ווייַרויך. **דאָ האָט מען אריינגעלייגט דאָס געלט, וואָס איינער האָט מנדב געווען אויף צו קויפן ווייַרויך, לבונה, צום רויכערן אין בית המקדש.** זהב לכפורת, אויף דעם זיבעטן קאסטן איז געווען אויפגעשריבן „זהב לכפורת״, גאָלד פאַר דעם כפורת. **דער ברטנורא טייטשט, אז „כפורת״ מיינט מען די גאָלדענע בעקנס, כלים, אין וועלכע מען האָט גענומען דאָס בלוט צום שפּריצן אויפן מזבח, און עס איז ווי „כפורי זהב״ אין עזרא א׳, און עס זאָל זיין פון וואָרט „כפור״, אָפּווישן זיך, ווייל דער כהן האָט זיך אָפּגעווישט די פינגער אין דער כלי. אָבער די תוספתא און אויך דער ירושלמי טייטשן פון „כפורת זהב״ (שמות כ״ה), צו־דעק, און מען מיינט דערמיט דעם דאַך פון קודש הקדשים, וואָס איז געווען באַדעקט מיט גאָלד. סיי ווי, אין דאָזיקן קאסטן האָט מען אריינגעלייגט דאָס געלט, וואָס איינער האָט מנדב געווען צו קויפן גאָלד פאַר דעם כפורת.** ששה, (א חוץ די דאָזיקע זיבן) זענען געווען זעקס (קאסטנס) פאַר נדבה. **דאָרט האָט מען אריינגעלייגט די געלטער, וועלכע זענען געגאַנגען פאַר די קרבנות, וואָס זענען אָנגערופן געוואָרן נדבה. די משנה וועט ווייטער זאָגן, וואָס מען האָט געטאָן דערמיט. — איצט פאַרטייטשט די משנה עטליכע אויפשריפטן פון די דערמאָנטע קאסטנס:** תקלין חדתין, די (אויפשריפטן) „נייע שקלים״, האָט געמיינט די שקלים פון יעדן יאָר. **אזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט.** ועתיקין, און די (אויפשריפט) „אלטע שקלים)״, ווער עס האָט ניט געגעבן דעם שקל דאָס פאָריקע יאָר,האָט ער געגעבן (אין דאָזיקן קאסטן) דעם שקל דעם קומענדיקן יאָר. **אויך דאָס האָבן מיר פריער דערקלערט.** קינין, די (אויפשריפט) „קינין״ מיינט „תור־רים״, טערקל־טויבן (עלטערע טויבן), און די אויפשריפט „גוזלי עולה״ מיינט „בני יונה״, יונגע טויבן, און זיי זענען אלע עולות, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **ר׳ יהודה זאָגט, אז סיי דאָס געלט וואָס מענטשן האָבן אריינגעלייגט אין דעם קאסטן מיט דער אויפ־שריפט „קינין״** (טויבן־פאָר) **און סיי דאָס געלט, וואָס זיי האָבן אריינגעלייגט אין**

**וחכמים אומרים, „קינין״ — אחד חטאת, ואחד עולה, ו„גוזלי עולה״ כולן עולות:**

**ו. האומר: „הרי עלי עצים״, לא יפחות משני גזרין. „לבונה״ —**

קאסטן מיט דער אויפשריפט „גוזלי עולה״, זענען געווען נדבות, וואָס פאַר דעם געלט האָט מען געקויפט טויבן און מקריב געווען זיי אלס עולות אויפן מזבח. דער אונטער־שיד איז נור געווען, וואָס פאַר דעם „קינין״־געלט האָט מען געקויפט עלטערע טויבן, „תורים״, טערקל־טויבן, און פאַר די „גוזלי עולה״־געלט האָט מען געקויפט בני יונה יונגע טויבן. די טויבן־עולות האָט מען פאַרברענט אינגאַנצן אויפן מזבח און קיינער האָט ניט געגעסן זייער פלייש. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז די „קינין״־(געלטער) זענען געווען (פון מענטשן, וועלכע האָבן געדאַרפן ברענגען א פּאָר טויבן), איין טויב אלס חטאת, און איין טויב אלס עולה, און די „גוזלי־עולה״־געלטער זענען געווען (נדבות אויף מקריב־צו זיין בלויז טויבן) עולות. **כדי צו פאַרשטיין די מחלוקה פון ר׳ יהודה און די חכמים, וועלן מיר דערמאָנען, וואָס מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א׳ משנה ה׳ אז א זב, א זבה, א קימפּעטאָרין האָבן געדאַרפן ברענגען אין בית המקדש א פּאָר טויבן אלס קרבנות; איינע פון די טויבן איז געווען א חטאת, און מען האָט דערפון אויפן מזבח געשפּריצט דאָס בלוט און דאָס פלייש האָבן געגעסן די כהנים, און איינע פון די טויבן איז געווען א עולה, וואָס מען האָט אינגאַנצן פאַר־ברענט אויפן מזבח. זאָגן די חכמים, אז דער קאסטן מיט דער אויפשריפט „קינין״ איז געווען פאַר די דאָזיקע מענטשן, זב, זבה, קימפּעטאָרין, אז דאָרט זאָלן זיי אריינ־וואַרפן דאָס געלט, וויפיל עס קאָסט אזא פּאָר טויבן, און די גזברים, די שאַצמייסטערס פון בית המקדש, האָבן ארויסגענומען דאָס געלט און דערפאַר מקריב געווען טויבן־פּאָרן, פון וועלכע איין טויב איז געווען א קרבן חטאת און איינע א קרבן עולה. אָבער ר׳ יהודה זאָגט, אז דאָס האָט מען ניט געטאָרט טאָן, ווייל דער דין איז, אז אויב איי־נער האָט אָפּגעשיידט א בהמה צי א טויב אלס קרבן חטאת, און ער איז געשטאָרבן איידער מען האָט דעם קרבן מקריב געווען דאַרף מען דעם קרבן לאָזן שטאַרבן (חטאת שמתו בעליה תמות), דאָס זעלביקע איז אויך, אויב איינער האָט אָפּגעשיידט געלט פאַר א קרבן חטאת און ער איז געשטאָרבן דאַרף מען דאָס געלט פאַרניכטן, דעריבער קאָן דאָך געשען, אז נאָכדעם ווי אזא זב צו זבה צי קימפּעטאָרין האָט אריינגעוואָרפן אין קאסטן דאָס געלט אויף א טויבן־פּאָר (אויף א חטאת און אויף א עולה) איז ער (צי זי) געשטאָרבן, און אזוי ווי זיין געלט פאַר דעם חטאת דאַרף מען פאַרניכטן, און אזוי ווי מען ווייסט ניט וועלכעס געלט איז זיינס, וועט מען דאָך דאַרפן פאַרניכטן דאָס גאַנצע געלט פון קאסטן. מחמת דעם האַלט ר׳ יהודה, אז „קיני חובה״, געלטער אויף צו ברענגען קרבנות פון טויבן וועלכע מען מוז ברענגען (ניט אלס נדבה) און וועלכע באַשטייען פון א חטאת און א עולה, טאָר מען ניט אריינוואַרפן אין קיין קאסטן, נאָר יעדער מוז זיי ברענגען באַזונדער אין בית המקדש. די חכמים אָבער זאָגן אַז מ׳האָט ניט מורא פאַר דעם פאַל אז דער קרבנות־ברענגער וועט שטאַרבן. די דאָזיקע דערקלע־רונג פון דער מחלוקה צווישן ר׳ יהודה און די חכמים איז פאַראַן אין ירושלמי דאָ אויף דער משנה און אויך אין גמרא יומא נ״ו.**

ו. האומר, אז איינער זאָגט (ער טוט א נדר): „איך נעם אויף זיך (בין מנדר) האָלץ (צום מזבח)״, זאָל ער גֿעבן ניט ווינציקער פון צוויי שטיקער האָלץ; (אז איי־נער איז מנדב) „לבונה״, זאָל ער געבן ניט ווינציקער פון א פולער האַנט ווייהרויך (קומץ, א פולע האַנט); (אז איינער איז מנדר) גאָלד, זאָל ער געבן ניט ווינציקער פון א גאָלדענעם רענדל (א דינר). **א גאָלדענער דינר איז געווען די ווערט פון 25 זיל־בערנע דינרים, און 4 זילבערנע דינרים זענען געווען איין סלע.** ששה, זעקס קאסטנס זענען געווען מיט דער אויפשריפט נדבה. **פריער האָט די משנה אויסגערעכנט זיבן קאסטנס („אַלטע שקלים״, „נייע שקלים״, „קינין״, „גוזלי עולה״, „האָלץ״; „ווייהרויך״ און „גאָלד״). צוזאַמען מיט די 6 פאַר נדבה זענען געווען די 13 קאסטנס**

**לא יפחות מקומץ. „זהב״ — לא יפחות מדינר זהב. ששה לנדבה. — נדבה מה היו עושין בה? לוקחין בה עולות, — הבשר לשם, והעורות לכהנים. זה מדרש דרש יהוידע כהן גדול (ויקרא ה׳), „אשם הוא אשום אשם לה״, זה הכלל, כל שהוא בא משום חטא ומשום אשמה, ילקח בו עולות, הבשר לשם, והעורות לכהנים. נמצאו ב׳ כתובים קיימים, אשם לה, ואשם לכהנים; ואומר (מלכים ב׳ י״ב) „כסף אשם וכסף חטאת לא יובא בית ה׳ לכהנים יהיו״:**

## פרק ז.

**א. מעות שנמצאו בין השקלים לנדבה, — קרוב לשקלים, יפלו לשקלים, לנדבה, יפלו לנדבה; מחצה למחצה — יפלו לנדבה. בין עצים**

(שופרות) וואס די משנה האט געזאגט אין אנהייב פרק. נדבה מה, וואס האט מען געטאן מיט (די געלטער אין קאסטנס פון) נדבה? מען האט געקויפט דערפאר (בהמות און זיי מקריב געווען אלס) עולות; דאס פלייש (פון די עולות) איז געגאנגן פאר גאט (עס איז פארברענט געווארן אויפן מזבח), און די פעל (פון די בהמות) האבן גענומען די כהנים. **דער ירושלמי ברענגט עטליכע טייטשן וועגן די דאזיקע 6 נדבה־קאסטנס־ לויט איין טייטש איז אויף יעדן קאסטן געווען די סתם אויפשריפט „נדבה״, און מען האט געדארפן האבן 6 קאסטנס, — ווייל אזעלכע געלטער זענען געווען א סך. לויט אן אנדערן טייטש איז אויף יעדן קאסטן געווען אויפגעשריבן פון וואסערן סארט קוואל די „נדבה״ שטאמט, צי פון געלט וואס איז איבערגעבליבן פון מקדיש זיין צו א קרבן חטאת** (מותר חטאת, זע פריער פרק ב׳ משנה ג׳ און משנה ה׳), **צי פון „מותר אשם״, צי פון מותר קיני זבים, צי פון מותר קרבנות נזיר, צי פון מותר אשם מצורע, און די 6־טע איז געווען סתם נדבה. עס זענען פאראן נאך אנדערע טייטשן.** זה מדרש, דעם דאזיקן דרש האט געדרשנט יהוידע כהן גדול (דעם פסוק אין ויקרא ה׳) „אשם הוא אשום אשם לה׳ ״ (א שולד־קרבן, א שולד, פארשולדיקט צו גאט). **איז דאך די קשיא, פון איין זייט זאגט דער פסוק, אז עס איז א „קרבן אשם״ (אשם הוא) און א קרבן אשם געהערט א טייל פון אים (דאס פלייש) צו די כהנים, און פון דער צווייטער זייט זאגט דער פסוק „אשם לה״, אז עס געהערט צו גאט, און צום מזבח? איז דער תירוץ:** זה הכלל, דאס איז דער כלל, אלץ וואס קומט צוליב א זינד און צוליב א שולד (אלע קרבנות וואס קומען צוליב א חטא, און עס איז איבערגעבליבן געלט פון די דאזיקע קרבנות, דער מותר) זאל מען קויפן דערפאר עולות, דאס פלייש דערפון זאל גיין פאר גאט (פארברענט ווערן אויפן מזבח) און די פעל זאלן געהערן צו די כהנים; קומט אויס אז ביידע פסוקים (ביידע טיילן פון פסוק) ווערן אויסגעפירט. **וואו געפינען מיר, אז דעם מדרש האט גע׳דרשנ׳ט יהוידע כהן גדול? דערויף זאגט די משנה:** ואומר, און ווערט געזאגט (מלכים ב׳ י״ב ביי יהוידע כהן גדול) „כסף אשם, דאס געלט פון קרבן אשם און דאס געלט פון קרבן חטאת זאל ניט געבראכט ווערן אין הויז פון גאט נאר זיי זאלן געהערן צו די כהנים״. **און אזוי ווי יהוידע האט דאך געוויס ניט געמיינט, אז געלט וואס מען איז מקדיש צו ברענגען א קרבן אשם און א קרבן חטאת זאל מען ניט מקריב זיין דערפון קיין קרבן, טייטשן מיר, אז ער האט געמיינט, דאס אויב עס איז געבליבן געלט (דער „מותר האשם״ און דער „מותר החטאת״) זאל מען דערפאר קויפן א קרבן עולה, וואס די כהנים נעמען־צו די פעל דערפון.**

## פרק ז.

א. מעות, געלט וואס מען האט געפינען (ליגן) צווישן דעם (קאסטן שופר) מיט שקלים און דעם (קאסטן, שופר) מיט נדבה, אויב דאס (געלט) איז (ליגט) נענטער צו (צום קאסטן מיט) די שקלים זאל עס געהערן (יפלו, עס זאל פאלן, געהערן) צו די שקלים, און אויב עס ליגט נענטער צו (דעם קאסטען מיט) נדבה זאל עס געהערן צו נדבה; אויב העלפט אויף העלפט (עס ליגט פונקט אין דער מיט צווישן די ביידע

**ללבונה, — קרוב לעצים, יפלו לעצים, ללבונה יפלו ללבונה: מחצה למחצה — יפלו ללבונה. בין קינין לגוזלי עולה, — קרוב לקינין, יפלו לקינין, לגוזלי עולה, יפלו לגוזלי עולה; מחצה למחצה — יפלו לגוזלי עולה. בין חולין למעשר שני, — קרוב לחולין, יפלו לחולין, למעשר שני, יפלו למעשר שני; מחצה למחצה — יפלו למעשר שני. זה הכלל, הולכין אחר הקרוב להקל; מחצה למחצה — להחמיר:**

---

קאסטנס) זאָל עס געהערן צו נדבה. מיר האָבן אין די פאָריקע פרקים געלערנט אז פאר שקלים־געלטער האָט מען געבראַכט פאַרשידענע ציבור־קרבנות, צווישן זיי אויך קרבנות חטאת, וואָס דאָס פלייש דערפון ווערט געגעסן דורך די כהנים, און אויך אז דער רעשט פון די שקלים־געלטער האָט מען פאַרנוצט פאַר די באַדערפעניש פון ירושלים. אָבער פאַר „נדבה“־געלטער (ווי מיר האָבן געלערנט צום סוף לעצטן פרק) האָט מען געבראַכט נור עולות, קרבנות, וואָס אפילו דאָס פלייש דערפון איז פאַרברענט געוואָרן אויפן מזבח. דעריבער איז נדבה הייליקער, און אויב דאָס געפונען געלט ליגט פונקט אין דערמיט צווישן ביידע קאסטנס זאָל עס גיין פאַר נדבה, אָבער אויב עס ליגט נענטער צו דעם שקלים־קאסטן, דאַרף עס גיין פאַר שקלים, ווייל עס איז א דין, אז מען גייט „בתר קרוב“, לויט דעם נענטערן, און מען לערנט עס אַראָפּ פון חומש (דברים כ״א), וואָס זאָגט, אז מען געפינט א דערהרג'עטען מענטש צווישן צוויי שטעט זאָל די נענטערע שטאָט ברענגען די „עגלה ערופה“ („והיתה העיר הקרובה אל החלל“). בין עצים, (אויב דאָס געפינענע געלט איז געלעגן צווישן דעם קאסטן מיט דער אויפשריפט) „האָלץ“ און (דעם קאסטן מיט דער אויפשריפט) „ווייררויך“ (לבונה), אויב עס איז נענטער צום „האָלץ“־(קאסטן) זאָל עס גיין צום האָלץ־(קאסטן), אויב עס איז נענטער צום ווייררויך־(קאסטן) זאָל עס גיין צום ווייררויך (־קאסטן), און אויב העלפט אויף העלפט (אין דער מיט, צווישן די ביידע קאסטנס) זאָל עס גיין צום ווייררויך־(קאסטן). מחמת לבונה, ווייררויך, איז הייליקער, עס איז זעלבסט א קרבן, אָבער האָלץ איז נור א הילף צום קרבן (מכשירי קרבן), מיט דעם האָלץ פאַרברענט מען דעם קרבן. בין קינין, (אויב מען האָט דאָס געלט געפינען צווישן דעם קאסטן מיט דער אויפשריפט) „קינין“ און (דעם קאסטן מיט דער אויפשריפט) „גוזלי עולה“, אויב ער איז נענטער צום קינין (־קאסטן) זאָל עס גיין צו קינין (־קאסטן), אויב עס איז נענטער צום „גוזלי־עולה“ (־קאסטן) זאָל עס גיין צום „גוזלי־עולה“ (־קאסטן) אויב העלפט אויף העלפט (עס איז געפונען געוואָרן אין דערמיט צווישן ביידע (־קאסטנס) זאָל עס גיין צום „גוזלי־עולה (־קאסטן). די משנה פריער אין פרק ו' משנה ה' האָט דערקלערט וואָס מען טוט מיט די „קינין“ און „גוזלי עולה“ לויט דער דעה פון די חכמים (ניט פון ר' יהודה). ווייל אין „קינין“ איז דאָך פאַראַן אויך א קרבן חטאת און „גוזלי עולה“ האָבן נור עולות, דעריבער איז גוזלי עולה הייליקער און חשוב'ער, ווי מיר האָבן עס פריער דערקלערט אין אָנהויב פון דער דאָזיקער משנה. בין חולין, (אויב מען האָט געפינען געלט) צווישן (א קאסטן מיט) חולין־געלט און (א קאסטן מיט) מעשר־שני־געלט, אויב עס איז נענטער צום חולין (־קאסטן) זאָל עס גע־הערן צום חולין, אויב נענטער צום מעשר־שני (־קאסטן) זאָל עס געהערן צו מעשר שני, אויב העלפט אויף העלפט (אין דער מיט) זאָל עס געהערן צו מעשר שני. חולין־געלט מיינט מען פשוט, וואָכעדיק געלט, וואָס איז ניט הייליק צו קיין שום זאַכן. מעשר־שני־געלט מיינט געלט אויף וועלכן מען האָט אויסגעטוישט מעשר־שני־פּרוכטן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעשר שני), און מען דאַרף דאָס געלט פירן קיין ירושלים און דאָרט קויפן דערפאַר עסנוואַרג און עס עסן בטהרה, לויט די דינים וואָס זענען פאַראַן אין מסכתא מעשר שני. און ווייל מעשר שני איז הייליק, און חולין איז ניט הייליק, דעריבער געהערט דאָס געלט צו מעשר שני. איצט גיט די משנה דעם אלגעמיינעם כלל צו די פריעריקע דינים: זה הכלל, דאָס איז דער כלל, מען גייט

**ב. מעות שנמצאו לפני סוחרי בהמה, לעולם מעשר. בהר הבית — חולין. בירושלים, בשעת הרגל — מעשר, ובשאר (כל) ימות השנה — חולין:**

**ג. בשר שנמצאו בעזרה, אברין — עולות, וחתיכות — חטאות: בירושלים — זבחי שלמים. זה וזה תעובר צורתו ויצא לבית השריפה.**

---

נאָכן נאָנטן (אפילו) אויף מיקל צו זיין; אויב עס איז העלפט אויף העלפט (גייט מען נאָך דעם וואו מען) איז מחמיר. „מחמיר" מיינט מען, וואו **עס איז הארבער, מער הייליקייט.**

ב. מעות, געלט וואָס איז געפונען געוואָרן אין ירושלים פאר סוחרים מיט בהמות (אויף דעם פלאץ וואו די בהמות־סוחרים זענען פאראן), איז שטענדיק מעשר. **מיט „מעשר" מיינט מען דאָ „מעשר שני". מייסטנס פלעגט מען פאר מעשר שני געלט קויפן בהמות כדי זיי מקריב צו זיין אלס קרבן שלמים און דאָס פלייש עסן בטהרה אין ירושלים. זאָגט די משנה, אז אפילו דאָס געלט איז געפונען געוואָרן אין געוויינטליכע טעג פון יאָר** (ניט דוקא אין די צייטן ארום יום טוב) **איז אָנצונעמען אז דאָס האָט פארלוירן איינער מעשר שני געלט, מיט וועלכן ער האָט געוואָלט קויפן א בהמה ביי די בהמות־סוחרים.** בהר הבית, (אויב מען האָט דאָס געלט געפונען) אויפן הר הבית (דעם בארג, וואו דאָס בית המקדש איז געשטאַנען) איז עס חולין. **עס איז ניט קיין מעשר־שני־געלט. אפילו מען האָט עס געפונען אים יום טוב־צייט, ווען ס'רוב מענטשן ברענגען מיט זיך מעט זייער מעשר שני געלט כדי עס פארנוצן אין ירושלים, פונדעסטוועגן נעמט מען אָן, אז דאָס געלט איז פארלוירן געוואָרן פאר דער יום טוב צייט און דעמאָלס האָבן ס'רוב מענטשן ניט קיין מעשר שני געלט.** בירושלים, (אויב מען האָט דאָס געלט געפונען) אין ירושלים (ניט אויף דעם פלאץ פון בהמות־סוחרים און ניט אויפן הר הבית, נאָר אין אנדערע ערטער פון ירושלים), אויב אין דער צייט פון יום טוב איז דאָס (געפונענע געלט) מעשר, און אויב אין די איבריקע טעג פון יאָר איז עס חולין. **אים יום טוב צייט איז עס מעשר שני, ווייל ס'רוב מענטשן האָבן דאָ־מאָלס ביי זיך מעשר שני־געלט. מען קאָן ניט זאָגן, טאָמער איז עס פארלוירן געוואָרן פאר יום טוב־צייט, מחמת די גאסן פון ירושלים זענען גערייניקט געוואָרן יעדן טאָג, און אויב דאָס געלט וואָלט פארלוירן געוואָרן וואָלטן עס די גאסן־רייניקער גע־וועזן פריער געפינען. אָבער דעם הר הבית האָט מען ניט גערייניקט יעדן טאָג, ווייל מענטשן טאָרן ניט ארויפגיין אויפן הייליקן בארג מיט שטויב אויף זייערע פיס און דעריבער איז דאָרט ניטאָ קיין שטויב צום ריינקן.**

ג. בשר, פלייש וואָס מען האָט געפונען אין דער עזרה (אין הויף פון בית המקדש), אויב דאָס איז גלידער (איברים, צעשניטענע גלידער פון דער בהמה, ווי מען צעשניידט א קרבן עולה, כדי זי צו פארברענען אויפן מזבח) זענען זיי עולות (פון קרבן עולה), און (אויב) שטיקער פלייש זענען זיי פון קרבנות חטאת. **מחמת פלייש פון קרבנות חטאת מעגן עסן נור כהנים אין דער עזרה, אין הויף פון בית המקדש.** בירושלים,(אויב מען האָט געפינען שטיקער פלייש) אין ירושלים (אין דער שטאָט) זענען זיי פון קרבנות שלמים. **דאָס פלייש פון קרבנות שלמים האָט מען געמעגט עסן אין דער גאנצער שטאָט פון ירושלים, און דאָס רוב פלייש אין ירושלים איז געווען פון שלמים.** זה וזה, סיי דאָס (געפינענע פלייש אין דעם בית המקדש הויף) און סיי דאָס (געפונענע פלייש אין ירושלים) זאָל מען וואַרטן ביז די צורה זיינע וועט קאליע ווערן (תעובר צורתו) און עס זאָל ארויסגעפירט ווערן צום פארברענען (לבית־השריפה, צום פארברענען־פלאץ). **מחמת דאָס פלייש פון קרבנות, אויף וואָס מ'האָט ניט אכטונג געגעבן, מ'האָט מסיח דעת געווען דערפון, איז פסול (צוליב היסח הדעת), און מען טאָר עס ניט עסן. אָבער כדי מ'זאָל עס מעגן פארברענען דארף מען וואַרטן ביז עס וועט פסול ווערן צוליב נותר, עס וועט איבערבלייבן ביז איבער דער צייט (למשל**

**נמצא בגבולין, אברין — נבלות, חתיכות-מותרות. ובשעת הרגל, שהבשר מרובה, אף אברין מותרין:**

**ד. בהמה שנמצאת מירושלים ועד מגדל עדר, וכמידתה לכל רוח, זכרים-עולות, נקבות-זבחי שלמים. ר׳ יהודה אומר, הראוי לפסחים — פסחים, קודם לרגל שלשים יום:**

**ה. בראשונה היו ממשכנין את מוצאיה עד שהוא מביא נסכיה.**

---

פלייש פון חטאת ביז נאָך א טאָג און א נאַכט, און פלייש פון שלמים ביז דעם דריטן טאָג), און דעמאָלס הייסט די תורה אז מען זאָל עס פאַרברענען. דאָס איז דער טייטש פון „תעובר צורתו״ „עס וועט קאַליע ווערן זיין צורה״, עס וועט אַריבער זיין צייט. נמצא בגבולין, אויב מען האָט עס געפונען אין אנדערע ערטער אין לאַנד (ניט אין הר הבית און ניט אין ירושלים), אויב דאָס זענען גלידער זענען זיי נבלה־פלייש, און אויב צעשניטענע שטיקער פלייש זענען זיי מותר. עס איז ניט דער שטייגער צו צעהאַקן כשר פלייש אויף גלידער, און דעריבער זאָגט מען עס איז נבלה־פלייש; אויב אָבער דאָס זענען צעשניטענע שטיקער פלייש נעמט מען אָן, אז דאָס איז כשר געשאָכטענע פלייש. דאָ מיינט מען אז מען האָט עס געפונען אין אן אָרט מיט בלויז אידישע איינוואוינער; אָבער אויב עס זענען פאַראַן אויך גוים טאָר מען ניט עסן אויך געפונענע שטיקער פלייש. ובשעת הרגל, און (אויב מען האָט געפונען דאָס פלייש) אין דער צייט פון יום טוב, ווען פלייש איז פאַראַן א סך, זענען אויך גלידער מותר. ווייל מען דאַרף דעמאָלס באַנוצן א סך פלייש, צעשניידט מען עס ניט אויף קליינע שטיקער, נאָר מען צעהאַקט עס אין גרויסע גלידער־טיילן.

ד. בהמה, אויב מען האָט געפונען (א פאַרבלאָנדזשעטע לעבעדיקע) בהמה (בהמות) פון ירושלים ביז צום אָרט מגדל עדר, און לויט איר מאָס אויך אין אלע אנדערע זייטן (אויב מען האָט געפונען די בהמות אין די אנדערע זייטן פון ירושלים אויף אזא שטרעקע, ווי עס איז ווייט פון ירושלים קיין מגדל עדר), אויב זיי זענען זכרים זענען זיי קרבנות עולות, און אויב נקבות זענען זיי קרבנות שלמים. א בהמה א נקבה קאָן ניט זיין קיין עולה, דעריבער נעמט מען אָן, אז דאָס איז באַשטימט געווען פאַר א קרבן שלמים, אָבער א בהמה א זכר קאָן דאָך זיין א עולה, און עולות זענען גע־ווען מער אין ירושלים ווי שלמים (מחמת דער גרעסטער טייל קרבנות זענען געווען עולות), דעריבער נעמט מען אָן, אז זיי זענען עולות. דאָס אָרט מגדל עדר, ווערט דערמאָנט אין חומש בראשית ל״ה, כ״א, אז נאָכדעם ווי רחל איז געשטאָרבן לעבן בית לחם האָט יעקב אבינו זיך באַזעצט ניט ווייט פון מגדל עדר; עס איז דעריבער אָנצונעמען אז עס האָט זיך געפונען לעבן בית לחם. ר׳ יהודה זאָגט, אז (אויב צווישן די בהמות איז פאַראַן) אזעלכע וואָס זענען גוט פאַר קרבנות פסחים, איז מען זיי מקריב אלס קרבנות פסחים, (אויב מען האָט זיי געפונען) דרייסיק טעג פאַר יום טוב (פאַר פסח). מיט בהמות „גוט אלס קרבנות פסחים״, מיינט מען שעפּסלעך אָדער ציגן זכרים ניט עלטער פון 1 יאָר. דער ברטנורא זאָגט, אז אויב נאָכדעם ווי דער געפינער האָט זיי מקריב געווען אלס זיין קרבן פסח און דער בעל הבית איז געקומען דאַרף ער אים באַצאָלן דאָס געלט. „30 טעג פאַר יום טוב״ פלעגט מען שוין דרשענען אין דער עפנטליכקייט וועגן די דינים פון יום טוב, און דעמאָלס איז שוין דער שטייגער פון מענטשן אָפּצושיידן זייערע קרבנות פסחים, און דעריבער זענען דעמאָלס דאָס רוב בהמות אין ירושלים און דער אומגעגנט קרבנות פסחים.

ה. בראשונה, אין אָנהייב (אין די ערשטע צייטן) האָט מען גענומען א משכון ביי דעם מענטשן וועלכער האָט געפונען איר (די בהמה, וועגן וועלכע די משנה ד׳ לערנט, אז מען האָט זי געדאַרפן מקריב זיין אלס א עולה אָדער אלס שלמים) ביז ער האָט געבראַכט אירע נסכים. ווען מען האָט געבראַכט א קרבן האָט מען געדאַרפן מיטברענגען צום דאַזיקן קרבן נסכים, ווייך, און מעל געמישט מיט אייל, און פריער

**חזרו להיות מניחין אותה ובורחין. התקינו בית דין, שיהו נסכיה באין משל צבור:**

**ו. אמר ר׳ שמעון, שבעה דברים התקינו בית דין, וזה אחד מהן. גוי ששלח עולתו ממדינת הים, ושלח עמה נסכים, קריבין משלו, ואם לאו, קריבין משל צבור. וכן גר שמת והניח זבחים, אם יש לו נסכים, קריבין משלו, ואם לאו, קריבין משל צבור. ותנאי בית דין הוא על כהן**

---

אין פרק ה׳ משנה ג׳ האָבן מיר געגעבן וויפיל נסכים מען האָט געדאַרפן מיטברענגען מיט יעדן קרבן. זאָגט דאָ די משנה, אז איינער האָט געפונען א בהמה און ער האָט איר געדאַרפן ברענגען אלס א קרבן, און ער האָט ניט געוואָלט מיטברענגען די נסכים (וואָס האָט געקאָסט געלט) האָט מען אים געצווינגען דערצו, מען האָט ביי אים צוגענומען א משכון דערפאַר. חזרו להיות, האָבן זיי (די מענטשן, וועלכע האָבן געזען לעבן ירושלים פאַרבלאָנדזשעטע בהמות) גענומען לאָזן און אנטלויפן (כדי ניט צו דאַרפן צאָלן פאַר די נסכים), האָט דאָס בית דין מתקן געווען, אז אירע נסכים (די נסכים פון א געפונענער בהמה) ווערן געבראַכט פון ציבור. מיט „פון ציבור״ מיינט מען דאָ פון דער בית המקדש קאַסע, פון דער תרומת הלשכה; וואָס הייסט „תרומת הלשכה״ זע פריער פרק ג׳ און פרק ד׳.

ו. אָמר, ר׳ שמעון האָט געזאָגט, אז זיבן זאַכן האָט דאָס בית דין מתקן געווען, און דאָס (וואָס מיר האָבן געזאָגט פריער אין משנה ה׳) איז איינס פון זיי. און איצט רעכנט־אויס די משנה די אנדערע זעקס זאַכן פון די זיבן: גוי, ווען א גוי האָט געשיקט זיין קרבן עולה פון מדינת הים (פון די פרעמדע ערטער ביים ים, אָדער אין יענער זייט ים), אויב ער האָט מיטגעשיקט די נסכים, איז מען זיי מקריב פון זיינע (נסכים), און אויב (ער האָט) ניט (מיטגעשיקט די נסכים) איז מען זיי מקריב פון ציבור (פון דער בית המקדש קאַסע). דער דין איז אז א גוי קאָן מנדר און מנדב זיין קרבנות מקריב צו זיין אין בית המקדש. מיט „געשיקט נסכים״, מיינט מען „געלט פאַר נסכים״, ווייל וויין און אייל פון א גוי טאָר מען ניט נוצן, און אויך דאָס מעל טאָר מען ניט מקריב זיין, ווייל עס איז טמא. „מדינת הים״ מיינט מען פון א ווייטער געגנט. — דאָס איז איין תקנה פון בית דין. די צווייטע תקנה איז: וכן, און אזוי, ווען א גר איז געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט קרבנות (און מען דאַרף זיי מקריב זיין), אויב ער האָט (איבערגעלאָזט נסכים, וועלכע ער האָט אָפגעשיידט ביי זיין לעבן), איז מען זיי מקריב פון זיינע (נסכים), און אויב ניט (ער האָט ניט איבערגעלאָזט נסכים) איז מען מקריב די נסכים פון ציבור (פון בית המקדש־קאַסע). ווען סתם א מענטש שטאַרבט און לאָזט איבער קרבנות דאַרפן זיינע יורשים געבן די נסכים; אָבער אזוי ווי א גר האָט ניט קיין יורשים, ברענגט מען די נסכים פון דער ציבור־קאַסע. — די דריטע תקנה איז: ותנאי, עס איז א תנאי, וואָס דאָס בית דין האָט אויסגענומען וועגן א כהן גדול, וועלכער איז געשטאָרבן אז זיין מנחה איז מען מקריב פון ציבור (פון בית־המקדש־קאַסע). דער כהן גדול האָט געדאַרפן יעדן טאָג ברענגען א מנחה, א מעל־קרבן פון א „עשירית האיפה״־מעל; דאָס הייסט א צענטל פון אן איפה (א איפה איז 3 סאה, 18 טעפּ). א העלפט פון דער מנחה, פון דער „עשירית האיפה״, האָט מען מקריב געווען אין דער פרי, און די אנדערע העלפט פאַרנאַכט. ווען דער כהן גדול איז געשטאָרבן, און עס איז דערווייל נאָכניט געווען אן אנדערער כהן גדול, ברענגט מען די כהן גדול־מנחה פון דער ציבור־קאַסע. די מפרשים זאָגן (אויפן יסוד פון גמרא מנחות נ״א) אז דאָס איז אייגנטליך א דין פון דער תורה, פון פסוק ויקרא ו׳ „חק עולם״, וואָס דער טייטש איז אז עס איז א חוק, א געזעץ צו ברענגען טיילמאָל די מנחה פון „עולם״, פון ציבור. נאָר אזוי ווי עס איז געווען פריער א תקנה, אז די יורשים פון כהן גדול זאָלן זי ברענגען, האָט דאָס בית דין זעענדיק אז די יורשים פאַרנאַכלעסיקן און ברענגען ניט, צוריק מתקן געווען, אז מען זאָל זי ברענגען פון ציבור. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען

**גדול שמת, שתהא מנחתו קריבה משל צבור. ר׳ יהודה אומר, משל יורשין. ושלימה היתה קריבה:**

**ז. על המלח, ועל העצים, שיהיו הכהנים נאותים בהן; ועל הפרה, שלא יהו מועלין באפרה; ועל הקינין הפסולות, שיהו באות משל צבור. ר׳ יוסי אומר, המספק את הקינין, מספק את הפסולות:**

פרק ח.

**א. כל הרוקין הנמצאין בירושלים טהורין, חוץ משל שוק העליון,**

---

האָט מקריב געווען פון די יורשים (די יורשים פון כהן גדול האָבן זי געבראַכט) און מען האָט זי געבראַכט א גאַנצע. **ווען די יורשים האָבן זי מקריב געווען, האָבן זיי ניט מקריב געווען א העלפט פון דער עשירית האיפה, נאָר א גאַנצן עשירית האיפה; א גאַנצן אין דער פרי און א גאַנצן פאַרנאַכט, ווי עס לערנט די גמרא אין מסכתא מנחות נ״ב. ר׳ יהודה לערנט עס אָפּ פון פסוק ויקרא ו׳ „והכהן המשיח תחתיו מבניו יעשה אותה״, אז די צווייטע העלפט פון פסוק מיינט, אז „איינער פון זיינע קינדער זאָלן זי ברענגען״.**

ז. על המלח, (דאָס בית דין האָט אַרויסגעגעבן א תקנה) וועגן זאַלץ און וועגן האָלץ (פון בית המקדש) אז די כהנים מעגן זיך באַנוצן מיט זיי. **ניט נור ווען די כהנים עסן קרבנות פלייש מעגן זיי עס קאָכן מיט פייער פון האָלץ פון בית המקדש און באַזאַלצן זיי מיט זאַלץ פון בית המקדש, נאָר אפילו ווען זיי עסן אין דער עזרה זייערע אייגענע עסנס (חולין) מעגן זיי דאָס טאָן. דאָס איז די פערטע תקנה. — די פינפטע תקנה איז:** ועל הפרה, און וועגן דער קו (די פרה אדומה, וואָס מען האָט פאַרברענט און דאָס אש געמישט מיט וואַסער צו באַשפּריצן דערמיט טמא־מענטשן כדי זיי צו מאַכן ריין), אז מען זאָל ניט מועל זיין אין איר אש. **דער דין איז אז איינער האָט הנאה פון א זאַך פון בית המקדש (הקדש) איז ער מועל און ער דאַרף באַצאָלן (דעם קרן און דעם חומש, דאָס צוגאָב־פינפטל) און ברענגען א קרבן. לויט דעם דין פון דער תורה איז מען ניט מועל אויב מען האָט הנאה פון אש פון דער פרה אדומה (אפילו ניט צום באַשפּריצן) נאָר די חכמים האָבן געהאַט מתקן געווען, אז מען זאָל יאָ מועל זיין, כדי מען זאָל זיך באַציען מיט מער חשיבות צום אַש. שפּעטער האָבן די חכמים געזען, אז מען האָט מורא דאַדורך זיך צוצורירן צום אש, האָט דאָס בית דין צוריק מתקן געווען, אַז מען זאָל ניט מועל זיין. — די זעקסטע תקנה איז געווען:** ועל הקינין, און וועגן די פסול־געוואָרענע טויבן־פאָר־קרבנות, אז מען זאָל אנשטאָט זיי מקריב זיין (אַנדערע טויבן־פאָר) פון ציבור (פון דער בית־המקדש־קאַסע). **אויב א זב אָדער א זבה אָדער א קימפּעטאָרין האָט אַריינגעלייגט געלט אין בית־המקדש־קאַסטן (שופר) אז מען זאָל ברענגען דערפאַר אלס קרבן א פאָר טויבן (קן) און די טויבן זענען צוליב א סיבה פסול געוואָרן, זאָל מען מקריב זיין א אַנדער טויבן־פאָר פון דער ציבור־קאַסע, וועגן „קינין״ האָבן מיר געגעבן בפּרטות, פריער אין פרק א׳ משנה ה׳ און אין פרק ו׳ משנה ה׳; און דאָ איז לויט די חכמים, וואָס זאָגן דאָרט, אז מען האָט אַריינגעלייגט דאָס געלט אין דעם קאַסטן.** ר׳ יוסי זאָגט, אז דער (סוחר), וואָס שטעלט־צו (אין בית־המקדש די טויבן־פאָרן) כדי מקריב צו זיין די „קינים״ (די טויבן־פאָרן), דאַרף אויך צושטעלן (אַנדערע פאָר־טויבן אנשטאָט) די פסול־געוואָרענע. **ר׳ יוסי האַלט, אז עס האָט דעמזעלבן דין ווי מעל אָדער ווייַן, וואָס איז קאַליע געוואָרן, און די סוחרים, די צושטעלער צום בית המקדש, דאַרפן געבן אַנדערע, ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ד׳ משנה ט׳.**

פרק ח.

א. כל הרוקין, אלע שפּייעכצן, וועלכע מען געפינט אין ירושלים זענען טהור, א חוץ (וועלכע מען געפינט) אין אויבערשטן מאַרק (שוק העליון), אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דער דין איז, אז דאָס שפּייעכץ פון א זב אָדער א זבה (א מאַן אָדער א פרוי, פון וועלכע**

**דברי ר׳ מאיר. ר׳ יוסי אומר, בשאר ימות השנה, שבאמצע — טמאין, ושבצדדין — טהורין, ובשעת הרגל, שבאמצע — טהורין, ושבצדדין — טמאים, שמפני שהן מועטים, מסתלקים לצדדין:**

**ב. כל הכלים הנמצאים בירושלים, דרך ירידה לבית הטבילה — טמאין, דרך עליה — טהורין, שלא כדרך ירידתן עלייתן, דברי ר׳ מאיר.**

---

עס רינט א ניט־ריינע פליסיקייט) איז טמא, און ווער עס רירט עס אָן ווערט טמא. אין מסכתא טהרות ד׳ ווערט געזאָגט, אז אויך „ספק רוקין״, שפייעכץ, וועגן וועלכן מען איז אין ספק צי זיי זענען פון א זב אָדער א זבה, האָבן די חכמים גוזר געווען אז זיי זענען טמא. לערנט דאָ ר׳ מאיר, אז אין ירושלים האָט מען סתם־געפונענע שפייכצן געהאַלטן פאר טהור, ווייל דאָס רוב מענטשן זענען ניט קיין זב און זבה. אָן אויסנאם זענען נור געווען די שפייעכצן, וועלכע מען האָט געפונען אין ירושלים אין שוק העליון, אין אויבערשטן מארק. עס זענען פאראן דערצו 2 טעמים. איינער איז, ווייל דאָרט האָבן געוואוינט גוישע וועשערס און מען האָט גוזר געווען אויף שפייעכץ פון א גוי אז עס איז טמא. דער צווייטער איז, ווייל דאָרט זענען יידן ווייניק געגאנגען, און דעריבער זענען די זבים און זבות, וועלכע זענען יאָ געווען אין ירושלים און האָבן זיך באַמיט ניט צו גיין אין ערטער וואו יידן גייען, דאָרט יאָ געגאַנגען. ר׳ יוסי זאָגט אז אין די אַנדערע טעג פון יאָר (ניט אים ימים־טובים) איז אין דערמיט (די שפיי־עכצן, וועלכע מען געפינט אין דערמיט פון גאסן, ניט ביי די זייטן פון גאס) טמא, און אין די זייטן (די שפייעכצן וועלכע מען געפינט אין די זייטן פון די גאסן) זענען טהור, או אים יום טוב זענען (די שפייעכצן וועלכע מען געפינט) אין דערמיט טהור, און אין די זייטן זענען טמא, ווייל זיי (די זבים) זענגן אין א מינדערהייט (א מועט) און זיי רוקן זיך אַוועק אין די זייטן. אין די זייטן פון די גאסן איז פאראן ווייניקער אָרט צום גיין, און אין דערמיט פון די גאסן איז פאראן מער אָרט צום גיין. א גאנץ יאָר האָט מען ניט מקפיד געווען צו זיין טהור, ריין, און דעריבער זענען די מענטשן, וועלכע זענען געווען טמא, געווען א סך, או זיי די טמא־מענטשן צוזאמען מיט די זבים פלעגן גיין אין מיט די גאסן, און די טהורים־מענטשן זענען געגאנגען אין די זייטן. דעריבער זענען די שפייעכצן אין די זייטן ריין און אין דער מיט טמא. אָבער ימים־טובים־צייט האָט יעדער אין ירושלים זיך באמיט צו זיין טהור (כדי צו קאָנען אריינגיין אין בית המקדש, עסן די קרבנות־פלייש פון דער חגיגה, דעם פריוואטן יום טוב קרבן) און די טהורים זענען געווען מער, און זיי זענען געגאנגען אין דערמיט, און די טמא־מענטשן זענען געגאַנגען אין דער זייט. דעריבער זענען דעמאָלס אין דערמיט די שפייעכצן ריין, און אין דער זייט זענען זיי טמא.

ב. כל הכלים, אלע כלים, וועלכע מען געפינט אין ירושלים אויפן וועג, מיט וועלכן מען גייט אראָפּ צום אָרט פון דער טבילה (צו דער מקוה) זענען טמא; אָבער אויפ׳ן וועג, מיט וועלכן מען גייט צוריק ארויף פון דער מקוה זענען טהור. צו דער מקוה אין ירושלים, וואו מען האָט טובל געווען טמא געוואָרענע כלים און זיי געמאַכט טהור, זענען געווען צוויי באזונדערע וועגן; מיט איינעם איז מען אראָפּגעגאנגען טובל זיין און מיט דעם אנדערן איז מען ארויפגעגאנגען נאָכדעם ווי מען האָט שוין געהאַט טובל געווען, דעריבער ווען מען געפינט כלים אויף דעם ערשטן וועג זענען זיי טמא, אָבער אויב אויף דעם אנדערן וועג זענען זיי טהור. שלא, ווייל דער וועג, מיט וועלכן מען גייט אראָפּ (צו דער מקוה) איז ניט דערזעלביגער וועג, מיט וועלכן מען גייט אויף צוריק פון דער מקוה, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. דער גאנצער דין פון אָנהייב משנה ביז איצט איז ר׳ מאיר׳ס. ר׳ יוסי זאָגט, אז אלע כלים (וועלכע מען געפינט אין ירושלים) זענען טהור. ווייל ר׳ יוסי האלט, אז מען האָט ניט גוזר געווען אויף ספק כלים (כלים וועגן וועלכע מען איז אין ספק, מען ווייסט ניט צי זיי זענען טמא צי טהור) אין ירו־

**ר׳ יוסי אומר, כולן טהורין חוץ מן הסל והמגריפה והמריצה המיוחדין לקברות:**

**ג. סכין שנמצאת בארבעה עשר, שוחט בה מיד, בשלשה עשר — שונה ומטביל. וקופיץ, בין בזה ובין בזה שונה ומטביל. חל ארבעה**

שלים, און מען האלט זיי פאר טהור. חוץ, אן אויסנאם (זאגט ר׳ יוסי) איז דער קויש (סל) און די ביינער־לאָפּאטע און דער ביינער־צעהאקער, וועלכע זענען באשטימט פאר קברים. **אין די אלטע צייטן איז געווען דער מנהג אז איינער איז געשטאָרבן האָט מען אים קובר געווען דערווייל אין א צייטווייליקן קבר, און דער קערפּער איז דאָ געלעגן א געוויסע צייט ביז עס זענען געבליבן פון אים נור ביינער. דערנאָך האָט די פאמיליע צונויפגענומען די ביינער און זיי קובר געווען שוין אויף שטענדיק אין דעם פאמיליען קבר. כדי אריבערצופירן די ביינער איז געווען א ספּעציעלער בית־הקברות קויש** (סל), אין וועלכן מען האָט די ביינער געגומען, און ס׳איז געווען א בית־הקברות־לאָפּאטע (מגריפה), מיט וועלכער מען האָט די ביינער צונויפגעשאַרט, און עס איז געווען אזא סאָרט האק (מריצה) מיט וועלכע מען האָט צעהאַקט די ביינער, **וועלכע זענען געווען צו־לאנגע כדי מען זאָל זיי קאָנען אריינלייגן אין נייעם קבר. זאָגט ר׳ יוסי, אז אויב מען געפינט די דאָזיקע כלים אין ירושלים דארף מען אָננעמען, אז זיי זענען טמא, ווייל זיי האָבן אָנגערירט א מת. „מגריפה" איז פון „גריף", צונויפ־שאַרן; „מריצה" איז פון „רצוץ", צעהאַקן, צעשפּאַלטן (אין שופטים ט׳ „ותרץ את גלגלתו", און זי האָט צעשפּאַלטן זיין קאָפּ).**

ב. סכין, א מעסער (מיט וועלכן מען שעכט בהמות), וואָס מען האָט געפונען (אין ירושלים) אין פערצנטן (טאָג אין ניסן, ערב פסח) מעג מען מיט אים גלייך שעכטן. **מען דארף ניט מורא האָבן, טאָמער איז ער טמא, ווייל מסתמא האָט דער בעל הבית פון מעסער אים טובל געווען מיט א טאָג פריער (דעם 13טן ניסן) כדי ער זאָל האָבן הערב שמש (עס זאָל ווערן נאכט נאָך דער טבילה) און ער זאָל קאָנען מיט אים שעכטן דעם קרבן פסח היינט, דעם 14טן ניסן.** בשלשה עשר, אויב (מען האָט געפונען דעם מעסער) דעם דרייצנטן (טאָג אין ניסן) דארף מען (אויב מען וויל שעכטן מיט אים) טובל זיין נאָכאמאָל. **מיט דעם וואָרט „נאָכאמאָל" („שונה ומטביל") מיינט די משנה צו זאָגן, אז אפילו עס איז מעגליך אז דער בעל הבית האָט שוין געהאַט טובל געווען דאָס מעסער, דארף מען נאָכאמאָל טובל זיין, ווייל עס קאָן דאָך זיין אז ער האָט נאָכניט אים טובל געווען, קלערנדיק, אז ער האָט דאָך צייט אים טובל צו זיין דעם 13טן א גאנצן טאָג און האָבן הערב שמש אין אוונט.** וקופיץ, און אויב (מען געפינט א האק, צום צעהאקן ביינער) איז סיי (מען געפינט אים) אין דעם (פערצענטן טאָג אין ניסן) און סיי אין דעם (דרייצענטן טאָג אין ניסן) דארף מען זי טובל זיין נאָכאמאָל. **ווייל דער „קופיץ", די האק צום צעהאקן דאָס פלייש מיט די ביינער, קאָן מען דאָך צום קרבן פסח ניט באנוצן (ווייל מען טאָר ניט צעהאקן קיין ביינער פון קרבן־פסח־שעפּסל, זע פסחים פרק ז, משנה יא), דעריבער איז מעגליך, אז דער בעל הבית האָט דעם קופיץ ניט טובל געווען.** חל ארבעה עשר, אויב דער פערצענטער (טאָג אין ניסן, ערב פסח) איז געפאלן אים שבת (און מען האָט געפונען דאמאָלס א מעסער) מעג מען מיט אים באלד שעכטן (דעם קרבן פסח). **און מען דארף ניט מורא האָבן טאָמער איז פאַרט דער מעסער טמא, און מען איז מחלל שבת דורך א ספק (ווייל א כשרן קרבן פסח מעג מען שעכטן אים שבת, אָבער אויב דאָס מעסער איז טמא, איז דאָך דער קרבן פסח פסול, און מען טאָר אים דאָך ניט שעכטן אים שבת). זאָגט די משנה, אז מען דארף ניט מורא האָבן. אזוי איז איין טייטש. עס איז פאראן נאָך א טייטש.** בחמשה עשר, אויב (מען געפינט דעם מעסער) דעם פופצינטן (טאָג אין ניסן, אים יום טוב פסח) מעג מען מיט אים באלד שעכטן (סתם א בהמה). **ווייל יעדער ווייסט אז אים יום טוב טאָר מען ניט טובל זיין טמא־כלים, און דעריבער האָט מען זיכער טובל געווען דעם מעסער פאר יום**

**עשר להיות בשבת, — שוחט בה מיד; בחמשה עשר — שוחט בה מיד. נמצאת קשורה לסכין — הרי זו כסבין:**

**ד. פרוכת שנטמאת בולד הטומאה, מטבילין אותה בפנים ומכניסין אותה מיד; ואת שנטמא באב הטומאה, מטבילין אותה בחוץ, ושוטחין אותה בחיל. ואם היתה חדשה, שוטחין אותה על גג האיצטבא, כדי שיראו העם את מלאכתה שהיא נאה.**

---

טוב. נמצאת קשורה, אויב מען האָט (דעם מעסער) געפינען צוגעבונדן צו א מעסער (צו אן אנדערן מעסער, וועגן וועלכן מען ווייסט זיכער, צי ער איז טמא צי טהור), איז ער (האָט ער דעם דין) ווי דער אנדערער מעסער. אויב דער אנדערער מעסער איז טמא איז אויך ער טמא; אויב דער אנדערער איז טהור, איז אויך ער טהור. אזוי טייטשט דער רמבם. אן אנדערער טייטש איז, אז מען האָט געפונען דעם קופיץ צו־געבינדן צום מעסער, און ער האָט דעריבער דעם דין ווי דער מעסער. — די גמרא אין פסחים ע׳ האָט קשיות און תירוצים וועגן דער דאָזיקער משנה. מחמת די גמרא פרעגט דאָך די קשיא, אז אזוי ווי אים ערב פסח האָט מען דאָך געבראַכט אויך דעם קרבן חגיגה (זע פסחים פרק ו׳ משנה ג׳) כדי צו עסן דאָס חגיגה פלייש אין אוונט, און די ביינער פון דער חגיגה מעג מען דאָך יאָ צעברעכן, טאָ פארוואָס זשע זאָל מען דארפן טובל זיין דעם קופיץ, דעם האק־מעסער, אויב מען געפינט אים ערב פסח, סטייטש, מען דארף דאָך אָננעמען, אז דער בעל הבית האָט אים טובל געווען, כדי צו באנוצן אים צום צעברעכן די ביינער פון דער חגיגה? און די גמרא זאָגט, אז די משנה מיינט, אז דאָס איז געווען אין צייט ווען דער נשיא פון די יידן איז געווען גוסס דעם 13טן ניסן, און אויב ער וואָלט געשטאָרבן וואָלטן זיך אלע יידן געמוזט מטמא זיין צו אים און מען וואָלט דעם מעסער ניט געדארפן טובל זיין, ווייל מען וואָלט געבראכט דעם פסח בטומאה (זע אין מסכתא פסחים פרק ח׳ משנה ו׳). אָבער ווייל עס קאָן דאָך זיין אז ער זאָל ניט שטארבן, און מען וועט דארפן דעם קרבן פסח ברענגען בטהרה, דעריבער איז אָנצונעמען, אז מען האָט דעם מעסער יאָ טובל געווען צוליב דעם ספק. אָבער בנוגע די חגיגה זענען שוין פאראן צוויי ספקות, ערשטנס, טאָמער שטארבט דער נשיא און א חגיגה ברענגט מען ניט ווען מען איז מקריב דעם קרבן פסח בטומאה, צווייטנס, אפילו ער וועט ניט שטארבן, טאָמער וועט זיין גענוג קרבנות פסחים, און ווען עס איז דאָ א סך פלייש פון קרבנות פסחים ברענגט מען ניט די חגיגה (זע מסכתא פסחים פרק ו׳ משנה ג׳). דעריבער, ווייל דער בעל הבית האָט דאָך געהאַט צוויי ספקות אז ער וועט ניט דארפן דעם קופיץ, איז אָנצונעמען אז ער האָט אים ניט טובל געווען.

ד. פרוכת, דער פרוכת (אין בית המקדש), וועלכער איז טמא געוואָרן (אָנ־רירנדיק) א ולד הטומאה (טמא׳דיקע פליסיקייטן, משקים, ווי טמא׳דיקע וואסער, וואָס איז מטמא נור מדרבנן) איז מען אים טובל אינווייניק (אין הויף פון בית המקדש) און מען טראָגט אים באלד אריין (צוריק אין בית המקדש). מען דארף ניט ווארטן ביז עס וועט ווערן אוונט (הערב שמש), ווייל זי איז טמא געוואָרן דורך א זאך וואָס איז מטמא נור מדרבנן. ואת שנטמא, און דער (פרוכת), וועלכער איז טמא געוואָרן (אָנ־רירנדיק) א אב הטומאה (למשל, א טויטן שרץ אָדער א נבלה) איז מען אים טובל אין דרויסן (אין דרויסן פון בית־המקדש־הויף) און מען שפרייט אים אויס אין חיל. „חיל" איז געווען א פלאץ לעבן בית־המקדש־הויף אין דרויסן (זע מסכתא פסחים פרק ה׳ משנה י׳). ווייל די טומאה פון אן אב הטומאה איז מטמא מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, טאָר מען דעם טמא׳דיקן פרוכת ניט האלטן אין בית־המקדש־הויף און מען מוז אים טובל זיין אין דרויסן און מען לאָזט אים ליגן אין דרויסן (אין „חיל") נאָך דער טבילה ביז אָוונט (הערב שמש). — וועגן „ולד הטומאה" און „אב הטומאה" האָבן מיר געגעבן אין מסכתא פסחים פרק א׳ משנה ו׳ — ואם היתה, און

**ה. ר׳ שמעון בן גמליאל אומר משום רבי שמעון בן הסגן, פרוכת עביה טפח, ועל שבעים ושנים נימין נארגת, ועל כל נימא ונימא כ״ד חוטין, ארכה ארבעים אמה ורחבה עשרים אמה, ומשמונים ושתי רבוא נעשית, ושתים עושין בכל שנה, ושלש מאות כהנים מטבילין אותה:**

**ו. בשר קדשי קדשים שנטמא, בין באב הטומאה בין בולד הטומאה, בין בפנים בין בחוץ, בית שמאי אומרים; הכל ישרף בפנים, חוץ משנטמא באב הטומאה בחוץ; ובית הלל אומרים, הכל ישרף בחוץ, חוץ משנטמא בולד הטומאה בפנים:**

---

אויב ער (דער פרוכת) איז געווען א נייער האָט מען אים אויסגעשפרייט אויף דעם דאך (אויף דעם שפּיץ) פון דער הויכער באנק (איצטבא), כדי מענטשן זאָל זען זיין ארבייט, ווי שיין ער איז. וועגן „איצטבא" **זע אין מסכתא פסחים פרק א׳ משנה ה׳.**

ה. ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט אין נאָמען פון ר׳ שמעון בן הסגן (דער זון פון דעם סגן הכהנים, דעם געהילף פון כהן גדול), אז דער פרוכת איז געווען דיק א טפח (א זעקסטל אייל), און מען האָט אים געוועבט אויף צווי און זיבציק איינשלאג־פעדים (נימים) און יעדער איינשלאג־פאָדעם איז געווען געדרייט פון פיר און צוואנציק פעדים (חוטים); זיין לענג איז געווען פירציק איילן און זיין ברייט צוואנציק איילן, און ער איז געמאַכט געוואָרן פון צווי און אכציק צענער טויזנטער, און יעדעס יאָר האָט מען געמאַכט צווי (פרוכת׳ן), און דריי הונדערט כהנים האָבן אים טובל געווען (אזוי שווער איז דער פרוכת געווען). **אויף די ווערטער „ומשמונים ושתי רבוא נעשית", „און זי איז געמאַכט געוואָרן פון צווי און אכציק צענער טויזנטער", זענען פאראן עטליכע טייטשן. איינער איז, אז אזוי פיל פעדים זענען אריינגעוועבט געוואָרן אין פרוכת. אן אנדער טייטש איז אז ער האָט געקאָסט אזוי פיל גאָלד־רענדלעך. א דריטער טייטש איז אז ניט עס דארף שטיין „רבוא" (צען טויזנט) נאָר „ריבות", יונגע מיידלעך, און דאָס הייסט, אז 82 יונגע מיידלעך האָבן געוועבט דעם פרוכת. מען האָט גענומען דערצו יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן נאָכניט זייער מאָנאטליכע נידה־צייט און זיי זענען דעריבער זיכער טהור.**

ו. בשר, פליש פון קדשי קדשים (פון קרבנות ווי עולה, חטאת און אשם, וואָס זייער פליש טאָר מען ניט ארויספירן אין דרויסן פון בית־המקדש־הויף), וואָס איז טמא געוואָרן, סיי דורך (אָנרירן) א אב הטומאה און סיי דורך (אָנרירן) א ולד הטומאה, סיי (עס איז טמא געוואָרן) אינווייניק (אין בית המקדש־הויף) סיי אין דרויסן (אין דרויסן פון בית־המקדש־הויף), זאָגן די בית שמאי אז אלץ (דאָס פליש) דארף פאַר־ברענט ווערן אינווייניק (אין בית המקדש הויף), מיטן אויסנאַם פון פליש וואָס איז טמא געוואָרן דורך אן אב הטומאה אין דרויסן. **דער דין איז אז קרבנות־פלייש וואָס איז טמא געוואָרן דארף מען פאַרברענען. זאָגן די בית שמאי, אז נור ווען אזא קרבנות־פלייש האָט דורכגעמאַכט צווי הארבע זאכן, עס איז טמא געוואָרן דורך אן אב הטומאה (זע אין דער פריערדיקער משנה) און דאָס טמא ווערן איז פאָרגעקומען אין דרויסן, זאָל מען עס פאַרברענען אין דרויסן, ניט אין בית־המקדש־הויף. אָבער אויב עס פעלט איינס פון די צווי הארבע זאכן, למשל, עס איז טמא געוואָרן דורך א ולד הטומאה, אָדער עס איז טמא געוואָרן אינווייניק, זאָל מען עס פאַרברענען אינווייניק, אין הויף פון בית המקדש, אין דעם גרויסן „בית הדשן", אין דער עזרה.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז מען זאָל אלץ פאַרברענען אין דרויסן, מיטן אויסנאַם פון (פליש) וואָס איז טמא געוואָרן דורך א ולד הטומאה אינווייניק. **די בית הלל האלטן, אז נור ווען עס זענען פאראןביידע לייכטע זאכן צוזאמען, אי עס איז טמא געוואָרן דורך דעם לייכטן ולד הטומאה און אי עס איז טמא געוואָרן אינווייניק, זאָל מען עס פאַרברענען אין בית־המקדש־הויף.**

**ז. ר׳ אליעזר אומר, את שנטמא באב הטומאה בין בפנים בין בחוץ, ישרף בחוץ, ואת שנטמא בולד הטומאה, בין בפנים בין בחוץ, ישרף בפנים. ר׳ עקיבא אומר, מקום טומאתו שם שריפתו.**

**ח. אברי התמיד נתנין מחצי כבש ולמטה במזרח, ושל מוספין נתנין מחצי כבש ולמטה במערב, ושל ראש חודש נתנין מתחת כרכוב המזבח מלמטה. השקלים והבכורים אין נוהגין אלא בפני הבית; אבל מעשר דגן**

---

ז. ר׳ אליעזר זאָגט, אז דאָס (פלייש) וואָס איז טמא געוואָרן דורך אן אב הטומאה סיי אינווייניק סיי אין דרויסן, זאָל מען פאַרברענען אין דרויסן, און דאָס (פלייש) וואָס איז טמא געוואָרן דורך א ולד הטומאה, סיי אינווייניק סיי אין דרויסן, זאָל מען פאַרברענען אינווייניק. **ווייל אויב עס איז טמא געוואָרן נאָר דורך א ולד הטומאה איז עס דאָך מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה, טהור, און נור מדרבנן איז עס טמא, און דעריבער איז דאָ גילטיק דער דין פון „כל שפסולו בקודש שורפין אותו בקודש״, און מען דאַרף עס פאַרברענען אין א הייליק אָרט, אין בית־המקדש־הויף.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז דאָס אָרט, וואו עס איז טמא געוואָרן, איז דאָס אָרט, וואו מען דאַרף עס פאַרברענען. **אויב עס איז טמא געוואָרן אינווייניק, זאָל מען עס פאַר־ברענען אינווייניק, און אויב אין דרויסן זאָל מען עס פאַרברענען אין דרויסן.**

ח. אברי, די איברים (די שטיקער פלייש) פון קרבן תמיד ווערן געלייגט אויף דער אונטערשטער העלפט פון מזבח־טרעפּ (כבש) אין דער מזרח זייט. **דער קרבן תמיד, וואָס מען האָט מקריב געווען יעדן טאָג אין בית המקדש, איז געווען א קרבן עולה, דאָס הייסט, אז מען האָט אויך דאָס פלייש מקריב געווען (פאַרברענט) אויפ׳ן מזבח. פון בית המקדש־הויף ארויף אויפ׳ן מזבח איז געווען א 32־איילן ־ לאַנגער און 16־איילן־ברייטער, קרום־געלייגטער טרעפּ, מיטן נאָמען „כבש״, אויף וועלכן מען האָט ארויפגעפירט די שטיקער (איברים) פון קרבן תמיד אויפן מזבח ארויף. אָבער די כהנים, וואָס האָבן אין דער פרי ארויפגעטראָגן די אברים האָבן זיי ארויפגעטראָגן צוערשט אויפן כבש און דאָרט זיי אנידערגעלייגט, און געגאַנגען דער־ווייל זאָגן קריאת שמע, און דערנאָך זענען זיי צוריקגעקומען, און ארויפגעטראָגן די איברים פון כבש ארויף אויפן מזבח. זאָגט די משנה אז אויפ׳ן כבש האָט מען די איברים פון קרבן תמיד אוועקגעלייגט אויף דער ערשטער, נידריקער העלפט פון כבש, אין דער מזרח זייט זיינער.** ושל מוספין, און (די אברים) פון די קרבנות מוסף וואָס מען האָט מקריב געווען ימים טובים) האָט מען געלייגט אויף דער אונטערש־טער העלפט פון מזבח־טרעפּ (כבש) אין זיין מערב־זייט. **אין טייל משניות איז די גירסא ביי די איברים פון תמיד „אין מערב זייט״, און ביי די אברים פון די מוספין „אין מזרח זייט״.** ושל ראשי חדשים, און (די איברים) פון (קרבן מוסף וואָס מען האָט מקריב געווען אין) די ראש חודש־טעג האָט מען געלייגט אויף דעם (כבש, דעם מזבח־טרעפּ אין דער אויבערשטער העלפט) אונטער דעם כרכוב פון מזבח. **אזוי איז גורס רשי אין דער גמרא סוכה נ״ד „תחת כרכוב המזבח ולמטה״, און טייטשט ווי מיר האָבן דאָ געגעבן, און „כרכוב״ הייסט דער סובב־טייל פון מזבח (זע וועגן דעם אין מסכתא מדות פרק ג׳). תוספות (דאָרט אין סוכה נ״ד) און דער רמבם האָבן די גירסא „על כרכוב המזבח ולמעלה״, און דאָס הייסט אז מען האָט זיי געלייגט אויפן סובב־טייל פון מזבח זעלבסט.** — השקלים, דאָס געבן שקלים און ביכורים איז נוהג געווען (מען האָט געגעבן) נור אין דער צייט פון בית המקדש. **שקלים האָט מען געגעבן סוף חודש אדר, און די משנה לערנט אז דאָס האָט מען געגעבן נור אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען, ווייל די שקלים זענען דאָך געגאַנגען אויף צו קויפן קרבנות, און ווען עס איז ניטאָ קיין קרבנות איז ניט פאַראַן קיין שקלים. „ביכורים״ (זע אין דער הקדמה צו מסכתא ביכורים) זענען די ערשט־צייטיקע פרוכטן, וואָס מען האָט געבראַכט אין בית המקדש, און דער חומש (שמות כ״ג) זאָגט וועגן זיי „תביא**

**ומעשר בהמה והבכורות נוהגין בין בפני הבית בין שלא בפני הבית. המקדיש שקלים ובכורים, הרי זה קדש. ר׳ שמעון אומר, האומר בכורים קדש, אינן קדש:**

## סליק מסכת שקלים

**בית ה׳ אלהיך״, ,,זאָלסט זיי ברענגען אין הויז פון גאָט דיין גאָט״, און דאריבער ווען דאָס בית המקדש איז ניטאָ דאַרף מען ניט אָפּשיידן ביכורים.** אבל מעשר דגן, אָבער מעשר פון תבואה און מעשר פון בהמה און בכורות (דאָס ערשטע געבוירענע קינד פון א כשרער בהמה) איז נוהג (דאַרף מען געבן) סיי אין דער צייט פון בית המקדש סיי אין רעד צייט ווען דאָס בית המקדש איז ניטאָ. **מיט מעשר דגן מיינט מען די תרומה און מעשרות וואָס מען שיידט אָפּ פון תבואה און פרוכטן און ירקות, און אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי געבן מיר בפרטות וועגן די דאָזיקע תרומה און מעשרות.** וועגן מעשר בהמה האָבן מיר געגעבן פריער אין פרק ג׳ משנה א׳. **זאָגט די משנה אז די תבואה־תרומה און מעשר און אויך מעשר בהמה דאַרף מען אָפּשיידן אויך ניט אין דער צייט פון בית מקדש. דאָס זעלביקע זענען די בכורים, די ערשטע־געבוירענע קינדער פון כשרע בהמות הייליק אויך ניט אין דער צייט פון בית המקדש. די גמרא אין מסכתא בכורות נ״ג זאָגט, אז מען האָט אָפּגעשאַפט דאָס אָפּ־שיידן מעשר בהמה אין היינטיקער צייט.** המקדיש, אז איינער איז מקדיש שקלים אָדער ביכורים (דאָס הייסט, אז ער גיט א שקל אָדער שיידט אָפּ ביכורים היינטיקע צייט, ווען דאָס בית המקדש איז ניטאָ) איז עס קודש (הייליק). **דער שקל איז א גוטער שקל און די בכורים זענען גוטע ביכורים; כאָטש מען האָט פריער געלערנט, אז מען דאַרף ניט געבן היינטיקע צייטן קיין שקלים און ניט אָפּשיידן ביכורים, אָבער אויב מען האָט יאָ געטאָן זענען זיי הייליק.** ר׳ שמעון זאָגט, אז איינער זאָגט, אז די ביכורים זאָלן זיין קודש (הייליק) זענען זיי ניט הייליק. **ער האלט אז אפילו בדיעבד ווערן די פרוכטן אויך ניט קיין ביכורים. אזוי איז איין טייטש פון דער משנה. אן אנדערן טייטש ברענגט דער רמבם, און דהיינו, אז דאָס מיינט מען ניט היינטיקע צייט, נאָר מען מיינט, ווען דאָס בית המקדש איז פאראַן, און איינער האָט געהאַט אָפּגעשיידטע** שקלים און ביכורים, און ער האָט זיי מקדיש געווען צו בדק הבית **(אז זיי זאָלן גע־הערן צום פאַרריכטן דעם בית המקדש), זאָגט די סתם משנה, אז זיי זענען הייליק צו** בדק הבית, און ר׳ שמעון זאָגט, **אז אויף ביכורים איז דער הקדש צו בדק הבית ניט גילטיק.**

סליק מסכת שקלים — געענדיקט מסכתא שקלים.

# מסכת יומא
## פרק א.

א. **שבעת ימים קודם יום הכיפורים מפרישין כהן גדול מביתו ללשכת פלהדרין ומתקינין לו כהן אחר תחתיו, שמא יארע בו פסול. ר׳ יהודה אומר אף אשה אחרת מתקינין לו שמא תמות אשתו, שנאמר** (ויקרא ט״ז) „**וכפר בעדו ובעד ביתו**״, **ביתו זו אשתו. אמרו לו, אם כן אין לדבר סוף:**

# מסכת יומא
## הקדמה

אין די אכט פרקים פון דער מסכתא יומא ווערן געלערנט די דינים וועגן דעם צענטן טאָג אין תשרי, וועגן יום כיפור. דער נאָמען „יומא״ איז אראמעאיש, און איז דער טייטש (ווי „היום״ אין לשון קודש) „דער טאָג״, און מען מיינט דערמיט „דער טאָג פון יום כיפור״, וואָס האָט געהייסן אין אראמעאיש אויך „יומא רבא״, „דער גרויסער טאָג״ (אין דער גמרא ראש השנה כ״א). די תורה (ויקרא ט״ז) זאָגט, אז מען זאָל אין דאָזיקן טאָג פאסטן („ועניתם את נפשותיכם״), ווייל אין דאָזיקן טאָג וועט גאָט פארגעבן, מוחל זיין די זינד פון יעדן מענטש. די תורה, דאָרט אין ויקרא ט״ז) זאָגט אויך אז אין דאָזיקן טאָג זאָל דער כהן גדול (הכהן אשר ימשח אותו) אריינגיין אין הייליקסטן אָרט אין בית המקדש (אין קודש הקדשים) און דאָרט רויכערן קטורת (בשמים); אויך זאָל דער כהן גדול אין דאָזיקן טאָג מקריב זיין קרבנות און זאָגן וידוי פאר זיך און זיין פאמיליע און פאר די כהנים און פאר דעם גאנצן פאָלק ישראל. דאָס האָט געהייסן „טאָן די עבודה פון יום כיפור״. אין דער מסכתא יומא ווערט געלערנט ווי אזוי דער כהן גדול האָט דורכגעפירט די אלע זאכן אין בית המקדש. אין לעצטן פרק ווערן געלערנט די דינים וועגן פאסטן, און אויך וועלכע זינד ווערן אים יום כיפור פארגעבן.

## פרק א.

א. שבעת, זיבן טעג פאר יום כיפור נעמט מען אוועק דעם כהן גדול פון זיין הויז (און ער איז די זיבן טעג) אין דער לשכת פרהדרין (דער קאמער פרהדרין); **דער כהן גדול האָט אים יום כיפור געמוזט אליין טאָן די עבודה אין בית המקדש, און ער האָט געדאַרפן זיין טהור, ריין, ניט האָבן טמא געוואָרן דורך קיין שום זאך. דעריבער האָט מען זיבן טעג פאר יום כיפור אוועקגענומען דעם כהן גדול פון זיין הויז, ווייל מען האָט מורא געהאַט טאָמער קאָן ער ביי זיך אין דער היים טמא ווערן. א חוץ דעם האָבן די חכמים אָפּגעלערנט פון דער תורה (ויקרא ה׳) אז דער כהן גדול דאַרף ניט ארויסגיין פון בית המקדש הויף 7 טעג פאר יום כיפור (ומפתח אוהל מועד לא תצאו שבעת ימים), און כאָטש דער דאָזיקער פסוק איז געזאָגט געוואָרן וועגן אן אנדערער זאך, האָט מען אָפּגעלערנט, אז דאָס גייט אויך ארויף אויף יום כיפור. די „לשכת פרהדרין״, די קאמער, דער זאל, פון די פרהדרין, האָט זיך געפינען אין בית המקדש־הויף. „פרהדרין״ איז א גריכיש וואָרט „פארעדראי״, געריכטס־באאמטע, און** סתם באאמטע. **די גמרא זאָגט, אז ווייל אין דער צייט פון 2טן בית המקדש זענען טייל כהנים גדולים ניט געווען קיין צדיקים און האָבן געקויפט ביים מלך די כהונה גדולה פאר געלט און זיי האָבן זיך געטוישט זייער אפט, דעריבער האָט מען גערופן די דאָזיקע קאמער „פרהדרין״, פון די באאמטע, א שטייגער ווי די דאָזיקע כהנים גדולים זענען געווען נור באאמטע.** ומתקינין, און מען גרייט אים צו אן אנדערן כהן אנשטאָט אים (צו קאָנען טאָן די עבודה אים יום כיפור) אין פאל טאָמער וועט זיך אים (דעם כהן גדול) טרעפן א פסול. **מיט א „פסול״ מיינט מען א „טמא־זאך״, טאָמער וועט ער טמא־ווערן מען האָט דעריבער צוגעגרייט אן אנדערן כהן צו זיין גרייט צו פארנעמען זיין אָרט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען האָט אים (דעם כהן גדול) אויך צוגע־

**ב. כל שבעת ימים הוא זורק את הדם, ומקטיר את הקטורת, ומטיב את הנרות, ומקריב את הראש ואת הרגל. ושאר כל הימים אם רצה להקריב מקריב. שכהן גדול מקריב חלק בראש ונוטל חלק בראש:**

**ג. מסרו לו זקנים מזקני בית דין, וקורין לפניו בסדר היום, ואומרים לו: אישי כהן גדול, קרא אתה בפיך, שמא שכחת, או שמא לא**

---

גרייט נאָך איין פרוי, טאָמער וועט זיין (איצטיקע) פרוי שטאַרבן, וואָרום עס ווערט געזאָגט (ויקרא ט״ז) „וכפר בעדו ובעד ביתו", „און ער (דער כהן גדול) זאָל (אויסבעטן דאָס) פאַרגעבן (די זינד) פאַר זיך און פאַר זיין הויז" „זיין הויז" מיינט מען „זיין פרוי". **פון דאָזיקן פסוק איז געדרונגען, אַז דער כהן גדול האָט יום כיפור געדאַרפן האָבן א פרוי, זיין פאַרהייראַט, און דעריבער האַלט ר׳ יהודה, אַז מען האָט געדאַרפן אים אָנגרייטן אַן אַנדערע פרוי טאָמער וועט די איצטיקע פרוי שטאַרבן.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה); אויב אַזוי האָט דאָך די זאַך קיין סוף ניט. **דאָס הייסט, וועט מען דאָך דאַרפן מורא האָבן, טאָמער וועט אויך די אַנדערע פרוי שטאַרבן און מען וועט דאַרפן צוגרייטן א דריטע פרוי, און אַזוי כסדר אָן א סוף. די גמרא זאָגט, אַז ווייל טמא ווערן איז שכיח, טרעפט זיך אָפט, דעריבער דאַרף מען אָנגרייטן א אַנדערן כהן; אָבער שטאַרבן טרעפט זיך ניט אָפט, דאַרף מען ניט דערפאַר מורא האָבן.**

ב. כל, די גאַנצע זיבן טעג שפּריצט ער (דער כהן גדול) דאָס בלוט (פון די קרבנות, אויפן מזבח), און ער איז מקטיר די קטורת (רויכערט אויפן פייער אויפן גאָלדענעם מזבח די בשמים), און ער מאַכט אין אָרדנונג (מטיב, מאַכט גוט, רייניקט אויס דאָס אַש פון) די ליכטלעך (אין דער מנורה), און ער איז מקריב (פאַרברענט אויפן מזבח) דעם קאָפּ און דעם פוס (פון קרבן). **יעדן טאָג זענען געווען עבודות צו טאָן אין בית המקדש. מען האָט געשאָכטן און מקריב געווען אין דער פרי א שעפּסל און פאַרנאַכט א שעפּסל, דעם קרבן תמיד, און מען האָט געריכערט קטורת, געוואָרפן א געמיש פון בשמים אויפן פייער אויף דעם גאָלדענעם מזבח און מען האָט גערייניקט די ליכטלעך פון דער מנורה. אין די געוויינטליכע טעג פלעגן דאָס טאָן אַנדערע כהנים, און אַזוי ווי עס זענען געווען א סך כהנים, וועלכע האָבן געוואָלט טאָן אין בית המקדש. מען האָט געשאָכטן און מקריב געווען אין דער פרי א שעפּסל האָט דער כהן גדול געמוזט טאָן עטליכע פון די דאָזיקע עבודות, כדי זיך צו־צוגעוואוינען צו די דאָזיקע עבודות, וועלכע ער וועט דאַרפן טאָן אים יום כיפור.** ושאר, און אין די איבעריקע טעג (אין אַלע אַנדערע טעג פון א גאַנץ יאָר), אויב ער (דער כהן גדול) האָט געוואָלט מקריב זיין (א קרבן) האָט ער מקריב געווען. **ער האָט ניט געדאַרפן געווינען דעם גורל מקריב צו זיין; ער האָט מקריב געווען ווען ער האָט געוואָלט.** שכהן גדול, ווייל א כהן גדול (אויב ער וויל) איז ער מקריב דער ערשטער א חלק (פון קרבן) און נעמט דער ערשטער א חלק (פון קרבן). **עס זענען געווען קרבנות, וועלכע מען האָט אינגאַנצן פאַרברענט אויפן מזבח, אויך דאָס פלייש דערפון. עס זענען אָבער געווען קרבנות, וואָס נור א טייל דערפון האָט מען מקריב געווען (פאַרברענט) אויפן מזבח, און דאָס איבעריקע פלייש האָבן מען צעטיילט צווישן די כהנים צו עסן. זאָגט די משנה, אַז דער כהן גדול האָט נישט נור געהאַט דאָס רעכט מקריב צו זיין דעם קרבן ווען ער האָט געוואָלט, נור ער האָט אויך געקאָנט נעמען דאָס שענסטע חלק פלייש. „ראש", דער „קאָפּ" האָט די באַדייטונג פון „ערשטן" און אויך „בעסטן"; און „חלק בראש" מיינט דאָס ערשטע און דאָס בעסטע.**

ג. מסרו לו, מען האָט צו אים צוגעגעבן (עטליכע) עלטסטע פון די עלטסטע פון בית דין. **אין די 7 טעג זענען צוזאַמען מיטן כהן גדול געווען עטליכע פון די זקני בית דין, חכמים פון די סנהדרין. „זקנים" איז א טיטל פאַר חכמים, און עס מיינט אויך עלטערע, דערפאַרענע חכמים.** וקורין, און זיי (די דאָזיקע זקני בית דין) האָבן געליינט פאַר אים אין דעם סדר פון טאָג. **„סדר" האָט געהייסן א פרשה פון חומש**

**למדת. ערב יום כפורים שחרית מעמידין אותו בשער מזרח, ומעבירין לפניו פרים ואלים וכבשים כדי שיהא מכיר ורגיל בעבודה:**

**ד. כל שבעת הימים לא היו מונעין ממנו מאכל ומשתה. ערב יום הכפורים עם חשיכה לא היו מניחים אותו לאכול הרבה, מפני שהמאכל מביא את השינה.**

**ה. מסרוהו זקני בית דין לזקני כהונה, והעלוהו לעליית בית אב־טינס, והשביעוהו ונפטרו והלכו להם. ואמרו לו: אישי כהן גדול, אנו**

---

(זע רשי אין סוטה מ"ט „סדרים, סדר פרשיות התורה"), און דאָ מיינט מען מיט דעם **„סדר היום", די פרשה אין ויקרא ט"ז, וואו עס ווערט געלערנט די עבודה, וואָס דער כהן גדול דאַרף טאָן יום כיפור און בית המקדש.** ואומרים לו, און זיי (די זקני בית דין) זאָגן צו אים (צום כהן גדול): „מיין האר, כהן גדול, לייען דו אליין מיט דיין מויל (די פרשה פון חומש), טאָמער האָסטו פאַרגעסן, אָדער טאָמער האָסטו (זי) נאָכ־ניט געלערנט. **ווי מיר האָבן שוין פריער געבראַכט פון דער גמרא זענען אין דער צייט פון 2טן בית המקדש געווען טייל כהנים גדולים, וואָס האָבן געקויפט די כהונה גדולה פאַר געלט, און צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע וועלכע זענען ניט געווען קיין לומדים.** ערב יום כיפורים, ערב יום כיפור אין דער פרי שטעלט מען אים (דעם כהן גדול) אוועק ביים מזרח־טויער (אין בית המקדש־הויף) און מען פירט פאַרביי פאַר אים אָקסן און ווידערס (עלטערע שעפסן) און שעפסן, כדי ער זאָל זיין באַקאַנט און צוגעוואוינט צו דער עבודה. **דער כהן גדול האָט געדאַרפן אים יום כיפור מקריב זיין פאַרשידענע בהמות, און דעריבער האָט מען אים געדאַרפן צוערשט ווייזן וואָסערע בהמות ער וועט דאַרפן מקריב זיין.**

ד. כל, די גאַנצע זיבן טעג האָט מען אים ניט אָפּגעזאָגט קיין עסנוואַרג און קיין געטראַנק. **מען האָט דערלויבט דעם כהן גדול צו עסן און טרינקן וואָס ער האָט גע־וואָלט און וויפיל ער האָט געוואָלט.** ערב יום הכיפורים, ערב יום כיפור קורץ איידער עס איז געוואָרן נאַכט האָט מען אים (דעם כהן גדול) ניט געלאָזט עסן א סך, ווייל עסן דערפירט צום שלאָפן. **עסן מאַכט א מענטש שלעפעריק, און דער כהן גדול האָט יום כיפור ביינאַכט ניט געטאָרט שלאָפן, כדי עס זאָל זיך אים אין שלאָף ניט טרעפן פאַ־לוציע (קרי) און טמא ווערן. דאָס וואָרט „עם חשיכה" איז דער טייטש „נאָנט צו דער צייט ווען עס ווערט פינסטער", שפּעט פאַר נאַכט. זע וועגן דעם אויסדרוק „עם" אין שבת פרק א' משנה י'.**

ה. מסרוהו, די זקני בית דין (די עלטערע חכמים) האָבן אים דעם כהן גדול אי־בערגעגעבן צו די זקני כהונה (צו די עלטסטע פון די כהנים). **איינע פון די הויפּט־עבודות פון כהן גדול אים יום כיפור איז געווען דאָס אָננעמען א פולע האַנט קטורת־בשמים און אריינטראָגן אין קודש הקדשים, אין דעם הייליקסטן אָרט אין בית המקדש, און דאָרט ווארפן די קטורת־בשמים אויף דעם פייער, מקטיר זיין זיי. דאָס אָננעמען א פולע האַנט קטורת־בשמים (חפינה) איז געווען א שווערע ארבייט, און דאָס מקטיר זיין זיי האָט געהאַט געוויסע דינים. די דאָזיקע ארבייט און די דאָזיקע דינים האָבן די עלטסטע פון די כהנים געלערנט דעם כהן גדול.** והעלוהו, און זיי האָבן אים ארויפ־געפירט אין דעם בוידעם־שטיבל פון דער פאַמיליע אבטינס (עליית בית אבטינס). **אין שקלים פרק ה' משנה א' ווערט געזאָגט אז די אבטינס־פאַמיליע האָט זיך באַ־שעפטיקט מיט צו־גרייטן דעם געמיש פון די קטורת־בשמים.** והשביעוהו, און זיי (די עלטסטע פון די כהנים) האָבן אים (דעם כהן גדול) באַשוואוירן (מיט א שבועה) און זיי האָבן זיך געזעגנט מיט אים און זיי זענען אוועקגעגאַנגען. **די משנה וועט איצט געבן די שבועה, מיט וועלכער זיי האָבן דעם כהן גדול באַשוואוירן פאַרן אוועקגיין:** ואמרו לו, און זיי האָבן צו אים געזאָגט: „מיין האר, כהן גדול, מיר זענען די שליחים פון בית דין און דו ביזט אונזער שליח און דער שליח פון בית דין, מיר באַשווערן דיך ביי

**שלוחי בית דין, ואתה שלוחינו ושליח בית דין, משביעין אנו עליך במי ששכן שמו בבית הזה, שלא תשנה דבר מכל שאמרנו לך. הוא פורש ובוכה והן פורשין ובוכין.**

**ו. אם היה חכם דורש, ואם לאו, תלמידי חכמים דורשין לפניו. ואם רגיל לקרות קורא, ואם לאו, קורין לפניו. ובמה קורין לפניו? באיוב ובעזרא ובדברי הימים. זכריה בן קבוטל אומר, פעמים הרבה קריתי לפניו בדניאל:**

---

דעם (גאָט), וואָס האָט געמאַכט וואוינען זיין נאָמען אין דאָזיקן הויז, אז דו זאָלסט ניט ענדערן קיין זאך פון דעם וואָס מיר האָבן דיר געזאָגט". **די תוספתא דערקלערט די דאָזיקע משנה דערמיט, וואָס אין דער צייט פון 2טן בית המקדש איז געווען ביי יידן די סעקטע צדוקים, וועלכע האָבן ניט געהאַלטן פון דער תורה שבעל פה, פון די איינ־טייטשונגן פון די חכמים אין די ווערטער פון חומש. די חכמים האָבן געלערנט, אז דער כהן גדול דאַרף יום כיפור אריינטראָגן די קטורת־בשמים אין קודש הקדשים און דאָרט זיי ווארפן אויפן פייער און מאכן פון זיי גיין דעם רוים. דאָס איז ווי דער חומש (ויקרא ט"ז) זאָגט „ונתן את הקטורת על האש לפני ה׳", „און ער זאָל געבן די קטורת אויפן פייער פאַר גאָט". אָבער די צדיקים האָבן געזאָגט, אז דער כהן גדול דאַרף אין דרויסן, איידער ער גייט אריין אין קודש הקדשים ארויפווארפן די קטורת־בשמים אויף דער פאַן (מחתה) מיט פייער און לאָזן גיין דעם רויך, און אזוי רויכערנדיק אריינ־טראָגן די פאַן אין קודש הקדשים. דאָס האָט מען גערופן „מתקן מבחוץ ומכניס בפנים" (מאכן דעם רויך אין דרויסן און אריינטראָגן אינווייניק). די צדוקים האָבן זיך גע־שטיצט אויף דעם פסוק (דאָרט אין ויקרא ט"ז) „כי בענן אראה על הכפורת", אז באַ־ווייזנדיק זיך אויף דעם כפורת זאָל מען שוין האָבן דעם רויך. צוליב דעם וואָס קיינער איז ניט געווען אין דער געביידע פון קודש הקדשים ווען דער כהן איז אהין אריינ־געגאַנגען מקטיר זיין די קטורת, און צוליב דעם, וואָס מען האָט מורא געהאַט טאָמער איז דער כהן גדול א צדוקי, האָבן אים די עלטעסטע פון די כהנים באשווירן, אז ער זאָל פאָלגן וואָס זיי זאָגן אים, און ווארפן די קטורת אויפ׳ן פייער ערשט ווען ער וועט שוין זיין אינווייניק.** הוא פורש, ער איז (ביים געזעגענען זיך) אוועקגעגאַנגען און גע־וויינט און זיי זענען אוועקגעגאַנגען און געוויינט. **ער האָט געוויינט דערפאַר, וואָס מען האָט גאָר געקאָנט אים חושד זיין אז ער איז א צדוקי און אז ער וועט ניט טאָן ריכטיג; זיי האָבן געוויינט דערפאַר וואָס זיי האָבן אים געמוזט זאָגן זייער חשד, און די גמרא זאָגט, אז מען טאָר ניט זיין א „חושד בכשרים", האָבן א חשד אויף ערליכע מענטשן.**

ו. אם היה, אויב ער (דער כהן גדול) איז א געלערנטער מאַן (חכם) דרשנט ער, און אויב ניט, האַלטן תלמידי חכמים פאַר אים דרשות. **די משנה דערציילט דאָ, ווי אזוי מען האָט זיך נוהג געווען מיט דעם כהן גדול יום כיפור ביינאַכט. ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט האָט דער כהן גדול ניט געטאָרט יום כיפור ביינאכט אנטשלאָפן ווערן. מען האָט דעריבער זיך באמיט צו באשעפטיקן אים א גאַנצע נאַכט. מען האָט געזען, אז דער כהן גדול זאָל ביינאַכט דרשענען, איינטייטשן פארשידענע הלכות, און אויב ער האָט ניט געקענט, האָבן תלמידי חכמים, אויף־זייענדיק מיט אים ביי־נאכט געהאַלטן פאַר אים דרשות איבער הלכות.** ואם רגיל, און אויב ער איז געוואוינט (ער האָט געקענט) לייענען (אין ספרים פון תנך) לייענט ער, און אויב ניט, לייענען (אנ־דערע מענטשן) פאַר אים. **מיר האָבן פריער שוין געגעבן, אז אין 2־טן בית המקדש זענען געווען טייל כהנים גדולים, וועלכע זענען ניט געווען קיין לומדים.** ובמה, און אין וואָס (אין וועלכע ספרים פון תנך) לייענט מען פאַר אים? אין (די ספרים) איוב, און עזרא, און דברי הימים. **מחמת דאָס זענען ספורים און געשעהענישן, וועלכע אינטע־רעסירן שטאַרק דעם צוהערער, און דער כהן גדול וועט זיין פאַראינטערעסירט צו־הערנדיק, און ער וועט ניט אנטשלאָפן ווערן.** זכריה בן קבוטל זאָגט: א סך מאָל האָב

ז. בקש להתנמנם, פרחי כהונה מכין לפניו באצבע צרדה, ואומרים לו: אישי כהן גדול, עמוד והפג אחת על הרצפה. ומעסיקין אותו עד שיגיע זמן השחיטה:

ח. בכל יום תורמין את המזבח בקריאת הגבר או סמוך לו, בין לפניו, בין לאחריו; וביום הכפורים מחצות; וברגלים מאשמורה הראשונה. ולא היתה קריאת הגבר מגעת, עד שהיתה עזרה מלאה מישראל:

---

איך געליינט פאר אים אין (ספר) דניאל. **דער ירושלמי זאָגט, אז מען האָט אויך געליינט פון ספר משלי, תהלים.**

ז. ביקש, (אויב מען זעט, אז) ער (דער כהן גדול) וויל כאַפּן אַ דרימל (איינשלאָפן) קלאַפּן פאר אים די יונגע כהנים מיט זייער מיטלסטן פינגער. „פרחי כהונה" „די בליאונג פון דער כהונה", די יונגע כהנים־בחורים. „אצבע צרדה", טייטשט די תוספתא און אויך דער רמבם, „דער מיטלסטער פינגער". רשי טייטשט דער צווייטער פינגער, וועלכער געפינט זיך באלד ביים גראָבן פינגער (אגודל) פון דער האַנט. מען באַהעפט צוערשט דעם דאָזיקן צרדה־פינגער צום גראָבן פינגער און מען גיט אַ שטאַרקן קלאַפּ איינעם אין אנדערן הערט מען אַ הויכן קלאַנג. דאָס איז אַלץ געווען, כדי מיט צו דערלאָזן דעם כהן גדול אנטשלאָפן ווערן. ואומרים לו, און זיי (די יונגע כהנים) זאָגן צו אים: „מיין האר, כהן גדול, שטעל זיך אויף, און קיל זיך אָפּ אביסל אויף דער ערדפלאַסטער". דער כהן גדול, פונקט ווי אלע כהנים, איז אין בית המקדש־הויף געגאַנגען באָרוועס און די ערד פון בית המקדש הויף איז געווען אויסגעפלאַסטערט מיט שטיינער. זיי האָבן אים געראַטן זיך אוועקצושטעלן אביסל מיט די באָרוועסע פיס אויף די שטיינער, וועט ער זיך אָפּקילן די פיס, און דאָס פארטרייבט פון אים דעם ווילן צום שלאָפן. „הפג" הייסט אויסוועפן, אויסציען די היץ. „אחת" (איינס) מיינט „אביסל"; דער רמבם טייטשט „שעה אחת", איין שעה און ער מיינט דערמיט מסתמא „א געוויסע צייט", אביסל. ומעסיקין, און אזוי באַשעפטיקט מען, אים (דעם כהן גדול) ביז (עס ווערט יום כיפור אין דער פרי און) עס קומט אָן די צייט פון דער שחיטה. דאָס הייסט די צייט, ווען מען דאַרף שעכטן דעם קרבן תמיד, און עס הויבן זיך אָן די עבודות פון כהן גדול, וואָס ער דאַרף טאָן דעם יום־כיפור־טאָג.

ח. בכל יום, יעדן טאָג שיידט מען אָפּ (תורמין, מען נעמט אראָפּ אש) פון מזבח בעת דעם קרייען פון האָן (קריאת הגבר, ווען דער האָן קרייעט, ווען עס ווערט טאָג), אָדער נאָנט צו אים (נאָנט צו דער דאָזיקער צייט) סיי (אביסל) פריער, סיי (אביסל) שפּעטער. יעדן טאָג באלד אין דער פרי, ווען עס איז קוים געוואָרן טאָג, איז א כהן ארויפגעגאַנגען מיט א פייער־פאַן אויפן מזבח, וואו עס האָבן געברענט א גאַנצע נאכט די שטיקער פון קרבנות, און ער האָט אראָפּגענומען אביסל ברענענדיקע קוילן, וואָס איז שוין באלד געווען אש, און האָט דאָס אראָפּגעטראָגן אונטן. דאָס האָט געהייסן „תרומת הדשן", דאָס אָפּשיידן, אראָפּנעמען א טייל פון אש. דאָס איבעריקע אש פון מזבח האָט מען ביז א געוויסער צייט צונויפגעזאמלט אין א אָרט אינדערמיט פון מזבח, וואָס האָט געהייסן „תפוח" (זע מסכתא תמיד פרקים א' און ב'). דאָס „אָפּשיידן", די „תרומת הדשן", איז פאָרגעקומען יעדן טאָג פארטאָג, „ווען דער האָן האָט געקרייעט". „גבר" אין דער טייטש „האָן". אזוי איז איין טייטש אין דער גמרא. אן אנדערער טייטש פון „קריאת הגבר" איז ווען „דער מענטש האָט אויסגערופן"; ווי מיר האָבן געלערנט אין שקלים פרק ה' משנה א' איז געווען אין בית המקדש א מענטש „גביני כרוז", גביני דער אויסרופער, וועלכער פלעגט יעדן אין דער פרי אויסרופן: „שטייט אויף צו אייער עבודה". וביום הכיפורים, און אים יום כיפור (האָט מען אָפּגעשיידט דעם מזבח) אין האלבע נאכט. צוליב דער שוואכקייט פון כהן גדול, וועלכער דאַרף באלד אין דער פרי אָנהייבן די עבודה, האָט מען די צייט פון תרומת הדשן צוריק גערוקט ביז האלבע נאכט. וברגלים, און אין (דריי) ימים טובים (פסח, שבועות,

## פרק ב

**א. בראשונה כל מי שרוצה לתרום את המזבח תורם. ובזמן שהן מרובין, רצין ועולין בכבש, וכל הקודם את חברו בארבע אמות זכה. ואם היו שניהם שוין, הממונה אומר להם: הצביעו. ומה הן מוציאין? אחת או שתים; ואין מוציאין אגודל במקדש:**

---

סוכות) שוין פון דער ערשטער אשמורה. **אין די דאָזיקע דריי ימים טובים זענען געקומען א סך יידן עולה רגל זיין און מיטגעבראַכט א סך קרבנות און עס איז געווען א סך אש אויפן מזבח, און מען האָט עס געדאַרפן איבערשיטן צום תפוח־אַרט (ווי מיר האָבן פריער געגעבן), האָט מען אָפּגעשיידט דעם מזבח צום סוף פון דעם ערשטן דריטל פון דער נאַכט. די נאַכט איז געווען איינגעטיילט אין דריי אשמורות (זע וועגן דעם אין ברכות פרק א׳ משנה א׳).** ולא היותה, און עס איז נאָכניט געווען דאָס קרייען פון האָן, ווי די עזרה (דער בית־המקדש־הויף) איז געווען פול מיט יידן. **דאָס מיינט מען אין די ימים טובים, מחמת די יידן זענען געקומען פרי צו ברענגן זייערע קרבנות.**

## פרק ב

א. בראשונה, אין די ערשטע צייטן, ווער (וועלכער כהן פון די כהנים וואָס האָבן געדינט יענעם טאָג) עס האָט געוואָלט אפשיידן (אַראָפּנעמען דאָס אש פון) מזבח, האָט אָפּגעשיידט; און אויב זיי זענען געווען א סך (אויב עס זענען געווען א סך כהנים, וואָס האָבן געוואָלט טאָן די עבודה אפצושיידן דעם מזבח), זענען זיי געלאָפן ארויף אויף דעם מזבח־טרעפּ (כבש, אויף דעם ברייטן גליאַטיקן, 32־איילן־לאַנגן, קרום־ליגנדיקן טרעפּ, וואָס פירט ארויף צום מזבח), און ווער עס איז געקומען פאַר זיין חבר מיט פיר איילן (ווער עס איז געקומען פריער אין די לעצטע פיר איילן אויף דעם טרעפּ, נאָענט צום מזבח), דער האָט זוכה געווען. **וועגן „כבש" האָבן מיר געגעבן אין מסכתא שקלים פרק ח׳ משנה ח׳.** ואם היו, און אויב זיי זענען געווען ביידע גלייך (אויב צוויי כהנים זענען גלייך אריין אין די פיר איילן) האָט דער ממונה (דער אויפזעער איבער די כהנים) געזאָגט צו זיי: „וואַרפט גורל". **„הצביעו" איז פון וואָרט „אצבע", „פינגער", און ווייל דאָס וואַרפן גורל איז פאָרגעקומען דורכן ציילן די ארויסגעשטרעקטע פינגער, דערייבער הייסט עס „הצביעו", „שטעקט ארויס די פינגער". דער גורל איז געווען ניט נור צווישן די דאָזיקע צוויי כהנים, נאָר אויך צווישן אלע כהנים, און פאָרגעקומען איז עס אזוי: אלע כהנים האָבן זיך ארומגעשטעלט אין א ראָד, און יעדער האָט ארויסגעשטעקט א פינגער, און מען האָט אָנגערופן א ציפער, למשל 100 צי 60, און דער ממונה האָט אראָפּגענומען פון איינעם דאָס היטל, און אָנגעהויבן צו ציילן פון דאָזיקן כהן אָן, לויט די ארויסגעשטרעקטע פינגער, און צו וועמען עס איז צוגעקומען ביז דער ארויסגערופענער צאָל, דער האָט זוכה בגורל געווען.** ומה, און וואָס האָט מען ארויסגעשטעקט? איין אָדער צוויי (פינגער). **א געזונטער כהן האָט ארויסגעשטעקט איין פינגער, און א שוואַכער צוויי פינגער צוזאַמען, און זיי זענען ביידע געציילט געוואָרן אלס איין פינגער.** ואין מוציאין, און מען שטעקט ניט ארויס ביים גורל־וואַרפן) דעם גראָבן פינגער אין בית המקדש. **„אגודל" הייסט דער גראָבער פינגער, און ווייל א שווינדלער האָט געקאָנט ארויסשטעקן דעם גראָבן פינגער און דעם פינגער דערלעבן, און ווייל זיי זענען אָפּגעריקט זעען זיי אויס ווי 2 באַזונדערע פינגער פון 2 מענטשען, דעריבער האָט מען ניט געטאָרט ארויסשטעקן דעם גראָבן פינגער. — דאָס דאָזיקע גורל וואַרפן דורך די פינגער האָט געהייסן „פּייס", און ווי מיר וועלן וויטער לערנען אין דער משנה, זענען אלע חשובע עבודות אין בית המקדש פאָרגעקומען דורך אזא פּייס, דורך וואַרפן גורל, דורך ארויסשטעקן די פינגער צווישן די כהנים. און די משנה וועט באַלד דערציילן, פאַרוואָס מען האָט איינגעפירט דעם גורל, ניט נור ווען צוויי כהנים זענען אריינגעלאָפן גלייך אין די 4 איילן, נאָר מען האָט בכלל אָפּגעשאַפט דאָס לויפן, און מען האָט איינגעפירט נור דעם גורל, דהיינו:**

**ב. מעשה שהיו שניהם שוין, ורצין ועולין בכבש, ודחף אחד מהן את חברו ונפל ונשברה רגלו. וכיון שראו בית דין שבאין לידי סכנה, התקינו שלא יהו תורמין את המזבח אלא בפייס. ארבעה פייסות היו שם, וזה הפייס הראשון:**

**ג. הפייס השני, מי שוחט, מי זורק, מי מדשן מזבח הפנימי, ומי מדשן את המנורה, ומי מעלה אברים לכבש; הראש והרגל, ושתי הידים, העוקץ והרגל, החזה והגרה, ושתי הדפנות, והקרבים, והסלת, והחביתין, והיין. שלשה עשר כהנים זכו בו. אמר בן עזאי לפני ר׳ עקיבא משום ר׳ יהושע, דרך הלוכו היה קרב.**

---

ב. מעשה, עס האָט אַמאָל פּאַסירט (אין בית המקדש) אז זיי זענען געווען ביידע (כהנים) גלייך און זענען געלאָפן ארויף אויפן מזבח טרעפּ, און איינער פון זיי האָט א שטויס געגעבן זיין חבר און יענער איז אומגעפאלן און זיין פוס איז געוואָרן צעבראָכן; און ווייל דאָס בית דין האָט געזען, אז עס קומט צו א סכנה, האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל ניט אָפּשיידן דעם מזבח סיידן דורך א גורל. **מיר האָבן פריער געגעבן ווי אזוי דער גורל איז פאָרגעקומען.** ארבע, פיר גורלות (פיר מאָל גורל־ווארפן) איז דאָרט (אין בית המקדש) געווען, און דאָס איז דער ערשטער גורל. **דאָס הייסט, אז דער ערשטער גורל איז געווען וועגן תרומת הדשן, וועלכער כהן זאָל אָפּשיידן דאָס אש פון מזבח.**

ג. הפייס השני, דער צווייטער גורל (איז געווען וועגן דעם) ווער (וועלכער כהן) זאָל שעכטן (דאָס שעפּסל, וואָס מען האָט מקריב געווען אין דער פרי), וועלכער (כהן) זאָל שפּריצן (דאָס בלוט פון קרבן תמיד אויפן מזבח), וועלכער זאָל אויסרייניקן דאָס אש פון אינעווייניקסטן מזבח (אין בית המקדש איז געווען אויפן הויף איין מזבח, דער אויסנווייניקסטער, המזבח החיצון, און אין דער געביידע פון בית המקדש איז געווען נאָך איין מזבח, דער אינווייניקסטער, מזבח הפנימי), און וועלכער זאָלן אויסרייניקן דאָס אש פון דער מנורה, און וועלכע (כהנים), זאָלן ארויפטראָגן די איברים (די צעשניטענע שטיקער פון קרבן תמיד) אויפן מזבח־טרעפּ. **די דאָזיקע שטיקער פון קרבן תמיד זענען ארויפגעטראָגן געוואָרן דורך עטליכע כהנים, יעדעס שטיק דורך איין כהן, און די משנה רעכנט דאָ אויס:** הראש, דער קאָפּ און דער (רעכטער) פוס (פון קרבן תמיד, דורך איין כהן), די צוויי הענט (די צוויי פאָדערשטע פיס, דורך איין כהן), דער וויידל און דער (לינקער) פוס (דורך איין כהן), די ברוסט און דער האלדז (צוזאמען מיט דער לונג־און־לעבער, דורך איין כהן), די צוויי זייטן (דורך איין כהן). די אינגעווייד (דורך איין כהן). **מען האָט ביים זעלבן פייס (גורל ווארפן) געוואָרפן גורל אויף נאָך עטליכע זאכן, וואָס האָבן געהאָט א שייכות צו דער עבודה פון קרבן תמיד, און דהיינו:** והסולת, (וועלכער כהן זאָל ארויפטראָגן) דאָס מעל (וואָס מען ברענגט מיט צום קרבן תמיד), והחביתין, (וועלכער כהן זאָל ארויפטראָגן די מעל־מנחה, וואָס דער כהן גדול האָט געבראַכט יעדן טאָג), והיין, (און וועלכער כהן האָט ארויפגעטראָגן) דעם וויין (וואָס מען האָט געבראַכט מיט דעם קרבן תמיד). **די דאָזיקע אלע עבודות האָט מען צעטיילט צווישן באזונדערע כהנים, און יעדער כהן האָט זוכה געווען אין איין עבודה דורך א גורל.** שלשה עשר, דרייצן כהנים האָבן זוכה געווען אין אים (אין דאָזיקן גורל). **די משנה האָט אויסגערעכנט 13 עבודות: שעכטן, שפּריצן, אויסרייניקן דעם מזבח הפנימי, אויסרייניקן די מנורה, דעם קאָפּ און רעכטן פוס, די צוויי הענט, דעם וויידל און לינקן פוס, די ברוסט און האלדז, די צוויי זייטן, די אינגעווייד, דאָס מעל, די מנחה פון כהן גדול, דעם וויין.** אָמר, האָט בן עזאי געזאָגט פאר ר׳ עקיבא אין נאָמען פון ר׳ יהושע, אז לויט זיין גיין (לויט דעם ווי דער שעפּס, וואָס מען האָט מקריב געווען אלס קרבן, גייט, ווען ער איז לעבעדיק) האָט מען אים מקריב געווען. **מען האָט ארויפגעטראָגן אויפן מזבח־טרעפּ די שטיקערפון שעפּס לויט זיין גיין, דהיינו: צוערשט דעם קאָפּ און רעכטן פוס,**

ד. **הפייס השלישי, חדשים לקטרת באו והפיסו. והרביעי, חדשים עם ישנים, מי מעלה אברים מן הכבש ולמזבח:**

ה. **תמיד קרב בתשעה, בעשרה, באחד עשר, בשנים עשר; לא פחות, ולא יותר. כיצד? עצמו בתשעה. בחג — ביד אחד צלוחית של מים, הרי כאן עשרה. בין הערבים — באחד עשר, הוא עצמו בתשעה, ושנים בידם שני גזירי עצים. ובשבת — באחד עשר, הוא עצמו בתשעה, ושנים בידם**

---

דערנאָך די ברוסט און דעם האלדז, דערנאָך די צוויי הענט, דערנאָך ד צוויי זייטן, און דערנאָך דעם ווידל און דעם לינקן פוס, און צום סוף די אינגעווייד. **אָבער די** סתם משנה האַלט, אז מען האָט צוערשט מקריב געווען די חשובערע שטיקער. — טייל מפרשים מיינען אז ניט מען האָט ביי דעם דאָזיקן גורל ווארפן געוואָרפן 13 מאָל גורל; **נאָר מען האָט געוואָרפן איין מאָל גורל, און אויף וועלכן כהן ער איז געפאלן, דער האָט זוכה געווען אין שעכטן דעם קרבן, און דער כהן, וואָס איז געווען לעבן אים האָט זוכה געווען אי שפריצן דאָס בלוט, און דער כהן לעבן דעם דאָזיקן האָט זוכה געווען אין רייניקן דעם מזבח הפנימי, או אזוי כסדר.**

ד. הפיים השלישי, דאָס דריטע גורל־ווארפן (איז געווען, מען האָט אויסגערופן): „נייע (כהנים), צום (מקטיר־זיין) קטורת, קומט צום גורל!" **דאָס מקטיר זיין (ברענען) די קטורת־בשמים אויפן מזבח הפנימי, אויף דעם אינווייניקסטן מזבח, וואָס איז פאַר־געקומען יעדן טאָג, איז באַטראַכט געוואָרן אלס זייער מזל'דיק, און א כהן, וואָס האָט דאָס געטאָן איז געוואָרן געבענטשט מיט עשירות. א כהן, וואָס האָט איינמאָל מקטיר געווען קטורת, האָט מער אין זיין לעבן ניט מקטיר געווען, כדי צו געבן די מעגליכ־קייט צו א סך כהנים געבענטשט צו ווערן. מחמת דעם האָט מען אויסגערופן אז צום דאָזיקן גורל זאָל קומען נור נייע כהנים, וועלכע האָבן נאָך קיינמאָל ניט מקטיר גע־ווען קטורת. והרביעי, און דער פערטער (גורל) איז געווען וועגן נייע און אלטע (כהנים,** סיי אזעלכע וועלכע האָבן שוין מקריב געווען און סיי אזעלכע, וועלכע האָבן נאָך קיינ־מאָל ניט מקריב געווען), וועלכע זאָלן ארויפטראָגן די איברים (די דערמאָנטע שטיקער פון קרבן תמיד) פון מזבח־טרעפ (כבש) ארויף אויפן מזבח. **די גמרא זאָגט, אז דעריבער האָט מען געמאַכט אזוי פיל גורל־ווארפן צוליב „ברוב עם הדרת מלך", וואָס מער מענטשן אלץ איז מער כבוד פארן מלך (פאר גאָט, דעם מלך פון דער וועלט).**

ה. תמיד, דאָס (שעפסל וואָס מען איז מקריב אלס) קרבן תמיד איז מען מקריב טיילמאָל דורך ניין (כהנים), טיילמאָל דורך צען, טיילמאָל דורך עלף, טיילמאָל דורך צוועלף (כהנים), ניט ווינציקער און ניט מער. מיט מקריב זיין („קרב") **מיינט מען דאָ זינט מען פירט די שטיקער פון תמיד־שעפסל ארויף צום מזבח־טרעפ; די ארבייטן וועלכע קומען פאַר פריער, ווי שעכטן, שפריצן דאָס בלוט, ווערן ניט אריינגערעכנט.** כיצד, ווי אזוי? ער אליין (דעם קרבן תמיד אליין, איז מען מקריב) דורך ניין (כהנים). **ווי די משנה האָט פריער אויסגערעכנט, 6 כהנים וועלכע פירן ארויף די שטיקער פון שעפסל אויפן מזבח־טרעפ, און איין כהן דאָס מעל, איין כהן די מנחה פון כהן גדול און איינער דעם וויין, צוזאמען 9 כהנים.** בחג, אים יום טוב סוכות, איז אין דער האַנט פון איין (כהן) דאָס גלעזל מיט וואסער, האָבן מיר צען (כהנים). **אים סוכות האָט מען ביים מקריב זיין דעם קרבן תמיד אין דער פרי אויך געגאָסן וואסער אויפן מזבח; דאָס האָט געהייסן „ניסוך המים", און מען האָט געדארפן א צענטן כהן דאָס צו טאָן.** בין הערבים, (דאָס שעפסל פון קרבן תמיד **וואָס מען האָט מקריב געווען יעדן טאָג) פארנאכט איז** מען (מקריב) דורך עלף (כהנים), דהיינו, ער אליין (דער קרבן תמיד אליין, אזוי ווי אין דער פרי) דורך ניין (כהנים), און (א חוץ זיי, נאָך) צוויי כהנים, וואָס האלטן אין זייערע הענט צוויי שטיקער האָלץ (יעדער כהן צו איין שטיק האָלץ). **מען האָט אין בית המקדש מקריב געווען יעדן טאָג צוויי שעפסלעך אלס קרבן תמיד, איין שעפסל אין דער פרי (דער קרבן תמיד פון אין דער פרי), און איין שעפסל פארנאכט (דער קרבן תמיד פון**

שני בזיכי לבונה של לחם הפנים. ובשבת שבתוך החג — ביד אחד צלוחית של מים:

ו. איל קרב באחד עשר: הבשר בחמשה, הקרבים, והסלת, והיין, בשנים שנים:

ז. פר קרב בעשרים וארבעה: הראש והרגל — הראש באחד והרגל בשנים; העוקץ והרגל — העוקץ בשנים והרגל בשנים; החזה וחגרה — החזה באחד; והגרה; בשלשה; שתי ידים בשנים; שתי דפנות בשינם; הקרבים והסולת והיין, בשלשה שלשה. במה דברים אמורים? בקרבנות צבור, אבל בקרבן יחיד, אם רצה להקריב מקריב. הפשטן ונתוחן של אלו ואלו שוין:

---

פארנאכט). אָבער פארנאכט האָט מען געדארפן אויך צו־ווארפן אויפן פייער־הויפן (מערכה) פון מזבח צוויי שטיקער האָלץ, לויט דעם פסוק אין ויקרא א „וערכו עצים על האש", מען זאָל לייגן האָלץ אויפן פייער. ובשבת, און אויך אים שבת (איז מען דעם קרבן תמיד אין דער פרי מקריב) מיט עלף (כהנים), ער אליין (דער תמיד) מיט ניין (כהנים), און (א חוץ זיי, נאָך) צוויי (כהנים) וועלכע האלטן אין זייערע הענט צוויי לעפל ווייררויך (לבונה) פון לחם הפנים. יעדן שבת האָט מען געבראַכט אין בית המקדש 12 ברויטן, לחם הפנים (דאָס ברויט פון געזיכט, זע אין מסכתא שקלים פרק ו' משנה ד'), און ביים לחם הפנים איז געלעגן צוויי לעפל מיט ווייררויך, וועלכע מען האָט אין דעם אנדערן שבת מקטיר געווען (פארברענט) אויפן מזבח ווען מען האָט מקריב געווען דעם קרבן תמיד. ממילא זענען צוגעקומען נאָך 2 כהנים. ובשבת שבתוך, און אים שבת, וואָס קומט אוים אים סוכות, האַלט איין (כהן) אין האַנט דאָס גלעזל וואסער. ממילא האָט מען דאמאָלס געדארפן האָבן 12 כהנים; 11 כהנים פאר דעם תמיד פון שבת, און איין כהן צום גלעזל וואסער.

ו. איל, א ווידער (איל) איז מען מקריב דורך עלף כהנים). צווישן די קרבנות־ציבור, די קרבנות, וואָס מען האָט געבראַכט פאר דעם גאנצן כלל ישראל (ניט אן איינצלנער מענטש האָט זיי געבראַכט) זענען געווען שעפּסן (כבש) אלט ביז איין יאָר, ווידערס (איל), שעפּסן זכרים, אלט ניט ווינציקער פון איין יאָר און 31 טעג, און אָקסן (פר), אלט ניט ווינציקער פון איין יאָר און 31 טעג. זאָגט די משנה, אז צום מקריב זיין אן איל, א ווידער, האָט מען געדארפן האָבן 11 כהנים, הבשר, דאָס פליש (די שטי־קער, די איברים, א חוץ די אינגעווייד) דורך פינף כהנים, און די אינגעווייד (הקרביים) און דאָס מעל און דער וויין צו צוויי כהנים יעדער פון זיי. די אינגעווייד (די קישקעס) פון א ווידער זענען שווערער ווי פון א שעפּס, און אויך דאָס מעל און דער וויין וואָס מען האָט געדארפן ברענגען מיט א איל איז מער ווי צו א שעפּס (זע אין מסכתא שקלים פרק ה' משנה ג'), און דעריבער האָט יעדער פון זיי געדארפן האָבן צוויי כהנים, דאָס הייסט צוזאמען 11 כהנים.

ז. פר, אן אָקס איז מען מקריב דורך פיר־און־צוואנציק כהנים (דהיינו): דעם קאָפּ און דעם רעכטן פוס (איז מען מקריב) דעם קאָפּ דורך איין (כהן) און דעם פוס דורך צוויי (כהנים); דעם וויידל און דעם לינקן פוס (איז מען מקריב) דעם וויידל דורך צוויי (כהנים) און דעם פוס דורך צוויי; די ברוסט און דעם האלדז (איז מען מקריב) די ברוסט דורך איין (כהן) און דעם האלדז (צוזאמען מיט דער לונג־און־לעבער) דורך דריי (כהנים); די צוויי הענט (פאָדערשטע פוס) דורך צוויי (כהנים); די צוויי זייטן דורך צוויי (כהנים); די אינגעווייד, און דאָס מעל, און דעם וויין (איז מען מקריב) צו דריי כהנים (יעדן פון זיי דורך דריי כהנים). צוזאמען איז עס 24 כהנים. דער טעם איז ווייל אן אָקס איז א סך שווערער, און דאָס מעל און וויין, וואָס מען ברענגט מיט אים איז א סך מער. זע מסכתא שקלים פרק ה' משנה ג'. במה דברים אמורים, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? אז מען האָט געדארפן האָבן צו יעדער בהמה אזוי פיל כהנים,

## פרק ג.

**א. אמר להם הממונה: צאו וראו אם הגיע זמן השחיטה. אם הגיע, הרואה אומר: „ברקאי". מתתיא בן שמואל אומר, האיר פני כל המזרח. עד שבחברון? והוא אומר, הן:**

**ב. ולמה הוצרכו לכך? שפעם אחת עלה מאור הלבנה, ודימו שהאיר מזרח ושחטו את התמיד, והוציאוהו לבית השריפה. הורידו כהן גדול**

**און אז מען האָט געוואָרפן גורל?** בקרבנות ציבור, (נור) ביי קרבנות פון ציבור (וואָס מען האָט געבראַכט פאַרן כלל־ישראל וועגן), אָבער ביי קרבנות פון יחיד (וואָס אן איינצלנער מענטש האָט געבראַכט אין בית המקדש מקריב צו זיין), אויב ער וויל מקריב זיין זאָל ער מקריב זיין. **רשי אין מסכתא תמורה פרק ז' משנה ג' טייטשט, אז דער קרבן־ברענגער האָט געקאָנט זיך אויסקלויבן וועלכן כהן ער וויל, און זאָל פאַר אים מקריב זיין אליין דעם גאַנצן קרבן.** הפשטן, דאָס אָראָפּציען (די פעל) און דאָס צעשניידן די בהמה (אויף שטיקער) זענען סיי ביי די (קרבנות פון ציבור) און סיי ביי די (קרבנות פון יחיד) גלייך. **די דאָזיקע אַרבייטן מוזן ניט דוקא געטאָן ווערן דורך כהנים, און אויך א ישראל מעג זיי טאָן.**

## פרק ג.

א. אָמר להם, (ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן ווערן טאָג) האָט געזאָגט צו זיי (צו די כהנים) דער ממונה (דער אויפזעער): גייט אַרויס (אויף א הויכן אָרט אין בית המקדש) און זעט, צי עס איז שוין געקומען די צייט פון שעכטן. **טייל מפרשים מיינען, אז מיט „ממונה" מיינט מען דאָ דעם סגן הכהנים, דעם געהילף פון כהן גדול. אַזוי ווי באַלד אין דער פרי האָט מען געדאַרפן שעכטן דעם קרבן תמיד (און ביינאַכט, איי־דער עס איז געוואָרן טאָג האָט מען ניט געטאָרט אים שעכטן), האָט דער ממונה גע־הייסן איינעם פון די כהנים אַרויפגיין אויף דעם הויכן אָרט און קוקן אויפן הימל, צי מען זעט שוין טאָג־ליכט און מען מעג שוין שעכטן.** אם הגיע, אויב עס איז שוין אָנ־געקומען (די צייט), אויב עס האָט זיך שוין באַוויזן טאָג־ליכט) רופט אויס דער וואָס האָט דערזען (דאָס טאָג־ליכט): „ברקאי!", „עס איז ליכטיק!" **דאָס וואָרט „ברקאי" איז פון „ברק", בליץ, גלאַנץ, פרימאָרגן־ליכטיקייט.** מתתיא בן שמואל זאָגט: עס האָט אויפ־געלויכטן דער מזרח (דער מזרח־טייל פון הימל). **אין מסכתא שקלים פרק ה' משנה א' ווערט געזאָגט, אז מתתיא בן שמואל איז געווען דער ממונה איבער די גורלות־וואַרפן צווישן די כהנים** (די פייסות), **וועגן וועלכע מיר האָבן געלערנט אין פאַריקן פרק.** עד, ביז צו חברון? און ער ענטפערט יאָ. **מען האָט געפרעגט דעם כהן־אויסקוקער, צי דער הימל איז שוין טאָג ליכטיק ביז חברון, און ער האָט געענטפערט: יאָ. דער ירו־שלמי זאָגט, אז מען האָט דערמאָנט דאַביי די שטאָט חברון, (וועלכע ליגט צו דרום פון ירושלים) כדי צו דערמאָנען דעם זכות פון די אבות אברהם יצחק און יעקב, וועלכע ליגן אין חברון (אין מערת המכפלה).**

ב. ולמה, און צו־וואָס האָט מען עס געדאַרפן דערצו? **צו־וואָס האָט מען גע־דאַרפן זיין אַזוי פאַרזיכטיק און אכטונג געבן צי דאָס טאָג־ליכט האָט זיך שוין באַוויזן?** שפעם אחת, ווייל איינמאָל איז געהאַט אויפגעגאַנגען דאָס ליכטיקייט פון דער לבנה, און מען האָט געמיינט, אז עס האָט אויפגעלאַכטן דער מזרח (וואו די זון באַווייזט זיך אין פרימאָרגן) און מען האָט געשאָכטן דעם קרבן תמיד (און דערנאָך האָט מען באַמערקט דעם טעות) און מען האָט אים (דעם קרבן תמיד) אַרויסגעפירט צום פאַרברענען. **מחמת א קרבן וואָס מען שעכט ביינאַכט איז פסול און מען דאַרף אים פאַרברענען און מקריב זיין אנשטאָט אים אן אַנדערן קרבן. די מפרשים ווייזן אָן, אז דאָס איז ניט פאָרגעקומען אים יום כיפור, נאָר אין אן אַנדערן טאָג, ווען עס איז סוף חודש, און די לבנה באַווייזט זיך אין מזרח־זייט; ווארום אים יום כיפור, וואָס איז צען טאָג אין תשרי, צען טאָג אין חודש, באַווייזט זיך ניט די לבנה אין מזרח־**

**לבית הטבילה. זה הכלל היה במקדש, כל המיסך את רגליו טעון טבילה, וכל המטיל מים טעון קדוש ידים ורגלים:**

**ג. אין אדם נכנס לעזרה לעבודה, אפילו טהור עד שיטבול. חמש טבילות ועשרה קדושין טובל כהן גדול ומקדש בו ביום; וכולן בקדש על**

---

זייט. הורידו כהן גדול, מען האָט אראָפּגעפירט דעם כהן גדול צום אָרט פון טובל־זיין. **איצט הויבט אָן די משנה צו געבן בפרטות דעם גאנצן סדר ווי אזוי דער כהן גדול האָט אים יום כיפור דורכגעפירט די עבודות אין בית המקדש.** ווי נור מען האָט באמערקט, **יום כיפור צום סוף נאכט, אז עס איז שוין טאָג־ליכט, אז די מזרח־זייט פון הימל איז שוין ליכטיק ביז חברון, האָט מען געפירט דעם כהן גדול, אז ער זאָל זיך טובל זיין, איידער ער וועט גיין שעכטן דעם קרבן תמיד.** זה הכלל, דער דאָזיקער כלל איז געווען אין בית המקדש: יעדער וואָס איז מיסך רגליו (האָט נקבים גדולים, שטילגאנג) דאַרף זיך טובל זיין (דעם גאנצן קערפּער אין מקוה), און ווער עס לאָזט וואסער (מטיל מים, איז משתין) דאַרף זיך וואשן די הענט און די פיס. „מיסך רגליו", **באדעקן די פיס, איז א צניעות'דיקע באצייכנונג פאר האָבן שטילגאנג, און דער דאָזיקער אויסדרוק איז** פאראַן אין שמואל א' כ"ד ביי שאול המלך („להסך את רגליו"). „מטיל מים", לאָזן וואַסער, **איז די צניעות־דיקע באצייכנונג פאר משתין זיין. „טובל זיין" מיינט אונטער־טונקן דעם גאנצן קערפּער אין מקוה. „קידוש ידים ורגלים", „הייליקן די הענט און די פיס", מיינט וואשן זיך נור די הענט און די פיס. די פשוטע כהנים פלעגן זיך וואשן פון כיור, אזא וואסער רעזערוואואר, און דער כהן גדול האָט זיך געוואשן די הענט און פיס אים יום כיפור פון א גאָלדענעם בעקן (זע ווייטער פרק ד' משנה ה').**

ג. אין, קיין מענטש טאָר ניט אריינגיין אין דער עזרה (אין בית־המקדש־הויף, אפילו נור איז דער עזרת ישראל, וואו ישראלים מעגן אריינקומען) צו טאָן א עבודה, סיידן ער איז זיך פריער טובל. **דער ירושלמי זאָגט, אז אפילו ניט צו טאָן א עבודה מוז מען אויך זיך טובל זיין איידער מען גייט אריין אין דער עזרה.** חמש, טבילות, פינף טבילות (פינף מאָל טובל־זיין) און צען קידושים (צען מאָל וואשן זיך די הענט און די פיס) איז דער כהן גדול זיך טובל און איז זיך מקדש (וואשט די הענט און פיס) אין טאָג (פון יום כפור), און אלע (דאָזיקע טבילות) זענען געווען אין קודש אויפן (דאך) פון פרוה־הויז (אין הייליקן בית־המקדש הויף), א חוץ די דאָזיקע (ערשטע טבילה) אליין. **די ערשטע טבילה האָט דער כהן גדול זיך טובל געווען ניט ווייט פון דער קאַמער אין וועלכער ער האָט געוואוינט די 7 טעג פאר יום כיפור, לעבן דעם וואסער־טויער** (שער המים), **און די דאָזיקע מקוה איז געווען ניט אין הייליקן בית־ המקדש־הויף נאָר אין דרויסן. דאקעגן אלע ווייטערדיקע טבילות איז ער זיך טובל אין דער מקוה אויף דעם דאך פון בית הפרוה, דאָס פּרוה־הויז, וואָס איז געווען אין דער הייליקער עזרה. די גמרא זאָגט, אז עס איז געווען א מכשף מיטן נאָמען פּרוה און ער האָט דאָס הויז געבויט און מען האָט עס אָנגערופן אויף זיין נאָמען. כדי צו פארשטיין די דאָזיקע משנה פון „5 טבילות און 10 קידושים", וועלן מיר דאָ געבן א דערקלע־רונג, וואָס וועט אונז געבן צו פארשטיין אויך די ווייטערדיקע משנות. אים יום כיפור האָט דער כהן גדול געהאָט צו טאָן אין בית המקדש צוויי סאָרטן עבודות. איין סאָרט עבודות זענען געווען אזעלכע, וואָס האָבן ניט געהאָט קיין שייכות מיט יום כיפור, און מען האָט זיי געדאַרפט טאָן אויך אין יעדן אנדערן טאָג אָדער אין יעדן אנדערן יום טוב. דאָס זענען געווען, למשל דאָס מקריב זיין דעם קרבן תמיד, אויסרייניקן די מנורה, מקטיר זיין די געוויינטליכע קטורת אויף דעם אינווייניקסטן מזבח (מזבח הפנימי), מקריב זיין דעם קרבן מוסף. די דאָזיקע וועלן מיר רופן „סתם עבודות". דער צווייטער סאָרט עבודות זענען געווען אזעלכע, וואָס נור צוליב יום כיפור האָט מען זיי געטאָן. דאָס זענען געווען די עבודות שעכטן דעם אָקס און דעם באָק (פר ושעיר), דאָס אריינגיין אין קודש הקדשים מיט דער פייער־פאַן און דאָרט מקטיר זיין**

בית הפרוה, חוץ מזו בלבד:

ד. פרסו סדין של בוץ בינו לבין העם: פשט, ירד וטבל, עלה ונסתפג.

(ברענען) די באזונדערע יום כיפור־קטורת, דאָס מתודה זיין זיך, דאָס אוועקשיקן דעם שעיר המשתלח, דאָס נאָכאמאָל אריינגיין אין קודש הקדשים ארויסצונעמען די פייער־פאַן. די דאָזיקע עבודות הייסן דאריבער „עבודות היום", עבודות וואָס זענען נור צוליב יום כיפור. און אויסנאַם זענען געווען דאָס מקריב זיין צוויי קרבנות, דעם ווידעם („איל") פון כהן גדול און דעם ווידער („איל") פון פאָלק ישראל, וואָס כאָטש מען האָט זיי מקריב געווען נור אים יום כיפור, אָבער ווייל אלץ ארום זיי איז געטאָן געוואָרן נור אויפן בית־המקדש־הויף, און דער כהן גדול האָט צוליב זיי גאָרניט געדארפן אריינגיין אין קודש הקדשים (עס איז געווען אינגאנצן „עבודת חוץ") האָבן זיי געהאָט דעם דין פון „געוויינליכע עבודות", ניט פון „עבודות היום". די געוויינליכע עבודות האָט דער כהן גדול געטאָן זייענדיק אָנגעטאָן אין בגדי כהונה, די כהונה־מלבושים, וואָס דער כהן גדול טראָגט אלע טעג אין יאָר. די דאָזיקע בגדים פון כהן גדול רופט מען „בגדי זהב", די „גאָלדענע בגדים", מחמת א טייל פון זיי זענען געווען פון גאָלד. דאָס זענען 8 שטיק: הויזן (מכנסים), א העמדל (כתונת), א גארטל (אבנט), און (מצנפת) א היטל (טייל פון זיי פון וואָל און טייל פון פלאַקס געפארבט אין פארשידענע פארבן), און אויך א אָבער־מאַנטל (מעיל), די גאָלדענע בלעך (ציץ) דעם חושן און דעם אפוד (וועגן די אַלע מלבושים געבן מיר ווייטער פרק ז' משנה ה'). אָבער די „עבודות היום", וואָס ווערן געטאָן נור צוליב יום כיפור, האָט דער כהן גדול געמוזט טאָן נור אין „בגדי לבן", ווייסע בגדים, וואָס זענען געווען ניט מער ווי 4 שטיק: הויזן, העמדל, גארטל און היטל, און אלע זענען זיי געווען געמאַכט פון ווייסן פלאַקס. ווי מיר וועלן לערנען ווייטער האָט דער כהן גדול אים יום כיפור, טוענדיק צוערשט עטליכע געוויינליכע עבודות, באלד דערנאָך געמוזט טאָן עטליכע עבודות היום, און דערנאָך ווידער עטליכע געוויינליכע עבודות און דערנאָך ווידער עטליכע עבודות היום, און דערנאָך ווידער עטליכע געוויינליכע עבודות. אזוי ארום איז אויסגעקומען אז דער כהן גדול האָט געדארפן עטליכע מאָל אויסטאָן די גאָלדענע בגדים און אָנטאָן די ווייסע בגדים, אויסטאָן די ווייסע בגדים און אָנטאָן די גאָלדענע בגדים. יעדעס מאָל ביים טוישן די צוויי סאָרטן הייליקע בגדים איינע אויף די אנדערע האָט דער כהן גדול געמוזט איינמאָל זיך טובל זיין אין מקוה, און צוויי מאָל וואשן זיך די הענט און פיס (קידוש), דהיינו: נאָכן אויסטאָן די איינע בגדים זיך וואשן די הענט און פיס, דערנאָך זיך טובל זיין, און דערנאָך זיך אָנטאָן די אנדערע בגדים און זיך וואשן די הענט און פיס. אזוי ארום איז אויסגעקומען, אַז דער כהן גדול האָט זיך טובל געווען 5 מאָל און געוואשן זיך די הענט און פיס 10 מאָל. די משנה וועט ווייטער געבן, ווען דאָס איז פאָרגעקומען. דאָס איצטיקע ערשטע מאָל, ווען דער כהן גדול האָט אויסגעטאָן זיינע וואָכעדיקע מלבושים און אָנגעטאָן די גאָלדענע האָט ער זיך טובל געווען, אָבער געוואשן די הענט און פיס האָט ער נור איינמאָל, נאָכן אָנטאָן די גאָלדענע מלבושים, מחמת ביים אויסטאָן די וואָכעדיקע מלבושים האָט ער זיך ניט געדארפן וואשן. דערפאר האָט ער דאָס צענטע מאָל זיך געוואשן צום סוף, פון אלע עבודות, ווען ער האָט אויסגעטאָן די הייליקע כהונה־מלבושים און האָט זיך אָנגעטאָן די וואָכעדיקע מלבושים. זאָל דער לערנער געדענקן גוט וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, און ער וועט דאדורך בעסער פארשטיין די ווייטערדיקע משנות. — איצט וועט די משנה דערציילן ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען די ערשטע טבילה פון כהן גדול.

ד. פרסו, מען האָט אויסגעשפרייט א ליילעך פון פלאַקס־שטאָף (בוץ) צווישן אים (דעם כהן גדול) און דעם (פארזאמלטן) פאָלק; ער האָט זיך אויסגעטאָן (די וואָכעדיקע קליידער), איז אראָפּגעגאנגען (אין מקוה) און האָט זיך טובל געווען; ער איז ארויפגעגאנגען און זיך אָפּגעווישט. „בוץ" (**פאראן אויך אין ספר אסתר א'**) מיינט

**הביאו לו בגדי זהב ולבש, וקדש ידיו ורגליו, הביאו לו את התמיד, קרצו, ומרק אחר שחיטה על ידו. קבל את הדם וזרקו. נכנס להקטיר קטורת של שחר ולהטיב את הנרות, ולהקריב את הראש ואת האברים ואת החביתין ואת היין:**

---

טייערע פלאַקס־שטאָף. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז געווען צו דערמאָנען, אז די עבודות היום וועלן פאָרקומען אין ווייסע קליידער (פלאַקס־קליידער). הביאו, מען האָט אים (דעם כהן גדול) געברענגט די גאָלדענע קליידער (בגדי זהב) און ער האָט זיך אָנגעטאָן און זיך געוואַשן זיינע הענט און זיינע פיס. **אַזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט, אַז נאָכן אָנטאָן די בגדי כהונה האָט דער כהן גדול געדאַרפן האָבן קידוש ידים ורגלים.** הביאו לו את התמיד, מען האָט אים (צום כהן גדול) געבראַכט דעם תמיד (דאָס שעפסל פאַר דעם קרבן תמיד), ער האָט אים געשאָכטן, און אן אנדערער (מענטש) האָט פאַרענדיקט די שחיטה אָנשטאָט אים. „קרצו" פון וואָרט „קרץ" צעשניידן **(ירמיה ו' קרץ מצפון), מיינט דאָ שעכטן. דער כהן גדול האָט נור איבערגעשאָכטן דעם רוב פון די צוויי סימנים, דעם קנה און ושט, און אן אנדערער מענטש האָט צוגעשניטן דאָס איבריקע.** „מרק" הייסט פאַרענדיקן, און די מפרשים מיינען, אז עס איז דאָס־**זעלבע וואָס איז ירמיה מ"ו „ומרקו הרמחים", פאָלירן די שפיזן, מאכן א זאַך אין אָרדנונג.** קבל, ער (דער כהן גדול) האָט אריינגענומען זיין (דעם שעפסל'ס) בלוט (אין א כלי) און ער האָט געשפּריצט דאָס (בלוט אויפן מזבח). **דאָס זענען געווען די ערשטע עבודות פון כהן גדול; שעכטן דעם קרבן תמיד, נעמען זיין בלוט און שפּריצן אויפן מזבח.** נכנס, (דערנאָך) איז ער (דער כהן גדול) אריינגעגאַנגען (אין היכל) מקטיר צו זיין (צו ברענען אויף דעם אינווייניקסטן מזבח) די קטורת פון פרימאָרגן, און (דאָרט) אויך אויסצוריייניקן די ליכטלעך (אין דער מנורה), און (ער איז צוריק ארויסגעקומען און) מקריב געווען (אויף דעם אויסנווייניקסטן מזבח) דעם קאָפּ (פון געשאָכטענעם קרבן־תמיד־שעפסל) און די (צושניטענע) איברים (שטיקער פון קרבן תמיד־שעפסל) און די חביתין (די טעגליכע מנחה פון כהן גדול) און דעם וויין (וואָס קומט מיטן קרבן תמיד). **אייגענטליך פעלט אז דער כהן גדול האָט אויך מקריב געווען (מיטן קרבן תמיד) דאָס מעל געמישט מיט אייל** (סולת) **ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ב' משנה ג'. נאָר מיט „וויין" מיינט מען שוין אלץ. — דאָ איז וויכטיק צו געבן נאָך א דערקלערונג כדי מען זאָל פאַרשטיין די עבודות פון כהן גדול, און וואו ער איז כסדר געגאַנגען. אין בית המקדש הויף איז געשטאַנען א מזבח, וועלכער האָט געהייסן „מזבח החיצון", דער אויסנווייניקסטער מזבח; אויף אים האָט מען מקריב געווען (פאַרברענט) די קרבנות. אין דער זייט אין הויף איז געשטאַנען די הייליקע געביידע פון בית המקדש. אין דער געביידע ווען מען איז אריינגעקומען, איז געווען צוערשט א „אולם", א גרויסער זאַל, א סאָרט פאַר־האַליע. פון אולם איז מען אריינגעקומען אין א צווייטן צימער, מיטן נאָמען „היכל". דאָרט איז געשטאַנען די מנורה, וועלכע מען האָט אָנ־געצינדן יעדן טאָג און מען האָט יעדן טאָג אויך געדאַרפן אויסרייניקן די ליכטלעך, די ברענערס פון דער מנורה. עס איז דאָרט אויך געשטאַנען א „מזבח הפנימי", דער „אינערליכער מזבח", וועלכן מען האָט אויך גערופן „מזבח הזהב", דער גאָלדענער מזבח. אויף אים האָט מען יעדן טאָג, צוויי מאָל אין טאָג, אין דער פרי און פאַרנאַכט מקריב געווען קטורת (ארויפגעוואָרפן בשמים אויף פייערדיקע קוילן). ווי מיר וועלן לערנען ווייטער האָט מען אויף דעם דאָזיקן מזבח געטאָן נאָך עבודות. פון דעם היכל איז מען אריינגעקומען אין א דריטן צימער, אין דעם הייליקסטן, דעם קודש הקדשים. דאָרט האָט מען א גאַנץ יאָר ניט געטאָרט אריינקומען, און נור דער כהן גדול איז אריינגעקומען אים יום כיפור, כדי מקטיר צו זיין דאָרט די יום־כיפור־קטורת און צו שפּריצן דאָס בלוט פון די ספּעציעלע יום כיפור קרבנות. אין דער צייט פון 1טן בית המקדש איז דאָרט געשטאַנען דער ארון. זאָל דער לערנער דאָס אלץ געדענקן.**

**ה. קטורת של שחר היתה קריבה בין דם לאברים; של בין הערבים — בין אברים לנסכים. אם היה כהן גדול זקן או איסטנים, מחמין לו חמין ומטילין לתוך הצונן, כדי שתפיג צנתן.**

**ו. הביאוהו לבית החרוה, ובקדש היתה. פרסו סדין של בוץ בינו לבין העם. קדש ידיו ורגליו ופשט. ר׳ מאיר אומר, פשט קדש ידיו ורגליו. ירד וטבל, עלה ונסתפג. הביאו לו בגדי לבן, לבש וקדש ידיו ורגליו:**

**ז. בשחר היה לובש פלוסין של שנים עשר מנה, ובין הערבים הנדוין של שמונה מאות זוז, דברי ר׳ מאיר. וחכמים אומרים, בשחר**

---

ה. קטורת, די קטורת פון דער פרי (וואס מען האט מקטיר געווען יעדן טאג אין דער פרי) האט מען מקטיר געווען (אין דער צייט) צווישן (שפריצן) דאס בלוט (פון קרבן תמיד אין דער פרי) און (מקריב זיין) די אברים. (פון קרבן תמיד אין דער פרי); די (קטורת) פון פארנאכט האט מען מקטיר געווען צווישן (מקריב זיין) די איברים (פון פארנאכטיקן קרבן תמיד) און די נסכים (דאס מעל און וויין פון פאר־נאכטיקן קרבן תמיד). **מיר האבן שוין געגעבן, אז מען האט יעדן טאג מקריב געווען צווי שעפסלעך אלס קרבן תמיד: איינס אין דער פרי און דאס האט געהייסן „תמיד של שחר", און איינס פארנאכט און דאס האט געהייסן „תמיד של בין הערביים".** אם היה, אויב דער כהן גדול איז געווען אלטער מאן אדער א מפונק (איסטנים, א שוואכלינגער) ווארעמט מען אים אן ווארעם (וואסער) און מען טוט עס אריין אין דעם קאלטן (וואסער אין דער מקוה) כדי אויסצואווארעמען זייער קעלט. **דאס וואסער האט מען אנגעווארעמט ערב יום כיפור. אין דער גמרא זאגט ר׳ יהודה, אז מען האט אנ־געווארמט שטיקער אייזן. וועגן אויסדרוק „תפוג", אויסוועפן, האבן מיר געגעבן פריער פרק א׳ משנה ז׳ („והפג"); דארט מיינט מען שוואכער מאכן די היץ, און דא מיינט מען שוואכער מאכען די קעלט. — ביז איצט האט דער כהן גדול געטאן די געוויינליכע עבודות, טראגנדיק די בגדי זהב, די גאלדענע קליידער. איצט דארף ער שוין צוטרעטן צו טאן די ספעציעלע יום־כיפור־עבודות, און ער גייט זיך איבערטאן אין די ווייסע קליידער (בגדי לבן), און די משנה זאגט:**

ו. הביאוהו, מען האט אים (דעם כהן גדול) צוגעפירט צום פרוה־הויז (וואו עס איז געווען די מקוה), און זי איז געווען אין הייליקן ארט. **מיר האבן פריער אין משנה ג׳ געגעבן וועגן דעם בית הפרוה.** פרסו, מען האט אויסגעשפרייט א ליילעך פון פלאקס־שטאף „בוץ" צווישן אים (דעם כהן גדול) און דעם פאלק. ער האט זיך גע־וואשן זיינע הענט און זיינע פיס און האט זיך אויסגעטאן (די גאלדענע קליידער); ר׳ מאיר זאגט, אז ער האט (צוערשט) זיך אויסגעטאן (די גאלדענע קליידער) און (דערנאך) זיך געוואשן זיינע הענט און זיינע פיס. ער איז אראפגעגאנגען (אין מקוה) און האט זיך טובל געווען, ער איז ארויפגעגאנגען און האט זיך אפגעווישט; מען האט אים געבראכט די ווייסע קליידער (בגדי לבן), ער האט זיך אנגעטאן (אין זיי) און האט זיך געוואשן זיינע הענט און זיינע פיס. **איידער די משנה גייט זאגן וועגן די עבודות היום וואס דער כהן גדול איז געגאנגען איצט טאן, זאגט די משנה פריער וועגן די דאזיקע בגדי לבן, די ווייסע פלאקס־קליידער, אז זיי זענען געווען פון זייער טייערן שטאף, דהיינו:**

ז. בשחר, אין דער פרי (אים יום כיפור) האט ער אנגעטאן (די ווייסע קליידער, פון א פלאקס־שטאף, וואס האט געהייסן) פלוסין, (וואס האבן געקאסט) צוועלף מנה (א מנה איז הונדערט דינר), און פארנאכט (האט ער אנגעטאן די ווייסע קליידער פון א פלאקס־שטאף וואס האט געהייסן) הנדוין וואס האבן געקאסט אכט מנה, אזוי זאגט ר׳ מאיר; און די חכמים זאגן, אז אין דער פרי האט ער אנגעטאן פאר אכצן מנה און פארנאכט פאר צוועלף מנה; אלע (די קליידער אין דער פרי און פארנאכט צוזא־מען) האבן געקאסט דרייסיק מנה (ניט לויט ר׳ מאיר און נאר לויט די חכמים).

**היה לובש של שמונה עשר מנה, ובין הערבים של שנים עשר מנה. הכל שלשים מנה. אלו משל צבור; וא םרצה להוסיף, מוסיף משלו:**

**ח. בא לו אצל פרו; ופרו היה עומד בין האולם ולמזבח, ראשו לדרום ופניו למערב, והכהן עומד במזרח ופניו למערב, וסומך שתי ידיו עליו ומתודה. וכך היה אומר: אנא השם, עויתי, פשעתי, חטאתי לפניך, אני וביתי; אנא השם, כפר נא לעונות ולפשעים ולחטאים, שעויתי ושפשעתי ושחטאתי לפניך אני וביתי, ככתוב בתורת משה עבדך** (ויקרא ט״ז) **„כי ביום הזה יכפר עליכם" וגומר. והן עונין אחריו: „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד":**

**ט. בא לו למזרח העזרה לצפון המזבח, הסגן מימינו וראש בית אב**

---

**ר' בנימין מוספיא** אין „מוסף הערוך" מיינט אז „פלוסין" איז פון „פעלוסיאָן", א שטאָט אין עגיפטן, וואָס האָט אויסגעארבייט טייערע פלאַקס־שטאָפן, און אויך די אלטע רוימישע שרייבער (פליניוס) דערמאָנען די „פעלוסיום"־שטאָפן אלס זייער טייערע; „הנדיין" מיינט מען טייערע פלאַקס־שטאָפן, וועלכע מען האָט געבראכט פון **אינדיע.** אלו, די דאָזיקע איז געווען פון ציבור (־געלט), און אויב ער (דער כהן גדול) וויל צוגעבן פון זיין אייגן (געלט, און קויפן נאָך טייערערע שטאָפן) מעג ער צוגעבן פון זיין אייגן (געלט). **די גמרא זאָגט, אַז אויב דער כהן גדול לייגט צו זיין אייגן געלט מוז ער עס מקדיש זיין און איבערגעבן צום בית המקדש. אין דער גמרא ווערט אויך געבראכט וועגן רייכע כהנים גדולים, וועלכע האָבן צוגעלייגט גרויסע סומען געלט צו קויפן טייערע בגדי לבן.**

ח. בא לו, ער (דער כהן גדול) איז (זייענדיק אָנגעטאָן אין די ווייסע קליידער) צוגעגאנגען צו זיין אָקס, און זיין אָקס איז געשטאַנען צווישן דעם אולם און דעם מזבח (דעם אויסנווייניקסטן מזבח); זיין (דעם אקס'ס) קאָפּ איז געווען אין דרום און זיין פנים (אויסגעדרייט) צו מערב, און דער כהן (גדול) איז געשטאַנען אין מזרח און זיין (דעם כהן גדול'ס) פנים (איז געווען אויסגעדרייט) צו מערב, און ער האָט ארויפגע־לייגט זיינע ביידע הענט אויף אים (אויף דעם אָקס) און האָט זיך מתוודה־געווען. **דאָס איז געווען א ספּעציעלער יום כיפור־קרבן, דער „אָקס פון כהן גדול" (פר של כהן גדול), וועגן וועלכן עס ווערט געזאָגט אין חומש ויקרא ט"ז „והקריב אהרן את פר החטאת אשר לו וכפר בעדו ובעד ביתו".** וכך, און אזוי האָט ער ,דער כהן גדול) געזאָגט (זיין וידוי:) „אָ, נאָמען (גאָט), איך האָב געקרומט, איך האָב פושע געווען, איך האָט געזינדיקט, פאר דיר, איך און מיין הויז־געזינד; אָ, נאָמען (גאָט), פארגיב די עוונות און די פשעים און די זינד, וואָס איך האָב פארקרומט און פושע געווען און געזינדיקט פאר דיר, איך און מיין הויז־געזינד, ווי עס איז געשריבן אין דער תורה פון דיין קנעכט משה (ויקרא ט"ז) „ווארום אין דאָזיקן טאָג וועט ער פארגעבן אייך" און אזוי ווייטער. און זיי (דאָס פאָלק וואָס הערט די וידוי פון כהן גדול) ענט־פערן נאָך אים: „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" (געבענטש איז דער נאָמען פון דעם כבוד פון זיין קעניגרייך אויף אייביק). **דער כהן גדול האָט געזאָגט אים יום כיפור דריי מאָל וידוי: איינמאָל פאר זיך און פאר זיין הויז־געזינד, דאָס צווייטע מאָל פאר די כהנים, און דאָס דריטע מאָל פאר דעם גאנצן פאָלק ישראל. דאָס איצ־טיקע מאָל איז געווען פאר זיך און פאר זיין הויז־געזינד. דאָס וואָרט „השם" (נאָ־מען) מיינט, אז דער כהן גדול האָט דאָ ארויסגעזאָגט דעם נאָמען פון גאָט ווי ער איז געשריבן ,דעם שם הויה), און די משנה גיט נור סתם „השם", „דער נאָמען" (זע ווייטער פרק ו' משנה ב'). די ווערטער „און אזוי ווייטער" מיינען, אז דער כהן גדול האָט געזאָגט דעם גאנצן פסוק „כי ביום הזה יכפר עליכם לטהר אתכם מכל חטאתיכם לפני ה' תטהרו".**

ט. בא לו למזרח, (דערנאָך) איז ער (דער כהן גדול) צוגעגאנגען צו מזרח אין

**משמאלו, ושם שני שעירים, וקלפי היתה שם, ובה שני גורלות; של אשכרוע היו, ועשאן בן גמלא של זהב; והיו מזכירין אותו לשבח:**

**י. בן קטין עשה שנים עשר דד לכיור, שלא היו לו אלא שנים; ואף הוא עשה מוכני לכיור, שלא יהיו מימיו נפסלין בלינה. מונבז המלך היה עושה כל ידות הכלים של יום הכפורים של זהב. הילני אמו**

דער עזרה (צו צפון פון מזבח), דער סגן (דער געהילף כהן) איז געווען פון זיין רעכטער (זייט) און דער ראש בית אב פון זיין לינקער (זייט). „סגן" האָט געהייסן **דער געהילף פון כהן גדול. ראש בית אב, דער פירער פון בית אב, האָט געהייסן דער כהן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם בית אב, מיט אן אָפּטיילונג כהנים. אלע כהנים זענען געווען איינגעטיילט אין 24 משמרות. און יעדער משמר כהנים האָט געטאָן די עבודה אין בית המקדש איין וואָך. דער משמר כהנים איז געווען איינגע־טיילט אין 6 (לויט טייל מיינונגען אין 7) בתי אבות, און יעדער בית אב־כהנים האָט געטאָן די עבודה איין טאָג אין דער וואָך. זייער פירער און עלטסטער האָט געהייסן ראש בית אב. דאָ מיינט די משנה דעם פירער פון בית אָב, וואָס זיין טאָג פון עבודה איז אויסעפאלן אים יום כיפור.** ושם, און דאָרט (אין מזבח אין דער עזרה) זענען געשטאַנען צוויי בעק (שעירים). **דער חומש (ויקרא ט"ז) זאָגט, אז אים יום כיפור זאָל מען נעמען צוויי שעירים („שׂעיר" הייסט דער זכר פון א ציג), און איינעם פון זיי זאָל מען מקריב זיין פאר גאָט און איינעם (שעיר המשתלח) זאָל מען אוועקשיקן אין דער מדבר (לעזאזל), כדי צו וויסן, וועלכן פון זיי דארף מען מקריב זיין פאר גאָט און וועלכן זאָל מען אוועקשיקן, האָט מען געוואָרפן גורל. זאָגט די משנה אז די צוויי שעירים זענען געשטאַנען אין מזרח אין דער עזרה.** וקלפי, אין א קלפי (א־היל־צערן קעסטל) איז דאָרט געווען, און אין אים זענען געלעגן צוויי גורלות. **דאָס זענען געווען צוויי קלעצלעך, אויף איינעם איז געווען אויפגעשריבן „לה'" (צו גאָט), און אויפן אנדערן „לעזאזל". „קלפי", מיינט ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך", איז פון גריכישן וואָרט „קאלפע", א בעכער, אין וועלכן מען לייגט אריין די גורל־קוויטלעך.** של אשכרוע, זיי (די צוויי גורלות) זענען געווען פון בוקסבוים־האָלץ (אשכרוע), און (דערנאָך) האָט בן גמלא זיי געמאכט פון גאָלד, און מען האָט אים (בן גמלא'ן) דערפאר דערמאָנט צום גוטן (לשבח, צום לויב). **בן גמלא איז געווען דער כהן גדול יהושע בן גמלא, און די גמרא בבא בתרא כ"א דערציילט וועגן אים, אז ער האָט איינגעפירט אז מלמדים זאָלן לערנען אין יעדער שטאָט מיט די קינדער.**

י. בן קטין האָט געמאַכט צוועלף רערן (דדין, ברוסטן, רערן, דורך וואנען עס גייט וואסער), צום כיור (דעם וואש־בעקן), ווייל ער האָט (פריער) געהאַט נור צוויי (רערן). **ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ב' משנה ג' זענען ביים קרבן תמיד גע־ווען באשעפטיקט 12 כהנים (א חוץ שעכטן ווייל דאָס האָט געקאָנט אויך טאָן א ישראל), און כדי זיי זאָלן אלע קאָנען אין איין צייט זיך וואשן די הענט און די פיס פון כיור, האָט ער געמאכט דערצו 12 רערן.** ואף הוא, און ער (בן קטין) האָט אויך געמאַכט א מעכאניזם (מוכני) צום כיור (אז מען זאָל אים אונט־צייט אראָפּלאָזן דורך א ראָד אין א גרוב מיט וואסער) כדי זיין וואסער זאָל ניט פסול ווערן דורך איבער־נעכטיקן (לינה). **ווען דער כיור מיטן וואסער זענען געווען אין גרוב ביינאכט זענען זיי ניט געוואָרן פסול דורך איבערנעכטיקן (לינה), ווייל עס הייסט, אז דאָס וואסער איז באהאַפטן צו דער ערד. „מוכני" זאָגט דער „מוסף הערוך" איז דאָס גריכישע וואָרט „מעקען", און דאָס מיינט א מאשיק, און רשי זאָגט, אַז דאָס איז אזא ראָד, מיט וועלכן מען זאָל אים אראָפּלאָזן אין גרוב. — די משנה רעכנט דאָ אויס, אגב אורחא, אויך אנדערע נוצליכע זאכן וואָס מענטשן האָבן געטאָן אין בית המקדש און דערפאר האָט מען זיי געלויבט, און אויך שלעכטע זאכן פון טייל מענטשן, און דערפאר האָט מען זיי דערמאָנט צום שלעכטן.** מונבז המלך האָט געמאַכט אלע הענט־

עשתה נברשת של זהב על פתחו של היכל; ואף היא עשתה טבלא של זהב, שפרשת סוטה כתובה עליה. נקנור נעשו נסים לדלתותיו. והיו מזכירין אותו לשבח:

יא. ואלו לגנאי: של בית גרמו — לא רצו ללמד על מעשה לחם הפנים. של בית אבטינס לא רצו ללמד על מעשה הקטורת. הגרוס בן לוי היה יודע פרק בשיר ולא רצה ללמד. בן קמצר לא רצה ללמד על מעשה הכתב. ועל הראשונים נאמר „זכר צדיק לברכה״. ועל אלו נאמר „ושם רשעים ירקב״:

---

לעך פון די כלים (צו די עבודות אין בית המקדש) פון יום כיפור פון גאָלד. „מונבז״, מאָנאַבאַז, **איז געווען מלך אין לאנד אדיאבענע צוואַנציק יאָר פאַרן חורבן פון 2טן בית המקדש,** און ער האָט זיך מגייר געווען צוזאמען מיט זיין מוטער און זיין גאַנ־**צער פאמיליע.** הילני, זיין (מונבז׳ס) מוטער הילני (העלענא) האָט געמאַכט א גאָלדע־דענעם שפיגל־לאָמפ אויף דער טיר פון היכל; זי האָט אויך געמאַכט א טאָוועל פון גאָלד, אויף וועלכן די פרשה פון סוטה איז געווען אויפגעשריבן. **וועגן דער פרשה פון סוטה און סוטה בכלל זע אין דער הקדמה צו מסכתא סוטה. דאָס וואָרט „נברשת״ איז פאַראן אין דניאל ה׳ (נברשתא דדהבא). די גמרא זאָגט, אז דאָס איז געווען, כדי ווען די זון גייט אויף אין דער פרי זאָלן זיך די שטראַלן אָפּשלאָגן אין דעם שפיגל־לאָמפּ און מען וועט וויסן אין בית־המקדש־הויף, אז עס איז שוין געוואָרן טאָג און מען קאָן שוין לייענען די פרי־מאָרגן־קריאת־שמע.** ניקנור, צו ניקנור זענען געשען ניסים מיט זיינע טירן. **די גמרא דערציילט, אז ניקנור (ניקאנאָר) איז געווען א ייד אין אלכסנדיא אין מצרים און ער האָט געפירט אין א שיף טירן פאַר א טויער אין בית־המקדש־הויף; אויפן ים איז געוואָרן א שטורם און מען האָט געמוזט איין טיר אריינוואַרפן אין ים, און ווען דער שטורם איז געווען שטאַרק און מען האָט גע־וואָלט אריינוואַרפן אין ים די אנדערע טיר האָט ניקנור ניט געלאָזט. און עס איז געשען א נס אז דער ים איז רוהיג געוואָרן, און ווען די שיף איז צוגעקומען צום ברעג איז די ערשטע טיר אויך ארויפגעשוואומען. דער טויער אין בית־המקדש־הויף האָט דאריבער געהייסן „שער ניקנור״.** והיו, און מען האָט זיי (די אלע דער־מאָנטע מענטשן) דערמאָנט צום גוטן (לשבח, צום לויב). **אין טייל משניות איז פאראן די גירסא „אָתו״, „אים״״, עס הייסט ניקנור׳ן האָט מען דערמאָנט צום גוטן.**

יא. ואלו לגנאי, און די דאָזיקע (ווערן דערמאָנט) צום שלעכטן (לגנאי, ווערן געטאדלט): (די מענטשן) פון דער גרמו־פאמיליע (בית גרמו) האָבן ניט געוואָלט אויסלערנען (אנדערע מענטשן) די אַרבייט פון לחם הפנים. **דער „לחם הפנים״, „דאָס ברויט פון געזיכט״, זענען געווען צוועלף חלות, וואָס מען האָט געבראַכט יעדן שבת אין בית המקדש. זיי זענען געווען הויל, און זיי, די בית־גרמו, האָבן געוואוסט, ווי אזוי זיי צו באַקן און ארויסנעמען פון אויוון, אז זיי זאָלן זיך ניט צוברעכן.** של בית אבטינס, (די מענטשן) פון דער אבטינס־פאמיליע האָבן ניט געוואָלט לערנען (אנדערע) די אַרבייט (צוזאמענצושטעלן די בשמים) פון קטורת. **וועגן דעם האָבן מיר גערעדט אין מסכתא שקלים פרק ה׳ משנה א׳.** הגרוס בן לוי האָט געקענט א (שיינעם) טאָן אין געזאַנג און האָט ניט געוואָלט לערנען ,אנדערע מענטשן). **דאָס וואָלט געניצט אין בית המקדש צום געזאַנג פון די לויים.** בן קמצר האָט ניט געוואָלט לערנען (אנדערע) די (ספעציעלע) אַרבייט פון שרייבן. **די גמרא זאָגט, אז בן קמצר האָט געקאָנט האַלטן 4 פעדערס צווישן די 4 פינגער און אָנשרייבן מיט איינמאָל דעם נאָמען פון גאָט, דעם שם הויה, וואָס האָט 4 אותיות.** ועל הראשונים, און אויף די ערשטע בן גמלא, בן קטין, מונבז, זיין מוטער הילני, און ניקנור) איז געזאָגט געוואָרן (די ווערטער פון משלי י׳) „זכר צדיק לברכה, דער אנדענקן פון צדיק איז צום בענטשן״, און אויף די לעצטע (בית גרמו, בית אבטינס, הגרוס בן לוי און בן קמצר) איז געזאָגט געוואָרן

## פרק ד

**א. טרף בקלפי, והעלה שני גורלות, אחד כתוב עליו „לשם" ואחד כתוב עליו „לעזאזל". הסגן בימינו וראש בית אב משמאלו. אם של שם עלה בימינו, הסגן אומר לו: אישי כהן גדול, הגבה ימינך. ואם של שם עלה בשמאלו, ראש בית אב אומר לו: אישי כהן גדול, הגבה שמאלך. נתנו על שני השעירים, ואמר „לה' חטאת". ר' ישמעאל אומר, לא היה צריך לומר „חטאת", אלא „לה'". והן עונין אחריו „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד":**

**ב. קשר לשון של זהורית בראש שעיר המשתלח, והעמידו כנגד**

---

(די ווערטער אין משלי י׳) „ושם רשעים ירקב, און דער נאָמען פון רשעים זאָל ווערן פארפוילט". **די גמרא זאָגט אז די פאמיליעס גרמו און אבטינס האָבן געגעבן א טעם צו זייער ניט-ווילן לערנען אַנדערע, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אז דאָס בית המקדש וועט חרוב ווערן, און טאָמער ווילן שלעכטע מענטשן באנוצן די קענטניס פאר עבודה זרה. דער ברטנורא זאָגט, אז די חכמים האָבן זייער פארענטפערונגט ניט אָנגענומען.**

## פרק ד

א. טרף בקלפי, ער (דער כהן גדול, נאָכדעם ווי ער איז צוגעקומען צו דעם גורלות־קעסטל, צו דער קלפי, ווי די משנה האָט געזאָגט פריער אין פרק ג׳ משנה ט׳) האָט ער אויסגעמישט (די גורלות) אין דעם קעסטל, און ער האָט ארויסגענומען די צוויי גורלות (איינעם און דער רעכטער האנט און איינעם אין דער לינקער), אויף איינעם איז געווען אָנגעשריבן „לה' " (פאר גאָט), און אויף איינעם איז געווען אָנגעשריבן „לעזאזל". **ער האָט אויסגעמישט („טרף", אויסמישן) די 2 גורלות, כדי ער זאָל ניט וויסן וואָסער גורל ער ציט ארויס אין דער רעכטער האנט, מחמת עס איז געווען א גוטער סימן, אויב אין דער רעכטער האַנט איז ארויס דער גורל „לה' ". אזוי טייטשט דער „ערוך", אז „טרף" מיינט מען אויסמישן. רשי טייטשט „טרף" שנעל ארויסנעמען.** הסגן, דער סגן (דער געהילף פון כהן גדול) איז געווען ביי זיין (דעם כהן גדול׳ס) רעכטער האַנט, און דער ראש בית אב איז געשטאנען ביי זיין לינ־קער זייט. **וועגן „סגן" און „ראש בית אב" האָבן מיר געגעבן פריער אין פרק ג׳ משנה ט׳.** אם של שם, אויב (דער גורל) פון „פאר גאָט" איז ארויס אין זיין רעכטער האַנט, האָט דער סגן געזאָגט צו אים (צום כהן גדול). „מיין האר, כהן גדול, הייב־אויף דיין רעכטע האַנט!", און אויב (דער גורל) „פאר גאָט" איז ארויס אין זיין לענקער האַנט, האָט דער ראש בית אב געזאָגט צו אים: „מיין האר, כהן גדול, הייב־אויף דיין לינ־קע האנט!" **ווי די משנה האָט געלערנט פריער אין פרק ג׳ משנה ט׳ זענען ביי דעם כהן גדול געשטאַנען צוויי שעירים, צוויי בעק (שעירים, צוויי זכרים פון ציגן).** נתנו, ער (דער כהן גדול) האָט זיי (די צוויי גורלות) ארויפגעלייגט אויף די צוויי שעירים (יעדן איינעם אויף איין שעיר), און ער האָט געזאָגט „לה' חטאת" (צו גאָט א קרבן חטאת); ר' ישמעאל זאָגט, אז ער האָט ניט גדארפט זאָגן (דאָס וואָרט) „חטאת" נאָר בלויז „לה' ". **דער רמבם זאָגט אז אומעטום וואו עס ווערט אין דער מסכתא דערמאָנט, „שם" (גאָט׳ס נאָמען) אָדער „לה' " מיינט, אז דער כהן גדול האָט ארויס־געזאָגט דעם שם הויה ווי ער ווערט געשריבן.** והן, און זיי (די פארזאמלטע מענטשן ארום, ווען זיי האָבן דערהערט דעם כהן גדול דערמאָנען גאָטס נאָמען) האָבן אים נאָכגעענטפערט: „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" (געבענטשט איז דער נאָמען פון דעם כבוד פון זיין מלכות אויף אייביק). **דעם „ברוך שם כבוד" האָט מען גע־זאָגט אויך פריער ביים וידוי אין פרק ג׳ משנה ח׳.**

ב. קשר, (נאָכדעם) האָט ער (דער כהן גדול) צוגעבינדן א באנד פון פורפור־וואָל (לשון של זהורית) צום קאָפּ פון שעיר המשתלח (דעם באָק, וואָס מען דארף

**בית שלוחו; ולנשחט — כנגד בית שחיטתו. בא לו אצל פרו שניה, וסומך שתי ידיו עליו ומתודה. וכך היה אומר: אנא השם, עויתי פשעתי חטאתי לפניך אני וביתי ובני אהרן עם קדשך; אנא השם, כפר נא לעונות ולפשעים ולחטאים, שעויתי ושפשעתי ושחטאתי לפניך אני וביתי ובני אהרן עם קדשך, ככתוב בתורת משה עבדך (ויקרא ט״ז) „כי ביום הזה יכפר עליכם לטהר אתכם מכל חטאתיכם לפני ה׳ תטהרו". והן עונין אחריו „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד":**

**ג. שחטו, וקבל במזרק את דמו, ונותנו למי שהוא ממרס בו על**

---

אוועקשיקן אין דער מדבר) און ער האָט אים (דעם באָק) אוועקגעשטעלט קייגן דעם טויער, דורך וואנען מען וועט אים אוועקשיקן; און (דער כהן גדול האָט אויך צוגע־בונדן א באנד פון פורפור־וואָל) צום (באָק) וועלכן מען דארף שעכטן (און ביי אים האָט ער צוגעבונדן דעם באנד) ביים אָרט פון זיין שעכטן (ביים האלדז). **מיר האָבן שוין פריער אין פרק ג׳ משנה ט׳ דערקלערט, אז די צוויי שעירים, די צוויי באָקן, איז איינער פון זיי געווען באשטימט אוועקצושיקן אין דער מדבר און דאָס איז דער שעיר המשתלח, און איינעם האָט דער כהן גדול געשאָכטן אלס קרבן קטאת אין בית המקדש, און דאָס איז דער „שעיר לשם". „לשון של זהורית" איז דער טייטש א „צונג פון רויטן וואָל" פון פורפור־וואָל.** בא לו, (דערנאָך) איז ער (דער כהן גדול) אוועקגעגאנגען צו זיין אקס צום צווייטן מאָל. **וועגן דעם ערשטן מאָל, ביי וועלכן דער כהן גדול האָט זיך אויך מתודה געווען, איז געווען פריער אין פרק ג׳ משנה ח׳. איצט איז ער צוגעקומען צו אים צום צווייטן מאָל.** וסמך עליו, און ער (דער כהן גדול) האָט ארויפגעלייגט זיינע צוויי הענט אויף אים (אויף דעם אקס) און ער האָט זיך מתודה־געווען; און ער האָט אזוי געזאָגט: „אָ, נאָמען (פון גאָט), איך האָב פאר־קרומט און פושע געווען און געזינדיקט פאר דיר, איך און מיין הויז און די קינדער פון אהרן דיין הייליק פאָלק (די כהנים); אָ, נאָמען (פון גאָט), פארגיב די פארקרו־מונגען און די פשעים און די זינד, וואָס איך האָב פארקרומט און פושע געווען און געזינדיקט פאר דיר, איך און מיין הויז און די קינדער פון אהרן דיין הייליק פאָלק (די כהנים), ווי עס איז געשריבן אין דער תורה פון דיין קנעכט משה (ויקרא ט״ז) „כי ביום הזה יכפר עליכם לטהר אתכם מכל חטאתיכם לפני ה׳ תטהרו" (ווארום אין דאָזיקן טאָג וועט ער פארגעבן אייך צו רייניקן אייך פון אלע אייערע זינד פאר גאָט וועט איר ווערן ריין)"; און זיי (די פארזאמלטע מענטשן ארום, ווען זיי האָבן גע־הערט דעם כהן גדול דערמאָנען גאָטס נאָמען) האָבן אָפּגעענטפערט נאָך אים: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד". **דער כהן גדול האָט אין דעם יום־כיפור־טאָג זיך מתודה געווען 3 מאָל. דאָס ערשטע מאָל פריער פרק ג׳ משנה ח׳ האָט ער זיך מתודה געווען פאר זיך און פאר זיין הויז געזונד. דאָס איצטיקע (צווייטע) מאָל האָט ער זיך מתודה געווען פאר זיך און פאר זיין הויז־געזונד און פאר אלע כהנים. דעם 3טן מאָל (ווייטער פרק ו׳ משנה ב׳) וועט ער זיך מתודה זיין פארן גאנצן פאָלק ישראל. ווי מיר האָבן שוין פריער (אין פרק ג׳ משנה ח׳ און אין איצטיקן פרק משנה א׳) דערקלערט, האָט דער כהן גדול ארויסגעזאָגט ביי „אנא השם" (אָ, נאָמען) און ביי „לפני ה׳ " דעם שם הויה, דעם נאָמען פון גאָט ווי ער איז געשריבן.**

ג. שחטו, (נאָכן מתודה זיין זיך) האָט ער (דער כהן גדול) געשאָכטן אים (דעם אקס און ער האָט ארייננגענומען זיין בלוט אין א בעקן, און ער האָט אים (דעם בעקן מיטן בלוט) געגעבן צו וועמען־עס־איז, אז ער זאָל מישן אין אים (אין בעקן מיט בלוט) אויף דער פירטער שטיינערנער פפלאסטער־שורה פון היכל, כדי דאָס (בלוט) זאָל ניט פארגליווערט ווערן. **„רובד" איז דער טייטש א שורה פון פפלאסטער־שטיי־נער, די גמרא זאָגט, אז כאָטש אין דער משנה שטייט „שבהיכל" (וואָס איז אין היכל), מיינט מען אָבער „של היכל", דאָס הייסט ניט אין בית־המקדש־געביידע (זע וואָס**

**הרובד הרביעי שבהיכל, כדי שלא יקרוש. נטל מחתה ועלה לראש המזבח, ופנה גחלים אילך ואילך, וחותה מן המעוכלות הפנימיות, וירד והניחה על הרובד הרביעי שבעזרה:**

**ד. בכל יום היה חותה בשל כסף ומערה בתוך של זהב, והיום חותה בשל זהב ובה היה מכניס. בכל יום חותה בשל ארבעה קבין ומערה בתוך של שלשת קבין, והיום חותה בשל שלשת קבין ובה היה מכניס. ר׳ יוסי אומר, בכל יום חותה בשל סאה**

---

מיר האָבן געגעבן וועגן היכל פריער פרק ג׳ משנה ד׳), נאָר אין דער עזרה, אין הויף פון בית המקדש, מחמת אין דער געביידע טאָר קיינער ניט זיין, ווען דער כהן גדול קומט דאָר אריין. „שבהיכל״ מיינט דאריבער „אויף דער פפלאסטער שורה אין בית המקדש הויף, וואָס איז די פירטע שורה ווען מען ציילט די שורות־שטיינער פון דער היכל־געביידע אָן״ (אזוי טייטשט רש״י). די גאנצע ערד אין הויף און אין דער געביידע איז געווען געפלאסטערט מיט שורות־שטיינער, און יעדע שורה האָט גע־הייסן „רובד״; דער רמבם טייטשט „רובד״ א העכערע באנק. ר׳בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ זאָגט, אז עס איז א גריכישע וואָרט: מסתמא מיינט ער „ראבדאס״, א שורה״. נטל, ער (דער כהן גדול) האָט (דאמאָלס) גענומען די פייער־פאַן (מחתה) און איז ארויפגעגאנגען אויפן שפיץ פון מזבח (וועלכער איז געשטאנען אין דעם הויף פון בית המקדש) און פונאנדער געשאַרט די (איבעריקע גליענדיקע) קוילן (פון מזבח) אהין און אהער, און ער האָט אָנגעשאַרט (אין דער פייער פאַן אריין גליענדיקע קוילן) פון טיפער־ליגנדיקע, פארגליטע (מעוכלות), און ער איז אראָפּגעגאנגען (פון מזבח, טראָגנדיק די פייער־פאַן מיט די קוילן) און האָט זי אנידערגעלייגט אויף דער פירטע שורה פלאסטער־שטיינער (רובד) אין דער עזרה (אין בית המקדש הויף). **דער כהן גדול האָט גענומען ברענענדיקע קוילן וועלכע ליגן טיפער אין דעם פייער־באַרג אויפן מזבח, ווייל זיי וועלן ברענען בעסער. ווי מיר וועלן לערנען ווייטער אין פרק וועט דער כהן נעמען קטורת־בשמים אין א לעפל אין דער לינקער האַנט און די פייער־פאַן מיט קוילן אין דער רעכטער האַנט און דערמיט אריינגיין אין קדש־הקדשים, אין דעם הייליקסטן אָרט אין דעם בית המקדש, און דאָרט מקטיר זיין די קטורת, ארויפטאָן די קטורת בשמים אויפן פייער. דאָ אָבער האָקט די משנה איבער דעם סיפור וועגן כהן גדול׳ס עבודה, און דערציילט, דרך אגב, וועגן פארשידענע מעלות פון כהן גדול אים יום כיפור־טאָג.**

ד. כל יום, יעדן טאָג (ווען מען איז געגאנגען מקטיר זיין די קטורת אויפן אינ־ווייניקסטן מזבח אין היכל) האָט מען (פון אויסנווייניקסטן מזבח) אָנגעשאַרט (די ברענענדיקע קוילן) אין (א פייער־פיין, מחתה) פון זילבער, און מען האָט איבערגע־שיט (די ברענענדיקע קוילן פון דער זילבערנער פייערפאַן) אין א גאָלדערנער (פיי־ער פאַן). **מען האָט ניט גלייך אָנגעשאַרט די ברענענדיקע קוילן אין דער גאָלדענער פייער פאַן, ווייל ביים שארן ווערט דאָס גאָלד אָפּגעריבן, און די תורה האָט רחמנות געהאַט אויף יידיש געלט.** והיום, און היינט (יום כיפור) האָט (דער כהן גדול) אָנגע־שאַרט (די ברענענדיקע קוילן) אין א גאָלדענער (פייער־פאַן) און האָט מיט איר (אין דערזעלבער פאַן) אריינגעטראָגן. **דאָס איז געווען כדי ניט מטריח צו זיין דעם כהן גדול, אז ער זאָל דארפן איבערוואַרפן די קוילן פון איין פאַן אין דער אנדערער.** בכל יום, יעדן טאָג האָט מען אָנגעשאַרט אין (א פייער־פאַן וואָס האָלט) פיר טעפּ, און מען האָט איבערגעוואָרפן אין (א פייער־פאַן) וואָס האָלט דריי טעפּ, און היינט (יום כיפור) האָט (דער כהן גדול) אָנגעשאַרט אין (א פייער־פאַן וואָס האלט) דריי טעפּ און מיט איר האָט ער אריינגעטראָגן; ר׳ יוסי זאָגט, אז יעדן טאָג האָט מען אָנ־געשאַרט אין (א פייער־פאַן, וואָס האָלט) א סאה, און איבערגעוואָרפן אין (א פייער־פאַן, וואָס האלט) דריי טעפּ. און היינט (יום כיפור) האָט (דער כהן גדול) אָנגעשאַרט

**ומערה בתוך של שלשת קבין, והיום חותה בשל שלשת קבין ובה היה מכניס. בכל יום היתה כבדה, והיום קלה. בכל יום היתה ידה קצרה, והיום ארוכה. בכל יום היתה זהבה ירוק, והיום אדום, דברי ר׳ מנחם. בכל יום מקריב פרס בשחרית ופרס בין הערבים, והיום מוסיף מלא חפניו. בכל יום היתה דקה, והיום דקה מן הדקה:**

**ה. בכל יום כהנים עולין במזרחו של כבש ויורדין במערבו, והיום**

---

אין (א פייער־פאן וואס האלט) דריי טעפ און מיט איר האט ער אריינגעטראגן. **א סאה איז 6 טעפ. דאס איז אלץ געווען צו מאכן לייכטער פאר דעם כהן גדול.** בכל יום, יעדן טאג איז זי (די פייער־פאן) געווען א שווערע (די וואנט פון דער פייער־פאן איז געווען דיק), און היינט (יום כיפור) איז זי געווען לייכט; יעדן טאג איז איר (דער פייער־פאן׳ס) הענטל געווען קורץ, און היינט איז דאס הענטל געווען לאנג. **אויך דאס איז געווען צו פארלייכטערן דעם כהן גדול; די פייער־פאן איז געווען גרינגער און דאס הענטל, אנצונעמען איר, איז געווען לענגער, און דאדורך איז זי געווען לייכטער צום טראגן, ווייל דער כהן גדול האט איר געקאנט צוהאלטן מיטן ארעם.** בכל יום, יעדן טאג איז איר גאלד (דאס גאלד פון וועלכן די פייער־פאן איז געווען געמאכט) געווען געלבליך, און היינט (איז דאס גאלד געווען) רויט, אזוי זאגט ר׳ מנחם. **דאס רויטע גאלד האט געהייסן „זהב פרוים" (אין מלכים א׳ י׳), און די גמרא זאגט אז עס איז געווען ענליך צום בלוט פון די אקסן. „ירוק" איז מייסטנס דער טייטש אין משנה ניט „גרין", נאר געלבלעך.** בכל יום, יעדן טאג האט מען (מקטיר געווען די קטורת־בשמים) א העלפט (פון א מנה) אין דער פרי און א העלפט (פון א מנה) פארנאכט, און היינט (אים יום כיפור) האט (ער (דער כהן גדול) צוגעלייגט (קטורת בשמים) א פולן הויפן פון ביידע הענט. **דאס הייסט, אז א חוץ די צוויי האלבע מנה קטורת, וואס מען האט אויך אים יום כיפור מקטיר געווען (פונקט ווי יעדן טאג) אויפן אינערליכן מזבח אין היכל, האט דער כהן גדול אויך מקטיר געווען א פולן הויפן פון ביידע הענט צוזאמען אין קודש הקדשים. „מנה" איז געווען א געוויכט, און די בית המקדש מנה האט געוואויגן לערך 1100 גראם. „פרס" הייסט א העלפט, און דא מיינט מען א האלבע מנה. „מלוא חפניו", מיינט, אז דער כהן גדול האט אנגענומען צוויי פולע הענט קטורת בשמים און אריינגעלייגט אין א לעפל, און דאס האט ער מקטיר געווען אין קודש הקדשים.** בכל יום, יעדן טאג איז זי (די קטורת, די בשמים) געווען (צעשטויסן) דין, און היינט (יום כיפור) איז זי געווען צעשטויסן גאר־גאר דין (דקה מן הדקה). **דאס מיינט די צוויי הענט־הויפנס קטורת־בשמים, וואס דער כהן גדול האט מקטיר געווען אין קודש הקדשים. רש״י זאגט, אז מען האט די דאזיקע יום כיפור־קטורת צעשטויסן נאכאמאל ערב יום כיפור, א חוץ וואס זי איז שוין געווען צעשטויסן איינמאל אלס סתם קטורת.**

ה. בכל יום, יעדן טאג גייען די כהנים ארויף (אויפן מזבח אין בית־המקדש־הויף) אין דער מזרח זייט אויפן מזבח־טרעפ (כבש) און גייען אראפ אויף זיין (דעם טרעפ׳ס מערב זייט, און היינט (יום כיפור) גייט דער כהן גדול ארויף אין דער מיט פ(ון טרעפ) און גייט־אראפ אין דער מיט. **פון הויף ארויף אויפן מזבח איז מען געגאנגען אויף א לאנגן און ברייטן טרעפ (כבש, זע פריער פרק ב׳ משנה א׳). די מזרח זייט איז געווען א רעכטע זייט פון מענטש ווען ער איז ארויפגעגאנגען אויפן מזבח, ווייל דער טרעפ איז געווען אין דרום זייט פון מזבח; די מערב זייט איז געווען די רעכטע זייט פון מענטש ווען ער איז אראפגעגאנגען פון מזבח. און דעריבער זענען די כהנים געגאנגען ארויף אין מזרח און אראפ אין מערב, ווייל עס איז אנגענומען, אז „כל פינות שאתה פונה לא יהו אלא דרך ימין", מען זאל כסדר גיין רעכטס. אבער אים יום כיפור איז דער כהן גדול געגאנגען ארויף און אראפ אין דערמיט, א סימן פון חשיבות. אן אנדער גירסא איז, אז אויך אלע כהנים זענען אים יום כיפור**

כהן גדול עולה באמצע ויורד באמצע. ר׳ יהודה אומר, לעולם כהן גדול עולה באמצע ויורד באמצע. בכל יום כהן גדול מקדש ידיו ורגליו מן הכיור, והיום מן הקיתון של זהב. ר׳ יהודה אומר, לעולם כהן גדול מקדש ידיו ורגליו מן הקיתון של זהב:

ו. בכל יום היו שם ארבע מערכות, והיום חמש, דברי ר׳ מאיר. ר׳ יוסי אומר, בכל יום שלש, והיום ארבע. ר׳ יהודה אומר בכל יום שתים, והיום שלש:

## פרק ה.

א. הוציאו לו את הכף ואת המחתה, וחפן מלא חפניו, ונתן לתוך

---

**געגאנגען ארויף און אראפּ פון מזבח אין דערמיט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז יעדן טאָג גייט דער כהן גדול ארויף אין דער מיט און ער גייט אראָפּ אין דערמיט. **אלס צייכן פון חשיבות.** בכל יום כהן גדול, יעדן טאָג וואשט זיך דער כהן גדול זיינע הענט און זיינע פיס פון כיור (פון וואש־בעקן, פון וועלכן אלע כהנים וואשן זיך די הענט און די פיס, זענען זיך מקדש), און היינט (יום כיפור, וואשט זיך דער כהן גדול) פון א גאָלדענעם קרוג (מיט וואסער). **ר׳ יהודה זאָגט, אז יעדן טאָג וואשט דער כהן גדול זיינע הענט אין זיינע פיס פון א גאָלדענער קרוג. ר׳ בנימין מוספיא זאָגט אין „מוסף הערוך", אז „קיתון" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאטאָן", א גלאָז, א בעכער.**

ו. בכל יום היו שם, יעדן טאָג זענען דאָרט (אויפן מזבח אין בית־המקדש־הויף) געווען פיר האָלץ־פייער־הויפנס (מערכות) און היינט (יום כיפור) זענען געווען פינף **(מערכה) האָט געברענט כסדר. האָט ניט געטאָרט פארלאָשן ווערן, ווי די תורה (ויקרא געווען לאנג אין ברייט, און האָט פארנומען א גרויסן פלאַץ. עס איז אויף אים יעדן טאָג געווען אין 4 ערטער הייפנס האָלץ, וועלכע מען האָט גערופן מערכות (פון וואָרט אין ויקרא י׳ „וערך", איינאָרדנען). איינע פון זיי האָט געהייסן „מערכה גדולה", דער גרויסער האָלץ־הויפן, וועלכע מען האָט אאָגעצינדן און אויף אים האָט מען מקריב געווען (פארברענט) דעם קרבן תמיד. די צווייטע האָט געהייסן „מערכה שניה", דער צווייטער האָלץ־הויפן, וועלכן מען האָט אָנגעצינדן און פון אים האָט מען גענומען אין א פייער־פאַן ברענענדיקע קוילן, כדי אויף זיי מקטיר צו זיין די קטורת־בשמים אין היכל־מזבח (אויפן אינווייניקסטן מזבח אין היכל). דער דריטער האָלץ־הויפן (מערכה) האָט געבראכט כסדר. האָט ניט געטאָרט פארלאָשן ווערן, ווי די תורה (ויקרא ז׳) זאָגט „והאש על המזבח תוקד בו לא תכבה", און דאָס פייער זאָל זיך ברענען אויפ׳ן מזבח, טאָר ניט פארלאָשן ווערן. דעם פערטן האָלץ־הויפן (מערכה) האָט מען אָנגעצונדן, כדי אויף אים צו פארברענען די שטיקער פון קרבן תמיד, וועלכע האָבן זיך ניט גוט פארברענט. אים יום־כיפור האָט מען געמאכט נאָך א פיפטן האָלץ־פייער־הויפן (מערכה חמשית), כדי פון אים זאָל נעמען ברענענדיקע קוילן דער כהן גדול כדי מקטיר צו זיין די קטורת־בשמים אין קודש קדשים.** ר׳ יוסי זאָגט, אז יעדן טאָג (זענען געווען דריי, און היינט (יום כיפור) פיר. **ר׳ יוסי האַלט, אז די פירטע מערכה צו פאר־ברענען די איבערגעבליבענע שטיקער פון קרבן תמיד איז ניט געווען נויטיק, מחמת מען האָט זיי פארברענט אין דער זייט פון דער ערשטער (גרויסער) מערכה.** ר׳ יהודה זאָגט, אז יעדן טאָג זענען געווען צוויי, און היינט (יום כיפור) זענען געווען דריי. **ר׳ יהודה האלט אז אויך די דריטע מערכה, כדי עס זאָל זיך דאָרט ברענען שטענדיק פייער, איז ניט געווען נויטיק; און דעם דערמאָנטן פסוק „והאש על המזבח תוקד בו לא תכבה" טייטשט ר׳ יהודה, אז דער וועלכער צינדט אָן די קליינע העלצלעך, כדי מיט זיי אָנצוצינדן די האָלץ־הויפנס, טאָר זיי ניט אָנצינדן אונטן, אין הויף פון בית המקדש, נאָר מוז זיי אָנצינדן אויפן מזבח.**

## פרק ה.

א. הוציאו לו, מען האָט צו אים (צום כהן גדול) ארויסגעבראכט (פון דער קאַ־

**הכף; הגדול לפי גדלו, והקטן לפי קטנו, וכך היתה מדתה. נטל את המחתה בימינו ואת הכף בשמאלו. היה מהלך בהיכל עד שמגיע לבין שתי הפרוכות המבדילות בין הקדש ובין קודש הקדשים, וביניהן אמה. ר' יוסי אומר לא היתה שם אלא פרוכת אחת בלבד. שנאמר** (שמות כ״ו) **"והבדילה הפרכת לכם בין הקדש ובין קדש הקדשים". החיצונה היתה**

מער, וואו עס זענען געווען די בית־המקדש־כלים) דעם לעפל און די פאן. **די גמרא זאגט, אז דאס מיינט מען די פאן, אין וועלכער עס זענען געווען די קטורת־בשמים, און ניט די פייער־פאן, אין וועלכער דער כהן גדול האט שוין, פריער אין פרק ד' משנה ג', אנגעשארט די ברענענדיקע קוילן און איר אוועקגעשטעלט דערוויל אין בית־המקדש־הויף. וחפן,** און ער (דער כהן גדול) האט אנגענומען (פון דער פאן ארויס קטורת־בשמים) א פולן הויפן מיט ביידע הענט (מלוא חפניו) און האט עס אריינגע־לייגט אין דעם לעפל; דער גרויסער (כהן גדול) לויט זיין גרויס און דער קליינער (כהן גדול) לויט זיין קליינער (מאס), (ווייל) און אזוי איז געווען איר (דער קטורת) **מאס. די משנה מיינט צו זאגן, אז דער כהן גדול האט געדארפן אנגעמען קטורת נור אזוי פיל וויפיל עס איז אריינגעגאנגען אין דעם הויפן פון ביידע הענט, ווען ער האט זיי צוגעלייגט איין האנט צו דער אנדערער. אויב דער כהן גדול האט ברייטע, גרויסע הענט, אז געווען מער קטורת, און אויב די הענט זענען געווען קליינע איז געווען ווינציקער קטורת, דער ברטנורא גיט דא צו (פון דער גמרא) אז אויך שפע־טער, ווען דער כהן גדול איז אריינגעגאנגען אין קודש הקדשים, האט ער אויך דארט ארויסגענומען פון לעפל מיט ביידע הענט די קטורת צו ווארפן אויפן פייער.** נטל, ער (דער כהן גדול) האט גענומען די פייער־פאן (מיט די ברענענדיקע קוילן וואס ער האט געהאט פריער, פרק ד' משנה ג', אוועקגעשטעלט אין בית־המקדש־הויף) אין דער רעכטער האנט, און דעם לעפל (מיט קטורת) אין זיין לינקער האנט. **מחמת די פייער פאן מיט די קוילן איז געווען שווערער דעריבער האט ער זי גענומען אין זיין רעכטער האנט.** היה מהלך, (אזוי ארום איז דער כהן גדול אריין אין דער געביידע פון בית המקדש און) ער איז (דארט) געגאנגען אין היכל ביז ער איז צוגעקומען ביז צווישן די צוויי פרוכתן (פארהאנגן וועלכע האבן אפגעטיילט צווישן הייליקן ארט (דעם היכל) און הייליק־הייליקן (דעם קודש־הקדשים), און צווישן זיי (צווישן די צוויי פרוכתן) איז געווען איין אייל (לײדיקער ארט). **מיר האבן שוין פריער געגעבן, אז ווען מען איז אריינגעקומען אין דער געביידע פון בית המקדש איז מען צוערשט אריינגעקומען אין א גרויסער פאר־האליע, וועלכע האט געהייסן "אולם"; פון דארט איז מען אריינגעקומען אין אן אנדערן צימער, וועלכע האט געהייסן "היכל". אין דעם היכל איז געשטאנען דער "מזבח הזהב", דער גאלדענער מזבח, און מען האט אים אויך גערופן "מזבח הפנימי", דער אינווייניקסטער מזבח, כדי אים אונטערצושיידן פון "מזבח החיצון", פון אויסנווייניקסטן מזבח (וועלכער איז געווען אין בית־מקדש־הויף). פון היכל איז מען אריינגעקומען אין קודש הקדשים, וואו עס איז אין ערשטן בית המקדש געשטאנען אויף א שטיין, דעם "אבן שתיה", דער הייליקער ארון צווישן צוויי שטאנגן ("בין הבדים"), און אין צווייטן בית המקדש איז געווען דער שטיין (דער "אבן שתיה") ליידיק. צווישן דעם היכל און דעם קודש הקדשים האבן געהאנגען צוויי פרוכתן, איינער אפגערוקט אן אייל פון דעם צווייטן. אזוי האט מען געמאכט ווען מען האט געבויט דאס צווייטע בית המקדש, ווייל וועגן דעם דאזיקן אייל שטח איז געווען ביי די בויערס א ספק צי עס געהערט צום קודש הקדשים צי צום היכל. דער כהן גדול איז איצט געגאנגען צווישן די דאזיקע צוויי פרוכתן.** ר' יוסי זאגט, אז עס איז דארט געווען נור איין פרוכת, ווארום עס ווערט געזאגט (שמות כ״ו) "והבדילה הפרוכת לכם בין הקודש, ובין קודש הקדשים, און דער פרוכת זאל אייך אפטיילן צווישן דעם הייליקן און דעם הייליק־הייליקסטן". **אבער די**

**פרופה מן הדרום, והפנימית מן הצפון. מהלך ביניהן עד שמגיע לצפון. הגיע לצפון, הופך פניו לדרום, מהלך לשמאלו עם הפרוכת, עד שהוא מגיע לארון. הגיע לארון, נותן את המחתה בין שני הבדים, צבר את הקטורת על גבי גחלים, ונתמלא כל הבית כולו עשן. יצא ובא לו בדרך בית כניסתו; ומתפלל תפלה קצרה בבית החצון, ולא היה מאריך בתפלתו, שלא להבעית את ישראל.**

**ב. משניטל הארון, אבן היתה שם מימות נביאים ראשונים, ושתיה היתה נקראת, גבוהה מן הארץ שלשה אצבעות, ועליה היה נותן:**

---

**סתם משנה האַלט, אז עס זענען געווען צוויי פּרוכת'ן, און זי דערציילט ווייטער וועגן זיי:** החיצונה, דער אויסנווייניקסטער (פּרוכת) איז געווען צוגעקנעפּלט (צו א גאָלדענעם קנעפּל) אין דרום־זייט, און דער אינווייניקסטער (פּרוכת) איז געווען צוגעקנעפּלט אין צפון זייט. **ממילא, איז דער כהן גדול אריינגעגאנגען דורך דעם אויסנווייניקסטן פּרוכת אין דרום זייט, וואו ער האָט אויפגעקנעפּלט דעם פּרוכת, (וועגן וואָרט „פּרופה" פארקנעפּלט זע מסכתא שבת פּרק ו' משנה ו'). און:** מהלך, ער איז געגאנגען צווישן זיי (צווישן די פּרוכתן) ביז ער איז געקומען צו צפון; ווי ער איז געקומען צו צפון, (איז ער אריין דאָרט אין קודש הקדשים און) ער האָט אויסגעדרייט זיין פּנים צו דרום (און ער איז געגאנגען צו זיין לינקער האנט לענגאויס דעם פּרוכת, ביז ער איז געקומען צום ארון; ווען ער איז צוגעקומען צום ארון האָט ער אוועקגעלייגט די פייער־פאַן (מיט די ברענענדיקע קוילן) צווישן די צוויי שטאנגען (בין הבדים), (און) האָט ארויפגעוואָרפן (א פולן צוויי־הענט־הויפן) קטורת אויף די קוילן, און דער צימער (הבית, דאָס הויז, דער קודש הקדשים) איז געווען פול מיט רויך. **די משנה דערציילט דאָ, ווי אזוי עס איז געווען אין ערשטן בית המקדש, וואו עס איז געווען דער ארון און די צוויי שטאנגען. אין דער צייט פון 2טן בית המקדש האָט דער כהן גדול אוועקגעשטעלט די פייער־פאַן אויפן אָרט פון ארון. דער כהן גדול האָט דאָרט איבערגעלאָזט די פייער־פאַן מיט די ברענענדיקע קטורת־בשמים, און:** יצא, ער איז ארויסגעגאנגען און אריינגעקומען (צוריק אין היכל) אזוי ווי ער איז אריינגעגאנגען (אין קודש הקדשים). **ער איז געגאנגען הינטערווײלעכטס כסדר מיטן פּנים אויסגעדרייט צום קודש הקדשים.** ומתפלל, און ער האָט מתפלל געווען א קורצע תפילה אין דעם אויסנווייניקסטן צימער (אין היכל), און ער האָט ניט מאריך געווען אין דער תפילה, כדי ניט איבערצושרעקן די (פאַרזאַמלטע) יידן. **מחמת עס זענען געווען פאלן, אז כהנים גדולים וועלכע זענען ניט געווען ראוי צו דער הייליקער עבודה זענען געשטאָרבן אין קודש הקדשים (אזוי זאָגט דער רמבם). די גמרא ברענגט דעם נוסח פון דער תפילה, דהיינו, אז דאָס יאָר זאָל האָבן גענוג רעגן, אז דאָס מלכות זאָל ניט אָפּגעטאָן ווערן פון שבט יהודה, אז יידן זאָלן ניט דארפן אָנקומען איינער צום אנדערן און אויך ניט צו אן אנדערן פאָלק און אז גאָט זאָל ניט צוהערן צו די תפילות פון רייזענדע מענטשן, וועלכע בעטן אז עס זאָל ניט זיין קיין רעגן.**

ב. משניטל, פון זינט עס איז אַוועקגענומען געוואָרן דער אָרון, איז דאָרט (אין קודש הקדשים אויפן אָרט, וואו דער ארון איז געשטאנען) געווען א שטיין פון די צייטן פון די ערשטע נביאים, און ער האָט געהייסן „שתיה", הויך פון דער ערד דריי פינגער, און אויף אים (אויף דעם שטיין) האָט ער (דער כהן גדול) אוועקגעשטעלט (די פייער־פאַן). **וועגן דער צייט און אויך וועגן דעם וואוהין דער ארון איז אוועקגענומען געוואָרן זע מסכתא שקלים פּרק ו' משנה ב'. „שתיה" זאָל זיין פון „שתות" (ישעיה י"ט, תהלים יא), וואָס איז דער טייטש יסודות, און די גמרא דאָ אויף דער משנה זאָגט, אז דער שטיין הייסט „שתיה" ווייל פון אים איז די וועלט געגרינדעט געוואָרן (הושתת העולם). דער רמבם זאָגט אז ווייל די עבודה אין בית**

**ג. נטל את הדם ממי שהיה ממרס בו, נכנס למקום שנכנס, ועמד במקום שעמד, והזה ממנו אחת למעלה ושבע למטה. ולא היה מתכוין להזות לא למעלה ולא למטה, אלא כמצליף. וכך היה מונה: אחת, אחת ואחת, אחת ושתים, אחת ושלש, אחת וארבע, אחת וחמש, אחת ושש, אחת ושבע. יצא והניחו על כן הזהב שבהיכל:**

**ד. הביאו לו את השעיר, שחטו וקבל במזרק את דמו. נכנס למקום שנכנס, ועמד במקום שעמד, והזה ממנו אחת למעלה ושבע למטה. ולא**

---

**המקדש איז איינער פון די יסודות אויף וועלכע די וועלט שטייט (ווי די משנה זאָגט אין אבות פרק א׳ די ווערטער פון שמעון הצדיק) דאריבער הייסט דער שטיין „שתיה״.**

ג. נטל, ער (דער כהן גדול האָט צוגענומען דאָס בלוט פון דעם (מענטש), וועלכער האָט געמישט אין איט (אין דעם בלוט). **פריער אין פרק ד׳ משנה ג׳ האָבן מיר געלערנט, אז דער כהן גדול האָט געשאָכטן זיין אָקס (פר של כהן גדול) און האָט אריינגענומען דאָס בלוט אין א בעקן און געגעבן צו איינעם, אז ער זאָל מישן דאָס בלוט, כדי עס זאָל ניט פארגליווערט ווערן. איצט ווען דער כהן גדול איז ארויסגעקומען פון היכל האָט ער גענומען פון דעם מענטש דעם בעקן מיט דעם בלוט און:** נכנס, ער (דער כהן גדול) איז אריינגעגאנגען (מיט דעם בעקן בלוט) אין דעם אָרט, וואוהין ער איז אריינגעגאנגען (אין קודש הקדשים צוריק מיט דעמזעלבן וועג מיט וועלכן ער איז פריער געגאנגען) און האָט זיך אוועקגעשטעלט אין דעם אָרט וואו ער האָט זיך אוועקגעשטעלט (צווישן די שטאנגען, לעבן אָרט פון ארון), און ער האָט געשפּראצט מיט איט (מיט דעם בלוט) איין (שפּריץ, און זריקה) אין דער הויך און זיבן (שפּראצן אונטן. **ער האָט איינגעטונקען דעם פינגער אין בלוט און א שפּריץ געגעבן אין דער הויך פאר דעם כפּורת, און דערנאָך ווידער איינגעטונקען דעם פינגער און זיבן מאָל (איינגעטונקנדיק דעם פינגער) געגעבן זיבן שפּריצן אונטן. דאָס בלוט איז פון שפּריצן אראָפּגעפאלן אויף דער ערד.** ולא היה, און ער האָט ניט מכוון געווען צו שפּריצן ניט אין דער הויך און ניט אונטן, נאָר ווי איינער וועלכער שמייסט (כמצליף). **דאָס הייסט ווי איינער וועלכער שמייסט דעם צווייטן מיט א רוט, און ער הויבט אָן צווישן די פּלייצעס און גייט כסדר נידריגער, אזוי זענען די שפּריצן געגאנגען שורות-ווייז אויף דער ערד, איינער אונטערן אַנדערן.** וכך היה, און אזוי האָט ער (דער חהן גדול) געציילט די שפּריצן (ניט, איינס, צוויי, דריי און אזוי כסדר ביז אכט, נאָר): „איינס, איינס און איינס, איינס און צוויי, איינס און דריי, איינס און פיר, איינס און פינף, איינס און זעקס, איינס און זיבן: **ווייל עס איז א מצוה צו ענדיקן דאָס ציילן די אונטערשטע שפּריצן מיט „זיבן״; און ער האָט געדארפן צוגעבן דעם „איינס״ פון אויבערשטן שפּריץ, כדי ער זאָל ניט א טעות האָבן אין ציילן.** יצא, (דערנאָך) איז ער (דער כהן גדול) ארויסגעגאנגען (פון קודש הקדשים (אין היכל אריין), און האָט איט (דעם בעקן מיט דעם איבערגעבליבענעם בלוט פון אָקס) אוועקגעשטעלט אויף א גאָלדענעם געשטעל (כן) אין היכל. **איצט איז דער כהן גדול ארויסגעגאנגען פון היכל און ער איז ארויסגעקומען אויפן הויף פון בית המקדש, און די משנה לערנט, וואָס ער האָט ווייטער געטאָן:**

ד. הביאו, מען האָט צו איט (צום כהן גדול) געבראכט דעם באָק. **דאָס מיינט מען דעם באָק, אויף וועלכן דער כהן גדול האָט פריער, אין פרק ד׳ משנה א׳, ארויסגעצויגן דעם גורל „לשם״, „צו גאָט״.** שחטו, ער (דער כהן גדול )האָט איט געשאָכטן און האָט אריינגענומען אין א בעקן זיין בלוט; ער, איז (טראָגנדיק דעם בעקן מיט דעם באָק׳ס בלוט) אריינגעגאנגען אין דעם אָרט וואוהין ער איז אריינגעגאנגען (אין קודש הקדשים) און ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין דעם אָרט וואו ער האָט זיך אוועקגעשטעלט (צווישן די שטאנגען, לעבן דעם אָרט פון ארון) און ער האָט גע־

**היה מתכוין להזות לא למעלה ולא למטה, אלא כמצליף. וכך היה מונה: אחת, אחת ואחת, אחת ושתים וכו׳. יצא והניחו על כן השני שהיה בהיכל. ר׳ יהודה אומר, לא היה שם אלא כן אחד בלבד. נטל דם הפר. והניח דם השעיר, והזה ממנו על הפרוכת שכנגד הארון מבחוץ, אחת למעלה ושבע למטה. ולא היה מתכוין וכו׳. וכך היה מונה וכו׳. נטל דם השעיר, והניח דם הפר, והזה ממנו על הפרוכת שכנגד הארון מבחוץ, אחת למעלה ושבע למטה וכו׳. עירה דם הפר לתוך דם השעיר, ונתן את המלא בריקן:**

---

שפריצט מיט אים (מיט דעם באַק׳ס בלוט) איין שפּריץ אין דער הויך און זיבן שפּריצן אונטן און ער האָט ניט מכוון געווען צו שפּריצן ניט אין דער הויך און ניט אונטן, נאָר ווי איינער וועלכער שמייסט; און אַזוי האָט ער געציילט: „איינס, איינס און איינס, איינס און צוויי״ און אַזוי ווייטער. **דאָס הייסט, ער האָט געציילט, אַזוי ווי ביים בלוט פון אָקס, ביז „איינס און זיבן״**, יצא, (דערנאָך איז ער אַרויסגעגאַנגען פון קודש הקדשים אין היכל אַריין (טראָגנדיק אין האַנט דעם בעקן מיט דעם רעשט פון באַק׳ס בלוט) און ער האָט אַוועקגעשטעלט (דעם בעקן) אויף דעם צווייטן געשטעל אין היכל. „כן״ הייסט „געשטעל״, **אַזאַ הויכער בלאָק, ווי אַ פוס, אויף וועלכן מען קאָן עפּעס אַוועקשטעלן. אויף דעם ערשטן געשטעל (פריער אין משנה ג׳) האָט דער כהן גדול אַוועקגעשטעלט דעם בעקן מיט דעם רעשט פון אָקס׳ס בלוט, און אויף דעם צווייטן געשטעל דעם בעקן מיט׳ן רעשט פון באַק׳ס בלוט.** ר׳ יהודה זאָגט, אַז עס איז דאָרט (אין היכל געווען ניט מער ווי איין געשטעל. **און די משנה דערציילט ווייטער וואָס דער כהן גדול האָט ווייטער געטאָן לויט ר׳ יהודה, דהיינו:** נטל, ער האָט גענומען (פון דעם געשטעל דעם בעקן מיט) דעם בלוט פון אָקס און ער האָט (אויף דעם זעלבן געשטעל) אַוועקגעשטעלט (דעם בעקן מיט) דעם בלוט פון באָק. **אָבער לויט דער סתם משנה, אַז עס זענען געווען צוויי געשטעלן, האָט ער גענומען דעם בעקן מיט דעם אָקס׳ס בלוט, און דער דאָזיקער געשטעל איז געבליבן ליידיק.** והזה, און ער (דער כהן גדול) האָט געשפּריצט מיט אים (מיט דעם בלוט פון אָקס) אויף דעם פּרוכת (אויף דעם אָרט) וואָס איז קעגנאיבער דעם ארון פון אויסווייניק. **דאָס איז שוין, לויט ביידע, סיי לויט ר׳ יהודה און לויט דער סתם משנה. „פון אויסנווייניק״ מיינט, אַז דער כהן גדול האָט געשפּריצט אין היכל אויף דעם פּרוכת, אויף דער אויסנווייניקסטער זייט, ניט אויף דער אינווייניגסטער זייט אין קודש הקדשים. נאָר ער האָט מכוון געווען אַז דאָס זאָל זיין אויפן אָרט, וואו אין דער אינווייניקסטער זייט געפינט זיך דער ארון (און אין 2טן בית המקדש דאָס אָרט פון ארון). וועגן דאָזיקן שפּריצן אי היכל זאָגט די תורה (ויקרא ט״ז) „וכן יעשה לאוהל מועד״.** אחת, (ער האָט דאָ געשפּריצט) איין שפּריץ אין דער הויך און זיבן שפּריצן אונטן, און ער האָט ניט מכוון געווען און אַזוי ווייטער, און אַזוי האָט ער געציילט און אַזוי ווייטער. **מיט דעם „און אַזוי ווייטער״ מיינט מען דאָ, אַז עס גייען דיזעלבע ווערטער, וואָס פריער אין משנה ג׳ ביז „איינס און זיבן״.** נטל, ער (דער כהן גדול) האָט (דערנאָך) גענומען דעם (בעקן מיט דעם) בלוט פון באָק און האָט אַוועקגעשטעלט (דעם בעקן מיט דעם) בלוט פון אָקס, און ער האָט מיט אים (מיט דעם באַק׳ס בלוט) געשפּריצט אויפן פּרוכת (אויף דעם אָרט) וואָס איז קעגנאיבער דעם ארון פון אויסנווייניק, איין שפּריץ אין דער הויך און זיבן שפּריצן אונטן און אַזוי ווייטער. **אויך דאָ מיינט מען מיט דעם „און אַזוי ווייטער״ אַז מען דאַרף אין דער משנה צוגעבן די ווערטער פון דער משנה ג׳ פון „און ער האָט ניט מכוון געווען״ ביז „איינס און זיבן״.** עירה, (דערנאָך האָט דער כהן גדול גענומען ביידע בעקנס און) ער האָט איבערגעגאָסן דאָס בלוט פון אָקס אין דעם (בעקן מיט דעם) בלוט פון באָק, און ער האָט ווידער איבערגעגאָסן (דאָס בלוט פון דעם) פולן (בעקן מיט דעם אויסגעמישטן בלוט פון אָקס

**ה. ויצא אל המזבח אשר לפני ה׳, זה מזבח הזהב. התחיל מחטא ויורד. מהיכן הוא מתחיל? מקרן מזרחית צפונית, צפונית מערבית, מערבית דרומית, דרומית מזרחית; מקום שהוא מתחיל בחטאת על מזבח החיצון, משם היה גומר על מזבח הפנימי. ר׳ אליעזר אומר, במ־קומו היה עומד ומחטא. ועל כולן היה נותן מלמטה למעלה, חוץ מזו שהיתה לפניו, שעליה היה נותן מלמעלה למטה:**

---

און פון באָק) אין דעם ליידיקן בעקן. **דאָס איז כדי די צוויי בלוטן זאָלן זיך גוט אויס־מישן. אזוי טייטשט די גמרא.**

ה. ויצא, און ער (דער כהן גדול) איז ארויסגעגאנגן (צוגעגאנגן, טראָגנדיק דעם בעקן מיט דיביידע אויסגעמישטע בלוטן) צום מזבח, וואָס איז פאר גאָט, דאָס איז דער גאָלדענער מזבח. **דאָס איז דער אינווייניקסטער מזבח, וועלכער שטייט אין היכל. די משנה ברענגט דאָ דאָס לשון פון חומש (ויקרא ט״ז, י״ח „ויצא אל המזבח אשר לפני ה׳ ”), און דערויף ווערט דערקלערט, אז דאָס מיינט מען ניט דעם אויסנווייניקסטן מזבח, אין בית המקדש הויף, נאָר דעם גאָלדענעם מזבח, אין היכל.** התחיל, ער (דער כהן גדול האָט אָנגעהויבן (אויפן מזבח) שפריצן (דאָס געמישטע בלוט) פון אויבן אראָפּ. **„מחטא ויורד”, „אראָפּנעמענדיק די זינד און אראָפּגייענדיק”. „חטא” איז דער טייטש „זינד”. אין דער דקדוק־פאָרם „פיעל” איז עס „מחטא”, און איז דער טייטש „אראָפּנעמען די זינד” (ווי „שורש” איז דער טייטש „וואָרצל” און „משרש” איז דער טייטש „ארויסרייסן דעם וואָרצל”). דאָ מיינט מען „שפּריצן דאָס בלוט אויפן מזבח” ווייל דערמיט ווערן פארגעבן די זינד (דאָרט אין ויקרא ט״ז י״ח „וכפר”, „און ער וועט פארגעבן”). מיט „ויורד”, אראָפּגייענדיק מיינט מען, אז אזוי ווי דער כהן גדול האָט געדאַרפן געבן 4 שפּריצן פון דעם געמישטן בלוט אויף דעם גאָלדענעם מזבח, צוגייענדיק צו יעדן ווינקל פון מזבח (דער מזבח האָט געהאַלטן אן אייל אויף אן אייל, 4־עקיג און האָט געהאַט 4 ווינקלן) און געבענדיק אויף יעדן ווינקל איין שפּריץ, האָט ער געשפּריצט פון דער הויך אראָפּ. כדי ער זאָל ניט פארבלוטיקן די ווייסע קליידער, וואָס ער האָט געטראָגן.** מהיכן, פון וואַנען האָט ער אָנגעהויבן? פון דעם ווינקל מזרח־צפון, (דערנאָך איז ער צוגעגאנגן צום ווינקל) צפון־מערב, (דערנאָך) מערב דרום, (דערנאָך) דרום מזרח; אין דעם אָרט, וואו א (כהן) הייבט אָן ביים (שפּריצן דאָס בלוט פון א קרבן) חטאת אויף דעם אויסנווייניקסטן מזבח, דאָרט האָט ער (דער כהן גדול) געענדיקט אויף דעם אינווייניקסטן מזבח. **דער דין איז, אז אויב מען איז מקריב א קרבן חטאת, סתם, אין א געוויינליכן טאָג, דאַרף דער כהן שפּריצן פון דעם בלוט פון קרבן חטאת אויפן אויסנווייניקסטן מזבח (וואָס איז געשטאנען אין בית־המקדש־הויף) 4 שפּריצן (ארבע מתנות) אויף די 4 ווינקלען פון מזבח. די משנה אין מסכתא זבחים פרק ה׳ משנה ג׳ (אין „איזהו מקומן”) לערנט, ווי ביים קרבן חטאת האָט מען צוערשט געשפּריצט אויף דעם ווינקל דרום־מזרח, דערנאָך מזרח־צפון, דערנאָך צפון מערב און דערנאָך מערב דרום. זאָגט דאָ די משנה, אז אין דעם ווינקל (דרום־מזרח), מיט וועלכן מען הייבט אָן ביים קרבן חטאת, אויפן אויסנווייניקסטן מזבח, ענדיקט דער כהן גדול אויפן אינווייניקסטן מזבח.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז ער (דער כהן גדול) איז געשטאנען אויף זיין אָרט און ער האָט געשפּריצט פון אונטן ארויף, א חוץ (דעם ווינקל) וואָס איז געווען פאר אים (נאָנט צו אים), וואָס אויף דעם (דאָזיקן ווינקל) האָט ער געשפּריצט פון אויבן אראָפּ. **לויט ר׳ אליעזר איז דער כהן גדול ניט צוגעגאנגען צו יעדן ווינקל, נאָר ער איז געשטאנען אויף איין אָרט און געשפּריצט פון דער ווייטנס אויף די 4 ווינקלען. און ווייל ער האָט עס געטאָן פון דער ווייטנס האָט ער געקאָנט שפּריצן פון אונטן ארויף, ניט מורא האָבנדיק, אז ער וועט זיך פארבלוטיקן די קליידער; אן אויסנאַם איז גע־געווען דער ווינקל, לעבן וועלכן ער איז געשטאנען, מחמת דאָ האָט דאָס בלוט יאָ**

ו. הזה על טהרו של מזבח שבע פעמים. ושירי הדם היה שופך על יסוד מערבי של מזבח החיצון, ושל מזבח החיצון היה שופך על יסוד דרומי. אלו ואלו מתערבין באמה, ויוצאין לנחל קדרון, ונמכרין לגננין לזבל, ומועלין בהן:

ז. כל מעשה יום הכפורים האמור על הסדר, אם הקדים מעשה

---

געקאָנט פאלן אויף זיינע קליידער, און דאריבער האָט ער געשפריצט פון אויבן אראָפּ. צו דער משנה דארף מען באמערקן, אז דער כהן גדול איז ניט ארויפגעגאנגען אויפן מזבח, נאָר ער איז געשטאַנען אונטן און ארויפגעשפריצט אויפן מזבח.

ו. הזה, (דערנאָך) האָט ער (דער כהן גדול) געשפריצט (פון דעם איבערגעבליבענעם אויסגעמישטן בלוט אין בעקן) אויף דעם ריינעם אָרט פון (גאָלדענעם, אינווייניקסטן) מזבח זיבן מאָל. „טהרו" מיינט אויף דעם ריינעם אָרט, אויף דעם אָפּגעדעקטן אָרט. ווייל אויפן גאָלדענעם מזבח זענען דאָך געווען די קוילן און אַש פון די קטורת פון יעדן טאָג, דאריבער האָט דער כהן גדול אוועקגעשארט אויף איין אָרט די קוילן און די אש כדי מען זאָל ארויסזעהן דאָס גאָלד, און האָט געשפריצט אויף דעם אָרט זיבן מאָל, א חוץ די 4 שפריצן וועלכע ער האָט פריער געגעבן אויף די ווינקלען פון מזבח. ושירי, און דאָס איבערגעבליבענע בלוט האָט ער אויסגעגאָסן אויפן מערב׳דיקן יסוד פון אויסנווייניקסטן מזבח. מיר האָבן שוין געגעבן אז דער גאָלדענער מזבח, וועלכער איז געשטאַנען אין היכל, האָט געהייסן דער אינווייניקסטער, מזבח, און דער מזבח אויפן הויף פון בית המקדש האָט געהייסן דער אויסנווייניקסטער מזבח (מזבח החיצון). ארום דעם דאָזיקן מזבח החיצון איז געווען אונטן א שורה שטיינער, און דאָס האָט געהייסן „יסוד" (דער גרונט). זאָגט די משנה, אז דער כהן גדול איז ארויסגעגאַנגען פון היכל מיט דעם בעקן איבערגעבליבענעם בלוט און האָט דאָס דאָזיקע רעשט בלוט אויסגעגאָסן אויף דעם יסוד פון אויסנווייניקסטן מזבח אין מערב־זייט. ושל, און (דאָס בלוט וואָס איז איבערגעבליבן פון די קרבנות, וואָס זייער בלוט האָט מען געשפריצט אויפן) אויסנווייניקסטן מזבח האָט מען געגאָסן אויפ׳ן דרום׳דיקן יסוד. דאָס הייסט אויפן זעלבן יסוד נור אין דרום־זייט פון מזבח. אלו, סיי די (רעשט פון בלוט וואָס מען האָט געגאָסן אויפ׳ן מערב יסוד) און סיי די (רעשט פון בלוט וואָס מען האָטגעגאָסן אויפן דרום׳דיקן יסוד) האָבן זיך אויסגעמישט אין קאנאל (אמה). אין בית המקדש־הויף האָט זיך געצויגן א קאנאל ארויס אין דרויסן, זאָגט די משנה אַז די אַלע בלוטן זענען אראָפּגערינען פון יסוד אין הויף אין קאנאל אריין. ויוצאין, און זיי (די בלוטן) זענען ארויסגערינען צום נחל קדרון (דעם טאָל קדרון) און זיי זענען פארקויפט געוואָרן צו די בעלי בתים פון גערטנער (גננים) אויף מיסט (צו באַמיסטיקן מיט די בלוטן די גערטנער). און מען איז מועל אין די בלוטן. „מועל־זיין" הייסט, ווען מען האָט הנאה פון אַ הייליקער זאַך, און דאָס טאָר מען ניט (זע אין מסכתא שקלים פרק ז׳ משנה ז׳). זאָגט די משנה, אז דער וואָס האָט באנוצט דאָס בלוט ניט באַצאָלנדיק דערפאר, האָט מועל געווען. די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז נור מדרבנן, ווייל לויט דעם דין פון דער תורה איז מען ניט מועל אויב מען נוצט הייליק בלוט (משנה חולין פרק ח׳ משנה ו׳). — דער טאָל „קדרון" ווערט דערמאָנט עטליכע מאָל אין תנך, און דאָס ערשטע מאָל אין שמואל ב׳ ט״ז, ווען דוד המלך איז אנטלאָפן פאר זיין זון אבשלום. דאָס איז דער טאָל וואָס געפינט זיך צווישן ירושלים און דעם הר הזיתים.

ז. כל מעשה, אלע עבודות פון יום כיפור, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן (אין דער משנה, אז זיי דארפן געטאָן ווערן) לויט דער אָרדענונג, אויב ער (דער כהן גדול) האָט פריער געטאָן א (שפּעטערדיקע) עבודה פאר דער אַנדערער (פאר א פריערדיקער), האָט ער גאָרניט געטאָן. די משנה מיינט דאָ וועגן די יום־כיפורדיקע עבודות, וואָס דער כהן גדול האָט געטאָן אין קודש הקדשים און אין היכל און אויפן גאָלדע־

**לחברו לא עשה כלים. הקדים דם השעיר לדם הפר, יחזור ויזה מדם השעיר לאחר דם הפר. ואם עד שלא גמר את המתנות שבפנים נשפך הדם, יביא דם אחר, ויחזור ויזה בתחלה בפנים; וכן בהיכל. וכן במזבח הזהב, שכולן כפרה בפני עצמן. ר׳ אליעזר ור׳ שמעון אומרים, ממקום שפסק, משם הוא מתחיל.**

## פרק ו.

**א. שני שעירי יום הכפורים, מצותן שיהיו שניהן שוין במראה**

---

נעם מזבח, אז זיי מוזן געטאָן ווערן לויט דער אָרדנונג ווי די משנה לערנט, און אויב מען טוט א שפעטערדיקע פריער און א פריערדיקער שפעטער מוז מען נאָכאמאָל טאָן די עבודות. הקדים, אויב ער האָט (געשפריצט) פון באָק׳ס בלוט (דם השעיר) איידער (ער האָט געשפריצט) דעם אָקס׳ם בלוט (דם הפר) זאָל ער נאָכאמאָל שפריצן פון באָק׳ס בלוט נאָכן (שפריצן) דעם אָקס׳ם בלוט; און אויב, איידער ער האָט פאַר־ענדיקט דאָס געבן די מתנות (דאָס שפריצן די 8 שפריצן) אינווייניק (אין קודש הקדשים, האָט זיך אויסגעגאָסן דאָס בלוט (און ער קאָן ניט פאַרענדיקן דאָס שפריצן), זאָל ער ברענגן אנדער בלוט און ווידער אָנהייבן אויפסניי (בתחילה) שפריצן אינווייניק (אין קודש הקדשים). מיט ברענגן „אנדער בלוט" מיינט מען שעכטן אן אנדערן אָקס. „אויפסניי" מיינט אָנהייבן שפריצן פון אָנהויב אָן. וכן, און אזוי אויך אין היכל, און אזוי איז אויך אויפן גאָלדענעם מזבח. דער טייטש איז, אז אויב ער האָט זיך אויסגעגאָסן דאָס בלוט איידער ער האָט פאַרענדיקט די צאָל שפריצן אין היכל זאָל ער שעכטן אן אַנדערן אָקס און אָנהייבן אויפסניי שפריצן פון אָנהויב אָן אין היכל, אָבער ער דאַרף ניט אריינגיין אין קודש הקדשים נאָך אמאָל שפריצן. און דאָס זעלבע איז אויך אויב ער האָט אָנגעהויבן שפריצן אויפן גאָלדע־נעם מזבח און דאָס בלוט האָט זיך אינמיטן אויסגעגאָסן דאַרף ער ברענגן אַנדער בלוט און אָנהויבן אויפסניי שפריצן אויפן גאָלדענעם מזבח; אָבער ער דאַרף ניט ווידער אָנהויבן שפריצן אין קודש הקדשים און אין היכל. שכולן, ווייל זיי זענען (יע־דער פון זיי) א באַזונדערע כפרה פאַר זיך. דאָס שפריצן אין קודש הקדשים, און דאָס שפריצן אין היכל, און דאָס שפריצן אויפן גאָלדענעם מזבח, זענען דריי באַזונדערע זאכן, באַזונדערע כפרות (פאַרגעבונגען, עבודות) און דעריבער דאַרף מען אָנהייבן נאָכאמאָל בלויז פון אנהויב פון דער זעלבער עבודה אָבער ניט פון דער אנדערער. אויב, למשל, דאָס בלוט האָט זיך אויסגעגאָסן ביים 4טן שפריץ אין היכל, דאַרף מען ברענגן אנדערע בלוט און אָנהייבן פון ערשטן שפריץ אין היכל, אָבער מען דאַרף ניט ווידער שפריצן אין קודש הקדשים, ווייל דאָס איז א באַזונדערע עבודה. ר׳ אלעזר און ר׳ שמעון זאָגן, אז פון דעם אָרט, וואו ער האָט פאַרענדיקט, דאָרט הייבט ער אָן. זיי האַלטן, אז אויב דאָס האָט זיך אויסגעגאָסן, למשל, נאָך דעם פירטן שפריץ, דאַרף ער ברענגן אנדער בלוט, אָבער מיט דעם אנדערן בלוט דאַרף ער שפריצן ווייטער פון דעם 5טן שפריץ אָן, און ניט אָנהייבן אויפסניי פון ערשטן שפריץ.

## פרק ו.

א. שני שעירי, די צוויי בעק (ציגן־זכרים, שעירים) פון יום כיפור דאַרפן זיין ביידע גלייך אין געשטאַלט און אין דער הויך און אין געלט (קאָסטן דאָס זעלבע געלט), און זיי דאַרפן געקויפט ווערן צוזאמען. די משנה האָט פריער פרק ג׳ משנה ט, און פרק ד׳ משנה א׳ שוין געזאָגט, אז פאַרן כהן גדול זענען געשטאַנען צוויי שעירים, צוויי ציג־זכרים, בעק, און דער כהן גדול האָט געוואָרפן אויף זיי גורל, און איינער פון זיי איז געוואָרן באַשטימט אלס א קרבן פאַר גאָט (שעיר לה׳) און דער אנדערער איז געוואָרן באַשטימט אוועקצושיקן אין מדבר, לעזאזל, (שעיר המשתלח). וועגן דעם ערשטן באָק האָט די משנה געלערנט אין לעצטן פרק, ווי דער כהן גדול האָט אים געשאָכטן און זיין בלוט געשפריצט אין קודש הקדשים און אין

**ובקומה ובדמים ובלקיחתן כאחד; ואף על פי שאין שוין כשרין. לקח אחד היום ואחד למחר, כשרין. מת אחד מהן, אם עד שלא הגריל מת, יקח זוג לשני. ואם משהגריל מת, יביא זוג אחר, ויגריל עליהם בתחלה, ויאמר, אם של שם מת, זה שעלה עליו הגורל לשם יתקיים תחתיו. ואם של עזאזל מת, זה שעלה עליו הגורל לעזאזל יתקיים תחתיו. והשני**

היכל און אויפן גאָלדענעם מזבח. די משנה וועט ווייטער דערציילן, וואָס מען האָט געטאָן מיט דער שעיר המשתלח. איצט לערנט די משנה עטליכע הלכות וועגן די ביידע בעק (שעירים). איינע פון די הלכות איז, אז זיי דארפן האָבן דיזעלבע קאָליר (ביידע זאָלן זיין שווארץ אָדער ביידע ווייס), זיין פון זעלבער הויך, קאָסטן דעם־זעלבן פרייז, און געקויפט ווערן צוזאמען. די גמרא לערנט עס אָפּ דערפון וואָס אין דער פרשה (ויקרא ט"ז) ווערט דריי מאָל געזאָגט „שני שעירים", און דערפון איז געדרינגען אז זיי דארפן זיי גלייך אין דריי זאכן (במראה, בקומה ובדמים). דער תוס־פות יום טוב מיינט, אז דאָס „קויפן צוזאמען" גייט שוין אריין אין דעם כלל פון „דמים", דאָסזעלבע געלט, און דאָס מיינט אויך דערזעלבער קויף. ואף על פי, און כאָטש זיי זענען ניט גלייך זענען זיי כשר. דאָס הייסט, עס איז א מצוה, אז זיי זאָלן זיין גלייך; אָבער בדיעבר, אויב זיי זענען ניט גלייך, זענען זיי אויך כשר. לקח, אויב מען האָט געקויפט איינעם היינט און איינעם צומאָרגנס, זענען זיי כשר. ווייל אויך דאָס קויפן צוזאמען איז נור א מצוה, אָבער בדיעבר איז כשר אפילו זיי זיינען ניט געקויפט צוזאמען. מת אחד, אויב איינער פון זיי (פון די צוויי שעירים) איז גע־שטאָרבן, (איז דער דין, אז) אויב ער איז געשטאָרבן איידער ער (דער כהן גדול) האָט געוואָרפן גורל, זאָל מען קויפן א (אנדערן אויף דעם אָרט פון דעם טויטן שעיר, כדי ער זאָל זיין א) פּאָר צום איבערגעבליבענעם; און אויב ער איז געשטאָרבן נאָכ־דעם ווי מען האָט שוין געוואָרפן גורל, זאָל מען קויפן אן אנדערן פּאָר (אנדערע צוויי שעירים), און מען זאָל אויפסניי ווארפן גורל אויף זיי, און — אויב דער שעיר „פאר גאָט" איז געשטאָרבן — זאָל ער (דער כהן גדול) זאָגן, אז דער שעיר אויף וועלכן עס איז איצט ארויסגעפאלן דער גורל „לה'" (פאר גאָט) זאָל זיין אנשטאָט אים (אנשטאָט דעם געשטאָרבענעם), און — אויב דער שעיר לעזאזל איז געשטאָרבן, — זאָל ער זאָגן, אז דער שעיר, אויף וועלכן עס איז איצט ארויפגעפאלן דער גורל „לעזאזל" זאָל זיין אנשטאָט דעם פארשטאָרבענעם. אזוי טייטשן אלע מפרשים אז כאָטש די משנה זאָגט דאָ, „ויאמר אם של שם מת" און אזוי ווייטער, איז ניט דער טייטש, אז דער כהן גדול זאָל זאָגן: „אויב דער שעיר פאר גאָט איז געשטאָרבן", מחמת ער ווייסט דאָך פון פריער וועלכער שעיר איז געשטאָרבן; נאָר דער טייטש איז, אז „אויב דער שעיר פאר גאָט איז געשטאָרבן זאָל ער זאָגן" דאָס וואָס דאָס משנה זאָגט. די גמרא לערנט, אז דער לעבעדיקער שעיר פון ערשטן פּאָר בלייבט ווייטער דער קרבן, צי ער איז געווען „פאר גאָט" צי „לעזאָזל", מחמת דער דין איז אז „אין בעלי חיים נידחין", אז א לעבעדיקע זאך טאָר ניט ווערן אָפּגעשטויסן, נדחה, און קוים איז ער געווען באשטימט אלס קרבן דארף ער זיין קרבן. אָבער די שאלה איז, וואָס זאָל געשען מיט דעם צווייטן שעיר פון דעם נייעם פּאָר? עס איז אָנגענו־מען, אז די דאָזיקע שעירים האָבן דעם דין ווי א קרבן חטאת (ווייל זיי זענען דאָך צו פארגעבן די זינד פון ישראל); און ביי א קרבן חטאת פון אן איינצעלנעם מענטש איז דער דין, אז אויב מען דארף אים ניט מער (למשל, ער איז געהאט פארלוירן גע־גאנגען און דער מענטש האָט דערווייל מקריב געווען אן אנדערן קרבן חטאת) דארף מען די בהמה אריינפירן אין א פארשלאָסן אָרט און איר ניט געבן צו עסן ביז זי שטארבט (חטאת שנתכפרו בעליה תמות). צי זאָל מען דאָ אויך אזוי טאָן מיט דעם צווייטן שעיר? זאָגט די משנה, אז ניין, נאָר: והשני, און דער צווייטער (שעיר) זאָל זיך פאַשן ביז ער וועט באקומען א פעלער (יסתאב, ער וועט ווערן א בעל מום) און

**ירעה עד שיסתאב, וימכר, ויפלו דמיו לנדבה. שאין חטאת ציבור מתה. ר׳ יהודה אומר, תמות. ועוד אָמר רבי יהודה, נשפך הדם ימות המש־תלח, מת המשתלח ישפך הדם:**

**ב. בא לו אצל שעיר המשתלח, וסומך שתי ידיו עליו ומתודה. וכך היה אומר: אנא השם עוו פשעו חטאו לפניך עמך בית ישראל; אנא בשם, כפר נא לעונות ולחשעים ולחטאים, שעוו ושפשעו ושחטאו לפניך**

---

מען זאָל אים פארקויפן, און זיין געלט זאָל אריינפאלן צו נדבה. „**נדבה" האָט געהייסן די קאסע אין בית המקדש, וואָס פאר דעם געלט פון דער קאסע האָט מען מקריב געווען סתם עולות אויפן מזבח (זע מסכתא שקלים פרק ו׳ משנה ו׳). מען מוז ווארטן ביז דער באק (שעיר) וועט ווערן א בעל מום, ווייל א גאנצע הייליקע בהמה טאָר מען ניט פארקויפן. איי איז דאָך די קשיא, פארוואָס זאָל מען זי ניט לאָזן שטארבן, ווי מען טוט מיט אן אנדערן קרבן חטאת זאָגט די משנה:** שאין, ווייל דעם קרבן חטאת פון א ציבור לאָזט מען ניט שטארבן. **נאָר א קרבן חטאת פון אן איינצלנעם מענטשן, אויב מען דארף אים ניט מער, לאָזט מען אים שטארבן, אָבער ניט פונא קרבן, וואָס געהערט צום גאנצן פאָלק, צום ציבור.** ר׳ יהודה זאָגט, אז זי שטארבט יאָ. **לויט ר׳ יהודה דארף מען לאָזן שטארבן אויך א קרבן חטאת פון א ציבור, און דאריבער זאָל אויך דאָ דער איבריק־געבליבענער באָק שטארבן.** ועוד, און נאָך האָט ר׳ יהודה גע־זאָגט, אז אויב עס האָט זיך אויסגעגאָסן דאָס בלוט (פון דעם באָק, וואָס איז באַ־שטימט „פאר גאָט", און מען האָט דעם באָק געהאַט געשאָכטן, נאָר דער כהן גדול האָט נאָכניט געהאט געשפריצט דאָס בלוט, ווי מיר האָבן געלערנט אין פריערדיקן פרק) זאָל שטאַרבן דער (צווייטער) באָק (וואָס איז באשטימט) אוועקצושיקן (המשתלח). **און אין אַזאַ פאַל דארף מען ברענגען אַנדערע צוויי שעירים און אויפסנייַ ווארפן גורל.** מת המשתלח, (דאָס זעלבע) אויב דער „באָק אויף אוועקצושיקן" (שעיר המשתלח) איז געשטאָרבן (איידער מען האָט געשפריצט פון דעם אנדערן באָק, נאָכדעם ווי מען האָט דעם דאָזיקן באָק געשאָכטן, נאָר מען האָט נאָכניט געהאַט געשפריצט זיין בלוט), זאָל מען אויסגיסן דאָס בלוט. **און מען מוז קויפן אנדערע צוויי שעירים און אויפסנייַ ווארפן גורל.**

ב. בא לו, ער (דער כהן גדול) איז צוגעגאנגען צום באָק, וואָס דארף ווערן אוועק־געשיקט (שעיר המשתלח), און ער האָט ארויפגעלייגט אויף אים זיינע צוויי הענט, און ער האָט זיך מתודה געווען. **די משנה האָט פריער אין פרק ה׳ משנה ז׳ געהאַט איבער־געריסן דעם סדר, ווי אזוי דער כהן גדול האָט געטאָן די עבודות, און האָט אינמיטן געגעבן עטליכע הלכות, איצט קומט די משנה צוריק צו דעם סדר, און זאָגט, אז דער־נאָך איז דער כהן גדול צוגעגאנגען צום שעיר המשתלח, כדי זיך מתודה צו זיין. דער כהן גדול האָט זיך שוין געהאַט מתודה געווען צוויי מאָל (ארויפלייגענדיק די הענט אויף זיין אָקס), איינמאָל אין פרק ג׳ משנה ה׳, וואו ער האָט זיך מתודה געווען אויף זיינע אייגענע זינד און די זינד פון זיין הויז, און דאָס צווייטע מאָל אין פרק ד׳ משנה ב׳, וואו ער האָט זיך מתודה געווען אויך אויף די זינד פון די כהנים. איצט איז ער זיך מתודה צום דריטן מאָל, אויף די זינד פון פאָלק ישראל, און דעם איצטיקן וידוי זאָגט ער אויף דעם שעיר המשתלח.** וכך, און אזוי האָט ער געזאָגט: „אָ, נאָמען (פון גאָט), עס האָבן פארקרומט און פושע געווען און געזינדיקט פאר דיר דיין פאָלק, דאָס הויז פון ישראל; אָ, מיטן נאָמען (פון גאָט), פארגיב די פארקרומונגן און די פשעים און די זינד, וואָס ער האָבן פארקרומט און פושע געווען און געזינדיקט פאר דיר דיין פאָלק, דאָס הויז פון ישראל, ווי עס איז געשריבן אין דער תורה פון דיין קנעכט משה, אזוי צוזאָגן (ויקרא ט״ז) „כי ביום הזה יכפר עליכם לטהר אתכם מכל חטאתיכם לפני ה׳ תטהרו", ווארום אין דאָזיקן טאָג וועט ער פארגעבן אייך, פון אלע אייערע זינד פאר גאָט וועט איר ווערן ריין". און די כהנים און דאָס פאָלק, ווען

**עמך בית ישראל, ככתוב בתורת משה עבדך לאמור, (ויקרא ט״ז) „כי ביום הזה יכפר עליכם לטהר אתכם מכל הטאתיכם לפני ה׳ תטהרו״. והכהנים והעם העומדים בעזרה, כשהיו שומעים שם המפורש שהוא יוצא מפי כהן גדול, היו כורעים ומשתחוים ונופלים על פניהם, ואומ־רים „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד״.**

**ג. מסרו למי שהיה מוליכו. הכל כשרין להוליכו, אלא שעשו הכהנים גדולים קבע ולא היו מניחין את ישראל להוליכו. אמר ר׳ יוסי, מעשה והוליכו ערסלא, וישראל היה:**

**ד. וכבש עשו לו מפני הבבליים, שהיו מתלשים בשערו, ואומרים לו: טול וצא, טול וצא. מיקירי ירושלים היו מלוין אותו עד סוכה הרא־**

---

זיי האָבן געהערט דעם שם המפורש (דעם נאָמען פון גאָט ווי ער איז געשריבן, דעם שם הויה) ווי ער גייט ארויס פון מויל פון כהן גדול, האָבן זיי געקניט און זיך גע־בוקט און געפאלן אויף זייערע פנימער און האָבן געזאָגט „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד, געבענטשט זאָל זיין דער נאָמען פון כבוד פון זיין (גאָט׳ס) קעניגרייך אויף אייביק״. **אין דער דאָזיקער מתוודה זיין זענען פאראן עטליכע זאכן אנדערש ווי אין די פריערדיקע צוויי מתוודה־זיין. ערשטנס איז דאָ פאראן דער אויסדרוק „אנא בשם״, „אָ, מיטן נאָמען״, אנשטאט וואָס אין די פריערדיקע איז פאראן „אנא השם״, „אָ, דער נאָמען״ צווייטנס, דאָ ווערט אויך געזאָגט בפירוש, אז דער כהן גדול האָט געזאָגט דעם נאָמען פון גאָט אזוי ווי ער שטייט געשריבן (דעם שם המפורש, דעם שם „הויה״); און די פריערדיקע זאָגט עס ניט די משנה. דריטנס, דאָ זאָגט די משנה אז די כהנים און דאָס פאָלק זענען געפאלן כורעים, אין די פרי־ערדיקע זאָגט עס ניט די משנה. אָבער אַלע מפרשים טייטשן, אז אויך ביי די פרי־ערדיקע האָט דער כהן גדול ארויסגעזאָגט דעם שם המפורש און אז אויך ביי די פריערדיקע זענען די כהנים און דאָס פאָלק געפאלן כורעים.**

ג. מסרו, ער (דער כהן גדול) האָט אים (דעם באָק, דעם שעיר המשתלח) איי־בערגעגעבן צו דעם (מענטש), וועלכער האָט אים אוועקגעפירט (אין דער מדבר); אלע זענען כשר אוועצופירן, נאָר די כהנים גדולים האָבן איינגעפירט א געזעץ (קבע, א פעסטן, באשטימטן מנהג) און זיי האָבן ניט צוגעלאָזט א ישראל צו פירן אים. **דאָס הייסט אז נור א כהן האָט אים אוועקגעפירט.** אָמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אז עס האָט פאסירט (עס איז געווען א מעשה) און עס האָט אים אוועקגעפירט (א מענטש מיט דעם נאָמען) ערסלא, און ער איז געווען א ישראל. **די גמרא לערנט אָפּ פון וואָרט (ויקרא ט״ז) „איש״, א מענטש, אז אפילו א ישראל מעג אים אויך אוועק־פירן (איש להכשיר את הזר).**

ד. וכבש, און מען האָט פאר אים (פאר דעם מענטש, וואָס פירט אוועק דעם באָק) געמאכט א בריק (כבש, א הויכן טרעפּ, אויף וועלכן ער זאָל אים אוועקפירן ארויס פון שטאָט) צוליב די בבל מענטשן (בבליים), וועלכע פלעגן אים ציפּן ביי די האָר און זאָגן צו אים „נעם און גיי, נעם און גיי!״ **אין בית המקדש זענען געקומען אויף יום כיפור יידן אויך פון אַנדערע לענדער, און צווישן זיי זענען געווען יידן פון בבל און זיי זענען געווען פּראָסטע מענטשן (לויט איין דעה אין דער גמרא זענען עס געווען מענטשן פון אלעקסאנדריע פון מצרים). די גמרא ברענגט דאָס לשון פון דער ברייתא, אז זיי האָבן געזאָגט אין אראמעאיש „וואָס זוימט זיך דאָ דער דאָזיקער באָק, און די זינד פון דור זענען א סך!״ „מתלשין בשערו״ טייטשט רשי אז דאָס מיינט, אז זיי האָבן געציפּט דעם מענטש׳ס האָר; טייל טייטשן, אז דעם באָק׳ס האָר.** מיקירי, פון די חשובע מענטשן פון ירושלים האָבן אים (דעם באָק׳פירער) מיטבאַ־גלייט ביז צום ערשטןביידל (סוכה); צען ביידלעך זענען געווען פון ירושלים ביז צום שטיינערנעם בארג (צוק), ניינציק ריס, זיבן און א האלבן ריס אויף יעדן מיל.

שונה; עשר סוכות מירושלים ועד צוק, תשעים ריס, שבעה ומחצה לכל מיל:

ה. על כל סוכה וסוכה אומרים לו: הרי מזון והרי מים. ומלוין אותו מסוכה לסוכה, חוץ מאחרונה שבהן, שאינו מגיע עמו לצוק, אלא עומד מרחוק, ורואה את מעשיו:

ו. מה היה עושה? חולק לשון של זהורית חציו קשר בסלע וחציו קשר בין שתי קרניו; ודחפו לאחוריו, והוא מתגלגל ויורד, ולא היה

---

די משנה זאָגט דאָ, אז פון דער שטאָט ירושלים ביז צום שטיינערנעם בארג, פון וואנען דער מענטש האָט באַדאַרפן אראָפּוואַרפן דעם באָק (דעם שעיר המשתלח) איז געווען ווייט 90 „ריס", און אז זיבן און א העלבן ריס איז איין מיל; עס קומט דאריבער אויס, אז עס איז געווען 12 מיל (זיבן און א האלב מאָל 12 איז 90). אויף דעם וועג האָט מען אויפגעשטעלט 10 ביידלעך (סוכות), נאָך יעדן מיל איין ביידל. דאָס איז צוזאמען 10 מיל. און פון דעם לעצטן ביידל ביז דעם שטיינערנעם בארג איז געווען צוויי מיל אָן א ביידל. א מיל איז 2000 איילן, א תחום שבת, וויפיל מען מעג גיין אויסער דער שטאָט אים שבת. די חשובע מענטשן פון ירושלים האָבן אים מיטבאגלייט ביז דעם ערשטן ביידל; און פון דאָרט האָט מען אים ווייטער באגלייט אזוי ביז צום לעצטן ביידל. ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" מיינט, אז „מיל" איז דאָס רוימישע „מיליאריום", א שטרעקע פון 1000 טריט; אָבער זיין מיינונג איז ניט ריכטיק.

ה. על, ביי יעדן ביידל האָט מען צו אים (צום באָק־פירער) געזאָגט: „דאָ איז עסנווארג, דאָ איז וואסער". כאָטש עס איז יום כיפור, און מען טאָרניט עסן, אָבער ווען דער מענטש זעט אז דאָס עסנווארג איז פאראַן (פת בסלו) פילט ער זיך רואיקער; אזוי זאָגט די גמרא. ומלוין, און מען האָט אים מיטבאגלייט פון איין ביידל צום אנ־דערן ביידל, חוץ פון דעם לעצטן ביידל, וואָס (דער מענטש, וועלכער איז גע־ווען אין דאָזיקן ביידל) איז ניט מיטגעגאנגען מיט אים אזש ביז צום שטיינערנעם בארג, נאָר ער איז געשטאנען פון דער ווייטנס און געזען וואָס ער טוט. די מפרשים טייטשן, אַז דער לעצטער איז מיטגעגאַנגען נור איין מיל, אַ תחום שבת, ווייל אויך אים יום כיפור טאָר מען דאָך ווייטער ניט גיין.

ו. מה, וואָס האָט ער געטאָן? וואָס האָט געטאָן דער באָק־פירער, ווען ער איז צועקומען צום שפּיץ פון שטיינערנעם בארג? חולק, ער האָט צוטיילט (אויף צוויי טיילן) דעם פורפור־רויטן לאנגן שטיק וואָל (לשון של זהורית, די „צונג", דעם לאנגן שטיק רויטן וואָל), א העלפט פון אים (איין טייל) האָט ער אָנגעבינדן אין שטיין, און א העלפט פון אים (דעם אנדערן טייל) האָט ער אָנגעבינדן צווישן זיינע (דעם באקס׳ס) צוויי הערנער, און ער (דער מענטש) האָט אים (דעם באָק) אראָפּגעשטויסן הינטערוויילעכסט, און ער (דער באָק) האָט זיך אראָפּגעקאַלערט (פון דעם בארג) און ער איז ניט צוגעקומען צו דער העלפט פון דעם בארג, ווי ער איז שוין געווען צעשלאָגן אויף שטיקער (איברים, איברים, אויף גלידער). עס איז געווען איינער פון די ניסים, אַז דער רויטער שטיק וואָל איז געוואָרן ווייס, א צייכן, אַז גאָט האָט מוחל געווען די זינד, ווי דער פסוק זאָגט (ישעיה א') אם יהיו חטאיכם כשנים, כשלג ילבינו, אויב אייערע זינד וועלן זיין ווי רויטער וואָל, וועלן זיי ווערן ווייס ווי שניי. דאריבער האָט ער אָנגעבינדן א העלפט פון רויטן וואָל אין שטיין, כדי ער זאָל קאָנען זען ווי ער איז ווייס געוואָרן. ווידער אָנבינדן דעם גאנצן וואָל אין שטיין האָט מען ניט געהייסן, ווייל טאָמער וועט ער דערזען ווי ער ווערט ווייס, איידער ער האָט אראָפּגעוואָרפן דעם באָק, און ער וועט פארגעסן און אים ניט אראָפּוואַרפן. בא, (דער־נאָך) איז דער מענטש (דער באָקפירער) צוריקגעקומען און האָט זיך אוועקגעזעצט הינטער דעם לעצטן ביידל ביז עס איז געוואָרן פינסטער (מוצאי יום כיפור).

**מגיע לחצי ההר, עד שנעשה אברים אברים. בא וישב לו תחת סוכה אחרונה עד שתחשך. ומאימתי מטמא בגדים? משיצא חוץ לחומת ירושלים. ר׳ שמעון אומר, משעת דחייתו לצוק:**

**ז. בא לו אצל פר ושעיר הנשרפין, קרען והוציא את אמוריהן, נתנם במגיס, והקטירן על גבי המזבח. קלען במקלעות והוציאן לבית השריפה. ומאימתי מטמאין בגדים? משיצאו חוץ לחומת העזרה. ר׳ שמעון משיצית האור ברובן.**

**ח. אָמרו לו לכהן גדול: הגיע שעיר למדבר. ומנין היו יודעין שהגיע**

קיין ירושלים האָט ער ניט געטאָרט צוריקגיין ווייל עס איז דאָך געווען מער ווי א תחום שבת, (און נור אהינגייענדיק האָט ער געמעגט גיין, כדי מקיים צו זיין די מצוה אראָפּצוּוואַרפן דעם באָק). מען האָט אים נור מתיר געמאַכט צו גיין צוריק די צוויי מיל פון באַרג ביז צום לעצטןביידל, ווייל ער וואָלט מורא געהאַט אַליין צו בלייבן אין דער מדבר. ומאימתי, און פון ווען אָן איז ער מטמא קליידער? די תורה (ויקרא ט״ז) זאָגט, אז דער וואָס פיר אוועק דעם שעיר המשתלח דאַרף וואַשן זיינע קליידער, ווייל זיי ווערן טמא. פרעגט די משנה: פון ווען אָן ווערן די קליידער טמא? משיצא, פון זינט ער גייט אַרויס (מיטן באָק) אויסער דעם מויער פון ירו־שלים; ר׳ שמעון זאָגט פון זינט ער וואַרפט אים אַראָפּ אויפן שטיינערנעם באַרג. דאָס וואָרט „צוק״ אלס שאַרף־שפּיציקער באַרג ווערט געבראַכט אויך אין אנדערע ערטער (בבא מציעא צ״ג „העלה לראשי צוקין״). דער „ערוך״ טייטשט „שפּיץ פון הויכע בערג וועמנס שטיינער זענען שאַרף ווי מעסערס״. עס קאָן זיין אז עס איז פון וואָרט „צוק״, ענג, שפּיציק.

ז. בא לו, ער (דער כהן גדול), נאָכדעם ווי ער האָט אוועקגעשיקט דעם מענטש מיט דעם באָק צו דער מדבר) איז געגאַנגען צו די (געשאָכטענע) אָקס און באָק (וועלכע דאַרפן) פאַרברענט ווערן; ער האָט זיי אויפגעריסן און אַרויסגענומען זייערע אימורים (די פעטס און אַנדערע שטיקער, וועלכע מען דאַרף מקריב זיין אויפן מזבח), ער האָט זיי (די אימורים) אַריינגעלייגט אין אַ שיסל כדי זיי מקטיר צו זיין אויפן מזבח; ער האָט זיי (די איבערגעבליבענע קערפּערס פון אקס און דעם באָק) איינגע־פלאָכטן אין שטעקנס און ער האָט זיי (געהייסן) אַרויספירן צום אָרט פון פאַרברענען. געוויינליך האָט מען ביי אנדערע קרבנות אָדער זיי אינגאַנצן מקריב געווען (פאַר־ברענט אויפן מזבח, אָדער מען האָט נור אַ טייל מקריב געווען אויפן מזבח און דאָס איבעריקע פלייש האָט מען געגעסן, און די פעל האָט מען פאַרנוצט. אָבער דעם אָקס פון כהן גדול (פרו) און דעם „באָק פאר גאָט (שעיר לשם) האָט מען א טייל, די אימורים, מקריב געווען אויפן מזבח, און דאָס גאַנצע פלייש צוזאַמען מיט דער פעל האָט מען פאַרברענט אין א ספּעציעל אָרט צום פאַרברענען (בית השריפה) אויסער דער שטאָט ירושלים. דאַריבער האָבן זיי געהייסן „הנשרפים״, וועלכע ווערן פאַר־ברענט, וועגן די ווערטער „אימורים״ און „מגיס״ זע מסכתא פסחים פרק ה׳ משנה י׳. טייל זענען גורס ניט „במקלות״ אין שטעקנס, נור „במקלעות״, אין פלעכטונגען. ומאימתי, און פון ווען אָן זענען זיי (דער אָקס און דער באָק) מטמא קליידער? די תורה (ויקרא ט״ז) זאָגט „והשורף אותם יכבס בגדיו, אין דער וואָס פאַרברענט זיי (דעם אָקס און דעם באָק) דאַרף וואַשן זיינע קליידער״, ווייל זיי ווערן טמא. פרעגט די משנה: פון ווען אָן ווערן די קליידער טמא? משיצאו, פון זינט זיי גייען אַרויס פון דער מויער פון בית־המקדש־הויף (עזרה); ר׳ שמעון זאָגט, פון זינט דאָס פייער צינדט אָן דעם גרעסטן טייל פון זיי. „איר״ אלס פייער איז פאַראַן א סך מאָל אין דער משנה, ווי למשל אין מסכתא שבת פרק א׳ משנה יא (ומאחיזין את האור).

ח. אמרו לו, מען האָט געזאָגט צום כהן גדול, אז דער באָק איז שוין אָנגעקו־מען צום מדבר. מחמת איידער דער באָק איז אָנגעקומען אין מדבר, האָט דער כהן

**שעיר למדבר? דרכיות היו עושין ומניפין בסודרין, ויודעין שהגיע שעיר למדבר. אמר ר׳ יהודה והלא סימן גדול היה להם, מירושלים ועד בית חדודו ג׳ מילין, הולכין מיל וחוזרין מיל ושוהין כדי מיל, ויודעין שהגיע שעיר למדבר. ר׳ ישמעאל אומר, והלא סימן אחר היה להם, לשון של זהורית היה קשור על פתחו של היכל, וכשהגיע שעיר למדבר היה הלשון מלבין שנאמר (ישעיה א׳) „אם יהיו חטאיכם כשנים כשלג ילבינו״:**

## פרק ז.

**א. בא לו כהן גדול לקרות. אם רצה לקרות בבגדי בוץ, קורא, ואם לאו, קורא באצטלית לבן משלו. חזן הכנסת נוטל**

---

גדול ניט געטאָרט אָנהויבן קיין אנדערע עבודה (לויט דעם פסוק אין ויקרא ט״ז „ושלח את השעיר במדבר״, און דערנאָך „ואת חלב החטאת יקטיר״). אָבער דער כהן גדול האָט ניט געדארפן ווארטן, ביז מען וועט דעם באָק אראָפּווארפן פון בארג, נאָר עס איז גענוג געווען זוען ער איז אָנגעקומען אין מדבר. ומנין, און פון וואנען האָבן זיי געוואוסט, אז דער באָק איז שוין אָנגעקומען אין דער מדבר? מען האָט גע־מאכט צייכן געבערס (מען האָט אוועקגעשטעלט אויפן גאנצן וועג מענטשן, וועלכע זאָלן געבן צייכנס) און זיי (די דאָזיקע מענטשן) האָבן געפאָכעט מיט טיכער (איינער צום צווייטן) און מען האָט געוואוסט, אז דער באָק איז אָנגעקומען אין מדבר. דאָס וואָרט „דורכיות״ טייטשט דער ברטנורא אז דאָס מיינט מען הויכע שטיינער, אויף וועלכע עס זענען געשטאנען די מענטשן מיט די טיכער אין די הענט. עס זאָל אפשר זיין פון וואָרט „דרך״, וועג, „דרכיות״, וועגן ־ וועייזערס. טייל זענען גורס „דרביות״, היטערס (ווי אין בכורות ח׳ „דרבנאי״). אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט: זיי האָבן דאָך געהאַט אַ גרויסן סימן (דהיינו): פון ירושלים ביז בית חדודו איז דריי מילין, זיי זענען געגאנגען איין מיל, און זענען צוריקגעקומען איין מיל, און האָבן אונ־טערגעווארט ווי (די צייט וואָס עס דויערט גיין) איין מיל, און זיי האָבן געוואוסט, אז דער באָק איז אָנגעקומען אין מדבר. לויט ר׳ יהודה האָט דער מדבר זיך אָנגעהויבן דריי מילין הינטער ירושלים ביי בית חדודו, און אזוי ווי די משנה האָט פריער (משנה ד׳) געזאָגט, אַז חשובע מענטשן פון ירושלים האָבן באַגלייט דעם באָק־פירער איין מיל הינטער דער שטאָט, ממילא ווען זיי זענען צוריקגעקומען און צו־געווארט א שטיקל צייט וויפיל עס דארף דויערן גיין איין מיל, האָבן זיי געוואוסט, אז דער באָק איז דאָרט אָנגעקומען. טייל זענען אנשטאט „בית חדודו״ גורס „בית חורון״. אָבער בית חורון (אין יהושע ט״ז) איז א סך ווייטער פון ירושלים. טייל מיינען אז „בית חדודו״ זאָל זיין „הערָאדיום״ (הירודו״) א בערגל אויפן וועג פון ירושלים צו בית לחם. ר׳ ישמעאל זאָגט: זיי האָבן דאָך געהאַט אַן אנדערן סימן (דהיינו): דער פורפור־רויטער שטיק וואָל איז געווען צוגעבינדן צום טיר פון היכל, און ווען דער באָק איז אָנגעקומען צום מדבר, איז דער שטיק וואָל וויים געוואָרן, ווארום עס ווערט געזאָגט (ישעיה א׳) „אם יהיו חטאיכם כשנים כשלג ילבינו, אויב אייערע זינד וועלן זיין ווי רויטער וואָל, וועלן זיי ווערן ווייס ווי שניי״. **א חוץ דעם נס מיטן רויטן וואָל אויף דעם באָרג (פריער אין משנה ו׳) איז אויך געשען אַזאַ נס מיט אַ שטיק רויטן וואָל אויפן טיר פון היכל אין בית המקדש.**

## פרק ז.

א. בא לו, דער כהן גדול גייט ,דערנאָך) לייענען. **די משנה וועט ווייטער געבן, אַז ער האָט געליינט אין דער ספר תורה די פרשיות פון יום כיפור.** אם רצה, אויב ער האָט געוואָלט לייענען אין די טייערע פלאקס־קליידער (בוץ, טייערער פלאקס־שטאָף, דאָס הייסט די ווייסע קליידער, די בגדי לבן), ליינט ער, און אויב ניט ליינט ער (אָנ־געטאָן) א ווייס קלייד פון זיין אייגנס. **מיר האָבן פריער פרק ג׳ משנה ו׳ און ז׳ גע־**

**ספר תורה ונותנו לראש הכנסת, וראש הכנסת נותנו לסגן, והסגן נותנו לכהן גדול; וכהן גדול עומד ומקבל וקורא עומד, וקורא „אחרי מות" „ואך בעשור". וגולל ספר תורה ומניחו בחיקו, ואומר: יותר ממה שקראתי לפניכם כתוב כאן. ובעשור שבחומש הפקודים קורא על פה. ומברך עליה שמנה ברכות: על התורה ועל העבודה ועל ההודאה ועל מחילת העון ועל המקדש בפני עצמו ועל ישראל בפני עצמן ועל ירושלים בפני עצמה ועל הכהנים בפני עצמן ועל שאר התפלה:**

---

לערנט, ווי דער כהן גדול האָט אָנגעטאָן (צו די יום כיפור׳דיקע עבודות) די ווייסע קליידער פון טייערן פלאַקס, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן פאַר דעם געלט פון דער בית־המקדש־קאַסע. זאָגט איצט די משנה, אַז אויב דער כהן גדול וויל קאָן ער אויס־טאָן יענע ווייסע קליינער און אָנטאָן אַן אייגן ווייס קלייד. „אצטלית" ווערט טייל־מאָל אויך געשריבן „אסטלית", ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" זאָגט, דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „סטאַלעס", א לאַנג מאַנטל. חזן הכנסת, דער אויפזעער (חזן) פון דער שול נעמט די ספר תורה און גיט זי צום פאָרשטעער (ראש) פון דער שול, און דער פאָרשטעער פון דער שול גיט זי צום סגן ,דעם געהילף פון כהן גדול) און דער סגן גיט צום כהן גדול. רשי זאָגט, אַז לעבן בית־המקדש־הויף איז געווען א שול, און אַז חזן מיינט מען דאָ ניט דעם בעל תפילה, נאָר דעם שמש, און ראש הכנסת מיינט מען דעם פירער פון דער שול. איינער האָט דעם צווייטן איבערגע־געבן די ספר תורה צוליב דעם כבוד פון כהן גדול, צו ווייזן, אַז א סך אמטן זענען פאַראַן נידריקער פון אים. וכהן גדול, און דער כהן גדול שטייט און נעמט צו (די ספר תורה) און לייענט (אין איר) שטייענדיק און ער לייענט (די פרשה אין חומש ויקרא ט״ז) „אחרי מות" און (די פרשה אין ויקרא כ״ג) „אך בעשור". ביידע פרשיות לערנען וואָס צו טאָן אים יום כיפור. וגולל, און ער (דער כהן גדול) וויקלט צו די ספר תורה און לייגט זי אַריין צו זיך אין בוזעם, און ער זאָגט: „מער וויפיל איך האָב גע־לייענט פאַר אייך איז דאָ געשריבן", און (דער כהן גדול) לייענט (דערנאָך) אויף אויסנ־ווייניק (ניט פון דער ספר תורה ארויס די פרשה אין במדבר כ״ט, ז׳) „ובעשור" אין חומש „הפקודים". דער חומש „במדבר" האָט געהייסן אין דער משנה „חומש הפקודים", ווייל אין במדבר ווערן געציילט די יידן (פון „פקוד", ציילן). די דאָזיקע פרשה לערנט וועגן קרבן מוסף אים יום כיפור, און דער כהן גדול לייענט זי אויסנ־ווייניק, ווייל מען דאַרף לאַנג מישן די ספר תורה פון ויקרא כ״ג אָן, און עס איז ניט קיין כבוד אז דער ציבור זאָל וואַרטן. ומברך, און (דערנאָך) מאכט ער איבער איר (איבער דעם ספר תורה־לייענען) אכט ברכות: איבער דער תורה און איבער דער עבודה און איבער די „הודאה" (דאנקען), און איבער דעם פאַרגעבן די זינד, און איבער דעם בית־המקדש באַזונדער, און איבער דעם פאָלק ישראל באַזונדער, און איבער ירושלים באַזונדער און איבער די כהנים באַזונדער און אויף דער איבריקער תפילה. וועגן די דאָזיקע ברכות זענען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען ביי די מפרשים. דער רמבם און דער גרעסטער טייל מפרשים זאָגן אַז די 8 ברכות זענען: צוויי אויף ליי־נען די תורה (איינע פריער און דערנאָך) און דאָס זענען „אשר בחר בנו", און „אשר נתן לנו"; איינע איבער די עבודה דאָס איז „רצה"; איינע איבער די הודאה, דאָס איז „מודים" איינע אויף פאַרגעבן די זינד דאָס איז „סלח לנו"; איינע איבער דעם בית המקדש, דאָס איז געווען א ברכה אז גאָט זאָל לאָזן רוען דאָרט די שכינה; איינע אי־בער די כהנים, אז גאָט זאָל זיי בענטשן און צונעמען זייערע קרבנות; און איינע אז גאָט זאָל העלפן דעם פאָלק ישראל, און ער פאַרענדיקט מיט „ברוך אתה ה׳ שומע תפילה". לויט דעם פירוש איז מען אין דער משנה ניט גורס „און איבער ירושלים באַזונדער".

**ב. הרואה כהן גדול כשהוא קורא, אינו רואה פר ושעיר הנש־רפים: והרואה פר ושעיר הנשרפים, אינו רואה כהן גדול כשהוא קורא. ולא מפני שאינו רשאי, אלא שהיתה דרך רחוקה, ומלאכת שניהן שוה כאחת:**

**ג. אם בבגדי בוץ קורא, קדש ידיו ורגליו, פשט, ירד וטבל, עלה ונסתפג. הביאו לו בגדי זהב ולבש, וקדש ידיו ורגליו, ויצא, ועשה את אילו ואת איל העם; ואת, שבעת כבשים תמימים בני שנה, דברי ר׳ אליעזר. ר׳ עקיבא אומר, עם תמיד של שחר היו קרבין. ופר העולה ושעיר הנעשה בחוץ היו קרבין עם תמיד של בין הערבים:**

---

ב. הרואה, דער וואָס זעט דעם כהן גדול ליינען (אין ספר תורה), קאָן ניט זען ווי מען פארברענט דעם אָקס און דעם באָק, און דער וואָס זעט ווי מען פארברענט דעם אָקס און דעם באָק, קאָן ניט זען ווי דער כהן גדול ליינט; און ניט דערפאר ווייל ער טאָרניט, נאָר ווייל עס איז געווען א ווייטער וועג און ביידע ארבייטן (דעם כהן גדול׳ס ליינען און דאָס פארברענען) איז פאָרגעקומען גלייך (אין דערזעלביקער צייט). **ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק ו׳ משנה ו׳ איז דאָס פארברענען פאָרגעקומען אויסער דער בית המקדש הויף, און דאָס אָרט איז געווען ווייט פון דעם אָרט, וואו דער כהן גדול האָט געליינט.**

ג. אם, אויב ער האָט געליינט אין די פלאַקס־קליידער (אין די בגדי לבן, אין די הייליקע ווייסע קליידער), האָט ער זיך געוואַשן זיינע הענט און זיינע פיס, האָט זיך אויסגעטאָן (די ווייסע קליידער), און ער איז אַראָפּגעגאַנגען (אין מקוה), זיך טובל גע־ווען, איז ארויפגעגאַנגען און האָט זיך אָפּגעווישט; מען האָט אים געבראַכט די גאָל־דענע קליידער און ער האָט זיך אָנגעטאָן און זיך געוואַשן זיינע הענט און זיינע פיס. **מיר האָבן פריער אין פרק ג׳ משנה ג׳ אויפגעקלערט בפרטות וואָס איז געווען דאָס „וואַשן די הענט און פיס״, דאָס „טובל זיין זיך״, די „ווייסע קליידער״ און די „גאָלדענע קליידער״. איצט גייט דער כהן גדול טאָן עבודות, וועלכע זענען ניט קיין ספּעציעל יום כיפּורדיקע און זיי קומען פאָר אויך אין אנדערע טעג, אָדער אפילו זיי קומען ניט פאר אין אין אנדערע טעג, האָבן זיי אָבער גאָרניט קיין שייכות מיטן ארייננגיין אין קודש הקדשים. דאריבער טוט אַן דער כהן גדול זיינע גאָלדענע גליי־דער, אין וועלכע ער טוט די עבודות אלע טעג פון יאָר.** ויצא, און ער איז ארויסגע־גאַנגען (פון דעם אָרט, וואו ער האָט זיך איבערגעטאָן) און ער האָט געמאַכט (געשאָכטן, געשפּריצט דאָס בלוט און מקריב געווען) זיין אייגענעם ווידער (איל, ווידער, א שעפּס א זכר אלט לפּחות א יאָר מיט איין און דרייסיק טעג) און אויך דעם ווידער פון פאָלק (איל העם); און אויך די זיבן גאַנצע (אָן פעלערס) שעפּסלעך צו איין יאָר אלט, אזוי זאָגט ר׳ אליעזר. ר׳ עקיבא זאָגט, אז זיי (די זיבן שעפּסלעך) האָט (דער כהן גדול) מקריב געווען צוזאמען מיטן קרבן תמיד פון פרימאָרגן. **א חוץ די יום־כיפּור־קרבנות ווי די צוויי ווידערס, וואָס דער כהן גדול האָט איצט געשאָכטן און גע־שפּריצט דאָס בלוט און מקריב געווען אויפן אויסנווייניקסטן מזבח (ויקרא ט״ז) האָט מען אויך געדאַרפן מקריב זיין אויפן אויסנווייניקסטן מזבח דעם קרבן מוסף פון יום כיפּור, אן אָקס און זיבן שעפּסלעך און א באָק (במדבר כ״ט); דאָרט ווערט אויך געלערנט וועגן מקריב זיין א ווידער (איל), אָבער אין דער ברייתא איז פאראן א דעה אז דאָס איז דערזעלבער ווידער וואָס אין ויקרא ט״ז. וועגן דעם באָק זענען אלע מודה, אז מען איז מקריב שפּעטער. נאָר וועגן די זיבן שעפּסלעך האלט ר׳ אליעזר אז דער כהן גדול האָט זיי איצט מקריב געווען און דעם אָקס שפּעטער; און ר׳ עקיבא זאָגט, אז דער כהן גדול האָט מקריב געווען דעם אָקס און די זיבן שעפּסלעך אין דער פרי צוזאמען מיטן קרבן תמיד פון אין דער פרי (אין פרק ג׳ משנה ד׳).** ופר העולה, און דער אָקס אלס עולה און דעם באָק וואָס מען מאכט אין דרויסן (אויפן אויסנווי־

**ד. קדש ידיו ורגליו, ופשט וירד וטבל, ועלה ונסתפג. הביאו לו בגדי לבן ולבש, וקדש ידיו ורגליו. נכנס להוציא את הכף ואת המחתה. קדש ידיו ורגליו, ופשט, וירד וטבל, עלה ונסתפג. הביאו לו בגדי זהב ולבש, וקדש ידיו ורגליו, ונכנס להקטיר קטורת של בין הערבים ולהטיב את הנרות. וקדש ידיו ורגליו, ופשט. הביאו לו בגדי עצמו ולבש. ומלוין אותו עד ביתו. ויום טוב היה עושה לאוהביו, בשעה שיצא בשלום מן הקודש.**

**ה. כהן גדול משמש בשמנה כלים; והדיוט בארבעה: בכתונת**

---

ניקסטן מזבח) האָט מען מקריב געווען מיטן קרבן תמיד פון פארנאכט. **לויט איין טייטש פון דער גמרא זאָגט דאָס ר' אליעזר, ווי מיר האָבן פריער דערקלערט.**

ד. קדש, ער (דער כהן גדול) האָט זיך געוואַשן זיינע הענט און זיינע פיס און ער האָט זיך אויסגעטאָן (די גאָלדענע קליידער) און איז אראָפּגעגאַנגען (אין מקוה) און האָט זיך טובל געווען; מען האָט אים געבראַכט די ווייסע קליידער און ער האָט זיך אָנגעטאָן. **אויך דאָ דאַרף מען, כדי צו פארשטיין די אַלע זאַכן פון „וואַשן", „טובל זיין", דאָס טוישן די קליידער, נאָכקוקן פריער, וואָס מיר האָבן געגעבן אין פרק ג' משנה ג'. איצט דאַרף דער כהן גדול אריינגיין אין קודש הקדשים, און דאָריבער דאַרף ער אָנטאָן די יום כיפורדיקע ווייסע קליידער** (בגדי לבן). נכנס, ער (דער כהן גדול) איז אריינגעגאַנגען (אין קודש הקדשים) ארויסצונעמען דעם לעפל און די פייער־פאַן. **דעם לעפל מיט די קטורת און די פייער־פאַן מיט די ברענענדיקע קוילן, וועלכע ער האָט געהאַט אריינגעטראָגן (פריער אין פרק ה' משנה א').** קדש, (נאָכדעם ווי דער כהן גדול איז ארויסגעקומען פון קודש הקדשים מיט דעם לעפל און דער פאַן), האָט ער זיך געוואַשן זיינע הענט און זיינע פיס, און האָט זיך אויסגעטאָן (די ווייסע קליידער) און איז אראָפּגעגאַנגען (אין מקוה) און האָט זיך טובל געווען, ער איז ארויסגעגאַנגען און האָט זיך אָפּגעווישט; מען האָט אים געבראַכט די גאָלדענע קליידער און ער האָט זיך אָנגעטאָן און האָט זיך געוואַשן זיינע פיס און זיינע הענט, און איז אריינגעגאַנגען אין היכל, כדי מקטיר צו זיין די קטורת פון פארנאכט און אָנצוצינדן די ליכט (פון דער מנורה). **דאָס דאָזיקע מקטיר זיין, וואָרפן קטורת־בשמים אויף ברענענדיקע קוילן אויפן אינווייניקסטן מזבח און היכל, איז פאָרגעקומען יעדן טאָג; דאָס זעלביקע איז פאָרגעקומען יעדן טאָג דאָס אָנצינדן די מנורה־ליכט. דאָריבער האָבן זיי ניט געהייסן קיין יום כיפור־דיקע עבודה און דער כהן גדול האָט זיי געטאָן אין די גאָלדענע קליידער. אין משנה איז פאראן „ולהטיב את הנרות", און אומעטום איז „להטיב" דער טייטש „אויסצורייניקן" די ליכטלעך; אָבער דאָ טייטש דער ברטנורא „אָנצוצינדן".** וקדש, (דערנאָך) האָט ער (דער כהן גדול) זיך געוואַשן זיינע הענט און זיינע פיס, און האָט זיך אויסגעטאָן (די הייליקע גאָלדענע קליידער); מען האָט אים געבראַכט זיינע אייגענע קליידער (די קליידער פון דער היים) און ער האָט זיך אָנגעטאָן; און מען האָט אים (דעם כהן גדול) באַגלייט ביז זיין הויז. און א יום טוב (א סעודה) האָט ער (דער כהן גדול) געמאַכט פאַר זיינע פריינט, ווען ער איז ארויס בשלום פון הייליקייט (פון קודש הקדשים). **דערמיט האָט זיך געענדיקט די עבודה פון כהן גדול אים יום כיפור אין בית המקדש. די סעודה האָט ער געמאַכט, ווייל עס איז געווען אָנגענומען, אז דער כהן גדול וואָס איז ניט ראוי און ער טוט די עבודה ניט ריכטיק ווערט פון הימל באַשטראָפט (זע פריער פרק ה' משנה א'), און דאַריבער, אז ער האָט זוכה געווען ארויסצוגיין בשלום איז עס געווען א גרויסע שמחה.**

ה. כהן גדול, א כהן גדול (ווען ער) טוט די עבודה, (דאַרף ער גיין אָנגעטאָן) אין אַכט קליידער. **דאָ מיינט בכלל די עבודה וואָס דער כהן גדול וויל טאָן אין בית המקדש וועלכן עס איז טאָג אין יאָר. וועגן יום כיפור האָבן מיר געגעבן פריער אין**

**ומכנסים ומצנפת ואבנט. מוסיף עליו כהן גדול: חשן ואפור ומעיל וציץ. באלו נשאלין באורים ותומים. ואין נשאלין אלא למלך, ולבית דין, ולמי שהצבור צריך בו:**

## פרק ח.

**א. יום הכפורים אסור באכילה ובשתיה וברחיצה ובסיכה ובנעילת**

---

**פרק ג׳ משנה ג׳ ווען ער דארף האָבן 8 קליידער און ווען נור 4. מיט קליידער מיינט מען דאָ יעדע זאך, וואס מען טראָגט אויפן קערפּער.** וההדיוט, און דער פּראָסטער (כהן טוט די עבודה) אין פיר (קליידער, און דאָס זענען): א העמד (כתונת), און הויזן (מכנסים), און א היטל (מצנפת) און א גארטל (אבנט). **דער פּראָסטער כהן האָט ניט געטאָרט טראָגן בשעת דער עבודה ניט מער און ניט ווייציקער פון די דאָזיקע 4 זאכן.** מוסיף, מען האָט צוגעלייגט ביי א כהן גדול (א חוץ די דאָזיקע פיר קליידער, נאָך אנדערע פיר קליידער, און דאָס זענען): א ברוסט־שילד (חושן), א אונטער־קלייד (אפוד), אַ אָבער־מאַנטל (מעיל) און א ציץ (גאָלדענעם בלעך אויפן שטערן). **וועגן די דאָזיקע 4 צוגאָב־זאכן פון כהן גדול לערנט די תורה אין שמות כ״ח. דער „אפוד״ איז געווען אזא אונטערקלייד, א העמדל פון גאָלד און געפארבטע וואָל־און פלאקס שטאָפן, און צוזאמען מיט אים איז געווען דער חושן, אזא ברוסט־שילד אויך פון גאָלד און געפארבטע וואָל־און פלאקס־שטאָפן מיט 12 טייערע שטיינער, אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגעקריצט די נעמען פון די 12 יידישע שבטים. דער „מעיל״, דער אָבער־מאַנטל איז געווען פון בלוי וואָל מיט גאָלדענע גלעקלעך, דער „ציץ״ איז געווען א גאָלדענער בלעך.** באלו, (נור) אין די דאָזיקע (ווען דער כהן גדול איז אָנגעטאָן אין די דאָזיקע אכט קליידער) קאָן מען פרעגן אין דעם אורים ותומים. **אויך וועגן דעם אורים ותומים זאָגט די תורה אין שמות כ״ח. רשי אויף חומש דאָרט זאָגט, אז דער „אורים ותומים״ איז דאָסזעלבע וואס דער „חושן״ נאָר עס איז צוגעגעבן אין די פאלדן פון חושן דער „שם המפורש״, כדי די ווערטער זאָלן ארויסלייכטן. אויף דעם חושן זענען געווען א חוץ די נעמען פון די 12 שבטים (ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר, זבלון, דן, נפתלי, גד, אשר, יוסף, בנימין) אויך די נעמען פון די אבות אברהם, יצחק, יעקב, און אויך די ווערטער „שבטי יה״; ממילא זענען געווען אַלע אותיות פון אלף־בית. ווען מען האָט געפרעגט דעם כהן גדול, צי מען זאָל טאָן א זאך, האָט דער כהן גדול געהאט רוח הקודש און ער האָט אריינגעקוקט אין חושן, און פון דאָרט האָבן אים ארויסגעלויכטן אותיות, און ער האָט זיי דורך רוח הקודש מצרף געווען, צונויפגעשטעלט, און ער האָט געוואוסט צו געבן דעם ענטפער.** ואין, און מען ווערט ניט געפרעגט דורך זיי (דעם אורים ותומים) צו א פּריוואטן מענטשן, (און מען ענטפערט) נור צו א מלך, אָדער צו בית דין (צו די סנהדרין) אָדער צו אזא (מאן) וואָס דער ציבור (דער כלל ישראל) דארף אים. **מען האָט געפרעגט ביים אורים ותומים נור וועגן כלל־ישראל־זאכן. די גמרא זאָגט, אז ביי מלחמה ענינים האָט דער כהן משוח מלחמה, דער כהן וואס האָט אָנגע־פירט מיט דער יידישער ארמעע, אָנגעטאָן די 8 קליידער און מען האָט ביי אים געפרעגט.**

## פרק ח.

א. יום הכיפורים, יום כיפור איז אסור צו עסן, און טרינקן, און וואשן זיך (דעם קערפּער), און שמירן זיך, און אָנטאָן שיך, און תשמיש המיטה (פּארקערן מיט דער פרוי). **אין דער תורה (אין ויקרא ט״ז, וויקרא כ״ג און במדבר כ״ט) ווערט גע־בראכט וועגן יום כיפור 5 מאָל דאָס וואָרט „ענה״, פייניגן זיך (תענו, ועניתם), און מען לערנט דערפון אָפּ די דאָזיקע 5 עינויים, עסן און טרינקן, וואשן, שמירן, שיך־דין פון דער אסור און מען איז מחויב כרת (פארשניטן ווערן) נור פאר עסן און**
**דין פון דער תורה אסור און מען איז מחויב כרת (פארשניטן ווערן) נור פאר עסן און**

**הסנדל ובתשמיש המטה, והמלך והכלה ירחצו את פניהם, והחיה תנעול את הסנדל, דברי ר׳ אליעזר; וחכמים אוסרין:**

**ב. האוכל ככותבת הגסה, כמוה וכגרעינתה, והשותה מלא לוג־מיו, חייב. כל האוכלין מצטרפין לכותבת, וכל המשקין מצטרפין למלא לוגמיו. האוכל ושותה אין מצטרפין:**

**ג. אכל ושתה בהעלם אחת, אינו חייב אלא חטאת אחת. אכל ועשה מלאכה חייב שתי חטאות. אכל אוכלין שאינן ראויין לאכילה, ושתה משקין שאינן ראויין לשתיה, ושתה ציר או מורייס, פטור:**

---

טרינקן, אָבער די אנדערע פיר ענויים זענען נור מדרבנן. והמלך, און דער מלך און די כלה מעגן זיך וואשן זייַדע פנימער. דער מלך צוליב דעם כבוד פון מלכות, און א כלה (דאָס מיינט מען א פרוי נאָך איר חתונה 30 טעג) כדי צו מאכן איר באליבט אויף איר מאן. והחיה, און די קימפעטאָרין מעג אָנטאָן די שיך, אזוי זאָגט ר׳ אליעזר, און די חכמים אסרן. ר׳ אליעזר איז מתיר, כדי די קימפעטאָרין זאָל זיך ניט צור־קילן. דאָס וואָרט „חיה״ אלס קימפעטאָרין און טיילמאָל אלס הייבאם, וועלכע נעמט אָפּ דאָס קינד, איז פאראן אויך אין חומש שמות א׳ (כי חיות הנה).

ב. האוכל, אז איינער עסט (אים יום כיפור, אזוי גרויס) ווי א גרויסער טייטל, אזוי גרויס ווי ער (ווי דער טייטל) און ווי זיין קערן, אָדער איינער וועלכער טרינקט זיין פול מויל, איז חייב. די משנה גיט דאָ דעם שיעור וויפיל הייסט געגעסן אָדער געטרינקן אים יום כיפור, אז ווען מען טוט עס איז מען חייב כרת. ביי אנדערע פאר־באָטענע עסנווארג, מאכלים אסורים, איז דער שיעור א „כזית״ (ווי אן איילבירט), אָבער ביי יום כיפור איז ווי א גרויסער טייטל צוזאמען מיט זיין קערן. דער שיעור פון „מלוא לוגמיו״, זיין פול מויל־חלל, מיינט, אַז ווען מען ווארפט איבער דעם געטראנק אויף איין זייט פון מויל, ווערט דאָרט די באק אָנגעבלאָזן. דאָס איז וועגן מחויב ווערן כרת, אָדער ווען מען עסט אָדער מען טרינקט בשוגג (ניט וויסנדיק) זאָל מען דארפן ברענגען א קרבן. כל, אלע עסנווארג זענען זיך מצרף צו דער גרויס פון א טייטל (ככותבת) און אלע געטראנקן זענען זיך מצרף צו א פול מויל; האוכל, אז איינער עסט און טרינקט, זענען זיי (דאָס עסן און טרינקן) זיך ניט מצטרף ווערן ניט פא־רעכנט צוזאמען). דאָס הייסט אויב ער האָט געגעסן אזוי גרויס ווי א האלבן טייטל און געטרינקן ווי א העלפט פון א פול מויל, ווערט עס ניט פאררעכנט צוזאמען ווי ער וואָלט געגעסן אָדער געטרינקן וויפיל דער שיעור איז, און ער איז פטור פון כרת, און אויב ער האָט געטאָן בשוגג איז ער פטור פון ברענגען א קרבן חטאת.

ג. אכל, אויב איינער האָט (בשוגג) געגעסן און געטרונקן (אים יום כיפור) אין איין פארגעסנקייט איז ער ניט מחויב צו ברענגן מער ווי איין קרבן חטאת. „אין איין פארגעסענקייט״ (בהעלם אחד) מיינט, אז ער האָט פארגעסן, אז עס איז יום כיפור, און ער האָט צווי׳שן דעם עסן און דעם טרינקן זיך ניט דערמאָנט, אז עס איז יום כיפור. זאָגט די משנה, אז כאָטש ער האָט דאָך געטאָן צוויי זאכן, געגעסן און גע־טרונקן, דארף ער ברענגן ניט מער ווי איין קרבן חטאת, ווייל דער פארבאָט צו טרינקן ווערט אָפּגעלערנט דערפון וואָס „שתייה בכלל אכילה״, וואָס טרינקן הייסט אויך אזוי ווי געגעסן, און דעריבער הייסט עס געטאָן איין זאך. אכל ועשה, אויב איינער האָט (אים יום כיפור) געגעסן און געטאָן א מלאכה (בשוגג פארגעסנדיק אז עס איז יום כיפור) איז ער מחויב (צוברענגן) צוויי קרבנות חטאת. ווייל דער פאר־באָט צו טאָן א מלאכה (אן ארבייט) אים יום כיפור ווערט אין דער תורה געבראכט אַלס אַ באַזונדערער איסור (ויקרא כ״ג׳ וכל מלאכה לא תעשו) און דער פארבאָט צו עסן איז אויך א באַזונדערער איסור (דאָרט כי כל הנפש אשר לא תענה). אכל אוכ־לין, אויב איינער האָט (אים יום כיפור) געגעסן עסנווארג וואָס זענען ניט געאייג־נעט (אינן ראויין, טויגן ניט) צום עסן, אָדער געטרינקן געטראנק וועלכע זענען ניט

**ד. התינוקות אין מענין אותן ביום הכפורים, אבל מחנכין אותם לפני שנה, ולפני שנתים, בשביל שיהיו רגילין במצות:**

**ה. עוברה שהריחה, מאכילין אותה עד שתשיב נפשה. חולה מא־כילין אותו על פי בקיאין. ואם אין שם בקיאין, מאכילין אותו על פי עצמו, עד שיאמר די:**

**ו. מי שאחזו בולמוס, מאכילין אותו אפילו דברים טמאים, עד שיאורו עיניו. מי שנשכו כלב שוטה, אין מאכילין אותו מחצר כבד שלו. ור׳ מתיא בן חרש מתיר. ועוד אָמר רבי מתיא בן חרש, החושש בגרונו,**

---

געאייגנעט (טויגן ניט) צום טרינקן, (ווי א שטייגער) ער האָט געטרינקן פיש־זאפט (ציר) אָדער זאלץ־פיש־וואסער (מוריים) איז ער פטור. **ער איז ניט מחויב קיין כרת, און אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג דארף ער ניט ברענגען קיין קרבן חטאת; אָבער עסן עס אָדער טרינקן עס טאָר מען ניט. „ציר" איז דער זאפט וואָס מען קוועטשט ארויס פון פיש; „מוריים" איז דאָס לאטייניש „מוריא", פיש־זאפט שטארק גע־זאלצן. דאָס איז ניט דער שטייגער צו טרינקן, און עס איז נור גוט איינצולייגן אין דעם מאכלים.**

ד. התינוקות, קינדער דארף מען ניט לאָזן פאסטן (מענין, לאָזן זיי נוהג זיין די ענויים) אים יום כיפור; אָבער מען דארף זיי צוגעוואוינען מיט א יאָר פריער אָדער מיט צוויי יאָר פריער, כדי זיי זאָלן זיין צוגעוואוינט (צו טאָן) מצוות. **עס איז אָנגע־נומען, אז אלס דערוואקסענע הייסן יינגלעך פון 13 יאָר און א טאָג, און מיידלעך פון 12 יאָר און א טאָג. זאָגט די משנה, אז מען דארף זיי צוגעוואוינען צום פאסטן מיט א יאָר אָדער צוויי יאָר איידער זיי ווערן דערוואקסן; איין יאָר ביי שוואכערע קינ־דער, און צוויי יאָר ביי געזונטערע קינדער.**

ה. עוברה, א שוואנגערע פרוי, וועלכע האָט (אים יום כיפור) דערשמעקט עסנווארג (און זי וויל עסן, און דאָס ניט עסן קאָן שאַדן איר געזונט) זאָל מען איר געבן צו עסן ביז זי בארוהיגט זיך (עד שתשיב נפשה), ביז זי קומט צוריק צו זיך). **די משנה הייבט דאָ אָן צו געבן עטליכע הלכות וועגן דין פון „פיקוח נפש", אז צו ראטעווען א מענטש׳ס לעבן מעג מען עובר זיין אויך אויף די הארבע איסורים.** חולה, א קראנקן זאָל מען געבן (אים יום כיפור) צו עסן דורך פאכמענער. „בקיאים", **פאכמענער, מיינט מען דאָקטוירים, אויב זיי זאָגן, אַז דער קראַנקער דאַרף עסן, אפילו דער קראנקער זאָגט, אז ער דארף ניט.** ואם, און אויב עס זענען ניט פאראן (ביים קראנקן) קיין פאכמענער(דאָקטוירים) זאָל מען אים געבן צו עסן דורך אים אליין (אויב דער קראַנקער אליין זאָגט, אז ער דארף), אזוי פיל (גיט מען צו עסן אים) ביז ער אליין זאָגט: „גענוג". **די גמרא טייטשט די משנה, אז אויב דאָקטוירים זאָגן, אז דער קראנקער דאַרף עסן, זאָל מען אים געבן צו עסן, אפילו דער קראנקער זאָגט, אז ער דארף ניט. אָבער ווען דער קראַנקער זאָגט, אז ער דארף יאָ, זאָל מען אים געבן צו עסן, אפילו ווען דאָקטוירים זאָגן, אז ער דארף ניט, ווייל „לב יודע" א מענטש שפירט זיין איי־גענעם צושטאַנד אמבעסטן. דערפון איז אין יידיש דאָס וואָרט: „מען פרעגט ניט דעם רופא נאָר דעם חולה".**

ו. מי שאחזו, אויב עס האָט איינעם אָנגעכאַפּט די (קראַנקהייט) הייס־הונגער (בולמוס), זאָל מען אים געבן צו עסן אפילו טריפה־זאכן (דברים טמאים) ביז זיינע אויגן וועלן ליכטיק ווערן. **„בולמוס", זאָגן דער „ערוך" און דער „מוסף הערוך", איז דאָס גריכישע וואָרט „בולימאס", און דאָס איז די קראנקקייט „הייס־הונגער", ווען ביים מענטש ווערט פארחלשט דאָס הארץ, און זיין פּנים, די אויגן קריגן אן אנדער צורה, און עס דראָט אים לעבנס־געפאר, און מען מוז אים באלד געבן צו עסן. זאָגט די משנה, אז מען זאָל אים געבן צו עסן אפילו טריפה מאכלים, און מען דארף ניט זיך באמיען צו קריגן כשרע מאכלים. די משנה איז ניט דוקא וועגן יום כיפור,**

**מטילין לו סם בתוך פיו בשבת, מפני שהוא ספק נפשות, וכל ספק נפשות דוחה השבת:**

**ז. מי שנפלה עליו מפולת, ספק הוא שם ספק אינו שם, ספק חי, ספק מת, ספק גוי, ספק ישראל, מפקחין עליו את הגל. מצאוהו חי, מפקחין עליו, ואם מת, יניחוהו:**

---

**נאָר בכלל, אז כדי צו ראַטעווען א מענטש׳ס לעבן (פיקוח נפש) מעג מען עובר זיין אויף א עבירה.** מי שנשכו, אויב עס האָט א מענטשן א ביס געגעבן אַ משוגענער הונט (כלב שוטה), טאָר מען אים (דעם געביסענעם) ניט געבן צו עסן פון זיין (דעם הונט׳ס) נעץ־לעבער (חצר כבד), און ר׳ מתיא בן חרש איז מתיר (צו געבן אים צו עסן פון דעם הונט׳ס נעץ־לעבער). **די נעץ־לעבער פון הונט איז טריפה און ווייל די סתם משנה האַלט, אז דאָס איז ניט קיין רפואה, טאָר מען דעם געביסענעם ניט געבן צו עסן; אָבער ר׳ מתיר בן חרש האַלט, אז עס איז יאָ א רפואה. די קראַנקייט** פון א מענטש, וועלכער ווערט געביסן דורך א משוגענעם הונט, הייסט **„הידראָפאָביע" (שנאה צו וואַסער), און די נייע מעדיצין האָט אויסגעפונען אַז אין דעם בלוט פון דעם משוגענעם הונט איז פאַראַן די רפואה קייגן דער קראַנקייט און מען שפּריצט אַריין אין דעם געביסענעם מענטש דאָס בלוט פון הונט. עס ווייזט אויס, אז שוין אין די צייטן פון דער משנה האָט מען געהאַט דעם געדאַנק וועגן דער דאָזיקער רפואה.** ועוד, און נאָך (א הלכה) האָט געזאָגט ר׳ מתיא בן חרש, אז איינעם טוט וויי (החושש) אין האַלדז מעג מען אים אַריינטאָן א רפואה (סם, א מעדיצין) אין מויל; ווייל עס איז א ספק פון לעבנס־געפאַר (ספק נפשות), און יעדער ספק פון לעבנס־געפאַר איז דוחה שבת (מען מעג צוליב דעם מחלל שבת זיין). **אין מסכתא שבת פרק י״ד משנה ג׳ ווערט געלערנט, אז א מענטש טאָר ניט נעמען קיין רפואות אים שבת. זאָגט ר׳ מתיא בן חרש אז אויב עס איז אפילו נור א ספק פון לעבנס־געפאַר מעג מען מחלל שבת זיין. די גמרא זאָגט, אז אפילו, ווען מען ווייסט, אז היינט שבת וועט ער ניט שטאַרבן, טאָר מען אויך ניט וואַרטן. דער ברטנורא האָט די גירסא „החושש בשיניו", „ווען עס טוען וויי די ציין", און ער טייטשט אז די דזשאָנסלעס הויבן אָן קאַליע ווערן און די קראַנקייט פאַרשפּרייט זיך צום גומען און צום האַלדז. דער רי״ף האָט די גירסא „החושש בפיו", ווען עס טוט וויי אין מויל.**

ז. מי שנפלה, אויב עס איז אויף ווען אַרויפגעפאַלן א חורבה (א הויז, צי א באַרג שטיינער), און עס איז א ספק צי ער (דער מענטש) איז דאָרט פאַראַן (אונטער דער חורבה) צי ער איז ניטאָ, (אָדער) צי ער לעבט נאָך, צי ער איז שוין געשטאָרבן, צי ער איז אַ גוי צי ער איז אַ ייד, — דאַרף מען צוליב אים אויפגראָבן (אים שבת), דעם באַרג. **דאָס איז דערזעלבער דין פון דער פריערדיקער משנה, אז צוליב ספק דאַרף מען מחלל שבת זיין.** מצאוהו, (אויב גראָבנדיק דעם באַרג שטיינער), האָט מען אים געפינען לעבעדיק, זאָל מען ווייטער אויפגראָבן צוליב אים. **די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט מען אפילו ווען מען האָט געזען, אז דער מענטש לעבט טאַקע אָבער לאַנג לעבן ווערט ער ניט, נאָר א קורצע צייט, חיי שעה, און אז ער וועט באַלט שטאַרבן, פונ־דעסטוועגן דאַרף מען ווייטער אים אויפגראָבן אים שבת בלויז צוליב די חיי שעה.** מת, אויב מען האָט אים געפונען טויט, זאָל מען אים לאָזן (און ניט אויפגראָבן אים ווייטער). **די גמרא זאָגט, אז ווען עס ברעכט אויס א פייער אין א הויז, וואו עס איז דאָ א מת, אַ טויטער מענטש, האָט מען מתיר געמאַכט אַרויסצונעמען אים שבת דעם מת, ווייל מען האָט מורא. אז אויב מען וועט אים ניט מתיר מאַכן וועט מען פאַרלעשן דאָס פייער, און דאָס איז א האַרבערע עבירה. אָבער דאָ האָט מען ניט מורא צו האָבן אז טאָמער וועט מען ניט מתיר מאַכן, וועט מען סיי ווי יאָ גראָבן, מחמת די עבירה וועט דאָך ניט זיין א האַרבערע, עס איז דאָך דאָס זעלבע אויפגראָבן.**

ח. חטאת ואשם ודאי, מכפרין. מיתה ויום הכפורים מכפרין עם התשובה. תשובה מכפרת על עבירות קלות, על עשה ועל לא תעשה: ועל החמורות, הוא תולה עד שיבא יום הכיפורים ויכפר:

ט. האומר: „אחטא ואשוב, אחטא ואשוב", אין מספיקין בידו לעשות תשובה. „אחטא ויום הכפורים מכפר" — אין יום הכפורים מכפר. עבירות שבין אדם למקום יום הכפורים מכפר. עבירות שבין אדם לחבירו אין יום הכפורים מכפר, עד שירצה חבירו. את זו דרש

---

ח. חטאת, א קרבן חטאת און א קרבן אשם ודאי (א אשם, וואָס מען ברענגט אויף א זיכער געטוענע עבירה) זענען מכפר. א קרבן חטאת דאַרף א מענטש ברענגען אין בית המקדש, ווען ער טוט א עבירה בשוגג; למשל, איינער האָט מחלל שבת געווען, ניט וויסנדיק, אַז עס איז שבת. כאָטש דער מענטש האָט ניט געוואוסט, פונדעסטוועגן הייסט עס, אז עס איז געטאָן געוואָרן א עבירה און דורך ברענגען דעם קרבן חטאת ווערט די עבירה בשוגג פארגעבן; דער קרבן חטאת איז זי מכפר. עס זענען פאראן טייל עבירות (ווי למשל שווערן וועגן א גזילה פאלש) וואָס מען האָט געטאָן אפילו במזיד, וויסנדיק אז מען טוט א עבירה, פאר וועלכע מען דאַרף ברענגען א קרבן „אשם ודאי", א זיכערן קרבן, און דער קרבן אשם איז מכפר אויף די עבירות. דער ברטנורא זאָגט (און דאָס זאָגן אויך אלע מפרשים) אז דאָס מיינט מען, ווען דער מענטש טוט תשובה און האָט חרטה אויף דער עבירה, און ער ברענגט דעם קרבן, ווערט די עבירה פארגעבן. מיתה, דער טויט פון א מענטש, אָדער יום כיפור, זענען מכפר צוזאמען מיט תשובה־טאָן. אויב א מענטש האָט געטאָן עבירות און ער האָט תשובה געטאָן און ער איז געשטאָרבן, האָבן דאָס תשובה טאָן און אויך זיין טויט מכפר געווען אויף די עבירות, און אין הימל פאררעכנט מען אים ניט מער די עבירות. דאָס זעלבע אויב דער מענטש האָט געטאָן תשובה, און דערנאָך איז אריבער דער יום כיפור טאָג, האָבן דאָס תשובה טאָן און דער יום כיפור מכפר געווען אויף די עבירות. די משנה דערקלערט דאָ באלד ווי אזוי דאָס קומט פאָר: תשובה מכפרת, תשובה אליין (אָן דעם טויט, און אָן יום כיפור) איז מכפר אויף לייכטע עבירות, אויף א „עשה" און אויף א לא תעשה". „עשה" („טאָן") הייסט די מצוה, וואָס גאָט האָט געהייסן טאָן, למשל, עסן מצה די ערשטע נאַכט פסח, לייגן תפילין, לייענען קריאת שמע, אויב מען איז עובר דערויף און מען טוט ניט די „עשה", די מצוה, האָט מען געטאָן א לייכטע עבירה. „לא תעשה" הייסט ניט טאָן, א פארבאָט, וואָס גאָט האָט געזאָגט, אז מען זאָל ניט טאָן, און די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט די משנה א לייכטערן פארבאָט, א „לאו הניתק לעשה", למשל אזא פארבאָט, אז מען געפינט א נעסט מיט טויבן טאָר מען ניט צו נעמען די מוטער צו זיך, נאָר מען מוז די טויב־מוטער אוועקשיקן פריי. אויב מען האָט יאָ צוגענומען די מוטער, קומט ניט דערפאר קיין מלקות, קיין קלעפּ דורך דעם בית דין, נאָר מען הייסט אים אַוועקשיקן די מוטער. דאָס איז א „לאו הניתק לעשה", עס איז אַ פאַרבאָט (ניט צו נעמען), אָבער מען דאַרף באלד מקיים זיין א „עשה", אוועקשיקן. אויף די סאָרטן עבירות, עובר זיין אויף א „עשה" אָדער אויף א „לאו הניתק לעשה" איז תשובה אליין מכפר. ועל החמורות, און אויף די הארבערע עבירות, מאכט תשובה־טאָן הענגען די עבירה (תולה, ניט זי איז מכפר, אָבער זי שיצט דעם מענטש, אז עס זאָל ניט קומען אויף דעם מענטש דערפאר יסורים) ביז יום כיפור קומט און איז מכפר. די גמרא זאָגט, אז ביי גאָר הארבע עבירות, ווי ביי חילול השם, מאכט תשובה נאָר הענגען ביז דער מענטש שטארבט און דעמאָלס איז מיתה מכפר.

ט. האומר, אז איינער זאָגט: „איך וועל (איצט) זינדיקן און (דערנאָך) וועל איך טאָן תשובה, איך וועל (איצט) זינדיקן און (דערנאָך) וועל איך טאָן תשובה", גיט מען אים (פון הימל) ניט די געלעגנהייט צו טאָן תשובה. דער ברטנורא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען ער זאָגט צוויי מאָל, מחמת ווען א מענטש טוט צוויי מאָל א עבירה, באטראכט

**ר׳ אלעזר בן עזריה**, (ויקרא ט״ז) **„מכל הטאתיכם לפני ה׳ תטהרו״. עבירות שבין אדם למקום יום הכפורים מכפר, עבירות שבין אדם לחברו אין יום הכיפורים מכפר, עד שירצה את חברו. אמר ר׳ עקיבא, אשריכם ישראל, לפני מי אתם מיטהרין, מי מטהר אתכם, אביכם שבשמים, שנאמר** (יחזקאל ל״ו) **„וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם״, ואומר** (ירמיה י״ד) **„מקוה ישראל ה׳ ״, מה מקוה מטהר את הטמאים, אף הקדוש ברוך הוא מטהר את ישראל:**

(סליק מסכת יומא)

---

**ער זי שוין ווי א זאַך וואָס מען מעג טאָן.** אחטא ויום הכיפורים, (אויב איינער זאָגט): „איך וועל (איצט) זינדיקן און יום כיפור וועט מכפר זיין״, איז יום כיפור ניט מכפר. טייל מפרשים זאָגן, אז אויך דאָ מיינט מען, ווי פריער אין דער משנה, אז ער האָט **עס געטאָן צוויי מאָל.** עבירות, אויף עבירות וואָס זענען צווישן מענטשן און גאָט (שבין אדם למקום), איז יום כיפור מכפר; אויף עבירות, וואָס זענען צווישן איין מענטש און דעם אנדערן מענטש (שבין אדם לחבירו) איז יום כיפור ניט מכפר, ביז ער בעט איבער דעם אנדערן מענטש. „**עבירות צווישן מענטשן און גאָט״** מיינט, **ווען דאדורך האָט ער קיין אנדערן מענטש ניט שלעכטס געטאָן, למשל, איינער האָט געגעסן טריפות וכדומה. דערויף איז תשובה צוזאמען מיט יום כיפור מכפר. „עבירות צווישן איין מענטש און דעם אנדערן מענטש״,** מיינט באליידיקן א מענטש וכדומה, **ווען מען פארשאפט דעם אנדערן צער, און די משנה זאָגט, אז יום כיפור איז ניט מכפר סיידן מען בעט איבער דעם אנדערן מענטש, אז ער זאָל אים מוחל זיין. וועגן „מקום״ (אָרט) אלס „גאָט״ זע אין אונזער פירוש אין מסכתא ברכות פרק ה׳ משנה א׳.** את זו, דאָס האָט געדרשנט ר׳ אלעזר בן עזריה (דעם פסוק ויקרא ט״ז) „מכל הטאתיכם לפני ה׳ תטהרו״, „פון אלע אייערע זינד פאר גאָט וועט איר ווערן ריין״, אז אויף עבירות צווישן מענשן און גאָט איז יום כיפור מכפר, און אויף עבירות צווישן מענטשן און מענטשן איז יום כיפור ניט מכפר, סיידן ער בעט איבער דעם אנדערן מענטש. **ר׳ אליעזר לערנט עס אָפּ פון דעם אויסדרוק „פון אייערע עבירות פאר גאָט״, דאָס הייסט, נור פון די עבירות וואָס מען האָט געטאָן פאר גאָט, ווערט מען ריין ווען עס קומט יום כיפור.** אָמר ר׳ עקיבא, האָט ר׳ עקיבא געזאָגט: וואויל איז צו אייך ישראל (יידן)! פאר וועמען רייניקט איר זיך, און ווער רייניקט אייך? אייער פאָטער אין הימל! ווארום עס ווערט געזאָגט (יחזקאל ל״ו) „וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם״ און איך וועל שפריצן אויף אייך ריין וואסער און איר וועט ווערן ריין״, און עס ווערט געזאָגט (ירמיה י״ד) „מקוה ישראל ה׳ ״, אזוי ווי א מקוה מאכט ריין טמא־מענטשן, אזוי איז דער הייליקער געבענטשטער זאָל ער זיין (הקדוש ברוך הוא) מטהר (מאכט ריין) דאָס פאָלק ישראל. **ר׳ עקיבא דרשנט דאָ דאָס וואָרט מקוה אין א דרשה פשט. דער פשוטער פשט איז „מקוה״ די „האָפנונג״, גאָט איז די האָפנונג פון ישראל; ר׳ עקיבא טייטשט עס על פי דרש, אז גאָט רייניקט די יידן, זייערע זינד ווערן דורך גאָט פארגעבן.**

סליק מסכת יומא — פארענדיקט מסכתא יומא)

# מסכת סוכה

## פרק א.

**א. סוכה שהיא גבוהה למעלה מעשרים אמה, פסולה. ר׳ יהודה מכשיר. ושאינה גבוהה עשרה טפחים, ושאין לה שלשה דפנות, ושחמתה מרובה מצילתה, פסולה. סוכה ישנה, בית שמאי פוסלין, ובית**

---

# מסכתא סוכה

## הקדמה

די תורה זאָגט (ויקרא כג, ל״ד—מ״ג), אז דעם 15טן טאָג אין חודש תשרי הייבט זיך אָן דעם יום טוב סוכות, וועלכער דויערט 7 טעג, און דער 8טער טאָג איז א באזונ־דערער יום טוב (שמיני עצרת). אין די 7 טעג דארף מען זיצן אין סוכה (בסכת תשבו שבעת ימים) אלס אָנדענקונג, אז ווען די יידן זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים און האָבן געוואנדערט אין דעם מדבר האָבן זיי געוואוינט אין ,,סוכות״. ,,סוכה״ הייסט א ,,ביידל״. די חכמים האָבן אָפּגעלערנט פון עטליכע פסוקים, אז די סוכה דארף זיין צו־נויפגעשטעלט פון ווענט און זי דארף זיין אין דער הויך באדעקט מיט סכך, אָפּגע־האקטע צווייגן אָדער בלעטער פון בוימער, צי שטרוי. א חוץ דעם דארף מען אים סוכות נעמען 4 מינים; א לולב (א צווייג פון א טייטל־בוים), א אתרוג, עטליכע הדסים און עטליכע ערבות (וואסער־ריטלעך). דאָס איז די מצוה צו בענטשן אתרוג. — אין דער מסכתא סוכה וועלכע באשטייט פון 5 פרקים, ווערן געלערנט די דינים, ווי אזוי די סוכה דארף געמאַכט ווערן; וועלכע מאטעריאלן מען מעג באנוצן צום סכך; וועגן עסן אין שלאָפן אין סוכה. עס ווערן אויך געלערנט די דינים וועגן לולב, אתרוג, הדסים און ערבות. עס ווערן אויך געגעבן די דינים וועגן ניסוך המים, דעם קרבן פון וואסער, וואָס מען האָט געגאָסן אין בית המקדש אויפן מזבח אים סוכות און די שמחה־פייערליכקייטן וועלכע זענען געווען דאביי (די שמחת בית השואבה).

## פרק א.

א. סוכה, א סוכה וועלכע איז העכער פון צוואנציק איילן איז פסול; ר׳ יהודה איז מכשיר. ,,העכער פון 20 איילן״ מיינט, אז פון דער ערד פון דער סוכה ביז צום סכך איז העכער פון 20 איילן. די גמרא זאָגט, אז די סתם משנה האַלט, אז א סוכה דארף זיין א ,,דירת ארעי״, נור א צייטווייליקע וואוינונג, און אויב א סוכה אזוי הע־כער פון 20 איילן זעט זי אויס ווי א ,,דירת קבע״, א שטענדיקע וואוינונג, און דאַ־ריבער איז די פסול, ניט קיין גוטע סוכה. אָבער ר׳ יהודה האַלט, אז א סוכה איז א דירת קבע, א שטענדיקע וואוינונג (פאַר די 7 טעג) און זי איז דאריבער כשר אפילו ווען זי איז העכער פון 20 איילן. ושאינה, און (א סוכה) וועלכע איז ניט הויך צען טפחים, אָדער וועלכע האָט ניט (מינדעסטנס) דריי ווענט, אָדער וואָס איר זון איז מער ווי איר שאָטן (אין דער סוכה איז דאָ מער זון ווי שאָטן) איז זי פסול. אויב די סוכה האָט ניט קיין חלל לפחות 10 טפחים צווישן דער ערד און דעם סכך, איז זי בכלל קיין דירה ניט, זי איז א דירה סרוחה (א שטינקנדע דירה) און זי איז ניט קיין סוכה. 10 טפחים הייסט אן אייל און 2 דריטל אייל. די גמרא לערנט אָפּ פון פסוק (פון די דריי מאָל בסכת, בסכת, בסוכות אין ויקרא כ״ג פסוקים מ״א, מ״ב און מ״ג) אז א סוכה דארף האָבן לפחות דריי ווענט, פון וועלכע די דריטע קאָן זיין ברייט ניט מער ווי 1 טפח און עפּיס, און מען זאָל איר (די דריטע וואנט) אוועקשטעלן אָפּגע־ריקט פון איינעם פון די איבריקע 2 ווענט ווייניגער פון 3 טפחים; דאָס איז דער דין, אז ,,פחות משלשה טפחים כלבוד דמי״, אויב עס איז פאראן א חלל, א ליידי־קער אָרט ווייניקער פון 3 טפחים, הייסט עס אז דער ליידיקער אָרט איז אויסגע־פילט, צו־באהאַפטן. ממילא קומט אויס אז די דריטע וואנט האָט 4 טפחים (דער טפח און עפּיס וואנט און די עטוואָס ווייניקער פון 3 טפחים ליידיקער אָרט). — אויב די

**הלל מכשירין. ואיזו הוא סוכה ישנה? כל שעשאה קודם לחג שלשים יום; אבל אם עשאה לשם חג, אפילו מתחלת השנה, כשרה:**

**ב. העושה סוכתו תחת האילן, כאלו עשאה בתוך הבית. סוכה על גבי סוכה, העליונה כשרה, והתחתונה פסולה. ר׳ יהודה אומר, אם אין דיורין בעליונה, התחתונה כשרה:**

---

**זון איז אויף דער ערד פון דער סוכה מער פון שאָטן איז די סוכה פסול, ווייל זי הייסט ניט גענוג צוגעדעקט מיט סכך. די גמרא זאָגט, אז אויב עס איז אויף דער ערד פון דער סוכה גלייך די זון און דער שאָטן, איז עס א סימן, אז אין דער הויך, אין סכך, זענען די לעכער קלענער פון די באדעקטע ערטער, און די סוכה איז כשר.** סוכה ישנה, א אלטע סוכה, די בית שמאי פסל׳ענען (זאָגן אז זי איז פסול), און די בית הלל זענען מכשיר (זאָגן אז זי איז כשר). **די בית שמאי האַלטן, אז די סוכה דאַרף געמאַכט ווערן „לשמה״, אלס סוכה צו זיצן אין איר אים יום טוב, און אויב זי איז אַן אַלטע, ניט געמאַכט געוואָרן פאַר יום טוב וועגן, איז זי פסול; אָבער די בית הלל האַלטן, אז מען דאַרף ניט האָבן א סוכה געמאַכט „לשמה״.** ואיזו, און וואָס איז אַן אַלטע סוכה? יעדע (סוכה) וואָס מען האָט איר געמאַכט דרייסיק טעג פאַר יום טוב (סוכות); אָבער אויב מען האָט איר (בפירוש) געמאַכט פאַר יום טוב וועגן, איז אפילו (מען האָט איר געמאַכט) פון אָנהויב יאָר, איז זי כשר. **מיט 30 טעג פאַר יום טוב מיינט מען, אז מען האָט איר געמאַכט דעם 31טן טאָג פאַר יום טוב; און ווייל עס איז געווען א מנהג צו דרשענען אין די שולן 30 טעג פאַר יום טוב וועגן די דינים פון יום טוב, דעריבער נעמט מען אָן אז אויב מען מאַכט א סוכה אין די 30 טעג, איז זי מסתמא געמאַכט פאַר יום טוב וועגן. אָבער פאַר די 30 טעג איז זי ניט מסתמא געמאַכט צוליב יום טוב. דעריבער אויב ביים מאַכן די סוכה זאָגט מען בפירוש, אז זי איז צוליב יום טוב, איז אפילו מיט א יאָר פריער איז זי אויך כשר. „מתחילת השנה״ מיינט מען ניט אין אָנהויב יאָר, מחמת „אָנהויב יאָר״ (ראש השנה) איז דאָך 2 וואָכן פאַר יום טוב. נאָר מען מיינט, אפילו מיט א יאָר פריער.**

ב. העושה, אז איינער מאַכט זיין סוכה אונטער א בוים, איז עס אזוי ווי ער וואָלט איר געמאַכט אין שטוב. **די סוכה איז פסול, ווייל די צווייגן פון בוים זענען צו־באַהאַפטן צום בוים און זיי זענען פסול אלס סכך („מחובר לקרקע״, באַהאַפטן צו דער ערד), און אפילו אויף דער סוכה איז פאַראַן כשרער סכך, אָבער די צווייגן דעקן דאָך אויך צו די סוכה.** סוכה על גבי, אויב עס איז פאַראַן איין סוכה איבער אַן אנדערער סוכה (מען האָט אין דער הויך, אויף דעם סכך פון דער סוכה אוועקגעשטעלט נאָך א סוכה) איז די אויבערשטע כשר און די אונטערשטע פסול. **די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק „בסכת״, אז דער סכך פון דער סוכה דאַרף זיין דירעקט אונטער דעם הימל; פון זעלבן פסוק ווערט אויך אָפּגעלערנט, אז א סוכה אין שטוב אָדער אונטער א בוים איז פסול.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב מען קאָן ניט וואוינען אין דער אויבער־שטער איז די אונטערשטע סוכה כשר. **מחמת דאָס הייסט ניט קיין סוכה אונטער אַן אנדערע סוכה. די גמרא זאָגט, אז אויב ווען מען לייגט אוועק אין דער אויבערשטער סוכה קושנס און מאַטעראַצן וועלן זיי דורכבראָכן דעם סכך פון דער אונטערשטער סוכה, זענען אַלע מודה אז די אונטערשטע סוכה איז כשר. און אויב דער סכך קאָן אויסהאַלטן קושנס און מאַטעראַצן זענען אַלע מודה אז זי איז פסול. די מחלוקה צווישן דעם סתם משנה, און ר׳ יהודה איז נור ווען אויב מען לייגט אוועק קושנס און מאַטעראַצן שאָקלט זיך דער סכך און ווערט שוואַך, און ער האַלט זיי אויס בדוחק. זאָגט ר׳ יהודה אז דאָס הייסט ניט קיין דאַך, און ממילא איז עס ניט קיין סוכה אונטער א סוכה און זי איז כשר, און די חכמים זאָגן, אז עס איז יאָ א דאַך און זי איז פסול.**

**ג. פירס עליה סדין מפני החמה, או תחתיה מפני הנשר, או שפירס על גבי הקינוף, פסולה. אבל פורס הוא על גבי נקליטי המטה:**

**ד. הדלה עליה את הגפן, ואת הדלעת, ואת הקיסום, וסיכך על גבה, פסולה. ואם היה סיכוך הרבה מהן, או שקצצן כשרה. זה הכלל, כל שהוא מקבל טומאה, ואין גידולו מן הארץ, אין מסככים בו: וכל דבר שאינו מקבל טומאה וגידולו מן הארץ, מסככין בו:**

---

ג. פירס, אויב מען האָט אויסגעשפּרייט איבער איר (אויף דעם סכך פון א סוכה) א ליילעך כדי (צו שיצן פאר דער זון), אָדער (מען האָט אויסגעשפּרייט דעם ליילעך) אונטער איר (אונטער דעם סכך כדי צו שיצן) פאר די אראָפּפאלענדיקע בלעטער (הנשר, די בלעטער וואָס פאלן אראָפּ פון די סכך־שטעקעלעך) אָדער מען האָט אויסגעשפּרייט (דעם ליילעך) איבער דעם הימל־בעט, איז פּסול. **„קינוף" הייסט א בעט, וואָס האָט אין די 4 עקן הויכע שטעקנס, און מען ציט איבער זיי אין דער הויך ארויף א ליילעך, אזוי אז אונטער דעם ליילעך, אין בעט, איז ווי א באַזונדערע געצעלט, ווי א צימער. דעריבער ווען מען זיצט אָדער מען שלאָפט דאָרט אין בעט איז מען ניט מקיים די מצוה פון סוכה, ווייל עס הייסט געזעסן אין א צימער מיט א דאך. „נשר" הייסט בלעטער (צי פּרוכטן) וועלכע פאלן אליין אראָפּ פון ביימער.** אבל, אָבער מען מעג אויסשפּרייטן א ליילעך איבער די שטעקענס פון א בעט. **„נקליטי המיטה" הייסט ווען פון איין זייט בעט צו דער אנדערער זייט בעט, לענג־אויס, ליגן אין דער הויך צוויי שטאנגן, איינער לעבן אנדערן, און איבער זיי ווערט פארצויגן א ליילעך, וועלכער לאָזט זיך אראָפּ אין זייטן קרום, און ווייל אין דער הויך ווערט ניט געמאַכט ווי א דאך וואָס זאָל זיין ברייט כאָטש א טפח (א 6־טל אייל), הייסט עס ניט קיין באַזונדער געצעלט, קיין באַזונדער צימער. „קינוף". זאָגט ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאנאָפּעיאָן", אַ הימל־בעט. אויך „נקליטי" איז דאָס גריכישע וואָרט „אנאקליטא", אנלען־שטעקנס.**

ד. הדלה, אויב מען האָט ארויפגעבויגן איבער איר (איבער דער סוכה) דעם ווייַנשטאָק, אָדער דעם קירביס, אָדער (די בלעטער פון דעם) עפּי, און ער האָט איבער זיי ארויפגעלייגט (כשרן) סכך איז זי (די סוכה) פּסול. **דער ווייַנשטאָק האָט לאנגע שטענגעלעך, צווייגן; דער קירביס (דלעת), איז די „דיניע" (די באַניע, אין ענגליש „גורד"), און האָט אויך זייער לאנגע בלעטער. אויך קיסום, דער „עפּי", אזא געוויקס, האָט לאנגע בלעטער. „הדלה", הייסט ארויפהויבן, ארויפציען (פון „דלה", ארויפברינגען). זאָגט די משנה אז אויב דער ווייַנשטאָק און דער קירביס און דער עפּי זענען נאָך באַהאָפטן צו דער ערד, און מען האָט זייערע צווייגן און בלעטער ארויפגעצויגן און באַדעקט מיט זיי די סוכה נאָך איידער מען האָט ארויפגעלייגט אויף איר סכך, און דערנאָך האָט מען אויף זיי (אויף די צווייגן און בלעטער) ארויפגעלייגט דעם סכך, איז די סוכה פּסול. ווייל, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, טאָר מען ניט מאַכן סכך פון זאַכן, וועלכע זענען נאָך באַהאָפטן צו דער ערד.** ואם היה, און אויב דער סכך איז געווען מער פון זיי, אָדער ער האָט זיי (דערנאָך) אָפּגעהאַקט, איז זי כשר. **די מפרשים טייטשן, אז אפילו דער סכך איז מער, מוז מען אויך אויסמישן גוט דעם סכך מיט די צווייגן און בלעטער. אין ביים אפּהאַקן איז כשר נור, אויב נאָכן אפּהאַקן האָט מען די צווייגן און בלעטער אויפגעשאָקלט, ווייל עס איז פאראַן דער דין „תעשה ולא מן העשוי", (פון פּסוק אין דברים ט"ז, חג הסוכות תעשה), מען דאַרף מאַכן די סוכה (דער עיקר סוכה איז דער סכך), אָבער א סוכה, וואָס איז ממילא געמאַכט געוואָרן, איז פּסול. און ווייל עס קומט דאָך אויס, אז דער סכך ליגט נאָך פון פריער, פון ווען ער איז געווען באַהאָפטן, מוז מען אים איצט אויפשאָקלן, כדי עס זאָל הייסן, ווי מען באַדעקט דעם סכך ווען ער איז שוין כשר, אָפּגעהאַקט.** זה הכלל, דאָס איז א כלל, אז יעדע זאַך, וואָס קאָן ווערן טמא אָדער עס וואַקסט ניט ארויס פון דער ערד,

ה. **חבילי קש, וחבילי עצים, וחבילי זרדין, אין מסככין בהן. וכולן שהתירן, כשרות. וכולן כשרות לדפנות:**

ו. **מסככין בנסרים, דברי ר׳ יהודה, ור׳ מאיר אוסר. נתן עליה נסר שהוא רחב ארבעה טפחים, כשרה, ובלבד שלא יישן תחתיו:**

ז. **תקרה שאין עליה מעזיבה, ר׳ יהודה אומר, בית שמאי אומרים, מפקפק ונוטל אחת מבינתים. ובית הלל אומרים, מפקפק, או נוטל**

---

קאָן מען ניט דערמיט באַדעקן (די סוכה, באַנוצן עס אַלס סכך), און יעדע זאַך, וואָס קאָן ניט ווערן טמא און עס וואַקסט אַרויס פון דער ערד, קאָן מען דערמיט באַדעקן (מאַכן דערפון סכך). **ווען מען מאַכט פון האָלץ כלים, געפעסן, קאָנען די כלים ווערן טמא, אויב זיי רירן אָן, למשל, אַ טויטן שרץ. דעריבער קאָן מען הילצערנע כלים ניט באַנוצן אַלס סכך. מען קאָן אויך ניט באַנוצן אַלס סכך רויע פעל פון אַ בהמה, כאָטש רויע פעל קאָן ניט ווערן טמא; אָבער פעל וואַקסט ניט אַרויס פון דער ערד. סכך מוז האָבן ביידע זאַכן: עס דאַרף אַרויסוואַקסן פון דער ערד, און עס טאָר ניט קאָנען ווערן טמא. די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק (דברים ט״ז) „מגרנך ומיקבך (פון דיין שייער און פון דיין וויין־קעלטער), אַז סכך דאַרף זיין פון שטרוי און צווייגן (בפסולת מגורן ויקב).**

ה. חבילי, בינטלעך שטרוי, אָדער בינטלעך העלצער, אָדער בינטלעך שטעקעלעך (זרדים), זאָל מען ניט באַדעקן מיט זיי (ניט באַנוצן אַלס סכך). **דאָס האָבן די רבנן גוזר געווען, ווייל טיילמאָל קומט אַ מענטש פון פעלד און ברענגט מיט זיך די בינטלעך און לייגט זיי אַרויף אויף דער סוכה אין דער הויך, ניט לשם סוכה, נאָר סתם אַזוי צום טרוקענען, און דערנאָך איז ער זיך מיישב און וויל זיי נוצן אַלס סוכה אים יום טוב, און דאָס טאָר מען ניט (צוליב דעם טעם פון פריער אין משנה ד׳, „תעשה ולא מן העשוי״, אַ סוכה דאַרף מען מאַכן); און דעריבער האָבן די רבנן געזאָגט, אַז מען זאָל בינטלעך וועלכע מ׳לייגט געווייינליך אַוועק צום טרוקענען, ניט נוצן אַלס סכך.** וכולן, און די אַלע, אויב מען האָט זיי אויפגעבינדן, זענען זיי כשר. **מחמת איז אַזאַ פאַל איז שוין ניטאָ די גזירה.** וכולן כשרות, און די אַלע זענען כשר (צום באַנוצן) אַלס ווענט (צו דער סוכה). **די אַלע דערמאָנטע זאַכן (ניט דוקא די בינטלעך) וואָס די משנה האָט פריער געלערנט וועגן זיי אַז זיי זענען פסול אַלס סכך, מעג מען פון זיי מאַכן ווענט צו דער סוכה, מחמת דער עיקר סוכה איז דער סכך.**

ו. מסככין, מען מעג באַדעקן די סוכה מיט ברעטער (באַנוצן ברעטער אַלס סכך), אַזוי זאָגט ר׳ יהודה; און ר׳ מאיר אַסרט. **די גמרא זאָגט אַז אויב די ברעטער זענען ברייט 4 טפחים האַלט אויך ר׳ יהודה, אַז זיי זענען פסול, און אויב ווינציקער פון 3 טפחים האַלט אויך ר׳ מאיר אַז זיי זענען כשר, און די מחלוקה איז נור צווישן 3 און 4 טפחים, און ר׳ מאיר איז גוזר, טאָמער וועט מען מיינען אַז מען איז יוצא ווען מען זיצט אונטער דעם בעליק** (תקרה, סופיט, סילינג) פון שטוב. נתן, אויב ער האָט אַרויפגעלייגט אויף איר (אויף דער סוכה לעבן דער וואַנט) אַ ברעט, וועלכע איז ברייט פיר טפחים (און נאָך דעם ברעט ליגן שוין סכך) איז כשר, אָבער מען זאָל ניט שלאָפן אונטער דעם ברעט. **מחמת דאָס ברעט ווערט באַטראַכט ווי עס איז די פאַרלענגערונג פון דער וואַנט (דופן עקומה״, די וואַנט ציט זיך קרומליך).**

ז. תקרה, אַ בעליק (דער סופיט דער סילינג), אויף וועלכן עס איז ניט פאַראַן קיין קאַלך (מעזיבה, עס איז פאַראַן בלויז ברעטער), זאָגט ר׳ יהודה, אַז די בית שמאי זאָגן, אַז מען זאָל צערודערן (די ברעטער) און אַרויסנעמען איין ברעט פון צווישן זיי. **און איז אַזאַ פאַל הייסן די ברעטער סכך און מען קאָן דעם צימער באַנוצן אַלס אַ סוכה. „תקרה״ איז פון „קורה״, אַ באַלקן, און מען מיינט דערמיט די ברעטער פון סופיט. „מעזיבה״ (פון „עזב״ שטיצן, צו העלפן, ווי אין שמות כ״ג „עזב תעזב״) הייסט די ערד און קאַלך, מיט וועלכע מען באַשמירט און באַפעסטיקט די ברעטער (מען**

**אחת מבינתים. ר׳ מאיר אומר, נוטל אחת מבינתים ואין מפקפק:**

**ח. המקרה סוכתו בשפודין או בארוכות המטה, אם יש ריוח ביניהן כמותן, כשרה. החוטט בגדיש לעשות בו סוכה, אינה סוכה:**

**ט. המשלשל דפנות מלמעלה למטה, אם גבוה מן הארץ שלשה טפחים פסולה; מלמטה למעלה, — אם גבוה מן הארץ עשרה טפחים, כשרה. ר׳ יוסי אומר, כשם שמלמטה למעלה עשרה טפחים כך מל-מעלה למטה עשרה טפחים. הרחיק את הסיכוך מן הדפנות שלשה טפחים, פסולה:**

---

**העלפט זיי**). ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז אָדער מען צערודערט (די ברעטער) אָדער מען נעמט ארויס איינס פון צווישן זיי. **אויך דאָס זאָגט ר׳ יהודה, אז די בית הלל זאָגן אזוי. אוי אזוי ווי מ׳פסקנט דאָך אומעטום ווי די בית הלל, ממילא האַלט ר׳ יהודה פריער** (משנה ו׳) **אַז מען מעג באַדעקן מיט ברעטער, און עס איז דאריבער גענוג, ווען מען צערודערט זיי; צערודערן**, כדי עס זאָל ניט זיין „תעשה ולא מן העשוי". ר׳ מאיר זאָגט, אז מען נעמט ארויס איינס פון צווישן זיי און מען צערודערט ניט. **ר׳ מאיר זאָגט, אַז די בית שמאי און די בית הלל זענען ניט מחולק, און אַז אַלע האַלטן, אַז מען מוז ארויסנעמען איין ברעט און אויף דעם ליידיקן אָרט אריינלייגן סכך, מחמת ר׳ מאיר האַלט** (פריער אין משנה ו׳) **אז ברעטער קאָן מען ניט באַנוצן אלס סכך. אומעטום וואו די משנה זאָגט דאָ** „נוטל מבינתיים", **„מען זאָל ארויסנעמען איין ברעט פון צווישן זיי" מיינט מען, אז מען זאָל דאָס ליידיקע אָרט, פון וואנען מען האָט ארויס-גענומען דאָס ברעט אויספילן מיט כשרן סכך.**

ח. המקרה, אז איינער דעקט צו (מקרה, מאכט א סופיט, א „תקרה") זיין סוכה מיט (אייזערנע) שפּיזן, אָדער מיט די לאנגע בעט-ברעטער, אויב עס איז פאראן צווישן זיי ליידיק אָרט אזוי (פיל) וויפיל זיי (די שפּיזן אָדער די ברעטער פארנעמען) איז זי (די סוכה) כשר. **אייזערנע שפּיזן קאָן מען ניט באַנוצן אלס סכך, ווייל זיי זענען א זאַך, וואָס וואקסט ניט פון דער ערד** (זע פריער משנה ד׳). **די לאנגע זייט-ברעטער פון א בעט קאָן מען ניט באַנוצן אלס סכך, ווייל זיי זענען א זאַך, וואָס קאָן ווערן טמא** (זע פריער משנה ד׳). **זאָגט די משנה, אז אויב צווישן זיי איז דאָ ליידיק אָרט אזוי פיל וויפיל זיי פאַרנעמען** (די מפרשים זאָגן, אַז מען מיינט עטוואָס מער ליידיק אָרט) **און דאָס ליידיקע אָרט איז אויסגעפילט מיט כשרן סכך, איז די סוכה כשר.** החוטט, אויב איינער רוימט-אויס אין א שייער צו מאכן אין איס א סוכה, איז זי ניט קיין סוכה. **די משנה מיינט, אז עס איז געשטאנען א שייער, א סטערטע מיט שטרוי, און מען האָט פון אינווייניק ארויסגענומען שטרוי און געמאַכט א ליידיק אָרט, און ממילא איז געוואָרן א סוכה,** ווייל דער דאך מיט שטרוי איז געבליבן; **זאָגט די משנה, אז דאָס איז ניט קיין כשרע סוכה, צוליב דעם טעם פון „תעשה ולא מן העשוי",** (זע פריער אין משנה ד׳), **מחמת דער דאך איז דאָך שוין געווען פון פריער.**

ט. המשלשל, אז איינער לאָזט אראָפּ די ווענט (פון דער סוכה) פון אויבן אראָפּ (ער בויט זיי ניט פון אונטן ארויף נאָר פון דאך אָן און אראָפּ), אויב זיי זענען הויך פון דער ערד דריי טפחים, איז זי פסול. **אויב עס איז פאראן ליידיקער חלל צווישן די אונ-טערשטע ראנדן פון די ווענט ביז דער ערד 3 טפחים (דער שיעור, אז א ציגעלע זאָל זיך קאָנען דורכרייסן), הייסן זיי ניט קיין ווענט.** מלמטה, (אויב מען בויט די ווענט) פון אונטן ארויף, ווען זיי זענען הויך פון דער ערד צען טפחים, איז זי (די סוכה) כשר. **אפילו די ווענט דערגייען ניט צום סכך, וועלכער ליגט אויף שטעקעלעך, און צווישן סכך און די ווענט איז פאראן ליידיק אָרט, איז די סוכה כשר.** ר׳ יוסי זאָגט, אז אזוי ווי פון אונטן ארויף איז (כשר ווען די ווענט האלטן) צען טפחים, אזוי איז פון אויבן אראָפּ (כשר ווען די ווענט האלטן) צען טפחים. **אפילו ווען די ווענט זענען נאָך ווייט צודער ערד, האַלט ר׳ יוסי, אז די סוכה איז כשר, ווייל ער האַלט, אז א „מחיצה**

**י. בית שנפחת וסיכך על גביו אם יש מן הכותל לסיכוך ארבע אמות, פסולה. וכן חצר שהיא מוקפת אכסדרא. סוכה גדולה שהקיפוה בדבר שאין מסככים בו, אם יש תחתיו ארבע אמות, פסולה:**

**יא. העושה סוכתו כמין צריף, או שסמכה לכותל, ר׳ אליעזר פוסל, מפני שאין לה גג; וחכמים מכשירין. מחצלת קנים גדולה, עשאה לשכיבה מקבלת טומאה, ואין מסככין בה: לסיכוך, — מסככין בה**

---

תלויה״, א הענגעדיקע מחיצה, וואנט, הייסט א מחיצה, א וואנט. הרחיק, אויב מען האָט אפגעריקט דעם סכך פון די ווענט 3 טפחים, איז זי (די סוכה) פסול. דאָ מיינט מען ניט, אז דער סכך איז אָפּגערוקט פון די ווענט אין דער הויך, נאָר אין דער ברייט אָדער אין דער לענג; ווען צווישן סכך און דער וואנט איז פאראן ליידיקע אָרט, לופט, 3 טפחים, איז די סוכה פסול.

י. בית, א הויז וואָס (זיין דאך) איז (געוואָרן אין דערמיט) אפן (שנפחת, צע־שטערט) און ער האָט ארויפגעלייגט דערויף סכך, אויב פון דער וואנט (פון הויז) ביז צום סכך איז פאראן פיר איילן, איז זי פסול. איז דאָס ניט קיין גוטע סוכה, אָבער אויב עס איז ווינציקער פון 4 איילן, איז זי כשר, מחמת מען באטראכט דעם גאנצן טייל פון דאך אלס א טייל פון דער וואנט („דופן עקומה״, ווי די וואנט וואָלט זיך געצויגן קרום); אזוי איז די „הלכה למשה מסיני״, אז א דופן עקומה״ איז כשר ביז ניט קיין גאנצע 4 איילן, אָבער עסן אונטער די 4 איילן טאָר מען ניט. וכן, און אזוי איז אויך מיט א הויף, וואָס איז ארומגערינגלט דורך א וועראַנדע (אכסדרא). א הויף איז ארומגעבויט אין די זייטן מיט הייזער, און ביי יעדן הויז איז פאראן א וועראנדע וועלכע האָט ניט קיין וואנט צום הויף צו, נאָר איז אין דער הויך צוגעדעקט מיט א דאך, זאָגט די משנה אז אויב מען האָט דעם הויף באַדעקט מיט סכך צווישן די דעכער פון די וועראנדעס, איז אויך דערזעלבער דין, דהיינו, אז אויב די וועראנדעס דעכער זענען ניט ברייט (פון די ווענט) 4 איילן איז דער הויף כשר אלס סוכה, און אויב זיי זענען 4 איילן איז ער פסול אלס סוכה. וועגן „אכסדרה״ האָבן מיר שוין געגעבן עטליכע מאָל, אז דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „עקסעדרא״, א וועראנדע א באַלקאָן. סוכה גדולה, א גרויסע סוכה, וועלכע מען האָט ארומגערינגלט (אין דער הויך לעבן די ווענט) מיט א זאך, וועלכער מען טאָר ניט נוצן אלס סכך, אויב עס איז פאראן אונטער איר (אונטער דעם פסולן סכך) פיר איילן, איז זי (די סוכה) פסול. עס איז אלץ דערזעלבער דין, אז פון 4 איילן אָן ווערט עס ניט באטראַכט ווי א קרומע וואנט (דופן עקומה). דער ברטנורא גיט צו די כללים, אז סכך פסול (א זאך וואָס איז פסול אלס סכך) אויב זי ליגט ביי די ווענט (מן הצד) איז פסול פון 4 איילן אָן; אויב זי ליגט אין מיטן דעם סכך (באמצע, ניט לעבן די ווענט) איז זי פסול פון 4 טפחים אָן. אויב אָבער עס איז א ליידיק אָרט, לופט, מיט גאָרניט באדעקט, אז סיי ביי די ווענט, סיי אין דערמיט פסול פון 3 טפחים אָן.

יאָ. העושה, אז איינער מאַכט זיין סוכה ווי א צריף (א שפּיציק ביידל, די ווענט פאראייניקן זיך אין דער הויך אין א שפּיץ, ווי א היטל־צוקער, אָן א דאך) אָדער ער האָט (די סוכה) צוגעלענט צו א וואנט (קרום, ביז צו דער וואַנט, און האָט אויך ניט קיין דאך אין דער הויך), ר׳ אליעזר פסלט, ווייל זי האָט ניט קיין דאך, מען מיינט דאָ, אז די ווענט פון דעם קרומען ביידל אָדער די קרומע סוכה־וואנט וואָס ער האָט צוגע־לענט צו א וואנט, זענען פון א זאך, וואָס איז גוט אלס סכך, פון צווייגן וכדומה. זאָגט ר׳ אליעזר, אז פונדעסטוועגן איז די סוכה פסול, ווייל זי האָט ניט קיין דאך; זי איז כשר נור ווען זי האָט א דאך לפחות ברייט א טפח. וחכמים, און די חכמים זענען מכשיר, מחמת ער איז דאָך אינווייניק אונטער כשרן סכך. מחצלת קנים, א גרויסע ראגאָזשע פון שטעקלעך (מחצלת, א ראָגאָזשע, א מאטע) אויב מען האָט זי געמאַכט צום ליגן (מענטשן זאָלן ליגן אויף איר) קאָן זי ווערן טמא, און מען טאָר ניט באנוצן אלס

**ואינה מקבלת טומאה. ר׳ אליעזר אומר, אחת קטנה ואחת גדולה, עשאה לשכיבה מקבלת טומאה ואין מסככין בה; לסיכוך — מסככין בה ואינה מקבלת טומאה:**

## פרק ב

**א. הישן תחת המטה בסוכה, לא יצא ידי חובתו. אמר ר׳ יהודה נוהגין היינו, שהיינו ישנים תחת המטה בפני הזקנים, ולא אמרו לנו דבר. אמר ר׳ שמעון, מעשה בטבי, עבדו של רבן גמליאל, שהיה ישן תחת המטה, ואמר להן רבן גמליאל לזקנים, ראיתם טבי עבדי, שהוא תלמיד חכם, ויודע שעבדים פטורין מן הסוכה, לפיכך ישן הוא תחת**

---

סכך; (אויב מען האָט איר געמאַכט) צום באַדעקן (דערמיט אלס סכך), מעג מען באַדעקן מיט איר (באַנוצן אלס סכך) און זי קאָן ניט ווערן טמא. **די גמרא טייטשט די משנה אזוי: א קליינע ראָגאָזשע, אויב מען האָט גאָרניט אין זינען ביים מאַכן איר, מיינט מען געוויס, אז זי זאָל זיין צום ליגן אויף איר. ממילא הייסט זי א כלי, א זאַך, און אויב זי רירט אָן, למשל, א טויטן שרץ קאָן זי ווערן טמא. ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ד׳ טאָר מען ניט באַנוצן אלס סכך. די סתם משנה לערנט מען דאריבער אַ גרויסע ראָגאָזשע, אויב מען האָט איר געמאַכט סתם, ניט אין זינען האָבנדיק צו וואָס מען מאַכט זי, מיינט מען מסתמא צום באַדעקן מיט איר אַלס סכך, און זי קאָן ניט טמא ווערן, און מען מעג איר באַנוצן אַלס סכך. די סתם משנה לערנט מען דאריבער אַזוי; א גרויסע ראָגאזשע, אויב מען מאַכט זי סתם איז זי צום סכך; אויב אָבער מען מאַכט איר בפירוש צום ליגן אויף איר קאָן זי ווערן טמא. דאקייגן א קליינע ראָגאָזשע, אויב מען מאַכט זי סתם, איז זי צום ליגן אויף איר; אויב אָבער מען מאַכט איר בפירוש צום סכך קאָן מען איר באַנוצן אלס סכך.** ר׳ אליעזר זאָגט, אַז סיי אַ גרויסע און סיי אַ קליינע, אויב מען האָט זי געמאַכט צום ליגן, קאָן זי ווערן טמא, און מען טאָר זי ניט באַנוצן אלס סכך; (אויב מען האָט זי געמאַכט) צום באַנוצן אלס סכך, מעג מען זי באַנוצן אלס סכך און זי קאָן ניט ווערן טמא. **די גמרא טייטשט, אז לויט ר׳ אליעזר, אויב מען האָט געמאַכט סתם (סיי א גרויסע און סיי א קליינע) מיינט עס צום ליגן, און מען דארף בפירוש אינזינען האָבן, אז מען מאַכט זי צום באַנוצן אלס סכך, כדי זי זאָל ניט קאָנען טמא ווערן, און מען זאָל זי מעגן באַנוצן אלס סכך.**

## פרק ב

א. הישן, אז איינער שלאָפט אונטער דעם בעט אין דער סוכה האָט ער ניט דערפילט זיין חוב. **„לא יצא ידי חובתו”, ניט יוצא געווען זיין חוב, מיינט, אז ער האָט ניט מקיים געווען די מצוה פון סוכה. אין סוכה דארף מען עסן און טרינקן און שלאָפן, און ווען ער שלאָפט אונטער דעם בעט הייסט עס ווי ער וואָלט געווען שלאָפן אין אַ באַזונדערער שטוב מיט א דאַך. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, ווען פון דער ערד צום בעט אונטער וועלכן ער שלאָפט זענען פאראן 10 טפחים, מחמת ווינציקער פון 10 טפחים הייסט עס ניט קיין אוהל, קיין באַזונדערע שטוב.** אָמר ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט: „מיר פלעגן זיך נוהג זיין צו שלאָפן אונטער דעם בעט (אין סוכה) פאר די אויגן פון זקנים, און זיי האָבן אונז גאָרניט געזאָגט”. **מיט „זקנים” מיינט מען די תנאים, און דערפון ברענגט ר׳ יהודה א ראיה, אז מען מעג יאָ שלאָפן אין סוכה אונטער דעם בעט, ווייל ער האַלט, אז דאָס בעט איז א „אוהל ארעי”, א צייטווייליקער אוהל, און די סוכה איז א „אוהל קבע”, א שטענדיגער אוהל (זע פריער פרק א׳ משנה א׳), און דער „אוהל ארעי” קאָן ניט מבטל מאכן דעם „אוהל קבע”.** אָמר ר׳ שמעון, האָט ר׳ שמעון געזאָגט, אז עס האָט פאסירט מיט טבי דעם שקלאַף פון רבן גמליאל, וועלכער איז געשלאָפן אונטער דעם בעט (אין סוכה), און רבן גמליאל האָט געזאָגט צו די זקנים: „איר זעט מיין שקלאַף טבי, ווייל ער איז א תלמיד חכם און ווייסט, אז שקלאַפן זענען פטור פון סוכה (זיי דארפן ניט מקיים זיין די מצוה פון סוכה), דא־

**המטה. ולפי דרכינו למדנו, שהישן תחת המטה לא יצא ידי חובתו:**

**ב. הסומך סוכתו בכרעי המטה, כשרה. ר׳ יהודה אומר, אם אינה יכולה לעמוד בפני עצמה, פסולה. סוכה המדובללת, ושצלתה מרובה מחמתה, כשרה. המעובה כמין בית, אף על פי שאין הכוכבים נראים מתוכה, כשרה:**

**ג. העושה סוכתו בראש העגלה, או בראש הספינה, כשרה, ועולין לה ביום טוב. בראש האילן, או על גבי גמל, כשרה, ואין עולין לה ביום טוב. שתים באילן ואחת בידי אדם, או שתים בידי אדם ואחת באילן,**

---

ריבער שלאָפט ער אונטער דעם בעט״; און דערווייל (ולפי דרכנו, און לויט אונזער וועג, אגב אורחא, דערווייל) האָבן מיר געלערנט, אז איינער שלאָפט (אין סוכה) אונ־טער דעם בעט האָט ער ניט דערפילט זיין חוב. **וועגן דעם אז שקלאַפן זענען פטור פון דער מצוה פון סוכה לערנט די משנה ווייטער אין משנה ח׳ און דאָרט וועלן מיר געבן די סברא דערפון. וועגן טבי און רבן גמליאל זע מסכתא ברכות פרק ב׳ משנה ז׳ און מסכתא פסחים פרק ז׳ משנה ב׳. דער ברטנורא טייטשט „ולפי דרכנו״, אז כאָטש רבן גמליאל האָט דאָך נור געלויבט זיין שקלאַף, אז ער קאָן לערנען, אָבער דערווייל האָט ער אונז געלערנט דעם דין וועגן שלאָפן אונטערן בעט.**

ב. הסומך, אז איינער לענט אָן זיין סוכה אויף די בעט־קניען (כרעי המטה, אייף די בעט־ווענט, דער צוקאָפּנס־וואנט, און דער צופיסנס־וואנט) איז זי כשר; ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב זי (די סוכה) קאָן ניט שטיין באזונדער (אויב מען זאָל אוועק־נעמען די בעט־ווענט) איז זי פסול. **מיר האָבן געלערנט אין פרק א׳ משנה א׳ אז ר׳ יהודה האַלט אז א סוכה דאַרף זיין א „דירת קבע״, א פעסטע וואוינונג, און דאָ הייסט די סוכה ניט קיין פעסטע וואוינונג, ווייל מען קאָן דאָך אוועקרוקן דאָס בעט און די סוכה רוקט זיך מיט.** סוכה המדובללת, א סוכה וואָס איז צומישט, און איר שאָטן איז מער פון איר זון, איז די כשר. **„מדובללת״ האָט אין דער גמרא צוויי טייטשן. דער אמורא רב טייטשט ווי „מדולדלת״ (און עס איז דאריבער פון „דלל״, וואָס זאָל זיין ווי „דל״, אָרעם, אָדער דלדל, פאַראָרמט) און דער טייטש איז, אַן „אָרעמע״ סוכה. דער סכך איז שיטער; און די משנה לערנט איין דין, אז כאָטש עס איז פאַראַן ווייניק סכך, אויב אָבער דער שאָטן איז אינווייניק מער פון דער זון איז כשר. דער אמורא שמואל טייטשט „מדובללת״ פון „בלל״, צעמישט, און דער טייטש איז, אז די סכך שטעקעלעך ליגן ניט גלייך, איינס נעבן דעם אַנדערן, נאָר איינס ארויף און איינס אראָפּ, און די משנה לערנט דאָ צוויי באזונדערע דינים. איינער איז, אז אזא צע־מישטע סוכה איז כשר, און דער אנדערער איז, אז אן אָרימע סוכה (מיט ווייניק סכך), אויב דער שאָטן איז מער פון דער זון, איז זי כשר.** המעובא, (א סוכה) וועלכע איז געדיכט־ווי א הויז, כאָטש מען זעט ניט אדורך אינווייניק די שטערנס (דורך דעם סכך), איז זי כשר. **דאָ מיינט מען אז עס ליגט אזוי פיל סכך אז עס איז ווי א דאך אין א הויז, עס זענען ניט פאַראַן קיין לעכלעך, און מען זעט ניט אדורך די שטערנס פון דרויסן.**

ג. העושה, אז איינער מאכט זיין סוכה אויף א וואָגן אָדער אויף א שיף, איז זי כשר און מען מעג ארויפגיין צו איר אים יום טוב. **כאָטש מ׳קאָן זי באוועגן איבער־טראָגן פון איין אָרט אין אן אנדערן, איז זי כשר. דאָס וואָס די משנה לערנט דאָ, אז מען מעג ארויפגיין (אריינגיין) אין איר אים יום טוב, איז צוליב ווייטער, וואו די משנה וועט לערנען אז מען טאָרניט.** בראש האילן, (אויב מען מאכט א סוכה) אויף א בוים (אין דער הויך) אָדער אויף א קעמל, איז זי כשר, אָבער מען טאָר ניט ארויפגיין אין איר אים יום טוב. **מחמת דער דין איז אַז יום טוב טאָר מען ניט ארויפ־גיין אויף א בוים, טאָמער וועט מען עפּעס אָפּרייסן פון אים (און מען טאָרניט אָפּ־רייסן אים יום טוב), און מען טאָרניט אים יום טוב ארויפגיין אויף אַ קעמל, טאָמער**

**כשרה, ואין עולין לה ביום טוב. שלשה בידי אדם ואחת באילן, כשרה, ועולין לה ביום טוב. זה הכלל, כל שינטל האילן ויכולה לעמוד בפני עצמה, כשרה, ועולין לה ביום טוב:**

**ד. העושה סוכתו בין האילנות, והאילנות דפנות לה, כשרה. שלוחי מצוה פטורין מן הסוכה. חולין ומשמשיהן פטורין מן הסוכה. אוכלין ושותין עראי חוץ לסוכה:**

**ה. מעשה והביאו לו לרבנן יוחנן בן זכאי לטעום את התבשיל,**

---

וועט מען רייטן (און מען טאָר ניט רייטן אים יום טוב). שתים, (אויב מען האָט געמאַכט א סוכה פון דריי ווענט, פון וועלכע) צוויי (ווענט) זענען אויפן בוים, און איין (וואנט) איז געמאַכט דורך מענטשן (אונטן אויף דער ערד און מען האָט אָנגעלייגט גענוג ערד, כדי עס זאָל זיך אויסגלייכן מיט די ווענט אויפן בוים), אָדער צוויי (ווענט, האָט מען געמאַכט) דורך מענטשן (אונטן) און איין (וואנט) אויפן בוים, איז די כשר און מען טאָר ניט ארויפגיין אין איר אים יום טוב. אזוי טייטשט רשי די משנה און דער טעם איז, ווייל ווי מיר האָבן געלערנט אין פרק א׳ משנה א׳, מוז א סוכה האָבן לפחות דריי ווענט, און אויב אפילו איינע פון די דריי ווענט איז אויפן בוים, און ווען זי זאָל ניט זיין וועט די סוכה צעפאלן זיך, טאָר מען ניט ארויפגיין אים יום טוב, ווייל עס הייסט באנוצט זיך מיט א בוים. שלשה בידי, (אויב מען האָט געמאַכט) דריי (ווענט דורך מענטשן (אונטן) און איין (וואנט) אויפן בוים) איז זי כשר און מען מעג ארויפגיין אין איר אים יום טוב. מחמת אָן דער בוים־וואנט האָט דאָך אויך די סוכה דריי ווענט. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אויב ווען מען נעמט אוועק דעם בוים און די סוכה קאָן שטיין פאר זיך (אָן דער שטיצע פון בוים) איז זי כשר און מען מעג ארויפגיין אין איר (אין דער סוכה) אים יום טוב. מען מיינט ניט ארויפגיין אויפן בוים נאָר אין דעם טייל סוכה, וואָס געפינט זיך אויסער דעם בוים.

ד. העושה, אז איינער מאכט זיין סוכה צווישן די ביימער (ער לייגט ארויף דעם סכך אויף די ביימער, פון איין בוים צום אנדערן, און די סוכה איז אויף דער ערד) און די ביימער זענען אירע ווענט, איז זי כשר. די גמרא זאָגט אז מען מיינט דאָ אז די וואנט און די צווייגן זענען פעסטע, אז א געוויינטליכער ווינט זאָל זיי ניט קאָנען רירן, ווייל אויב א געוויינטליכער ווינט קאָן זיי אוועקטראָגן הייסט עס ניט קיין וואַנט (מחיצה שאינה יכולה לעמוד ברוח מצויה). שלוחי מצוה, מענטשן וואָס גייען טאָן א מצוה זאך (שלוחים מצוה) זענען פטור פון (דער מצוה) סוכה. רשי גיט דעם ביישפיל, אז איינער גייט כדי צו לערנען תורה. אָדער כדי אויסצולייזן געפאנגענע (פדיון שבויים) איז ער אין וועג פטור פון מקיים צו זיין די מצוה פון סוכה. דאָס איז דער דין פון „העוסק במצוה פטור מן המצוה״, בשעת איינער טוט א מצוה איז ער פטור פון צו טאָן אן אנדערע מצוה, דער ר״ן זאָגט, אז דאָס מיינט מען, אז ער דארף ניט נאָכזוכן אין וועג צו קריגן א סוכה, אָבער אויב ער קאָן מקיים זיין אויך די מצוה פון סוכה אָן טירחא דארף ער יאָ מקיים זיין. חולין, קראנקע און זייערע באדינער זענען פטור פון סוכה. דער ברטנורא (אויפן יסוד פון דער גמרא) דערקלערט, פארוואָס מען האָט ביי דער מצוה פון סוכה אזוי מיקל געווען, אז אפילו ביי יעדער אומאנגענעמלעכקייט (המצטער) איז מען פטור פון סוכה; ער זאָגט, ווייל די תורה (ויקרא כג) זאָגט וועגן דער מצוה „בסכות תשבו״, און מען טייטשט עס „תשבו כעין תדורו״, אז דאָס זיצן אין סוכה זאָל זיין ווי מען וואוינט אין א וואוינונג, און אויב אפילו אין א וואוינונג וואָלט מען ביי אזא אומאנגענעמליכקייט, צער, פארלאָזט די וואוינונג, קאָן מען פארלאָזן אויך די סוכה. אוכלים, מען מעג עסן און טרינקן א צופעליק עסן און טרינקן (עראַי) אויסער דער סוכה. מיט „עראַי״, צופעליק, מיינט מען, א קלייניקייט, צו שטיקן עטוואָס דעם הונגער אָדער דעם דאָרשט.

ה. מעשה, עס האָט אמאָל פאסירט, אז מען האָט געבראכט (אים סוכות) צו

**ולרבן גמליאל שתי כותבות ודלי של מים, ואָמרו, העלום לסוכה. וכשנתנו לו לרבי צדוק אוכל פחות מכביצה, נטלו במפה, ואכלו חוץ לסוכה, ולא בירך אחריו:**

**ו. ר׳ אליעזר אומר, ארבע עשרה סעודות חייב אדם לאכול בסוכה, אחת ביום ואחת בלילה. וחכמים אומרים, אין לדבר קצבה, חוץ מלילי יום טוב ראשון של חג בלבד. ועוד אמר רבי אליעזר, מי שלא אכל לילי יום טוב הראשון, ישלים בלילי יום טוב האחרון. וחכמים אומרים, אין לדבר תשלומין. על זה נאמר (קהלת א׳) „מעות לא יוכל לתקון וחסרון לא יוכל להמנות״:**

**ז. מי שהיה ראשו ורובו בסוכה ושולחנו בתוך הבית, בית שמאי**

רבן יוחנן צו זכאי צו פארזוכן דאָס געקעכץ, און צו רבן גמליאל (האָט מען געבראַכט אים סוכות) צוויי טייטלען א עמער וואסער, און זיי האָבן געזאָגט: „טראָגט זיי ארויף אין דער סוכה״. **די גמרא טייטשט, אז כאָטש ווי מיר האָבן פריער געלערנט מעג מען עסן און טרינקען א „עראַי״, א קלייניקייט, אויך אויסער דער סוכה, פונ־דעסטוועגן ווער עס איז מחמיר אויף זיך ניט צו עסן און ניט צו טרינקען אפילו א „עראַי״ אויסער דער סוכה, טוט גוט; און די משנה ברענגט די ראיה פון רבן יוחנן בן זכאי און רבן גמליאל, וועלכע האָבן אפילו א קלייניקייט ניט געוואָלט טועם זיין אויסער דער סוכה.** וכשנתנו, און (עס איז געשען אז) מען האָט געגעבן צו ר׳ צדוק א עסנווארג קלענער פון דער גרויס פון אן איי, האָט ער עס גענומען דורך א טוך און ער האָט עס געגעסן אויסער דער סוכה און האָט ניט געבענטשט דערנאָך. **ר׳ צדוק האָט ניט מחמיר געווען אויף זיך און האָט יאָ געגעסן אויסער דער סוכה. ער האָט גענומען דאָס עסנווארג דורך א טוך און ניט מיט דער האַנט, כדי ער זאָל זיך ניט דארפן וואשן דערצו און ער האָט ניט געבענטשט דערנאָך, ווייל אויף עסנווארג די גרויס וויניציקער פון אן איי דארף מען ניט בענטשן (ווי עס לערנט ר׳ יהודה אין מסכתא ברכות פרק ז׳ משנה ב׳).**

ו. ר׳ אליעזר זאָגט, אז א מענטש איז מחויב צו עסן אין סוכה (אין די זיבן טעג פון סוכות) פירצן סעודות, (צוויי סעודות יעדן טאָג) איינע בייטאָג און איינע ביינאכט. **נאָר די 7 טעג פון סוכות דארף מען זיצן אין סוכה; אָבער דעם 8טן טאָג, שמיני עצרת, דארף מען ניט זיצן אין סוכה.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז די זאַך האָט נישט קיין פעסטע באשטימונג (קצבה, קיין צאָל), א חוץ די ערשטע נאכט פון יום טוב אליין. **לויט די חכמים טאָר א מענטש נאָר ניט עסן אויסער דער סוכה; אָבער אויב ער וויל ניט עסן אינגאנצן, מעג ער, און ער מוז ניט עסן אין סוכה. דאקייגן די ערשטע נאכט יום טוב מוז ער עסן אין סוכה. די גמרא זאָגט, אז די חכמים לערנען עס אָפּ פון פסח, און פונקט ווי אים פסח מוז מען עסן מצה אין דער ערשטער נאכט און די איבריקע טעג פסח מוז מען ניט עסן קיין מצה, אזוי מוז מען אים סוכות עסן אין סוכה די ערשטע נאַכט. און אין די איבריקע טעג פון סוכות אויב ער וויל אינגאנצן ניט עסן זאָל ער ניט עסן.** ועוד, און נאָך האָט געזאָגט ר׳ אליעזר, אז ווער עס האָט ניט געגעסן (אין סוכה) די ערשטע נאַכט פון ערשטן (טאָג) יום טוב, זאָל משלים זיין (אָפּעסן) אין דער נאַכט פון לעצטן טאָג יום טוב (פון שמיני עצרת); און די חכמים זאָגן, אז עס איז ניטאָ דערצו קיין אָפּצאָלונג (תשלומין), דערויף איז געזאָגט געוואָרן (קהלת א׳) „מעוות לא יוכל לתקון וחסרון לא יוכל להמנות, א פע־לער וואָס מען קאָן ניט פאַרריכטן, און א מאנגל וואָס מען קאָן ניט דערגרענצן״. **דאָס הייסט, אויב ער האָט ניט מקיים געווען די מצוה אין דער צייט, קאָן מען עס דערנאָך שוין ניט מקיים זיין.**

ז. מי שהיה, אויב איינער איז געזעסן מיט זיין קאָפּ און זיין גרעסטן טייל (פון קערפּער) אין דער סוכה און זיין טיש (מיט עסן) איז אין שטוב (און ער עסט אזוי

פוסלין, ובית הלל מכשירין. אָמרו להן בית הלל לבית שמאי: לא כך היה מעשה, שהלכו זקני בית שמאי וזקני בית הלל לבקר את ר׳ יוחנן בן החורנית, ומצאוהו שהיה יושב ראשו ורובו בסוכה ושולחנו בתוך הבית (ולא אמרו לו דבר)? אָמרו להן בית שמאי: משם ראיה, אף הם אָמרו לו: אם כן היית נוהג, לא קיימת מצות סוכה מימיך:

ח. נשים ועבדים וקטנים פטורין מן הסוכה. קטן שאינו צריך לאמו, חייב בסוכה. מעשה וילדה כלתו של שמאי הזקן, ופיחת את המעזיבה וסיכך על גבי המטה בשביל קטן:

ט. כל שבעת הימים אדם עושה סוכתו קבע וביתו עראי. ירדו

---

פון טיש), די בית שמאי פסלענען (זאָגן אז מען טאָרניט), און די בית הלל זענען מכשיר (זאָגן, אז מען מעג יאָ, און אז דאָס הייסט געזעסן אין סוכה). **די גמרא זאָגט, אז דער טעם פון די בית שמאי איז, ווייל טאָמער וועט ער זיך נאָכציען נאָכן טיש און ער וועט ארויס פון דער סוכה, אלץ אייגס, צי די סוכה איז א גרויסע און ער זיצט אזוי ביי דער טיר, צי די סוכה איז א קליינע און דער טיש קאָן אהין ניט אריין.** אמרו להן, האָבן די בית הלל געזאָגט צו די בית שמאי: איז דען אזוי ניט געווען די מעשה, אז די זקנים (די עלטסטע, די תנאים) פון די בית שמאי און די זקנים פון די בית הלל זענען געגאנגן צו באזוכן ר׳ יוחנן בן החורוני, און זיי האָבן אים געטראָפן זיצנדיק מיט זיין קאָפּ און זיין גרעסטן טייל (פון קערפּער) אין דער סוכה און זיין טיש אין שטוב און זיי האָבן אים גאָר ניט געזאָגט; **דערפון ווילן די בית הלל ברענגן א ראיה, אז מען מעג יאָ. אין טייל משניות איז די גירסא „בן החורנית", דער זון פון א פרוי וואָס האָט געשטאמט פון חורן (א געגענט אין צפון פון עבר הירדן).** אָמרו להן בית שמאי, האָבן די בית שמאי צו זיי געזאָגט (אָפּגעענטפערט): פון דאָרט איז א ראיה? זיי (די זקנים, וועלכע האָבן אים באזוכט) האָבן צו אים (צו ר׳ יוחנן בן החורוני) טאקע געזאָגט: אויב דו האָסט זיך (כסדר) אזוי נוהג געווען, האָסטו קיינמאָל (מימיך, אין דיין לעבן) ניט מקיים געווען די מצוה פון סוכה. **די מפרשים זאָגן, אז דאָ איז אן אויסנאַם, און כאָטש כמעט אומעטום איז די הלכה ווי די בית הלל, איז אָבער דאָ די הלכה ווי די בית שמאי.**

ח. נשים, פרויען און שקלאַפן און קליינע קינדער זענען פּטור פון (זיצן אין) סוכה. **דער דין איז, אז פרויען זענען פּטור פון „מצוות עשה שהזמן גרמא", פון מצוות, וואָס מען טוט ניט שטענדיק, נאָר פון צייט צו צייט. אָבער ווייל עסן מצה די ערשטע נאַכט פּסח זענען פרויען יאָ מחויב, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז זיי זענען אויך מחויב צו זיצן אין סוכה לפּחות די ערשטע נאַכט סוכות, ווערט דאריבער געלערנט, אז זיי זענען פּטור. די גמרא לערנט עס אָפּ פון פּסוק (ויקרא כ"ג) „כל האזרח" „יעדער בירגער", אז פרויען זענען פּטור („אזרח" איז אין לשון זכר) שקלאַפן האָבן דעם דין ווי פרויען (זע ברכות פּרק ג׳ משנה ג׳).** קטן שאינו, א קליין קינד וואָס דאַרף שוין ניט אָקומען צו זיין מוטער איז ער מחויב (צו זיצן) אין סוכה. **רש"י זאָגט, אז דאָס מיינט מען, אויב דאָס קינד ווען עס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף רופט עס ניט כסדר „מאַמע, מאַמע", ביז זי קומט צו אים.** מעשה, עס האָט פּאַסירט, אז די שנור פון שמאי הזקן האָט געבוירן (א קינד) און ער (שמאי) האָט אראָפּגענומען דעם קאַלך פון סופיט (פון צימער וואו דאָס קינד איז געלעגן און באַדעקט (אויף דעם סופיט) איבער דעם בעט מיט סכך צוליב דעם קליינעם קינד. **די גמרא זאָגט אז די מעשה ווערט געבראַכט צו דערציילן, אז שמאי הזקן האָט מחמיר געווען אפילו ביי א קינד, וואָס קומט יאָ אָן צו זיין מאַמע. „הזקן" איז געווען א טיטל.**

ט. כל שבעת, אלע זיבן טעג (סוכות) זאָל דער מענטש מאַכן זיין סוכה פאַר זיין שטענדיקע (וואוינונג, קבע), און זיין הויז פאַר זיין צייטווייליקע (וואוינונג, עראַי). **עס הייסט, אז דער מענטש דאַרף מחבב זיין די סוכה, אריינברענגען דאָרט די שענס־**

**גשמים, מאימתי מותר לפנות? משתסרח המקפה. משלו משל למה הדבר דומה? לעבד שבא למזוג כוס לרבו, ושפך לו קיתון על פניו:**

## פרק ג.

**א. לולב הגזול, והיבש, פסול, של אשירה, ושל עיר הנדחת, פסול. נקטם ראשו, נפרצו עליו פסול. נפרדו עליו כשר. ר׳ יהודה אומר יאגדנו מלמעלה. ציני הר הברזל כשירות. לולב שיש בו שלשה טפחים כדי לנענע בו, כשר:**

---

טע כלים, די שענסטע דיוואנעס. ירדו גשמים, אויב עס איז אראָגעגאנגען א רעגן, פון ווען אָן מעג מען ארויסגיין (פון סוכה)? מיר האָבן שוין פריער אין משנה ד׳ געזאָגט, אז איינער האָט צער פון זיצן אין סוכה איז ער פטור פון זיצן דאָרט. אויב עס גייט אראָפּ א שטארקער רעגן מעג מען ארויסגיין פון דער סוכה. די שאלה איז, ווען הייסט א שטארקער רעגן? משתסרח, פון דינט עס ווערט קאליע דאָס עסן־געקעכץ. „תסרח״ הייסט קאליע ווערן. „מקפא״ הייסט א האַלב־געדיכט געקעכץ. די גמרא זאָגט, אז מען איז משער ביי א געקעכץ פון צעשפּאלטענע באבעס (גריסין), און אויב ווען דער רעגן פאלט אריין אין דאָזיקן געקעכץ ווערט עס קאליע, מעג מען ארויסגיין פון סוכה. משלו, מען האָט געזאָגט (דערויף) א משל. צו וואָס איז די זאך געגליכן? צו א קנעכט, וואָס קומט אָנגיסן א כוס פאר זיין האר, און ער (דער האר) האָט אים אויסגעגאָסן דאָס קריגל אויף זיין פנים. אויך ווען עס רעגנט בעת מען דארף זיצן אין סוכה, הייסט עס, ווי גאָט נעמט ניט צו וויליק די מצוות סוכה פון די יידן.

## פרק ג.

א. לולב, א לולב, וואָס איז גע׳גזל׳ט, אָדער ער איז טרוקן, איז פסול. אין דער הקדמה צו מסכתא סוכות האָבן מיר געבראכט דעם פסוק פון ויקרא כ״ג, אז אים סוכות דארף מען נעמען די 4 מינים געוויקסן. „כפּת תמרים״ (א צווייג פון א טייטל־בוים), דאָס ווערט אָנגערופן „לולב״; א אתרוג, הדסים און ערבות. זאָגט די משנה, אז איינער נעמט־צו (גזל׳ט) א לולב, וואָס געהערט צו א פרעמדן, איז ער פסול מקיים צו זיין מיט אים די מצוה פון לולב. די גמרא האָט דארויף צוויי טעמים. ערשטנס, ווייל אין חומש (ויקרא כ״ג) ווערט געזאָגט וועגן די 4 מינים געוויקסן „ולקחתם לכם״, און מען טייטשט עס „משלכם״, „פון אייערע״, יעדער מוז נעמען נור זיין לולב, און זיין אתרוג און זיינע הדסים און זיינע ערבות, און ניט קיין אנדערנס. דער צווייטער טעם איז, ווייל גזלענען איז דאָך א עבירה („לא תגזול״, זאָלסט ניט גזלענען״) הייסט עס דאריבער א „מצוה הבאה בעבירה״, א מצוה וואָס ווערט געטאָן דורך א עבירה, און אזא מצוה טויג ניט. א טרוקענער לולב איז פסול, ווייל די תורה (ויקרא כ״ג) זאָגט דאָס וואָרט „הדר״ (שיין), און א טרוקענער לולב איז ניט קיין שיינער. של אשירה, (א לולב) פון אן אשירה בוים אָדער פון א עיר הנדחת־בוים איז פסול. „אשירה״ הייסט א בוים צו וועלכן מען דינט ווי א עבודה זרה. עיר הנדחת (אַ שטאָט, וואָס איז געוואָרן אָפּגעשטויסן פון גאָט) הייסט א שטאָט, וואו די מענטשן דינען צו א עבודה זרה. די תורה האָט געזאָגט, אז א אשירה דארף מען פארברענען און זאכן פון א עיר הנדחת דארף מען פארברענען און מען טאָר פון זיי קיין הנאה ניט האָבן (וועגן אשירה זע מסכתא עבודה זרה פרק ג׳ משנות ז, ח׳ און ט׳, און וועגן עיר הנדחת אין מסכתא סנהדרין פרק י׳, פרק חלק, משנות ד׳, ה׳ און ו׳). זאָגט דאָ די משנה אז ווייל מען דארף אזא לולב פון אן אשירה אָדער פון א עיר הנדחת פארברענען הייסט עס ווי פאַרברענט. און דער לולב האָט דאריבער ניט דעם נויטיקן שיעור, און ער איז פסול. נקטם ראשו, אויב זיין (דעם לולב׳ס שפּיץ איז אָפּגעהאַקט, (אָדער) זיינע בלעטער זענען אויפגעבראָכן איז ער (דער לולב) פסול. דער לולב האָט לאנגע שפּיציקע בלעטער פון זיינע ביידע זייטן, וועלכע זענען באהאָפטן צום לולב. זאָגט די משנה, אַז אויב דער קאָפּ (שפּיץ) פון לולב איז אָפּגעהאַקט, אָדער די בלעטער זענען

ב. הדס הגזול, והיבש, פסול. של אשרה, ושל עיר הנדחת, פסול. נקטם ראשו, נפרצו עליו, או שהיו ענביו מרובות מעליו, פסול. ואם מיעטן, כשר; ואין ממעטין ביום טוב:

ג. ערבה גזולה, ויבשה, פסולה. של אשרה, ושל עיר הנדחת, פסולה. נקטם ראשה, נפרצו עליה, והצפצפה, פסולה. כמושה, ושנשרו מקצת עליה, ושל בעל, כשרה:

---

אָפּגעבראָכן פון אים און זיי קאָנען זיך ניט האַלטן סיידן מען בינדט זיי צו, איז דער לולב פסול. דער טעם איז ווייל ער איז ניט קיין הדר. נפרדו, אויב זיי, בלעטער זע־נען אָפּגעטיילט איז ער כשר. אָפּגעטיילט מיינט, אז די לאנגע זייטיקע בלעטער שטייען־אָפּ פון לולב, אָבער זיי זענען ניט אָפּגעבראָכן פון אים. ר׳ יהודה זאָגט אז (אויב די בלעטער זענען אפגעטיילט) זאָל מען אים צובינדן אין דער הויך. מען זאָל צובינדן די בלעטער ביי די שפּיצן צום לולב, כדי זיי זאָלן ניט אָפּשטיין. ציני, טייטל־ביימער (לולבים) פון דעם אייזערנעם בארג (הר הברזל) זענען כשר. די דאָזיקע לולבים זענען קליינע און ביי די בלעטער דערגייט איין שפּיץ פון איין בלאט צום וואָרצל פון אנדערן בלאט. די גמרא זאָגט אז די „ציני הר הברזל" וואקסן אין „גי בן הנום", דאָס איז אַן אָרט לעבן ירושלים. „ציני" זאָל זיין פון וואָרט ציני, הארטע שטיינער, און די דאָזיקע טייטל־ביימער זענען זייער הארט (דער ר"ן). לולב שיש בו, א לולב וועלכער האלט (אין זיער לענג) דריי טפחים, כדי מען זאָל קאָנען מיט אים שאָקלען, איז כשר. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט 4 טפחים לאנג, דאָס איז 3 טפחים לענגער פון הדס, וועלכע מען האַלט ביים לולב. וועגן דעם ווען מען דאַרף שאָקלען מיטן לולב וועט לערנען ווייטער די משנה ט׳.

ב. הדס, א הדס, וועלכער איז געגזלט, אָדער ער איז טרוקן, איז פסול. מיר האָבן אין דער הקדמה צו מסכתא סוכה געבראַכט וועגן דער מצוה צו נעמען צו־זאמען מיטן לולב הדסים (ריטליך פון אַ מירטע). אויך דאָ איז דער טעם ווי ביי אַ געגזלטן און א טרוקענעם לולב פריער אין משנה א׳ (צוליב „משלכם" און „מצוה הבאה בעבירה — און צוליב „הדר"). של אשירה, (אויב דער הדס איז) פון אַן אשירה־בוים אָדער פון א עיר הנדחת איז ער פסול. אויך צוליב דעם טעם וואָס ביי לולב אין משנה א׳ (ווייל מען דאַרף אים פארברענען). נקטם, אויב זיין (דעם הדס'ס) שפּיץ איז אָפּגעהאַקט, אָדער זיינע בלעטער זענען אָפּגעבראָכן, אָדער זיינע טרויבן זענען מער ווי די בלעטער, איז ער פסול. אויף דעם הדס וואקסן טיילמאָל קליינע הארטע יאגדעס; די משנה רופט עס טרויבן (ענבים). זאָגט די משנה, אז אויב די טרויבן זע־נען מער ווי די בלעטער איז פסול. די גמרא זאָגט, אז עס איז פסול נור ווען די טרויבן זענען שווארצע אָדער רויטע, אָבער אויב זיי זענען גרינע איז דער הדס כשר, ווייל גרין איז פון מין פון הדס. וועגן א הדס מיט אַן אָפּגעהאַקטן שפּיץ איז פאַראַן ווייטער אין משנה ד׳ א מחלוקה צווישן די תנאים. ואם, און אויב ער האָט זיי (די טרויבן) געמאַכט ווינציקער איז (דער הדס) כשר, און מען טאָר ניט ווינציקער מאכן אים יום טוב. מען טאָר ניט די טרויבן אָפּרייסן אים יום טוב, אז זיי זאָלן זיין ווינציקער פון דער צאָל בלעטער.

ג. ערבה, אַן ערבה, וועלכע איז געגזלט אָדער איז טרוקן איז פסול; און פון אַן אשירה־בוים און פון א עיר הנדחת איז פסול. אלץ צוליב די זעלבע טעמים וואָס פריער ביים לולב (אין משנה א׳). די ערבה (ווי מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכתא סוכה) ווערט אויך גענומען צוזאמען מיטן לולב, דאָס איז א ריטל, וואָס וואקסט געוויינטליך ביים וואסער, און דער חומש ויקרא כ"ג רופט זי „ערבי נחל" (די ערבה פון טאָל, אָדער פון טייך, ווייל „נחל" האָט ביידע טייטשן „טאָל" און „טייך"). נקטם, אויב איר (דער ערבה'ס) שפּיץ איז אָפּגעהאַקט אָדער אירע בלעטער זענען אָפּגעבראָכן, און די צפצפה איז פסול. „צפצפה" איז א שלעכטע סאָרט „ערבה"

ד. ר׳ ישמעאל אומר, שלשה הדסים, ושתי ערבות, לולב אחד, ואתרוג אחד. אפילו שנים קטומים, ואחד אינו קטום. ר׳ טרפון אומר, אפילו שלשתן קטומים. ר׳ עקיבא אומר, כשם שלולב אחד ואתרוג אחד, כך הדס אחד וערבה אחת:

ה. אתרוג הגזול, והיבש, פסול. של אשרה, ושל עיר הנדחת, פסול. של ערלה, פסול. של תרומה טמאה, פסול. של תרומה טהורה,

---

מיט קיילעכיקע בלעטער און ווערט דערמאָנט אין יחזקאל י״ז „קח על מים רבים צפצפה שמו״. כמושה, א פארוועלקטע (ערבה), אָדער אויב עס זענען אראָפּגעפאלן טייל פון אירע בלעטער, אָדער (א ערבה) וועלכע וואקסט אין פעלד (ניט לעבן א וואסער) איז כשר. „בעל״ הייסט א פעלד, וואו די געוויקסן וואקסן ניט מיט קינסט־ליכע באוואסערונג נאָר בלויז פון רעגן־וואסער. די משנה לערנט אז כאָטש דער פסוק זאָגט „ערבי נחל״, פון דעסטוועגן איז כשר די ערבה פון יעדן אָרט, אפילו פון א פעלד.

ד. ר׳ ישמעאל זאָגט, (אז מען דארף נעמען) דריי הדסים און צוויי ערבות, איין לולב און איין אתרוג; אָפילו צוויי זענען אָפּגעהאקטע און איינער איז ניט קיין אָפּגע־האקטער. די לעצטע ווערטער גייען ארויף אויף די הדסים, און ר׳ ישמעאל האלט, אז ס׳איז כשר אפילו ווען ביי צוויי פון זיי זענען די שפיצן אָפּגעהאַקט. די גמרא קומט צו דער מסקנא, אז לויט ר׳ ישמעאל איז כשר אפילו ווען מען נעמט נור איין הדס. ר׳ טרפון זאָגט, אז עס איז כשר אפילו ווען אלע דריי (הדסים) זענען אָפּגעהאקט. ווי מיר האָבן געגעבן פריער אין משנה א׳ איז דער טעם פאר וואס א לולב מיט אן אָפּגעהאַקטן שפיץ איז פסול, ווייל ער איז ניט קיין „הדר״. זאָגט די גמרא, אז ר׳ טרפון האַלט, אז ביי הדסים דארף מען ניט האָבן קיין „הדר״. ר׳ עקיבא זאָגט, אז אזוי ווי (מען דארף האָבן נור) איין לולב און איין אתרוג, אזוי (איז גענוג) איין הדס און איין ערבה. פון דער גמרא איז צו זען, אז ר׳ עקיבא האַלט, אז דער איינער הדס טאָר ניט זיין מיט אן אָפּגעהאַקטן שפּיץ.

ה. אתרוג, א אתרוג, וועלכער איז געגזלט, אָדער ער איז טרוקן, איז פסול; (אויב ער איז) פון אן אשירה־בוים אָדער פון א עיר הנדחת, איז ער פסול. עס איז דאָ דער־זעלבער טעם וואס ביים לולב (פריער אין משנה א׳) ווייל מען דארף האָבן „משלכם״, און ווייל עס איז א מצוה הבאה בעבירה, און ווייל (פון א אשירה און פון א עיר הנדחת) מען דארף אים פארברענען. של ערלה, אויב דער אתרוג, איז געווען פון ערלה, איז ער פסול. „ערלה״ הייסט די פרוכטן פון א פרוכטן־בוים אין די ערשטע 3 יאָר נאָכן פלאנצן דעם בוים (זע אין דער הקדמה צו מסכתא ערלה). אזעלכע פרוכטן טאָר מען ניט עסן און מען טאָר ניט הנאה האָבן פון זיי. דאריבער קאָן מען ניט נעמען א ערלה־אתרוג, ווייל דער פסוק (ויקרא כ״ג) זאָגט „ולקחתם לכם״, און ווייל מען טאָר דעם ערלה־אתרוג ניט עסן (מען האָט ניט אין אים קיין היתר אכילה, ווי די גמרא זאָגט) הייסט ער ניט „לכם״, „אייערס״. של תרומה טמאה, (אויב דער אתרוג איז) פון טמא׳־דיקער תרומה, איז ער פסול. תרומה האָבן געהייסן די פרוכטן (אָדער תבואות אָדער גרינסן) וואס מען האָט אָפּגעשיידט און געגעבן צום כהן (זע אין הקדמה צו מסכתא תרומות). תרומה האָט געמעגט עסן נור א כהן. אויב אָבער די תרומה איז געוואָרן טמא האָט אויך א כהן זי ניט געטאָרט עסן, און מען האָט זי געדארפן פארברענען. זאָגט די משנה, אז אויב דער אתרוג איז געווען תרומה און ער איז טמא געוואָרן, ער איז געוואָרן תרומה טמאה, איז ער פסול; ווייל ער איז ניט „לכם״, ווי מיר האָבן פריער געגעבן וועגן ערלה. של תרומה טהורה, אויב דער אתרוג איז פון טהור׳דיקער תרומה, זאָל מען אים ניט נעמען (צום בענטשן אתרוג), און אויב מען האָט גענומען איז ער כשר. מחמת אפילו א ישראל, וועלכער טאָרניט עסן קיין תרומה, האָט אויך אין אים א „היתר אכילה״, דעם היתר פון עסן, ווארום ער קאָן געבן דעם תרומה אתרוג

**לא יטול, ואם נטל כשר. של דמאי, בית שמאי פוסלין, ובית הלל מכ־שירין. של מעשר שני בירושלים, לא יטול; ואם נטל, כשר:**

**ו. עלתה חזזית על רובו, נטלה פטמתו, נקלף, נסדק, נקב, וחסר כל שהוא, פסול. עלתה חזזית על מעוטו, נטל עוקצו, נקב ולא חסר כל שהוא, כשר. אתרוג הכושי, פסול. והירוק ככרתי, ר' מאיר מכשיר, ור' יהודה פוסל:**

---

צו זיין אייניקל, דעם זון פון זיין טאָכטער, וועלכער האָט חתונה געהאַט צו א כהן און איר זון איז אַ כהן. של דמאי, (אויב דער אתרוג איז) פון דמאי, איז די בית שמאי פסלנען (זאָגן אז ער איז פסול), און די בית הלל זענען מכשיר (זאָגן, אז ער איז כשר). אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי האָבן מיר דערקלערט, אז „דמאי" האָבן געהייסן פרוכטן צי תבואה צי גרינסן, וואָס מען האָט געקויפט ביי א עם הארץ, וועלכן מען האָט חושד געווען אַז עס קאָן זיין אַז ער האָט ניט אָפּגעשיידט פון זיי מעשר. מען האָט דאַרי־בער איינגעפירט אז מען זאָל פון דמאי, צוליב ספק וועגן, אָפּשיידן מעשר, און מען טאָר זיי ניט עסן אומגע'מעשרט. די בית הלל האלטן, אז א אתרוג פון דמאי איז כשר, ווייל די בית הלל האלטן ווי די משנה אין מסכתא דמאי פרק ג' משנה א', אז אַן אָרי־מאַן מעג עסן דמאי (אומגעמעשר'ט), און עס הייסט דאריבער ווי מען מעג עס עסן; אָבער די בית שמאי האלטן, אז אויך אַן אָרימאַן טאָרניט עסן דמאי (אומגעמעשר'ט) און דאריבער איז דער אתרוג פסול. של מעשר, שני, (אויב דער אתרוג איז) פון מעשר שני, אין ירושלים, טאָר מען אים ניט נעמען, און אויב מען האָט אים גענומען איז ער כשר. מעשר שני (דער צווייטער מעשר, זע וועגן דעם אין דער הקדמה צו דער מסכתא מעשר שני) האָט מען געמוזט אוועקפירן קיין ירושלים און נור דאָרט האָט מען אים געמעגט עסן. זאָגט די משנה, אַז אויב דער אתרוג איז פון מעשר שני און ער איז אין ירושלים, טאָר מען אים לכתחילה ניט נעמען, אָבער אויב מען האָט אים גע־נומען איז ער כשר; מחמת אין ירושלים מעג מען דאָך אים עסן, און ער הייסט דארי־בער לכם. רשי זאָגט, אַז אויסער ירושלים איז ער פסול, ווייל מען טאָר דאָך אים דאָרט ניט עסן. טייל אנדערע מפרשים (דער ר"ן) האלטן, אז אפילו אויסער ירושלים איז ער כשר, און די משנה מיינט צו זאָגן אז אויך „אין ירושלים" טאָר מען אים לכתחילה ניט נעמען.

ו. עלתה, אויב אויף זיי (דעם אתרוג'ס) גרעסטן טייל איז ארויס בלאָטערלעך (חזזית), אָדער עס איז אראָפּגענומען געוואָרן זיין פיטום (דער שפיץ, מיט וועלכן דער אתרוג איז ניט צוגעוואקסן צום בוים), אָדער (זיין הייטל) איז געוואָרן אָפּגעשיילט, אָדער ער (דער אתרוג) איז געוואָרן צעשפּאָלטן, אָדער עס איז אין אים געוואָרן א לעכעל און עס פעלט פון אים (פון אתרוג) אפילו נור עפּיס (כל שהוא) איז ער פסול; אויב עס זענען ארויס בלאָטערלעך (חזזית) אויף זיין (דעם אתרוג'ס) קלענערן טייל, אָדער עס איז אוועקגענומען געוואָרן זיין עוקץ (דער שפיץ, מיט וועלכן דער אתרוג איז באַהאַפטן צום בוים, וועו ער וואַקסט אויף אים) אָדער עס איז אין אים געוואָרן א לעכעל אָבער עס פעלט ניט (אין אתרוג) אפילו עפּיס (א כל שהוא) איז ער כשר. דער ברטנורא גיט דאָ צו צו עטליכע דינים. וועגן די בלאָטערלעך, אז אויב זיי זענען ארויסגעקומען אין צוויי־דריי ערטער, איז דער אתרוג פסול, אפילו זיי זענען פאַ־ראַן נור אויף דעם קלענערן טייל פון אתרוג; דאָס זעלבע איז ער פסול אויב די בלאָטערלעך זענען אויפן פיטום. וועגן „נקלף", אָפּגעשיילט, זענען פאַראַן צוויי מיינונגען. לויט איין מיינונג איז ער פסול נאָר וועו ער איז אינגאַנצן אָפּגעשיילט, און לויט דער אנדערער איז ער פסול דוקא נור ווען ער איז טייל אָפּגעשיילט און דער אתרוג זעט דאריבער אויס ווי מיט פלעקן. וועגן „לעכל", אויב עס איז דורך־און דורך, איז דער אתרוג פסול אפילו עס פעלט גאָרניט אין אים. אתרוג הכושי, א אתרוג וועלכער איז שווארץ (כושי, נעגער, שווארץ) איז פסול. דער ברטנורא (אויפן יסוד

ז. שעור אתרוג הקטן. ר׳ מאיר אומר, כאגוז, ר׳ יהודה אומר כביצה. ובגדול כדי שיאחז שנים בידו אחת, דברי ר׳ יהודה. ר׳ יוסי אומר, אפילו אחד בשתי ידיו.

ח. אין אוגדין את הלולב אלא במינו, דברי ר׳ יהודה. ר׳ מאיר אומר, אפילו במשיחה. אָמר ר׳ מאיר, מעשה באנשי ירושלים שהיו אוגדין את לולביהן בגימונית של זהב. אָמרו לו, במינו היו אוגדין אותו מלמטה:

ט. והיכן היו מנענעין? ב„הודו לה׳״ תחלה וסוף, וב„אנא השם הו-

---

פון דער גמרא) זאָגט, אז דאָס איז נור ווען דער שווארצער אתרוג וואקסט אין אונ־זערע געגנטן (ארץ ישראל וכדומה), אָבער אויב ער וואקסט אין כושים־לאנד, וואו עס וואקסן שווארצע אתרוגים איז ער כשר. והירוק, און אויב ער (דער אתרוג האָט אזא גרין־קאָליר ווי לויך־קנאָבל (כרתי), איז ר׳ מאיר מכשיר, און ר׳ יהודה פסלט. דער ברטנורא גיט דאָ צו אז די אלע דאָזיקע פסולע אתרוגים זענען פסול נור אין ערשטן טאָג יום טוב סוכות, אָבער אין די איבריקע טעג פון סוכות זענען זיי כשר, דער טעם איז ווייל מדאורייתא, לויט׳ן דין פון דער תורה, דארף מען אין די איבריקע טעג בכלל ניט נעמען קיין לולב און אתרוג און הדסים און ערבות, און עס איז נור א מצוה מדרבנן (זע ווייטער אין משנה י״ד).

ז. שיעור, דער שיעור פון א קליינעם אתרוג, זאָגט ר׳ מאיר, אז (מינדסטנס אזוי גרויס) ווי א נוס, און ר׳ יהודה זאָגט, אז ווי אן איי. אָבער אויב קלענער דער־פון איז ער פסול. ובגדול, און ביי א גרויסן (אתרוג, מעג ער זיין אזוי גרויס) אז ער (דער מענטש) זאָל קאָנען האַלטן צוויי (שנים) אין זיין איינער האַנט, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. געוויינטליך טייטשן די מפרשים, אז מען זאָל קאָנען נעמען צוויי אתרוגים אין איין האַנט. אָן אַנדער גירסא איז פאראַן ניט „שנים״, נאָר „שניהם״ (זיי ביידן) און דער ר״ן טייטשט, אז דאָס מיינט מען, אז מען זאָל קאָנען נעמען דעם אתרוג און דעם לולב (צוזאמען מיט די הדסים און ערבות) אין איין האנט. ר׳ יוסי זאָגט, אז (דער אתרוג מעג זיין אפילו אזוי גרויס אז) ער (דער מענטש) דארף נעמען איין אתרוג אין זיינע ביידע הענט. אויך דאָ טייטשן טייל מפרשים, אז ער זאָל דארפן נעמען דעם לולב און דעם אתרוג אין ביידע הענט.

ח. אין אוגדין, מען טאָר ניט ארומבינדן דעם לולב נאָר מיט זיין מין, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. מען מעג אים (דעם לולב צוזאמען מיט די הדסים און ערבות) ארומבינדן נאָר מיט דעם לולב׳ס מין, מיט די בלעטער פון טייטל־בוימער. ר׳ מאיר זאָגט, אז (מען מעג אים ארומבינדן) אפילו מיט א פאָדעם (במשיחה). לויט ר׳ מאיר דאַרף מען ניט האָבן פון דעם לולב־מין. אָמר, האָט ר׳ מאיר געזאָגט, אַז עס איז געווען א מעשה (עס האָט פאסירט) מיט די מענטשן פון ירושלים, אז זיי פלעגן ארומבינדן זייערע לולבים מיט שנורן פון גאָלד. דערפון וויל ר׳ מאיר ברענגען די ראיה, אז מען מעג אויך ניט מיט דעם מין פון לולב. אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ מאיר): זיי (די ירושלים ־ מענטשן) פלעגן אים (דעם לולב) צו־בינדן אונטן מיט זיין מין. די מחלוקה צווישן ר׳ יהודה און ר׳ מאיר איז וועגן דעם, צי מוז מען דעם לולב ארומבינדן (צי „לולב צריך אגד״). ר׳ יהודה האַלט, אז מען מוז ארומ־בינדן, און דעריבער אויב מען וועט אים ארומבינדן מיט אן אנדערן מין, הייסט עס, ווי מען נעמט ניט 4 זאכן (לולב, הדסים, ערבות, אתרוג), נאָר 5 זאכן, און דאָס טאָר מען ניט. אָבער ר׳ מאיר האַלט, אז מען מוז ניט ארומבינדן, און דעריבער הייסט דער צוגעגעבענער אנדערער מין ניט קיין צוגעגעבענער 5־טער מין, נאָר סתם פאר שיינקייט וועגן. „גימוניות״ זאָגט רשי (אויפן יסוד פון דער גמרא שבת נ״ד) איז ווי אין ישעיה נ״ח „הלכוף כאגמון״ און איז דער טייטש „איינגעבויגענע שנורן״.

ט. והיכן, און וואו האָט מען געשאָקלט? פריער אין משנה א׳ ווערט געלערנט

**שיעה נאָ", דברי בית הלל. ובית שמאי אומרים, אף ב„אנא ה׳ הצליחה נאָ". אמר ר׳ עקיבא, צופה הייתי ברבן גמליאל ור׳ יהושע, שכל העם היו מנענעין את לולביהן, והן לא נענעו אלא ב„אנא ה׳ הושיעה נאָ". מי שבא בדרך, ולא היה בידו לולב ליטול, לכשיכנס לביתו יטול על שלחנו. לא נטל שחרית, יטול בין הערבים, שכל היום כשר ללולב:**

**י. מי שהיה עבד או אשה או קטן מקרין אותו, עונה אחריהן מה שהן אומרין; ותהי לו מאירה. אם היה גדול מקרא אותו, עונה אחריו „הללויה".**

**יא. מקום שנהגו לכפול, יכפול; לפשוט, יפשוט; לברך אחריו,**

---

**אז א לולב דאַרף האַלטן דריי טפחים, כדי מען זאָל קאָנען מיט אים שאָקלן. פרעגט איצט די משנה:: וואו האָט מען געשאָקלט מיטן לולב.** „בהודו, (ווען מען האָט געזאָגט הלל און מען האָט געהאַלטן) ביי „הודו לה׳", אין אָנהייב און ביים סוף (ביים אָנהייב פסוק, ביי „הודו לה", און ביים סוף פסוק, ביי „כי לעולם חסדו") און ביי „אנא השם הושיעה נאָ", אזוי זאָגן די בית הלל, און די ב״ית שמאי זאָגן, אז אויך ביי „אנאָ ה׳ הצליחה נאָ". **דאָס איז אין הלל און תהלים קאַפּיטל קי"ח. טייל טייטשן „ביים אָנ־הייב און ביים סוף", אז דאָס מיינט מען ביים ערשטן „הודו לה" און ביים צווייטן „הודו לה", צום סוף קאַפּיטל קי"ח. די גמרא זאָגט, אז דאָס שאָקלן קומט פאַר אזוי: דער מענטש מאַכט מיטן לולב דריי מאָל אַרויף און אַראָפּ און אויך פון זיך און ברענגען צו זיך; מען שאָקלט דאַריבער מיטן לולב ווייל דאָס איז כדי אָפּצוהאַלטן שלעכטע ווינטן, אז זיי זאָלן ניט קומען אויף דער וועלט.** אָמר, האָט ר׳ עקיבא געזאָגט: איך האָב צוגעקוקט צו רבן גמליאל און ר׳ יהושע, ווען דאָס גאַנצע פאָלק (אַלע אַנדערע מענטשן) האָבן געשאָקלט מיט זייערע לולבין, און זיי (רבן גמליאל און ר׳ יהושע) האָבן געשאָקלט נור ביי „אנאָ ה׳ הושיעה נאָ". **אין טייל משניות איז פאַראַן צום סוף פון ר׳ עקיבא׳ס ווערטער דאָס וואָרט „בלבד", דאָס הייסט, „נור ביי אנא ה׳ הושיעה נאָ אליין", דאָס הייסט, אז ניט ביי הודו און ניט ביי הצליחה נאָ.** מי שבא, אויב איינער גייט אין וועג און ער האָט ניט קיין לולב צו נעמען, ווען ער קומט אהיים זאָל ער אים נעמען אויף זיין טיש. „לולב ליטול", „צו נעמען לולב", **מיינט בענטשן אויף דעם לולב און די הדסים און ערבות און אתרוג. די גמרא טייטשט „על שולחנו", אז מען זאָל מפסיק זיין דאָס עסן צו נעמען דעם לולב, אויב מען האָט ניט גענומען פאַרן עסן.** לא נטל, אויב איינער האָט ניט גענומען (דעם לולב) אין דער פרי, זאָל ער נעמען (אפילו) פאַרנאַכט (בין הערבים), מחמת דער גאַנצער טאָג איז כשר צום (נעמען דעם) לולב. **„בין הערבים", „צווישן די אוונטן", מיינט מען נאָך האַלבן טאָג, ביז אוונט, ווען עס איז נאָך טאָג.**

י. מי, ווען איינער (קאָן ניט אליין זאָגן הלל און עס) ליינען אים פאָר (מקרין, דעם הלל) אַ שקלאַף אָדער אַ פרוי, אָדער אַ קליין קינד, זאָל ער נאָכזאָגן (עונה אחריהן) וואָס זיי זאָגן. **מחמת זיי, דער שקלאַף אָדער די גרויע אָדער דאָס קינד, איז ניט מחויב צו זאָגן הלל, דאַריבער קאָן ער ניט יוצא זיין מיט זייער זאָגן, נאָר ער מוז זיי נאָכזאָגן דעם הלל יעדעס וואָרט.** ותהא, און עס זאָל אים זיין אַ קללה. **„מאירה", פון „ארה", שעלטן; די משנה מיינט, אז אזא מאַן, וועלכער האָט ניט געלערנט ליינען און ער דאַרף אָנקומען צו א שקלאַף אָדער א פרוי אָדער א קליין קינד, אז זיי זאָלן אים פאָרליינען הלל, איז ווערט צו ווערן פאַרשאָלטן.** אם היה, אויב א דערוואַקסענער מענטש האָט פאָר אים פאָרגעליינט (דעם הלל), זאָל ער נאָכענטפערן אים „הללויה". **ווייל דער דערוואַקסענער מענטש איז דאָך אליין אויך מחויב צו זאָגן הלל, קאָן דער צוהערערער יאָ יוצא זיין בלויז מיטן הערן דעם הלל און דאַרף ניט נאָכזאָגן וואָרט ביי וואָרט; אָבער נאָך יעדער זאַך וואָס דער פאָרלייענער זאָגט פון הלל דאַרף ער אָפּענטפערן „הללויה".**

יא. מקום, (אין) אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען (צו זאָגן געוויסע פסו־

**יברך אחריו; הכל כמנהג המדינה. הלוקח לולב מחבירו בשביעית, נותן לו אתרוג במתנה, לפי שאין רשאי ללוקחו בשביעית:**

**יב. בראשונה היה לולב ניטל במקדש שבעה, ובמדינה יום אחד. משחרב בית המקדש, התקין רבן יוחנן בן זכאי, שיהא לולב ניטל במדינה שבעה, זכר למקדש, ושיהא יום הנף כולו אסור:**

---

קים פון הלל) טאָפּלט, זאָל מען (זאָגן) טאָפּלט; (און וואו מען איז זיך נוהג צו זאָגן זיי) איינפאַך (נור איינמאָל) זאָל מען (זאָגן) איינפאַך (איינמאָל). **דאָס זענען די פסוקים אין הלל** (תהלים קאַפּיטל קיח) **פון „אודך כי עניתני" ביז צום סוף הלל. „כפל" הייסט טאָפּלט, צוויי מאָל, און „פשוט", איינפאַך, איינמאָל.** לברך, (וואו מען איז זיך נוהג) צו זאָגן די ברכה דערנאָך (נאָכן הלל די ברכה מלך מהולל בתשבחות), זאָל מען זאָגן די ברכה דערנאָך; (מען זאָל טאָן) אַלץ ווי עס איז דער מנהג פון דער מדינה (פון דעם אָרט). **די גמרא זאָגט, אז די ברכה פאַרן הלל („לקרוא את ההלל") דאַרף מען זאָגן אומעטום; נאָר וועגן דער ברכה נאָכן הלל, דאַרף מען זיך אויפפירן ווי עס איז דער מנהג פון דעם אָרט.** הלוקח, אז איינער קויפט א לולב פון אן אנדערן אין שמיטה־יאָר, זאָל אים יענער געבן דעם אתרוג אלס א מתנה, ווייל מען טאָר אים ,דעם אתרוג) ניט קויפן אין שמיטה־יאָר. **מיר האָבן אין דער הקדמה צו מסכתא שביעות געגעבן, אז ווען מען פאַרקויפט פרוכטן אין שמיטה־יאָר באַקומט אויך דאָס געלט די הייליקייט פון שמיטה־פרוכטן און מען מוז זיך נוהג זיין מיט זיי לויט די דינים פון שמיטה־פרוכטן. א לולב, וואָס איז דאָך ניט קיין פרוכט, נאָר א טייטל־בוים־צווייג, האָט ניט אין זיך קיין הייליקייט פון שמיטה. זאָגט די משנה, אז אויב דער פאַרקויפער איז א עם הארץ, וועמען מען איז חושד אז ער היט ניט אָפּ די דינים פון שמיטה־פרוכטן, מעג דער קויפער קויפן ביי אים נור דעם לולב** (ווייל דער לולב איז דאָך ניט קיין שמיטה־פרוכט), **אָבער ער זאָל אים בעטן, אז ער זאָל אים דעם אתרוג געבן אלס מתנה, ווייל ער טאָר ניט אים געבן קיין געלט פאַר דעם אתרוג, טאָמער וועט דער קויפער־עם־הארץ ניט אָפּהיטן ביי דעם געלט די שמיטה־דינים.**

ב. בראשונה, צום ערשט (אין די ערשטע צייטן ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען) האָט מען גענומען אין בית המקדש דעם לולב זיבן (טעג, יעדן טאָג פון די זיבן טעג סוכות), און אין אַנדערע ערטער (במדינה, ניט אין בית המקדש) איין טאָג (דעם ערשטן טאָג סוכות). **אין דער משנה איז פאַראַן „מקדש" און „מדינה", און דער גרעסטער טייל מפרשים טייטש „מקדש" בית המקדש, און „מדינה" ערטער אויסער דעם בית המקדש. אָבער דער רמבם טייטשט „מקדש" ירושלים, און „מדינה" ערטער אויסער ירושלים** (זע מסכתא שקלים פרק א' משנה ג'). משחרב, ווען דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן, האָט רבן יוחנן בן זכאי מתקן געווען, אז מען זאָל נעמען דעם לולב אויך אין „מדינה" (אין אלע ערטער) זיבן (טעג) אלס אָנדענקן צום מקדש (זכר למקדש). **מיט „לולב" מיינט מען דאָ אין דער משנה און אויך ווייטער אלע 4 מינים, דעם לולב, די הדסים, די ערבות און דעם אתרוג. רבן יוחנן בן זכאי איז, ווי די גמרא דערציילט אין גטין נ"ו, געווען דער אָנגעזעענסטער פירער פון די חכמים בעת דעם חורבן פון בית המקדש און ער האָט מתקן געווען תקנות, צווישן זיי אויך אזעלכע וואָס זענען „זכר למקדש", אין אָנדענקן צום בית המקדש.** ושיהא, און (רבן יוחנן בן זכאי האָט נאָכן חורבן בית המקדש אויך מתקן געווען) אז דער טאָג פון (עומר־) ברענגן זאָל זיין אינגאַנצן אסור (צו עסן חדש, נייע תבואה). **די תורה איז ויקרא כ"ג זאָגט, אז מען טאָר ניט עסן פון נייער תבואה (חדש) ביז מען ברענגט דעם קרבן עומר (א מעסטל גערשטן־מעל פון נייער תבואה) אין 16־טן טאָג אין ניסן („עד הביאכם, ביז איר וועט ברענגען"). אין אן אנדערן פסוק (דאָרט ויקרא כ"ג) ווערט געזאָגט, אז „עד עצם היום הזה", ביז דעם דאָזיקן טאָג, דאָס הייסט, אז ווי נור עס ווערט טאָג אין דער פרי פון 16טן טאָג אין ניסן, מעג מען שוין עסן די נייע תבואה. עס איז געלערנט געוואָרן, אז מען מיינט דאָס ווען עס איז פאַראַן א בית המקדש און**

יג. יום טוב הראשון של חג שחל להיות בשבת, כל העם מוליכין את לולביהן לבית הכנסת; למחרת משכימין ובאין, כל אחד ואחד מכיר את שלו ונוטלו, מפני שאָמרו חכמים, אין אדם יוצא ידי חובתו ביום טוב הראשון של חג בלולבו של חבירו; ושאר ימות החג, אדם יוצא ידי חובתו בלולבו של חבירו:

יד. ר' יוסי אומר, יום טוב הראשון של חג שחל להיות בשבת, ושכח והוציא את הלולב לרשות הרבים, פטור, מפני שהוציאו ברשות:

---

מען איז מקריב דעם קרבן עומר, טאָר מען ניט עסן ביז מען איז מקריב דעם קרבן עומר; אָבער ווען עס איז ניטאָ קיין בית המקדש איז מען דאָך ניט מקריב דעם עומר, מעג מען עסן דעם 16טן טאָג באַלד אין דער פרי. אָבער רבן יוחנן בן זכאי האָט מתקן געווען, אז מען זאָל (ווען דאָס בית המקדש איז ניטאָ) ניט עסן קיין נייע תבואה דעם גאנצן טאָג 16 טן ניסן, ווייל ווען דאָס בית המקדש וועט געבויט ווערן, וועט דער עולם מיינען אז מען מעג אויך דאמאָלס עסן נייע תבואה פון אין דער פרי. „יום הנף", דער טאָג פון אויפהויבן, דאָס איז פון פסוק (דאָרט) „עומר התנופה". — אין מסכתא ראש השנה פרק ד' משנה ג' זענען פאראן נאָך תקנות פון רבן יוחנן בן זכאי.

יג. יום טוב, (אויב) דער ערשטער טאָג יום טוב סוכות איז אויסגעפאלן אים שבת, ברענגען אלע מענטשן (ערב יום טוב, פרייטאָג) זייערע לולבין אין שול אריין; צומאָרגנס קומען זיי אין דער פרי, יעדער דערקענט זיין (לולב) און נעמט אים, ווייל די חכמים האָבן געזאָגט, אז א מענטש קאָן ניט יוצא זיין זיין חוב (קאָן ניט מקיים זיין די מצוה פון נעמען לולב) מיט דעם לולב פון אן אנדערן (מיט א פרעמדנס לולב) אין ערשטן טאָג פון יום טוב סוכות; אָבער אין די אנדערע טעג פון סוכות, קאָן מען יאָ יוצא זיין דעם חוב (מקיים זיין די מצוה פון לולב־נעמען) מיט א פרעמדנס לולב. **אין דער צייט פון בית המקדש האָט מען געמעגט בענטשן לולב (אתרוג) אים שבת אויב שבת איז געווען דער ערשטער טאָג יום טוב סוכות. אָבער ארויסנעמען דעם לולב פון שטוב און גאס און פירן אים אין שול אריין האָט מען ניט געטאָרט אים שבת. דעריבער האָבן אלע געבראכט זייערע לולבין (און מיט לולבין מיינט מען אויך די אנדערע 3 מינים, דעם אתרוג, הדסים און ערבות) אין שול שוין פרייטאָג, און שבת אין דער פרי זענען זיי געקומען און יעדער האָט דערקענט זיין לולב און מיט אים געבענטשט. מען טאָר ניט יוצא זיין מיט א פרעמדנס לולב צוליב דעם טעם פון „משלכם", דער לולב מוז געהערן צום מענטש וועלכער בענטשט מיט אים (זע פריער משנה א' וועגן א געגזלטן לולב). די מפרשים ברענגען דאָ דעם דין, אז אויב איין מענטש גיט צו אן אנדערן דעם לולב אלס „מתנה על מנת להחזיר", א מתנה, אָבער מיט דעם תנאי אז ער זאָל אים שפעטער צוריק אָפּגעבן, הייסט עס אז דער לולב געהערט צום אנדערן און ער מעג יאָ מקיים זיין מיט אים די מצוה פון לולב.**

יד. ר' יוסי זאָגט, אז ווען דער ערשטער טאָג יום טוב סוכות (חג, סוכות) געפאלט אים שבת, און איינער האָט פארגעסן און האָט ארויסגעטראָגן דעם לולב אין רשות הרבים (אין א עפענטליכן אָרט, אין גאס), איז ער פטור (פון ברענגען א קרבן חטאת פאר מחלל שבת זיין), ווייל ער האָט אים ארויסגעטראָגן (מיינענדיק אז עס איז) דערלויבט (ברשות). **דער טייטש פון „ברשות" דאָ איז, ווייל ער איז געגאַנגען מקיים זיין די מצוה פון לולב־נעמען, און ער איז געווען פארנומען צו טאָן די מצוה, דעריבער איז ער פטור. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען אז ער האָט גענומען דעם לולב אין שטוב איבערגעדרייטערהייט, און דעריבער האָט ער נאָכניט געהאָט מקיים געווען די מצוה פון לולב נעמען; אָדער ער האָט אים גענומען ניט מיט דער האַנט נאָר אין א כלי, און אויך אין אזא פאל האָט ער נאָכניט געהאָט מקיים געווען די מצוה פון לולב־נעמען.**

**טו. מקבלת אשה מיד בנה ומיד בעלה, ומחזירתו למים בשבת. רבי יהודה אומר, בשבת מחזירין, ביום טוב מוסיפין, ובמועד מחליפין. קטן היודע לנענע, חייב בלולב:**

## פרק ד.

**א. לולב וערבה — ששה ושבעה. ההלל והשמחה — שמונה. סוכה, וניסוך המים, — שבעה. והחליל — חמשה וששה:**

---

טו. מקבלת, א פרוי מעג נעמען (דעם לולב) פון איר זון אָדער פון איר מאַן אים שבת (אים יום טוב סוכות) און אים צוריק ־ לייגן (אריינשטעלן אים) אין וואסער. **דאָס איז כדי דער לולב זאָל ניט פארוועלקט ווערן. די משנה לערנט דאָ, אז כאָטש א פרוי איז דאָך פטור פון דער מצוה פון לולב** (ווייל עס איז א „מצוה עשה שהזמן גרמא, **א מצוה, וואָס איז נוהג ניט שטענדיק, נור אים סוכות**), **פונדעסטוועגן מעג זי אריינשטעלן דעם לולב אין וואסער אים שבת.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אים שבת מעג מען צוריק אריינשטעלן (דעם לולב אין וואסער), אים יום טוב מעג מען צו־געבן (צו־גיסן וואסער צו דער כלי מיט וואסער, אין וועלכן מען שטעלט אריין דעם לולב), און אים חול המועד (במועד, חול המועד) זאָל מען אויסטוישן (אויסגיסן דאָס וואסער און אריינגיסן אנדער וואסער). **אָבער אים יום טוב טאָר מען ניט אויסטוישן דאָס וואסער און אים שבת טאָר מען מיט אפילו צו־גיסן. אומעטום אין די לעצטע משנות, וואו מען לערנט, אז מען נעמט דעם לולב אים שבת מיינט מען אלץ אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש איז געשטאנען, און מען האָט דעם ערשטן טאָג יום טוב גענומען דעם לולב אפילו ער איז אויסגעפאלן אים שבת.** קטן, א יינג יינגל, וועלכער ווייסט ווי צו שאָקלן (מיט דעם לולב), איז מחויב (צו נעמען) לולב. **וועגן שאָקלן מיט דעם לולב האָבן מיר געגעבן פריער משנה ט׳. די מפרשים טייטשן, אז נור מדרבנן איז מען מחויב אזא יינג יינגל מחנך צו זיין אין דער מצוה, אָבער מדאורייתא ווערט ער מחויב ווען ער ווערט אלט 13 יאָר מיט א טאָג.**

## פרק ד.

לולב, (די מצוה צו נעמען דעם), לולב, וערבה, און (די מצוה צו נעמען) די ערבה, זענען (טיילמאָל) זעקס (טעג) און (טיילמאָל) זיבן טעג. מיט „לולב״ מיינט מען דאָ גע־**מען און בענטשן אים סוכות איבער די 4 מינים לולב, הדסים, ערבות און אתרוג. מיט „ערבה״ מיינט מען דאָ די מצוה צו נעמען אים סוכות א „ערבה״, די וואסער־ריטליך** (די הושענא־ריטלעך) **און אין דער צייט פון בית המקדש פלעגט מען דערמיט יעדן טאָג סוכות ארומגיין** (מאכן הקפות) **ארום דעם מזבח. זאָגט די משנה, אז די דאָזיקע צוויי מצות איז מען מקיים טיילמאָל אין די 7 טעג פון סוכות און טיילמאָל נור אין 6 טעג פון סוכות ווייל טייל מאָל זענען זיי דוחה שבת און טיילמאָל ניט. די משנה וועט ווייטער דערקלערן, ווי אזוי.** ההלל, דאָס זאָגט הלל, והשמחה און דאָס פרייען זיך זענען אים סוכות) אכט (טעג). **מיט שמחה מיינט מען דאָ די מצוה אין דער צייט פון בית המקדש צו עסן יעדן פון יום טוב פלייש פון קרבנות שלמים (דברים ט״ז, „ושמחת בחגך״). הלל־זאָגן און שמחה קומט פאָר אויך אין שמיני עצרת, און דאריבער איז עס 8 טעג.** סוכה, (די מצוה צו זיצן אין) סוכה, וניסוך המים, און דאָס גיסן וואסער (אויפן מזבח אין בית המקדש ביים מקריב זיין אין דער פרי דעם קרבן תמיד) זענען 7 (טעג). **מחמת שמיני עצרת זיצט מען ניט אין סוכה און מען גיסט ניט דאָס וואסער.** והחליל, און דער פייפער (און אנדערע מוזיק־אינסטרומענטן ביים שעפן דאָס וואסער צו גיסן אויפן מזבח) איז (טייל מאָל) זעקס (טעג) און (טיילמאָל) זיבן (טעג). **ווייל דאָס שפילן מיט דער פייפער קומט ניט פאָר ניט אים שבת און ניט אים יום טוב. וועגן וואָרט „חליל״ האָבן מיר געגעבן אין מסכתא ביכורים פרק ג׳ משנה ג׳, אז טייל מפרשים מיינען, אז דאָס מיינט מען ניט דאָס פייפערל אליין, נאָר בכלל די מוזיק מיט פארשי־דענע אינסטרומענטן.** טייל מיינען גאָר אַז דאָס באַצייכנט די מענטשן, **וועלכע שפילן.**

**ב. לולב שבעה, כיצד? יום טוב הראשון של חג שחל להיות בשבת, לולב שבעה; ושאר כל הימים — ששה:**

**ג. ערבה שבעה, כיצד? יום שביעי של ערבה שחל להיות בשבת, ערבה שבעה; ושאר כל הימים — ששה:**

**ד. מצות לולב כיצד? יום טוב הראשון של חג שחל להיות בשבת, מוליכין את לולביהן להר הבית, והחזנין מקבלין מהם, וסודרין אותן על גב איצטבא, והזקנים מניחין את שלהן בלשכה. ומלמדים אותם לומר: כל מי שמגיע לולבי בידו, הרי הוא לו במתנה. למחר משכימין**

---

ב. לולב, (די מצוה פון לולב־נעמען (קומט פאר) אין זיבן טעג, ווי אזוי? ווען דער ערשטער טאָג יום טוב סוכות פאלט אויס אים שבת, נעמט מען דעם לולב זיבן טעג, און אויב שבת פאלט־אויס אין איינעם פון די איבריקע טעג פון סוכות, נעמט מען אים נור 6 טעג. ווייל די מצוה צו נעמען דעם ערשטן טאָג יום טוב דעם לולב אומעטום, ניט דוקא אין בית המקדש, איז מדאורייתא, א דין פון דער תורה, און דאריבער נעמט מען אים אויך אים שבת, אָבער די מצוה צו נעמען דעם לולב אין די איבריקע טעג פון סוכות (ניט אין בית המקדש) איז נור מדרבנן, און ניט פון דער תורה, מחמת דעם האָבן די חכמים איינגעפירט אז מען זאָל אים שבת און די איבריקע טעג פון סוכות ניט נעמען דעם לולב, צוליב דער מורא טאָמער װעט מען טראָגן דעם לולב אים שבת אין גאס 4 איילן. די הלכה איז אז אויך שבת אין ערשטן טאָג סוכות נעמט מען ניט דעם לולב.

ג. ערבה, (די מצוה צו נעמען) די ערבה זיבן טעג ווי אזוי? אויב דער זיבעטער טאָג פון דער ערבה פאלט־אויס אים שבת, נעמט מען די ערבה זיבן טעג, און אויב שבת קומט אויס אין איינעם פון די איבריקע טעג (סוכות), נעמט מען די ערבה נור 6 טעג. די מצוה צו נעמען א ערבה און ארומצורינגלען דערמיט דעם מזבח איז ניט פאראן בפירוש אין דער תורה, אָבער זי איז א קבלה, א הלכה למשה מסיני, א דין, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו משה רבנו אויפן בארג סיני. צוליב דעם וואָס עס זענען געווען אין דער צייט פון בית המקדש די צדוקים (א סעקטע, וואָס האָט ניט געגלויבט אין דער תורה שבעל פה, און האָט געזאָגט אז מען דאַרף נור האַלטן וואָס איז געשריבן אין דער תורה שבכתב, אין חומש און די נביאים וכתובים) וועלכע האָבן ניט געהאַלטן פון דער מצוה צו נעמען די ערבה, האָבן די חכמים געמאכט א תקנה, אז אויב הושענא רבה, דער 7טער טאָג סוכות, פאלט אויס אים שבת, זאָל מען נעמען די ערבה, צו ווייזן, אז דאָס איז א הלכה למשה מסיני. אויב אָבער שבת איז אין איינעם פון די אנדערע טעג סוכות נעמט מען יענעם טאָג ניט די ערבה, און מען נעמט זי נור 6 טעג. היינטיקע צייט, ווען דאָס בית המקדש איז ניט פאראן, איז די מצוה צו נעמען די ערבה (די הושענא) נור א מנהג נביאים, וואָס די נביאים האָבן איינגעפירט, און מען נעמט זי נור אים 7טן טאָג, אין הושענה רבה.

ד. מצות לולב, די מצוה פון נעמען דעם לולב ווי אזוי (איז מען זי מקיים) ווען דער ערשטער טאָג יום טוב סוכות פאַלט־אויס אים שבת? **אזוי טייטשט־אין רשי די דאָזיקע ווערטער אין דער משנה, אז די ווערטער „יום טוב הראשון של חג שחל להיות בשבת" גייען צו צום וואָרט „כיצד", ווי אזוי". די משנה וועט דאָ דערציילן, ווי אזוי מען האָט זיך נוהג געווען אין ירושלים ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען:** מוליכין, זיי (יעדער מענטש) פירן אוועק (אים ערב שבת) זייערע לולבין אויפן הר הבית (דעם בארג, אויף וועלכן דאָס בית המקדש איז געשטאַנען) און מען לייגט זיי דאָרט אויס אויף דער הויכער באַנק (איצטבא), און די עלטערע מענטשן לייגן אוועק זייערע לולבין און דער קאמער (לשכה, א צימער ביים בית־המקדש־הויף), און מען לערנט זיי (די אלע מענטשן) אז זיי זאָלן זאָגן: „ווער עס וועט באקומען מיין לולב, גיב איך אים (דעם לולב) א מתנה"; צו מאָרגנס (שבת) אין דער פרי קומען (די מענטשן),

**ובאין, והחזנין זורקין אותם לפניהם, והן מחטפין, ומכין איש את חבירו. וכשראו בית דין, שבאו לידי סכנה, התקינו שיהא כל אחד ואחד נוטל בביתו:**

**ה. מצות ערבה כיצד? מקום היה למטה מירושלים, ונקרא מוצא, יורדין לשם, ומלקטין משם מורביות של ערבה. ובאין וזוקפין אותן בצדי המזבח, וראשיהן כפופין על גבי המזבח. תקעו והריעו ותקעו.**

---

און די שמשים (חזנים, די באַדינערס, שמשים) וואַרפן זיי (די לולבים) פאַר זיי, און זיי כאַפּן (יעדער א לולב) און (טיילמאָל קומט דערצו, אַז) זיי שלאָגן איינער דעם אַנדערן. **צו דער משנה זענען נויטיק עטליכע דערקלערונגען. געוויינליך האָט מען געבראַכט דעם** לולב (מיט דעם אתרוג) אין שול צום דאַוונען און הלל זאָגן, ביי וואָס מען האָט גע־**דאַרפן שאָקלען דעם לולב (זע פריער פרק ג' משנה ט'). דעם ערשטן טאָג יום טוב, אויב ער איז אויסגעפאַלן אים שבת האָט מען געמאַכט נעמען דעם לולב (בענטשן אתרוג), אָבער מען האָט אים ניט געטאָרט אַרויסטראָגן אין גאַס און פירן אים אין שול. דעריבער האָט מען איינגעפירט אַז יעדער זאָל אוועקפירן זיין לולב פרייטאָג אין שול; אין ירושלים האָט מען אוועקגעפירט צום הר הבית, וואו מען האָט גע־דאַוונט. אָבער די מורא איז דאָך געווען, אַז די לולבין וועלן זיך אויסמישן, און איי־נער וועט נעמען דעם אַנדערס לולב, און מיט א פרעמדנס לולב קאָן מען ניט מקיים זיין די מצוה (זע פריער פרק ג' משנה א' וועגן „משלכם, „אייערס"); דעריבער האָט מען יעדן אויסגעלערנט צו זאָגן, אַז אויב אַן אַנדערער וועט באַקומען זיין לולב, גיט ער אים אוועק דעם לולב א מתנה, און ממילא ווערט דער לולב יענעמס. שבת אין דער פרי איז יעדער געקומען און געכאַפּט א לולב, און עס איז טיילמאָל געקומען צו געשלעגן. די עלטערע לייט, ניט קאָנענדיק זיך שטופּן און כאַפּן, האָבן אוועקגעלייגט זייערע לולבין אין א ספּעציעלער קאַמער (לשכה). וועגן וואָרט איצטבא זע מסכתא פסחים פרק א' משנה ה'. וועגן „חזן" אלס שמש, באַדינער, זע מסכתא שבת פרק א' משנה ג' און מסכתא יומא פרק ז' משנה א'.** וכשראו, און אַז דאָס בית דין (דאָס געריכט, די חכמים) האָבן געזען אַז עס קומט צו א סכנה (עס ווערט גע־פערליך דורך די געשלעגן), האָבן זיי מתקן געווען, אַז יעדער זאָל נעמען (דעם לולב, בענטשן אתרוג) ביי זיך אין דער היים. **דאָס הייסט, אַז ווען דער ערשטער טאָג יום טוב פאַלט אויס שבת זאָל מ'ניט ברענגען פרייטאָג די לולבים צום הר הבית, נאָר שבת זאָל יעדער בענטשן אתרוג ביי זיך אין דער היים. אייגענטליך דערציילט די משנה דאָס זעלבע פריער פרק ג' משנה י"ג, אָבער ניט וועגן הר הבית, נאָר סתם וועגן ברענגען אין שול פרייטאָג דעם לולב. און ווייל אין א סתם שול זענען ניט געווען אַזוי פיל מענטשן איז ניט געקומען צו קיין געשלעג, דעריבער האָט מען ניט איינגעפירט די תקנה וועגן נעמען דעם לולב אין דער היים.**

ה. מצוה ערבה, ווי אַזוי פלעגט מען מקיים זיין די מצוה פון דער ערבה? **דאָ איז ניט וועגן שבת, נאָר סתם, ווי אַזוי פלעגט פאָרקומען אין בית המקדש דאָס מקיים זיין די מצוה פון נעמען ערבות, וואַסער־ריטלעך, און מאַכן הקפות (אַרומגיין) יעדן טאָג סוכות אַרום דעם מזבח.** מקום, עס איז געווען אַן אָרט נידריק ביי ירושלים (ירושלים איז אויף א באַרג, און דאָס אָרט איז אין טאָל לעבן ירושלים) און עס הייסט מוצא; דאָרט אַהין גייט מען אַראָפּ און מען רייסט אָפּ (מלקטין, „לקט", אָפּרייסן) פון דאָרט הויכע צווייגן (מורביות, פון רב, גרויס) מיט ערבות; מען קומט און מען שטעלט זיי (די ערבות־צווייגן) אין די זייטן פון מזבח (אויפן בית המקדש־הויף) ייי זייערע קעפּ (ראשיהן, די שפּיצן פון די ערבות־צווייגן) זענען אַריבערגעבויגן איבער דעם מזבח. **„מוצא" איז אויך היינט אַן אָרט לעבן ירושלים אין טאָל. די גמרא זאָגט אַז די איינוואוינער זענען באַפרייט געווען פון צאָלן שטייערן צום מלך און דערי־בער הייסט עס „מוצא", „אַרויסגענומען", פריי פון שטייערן; עס האָט דעריבער אויך**

**בכל יום מקיפין את המזבח פעם אחת, ואומרים „אנא ה׳ הושיעה נא, אנא ה׳ הצליחה נא״. ר׳ יהודה אומר, „אני והו הושיעה נא״. ואותו היום מקיפין את המזבח שבעה פעמים. בשעת פטירתן מה הן אומרים? „יופי לך מזבח, יופי לך מזבח״. ר׳ אליעזר אומר, „ליה ולך מזבח, ליה ולך מזבח״:**

**ו. כמעשהו בחול, כך מעשהו בשבת, אלא שהיו מלקטין אותן מערב שבת, ומניחים אותן בגיגיות של זהב, כדי שלא יכמשו. ר׳ יוחנן בן ברוקא אומר, חריות של דקל היו מביאין, וחובטין אותן בקרקע בצידי המזבח; ואותו היום נקרא יום חבוט חריות:**

---

געהייסן „קאָלאָניע״ (אין די רוימישע צייטן, דאָס לאַטיינישע „קאָלאָניע״), און עס הייסט אַזוי אויך היינט אין אַראַביש. „מורביות״ איז פון „רבּ״, גרויס, הויכע צווייגן, די גמרא זאָגט, אַז זיי זענען הויך געווען 11 איילן, און אַז מען האָט זיי געשטעלט אויף דעם יסוד (דער פּאָסאַדע) פון מזבח, האָבן זייערע שפּיצן זיך אַריבערגע־בויגן אַן אייל איבער דעם מזבח. תקעו, מען האָט געבלאָזן תקיעה, תרועה און תקיעה; יעדן טאָג איז מען אַרומגעגאַנגען (געמאַכט הקפות) אַרום דעם מזבח איין מאָל, און מען האָט געזאָגט (דעם פּסוק אין תהלים קי״ח פון הלל) „אנא ה׳ הושיעה נא, אנא ה׳ הצליחה נא״ (אָ, גאָט העלף, אָ, גאָט, זיי אונז מצליח!״). **וועגן די הקפות זענען פאַראַן עטליכע מיינונגען. טייל זאָגן, אַז מען איז אַרומגעגאַנגען מיט די ערבות, און טייל זאָגן (און אַזוי זאָגט דער רמב״ם) אַז מען איז אַרומגעגאַנגען מיט די לולבים. די הקפות האָבן געמאַכט די כהנים.** ר׳ יהודה זאָגט, (אַז זיי האָבן געזאָגט) „אני והו הושיעה נא״. אנשטאט „אנא ה׳ ״, האָבן זיי געזאָגט „אני והו״, „איך און הו״. **אויף די דאָזיקע ווערטער זענען פאַראַן אַ סך פּירושים. דער ברטנורא זאָגט אַז „אני והו״ באַטרעפט 72 און אַזוי באַטרעפט אויך „אנא ה׳ ״ (מיט דעם שם „הויה״), און אַז דאָס איז אויך אַ שם פון צוויי און זיבעציק שמות (ע״ב שמות) פון גאָט. איין פּשט איז אַז „הו״ זאָל זיין דאָס זעלביקע וואָס „הוא״, „ער״, און אַז עס הייסט ווי גאָט איז צוזאַמען מיט די יידן אויך אין אומגליק.** ואותו, און דעם דאָזיקן טאָג (דעם זיבעטן טאָג סוכות, אים הושענא רבה) איז מען אַרומגעגאַנגען (געמאַכט הקפות) אַרום דעם מזבח זיבן מאָל; ביים אוועקגיין (פון מזבח, נאָכן ענדיקן די הקפות) וואָס האָבן זיי (די מענטשן) גע־זאָגט? „יופי לך מזבח, יופי לך מזבח!״ („שענקייט צו דיר, מזבח, שענקייט צו דיר, מזבח!״); ר׳ אליעזר זאָגט, (אַז זיי האָבן געזאָגט) „ליה ולך מזבח, ליה ולך מזבח!״ („צו גאָט און צו דיר, מזבח, צו גאָט און צו דיר, מזבח!״). **רש״י טייטשט, אַז „יופי לך מזבח״ דאָס מיינט: „מיר געבן דיר, מזבח, דעם גאַנצן כבוד, ווייל דו ביזט מכפּר אויף אונזערע עבירות״. צו ר׳ אליעזר׳ס ווערטער זאָגט די גמרא, אַז זיי האָבן גע־זאָגט „אין גאָט גלויבן מיר (מודים, פון מודה זיין, אַזוי טייטשט רש״י), און דיך, מזבח לויבן מיר, ווייל דו ביזט מכפּר אויף אונז״.**

ו. כמעשהו, אַזוי ווי מען האָט געטאָן מיט איר (מיט דער ערבה) אין מיטן דער וואָך אַזוי האָט מען געטאָן מיט איר אים שבת, נאָר (פאַר דעם שבת׳דיקן טאָג) האָט מען זיי (די ערבות־צווייגן אָפּגעריסן (מלקטין) אים ערב שבת (פרייטאָג) און מען האָט זיי אַריינגעשטעלט אין גאָלדענע בעקנס (מיט וואַסער), כדי זיי (זייערע בלעטער) זאָלן ניט פאַרוועלקט ווערן. **ווי די משנה האָט פריער אין משנה ג׳ גע־לערנט, האָט מען די ערבה גענומען אים שבת נור ווען דער 7טער טאָג סוכות, הושענא רבא, איז אויסגעפאַלן אים שבת.** ר׳ יוחנן בן ברוקא זאָגט, אַז מען האָט גע־בראַכט (ניט ערבות צו די הקפות אַרום מזבח, סיי אין דער וואָכן סיי אים שבת) נור) צווייגן פון אַ טייטלבוים, און מען האָט זיי (די צווייגן) געקלאַפּט אין דער ערד (פון בית־המקדש־הויף) ביי די זייטן פון מזבח, און דעם דאָזיקן טאָג האָט מען גערופן „דער טאָג פון קלאַפּן טייטל־בוים־צווייגן״. **די גמרא זאָגט אַז ר׳ יוחנן בן**

**ז. מיד התינוקות שומטין את לולביהן, ואוכלין אתרוגיהן:**

**ח. ההלל והשמחה שמונה, כיצד? מלמד שחייב אדם בהלל ובשמ־חה ובכבוד יום טוב האחרון של חג כשאר כל ימות החג. סוכה שבעה כיצד? גמר מלאכול, לא יתיר סוכתו אבל מוריד את הכלים מן המנחה ולמעלה, מפני כבוד יום טוב האחרון של חג:**

**ט. ניסוך המים כיצד? צלוחית של זהב מחזקת ג׳ לוגים היה ממלא מן השילוח. הגיעו לשער המים, תקעו והריעו ותקעו. עלה**

---

**ברוקא האלט, אז דאָס וואָס אין פסוק (ויקרא כ״ג) ווערט געזאָגט „כפת תמרים״, מען זאָל נעמען אים סוכות „צווייגן פון טייטלביימער״ מיינט מען צוויי צווייגן, איי־נעם אלס לולב און איינעם צום מזבח. „חרית״ מייסט א טייטלבוים־צווייג, און „חריות״ איז דער לשון רבים, צווייגן פון טייטל־ביימער. פון דער דאָזיקער משנה איז דער מנהג צו קלאָפן די הושענאָ אים הושענא רבה. — איין גירסא איז „על גבי המזבח״ מען האָט זיי געקלאַפּט אויף דעם מזבח.**

ז. מיד, באלד (נאָכדעם ווי מען קלאַפּט אין דער ערד די צווייגן אים 7טן טאָג, אים הושענא רבה), ווארפן די קינדער אוועק זייערע לולבים און עסן אויף זייערע אתרוגים. **די דערוואַקסענע מענטשן טאָרן ניט עסן די אתרוגים אין 7טן טאָג פון סו־כות, ווייל מען האָט דאָך דעם אתרוג באנוצט דעם דאָזיקן טאָג צו דער מצוה פון בענטשן אתרוג. רשי ברענגט נאָך אן אנדערן טייטש, אז „מיד התינוקות״ מיינט מען „פון דער האַנט פון די קינדער כאַפּן ארויס (די דערוואַקסענע מענטשן) זייערע לולבין און עסן אויף זייערע אתרוגים״, און די משנה מיינט צו לערנען, אז עס הייסט ניט קיין גזלה ווייל מען טוט עס צוליב שמחה.**

ח. הלל, (־זאָגן) און שמחה (עסן שלמים־פלייש) קומט פאַר אכט טעג (אים סו־כות) ווי אזוי? דערפון איז צו לערנען, אז א מענטש איז מחויב (צו זאָגן) הלל און (טאָן די מצוה) שמחה (עסן שלמים־פלייש) לכבוד דעם לעצטן טאָג פון יום טוב (שמיני עצרת) אזוי ווי (ער איז מחויב) אין אלע איבריקע טעג פון יום טוב (סוכות). **די גמרא אין פסחים ע״א זאָגט, אז דאמאָלס ווען מען קאָן ניט עסן שלמים־פלייש איז מען מקיים די מצוה פון שמחה אים יום טוב דורך אָנטאָן א שיינעם מלבות און טרינקן אלטן וויין.** סוכה שבעה כיצד, (מען דאַרף זיצען אין) סוכה זיבן (טעג), ווי אזוי? מען האָט געענדיקט דאָס עסן (אין סוכה אין זיבעטן טאָג פון סוכות, הושענא רבה), זאָל מען ניט פונאנדערנעמען די סוכה, נאָר מען זאָל אראָפּברענגען (פון דער סוכה אין שטוב אריין) די כלים פון דער מנחה־צייט אָן און שפּעטער (פאַרנאַכט צו) צוליב דעם כבוד פון לעצטן טאָג יום טוב סוכות (שמיני עצרת). **ווייל שמיני עצרת עסט מען שוין אין שטוב (ווארום די מצוה פון סוכה איז דאָך נאָר 7 טעג), דעריבער זאָל מען אראָפּברענגען פון דער סוכה אין שטוב אריין די שיינע כלים צו באנוצן זיי אים שמיני עצרת יום טוב. דאָס וואָרט „מוריד״, אראָפּברענגען, איז דערפאַר, ווייל אמאָל פלעגט מען מאכן די סוכות אויף די דעכער (רשי אין מסכתא שבת קנ״ד); מיר האָבן אויך פריער פרק ה׳ משנה ה׳ „העלום לסוכה״, „טראָגט זיי ארויף אין דער סוכה״.**

ט. ניסוך המים, כיצד? ווי אזוי איז פאָרגעקומען דער ניסוך המים, דאָס גיסן וואסער? **אין בית המקדש האָט מען סוכות יעדן טאָג אין דער פרי, ווען מען האָט מקריב געווען דעם קרבן תמיד און מען האָט געגאָסן אויפן מזבח דעם וויין פון קרבן תמיד, אויך געגאָסן אויפן מזבח וואסער. דאָס האָט געהייסן „ניסוך המים״, גיסן וואסער. די גמרא (סוכה מ״ד און תענית ג׳) זאָגט, אז דאָס איז א הלכה למשה מסיני, עס איז געגעבן געוואָרן א הלכה צו משה רבנו אויפן באַרג סיני צו גיסן וואסער אים סוכות אויפן מזבח. די סעקטע צדוקים אין דער צייט פון 2טן בית המקדש האָבן ניט געהאלטן פון ניסוך המים, און די משנה וועט ווייטער דערציילן וועגן דעם. דאָס שעפּן דאָס וואסער צום ניסוך המים איז פאָרגעקומען מיט גרויסער פייערליכ־**

**בכבש ופנה לשמאלו. ב׳ ספלים של כסף היו שם. ר׳ יהודה אומר, של סיד היו, אלא שהיו מושחרין פניהם מפני היין. ומנוקבין כמין ב׳ חוטמין דקין, אחד מעובה ואחד דק, כדי שיהו שניהם כלין בבת אחת. מערבי של מים, מזרחי של יין. עירה של מים לתוך של יין, ושל יין לתוך של מים, יצא. ר׳ יהודה אומר, בלוג היה מנסך כל שמונה. ולמנסך, אומרים לו: „הגבה ידך״, שפעם אחת ניסך אחד על גבי רגליו, ורגמוהו כל העם באתרוגיהן:**

---

**קייט און גרויסער שמחה, מען האָט אָנגעצונדן פייערן און געטאנצט. דאָס האָט געהייסן שמחת בית השואבה** (אין טייל אַלטע כתבי יד איז פאַראַן „השאובה״), **די שמחה פון שעפּן.** די משנה וועט דאָ דערציילן ווי אזוי דאָס איז פאָרגעקומען. צלוחית, א גאָלדענע קרוג וואָס האָט געהאַלטן דריי לוגים (קוואָרטן), האָט מען אָנגעפילט (מיט וואסער) פון שילוח; (ווען) מען איז אָנגעקומען (מיט דער קרוג וואסער) צום שער המים (וואסער־טויער פון בית־המקדש־הויף) האָט מען געבלאָזן תקיעה און תרועה און תקיעה. **אזוי ארום האָט מען געבראכט דאָס וואסער צום מזבח צו. שילוח איז דער נאָמען פון א וואסער־קוואל לעבן ירושלים, אין מערב־דרום פון דער שטאָט, און אין ישעיה ח׳ הייסט ער „מי השילוח״ די שילוח־וואסערן. וועגן „שער המים״ זאָגט די משנה שקלים פּרק ו׳ משנה ג׳ אז ער האָט אזוי געהייסן ווייל דורך אים האָט מען אריינגעבראכט די קרוג מיט וואסער אין בית־המקדש־הויף צום ניסוך המים.** עלה בכבש, ער (דער כהן וואָס האָט געטראָגן די קרוג מיט וואסער) איז ארויסגעגאנגען מיט דעם מזבח־טרעפּ (כבש, דעם קרומען לאנגן טרעפּ וואָס פירט ארויף אויפן מזבח) און (אויפן מזבח) האָט ער (דער כהן) זיך אויסגעדרייט צו זיין לינקער (זייט); דאָרט זענען געווען צוויי זילבערנע בעקנס (ספל). ר׳ יהודה זאָגט, אז זיי זענען געווען פון גיפּס (סיד), נאָר זיי האָבן אויסגעזען שווארץ צוליב דעם וויין (וואָס מען האָט דאָרט יעדן טאָג געגאָסן, — און אין זיי (אין די צוויי בעקנס) זענען געווען (אונטן) לעכלעך, אזוי ווי צוויי דינע נאָז־לעכלעך, איינער (אין איין בעקן איז געווען) א גראָב (דיק, גרויס לעכל), און איינער (אין אנדערן בעקן) א דין (לעכל), כדי זיי זאָלן ביידע זיך ענדיקן (פליסן אָפּפליסן) צוזאמען (גלייך). **ווייל ווען מען האָט געגאָסן דאָס וואסער אין איין בעקן, האָט מען געגאָסן דעם וויין (פון קרבן תמיד) אין אנדערן בעקן; און אזוי ווי וויין איז פעטער, געדעכטער פון וואסער, פליסט ער ניט אראָפּ אזוי שנעל ווי וואסער, דעריבער איז אין דעם בעקן, וואוהין מען האָט געגאָסן דעם וויין, געווען א גרעסער לעכל, און אין דעם בעקן, וואוהין מען האָט געגאָסן דאָס וואסער געווען א קלענער** (דינער) **לעכל, כדי זיי ביידע, דאָס וואסער אין דער וויין, זאָל אראָפּפליסן אין דער זעלבער צייט אינגאנצן.** מערבי, דער (בעקן אין) מערבדיקער (זייט) איז געווען פאר וואסער, און דער מזרח׳דיקער (בעקן) איז געווען פאר וויין: אויב מען האָט אריינגעגאָסן דאָס וואסער אין דעם (בעק) פון וויין און דעם וויין אין דעם (בעקן) פון וואסער, האָט מען יוצא געווע. **דאָס הייסט, אז עס איז כשר געווען, און מען האָט ניט געדארפן נאָכאמאָל גיסן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען האָט געגאָסן מיט איין לוג אלע אַכט טעג. **ר׳ יהודה איז מחולק מיט דער סתם משנה אין צוויי זאכן. ערשטנס, די סתם משנה זאָגט פריער אין משנה א׳ (אין דאָזיקן פּרק), אז מען האָט געגאָסן וואסער נאָר 7 טעג (סוכות), און ר׳ יהודה זאָגט, אז 8 טעג (אויך שמיני עצרת). צווייטנס, די סתם משנה האָט פריער געזאָגט, אז מען האָט געגאָסן מיט א קרוג פון 3 לוגים (קוואָרט), און ר׳ יהודה זאָגט אז נור פון 1 לוג.** ולמנסך, און צו דעם (כהן) וואָס האָט געגאָסן (אריין אין בעקן דאָס וואסער), האָט מען געזאָגט: „הויב אויף דיין האנט!״ **כדי מען זאָל זען ווי ער גיסט אריין דאָס וואסער אין בעקן.** שפעם אחת, ווארום איינמאָל האָט איינער געגאָסן דאָס וואסער אויף זיינע פיס (אנשטאט אין בעקן אריין) און דאָס פאָלק

**י. כמעשהו בחול, כך מעשהו בשבת, אלא שהיה ממלא מערב שבת חבית של זהב שאינה מקודשת מן השילוח, ומניחה בלשכה, נשפכה, או נתגלתה, היה ממלא מן הכיור, שהיין והמים המגולין פסולים לגבי מזבח:**

## פרק ה.

**א. החליל חמשה וששה — זהו החליל של בית השואבה, שאינה**

---

די מענטשן וואָס זענען געווען פאַרזאמלט אין בית המקדש הויף) האָבן אים פאַר־וואָרפן (פאַרשטיינערט) מיט זייערע אתרוגים. **דער דאָזיקער כהן איז געווען א צדוקי און האָט ניט געוואָלט מקיים זיין די מצוה פון ניסוך המים** (ווי מיר האָבן פריער געזאָגט), **און די יידן אין בית המקדש הויף האָבן אים פאַרוואָרפן דערפאַר מיט די אתרוגים. דער דאָזיקער סיפור המעשה ווערט אויך דערציילט אין ספר יוסיפון לרומיים פון יוסף בן מתתיהו פלאוויוס, און ער דערציילט, אז דער דאָזיקער כהן איז געווען דער צדוקישער מלך אלכסנדר ינאי.**

י. כמעשהו, אזוי ווי מען האָט געטאָן מיט אים (מיט דעם וואסער־גיסן) אין דער וואָכנס אַזוי האָט מען געטאָן מיט אים אין שבת, נור מען האָט (פאַר שבת וועגן) אָנגעפילט ערב שבת א גאָלדענעם פאַס, וועלכער איז ניט געווען הייליק, (מיט וואסער) פון שילוח, און מען האָט איר אוועקגעשטעלט (ביז צומאָרגנס שבת) אין דער קאַמער (פון בית־המקדש־הויף). **אים שבת האָט מען ניט געטאָרט שעפּן דאָס וואסער און פירן פון דער גאַס אין בית־המקדש־הויף, דעריבער האָט ערב שבת אָנגעשעפּט דאָס וואסער אין א גאָלדענעם פאַס. אָבער אזוי ווי דער דין איז, אז א הייליקע זאַך** אויב זי נעכטיקט איבער די נאַכט ווערט זי פסול (פסול בלינה, דורך איבערנעכטיקן) **דעריבער האָט מען ערב שבת געשעפּט דאָס וואסער ניט אין דער הייליקער קרוג, מחמת דאָס וואסער ווען עס קומט אריין אין א הייליקער כלי** (כלי שרת) **ווערט עס אויך הייליק, נאָר אין אַ ניט־הייליקער פאַס, און ממילא איז דאָס וואסער ניט געוואָרן הייליק, און עס האָט געמעגט שטיין איבער נאַכט.** נשפכה, אויב (די פאַס וואסער) איז געוואָרן אויסגעגאָסן אָדער אָפּגעדעקט (די פאַס האָט געדאַרפן זיין צוגעדעקט, און זי איז געוואָרן אָפּגעדעקט), האָט מען אָנגעפולט (די פאַס) פון כיור. **אין בית המקדש איז געווען א „כיור״, א וואַש־בעקן, פול מיט וואסער, פון וואַנען די כהנים האָבן גענומען וואסער צו וואַשן זיך** (צו הייליקן זיך, זע יומא פרק ד׳ משנה ה׳). **זאָגט די משנה אז מען האָט פון דאָרט גענומען דאָס וואסער; דאָס כיור־וואסער איז ניט פסול געוואָרן דורך איבערנעכטיקן ווייל מען האָט אים איבער נאכט אראָפּגע־לאָזט אין גרוב.** שהיין, ווארום וויין און וואסער, וועלכע זענען געוואָרן אָפּגעדעקט זענען פסול (געגאָסן) צו ווערן) אויפן מזבח. **די משנה אין תרומות פרק ח׳ משנה ד׳ לערנט, אז וויין און וואסער, וועלכע זענען געוואָרן אָפּגעדעקט, טאָר מען ניט טרינקן, מען האָט מורא טאָמער האָט אַ שלאַנג דערפון געטרונקן און אריינגעלאָזט זיין גיפט. דאָ זאָגט די משנה, אז אויך צום מזבח איז פסול אָפּגעדעקט וויין אָדער וואסער; און די גמרא זאָגט, אז אפילו ווען מענטשן מעגן עס טרינקן (דורך דורכ־זייען) איז אויך ניט פאַסיג צו ברענגען עס אלס קרבן אויפן מזבח. דעריבער אויב דאָס וואסער איז געוואָרן אָפּגעדעקט, האָט מען גענומען וואסער פון כיור.**

## פרק ה.

א. החליל, דער פייפער איז געווען (טיילמאָל) פינף (טעג) און (טיילמאָל) זעקס טעג, דאָס איז דער פייפער פון שעפּן (דאָס וואסער). **די משנה זאָגט דאָ, אז דאָס וואָס מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק ד׳ משנה א׳ אז דער ״חליל״, דער פייפער, איז געווען אים סוכות טיילמאָל פינף טעג און טיילמאָל זעקס טעג, מיינט מען דעם פייפער, וואָס מען האָט באַנוצט ביי דער שמחה־פייערליכקייט פון שעפּן וואסער צום גיסן אויפן מזבח** (ווי מיר האָבן געלערנט **צום סוף פון פאָריקן פרק). מיט**

**דוחה לא את השבת ולא את יום טוב. אמרו, כל מי שלא ראה שמחת בית השואבה, לא ראה שמחה מימיו:**

**ב. במוצאי יום טוב הראשון של חג ירדו לעזרת נשים, ומתקנין שם תקון גדול. ומנורות של זהב היו שם, וארבעה ספלים של זהב בראשיהן, וארבע סולמות לכל אחד ואחד** (על כל מנורה ומנורה)**, וארבעה ילדים מפרחי כהונה, ובידיהם כדים של שמן של מאה ועשרים לוג, שהן מטילין לכל ספל וספל:**

**ג. מבלאי מכנסי כהנים ומהמייניהן, מהן היו מפקיעין, ובהן היו**

---

„חליל", „פייפער", מיינט מען די אלע מוזיק־אינסטרומענטן, וועלכע האָבן אין בית־המקדש־הויף **צוגעשפּילט ביי דער דאָזיקער שמחה**, שאינו, ווארום ער (דער פייפער, פון וואסער־שעפּן) איז ניט דוחה ניט שבת און ניט יום טוב. **מען טאָר ניט שפּילן מיט די מוזיק־אינסטרומענטן ניט אים שבת און ניט אים יום טוב, דאריבער אויב דער ערשטער טאָג יום טוב סוכות איז אויסגעפאלן אים שבת, האָט מען ניט געשפּילט בלויז אין דאָזיקן טאָג**, און ממילא האָט מען געשפּילט אין די איבריקע 6 טעג. **אָבער אויב דער ערשטער טאָג יום טוב איז אויסגעפאלן אין א וואָכנטאָג, האָט מען ניט געשפּילט ניט אין דאָזיקן יום טוב טאָג און אויך ניט אים שבת וואָס איז אויסגעפאלן אין איינעם פון די איבריקע 6 טעג, ממילא זענען דאָך אראָפּגעגאנגען 2 טעג, אין וועלכע מען האָט ניט געשפּילט, און מען האָט נור געשפּילט 5 טעג** (**דאָס וואסער גיסן איז פאָרגעקומען די גאנצע 7 טעג סוכות**). **עס זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אז אין ארץ ישראל איז יום טוב נור איין טאָג.** אָמרו, מען האָט געזאָגט, אז ווער עס האָט ניט געזען די שמחה (וואָס איז פאָרגעקומען אין) בית השואבה (דאָס הויז פון שעפּן, דאָס אָרט, וואו מען האָט געמאכט די שמחה לכבוד דעם וואסער־שעפּן, די שמחת בית השואבה) האָט קיינמאָל אין זיין לעבן קיין שמחה ניט געזען. **די גמרא זאָגט דערויף דעם רמז פון פסוק אין ישעיה י"ב „ושאבתם מים בששון, און איר וועט שעפּן וואסער מיט פרייד".**

ב. במוצאי, אין מוצאי ערשטן טאָג יום טוב פון סוכות (די נאכט נאָכן ערשטן טאָג יום טוב) זענען זיי (כהנים און לויים) אראָפּגעגאנגען אין דער עזרת נשים. **דאָס איז געווען דער טייל אין בית־המקדש־הויף, אין דער עזרה, וואָס איז געווען באַשטימט פאר פרויען.** ומתקנין, און זיי האָבן דאָרט איינגעאָרדנט א גרויסע זאך (תיקון גדול). **די גמרא זאָגט, אז זיי האָבן דאָרט אוועקגעשטעלט בענק, באזונדערע פאר פרויען און באזונדערע פאר מענער; די פרויען־בענק זענען געווען איבער די מענער־בענק, כדי מען זאָל ניט קומען צו לייכטזיניקייט** (**קלות ראש**)**;** ומנורות, און עס זענען דאָרט געווען גאָלדענע לאָמפּן (מנורות), און פיר גאָלדענע בעקנס (אייל־ברענערס, ארייצוגיסן אייל איז געווען אין זייערע שפּיצן. **אין שפּיץ פון יעדער לאָמפּ זענען געווען 4 אייל־ברענערס.** וארבע, און 4 לייטערס זענען געווען צו יעדער איינער. **לעבן יעדן לאָמפּ זענען געווען איינגעאָרדנט 4 לייטערס, כדי אויף זיי ארויפצוגיין צום שפּיץ לאָמפּ.** וארבעה ילדים און פיר יונגע בחורים (ילדים) פון דער כהונה־יוגנט (פרחי כהונה, די בלומען פון דער כהונה) (זענען געווען ביי יעדן לאָמפּ) און זיי האָבן געהאַט אין זייערע הענט קרוגן מיט אייל צו הונדערט און צוואנציק לוג (קוואָרט), וואָס זיי האָבן ארייגעגאָסן אין יעדן בעקן (אייל־ברענער). **די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט אז אין יעדן אייל־ברענער איז ארייגעגאנגען 30 לוג (קוואָרט) אייל. „ילדים" מיינט מען דאָ ניט קינדער, נאָר יינגע בחורים; און „פרחי כהונה", די בלומען פון דער כהונה, מיינט מען די כהונה־יוגנט.**

ג. מבלאי, פון די אָפּגעטראָגענע הויזן פון די כהנים און פון זייערע גארטלען האָט מען ארויסגעריסן (און געפלאָכטן) קנויטן, און מיט זיי האָט מען געברענט. **די דאָזיקע גרויסע שטיקער קנויטן האָט מען ארייגעלייגט אין די אייל־ברענערס**

**מדליקין. ולא היה חצר בירושלים שאינה מאירה מאור בית השואבה.**

**ד. חסידים ואנשי מעשה היו מרקדים לפניהם באבוקות של אור שבידיהן, ואומרין לפניהן דברי שירות ותשבחות; והלוים בכנורות ובנבלים ובמצלתים ובחצוצרות ובכלי שיר בלא מספר, על חמשה עשר מעלות, היורדות מעזרת ישראל לעזרת נשים. כנגד חמשה עשר שיר המעלות שבתהלים, שעליהן לוים עומדין בכלי שיר ואומרים שירה. עמדו שני כהנים בשער העליון, שיורד מעזרת ישראל לעזרת נשים, ושני חצוצרות בידיהן, קרא הגבר, תקעו והריעו ותקעו. הגיעו למעלה עשירית, תקעו והריעו ותקעו. הגיעו לעזרה, תקעו והריעו ותקעו.**

---

**און זיי אָנגעצונדן. „בלאי" איז דער טייטש אפגעטראָגענע קליידער, שמאטעס. „המייני" איז דער טייטש גארטלן** (דאָס וואָרט האָבן מיר געהאַט אין משנה סוף **עירובין). „מפקיעין" קאָן זיין דער טייטש „שפאלטן"** (ווי „בקע", **שפאלטן) און דאָס הייסט צערייסן, און עס קאָן אויך זיין דער טייטש פלעכטן אין א בינטל** („פקעת", **א בינטל).** ולא היה, און עס איז ניט געווען קיין הויף אין ירושלים, וועלכע איז ניט געווען באלויכטן פון דער ליכטיקייט פון דעם שעפונגס־הויז (בית השואבה, וואו מען האָט אָנגעצינדן די ליכט). **ווייל די לאָמפּן זענען געווען הויכע, 50 איילן הויך (אזוי זאָגט די גמרא), און דער בית־המקדש־הויף איז געווען אויף א בארג, דעם הר־הבית, דאריבער האָט די ליכטיקייט באלויכטן די גאנצע שטאָט ירושלים.**

ד. חסידים, חסידים און מענטשן מיט מצוות (אנשי מעשה, מענטשן וואָס טאָן מצוות, אָנגעזעענע מענטשן) האָבן געטאנצט פאר זיי (פאר די פארזאמלטע יידן) מיט פייער־פלאקערס אין די הענט און האָבן געזאָגט פאר זיי ווערטער פון געזאנג און פון לויב. **די גמרא זאָגט, אז זיי האָבן געטאנצט ווארפנדיק די פייער־פלאקערס (אבוקות), און די חסידים און אנשי מעשה האָבן געזאָגט: „וואויל איז צו אונזערע יינגע יאָרן וואָס האָט ניט פארשעמט אונזער עלטערע יאָרן" די בעלי תשובה האָבן געזאָגט: „וואויל איז צו אונזערע עלטערע יאָרן, וואָס האָט מכפר געווען אויף אונזע־רע יינגע יאָרן"; און ביידע צוזאמען האָבן געזאָגט: „וואויל איז צו דעם וואָס האָט ניט געזינדיקט, און צו דעם וואָס האָט יאָ געזינדיקט און מען האָט אים מוחל געווען".** והלויים, און די לוויים מיט פידלן און מיט הארפעס און מיט פויקן און מיט טראָמיי־טערס און מוזיק־אינסטרומענטן אָן א צאָל (זענען געשטאַנען און צוגעשפילט) אויף די פופצען טרעפּ וואָס פירן אראָפּ פון עזרת ישראל (דער טייל בית־המקדש־הויף באַ־שטימט פאר ישראלים, מענער) צו דער עזרת נשים (פרויען־עזרה), קעגן די פופצן שיר המעלות אין תהלים, וואָס אויף זיי שטייען די לוויים מיט זייערע מוזיק־אינס־טרומענטן און זאָגן שירה. **מען מיינט דאָ, אז אויף די דאָזיקע טרעפּ שפּילן צו און זינגן שירה די לוויים אין דער צייט פון דער שמחת בית השואבה, אבער יעדן טאָג זאָגן די לויים שירה לעבן מזבח. די פופצן שיר המעלות זענען פאראן אין תהלים פון קאפיטל ק"כ ביז קאפּיטל קל"ד. די דאָזיקע שמחה איז געווען איידער מען איז געגאנגען שעפּן דאָס וואסער.** ועמדו, און עס זענען געשטאַנען צוויי כהנים ביים אוי־בערשטן טויער (שער העליון, א טויער אין בית המקדש־הויף), וואָס פירט אראָפּ פון דער עזרת ישראל צו דער עזרת נשים, און זיי האָבן (געהאלטן) צוויי טראָמייטערס (חצוצרות) אין זייערע הענט. **די דאָזיקע כהנים האָבן געוואַרט, ווייל די גאנצע שמחה איז פאָרגעקומען ביינאכט.** קרא הגבר, ווען דער האָן האָט געקרייעט (און עס איז געוואָרן טאָג), האָבן זיי (די צוויי) געגעבן א בלאָז תקיעה און תרועה און תקיעה. **דאָס איז געווען דער צייכן, אז מען דארף גיין צום שעפּן דאָס וואסער. ווענן „קרא הגבר", דער האָן האָט געקרייט זע מסכתא יומא פרק א' משנה ח' און דעם אנדערן טייטש דאָרטן.** הגיעו, ווי זיי זענען צוגעקומען צום צענטן טרעפּ האָבן זיי (ווידער) געבלאָזן תקיעה און תרועה און תקיעה; ווען זיי זענען געקומען צו דער עזרה (אונטן

**היו תוקעין והולכין, עד שמגיעין לשער היוצא מזרח. הגיעו לשער היוצא ממזרח, הפכו פניהן למערב, ואָמרו, אבותינו שהיו במקום הזה אחוריהם אל היכל ופניהם קדמה והמה משתחוים קדמה לשמש ואנו ליה עינינו. ר׳ יהודה אומר, היו שונין ואומרין, אנו ליה, וליה עינינו:**

**ה. אין פותחין מעשרים ואחת תקיעות במקדש, ואין מוסיפין על ארבעים ושמונה. בכל יום היו שם עשרים ואחת תקיעות במקדש: שלש לפתיחת שערים, תשע לתמיד של שחר, ותשע לתמיד של בין הערבים. ובמוספין היו מוסיפין עוד תשע; ובערב שבת היו מוסיפין עוד שש, שלש להבטיל העם ממלאכה, ושלש להבדיל בין קדש לחול. ערב שבת שבתוך החג, היו שם ארבעים ושמונה: שלש לפתיחת שערים, שלש**

---

פון די פופצן טרעפ, אין דער פרויען־עזרה) האָבן זיי ווידער געבלאָזן תקיעה און תרועה און תקיעה. **די משנה וועט ווייטער אין משנה זאָגן וויפיל מאָל מען האָט גע־בלאָזן.** היו תוקעין, זיי האָבן אזוי כסדר געבלאָזן (תקיעה, תרועה און תקיעה) ביז זיי זענען אָנגעקומען צום טויער וואָס גייט ארויס צו מזרח; ווען זיי זענען אָנגעקו־מען צום טויער וואָס גייט ארויס צו מזרח, האָבן זיי זיך אויסגעדרייט מיט זייערע פנימער צו מערב (צום בית־המקדש־הויף און צום היכל, צו דער בית־המקדש־גע־בײדע) און האָבן געזאָגט: „אונזערע עלטערן, וועלכע זענען געווען אין דאָזיקן אָרט זענען געשטאַנען מיט זייערע רוקנס צום היכל און מיט זייערע געזיכטער צו מזרח־זייט (פון וואנען די זון שיינט אויף אין דער פרי) און האָבן זיך געבוקט צו דער זון; און מיר צו גאָט זענען געווענדעט אונזערע אויגן״. **זיי האָבן זיך מתוודה געווען פאַר די זינד פון די יידן אין דער צייט פון ערשטן בית המקדש, וועלכע האָבן גע־דינט צו דער זון; די ווערטער פון „ופניהם קדמה״ ביז „לשמש״ איז א פסוק אין יחזקאל ח׳.** ר׳ יהודה זאָגט, אז זיי האָבן איבערגעחזרט צוויי מאָל און זיי האָבן געזאָגט: מיר זענען צו גאָט, און צו גאָט זענען געווענדעט אונזערע אויגן״. **די גמרא זאָגט, אז זיי האָבן דערמיט געמיינט: „מיר בוקן זיך און דאנקן צו גאָט, און מיר האָפן צו גאָט אויך אויף שפּעטער״.**

ה. אין פוחתין, מען בלאָזט אין בית המקדש (אין פארלויף פון איין טאָג) ניט ווינציקער פון איין און צוואנציק תקיעות, און ניט מער פון אכט און פירציק תקיעות. **מען האָט אין בית המקדש געבלאָזן תקיעות (מיט „תקיעות״ מיינט מען דאָ אויך „תרועה״) ביי מקריב זיין געוויסע קרבנות און אויך ביי טייל אַנדערע געלעגנהייטן זאָגט די משנה, אז עס איז ניט געווען קיין איין טאָג, אין וועלכן מען זאָל בלאָזן ווינ־ציקער פון איין און צוואנציק תקיעות, און עס איז ניט געווען קיין טאָג, אין וועלכן מען זאָל בלאָז מער פון אכט און פירציק תקיעות.** בכל יום, יעדן (געוויינטליכן) טאָג זענען געווען דאָרט (אין בית המקדש) איין און צוואנציק תקיעות, (דהיינו); דריי (תקיעות, דאָס הייסט א תקיעה, א תרועה, און א תקיעה) ביים עפנען די טויערן (פון בית המקדש־הויף), ניין ביים (מקריב זיין דעם) קרבן תמיד אין דער פרי, און ניין ביים (מקריב זיין דעם) קרבן תמיד פארנאכט. **צוזאמען איז עס איין און צוואנציק תקיעות. דאָס בלאָזן ביים מקריב זיין דעם קרבן תמיד איז פאָרגעקומען ווען די לויים האָבן געזינגען שירה און די כהנים האָבן געבלאָזן 3 מאָל צו תקיעה, תרועה און תקיעה.** ובמוספין, און (אין די טעג ווען מען האָט מקריב געווען א קרבן) מוס־פים האָט מען צוגעגעבן נאָך ניין (תקיעות). **דאָס זענען געווען תקיעות ביים קרבן מוסף. דעם קרבן מוסף האָט מען מקריב געווען אין די שבתים, ימים טובים און ראש חודש.** ובערב, און ערב שבת (פרייטאָג) האָט מען צוגעגעבן נאָך זעקס (תקיעות), דריי (פון זיי) כדי (אָנצוזאָגן דערמיט) דעם פאָלק אפצושטעלן די ארבייט, און דריי (פון זיי), כדי צו מאכן אן אָפשייד צווישן הייליקייט (שבת) און דער וואָכנס (פרייטאָג). **מען זאָל וויסן, אז עס איז שבת.** ערב שבת שבתוך החג, פרייטאָג אין מיטן יום טוב

**לשער העליון ושלש לשער התחתון, ושלש למלוי המים, ושלש על גבי מזבח, תשע לתמיד של שחר, ותשע לתמיד של בין הערבים, ותשע למוספין, שלש להבטיל את העם מן המלאכה, שלש להבדיל בין קודש לחול:**

**ו. יום טוב הראשון של חג היו שם שלשה עשר פרים ואילים שנים ושעיר אחד. נשתיירו שם ארבעה עשר כבשים לשמונה משמרות. ביום ראשון, ששה מקריבין שנים, והשאר אחד אחד. בשני, חמשה מקריבין**

---

סוכות („חג״) מיינט מען סוכות) זענען געווען אכט און פירציק (תקיעות): דריי צום עפנען די טויערן (פון בית־המקדש־הויף), דריי (ווען די כהנים זענען געגאנגען נאָך דעם וואסער און זענען געשטאנען) ביים אויבערשטן טויער (שער העליון), און דריי, (ווען זיי זענען געשטאנען) ביים אונטערשטן טויער (שער התחתון), און דריי ווען זיי האָבן אָנגעשעפּט דאָס וואסער, און דריי ווען מען האָט געבראַכט דאָס וואסער צום מזבח, ניין ביים (מקריב זיין דעם קרבן) תמיד אין דער פרי, און ניין ביים (מקריב זיין דעם קרבן) תמיד פארנאכט, און ניין ביים (מקריב זיין דעם קרבן) מוסף (ווייל יעדן טאָג סוכות האָט מען מקריב געווען א קרבן מוסף), דריי כדי אָפּצושטעלן דעם פאָלק פון דער ארבייט (פרייטאָג פארנאַכט) און דריי כדי צו מאכן דעם אָפּשייד צווישן הייליקייט (שבת) און דערוואכנס (פרייטאָג). **צוזאמען איז עס אכט און פירציק תקיעות. די גמרא זאָגט, אז עס זענען געווען פאלן ווען מען האָט אין איין טאָג געבלאָזן 57 תקיעות, דהיינו, ערב פסח, וואָס איז געפאלן אים שבת און מען האָט געבלאָזן אויך ביים מקריב זיין די קרבנות פסחים אין דריי כתות, און ביי יעדער כתה האָט מען געבלאָזן 9 תקיעות, איז עס צוזאמען 27 תקיעות, און אזוי ווי אים שבת האָט מען געבלאָזן 30 תקיעות (21 פון יעדן טאָג און 9 פון קרבן מוסף) איז עס געווען 57 תקיעות. נאָר אזוי ווי דאָס טרעפט זיך ניט אזוי אָפט רעכנט עס ניט די משנה.**

ו. יום טוב, דעם ערשטן טאָג יום טוב פון סוכות זענען געווען דאָרט (אין בית המקדש, מקריב צו זיין) דרייצן אָקסן, צוויי ווידערס (שעפּסן־זכרים) און איין באָק (שעיר, זכר פון א ציג); זענען געבליבן פירצן שעפּסן פאר אכט משמרות (פון כהנים), **כדי צו פארשטיין די משנה און אויך די ווייטערדיקע ווערטער פון דער משנה, וועלן מיר געבן עטליכע דערקלערונגען. אלע כהנים אין ארץ־ישראל זענען געווען איינגעטיילט אין 24 משמרות („משמר״, וואך, אפּהיטן), אפּטיילונגען, און יעדער משמר האָט געהאַט זיין נאָמען, נאָכן נאָמען פון ערשטן עלטער־עלטער־זיידן. איינער האָט געהייסן „יהויריב״, דער צווייטער „ידעיה״ און אזוי כסדר, 24 משמרות. כדי מען זאָל זיך ניט ארומקריגן וועגן דעם, ווען וועלכער משמר זאָל טאָן די עבודה אין בית המקדש** (מקריב זיין קרבנות און טאָן די אנדערע עבודות), **האָט מען איינגעפירט, אז איין משמר האָט געטאָן די עבודה אין בית המקדש נור איין וואָך, פון שבת ביז שבת, און ווען די וואָך האָט זיך געענדיגט שבת נאָכמיטאָג, איז דער דאָזיקער משמר כהנים אוועקגעגאנגען (ארויסגעגאנגען פון בית המקדש, „יצא״) און עס איז אָנגעקומען (אריינגעגאנגען, „נכנס״) אן אנדערער משמר כהנים. נאָך 24 וואָכן איז ווידער אָנגעקומען דער ערשטער משמר אויף איין וואָך טאָן די עבודה, און אזוי כסדר. עס איז אָבער געווען אן אויסנאם, דהיינו, די דריי ימים טובים: פסח, שבועות, סוכות, ווען אלע 24 משמרות כהנים זענען געקומען קיין ירושלים און אלע האָבן מקריב געווען די יום־טוב־קרבנות. דאָס איז איין זאך. איצט וועלן מיר געבן נאָך א זאך. סוכות איז 7 טעג (א חוץ שמיני עצרת, וואָס איז א באזונדערער יום טוב פאר זיך, און איז ניט סוכות), און די תורה זאָגט (אין במדבר כ״ט), אז מען זאָל מקריב זיין דעם ערשטן טאָג סוכות), 13 אָקסן, 2 ווידערס (אילים), 1 באָק (שעיר) און 14 שעפּסלעך. דעם צווייטן טאָג סוכות זאָל מען מקריב זיין נור 12 אָקסן, און 2 ווידערס,**

**שנים שנים, והשאר אחד אחד. בשלישי, ארבעה מקריבין שנים שנים, והשאר אחד אחד. ברביעי, שלשה מקריבין שנים שנים, והשאר אחד אחד. בחמישי, שנים מקריבין שנים שנים, והשאר אחד אחד. בששי, אחד מקריב שנים שנים והשאר אחד אחד. בשביעי, כולן שוין. בשמיני, חזרו לפייס כברגלים. אָמרו, מי שהקריב פרים היום, לא יקריב למחר, אלא חוזרין חלילה:**

---

**1 באָק און 14 שעפּסלעך. דעם דריטן טאָג זאָל מען מקריב זיין נור 11 אָקסן, און 2 ווידערס און 1 באָק און 14 שעפּסלעך. דעם פירטן טאָג 10 אָקסן, 2 ווידערס, 1 באָק און 14 שעפּסלעך. דעם פיפטן טאָג 9 אָקסן, 2 ווידערס, 1 באָק, און 14 שעפּסלעך. דעם זעקסטן טאָג 8 אָקסן, 2 ווידערס, 1 באָק און 14 שעפּסלעך. דעם זיבעטן טאָג 7 אָקסן, 2 ווידערס, 1 באָק און 14 שעפּסלעך. צוליב דעם וואָס אלע 24 משמרות כהנים האָבן געוואָלט מקריב זיין די דאָזיקע קרבנות, האָט מען זיי איינגעטיילט. צוערשט האָט מען געגעבן, די חשוב׳ערע בהמות (די שעפּסן זענען ווינציקער חשוב), די אָקסן און די ווידערס און דעם באָק, יעדן איינעם פון זיי צו איין משמר כהנים. אזוי ווי אין ערשטן טאָג יום טוב זענען דאָך געווען 13 אָקסן, 2 ווידערס און 1 באָק, צוזאמען 16 בהמות, זענען זיי געגעבן געוואָרן צו 16 משמרים. זאָגט די משנה: זענען דאָך דעם ערשטן טאָג סוכות געבליבן נאָך 14 שעפּסן צום פונאנדערטיילן צווישן די 8 פאַרבליבענע משמרים (מחמת משמרים זענען דאָך געווען 24 משמרים). ווי אזוי האָט מען זיי איינגעטיילט? ענפערט די משנה:** ביום הראשון, דעם ערשטן טאָג (סוכות) האָבן זעקס (פון די פאַרבליבענע אכט משמרים) מקריב געווען צו צוויי שעפּסן, און די איבריקע (צוויי משמריב) האָבן מקריב געווען צו איין (שעפּס). **צוזאמען האָבן די 8 משמרים מקריב געווען די 14 שעפּסן.** בשני, דעם צווייטן טאָג (סוכות זענען דאָך געווען נור צוועלף אָקסן, צוויי ווידערס און 1 באָק, האָבן זיי דאָך באקומען נור פופצן משמרות, און עס זענען געבליבן פאַר די פערצן שעפּסן ניין משמרות) האָבן פינף משמרות (פון די ניין) מקריב געווען צו צוויי שעפּסן, און די איבריקע פיר (משמרות) צו איין שעפּס. **צוזאמען איז עס ווידער געווען 14 שעפּסן.** בשלישי, אין דריטן טאָג (איז שוין געווען נור עלף אָקסן, 2 ווידערס און 1 באָק פאַר פירצן משמרות און עס זענען געבליבן צען משמרות) האָבן פיר (פון זיי) מקריב געווען צו צוויי שעפּסן, און די איבריקע (זעקס משמרות) צו איין שעפּס (צוזאמען 14 שעפּסן); דעם פירטן טאָג (איז ווידער געוואָרן ווייניקער מיט 1 אָקס און עס זענען געבליבן עלף משמרות) האָבן דריי (משמרות) מקריב געווען צו צוויי (שעפּסן) און די איבריקע (אכט משמרות) צו איין שעפּס (צוזאמען פירצןשעפּסן); דעם פיפטן טאָג (איז געבליבן צוועלף משמרות) האָבן צוויי מקריב געווען צו צוויי (שעפּסן) און די איבריקע (צען משמרות) האָבן מקריב געווען צו איין שעפּס (צוזאמען פירצן שעפּסן); דעם זעקסטן טאָג (זענען שוין געבליבן דרייצן משמרות) האָט איין (משמר) מקריב געווען צוויי שעפּסן און די איבריקע (צוועלף משמרות) צו איין שעפּס (צוזאמען פירצן שעפּסן); דעם זיבעטן טאָג זענען אלע געווען גלייך. **דעם 7־טן טאָג האָט מען מקריב געווען נור 7 אָקסן, 2 ווידערס און 1 באָק, צוזאמען 10 בהמות פאַר 10 משמרים; זענען דאָך געבליבן 74 משמרים און 14 שעפּסן, האָט יעדער משמר מקריב געווען 1 שעפּס. דאָס מיינט, אז אלע משמרים זענען געווען גלייך, מחמת יעדער פון זיי האָט מקריב געווען נור 1 בהמה (אריינגערעכנט אויך די שעפּסן).** בשמיני, דעם אכטן טאָג (שמיני עצרת) האָט מען צוריקגעקערט צום וואַרפן גורל. **מיר האָבן געלערנט אין מסכתא יומא פרק ב׳ משנות ב׳ און ג׳ אז מען האָט יעדן טאָג געוואָרפן גורל צווישן די כהנים, ווער פון זיי עס זאָל מקריב זיין קרבנות. זאָגט דאָ די משנה, אז שמיני עצרת האָט ניט געהאַט דעם דין פון סוכות, אז מען זאָל געבן יעדן משמר מקריב צו זיין, נאָר די כהנים האָבן**

**ז. בשלשה פרקים בשנה היו כל משמרות שוות, באימורי הרגלים ובחלוק לחם הפנים. בעצרת אומרים לו: הילך מצה, הילך חמץ. משמר שזמנו קבוע, הוא מקריב תמידין, נדרים, ונדבות, ושאר קרבנות ציבור, ומקריב את הכל. יום טוב הסמוך לשבת, בין מלפניה בין מלאחריה, היו כל המשמרות שוות בחלוק לחם הפנים:**

---

צווישן זיך געוואָרפן גורל, און די כהנים וואָס האָבן זוכה־בגורל געווען האָבן מקריב געווען. אָמרו, זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט, אז דער (משמר כהנים) וואָס האָט היינט מקריב געווען אָקסן זאָל ניט מקריב זיין (אָקסן) צומאָרגנס, נאָר מען טוישט זיך כסדר (חוזרין חלילה, מען גייט ווי אין א רעדל). די דאָזיקע ווערטער גייען ארויף צוריק אויף די סוכות־טעג, און אזוי ווי יעדן טאָג איז דאָך אויסגעקומען, אז טייל משמרות האָבן מקריב געווען אָקסן, האָט מען איינגעפירט, אז דער משמר וואָס האָט היינט מקריב געווען אן אָקס (וואָס איז געווען די חשובסטע בהמה), האָט צומאָרגנס שוין באקומען שעפּסן, און אויף זיין אָרט האָט באקומען מקריב צו זיין אן אָקס א משמר וואָס האָט נעכטן מקריב געווען א שעפּס. און אזוי איז עס געגאנגען כסדר, מען האָט זיך געטוישט מיט דעם מקריב זיין פון אָקסן.

ז. בשלשה פרקים, אין דריי צייטן אין יאָר זענען אלע משמרות (פון כהנים) גלייך אין (דער צעטיילונג פון) ימים־טובים־קרבנות און אין דער צעטיילונג פון לחם הפנים. מיר האָבן אין דער פאָריקער משנה געגעבן אז אים פסח, שבועות און סוכות האָבן געטאָן די עבודה אין בית המקדש אלע 24 משמרות כהנים. די משנה זאָגט דאָ, אז אין די דאָזיקע דריי צייטן (פסח, שבועות און סוכות) האָבן אלע משמרות כהנים באקומען צעטיילט דאָס פלייש פון די ימים טובים קרבנות (פון די קרבנות חטאת פון מוסף, פון די שלמים די ברוסט און דעם געלענק, „חזה ושוק“, די פעל פון די קרבנות עולה), און אויך דאָס ברויט פון לחם הפנים. יעדן שבת האָט מען געבראכט אין בית המקדש 12 ברויטן לחם הפנים (דאָס ברויט פון געזיכט), און זיי זענען גע־לעגן ביז דעם אנדערן שבת, ווען מען האָט זיי אראָפּגענומען און זיי צעטיילט צווישן די כהנים. די ברויטן זענען געווען אייגנטליך מצות (ניט חמץ). זאָגט די משנה אז אין דעם שבת וואָס איז אויסגעקומען אין איינעם פון די דריי ימים טובים האָבן אלע 24 משמרות כהנים באקומען גלייך צעטיילט אויך די לחם־הפנים ברויטן (מצות). בעצרת, אים שבועות זאָגט מען (צו יעדן כהן); דאָ האָסטו (א טייל אין) מצה און דאָ האָסטו (א טייל) חמץ. אין שבועות האָט מען געבראכט צוויי ברויטן, (חמץ), שתי הלחם, און מען האָט זיי אויך צעטיילט צווישן די כהנים. אויב שבועות איז געפאלן אים שבת, האָט יעדער כהן באקומען א טייל פון די לחם הפנים, וואָס איז מצה און א טייל פון שתי הלחם (צוויי ברויטן) וואָס איז חמץ. די משנה לערנט, אז מען טאָר ניט געבן איינס פאר דעם אנדערן, נאָר יעדער כהן באקומט פון יעדן קרבן זיין טייל. משמר, דער משמר (כהנים), וואָס זיין צייט איז פעסט (אין דער וואָך פון יום טוב), איז מקריב די (קרבנות) תמיד, די (קרבנות) נדרים און נדבות (וואָס מענטשן זענען מנדר און מנדר צו ברענגען), און אלע איבריקע קרבנות פון ציבור, און ער איז מקריב אלץ. די משנה לערנט דאָ, אז דער משמר כהנים וואָס אין זיין וואָך פאלט אויס יום טוב האָט די פּריווילעגיע, וואָס ער איז מקריב אלע קרבנות, וועלכע קומען ניט צוליב יום טוב, נאָר מען וואָלט זיי אפילו ווען עס איז ניט יום טוב אויך מקריב געווען. די אלע אנדערע משמרות זענען גלייך מיט דעם דאָזיקן משמר נור בנוגע די קרבנות וואָס קומען צוליב יום טוב, ווי קרבן מוסף וכדומה. יום טוב, אויב יום טוב פאלט אויס נאָענט צו שבת, סיי פאר אים (פאר שבת, אים פרייטאָג), סיי נאָך אים (נאָך שבת, אים זונטאָג), זענען אלע משמרות (כהנים געווען גלייך (בנוגע) דער צעטיי־לונג פון לחם הפנים. דעם לחם הפנים האָט מען צעטיילט אים שבת. זאָגט די משנה, אז כאָטש דער דאָזיקער שבת פאלט דאָך ניט אויס אים יום טוב, פונדעסטוועגן

**ח. חל להיות יום אחד להפסיק בינתיים, משמר שזמנו קבוע היה נוטל עשר חלות, והמתעכב — נוטל שתים. ובשאר ימות השנה — הנכנס נוטל שש (והיוצא נוטל שש). ר׳ יהודה אומר, הנכנס נוטל שבע, והיוצא נוטל חמש. הנכנסין חולקין בצפון, היוצאין בדרום. בילגה לעולם חולקת**

**ווייל ער פאלט אויס פרייטאָג אָדער זונטאָג, מוזן דאָך אלע משמרות זיין דאמאָלס אין ירושלים (אָדער זיי מוזן קומען פריער פרייטאָג, אויב יום טוב פאלט אויס אים זונטאָג, אָדער זיי מוזן זיך פארזוימען אין ירושלים נאָך א טאָג, אויב יום טוב פאלט אויס אים פרייטאָג), דאריבער קריגן אלע גלייך דעם לחם הפנים.**

ח. חל, אויב עס איז אויסגעפאלן אז איין טאָג האָט איבערגעהאקט צווישן זיי (צווישן יום טוב און שבת, למשל, יום טוב איז אויסגעפאלן דאָנערשטאָג אָדער מאָנ־טאָג), האָט דער משמר וואָס זיין צייט איז פעסט (אין דער דאָזיקער וואָך) גענומען צען חלות (פון די צוועלף לחם־הפנים־חלות) און דער וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט (די אנדערע משמרות וואָס זענען געווען שבת אין ירושלים) האָבן באקומען 2 חלות. **דאָס הייסט, די משמרות פון די 24 משמרות, וועלכע זענען געקומען קיין ירושלים אויף שבת (אויב יום טוב איז אויסגעפאלן מאָנטאָג) אָדער זענען פארבליבן שבת אין ירושלים (אויב יום טוב איז געווען דאָנערשטאָג) באקומען עפּיס, 2 חלות פון די 12 לחם־הפנים־חלות, און די 10 חלות געהערן צו דעם משמר, וואָס זיין וואָך פאלט אויס אין דאָזיקן שבת. אייגענטליך מיינט מען אז עס טיילט זיך מיט די 10 חלות ניט איין משמר, נאָר צוויי משמרות, מחמת יעדן שבת האָבן זיך געטיילט מיט די לחם הפנים חלות דער אלטער משמר, וועלכער איז שבת בייטאָג אוועקגעגאנגען און דער נייער משמר, וועלכער איז שבת בייטאָג אָנגעקומען, ווי די משנה וועט באלד לערנען.** ובשאר, און אין די איבריקע (שבתים־) טעג אין יאָר נעמט דער (נייער משמר), וועלכער קומט אָן (נכנס, גייט אריין צו דער עבודה), זעקס (חלות) און דער (אלטער משמר) וועלכער גייט אוועק נעמט זעקס (חלות). **יעדן שבת בייטאָג האָבן זיך געטוישט די משמרות; דער אלטער משמר און אוועקגעגאנגען און דער נייער משמר איז אָנגעקומען.** ר׳ יהודה זאָגט אז דער נייער משמר), וועלכער קומט אָן, נעמט זיבן חלות, און דער (אלטער משמר) וועלכער גייט אוועק, נעמט פינף חלות. **דער נייער משמר נעמט צוויי חלות מער אלס באלוינונג פאר דער עבודה פון פארשליסן ביי־נאכט די טויערן פון דעם בית המקדש הויף.** הנכנסין, די (נייע משמר־כהנים), וועלכע קומען אָן צעטיילן זיך (מיט דעם לחם־הפנים) אין צפון (־זייט פון בית המקדש־הויף), און די (אלטע משמר־כהנים) וועלכע גייען־אוועק צעטיילן זיך (מיט זייער טייל לחם הפנים) און דרום (־זייט פון בית המקדש־הויף). **די צפון זייט איז געווען חשובער, ווייל נור דאָרט האָט מען געמעגט שעכטן די גאָר הייליקע קרבנות, די קדשי קדשים, און דאריבער האָט מען די זייט געגעבן דעם נייעם משמר, וועלכער קומט אָן צו טאָן די עבודה.** בלגה, (דער משמר, וואָס הייסט) בילגה, האָט שטענדיק זיך צעטיילט (מיטן לחם הפנים) אין דרום, און איר רינג (טבעת) איז געווען צוגעפעסטיקט (מען זאָל אים ניט קאָנען נוצן), און איר פענסטער איז געווען פארשלאָסן. **יעדער משמר כהנים האָט געהאַט אין בית־המקדש־הויף זיין רינג, וועלכער מען האָט געקאָנט דרייען, און אין דעם רינג האָט מען אריינגעשטעקט דעם קאָפּ פון דער בהמה־קרבן און אזוי ארום פארלייכטערט דאָס שעכטן. אויך האָט יעדער משמר כהנים געהאַט זיין פענסטער, וואוהין מען האָט אוועקגעלייגט די חלפים צום שעכטן. די משנה זאָגט אז דעם בילגה־משמר האָט מען באשטראָפט אין דריי זאכן: ערשטנס, האָט ער געמוזט צעטיילן זיך שטענדיג (אפילו ער איז אריינגעקומען) מיט דעם לחם הפנים נור אין דרום־זייט. צווייטנס, האָט מען זיין רינג צוגעפעסטיקט אז מען זאָל זיך מיט אים ניט קאָנען באַ־נוצן, און די בלגה־כהנים האָבן געמוזט זיך באנוצן מיט א רינג פון אן אנדערן משמר. דריטנס, מען האָט פארמאכט זיין פענסטער און די בילגה־כהנים האָבן געמוזט אוועק־לייגן זייערע חלפים אין פענסטער פון אן אנדערן משמר. די גמרא זאָגט, אז די סיבה**

**בדרום, וטבעתה קבועה, וחלונה סתומה:**

(סליק מסכת סוכה)

# מ ס כ ת  ב י צ ה

## פרק א.

**א. ביצה שנולדה ביום טוב, בית שמאי אומרים תאכל, ובית הלל**

---

פון דער שטראָף איז געווען די מעשה, וואָס אין דער צייט ווען די יונים (די סיריש־העלעניש ריכן אונטער דעם מלך אנטיוכוס הרשע) האָבן אונטערדריקט די יידן אין ארץ ישראל, האָט א טאָכטער פון די בילגה־כהנים, מרים די טאָכטער פון בילגה, זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט א גריכישן מיליטער־מאַן (סרדיוט). ווען די גריכן זענען אריין אין בית המקדש, איז די מרים ארויף אויפן מזבח און מיט איר סאנדאל געטופעט אויפן מזבח און אויסגערופן צום מזבח: „דו וואָלף, (לוקוס, וואָלף), ווי לאנג וועסטו אויפעסן געלט פון יידן, און דו העלפסט זיי ניט אין זייער אומגליק!" דערנאָך, ווען די יידן האָבן (אונטער דער פירונג פון די חשמונאים) באזיגט די גריכן, האָט מען באשטראָפט דעם בילגה־משמר, ווייל מען האָט געזאָגט, אז מסכמא האָט די מרים געהערט אין איהר עלטערנס שטוב אזוי רעדן.

(סליק מסכת סוכה, — געענדיקט מסכתא סוכה)

# מ ס כ ת  ב י צ ה

## הקדמה

די מסכתא ווערט אָנגערופן „ביצה", ווייל די ערשטע משנה הויבט זיך אָן מיטן וואָרט „ביצה", „אן איי". ביי טייל אלטע מפרשים הייסט די מסכתא „יום טוב", ווייל אין אירע פינף פרקים ווערן געלערנט די דינים וועגן דעם, וואָס מען מעג טאָן און וואָס מען טאָר ניט טאָן אים יום טוב בכלל. עס ווערן אין איר אויך געלערנט די דינים פון „עירוב תבשילין" (זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין). כדי צו פאַרשטיין טייל דינים בעסער איז נויטיק צו זאָגן אין דער הקדמה עטליכע ווערטער. אים יום טוב מעג מען קאָכן, באקן און טאָן די מלאכות וואָס זענען נויטיק צום עסן. מען מעג אויך אים יום טוב ברענען פייער. אויך מעג מען אים יום טוב ארויסטראָגן פון שטוב אין גאס און פון גאס אין שטוב: מען טאָר אָבער אים יום טוב ניט טאָן אלע אנדערע מלאכות, און מען טאָר אויך ניט גיין אים יום טוב חוץ לתחום (אויסער די 2000 איילן) פון דער שטאָט, וואו מען געפינט זיך. אים יום טוב זענען אויך אסור אזעלכע זאכן, וואָס זענען „מוקצה" („אָפגעשיידט"), א זאך וואָס מען האָט ניט גערעכנט דערפון צו נוצן. אויב מען האָט, למשל, ערב יום טוב פארגאכט גערעכנט וועגן א זאך, אז מען וועט זי ניט עסן אים יום טוב, טאָר מען זי אים יום טוב ניט עסן. דאָסזעלבע טאָר מען ניט עסן אים יום טוב „נולד" (געשאפן געוואָרן). מיט נולד מיינט מען, למשל, ווען פרוכטן זענען אראָפּגעריסן געוואָרן פון בוים אים יום טוב, און ווייל אים יום טוב טאָר מען ניט אראָפּרייסן פרוכטן פון בוים, הייסט עס אז זיי זענען דורך אן איסור אים יום טוב געשאפן געוואָרן. א זאך, וואָס איז מוקצה, טאָר מען אויך ניט איבערטראָגן (מטלטל זיין) פון איין אָרט אויפן אנדערן אים יום טוב. מען טאָר אויך ניט אָנגרייטן (מכין זיין, הכנה) זאכן פון יום טוב אויף שבת, (אויב יום טוב פאלט אויס אים פרייטאָג), און פון שבת אויף יום טוב (אויב יום טוב פאלט אויס אים זונטאָג). — צום סוף זאָל איך באמערקט ווערן, אז עס איז אָנגענומען ביי טייל צוזאָגן דאָס וואָרט „ביצה" ניט מיט א „צ", נאָר ווי אין אראמעאיש „ביעא", מיט אן „ע".

## פרק א.

א. ביצה, אן איי, וואָס איז געבוירן געוואָרן אים יום טוב, זאָגן די בית שמאי, אז עס מעג ווערן געגעסן (מען מעג עס עסן אים יום טוב) און די בית הלל זאָגן, אז

אומרים לא תאכל. בית שמאי אומרים, שאור בכזית וחמץ בככותבת, ובית הלל אומרים, זה וזה בכזית:

ב. השוחט חיה ועוף ביום טוב, בית שמאי אומרים, יחפור בדקר ויכסה, ובית הלל אומרים, לא ישחוט אלא אם כן היה לו עפר מוכן מבעוד יום. ומודים שאם שחט, שיחפור בדקר ויכסה, שאפר כירה מוכן הוא:

---

עס טאָר ניט ווערן געגעסן (אים יום טוב). די גמרא זאָגט, אז אן איי, וואָס ווערט געבוירן היינט, איז געוואָרן פאַרטיק אין דער הון נעכטן, מיט א טאָג פריער; דעריבער אויב יום טוב פאַלט אויס זונטאָג קומט אויס, אז דאָס איי, וואָס איז געבוירן געוואָרן אים יום טוב זונטאָג איז פאַרטיק געוואָרן (געוואָרן צוגעגרייט צום עסן, מוכן געוואָרן) נעכטן, אים שבת, און ווי מיר האָבן שוין געזאָגט (אין דער הקדמה) טאָר מען ניט עסן אים יום טוב א זאך, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אים שבת. און ווייל מען טאָר ניט עסן אים יום טוב אן איי וואָס איז געבוירן געוואָרן אים יום טוב זונטאָג, האָט מען אויך גע'אסר'ט צו עסן אויך אן איי, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין יעדן יום טוב, וואָס פאַלט אויס אין אן אנדערן טאָג. די דאָזיקע מחלוקה געהערט צו די זעלטענע מחלוקות, אין וועלכע די בית שמאי זענען מיקל (מאכן גרינגער, זאָגן, אז מען מעג) און די בית הלל זענען מחמיר (מאכן שווערער, זאָגן אַז מען טאָר ניט), מחמת מייסטנס זענען די בית שמאי מחמיר און די בית הלל זענען מיקל. די דאָזיקע זעלטענע מחלוקות ווערן געבראַכט אין מסכתא עדיות פרק ד׳, און די משנה דאָ ברענגט שוין אגב צו נאָך עטליכע מחלוקות. בית שמאי זאָגן, אז זויער טייג (שאור) דאַרף זיין גרויס ווי א כזית (ווי אן איילבירט) און חמץ ווי א טייטל (כותבת), און די בית הלל זאָגן, אז סיי דער (שאור, זויערטייג) און סיי דער (חמץ) איז ווי א כזית. דער דין איז אז אים פסח טאָר מען ניט עסן חמץ, און ערב פסח דאַרף מען יעדע חמץ'דיקע זאך אויסרוימען פון שטוב, מבער זיין. זאָגן די בית שמאי, אַז ווייל זויערטייג איז זייער אַ שאַרפער חמץ דעריבער דאַרף מען אים ארויסרוימען פון שטוב אפילו ווען ער איז נור גרויס ווי אן איילבירט, א כזית, אָבער געוויינטליכער חמץ, וואָס איז ניט אזוי שאַרף, דאַרף מען ארויסרוימען נור ווען עס איז גרויס ווי אַ טייטל (אַ טייטל איז גרעסער פון אן איילבירט). אָבער די בית הלל זאָגן, אַז אויך המץ דאַרף מען ארויסרוימען אפילו ווען ער איז גרויס ווי א כזית, ווייל מען לערנט אָפּ דאָס „אויסרוימען" פון „עסן", און אזוי ווי מען איז עובר אויף דעם פאַרבאָט פון חמץ עסן שוין ביי א כזית, מוז מען אויסרוימען אויך אפילו נור אכזית.

ב. השוחט, אז איינער שעכט א חיה אָדער א עוף אים יום טוב, זאָגן די בית שמאי אז ער מעג אויפגראָבן מיט א גראָב־אייזן (דקר) און מיט דער ערד צודעקן (דאָס בלוט), און די בית הלל זאָגן, אז ער זאָל ניט שעכטן (אים יום טוב) סיידן ער האָט אָנגעגרייט פון (ערב יום טוב) ביי טאָג ערד (צוצודעקן דאָס בלוט). די תורה זאָגט (ויקרא י"ז), אַז מען שעכט א כשרע חיה (אַ הירש) אָדער אַ עוף (א הון) צום עסן דאַרף מען דאָס בלוט צודעקן; דאָס איז די מצוה פון „כיסוי הדם". זאָגן די בית שמאי, אז ווען איינער פרעגט אים יום טוב א שאלה צי ער מעג שעכטן א חיה אָדער א עוף און דערנאָך אויסגראָבן אים יום טוב אביסל ערד אויף צוצודעקן דאָס בלוט. זאָגט מען אים אז ער מעג. און די בית הלל זאָגן, אז מען זאָל אים ניט הייסן שעכטן, סיידן ער האָט פון ערב יום טוב צוגעגרייט ערד. די גמרא זאָגט, אז אויך די בית שמאי האָבן מתיר געווען נור ווען דער גראָב־אייזן („דקר", „שטעכר", ווי „וידקור את שניהם", אין במדבר כ"ח) איז אריינגעשטעקט אין א ווייכער ערד, וואָס מען דאַרף ניט דערנאָך צערייבן, כדי דערמיט צוצודעקן. ומודים, און זיי (סיי די בית שמאי און סיי די בית הלל) זענען מודה, אז אויב ער האָט יאָ געשאָכטן (אים יום טוב) זאָל ער אויפגראָבן (אביסל ערד) מיטן גראָב־אזן און צודעקן (דאָס בלוט). אויך דאָ מיינט מען, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, אז דער גראָב־אייזן שטעקט שוין אין דער

**ג. בית שמאי אומרים, אין מוליכין את הסולם משובך לשובך, אבל מטהו מחלון לחלון, ובית הלל מתירין. בית שמאי אומרים לא יטול אלא אם כן נענע מבעוד יום, ובית הלל אומרים, עומד ואומר, זה וזה אני נוטל:**

---

**ערד און אַז די ערד איז ווייכע און מען דאַרף זי ניט צערייבן.** שאפר, אַז אש פון דער קיך הייסט צוגעגרייט (מוכן). די גמרא זאָגט, אַז דער „שאפר" איז ניט דער טייטש **„ווייל אש", נור „און אש", און אז דאָס איז א באַזונדערער דין, וואָס די משנה לערנט, אַז אויב מען האָט אין קיך געברענט ערב יום טוב און עס איז געבליבן אַש ווערט אַנגענומען, אַז דער מענטש האָט ערב יום טוב געהאַט בדעה צו נוצן דאָס אש אים יום טוב, עס איז „מוכן", „אָנגעגרייט" צום נוצן אים יום טוב. און דעריבער מעג מען דאָס אש באַנוצן צום צודעקן דאָס בלוט פון א חיה צי א עוף וואָס מען האָט געשאָכטן אים יום טוב.**

ג. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אַז מען טאָר ניט (אים יום טוב) איבערטראָגן דעם לייטער פון איין טויבנשלאַג (שובך) צו אַן אַנדערן טויבנשלאַג, אָבער מען מעג אים איבערדרוקן פון איין פענסטערל צום צווייטן; און די בית הלל זענען מתיר (זאָגן אַז מען מעג). די גמרא זאָגט, אַז ביי א סתם בוידעם־לייטער **זענען אויך די בית הלל מודה, אַז מען טאָר ניט, און אַז אין גאַס זענען די בית הלל מודה, אַז מען טאָר ניט איבערטראָגן אפילו א טויבנשלאַג־לייטער, ווייל מענטשן וועלן זאָגן, אַז ער גייט פאַרריכטן זיין דאַך. די בית הלל זאָגן נור, אַז מען מעג אין הויף (אין רשות היחיד, וואו מענטשן זען ניט) איבערטראָגן א טויבנשלאַג לייטער, כדי צו נעמען טויבן צום עסן אים יום טוב. די בית שמאי זאָגן אַז מען טאָר ניט, און אַז מען מעג נור איבערבייגן דעם לייטער פון איין פענסטער אין טויבנשלאַג צום אַנדערן פענסטער אין זעלבן טויבנשלאַג. אין א טובנשלאַג זענען פאַראַן אָפּגעטיילטע קעמערלעך פאַר יעדער טויבן־פּאָר, און פון יעדן קעמערל גייט אַרויס א פענסטער אין דרויסן, דורך וועלכן די טויבן זאָלן קאָנען אַרויספליען.** בית שמאי, די בית שמאי זאָגן אַז מען טאָר ניט נעמען (אים יום טוב פון א טויבנשלאַג טויבן צום שעכטן און עסן) סיידן מען האָט אויפגעשאָקלט די טויבן (ערב יום טוב) בייטאָג. **מיר האָבן געזאָגט אין דער הקדמה, אַז אַזא זאַך, וואָס מען נעמט אָן אַז אים ערב יום טוב האָט מען ניט גערעכנט עס צו עסן, טאָר מען עס אים יום טוב ניט עסן. למשל פון א טויבן־שלאַג נעמט מען ניט קיין יונגע טויבן צום שעכטן צום עסן, נאָר מ'לאָזט זיי אין טויבענשלאַג צו האָדעווען. דעריבער טאָר מען אים יום טוב ניט נעמען טויבן פון א טויבנשלאַג צו שעכטן און צו עסן, ווייל מען נעמט אָן, אַז דער מענטש האָט ערב יום טוב ניט געהאַט בדעה זיי צו שעכטן. אָבער אויב דער מענטש איז ערב יום טוב צוגעגאַנגען צום טויבנשלאַג און האָט אָנגענומען די פּאָר־טויבן און זיי אויפגעשאָקלט, מיט דער כוונה זיי צו נעמען צו מאָרגנס צום עסן, דאָס הייסט ער האָט געטאָן א מעשה, זאָגן די בית שמאי, אַז דערמיט האָט ער זיי מכין געווען ערב יום טוב, און ער מעג זיי אים יום טוב שעכטן און עסן,**ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אַז (עס איז גענוג ווען ער שטייט (ערב יום טוב ביים טויבנשלאַג און ער) זאָגט: „אָט די און די (טויבן) נעם איך". **לויט די בית הלל דאַרף ער ניט טאָן א מעשה, דאַרף ער ניט אויפשאָקלן, און עס איז גענוג ווען ער זאָגט. די בית שמאי האַלטן, אַז זאָגן אַליין איז ניט גענוג, ווייל עס איז מעגליך, אַז צומאָרגנס וועט ער רחמנות האָבן אויף זיי און ניט וועלן נעמען, און נור ווען ער שאָקלט זיי אויף, האָט ער באַוויזן מיט דעם טאָן, מיט דעם אויפשאָקלן, אַז ער וועט שוין ניט רחמנות האָבן אויף זיי. די גמרא זאָגט, אַז די מחלוקה איז נור ביים נעמען די ערשטע פּאָר קינדער־טויבן (בריכה ראשונה), מחמת מען נעמט אָן, אַז די דאָזיקע וויל דער מענטש געוויינטליך ניט נעמען צו שעכטן, כדי די טויבן־עלטערן זאָלן ניט אַנטלויפן פון טויבנשלאַג, אָבער ביי די שפּעטערע**

**ד. זמן שחורים ומצא לבנים, לבנים ומצא שחורים, שנים ומצא שלשה, אסורים. שלשה ומצא שנים, מותרים. בתוך הקן ומצא לפני הקן, אסורים. ואם אין שם אלא הם, הרי אלו מותרין:**

**ה. בית שמאי אומרים, אין מסלקין את התריסין ביום טוב, ובית הלל מתירין אף להחזיר. בית שמאי אומרים, אין נוטלין את העלי**

---

קינדער־פארן האַלטן אויך די בית שמאי, אז עס איז גענוג ווען מען זאָגט ערב יום טוב, אז די און די טויבן וועט מען נעמען צומאָרגנס.

ד. זמן, אויב איינער האָט אָנגעגרייט (ערב יום טוב, אין טויבנשלאַג) שווארצע טויבן (צו שעכטן זיי אים יום טוב) און ער האָט געפונען (אין טויבנשלאַג צומאָרגנס יום טוב) ווייסע (טויבן אנשטאט די שווארצע), (אָדער ער האָט אָנגעגרייט ווייסע און ער האָט געפונען שווארצע, (אָדער ער האָט אָנגעגרייט אין טויבנשלאַג) צוויי (טויבן) און ער האָט געפונען (אין טויבנשלאַג) דריי (טויבן), זענען זיי אסור. טאָר מען זיי ניט נוצן אין יום טוב, ווייל, ווי מיר האָבן פריער געלערנט, מוז מען טויבנשלאַג־טויבן אָנגרייטן ערב יום טוב, און דאָ ביי די שווארצע און ווייסע האָט מען דאָך צומאָרגנס געפונען אנדערע טויבן. ביים אָנגרייטן צוויי טויבן און געפונען דריי איז דאָך אויך זיכער אז איינער איז א ניט־אָנגעגרייטע טויב. די גמרא זאָגט, אז אפילו ער האָט אָנגעגרייט שווארצע און ווייסע טויבן אין צוויי באזונדערע ערטער אין טויבנשלאַג, און ער האָט געפונען די שווארצע אויפן אָרט פון די ווייסע, און די ווייסע אויפן אָרט פון די שווארצע איז אויך אסור, און מען זאָגט ניט, אז דאָס זענען דיזעלבע טויבן, נאָר זיי האָבן זיך געטוישט מיט די ערטער. שלשה, (אויב ער האָט אָנגעגרייט) דריי טויבן און ער האָט געפונען צוויי זענען זיי מותר. מעג מען זיי נוצן אים יום טוב, און מען זאָגט ניט, אז אזוי ווי עס איז אוועק איין טויב פון די דריי זענען אויך אוועק אלע דריי, און די דאָזיקע צוויי טויבן זענען אנדערע. בתוך, (אויב ער האָט אָנגעגרייט אין דער נעסט (יינגע טייבלעך, וועלכע קאָנען נאָכניט פליען, נאָר זיי קאָנען שפרינגען) און ער האָט זיי געפונען (אלע טויבן) פאר דער נעסט (אין דרויסן פון דער נעסט) זענען זיי אסור. מחמת מ׳נעמט אָן, אז דאָס זענען אנדערע טייבלעך און יענע זענען אוועק. ואם, און אויב (אין דער אומגעגנט) זענען (נעכטן ערב יום טוב) ניט געווען קיין אנדערע טויבן נור זיי, זענען זיי מותר. אזוי טייטשט רשי די משנה, און אויך פון דער גמרא איז צו זען, אַז אזוי איז דער טייטש. עס זענען דאריבער שווער די ווערטער פון ברטנורא, וועלכער טייטשט „און אויב עס זענען אין זעלביקן טויבנשלאַג ניט געווען קיין אנדערע טויבן”. די גמרא זאָגט, אז אין דער אומגעגנט מיינט מען געוויינטליך ביז 50 איילן, אָבער אפילו אויב אן אנדערער טויבנשלאַג איז געווען אין די 50 איילן, נאָר ער איז ניט געווען אין דער גלייכער שורה, נאָר אין דער זייט, פארשטעלט דורך א ווינקל, איז אויך מותר ווייל די שפרינגנדיקע טייבעלעך שפרינגען ניט ארום א ווינקל.

ה. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָרניט אראָפנעמען די טירן פון שטייענדיקע קאסטנס אים יום טוב, און די בית הלל זענען מתיר אפילו צוריקצושטעלן. די משנה מיינט דאָ טירן (תריסין) פון שטייענדיקע קאַסטנס, און וועלכע די בשמים־הענדלער האַלטן זייערע בשמים צו פארקויפן. די גמרא זאָגט, אז אויב די טירן הענגען אויף אנגלן (זאוויאסעס) האלטן אויך די בית הלל אז מען טאָרניט, און אויב זיי הענגען ניט אויף עפעס נאָר זיי ליגן סתם צוגעלעגט, האַלטן אויך די בית שמאי אז מען מעג; נאָר דאָ מיינט מען אז זיי זענען אריינגעשטעקט אויף א שטיק האָלץ אין דערמיט. די בית שמאי אסרן, ווייל זיי זענען גוזר צוליב די טירן אויף זאוויאסעס, און די בית הלל זענען מתיר, ווען מען דארף נעמען בשמים (געווירצן) צום געקעכץ אים יום טוב צוליב מקיים זיין די מצוה פון שמחה אים יום טוב. „תריסין” איז פון גריכישן וואָרט „טוריס”, א טיר. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן,

לקצב עליו בשר, ובית הלל מתירין. בית שמאי אומרים, אין נותנין את העור לפני הדורסן, ולא יגביהנו אלא אם כן יש עמו כזית בשר, ובית הלל מתירין. בית שמאי אומרים, אין מוציאין לא את הקטן, ולא את הלולב, ולא את ספר תורה, לרשות הרבים, ובית הלל מתירין:

ו. בית שמאי אומרים, אין מוליכין חלה ומתנות לכהן ביום טוב, בין שהורמו מאמש, בין שהורמו מהיום, ובית הלל מתירין. אמרו להם בית שמאי, גזרה שוה, חלה ומתנות מתנה לכהן, ותרומה מתנה לכהן,

---

אז מען טאָר ניט (אים יום טוב) נעמען א (גרויסן הילצערנעם שטייסל (עלי) צום האַקן דערויף פלייש, און די בית הלל זענען מתיר. כאָטש עס איז דאָך ניט קיין כלי, נאָר א קיילעכיק שטיק האָלץ, און ניט קיין כלי איז דאָך מוקצה אים יום טוב און מען טאָר ניט עס נעמען, פונדעסטוועגן זענען די בית הלל מתיר, צוליב שמחה פון יום טוב, צו נעמען עס צום האַקן דאָס פלייש צום קאָכן. „עלי" איז א שטייסל, מיט וועלכן מען שטויסט אין א מערזשער, און דאָס וואָרט איז פאַראַן אין משלי כ"ז („בתוך הריפות בעלי"). בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָרניט אוועגלייגן (אים יום טוב) די פעל אויף דעם אָרט וואו מענטשן גייען (הדורסן, דאָס טרעט־אָרט, וואו מענטשן טרעטן, גייען), און מען טאָר ניט איר (די פעל) אויפהייבן (אים יום טוב) סיידן זי האָט אויף זיך פלייש גרויס ווי אן איילבירט (כזית). אויב מען האָט געשאָכטן א בהמה און מ'האָט אראָפּגעצויגן פון איר די פעל, טאָר מען ניט אוועקלייגן די פעל אין אן אָרט וואו מענטשן גייען כדי זיי זאָלן טרעטן אויף איר און זי זאָל ניט קאַליע ווערן ווען זי וועט ליגן אזוי אומגעדירט; און מען טאָר בכלל די פעל ניט נעמען אים יום טוב, ווייל זי איז מוקצה. אויב אָבער זי האָט אויף זיך פלייש אזוי גרויס ווי אן איילבירט, א כזית, מעג מען נעמען איר צוליב דעם שטיקל פלייש. ובית הלל, און די בית הלל זענען מתיר. ווייל אויב מען וועט ניט מתיר מאכן, וועט מען ניט שעכטן קיין בהמות אים יום טוב, כדי די פעל זאָל ניט קאַליע ווערן, און דאָס וועט שטערן דער שמחה פון דער יום טוב סעודה. — אין טייל משניות (אויך אין דער משנה פון דער גמרא אין בבלי און ירושלמי) איז דער סדר פון דער משנה אנדערש, דהיינו: צוערשט „עלי" און דערנאָך „עור" און דערנאָך „תריסין"; אזוי האָט אויך דער ברטנורא. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָר (אים יום טוב) ניט ארויס־טראָגן א קליין קינד און ניט דעם לולב און ניט א ספר תורה (פון שטוב) אין רשות הרבים (אין גאס), און די בית הלל זענען מתיר. די בית שמאי האַלטן, אז אויך די מלאכה „הוצאה" (איבער טראָגן פון שטוב אין גאס אָדער פון גאס אין שטוב) איז פאַרבאָטן אים יום טוב, און עס איז מותר נאָר ווען מען דאַרף טראָגן עסנוואַרג; און די בית הלל זאָגן, אז ווייל עס איז מותר איבערצוטראָגן עסנוואַרג מעג מען אויך איבערטראָגן אנדערע זאכן אויב עס איז פאַראַן א נוצן ביים איבערטראָגן (ווי למשל א שליסל פון דער טיר). אויך די בית הלל האַלטן, אז למשל איבערטראָגן שטיינער טאָר מען ניט.

ו. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָר ניט אוועקפירן חלה און מתנות צום כהן, סיי וואָס זענען אָפּגעשיידט געוואָרן נעכטן (ערב יום טוב) סיי וואָס זע־נען אָפּגעשיידט געוואָרן היינט (אים יום טוב). חלה הייסט דאָס שטיקעל טייג וואָס מען נעכט אראָפּ ביים קנעטן טייג, און מען גיט די חלה צו כהן (זע די הקדמה צו מסכתא חלה). „מתנות" מיינט מען דעם ארם און די קין־באקן און דעם מאָגן (הזרוע והלחיים והקיבה), וואָס מען דאַרף געבן צו א כהן, ווען מען שעכט א בהמה. זאָגט די משנה, אז אים יום טוב טאָר מען ניט אוועקפירן (אפילו אין זעלבן הויף) די חלה און די מתנות צו א כהן, כאָטש אָפּשיידן זיי אים יום טוב מעג מען. ובית הלל, און די בית הלל זענען מתיר. מען מעג זיי געבן צום כהן אים יום טוב. אָמרו, האָבן די בית שמאי צו זיי (צו די בית הלל) געזאָגט: ס'איז דאָך א גזירה שוה (מען קאָן דאָך עס

**כשם שאין מוליכין את התרומה, כך אין מוליכין את המתנות. אָמרו להם בית הלל, לא, אם אֲמרתם בתרומה, שאינו זכאי בהרמתה, תאמרו במתנות שזכאי בהרמתן:**

**ז. בית שמאי אומרים, תבלין נדוכין במדוך של עץ, והמלח בפך ובעץ הפרור, ובית הלל אומרים, תבלין נדוכין כדרכן במדוך של אבן, והמלח במדוך של עץ:**

**ח. הבורר קטנית ביום טוב, בית שמאי אומרים, בורר אוכל ואוכל,**

---

אָפּלערנען פון א פאַרגלייך; חלה און מתנות איז א מתנה (דאַרף מען געבן) צום כהן, און תרומה איז א מתנה צום כהן (דאַרף מען געבן צום כהן), אזוי ווי מען טאָר (אים יום טוב) ניט אוועקפירן תרומה צום כהן, אזוי טאָר מען ניט אוועקפירן די מתנות (חלה און די מתנות). **תרומה שיידט מען אָפּ פון געוויקסן (תבואה, פּרוכטן, גרינס, זע די הקדמה צו מסכתא תרומות) און מען גיט זי צום כהן. דער דין איז, אז יום טוב טאָר מען ניט אָפּשיידן תרומה.** אָמרו להם בית הלל, האָבן די בית הלל געזאָגט צו די בית שמאי: ניין, אויב איר האָט געזאָגט ביי תרומה (אז מען טאָר זי ניט אוועקפירן אים יום טוב צום כהן), ווייל מען האָט קיין רעכט (מען טאָרניט) זי אָפּצושיידן (אים יום טוב); צו קאָנט איר זשע זאָגן (דאָס זעלביקע) ביי מתנות (און חלה), וואָס מען האָט רעכט (מען מעג) זי אָפּצושיידן!? **דאריבער מעג מען מתנות און חלה יאָ געבן צו א כהן אים יום טוב. די גמרא זאָגט, אז דער נוסח פון דער משנה דאַרף זיין אנדערש, און אז וועגן חלה און מתנות האַלטן אלע אז מען מעג זיי געבן צו א כהן אים יום טוב, און אז די מחלוקה איז וועגן תרומה, וואָס מען האָט אָפּגעשיידט ערב יום טוב, צי מען מעג זי געבן צו א כהן אים יום טוב. די בית הלל זאָגן, אז מען מעג, און זיי האָבן געבראַכט די ראיה פון חלה און מתנות, אז פּונקט ווי מען מעג חלה און מתנות געבן צו א כהן אים יום טוב, אזוי מעג מען אויך תרומה. און די בית שמאי האָבן דערויף אָפּגעענטפערט, אז חלה און מתנות מעג מען, ווייל מען מעג זיי דאָך אָפּשיידן אים יום טוב, און זיי קאָנען דאָך מחויב ווערן אים יום טוב (ווען מען האָט געקנעטן דאָס טייג און געשאָכטן די בהמה); אָבער תרומה, וואָס איז דאָך אָפּגעשיידט געוואָרן ערב יום טוב און קאָן קיינמאָל ניט מחויב ווערן אים יום טוב (ווייל אים יום טוב טאָר מען דאָך ניט צוגליעטן דעם בארג ווייץ צי אנדערע פּרוכטן, און דאַמאָלס ווערט מען מחויב אָפּצושיידן תרומה), טאָר מען אים יום טוב ניט געבן דעם כהן.**

ז. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז געווירצן (תבלין, ווי פעפער, צימרינג, וואָס מען טוט אריין אין געקעכץ צו געבן עס א טעם) מעג מען צעשטויסן (אים יום טוב, נור) מיט א הילצערנעם שטייסל (מדוך), און זאַלץ מעג מען (צעשטויסן נור) אין א (ערדענעם) קריגל, אָדער מיט דעם קאָכלעפל (עץ הפרור). **אָבער מען טאָר ניט געווירצן צעשטויסן מיט א שטיינערנעם שטייסל; און מען טאָר אויך ניט צעשטויסן זאַלץ מיט שטייסל (אפילו מיט א הילצערנעם), ווייל אזוי טוט מען אין דער וואָכנס, און די בית שמאי האַלטן, אז צוליב יום טוב דאַרף מען מאַכן א ענדערונג.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז געווירצן מעג מען צעשטויסן ווי זייער שטייגער איז (אין דער וואָכנס) מיט א שטיינערנעם שטויסל, און זאַלץ (מעג מען צעשטויסן אויך) אין א הילצערנעם שטויסל־שיסל. **די מפרשים זאָגן, אז ביים צעשטויסן זאַלץ דאַרף מען מאַכן א געוויסע ענדערונג, דהיינו, מען זאָל אויסבייגן די שטויס־שיסל אויף דער זייט, ווייל זאַלץ קאָן מען צעשטויסן ערב יום טוב, און עס פאַרלירט ניט דעם טעם.**

ח. הבורר, אז איינער קלייבט אויס שויטן־פּרוכטן (קטנית, ווי באָבעס, ארבעס) אים יום טוב, זאָגן די בית שמאי, אַז ער מעג (נור) אַרויסנעמען די גוטע צום עסן און זיי עסן. **אָבער ער טאָר ניט ארויסקלייבן דעם פּסולת, די שטרויעלעך, און אוועק־**

**ובית הלל אומרים, בורר כדרכו בחיקו, בקנון, ובתמחוי, אבל לא בטבלא, ולא בנפה, ולא בכברה. רבן גמליאל אומר, אף מדיח ושולה:**

**ט. בית שמאי אומרים, אין משלחין ביום טוב אלא מנות, ובית הלל אומרים, משלחין בהמה חיה ועוף בין חיין בין שחוטין. משלחין יינות שמנים וסלתות וקטניות, אבל לא תבואה. ור׳ שמעון מתיר בתבואה:**

**י. משלחין כלים בין תפורין בין שאינן תפורין, ואף על פי שיש**

---

**וואַרפֿן, נאָר ער מעג אַרויסנעמען די גוטע.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אַז ער מעג אַרויסקלייבן (אויך די שלעכטע) ווי זיין שטייגער איז (אין דערוואַכנס) אין זיין שויס, אָדער אין אַ זיפּ־קויש (קנון) אָדער אין דער גרויסער שיסל אריין (תמחוי), אָבער ניט אויפֿן טיש, און ניט דורך אַ גרויסער זיפּ (נפה) און ניט אַ קליינער זיפּ. **דער טעם איז, ווייל אין די דאָזיקע כלים (אויף דעם טיש און מיט דער זיפּ) איז דער שטייגער צו קלייבן אַ סך באַבעס און אַרבעס, און עס זעט אויס דעריבער, אַז ער טוט עס ניט נור צו נוצן עס אים יום טוב נאָר אויך אויף צומאָרגנס. „קנון" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאַנון", אַ קויש מיט לעכער. „תמחוי" הייסט די גרויסע שיסל. טבלא איז דאָס גריכישע וואָרט „טאַבלא", אַברעט, אַ טיש.** רבן גמליאל זאָגט, אַז מען מעג אויך אָרויפֿגיסן (אויף די באַבעס און אַרבעס) וואַסער (מדיח) און אַראָפּנעמען (די פּסולת, מיט דער האַנט). **די פּסולת, די שטרויערלעך זענען לייכט, שווימען זיי אַרויף אויפֿן וואַסער. זאָגט רבן גמליאל, אַז ער מעג אויך דאָס טאָן.**

ט. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אַז מען טאָר ניט שיקן (איין מענטש צום אַנדערן מתנות) אים יום טוב, סיידן (עסנוואַרג־) פּאָרציעס. „מנות" מיינט **עסנוואַרג־שטיקער, ווי שטיקער פֿלייש, פֿיש. די בית שמאי זאָגן, אַז מען מעג שיקן נור אַזעלכע עסנוואַרג־זאַכן, וואָס איז דער שטייגער באַלד אויפֿצועסן אין זעלבן טאָג, און ניט לאָזן אויף מאָרגן.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אַז מען מעג שיקן (אויך) אַ בהמה, און אַ חיה (אַ כשרע חיה, ווי אַ הירש) און אַ עוף, סיי לעבעדיקע און סיי געשאָכטענע. **די גמרא זאָגט, אַז אויך די בית הלל האַלטן, אַז די שליחים, די טרעגערס מעגן זיין נור איינער אָדער צוויי מענטשן; דאַקייגן דריי מענטשן טאָרן ניט טראָגן די מתנות ווייל עס זעט שוין אויס ווי מען פֿירט זיי צו פֿאַרקויפֿן אים גאַס.** משלחין, מען מעג שיקן (אַלס מתנה) ווײַנען, אייל, פֿיינע מעל (סלתות, סולת, זעמל־מעל) און שויטן־פּרוכטן (קטניות, באַבעס, אַרבעס), אָבער ניט קיין תבואה (ווייץ, גערשטן וכדומה). **ווייל תבואה, ווייץ, גערשטן, מוז מען צוערשט צעמאָלן כדי מען זאָל זיי קאָנען עסן, און אים יום טוב טאָר מען דאָך ניט צעמאָלן, דעריבער טאָר מען זיי ניט שיקן אַלס מתנה אים יום טוב, ווייל זיי זענען דאָך צום נוצן ערשט נאָך יום טוב.** ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון איז מתיר ביי תבואה. **ר׳ שמעון האַלט, אַז ווייל מען קאָן ווייץ און גערשטן צעשטויסן אין אַ קליינער שטויס־שיסל (און דאָס מעג מען אים יום טוב) און דערנאָך זיי אָפּקאָכן צום עסן, מעג מען דעריבער שיקן אויך ווייץ און גערשטן, און בכלל יעדע תבואה.**

י. משלחין, מען מעג שיקן (איינער צום אַנדערן אים יום טוב אַלס מתנות) קליידער, סיי אויפֿגענייטע און סיי ניט אויפֿגענייטע, און כאָטש עס איז פֿאַראַן אין זיי כלאים, ווייל זיי זענען צום געברויך אים יום טוב (לצורך המועד). **אויפֿגענייטע קליידער קאָן מען טראָגן; און ניט־אויפֿגענייטע קליידער קאָן מען זיך מיט זיי צודעקן ביים שלאָפֿן. „כלאים", דאָס הייסט „שעטנז", ווען וואָל און פֿלאַקס זענען געמישט צוזאַמען, למשל אַ מלבוש פֿון וואָל וואָס איז גענייט מיט פֿעדעם פֿון פֿלאַקס, און דער דין איז אַז מען טאָר אַזאַ קלייד ניט טראָגן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא כלאים). אָבער אויב דאָס קלייד איז האַרט (עס וואַרעמט ניט) מעג מען זיך אונטערלייגן אויף אַזאַ שעטנז־קלייד, און דעריבער מעג מען עס שיקן אויך אים יום טוב,**

**בהן כלאים, והן לצורך המועד. אבל לא סנדל המסומר, ולא מנעל שאינו תפור. ר׳ יהודה אומר, אף לא מנעל לבן, מפני שצריך אומן. זה הכלל, כל שנאותין בו, ביום טוב משלחין אותו:**

## פרק ב

**א. יום טוב שחל להיות ערב שבת, לא יבשל אדם בתחלה מיום טוב לשבת, אבל מבשל הוא ליום טוב, ואם הותיר, הותיר לשבת. ועושה תבשיל מערב יום טוב, וסומך עליו לשבת. בית שמאי אומרים, שני תבשילין, ובית הלל אומרים, תבשיל אחד. ושוין בדג וביצה שעליו,**

---

ווייל מען קאָן עס נוצן אוועקצולייגן זיך דערויף. אבל, אָבער מען טאָרניט (שיקן אלס מתנה אים יום טוב) א סאנדאל באשלאָגן מיט טשוועקעס, און ניט א שיך, וועלכער איז ניט אויפגענייט. סאנדאל איז א סאָרט שיך, און די משנה איז מסכתא שבת פרק ו׳ משנה ב׳ לערנט, אז אים שבת (און אויך אים יום טוב) טאָר מען ניט ארויסגיין אין א סאנדאל, וועלכער איז באשלאָגן מיט טשוועקעס (דאָרט האָבן מיר געגעבן דעם טעם דערפון). און ווייל אַזאַ סאַנדאל, אָדער אַ שיך וואָס איז ניט אויפגענייט, קאָן מען ניט נוצן אים יום טוב, טאָר מען זיי ניט שיקן אלס מתנות. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען טאָר אויך (ניט שיקן אים יום טוב אלס מתנה) א ווייסן שיך, ווייל ער דאַרף האָבן א בעל מלאכה. מען האָט אין יענע צייטן ניט געטראָגן ווייסע שיך, און מען האָט זיי דאריבער געמוזט צוערשט אָפּשווארצן מיט שווארצער פארב, און דערצו האָט זיך געפאָדערט א בעל מלאכה, וועלכער זאָל דאָס אָפּשווארצן מאכן ריכטיק. דאריבער טאָר מען עס ניט שיקן אים יום טוב. ווייל מען קאָן דאָך עס ניט נוצן אין זעלביקן טאָג. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אלץ וואָס מען קאָן עס נוצן, מעג מען עס שיקן אים יום טוב. די גמרא טייטשט אזוי ווי מיר האָבן דאָ געגעבן, אז דער „ביום טוב" גייט ניט ארויף אויף דעם „נאותין", „נוצן", נאָר אויף דעם „משלחין", שיקן, און די גמרא זאָגט, אז די משנה מיינט, אז אלץ וואָס מען קאָן נוצן אין דער וואָכנס און מען דאַרף עס ניט פארריכטן, כאָטש אים יום טוב נוצט מען עס ניט (למשל תפילין) מעג מען עס שיקן אים יום טוב. איי, פארוואָס טאָר מען ניט שיקן א סאנדאל מיט טשוועקעס? איז דער תירוץ, אז דאביי האָט מען מחמיר געווען, כדי מען זאָל וויסן, אז מען טאָר עס ניט אָנטאָן אים יום טוב.

## פרק ב

א. יום טוב, אויב יום טוב פאלט אויס אים ערב שבת (אים פרייטאָג) טאָר מען ניט קאָכן פון אָנהויב (בתחילה, בכוונה, ספעציעל) אים יום טוב אויף שבת, ווייל יום טוב איז אויך הייליק, און כאָטש מען מעג קאָכן אים יום טוב אויף צו עסן אים יום טוב זעלבסט, אָבער צו קאָכן אים יום טוב כדי עס צו עסן אים שבת טאָר מען ניט. נאָך א טעם איז, כדי ווען מען טאָרניט קאָכן אים יוב טוב אויף שבת, וועט מען מוזן קאָכן ערב יום טוב, וועט מען געדענקן צו האָבן אויף שבת גוטע שפייזן לכבוד שבת. אבל, אָבער מען מעג קאָכן (אים יום טוב) פאר יום טוב׳ס וועגן (צו עסן אים יום טוב), און אויב עס איז איבערגעבליבן (פון עסן) מעג עס איבער־בלייבן אויף שבת. און מען מעג דאָס איבערגעבליבענע עסן אים שבת. ועושה, און ער מעג מאכן (קאָכן) א געקעכץ ערב יום טוב, און פארלאָזן זיך דערויף (צו מעגן קאָכן אים יום טוב) אויף שבת. די דאָזיקע געקעכץ פון ערב יום טוב הייסט „עירוב תב־שילין" (די פארבינדונג פון געקאָכטע שפייזן), וועגן וואָס מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין. אויב מען האָט ערב יום טוב אוועקגעלייגט א עירוב תבשילין, א געקאָכטע זאך אויף שבת, מעג מען שוין אים יום טוב קאָכן אויף שבת, ווייל עס הייסט ניט, אז מ׳האָט אים יום טוב אָנגעהויבן צו קאָכן, נאָר עס הייסט, ווי מען פארענדיקט אים יום טוב דאָס קאָכן, וואָס מען האָט אָנגעהויבן ערב יום טוב. אויך צוליב דעם צווייטן טעם, וואָס מיר האָבן פריער געגעבן, צוליב דעם כבוד

**שהן שני תבשילין. אכלו, או שאבד, לא יבשל עליו בתחלה; ואם שייר ממנו כל שהוא, סומך עליו לשבת:**

**ב. חל להיות אחר השבת, בית שמאי אומרים, מטבילין את הכל מלפני השבת, ובית הלל אומרים כלים מלפני השבת, ואדם בשבת:**

**ג. ושוין שמשיקין את המים בכלי אבן לטהרן, אבל לא מטבילין.**

---

פון שבת, וויזט מען מיט דעם „עירוב תבשילין", מיט דעם געקאָכטן שפייז פון ערב יום טוב, אז מען געדענקט דעם שבת. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז (דער עירוב תבשילין דאַרף זיין פון) צוויי געקאָכטע זאַכן, און די בית הלל זאָגן, אז (עס איז גענוג) איין געקאָכטע זאַך. **פון דער גמרא איז צו זען, אַז אויך די בית הלל האַלטן, אז עס דאַרף זיין אויך ברויט צום פלייש; אזוי זאָגט דער ברטנורא וויטער צו משנה ו.** ושוין, און זיי (די בית שמאי און די בית הלל) זענען גלייך (זענען ביידע מודה), אז א פיש מיט אן איי דערויף הייסן צוויי געקעכצן. **רשי זאָגט, אז מען פלעגט אָנשמירן אן איי אויף דעם פיש איידער מען האָט אים געפּרעגלט, און דאָס הייסט צוויי געקעכצן.** אכלו, אויב מען האָט אים (דעם עירוב תבשילין) אויפגעגעסן אָדער ער איז פאַרלוירן געגאַנגען (איידער מען האָט אָפּגעקאָכט אים יום טוב אויף שבת) טאָר מען ניט אָנהייבן קאָכן אויף אים (אויף זיין רעכנונג). **ווייל עס איז ניטאָ קיין עירוב תבשילין.** ואם, אויב עס איז געבליבן פון אים (פון עירוב תבשילין) עפּיס, מעג מען זיך דערויף פאַרלאָזן (צו קאָכן אים יום טוב) אויף שבת. **דער עירוב תבשילין האָט א שיעור, און ווען מען לייגט אים אוועק ערב יום טוב מוז ער זיין גרויס מינדסטנס א כזית (ווי אן איילבירט). זאָגט די משנה, אז אויב ער האָט געהאַט א כזית נאָר ער איז פאַרלוירן געגאַנגען אָדער מען האָט אים אויפגעגעסן און עס איז געבליבן פון אים נאָר א קליין שטיקל, ווינציקער פון א כזית, מעג מען זיך דערויף פאַרלאָזן און קאָכן אים יום טוב אויף שבת.**

ב. חל, אויב יום טוב איז אויסגעפאַלן נאָך שבת (זונטאָג), זאָגן די בית שמאי אז מען דאַרף אַלץ טובל זיין פאַר שבת. **עס איז א דין, אז א מענטש דאַרף זיך טובל זיין פאַר יום טוב, כדי ער זאָל זיין אים יום טוב ריין (חייב אָדם לטהר עצמו ברגל, גמרא ראש השנה ט"ז). אויב מען האָט כלים וואָס זענען טמא, דאַרף מען זיי טובל זיין, כדי מען זאָל זיי קאָנען נוצן בטהרה. זאָגן די בית שמאי, אז מען מוז אַלץ, סיי מענטשן און סיי כלים, טובל זיין פאַר שבת (פרייטאָג), אָבער אים שבת ערב יום טוב טאָר מען זיי ניט טובל זיין, ווייל דאָס הייסט „מתקן מנא", פאַרריכטן אַ כלי, געבן א זאַך, וואָס מען האָט ניט געקאָנט נוצן (למשל עס איז טמא), און געמאַכט אים שבת אז מען זאָל עס קאָנען נוצן, (עס זאָל ווערן טהור), און דאָס טאָר מען ניט.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז כלים (זאָל מען טובל זיין) פאַר שבת, און דער מענטש (מעג זיך טובל זיין) אים שבת. **די בית הלל האַלטן, אז ווייל ווען א מענטש איז זיך טובל, טונקט ער זיך אונטער אין וואַסער, זעט עס ניט אויס, ווי ער טוט עס כדי זיך מטהר צו זיין פון דער טומאה (אויב ער איז טמא) נאָר צו האָבן פאַרגניגן, ארומצוואַשן זיך, דעריבער מעג מען עס.**

ג. ושוין, און זיי (די בית שמאי און די בית הלל) זענען גלייך (זענען ביידע מודה), אז (אים יום טוב) מעג מען (טמא) וואַסער אין שטיינערנע כלים אָנרירן (אין מקוה־וואַסער), כדי זיי (די טמא וואַסער) צו מאַכן טהור, אָבער מען טאָר ניט זיי (די טמא וואַסער (אין טמא הילצערנע כלים) טובל זיין אין מקוה). **דער דין איז, אז ווען וואַסער איז טמא קאָן מען עס אָנרירן אין וואַסער פון דער מקוה (משיקין, „קישן", אָנרירן זיך) און דאָס וואַסער טהור. זאָגט די משנה, אז מ'מעג ווען די כלי איז א שטיינערנע, און א שטיינערנע כלי איז ניט טמא. אָבער אויב דאָס טמא וואַסער געפינט זיך אין א טמא'דיקער הילצערנער כלי, טאָר מען ניט טובל זיין די כלי צוזאַמען מיט דעם טמא'דיקן וואַסער אין מקוה, ווייל דערוויל ווערט דאָך די כלי**

ומטבילין מגב לגב, ומחבורה לחבורה:

ד. בית שמאי אומרים, מביאין שלמים ואין סומכין עליהן, אבל לא עולות. ובית הלל אומרים, מביאין שלמים ועולות וסומכין עליהם:

ה. בית שמאי אומרים, לא יחם אדם חמין לרגליו, אלא אם כן

טהור, און מען טאָר ניט טובל זיין אים יום טוב א טמא׳דיקע כלי צו מאכן איר טהור, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ב׳. ומטבילין, אָבער מען מעג טובל זיין (אים יום טוב) פון איין ציל צו אן אנדערן ציל, אָדער פון איין געזעלשאַפט (חבורה) צו אן אנדערן געזעלשאַפט. „מגב לגב", טייטשט די גמרא אזוי, דער דין איז, אז טבילה דאַרף האָבן כוונה. למשל אויב א כלי איז טמא און מען האָט זי טובל גע־ווען אז מען זאָל זי קאָנען באַנוצן צום עסן תרומה (וואָס איז הייליק און נור כהנים מעגן זי עסן), טאָר מען די כלי ניט נוצן צום עסן קודש, קרבנות פלייש, וועלכע זענען הייליקער פון תרומה. מען מוז איר דאַמאָלס נאָכאמאָל טובל זיין און מכוון זיין, אז מען זאָל זי באַנוצן אויך צום עסן מיט איר קרבנות־פלייש. זאָגט די משנה אז די דאָזיקע צווייטע טבילה, וואָס איז דאָך נור „פון איין ציל צו אן אנדערן ציל", פון תרומה צו קודש, מעג מען יאָ טובל זיין אים יום טוב. „מחבורה לחבורה" מיינט מען, ווי רשי טייטשט, אויב איינער האָט טובל געווען זיינע כלים צו עסן אין זיי דעם קרבן פסח מיט איין חבורה, און דערנאָך האָט ער באַשלאָסן צו עסן מיט א צווייטער חבורה, דאַרף ער זיי נאָכאמאָל טובל זיין, און די דאָזיקע טבילה מעג ער טובל זיין אים יום טוב. דער טעם איז, ווייל די דאָזיקע טבילות זענען דאָך ניט צו ווערן פון טמא טהור, נאָר עס איז נור צוצוגעבן א באַזונדערע חשיבות, א „תוספת טהורה", א צוגאָב־טהורה, און דעריבער מעג מען עס טאָן אים יום טוב.

ד. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען ברענגט (אין בית המקדש מקריב צו זיין אים יום טוב) די (קרבנות) שלמים, און מען טאָר ניט אַרויפלייגן אויף זיי די הענט (סומך־זיין), אָבער מען טאָר ניט ברענגען אים יום טוב קיין (קרבנות) עולות. די דריי ימים טובים, פסח, שבועות און סוכות איז געווען א מצוה צו קומען קיין ירו־שלים און יעדער ייד האָט געדאַרפן ברענגען צוויי קרבנות, א קרבן שלמים, וואָס נור דאָס פעט און אנדערע טיילן האָט מען מקריב געווען אויפן מזבח און דאָס פלייש האָט מען געגעסן, און א קרבן עולה, וואָס מען האָט די גאנצע בהמה מקריב געווען אויפן מזבח. דער קרבן שלמים האָט געהייסן „חגיגה" און „שמחה" און דער קרבן עולה האָט געהייסן „ראיה" (זע וועגן דעם אין דער הקדמה צו מסכתא חגיגה). דער דין איז אויך, אז איינער ברענגט א קרבן דאַרף ער, פאַרן שעכטן דעם קרבן, אַרויפ־לייגן די הענט אויף דער בהמה; דאָס הייסט „סמיכה". זאָגן די בית שמאי, אז די „חגיגה"-און „שמחה"-שלמים מעג מען מקריב זיין אים יום טוב (ווייל דער מענטש עסט דאָך דאָס פלייש), אָבער אַרויפלייגן די הענט אויפן קרבן אים יום טוב טאָר מען ניט; און מ׳זאָל דעריבער מאכן די סמיכה ערב יום טוב, ווייל די בית שמאי האַלטן, אז די סמיכה מוז ניט זיין פונקט פאַר דעם שעכטן. אָבער דעם קרבן „ראיה" עולה טאָר מען ניט ברענגען אים יום טוב, ווייל דער מענטש עסט ניט דאָס פלייש. ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז מען ברענגט אים יום טוב די („חגיגה"-און „שמחה"-) שלמים, און אויך די („ראיה"-) עולות און מען לייגט אַרויף אויף זיי די הענט. זיי האַלטן, אז אלע קרבנות, וואָס האָבן א שייכות מיט יום טוב מעג מען מקריב זיין אים יום טוב. וועגן דער מחלוקה צי מען מעג סומך זיין אים יום טוב איז פאַראַן אין מסכתא חגיגה פרק ב׳ משנה ב׳.

ה. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז מען טאָר ניט מאכן (אים יום טוב) וואַ־רעם (וואַסער) צו (וואַשן זיך) די פיס, סיידן זיי (די וואַסער) זענען גוט צום טרינקען. די בית שמאי האַלטן, אז נור אויף צום עסן צו טרינקען האָט די תורה מתיר גע־מאכט צו ברענען און קאָכן אים יום טוב, אָבער ניט וואַשן זיך. ובית הלל, און די

**ראוין לשתיה; ובית הלל מתירין. עושה אדם מדורה ומתחמם כנגדה:**

**ו. שלשה דברים רבן גמליאל מחמיר כדברי בית שמאי: אין טומ־נין את החמין מיום טוב לשבת, ואין זוקפין את המנורה ביום טוב, ואין אופין פתין גריצין אלא רקיקין. אמר רבן גמליאל, מימיהן של בית אבא לא היו אופין פתין גריצין אלא רקיקין. אמרו לו, מה נעשה לבית אביך, שהיו מחמירין על עצמן ומקילין לכל ישראל להיות אופין פתין גריצין וחרי:**

**ז. אף הוא אומר שלשה דברים להקל: מכבדין בין המטות, ומני־**

---

בית הלל זענען מתיר; א מענטש מעג (אים יום טוב) מאכן א גרויס פייער (מדורה) און זיך אנווארעמען קייגן אים (ביים פייער). **ווייל די בית הלל האלטן, אז ווייל מען האט מתיר געמאכט צו ברענען פייער אים יום טוב צו קאכן עסנווארג, מעג מען אויך ברענען פאר יעדער אנדערע הנאה, וואס א מענטש קאן האבן דערפון.**

ו. שלשה, (אין) דריי זאכן איז רבן גמליאל מחמיר (געהאלטן אז מען טאר ניט), אזוי ווי די בית שמאי. **עס זענען געווען צוויי נשיאים מיטן נאמען „רבן גמליאל"; איינער אין ירושלים, רבן גמליאל הזקן (לערך 20 יאר פארן חורבן בית שני), און דער צווייטער אן אייניקל פון ערשטן, רבן גמליאל אין יבנה נאכן חורבן בית שני. ביידע האבן געשטאמט פון הלל הזקן (רבן גמליאל הזקן איז געווען אן אייניקל פון הלל), און די משנה זאגט דא, אז אין דריי זאכן האט רבן גמליאל (מען מיינט דא רבן גמליאל פון יבנה) געפסקנט לחומרא אזוי ווי די בית שמאי. די דריי זאכן זיינען:** אין טומנים, מען טאר ניט באהאלטן ווארעמעס פון יום טוב אויף שבת. **די בית הלל האלטן, אז קוים האט מען געמאכט עירוב תבשילין מיט א געקאכט שטיקל פלייש און א שטיקל ברויט (זע פריער משנה א') מעג מען אים יום טוב אויך אוועקשטעלן אין אויוון טשאלנט (באהאלטן ווארעם עסן) אויף שבת. אבער די בית שמאי זאגן, אז קאכן און באקן אויף דעם עירוב תבשילין מעג מען, אבער שטעלן טשאלנט טאר מען ניט סיידן מען האט אוועקגעשטעלט טשאלנט ערב יום טוב.** ואין זוקפין, און אז מען טאר ניט אויפשטעלן די לאמפ אים יום טוב: **אויב די לאמפ איז געווען צענומען אויף אירע טיילן, טאר מען זיי אים יום טוב ניט צוריק צונויפ־שטעלן, ווייל דאס הייסט ווי אויפגעבויט א זאך, און די בית שמאי האלטן, אז „יש בנין בכלים", אויך צונופשטעלן א כלי הייסט „געבויט".** ואין אופין, און אז מען טאר ניט באקן (אים יום טוב) גראבע ברויטן, נאר (מען מעג באקן) דינע (ברויטן). **די בית שמאי האלטן, אז באקן גראבע ברויטן (גריצין, דיקע חלות, תרגום אין ויקרא ז' פסוק י"ב „חלות", „גריצן") טאר מען ניט אים יום טוב ווייל עס איז א טירחא. — אבער די בית הלל האלטן, אז מען מעג ווייל א גרויס געבעקס באקט זיך בעסער. — רבן גמליאל האט אין די דאזיקע דריי זאכן מחמיר געווען ווי די בית שמאי.** אמר, האט רבן גמליאל געזאגט: אין מיין פאטערס הויז האט מען קיינמאל (מימיהן) ניט געבאקן (אים יום טוב) גראבע ברויטן, נאר דינע; האבן זיי (די חכמים, וועלכע זענען ניט מסכים מיט אים) געזאגט צו אים (צו רבן גמליאל), וואס זאלן מיר טאן צו (דיין פאטערס הויז (ווי אזוי קאנען מיר אפלערנען פון דיין פאטערס הויז), אז זיי (דיין פאטערס פאמיליע־מענטשן) האבן געפלעגט מחמיר זיין אויף זיך, אבער זיי האבן מיקל געווען (מתיר געמאכט) אלע אנדערע יידן צו באקן גראבע ברויטן און גרויסע קיכנס אויף קוילן (וחרי). **אנשטאט „חרי" איז אין טייל משניות פאראן „הררין", פון „חררה", קיכנס וואס ווערן געבאקן אויף די גליהענדיקע קוילן. דער ירושלמי ברענגט אויך דעם טייטש פון בראשית מ' „שלשה סלי חרי", וואס מען מיינט גרויס געבעקס, וואס מען באקט פאר א מלך צי פאר גרויסע לייט („חרי", גרויסע שרים).**

ז. אף הוא, ער (רבן גמליאל) זאגט אויך דריי זאכן מיקל צו זיין (גע־

**חין את המוגמר ביום טוב, ועושין גדי מקולס בלילי פסחים. וחכמים אוסרין:**

**ח. שלשה דברים ר׳ אלעזר בן עזריה מתיר, וחכמים אוסרין: פרתו יוצאה, ברצועה שבין קרניה, ומקרדין את הבהמה ביום טוב, ושוחקין את הפלפלין ברחים שלהם. ר׳ יהודה אומר, אין מקרדין את הבהמה ביום טוב, מפני שעושה חבורה, אבל מקרצפין. וחכמים אומ־רים, אין מקרדין, אף לא מקרצפין:**

**ט. הרחים של פלפלין טמאה משום שלשה כלים: משום כלי קבול,**

---

פסקנט, אז מען מעג): מען מעג (אים יום טוב) ארויסרוימען צווישן די בעטן. **אמאָל פלעגט מען די פייערליכע סעודות, באזונדערס אים שבת און יום טוב, עסן בהסיבה, מען איז געזעסן אָנגעלענט אויף בעטן ביים טיש (זע מסכתא ברכות פרק ו׳ משנה ו׳). זאָגט רבן גמליאל, אז אים יום טוב מעג מען נאָכן עסן אויסקערן צווישן די בעטן, ווייל עס איז א קליין אַרט, איז ניט קיין מורא צו האָבן טאָמער וועט מען דאביי אויסגלייכן אויף דער ערד די גריבלעך, וואָס מען טאַרניט אים יום טוב.** ומניחין, און אז מען מעג אוועקלייגן די בשמים אויף די גליענדיקע קוילן (מוגמר) אים יום טוב. **וועגן דעם מנהג צו שיטן בשמים אויף גליהענדיקע קוילן נאָכן עסן זע אין מסכתא ברכות פרק ו׳ משנה ו׳.** ועושין, און מען מעג מאכן אן אויסגעפוצט ציגעלע פסח ביי נאכט. „גדי מקולס", **אן אויסגעפוצט (פון גריכישן וואָרט „קאלאס", שיין) ציגעלע, מיינט, ווען מען שעכט א ציגעלע, און מען הענגט־אָן דערויף די פיס און די געדערים, און מען בראָט עס צוזאמען. דעם קרבן פסח פלעגט מען אזוי בראָטן (זע מסכתא פסחים פרק ז׳ משנה א׳).** רבן גמליאל האָט מתיר געמאכט היינטיקע צייט, **ווען עס איז ניטאָ דער בית המקדש, צו בראָטן אזא ציגעלע אויף פסח צום סדר, אלס זכר צום קרבן פסח.** וחכמים, און די חכמים אסרן. **זיי זאָגן אז מען טאָר ניט אויסקערן צווישן די בעטן טאָמער וועט מען גלייך מאכן די גריבלעך, און אז מען טאָר ניט לייגן די בשמים אויף די גליהענדיקע קוילן (ווייל דאָס איז נור פאר מפונקים, פיין־שמעקער, און ניט יעדער דארף עס), אז מען טאָר ניט מאַכן אזא אויסגעפוצט ציגעלע פסח צום סדר, ווייל עס זעט אויס ווי מען עסט קרבנות ניט אין בית המקדש.**

ח. שלשה, דריי זאכן איז ר׳ אלעזר בן עזריה מתיר, און די חכמים אסרן: זיין (ר׳ אלעזר בן עזריה׳ס) קוה גייט ארויס מיט דעם רימן צווישן אירע הערנער (אים שבת). **וועגן דעם זע אין מסכתא שבת פרק ה׳ משנה ד׳.** ומקרדין, און אז מען מעג קראַצן (מיט אן אייזערנעם קאַם, וועלכע האָט שארפע ציין) די בהמה אים יום טוב. **כאָטש דאדורך מאכט מען וואונדן דער בהמה, איז ר׳ אלעזר בן עזריה מתיר.** ושוחקין, און אז מען מעג מאָלן (אים יום טוב) פעפער אין זיין מילכעל (אין א פעפער־מילכעל). **אויך דאָס איז ר׳ אלעזר בן עזריה מתיר.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען טאָר ניט קראַצן (מיט אן אייזערנעם קאַם) די בהמה אים יום טוב, ווייל עס מאַכט א וואונד, אָבער מען מעג איר קעמען (מיט א האָלץ קאַם). **„קרד" זאָל זיין פון וואָרט „גרד", קראַצן, ווי אין איוב ב׳ „חרש להתגרד") מיינט מען מיט א קליינער אייזערנער קאַם, וואָס האָט שארפע ציין. „קרצף" מיינט קעמען מיט א הילצערנער קאַם, וואָס מאכט ניט קיין וואונדן. פון וואנען דאָס וואָרט שטאמט, איז ניט באוואוסט.** וחכמים, און די חכמים זאָגן אז מען טאָר ניט (אים יום טוב) קראַצן (מיט אן אייזערנער קאַם) און מען טאָר אויך ניט קעמען (מיט א הילצערנער קאַם). **ווייל זיי האלטן, אז מען איז גוזר דעם איסור אויף קעמען, צוליב דער מורא טאָמער וועט מען זיך מתיר מאכן צו קראַצן.**

ט. הריחים, א מילכעל פון פעפער (צו מאָלן פעפער) איז טמא (אויב עס רירט אָן א טמא זאך, למשל, א טויטן שרץ) צוליב דריי כלים: צוליב א כלי, וואָס נעמט

**ומשום כלי מתכות, ומשום כלי כברה:**

**י. עגלה של קטן טמאה מדרס, ונטלת בשבת, ואינה נגררת אלא על גבי כלי. ר׳ יהודה אומר, כל הכלים אין נגררין חוץ מן העגלה, מפני שהיא כובשת:**

## פרק ג.

**א. אין צדין דגים מן הביברין ביום טוב, ואין נותנין לפניהן**

---

אין זיך אריין (כלי קיבול, אין וועלכער מען קאָן עפּיס אריינלייגן), און צוליב א מע־טאלענער כלי, און צוליב א זיפּ־כלי. **דאָס פעפער־מילכעל איז אייגענטליך פון האָלץ. און באשטייט פון דריי טיילן. דער אויבערשטער טייל איז פון האָלץ, אָבער עס איז באַדעקט מיט מעטאל** (אייזן), **און אין דעם דאָזיקן טייל ווערט דער פעפער געמאָלן. דער מיטלסטער טייל איז געמאַכט ווי אַ זיפּ, דורך וועלכן דער צעמאָלענער פעפער גייט אדורך. דער אונטערשטער טייל איז ווי א שיסעלע, אין וועלכן דער צעמאָ־לענער פעפער פאלט אריין. זאָגט די משנה, אז אויב דאָס פעפער־מילכעל איז צענומען, קאָן יעדער טייל טמא ווערן באזונדער. דער אויבערשטער טייל אלס כלי מתכת, אלס מעטאלענע כלי** (ווייל ס׳איז באַדעקט מיט מעטאל), **דער מיטלסטער טייל אלס כלי כברה, אלס א זיפּ, און דער אונטערשטער טייל אלס כלי קיבול, א כלי, אין וועלכער מען קאָן עפּיס אריינלייגן. וועגן דעם ענין פון טומאה פון כלים זע אין דער הקדמה צו מסכתא כלים.**

י. עגלה, א וועגעלע פון א יינג קינד (קטן) איז טמא אלס מדרס. **דאָס וואָרט „מדרס" איז דער טייטש „טרעטן", און דער דין איז, אז אויב א זב, א מענטש פון וועמען עס רינט אן אומריינע פליסיקייט, זעצט זיך ארויף אויף א זאך, וואָס איז באשטימט צום זיצן, ווערט די זאך טמא אַלס „מדרס"** (זע וועגן דעם אין דער הקדמה צו מסכתא זבים). **זאָגט די משנה, אז אויב דאָס וויגעלע איז געמאַכט גע־וואָרן, אז דאָס קינד זאָל זיצן דערויף, איז אויב דאָס קינד איז א זב און עס זעצט זיך אויף דעם וויגעלע, ווערט דאָס וויגעלע טמא אלס „מדרס". ונטלת, און מען מעג עס** (דאָס וויגעלע) נעמען אים שבת. **ווייל עס הייסט א כלי וואָס מען נוצט.** ואינה, און זי ווערט ניט געשלעפּט (מען טאָר דאָס וועגעלע ניט שלעפּן אויף דער ערד אים שבת) סיידן אויף קליידער (כלים). **ווען מען שלעפּט עס אויף דער ערד מאַכט מען א שפּאלט, מען רירט די ערד פון אָרט, און דאָס הייסט גראָבן און מען טאָרניט, אָבער ווען עס ליגט קליידער־וואַרג (טעפּיכער) מעג מען אויף זיי שלעפּן דאָס וועגעלע.** ר׳ יהודה זאָגט, אז קיין שום כלים טאָר מען ניט שלעפּן (אויף דער ערד אים שבת), א חוץ פון אַ וועגעלע, ווייל עס דריקט אַראָפּ די ערד. **עס מאַכט ניט קיין שפּאלט, נאָר עס דריקט אראָפּ די ערד, און דאָס הייסט ניט געגראָבן. די גמרא זאָגט, אז סיי דער אָנהייב פון דער משנה און סיי דער סוף פון דער משנה זענען געלערנט אין נאָמען פון ר׳ יהודה; נאָר דער ערשטער תנא לערנט אין נאָ־מען פון ר׳ יהודה, אַז מען טאָרניט שלעפּן אפילו א וועגעלע, ווייל ר׳ יהודה האָלט, אז „דבר שאינו מתכוון אסור", און כאָטש ער איז דאָך ניט מכוון צו מאכן א שפּאלט אין דער ערד טאָר מען אויך ניט. און דער צווייטער תנא האָלט, אז ביי א וועגעלע איז ר׳ יהודה מתיר, ווייל עס מאַכט ניט קיין שפּאלט.**

## פרק ג.

א. אין צדין, מען טאָר ניט פאנגן פיש פון אן אַרומגעצוימטע וואַסער־אָרט (ביברין) אים יום טוב. **„ביברין" איז דאָס לאטיינישע וואָרט „וויוואריום", וואָס איז דער טייטש, אן ארומגעצוימט אָרט, אין וועלכן מען האַלט לעבעדיקע זאכן, חיות, עופות. דאָ מיינט מען א סאַדזאַווקע, אין וועלכער עס האָדעווען זיך פיש. די משנה לערנט, אז כאָטש אים יום טוב מעג מען דאָך קאָכן און באקן, אָבער פאנגן** (צידה) **טאָר מען ניט, ווייל דאָס איז גלייך צו שניידן תבואה, און דאָס טאָר**

**מזונות, אבל צדין חיה ועוף מן הביברין, ונותנין לפניהם מזונות. רבן שמעון בן גמליאל אומר, לא כל הביברין שוין, זה הכלל, כל המחוסר צידה אסור וכל שאינו מחוסר צידה מותר:**

**ב. מצודות חיה ועוף ודגים שעשאן מערב יום טוב, לא יטול מהן ביום טוב, אלא אם כן יודע שנצודו מערב יום טוב. ומעשה בגוי אחד שהביא דגים לרבן גמליאל, ואמר, מותרין הן, אלא שאין רצוני לקבל הימנו:**

**ג. בהמה מסוכנת לא ישחוט, אלא אם כן יש שהות ביום לאכול**

---

מען **ניט**. ואין נותנין, און מען טאָרניט וואַרפן פאַר זיי (פאַר די פיש) עסנוואַרג (אים יום טוב). **אנדערע שטוב־און הויף־בעלי־חיים, וואָס דער מענטש דאַרף שפּייזן, מעג מען געבן צו עסן אים יום טוב. אָבער די פיש איז דער מענטש ניט מחויב צו געבן צו עסן (אין מזונותיהן עליו), טאָר ער זיי ניט געבן צו עסן אים יום טוב, ווייל עס איז א טירחא.** אבל, אָבער מען מעג פאַנגן (אַרויסנעמען) א חיה (ווי א הירש וואָס מען מעג שעכטן און עסן) און א עוף פון א (קליין) אַרומגעצוימט אָרט (ביב־רין), און מען מעג געבן זיי צו עסן (אים יום טוב). **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, אז דער חיות־און עופות־וויוואַרױם איז א קליינער און מען דאַרף ניט פאַנגען די חיה צי דעם עוף, נאָר מען נעמט זיי אַרויס.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ניט אַלע וויוואַריומס (ביברין) זענען גלייך; דאָס איז דער כלל: אַלץ (יעדער וויוואַ־ריום), וואו (כדי צו נעמען די לעבעדיקע זאַך) איז נויטיק צו פאַנגן טאָר מען ניט (אים יום טוב), און וואו עס איז ניט נויטיק צו פאַנגן (מען קאָן נעמען די לעבעדיקע זאַך ניט יאָגנדיק זיך דערנאָך), מעג מען אים יום טוב. **די גמרא זאָגט, אז ביי א וואַסער־אָרט איז דער כלל, אז אויב מען קאָן כאַפּן דעם פיש געבנדיק איין מאָל א שווים, מעג מען. די מפרשים זאָגן אז רבן שמעון בן גמליאל איז ניט מחולק מיט דער סתם משנה, נאָר ער טייטשט זי אויס.**

ב. מצודות, נעצן פאַר חיות, עופות און פיש, וואָס מען האָט אוועקגעלייגט ערב יום טוב (צו פאַנגן די חיות, עופות, פיש), טאָר מען פון זיי ניט נעמען אים יום טוב, סיידן מען ווייסט, אז זיי זענען געפאַנגן געוואָרן ערב יום טוב. **אויב מען געפינט אים יום טוב אין דער נעץ א חיה (א הירש, וואָס מען מעג שעכטן און עסן) צי א עוף, צי פיש, טאָר מען זיי ניט נעמען אים יום טוב צום עסן, ווייל עס קאָן דאָך זיין, אז זיי זענען אַריינגעפאַלן אין דער נעץ אים יום טוב, און זיי זענען דאָך ערב יום טוב פאַרנאַכט ניט געווען אָנגעגרייט, מוכן, פאַר דעם מענטש צום עסן. ווי מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה מעג מען עסן אים יום טוב נאָר פון „מוכן", צוגעגרייט פון ערב יום טוב (זע פריער פרק א' משנה ג'). כאָטש דאָ איז דאָך א ספק, און עס קאָן דאָך זיין, אז זיי זענען שוין געווען אין דער נעץ ערב יום טוב, לערנט די משנה, אז „ספק מוכן", אז אויך אויב עס איז א ספק, איז אסור.** ומעשה, און עס איז געווען א מעשה מיט א גוי, וועלכער האָט געבראַכט (אים יום טוב) פיש צו רבן גמליאל, און ער (רבן גמליאל) האָט געזאָגט: זיי (די פיש) זענען מותר (מען מעג זיי עסן אים יום טוב), נאָר איך וויל זיי ניט נעמען פון אים. **די גמרא זאָגט, אז אין דער משנה פעלן עטליכע ווערטער, און עס דאַרף זיין „און רבן גמליאל איז מתיר", און די משנה ברענגט די מעשה אלס א ראיה, אז רבן גמליאל האָלט, אז ספק מוכן" איז מותר. די ווערטער „איך וויל ניט נעמען פון אים" טייטשן די מפרשים, אַז ער האָט געהאַט א פיינדשאַפט צום גוי.**

ג. בהמה, א בהמה וואָס איז א מסוכנת (האַלט ביים שטאַרבן) טאָר מען ניט שעכטן (אום יום טוב שפּעט פאַרנאַכט), סיידן עס איז נאָך פאַראַן גענוג צייט ביי טאָג צו קאָנען עסן פון איר (פון דער געשאָכטענער בהמה) געבראָטן פלייש גרויס א כזית (ווי אן איילבירט). **כאָטש אויב מען וועט וואַרטן ביז מוצאי יום טוב, וועט**

**ממנה כזית צלי. ר׳ עקיבא אומר, אפילו כזית חי מבית טביחתה. שחטה בשדה, לא יביאנה במוט ובמוטה, אבל מביא בידו אברים אברים:**

**ד. בכור שנפל לבור, ר׳ יהודה אומר, ירד מומחה ויראה, אם יש בו מום, יעלה וישחוט, ואם לאו, לא ישחוט. ר׳ שמעון אומר, כל שאין מומו ניכר מבעוד יום, אין זה מן המוכן:**

---

די בהמה שטארבן און מען וועט היזק האָבן, טאָר מען ניט שעכטן איר אים יום טוב סיידן מען וועט קאָנען, ווען עס איז נאָך טאָג, אָפּבראָטן א כזית פלייש און עסן, ווייל נור אזוי הייסט עס אז מען שעכט איר פאר יום טוב׳ס וועגן. ר׳ עקיבא זאָגט, אז (עס איז גענוג) אפילו ווען (מען קאָן, ווען עס איז נאָך טאָג, עסן פון דער געשאָכטענער בהמה) א כזית רוי (פלייש) פון דעם אָרט, וואו מען שעכט איר (די בהמה). „בית טביחתה", דאָס אָרט פון איר שעכטן, מיינט דעם האַלדז, וואו די פעל איז שוין אראָפּגעצויגן און דאָס פלייש איז ווייך, און מען קאָן עס עסן רויהערהייט, ניט געבראָטן. שחטה, אויב מען האָט איר (די בהמה) געשאָכטן אין פעלד, טאָר מען איר ניט ברענגען (פון פעלד אין שטאָט אריין גאַנצערהייט) אויף א שטאַנג (במוט) אָדער אויף צונויפגעלייגטע דרענגער (ובמוטה). מחמת עס איז צו אָנזעהעוודיק און עס איז ניט קיין כבוד פאר יום טוב. רשי טייטשט, אז דאָס מיינט מען אז צוויי מענטשן טאָרן איר ניט טראָגן אויף א שטאַנג אָדער אויף צונויפגעלייגטע דרענגער. „במוט" איז פאראַן אין במדבר כ"ג „וישאוהו במוט בשנים", דאָס איז א לאַנגער שטאַנג. אין טייל משניות איז אַנשטאָט במוטה פאראַן „במיטה", אין א טראָג־בעט. אבל, מען מעג איר (די געשאָכטענע בהמה) ברענגען (פון פעלד אין שטאָט אריין) אין דער האַנט (ניט אויף א שטאַנג) שטיקערווייז. „איברים איברים", צעשניטענע שטיקער. דעם אויסדרוק האָבן מיר אויך אין מסכתא יומא פרק ו׳ משנה ו׳ אז מען האָט אראָפּגעוואָרפן דעם באָק (שעיר לעזאזל) פון בארג איז ער צעריסן געוואָרן „איברים איברים", אויף שטיקער.

ד. בכור, אויב (א בהמה) א בכור איז אריינגעפאַלן אין א גרוב (אים יום טוב), זאָגט ר׳ יהודה, אז א מומחה (א קענער) זאָל אראָפּגיין (אים גרוב) און זען אויב ער (דער בכור) האָט א מום (א פעלער) זאָל מען אים ארויפנעמען און שעכטן אים, און אויב ניט, זאָל מען אים ניט שעכטן. דער דין איז, אז א בהמה א בכור (דאָס ערשטע קינד) טאָר מען ניט עסן, און ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען האָט מען אים מקריב געווען פאר א קרבן (און דאָס פלייש געגעסן אין ירושלים). אויב אָבער דער בכור האָט א מום, א פעלער, מעג מען אים שעכטן אומעטום און עסן דאָס פלייש, וועגן דעם וואָס הייסט א מוס, א פעלער, זענען פאראַן א סך דינים (אין מסכתא בכורות פרק ו׳) און נור אמומחה, א קענער, ווייסט צו זאָגן, צי עס איז א ריכטיקער מום. די גמרא טייטשט די ווערטער פון ר׳ יהודה אז דאָ מיינט מען, ווען ערב יום טוב האָט מען באַמערקט אין דעם בכור א מום, נאָר מען האָט ניט גע־וואוסט צי ער איז א ריכטיקער (א „קבוע", א פעסטער פעלער, און ניט א „מום עובר", א פארבייגענדיקער פעלער). דעריבער זאָגט ר׳ יהודה, אז אויב א מומחה זעט, אז דער מום איז שוין ערב יום טוב געווען א פעסטער פעלער, הייסט דאָך עס, מען האָט שוין ערב יום טוב געקאָנט אים שעכטן און עסן, מעג מען אים אויך היינט ארויפברענגען פון גרוב און שעכטן. אויב אָבער דער מומחה זעט, אז דער פעסטער פעלער איז געוואָרן ערשט היינט, אים יום טוב, טאָר מען אים ניט ארויפברענגען צום שעכטן, און אויב מען האָט אים יאָ ארויפגענומען, טאָר מען אים ניט שעכטן, ווייל ער איז דאָך ניט געווען „מוכן", גרייט פון ערב יום טוב (זע פריער משנה ב׳). ר׳ שמעון זאָגט, אז אלץ (יעדער בכור) וואָס זיין מום איז ניט געווען דערקענט שוין (ערב יום טוב) בייטאָג, הייסט עס ניט פון צוגעגרייטן (מן המוכן). רשי טייטשט,

ה. בהמה שמתה, לא יזיזנה ממקומה. ומעשה ושאלו את ר׳ טרפון עליה ועל החלה שנטמאת, ונכנס לבית המדרש ושאל, ואמרו לו, לא יזיזם ממקומם.

ו. אין נמנין על הבהמה לכתחלה ביום טוב, אבל נמנין עליה מערב יום טוב, ושוחטין ומחלקין ביניהן. ר׳ יהודה אומר, שוקל אדם בשר כנגד הכלי או כנגד הקופיץ. וחכמים אומרים, אין משגיחין בכף מאזנים כל עיקר:

---

אז לויט ר׳ שמעון טאָר דער מומחה, דער קענער, ניט זאָגן אים יום טוב, צי דאָס איז א פעסטער מום, ווייל אים יום טוב טאָר מען ניט פסקענען קיין דינים.

ה. בהמה, אַ בהמה, וואָס איז אים יום טוב) געשטאָרבן, טאָר מער איר (אים יום טוב) ניט רירן פון אָרט. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען א בהמה וואָס מען האָט איר מקדיש געווען אלס קרבן צום בית המקדש, און אויב זי שטאַרבט דאַרף מען איר באַגראָבן, און דעריבער טאָר מען איר אים יום טוב ניט רירן פון אָרט. אָבער אויב די בהמה איז געווען חולין, מען האָט איר ניט מקדיש געווען, און אויב די בהמה איז געווען א מסוכנת (געהאַלטן ביים שטאַרבן) שוין ערב יום טוב, מעג מען איר צושניידן און געבן צו עסן צו הינט, ווייל מען האָט שוין אים ערב יום טוב דער־וואַרט אז זי וועט שטאַרבן, און זי איז דעריבער געווען "מוכן", צוגעגרייט, אז מען וועט איר וואַרפן פאַר די הינט. ומעשה, און עס איז געווען א מעשה, און מען האָט געפרעגט (א שאלה) ר׳ טרפון אויף איר (אויף אזא בהמה) און אויף חלה וואָס איז טמא געוואָרן, און ער (ר׳ טרפון) איז אריינגעגאַנגען אין בית המדרש און ער האָט געפרעגט (די שאלה ביי די חכמים), און זיי האָבן אים געזאָגט, אז מען זאָל זיי (די בהמה און די טמא־חלה) ניט רירן פון זייער אָרט (אים יום טוב). חלה איז דאָס שטיקל טייג וואָס מען שיידט־אָפּ און מען גיט עס צום כהן. די אָפּגעשיידטע חלה איז הייליק און אויב זי ווערט טמא, דאַרף מען איר פאַרברענען (זע אין דער הקדמה צו מסכתא חלה), און אים יום טוב טאָר מען טמא־געוואָרענע הייליקע זאַכן ניט פאַרברענען (אין שורפין קדשים ביום טוב), און דעריבער טאָר מען איר אים יום טוב ניט רירן פון אָרט.

ו. אין, מען טאָרניט (עטליכע מענטשן צוזאַמען) מאַכן א בשותפות־קויף פון א בהמה אים יום טוב. "נימנין", מיינט צוטרעטן צום קויף, ווערן א שותף (זע אין מסכתא פסחים פרק ה׳ משנה ג׳ וועגן "מנויים"). די משנה מיינט דאָ, אז עטליכע מענטשן, צוויי צי דריי מענטשן, טאָרן אים יום טוב ניט נעמען א בהמה בשותפות לאָמיר זאָגן, פאַר דריי גילדן, און אָפּרעדן זיך אז יעדער זאָל שפּעטער, אין דער וואָכנס, באַצאָלן זיין חלק. אבל, אָבער מען מעג מאַכן דעם בשותפות־קויף ערב יום־טוב, און (אים יום טוב) שעכטן איר און צוטיילן צווישן זיך (דאָס פלייש). אָבער מען טאָר ניט דאַביי אויסרעדן זיך אים יום טוב וויפיל יעדער וועט שפּעטער צאָלן פאַר זיין חלק פלייש. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען מעג (אים יום טוב) אָפּוועגן פלייש אין א כלי אָדער קייגן א האַק־מעסער. מען מעג אַרויפלייגן אויף איין וואָל־שאָל פלייש און אויף דער אנדערער וואָג־שאָל א כלי אָדער א האַק־מעסער און שפּעטער, אין דער וואָכנס, וועגט מען אָפּ די כלי צו דעם האַק־מעסער, און אזוי אַרום ווייסט מען וויפיל פלייש מען האָט גענומען; אָבער אַרויפלייגן געוויכטער און אָפּוועגן דאָס פלייש טאָר מען ניט, ווייל מען דאַרף מאַכן א ענדערונג פון דעם וואָס מען טוט אין דער וואָכנס (מעשה חול). וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז מען טאָר (אים יום טוב) אינגאַנצן ניט איינקוקן זיך (משגיחין, באַנוצן) אין דער וואָג־שאָל. רש״י זאָגט, אז מען טאָר־ניט אפילו סתם אוועקלייגן פלייש אין א וואָג־שאָל, אפילו ניט אָפּצווועגן, נאָר צו היטן עס פאַר מייז.

**ז. אין משחיזין את הסכין ביום טוב, אבל משיאה על גבי חברתה. לא יאמר אדם לטבח: „שקול לי בדינר בשר״, אבל שוחט ומחלקים ביניהם:**

**ח. אומר אדם לחבירו: „מלא לי כלי זה״, אבל לא במדה. ר׳ יהודה אומר, אם היה כלי של מדה, לא ימלאנו. מעשה באבא שאול בן בטנית שהיה ממלא מדותיו מערב יום טוב ונותנן ללקוחות ביום טוב. אבא שאול אומר, אף במועד עושה כן (מפני ברורי המדות). וחכמים אומרים, אף בחול עושה כן מפני מצוי המדות. הולך אדם אצל חנוני הרגיל אצלו, ואומר לו „תן לי בצים ואגוזים במנין״, שכן דרך בעל הבית להיות מונה בתוך ביתו:**

---

ז. אין משחיזין, מען טאָר ניט אנשלייפן (שארף מאכן, משחיזין) דעם מעסער אים יום טוב, אָבער מען מעג אים (דעם מעסער) אָנגשארפן אויף אן אנדער מעסער. מען טאָר ניט דאָס מעסער אנשלייפן אין א שלייף־שטיין, אָבער אָנרייבן אים אין אן אנדערן מעסער מעג מען; דאָס איז אלץ, כדי ניט צו טאָן ווי מען טוט אין דער וואָכנס. דער תרגום אין תהלים ז׳ אויפן פסוק „חרבו ילטוש״ זעצט איבער „סייפיה ישחיז״, אָנשלייפן זיין שווערט. „משיאין״ איז פון „נשא״, טראָגן, אריבערגיין מיט דעם מעסער איבער דעם אנדערן מעסער. לא יאמר, מען זאָל ניט זאָגן (אים יום טוב) צום קצב: „וועג מיר אָפּ פאר א דינר (א גילדן) פלייש״, אָבער ער (דער קצב) שעכט די בהמה) און מען צעטיילט צווישן זיי (צווישן די קונים). „דינר״ אז געווען אן אלטע גריכישע מטבע „דענאַריאָן״, און מען טייטשט עס א גילדן. מיט „צעטיילן צווישן זיי״, מיינט מען, אז איינער נעמט א פערטל, צי א האַלב פערטל, און צו־מאָרגנס שאצט מען אָפּ און מען באצאָלט, וויפיל עס האָט באטראָפן.

ח. אומר, א מענטש מעג זאָגן (אים יום טוב) צו זיין פריינט (א קרעמער, וואָס האָט צו פארקויפן עסנווארג): „פול מיר אָן די דאָזיקע כלי״, אָבער (עס טאָר) ניט (זיין) מיט א מאָס. סתם א כלי מעג דער פארקויפער אָנפילען מיט עסנווארג און אים געבן, און שפעטער, אין דער וואָכנס, אָפּמעסטן, וויפיל עס איז אריין אין דער כלי; אָבער אָפּמעסטן אין א מאָס, למשל, א קוואָרט, טאָר מען ניט. אָבער אויב די כלי האָט א מאָס, מען ווייסט, אז זי האלט למשל א קוואָרט, אָבער זי איז ניט באַשטימט צום מעסטן מיט איר, כאָטש בשעת הדחק מעסט מען יאָ מיט איר, מעג מען אָנפילן די כלי. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב די כלי האָט א מאָס (אפילו מען מעסט ניט מיט איר) זאָל מען זי ניט אָנפילן. ווייל עס טרעפט זיך דאָך אז מען מעסט מיט דער דאָזיקער כלי. מעשה, עס איז געווען א מעשה מיט אבא שאול בן בטנית, אז ער פלעגט אָנפילן זיינע מאָסן־כלים ערב יום טוב און האָט זיי געגעבן צו זיינע קונים אים יום טוב. אבא שאול בן בטנית איז געווען א תנא אין ירושלים אין די לעצטע יאָרן פאַר חורבן פון 2טן בית המקדש, און ער איז אויך געווען א סוחר (ווערט דערמאָנט אין מסכתא שבת פרק כ״ד משנה ה׳, אז ער האָט געפסקנט א שאלה). אבא שאול זאָגט, אז אויך אין חול המועד האָט ער (אבא שאול בן בטנית) אזוי געטאָן. ער פלעגט ביינאַכט אָנגיסן אין די מאָס־כלים, כדי צו קאָנען צומאָרגנס געבן גלייך די קונים און ער זאָל ניט דארפן פארלירן צייט, מחמת ער האָט געוואָלט זיצן אין בית המדרש און ענטפערן שאלות, וואָס מען פלעגט אים קומען פרעגן אים חול המועד, ווען מענטשן אַרבייטן ניט און האָבן צייט. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אויך אין דערוואָכנס פלעגט ער אזוי טאָן, כדי אויסצוקוועטשן די מאָסן (מיצוי המידות). ער פלעגט הייסן די קונים ברענגען אויף דער נאכט זייערע כלים, און ער פלעגט זיי מיט א סך זיינע מאָסן אָנמעסטן אייל און אריינגיסן אין די קונים׳ס כלים, און זיי זענען געשטאַנען ביי אים אַ גאַנצע נאַכט. און ווייל ער האָט גענוצט דאַביי אַ סך מאָסן האָט ער יעדן איינעם געלאָזט הענגען איבער דער כלי די מאָס מיט דעם

## פרק ד.

**א המביא כדי יין ממקום למקום לא יביאם בסל ובקופה, אבל מביא הוא על כתפו או לפניו. וכן המוליך את התבן, לא יפשיל את הקופה לאחוריו, אבל מביאה הוא בידו. ומתחילין בערימת התבן, אבל לא בעצים שבמוקצה.**

**ב. אין נוטלין עצים מן הסוכה, אלא מן הסמוך לה. מביאין עצים**

---

**אייל, כדי דער אייל זאָל א גאנצע נאַכט גוט אריינרינען אין די כלים, און עס זאָל ניט בלייבן אין די מאָסן אייל צוגעקלעבט צו די ווענט. אַזוי טייטשט רשי.** הולך, אַ מענטש מעג גיין (אים יום טוב) צו א קרעמער ביי וועמען ער איז געוואוינט (צו קויפן, און ער געטרויט אים) און זאָגן צו אים: „גיב מיר איי'ער און ניס אַזאַ צאָל", מחמת אזוי איז דער שטייגער פון א בעל הבית צו ציילן (עסנווארג) ביי זיך אין הויז. **און הייסט עס ניט ווי ער וואָלט אים געזאָגט, אז ער וויל אייער און ניט פאר אזוי פיל געלט, אויב ער זאָגט אים למשל, „גיב מיר צען אייער, צי צוואַנציק ניס". עס הייסט נור, אז דער בעל הבית זאָגט אים, אז ער דארף האָבן אזא צאָל אייער אָדער ניט. אָבער ער טאָר אים ניט זאָגן, אז ער זאָל געבן אייער צי ניס פאר א גילדן:**

## פרק ד.

א. המביא, אז איינער ברענגט (אים יום טוב) קרוגן מיט וויין פון איין אָרט אין אן אַנדערן אָרט, זאָל ער זיי ניט ברענגן אין א קויש אָדער אין א גרויסן קויש (קופה), נאָר ער זאָל זיי טראָגן אויף זיין אקסל אָדער פאר זיך (אין פראָנט פון זיך). **כדי עס זאָל זיין אנדערש ווי מען פירט אין דער וואָכנס (מעשה חול). רשי זאָגט, אז דאָס מיינט מען אז ער פירט פון אן אָרט וואָס ליגט אין תחום, און די 2000 איילן, ווייל אים יום טוב** (פונקט ווי אים שבת) **טאָר מען ניט גיין ארויס פון תחום.** וכן, און אזוי (איז אויך דער דין), ווען איינער ברענגט שטרוי (אים יום טוב) זאָל ער גיט אריבערוואַרפן דעם קויש (מיט שטרוי) הינטער זיך (אויף די פלייצעס), נאָר ער זאָל עס טראָגן אין זיין האַנט. **אויך דאָ איז דערזעלבער טעם, כדי מען זאָל עס טאָן אנ־דערש ווי מען טוט עס אינדערוואָכנס.** ומתחילין, און מען מעג אָנהייבן (אים יום טוב, צו נעמען שטרוי צום ברענען דערמיט) פון א קופע שטרוי. **כאָטש דאָס איז א קופע שטרוי, פון וועלכער מען האָט נאָכניט גענומען קיין שטרוי, מעג מען אָנהייבן צו נעמען פון איר שטרוי אים יום טוב. ווייל די דאָזיקע משנה האלט ניט פון דין פון געוויינטליכער „מוקצה", און דאריבער כאָטש ער האָט ניט אינזינען געהאַט ערב יום טוב צו נוצן דאָס שטרוי, מעג מען נעמען דערפון אים יום טוב.** אבל, אָבער מען טאָרניט נעמען (צום ברענען) דאָס האָלץ וואָס ליגט אין דעם לאגער־פלאץ (מוקצה). **„מוקצה" (פון „קצה", אָפגעשיידט, אוועקגעלייגט) האָט געהייסן דער פלאץ, וואָס איז געווען ביי א בעל הבית הינטער זיין הויף, און דאָרט פלעגט ער אוועקלייגן קלעצער האָלץ, וואָס ער וועט דארפן נוצן צום בויען א הויז, צי א שטאַל, און אויך פלעגט ער דאָרט אויסשפרייטן פרוכטן צום טרוקענען (זע שביעית פרק ח' משנה ו' און ווייטער דאָ אין ביצה אין זעלבן פרק משנה ז' „עומד אדם על המוקצה"). זאָגט די משנה, אז ווייל דאָס זענען קלעצער האָלץ צום בויען, טאָר מען זיי ניט נעמען אים יום טוב צום ברענען, ווייל עס איז „מוקצה מחמת הסרון כיס", עס הייסט היזק געהאַט געלד, און דערויף האָט מען זיכער ניט גערעכנט זיך ערב יום טוב, אז מען זאָל אזא בוי־האָלץ נוצן אים יום טוב צום ברענען, און פון אזא „מוקצה" האָלט אויך דער דאָזיקער תנא אז מען טאָר ניט אים יום טוב.**

ב. אין נוטלין, מען טאָר ניט (אים יום טוב) נעמען האָלץ פון דער סוכה, נאָר (מען מעג נעמען האָלץ) פון דעם וואָס איז אָנגעלעגט ביי איר (ביי דער סוכה). **מיט סוכה מיינט מען דאָ א הילצערנעם ביידל; ניט דוקא א סוכה אים סוכות, נאָר א ביידל אויך אין אן אנדערן יום טוב, אים פסח צי שבועות. זאָגט די משנה אז מען**

**מן השדה מן המכונס, ומן הקרפף אפילו מן המפוזר. איזהו קרפף? כל שסמוך לעיר, דברי ר' יהודה. ר' יוסי אומר, כל שנכנסין לו בפותחת, ואפילו בתוך תחום שבת:**

**ג. אין מבקעין עצים, לא מן הקורות, ולא מן הקורה שנשברה ביום טוב. ואין מבקעין לא בקרדום ולא במגרה ולא במגל, אלא בקו-**

---

טאָר ניט נעמען האָלץ פון די ווענט פון דעם הילצערנעםביידל צום ברענען, ווייל דאָס ביידל איז דאָך א „אוהל”, א געצעלט, א בנין, און מען טאָרניט צושטערן אים יום טוב קיין בנין. אָבער די שטעקלעך וואָס שטייען לעבן דעם ביידל און זענען אָנגעלענט צו די ווענט און זענען ניט מיט־אריינגעפלאָכטן אין די ווענט, מעג מען יאָ נעמען אים יום טוב, ווייל זיי הייסן ניט קיין טייל פון דעם ביידל. מביאין, מען מעג ברענגן (אים יום טוב) האָלץ (אָפּגעשניטענע) פון פעלד, פון דעם צונויפגעקליבענעם (האָלץ). אויב אין פעלד (ניט ווייטער פון 2000 איילן פון שטאָט, וואוהין מען מעג גיין אים אום טוב) ליגן שטיקלעך אָפּגעשניטענע האָלץ אין איין אָרט, צונויפגעקליבן, ניט פונאנדערגעשפרייט, מעג מען זיי ברענגן אים יום טוב אין שטאָט אריין צום ברענען מיט זיי, ווייל אויב מען האָט זיי צונויפגענומען, האָט מען דאָך שוין ערב יום טוב אינזינען געהאַט זיי צו נוצן צום ברענען. אָבער פון פונאַנדערגעשפרייטע העלצער טאָר מ'ניט נעמען, ווייל מען האָט דאָך ניט אינזינען געהאַט ערב יום טוב זיי צו נוצן. ומן הקרפף, און פון האָלץ־פלאַץ (מעג מען נעמען האָלץ אים יום טוב צום ברענען) אפילו פון פונאנדערגעשפרייט (האָלץ). „קרפף” הייסט דער ארומגעצוימטער פלאַץ וואו א בעל הבית האַלט אָנגעזאמלט האָלץ צום ברענען, און דאָריבער מעג מען נעמען פון דעם האָלץ, אפילו ווען עס איז פונאַנדערגעוואָרפן, ווייל מען האָט דאָך שוין ערב יום טוב אינזינען געהאַט צו ברענען דערפון, מחמת עס ליגט דאָך אין דעם ארומגעצוימטן פלאַץ. איזהו, וואָס הייסט קרפף (א האָלץ־פלאַץ)? יעדער פלאַץ וואָס איז נאָנט צו דער שטאָט, אזוי זאָגט ר' יהודה. אויב דער פלאַץ איז ווייט פון דער שטאָט טאָר מען ניט נעמען פון דאָרט קיין האָלץ אים יום טוב, ווייל מען האָט זיכער ניט אינזינען געהאַט ערב יום טוב צו נעמען דערפון. די גמרא זאָגט, אז ר' יהודה האַלט, אז דער פלאַץ מוז אויך זיין פארמאַכט מיט א טיר, וואָס מען שליסט צו (פותחת). ר' יוסי זאָגט, אז יעדער (פלאַץ), אין וועלכן מען גייט אריין דורך א טיר מיט א שליסל, און אפילו (ער איז ווייט פון דער שטאָט) אין דעם תחום שבת. תחום שבת הייסט 2000 איילן. דאָס איז די שטרעקע ביז וואנען מען מעג גיין אים יום טוב. לויט ר' יוסי מוז דער פלאַץ ניט זיין לעבן דער שטאָט, און עס איז גענוג אז ער איז אין תחום שבת, אין די 2000 איילן (כדי מען זאָל קאָנען אהינגיין אים יום טוב), און מען גייט אריין אין פלאַץ דורך א טיר, וואָס מען שליסט צו. די גמרא זאָגט, אז לויט ר' יוסי, אויב דער פלאַץ איז לעבן דער שטאָט, דארף מען ניט קיין צוגעשלאָסענע טיר. „פותחת” הייסט א שלאָס, און מיר האָבן עס אויך אין מסכתא בבא בתרא פרק ו' משנה ה' „זה עושה לו פותחת”, „דער מאַכט זיך א שלאָס”.

ג. אין מבקעין, מען טאָר ניט (אים יום טוב) צעהאקן האָלץ (צום ברענען) ניט פון בוי־קלעצער (קורות) און ניט פון א בוי־קלאָץ, וועלכער איז צעבראָכן געוואָרן אים יום טוב. מחמת ערב יום טוב האָט מען ניט גערעכנט אז מען וועט זיי באנוצן אויף האָלץ צום ברענען, ווארום זיי זענען דאָך געווען באַשטימט צום בויען. ואין מבקעין, און מען טאָר ניט (אים יום טוב) צעהאַקן (אפילו האָלץ, וואָס מען מעג יאָ צעהאַקן צום ברענען, למשל פון א קלאָץ, וואָס איז צעבראָכן געוואָרן ערב יום טוב), ניט מיט א האַק, און ניט מיט אַ זעג און ניט מיט קיין שנייד־מעסער, נאָר מען (מעג צעהאַקן) מיט אַ האַק־מעסער. מען מוז צעהאַקן אַנדערש ווי מען טוט עס אין דער וואָכנס (מעשה חול), און ווייל מיט א האק־מעסער האַקט מען, געוויינטליך, פלייש,

פיץ. בית שהוא מלא פירות, סתום ונפחת, נוטל ממקום הפחת. ר׳ מאיר אומר, אף פותח לכתחלה ונוטל:

ד. אין פותחין את הנר, מפני שהוא עושה כלי, ואין עושין פחמין ביום טוב, ואין חותכין את הפתילה לשנים. ר׳ יהודה אומר, חותכה באור לשתי נרות.

ה. אין שוברין את החרס, ואין חותכין את הנייר לצלות בו מליח,

---

ניט קיין האָלץ, מעג מען דערמיט אים יום טוב האַקן האָלץ. וועגן וואָרט „קופיץ״ זע מסכתא פסחים פרק ז׳ משנה י״ב. בית, א שטוב וואָס איז פול מיט פרוכטן, און זי איז פארמאַכט געוואָרן און זי איז געוואָרן אים יום טוב (אין איין אָרט) אויפגעבראָכן (עס זענען ארויסגעפאלן עטליכע ציגל און עס איז געוואָרן א לאָך), מעג מען (אים יום טוב) נעמען פרוכטן פון דעם אָרט, וואו עס איז געוואָרן אויפגעבראָכן. רשי זאָגט, אז מיינט מען א שטוב וואָס איז געבויט פון בלויז ציגל, ארויפגעלייגט איין ציגל אויף דער אַנדערער, און ניט באַשמירט מיט ליים און קאַלך. און ווייל לויט דעם דין פון דער תורה מעג מען ארויסנעמען עטליכע ציגל אים יום טוב (און נור מדרבנן טאָר מען ניט), דאַריבער הייסן די פרוכטן ניט קיין מוקצה, ווייל מען האָט געקאָנט ערב יום טוב אינזינען האָבן, אז מען וועט קאָנען צוקומען צו זיי אים יום טוב. ר׳ מאיר זאָגט, אז מען מעג לכתחילה (אים יום טוב) אויפברעכן (ארויסנעמען עטליכע ציגל) און נעמען (פרוכטן). ר׳ מאיר האלט, אז ווייל עס איז נור אָנגעלייגט ציגל, אָן קאלך און ליים, הייסט עס ניט צעשטערט אַ הויז.

ד. אין פותחין, מען טאָרניט עפנען (אים יום טוב) א לעמפל, ווייל מען מאַכט עס א כלי. די גמרא טייטשט די משנה אזוי: די אמאָליקע לעמפלעך זענען געווען ערדענע, און א לעמפעל איז געווען אזוי ווי א שיסעלע, אין וועלכן מען האָט אריינגעגאָסן אייל און אריינגעלייגט א קנייטל. די לעמפלעך זענען געמאכט געוואָרן דורך א טעפער, וועלכער פלעגט צוערשט מאכן פון דער ליים־מאסע קייליכיקע שטיקער, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי אייער (און זיי הייסן דאריבער „ביצות היוצרים״, די אייער פון טעפער), און דערנאָך האָט ער איבערגעשניטן די דאָזיקע אייער אויף דער העלפט, און אינווייניק אריינגעדריקט די ווייכע מאסע ליים, אזוי אז עס איז געוואָרן ווי א שיסעלע. דאָס דאָזיקע אריינדריגגן די ווייכע מאסע הייסט „פותחין״, „מען עפנט איר״. אן אנדער גירסא האָט „פוחתין״, „מען מאַכט איר ווינציקער״, און דער זין דערפון איז דערזעלביקער. זאָגט די משנה, אז מען טאָר דאָס ניט טאָן אים יום טוב, ווייל עס הייסט גענומען א רויהע שטיק ליים און געמאָכט דערפון א כלי, און מאכן א כלי אים יום טוב טאָר מען ניט. ואין עושין, און מען טאָרניט מאכן קיין קוילן אים יום טוב. דאָ מיינט מען ברענען אזוי האָלץ, אז ניט עס זאָל פארברענען ווערן, נאָר עס זאָל ווערן דערפון ווייכע קוילן צום נוצן פאר גאָלדשמידן. דאָס טאָר מען אויך ניט, ווייל עס הייסט געמאַכט א זאך (א כלי, א זאך) אים יום טוב. ואין חותכין, און מען טאָר ניט איבערשניידן א קנייטל אויף צווי טיילן, אויך צוליב דעמזעלביקן טעם, ווייל עס הייסט געמאַכט א זאך, א כלי. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען מעג עס (דאָס קנייטל) איבערשניידן דורך פייער צו צווי לעמפלעך. די גמרא טייטשט, אַז מען מעג איין שפיץ פון דעם לאנגן קנייטל אריינשטעקן אין איין לעמפל, און דאָס אנדערע שפיץ פון דעם לאנגן קנייטל אין אן אנדערן לעמפל, און מען צינדט אָן אין מיטן דעם קנייטל, ברענט זיך עס איבער, און עס ווערן צווי קנייטלעך אין צווי לעמפלעך. דאָס מעג מען, ווייל עס זעט ניט אויס ווי ער מאַכט א זאך, נאָר ווי ער צינדט אָן צום ברענען.

ה. אין שוברין, מען טאָר ניט (אים יום טוב) צעברעכן א שערבל, און מען טאָר ניט צעשניידן פאפיר כדי אָפצובראָטן אין אים געזלצנס (א געזאלצענעם פיש); און מ׳טאָר ניט אויסשיירן אן אויוון אָדער א קיך, אָבער מען מעג צודריקן (מכבשין).

ואין גורפין תנור וכירים, אבל בכבשין, ואין מקיפין שתי חביות לש־פות עליהן את הקדרה, ואין סומכין את הקדרה בבקעת, וכן בדלת, ואין מנהיגין את הבהמה במקל ביום טוב. ור׳ אלעזר בר׳ שמעון מתיר.

ו. ר׳ אליעזר אומר, נוטל אדם קיסם משלפניו לחצוץ בו שיניו, ומגבב מן החצר ומדליק, שכל מה שבחצר מוכן הוא. וחכמים אומרים, מגבב משלפניו ומדליק:

ז. אין מוציאין את האור לא מן העצים ולא מן

---

אויב אין אויוון אָדער אין דער קיך איז אַראָפּגעפאַלן פון דער ווענט דער קאַלך טאָר מען אים ניט ארויסנעמען אים יום טוב. אָבער מ׳מעג אין אים צודריקן דאָס אש צו דעם באָדן פון אויוון און קיך, אַז עס זאָל ניט שטערן דאָס באַקן און קאָכן. ואין מקיפין, און מען טאָר ניט צושטעלן (מקיפין, צונענטערן) איין פאס צו אַן אַנ־דערע פאַס, כדי אַרויפצוזעצן (לשפות) אויף זיי דעם טאָפּ. די אמאָליקע פעסער זע־נען געווען ערדענע. ווען מען שטעלט־צו צוויי פעסער איינע לעבן דער אנדע־רער קאָן מען ארויסשטעלן א טאָפּ אין דער הויך אויף די ביידע פעסער, און אונטן צווישן די פעסער צינדט מען אָן פייער און מען קאָכט דעם טאָפּ. זאָגט די משנה, אז אים יום טוב טאָר מען ניט צושטעלן די פעסער, ווייל דאָס הייסט ווי אויפגע־בויט א קיך אים יום טוב. „מקיפין״, דערנענטערן, און דאָס וואָרט איז פאראן אין דער משנה אין א סך ערטער (תרומות פרק ד׳ ג׳ „שלא מן המוקף״). „לשפות״, ארויפזעצן א טאָפּ, איז פאראן אין תנך (ווי מלכים ב׳ ד׳ „שפת הסיר״).ואין סומכין, און מען טאָרניט אונטערשפארן א טאָפּ מיט א שטיקל האָלץ (בקעת). ווייל האָלץ מעג מען אים יום טוב נעמען נור צום ברענען. „בקעת״, פון „בקע״, שפּאלטן, א שטיקל האָלץ. וכן בדלת, און אזוי איז אויך מיט א טיר. אויך א טיר טאָר מען ניט אונטערשפארן מיט א שטיקל האָלץ. ואין מנהיגין, און מען טאָרניט פירן א בהמה מיט א שטעקן אים יום טוב. מען טאָר ניט טרייבן די בהמה מיט א שטעקן, ווייל עס זעט אויס ווי מען פירט איר אין מאַרק אריין צום פארקויפן. ור׳ אלעזר ברבי שמעון, און ר׳ אלעזר ברבי שמעון איז מתיר (צו פירן די בהמה מיט א שטעקן). ווייל ער האַלט ניט אז עס זעט אויס ווי מען פירט די בהמה אין מארק אריין צום פארקויפן.

ו. ר׳ אליעזר זאָגט, אז א מענטש מעג (אים יום טוב) נעמען א שפּענדל (קיסם) פון (דעם האָלץ וואָס ליגט) פאר אים כדי זיך אויסצושטעכן (לחצוץ, אויסצורייניגן) זיינע ציין, און ער מעג צונויפקלייבן (שטיקלעך האָלץ) פון הויף און ברענען, ווייל אלץ וואָס איז פאראן אין הויף הייסט אָנגעגרייט (מוכן). די גמרא זאָגט, אז ר׳ אליעזר האַלט, אז ער מעג נעמען אפילו פון הויף א שפּענדל צום אויסשטעכן זיך די ציין, ווייל אלץ אין הויף הייסט „מוכן״, אָנגעגרייט, און עס איז ניט קיין מוקצה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא ביצה), נאָר ווייל די חכמים זאָגן ווייטער אז אפילו פון דעם האָלץ וואָס ליגט פאר אים טאָר ניט נעמען דאָס שפּענדל צום רייניגן די ציין, דאריבער זאָגט די משנה „מלפניו״ (פון פאר אים). „קיסם״, מיינט דער „ערוך השלם״, איז דאָס גריכישע וואָרט „קעאסמא״, אן אָפּגעהאַקט שטיקל האָלץ. „מגבב״, צונויפשארן האָלץ, גראָז, איז פאראן א סך מאָל אין משנה (ווי אין שביעית פרק ט׳, משנה ו׳ „והמגבב ביבש״). „לחצוץ״, רייניקן, איז אייגנטליך דער טייטש „אויסשטעכן״, און דער תרגום משלי ל׳, י״ז זעצט איבער „יקרוה״ (אויסשטעכן) מיט „נחצוניה״. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ער מעג צונופשארן פון פאר זיך און ברענגן. אָבער אויסשטעכן זיך די ציין דערמיט טאָר ער ניט.

ז. אין מוציאין, מען טאָרניט (אים יום טוב) ארויסקריגן פיַיער ניט פון העל־צער (דורך רייבן איין האָלץ אין אנדערן ביז זיי צינדן זיך אָן), און ניט פון ערד (פאראן ערד וואָס דורך גראָבן איר קומט ארויס פייער), און ניט פון וואסער.

**העפר ולא מן המים. ואין מלבנין את הרעפים לצלות בהן. ועוד אמר ר׳ אליעזר, עומד אדם על המוקצה ערב שבת בשביעית, ואומר: „מכאן אני אוכל למחר״. וחכמים אומרים, עד שירשום ויאמר, „מכאן ועד כאן״:**

## פרק ה.

**א. משילין פירות דרך ארובה ביום טוב, אבל לא בשבת. ומכסים**

---

די מפרשים טייטשן, אז דאָס מיינט מען, אז מען גיסט אַן אין א גלאָז וואַסער און מען שטעלט עס אוועק קייגן דער זון, און די זון שטראַלן קאָנצענטרירן זיך אין דעם גלאָז מיט וואַסער ווי אין א ברען גלאָז און מ׳צינדט אָן א שטיקל פּאַפּיר וואָס ליגט אויף דער ליניע פון די שטראַלן. מען מעג אים יום טוב נור ברענען, ווען מען האָט פייער, אָבער שאַפן פייער, טאָר מען ניט, ווייל דאָס הייסט „מוליד״, שאַפן א זאַך, וואָס איז נאָכניט פאַראַן. ואין מלבנין, און מען טאָר ניט אָנגליען דאַכּוּבּקעס (רעפים, שינדלן, ערדענע דאַכּוּבּקעס, אויסגעהוילטע ציגעל), כדי צו בראָטן אויף זיי. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען נייע דאַכּוּבּקעס, און מען טאָרניט ווייל דורך דעם אָנ־גליען זיי ווערן זיי שטאַרקער, און דאָס הייסט ווי געמאַכט אַ כּלי. ועוד, און נאָך אַ זאַך האָט געזאָגט ר׳ אליעזר, אז א מענטש קאָן זיך אוועקשטעלן ערב שבת אים שמיטה־יאָר אויף דעם לאַגער־פּלאַץ (מוקצה, דעם פּלאַץ הינטער דעם הויף אויף וועלכן עס ליגט נאַסע פייגן צום טרוקענען) און זאָגן: פון דאנען וועל איך עסן צו־מאָרגנס (אים שבת). און ער מעג צומאָרגנס, שבת עסן פון די נאַסע פייגן, ווייל דאָס הייסט, ווי ער האָט זיי אָנגעגרייט ערב שבת. ער דאַרף ניט אָנווייזן, אז ער וועט עסן די און די פייגן, נאָר עס איז גענוג ווען ער זאָגט, אז „פון דאנען״ וועט ער עסן. די משנה זאָגט „אים שמיטה־יאָר״, ווייל געוויינטליך האָט מען פון נאַסע פייגן צו טרוקענען נאָכניט געהאַט אָראָפּגענומען מעשר, און מען טאָר זיי ניט עסן פאַרן מעשר אָראָפּנעמען, און אים שבת טאָר מען דאָך ניט אָראָפּנעמען קיין מעשר; אָבער אים שמיטה־יאָר איז מען פטור פון אָפּצושיידן מעשר (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי). וועגן „מוקצה״ אלס נאָמען פאַר „לאַגער־פּלאַץ״ זע פריער פרק ד׳ משנה א׳. די ווערטער „און נאָך האָט ר׳ אליעזר געזאָגט, גייען אַרויף אויף די פריערדיקע משנה ו׳, וואו עס ווערט געבראַכט ר׳ אליעזר ווערטער. וחכמים, און די חכמים זאָגן, (אז ער טאָר ניט סיידן ער האָט (ערב שבת) אָנגעצייכנט און געזאָגט, „פון דאנען ביז דאנען״. לויט די חכמים איז ניט גענוג ווען ער זאָגט סתם אז „פון דאנען״, פון דעם לאַגער־פּלאַץ, וועט ער עסן, נאָר ער מוז אָנווייזן, וועלכע פייגן ער וועט נעמען, ער מוז אָנווייזן גענוי אויף דעם אָרט אין דעם פּלאַץ, אז ער וועט עסן די און די פייגן.

## פרק ה.

א. משילין, מען מעג אַראָפּוואַרפן פרוכטן דורך דעם דאַך־פענסטער אים יום־טוב, אָבער ניט אים שבת. אין די וואַרימע מזרח־לענדער, ווי אין ארץ ישראל און אנדערע, האָלט מען די פרוכטן אויף די דעכער, און די דעכער זענען דאָרט גלייכע, ניט קרומע. וועגן האַלטן פרוכט אויף די דעכער ווערט דערמאָנט א סך מאָל אין משנה (ווי אין מעשרות פרק ג׳, משנה ד׳). אין דאַך איז פאַראַן א פענסטער אין הויז אַריין, און דאָס פענסטער הייסט „ארובה״ (פאַראַן אין תנך, ווי ביים מבול בראשית ח׳ „ארבות השמים״). זאָגט די משנה, אז אים יום טוב מעג מען דורך דעם פענסטער אַראָפּוואַרפן פרוכטן פון דאַך אין שטוב אַריין, אויב ער זעט אז עס קומט אָן א רעגן; אָבער אים שבת איז האַרבער און מען טאָר ניט. „משילין״ איז פון „נשל״, אַראָפּוואַרפן, ווי „כי ישל זיתך״ (דברים כ״ח). ומכסים, און מען מעג צודעקן די פרוכטן מיט כלים (צו שיצן זיי) קייגן דעם רעגן־וואַסער. „דלף״ הייסט „טריפן״

**פירות בכלים מפני הדלף, וכן כדי יין וכדי שמן. ונותנין כלי תחת הדלף בשבת.**

**ב. כל שחייבין עליו משום שבות משום רשות, משום מצוה בשבת, חייבין עליו ביום טוב. ואלו הן משום שבות: לא עולין באילן, ולא רוכ־בין על גבי בהמה, ולא שטין על פני המים, ולא מטפחין, ולא מספקין, ולא מרקדין. ואלו הן משום רשות: לא דנין, ולא מקדשין, ולא חולצין,**

---

(קהלת י' „ידלוף הבית״), **און דאָ מיינט מען דאָס רעגן־וויסער וואָס רינט אראָפּ אין שטוב; אויב עס שטייען דאָרט פּרוכטן מעג מען זיי צודעקן אים יום טוב** (לויט תוס־**פות, אויך אים שבת**). וכן, און אזוי (מעג מען אויך צודעקן מיט כלים צו שיצן קייגן רעגן) אויך קרוגן מיט ווין און קרוגן מיט אייל. **אויך דאָ מעג מען צוליב דעם טעם פון „הפסד ממון״, כדי זיי זאָלן ניט קאַליע ווערן און מען זאָל ניט פאַרלירן קיין געלט.** ונותנין, או מען מעג אונטערשטעלן א כלי אונטער דעם רעגן־וואַסער אים שבת. **רשי טייטשט, אז אויב דאָס רעגן־וואַסער רינט אריין אין שטוב מעג מען אונטער־שטעלן א כלי אריינצונעמען דאָס וואַסער, כדי די שטוב זאָל ניט פאַרשמוציקט ווערן.**

ב. כל, אלץ (יעדע ארבייט) וואָס מען איז חייב אויף איר צוליב שבות, צוליב רשות און צוליב מצוה, אים שבת, איז מען אויך חייב אויף איר אים יום טוב. **דאָס וואָרט „חייב״ מיינט מען דאָ ניט, אַז מען איז חייב כרת** (**פאַר טאָן אַ מלאכה אים שבת**), **נאָר מען מיינט, אז עס איז אסור, פאַרבאָטן דורך די חכמים. די משנה וועט דערקלערן, וואָסערע זאכן זענען „שבות״, און וואָסערע זענען „רשות״ און וואָ־סערע זענען מצוה.** ואלו, און דאָזיקע (זענען אסור אים שבת און אים יום טוב) צוליב שבות: מען טאָר ניט ארויפקריכן אויף א בוים, **ווייל מען האָט מורא, טאָמער וועט ער עפּיס אָפּרייסן פון בוים.** ולא רוכבין, און מען טאָרניט רייטן אויף אַ בהמה. **ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט ער אָפּרייסן א צווייגל פון א בוים כדי צו האָבן מיט וואָס צו טרייבן די בהמה.** ולא שטין, און מען טאָר ניט שווימען אויפן וואַסער. **ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט ער מאַכן א שווים־פאַס, „חבית של שייטין״, א ליידיקע, פאַרמאַכטע פאַס, צו שווימען אויף איר.** ולא מטפחין, און מען טאָרניט פּאַטשן מיט די הענט (מטפחין, פּאַטשן מיט איין האַנט אין דער אנדערער), ולא מספקין, און מען טאָר ניט פּאַטשן מיט דער האַנט אויף דער קני, ולא מרקדין, און מען טאָר ניט טאַנצן. **דאָס טאָר מען ניט, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט ער פאַריכטן מוזיק אינסטרומענטן, וועלענדיק צושפּילן צום פּאַטשעריי און דעם טאַנץ. — די אַלע דער־מאָנטע זאכן זענען אסור צוליב „שבות״** (פון וואָרט „שבת״, רוען)**; עס איז ניט אין דער וואָכנס קיין גרויסע מצוה און ניט קיין קליינע מצוה זיי צו טאָן.** ואלה משום רשות, און די דאָזיקע (זאכן) זענען אסור צוליב רשות. מיט „**רשות**״ **מיינט מען דאָ זאכן, וואָס אין דער וואָכנס אז מען וויל טוט מען זיי, און עס איז ניט קיין גרויסע מצוה זיי צו טאָן, אָבער פונדעסטוועגן איז גלייך אז מען זאָל זיי טאָן** (פון „**רשות**״, **דערלויבניש, ווי מען וועל**). **די דאָזיקע זאכן זענען:** לא דנין, מען טאָר ניט פּסקענען (קיין דין־תורה), ולא מקדשין, און מען טאָר ניט מקדש זיין קיין פרוי (חתונה האָבן), ולא חולצין, און מען טאָר ניט געבן קיין חליצה (אויב דער ברודער איז געשטאָרבן אָן קינדער און דער לעבעדיקער ברודער דאַרף געבן דער אלמנה־שוועגערין חליצה), ולא מייבמין, און מען טאָר ניט מייבם זיין (אויב דער ברודער איז געשטאָרבן אָן קינדער, און דער לעבן־געבליבענער ברודער דאַרף מייבם זיין, חתונה האָבן מיט דער אלמנה־שוועגערין). **די גמרא זאָגט, אז ביים פּסקענען א דין תורה מיינט מען ווען עס איז פאַראַן א גרעסערער למדן פון אים צום פּסקענען; ביים מקדש זיין א פרוי מיינט מען אַז ער האָט שוין א פרוי און קינדער און טוט דעריבער ניט קיין**

**ולא מיבמין. ואלו הן משום מצוה: לא מקדישין, ולא מעריכין, ולא מחרימין, ולא מגביהין תרומה ומעשר. כל אלו ביום טוב אָמרו, קל וחומר בשבת. אין בין יום טוב לשבת אלא אוכל נפש בלבד.**
**ג. הבהמה והכלים כרגלי הבעלים. המוסר בהמתו לבנו או**

---

מצוה ווען ער נעמט נאָך א פרוי; ביים געבן חליצה און מייבם זיין מיינט מען, אז ער האָט א עלטערן ברודער, אויף וועלכן עס איז מער מצוה דאָס צו טאָן (וועגן חליצה געבן און מייבם זיין זע אין דער הקדמה צו מסכתא יבמות). דער טעם, פאַר־וואָס מען טאָר דאָס אַלץ ניט טאָן איז, ווייל מען האָט מורא, טאָמער וועט מען שרייבן צו דעם אַלעם אַ דאָקומענט. ואלו הן משום מצוה, און די דאָזיקע (זאכן), זענען אסור צוליב מצוה. אין דער וואָכנס איז א מצוה זיי צו טאָן. לא מקדישין, מען טאָר ניט מקדיש זיין (א בהמה פאַר אקרבן), ולא מעריכין, מען טאָר ניט מעריך־זיין (זאָגן וועגן זיך, אז מען מקדיש זיין אייגענעם ווערט, „ערכי״, פאַר דעם בית המקדש, און מען דאַרף דערנאָך באַצאָלן דאָס געלד צום בית המקדש), ולא מחרימין, און מען טאָר ניט מחרים־זיין (זאָגן אויף א זאך אז דאָס איז „חרם״ און די זאך געהערט דאדורך צום בית המקדש אָדער צו די כהנים). אין דער וואָכנס איז א מצוה דאָס צו טאָן, אָבער אים שבת און אים יום טוב האָבן די חכמים דאָס געאסרט, צוליב דער מורא טאָמער וועט מען שרייבן א דאָקומענט. וועגן „מעריכין״ און „מחרימין״ זע אין דער הקדמה צו מסכתא ערכין. ולא מגביהין, און מען טאָר ניט אויפהייבן (אָפּשיידן) תרומה און מעשר. אויך דאָס טאָר מען ניט, כאָטש אין דער וואָכנס איז עס מצוה צו טאָן; ווייל עס הייסט, אז מען פאַרריכט דערמיט די פּרוכטן, פון וועלכע מען נעמט אראָפּ די תרומה און מעשר, ווארום ביז מען נעמט דאָס אראָפּ טאָר מען די פרוכטן ניט עסן. כל אלה, דאָס אַלץ האָט מען געזאָגט (געאסרט צו טאָן) אים יום טוב, און א קל וחומר (אז מען טאָר ניט טאָן) אים שבת. „קל וחומר״, גרינגער און האַרבער מיינט, אז מה דאָך אים יום טוב, וואָס איז גרינגער (עס איז נור א געוויינטליכער איסור און מען איז ניט מחויב קיין מיתה אויב מען טוט א מלאכה) טאָר מען די זאכן ניט טאָן, מכל שכן אים שבת, וואָס איז האַרבער (עס קומט מיתה פאַר טאָן א מלאכה), טאָר מען די זאכן אודאי ניט טאָן. אין בין, עס איז ניט פאַראַן קיין אונטערשיד צווישן יום טוב און שבת (וועגן איסור צו טאָן א מלאכה) נאָר בנוגע עסנוואַרג אליין. „אוכל נפש״, „עסן פאַר דעם לעבעדיקן״, צוגרייטן שפּייז: אים יום טוב מעג מען קאָכן, באַקן, און אים שבת טאָר מען ניט. די מפרשים זאָגן דאָ, אז דאָס איז נור לויט די בית שמאי (פריער פרק א׳ משנה ה׳); אָבער מיר פסקענען ווי די בית הלל (דאָרט אין משנה ה׳), אז מען מעג אים יום טוב אויך ארויסטראָגן פון שטוב אין גאַס.

ג. הבהמה, א בהמה און כלים האָבן דעם דין ווי די פיס פון זייערע בעלי בתים. דער דין איז אַז אים יום טוב (ווי אים שבת) טאָר מען ניט גיין ווייטער פון 2000 איילן (תחום שבת) פון דער שטאָט, וואו מען וואוינט (זע אין דער הקדמה צו מסכת עירובין). זאָגט די משנה, אַז איינער האָט אַ בהמה אָדער זאכן, טאָר מען די דאָזיקע בהמה אָדער די דאָזיקע זאכן ניט ארויספירן אים יום טוב ווייטער פון „די פיס פון זייערע בעלי בתים״, ווייטער פון דעם אָרט, וואוהין די בעלי בתים מעגן אהין גיין. למשל אויב איינער מיטן נאָמען ראובן האָט אַ בהמה צי אַ מלבוש, און דער ראובן וואוינט אין דער שטאָט, און ער מעג גיין פון דער שטאָט ארויס ניט ווייטער פון 2000 איילן. אָבער איינער אין שטאָט מיטן נאָמען שמעון האָט ערב יום טוב געלייגט אַן עירוב צום סוף פון די 2000 איילן, און ער מעג דאריבער גיין פון דער שטאָט ארויס 4000 איילן (זע וועגן „עירוב תחומין״ אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין). זאָגט די משנה, אז שמעון טאָר ניט נעמען מיט זיך ווייטער פון די 2000 איילן די בהמה אָדער די זאכן וואָס געהערן צו ראובן. המוסר, אז איינער האָט איבערגעגעבן

**לרועה, הרי אלו כרגלי הבעלים. כלים המיוחדין לאחד מן האחין שבבית, הרי אלו כרגליו. ושאין מיוחדין, הרי אלו כמקום שהולכין:**

**ד. השואל כלי מחבירו מערב יום טוב, כרגלי השואל. ביום טוב כרגלי המשאיל. האשה ששאלה מחברתה תבלין ומים ומלח לעיסתה, הרי אלו כרגלי שתיהן. ר׳ יהודה פוטר במים, מפני שאין בהן ממש:**

**ה. הגחלת כרגלי הבעלים, ושלהבת בכל מקום. גחלת של הקדש**

---

זיין בהמה צו זיין זון אָדער צו א פאסטוך, האָט זי (די בהמה) דעם דין ווי די פיס פון איר בעל הבית. **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, אז אין שטאָט זענען פאראן צווײ פאסטוכער, און ער האָט די בהמה איבערגעגעבן צו איינעם פון די פאסטוכער ערשט אים יום טוב, און ווייל ער האָט ערב יום טוב געהאַט די מעגליכקייט צו געבן צום אנדערן פאסטוך, דעריבער האָט די בהמה דעם דין ווי די פיס פון איר בעל הבית.** כלים, זאכן, וועלכע געהערן באזונדערס צו איינעם פון די ברידער אין שטוב, האָבן דעם דין ווי זיינע (דעם דאָזיקן ברודער׳ס) פיס. **ווייל זיי הייסן ווי זיינע זאכן.** ושאין מיוחדין, און (זאכן) וועלכע געהערן ניט באזונדערס (צו איינעם פון די ברידער אין שטוב), זענען זיי ווי דאָס אָרט, וואוהין זיי מעגן גיין. **די משנה זאָגט ניט דאָ „ווי זייערע (די ברידערס) פיס", נאָר „ווי דאָס אָרט וואוהין זיי מעגן גיין", און די משנה מיינט צו זאָגן, אז מען מעג זיי פירן נור אין אזא אָרט וואו אלע ברידער מעגן גיין. אָבער, למשל, אויב איינער פון די ברידער האָט געלייגט אן עירוב אין דרום זייט פון דער שטאָט און ער מעג גיין 4000 איילן אין דרום זייט און טאָרניט גיין גאָר ניט אין צפון זייט, און אן אנדערער ברודער האָט געלייגט א עירוב אין צפון זייט און ער מעג גיין 4000 איילן אין צפון־זייט און ער טאָר גאָרניט גיין אין דרום זייט, — טאָר מען די זאכן ניט טראָגן ניט אין דרום זייט און ניט אין צפון זייט; עס הייסט, אז די זאכן געהערן צו אלע ברידער.**

ד. השואל, אז איינער באָרגט פון א צווייטן א זאך (כלי, א זאך) אים ערב יום טוב (כאָטש ער האָט די זאך גענומען ערשט אים יום טוב) האָט זי דעם דין ווי די פיס פון דעם באָרגער (שואל, מענטש, וועלכער האָט זי גענומען אין באָרג). **ווייל עס הייסט, אז ערב יום טוב פארנאכט, בין השמשות, איז זי שוין געווען זיינע.** ביום טוב, אויב (ער האָט זי געבאָרגט) אים יום טוב, האָט זי דעם דין ווי די פיס פון דעם מענטש וועלכער האָט זי אוועקגעבאָרגט. **ווייל ערב יום טוב בין השמשות איז נאָך די זאך געווען דעם אוועקבאָרגערס. וועגן „קונה שביתה־זיין בין השמשות" זע אין אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין, און אין מסכתא עירובין פרק ג׳ משנה ג׳.** האשה, אז אַ פרוי האָט געבאָרגט (אים יום טוב) פון איר פריינדין געווירצן, אָדער וואַסער אָדער זאלץ (ארײנצוטאָן) אין איר טייג, האָט עס, דאָס טייג מיט די ארײנגעטועטע געווירצן אָדער וואסער אָדער זאלץ) דעם דין ווי ביידנס פיס. **מען מעג דאָס טייג טראָגן נור אין אזא אָרט וואוהין ביידע, די פרוי און איר פריינדין, מעגן גיין; מחמת אין טייג זענען דאָך פאראן זייערע בײדנס זאכן, דאָס מעל פון דער פרוי און די געווירצן אָדער דאָס וואסער אָדער דאָס זאלץ פון איר פריינדין, און עס האָט דעם דין ווי די זאכן פון אלע ברידער פריער אין דער משנה ג.** ר׳ יהודה פטר׳ט ביי וואַסער, ווייל עס האָט ניט קיין ממש. מיט „פוטר", פטר׳ן", מיינט מען, **אז ר׳ יהודה האַלט, אז אויב זי האָט געבאָרגט נור וואסער ארײנצוטאָן אין טייג, האָט דאָס טייג דעם דין ווי די פרוי, ווייל איר פריינדינס וואסער האָט ניט קיין ממש אין טייג, מען דערקענט עס ניט, עס ווערט ווי פארשווינדן.**

ה. הגחלת, א גליענדיקע קויל האָט דעם דין ווי די פיס פון איר בעל הבית. **מען מעג זי טראָגן אים יום טוב נור וואוהין איר בעל הבית מעג גיין.** **והשלהבת,** און דער פלאַם פייער (מעג געטראָגן ווערן) אין יעדן אָרט. **אויב למשל ראובן האָט אָנגעצינדן זיין לאָמפּ ביים פייער פון שמעונ׳ס לאָמפּ, האָט דאָך ראובנ׳ס לאָמפּ**

**מועלין בה, ושלהבת לא נהנין ולא מועלין. (המוציא גחלת לרשות הרבים חייב, ושלהבת פטור). בור של יחיד כרגלי היחיד, ושל אנשי אותה העיר כרגלי אנשי אותה העיר, ושל עולי בבל כרגלי הממלא:**

**ו. מי שהיו פירותיו בעיר אחרת, וערבו בני אותה העיר להביא אצלו מפירותיו, לא יביאו לו. ואם ערב הוא, פירותיו כמוהו:**

**ז. מי שזימן אצלו אורחים, לא יוליכו בידם מנות, אלא אם כן זכה**

---

**פייער פון שמעון׳ס לאָמפּ, פונדעסטוועגן מעג מען די לאָמפּ טראָגן אויך אין אזא אָרט וואו שמעון טאָרניט גיין; ווייל דער פלאַם פייער איז גאָרנישט.** גחלת, גליענדיקע קויל פון הקדש (וואָס געהערט צום בית המקדש) איז מען מועל אין איר. **אויב איינער האָט הנאה פון די גליענדיקע קוילן איז ער עובר אויף דעם איסור פון מעילה („מעל״ פארשוועכן הייליקייט) און ער דארף ברענגען א קרבן, דעם אשם מעילות (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעילה).** ושלהבת, און א פלאַם פייער (פון הקדש) נישט מען מעג הנאה האָבן פון איר און נישט מען איז מועל אין איר. **מען טאָר ניט אָנצינדן א לאָמפּ ביי פייער פון הקדש, ווייל מען טאָר ניט הנאה האָבן דערפון, אָבער אויב מען האָט יאָ אָנגעצונדן דארף מען ניט ברענגען דעם קרבן אשם מעילות.** המוציא, אז איינער טראָגט ארויס (אים שבת) גליענדיקע קוילן (פון שטוב) אין רשות הרבים (אין גאַס) איז ער חייב. **ער האָט געטאָן די ארבייט פון „הוצאה״ ארויסטראָגן, און אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג דארף ער ברענגען א קרבן חטאת.** ושלהבת, און (אויב ער האָט ארויסגעטראָגן) א פלאַם פייער אים שבת איז ער פטור. **עס הייסט ניט געטאָן קיין מלאכה, ווייל ער האָט גאָרניט ארויסגעטראָגן, ווייל א פלאַם פייער הייסט ניט קיין ממשות׳דיקע זאַך. „ארויסטראָגן א פלאַם פייער״ זאָגט די גמרא אַז ער האָט דעם פלאַם אָרויסגעוואָרפן (דאדייה אדויי). אין ירושלמי משניות אין די דאָזיקע הלכה פון „המוציא גחלת״ ניט פאראַן.** בור של יחיד, א ברונעם וואסער, וואָס געהערט צו א פריוואטן מענטש, האָט דעם דין ווי די פיס פון דאָזיקן מענטש. **דאָס וואסער וואָס מ׳שעפּט ארויס פון ברונעם מעג מען פירן נור אין אזא אָרט, וואוהין דער בעל הבית פון ברונעם מעג גיין.** ושל אנשי, און (וואסער פון א ברונעם, וואָס איז דאָס אייגנטום) פון אלע מענטשן פון דער שטאָט, האָט דעם דין ווי די פיס פון די מענטשן פון דער דאָזיקער שטאָט. **רשי טייטשט, אז מען מעג עס פירן 2000 איילן אין יעדער זייט פון דער שטאָט.** ושל עולי בבל, און (דאָס וואסער פון דעם ברונעם) פון די אויפגייער פון בבל (עולי בבל) האָט דעם דין ווי די פיס פון דעם מענטש וואָס שעפּט אָן (דאָס וואסער). **דאָס מיינט מען די ברונעמס וואָס מען האָט אויסגעגראָבן אויפן וועג קיין ירושלים פאר די יידן פון בבל (אין דער צייט פון 2טן בית המקדש) וועלכע האָבן עולה רגל געווען קיין ירושלים. זאָגט די משנה, אז ווייל דאָס וואסער איז הפקר, דעריבער ווער עס שעפּט אָן דאָס וואסער געהערט דאָס וואסער צו אים, ער האָט עס קונה געווען דורך אויפהויבן. דעריבער ווערט אָנגענומען, אז עס אז מבורר געוואָרן, אז שוין ערב יום טוב בין השמשות האָט עס געהערט צו אים.**

ו. מי שהיו, אז איינער האָט ליגן זיינע פרוכטן אין אן אנדערער שטאָט (צו וועלכער מען קאָן ניט קומען אָן אן עירוב) און די מענטשן פון דער אנדערער שטאָט האָבן געלייגט א עירוב צו קאָנען ברענגען צו אים זיינע פרוכטן, טאָרן זיי אים ניט ברענגען. **מחמת ער האָט דאָך ניט געלייגט קיין עירוב, און זיינע פרוכטן האָבן דאָך דעם דין ווי ער, ממילא הייסט עס אז זיי זענען איסער דעם תחום, און מען טאָר זיי ניט פירן צו אים.** ואם עירב, און אויב ער האָט געלייגט א עירוב, זענען זיינע פרוכטן ווי ער. **און מען מעג זיי ברענגען צו אים.**

ז. מי שזימן, אויב איינער האָט איינגעלאַדן צו זיך געסט (פון אן אנדערער שטאָט, צו וועלכער מען טאָר ניט גיין אָן א עירוב, און די געסט האָבן געלייגט א עירוב) טאָרן זיי ניט מיטנעמען מיט זיך מתנות (וואָס דער בעל הבית גיט זיי), סיידן

**להם מנותיהם מערב יום טוב. אין משקין ושוחטין את המדבריות, אבל משקין ושוחטין את הבייתות. אלו הן בייתות: הלנות בעיר. מדבריות — הלנות באפר:**

(סליק מסכת ביצה)

---

ער האָט זיי מזכה געווען (געשאָנקען) די מתנות ערב יום טוב. ווייל אויב ניט האָבן דאָך די מתנות ערב יום טוב בין השמשות געהערט צום בעל הבית און מען טאָר זיי ניט פירן אין דער אנדערער שטאָט. „מזכה זיין" מיינט געבן די מתנות צו א מענטש, אז ער זאָל פאַר די געסט וועגן קונה זיין די מתנות. אין משקין, מען טאָר ניט (אים יום טוב) אָנטרינקען (מיט וואסער) און שעכטן מדבר־בהמות. דאָס הייסט בהמות וואָס געפינען זיך ניט אין רשות פון הויף און מען האָט ניט ערב יום טוב גערעכנט זיי צו שעכטן צום עסן, און זיי זענען ניט „מוכן" (זע אין דער הקדמה צו מסכתא ביצה). די גמרא זאָגט, אז סתם געבן די בהמות וואסער צום טרינקען מעג מען, נאָר דאָ מיינט מען אָנצוטרינקען זיי צוליב דער שחיטה, מחמת עס איז לייכטער אראָפּצוציהען נאָך דער שחיטה די פעל פון דער בהמה, ווען מען גיט איר פריער וואסער צו טרינקען. אבל, אָבער מען מעג אָנטרינקען און שעכטן הויז־בהמות. וועלכע זענען הויז־בהמות? וועלכע נעכטיקן אין שטאָט. די גמרא זאָגט, אז אויך אויב זיי נעכטיקן אין תחום פון דער שטאָט, אין די 2000 איילן פון דער שטאָט. מדבריות, מדבר־בהמות (זענען די) וועלכע נעכטיקן אויף דעם גראָז־פעלד (באפר). דאָס מיינט, אז זיי נעכטיקן אין די גראָז־פעלדער, לאָנקעס, אויסער דעם תחום פון דער שטאָט. וועגן וואָרט „אפר" אלס גראָז־פעלד (לאָנקע), וואָס ווערט געברויכט אויך אין אַנדערע ערטער (פסחים ח׳ „פרתך רועה באפר", און אנדערע ערטער), זאָגט ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך", אז דאָס איז א גריכיש וואָרט, אָבער ער גיט ניט אָן (ווי זיין שטייגער) וואָסער וואָרט דאָס איז. דער תרגום באַנוצט עס עטליכע מאָל (שמות ב׳ ג׳ „בסוף", „באפרא", און אין אנדערע ערטער). דער רמבם זאָגט, אז „אפר" איז דער נאָמען פאַר דערפער.

(סליק מסכת ביצה, — געענדיקט מסכתא ביצה).

---

## מסכתא ראש השנה

### הקדמה

די צוויי ווערטער „ראש השנה" זענען דער טייטש דער „קאָפּ פון יאָר", און מען מיינט דערמיט „דער אָנהויב פון נייעם יאָר", „דער ערשטער טאָג פון נייעם יאָר". אין חומש שמות י״ב געפינען מיר אז דער חודש, אין וועלכן מיר פייערן דעם יום טוב פסח (דער חודש ניסן), איז דער ערשטער חודש פון יאָר (החודש הזה לכם ראש חדשים, ראשון הוא לחדשי השנה); און אזוי געפינען מיר אויך אין גאַנץ תנך, אז דער ערשטער חודש אין יאָר איז ניסן. אָבער בנוגע א סך זאַכן איז אָנגענומען געוואָרן, אז דער ערשטער חודש אין יאָר איז תשרי, און דער ערשטער טאָג אין תשרי איז ראש השנה. וועגן דאָזיקן טאָג זאָגט די תורה (ויקרא כ״ג און במדבר כ״ט), אז ער איז „זכרון תרועה", און „יום תרועה", א טאָג פון בלאָזן, פון געדענקן. דערפון איז די מצוה צו בלאָזן שופר אים ראש השנה.

די מסכתא ראש השנה, וועלכע האָט 4 פרקים, לערנט צוערשט וועגן עטליכע ראש השנהס, וואָס זענען פאַראַן אין יאָר בנוגע פאַרשידענע זאַכן און דינים. דער־נאָך ווערט געלערנט וועגן דעם משפט אין הימל איבער דער וועלט און די מענטשן, וואָס קומט פאַר עטליכע מאָל אין יאָר אויך אים ראש השנה. דערנאָך לערנט די משנה וועגן דעם ווי אַזוי מען האָט אמאָל פעסטגעשטעלט ווען עס איז ראש חודש

# מסכתא ראש השנה

## פרק א.

**א. ארבעה ראשי שנים הם: באחד בניסן ראש השנה למלכים ולרגלים, באחד באלול ראש השנה למעשר בהמה; רבי אליעזר ורבי**

---

(קידוש החודש), און ממילא אויך ווען עס קומט אויס ראש השנה, דער ערשטער טאָג אין חודש תשרי. אין די לעצטע צוויי פּרקים ווערן געלערנט די דינים וועגן שופר־בלאָזן און די תפילות (מלכיות, זכרונות, שופרות) וואָס האָבן א שייכות מיטן בלאָזן שופר.

## פרק א.

א. ארבעה, פיר ראש השנהס זענען פאראן. עס זענען פאראן טייל זאכן און דינים, פאר וועלכע דער אָנהייב פון נייעם יאָר, ראש השנה, איז ניט דער ערשטער טאָג אין תשרי, דער אלגעמיינער ראש השנה, נאָר אנדערע טעג אין יאָר, און בסך הכל זענען פאראן 4 אזעלכע טעג אין יאָר, וואָס זענען ראש השנהס בנוגע פארשיידענע דינים. די דאָזיקע זענען: באחד בניסן, אין ערשטן (טאָג) אין ניסן (ראש חודש ניסן) איז ראש השנה פאר מלכים און פאר ימים טובים. די גמרא טייטשט די משנה אזוי. ווען עס איז געשטאָרבן א יידישער מלך אין חודש אָדר, און אין זעלבן חודש האָט מען געמאַכט א נייעם מלך, און עס איז אָנגעקומען דער חודש ניסן, האָט מען געהאַלטן, אז דער מלך האָט שוין געקיניגט א יאָר, און אין חודש ניסן הייסט שוין דאָס 2טע יאָר צו זיין הערשאפט: איבער א יאָר ניסן, האָט שוין געהייסן, אז עס איז דאָס דריטע יאָר צו זיין הערשאפט. דאָס האָט געהאַט א באַדייטונג, ווייל ווען איינער האָט געבאָרגט ביי א צווייטן געלט און האָט אים געגעבן א וועקסל האָט מען איינגעשריבן די דאטע לויט דער הערשאפט פון מלך, אז דאָס וועקסל איז געשריבן געוואָרן, למשל, דעם ערשטן טאָג אין ניסן אין 3טן יאָר צו דער הערשאפט פון שלמה המלך, און אויב מען האָט אָנשטאַט „דעם 3טן יאָר" געשריבן פאַלש „דעם 2טן יאָר" איז דאָס וועקסל געוועזן פסול, עס האָט פארלוירן זיין ווערט. וועגן „ראש השנה פאר ימים טובים", זאָגט די גמרא, אז דאָס איז וועגן דין, אז איינער טוט א נדר צו ברענגען א קרבן אין בית המקדש, און עס גייען אדורך די דריי הויפּט־ימים טובים (רגלים) כסדר, פסח, שבועות און סוכות, און ער האָט נאָכניט מקיים געווען זיין נדר, נאָכניט געבראַכט זיין קרבן, האָט ער געטאָן א עבירה, עובר געווען אויף „בל תאחר", „זאָלסט ניט פארשפּעטיקן". זאָגט די משנה, אז בנוגע דעם דאָזיקן בל תאחר איז ניסן דער ערשטער יום טוב, און ער איז נור עובר, ווען עס איז אריבער צוערשט פּסח און דערנאָך שבועות און דערנאָך סוכות. מיט „רגלים" מיינט מען נור די דריי ימים טובים פּסח, שבועות, סוכות. באחד באלול, אין ערשטן (טאָג) אין אלול איז ראש השנה פאר מעשר בהמה (אָפּשיידן מעשר, א צענטל, פון בהמות). דער דין איז, אז ביי איינעם ווערן געבוירן 10 כשרע בהמות למשל, שעפּסלעך, אין פארלויף פון איין יאָר דארף ער פון זיי אָפּשיידן, נעמען א צענטל, איין בהמה, און זי הייסט „מעשר בהמה"; זי איז געוואָרן הייליק, און מען האָט זי געפירט קיין ירושלים און מקריב געווען אין בית המקדש. ווי איז אז ביי איינעם איז געבוירן געוואָרן 5 שעפּסלעך אין איין יאָר און 5 שעפּסלעך אין אנדערן יאָר, דארף ער ניט אָפּשיידן. מען טאָר אויך ניט אָפּשיידן פון שעפּסלעך וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין איצטיקן, נייעם יאָר אויף שעפּסלעך וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין פריערדיקן, דעם אלטן יאָר. ווען הויבט זיך אָן דאָס נייע יאָר בנוגע מעשר בהמה? זאָגט די משנה, אז דאָס איז דער ערשטער טאָג אין אלול, און אויב עס זענען געבוירן געוואָרן טייל שעפּסלעך פאר דעם ערשטן טאָג אין אלול, און טייל שעפּסלעך אין ערשטן טאָג אין אלול, זענען זיי שעפּסלעך פון 2 באזונדערע יאָרן. ר' אליעזר און ר' שמעון זאָגן, אז דעם ערשטן (טאָג) אין תשרי. זיי האַלטן, אז ראש השנה פאר מעשר בהמה איז דער ערשטער

**שמעון אומרים באחד בתשרי. באחד בתשרי ראש השנה לשנים ולש־
מיטין וליובלות לנטיעה ולירקות, באחד בשבט ראש השנה לאילן,
כדברי בית שמאי. בית הלל אומרים, בחמשה עשר בו:**

---

טאָג אין תשרי. די גמרא זאָגט, אַז די מחלוקה צווישן דער סתם משנה און ר׳ אליעזר
און ר׳ שמעון איז וועגן אויסטייטש פון פסוק אין דברים י״ד „עשר תעשר —
שנה שנה״. „באחד בתשרי, אין ערשטן (טאָג) אין תשרי איז ראש השנה פאַר (דער
באַרעכנונג פון) יאָרן, און פאַר (דער באַרעכנונג פון) שמיטות און פאַר (דער באַרעכ־
נונג פון) יובלות, פאַר פלאַנצן, און פאַר גרינסן. וועגן „לשנים״, פאַר דער באַרעכ־
נונג פון יאָרן״, זאָגט די גמרא, אַז דאָס מיינט מען דעם רעכנונג פון דער הערשאַפט
פון גויאישע מלכים, וועלכע האָבן געהערשט איבער יידן. עס איז געווען איינגעפירט
אַז אויך ווען גויאישע מלכים האָבן געהערשט איבער יידן, האָט מען אין די וועקסלען
און אַנדערע דאָקומענטן (גט און אַנדערע) איינגעשריבן דאָס יאָר פון זינט דער מלך
איז געוואָרן מלך. און דאָ האָט זיך דאָס נייע יאָר אָנגעהויבן דעם ערשטן טאָג אין
תשרי. למשל, אויב דער מלך איז געוואָרן מלך אין אלול, און דאָס וועקסל האָט מען
געשריבן אין תשרי, האָט מען שוין אָנגעשריבן „אין 2טן יאָר פון דער הערשאַפט
פון דעם און דעם מלך״. — „שמיטות״, האָבן געהייסן יעדעס 7טע יאָר, און „יוב־
לות״ האָבן געהייסן יעדעס 50טע יאָר, און אין חומש ויקרא כ״ה ווערט געזאָגט,
אַז אין די דאָזיקע שמיטה־און יובל־יאָרן טאָר מען ניט אַקערן און ניט זייען די פעל־
דער, זאָגט די משנה אַז דאָס 7טע יאָר הייסט שמיטה און דאָס 50טע יאָר הייסט
יובל פון דעם ערשטן טאָג אין תשרי. — „לנטיעה״, „צו פלאַנצן״, זאָגט די גמרא,
אַז דאָ מיינט מען וועגן דעם דין פון ערלה. דער דין איז, אַז מען פלאַנצט אַ בוים
זענען זיינע פרוכטן אין די ערשטע 3 יאָר ערלה און מען טאָר ניט קיין הנאה האָבן
פון זיי (זע אין דער הקדמה צו מסכתא ערלה). זאָגט די משנה, אַז די יאָרן ווערן
גערעכנט פון ערשטן טאָג אין תשרי. למשל, אויב מען האָט געפלאַנצט אַ בוים פאַר
דעם ערשטן טאָג אין תשרי (לויט דעם דין דאַרף עס זיין 45 טעג פריער) און עס
איז אָנגעקומען דער ערשטער טאָג אין תשרי, הייסט עס אַז עס איז שוין דאָס צוויי־
טע יאָר. — „ולירקות״, „און פאַר גרינסן״, זאָגט די גמרא, אַז דאָס מיינט מען וועגן
תרומה און מעשרות. דער דין איז, אַז מען דאַרף פון עס־געוויקסן, און ממילא אויך
פון גרינסן, ירקות (ציבעלעס וכדומה) אָפּשיידן תרומה און מעשר (זע וועגן דעם
אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי), און אַז מען טאָרניט אָפּשיידן תרומה און מעשר
פון גרינסן, וואָס מען האָט אָפּגעריסן אין איין יאָר, אויף גרינסן וועלכע מען האָט
אָפּגעריסן אין אַן אַנדערן יאָר. דאָס נייע יאָר פאַר גרינסן ווערט גערעכנט פון
ערשטן טאָג אין תשרי, און אויב מ׳האָט אָפּגעריסן טייל גרינסן אין אלול און טייל
גרינסן אין תשרי טאָר מען ניט אָפּשיידן פון די אַלטע אויף די נייע אָדער פון די נייע
אויף די אַלטע. באחד בשבט, דעם ערשטן (טאָג) אין שבט איז ראש השנה פאַר דעם
בוים, לויט די ווערטער פון די בית שמאי; די בית הלל זאָגן אַז דעם פופצנטן (טאָג)
אין שבט (חמשה עשר בשבט). אויך דאָ איז דער דין וועגן תרומה און מעשר, און
ביי ביימער פרוכטן איז דער דין, אַז מען טאָר ניט אָפּשיידן פון פרוכטן וועלכע
האָבן געבליט אויפן בוים פאַר דעם 15טן טאָג אין שבת (לויט די בית הלל) אויף
פרוכטן וועלכע האָבן געבליט אויפן בוים נאָכן 15טן טאָג אין שבט, ווייל ביי ביימער
איז דער ראש השנה, דער אָנהייב פון נייעם יאָר, דער 15טער טאָג (חמשה עשר)
אין שבט. לויט די בית שמאי איז עס דער ערשטער טאָג אין שבט. די בית שמאי
און די בית הלל זענען געווען צוויי ישיבות, תלמידים פון שמאי און הלל, וועלכע
האָבן געלעבט אין ירושלים לערך 100 יאָר פאַרן חורבן פון 2טן בית המקדש. די
צוויי ישיבות האָבן עקזיסטירט ביזן חורבן בית המקדש (לויט טייל מיינונגען, אויך
אַביסל שפּעטער).

**ב. בארבעה פרקים העולם נידון: בפסח על התבואה, בעצרת על פירות האילן, בראש השנה כל באי העולם עוברין לפניו כבני מרון, שנאמר (תהלים ל״ג) „היוצר יחד לבם המבין אל כל מעשיהם״, ובחג נידונין על המים:**

**ג. על ששה חדשים השלוחין יוצאין: על ניסן מפני הפסח, על אב**

---

ב. בארבעה, אין פיר צייטן (אין יאָר) ווערט די וועלט געמשפּט. **דאָס מיינט, אז די וועלט ווערט געמשפּט דורך גאָט, צום גוטן אָדער צום שלעכטן.** בפסח, אין פּסח (ווערט ארויסגעגעבן דער משפּט) איבער תבואה. **צי עס זאָל זיין א ברכה אין דער תבואה. די גמרא זאָגט דעם טעם, ווייל אים פּסח איז מען מקריב אין בית המקדש דאָס מעסטל פון נייעם געדרשטן (עומר); פּסח איז די צייט פון ערשטן תבואה־שניט.** בעצרת, אים שבועות (ווערט ארויסגעגעבן דער משפּט) איבער די ביימער־פּרוכטן. **רש״י זאָגט דערויף (א חוץ אן אנדערן טעם וועגן קרבן פון שתי הלחם, צוויי ברויטן וואָס מען האָט געברענגט שבועות אין בית המקדש) אויך דעם טעם, ווייל אים שבועות האָט מען אָנגעהויבן ברענגען אין בית המקדש ביכורים, די ערשטע פּרוכטן** ערשטן טאָג אין תשרי) גייען־פאַרביי פאַר אים (פאַר גאָט צום משפּט) אלע, וועלכע קומען אין דער וועלט (אלע מענטשן און באַשעפענישן) ווי יינגע שעפּסלעך (כבני מרון), ווארום עס ווערט געזאָגט (תהלים ל״ג) „היוצר יחד לבם המבין אל כל מעשיהם״, „ער (גאָט) וואָס פאַרעמט זייער האַרץ, וואָס באַטראַכט אלע זייערע מעשים״. **די ווערטער „כבני מרון״ האָבן מיר געטייטשט ווי יינגע שעפּסלעך, וועלכער דער פאַסטוך ציילט איינס ביי איינס ווען ער פירט זיי אריין צוריק אין שטאַל, און גיט אכטונג אז עס זאָל קיין איינס ניט פעלן. אזוי טייטשט די גמרא „כבני אמרנא״, ווי יינגע שעפּסלאך („אמרנא״ איז אין אראַמעאיש שעפּסן). אויך פון ירושלמי „כהדין דירין״, „ווי די דאָזיקע שעפּסן־שטעלעכלעך״, איז צו זען, אז אזוי איז געווען איין טייטש. אָבער דער ירושלמי און די גמרא ברענגען נאָך טייטשן, וועלכע זענען ניט קלאָר („במגנימין״ אין ירושלמי און „כמעלות בית חורון״ אין דער גמרא בבלי).** ובחג, און אים סוכות ווערט מען געמשפּט איבער וואַסער. **סתם „חג״ אין דער משנה מיינט סוכות. באַלד נאָך סוכות הויבן זיך אָן די רעגנס אין ארץ ישראל; אים סוכות האָט מען געבראַכט אין בית המקדש דעם וואַסער־קרבן (ניסוך המים, זע מסכתא סוכה פּרק ד׳ משנה ט׳). אים סוכות איז מען מתפּלל אויף רעגן (גשם, זע תענית פּרק א׳ משנה א׳). זאָגט די משנה אז אים סוכות ווערט ארויסגעגעבן דער משפּט צי עס זאָל זיין גענוג וואַסער דאָס יאָר.**

ג. על ששה חדשים, וועגן (ראש חודש־טעג פון) זעקס חדשים גייען ארויס (ווערן געשיקט) שלוחים. **דאָס וואָרט „חדשים״ מיינט דאָ ראש־חודש־טעג („חודש״ אנשטאָט ראש חודש, און אויך אנשטאָט „די נייע לבנה). כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע משנה און די ווייטערדיקע משנות וועלן מיר דאָ געבן עטליכע דערקלערונגען וועגן דעם ענין פון ראש חודש. ראש חודש הייסט דער טאָג ווען עס באַווייזט זיך אָנהייב חודש אויפן הימל די נייע לבנה, דער שמאָלער קיילעכיקער פּאַס פון דער לבנה. דאָס הייסט דער „מולד״, דאָ „געבוירן ווערן״, די נייע לבנה ווערט אַזוי ווי געבוירן. צוליב דעם וואָס א חודש (פון איין מולד ביז דעם צווייטן מולד) האַלט עפּיס מער פון 29 מיט א האַלבן טאָג, און אזוי ווי א חודש קאָן מען ניט רעכנען האַלבע טעג, קומט אויס אז טיילמאָל מוז האָבן א חודש 30 טעג (דער דאָזיקער חודש פון 30 טעג הייסט „מעובר״) און ערשט דער 31טער טאָג איז דער ראש חודש פון נייעם חודש, און טיילמאָל האָט דער חודש נור 29 טעג, און דער 30טער טאָג איז דער ראש חודש פון נייעם חודש. היינט (שוין זינט לערך 1600 יאָר) האָבן מיר א לוח, לויט וועלכן ס׳זענען אויסגערעכנט גענוי די כללים, ווען ס׳קומט אויס ראש חודש. אָבער אין די אמאָליקע צייטן האָט מען פעסטגעשטעלט דעם ראש חודש („מקדש״**

**מפני התענית, על אלול מפני ראש השנה, על תשרי מפני תקנות המוע-דות, על כסליו מפני חנוכה, ועל אֲדר מפני הפורים. וכשהיה בית המקדש קיים, יוצאין אף על אייר מפני פסח קטן:**

**ד. על שני חדשים מחללין את השבת: על ניסן, ועל תשרי, שבהן**

---

געוועז אים, „געהייליקט״) דורך „ראייה״, דורך זען, דאָס הייסט: ווען מענטשן האָבן דערזעען די נייע לבנה, זענען זיי געקומען צום בית דין אין ירושלים (און שפּעטער אין דער צייט פון דער משנה און גמרא אין אנדערע ערטער אין ארץ ישראל) און עדות געזאָגט, אז זיי האָבן געזען די נייע לבנה, און אויפן יסוד פון זייער זאָגן האָט דאָס בית דין דערקלערט, אז דער דאָזיקער טאָג איז ראש חודש. כדי מען זאָל אומעטום, ניט נור אין ארץ ישראל, ווי אמשנעלסטן וויסן ווען ראש חודש איז האָט דאָס בית דין ארויסגעשיקט שלוחים מודיע צו זיין וועגן דעם. אין געוויינטליכע חדשים האָט מען ניט געדארפן שיקן קיין שלוחים, ווייל עס איז דאָך ניט וויכטיק געוועזן פאר קיינעם צו וויסן, ווען עס איז אויסגעפאלן ראש חודש, אָבער אין זעקס חדשים אין יאָר האָט מען יאָ געדארפן שיקן די שלוחים, ווייל אין די דאָזיקע 6 חדשים פאלן אויס ימים טובים און א תענית, און די יידן אומעטום האָבן געדארפן וויסן וואָס שנעלער ווען די ימים טובים און תענית וועלן אויספאלן. די 6 חדשים זענען: על ניסן, וועגן ניסן צוליב פסח (וואָס הויבט זיך אָן ערב פסח דעם פערצנטן טאָג אין ניסן) וועגן אב צוליב דעם תענית (תשעה באב, דעם ניינטן טאָג אין אב), וועגן אלול צוליב ראש השנה (דעם ערשטן טאָג אין תשרי), וועגן תשרי צוליב דער ריכטיקייט פון די ימים טובים (יום כיפור און סוכות), וואָס פאלן אויס דעם צענטן תשרי און פון פופצענטן תשרי אָן), וועגן כסלו צוליב חנוכה (פון פינף און צוואנציגסטן טאָג אין כסלו אָן), און וועגן אדר צוליב פורים (דעם פירצנטן טאָג אין אדר); און ווען דאָס בית המקדש איז געשטאנען זענען זיי (די שלוחים) ארויסגעגאנגען אויך וועגן אייר צוליב דעם קליינעם פסח (פסח קטן, פסח שני, דעם פירצנטן טאָג אין אייר). מחמת עס זענען געוועזן טייל מענטשן, וועלכע האָבן געדארפן ברענגען זייער קרבן פסח דעם 14טן טאָג אין אייר (זע מסכתא פסחים פרק ט׳ משנה א׳). צו דער משנה איז נויטיג צוצוגעבן א פּאָר באמערקונגען. אין חודש אלול זענען די שלוחים געשיקט געוואָרן כדי צו אָנצוזאָגן ווען ראש חודש אלול איז געוועזן, מחמת ראש השנה איז דאָך דעם 1־טן טאָג אין תשרי, וועט מען דאָך תשרי ניט קאָנען מודיע זיין. דעריבער איז טאקע איינגעפירט געוועזן אז ראש השנה איז ביי אלע יידן (אויך אין ארץ ישראל) געוועזן צוויי טעג, און מען האָט בכלל זיך באמיט אז אלול זאָל זיין נור 29 טעג אזוי אז די יידן, וויסנדיק ווען עס איז געוועזן ראש חודש אלול, האָבן געהאלטן ראש השנה דעם 30טן און 31טן טאָג פון ראש חודש אלול אָן. ווען ראש חודש סיון האָט מען ניט געדארפן מודיע זיין, ווייל שבועות איז שטענדיק דער 50טער טאָג פון 2טן טאָג פסח, און אז מ׳ווייסט ווען פסח איז, ווייסט מען אויך ווען שבועות איז.

ד. על שני חדשים, וועגן (די ראש־חודש־טעג פון) צוויי חדשים איז מען מחלל שבת. דאָס הייסט, אז די עדות, וועלכע האָבן געזען די נייע לבנה און געפונען זיך, ווייט פון אָרט פון בית דין, מעגן גיין אים שבת ווייטער פון 2000 איילן (תחום שבת, זע אין דער הקדמה צו מסכתא עירובין) כדי עדות צו זאָגן, אז זיי האָבן געזען די לבנה און מען דארף דעם טאָג מאַכן פאַר ראש חודש. די צוויי חדשים זענען: על ניסן, וועגן ניסן און וועגן תשרי, ווייל אין זיי גייען די שלוחים (פון בית דין מודיע צו זיין וועלכן טאָג מען האָט געמאַכט ראש חודש) קיין סיריע (א לאנד לעבן ארץ ישראל, וואו עס האָבן געוואוינט אַ סך יידן), און אין זיי (לויט זייערע ראש־חודש טעג) ווערן פעסטגעשטעלט די ימים טובים (פסח, יום כיפור, סוכות). די גמרא זאָגט, אז לויט דעם דין פון דער תורה, בדאורייתא, האָבן די עדות געמעגט מחלל

**השלוחין יוצאין לסוריא, ובהן מתקנין את המועדות. וכשהיה בית המקדש קיים, מחללין אף על כולן, מפני תקנת הקרבן:**

**ה. בין שנראה בעליל בין שלא נראה בעליל, מחללין עליו את השבת. ר׳ יוסי אומר, אם נראה בעליל, אין מחללין עליו את השבת.**

**ו. מעשה שעברו יותר מארבעים זוג ועכבן ר׳ עקיבא בלוד. שלח לו רבן גמליאל: אם מעכב אתה את הרבים, נמצאת מכשילן לעתיד לבא.**

**ז. אב ובנו שראו את החדש, ילכו: לא שמצטרפין זה עם זה, אלא שאם יפסל אחד מהן, יצטרף השני עם אחר. ר׳ שמעון אומר אב ובנו**

---

**שבת זיין צוליב אלע חדשים, נאָר די חכמים האָבן מתקן געווען אז נור צוליב די דאָזיקע צוויי חדשים. די גמרא פרעגט, סטייטש די משנה זאָגט דאָך פריער אין משנה ג׳, אז די שלוחים זענען געשיקט געוואָרן וועגן 6 חדשים, פאַרוואָסזשע זאָגט דאָ די משנה אז נור וועגן 2 חדשים? און די גמרא זאָגט, אז אין די אנדערע 4 חדשים גייען ארויס די שלוחים שוין אין אוונט, איידער זיי האָבן געהערט פון בית דין דאָס וואָרט „מקודש״, און עס איז ראש חודש, און אין ניסן און אין תשרי גייען זיי ארויס ערשט ווען זיי האָבן געהערט פון בית דין דאָס וואָרט „מקודש״, און זיי ווייסן אויף זיכער אז עס איז ראש חודש.** וכשהיה, און ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען האָט מען (האָבן די עדות) מחלל שבת געווען (פאַר אלע חדשים), צוליב דער פעסטשטעלונג פון קרבן. **ווייל אים ראש חודש האָט מען אין בית המקדש מקריב געווען דעם קרבן מוסף, און דאריבער האָבן די עדות גערדאַרפן קומען באַצייטנס כדי מען זאָל קאָנען מקריב זיין דעם קרבן מוסף.**

ה. בין, סיי ווען זי (די נייע לבנה) איז געזען געוואָרן קלאָר (אויפן הימעל, דייטליך, בעליל) און סיי ווען זי איז ניט געזען געוואָרן קלאָר (דייטליך) דאַרף מען מחלל שבת זיין. **און די עדות דאַרפן אים שבת קומען צום בית דין (און גיין מער ווי דעם תחום שבת) כדי עדות צו זאָגן, אז זיי האָבן געזען די לבנה.** ר׳ יוסי זאָגט, אז אויב זי (די לבנה) איז געזען געוואָרן קלאָר טאָר מען ניט צוליב איר מחלל שבת זיין. **ווייל אויב די עדות האָבן געזען די לבנה קלאָר, האָט מען געוויס אין ירושלים, אָדער שפּעטער אין די אנדערע בית דין ערטער) אויך געזען די לבנה, און מען וועט שוין דאָרט מאכן ראש חודש אָן די דאָזיקע ווייטע עדות.**

ו. מעשה, אז עס איז געווען א מעשה, אז עס זענען פאַרביי געגאַנגען איבער פיר־ציק פּאָר (עדות, דורך דער שטאָט לוד, כדי צו גיין צום בית דין אָנזאָגן, אז זיי האָבן געזען די נייע לבנה) און ר׳ עקיבא האָט זיי פאַרהאַלטן אין לוד. **ער האָט זיי ניט געלאָזט גיין ווייטער, ווייל מען האָט ניט געדאַרפן אזוי פיל עדות.** שלח לו, האָט רבן גמליאל געשיקט (זאָגן) צו אים (צו ר׳ עקיבא): אויב דו פאַרהאַלטסט די מענטשן (די עדות), קומט אויס אז דו מאַכסט זיי שטרויכלען אויך שפּעטער (לעתיד לבוא, אין דער צוקונפט). **מחמת ווען זיי וועלן אין די ווייטערע חדשים זען די נייע לבנה, וועלן זיי ניט וועלן גיין, טראַכטענדיק, אז מסתמא זענען פאראַן עדות אָן זיי. רבן גמליאל איז געווען נשיא אין יבנה איבער די יידן אין ארץ ישראל, און צו אים קיין יבנה זענען די עדות געגאַנגען. „לוד״ איז א שטאָט אין ארץ ישראל, און ניט זייער ווייט פון דאָרט האָט זיך געפונען יבנה.**

ז. אב ובנו, אויב א פאָטער און זיין זון האָבן געזען די נייע לבנה (החודש, די נייע לבנה, זאָלן זיי גיין (צום בית דין עדות זאָגן), ניט ווייל מען קאָן זיי מצרף זיין (צונויפפאָרן אין איין פּאָר עדות) איינעם מיטן אנדערן, נאָר כדי טאָמער וועט איי־נער פון זיי ווערן געפסלט (אלס עדות) זאָל זיך דער צווייטער קאָנען צונויפפאָרן (אין איין עדות־פּאָר) מיט אן אנדערן (עדות). **עדות־זאָגן מוז זיין פון צוויי עדות, א עדות־פּאָר; ווען איין מענטש זאָגט עדות איז ניט גענוג. דער דין איז, אז צוויי**

וכל הקרובין כשרין לעדות החדש. אמר ר' יוסי, מעשה בטוביה הרופא, שראה את החדש בירושלים הוא ובנו ועבדו משוחרר, וקבלו הכהנים אותו ואת בנו ופסלו את עבדו, וכשבאו לפני בית דין קבלו אותו ואת עבדו ופסלו את בנו:

ח. אלו הן הפסולין: המשחק בקוביא, ומלוי ברבית, ומפריחי יונים, וסוחרי שביעית, ועבדים. זה הכלל, כל עדות שאין האשה כשירה לה, אף הן אינן כשרים לה:

ט. מי שראה את החדש ואינו יכול להלך, מוליכין אותו על החמור,

---

קרובים, למשל, א פאָטער און זיין זון, קאָנען ניט זיין א עדות־פּאָר. זאָגט די משנה, אז פונדעסטוועגן זאָלן זיי, דער פאָטער און דער זון גיין צום בית דין, ווייל עס קאָן זיין אז איינער פון זיי וועט סיי ווי ניט טויגן אלס עדות, זאָל מען קאָנען דעם אנדערן צופּאָסן צו אן אנדערן עדות. ר' שמעון זאָגט, אז א פאָטער און זיין זון, און אלע קרובים, זענען כשר צום עדות (זאָגן) וועגן דער נייער לבנה. כאָטש ביי אנדערע ענינים זענען קרובים פסול, אָבער צו עדות־החודש זענען זיי כשר: די גמרא ברענגט דערויף די ראיה פון פסוק שמות י"ב ווי גאָט זאָגט צו משה און אהרן „החודש הזה לכם", אז אויך זיי, צוויי ברידער, קאָנען עדות זאָגן צו מאַכן ראש חודש. אָמר, האָט ר' יוסי געזאָגט, אז עס איז געווען א מעשה מיט טוביה דעם רופא, וועלכער האָט געזען די נייע לבנה אין ירושלים, (עס האָבן זי געזען) ער (טוביה) און זיין זון און זיין באפרייטער שקלאַף, און די כהנים (א בית דין פון כהנים) האָבן אָנגענומען אים און זיין זון (זייער ביידנס עדות־זאָגן) און האָבן געפּסלט זיין (באפרייטן) שקלאַף. ווען זיי (דריי) זענען געקומען פאַר דעם (אלגע־מיינעם) בית דין, האָבן זיי (דאָס בית דין) אָנגענומען אים און זיין (באפרייטן) שקלאַף (זייער עדות זאָגן) און האָבן געפּסלט זיין זון. די כהנים האָבן געהאַלטן, אז א באַ־פרייטער שקלאַף איז פסול עדות צו זאָגן וועגן דער נייער לבנה, אָבער קרובים, א פאָטער און זיין זון, זענען כשר; דאַקעגן דאָס בית דין האָט געהאַלטן, אז א באפריי־טער שקלאַף איז כשר און קרובים זענען פסול.

ח. אלו הן, די דאָזיקע (מענטשן) זענען פסול (צו זאָגן עדות אויך וועגן זען די נייע לבנה): דער וועלכער שפּילט אין ביינדלעך (משחק בקוביא), די וועלכע באָרגן אויף פּראָצענט (פּראָצענטניקעס), די וועלכע מאַכן פליען טויבן, הענדלערס מיט שמיטה־פּרוכטן, און שקלאַפן. „משחק בקוביא" הייסט „שפּילן אין ביינדלעך" צו געווינען געלט („קוביא" איז דאָס גריכישע וואָרט „קובאָי", א קלעצעל גלייך אין אלע 6 זייטן). די חכמים האָבן זיי באטראַכט אלס גזלנים, ווייל זיי נעמען צו פרעמד געלט. „מפריחי יונים" הייסט דאָס שפּילן אין טויבן, און וועמענס טויבן עס פליען אריבער דעם צווייטנס טויבן געווינט. אויך זיי הייסן, אז זיי נעמען צו פרעמד געלט. סוחרי שביעית, הענדלער מיט פּרוכטן פון שמיטה־יאָר, טוען א עבירה, ווייל מען טאָר ניט האַנדלען מיט שמיטה־פּרוכטן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא שבי־עית). און ווייל זיי אלע טוען די עבירות כדי צו פאַרדינען געלט, איז מען זיי חושד אַז זיי קאָנען נעמען שוחד צו זאָגן פאַלש עדות, און דעריבער זענען זיי פסול. אויך א ניט באפרייטער שקלאַף איז פסול, ווייל ער האָט דעם דין ווי א פרוי, און א פרוי איז פסול עדות צו זאָגן. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, יעדע עדות־זאָגן, צו וועלכן א פרוי איז ניט כשר, זענען אויך די דאָזיקע ניט כשר. עס זענען פאַראַן ענינים, וועגן וועלכע אויך אַ פרוי קאָן עדות זאָגן, למשל, אַז איינער איז געשטאָרבן און זיין פרוי איז דעריבער אן אלמנה און מעג חתונה האָבן. צו אַזא עדות זאָגן זענען אויך די דערמאָנטע מענטשן כשר.

ט. מי שראה, אויב איינער האָט געזען די נייע לבנה און ער קאָן ניט גיין (אין ווייטן וועג צום בית דין עדות זאָגן), פירט מען אים אויף אן אייזל. רשי זאָגט,

**אפילו במטה. ואם צודה להם, לוקחין בידם מקלות. ואם היתה דרך רחוקה, לוקחין בידם מזונות. שעל מהלך לילה ויום מחללין את השבת ויוצאין לעדות החדש, שנאמר (ויקרא כ״ג) ,,אלה מועדי ה׳ אשר תקראו אותם במועדם״:**

## פרק ב

**א. אם אינן מכירין אותו, משלחין אחר עמו להעידו. בראשונה היו מקבלין עדות החדש מכל אדם. משקלקלו המינין, התקינו שלא יהו מקבלין אלא מן המכירים.**

**ב. בראשונה היו משיאין משואות. משקלקלו הכותים, התקינו שיהו שלוחין יוצאין:**

---

**אז אפילו אים שבת, און אזוי איז אויך צו זען פון ירושלמי.** אפילו במיטה, (אויב ער איז קראנק זאָל מען אים טראָגן) אפילו אין א בעט; און אויב מען לויערט אויף זיי (עס דראָט זיי א געפאר באפאלן צו ווערן אויפן וועג) זאָלן די מיטנעמען אין זייערע הענט שטעקנס. **עס זענען געווען אין די אלטע צייטן יידישע און האלב־יידישע סעק־טעס (די צדוקים און די כותים) וועלכע האָבן געהאַט אנדערע מיינונגען וועגן דעם ווי אזוי מען זאָל פעסטשטעלן ראש חודש. זיי פלעגן טיילמאָל דינגען מענטשן אָנצופאלן אויף עדות. ,,צודה״ איז ווי אין שמואל א׳, כ״ד ואתה צודה את נפשי, און די לויערסט אויף מיין לעבן״.** ואם היתה, און אויב דער וועג איז א ווייטער זאָלן זיי מיטנעמען שפייז, ווייל אויף א וועג וואָס דויערט א נאכט און א טאָג, איז מען מחלל שבת און מען גייט (צום בית דין צו זאָגן) עדות וועגן דער נייער לבנה, ווארום עס ווערט געזאָגט (ויקרא כ״ג) ,,אלה מועדי ה׳ מקראי קודש אשר תקראו אותם במועדם, דאָס זענען די ימים טובים פון גאָט, די הייליקע צונויפזאמלונגען, וואָס איר זאָלט זיי אויסרופן אין זייער צייט״. **עס איז אָנגענומען א כלל אין דער משנה און גמרא (זע מסכתא פסחים פרק ו׳ משנה ב׳ אז וועגן יעדער זאך וואָס די תורה זאָגט וועגן איר ,,במועדו״, אָדער במועדם (,,אין זייער צייט״), איז זי דוחה שבת, מען מעג צוליב דער זאך מחלל שבת זיין.**

## פרק ב

א. אם אינן, אויב זיי (דאָס בית דין) קען ניט אים (דעם עדות) וואָס האָט גע־זען די נייע לבנה), שיקט מען מיט אים אן אנדערן עדות צו זאָגן וועגן אים. **באשטעטיקן, אז ער איז א באגלויבטער מענטש. די גמרא טייטשט ,,אחר״ (אן אנדערן) ווי ,,זוג אחר״, און אנדער פאר, 2 עדות, ווייל איין עדות איז ניט באגלויבט עדות צו זאָגן אויף אים.** בראשונה, פריער (אין די ערשטע צייטן) פלעגט מען אָננעמען פון יעדן מענטש דאָס עדות־זאָגן וועגן דער נייער לבנה; ווען די מינים האָבן קאליע געמאַכט, האָט מען איינגעפירט (מתקן־געווען), אז מען זאָל ניט אָננעמען דאָס עדות־זאָגן סיידן פון אזעלכע, וועלכע מען קען. **מיר האָבן שוין פריער פרק א׳ משנה ט׳ געגעבן וועגן דעם אז טייל סעקטעס האָבן געהאלטן פון אנדערע כללים וועגן דעם ווי אזוי פעסטצושטעלן ראש חודש, און זיי פלעגן מיט אלע מיטלען שטערן דאָס יידישע בית דין. דעריבער האָט מען אָנגענומען דאָס עדות זאָגן נור פון באגלויבטע מענטשן. ,,מינים״ האָבן געהייסן אפּטריניגע יידן.**

ב. בראשונה, פריער (אין די ערשטע צייטן) האָט מען אָנגעצינדן פייער־פלא־קערס (אויף די בערג מודיע צו זיין, אז עס איז ראש חודש); ווען די כותים האָבן קא־ליע געמאַכט (און זיי האָבן געפלעגט אָנצינדן פייער פלאקערס אין דער ניט־ריכטי־קער צייט כדי אָפּצונארן) האָט מען איינגעפירט, אז עס זאָלן ארויסגיין שלוחים. **ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק א׳ משנה ג׳, האָט דאָס בית דין געשיקט שלוחים מודיע צו זיין, ווען עס איז ראש חודש. ,,כותים״ הייסן די שומרונים, וועלכע האָלטן**

**ג. כיצד היו משיאין משואות? מביאין כלונסאות של ארז ארוכין, וקנים, ועצי שמן, ונעורת של פשתן, וכורך במשיחה, ועולה לראש ההר, ומצית בהן את האור, ומוליך ומביא ומעלה ומוריד, עד שהוא רואה את חבירו, שהוא עושה כן בראש ההר השני. וכן בראש ההר השלישי:**

**ד. ומאין היו משיאין משואות? מהר המשחה לסרטבא, ומסרטבא לגרופינא, ומגרופינא לחוורן ומחוורן לבית בלתין, ומבית בלתין לא זזו**

---

נור פון חומש, אָבער ניט פון נביאים און כתובים און ניט פון דער תורה שבעל פה, און לויט זייערע כללים פלעגט אויסקומען טיילמאָל זייער ראש חודש ניט אין זעלביקן טאָג וואָס דער ראש חודש ביי יידן. „משואות", פון וואָרט „בשא" „אויפהייבן", דאָס מיינט מען אָנצינדן אין אַ הויך אָרט פייער־פלאַקערס, אַלס צייכן, פונאנדערצושפרייטן א וויכטיקע ידיעה. דאָס וואָרט געפינען מיר אין תנך (ירמיה ו׳, „ועל בית הכרם שאו משאת").

ג. כיצד, ווי אזוי האָט מען אָנגעצונדן די פייער־פלאקערס? מען האָט געבראכט לאנגע דרענגער (כלונסאות) פון צעדערבוים־האָלץ, און שטעקעלעך און העלצער פון אייל־ביימער (עצי שמן) און די אויסגעדראָשענע פלאקס־שטעקעלעך (נעורת של פשתן), און איינער האָט (דאָס אלץ) ארומגעבונדן מיט א שטריק (במשיחה); און ער איז ארויף (מיט זיי) אויף דעם שפיץ בארג און האָט זיי אָנגעצינדן מיט פייער, און ער האָט (דעם ברענענדיקן פייער־פלאקער) געפירט אהין און צוריק, און ארויף און אראָפּ, ביז ער האָט געזען ווי דער אנדערער מענטש טוט דאָסזעלביקע (האָט אָנגעצונדן פייער און גיט דיזעלביקע צייכנס מיטן פייער־פלאקער) אויפן שפיץ פון צווייטן בארג, און אזוי איז אויך געווען אויפן דריטן בארג. די משנה דערציילט דאָ ווי אזוי מען פלעגט פארשפרייטן די ידיעה וועגן ראש חודש דורך פייער־צייכנס. אויב דאָס בית דין האָט געמאַכט ראש חודש דעם 30טן טאָג (דאָס הייסט אז דער אלטער חודש האָט געהאַט נור 29 טעג), האָט מען אין דער נאכט דערנאָך (פון 30טן אויפן 31־טן טאָג) אויף דעם באַרג, וואָס איז געווען נאָנט צום בית דין (אין ירושלים), אָנגעצינדן די פייער־פלאַקערס. אויף דעם בארג, וואָס איז געווען א סך מיילן ווייטער, האָט שוין געוואַרט א מענטש, און ווען ער האָט דערזען דעם פייער־צייכן האָט אויך ער דאָרט אָנגעצונדן אַ פייער, אַלס אַ צייכן צום מענטש, וואָס האָט געוואַרט אויפן 3טן בארג. מען האָט אזוי כסדר געגעבן פייער־צייכנס פון בארג צו בארג. און אזוי ווי אין ארץ ישראל זענען בערג פאראן איבער דער גאנצן לאנד, און אין די מזרח־לענדער איז די לופט זייער קלאָר, האָט מען שנעל געוואוסט אומעטום וועגן ראש חודש, אפילו אריין אין די שכנות׳דיקע לענדער, ביז בבל. די פייער־צייכנס האָט מען געגעבן נור ווען ראש חודש איז געווען דעם 30טן טאָג. אויב אָבער דאָס בית דין האָט געמאכט ראש חודש דעם 31טן טאָג האָט מען קיין פייער־צייכנס ניט געגעבן, און עס איז געווען אָפּגערעדט, אז ווען עס איז ניטאָ קיין פייער צייכנס איז ראש חודש דעם 31טן טאָג.

ד. ומאין, און פון וואנען (פון וועלכן בארג און אויף וועלכן בארג) האָט מען אָנגעצינדן די פייער־פלאקערס? פון הר הזיתים (הר המשחה, דער בארג פון אייל, פון איילבירטן, זיתים) ביז (דעם בארג) סרטבא. דער „הר הזיתים", וועלכער הייסט אויך הר המשחה, איז א בארג ביי ירושלים. און די משנה דערציילט דאָ, אז ווען ס׳ בית דין איז געווען אין ירושלים האָט מען געצינדן ס׳ערשטע פייער אויפן הר הזיתים און דאָס איז געווען א צייכן פאר דעם מענטש אויפן בארג „סרטבא" וואָס געפינט זיך ווייטער אין לאנד, אז ער זאָל דאָרט אָנצינדן דאָס פייער. ומסרטבא, און פון סרטבא ביז גרופינא, און פון גרופינא ביז חוורן, און פון חוורן ביז בית בלתין, און פון בית בלתין האָט מען זיך פון דאָרט ניט מער גערירט, נאָר ער (דער מענטש וואָס האָט אָנגעצינדן) האָט כסדר געפירט (דעם פייער פלאקער) אהין און צוריק און

**משם אלא מוליך ומביא ומעלה ומוריד, עד שהיה רואה כל הגולה לפניו כמדורת האש:**

**ה. חצר גדולה היתה בירושלים, ובית יעזק היתה נקראת, ולשם כל העדים מתכנסים, ובית דין בודקין אותם שם. וסעודות גדולות עושין להם, בשביל שיהו רגילין לבא. בראשונה לא היו זזין משם כל היום. התקין רבן גמליאל הזקן, שיהו מהלכין אלפים אמה לכל רוח. ולא אלו בלבד, אלא אף החכמה הבאה לילד והבא להציל מן הדליקה, ומן הגייס, ומן הנהר, ומן המפולת, הרי אלו כאנשי העיר ויש להם אלפים אמה לכל רוח:**

---

ארויף און אראָפּ ביז ער האָט געזען פאר זיך דאָס גאנצע גלות־לאנד (גולה) ווי איין פייער־פלאם. **די גמרא זאָגט, אז „גולה", גלות־לאנד, מיינט מען בבל, און ווייל אין בבל האָבן אין יענע צייטן געוואוינט די גרעסטע צאָל יידן (אחוץ אין ארץ ישראל) איז געווען וויכטיק זיי מודיע צו זיין ווי אמגעשווינדסטן. די גמרא זאָגט אויך, אז ווי מען האָט אין בבל דערזען די פייער־צייכנס, האָט יעדער ייד אָנגעצונדן אויף דעם דאך פון זיין הויז א פייער, און דאָס איז דער טייטש פון די ווערטער, אין דער משנה, „ער האָט געזען דאָס גאנצע גלות־לאנד פאר זיך ווי איין פייער פלאם". וועגן די נעמען פון די בערג, וואָס די משנה דערמאָנט דאָ (סרטבא, גרופינא, חורין, בית בלתין) זענען געשריבן געוואָרן א סך חקירות. עס איז ניט צו פארשטיין, ווי אזוי מען האָט געקאָנט פון ירושלים ביז בבל געבן פייער־צייכנס ניט מער ווי אויף פיר בערג אין דערמיט וועג, וועלכע איז זייער ווייט. טייל מיינען, אז דאָס זענען געווען די הויפט־פייער־צייכנס־סטאציעס, און צווישן זיי זענען געווען קלענערע פונקטן, וועלכע די משנה רעכנט ניט אויס, און אויף וועלכע מען האָט אויך אָנגעצינדן פייערן. „סרטבא" זאָל זיין דער בארג, וואָס הייסט אין אראביש „קרון סאר־טאבא" און וועלכער געפינט זיך צו מזרח פון שכם ניט ווייט פון ירדן. וועגן „גרו־פינא" ווייסט מען ניט, וואו עס איז געווען. „חורין" איז די געגענט „חאוראן" אין צפון עבר הירדן („אויראניטיס" אין ספר יוסיפון לרומיים). „בית בלתין" זאָגט דאָ די גמרא איז „בירם", און פון דער גמרא אין קידושין ע"ב איז צו זען אז בירם איז געווען אין בבל.**

ה. חצר, א גרויסער הויף איז געווען אין ירושלים, און ער האָט געהייסן בית יעזק, און דאָרט אהין האָבן זיך פארזאמלט אלע עדות, און דאָס בית דין האָט זיי דאָרט אויסגעפאָרשט; און מען האָט געמאכט פאר זייערטוועגן גרויסע סעודות, כדי זיי זאָלן זיך איינגעוואוינען צו קומען. פריער (אין די ערשטע צייט) האָבן זיי (די עדות) זיך ניט גערירט פון דאָרט (פון דעם הויף) א גאנצן טאָג. **אויב עס איז געווען שבת און די עדות זענען געקומען פון ווייטער ווי 2000 איילן (חוץ פון תחום שבת), האָבן זיי ניט געטאָרט גיין מער ווי 4 איילן (זע מסכתא עירובין פרק ד' משנה א'), און דעריבער האָבן זיי זיך ניט געטאָרט רירן פון אָרט. אָבער אזוי ווי דאָס האָט אָפּגעהאלטן טייל מענטשן פון קומען, דעריבער** — התקין, האָט רבן גמליאל הזקן מתקן געווען (איינגעפירט די תקנה) אז זיי מעגן גיין צוויי טויזנט איילן צו יעדער זייט. **רבן גמליאל הזקן איז געווען אין ירושלים, נשיא איבער די יידן לערך 20 יאָר פאר דער חורבן פון 2טן בית המקדש.** ולא אלו, און ניט נור די דאָזיקע אליין (ניט נור די עדות פון ראש השנה אליין מעגן גיין די צוויי טויזנט איילן), נאָר אויך אָ הייבאם, וועלכע קומט (העלפן דער קימפעטאָרין) צו געווינען (דאָס קינד), און איינער וועלכער קומט ראטעווען פון א פייער אָדער פון אן (אָנפאלער) רויבער, אָדער פון א טייך (־פארפלייצונג) אָדער פון אן איינגעפאלן הויז, זענען זיי גלייך צו די מענטשן פון דער שטאָט (אין וועלכער זיי זענען געקומען, און (אויב זיי זענען געקומען אים שבת חוץ פון תחום) האָבן זיי (מעגן זיי גיין) צוויי טויזנט איילן צו יעדער זייט

**ו. כיצד בודקין את העדים? זוג שבא ראשון, בודקין אותו ראשון, ומכניסין את הגדול שבהן, ואומרים לו: אמור, כיצד ראית את הלבנה? לפני החמה או לאחר החמה? לצפונה או לדרומה? כמה היה גבוה? ולאין היה נוטה? וכמה היה רחב? אם אמר „לפני החמה״, לא אמר כלום. ואחר כך היו מכניסים את השני ובודקין אותו. אם נמצאו דבריהם מכוונים, עדותן קיימת. ושאר כל הזוגות, שואלין אותם ראשי דברים, לא שהיו צריכין להן, אלא כדי שלא יצאו בפחי נפש, בשביל שיהו רגילים לבא:**

**ז. ראש בית דין אומר מקודש, וכל העם עונין אחריו מקודש**

---

(פון דער שטאָט). **דאָס וואָרט „חכמה״ אלס הייבאם געפינט זיך אויך אין שבת פרק י״ח משנה ג׳; וועגן „גייס״ זע אין פירוש צו פסחים פרק ג׳ משנה ז.**

ו. כיצד, ווי אזוי פאָרשט מען אויס די עדות? דאָס פאָר (זוג, די צוויי מענטשן עדות), וואָס איז אָנגעקומען צוערשט, פאָרשט מען אויס צוערשט; און מען פירט אריין דעם עלטערן פון זיי (פון די צוויי עדות) און מען זאָגט צו אים: „זאָג, ווי אזוי האָסטו געזען די לבנה? צו דער־זון־צן, אָדער אוועקגעדרייט פון דער זון (צי דער שמאָלער פאס פון דער נייער לבנה איז געווען מיט די שפיצן צו דער זון אָדער אוועקגעדרייט פון דער זון)? צו צפון זייט פון איר (פון דער זון) אָדער צו איר דרום־זייט? ווי הויך (אויפן הימל) איז זי (די לבנה) געווען? און וואוהין איז זי געווען גענייגט? און ווי ברייט איז זי געווען?״ **דאָס זענען געווען די פראגן, וועלכע מען האָט געשטעלט דעם עדות. דאָס בית דין האָט געהאַט גאנץ גענויע אסטראָנאָמישע אויס־רעכנונגן, וואו די לבנה האָט אין יענער צייט געדאָרפן זיך געפינען און ווי זי האָט געדאָרפן אויסזען, און אויב דער עדות האָט געזאָגט ניט ריכטיק, האָט מען גע־וואוסט, אז עס איז א פאלשער עדות.** אם אָמר, אויב ער (דער עדות) האָט געזאָגט „צו־דער־זון־צו״, האָט ער גאָרניט געזאָגט. **זיין עדות זאָגן האָט אין אזא פאל קיין ווערט ניט, ווייל די שפיצן פון דעם לבנה־פאס קאָנען ניט זיין אויסגעדרייט צו דער זון, ווייל זי באקומט דאָך איר ליכטיקייט פון דער זון, קאָן דאָך איר פגימה־זייט (די טונקעלע זייט די שפיצן) ניט זיין אויסגעדרייט צו דער זון; די גמרא זאָגט דערויף „מעולם לא ראתה חמה פגימתה של לבנה״, די זון האָט קיינמאָל ניט געזען די פגימה פון דער לבנה.** ואחר כך, און דערנאָך האָט מען אריינגעפירט דעם צווייטן (עדות) און מען האָט אים אויסגעפאָרשט (געפרעגט די זעלביקע פראגן); אויב זייערע (ביידנס) ווערטער זענען געפינען געוואָרן גלייך (זיי האָבן געזאָגט דאָסזעלביקע), איז זייער עדות־זאָגן גוט (גילטיק). און אלע איבריקע פאָרן (עדות) פרעגט מען אויס (דערנאָך) עטליכע ווערטער (ראשי דברים); ניט ווייל מען האָט זיי גדארפן האָבן, נאָר כדי זיי זאָלן ניט ארויסגיין (פון בית דין) נידערגעשלאָגן (בפחי נפש), כדי זיי זאָלן זיך איינגעוויינען צו קומען. **דאָס הייסט, כאָטש דאָס עדות זאָגן פון די ערשטע צוויי עדות איז גענוג געווען, האָט מען סתם אזוי אביסל אויסגעפרעגט די איבריקע מענטשן, כדי זיי זאָלן וועלן קומען אן אנדערש מאָל עדות־זאָגן. די ווערטער „בפחי נפש״ זאָלן באדייטן א נידערגעשלאָגענע שטימונג, און עס איז ניט קלאָר וואָס מען מיינט מיט „פחי״. דער „ערוך השלם״ מיינט, אז דאָס איז פון „נפח״, „בלאָזן״, מיט אן ארויסגעבלאָזענער נשמה.**

ז. ראש בין דין, דער עלטסטער (דער ראש, דער פירער) פון בית דין האָט געזאָגט: „געהייליקט״ (מקודש), און דאָס גאנצע פאָלק (אלע פארזאמלטע אין בית־דין־הויז) האָבן נאָכגעזאָגט: „געהייליקט״, „געהייליקט״. **נאָכדעם ווי מען האָט אָנגענומען דאָס עדות זאָגן און מען האָט פעסטגעשטעלט, אז היינט איז ראש חודש, האָט דער ראש בית דין געזאָגט „געהייליקט״, „מקודש״, און אלע וואָס זענען גע־ווען דאביי, האָבן אָפגעענטפערט „געהייליקט״. ראש חודש איז א הייליקער טאָג**

**מקודש. בין שנראה בזמנו בין שלא נראה בזמנו מקדשין אותו. ר׳ אלעזר ברבי צדוק אומר, אם לא נראה בזמנו אין מקדשין אותו, שכבר קדשוהו שמים:**

**ח. דמות צורות לבנות היו לרבן גמליאל בטבלא ובכותל בעלייתו, שבהן מראה את ההדיוטות, ואומר: „הכזה ראית, או כזה?" מעשה שבאו שנים ואמרו: ראינוהו שחרית במזרח וערבית במערב. אמר ר׳ יוחנן בן נורי, עדי שקר הם. כשבאו ליבנה קיבלן רבן גמליאל. ועוד באו שנים ואמרו: ראינוהו בזמנו, ובליל עבורו לא נראה, וקבלן רבן**

---

**און די גמרא לערנט דאָס אָפּ פון ויקרא כ״ג „מקראי קודש".** בין שנראה, סיי זי (די נייע לבנה) האָט זיך באַוויזן אין איר צייט (דעם דרייסיקסטן טאָג) און סיי זי האָט זיך ניט באַוויזן אין איר צייט הייליקט מען אים. **דאָס הייסט, סיי מען מאַכט ראש חודש דעם 30טן טאָג נאָכן אַלטן ראש־חודש, און סיי מען מאַכט דעם נייעם ראש חודש דעם 31טן טאָג נאָכן אַלטן ראש חודש דאַרף דער ראש בית דין זאָגן „געהייליקט"** (מקודש). ר׳ אלעזר ברבי צדוק זאָגט, אַז אויב זי (די נייע לבנה) האָט זיך ניט באַוויזן אין איר צייט (און מען מאַכט ראש חודש דעם איין און דרייסיקסטן טאָג), הייליקט מען אים (דעם ראש־חודש־טאָג) ניט (מען זאָגט ניט „מקודש"), ווייל מען האָט אים שוין געהייליקט אין הימל. **ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין פרק א׳ משנה ג׳ קאָן קיין חודש ניט זיין מער ווי 30 טעג, ממילא אויב ראש חודש איז ניט געוואָרן דעם 30טן טאָג, מוז ער דאַך זיין דעם 31טן טאָג, דאַריבער דאַרף מען אים ניט „הייליקן", ווייל דער טאָג איז שוין ראש חודש פון זיך אַליין, פון הימל. לאָמיר דאָ באַמערקן אַז די משנה באַנוצט כסדר פריער (אין משנה ו׳ „כמה היה גבוה") און איצט „אותו", און אויך ווייטער (אין משנה ח׳ „ראינוהו") דעם לשון זכר, כאָטש „לבנה" איז אַ לשון נקבה. דער טעם איז, ווייל ווי מיר האָבן פריער אין פרק א׳ משנה ג׳ דערקלערט, האָט די משנה פאַר דער נייער לבנה דאָס וואָרט „החודש", און מיר געפינען פריער פרק א׳ משנה ז׳ מעשה בטוביה הרופא שראה את החדש", ער האָט געזען די נייע לבנה.**

ה. דמות, דאָס בילד פון (פאַרשידענע) געשטאַלטן פון דער לבנה האָט רבן גמליאל געהאַט אויף אַ טאַוול און אויף דער וואַנט אין זיין בוידעם־שטיבל, וואָס מיט זיי האָט ער געוויזן די פשוטע מענטשן, הדיוטות, ניט־געלערנטע מענטשן, די עדות), און ער האָט געזאָגט (צו זיי): „צי האָט איר געזען ווי דאָס אָדער ווי דאָס?" **רבן גמליאל דאָ מיינט מען רבן גמליאל פון יבנה, נשיא איבער יידן נאָכן חורבן פון 2טן בית המקדש. דאָס וואָרט „הדיוטות" איז פון גריכישן „אידיאָטעס", איינער פון פאָלק, אַ ניט־געלערנטער.** מעשה, עס איז געווען אַ מעשה, אַז עס זענען געקומען צוויי (עדות) און זיי האָבן געזאָגט: „מיר האָבן זי (די נייע לבנה) געזען אין דער פרי (אויפן הימל) אין מזרח־זייט און אין אָוונט אין מערבזייט"; האָט ר׳ יוחנן בן נורי געזאָגט, אַז זיי זענען פאַלשע עדות. ווען זיי זענען געקומען קיין יבנה האָט זיי רבן גמליאל אָנגענומען. **פון דער גמרא איז צו זען, אַז רבן גמליאל האָט אָנגענומען זייער עדות זאָגן ניט דערפאַר, ווייל עס איז מעגליך, אַז מען זאָל זען די נייע לבנה אין דער פרי אין מזרח און אין אָוונט אין מערב זייט, נאָר דערפאַר ווייל לויט ווי רבן גמליאל האָט אויסגערעכנט, האָט מען די לבנה געדאַרפט זען אין אָוונט אין מערב־זייט, און ער האָט אָנגענומען אַז זיי זענען ריכטיקע עדות, און דאָס וואָס זיי האָבן געזען אין דער פרי איז געווען אַ שטיקל באַלויכטענער וואָלקן און זיי האָבן טעות געהאַט און געמיינט, אַז עס איז די לבנה.** ועוד, און נאָך (איין מעשה איז פאָרגעקומען), אַז עס זענען געקומען צוויי (עדות) און האָבן געזאָגט: „מיר האָבן זי (די נייע לבנה) געזען אין איר צייט (דעם דרייסיקסטן טאָג נאָכן אַלטן ראש חודש) און אין איר עיבור־נאַכט (אין דער נאַכט פון דרייסיקסטן טאָג) האָט זי זיך ניט באַוויזן", און

**גמליאל. אָמר ר׳ דוסא בן הרכינס, עדי שקר הן, היאך מעידים על האשה שילדה, ולמחר כריסה בין שיניה? אָמר לו רבי יהושע, רואה אני את דבריך.**

**ט. שלח לו רבן גמליאל: גוזרני עליך, שתבא אצלי במקלך ובמעו־תיך ביום הכפורים שחל להיות בחשבונך. הלך ומצאו רבי עקיבא מיצר. אָמר לו: יש לי ללמוד שכל מה שעשה רבן גמליאל עשוי, שנאמר (ויקרא כ״ג) „אלה מועדי ה׳ מקראי קודש אשר תקראו אותם״, בין בזמנן בין שלא בזמנן, אין לי מועדות אלא אלו. בא לו אצל רבי דוסא בן הרכינס. אָמר לו: אם באין אנו לדון אחר בית דינו של רבן גמליאל, צריכין אנו לדון אחר כל בית דין ובית דין שעמד מימות משה ועד עכשיו שנאמר**

---

רבן גמליאל האָט זיי אָנגענומען אלס גוטע עדות. ר׳ דוסא בן הרכינס האָט געזאָגט, אז זיי זענען פאלשע עדות; מחמת ווי אזוי קאָן מען עדות זאָגן אויף א פרוי אז זי האָט געבוירן א קינד, און צומאָרגנס איז איר בויך (אזוי גרויס אז ער דערגרייכט ביז) צווישן אירע ציין? „ליל עיבורו״, „די נאַכט פון עיבור״, מיינט מען די **נאַכט צום 31טן טאָג, מחמת ווען ראש חודש ווערט דעם 31טן טאָג הייסט דער אלטער חודש „מעובר״, ער איז מעוברת געוואָרן מיט נאָך איין טאָג (אנשטאט 29 טעג האָט ער 30 טעג). לויט ר׳ דוסא בן הרכינס איז ניט מעגליך, אז מען זאָל זען די נייע לבנה א נאַכט פריער און דערנאָך זאָל מען זי ניט זען.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר׳ דוסאן) געזאָגט ר׳ יהושע: „מיר געפעלן דיינע ווערטער״. **„רואה אני״, איך זע, זיי געפעלן מיר, דאָס הייסט, אז ר׳ דוסא איז גערעכט. ר׳ יהושע (ר׳ יהושע בן חנניה) איז געווען א חבר פון ר׳ גמליאל. פון דער ווייטערדיקער משנה איז צו זען, אז די מחלוקה איז געווען וועגן ראש חודש תשרי (ראש השנה) און לויט ר׳ דוסא און ר׳ יהושע איז ראש חודש תשרי געווען מיט א טאָג שפּעטער, און ממילא איז אויך יום כיפור (דער 10טער טאָג אין תשרי) אויסגעפאלן מיט א טאָג שפּעטער ווי עס איז אויסגעקומען לויט רבן גמליאל.**

ט. שלח לו, האָט רבן גמליאל געשיקט צו אים (צו ר׳ יהושע): איך בין אויף דיר גוזר, אז דו זאָלסט קומען צו מיר מיט דיין שטעקן און מיט דיין געלט אין דעם יום כפור, וואָס פאלט אויס לויט דיין רעכנונג. **רבן גמליאל האָט, אלס נשיא, גע־וואָלט דורכפירן, אז נור דער ראש חודש, וואָס דער נשיא מאכט, איז דער ריכטיקער ראש חודש.** הלך ומצאו, איז ר׳ עקיבא געגאנגען און האָט געטראָפן אים (ר׳ יהושע׳ן) אין צער, **אזוי טייטשט די ברייתא, אז דער „הלך״ גייט ארויף אויף ר׳ עקיבא, אז ר׳ עקיבא איז געגאנגען.** אָמר לו, האָט ער (ר׳ עקיבא) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהושע): איך קאָן אָפּלערנען (באווייזן), אז אלץ וואָס רבן גמליאל האָט געטאָן איז געטאָן (דער ראש חודש, וואָס ער אלס נשיא מאכט, איז גילטיק), ווארום עס ווערט געזאָגט (ויקרא כ״ג) „אלע מועדי ה׳ מקראי קודש אשר תקרא אותם, דאָס זענען די ימים טובים פון גאָט, וואָס איר זאָגט זיי אויסרופן אין זייער באשטימטער צייט״, סיי אין זייער צייט און סיי ניט אין זייער צייט, איך האָט ניט קיין אנדערע ימים טובים נאָר די דאָזיקע. **ר׳ עקיבא האָט אָפּגעלערנט פון „אשר תקראו״, „וואָס איר זאָלט אויסרופן״, און ער טייטשט „וואָס איר וועט אויסרופן״, אז דער ראש חודש (פון ראש חודש זענען דאָך אָפּהענגיג די ימים טובים) וואָס דאָס בית דין וועט אויסרופן, אלץ איינס צי אין דער צייט צי ניט אין דער צייט, איז דער ריכטיקער ראש חודש.** בא לו, איז ער (ר׳ יהושע) געקומען צו ר׳ רוסא בן הרכינס; האָט ער (ר׳ דוסא) צו אים גע־זאָגט: אויב מיר וועלן גיין נאָכפאָרשן (לדון, נאָכקאָנטראָלירן) נאָך דעם בית דין פון רבן גמליאל, דארפן מיר דאָך נאָכפאָרשן (נאָכקאָנטראָלירן) נאָך יעדן בית דין וואָס איז אויפגעשטאַנען (וואָס איז געווען ביי יידן) פון משה (רבנו) און ביז איצט; ווארום עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ד) „ויעל משה ואהרן נדב ואביהו ושבעים

**(שמות (כ״ד) „ויעל משה ואהרן נדב ואביהוא ושבעים מזקני ישראל״, ולמה לא נתפרשו שמותן של זקנים? אלא ללמד שכל שלשה ושלשה שעמדו בית דין על ישראל, הרי הוא כבית דינו של משה. נטל מקלו ומעותיו בידו והלך ליבנה אצל רבן גמליאל ביום שחל יום הכפורים להיות בחשבונו. עמד רבן גמליאל ונשקו על ראשו, אמר לו: בוא בשלום, רבי ותלמידי, רבי בחכמה ותלמידי שקבלת דברי.**

## פרק ג.

**א. ראוהו בית דין וכל ישראל, נחקרו העדים, ולא הספיקו לומר מקודש עד שחשיכה, הרי זה מעובר. ראוהו בית דין בלבד, יעמדו שנים ויעידו בפניהם, ויאמרו: „מקודש, מקודש״, ראוהו שלשה והן בית דין**

---

מזקני ישראל, און עס זענען ארויפגעגאנגען משה און אהרן נדב און אביהו און זיבציק פון די עלטסטע פון ישראל״, און פאַרוואָס זענען ניט אויסגערעכנט געוואָרן די נעמען פון די (זיבציק) זקנים? נאָר כדי צו לערנען, אז יעדע דריי מענטשן, וועלכע זענען אויפגעשטאנען אלס בית דין (געוואָרן א בית דין) איבער די יידן, איז ער (דער דאָזיקער בית דין) גלייך צום בית דין פון משה (רבנו). **די ברייתא אין דער גמרא טייטשט עס, אז אויב מען וועט וועגן מענטשן פון א בית דין פרובן זאָגן, אז זיי זענען ניט אזוי גרויס ווי משה און אהרן, וועט מען קאָנען ענטפערן, אז עס קאָן זיין אז זיי זענען אזוי גרויס ווי די זקנים פון משה׳ס צייט, וועמענס נעמען זענען ניט אויסגערעכנט.** נטל, האָט ער (ר׳ יהושע) גענומען אין זיין האַנט זיין שטעקן און זיין געלט און ער איז געגאנגען קיין יבנה צו רבן גמליאל אין דעם יום כיפור, וואָס איז אויסגעפאלן לויט זיין (ר׳ יהושע׳ס) חשבון; האָט רבן גמליאל זיך אויפגעשטעלט און אים א קוש געגעבן אויף זיין קאָפּ, (און) האָט געזאָגט צו אים: „קום אין פרידן, מיין רבי און מיין תלמיד, מיין רבי — אין חכמה, און מיין תלמיד, — ווייל דו האָסט אָנגענומען מיינע ווערטער״. **דער רמבם אין פירוש צו משניות זאָגט אויף דער דאָזיקער משנה „דאָס איז קלאָר און אמת״. דאָס הייסט, אז פעסטשטעלן ווען ראש חודש איז און ממילא אויך די טעג פון די ימים טובים געהערט צו בית דין, און וואָס בית דין טוט איז גילטיק.**

## פרק ג.

א. ראוהו, אויב דאָס בית דין און אלע יידן האָבן זי (די נייע לבנה) געזען, (אָדער) עס זענען שוין געווען אויסגעפאָרשט די עדות (וואָס האָבן עדות געזאָגט אז זיי האָבן געזען די נייע לבנה), און מען האָט ניט באוויזן צו זאָגן „געהייליקט״ (אז דער טאָג זאָל זיין ראש חודש) איידער עס איז געוואָרן פינסטער (עס איז געוואָרן נאכט) איז דער חודש מעובר. **מיר האָבן שוין פריער דערקלערט, אז א פשוטער חודש האָט 29 טעג, און א חודש מעובר האָט 30 טעג (ער איז מעובר מיט נאָך א טאָג). זאָגט דאָ די משנה אז אפילו אלע יידן צוזאמען מיטן בית דין האָבן געזען די נייע לבנה צום 30טן טאָג, אָדער זיי האָבן דורך עדות פעסטגעשטעלט, אז מען האָט געזען די לבנה, אָבער עס איז געוואָרן נאַכט איידער מען האָט געזאָגט דאָס וואָרט „מקודש״, געהייליקט (זע פריער פרק ב׳ משנה ז׳), איז ראש חודש דער 31־טער טאָג, און דער אלטער חודש איז מעובר, האָט 30 טעג.** ראוהו, אויב דאָס בית דין אליין (למשל פינף דיינים) האָבן געזען זי (די נייע לבנה), זאָלן צוויי (פון זיי) זיך אויפשטעלן (און ווערן עדות) און עדות זאָגן פאר זיי (פאר די איבעריקע דריי דיינים), און זיי (די דריי דיינים) זאָלן זאָגן: „געהייליקט״, „געהייליקט״. **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען דאָס בית דין האָט געזען די נייע לבנה ביינאכט, און ווייל ביי־נאכט קאָן מען ניט „הייליקן״ און דערקלערן דעם ראש חודש, דעריבער מוזן צו־מאַרגנס צוויי פון זיי ווערן עדות, אָבער אויב דאָס בית דין האָט געזען די נייע לבנה בייטאָג, קאָנען זיי דורך זייער זען מאַכן דעם טאָג פאר ראש חודש ווייל „לא תהא**

**יעמדו השנים, ויושיבו מחבריהם אצל היחיד, ויעידו בפניהם, ויאמרו: „מקודש, מקודש", שאין היחיד נאמן על ידי עצמו.**

**ב. כל השופרות כשרין חוץ משל פרה, מפני שהוא קרן. אמר רבי יוסי, והלא כל השופרות נקראו קרן, שנאמר** (יהושע ו' ח') **„במשוך בקרן היובל":**

**ג. שופר של ראש השנה — של יעל פשוט, ופיו מצופה זהב, ושתי חצוצרות מן הצדדין; שופר מאריך וחצוצרות מקצרות, שמצות היום בשופר:**

**ד. בתעניות — בשל זכרים כפופין, ופיהן מצופה כסף, ושתי חצוצ-**

---

**שמיעה גדולה מראייה", דאָס הערן עדות זאָגן קאָן ניט זיין שטאַרקער ווי דאָס אליין זען.** ראוהו, אויב עס האָבן זי (די נייע לבנה) געזען דריי מענטשן און זיי זענען (די דריי דיינים פון) בית דין זאָלן צוויי (פון זיי זיך אויפשטעלן (און ווערן עדות), און מען זאָל צוזעצן (אנדערע צוויי דיינים) פון זייערע חברים לעבן דעם איינציקן (איבערגעבליבענעם דיין), און זיי (די ערשטע צוויי) זאָלן עדות־זאָגן פאַר זיי, און די דאָזיקע (דריי דיינים) זאָלן זאָגן: „געהייליקט", „געהייליקט"; ווארום א יחיד (אן איינצלנער מענטש) איז ניט באגלויבט דורך זיך אליין. **דאָס וואָרט „נאמן", באַגלויבט, האָט דאָ דעם טייטש פון „זיין בארעכטיקט", „האָבן דאָס רעכט", און דאָס הייסט, אז איין דיין אליין קאָן ניט הייליקן דעם ראש חודש; אזוי טייטשט די גמרא. — ביז איצט האָט די משנה געלערנט די דינים פון קידוש החודש. די ווייטערדיקע משנות זענען שוין וועגן די מצוות פון ראש השנה, און דער עיקר פון שופר בלאָזן.**

ב. כל השופרות, אלע שופרות זענען כשר (צו בלאָזן מיט זיי), א חוץ פון (דעם **האָרן פון**) אַ קו, ווייל ער הייסט קרן (האָרן); האָט ר' יוסי געזאָגט: סטייטש אַלע שופרות הייסן דאָך קרן (האָרן), ווארום עס ווערט געזאָגט (יהושע ו') „במשוך בקרן היובל, ווען מען וועט ציען (בלאָזן) מיט דעם האָרן פון ווידער". **די ראיה פון ר' יוסי איז פון דעם סוף פון זעלבן פסוק, וועלכער גיט־צו „בשמעכם קול השופר, איר וועט דערהערן דאָס קול פון שופר", און דערפון איז דאָך צו זען, אז דער פריער דערמאָנטער קרן, האָרן, הייסט „שופר". אין דער משנה און ירושלמי ווערט צוגעגעבן דער סוף פון פסוק. „יובל" איז דער טייטש א ווידער, א שעפס א זכר.**

ג. שופר, דער שופר פון ראש השנה (מיט וועלכן מען בלאָזט אים ראש השנה) איז פון א שטיינבאַק (יעל, געמזע, א ווילדע ציג אין די בערג), גלייך (ניט געדרייט), און זיין מויל (דאָס לעכל מיט וועלכן מען בלאָזט) איז באַדעקט מיט גאָלד, און צוויי (מענטשן מיט) טרומפייטערס שטייען פון ביידע זייטן (פון דעם שופר־בלאָזער). **די משנה דערציילט דאָ ווי מען האָט געבלאָזן שופר אים ראש השנה אין בית המקדש. דאָרט זענען אין ביידע זייטן פון מענטש, וועלכער האָט געבלאָזן שופר, געשטאַנען צוויי מענטשן מיט טרומייטערס (חצוצרות) און האָבן אויך געבלאָזן אין די טרומייטערס. דאָס איז פון תהלים צח „בחצוצרות ובקול שופר הריעו לפני המלך ה' ", אז פאַר גאָט (אין בית המקדש) דאַרף מען בלאָזן מיט דעם שופר און מיט די חצוצרות.** שופר מאריך, מיט דעם שופר בלאָזט מען לאַנג, און מיט די טרומייטערס בלאָזט מען קורץ, ווייל די מצוה פון טאָג (די מצוה צו בלאָזן אים ראש השנה) איז מיט דעם שופר. **דעריבער שטייט דער שופר־בלאָזער אין דערמיט און ער בלאָזט לענגער ווי די מענטשן מיט די טרומייטערס.**

ד. בתעניות, אין תעניתים־טעג (בלאָזט מען שופר) מיט (שופרות) פון ווידערס (זכרים, שעפסן־זכרים), געבויגענע, און זייער מויל איז באַדעקט מיט זילבער, און צוויי (מענטשן) מיט טרומייטערס שטייען אין דערמיט. **מיט תעניתים־טעג מיינט מען ניט דאָ אַזעלכע תעניתים ווי תשעה באב, נאָר מען מיינט די תעניתים, וואָס מען**

רות באמצע; שופר מקצר, חצוצרות מאריכות, שמצות היום בחצוצרות;

ה. שוה היובל לראש השנה לתקיעה ולברכות. ר׳ יהודה אומר, בראש השנה תוקעין בשל זכרים, וביובלות בשל יעלים.

ו. שופר שנסדק ודבקו, פסול. דבק שברי שופרות, פסול. נקב וסתמו, אם מעכב את התקיעה, פסול, ואם לאו, כשר:

ז. התוקע לתוך הבור או לתוך הדות או לתוך הפיטם, אם קול שופר

---

פלעגט אויסרופן צוליב א צרה, ווי למשל, עס איז ניט געגאנגן קיין רעגן. די משנה אין תענית פרק ב׳ משנה ה׳ זאָגט, אז מען האָט געבלאָזן אין די דאָזיקע טעג, און די בלאָזערס זענען געווען כהנים. דאָרט אין דער משנה און אויך דאָ אין דער גמרא ווערט געזאָגט, אז אויך דאָס איז געווען נור אין בית המקדש. אין תעניתים־טעג זענען די טרומייטערס בלאָזער געשטאַנען אין דער מיט. שופר מקצר, מיט דעם שופר בלאָזט מען קורץ, און מיט די טרומייטערס בלאָזט מען לאַנג, ווייל די מצוה (צו בלאָזן אין א תענית־) טאָג איז מיט טרומייטערס. דאריבער בלאָזט מען מיט זיי לענגער, און זיי שטייען אין דער מיט. וועגן בלאָזן מיט טרומייטערס אין א עת צרה ווערט געזאָגט אין חומש במדבר י׳ „וכי תבואו מלחמה בארצכם על הצר הצורר אתכם והרעותם בחצוצרות", און כאָטש אין פסוק ווערט געזאָגט וועגן מלחמה לערנט מען דערפון אָפּ אויך אויף יעדער עת צרה.

ה. שוה, דאָס יובל־יאָר איז גלייך צו ראש השנה בנוגע בלאָזן (שופר) און די ברכות. מיט „ברכות" מיינט מען דאָ תפלות פון „מלכיות" און „זכרונות" און „שופרות", וואָס מען זאָגט ראש השנה צו מוסף ביים שופר בלאָזן און מען פארענ־דיקט זיי מיט ברכות (ברוך אתה ה׳). דאָס יובל־יאָר האָט געהייסן יעדעס 50טע יאָר, ווען מען האָט באַפרייט די קנעכט, צוריקגעגעבן געקויפטע פעלדער און דער חומש במדבר כ״ה זאָגט אז אין יום כיפור פון יובל־יאָר זאָל מען בלאָזן שופר (והעברתם שופר תרועה). דעריף זאָגט די משנה דאָ אז אין דער הינזיכט פון שופר־בלאָזן און זאָגן די ברכות טוט מען יום כיפור אין יובל־יאָר דאָסזעלבע וואָס יעדעס יאָר אים ראש השנה. ר׳ יהודה זאָגט, אז אים ראש השנה בלאָזט מען מיט (א שופר) פון ווידערס (שעפסן זכרים), און אין די יובל יאָרן (מיט א שופר) פון שטיינבעק. „יעל", „יעלים", וואָס ווערט דערמאָנט אויך אפט אין תנך, איז די ווילדע ציג, וואָס געפינט זיך מייסטנס אויף די הויכע־בערג, דער שטיינבאק (אין איוב ל״ט „יעלי סלע"), און מען רופט זי אויך די געמזע.

ו. שופר, א שופר, וואָס איז צעשפאלטן געוואָרן און מען האָט אים (דעם שפאלט) פארקלעבט איז פסול. מען טאָר מיט אים ניט בלאָזן, ווייל עס הייסט ווי צוויי שופרות, די גמרא זאָגט, אז עס איז פסול נאָר ווען דער שופר איז צושפאלטן געוואָרן אין דער לענג, אָבער אויב ער איז צושפאלטן געוואָרן אין דער ברייט איז ער כשר, אויב פון מויל ביז צום שפאלט איז אזוי גרויס אז מען קאָן אים האַלטן אין דער האַנט און מען זאָל ארויסזען דעם שופר פון ביידע זייטן. דבק, אויב מען האָט צונויפגעקלעבט שטיקער פון שופרות (מען האָט צונויפגעקלעבט די שטיקער און געמאַכט פון זיי איין שופר) איז (דער דאָזיקער שופר) פסול. אויב ער (א שופר) איז געלעכערט געוואָרן (עס איז געוואָרן איז אים א לעכל) און האָט אים (דאָס לעכל) פארשטאָפּט, (איז דער דין), אויב עס פארהאלט דאָס בלאָזן, איז ער פסול, און אויב (עס פארהאלט) ניט, איז ער כשר. תוספות טייטשט „מעכב את התקיעה", „פאר־האַלט דאָס בלאָזן", אז דאָס מיינט, אויב ווען מען פארשטאָפּט ניט קאָן מען ניט בלאָזן צוליב דעם לעכל, און דאריבער איז דער שופר פסול אפילו ווען נאָך׳ן פאר־שטאָפּן קאָן מען יאָ בלאָזען.

ז. התוקע, אז איינער בלאָזט אריין אין א גרוב, אָדער אין א ציסטערנע (דות), אָדער אין א גרויסער פאס (פיטם), (איז דער דין), אויב מען הערט דאָס קול פון

**שמע, יצא, ואם קול הברה שמע, לא יצא. וכן מי שהיה עובר אחורי בית הכנסת, או שהוה ביתו סמוך לבית הכנסת, ושמע קול שופר או קול מגילה, אם כיון לבו יצא. ואם לאו לא יצא. אף על פי שזה שמע וזה שמע, זה כיון לבו וזה לא כיון לבו:**

**ח. „והיה כאשר ירים משה ידו וגבר ישראל וגומר (שמות י״ז), וכי ידיו של משה עושות מלחמה, או שוברות מלחמה? אלא לומר לך, כל זמן שהיו ישראל מסתכלים כלפי מעלה ומשעבדין את לבם לאביהם**

---

שופר האָט מען יוצא געווען (די מצוה פון הערן שופר), און אויב מען האָט געהערט דעם קול פון אן אָפקלאנג (הברה) האָט מען ניט יוצא געווען. **דאָס מיינט מען די מענטשן וועלכע שטייען אויסער דעם גרוב, ווייל די מענטשן אין גרוב הערן דאָך זיכער דעם קול, פון שופר. „דות" מיינט ציסטערנע, א שפייכלער, א פעסט־ארומגע־בויטע געביידע. „פיטס" איז אייגענטליך דאָסזעלביקע וואָס „פיטס" (מיט א „ס") און דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „פיטאָס", א פאָס. מיר געפינען דאָס וואָרט עטליכע מאָל אין דער משנה** (בבא מציעא פרק ד׳ משנה י״ב „**ונותן לתוך פיטס אחד", און אין טייל משניות איז דאָרט די גירסא מיט א „ס"). וועגן „הברה" מיינט** ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" **אז דאָס איז פון גריכישן „עיראָס", א ווינט, און דאָס זאָל מיינען אן אָפקלאנג. אָבער זיין מיינונג איז, דאכט זיך, ניט ריכטיג.** עס אז מסתמא אן אלט לשון קודש וואָרט; **עס ווערט אויך געבראכט אין גמרא** גטין פ״ט „לא ששמע קול **הברה". וכן, און אזוי איז אויך, אויב איינער איז פאַר־** בייגעגאנגען הינטער א שול (בית הכנסת), אָדער זיין הויז איז לעבן א שול, און ער האָט געהערט (פון דער שול אים ראש השנה דעם קול פון שופר, אָדער (אים פורים) דעם קול פון (ליינען די) מגילה, (איז דער דין) אויב ער האָט מכוון געווען זיין הארץ האָט ער יוצא געווען (די מצוה פון הערן שופר־בלאָזן אָדער מגילה־ליי־נען), און אויב ניט (ער האָט ניט מכוון געווען) האָט ער ניט יוצא געווען; כאָטש דער איינער האָט געהערט און דער אנדערער האָט געהערט (בלאָזן שופר אָדער ליינען די מגילה), (אָבער) דער האָט מכוון געווען זיין הארץ און דער אנדערער האָט ניט מכוון געווען זיין הארץ. **מיט די לעצטע ווערטער מיינט די משנה נאָכאמאָל אָנ־צעווייזן אויף דעם דין, אז די כוונה איז א עיקר זאַך, און כאָטש צוויי מענטשן האָבן געהערט, איז דער איינער וואָס האָט מכוון געווען יאָ יוצא און דער אנדערער וואָס האָט ניט מכוון געווען איז ניט יוצא. אין דער גמרא דאָ איז פאַראַן א שקלא וטריא צי „מצוה צריכות כוונה", צי ווען מען טוט א מצוה מוז מען מכוון זיין יוצא צו זיין, צו דערפילן די מצוה. און לויט דער דעה, אז מען דאַרף ניט מכוון זיין יוצא צו זיין, מיינט מען דאָ אין דער משנה מכוון צו זיין צו הערן („לשמוע"). — די משנה וועט באלד ברענגען צוויי ערטער פון חומש וועגן „כוונה" בכלל.**

ח. „והיה, און עס איז געווען, אז ווען משה האָט אויפגעהויבן זיין האַנט, האָט ישראל גובר געווען און אזוי ווייטער. **די משנה הייבט דאָ אָן מיט דעם פסוק אין שמות י״ז, ווען עמלק איז אָנגעפאַלן אויף די יידן אין מדבר האָט משה רבנו גע־שיקט יהושע מיט יידישע מלחמה־לייט מלחמה צו האלטן קייגן עמלק, און משה רבנו איז געשטאַנען אויף א בערגל. און דער פסוק זאָגט, אז ווען משה האָט אויפ־געהויבן זיין האַנט, האָבן די יידן גובר געווען, און ווען משה האָט אראָפּגעלאָזט זיין האַנט האָט עמלק גובר געווען. „און אזוי ווייטער" („וגומר") מיינט „ענדיק דעם פסוק".** וכי, צי שוין זשע האָבן די הענט פון משה געמאַכט די מלחמה אָדער צעבראָכן מלחמה? נאָר דאָס איז צו זאָגן דיר, אַז אַזוי לאַנג ווי די יידן האָבן געקוקט ארויף (צו גאָט, כלפי מעלה) און אונטערטעניק געמאַכט זייערע הערצער צו זייער פאָטער אין הימל, האָבן זיי זיך געשטאַרקט, און אויב ניט זענען זיי געפאַלן. **דער תוספות יום טוב זאָגט, אז דאָס אויפהייבן די האַנט דורך משה רבנו איז געווען**

**שבשמים, היו מתגברין, ואם לאו, היו נופלין. כיוצא בדבר אתה אומר (במדבר כא) „עשה לך שרף ושים אותו על נס והיה כל הנשוך וראה אותו וחי״, וכי נחש ממית או נחש מחיה? אלא בזמן שישראל מסתכלין כלפי מעלה ומשעבדין את לבם לאביהן שבשמים, היו מתרפאים, ואם לאו, היו נימוקים. חרש שוטה וקטן אין מוציאין את הרבים ידי חובתו. זה הכלל, כל שאינו מחויב בדבר, אינו מוציא את הרבים ידי חובתן:**

## פרק ד.

**א. יום טוב של ראש השנה שחל להיות בשבת, במקדש היו תוקעים, אבל לא במדינה. משחרב בית המקדש התקין רבן יוחנן בן זכאי,**

---

צו דערמאָנען די יידן אז זיי זאָלן אינזינען האָבן גאָט. כיוצא בדבר, די זעלביקע זאַך קאָנסטו אויך זאָגן (אויף דעם פסוק אין במדבר כ״א) „מאַך דיר א שלאַנג און טו זי ארויף אויף א הויכן שטאַנג, און עס וועט זיין, יעדער וואָס וועט געביסן און ער וועט קוקן, וועט בלייבן לעבן״. דאָ נעמט די משנה א צווייטן סיפור פון חומש וועגן דעם, אז די יידן אין מדבר זענען געביסן געוואָרן פון שלאַנגען, און גאָט האָט געהייסן משה רבנו מאכן א קופערנע שלאַנג און ארויפשטעלן זי אויף א הויכן שטאַנג, און יעדער וועלכער איז געביסן געוואָרן דורך שלאַנגען, האָט א קוק געגעבן אויף דער קופערנער שלאַנג און ער איז געבליבן לעבן. וכי נחש, שוין זשע מאַכט די שלאַנג טויט, אָדער די שלאַנג מאכט לעבעדיק? נאָר אין דער צייט ווען די יידן האָבן געקוקט ארויף (צו גאָט, כלפי מעלה) און האָבן אונטערטעניק געמאַכט זייערע הערצער צו זייער פאָטער אין הימל, זענען זיי געוואָרן אויסגעהיילט, און אויב ניט זענען זיי אויסגעגאַנגען (נימוקים). דער טייטש פון „נימוקים״ איז „צעפוילט״ (זע ביכורים פרק א׳ משנה ח׳), און דאָ מיינט מען אויסגעגאַנגען, פאַרשווינדן. אויך אין דאָזיקע סיפור לערנט די משנה אָפּ, אז דער עיקר איז די כוונה. — חרש, א טויב־שטומער (חרש), (אָדער) א משוגע (שוטה) אָדער א מינד־יעריקער (קטן, א קליינער), קאָנען ניט מוציא זיין אנדערע פון זייער חוב. אויב זיי בלאָזן שופר און אנדערע מענטשן הערן זיי, זענען די אנדערע מענטשן ניט יוצא דערמיט די מצוה פון הערן שופר בלאָזן. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, דער וואָס איז ניט מחויב (צו טאָן) א זאַך (א מצוה), קאָן (אין דער דאָזיקער מצוה) ניט מוציא זיין דעם רבים (אנדערע מענטשן) פון זייער חוב. און ווייל א טויב־שטומער און א משוגע און קליינער, זענען ניט מחויב צו טאָן מצוות, קאָנען זיי ניט מוציא זיין אנדערע. „חרש״, זאָגט די משנה אין תרומות פרק א׳ משנה ב׳, מיינט מען א טויב־שטומען. „שוטה״, „נאַר״, מיינט מען א צערודערטן, א משוגענעם. „קטן״ מיינט א יינגל יינגער פון 13 יאָר מיט א טאָג.

## פרק ד.

א. יום טוב, אויב יום טוב פון ראש השנה איז אויסגעפאַלן אים שבת, האָט מען אין בית המקדש געבלאָזן שופר (כאָטש עס איז שבת), אָבער ניט איבערן לאַנד. „במקדש״ מיינט מען אין בית המקדש, און „במדינה״ מיינט מען אין אלע ערטער אויסערן בית המקדש, אפילו אין ירושלים. אזוי טייטשן דער גרויסער טייל מפרשים. אָבער דער רמבם טייטשט „במקדש״, „אין ירושלים״, און „במדינה״, „אין דער פראָווינץ״, אין די ערטער אויסער ירושלים. זע אין פירוש צו מסכתא שקלים פרק א משנה ג׳. משחרב, ווען דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן, האָט רבן יוחנן בן זכאי איינגעפירט, אז מ׳זאָל בלאָזן (שופר ראש השנה ווען ער פאַלט אויס אים שבת) אין יעדן אָרט, וואו עס איז פאַראַן א בית דין; האָט ר׳ אליעזר געזאָגט, אז רבן יוחנן האָט איינגעפירט (צו בלאָזן שופר אים שבת וואו עס איז דאָ א בית דין) נאָר אין יבנה אליין; האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ אליעזר), אז (עס איז איינגעפירט געוואָרן) סיי אין יבנה און סיי אין יעדן אָרט וואו עס איז פאַראַן א בית דין. רבן יוחנן בן זכאי האָט געפירט א ישיבה אין ירושלים פאַר דעם חורבן פון 2טן בית

**שיהו תוקעין בכל מקום שיש בו בית דין. אמר רבי אליעזר, לא התקין רבן יוחנן בן זכאי אלא ביבנה בלבד. אָמרו לו, אחד יבנה ואחד כל מקום שיש בו בית דין.**

**ב. ועוד זאת היתה ירושלים יתירה על יבנה, שכל עיר שהוא רואה ושומעת וקרובה ויכולה לבא, תוקעין; וביבנה לא הוי תוקעין אלא בבית דין בלבד:**

**ג. בראשונה היה הלולב ניטל במקדש שבעה, ובמדינה יום אחר. משחרב בית המקדש התקין רבן יוחנן בן זכאי, שיהא לולב ניטל במ־דינה שבעה, זכר למקדש, ושיהא יום הנף כולו אסור:**

---

**המקדש, און נאָך דעם חורבן האָט ער, ווי די גמרא גטין נ"ו דערציילט, אריבערגע־פירט זיין ישיבה קיין יבנה. דאָרט אהין איז אויך אריבערגעפירט געוואָרן דאָס בית דין פון ירושלים, און רבן יוחנן בן זכאי האָט דאָרט איינגעפירט תקנות צום אנדענקן פון בית המקדש, און די משנה דערציילט דאָ וועגן עטליכע פון די דאָזיקע תקנות. די ערשטע איז געווען וועגן שופר בלאָזן אים שבת. לויט דעם דין פון דער תורה מעג מען בלאָזן שופר אים שבת, ווייל בלאָזן שופר איז ניט קיין מלאכה, קיין ארבייט. נאָר די חכמים האָבן גוזר געווען, אז מען זאָל ניט בלאָזן, צוליב דער מורא, טאָמער וועט מען טראָגן דעם שופר אין גאַס, און דאָס טאָר מען ניט. אָבער אין בית המקדש איז די גזירה ניט געווען, און מען האָט געבלאָזן אים שבת. רבן יוחנן בן זכאי האָט נאָכן חורבן איינגעפירט אז מען זאָל אין יבנה אויך בלאָזן שופר אים שבת. ר' אליעזר האַלט, אז רבן יוחנן האָט מתקן געווען צו בלאָזן נור אין יבנה, ווייל דאָרט איז געווען דאָס בית דין פון ירושלים (לויט טייל דעות אין דער גמרא איז עס געווען דאָס סנהדרין). און די חכמים האָבן געהאַלטן, אז מען מעג בלאָזן אומעטום וואו עס איז פאַראן א בית דין, מחמת דאָס בית דין וועט שוין וואָרנען די מענטשן, אז מען זאָל ניט טראָגן דעם שופר אים שבת.**

ב. ועוד, און אויך דערמיט איז ירושלים געווען חשובער (יתרה) פון יבנה, וואָס יעדע שטאָט (ניט ווייט פון ירושלים), וועלכע זעט (וואו מען קאָן זען ירושלים פון דער ווייטנס), און הערט (מען קאָן דאָרט הערן דאָס שופר־בלאָזן פון ירושלים) און זי איז נאָנט און זי קאָן קומען (מען מעג אים שבת און יום טוב גיין פון איר קיין ירושלים, זי איז ניט אויסער דעם תחום שבת און עס איז ניט פאַראן א טייך אריבערצופאָרן) האָט מען (אין דער שטאָט) געבלאָזן (שופר אים שבת), און אין יבנה האָט מען ניט געבלאָזן שופר (אים שבת) סיידן אין בית דין זעלבסט. **דער ברטנורא זאָגט, אז די משנה לערנט, אז אין ירושלים האָט מען געבלאָזן שופר אים שבת אין דער גאַנצער שטאָט אזוי לאַנג ווי דאָס סנהדרין איז געזעסן לעבן בית המקדש (ביז 6 שעה איז טאָג), אָבער אין יבנה האָט מען געבלאָזן נור וואו דאָס בית דין איז געווען.**

ג. בראשונה, אין די ערשטע צייטן האָט מען דעם לולב גענומען (אתרוג און לולב און הדסים און ערבות צוזאמען) אין בית המקדש זיבן (טעג פון סוכות, יעדן טאָג), און איבערן לאנד (אויסער דעם בית המקדש) איין טאָג (דעם ערשטן טאָג סוכות אליין); ווען דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן האָט רבן יוחנן בן זכאי איינגעפירט, אז מען זאָל נעמען לולב (אויך) איבערן לאנד זיבן (טעג), אלס אנדענקן צום בית המקדש (זכר למקדש); און (רבן יוחנן האָט אויך מתקן געווען, נאָכן חורבן בית המקדש), אז דער טאָג פון אויפהייבן (יום הנף, דעם זעכצנטן טאָג אין ניסן, ווען מען האָט אין בית המקדש געפלעגט מקריב זיין דאָס מעסטל גערשטן־מעל, דעם עומר), זאָל זיין אינגאַנצן אסור (מען זאָל ניט טאָרן עסן א גאַנצן חדש, נייע תבואה). **די דאָזיקע משנה איז פאַראן אין מסכתא סוכה פרק ג' משנה י"ב, און דאָרט האָבן מיר געגעבן דעם פירוש צו איר.**

**ד. בראשונה היו מקבלין עדות החודש כל היום. פעם אחת נשתהו העדים מלבוא, ונתקלקלו הלוים בשיר. התקינו שלא יהיו מקבלין אלא עד המנחה; ואם באו עדים מן המנחה ולמעלה, נוהגין אותו היום קדש ולמחר קדש. משחרב בית המקדש התקין רבן יוחנן בן זכאי, שיהיו מקבלין עדות החדש כל היום. אָמר ר׳ יהושע בן קרחה, ועוד זאת התקין יוחנן בן זכאי, שאפילו ראש בית דין בכל מקום, שלא יהיו העדים הולכין אלא למקום הוועד.**

**ה. סדר ברכות: אומר אבות, וגבורות, וקדושת השם וכולל מל-**

---

ד. בראשונה, אין די ערשטע צייטן האָט (דאָס בית דין) אָנגענומען ראש־חודש־עדות (אז זיי האָבן געזען די נייע לבנה) א גאנצן טאָג. **מען האָט דעם גאנצן 30טן טאָג פון חודש אלול** (אזוי טייטשט רש״י) **אָנגענומען עדות, און אויב עס זענען געקומען עדות וועלכע האָבן געזען די נייע לבנה, האָט מען דעם 30טן טאָג געמאַכט ראש השנה.** פעם אחת, איינמאָל האָבן זיך די עדות פארזוימט צו קומען, און די לויים זענען קאליע געוואָרן אין זייער שירה־זינגן. **די לויים האָבן 2 מאָל יעדן טאָג געזינגען שירה אין בית המקדש, איין מאָל ביים מקריב זיין דעם קרבן תמיד אין דער פרי און איין מאָל ביים מקריב זיין דעם קרבן תמיד פאַרנאַכט. יעדן טאָג האָט מען געזונגען אַ באַשטימט קאַפּיטל תהלים; דאָס איז דער יום תהלים, וואָס מען זאָגט היינט יעדן טאָג נאָכן דאוונען, אָבער אום ראש השנה האָבן די לויים געזונגען אַן אנדערן קאַפּיטל תהלים. צוליב דעם וואָס די עדות זענען געקומען צו־שפּעט, האָבן די לויים ניט געוואוסט וואָסער קאַפּיטל תהלים זיי דאַרפן זינגען ביים קרבן תמיד פאַרנאַכט.** התקינו, (דערי־בער) האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל ניט אָננעמען (קיין ראש־חודש עדות) נאָר ביז מנחה־צייט, און אויב עס זענען געקומען עדות פון מנחה צייט און ווייטער, פירט מען אײַן דעם דאָזיקן טאָג הייליק און דעם (טאָג) צומאָרגנס הייליק. **מען מאכט דאָ־מאָלס 2 טעג ראש השנה.** משחרב, ווען דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן (און מען האָט שוין ניט מורא געהאַט וועגן קאליע ווערן פון די לויים ביים שירה־זינגן) האָט רבן יוחנן בן זכאי איינגעפירט אז מען זאָל אָננעמען ראש־חודש־עדות א גאנצן טאָג. **די מפרשים זאָגן** (אויפן יסוד פון דער גמרא ביצה ה׳) **אז אויך רבן יוחנן בן זכאי האָט געהייסן ווייטער האַלטן 2 טעג ראש השנה און ניט טאָן קיין מלאכה, נאָר די עדות האָט מען אָנגענומען אויך שפּעטער נאָך מנחה־צייט.** אָמר, ר׳ יהושע בן קרחה האָט געזאָגט: און אויך דאָס האָט מתקן געווען רבן יוחנן בן זכאי, אז אפילו דער ראש בית דין (דער פירער פון בית דין) געפינט זיך אין אן אנדערן אָרט, זאָלן די (ראש־חודש־) עדות ניט גיין (אהין), נאָר (זיי זאָלן קומען עדות זאָגן) צום אָרט פון דעם פאַרזאמלונג (ועד, בית דין). **כאָטש די משנה פריער פרק ב׳ משנה ז׳ זאָגט, אז דער ראש בית דין הייליקט דעם ראש חודש** (זאָגט ״מקודש״), **פונדעסטוועגן אויב ער געפינט זיך ניט צוזאמען מיטן סנהדרין, מיטן בית דין, זאָלן די עדות קומען צום בית דין, און דאָס בית דין זאָלן הייליקן דעם ראש חודש אָן דעם ראש בית דין.**

ה. סדר ברכות, דאָס איז דער סדר פון די ברכות (ראש השנה אין דער מוסף־שמונה־עשרה ביים בלאָזן שופר). **כדי צו פאַרשטיין די משנה און אויך די ווייטער־דיקע משנות וועלן מיר געבן עטליכע דערקלערונגען. די תפילה שמונה עשרה יעדן טאָג האָט 18 (אייגנטליך 19) ברכות; די ערשטע פון זיי איז ״ברוך אתה ה׳ מגן אברהם״ און די לעצטע איז ״ברוך אתה ה׳ המברך את עמו ישראל בשלום״. שבת און ימים טובים זענען פאַראן אין דער שמונה עשרה נור 7 ברכות. די ערשטע ברכה הייסט ״אבות״, ווייל מען דערמאָנט אין איר די אבות (אברהם, יצחק און יעקב) און מען פאַרענדיקט ״מגן אברהם״. די 2טע ברכה הייסט ״גבורות״, ווייל מען הויבט אָן ״אתה גבור״, און מען פאַרענדיקט מיט ״מחייה המתים״. די 3טע ברכה הייסט ״קדושת השם״, (מען הייליקט דעם נאָמען פון גאָט) ווייל מען הויבט אָן ״אתה קדוש״**

**כיות עמהן ואינו תוקע, קדושת היום ותוקע, זכרונות ותוקע, שופרות ותוקע, ואומר עבודה, הודאה, וברכת כהנים, דברי ר׳ יוחנן בן נורי. אמר לו ר׳ עקיבא, אם אינו תוקע למלכיות, למה הוא מזכיר? אלא אומר אבות, וגבורות, וקדושת השם, וכולל מלכיות עם קדושת היום ותוקע, זכרונות ותוקע, שופרות ותוקע, ואומר עבודה, והודאה, וברכת כהנים.**

---

און מען פאַרענדיקט „האל הקדוש״. די 4טע ברכה הייסט „קדושת היום״ (די הייליקייט פון טאָג) ווייל מען הייבט אָן שבת שחרית מיט „ישמח משה״, און ביי מוסף מיט „תכנת שבת״ און מען פאַרענדיקט מיט „מקדש השבת״; אים יום טוב הייבט מען אָן „אתה בחרתנו״ און מען פאַרענדיקט „מקדש ישראל והזמנים״; אים יום כיפור פאַרענדיקט מען מיט „מקדש ישראל ויום הכיפורים״ און אים ראש השנה מיט „מקדש ישראל ויום הזכרון״. די 5טע ברכה הייסט „עבודה, ווייל מען הייבט אָן מיט „רצה״ און מען ענדיקט מיט „המחזיר שכינתו לציון״ און עס ווערט געבעטן אז גאָט זאָל צוריקשטעלן די עבודה אין בית המקדש („והשב את העבודה״). די 6טע ברכה הייסט „הודאה״, ווייל מען הייבט אָן מיט „מודים״ און מען ענדיקט מיט „ולך נאה להודות״. די 7טע ברכה הייסט „ברכת כהנים״, ווייל דער חזן הייבט אָן מיט יברכך, און מען ענדיקט מיט „המברך את עמו ישראל בשלום״. **אָבער ראש השנה ביי מוסף, ווען מען בלאָזט שופר זאָגט מען 9 ברכות, ווייל מען גיט צו אין מוסף נאָך 3 תפילות. איין תפילה הייסט מלכיות, אין וועלכער עס זענען פאַראַן 10 פסוקים פון תורה און נביאים און כתובים, אין וועלכע עס ווערט דערמאָנט אז גאָט איז דער מלך איבער דעם יידישן פאָלק. די צווייטע תפילה הייסט „זכרונות״, אויך מיט 10 פסוקים, אין וועלכע עס ווערט דערמאָנט דאָס וואָרט „זכור״, געדענקן, אז גאָט געדענקט אין די יידן. די דריטע תפילה הייסט שופרות, אויך מיט 10 פסוקים אין וועלכע עס ווערט דערמאָנט דאָס בלאָזן שופר. די צוויי תפילות זכרונות און שופרות ענדיקן זיך מיט באַזונדערע ברכות „ברוך אתה ה׳ זוכר הברית״, און „ברוך אתה ה׳ שומע קול תרועת עמו ישראל ברחמים״. די דאָזיקע 2 ברכות צוזאַמען מיט די 7 פריער־דערמאָנטע ברכות זענען 9 ברכות. די שאלה איז אָבער וואָס טוט מען מיט דער תפילה „מלכיות״? קיין באַזונדערע ברכה האָט מען פאַר איר ניט מתקן געווען; טאָ וואו זשע, אין וועלכער ברכה שטעלט מען זי אריין? וועגן דעם ווערט די משנה באַלד געבן די מחלוקה צווישן די צוויי תנאים, ר׳ יוחנן בן נורי און ר׳ עקיבא.** אומר, מען זאָגט „אבות״, און „גבורות״ און „קדושת השם״ און מען נעמט אין זיי אריין די (תפילה) „מלכיות״ (מען זאָגט די מלכיות פאַר דער ברכה „המלך הקדוש, ווי מען זאָגט אים ראש השנה) און מען בלאָזט ניט (דאַביי קיין שופר), „קדושת היום״ (אתה בחרתנו ביז „מקדש ישראל ויום הזכרון״) און מען בלאָזט, „זכרונות״ (די תפלה פון זכרונות) און מען בלאָזט, „שופרות״ (די תפילה פון שופרות) און מען בלאָזט; און (דערנאָך זאָגט מען) „עבודה״ („רצה״), און „הודאה״ („מודים״) און „ברכת כהנים״ („יברכך״ מיט דעם סוף „המברך את עמו ישראל בשלום״), אזוי זאָגט ר׳ יוחנן בן נורי. **ווי מיר זען איז דער סדר, וואָס ר׳ יוחנן בן נורי האָט געהאַט אין דעם מוסף־שמונה עשרה פון ראש השנה, אנדערש פון אונזער סדר. מיר נעמען אריין די תפילה פון מלכיות אין דער „קדושת היום״ און מיר פאַרענדיקן ביידע צוזאַמען מיט איין ברכה „מלך על כל הארץ מקדש ישראל ויום הזכרון״ און מען בלאָזט דאַביי שופר. אָבער ר׳ יוחנן בן נורי האָט די „מלכיות״־תפילות אריינגענומען אין „אתה קדוש״ און האָט זיי פאַרענדיקט מיט איין ברכה „המלך הקדוש״ און ניט געהייסן דאַביי בלאָזן שופר.** אָמר, האָט צו אים (צו ר׳ יוחנן בן נורי) געזאָגט ר׳ עקיבא: אויב מען בלאָזט ניט (קיין שופר) ביי (דער תפילה פון) מלכיות, צו־וואָס־זשע זאָגט מען זיי („מזכיר״, זאָגן די תפילה)? נאָר מען זאָגט

ו. אין פוחתין מעשרה מלכיות, מעשרה זכרונות, מעשרה שופרות. ר׳ יוחנן בן נורי אומר, אם אמר שלש שלש מכולן יצא. אין מזכירין זכרון מלכות ושופר של פורענות. מתחיל בתורה ומשלים בנביא. ר׳ יוסי אומר, אם השלים בתורה יצא.

ז. העובר לפני התיבה ביום טוב של ראש השנה, השני מתקיע; ובשעת ההלל, הראשון מקרא את ההלל:

ח. שופר של ראש השנה, אין מעבירין עליו את התחום, ואין מפקחין עליו את הגל, לא עולין באילן, ולא רוכבין על גבי בהמה, ולא

---

„אבות״, און „גבורות״, און „קדושת השם״, און מען פאראייניגט די (תפלה פון) „מלכיות״ מיט „קדושת היום״ און מען בלאָזט, „זכרונות״ און מען בלאָזט, „שופרות״ און מען בלאָזט, און מען זאָגט (דערנאָך) „עבודה״, און „הודאה״, און „ברכת כהנים״. דער סדר פון ר׳ עקיבא איז דערזעלביקער סדר וואָס מיר האָבן היינט; מען פאַרענדיקט די תפילה פון מלכיות צוזאַמען מיט דער ברכה פון „קדושת היום״ (מלך על כל הארץ ומקדש ישראל ויום הזכרון) און מען בלאָזט דאַביי שופר. די גמרא לערנט אָפּ אז מען דאַרף זאָגן „זכרונות״ און „שופרות״ פון פסוק ויקרא כ״ג „זכרון תרועה״ („זכרון״ איז זכרונות און „תרועה״ איז בלאָזן, „שופרות״), און „מלכיות״ ווערט אָפּגעלערנט פון במדבר, „והיו לכם לזכרון לפני אלהיכם״, אז ווען מען זאָגט זכרונות דאַרף מען דערמאָנען אז גאָט איז דער מלך איבערן יידישן פאָלק.

ו. אין פוחתין, מען זאָגט ניט ווינציקער פון צען (פסוקים) מלכיות, פון צען (פסוקים) זכרונות, פון צען (פסוקים) שופרות; ר׳ יוחנן בן נורי זאָגט, אז אויב מען האָט געזאָגט צו דריי (פסוקים) פון אלע האָט מען יוצא געווען. די דריי פסוקים מעגן זיין איינער פון תורה (חומש), איינער פון נביאים און איינער פון כתובים. אין מזכירין, מען טאָרניט זאָגן (מזכירין, דערמאָנען) א פסוק פון „זכרון״, „מלכות״ און „שופר״ פון אן אומגליק (פורענות). מען מעג נור זאָגן אזעלכע פסוקים, וואו גאָט רעדט גוט וועגן יידן, אָבער ניט אזעלכע פסוקים, אין וועלכע עס ווערט גערעדט וועגן פורעניות, שטראָפן, אומגליקן. מתחיל, מען הויבט אָן מיט (פסוקים פון) דער תורה (חומש), און מען ענדיקט מיט (פסוקים פון) א נביא; ר׳ יוסי זאָגט, אז מען האָט פארענדיגט מיט (א פסוק פון) דער תורה האָט מען יוצא געווען. די משנה טייטשט, אז ר׳ יוסי זאָגט, אז מען דאַרף ענדיקן מיט א פסוק פון דער תורה, נאָר אויב מען פארענדיקט מיט א פסוק פון נביאים איז מען אויך יוצא.

ז. העובר דער וואָס גייט צום עמוד (דאַוונען אלס חזן) אין יום טוב ראש השנה, איז דער צווייטער (דער חזן וואָס דאַוונט מוסף) מאַכט בלאָזן (שופר). דאָס הייסט, אז שופר ווערט געבלאָזן ניט ביי שחרית נאָר ביי מוסף. וועגן אויסדרוק „העובר לפני התבה״ זע אין פירוש צו מסכתא ברכות פרק ה׳ משנה ג׳. ובשעת, און אין דער צייט (אין די טעג) פון הלל (ווען מען זאָגט הלל), זאָגט דער ערשטער (דער חזן וואָס דאַוונט שחרית) דעם הלל. דאָ מיינט מען ניט ראש השנה, מחמת אים ראש השנה זאָגט מען ניט קיין הלל; נאָר מען מיינט אין די אנדערע ימים טובים ווען מען זאָגט הלל.

ח. שופר, דער שופר פון ראש השנה, מען טאָר ניט צוליב אים אריבערגיין דעם תחום. יום טוב טאָר מען ניט גיין ווייטער פון תחום, ווייטער פון 2000 איילן אויסער דער שטאָט; זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט ניט אים ראש השנה קיין שופר, און מען קאָן ארויסגיין פון תחום און ברענגען א שופר, טאָר מען דאָס ניט טאָן. ואין מפקחין, און מען טאָרניט צוליב אים אויפגראָבן א הויפן שטיינער. אויב דער שופר ליגט אונטער א הויפן שטיינער טאָר מען אים ראש השנה ניט אויפגראָבן דעם הויפן, כדי ארויסצונעמען דעם שופר. לא, מען טאָר ניט (כדי צו קריגן א שופר) ארויפגיין (אים ראש השנה) אויף א בוים, און מען טאָר ניט רייטן אויף א בהמה,

**שטין על פני המים, ואין חותכין אותו בין בדבר שהוא משום שבות ובין בדבר שהוא משום לא תעשה. אבל אם רצה ליתן לתוכו מים או יין, יתן. אין מעכבין את התנוקות מלתקוע, אבל מתעסקין עמהן עד שילמדו. והמתעסק לא יצא, והשומע מן המתעסק לא יצא:**

**ט. סדר תקיעות: שלש, של שלש שלש. שעור תקיעות כשלש תרועות; שעור תרועה כשלש יבבות. תקע בראשונה ומשך בשניה**

---

און מען טאָר ניט שווימען אויף א וואסער. די משנה גיט עטליכע זאכן און זי לערנט, אז אפילו כדי איינצושאפן זיך א שופר און צו קאָנען בלאָזן מיט אים און מקיים זיין די מצוה פון שופר־בלאָזן, טאָר מען אויך ניט טאָן די אלע זאכן אים יום טוב. ואין חותכין, און מען טאָר ניט (אים ראש השנה) שניידן אים (דעם שופר) ניט מיט א זאך, וואָס (דער איסור צו שניידן דערמיט אים יום טוב) איז נור א „שבות" (אסור נור מדרבנן), און ניט מיט א זאך, וואָס (דער איסור צו שניידן דערמיט אים יום טוב) איז א „לא תעשה" (אסור לויט דעם דין פון דער תורה). „שבות" (רוען) הייסט אזא ארבייט, וואָס לויט דער דין פון דער תורה מעג מען עס טאָן אים שבת צי אים יום טוב, נאָר די רבנן, די חכמים, האָבן עס גע׳אסרט (זע אין דער הקדמה צו מסכתא שבת). „לא תעשה" („דו זאָלסט ניט טאָן") הייסט אזא ארבייט, וואָס די תורה האָט פארבאָטן צו טאָן אים שבת צי אים יום טוב. למשל שניידן דעם שופר מיט א מעסער אים יום טוב איז נור א „שבות", אָבער שניידן מיט א זעגל איז א לא תעשה (טייל זאָגן, אז פארקערט). זאָגט די משנה, אז אפילו כדי צו מאכן דעם שופר אז מען זאָל קאָנען מיט אים בלאָזן טאָר מען אים ניט שניידן אים יום טוב און עובר זיין אויף אן איסור בדרבנן, און מכל שכן אַז מען טאָר ניט עובר זיין אויף אן איסור פון דער תורה. אבל, אָבער אויב מען וויל אריינגיסן אין שופר) וואסער אָדער וויין (כדי אים אויסצושווענקן און ער זאָל בעסער בלאָזן) מעג מען (אים ראש השנה) אריינגיסן. ווייל דאָס מעג מען אפילו מדרבנן. אין מעכבין, מען דארף ניט שטערן קינדער צו בלאָזן (שופר אפילו אים שבת), נאָר מען פארנעמט זיך מיט זיי ביז זיי לערנען זיך אויס (בלאָזן שופר). דער תוספות יום טוב ברענגט דעם טייטש, אז „מתעסקין", „פארנעמען זיך", מיינט, אז מען מעג די קינדער זאָגן, אז זיי זאָלן בלאָזן. והמתעסק, און דער וואָס פארנעמט זיך ראש השנה מיטן שופר (ער בלאָזט אויף פראָבע) איז ניט יוצא. דאָ מיינט מען „מתעסק", פארנעמען זיך, אז איינער בלאָזט אים ראש השנה אויף פראָבע, צו זען, צי ער קאָן בלאָזן. און די משנה זאָגט, אז מיטן דאָזיקן בלאָזן איז ער ניט יוצא. והשומע, און איינער, וועלכער האָט געהערט (שופר בלאָזן) פון איי־נעם וואָס פארנעמט זיך (וואָס בלאָזט אויף פראָבע), איז ניט יוצא. די משנה לערנט דאָ, אז עס מוזן האָבן די כוונה יוצא צו זיין ביידע, סיי דער בעל תוקע און סיי דער מענטש וועלכער הערט דאָס בלאָזן (זע פריער פרק ב׳ משנה ז׳).

ט. סדר, דער סדר פון תקיעות (פון שופר־בלאָזן איז דריי. מען דארף בלאָזן דריי מאָל, איין מאָל צו מלכיות און איינמאָל צו זכרונות און איין מאָל צו שופרות (זע פריער משנה ה׳). של שלש שלש, (יעדעס מאָל בלאָזן) איז צו דריי (בלאָזונגען). דאָס איז דער דין, אז ביי יעדעס מאָל דארף מען בלאָזן דריי בלאָזונגען, א תקיעה, און א תרועה און א תקיעה. די תקיעה איז א לאנגער בלאָז, און די תרועה באשטייט פון קורצע בלאָזן. שיעור, דער שיעור (די דויער־לענג) פון א תקיעה, איז ווי דריי תרועות, און דער שיעור (די דויער־לענג) פון א תרועה איז ווי דריי יבבות (זיפצן). אין דער גמרא זענען פאראן חילוקי דעות, וואָס מען מיינט מיט דער תרועה, צי דארף זי באשטיין פון דריי קורצע קולות, אָדער פון 9 נאָך קורצערע קולות, און דאָס איז דער טעם, וואָס מען בלאָזט אנשטאָט א תרועה א שברים־תרועה; די שברים באשטייט פון דריי קורצע, און די תרועה פון 9 נאָך קורצערע קולות. תקע, אויב איינער האָט געבלאָזן די ערשטע (תקיעה) און ער האָט די צווייטע (תקיעה) געצויגן

**כשתים, אין בידו אלא אחת. מי שבירך ואחר כך נתמנה לו שופר, תוקע ומריע ותוקע, שלש פעמים. כשם ששליח צבור חייב, כך כל יחיד ויחיד חייב. רבן גמליאל אומר, שליח צבור מוציא את הרבים ידי חובתן:**

נשלמה מסכת ראש השנה

---

(אזוי לאנג) ווי עס פארנעמען) צוויי (תקיעות) האָט ער ניט מער ווי איין (תקיעה). **די צווייטע תקיעה ווערט אים פארערכנט ניט מער ווי פאר איין תקיעה, כאָטש זי האָט זיך געצויגן לאנג.** מי שבירך, אז איינער האָט שוין געהאַט אָפּגעזאָגט די ברכות (אָפּגעדאווענט די מוסף־שמונה־עשרה אים ראש השנה) און ער האָט ניט געבלאָזן (ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין שופר) און דערנאָך האָט זיך אים געטראָפן א שופר, זאָל ער בלאָזן א תקיעה, א תרועה און א תקיעה, דריי מאָל. **דאָס הייסט, ער זאָל דריי מאָל בלאָזן צו תקיעה און תרועה און תקיעה, פונקט ווי ער וואָלט געבלאָזן ביי דער שמונה עשרה ביי מלכיות, זכרונות און שופרות.** כשם, אזוי ווי דער שליח ציבור (דער חזן וואָס דאווענט פארן עמוד) איז מחויב (צו דאווענען די שטילע שמונה עשרה) אזוי איז יעדער יחיד מחויב (צו דאווענען די שטילע שמונה עשרה). **די מפרשים אויפן יסוד פון דער גמרא טייטשן, אז איינער וועלכער קאָן דאווענען (א בקי) דארף דאווענען די שטילע שמונה עשרה, און ער איז ניט יוצא דערמיט, וואָס ער הערט דעם חזן זאָגן די הויכע שמונה עשרה.** רבן גמליאל זאָגט, אז דער שליח ציבור (דער חזן) איז מוציא אנדערע פון זייער חוב. **עס איז גענוג, לויט רבן גמליאל, ווען מען הערט זיך צו צום חזן זאָגן די הויכע שמונה עשרה. די דאָזיקע משנה איז נוגע ניט דוקא ראש השנה נאָר אויך א גאנץ יאָר, נאָר אים ראש השנה איז געווען די שאלה שטארקער, ווייל ניט יעדער האָט געקאָנט דאווענען די תפילות פון מוסף מיט די מלכיות און זכרונות און שופרות. די הלכה איז טאקע, אז אים ראש השנה ביי די מלכיות, זכרונות און שופרות איז דער חזן יאָ מוציא דעם עולם.**

(סליק מסכת ראש השנה — געענדיקט די מסכתא ראש השנה)

---

# מסכתא תענית

## הקדמה

די מסכתא תענית אין אירע 4 פרקים לערנט די דינים פון פארשידענע תעניתים. דאָס וואָרט „תענית" איז פון „ענה", פייניקן זיך, און קודם כל פייניקן זיך דורך ניט עסן, דורך פאסטן. צום סוף פון 4טן פרק ווערט געגעבן וועגן דעם גרעסטן יידישן תענית (א חוץ יום כיפור, וועגן וואָס ער ווערט געלערנט אין דער באזונדערער מסכתא יומא) תשעה באב. אָבער אין די איבריקע פרקים ווערט געלערנט אַמייסטן וועגן די תעניתים, וואָס מען פלעגט גוזר זיין אויפ'ן ציבור (תענית ציבור, אלע זאָלן פאסטן) אין א עת צרה, ווען עס האָט געדראָט א סכנה. אממערסטן פלעגן די דאָזיקע תעניתים אויסגערופן ווערן צוליב דעם וואָס די רעגנס האָבן זיך ניט באַוויזן צו דער צייט, און דאריבער לערנט דער ערשטער פרק אויך די דינים וועגן מתפלל זיין אויף רעגן אין דאווענען, וועגן זאָגן אין ווינטער־צייט „משיב הרוח ומוריד הגשם" אין דער צווייטער ברכה פון שמונה עשרה, און וועגן זאָגן „טל ומטר" אין דער ניינטער ברכה פון שמונה עשרה. עס דארף דאָ באמערקט ווערן, אז אין ארץ ישראל גייט ניט א גאנצן זומער קיין רעגן. דער ערשטער רעגן, וואָס ווערט אָנגערופן אין דער משנה און גמרא „רביעה ראשונה" (פון וואָרט „רבע", ווי „רבץ", ארויפגעלייגן זיך), „דער ערשטער רעגן", הויבט זיך אָן באלד נאָך סוכות, און באלד דערנאָך איז די רביעה „שניה" דער צווייטער רעגן, און אזוי דויערן די רעגנס, מיט הפסקות, ביז חודש ניסן. פון דעם צי עס קומט דער רעגן אין דער צייט איז אָפּהענגיג דאָס וואקסן פון דער תבואה אויף די פעלדער און פון אלע פרוכטן, און

# מסכתא תענית

## פרק א.

א. מאימתי מזכירין גבורות גשמים? ר׳ אליעזר אומר, מיום טוב הראשון של חג. ר׳ יהושע אומר, מיום טוב האחרון של חג. אָמר לו ר׳ יהושע: הואיל ואין הגשמים אלא סימן קללה בחג. למה מזכיר? אמר לו ר׳ אליעזר: אף אני לא אמרת לשאול, אלא להזכיר. משיב הרוח ומוריד הגשם בעונתו. אָמר לו: אם כן לעולם יהא מזכיר:

ב. אין שואלין את הגשמים אלא סמוך לגשמים. ר׳ יהודה אומר, העובר לפני התיבה ביום טוב האחרון של חג, האחרון מזכיר, הראשון

---

אויך פון האָבן געגוג וואסער צום טרינקן. — אין דער מסכתא תענית ווערט אויך געגעבן וועגן די „מעמדות" און „קרבן עצים" (אין 4טן פרק).

## פרק א.

א. מאימתי, פון ווען אָן דערמאָנט מען (אין דאוונען שמונה עשרה, אין דער צווייטער ברכה, ביי „אתה גבור"), די רעגנס־קראַפט (פון גאָט, גבורות גשמים)? די שאלה איז פון ווען אָן הויבט מען אָן צו זאָגן אין שמונה עשרה אין „אתה גבור" די ווערטער „משיב הרוח ומוריד הגשם" (גאָט, וועלכער מאַכט בלאָזן דעם ווינט און לאָזט אראָפּ רעגן)? די גמרא זאָגט, אז דאריבער הייסט דאָס רעגנען „גבורות גשמים", ווייל דאָס רעגנען איז איינס פון גאָט׳ס גבורות. ווי עס ווערט געזאָגט אין איוב ה׳ „עושה גדולות עד אין חקר, הנותן מטר על פני ארץ" (גאָט וועלכער טוט גרויסע זאכן אָן א שיעור, וועלכער גיט רעגן אויף דער ערד). ר׳ אליעזר זאָגט, אז פון ערשטן טאָג יום טוב סוכות אָן; ר׳ יהושע זאָגט, אז פון לעצטן טאָג יום טוב סוכות אָן. מיר היינט פירן זיך אז מען הייבט אָן זאָגן „משיב הרוח ומוריד הגשם" פון לעצטן טאָג יום טוב סוכות, פון שמיני עצרת אָן (אין ארץ ישראל איז שמיני עצרת און שמחת תורה צוזאמען איין טאָג) ווי ר׳ יהושע. אָמר לו, האָט ר׳ יהושע געזאָגט צו אים (צו ר׳ אליעזר): אזוי ווי דאָס רעגנען אים יום טוב סכות איז דאָך ניט מער ווי א סימן פון קללה (ווייל דאָס שטערט דאָך דאָס זיצן אין סוכה) צו וואָס זשע דארף מען דאָס דערמאָנען (אין דאוונען)? די משנה אין מסכתא סוכה פרק ב׳ משנה ט׳ זאָגט, אז ווען עס רעגנט אים סוכות איז עס אַ צייכן אז גאָט איז ניט צופרידן מיט די יידן. פרעגט ר׳ יהושע, צו וואָס זאָל מען אָנהויבן דאָס דערמאָנען אין דאוונען שוין דעם ערשטן טאָג סוכות וועגן דער וויכטיקייט פון רעגן? אָמר לו ר׳ אליעזר, האָט ר׳ אליעזר אים אָפּגעענטפערט: אויך איך האָב ניט געזאָגט, אז מען דארף בעטן (אויף רעגן, בעטן אז גאָט זאָל שוין געבן רעגן), נאָר אז מען זאָל דערמאָנען „משיב הרוח ומוריד הגשם בעונתו" (גאָט וועלכער מאכט בלאָזן דעם ווינט און לאָזט אראָפּ רעגן אין דער ריכטיקער צייט). אָמר לו, האָט (ר׳ יהושע) אים אָפּגעענטפערט, אז אויב אזוי זאָל מען שטענדיק (א גאנץ יאָר) דערמאָנען. אויב דאָס זאָגן „ומוריד הגשם" מיינט ניט צו דערמאָנען, אז עס זאָל שוין רעגנען, נאָר אז עס זאָל רעגנען ווען מען וועט דארפן, צו־וואָס זשע הויבט מען עס אָן זאָגן ערשט סוכות צייט? קאָן מען דאָך א גאנץ יאָר, אויך אים זומער, זאָגן, אז ווען עס וועט קומען די צייט זאָל רעגנען! נאָר ר׳ יהושע האַלט, אז מען דארף עס זאָגן נור ווען מען וויל אז דער רעגן זאָל שוין אראָפּ, און דאריבער דארף מען עס אָנהויבן זאָגן ערשט שמיני עצרת.

ב. אין שואלין, מען בעט ניט (שואלין, בעטן, מתפלל זיין) אז עס זאָל גיין רעגן, סיידן נאָנט צו דער רעגנס (־צייט). די גמרא ברענגט איין טייטש, אז כאָטש דאָ איז פאראן דאָס וואָרט „שואלין", בעטן, און ניט „מזכירין", דערמאָנען, מיינט מען אויך דאָ דאָס זאָגן „משיב הרוח ומוריד הגשם", און די סתם משנה האַלט ווי ר׳ יהושע (פריער אין משנה א׳) אז מען הויבט אָן דאָס זאָגן דעם לעצטן טאָג יום טוב

אינו מזכיר, ביום טוב הראשון של פסח, הראשון מזכיר, האחרון אינו מזכיר. עד אימתי שואלין את הגשמים? ר' יהודה אומר, עד שיעבור הפסח. ר' מאיר אומר, עד שיצא ניסן, שנאמר (יואל ב) „ויורד לכם גשם מורה ומלקוש בראשון".

ג. בשלשה במרחשון שואלין את הגשמים. רבן גמליאל אומר, בשבעה בו, חמשה עשר יום אחר החג, כדי שיגיע אחרון שבישראל לנהר פרת:

ד. הגיע שבעה עשר במרחשון ולא ירדו גשמים, התחילו היחידים

---

סוכות. אן אנדערע טייטש איז, אז מיט „שואלין", בעטן, מיינט מען זאָגן אין דער 9טער ברכה פון שמונה עשרה „ותן טל ומטר" (און גיב טוי און רעגן"), און די משנה לערנט אז דאָס דאַרף מען אָנהויבן זאָגן דאַמאָלס ווען מען דערוואַרט שוין דעם רעגן, ווי די משנה וועט לערנען ווייטער אין משנה ג'. ר' יהודה זאָגט, אז פון די וואָס גייען דאַוונען פאַרן עמוד אין לעצטן טאָג פון יום טוב סוכות, איז דער לעצטער (חזן, דער וואָס דאַוונט מוסף) דערמאָנט (הייבט אָן זאָגן ומוריד הגשם), און דער ערשטער (חזן, דער וואָס דאַוונט שחרית) דערמאָנט ניט (זאָגט ניט אין שמונה עשרה „ומוריד הגשם"); אין דעם ערשטן טאָג פסח, איז דער ערשטער (דער בעל שחרית) דערמאָנט (אין שמונה עשרה „ומוריד הגשם") און דער לעצטער (דער בעל מוסף) דערמאָנט ניט. מחמת ווען עס גייט צו זומער איז רעגן ניט גוט פאַר די פעלדער, ווייל עס הויבט זיך אָן שניט-צייט. עד אימתי, ביז ווען בעט מען אויף רעגן? ר' יהודה זאָגט, ביז עס גייט אריבער פסח; ר' מאיר זאָגט ביז עס גייט אוועק (דער חודש) ניסן, ווארום עס ווערט געזאָגט (יואל ב') „און ער וועט אייך אראָפּלאָזן דעם פרי-רעגן (יורה) און דעם שפּעט-רעגן (מלקוש) אין ערשטן". דאָס הייסט אין ערשטן חודש פון יאָר, איז ניסן, און דערפון ברענגט ר' מאיר די ראיה, אז ווען עס גייט אראָפּ רעגן א גאנצן חודש ניסן איז עס א גוטע זאך. די גמרא פרעגט: סטייטש ר' יהודה זאָגט דאָך פריער אז מען דערמאָנט נור ביז שחרית דעם ערשטן טאָג פסח, פאַרוואָס זשע זאָגט דאָ ר' יהודה, אז ביז איבער גאַנץ פסח? און די גמרא ענטפערט, אז „תרי תנאי אליבא דר' יהודה", אז דאָס זענען צוויי תנאים מחולק וועגן דעם, ווי ר' יהודה האָט געזאָגט.

ג. בשלשה, אין דריטן טאָג אין (חודש) מרחשון (הויבט מען אָן) בעטן אויף רעגן. דאָ מיינט מען „שואלין", „בעטן" אויף רעגן, און דאָס איז זאָגן אין שמונה עשרה „ותן טל ומטר, און געב טוי און רעגן". זאָגט די משנה, אז דאָס הויבט מען אָן זאָגן דעם דריטן טאָג אין חודש חשון (מרחשון), ווייל אין דאָזיקן טאָג הויבט זיך אָן אין ארץ ישראל די צייט פון ערשטן רעגן (רביעה ראשונה). רבן גמליאל זאָגט, אז (מען הויבט אָן זאָגן טל ומטר) דעם זיבעטן און אים (אין חשון), פופצן טעג נאָך סוכות, כדי דער לעצטער פון די יידן זאָל דערגרייכן צום טייך פרת. ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען איז געווען די מצוה צו קומען אויף די ימים טובים (פסח, שבו-עות און סוכות) קיין ירושלים. א סך יידן פלעגן קומען אויף יום טוב אויך פון בבל, וואו עס זענען דאַמאָלס געווען גרויסע יידישע ישובים. באלד נאָך יום טוב זענען די בבל-יידן צוריקגעגאַנגען אהיים, און עס איז געווען אויסגערעכנט אז עס דאַרף דויערן 15 טעג צו קומען פון ירושלים ביז דעם טייך פרת, וואָס איז שוין אין בבל. זאָגט רבן גמליאל, אז כדי דער רעגן זאָל ניט שטערן די מענטשן פון בבל אויף זייער וועג אהיים, דאַרף מען אָנהייבן בעטן אויף רעגן 15 טעג נאָך סוכות, דאָס איז דעם 7טן טאָג אין חשון. די גמרא ברענגט א ברייתא אז אין „גולה", אין די לענדער אויסער ארץ ישראל, הויבט מען אָן זאָגן „טל ומטר" דעם 60טן טאָג נאָך דער תקופה פון תשרי, און אזוי פירן מיר זיך אויך היינט אין חוץ לארץ.

ד. הגיע שבעה עשר, אויב עס איז שוין אָנגעקומען דער זיבעצנטער טאָג אין

**מתענין שלשה תעניות. אוכלין ושותין משחשיכה, ומותרין במלאכה וברחיצה ובסיכה ובנעילת הסנדל ובתשמיש המטה:**

**ה. הגיע ראש חודש כסלו ולא ירדו גשמים, בית דין גוזרין שלש תעניות על הצבור. אוכלין ושותין משחשיכה, ומותרין במלאכה וברחיצה ובסיכה ובנעילת הסנדל ובתשמיש המטה:**

**ו. עברו אלו ולא נענו, בית דין גוזרין שלש תעניות אחרות על הצבור. אוכלין ושותין מבעוד יום, ואסורין במלאכה וברחיצה ובסיכה ובנעילת הסנדל ובתשמיש המטה, ונועלין את המרחצאות. עברו אלו ולא נענו, בית דין גוזרין עליהם עוד שבע, שהן שלש עשרה תעניות**

---

מרחשון (חשון) און עס איז נאָכניט אראָפּ קיין רעגן, האָבן יחידים (איינצלנע, אויס־דערוויילטע) אָנגעהויבן פאסטן דריי תעניתים. **געוויינליך הויבט אָן צו גיין רעגן אין ארץ ישראל דעם 3טן טאָג אין חשון, און אויב ער פארשפעטיקט זיך אביסל קומט ער דעם זיבטן טאָג אין חשון, און אויב ער פארשפעטיקט זיך מער קומט ער דעם 17טן טאָג אין חשון. אויב אָבער דער רעגן איז ניט געקומען אויך דעם 17טן טאָג אין חשון, ווערט עס שוין באטראכט ווי א שטיקל אומגליק, א עת צרה, און יחידים, איינצלנע, פרומע יידן, תלמידים חכמים, הויבן אָן פאסטן דריי תעניתים, מאָנטאָג, דאָ־נערשטאָג און מאָנטאָג.** אוכלין, זיי (די יחידים) מעגן עסן און טרינקן (אין די דאָזיקע דריי תעניתים) ווען עס איז פינסטער (אין אוונט פאר די תעניתים). און זיי מעגן (אין די תעניתים ארבייטן, און וואשן זיך, און שמירן זיך (מיט אייל), און אָנטאָן די שיך, און תשמיש המיטה (געשלעכטליכער פארקער מיט דער פרוי). **די דאָזיקע תעניתים זענען נור פאר יחידים, אָבער ניט פאר אלע יידן, און אויך פאר יחידים זענען זיי נור לייכטע תעניתים.**

ה. הגיע, אויב עס איז אָנגעקומען ראש חודש כסלו און עס איז ניט אראָפּ קיין רעגן, איז דאָס בית דין גוזר דריי תעניתים אויפן צבור. **אויך דאָ מיינט מען צו פאסטן דריי טעג, מאָנטאָג, דאָנערשטאָג און מאָנטאָג נאָך ראש חודש כסלו, און דאָס מאָל זע־נען זיי תעניתים פאר אלע מענטשן, פארן ציבור.** אוכלין, מען מעג עסן און טרינקן ווען עס איז פינסטער (אין אוונט פאר די תעניתים), און מען מעג (אין די תעניתים) ארבייטן, און וואשן זיך, און שמירן זיך (מיט אייל), און אָנטאָן די שיך, און תשמיש המיטה (פאַרקערן געשלעכטליך מיט דער פרוי). **אויך די דאָזיקע דריי תעניתים זע־נען לייכטע.**

ו. עברו אלו, אויב די דאָזיקע (דריי תעניתים־טעג, מאָנטאָג, דאָנערשטאָג און מאָנטאָג) זענען אריבער און מען איז ניט געענטפערט געוואָרן (פון הימל, עס איז ניט אראָפּ קיין רעגן), איז בית דין גוזר אויף דעם ציבור, (אויף אלע יידן) דריי אנדערע תעניתים. **אויך דאָס מאָל זענען עס מאָנטאָג, דאָנערשטאָג און מאָנטאָג; לויט אן אנ־דער מיינונג איז עס דאָנערשטאָג, מאָנטאָג און דאָנערשטאָג; זע ווייטער אין משנה ט.' די איצטיקע תעניתים זענען שוין הארבער.** אוכלין ושותין, מען מעג עסן און טרינקן (נאָר) בייטאָג. **אין דעם טאָג פאר דעם תענית, מעג מען עסן נור בייטאָג, אָבער אין אוונט פאר דעם תענית טאָר מען שוין ניט עסן.** ואסורין, און עס איז פארבאָטן (אין די דאָזיקע תעניתים) צו ארבייטן, צו וואשן זיך, צו שמירן זיך (מיט אייל), אָנצוטאָן די שיך און תשמיש המיטה (צו פאַרקערן געשלעכטליך מיט דער פרוי); און מען פארשליסט די (עפענטליכע) בעדער. **די דאָזיקע תעניתים זענען שוין אזוי ווי תשעה באב, און יום כיפור, וועלכע הויבן זיך אָן מיט דעם אוונט פריער, און עס זענען פאר־באָטן די זאַכן, וואָס אין געוויינליכע תעניתים מעג מען יאָ טאָן,** עברו אלו, אויב עס זענען אריבער די דאָזיקע (תעניתים) און מען איז ניט געענטפערט געוואָרן (פון הימל, עס איז ניט אַראָפּ קיין רעגן) איז דאָס בית דין גוזר אויף זיי (אויף אלע יידן) נאָך זיבן תעניתים, וועלכע זענען צוזאמען (מיט די פריערדיקע זעקס תעניתים) דרייצן תעני־

**על הצבור. הרי אלו יתרות על הראשונות, שבאלו מתריעין, ונועלין את החניות. בשני מטין עם חשיכה, ובחמישי מותרין, מפני כבוד השבת:**

**ז. עברו אלו ולא נענו, ממעטין במשא ומתן בבנין ובנטיעה, באי־רוסין ובנשואין, ובשאילת שלום בין אדם לחבירו, כבני אדם הנזופין למקום. היחידים חוזרים ומתענים, עד שיצא ניסן. יצא ניסן ולא ירדו גשמים, סימן קללה שנאמר (שמואל א׳ י״ב) „הלא קציר חטים היום״ וגומר:**

## פרק ב.

**א. סדר תעניות כיצד? מוציאין את התיבה לרחובה של עיר,**

תים אויפן ציבור. אויך די דאָזיקע תעניתים זענען אלץ נור אין די טעג פון מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. הרי אלו, די דאָזיקע (לעצטע זיבן תעניתים) שטייגן־איבער די פריערדיקע (זעקס תעניתים דערמיט) וואָס איז די דאָזיקע (זיבן תעניתים) בלאָזט מען (שופר), „מתריעין״ פון „רוע״, „תרועה״, בלאָזן. לויט טייל מיינונגען האָט מען געבלאָזן מיט טרומייטן (חצוצרות). ונועלין, און מען פארשליסט (אין די זיבן טעג) די קראָמען; אין מאָנטאָג פארנאַכט (עם חשוכה, נאָנט צו אונטן) עפנט מען אויף אביסל. מטין, מען בייגט אויף אביסל די טירן פון די קראָמען, כדי צו פארקויפן עסנווארג, אָבער מען טאָרניט ארויסלייגן די סחורות אויף דער גאַס, ווי מען פירט זיך אין געוויינליכע טעג. ובחמישי, און אים דאָנערשטאָג מעג מען (האלטן אָפן די קראָמען מיט עסנווארג) צוליב דעם כבוד פון שבת. כדי מען זאָל קאָנען איינקויפן באצייטנס אויף שבת.

ז. עברו אלו, אויב עס זענען אריבערגעגאנגען די דאָזיקע (זיבן תעניתים) און מען איז ניט געענטפערט געוואָרן (פון הימל, עס איז ניט אראָפּ קיין רעגן), מאכט מען ווינציקער (פרייליכע) משא־ומתן׳ס, מען פארקלענערט דאָס בויען הייזער און דאָס פלאנצן און דאָס (קידושין־) תנאים־שרייבן, און דאָס מאכן חתונות, און באגריסן איינער דעם אנדערן, אזוי ווי מענטשן אויף וועלכע גאָט איז ברוגז (נזופין למקום). די גמרא זאָגט, אז משא ומתן, בויען, פלאנצן, מיינט מען אלץ אין שייכות מיט פרייליכע ענינים, למשל, בויען א חתונה־שטיבל, פלאנצןביימער צום שפּאצירן צווישן זיי. אָבער בויען א הויז צו וואוינען און פלאנצן פרוכטן־בוימער מעג מען. „נזופין״ איז דער טייטש „אָנגעשריגענע״, אויף וועלכע גאָט האָט אָנגעשריגן (דער תרגום צו בראשית ל״ז „ויגער״ זעצט איבער „ונזף״). עס האָט אויך דעם טייטש ווי אביסל זיין אין א לייכטן חרם (מועד קטן ט״ז אין נזיפה פחות מז׳ ימים). היחידים, די יחידים (תלמידי חכמים) הייבן ווידער אָן צו פאסטן (מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, כסדר) ביז עס גייט אריבער (דער חודש) ניסן; ווען עס איז אריבער (דער חודש) ניסן און עס איז ניט אראָפּ קיין רעגן איז עס א סימן פון קללה, ווארום עס ווערט געזאָגט (שמואל א׳, י״ב) „הלא קציר חטים היום, עס איז דאָך היינט דער שניט פון ווייץ״ און אזוי ווייטער. די ראיה איז דערפון, וואָס שמואל הנביא האָט געזאָגט צום פאָלק, אז אזוי ווי עס איז דאָך היינט די צייט פון שניידן ווייץ, וועט ער בעטן צו גאָט, אז עס זאָל אראָפּ א רעגן, כדי צו ווייזן דערמיט אז די יידן האָבן געזינדיקט. דערפון זעט מען, אז אויב עס פאלט רעגן אין דער צייט פון ווייץ־שניט, איז עס א קללה, און אין ארץ ישראל ווען עס ענדיקט זיך דער חודש ניסן שניידט מען שוין ווייץ.

## פרק ב.

א. סדר, ווי אזוי איז דער סדר פון די תעניתים? די משנה וועט דאָ דערציילן ווי אזוי ס׳איז פאָרגעקומען דאָס מתפּלל זיין אין די 7 הארבע תעניתים, וועגן וועלכע ס׳לערנט די משנה פריער אין פרק א׳ סוף משנה ו׳ און אין משנה ז׳. מוציאין, מ׳טראָגט ארויס דעם קאסטן (תיבה, דעם ארון־קודש מיט דער ספר תורה) אין מארק־פּלאץ פון דער

ונותנין אפר מקלה על גבי התיבה ובראש הנשיא ובראש אב בית דין, וכל אחד ואחד נותן בראשו. הזקן שבהן אומר לפניהן דברי כבושין: אחינו, לא נאמר באנשי נינוה (יונה ג) „וירא אלהים את שקם ואת תעניתם" אלא „וירא אלהים את מעשיהם כי שבו מדרכם הרעה"; ובקבלה הוא אומר (יואל ב') „וקרעו לבבכם ואל בגדיכם":

ב. עמדו בתפלה, מורידין לפני התיבה זקן ורגיל ויש לו בנים וביתו ריקם, כדי שיהא לבו שלם בתפלה. ואומר לפניהם עשרים וארבעה ברכות, שמונה עשרה שבכל יום, ומוסיף עליהן עוד שש:

ג. ואלו הן זכרונות ושופרות: (תהלים ק"כ) אל ה' בצרתה לי קראתי ויענני (תהלים קכ"א) אשא עיני אל ההרים וגו', (תהלים ק"ל)

---

שטאָט, און מען שיט אויף אש פון פאַרברענעכץ (אפר מקלה) אויף'ן ארון קודש, און (אויך) אויף דעם קאָפּ פון נשיא און אויפן קאָפּ פון אב בית דין, און יעדער איינער שיט אליין ארויף (אש) אויף זיין קאָפּ. מען טראָגט ארויס דעם ארון־קודש אין מאַרק־פּלאַץ, כדי צו ווייזן פאַר אלע ווי גרויס די צרה איז. „אש פון פאַרברענעכץ", „אפר מקלה" מיינט מען אש, און ווייל „אפר" האָט דעם טייטש טיילמאָל אויך פון סתם ערד, גיט די משנה צו דאָס וואָרט „מקלה", אש פון א פאַרברענטער זאַך. אויף דעם נשיא און דעם אב בית דין (די פירער פון די סנהדרין) האָבן אנדערע מענטשן ארויפגעשיט דאָס אש, כדי די בושה זאָל זיין גרעסער. הזקן, דער עלטסטער צווישן זיי (צווישן די פאַרזאמלטע יידן) זאָגט פאַר זיי רירענדיקע ווערטער. „דברים כבושין", ווערטער וואָס דריקן דעם מענטש (פון „כבש", צודריקן), רירן אים. ער זאָגט: „אחינו, אונזערע ברידער, ביי די מענטשן פון ננוה (יונה ג', ווען זיי האָבן געפאַסט און תשובה געטאָן) ווערט ניט געזאָגט, און גאָט האָט געזען זייער זאַק (וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן אויף זיך) און זייער פאַסטן, נאָר עס ווערט געזאָגט „און גאָט האָט געזען זייערע מעשים, אז זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון זייער שלעכטן וועג", און אין די נביאים (בקבלה) ווערט געזאָגט (יואל ב') „און צערייסט אייערע הערצער און ניט אייערע קליידער". די ווערטער פון דעם עלטסטן זענען געווען, אז ניט דאָס פאַסטן איז דער עיקר נאָר דאָס תשובה טאָן. „בקבלה" מיינט מען די ווערטער וואָס דער נביא האָט געזאָגט אין נאָמען פון גאָט; „קבל", „נעמען", דער נביא האָט די ווערטער גענומען פון גאָט.

ב. עמדו, (ווען) מען האָט זיך געשטעלט דאַווענען, האָט מען צוגעשיקט פאַר דעם קאַסטן (תיבה, ארון קודש, פאַרן עמוד אלס חזן) אן אלטן מאַן, וועלכער איז צוגעוואוינט (צום דאַווענען פאַר עמוד) און ער האָט קינדער און זיין הויז איז ליידיק, כדי זיין הארץ זאָל זיין גאַנץ אין דאַווענען. ער דאַרף האָבן קינדער און זיין אָרעם כדי זיין הארץ זאָל זיין צעבראָכן און ער זאָל דאַווענען מיט כוונה. פאַראַן אין דער גמרא אויך נאָך א טייטש „וביתו ריקם", און זיין הויז „ליידיק", אז דאָס מיינט ליידיק פון עבירות. ואומר, און ער זאָגט פאַר זיי (אין דער שמונה עשרה) פיר און צוואַנציק ברכות (דהיינו): די אכצן ברכות פון יעדן טאָג, און ער לייגט צו צו זיי נאָך 6 ברכות. אין דער שמונה עשרה פון יעדן טאָג זענען פאַראַן 18 ברכות (איינגעטליך 19, זע מסכתא ברכות פרק ד' משנה ג'); די ערשטע ברכה איז „מגן אברהם" און די לעצטע ברכה איז „המברך את עמו ישראל בשלום". אין די דאָזיקע תעניתים האָט מען אין מיטן שמונה עשרה, נאָך דער ברכה „גואל ישראל", צוגעלייגט נאָך 6 ברכות.

ג. ואלו הן, און דאָס זענען זיי (די זעקס ברכות): זכרונות; מען האָט געזאָגט פסוקים מיט זכרונות־ווערטער פון תנך אזוי ווי אים ראש השנה; זע מסכתא ראש השנה פרק ד' משנה ה'. ושופרות, און שופרות פסוקים. אזוי ווי אים ראש השנה; זע מסכתא ראש השנה פרק ד' משנה ה'. אל ה', (און די פיר קאַפּיטלעך תהלים): „אל ה' בצרתה לי קראתי ויענני", צו גאָט, ווען עס איז מיר שלעכט, האָב איך גערופן און ער האָט

**ממעקים קראתיך ה׳, (תהלים ק״ב) תפלה לעני כי יעטוף. ר׳ יהודה אומר, לא היה צריך לומר זכרונות ושופרות, אלא אומר תחתיהן (מלכים א׳, ח׳) רעב כי יהיה בארץ דבר כי יהיה בארץ, (ירמיה י״ד) אשר היה דבר ה׳ אל ירמיה על דברי הבצרות, ואומר חותמיהן:**

**ד. על הראשונה הוא אומר: מי שענה את אברהם בהר המוריה הוא יענה אתכם וישמע בקול צעקתכם היום הזה ברוך אתה ה׳ גואל ישראל. על השניה הוא אומר: מי שענה את אבותינו על ים סוף הוא יענה אתכם וישמע קול צעקתכם היום הזה ברוך אתה ה׳ זוכר הנש־כחות. על השלישית הוא אומר: מי שענה את יהושע בגלגל הוא יענה אתכם וישמע קול צעקתכם היום הזה ברוך אתה ה׳ שומע תרועה. על הרביעית הוא אומר: מי שענה את שמואל במצפה הוא יענה אתכם וישמע בקול צעקתכם היום הזה ברוך אתה ה׳ שומע צעקה. על החמי־**

---

מיר געגענטפערט (תהלים, ק״כ), „אשא עיני אל ההרים, איך וועל אויפהייבן מיינע אויגן צו די בערג״ (תהלים קכ„א), „ממעמקים קראתיך ה׳, פון דער טיפעניש האָב איך דיך גערופן, גאָט״ (תהלים ק״ל), און „תפלה לעני כי יעטוף, א געבעט פון אן אָרימאן, ווען ער שמאכטעט אין הונגער״ (תהלים ק״ב). **דאָס איז די 6 תפלות, וועלכע מען פאַרענדיקט מיט 6 ברכות, ווי די משנה וועט ווייטער אין משנה ד׳ געבן דעם נוסח פון די ברכות.** ר׳ יהודה זאָגט, אז ער האָט ניט געדאַרפן זאָגן די זכרונות און שופרות (פסוקים), נאָר ער האָט אנשטאָט זיי געזאָגט (צוויי אנדערע פסוקים, דהיינו): „רעב כי יהיה בארץ, דבר כי יהיה, אויב עס וועט זיין א הונגער אין לאנד, א מגיפה אויב עס וועט זיין״ (מלכים א׳ ח׳), און אשר היה דבר ה׳ אל ירמיהו על דברי הב־צרות, וואָס עס איז געווען גאָטס וואָרט צו ירמיה וועגן די (הונגער)־טרוקעניש (ירמיה י״ד), און ער זאָגט (נאָך די דאָזיקע צוויי פסוקים) זייערע סוף־ברכות. **ר׳ יהודה מיינט, אז נאָך דעם ערשטן פסוק זאָגט ער די ברכה פון זכרונות (זוכר הנשכחות) און נאָך דעם צווייטן פסוק זאָגט ער די ברכה פון שופרות (שומע תרועה), ווי די משנה ד׳ וועט באלד געבן.**

ד. על הראשונה, ביי דער ערשטער זאָגט ער: (גאָט) וועלכער האָט געענטפערט אברהם (אבינו) אויפן בארג המוריה, ער זאָל אייך ענטפערן און הערן אייער געשריי היינטיקן טאָג, ברוך אתה ה׳ גואל ישראל (געלויבט ביזטו גאָט, דער אויסלייזער פון יידן). **מיט הראשונה מיינט מען ניט די ערשטע פון די 6 צוגעגעבענע ברכות; ווארום „גואל ישראל״ איז דאָך די ברכה פון דער געוויינטליכער שמונה עשרה, און די 6 ברכות הויבן זיך אָן נאָך „גואל ישראל״. נאָר מען מיינט, אז ביי „גואל ישראל״ האָט דער חזן אין תענית אָנגעהויבן צום ערשטן מאריך צו זיין און זאָגן דעם ערשטן „מי שענה״ (גאָט וועלכער האָט געענטפערט). מיט „ענטפערן אברהם אבינו״ מיינט מען ביי דער עקידה פון יצחק אויפן בארג המוריה, ווען גאָט האָט געשיקט דעם מלאך זאָגן אברהמ׳ן אז ער זאָל יצחקן ניט אומברענגען (בראשית כ״ב).** על השניה, ביי דער צווייטער האָט ער געזאָגט: (גאָט) וועלכער האָט געענטפערט אונזערע על־טערן ביים ים סוף, ער זאָל אייך ענטפערן און הערן אייער געשריי היינטיקן טאָג, ברוך אתה ה׳ זוכר הנשכחות (געלויבט ביזטו גאָט, וואָס געדענקט פארגעסענע זאכן). **דאָס איז די צווייטע ברכה, פון די „מי שענה״, אָבער די ערשטע פון די צוגעגעבענע 6 ברכות, די זכרונות, פון דער פאָריקער משנה. „ביים ים סוף״ מיינט מען ביי קריעת ים סוף** (שמות י״ד). על השלישית, ביי דער דריטער זאָגט ער: (גאָט) וועלכער האָט געענטפערט יהושע אין גלגל, ער זאָל אייך ענטפערן און הערן אייער געשריי היינטיקן טאָג, ברוך אתה ה׳ שומע תרועה (געלויבט ביזט גאָט, וואָס הערט בלאָזן). **דאָס איז די ברכה „שופרות״ פון דער פאָריקער משנה. ווען יהושע בן נון אין גלגל ווערט דערציילט אין ספר יהושע ה׳, אז ער האָט געפירט די מלחמה קייגן דער שטאָט**

**שית הוא אומר: מי שענה את אליהו בהר הכרמל הוא יענה אתכם וישמע בקול צעקתכם היום הזה ברוך אתה ה׳ שומע תפלה. על הששית הוא אומר: מי שענה את יונה ממעי הדגה הוא יענה אתכם וישמע בקול צעקתכם היום הזה ברוך אתה ה׳ העונה בעת צרה. על השביעית הוא אומר: מי שענה את דוד ואת שלמה בנו בירושלים הוא יענה אתכם וישמע בקול צעקתכם היום הזה ברוך אתה ה׳ המרחם על הארץ:**

**ה. מעשה בימי ר׳ חלפתא ור׳ חנניה בן תרדיון, שעבר אחד לפני התיבה, וגמר את הברכה כולה, ולא ענו אחריו אמן: תקעו הכהנים תקעו, מי שענה את אברהם אבינו בהר המוריה הוא יענה אתכם וישמע בקול צעקתכם היום הזה; הריעו בני אהרן הריעו, מי שענה את**

---

**ירוחו.** על הרביעית, ביי דער פירטער, האָט ער געזאָגט: (גאָט) וועלכער האָט גע־ענטפערט שמואל אין מצפה, זאָל אייך ענטפערן און הערן אייער געשריי היינטיקן טאָג, ברוך אתה ה׳ שומע קול צעקה (געלויבט ביזטו גאָט, וואָס הערט די שטימע פון א געשריי). **וועגן שמואל הנביא אין מצפה און זיין מלחמה קייגן די פלשתים ווערט דערציילט אין ספר שמואל א׳ ז׳.** על החמישית, ביי דער פיפטער האָט ער גע־זאָגט: (גאָט) וועלכער האָט געענפערט אליהו אויפן בארג כרמל, ער זאָל אייך ענט־פערן און הערן אייער געשריי היינטיקן טאָג, ברוך אתה ה׳ שומע תפילה (געלויבט ביזטו גאָט, וואָס הערט דאָס געבעט). **וועגן אליהו הנביא און זיין קאַמף קייגן די נביאים פון אָפּגאָט בעל אויפן בארג כרמל ווערט דערציילט אין ספר מלכים א׳ י״ח.** על השישית, ביי דער זעקסטער זאָגט ער: (גאָט) וועלכער האָט געענטפערט יונה פון די געדערים פון פיש, ער זאָל אייך ענטפערן און הערן אייער געשריי היינטיקן טאָג ברוך אתה ה׳ העונה בעת צרה (געלויבט ביזטו גאָט, וואָס ענטפערט אין א צייט פון אַ צרה). **וועגן יונה הנביא, ווי מען האָט אים אריינגעוואָרפן אין ים און ווי א פיש האָט אים איינגעשלונגען און ווי ער האָט זייענדיק אין די געדערים פון פיש מתפלל געווען צו גאָט און האָט אים געהאָלפן, ווערט דערצייל אין ספר יונה א׳ און ב׳.** על השביעית, ביי דער זיבעטער זאָגט ער: (גאָט) וועלכער האָט געענטפערט דוד און שלמה זיין זון אין ירושלים, ער זאָל אייך ענטפערן און הערן אייער געשריי, ברוך אתה ה׳ המרחם על הארץ (געלויבט ביזטו, גאָט, וואָס דערבאַרעמט זיך איבער דעם לאַנד). **וועגן דוד המלך אז ער האָט מתפלל געווען צו גאָט איז פאַראַן אין ספר שמואל ב׳ כ״א און אין תהלים** (די מזמורים)**, און וועגן שלמה המלך איז פאַראַן אין מלכים א׳ ח׳ און ט׳. ווי מיר האָבן שוין דערקלערט זענען דאָס נור 6 נייע ברכות ווייל די ערשטע גואל ישראל געהערט צו דער געוויינטליכער שמונה עשרה. די תפלה פון „מי שענה״** (גאָט, וועלכער האָט געענטפערט) **מיינט, אז אזוי ווי גאָט האָט דערהערט די תפילות פון די אבות און די נביאים און די מלכים און זיי גע־האָלפן אין זייער עת צרה, אזוי זאָל גאָט העלפן אייך אין דער איצטיקער עת צרה.**

ה. מעשה, עס איז געווען א מעשה אין די צייטן פון ר׳ חלפתא און ר׳ חנינא בן תרדיון, וואָס איינער האָט (אין א תענית־טאָג) זיך געשטעלט דאַוונען פאַרן עמוד, און ער האָט פאַרענדיקט די גאַנצע ברכה (אין שמונה עשרה) און מען האָט ניט געענטפערט נאָך אים קיין אמן (נאָר מען האָט אָפּגעענטפערט „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד, אזוי ווי מען האָט זיך געפינען אין בית המקדש; דערנאָך (האָט דער שמש פון שול אויסגערופן): „בלאָזט תקיעה, כהנים, בלאָזט תקיעה!״, (און דער חזן האָט געזאָגט): „גאָט וואָס האָט געענטפערט אברהם אויפן בארג מוריה, ער זאָל אייך ענטפערן און הערן אייער געשריי היינטיקן טאָג״; דערנאָך האָט דער שמש ווידער אויסגערופן: „בלאָזט תרועה, קינדער פון אהרן, בלאָזט תרועה!״, (און דער חזן האָט געזאָגט): „גאָט, וואָס האָט געענטפערט אונזערע עלטערן ביים ים סוף, ער

**אבותינו על ים סוף הוא יענה אתכם וישמע בקול צעקתכם היום הזה. וכשבא דבר אצל חכמים, אָמרו: לא היינו נוהגין כן אלא בשער המזרח ובהר הבית:**

**ו. שלש תעניות הראשונות, אנשי משמר מתענין ולא משלימין, ואנשי בית אב לא היו מתענין כלל; שלש שניות, אנשי משמר מתענין ומשלימין, ואנשי בית אב מתענין ולא משלימין; שבע אחרונות, אלו ואלו מתענין ומשלימין, דברי ר׳ יהושע. וחכמים אומרים, שלש תעניות הראשונות אלו ואלו לא היו מתענין כלל; שלש שניות, אנשי משמר מתענין ולא משלימין ואנשי בית אב לא היו מתענין כלל; שבע אחרונות, אנשי משמר מתענין ומשלימין, ואנשי בית אב מתענין ולא משלימין:**

---

זאָל אייך ענטפערן און הערן אייער געשריי היינטיקן טאָג״. און ווען די זאַך איז געקומען פאַר די חכמים (מען האָט דאָס דערציילט פאַר זיי) האָבן זיי געזאָגט: מיר האָבן זיך אַזוי ניט געפירט, סיידן אין דעם מזרח טויער (פון בית המקדש) און אויפן הר הבית (אויפן באַרג וואו דאָס בית המקדש איז געשטאַנען). דער ברטנורא טייטשט, אַז די חכמים האָבן נור געזאָגט, אַז זיי האָבן ניט ריכטיק געטאָן דערמיט, וואָס זיי האָבן ניט געענטפערט קיין אָמן נאָך דער ברכה נאָר „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד״, מחמת נור אין בית המקדש (ביים מזרח טויער און אויפן הר הבית) האָט מען זיך אַזוי נוהג געווען (זע מסכתא ברכות אין משנה סוף פון לעצטן פרק). אָבער בנוגע בלאָזן אין תענית האָלטן אויך די חכמים אַז מען דאַרף בלאָזן אויך אויסער דעם בית המקדש. טייל טייטשן, אַז דער „מזרח טויער״ מיינט מען פון ביידע, אי פון בית־המקדש־הויף (עזרה) אי פון הר הבית. דער טעם פאַרוואָס מען האָט דאָרט געענטפערט „ברוך שם כבוד״ איז געווען ווייל מען האָט דאָרט ארויסגעזאָגט ביי דער ברכה בפירוש דעם שם „הויה״.

ו. שלש, די ערשטע דריי תעניתים (וואָס ווערן דערמאָנט פריער פרק א׳ משנה א׳) האָבן די משמר־מענטשן געפאַסט, אָבער זיי האָבן (דעם תענית) ניט פאַרענדיקט (זיי פלעגן פאַרנאַכט עפּיס עסן), און די מענטשן פון בית אָב האָבן אינגאַנצן ניט געפאַסט. ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען זענען אַלע כהנים אין ארץ ישראל געווען איינגעטיילט אין 24 משמרות, אָפּטיילונגען, און יעדער משמר כהנים פלעגט קומען קיין ירושלים אין בית המקדש אויף איין וואָך, כדי דאָרט צו טאָן די עבודה, ווי מקריב זיין די קרבנות, היטן דאָס בית המקדש וכדומה. יעדער משמר כהנים איז געווען איינגעטיילט אין 7 בתי־אבות (לויט טייל מיינונגען נור אין 6), און יעדער בית אב האָט געטאָן די עבודה אין בית המקדש איין טאָג אין דער וואָך פון זיין משמר. זאָגט די משנה, אַז די ערשטע 3 תעניתים האָבן די משמר־כהנים, וואָס די תעניתים זענען אויסגעפאַלן אין זייער וואָך צו טאָן די עבודה אין בית המקדש, געפאַסט אָבער ניט משלים־געווען, דאָס הייסט פאַרנאַכט האָבן זיי געגעסן; אָבער די בית־אָב־כהנים, וועלכע האָבן געטאָן די עבודה אין בית המקדש אין דאָזיקן טאָג, האָבן אינגאַנצן ניט געפאַסט, כדי זיי זאָלן האָבן כח צו טאָן די עבודה. די משמר־כהנים האָבן ניט משלים געווען דעם תענית, ווייל עס קאָן זיך טרעפן אַז די בית־אב־כהנים וועלן האָבן אַ צו־שווערע עבודה וועלן די כהנים פון די אַנדערע בתי אבות פון זעלבן משמר זיי דאַרפן צו העלפן. שלש שניות, די דריי צווייטע תעניתים (אויך דערמאָנט פריער פרק א׳ אָנהייב משנה ו׳) האָבן די משמר־מענטשן געפאַסט און פאַרענדיקט, און די בית־אב־מענטשן האָבן געפאַסט און ניט פאַרענדיקט. מחמת די דאָזיקע צווייטע תעניתים זענען שוין אַביסל האַרבער. שבע אחרונות, די לעצטע זיבן תעניתים (אויך דערמאָנט פריער פרק א׳ משנה ו׳, וועלכע זענען זייער האַרב) האָבן סיי די משמר־מענטשן) און סיי די (בית־אב־מענטשן) געפאַסט און פאַרענדיקט,

**ז. אנשי משמר מותרים לשתות יין בלילות אבל לא בימים, ואנשי בית אב לא ביום ולא בלילה. אנשי משמר ואנשי מעמד אסורין מלספר ומלכבס; ובחמישי מותרין מפני כבוד השבת:**

**ח. כל הכתוב במגילת תענית „דלא למספד", לפניו אסור ולאחריו**

---

אזוי זאָגט ר' יהושע. **מחמת דאָס זענען זייער הארבע תעניתים, ווי מיר האָבן דאָרט אין פרק א' משנה ו' געלערנט.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז די ערשטע דריי תעניתים האָבן סיי די (משמר־מענטשן) און סיי די (בית־אב־מענטשן) אינגאנצן ניט געפאסט; די צווייטע דריי (תעניתים) האָבן די משמר־מענטשן געפאסט און ניט פארענדיקט און די בית־אב־מענטשן האָבן אינגאנצן ניט געפאסט; די זיבן לעצטע (תעניתים) האָבן די משמר־מענטשן געפאַסט און פאַרענדיקט און די בית־אב מענטשן האָבן געפאסט און ניט פארענדיקט. **די חכמים האַלטן, אז מען האָט מיט די דאָזיקע כהנים מער מיקל געווען בנוגע תעניתים, ווייל זיי האָבן געדארפן טאָן די עבודה אין בית המקדש.**

ז. אנשי, די משמר־מענטשן מעגן טרינקען ווין אין די נעכט (פון דער וואָך, ווען זיי דאַרפן טאָן די עבודה אי בית המקדש) אָבער ניט אין די טעג, און די בית־אָב־מענטשן טאָרן ניט טרינקען ווין ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט (אין יענעם טאָג, ווען זיי דארפן טאָן די עבודה). **די משנה לערנט דאָ ניט וועגן תעניתים, נאָר סתם וועגן אנדערע טעג, און ווייל זי האָט פריער געלערנט דעם תעניתים־דין וועגן די משמר און בית־אב־מענטשן, לערנט זי דאָ אויך דעם דאָזיקן דין. זיי טאָרן ניט טרינקען קיין וויין, ווייל ווען מען טרינקט וויין טאָר מען ניט טאָן די עבודה אין בית המקדש (ויקרא י' „וויין ושכר אל תשת בבואכם"). די משמר־כהנים טאָרן ניט טרינקען בייטאָג, ווייל טאָמער וועלן זיי דארפן צוהעלפן די בית־אב־כהנים; אָבער ביינאכט מעגן זיי, ווייל ביינאכט איז די עבודה אין בית המקדש ניט קיין סך, און מען וועט ניט דארפן זייער הילף. אָבער די בית־אב־כהנים טאָרן אויך ביינאכט ניט טרינקען, ווייל אויך ביינאַכט איז פאראן די עבודה צוריקצולייגן אויפן פייער פון מזבח די אברים פון קרבנות, אויב זיי פאלן אראָפּ.** אנשי משמר, די משמר־מענטשן און די מעמד־מענטשן טאָרן ניט (אין זייער וואָך) אָפּשערן זיך און וואשן זייערע מלבושים: אָבער אים דאָנערשטאָג (פון זייער וואָך) מעגן זיי זיך אָפּשערן און וואשן די מלבו־שים צוליב דעם כבוד פון שבת. **אנשי־מעמד, די מענטשן פון מעמד, האָבן געהייסן די דעלעגאציע פון יידן (ישראלים) וואָס פלעגן מוזן זיין יעדע וואָך פון ארץ־ישראל אין בית המקדש כדי דאָרט צו שטיין ביים מקריב זיין די קרבנות. „מעמד" איז פון וואָרט „עמד", שטיין. פונקט ווי די כהנים זענען געווען איינגעטיילט אין 24 משמרות, אזוי זענען די יידן (ישראלים) געווען איינגעטיילט אין 24 מעמדות, און יעדער מעמד האָט געהאַט זיין וואָך, ווען ער האָט געדאַרפן האָבן די דעלע־גאציע אין ירושלים אין בית המקדש. זאָגט די משנה, אז מען האָט געמאכט א תקנה אז יענע וואָך זאָלן די משמר־כהנים און די מעמד־דעלעגאציע ניט טאָרן זיך אָפּשערן און וואשן די מלבושים, כדי זיי זאָלן וויסן אז זיי זאָלן פריער זיך אָפּשערן און מאכן ריין זייערע מלבושים צוליבן כבוד פון בית המקדש.**

ח. כל, אלץ (יעדער טאָג) וואָס איז געשריבן (וועגן אים) אין (ספר) „מגילת תענית" אז מען זאָל אין אים ניט האַלטן קיין הספדים (דלא למספד), טאָר מען ניט (האלטן קיין הספד אויך) א טאָג פאר אים, אָבער אינם טאָג נאָך אים מעג מען. **„מגילת תענית" איז א ספר (וואָס אויך היינט האָבן מיר אים) פון די אלטע צייטן, און אין אים זענען איינגעשריבן די טעג, וואָס מען האָט דערקלערט פאר טעג פון פרייד, ווייל אין זיי זענען אין דער צייט פון 2טן בית המקדש געשען גוטע געשעענישן פאר יידן. ביי טייל טעג איז די פרייד א גרעסערע, און מען האָט איינגעשריבן אין „מגילת תענית", אז מען זאָל אין זיי אפילו ניט האַלטן קיין הספדים; ביי טייל אנ־**

מותר. ר׳ יוסי אומר, לפניו ולאחריו אסור. „דלא להתענאה בהון״, לפניו ולאחריו מותר. ר׳ יוסי אומר לפניו אסור לאחריו מותר:

ט. אין גוזרין תענית על הצבור בתחלה בחמישי, שלא להפקיע השערים, אלא שלש תעניות הראשונות שני וחמישי ושני, ושלש שניות חמישי שני וחמישי. ר׳ יוסי אומר, כשם שאין הראשונות בח־מישי, כך לא שניות, ולא אחרונות:

י. אין גוזרין תענית על הצבור בראש חדש, בחנוכה, ובפורים; ואם התחילו אין מפסיקין, דברי רבן גמליאל, אָמר ר׳ מאיר, אף על פי

---

דערע טעג איז די פרייד א קלענערע און מען האָט איינגעשריבן, אז מען זאָל נאָר ניט פאַסטן אין זיי, אָבער הספדים מעג מען יאָ האַלטן. זאָגט די משנה אז בנוגע דעם טאָג מיט דעם הספדים־פאַרבאָט טאָר מען ניט אויך אין דעם טאָג פאַר אים; אָבער אין דעם טאָג נאָך אים מעג מען. ר׳ יוסי זאָגט, אז מען טאָר ניט (אויך) אינם טאָג פאַר אים און אינם טאָג נאָך אים. ר׳ יוסי האַלט, אז די שמחה האָט זיך פאַר־צויגן אויף דריי טעג; אויף דעם טאָג דערפריער, אויף דעם טאָג פון דער געשעהע־ניש, און אויף דעם טאָג דערנאָך. דלא להתענאה, (דער טאָג, וואָס וועגן אים איז פאַראַן אין מגילת תענית) אז מען זאָל אין אים ניט פאַסטן, מעג מען אין טאָג פאַר אים און אין טאָג נאָך אים; ר׳ יוסי זאָגט, אז אין טאָג פאַר אים טאָר מען ניט, און אין טאָג נאָך אים מעג מען. מען האַלט, אז אין טאָג פאַר פייערטאָג דאַרף מען שוין נוהג זיין די חומרות פון דער שמחה פון פייערטאָג, ווייל אויב מען וועט דערלויבן צו מאַכן הספדים אָדער פאַסטן אין טאָג דערפריער, קאָן מען אמאָל דאָסזעלבע טאָן אין פייערטאָג זעלבסט; אָבער ווען דער פייערטאָג איז אריבער האָט מען שוין ניט קיין מורא.

ט. אין גוזרין, מען איז ניט גוזר אויפן ציבור קיין תענית אין אָנהויב אים דאָנערשטאָג, כדי מען זאָל ניט ארויסרופן א יקרות (אויף שפייז) אין מארק, נאָר מען מאַכט די ערשטע דריי תעניתים (דערמאָנט פריער פרק א׳ משנה ה׳ — וועלכע זענען גרינג), מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און מאָנטאָג, און די צווייטע דריי תעניתים (דערמאָנט פריער פרק א׳ משנה ו׳, וועלכע זענען הארב), דאָנערשטאָג און מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. דער טעם איז, ווייל געוויינטליך קויפן מענטשן אים תענית מער עסנוואַרג אויף צו עסן ביינאַכט נאָכן תענית, און אזוי ווי דאָנערשטאָג דאַרף מען דאָך איינקויפן אויף שבת, וועט מען קויפן מיטאָמאָל צופיל עסנוואַרג און עס וועט ווערן דערויף א יקרות. „להפקיע שערים״ הייסט אויסציען דעם מארק. פאַרגרעסערן די פרייזן. די משנה זאָגט, אַז מען טאָר ניט אָנהייבן די תעניתים מיט דאָנערשטאָג, און דעריבער דאַרפן די ערשטע דריי תעניתים זיך אָנהויבן מיט מאָנטאָג; דאַקעגן די צווייטע דריי תעניתים הייסן שוין א המשך פון די ערשטע דריי תעניתים, און דאַ־ריבער מעגן זיי שוין זיך אָנהויבן מיט דאָנערשטאָג. ר׳ יוסי זאָגט, אז אזוי ווי די ערשטע (דריי תעניתים) טאָרן זיך ניט (אָנהייבן) מיט די דאָנערשטאָג, אזוי טאָרן אויך ניט די צווייטע (דריי תעניתים) און אויך ניט די לעצטע (זיבן תעניתים), זיך ניט אָנהויבן) מיט דאָנערשטאָג. די דאָזיקע לעצטע זיבן תעניתים ווערן אויך דערמאָנט פריער אין פרק א׳ משנה ו׳.

י. אין גוזרין, מען טאָר ניט גוזר זיין א תענית אויפן ציבור אין (טעג פון) ראש חודש, אָדער אין (טעג פון) חנוכה אָדער אין פורים, און אויב מען האָט אָנגע־הויבן רייסט מען ניט איבער, אזוי זאָגט רבן גמליאל. די משנה מיינט צו זאָגן, אז אויב מען האָט גוזר געווען די דערמאָנטע דריי צי זיבן תעניתים, און איינער פון די מיטלסטע תעניתים טעג איז אויסגעפאַלן אין ראש חודש צי חנוכה צי פורים, מעג מען דעם טאָג פאַסטן; אָבער דעם ערשטן תענית־טאָג טאָר מען אין ראש חודש צי חנוכה צי פורים ניט אויסרופן: אָמר, האָט ר׳ מאיר געזאָגט, אז כאָטש רבן גמ־

**שאמר רבן גמליאל אין מפסיקין, מודה היה שאין משלימין. וכן תשעה באב שחל להיות בערב שבת:**

## פרק ג.

**א. סדר תעניות אלו האמור, ברביעה ראשונה; אבל צמחים ששנו, מתריעין עליהם מיד. וכן שפסקו גשמים בין גשם לגשם ארבעים יום, מתריעין עליהם מיד, מחני שהיא מכת בצורת:**

**ב. ירדו לצמחין אבל לא ירדו לאילן, לאילן ולא לצמחים, לזה ולזה אבל לא לבורות לשיחין ולמערות, מתריעין עליהן מיד:**

**ג. וכן עיר שלא ירדו עליה גשמים, דכתיב** (עמוס ד׳) **„והמטרתי**

ליאל האָט געזאָגט, אז מען רייסט ניט איבער, האָט ער (רבן גמליאל) מודה געווען, אז מען פארענדיקט ניט (דעם תענית). **אויב איינער פון די מיטלסטע תעניתים טעג איז אויסגעפאלן אים ראש חודש צי חנוכה צי פורים און מען דארף, לויט רבן גמליאל יאָ אין אים פאסטן, האַלט אָבער אויך רבן גמליאל, אז מען דערפאסט ניט דעם גאנצן טאָג, און פארנאכט זאָל מען עפעס עסן.** וכן, און אזוי איז אויך מיט תשעה באב וואָס פאַלט אויס אים ערב שבת (פרייטאָג). **מען דארף פאַסטן, אָבער מען איז ניט משלים דעם תענית, מען עסט עפיס פארנאַכט.**

## פרק ג.

א. סדר תעניות, דער סדר פון תעניתים, וואָס איז געזאָגט געוואָרן (פריער פרק א׳ משנה ד׳, ה׳ און ו׳), איז ביי דעם ערשטן רעגן (רביעה ראשונה). **נאָר ווען עס פאלט ניט אראָפּ צו דער ריכטיקער צייט דער ערשטער רעגן, דאַמאָלס ווארט מען, און מען מאַכט צוערשט לייכטע תעניתים, און מען בלאָזט ניט באַלד שופר. וועגן וואָרט „רביעה" אַלס ערשטער רעגן זע אין דער הקדמה צו מסכתא תענית.** אבל, אָבער אויב געוויקסן זענען געוואָרן פארענדערט, בלאָזט מען באלד (שופר). **אויב מען האָט באַמערקט, אז פון תבואות און גרינסן אויף די פעלדער איז געענ־דערט געוואָרן זייער קאָליר און זיי האלטן ביי קאַליע ווערן, ווארט מען ניט, נאָר מען מאַכט באלד די הארבע תעניתים מיט בלאָזן שופר, ווי עס ווערט געלערנט אין פרק א׳ משנה ו׳.** וכן, און אַזוי איז אויך (מען מאַכט באַלד די האַרבע תעניתים מיט שופר בלאָזן) ווען די רעגנס האָבן זיך איבערגעריסן, צווישן איין רעגן און דעם אנדערן פירציק טעג, בלאָזט מען באַלד (שופר), ווייל דאָס איז א פלאָג פון א טרוקן הונגער יאָר. **אויב צווישן ערשטן רעגן** (רביעה ראשונה) **און דעם צווייטן רעגן (רביעה שנייה) דויערט 40 טעג, איז עס א סימן פון א טרוקן יאָר, און עס דראָט די סכנה פון הונגער.**

ב. ירדו, אויב עס איז געפאלן (גענוג) פאר געוויקסן (צמחים, תבואות, גרינסן, גראָזן) אָבער ניט גענוג פאר פרוכטן־ביימער, אָדער עס איז געפאלן רעגן וואָס איז גוט פאר ביימער (זיי זענען געפאלן מיט אַ שטאַרקער קראַפט) אָבער ער טויג ניט פאר געוויקסן (ער מאכט זיי קאַליע), אָדער עס איז געפאלן גענוג רעגן פאר גע־וויקסן און פאר (פרוכטן־) ביימער, אָבער ניט גענוג (אָנצופילן) די גריבער, וואסער־באהעלטערס און הײלן (וואו מען זאמלט וואסער צו האָבן צו טרינקען), דארף מען באַלד בלאָזן (שופר). **אין ארץ ישראל (און אויך אין טייל אַנדערע וואָרעמע מזרח־לענדער) האָט מען אין דער צייט פון רעגן געזאמלט אין גריבער דאָס רעגן־וואסער כדי צו טרינקען דערפון א גאנץ יאָר. דאריבער אפילו עס איז געפאלן גענוג רעגן פאר די תבואות און פרוכטן־ביימער, נאָר וויניק אָנצופילן די גריבער אויף צו האָבן וואסער צו טרינקען, דארף מען באלד מאכן די הארבע תיניתים מיט שופר־בלאָזן.**

ג. וכן, און אזוי איז אויך (דער דין, אין) א שטאָט, אויף וועלכער עס איז ניט געפאלן קיין רעגן, ווי עס איז געשריבן (עמוס ד׳) „און איך וועל געבן רעגן אויף איין שטאָט, און אויף איין (אנדערער) שטאָט וועל איך ניט געבן קיין רעגן, איין שטיקל

**על עיר אחת ועל עיר אחת לא אמטיר חלקה אחת תמטר" וגומר, אותה העיר מתענה ומתרעת, וכל סביבותיה מתענות ולא מתריעות. ר' עקיבא אומר, מתריעות ולא מתענות:**

**ד. וכן עיר שיש בה דבר או מפולת, אותה העיר מתענה ומתרעת, וכל סביבותיה מתענות ולא מתריעות. ר' עקיבא אומר, מתריעות ולא מתענות. איזהו דבר? עיר המוציאה חמש מאות רגלי, ויצאו ממנה שלשה מתים בשלשה ימים זה אחר זה, הרי זה דבר. פחות מכאן, אין זה דבר:**

**ה. על אלו מתריעין בכל מקום: על השדפון, ועל הירקון, ועל הארבה, ועל החסיל, ועל החיה רעה, ועל החרב. מתריעין עליה, מפני שהיא מכה מהלכת:**

---

(פעלד) וועט בארעגנט ווערן און דאָס אנדערע וועט ניט בארעגנט ווערן", דארף די דאָזיקע שטאָט פאסטן און בלאָזן (שופר), און די שטעט אין שכנות פון דער דאָזיקער שטאָט דארפן פאסטן אָבער ניט בלאָז (שופר). **אויך די שכנות־שטעט דארפן פאסטן, ווייל די דאָזיקע שטאָט וועט דאָך מוזן קומען צו זיי קויפן תבואה און עס וועט ביי זיי ווערן א יקרות. מיט „עיר", א „שטאָט", מיינט דאָ א שטאָט מיט פעלדער ארום.** ר' עקיבא זאָגט, אַז זיי (די שכנות־שטעט) דאַרפן בלאָזן שופר אָבער ניט פאסטן. **דער ירושלמי זאָגט, אַז פונקט ווי מען בלאָזט שופר אים ראש השנה און מען פאסט ניט.**

ד. וכן עיר, און אזוי איז אויך (דער דין אז) א שטאָט, אין וועלכער עס איז אויסגעבראָכן א מגיפה אָדער עס זענען איינגעפאלן (געזונטע) מויערן, דארף די דאָזיקע שטאָט פאסטן און בלאָזן (שופר), און די שטעט אין איר שכנות דאַרפן פאסטן אַבער ניט בלאָזן; ר' עקיבא זאָגט, אז זיי (די שכנות־שטעט) דארפן בלאָזן אָבער ניט פאסטן. **דאָ איז דער טעם, פארוואָס די שכנות־שטעט דאַרפן אויך פאסטן צו בלאָזן שופר, ווייל מען דארף מיטפילן דעם צער פון די מענטשן פון דער דאָזיקער שטאָט און בעטן פאר זיי. דער „תוספות יום טוב" זאָגט, אז אויך פריער ביים ניט רעג־נען איז פאראן דער זעלביקער טעם.** איזהו, וואָס הייסט א מגיפה? אויב אין א שטאָט, וועלכע קאָן ארויסגעבן פינף הונדערט פיס־גייער (מענער, א חוץ אלטע לייט און פרויען און קינדער), האָט מען ארויסגעפירט פון איר דריי טויטע מענטשן אין דריי טעג איינעם נאָכן אנדערן, הייסט דאָס א מגיפה; ווינציקער דערפון הייסט ניט קיין מגיפה. **די גמרא זאָגט, אז אויב די דריי מענטשן זענען געשטאָרבן אין איין טאָג אָדער אין 4 טעג, הייסט דאָס ניט קיין מגיפה. דאָס וואָרט „ארויספירן" איז, ווייל דאָס בית הקברות איז געווען הינטער דער שטאָט.**

ה. על אלו, אויף די דאָזיקע (אומגליקן) דארף מען בלאָזן (שופר) אומעטום. **ניט דוקא אין שכנות פון דעם אָרט, וואו זיי זענען געשען, נאָר אויך אין אנדערע, ווייטערע ערטער.** על השדפון, אויף תבואה־זאנגן וועלכע זענען געוואָרן אויסגעקלאפט דורכן ווינד; ועל הירקון, אויף געלבזוכט. **די תבואה איז געוואָרן געל, קאַליע; לויט אַן אנדערן טייטש, אויב מענטשן באקומען געלבזוכט (די געלע זאַך).** על הארבה, אויף דעם היישעריק, און אויף דעם חסיל־היישעריק. **ווען היישעריקן קומען אַן אין א פעלד מאַכן זיי קאַליע די תבואה און די ביימער־פרוכטן.** ועל החיה רעה, און אויף אַ ווילדער חיה, ועל החרב, און אויף דער שווערד. **אויב סאָלדאַטן גייען אדורך כאָטש זיי גייען ניט מלחמה האַלטן קייגן דעם דאָזיקן אָרט.** מתריעין, (אויף די אלע דערמאָנטע זאכן) דארף מען בלאָזן (שופר, אפילו אין ערטער, וועלכער ליגן ווייט פון דעם אָרט וואו זיי האָבן זיך באוויזן), ווייל דאָס איז א וואנדערענדיקע פלאג (מכה מהלכת). **דאָס הייסט, די דאָזיקע אומגליקן קאָנען גיין, וואנדערן, פארשפרייטן זיך ווייטער, ווי דער היישעריק וכדומה, און אויך די קראנקייטן קאָנען זיך פארשפרייטן, און דא־**

ו. מעשה שירדו זקנים מירושלים לעריהם, וגזרו תענית על שנראה כמלא פי תנור שדפון באשקלון; ועוד גזרו תענית על שאכלו זאבים שני תינוקות בעבר הירדן. ר׳ יוסי אומר לא על שאכלו, אלא על שנראו:

ז. על אלו מתריעין בשבת: על עיר שהקיפוה נכרים, או נהר, ועל הספינה המיטרפת בים. ר׳ יוסי אומר, לעזרה, ולא לצעקה. שמעון התימני אומר, אף על הדבר. ולא הודו לו חכמים:

ח. על כל צרה שלא תבא על הצבור מתריעין עליהן, חוץ מרוב גשמים. מעשה שאמרו לו לחוני המעגל: התפלל שירדו גשמים. אמר להם: צאו והכניסו תנורי פסחים בשביל שלא ימוקו. התפלל, ולא ירדו גשמים. מה עשה? עג עוגה ועמד בתוכה, ואמר לפניו: רבונו של עולם,

---

**ריבער דארפן אויך די ווייטע ערטער בלאָזן שופר.**

ו. מעשה, עס אז געווען א מעשה, אז די זקנים (די עלטסטע, תלמידי חכמים) זענען אראָפּגעגאנגען פון ירושלים אין זייערע שטעט, און זיי האָבן גוזר תענית געווען צוליב דעם וואָס עס האָט זיך באוויזן אין דער שטאָט אשקלון „שדפון" (תבואה־זאנגען ארויסגעקלאפּט דורך ווינט) וויפיל עס פארנעמט דאָס מויל (די עפנונג) פון אן אויוון. **די גמרא טייטשט, אז עס איז צעקלאפּט געוואָרן דורך ווינט אזוי פיל תבואה, אז מען האָט געקאָנט דערפון מאַכן א ברויט, וואָס זאָל פול מאַכן דאָס מויל פון אן אויוון. אשקלון איז א שטאָט אין דרום ארץ ישראל ביים מיטלענדישען ים, און ווערט דערמאָנט אין תנ"ך.** ועוד, און נאָך (אן אנדערש מאָל) האָט מען גוזר־תענית־געווען צוליב דעם וואָס וועלף האָבן אויפגעגעסן צוויי קינדער אין עבר הירדן (אין לאַנד פון יענער זייט פון טייך ירדן); ר׳ יוסי זאָגט, אז ניט ווייל זיי האָבן אויפגעגעסן (די קינדער), נאָר ווייל זיי (די וועלף) האָבן זיך באוויזן. **בלויז צוליב דעם וואָס די וועלף זענען אָנגעקומען האָט מען אויסגערופן א תענית.**

ז. על אלו, אויף די דאָזיקע (אומגליק) דארף מען בלאָזן (שופר, אפילו) אים שבת: אויף א שטאָט (מיט יידן), וואָס גויים (גויאישע שונאים) האָבן איר ארומגע־רינגלט (באלאגערט), אָדער אויף א טייך (האָלט ביים פארפלייצן די שטאָט), אָדער אויף אַ שיף וואָס איז סכנה דערטרונקן צו ווערן אין ים (המטורפת); ר׳ יוסי זאָגט, אַז (מען בלאָזט שופר אים שבת צו רופן מענטשן) צו קומען צו הילף (פון דער שטאָט אָדער פון דער שיף), אָבער ניט אלס געבעט (צעקה). **רשי זאָגט, ווייל מיר זענען ניט אזוי זיכער, אז דאָס געבעט וועט העלפן, אז מען זאָל מעגן בלאָזן שופר דערויף אים שבת אלס געבעט.** שמעון התימני זאָגט, אז (מען דארף בלאָזן שופר אפילו אים שבת) **אויך אויף א מגיפה; אָבער די חכמים האָבן ניט מסכים געווען מיט אים. אָבער אין מיטן דער וואָך האַלטן אלע אז מען דארף בלאָזן שופר צוליב א מגיפה, ווי עס ווערט געלערנט פריער אין משנה ד׳.**

ח. על כל צרה, צוליב, יעדער צרה, — הלואי זי זאָל ניט קומען! — פון ציבור דארף מען בלאָזן (שופר), א חוץ צוליב צופיל רעגן (רוב גשמים). **דער אויסדרוק „צרה שלא תבוא" זעצן מיר איבער „הלואי זי זאָל ניט קומען", און די משנה מיינט דאָ, „צוליב יעדער צרה וואָס קומט אויפן ציבור", נאָר עס איז אָנגענומען צו זאָגן „ניט קומען צוליב „אל תפתח פה לשטן", ניט ארויסזאָגן א קללה.** מעשה, עס איז געווען א מעשה, אז מען האָט געזאָגט צו חוני המעגל: „בעט פאר אונז אז עס זאָל גיין רעגן!" **חוני המעגל האָט געלעבט, ווי די משנה דערציילט ווייטער, אין דער צייט פון שמעון בן שטח, דאָס הייסט לערך 150 יאָר פאַרן חורבן פון 2טן בית המקדש, ער איז געווען בארימט אלס א גרויסער בעל מופת, און די גמרא דערציילט וועגן אים דעם סיפור, ווי ער איז געשלאָפן 70 יאָר. חוני המעגל ווערט אויך געבראכט אין ספר יוסיפון לרומיים, ער האָט געוואוינט אין ירושלים. ווען עס איז ניט געגאַנגען קיין רעגן, האָט**

**בניך שמו פניהם עלי שאני כבן בית לפניך, נשבע אני בשמך הגדול שאיני זז מכאן עד שתרחם על בניך. התחילו גשמים מנטפין. אָמר: לא כך שאלתי, אלא גשמי בורות שיחין ומערות. התחילו לירד בזעף. אָמר: לא כך שאלתי, אלא גשמי רצון ברכה ונדבה. ירדו כתיקונן, עד שיצאו ישראל מירושלים להר הבית מפני הגשמים. באו ואָמרו לו: כשם שהתפללת עליהם שירדו, כך התפלל שילכו להן. אָמר להן: צאו וראו, אם נמחית אבן הטועים. שלח לו שמעון בן שטח: אלמלא חוני אתה, גוזרני עליך נידוי, אבל מה אעשה לך, שאתה מתחטא לפני המקום, ועושה לך רצונך כבן שהוא מתחטא על אביו ועושה לו רצונו, ועליך הכתוב אומר** (משלי כ"ג) **"ישמח אביך ואמך ותגל יולדתך":**

---

**מען איום געבעטן, אז ער זאָל מתפלל זיין.** אָמר להם, האָט ער (חוני) געזאָגט צו זיי (צו די ירושלים־מענטשן): "גייט און טראָגט אריין די איוונס אין וועלכע מען בראָט די שעפּסלעך פון קרבן פסח, כדי זיי (די איוונס) זאָל ניט צעגיין (פון דעם רעגן וואָס וועט באלד קומען)". **די איוונס זענען געווען ערדענע, און מען האָט זיי געקאָנט אי־בערטראָגן פון איין אָרט צו אַן אַנדערן אָרט.** התפלל, האָט ער (חוני) מתפלל געווען, און עס איז ניט געגאַנגען קיין רעגן; וואָס האָט ער געטאָן? האָט ער געמאַכט א ראָד ("עג עוגה") ארום דעם אָרט, וואו ער איז געשטאַנען, און ער האָט געזאָגט פאר איום (פאר גאָט): "רבונו של עולם, האר פון דער וועלט, דיינע קינדער האָבן זיך געווענ־דעט צו מיר, ווייל איך בין ביי דיר ווי א בן בית; איך שווער ביי דיין גרויסן נאָמען, אז איך ריר זיך ניט פון דאַנען ביז דו וועסט זיך ניט דערבאַרמען אויף דיינע קינ־דער". האָבן אָנגעהויבן טריפן טראָפּנס רעגן. האָט ער (חוני) געזאָגט: "ניט אזוי (אויף אזעלכע קליינע רעגנס) האָב איך געבעטן, נאָר אויף רעגנס וואָס זאָלן אָנפילן די גריבער און וואַסער־באַהעלטערס און היילן (כדי עס זאָל זיין גענוג צום טרינקען", זע פריער משנה ב'). האָבן זיי (די רעגנס) אָנגעהויבן צו גיין מיט שטורם (בזעף). האָט ער (חוני) געזאָגט: "ניט דאָס האָב איך געבעטן, נאָר רעגנס פון גוטן (געטליכן ווילן), פון ברכה, פון (גוטן) געשאַנק". האָבן זיי (די רעגנס) גענומען גיין, ווי זיי דאַרפן גיין (כתיקונן), ביז די יידן האָבן געמוזט ארויסגיין פון דער (שטאָט) ירושלים ארויף צום הר הבית (דעם באַרג, אויף וועלכן דאָס בית המקדש איז געשטאַנען) צוליב די רעגנס. **דער הר הבית איז א סך העכער פון דער שטאָט ירושלים, און די רעגנס האָבן אזוי פארפלצט די שטאָט, אז די מענטשן האָבן געמוזט זוכן שוץ אויף דעם הר הבית.** באו, זענען זיי (די מענטשן) געקומען און האָבן געזאָגט צו איום (צו חוני): "אזוי ווי דו האָסט מתפלל געווען אויף זיי (אויף די רעגנס) אז זיי זאָלן גיין, אזוי זיי מתפלל אז זיי זאָלן אויפהערן". האָט ער צו זיי געזאָגט: זעט צי עס איז שוין צעווייקט געוואָרן דער שטיין פון די פארלוירענדיקע (אבן הטועים)". **אין ירושלים איז געווען א הויכער שטיין, און אויב איינער האָט געפונען א זאַך, האָט ער זיך געשטעלט אויף דעם שטיין און אויסגערופן, אז ער האָט געפונען א מציאה, און די פארלוירער האָבן געוואוסט, אז ביי דעם שטיין וועלן זיי מעגליך טרעפן זייערע פארלוירענע זאַכן. דעריבער האָט דער שטיין געהייסן "אבן הטועים". דער ר"ן טייטשט, אז חוני האָט זיי געמיינט צו זאָגן, אז אזוי ווי דער שטיין קאָן ניט צעווייקט ווערן אזוי קאָן מען ניט מתפלל זיין אז רעגנס זאָלן אויפהערן צו גיין, מחמת מען איז ניט מתפלל אויף "רוב טובה", אז "צופיל גוטס" זאָל אויפהערן.** שלח, האָט צו איום (צו חוני) געשיקט שמעון בן שטח (די ווערטער): "ווען דו ביזט ניט חוני וואָלט איך אויף דיר גוזר געווען א חרם", (ווייל ער האָט זיך אַזוי אויסגעטענה'ט מיט גאָט: "ניט אַזוי האָב איך געבעטן"), אָבער וואָס קאָן איך דיר טאָן, אז דו פּיעשטשעסט זיך אוים (מתחטא, בענקסט זיך אוים) פאר גאָט, און ער טוט דיין ווילן, ווי א זון וואָס פּיעשטשעט זיך אוים פאר זיין פאָטער און ער (דער פאָטער) טוט זיין ווילן, און אויף דיר זאָגט דער פסוק (משלי כ"ג)

**ט. היו מתענין וירדו להם גשמים קודם הנץ החמה, לא ישלימו; לאחר הנץ החמה ישלימו. ר׳ אליעזר אומר, קודם חצות — לא ישלימו לאחר חצות ישלימו. מעשה שגזרו תענית בלוד, וירדו להם גשמים קודם חצות; אמר להם רבי טרפון: צאו ואכלו ושתו ועשו יום טוב. ויצאו ואכלו ושתו ועשו יום טוב, באו בין הערבים וקראו הלל הגדול:**

## פרק ד.

**א. בשלשה פרקים בשנה כהנים נושאין את כפיהן ארבע פעמים**

---

„ישמח אביך ואמך ותגל יולדתך, זאָל זיך פרייען דיין פאָטער און דיין מוטער און זאָל זיך פרייען די וואָס האָט דיך געבוירן״. די גמרא ברענגט די ברייתא, **אז כאָטש חוני המעגל האָט זיי צוערשט געזאָגט, אַז מען קאָן ניט מתפלל זיין אַז דער רעגן זאָל אויפהערן, פונדעסטוועגן האָט ער זיי געהייסן ברענגען א קרבן, און ער האָט מתפלל געווען און דער רעגן האָט אויפגעהערט. „מתחטא״ הייסט פיעשטשן זיך ווי א קינד וואָס בענקט, און אין בראשית ל״ג „כי הילדים רכים״ זעצט איבער דער תרגום „ארום טלייא מחטיין״, די קינדער זענען צאַרט, צעפיעשטשעט.**

ט. היו, אויב מען האָט אָנגעהויבן פאסטן (צוליב דעם וואָס דער רעגן איז ניט געגאַנגען) און עס איז אַראָפּ אַ רעגן איידער די זון האָט אויפגעשפּראָצט (הנץ החמה, איידער די זון איז שוין געווען אויף די שפּיץ בערג), דאַרף מען ניט פאַרענדיקן (דעם תענית; (אויב דער רעגן איז אראָפּ) נאָכדעם ווי די זון האָט אויפגעשפּראָצט, דאַרף מען פאַרענדיקן (דעם תענית). **ווייל עס הייסט, אז מען האָט שוין מקבל געווען אויף זיך דעם תענית און דער חיוב פון תענית איז שוין ארויף אויף די מענטשן.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויב (דער רעגן איז אראָפּ) פאַר מיטאָג (פאַר האַלבן טאָג) דאַרף מען ניט פאַרענדיקן, אויב נאָך האַלבן טאָג דאַרף מען אים פאַרענדיקן. **ווייל ר׳ אליעזר האַלט, אז אין דער צייט פון האַלבן טאָג איז דער זמן צו עסן, און קוים האָט מען דאַמאָלס ניט געגעסן איז שוין ארויף אויף די מענטשן דער חיוב פון תענית.** מעשה, עס איז גע־ווען א מעשה, אז מען האָט גוזר געווען א תענית אין דער שטאָט לוד (צוליב רעגן), און עס איז אראָפּ א רעגן פאַר האַלבן טאָג (פאַרן מיטאָג); האָט ר׳ טרפון צו זיי (צו די איינוואוינער פון לוד) געזאָגט: „גייט און עסט און טרינקט און מאַכט א יום טוב!״ און זיי זענען געגאַנגען און געגעסן און געטרונקען און געמאַכט יום טוב, און זיי זענען געקומען (אין שול) פאַרנאַכט און געזאָגט דעם גרויסן הלל. **די גמרא זאָגט, אז „הלל הגדול״, „דער גרויסער הלל״ מיינט מען ניט אונזער הלל, נאָר מען מיינט דאָס קאַ־פּיטל תהלים ק״ל „הודו לה׳ כי טוב כי לעולם חסדו״, און דעם דאָזיקן הלל דאַרף מען זאָגן ווען מען איז זאַט און צופרידן.**

## פרק ד.

א. בשלשה, אין דריי צייטן אין יאָר דוכנען די כהנים פיר מאָל אין טאָג, (אין דער שמונה עשרה פון) שחרית, מוסף, מנחה און נעילה; (די דריי צייטן זענען) אין די תעניתים, אין די מעמדות און אים יום כיפור. **דוכנען הייסט אין דער משנה „נשיאת כפיים״, „נושאין את כפיהם״, הייבן די הענט, ווייל די כהנים הייבן די הענט בשעת׳ן דוכנען. אין אונזערע לענדער דוכנט מען נור אים ימים טובים אין דער מוסף־שמונה־עשרה. אָבער אין ארץ ישראל האָט מען געדוכנט יעדן טאָג אין דער שמונה עשרה ווען דער חזן איז צוגעקומען נאָך דער ברכה „הטוב שמך ולך נאה להודות״. שבת אָדער יום טוב אָדער ראש חודש האָט מען געדוכנט סיי ביי דער שחרית שמונה עשרה און סיי ביי מוסף. אָבער ביי מנחה האָט מען ניט געדוכנט, ווייל דער דין איז אז ווען איינער איז שיכור טאָר ער ניט דוכנען, און אזוי ווי מנחה איז געווען נאָכן עסן האָט מען מורא געהאַט טאָמער האָט מען ביים עסן געטרונקען וויין און מען האָט זיך אָנגעשכור׳ט. זאָגט דאָ די משנה אז אין דריי צייטן פון יאָר האָט מען געפלעגט דוכנען אויך ביי מנחה, ווייל מען האָט דאַמאָלס געפאַסט און מען האָט ניט מורא**

**ביום, בשחרית, במוסף, במנחה, ובנעילת שערים; בתעניות ובמעמדות וביום הכפורים:**

ב. **אלו הן מעמדות; לפי שנאמר (במדבר כ״ח) ,,צו את בני ישראל ואמרת אליהם את קרבני לחמי״, וכי היאך קרבנו של אדם קרב והוא אינו עומד על גביו? התקינו נביאים הראשונים עשרים וארבע משמרות. על כל משמר ומשמר היה מעמד בירושלים של כהנים, של לוים, ושל ישראלים. הגיע זמן המשמר לעלות, כהנים ולוים עולים לירושלים, וישראל שבאותו משמר מתכנסין לעריהן וקוראין במעשה בראשית:**

ג. **(ואנשי המעמד היו מתענין ארבעה ימים בשבוע, מיום ב׳ ועד**

---

**געהאַט טאָמער זענען די כהנים שיכור; און דעריבער האָט מען דאַמאָלס טיילמאָל געדוכנט 4 מאָל אין טאָג, דהיינו אים יום כיפור און די מעמדות, ווען עס זענען געווען אין טאָג 4 תפילות, שחרית, מוסף, מנחה און נעילה; ביי תעניתים פון ציבור (ווי צוליב ניט גיין פון רעגן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק א׳ משנה ו׳) האָט מען געדוכנט נור 3 מאָל אין טאָג ביי שחרית, מנחה און נעילה, ווייל מוסף איז אין תעניתים ניט געווען. נעילה האָט מען געדאַווענט אין די אַלע דריי, אין די תעניתים, אין די מעמדות און אים יום כיפור. וועגן מוסף איז פאַראַן א חילוקי דעות, צי אין מעמדות איז געווען די מוסף־תפילה; אָבער פון דער משנה ג׳ ווייטער איז צו זען אַז עס איז יאָ געווען מוסף. וואָס איז ,,מעמדות״, האָבן מיר אביסל שוין דערקלערט פריער פרק ב׳ משנה ז׳, און זאָל דער לערנער דאָרט נאָכקוקן, כדי ער זאָל בעסער פאַרשטיין די ווייטערדיקע משנה, וועלכע דערקלערט דעם ענין מעמדות.**

ב. אלו הן, דאָס זענען מעמדות. ווייל עס ווערט געזאָגט ,במדבר כ״ח) ,,באפעל די קינדער פון ישראל, און זאָלסט זיי זאָגן, מיין קרבן מיין שפייז״ (מען זאָל מקריב זיין יעדן טאָג דעם קרבן תמיד). — אָבער ווי קאָן מען מקריב זיין דעם קרבן פון א מענטש און ער שטייט ניט דאַביי? **די קשיא איז: דער קרבן תמיד ווערט דאָך געברענגט דורך דעם יידישן פאָלק, דאַרפן דאָך שטיין ביים מקריב זיין פאַרשטייער פון יידישן פאָלק?** התקינו, (דעריבער) האָבן די ערשטע נביאים (שמואל און דוד המלך) איינגעפירט פיר און צוואַנציג משמרות (אָפּטיילונגן), אויף יעדן משמר איז געווען א מעמד (א פאַרשטייהערשאַפט) אין ירושלים פון כהנים, פון לויים און פון ישראלים. **דאָס הייסט אַלע יידן אין ארץ־ישראל, סיי די כהנים, סיי די לויים און סיי די ישראלים, זענען געווען איינגעטיילט אין 24 אָפּטיילונגן, און יעדע וואָך האָט די עבודה, דאָס מקריב זיין און אנדערע עבודות אין בית המקדש, געהערט צו איינער פון די אָפּטיילונגן, צו א משמר.** הגיע ווען עס איז אָנגעקומען די צייט (די וואָך) פון א משמר ארויפצוגיין (קיין ירושלים צום בית המקדש) זענען די כהנים און לויים (פון דאָזיקן משמר) אויפגעגאַנגען קיין ירושלים, און די יידן (די ישראל) פון דאָזיקן משמר האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין זייערע שטעט און געליינט (אין דער תורה) די מעשה בראשית (די פרשה פון בראשית). **די ישראלים, די יידן, וואָס האָבן געהערט צום משמר פון דער דאָזיקער וואָך, האָבן געהייסן ,,אנשי מעמד״ און זיי האָבן געהאַט א פאַרשטייהערשאַפט אין ירושלים פון ישראלים, וועלכע זענען געשטאַנען ביים מקריב זיין דעם קרבן תמיד אין די טעג פון דער דאָזיקער וואָך. אָבער אויב זיי אליין, די אנשי מעמד אין די פאַרשידענע ארץ ישראל שטעט, האָבן אין דער דאָזיקער וואָך געפאַסט און זענען זיך צוזאַמענגעקומען יעדן טאָג און געלייענט יעדן טאָג אין דער תורה די ,,מעשה בראשית״, די פרשה אין בראשית וועגן דעם ווי גאָט האָט באַשאַפן (געמאַכט, ,,מעשה״) די וועלט און אַלע זאַכן.**

ג. און די מעמד־מענטשן (די אנשי־מעמד, סיי די מענטשן אין ירושלים און סיי די מענטשן אין אנדערע ערטער אין ארץ ישראל), האָבן געפאַסט פיר טעג אין דער וואָך, פון מאָנטאָג ביז דאָנערשטאָג; און זיי האָבן ניט געפאַסט ערב שבת (פריי־

**יום ה׳. ולא היו מתענין ערב שבת, מפני כבוד השבת, ולא באחד בשבת, כדי שלא יצאו ממנוחה ועונג ליגיעה ותענית וימותו). ביום הראשון: „בראשית״, „ויהי רקיע״. בשני: „יהי רקיע״, „ויקוו המים״. בשלישי: „יקוו המים״, „ויהי מאורות״. ברביעי: „יהי מאורות״, „וישרצו המים״. בחמישי: „ישרצו המים״, „ותוצא הארץ״. בששי: „תוצא הארץ״, „ויכלו השמים״. פרשה גדולה קורין אותה בשנים, והקטנה ביחיד. בשחרית במוסף. ובמנחה נכנסין וקורין על פיהן,**

---

טאָג) צוליב דעם כבוד פון שבת, און אויך (האָבן זיי ניט געפאַסט) אים זונטאָג, כדי זיי זאָלן ניט ארויסגיין פון רוה און תענוג (פון שבת עסן) צו דערמידיגונג און פאַסטן און (דאָס קאָן דערפירן אז זאָלן) שטאַרבן. **אין דער משנה אין ירושלמי איז דאָס דאָזיקע גאַנצע שטיקל משנה ניט פאַראַן.** ביום הראשון, אים ערשטן טאָג (זונטאָג) האָבן זיי געליינט (אין דער תורה פסוקים אין בראשית א׳) „בראשית״ און יהי רקיע. **כדי מען זאָל בעסער פאַרשטיין די דאָזיקע משנה ווילן מיר דאָ געבן א פאָר ווערטער. די תורה איז איינגעטיילט אין פסוקים און אין פרשיות. מיט פרשיות מיינען מיר ניט אונזערע היינטיקע פרשיות ווי „שני״, „שלישי״ און אזוי ווייטער. נאָר אנדערע פרשיות. נאָך יעדער פרשה איז פאַראַן אין דעם חומש א „פ״ אָדער א „ס״ (די „פ״ מאכט „פתוחה״, אן אָפענע פרשה, און די „ס״ מאכט „סתומה״, א פאַרמאַכטע פרשה). ווען מען קוקט אין חומש אין בראשית א׳ זעט מען אז נאָך דעם 5טן פסוק „יום אחד״ איז פאַראַן א „פ״; אויך נאָכן 8טן פסוק „יום שני״ איז פאַראַן א „פ״. זאָגט די משנה אז אין ערשטן טאָג האָבן זיי געליינט די דאָזיקע ערשטע צוויי פרשיות, וועלכע הויבן זיך אָן די ערשטע פרשה מיט „בראשית״, און די צווייטע פרשה מיט** (ויאמר אלהים) „יהי רקיע״. בשני, אין צווייטן טאָג (האָבן זיי געליינט די פרשיות) „יהי רקיע״ און „יקוו המים״. **דאָס הייסט זיי האָבן נאָכאמאָל געליינט די 2טע פרשה „יהי רקיע״ פון נעכטן און האָבן צוגעליינט די 3טע פרשה „יקוו המים״.** בשלישי, אין דריטן טאָג (האָבן זיי געליינט) „יקוו המים״ און „יהי מאורות״; אין פירטן טאָג, — „יהי מאורות״ און „ישרצו המים״; דעם פיפטן טאָג — „ישרצו המים״ און „תוצא הארץ״; דעם זעקסטן טאָג — „תוצא הארץ״ און „ויכלו השמים״. **דער טעם פאַרוואָס זיי האָבן געמוזט איבערליינען איין פרשה פון נעכטן איז ווייל עס דאַרפן ליינען דריי פערזאָן (כהן, לוי און ישראל) און יעדער פון זיי מוז ליינען לפחות 3 פסוקים, צוזאַמען 9 פסוקים, און אין קיין איין פרשה איז ניט פאַראַן קיין 9 פסוקים; און ווייל אין דער מעשה בראשית, אין דעם סיפור פון בריאת העולם** (פון בראשית ביז סוף ויכלו) **איז מער ניט פאַראַן ווי 7 פרשיות איינצוטיילן צום ליינען אין 6 טעג דאַריבער האָט מען געמוזט צונעמען נאָך א פרשה פון נעכטן.** פרשה גדולה, א גרויסע פרשה (וועלכע האָט מער פון 3 פסוקים) האָט מען געליינט מיט צוויי מענטשן, און א קליינע פרשה, (וועלכע האָט נור 3 פסוקים) האָט מען געליינט מיט איין מענטש. **דער טייטש דערפון איז אזוי. למשל די ערשטע פרשה בראשית האָט 5 פסוקים; האָט דער ערשטער, דער כהן, געליינט די ערשטע 3 פסוקים, די פסוקים א׳, און ב׳, און ג׳, און דער צווייטער ליינער, דער לוי, האָט נאָכאמאָל געליינט דעם פסוק ג׳ און ער האָט צוגעליינט פון דער זעלבער פרשה די פסוקים ד׳ און ה׳, צוזאַמען 3 פסוקים. דער דריטער ליינער, דער ישראל, האָט געליינט די 2טע פרשה „יקוו המים״, וועלכע האָט נור 3 פסוקים. און אזוי האָט מען געטאָן כסדר.** משחרית ובמוסף, מען האָט געליינט (צוויי מאָל): ביי שחרית און ביי מוסף. **די מפרשים קלערן (אויפן יסוד פון דער גמרא) וואָסער מוסף האָט געקאָנט זיין ביי מעמדות. טייל טייטשן, אַז דאָס מיינט מען אין אַ טאָג ווען עס איז געווען מוסף, ווי למשל ראש חודש, און אז דאָס האָט מען געטאָן נור אין אנדערע שטעט און ניט אין ירושלים, ווי מען וועט לערנען ווייטער אין משנה ג׳.** ובמנחה, און ביי מנחה (דאוו־

**כקורין את שמע. ערב שבת במנחה לא היו נכנסין, מפני כבוד השבת:**

**ד. כל יום שיש בו הלל, אין בו מעמד בשחרית; קרבן מוסף—אין בו בנעילה; קרבן עצים — אין בו במנחה, דברי ר׳ עקיבא. אָמר לו בן עזאי: כך היה רבי יהושע שונה, קרבן מוסף — אין בו במנחה, קרבן עצים — אין בו בנעילה. חזר רבי עקיבא להיות שונה כבן עזאי:**

**ה. זמן עצי כהנים והעם תשעה: באחד בניסן בני ארח בן יהודה. בעשרים בתמוז בני דוד בן יהודה. בחמשה באב בני פרעוש בן יהודה.**

---

נען) זענען זיי אריינגעקומען (אין שול) און מען האָט געליינט (די זעלביקע פרשיות פון מעשה בראשית אויף אויסנווייניק (על פיהן, אויסנווייניק, ניט האָבנדיק פאַר זיך די ספר תורה), אַזוי ווי מען ליינט קריאת שמע. געוויינטליך האָט מען פסוקים פון דער תורה ניט געטאָרט ליינען אויסנווייניק („דברים שבכתב אי אתה רשאי לאומרם בעל פה״); זאָגט דאָ די משנה, אַז דאָ איז געווען אַן אויסנאַם, אַזוי ווי עס איז אַן אויסנאַם ביי קריאת שמע, וואָס כאָטש זי איז דאָך פרשיות פון דער תורה ליינט מען זי אויך אויסנווייניק. דער טעם איז ווייל זיי זענען געווען מיעד פון א גאַנצן טאָג תענית, האָט מען זיי ניט מטריח געווען צו נעמען די ספר תורה. ערב שבת, אים ערב שבת (פרייטאָג) זענען זיי ניט אריינגעקומען (אין שול) צו מנחה צוליב דעם כבוד פון שבת. מחמת זיי זענען געווען פאַרנומען צוצוגרייטן די נויטיקע זאַכן אויף שבת, און מען האָט דאַריבער פרייטאָג צו מנחה ניט געליינט.

ד. כל יום, יעדער טאָג, אין וועלכן עס איז פאַראַן (מען זאָגט) הלל, איז ניט פאַראַן קיין מעמד ביי שחרית. דער ברטנורא זאָגט אַז די דאָזיקע גאַנצע משנה גייט אַרויף אויף די מעמד־מענטשן אין ירושלים, וועלכע האָבן אויך זיך געדאַרפן צוזאַ־מענקומען צו ליינען אין דער תורה. זאָגט די משנה, אַז אין טאָג ווען מען האָט גע־זאָגט הלל (למשל חנוכה) זענען די מעמד־מענטשן זיך ניט צונויפגעקומען צו שחרית צום ליינען די תורה. קרבן מוסף, (אין א טאָג, ווען מען האָט געדאַרפן מקריב זיין אין בית המקדש דעם) קרבן מוסף, איז ניט געווען (קיין מעמד, מען איז זיך ניט צו־זאַמענגעקומען ליינען) צו נעילה; קרבן עצים (אין א טאָג ווען מען האָט געדאַרפן ברענגען אין בית המקדש האָלץ פאַר דעם מזבח אַלס קרבן), איז ניט געווען קיין מעמד (איז מען זיך ניט צוזאַמענגעקומען ליינען) ביי מנחה, אַזוי זאָגט ר׳ עקיבא. האָבן בן עזאי צו אים (צו ר׳ עקיבא) געזאָגט, אַז ר׳ יהושע האָט אַזוי געלערנט: אין טאָג פון קרבן מוסף איז ניט פאַראַן קיין מעמד (ליינט מען ניט) ביי מנחה, און אין טאָג פון האָלץ־קרבן איז ניט פאַראַן קיין מעמד (מען ליינט ניט) ביי נעילה, האָט ר׳ עקיבא צוריקגענומען לערנען אַזוי ווי בן עזאי (האָט אים געזאָגט אין נאָמען פון ר׳ יהושע). וועגן „קרבן עצים״, דעם „האָלץ־קרבן״, וועלן מיר געבן ווייטער אין משנה ה׳. רשי זאָגט אַז דער טעם פאַרוואָס מען האָט אין די דאָזיקע טעג אָפּגע־שטעלט טייל ליינען איז, ווייל די כהנים זענען געווען אין ירושלים פאַרנומען מיט מקריב זיין דעם קרבן, און די ישראלים האָבן געדאַרפן העלפן זיי, ווי שעפן וואַסער וכדומה.

ה. זמן עצי כהנים והעם תשעה, די צייט פאַר כהנים און פאַר דעם פאָלק (צו ברענגען אַלס קרבן אין בית המקדש) האָלץ איז ניין (טעג אין יאָר). דער מזבח האָט געדאַרפן האָבן א סך האָלץ, און די ברייתא אין דער גמרא דערציילט, אַז ווען די יידן זענען צוריקגעקומען פון גלות בבל, האָבן זיי ניט געפינען אין דער „לשכת העצים״, אין דער האָלץ־קאַמער פון בית המקדש, קיין האָלץ, און די יידן האָבן גע־געבן א נדבה, זייער אייגן האָלץ. די נביאים, וואָס זענען געווען מיט זיי, האָבן דאַ־מאָלס איינגעפירט, אַז אפילו ווען עס איז פאַראַן גענוג האָלץ אין דער „לשכת העצים״, זאָל מען 9 טעג אין יאָר ברענגען האָלץ און מען האָט עס גערופן „קרבן עצים״, דער האָלץ קרבן (נחמיה י׳). מען האָט צווישן זיך צעטיילט, וואָסערע פאַמי־

**בשבעה בו בני יונדב בן רכב. בעשרה בו בני סנאה בן בנימין. בחמשה עשר בו בני זתוא בן יהודה, ועמהם כהנים ולוים, וכל מי שטעה בש־בטו, ובני גונבי עלי בני קוצעי קציעות. בעשרים בו בני פחת מואב בן יהודה. בעשרים באלול בני עדין בן יהודה, באחד בטבת שבו בני פרעוש שניה. באחד בטבת לא היה בו מעמד, שהיה בו הלל וקרבן מוסף וקרבן עצים:**

---

ליעס זאָלן ברענגען האָלץ אין יעדן פון די 9 טעג. און די משנה רעכנט זיי דאָ אויס:
באחד בניסן, אין ערשטן טאָג (ראש חודש) ניסן (האָבן געבראַכט האָלץ) די פאַמי־
ליע ארח בן יהודה. „בני", „די זין", מיינט דאָ די פאַמיליע, די וועלכע האָבן אָפּ־
געשטאַמט פון ארח בן יהודה. בעשרים, דעם צוואַנציקסטן טאָג אין תמוז (האָבן
געבראַכט האָלץ) די פאַמיליע דוד בן יהודה; דעם פיפטן טאָג איז אָב — די פאַמי־
ליע פרעוש בן יהודה; דעם זיבטן טאָג (אין אב) — די פאַמיליע יונדב בן רכב; דעם
צענטן טאָג (אין אב) — די פאַמיליע סנאה בן בנימין; דעם פופצנטן טאָג (אין אב)
— די פאַמיליע זתוא בן יהודה און צוזאַמען מיט זיי די כהנים און די לויים און יע־
דער וואָס האָט ניט געקענט זיין שבט, און די פאַמיליע גונבי עלי און קוצעי קציעות.
דער 15טער טאָג אין אב, המשה עשר באב, איז געווען דער אלגעמיינער טאָג פאַר
ברענגען דעם האָלץ־קרבן. די נעמען „בן יהודה", דער זון פון יהודה" און „בן
בנימין", „דער זון פון בנימין", מיינען, מענטשן וואָס געהערן צום שבט יהודה, אָדער
צום שבט בנימין, ווייל נור די דאָזיקע צוויי שבטים, און כהנים און לויים זענען צו־
ריקגעקומען נאָכן גלות בבל קיין ארץ ישראל. וועגן „גונבי עלי" און „קוצעי קצי־
עות" דערציילט די גמרא אז עס איז געווען א צייט ווען א פרעמדע רעגירונג, וואָס
האָט געהערשט איבער די יידן אין ארץ ישראל האָט גוזר געווען א גזירה אז מען
טאָרניט ברענגען ביכורים (די ערשטע פרוכטן, זע די הקדמה צו מסכתא ביכורים)
אין בית המקדש, און האָבן אוועקגעשטעלט וואַכן אויף די וועגן צו היטן. פרומע יידן
האָבן זיך אַ עצה געגעבן און גענומען קוישן פרוכטן און זיי באַדעקט מיט טרוקענע
פייגן (קציעות) און מיט גענומען אַ גרויסן הילצערנעם שטויסער, מיט וועלכן מען
שטויסט די פייגן צו מאַכן פון זיי קנוילן, און אויפן וועג האָבן זיי געזאָגט צו די וואַכן,
אז דאָס גייען זיי צונויפשטויסן די פייגן, און די וואַכן האָבן זיי אדורכגעלאָזט און זיי
זענען געקומען אין בית המקדש מיט די ביכורים. די זעלבע פרומע יידן, — ווען די
פרעמדע רעגירונג האָט גוזר געווען, אז מען זאָל ניט ברענגען דעם האָלץ־קרבן, —
האָבן געמאַכט לייטערס פון האָלץ און געזאָגט די וואַכן אויף די וועגן, אז דאָס
גייען זיי אראָפּנעמען טויבן פון די טויבן־שלאַקן. — און זיי האָבן געבראַכט די היל־
צערנער לייטערס אין בית המקדש. מען האָט זיי דעריבער גערופן „גונבי עלי" (זיי
גנבענען דעם שטויסער), „קוצעי קציעות" (זיי שטויסן צונויף טרוקענע פייגן), און
די ברייתא זאָגט אז מען האָט זיי אויך גערופן „סלמאים נתוצתים" (די לייטערס אָנ־
צינדער", „סולם" איז דער טייטש א לייטער, און „יצת" אָנצינדן). בעשרים, אין
צוואַנציקסטן טאָג (אין אב, האָבן געבראַכט דעם האָלץ־קרבן) די פאַמיליע פחת מואב
בן יהודה; דעם צוואַנציקסטן טאָג אין אלול — די פאַמיליע עדין בן יהודה, דעם
ערשטן טאָג אין טבת האָבן די פאַמיליע פרעוש ווידער געבראַכט (דעם האָלץ קרבן)
א צווייט מאָל. דאָס ערשטע מאָל האָבן זיי געבראַכט ווי די משנה האָט פריער גע־
זאָגט, דעם 5טן טאָג אין אב. באחד בטבת, דעם ערשטן טאָג אין טבת איז ניט געווען
קיין מעמד (די מעמד־מענטשן זענען אינגאַנצן ניט צונויפגעקומען ליינען), ווייל ער
האָט געהאַט הלל (צוליב חנוכה) און דעם קרבן מוסף (צוליב ראש חודש) און דעם
האָלץ־קרבן. דער הלל האָט צוגענומען דאָס ליינען ביי שחרית, דער קרבן מוסף האָט
צוגענומען דאָס ליינען ביי מוסף און מנחה (אזוי ווערט געלערנט, אז אויך ביי מוסף
האָט מען ניט געליינט דאמאָלס), און דער האָלץ־קרבן האָט צוגענומען דאָס ליינען

**ו. חמשה דברים אירעו את אבותינו בשבעה עשר בתמוז, וחמשה בתשעה באב. בשבעה עשר בתמוז נשברו הלוחות, ובטל התמיד, והובקעה העיר, ושרף אפוסטמוס את התורה, והעמד צלם בהיכל. בתשעה באב נגזר על אבותינו שלא יכנסו לארץ, וחרב הבית בראשונה, ובשניה, ונלכדה ביתר, ונחרשה העיר. משנכנס אב ממעטין בשמחה:**

---

ביי נעילה, ווי די משנה האָט געלערנט פריער אין משנה ד׳. **הלל האָט מען געזאָגט חנוכה, אָבער צוליב ראש חודש האָט מען קיין הלל ניט געזאָגט (און דאריבער זאָגט מען ראש חודש נור האַלב הלל). דאָס איז דער טעם, וואָס די משנה זאָגט נור וועגן ראש חודש טבת און ניט וועגן ראש חודש ניסן, כאָטש ער האָט אויך געהאַט דעם קרבן מוסף און דעם האַלץ קרבן, אָבער קיין הלל האָט ער ניט געהאַט.**

ו. חמשה דברים, פינף (אומגליקליכע זאכן האָט געטראָפן אונזערע עלטערן אים שבעה עשר בתמוז (דעם זיבצנטן טאָג אין תמוז), און פינף (אומגליקליכע זאכן) אים תשעה באב (דעם ניינטן טאָג אין אב). **נאָכדעם ווי די משנה האָט געלערנט די דינים וועגן די תעניתים צוליב מאנגל אין רעגן, גיט זי איצט דאָ וועגן די צוויי תעניתים שבעה עשר בתמוז און תשעה באב.** בשבעה עשר בתמוז, דעם זיבצנטן טאָג אין תמוז זענען צעבראָכן געוואָרן די לוחות, און מען האָט אויפגעהערט מקריב צו זיין דעם קרבן תמיד, און ס׳איז איינגעבראָכן געוואָרן די שטאָט (ירושלים), און אפוסטומוס האָט פארברענט די תורה, און מען האָט אריינגעשטעלט אן אָפּגאָט (צלם) אין היכל (אין דער בית המקדש-געביידע). **צעבראָכן געוואָרן די לוחות איז געווען דורך משה רבנו נאָכדעם ווי די יידן אין דער מדבר האָבן געמאַכט דעם גאָלדענעם קאַלב (עגל הזהב), ווי עס ווערט דערציילט אין שמות ל״ג. דאָס איז פאָרגעקומען אין 17טן טאָג אין תמוז, ווייל משה רבנו איז נאָכן געבן די תורה דעם 6טן טאָג אין סיון ארויפגעגאנגען און האָט זיך געזוימט 40 טעג, און ממילא איז ער אראָפּגעקומען דעם 17טן טאָג אין תמוז (23 טעג פון סיון און 17 טעג פון תמוז איז צוזאַמען 40 טעג). — דאָס אויפהערן מקריב צו זיין אין בית המקדש דעם קרבן תמיד זאָל האָבן פאָרגעקומען ווען ירושלים איז געווען באלאגערט דורך שונאים.** דאָס „אויפברעכן פון ירושלים״ (הובקעה העיר), **דאָס אריינרייסן זיך פון די שונאים אין ירושלים, איז פאָרגעקומען ביים חורבן פון 2טן בית המקדש דורך די רוימער, אזוי זאָגט די גמרא; ווארום בעת דעם חורבן פון 1טן בית המקדש זענען די שונאים אריין קיין ירושלים דעם 9טן טאָג אין תמוז (מלכים ב׳ כ״ה, ג׳ און ד׳ בתשעה לחודש — ותבקע העיר). ווער עס איז געווען דער אפוסטומוס, וועלכער האָט פארברענט די ספר תורה, ווייסט מען ניט, און עס איז א קבלה, אז עס איז פאָרגעקומען אזא פאַל. וועגן דעם „אָפּגאָט אין היכל״ איז איין דעה, אז עס איז פאָרגעקומען דורך מנשה מלך יהודה (מלכים ב׳ כ״א), און אן אנדערע דעה איז אז עס איז פאָרגעקומען דורך א גריכישן שר אין דער צייט פון בית שני, און דאָס זאָל האָבן געווען דערזעלבער אפוסטומוס. דאָס זענען די 5 זאַכן וואָס זענען פאָרגעקומען אים שבעה עשר בתמוז.** בתשעה באב, אין תשעה באב איז נגזר געוואָרן אויף אונזערע עלטערן (אין דער מדבר, נאָכן זינדיקן מיט די מרגלים) אז זיי זאָלן ניט אריינקומען אין לאנד (קיין ארץ ישראל), און עס איז חרוב געוואָרן דאָס בית (המקדש) צום ערשטן מאָל דורך נבוכדנאצר (מלכים ב׳ כ״ה) און דאָס צווייטע מאָל (דאָס צווייטע בית המקדש איז חרוב געוואָרן אים תשעה באב דורך די רוימער), און עס איז איינגענומען געוואָרן (די פעסטונג) ביתר, און עס איז צעאַקערט געוואָרן די שטאָט (ירושלים). **דער חורבן פון ביתר איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון דער מלחמה פון בר כוכבא (בן כוזיבא) קעגן די רוימער, 52 יאָר נאָכן חורבן פון 2טן בית המקדש.** ביתר (א שטאָט ניט ווייט פון ירושלים) **איז געווען די הויפּט-פעסטונג פון בר כוכבא, און ווען זי איז געפאַלן זענען אומגעקומען הונדערטער טויזנטער יידן. אויך דאָס איז געשען אין תשעה באב. מיט „נחרשה**

ז. שבת שחל תשעה באב להיות בתוכה, אסור מלספר ומלכבס. ובחמישי מותרין מפני כבוד השבת. ערב תשעה באב לא יאכל אדם שני תבשילין, לא יאכל בשר, ולא ישתה יין. רבן שמעון בן גמליאל אומר, ישנה. ר׳ יהודה מחייב בכפיית המטה; ולא הודו לו חכמים:

ח. אמר רבן שמעון בן גמליאל, לא היו ימים טובים לישראל, כחמשה עשר באב וכיום הכפורים, שבהן בנות ירושלים יוצאות בכלי לבן שאולין, שלא לבייש את מי שאין לו, כל הכלים טעונין טבילה, ובנות ירושלים יוצאות וחולות בכרמים, ומה היו אומרות? בחור, שא נא עיניך, וראה מה אתה בורר לך, אל תתן עיניך בנוי, תן עיניך במשפחה, (משלי ל״א) „שקר החן והבל היופי אשה יראת ה׳ היא תתהלל״. ואומר, „תנו לה מפרי ידיה ויהללוה בשערים מעשיה״. וכן הוא אומר,

---

העיר״, „צעאקערט געוואָרן די שטאָט״ מיינט מען, אז די שונאים האָבן נאָכן חרוב מאכן ירושלים צעאקערט איר ערד. (ירמיה כ״ו ציון שדה תחרש). משנכנס, ווען עס קומט אָן (דער חודש) אָב (פון ראש חודש אב אָן) פארקלענערט מען דאָס פרייען זיך. פון ראש חודש אב אָן ביז איבער תשעה באב, די ניין טעג, דארף מען נוהג זיין א געוויסן טרויער.

ז. שבת, די וואָך, אין וועלכער עס פאלט אויס תשעה באב, טאָר מען זיך ניט שערן און נישט וואשן (וועש), און אים דאָנערשטאָג מעג מען צוליב דעם כבוד פון שבת. „שבת״ איז אויך דער טייטש „וואך״, און דאָ מיינט מען די וואך אין וועלכער עס פאלט אויס תשעה באב טאָר מען זיך ניט שערן און ניט וואשן די וועש ביז איבער תשעה באב. אָבער אויב תשעה באב פאלט אויס פרייטאָג (כאָטש היינט קאָן תשעה באב ניט אויספאלן אים פרייטאָג, נאָר אין די צייטן פון דער משנה האָט עס יאָ געקאָנט) מעג מען אים דאָנערשטאָג יאָ אָפשערן זיך און וואשן די וועש צוליב דעם כבוד פון שבת. ערב תשעה באב, אין ערב תשעה באב טאָר א מענטש ניט עסן קיין צווי געקעכצן (צווי געקאָכטע זאכן, וואָס רויערהייט קאָן מען זיי ניט עסן), ניט עסן, קיין פלייש און ניט טרינקן קיין וויין. רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז מען דארף (נור) ענדערן (דעם געוויינטליכן שטייגער פון עסן). אויב, למשל, איינער טרינקט יעדן טאָג 2 גלעזער וויין זאָל ער אים ערב תשעה באב טרינקען ניט מער ווי איין גלאָז. ר׳ יהודה איז מחייב איינצולעגן דאָס בעט, אָבער די חכמים האָבן ניט מסכים געווען מיט אים (מיט ר׳ יהודה). איבערדרייען, איינלייגן דאָס בעט איז געווען א סימן פון אבילות פון טרויער, צו ווייזן אז מען שלאָפט אויף דער ערד.

ח. אָמר, רבן שמעון בן גמליאל האָט געזאָגט, אז עס זענען ניט געווען אזעלכע ימים טובים ביי יידן ווי דעם פופצנטן טאָג אין אב (חמשה עשר באב) און יום כיפור, ווארום אין זיי זענען די טעכטער פון ירושלים ארויסגעגאנגען (אָנגעטאָן) אין ווייסע קליידער, געבאָרגטע, כדי ניט צו פארשעמען די וועלכע האָבן ניט, — אלע קליידער האָט מען געדאַרפן טובל זיין (טאָמער זענען זיי טמא), — און די טעכטער פון ירושלים זענען ארויסגעגאנגען (אין די גערטנער) און געטאנצט אין די גערטנער. וועגן חמשה עשר באב ברענגט די גמרא עטליכע טעמים, פארוואָס עס איז געווען א יום טוב, ווי אז עס האָבן אויפגעהערט צו שטארבן די יידן אין מדבר (די מתי מדבר), אז מען האָט אין דעם טאָג געבראַכט צו קבורה די אומגעקומענע יידן פון ביתר און נאָך אנדערע. ומה, און וואָס האָבן זיי (די ירושלים־טעכטער) געזאָגט? „בחור, הויב אויף דיינע אויגן און זע וועמען (וועלכעס מיידל) דו קלייבסט דיר אויס (פאַר א פרוי), קוק ניט אויף שענקייט, קוק אויף דער משפחה!״; שקר החן והבל היופי, פאלש איז חן און נארישקייט איז שיינקייט, אשה יראת ה׳ היא תתהלל, א גאָטספאָרכטיקע פרוי זי דארף ווערן געלויבט (פסוק אין משלי ל״א), און עס זאָגט אויך (דער פסוק דאָרט משלי ל״א) „גיט איר פון די פרוכטן פון אירע הענט און

**(שיר השירים ג׳) „צאינה וראינה בנות ציון במלך שלמה בעטרה שעטרה לו אמו ביום חתונתו וביום שמחת לבו״. ביום חתונתו — זו מתן תורה, וביום שמחת לבו — זה בנין בית המקדש, שיבנה במהרה בימינו אמן:**

(סליק מסכת תענית)

# מסכת מגילה

## פרק א.

**א. מגילה נקראת באחד עשר, בשנים עשר, בשלשה עשר, באר־**

---

לויבט אין די טויערען אירע מעשים״; און אזוי זאָגט אויך (דער פסוק שיר השירים ג׳, י״א) „גייט ארויס און זעט, טעכטער פון ציון, דעם מלך שלמה, די קרוין וואָס עס האָט אים באקרוינט זיין מוטער אין טאָג פון זיין חתונה און פון דער שמחה פון זיין הארץ״; מיט „אין טאָג פון זיין חתונה״ (ביום חתונתו) מיינט מען (דעם טאָג) פון מתן תורה (ווען מען האָט געגעבן די יידן די תורה), און מיט „דעם טאָג פון דער שמחה פון זיין הארץ״ (ביום שמחת לבו) מיינט מען דאָס אויפבויען דעם בית המקדש, וועלכער זאָל אויפגעבויט ווערן איינגיכן אין אונזערע טעג, אמן. **די גמרא זאָגט אזביידע, דער טאָג ווען מען האָט געגעבן די צווייטע לוחות (מתן תורה), און דאָס בויען דאָס בית המקדש אין דער צייט פון שלמה המלך איז פאָרגעקומען אים יום כיפור. די משנה האָט פאַרענדיקט די מסכתא תענית מיט טרייסט־ווערטער, אז דאָס בית המקדש זאָל איינגיכן אין אונזערע טעג געבויט ווערן אמן.**

(סליק מסכת תענית, — געענדיקט מסכתא תענית).

# מסכת מגילה

## הקדמה

**די מסכתא מגילה, וועלכע האָט 4 פרקים, לערנט קודם כל די דינים וועגן פורים, און דער עיקר וועגן ליינען די מגילה, דאָס תנך־ספר „אסתר״. פורים איז דעם 14טן טאָג אין אָדר, און דאמאָלס ליינט מען די מגילה 2 מאָל, איינמאָל ביינאכט און איינ־מאָל אין דער פרי. אָבער אין די שטעט, וועגן וועלכע מען ווייסט אז זיי זענען געווען ארומגערינגלט מיט א מויער (ערים המוקפות חומה) אין דער צייט פון יהושע בן נון, ליינט מען די מגילה אים שושן־פורים, דעם 15טן טאָג אין אָדר. אין די צייטן פון דער משנה איז געווען איינגעפירט, אז די יידן אין דערפער, וועלכע פלעגן קומען 2 מאָל אין דער וואָך איין שטאָט אריין, מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, ווען זיי האָבן געבראכט זייערע סחורות (תבואה, פרוכטן, גריינס, מילך) צום פארקויפן און זיי האָבן געהערט אין שטאָט ליינען די ספר תורה, זאָלן מעגן הערן די מגילה ליינען מאָנטאָג אָדער דאָנערשטאָג פאר פורים. אויב פורים איז געפאלן ניט מאָנטאָג און ניט דאָנערשטאָג. — די מסכתא מגילה לערנט אויך טייל אנדערע דינים און דער עיקר וועגן ליינען די ספר תורה בכלל אים שבת, ראש חודש, ימים טובים, און וועגן דער הייליקייט פון בית המדרש, שול, ארון קודש, ספר תורה און אנדערע הייליקע חפצים. אין משניות פון דער גמרא איז דער סדר פון די פרקים אביסל אנדערש, און דער פרק הקורא, וועלכער איז דאָ אין משניות פרק ד׳ איז אין דער גמרא פרק ג׳, און דער פרק „בני העיר״ איז פרק ד׳.**

## פרק א.

א. מגילה, די מגילה ווערט געליינט (טיילמאָל) דעם עלפטן (טאָג אין חודש אָדר), אין צוועלפטן, אין דרייצנטן, אין פירצנטן און אין פופצנטן, ניט ווינציקער און ניט מער (ניט פריער און ניט שפעטער). **למשל דעם 16־טן אדר טאָר מען שוין די מגילה ניט ליינען, און אויך דעם 10טן אָדר ליינט מען ניט די מגילה. די משנה**

**בעה עשר, בחמשה עשר; לא פחות ולא יותר. כרכין המוקפין חומה מימות יהושע בן נון קורין בחמשה עשר, כפרים ועיירות גדולות קורין בארבעה עשר, אלא שהכפרים מקדימין ליום הכניסה:**

**ב. כיצד? חל להיות יום ארבעה עשר בשני, כפרים ועיירות גדולות קורין בו ביום, ומוקפות חומה למחר. חל להיות בשלישי או ברביעי — כפרים מקדימין ליום הכניסה, ועיירות גדולות קורין בו ביום, ומוקפות חומה למחר. חל להיות בחמישי — כפרים ועיירות גדולות קורין בו ביום, ומוקפות חומה למחר. חל להיות ערב שבת —**

---

וועט ווייטער דערקלערן, ווי אזוי עס קומט אויס, **אז מען זאָל דעם 11טן אָדר, דעם 12טן אָדר, דעם 13טן טאָג אין חודש אָדר לייענען די מגילה, און צווערשט גיט די משנה דעם דאָזיקן כלל וועגן מגילה־לייענען:** כרכים, שטעט וועלכע זענען געוועזן ארומגע־רינגלט מיט א מויער אין דער צייט פון יהושע בן נון (ווען יידן האָבן איינגענומען ארץ ישראל) לייענען (די מגילה) דעם פופצנטן (טאָג אין חודש אָדר), די דערפער און די גרויסע שטעט לייענען (די מגילה) דעם פערצנטן (טאָג אין חודש אדר), נאָר די דערפער לייענען (טיילמאָל) פריער, אין טאָג פון פאַרזאמלונג. **„יום הכניסה", „דער טאָג פון פאַרזאמלונג" הייסן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, ווען די דאָרפישע יידן קומען אין שטאָט אריין מיט זייערע סחורות און הערן לייענען די ספר תורות. אין די דאָ־זיקע טעג איז אויך געזעסן דאָס בית דין און געפּסקנט שאלות און דין תורות** (זע מסכתא כתובות פרק א' משנה א'). **זאָגט די משנה, אז אויב פורים פאַלט אויס אין א מאָנטאָג אָדער אין א דאָנערשטאָג לייענען אויך די דאָרפישע יידן די מגילה אים פורים, אים 14טן טאָג אין אדר, נאָר אויב פורים פאַלט אויס אין אן אנדערן טאָג, לייענען די דאָרפישע יידן אין דעם מאָנטאָג אָדער דאָנערשטאָג פאַר פורים. דער טעם איז, כדי מען זאָל זיי ניט מטריח זיין נאָכאַמאָל צו מוזן קומען אים פורים אין שטאָט אריין הערן די מגילה לייענען** (און די דאָרפישע יידן האָבן מייסטנס ניט געקאָנט ליי־נען) **און זיי זאָלן קומען דעם מאָנטאָג אָדער דאָנערשטאָג פריער צו ברענגען די שפּייז־זאכן פאַר די יידן אין די שטעט צו מאכן די פורים־סעודה.**

ב. כיצד? ווי אזוי? **ווי אזוי קומט אויס, אז מען זאָל טיילמאָל לייענען די מגילה דעם 11טן אָדער דעם 12טן אָדער דעם 13טן טאָג אין חודש אדר?** חל, אויב דער פער־צענטער טאָג (אין אדר, פורים) איז אויסגעפאַלן אין מאָנטאָג, לייענען די דערפער און די גרויסע שטעט אין זעלבן טאָג, און די (שטעט) וואָס זענען ארומגערינגלט מיט א מויער, לייענען צומאָרגנס (דעם פופצענטן); אויב ער (דער פערצנטער טאָג) איז אויסגעפאַלן אין די דינסטאָג אָדער אין א מיטוואָך, לייענען די דערפער פריער, אין פאַרזאמלונגס־טאָג (מאָנטאָג), און די גרויסע שטעט לייענען אין זעלביקן טאָג (אים פורים, דעם פערצנטן) און די שטעט וואָס זענען ארומגערינגלט מיט א מויער ליי־נען צומאָרגנס (דעם פופצענטן אָדר, שושן פורים). **דאָ איז שוין דער פאַל, ווען מען לייענט דעם 12טן אָדער דעם 13טן. אָדר, דהיינו, אויב דער 14טער אָדר איז דינסטאָג, לייענען די דאָרפישע יידן מאָנטאָג דעם 13טן, און אויב דער פערצנטער אָדר איז מיטוואָך לייענען די דאָרפישע יידן מאָנטאָג דעם 12טן אָדר.** חל להיות בחמישי, אויב ער (דער פערצנטער טאָג אין אָדר) איז אויסגעפאַלן אין א דאָנערשטאָג, לייענען די דערפער און די גרויסע שטעט אין זעלביקן טאָג, און די שטעט וואָס זענען ארומגע־רינגלט מיט א מויער (לייענען) צומאָרגנס (דעם פופצנטן אָדר, שושן פורים). **מחמת ווען פורים איז דאָנערשטאָג (אָדער מאָנטאָג) לייענען אויך די דאָרפישע יידן די מגילה אים פורים.** חל להיות ערב שבת, אויב ער (דער פערצנטער טאָג אין אָדר, פורים) איז אויסגעפאַלן ערב שבת (פרייטאָג) לייענען די דערפער פריער, אין פאַר־זאמלונגס־טאָג (דאָנערשטאָג), און די גרויסע שטעט און די שטעט וואָס זענען ארומגערינגלט מיט א מויער לייענען אין זעלביקן טאָג (דעם פערצנטן אָדר, פורים).

**כפרים מקדימין ליום הכניסה, ועיירות גדולות ומוקפות חומה קורין בו ביום. חל להיות בשבת — כפרים ועיירות גדולות מקדימין וקורין ליום הכניסה, ומוקפות חומה למחר. חל להיות אחר השבת כפרים מק־דימין ליום הכניסה, ועיירות גדולות קורין בו ביום, ומוקפות חומה למחר:**

**ג. איזו היא עיר גדולה? כל שיש בה עשרה בטלנים; פחות מכאן, הרי זה כפר. באלו אמרו מקדימין ולא מאחרין. אבל זמן עצי כהנים,**

---

דאָ לערנט די משנה א נייעס דין, אז די מגילה טאָר מען ניט ליינען אים שבת, און דער טעם איז, ווייל טאָמער וועט מען ניט וויסן ווי צו ליינען און מען וועט טראָגן די מגילה שבת אין גאס צו איינעם וועלכער קען ליינען, און טראָגן די מגילה אים שבת אין גאס (אין א רשות הרבים) טאָר מען ניט. **דעריבער מוזן אויך די שטעט, וועלכע זענען ארומגערינגלט מיט א מויער, ליינען אין איצטיקן פאל די מגילה דעם 14טן אָדר, און ניט צומאָרגנס אים שושן פורים (דעם 15טן), ווייל דער 15טער אָדר איז דאָך אויסגעפאלן אים שבת.** חל להיות בשבת, אויב ער (דער פערצנטער טאָג אין אָדר) איז אויסגעפאלן אים שבת, ליינען די דערפער און די גרעסערע שטעט פריער, אין דעם פארזאמלונגס־טאָג (דאָנערשטאָג) און די שטעט וואָס זענען ארומ־גערינגעלט מיט א מויער ליינען צומאָרגנס (זונטאָג, שושן פורים). **אויך דאָ קאָנען די גרויסע שטעט ניט ליינען דעם 14טן אָדר, אים פורים, ווייל עס איז שבת. באמת האָבן זיי געקאָנט ליינען פריער אים פרייטאָג, נאָר ווייל זיי ליינען סיי ווי ניט אין דער צייט און ווייל די דאָרפישע יידן ליינען דאָנערשטאָג, האָט מען איינגעפירט אז אויך די גרויסע שטעט זאָלן ליינען דאָנערשטאָג.** חל להיות אחר השבת, אויב ער (דער פערצנטער טאָג אין אָדר, פורים) איז אויסגעפאלן נאָך שבת (אים זונטאָג), ליינען די דערפער פריער אין פארזאמלונגס־טאָג (דאָנערשטאָג), און די גרויסע שטעט ליינען אין זעלביקן טאָג (זונטאָג) און די שטעט וואָס זענען ארומגערינגלט מיט א מויער, ליינען צומאָרגנס (מאָנטאָג, שושן פורים). **דאָס איז דער איינציקער פאל, ווען מען ליינט די מגילה דעם 11טן טאָג אין אָדר, ווארום אויב דער 14טער טאָג אין אָדר איז זונטאָג ליינען דאָך די דאָרפישע יידן אים דאָנערשטאָג פאר פורים, און דאָנערשטאָג איז דעמאָלס דער 11טער טאָג אין אָדר.**

ג. איזו הוא, וואָס הייסט א גרויסע שטאָט? יעדע (שטאָט) אין וועלכער עס זענען פאראן צען בטלנים; אויב (עס איז פאראן) ווינציקער דערפון, איז עס א דאָרף. **און זי מעג ליינען די מגילה פריער, אין מאָנטאָג אָדער דאָנערשטאָג. „בטלנים" פון וואָרט „בטל", ליידיג־גייען, מיינט מענטשן, וועלכע האָבן צייט; די שטאָט האלט זיי אויס מיט פרנסה, כדי זיי זאָלן קאָנען זיין ביים דאווענען אין שול.** באלו, ביי די דאָזיקע (ביי די צייטן פון מגילה ליינען) האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט, אז מען גייט צוריק (מען ליינט די מגילה פאר דער צייט, פאר פורים) און מען לייגט ניט אָפּ אויף שפעטער (נאָך פורים). **אויב פורים פאלט אים שבת ליינט מען די מגילה אים דאָנער־שטאָג פריער און ניט צומאָרגנס זונטאָג.** אבל, אָבער די צייט פון ברענגן האָלץ פאר די כהנים (אין בית המקדש, דעם האָלץ־קרבן), און תשעה באב, און (מקריב זיין דעם קרבן שלמים פון) חגיגה, און דאָס איינזאמלען (הקהל) לייגט מען אָפּ אויף שפע־טער (אויב דער טאָג פאלט אויס אים שבת מאכט מען עס זונטאָג) און מען מאכט עס ניט פריער (מען ציט עס ניט צוריק אויף פרייטאָג צי דאָנערשטאָג). **וועגן האָלץ־קרבן זע אין מסכתא תענית פרק ד' משנה ה', אז געוויסע טעג אין יאָר האָבן יידי־שע פאמיליעס געבראכט אין בית המקדש האָלץ אלס קרבן. אויב דער טאָג איז אויסגעפאלן אים שבת, האָבן זיי געבראכט צומאָרגנס זונטאָג. תשעה באב, אויב ער פאלט אויס אים שבת, פאסט מען צומאָרגנס, זונטאָג. אויב יום טוב (פסח, שבו־עות, סוכות) פאלט אויס אים שבת און יעדער ייד דארף דאָך אים יום טוב ברענגען**

**ותשעה באב, חגיגה, והקהל, מאחרין ולא מקדימין. אף על פי שאמרו מקדימין ולא מאחרין, מותרין בהספד ובתענית ומתנות לאביונים. אָמר ר׳ יהודה אימתי? מקום שנכנסין בשני ובחמישי, אבל מקום שאין נכנסין לא בשני ולא בחמישי, אין קורין אותה אלא בזמנה:**

**ד. קראו את המגילה באדר הראשון, ונתעברה השנה, קורין אותה באדר שני. אין בין אדר הראשון לאדר השני, אלא קריאת המגילה ומתנות לאביונים:**

---

א קרבן שלמים אין בית המקדש אלס חגיגה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא חגיגה), ברענגט ער עס צומאָרגנס, זונטאָג. וועגן „הקהל״, פאַרזאַמלונג, ווערט געלערנט אין חומש דברים ל״א און אין מסכתא סוטה פרק ז׳ משנה ח׳, אז צומאָרגנס פון ערשטן טאָג יום טוב סוכות דעם 8־טן יאָר (דעם יאָר נאָך שמיטה) האָט מען צו־נויפגעזאַמלט די יידן אין בית המקדש און דער יידישער מלך האָט געליינט פאַר דער פאַרזאַמלונג געוויסע פרשיות פון חומש. אויב דער טאָג איז אויסגעפאַלן אים שבת, האָט מען עס געמאַכט צומאָרגנס זונטאָג. אף על פי, כאָטש מען האָט געזאָגט (וועגן מגילה ליינען) אז (מען ליינט טיילמאָל די מגילה) פריער (פאַר פורים, דעם עלפטן, צוועלפטן און דרייצנטן אָדר) און ניט דערנאָך (נאָך פורים), זענען (אָבער) זיי (די דאָזיקע טעג, דער עלפטער און צוועלפטער און דרייצנטער אָדר) מותר צו מאַכן אין זיי הספדים און צו פאַסטן, אָבער (מען קאָן מקיים זיין דאַמאָלס די מצוה צו געבן) מתנות צו אָרימע לייט. אים פורים טאָר מען ניט מאַכן קיין הספדים און ניט פאַסטן, און עס איז א מצוה צו געבן אים פורים מתנות צו אָרימע לייט (אסתר ט׳, כ״ב). אָבער די דאָזיקע פריערדיקע טעג, כאָטש מען האָט געליינט אין זיי די מגילה, האָבן ניט דעם דין פון פורים און מען מעג אין זיי מאַכן הספדים און פאַסטן, אָבער מען קאָן אין זיי מקיים זיין די מצוה פון געבן מתנות לאביונים (מתנות פאַר אָרימע לייט). אָמר ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? ווען איז דער דין, אז די דאָרפישע יידן ליינען די מגילה מאָנטאָג אָדער דאָנערשטאָג פאַר פורים? מקום, אין אן אָרט, וואו מען פאַרזאַמלט זיך (מען קומט פון די דערפער אין שטאָט אריין) אין מאָנטאָג און אין דאָנערשטאָג; אָבער אין אן אָרט, וואו מען פאַרזאַמלט זיך ניט (מען קומט ניט אין שטאָט אריין) ניט אין מאָנטאָג און ניט אין דאָנערשטאָג, ליינט מען איר (די מגילה) נאָר אין איר צייט. אין אַזעלכע ערטער מוזן אויך די דאָרפישע יידן ליינען די מגילה נור אים פורים, דעם 14טן טאָג אין אָדר.

ד. קראו, אויב מען האָט געליינט די מגילה (דעם פערצענטן טאָג) אין אָדר ראשון (ערשטן אָדר) און דאָס יאָר איז געוואָרן א עיבור־יאָר (עס איז צוגעקומען נאָך א חודש, דער צווייטער אָדר, דער ואדר), דאַרף מען ליינען די מגילה (נאָכא־מאָל) אין אָדר שני (דעם פערצענטן טאָג אין צווייטן אָדר). ווען עס איז א עיבור־יאָר און עס זענען פאַראַן אן ערשטער אָדר און א צווייטער אָדר, איז פורים אין צווייטן אָדר. זאָגט די משנה, אז אפילו ווען מען האָט געליינט די מגילה אין חודש אָדר איז נאָך דאָס יאָר ניט געהאַט דערקלערט געוואָרן אלס א עיבור יאָר, נאָר ערשט דערנאָך האָט מען צוגעגעבן א צווייטן אָדר דאַרף מען נאָכאמאָל ליינען די מגילה אים פורים פון צווייטן אָדר. אין בין, עס איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן (דעם פערצנטן און פופצנטן טאָג פון) ערשטן אָדר און (דעם פערצנטן און פופצנטן טאָג פון) צווייטן אָדר, נאָר דאָס ליינען די מגילה און די מצוה צו) געבן מתנות צו צו אָרימע לייט. אָבער מאַכן הספדים און פאַסטן טאָר מען ניט אויך אין 14טן און 15טן פון 1טן אָדר; דאַקייגן ליינען די מגילה און געבן מתנות אָרימע לייט געהערט צום פורים פון צווייטן אָדר.

**ה. אין בין יום טוב לשבת. אלא אוכל נפש בלבד. אין בין שבת ליום הכפורים, אלא שזה זדונו בידי אדם, וזה זדונו בכרת:**

**ו. אין בין המודר הנאה מחבירו למודר ממנו מאכל, אלא דריסת הרגל, וכלים שאין עושין בהן אוכל נפש. אין בין נדרים לנדבות, אלא שהנדרים חייב באחריותן, ונדבות אינו חייב באחריותן:**

**ז. אין בין זב הרואה שתי ראיות לרואה שלש, אלא קרבן. אין בין**

---

ה. אין בין, עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן שבת און יום טוב (וועגן פאַרבאָט צו טאָן א מלאכה) נאָר (די מלאכות וואָס זענען) צוצוגרייטן עסנווארג פאַר מענטשן אליין. אים יום טוב מעג מען קאָכן און באַקן, און אים שבת טאָר מען ניט. **זע אין אונזער פירוש צו דער דאָזיקער משנה אין מסכתא ביצה פרק ה' משנה ב'.** אין בין שבת, עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן שבת און יום כיפור, נאָר וואָס דער (שבת) ווערט (די שטראָף) פאַר (טאָן א מלאכה) במזיד געגעבן דורך מענטשן, און דער (יום כיפור) ווערט (די שטראָף) פאַר (טאָן א מלאכה) במזיד גע־געבן דורכן הימל. **אז איינער טוט אים שבת א מלאכה במזיד קומט אים טויט שטראָף (מחלליה מות יומת, שמות ל"א) דורך דעם בית דין. אָבער אז איינער טוט א מלאכה (אָדער עסט אים יום כיפור) במזיד קומט אים נור כרת, דאָס הייסט, דער הימל באשטראָפט אים (ויקרא כ"ג, פסוקים כ"ח און כ"ט). — די משנה לערנט דאָ די דאָזיקע הלכות פון „אין בין", „עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד", צוליב דעם ערשטן „אין בין" וועגן מגילה לייגען פריער אין משנה ד'.**

ו. אין בין המודר, עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן איינעם וואָס טוט א נדר ניט הנאה צו האָבן פון זיין פריינט און איינעם וואָס טוט א נדר ניט צו עסן פון זיין פריינט, נאָר דאָס אריינגיין (צום פריינד אין הויז צי הויף) און (דאָס באָרגן ביי אים) כלים מיט וועלכע מען מאכט ניט קיין עסנווארג פאַר מענטשן. **אויב איינער טוט א נדר ניט צו עסן פון זיין פריינד טאָר ער ניט נעמען ביי אים אפילו געלט צי אנדערע זאכן, ניט עסנווארג, מחמת ער קאָן דאָך די זאכן פאַרקויפן און פאַר דעם געלט קויפן עסנווארג. און עס הייסט דאריבער ווי ער האָט געגעסן פון זיין פריינט. פרטים וועגן פשט פון דער דאָזיקער משנה זע אין אונזער פירוש צו מסכתא נדרים פרק ד' משנה א'.** אין בין נדרים, עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן (טאָן א נדר צו ברענגען א קרבן פון) נדרים און (טאָן א נדר צו ברענגען א קרבן פון) נדבות, נאָר וואָס פאַר די קרבנות) נדרים איז דער מענטש פאַראַנטוואָרטליך, און פאַר די (קרבנות) נדבות איז ער ניט פאַראַנטוואָרטליך. **א „קרבן נדר" הייסט ווען א מענטש זאָגט: „איך נעם אויף זיך צו ברענגען א קרבן" („הרי עלי"); און א קרבן נדבה הייסט, ווען א מענטש זאָגט: „די דאָזיקע בהמה איז א קרבן" („הרי זו"). זאָגט די משנה אז אויב ער האָט געטאָן א נדר צו ברענגען א קרבן (קרבן נדר) און ער האָט דערנאָך אָפּגעשיידט א בהמה כדי מקיים צו זיין דעם נדר, און די בהמה איז גע־פגרט, איז ער פאַראַנטוואָרטליך, און ער דאַרף אפשיידן אן אנדערע בהמה. אָבער אויב ער האָט מנדב געווען א „קרבן נדבה", ער האָט געזאָגט, אז „די דאָזיקע בהמה זאָל זיין א קרבן", און די בהמה איז דערנאָך געפּגרט, דאַרף ער קיין אנדערע בהמה ניט ברענגען, ער איז ניט פאַראַנטוואָרטליך. אָבער בנוגע „בל תאחר", ניט אָפּלייגן נאָר ברענגען דעם קרבן איידער עס גייען אריבער 3 ימים טובים, איז מען אויף זיי ביידע גלייך עובר אויף בל תאחר (זע אין מסכתא ראש השנה פרק א' משנה א' אין פירוש).**

ז. אין בין זב, עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן א זב, וואָס זעט צוויי זעאונגען און (א זב) וואָס זעט דריי זעאונגען, נאָר (וועגן ברענגען א) קרבן. **א זב הייסט איינער פון וועמען עס רינט אן אומריינע פליסיקייט. אויב ער זעט (עס רינט פון אים) די פליסיקייט צוויי מאָל (אין פאַרלויף פון העכסטנס 2 טעג נאָכאַנאַנד) הייסט ער**

**מצורע מוסגר למצורע מוחלט, אלא פריעה ופרימה. אין בין טהור מתוך הסגר לטהור מתוך החלט, אלא תגלחת וצפרים:**

**ח. אין בין ספרים לתפילין ומזוזות, אלא שהספרים נכתבין בכל לשון, ותפילין ומזוזות אינן נכתבות אלא אשורית. ר׳ שמעון בן גמליאל אומר, אף בספרים לא התירו שיכתבו אלא יונית:**

**ט. אין בין כהן משוח בשמן המשחה למרובה בגדים, אלא פר**

---

א זב וואָס האָט געזען צוויי זעאונגן, און אויב ער זעט דריי מאָל (אין פארלויף פון **העכסטנס 3 טעג) הייסט ער א זב וואָס האָט געזען דריי זעאונגן (שלש ראיות). ביידע זענען טמא 7 טעג, נאָר דער זב מיט די דריי זעאונגן דארף נאָך די 7 טעג ברענגען א קרבן. זע אין דער הקדמה צו מסכתא זבים.** אין בין מצורע, עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן א מצורע וועלכער איז פארשלאָסן און א מצורע וועלכער איז דערקלערט ,אלס טמא), נאָר לאָזן זיך וואקסן די האָר און צערייסן זיך די קליידער. **די תורה ויקרא יג זאָגט, אז אויב ביי א מענטש האָט זיך באוויזן א צרעת (קרעציקייט) הייסט ער א מצורע און דער כהן זאָל אים פארשליסן אויף א וואָך און אויב צום סוף וואָך האָט דער כהן געזען אז די קרעציקייט איז געוואָרן גרעסער, דערקלערט דער כהן דעם מצורע אלס טמא. אין פארלויף פון דער וואָך איז דער מצורע אויך טמא, נאָר ער איז דאמאָלס א „מוסגר״ (פארשלאָסן); און ווען ער ווערט נאָך דער וואָך דערקלערט אלס טמא הייסט ער א „מוחלט״, דערקלערט אלס טמא. זאָגט די משנה, אז דער אונטערשיד צווישן זיי איז נור דאָס וואָס דער „מוחלט״, דער וועלכער איז דערקלערט געוואָרן אלס טמא, דארף זיך לאָזן וואקסן די האָר (פריעה) און צערייסן זיך די קליידער (פרימה).** אין בין טהור, עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן (א מצורע), וועלכער ווערט טהור פון פארשליסן און מצורע) וועלכער ווערט טהור פון דערקלערן (נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן דערקלערט אלס טמא), נאָר אפּ־שערן זיך די האָר און (ברענגען) פייגל. **די תורה זאָגט (ויקרא י״ג און י״ד) אז אויב א מצורע איז געווען פארשלאָסן א וואָך (צי צוויי וואָכן) און די קרעציקייט איז ניט געוואָרן גרעסער, איז ער טהור, ווערט ער אויס מצורע און ער דארף זיך טובל זיין און איז טהור. דאָס הייסט ווערן „טהור מתוך הסגר״, פון פארשלאָסן ווערן. אויב אָבער דער מצורע איז שוין געהאָט דערקלערט געוואָרן אלס טמא נאָר דערנאָך האָט זיך די קרעציקייט אויסגעהיילט, דארף ער זיך אויך טובל זיין און ער ווערט אויך טהור, אָבער ער מוז טאָן דאביי נאָך עטליכע זאכן, דהיינו זיך לאָזן אָפּשערן די האָר ,תגלחת) און ברענגען צוויי פייגל און איין פויגל ווערט אוועקגעשיקט אין פעלד אריין, אויף דער פריי (צפרים).**

ח. אין בין ספרים, עס איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן ספרים (פון תנך, תורה, נביאים, כתובים) און תפילין און מזוזות, נאָר וואָס ספרים (פון תנך) קאָנען געשריבן ווערן אין יעדער שפראך (ניט דוקא אין לשון קודש) און תפילין און מזו־זות ווערן געשריבן נור אשורית. **מיט „אשורית״ מיינט מען אונזער הייַנטיקן אלף בית, כדי אים אונטערצושיידן פון אן אלטן העברעאישן אלף־בית, וואָס עזרא הסופר האָט אָפּגעשאפט און איינגעפירט דעם היינטיקן אלף בית. סיי ווי, די משנה לערנט, אז תפילין און מזוזות מעג מען שרייבן נור אין לשון קודש און נור מיט דעם היינ־טיקן העברעאישן אלף בית.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אויך ספרים (פון תנך) האָט מ׳ניט מתיר געמאַכט צו שרייבן (אין אנדערע שפראכן) סיידן אין גריכיש (יונית). **די גמרא זאָגט דעם טעם פון רבן שמעון בן גמליאל, אז דאָס איז פון פסוק (בראשית ט׳) יפת אלהים ליפת וישכון באהלי שם, אז די שיינקייט פון יפת (די יונים, די גריכן שטאַמען אָפּ פון יפת) זאָל ריען אין די געצעלטן פון שם (דאָס הייסט פון די יידן, די אָפּשטאַמענדע פון שם בן נח).**

ט. אין בין כהן, עס איז ניט קיין אונטערשיד צווישן א כהן (גדול) וועלכער

**הבא על כל המצות. אין בין כהן משמש לכהן שעבר, אלא פר יום הכפורים ועשירית האיפה:**

**י. אין בין במה גדולה לבמה קטנה, אלא פסחים. זה הכלל, כל שהוא נידר ונידב, קרב בבמה, וכל שאינו לא נידר ולא נידב, אינו קרב בבמה:**

איז געזאלבט געווארן מיט דעם זאלבונגס־אייל (שמן המשחה) און דעם כהן (גדול) וועלכער (טוט די עבודה אין בית המקדש) אין א סך קליידער (אין אכט קליידער), נאר דער אקס (קרבן) וואס ווערט געבראכט (ווען דער כהן גדול האט געפסקנט עובר צו זיין) אויף אלע געבאטן (פון א כרת־איסור). אין ערשטן בית המקדש האט מען דעם גרעסטן טייל כהנים גדולים געזאלבט מיט זאלבונגס־אייל; אין 2טן בית המקדש איז דער זאלבונגס־אייל (וואס האט געשטאמט פון משה רבנו'ס צייט) ניט געווען, און א געוויינטליכער כהן איז געווארן א כהן גדול ווען ער האט אנגעטאן די 8 קליידער צו דער עבודה (מרובה בגדים). זע וועגן דעם אין מסכתא יומא פרק ז' משנה ה'. דער דין איז, אז אויב א געזאלבטער כהן גדול האט זיך טועה געווען און האט געפסקנט וועגן א איסור, פאר וועלכן עס קומט כרת (למשל עסן אים יום כיפור, צי חמץ אין פסח) אז מען מעג עס טאן און ער האט אליין דאס געטאן, דארף ער ברענגען אלס קרבן אן אקס (פר הבא על כל המצות). אבער דער כהן גדול וועלכער איז ניט געזאלבט געווארן נור ער האט אנגעטאן די סך קליידער, דארף ניט ברענגען דעם אקס. אין בין כהן משמש, עס איז נישטא קיין אונטערשיד צווישן דעם כהן (גדול) וועל־כער דינט (אלס כהן גדול) און דעם כהן (גדול) וועלכער איז געווארן אויס כהן גדול (שעבר), נור דער אקס פון יום כיפור און דאס צענטל פון איפה. דער כהן גדול האט יום כיפור אין בית המקדש מקריב געווען זיינס א קרבן אן אקס (פרו של כהן גדול), און יעדן טאג האט ער געבראכט אין בית המקדש מקריב צו זיין א מעל־קרבן א צענטל פון אן איפה (איפה איז דריי סאה, יעדע סאה האט 6 טעפ). זאגט די משנה אז אויב מיט א כהן גדול איז אים יום כיפור געשען עפיס א פסול (ער איז טמא געווארן) און אן אנדערער כהן האט אנשטאט אים געטאן די עבודה אלס כהן גדול אים יום כיפור, און דערנאך איז דער ערשטער צוריק געווארן כהן גדול און דער צווייטער איז געווארן אויס כהן גדול, האט דער צווייטער אין כמעט אלע זאכן דעם דין פון א כהן גדול. למשל ער טארניט חתונה האבן מיט אן אלמנה וכדומה. אבער דעם אקס אים יום כיפור און דאס צענטל איפה יעדן טאג ברענגט דער ערשטער.

י. אין בין במה, עס איז ניט (געווען) קיין אונטערשיד צווישן א גרויסער במה און א קליינער במה, נאר (קרבנות) פסחים. איידער שלמה המלך האט אויפ־געשטעלט דאס בית המקדש האט מען אין ארץ ישראל מקריב געווען קרבנות אויף במות, און יעדער ייד האט זיך געקאנט מאכן ביי זיך אין הויף אזא במה. במה הייסט א קליינער מזבח. אבער עס זענען געווען אין טייל ערטער ניט פריוואטע במות, נאר אלגעמיינע, צענטראלע במות, למשל אין דער שטאט נוב, אין דער שטאט גבעון, וואוהין א סך יידן זענען געקומען מקריב זיין. דאס האט געהייסן א במה גדולה, א גרויסע במה. זאגט די משנה אז די פריוואטע, קליינע במה (במה קטנה) און די צענט־ראלע גרויסע במה, זענען געווען גלייך, און מען האט אויף ביידע געקאנט מקריב זיין דיזעלביקע קרבנות. אן אויסנאם איז געווען דער קרבן פסח, וואס מען האט מקריב געווען ערב פסח. דאס האט מען מקריב געווען נור אויף דער גרויסער במה. זה הכלל, — דאס איז דער כלל, אז אזעלכע (קרבנות) וואס מען קאן מנדר־זיין אדער מנדב־זיין האט מען געמעגט מקריב זיין אויף א במה, און די (קרבנות) וועלכע מען קאן ניט מנדר אדער מנדב זיין האט מען ניט מקריב געווען אויף דער במה. רשי זאגט, אז דא מיינט מען די קליינע במה. וועגן קרבנות נדרים און נדבות זע פריער משנה ו'. קרבנות,

**יא. אין בין שילא לירושלים, אלא שבשילה, אוכלים קדשים קלים ומעשר שני בכל הרואה, ובירושלים לפנים מן החומה. וכאן וכאן קדשי קדשים נאכלים לפנים מן הקלעים. קדושת שילה יש אחריה היתר; וקדושת ירושלים אין אחריה היתר:**

## פרק ב.

**א. הקורא את המגילה למפרע, לא יצא. קראה על פה, קראה תרגום, בכל לשון, לא יצא. אבל קורין אותה ללועזות בלעז. והלועז ששמע אשורית, יצא:**

---

**וועלכע מען האָט געמוזט ברענגען (קרבן חטאת וכדומה) האָט מען ניט געקאָנט מנדר און מנדב זיין פרייוויליק.**

יא. אין בין שילה, עס איז ניט (געווען) קיין אונטערשיד צווישן (דעם משכן אין) שילה און (דעם בית המקדש אין) ירושלים, נאָר וואָס אין שילה האָט מען גע־געסן לייכטע קרבנות (קדשים קלים, ווי שלמים) און מעשר שני (דעם צווייטן מעשר) אומעטום וואו מען האָט געזען (בכל הרואה, אין דער גאַנצער אומגעגנט, פון וואַנען מען האָט געקאָנט זען שילה) און ירושלים האָט מען געגעסן (קדשים קלים און מעשר שני) אינווייניק פון דער (שטאָט־) מויער, (דאָס הייסט נור אין דער שטאָט ירושלים אליין. **דער משכן אין שילה איז געווען ביז דער צייט פון עלי הכהן** (שמואל א׳ א־ד). **וועגן מעשר שני זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעשר שני.** וכאן וכאן, און סיי דאָ (אין משכן פון שילה) און סיי דאָ (אין בית המקדש אין ירושלים) האָט מען גע־געסן די הייליקסטע קרבנות (קדשי קדשים, ווי קרבן חטאת) אינווייניק פון די פאָרהאַנגן. **דער משכן אין שילה איז געווען ארום און ארום פארהאַנגען מיט פויר־האַנגן, קלעים. זאָגט די משנה אז קדשי־קדשים האָט מען געמעגט עסן נור אין משכן זעלבסט; אין בית המקדש האָט מען זיי געמעגט עסן נור אין דער עזרה, אין בית המקדש־הויף, וועלכע איז געווען ארומגערינגלט מיט א מויער.** קדושת, די הייליקייט פון (משכן אין) שילה האָט נאָך זיך (נאָכדעם ווי דער משכן פון שילה איז חרוב געוואָרן) געהאַט אַ היתר (אַ דערלויבניש, מען האָט געמעגט דערנאָך מקריב זיין קרבנות אומעטום), אָבער די הייליקייט פון (בית המקדש אין) ירושלים האָט ניט נאָך זיך קיין היתר. **דאָס הייסט, אז אפילו נאָכדעם ווי דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן, טאָר מען מער אין אנדערע ערטער ניט מקריב זיין קרבנות, ווייל די קדושה פון בית המקדש אין ירושלים איז אייך שטענדיק (לעתיד לבוא).**

## פרק ב.

א. הקורא, אז איינער לייענט די מגילה איוף צוריק האָט ער ניט יוצא געווען, **האָט ער ניט מקיים געווען די מצוה פון לייענען. „צוריק" הייסט, למשל, אז ער האָט געלייענט א פריעריקן פסוק שפעטער, און א שפעטערדיקן פסוק פריער.** קראה, אויב ער האָט זי געלייענט אויף אויסנווייניק, (אָדער) ער האָט זי געלייענט אין תרגום (אין אראמעאיש), (אָדער) אין יעדער אנדערער שפראַך (ניט אין לשון־קודש), האָט ער ניט יוצא געווען; אָבער מען מעג זי לייענען צו מענטשן פון א פרעמדער שפראַך (לועזות) אין זייער שפראַך (בלעז). **די משנה לערנט דאָ, אז איינער וועלכער פאַר־שטייט ניט די שפראַך פון תרגום, פון אראמעאיש, אָדער די אנדערע שפראַכן, און מען האָט פאר אים געלייענט די מגילה אין תרגום אָדער אין די דאָזיקע אנדערע שפראַכן, האָט ער ניט יוצא געווען. אָבער אויב ער פארשטייט יאָ דעם תרגום אָדער די שפראַכן איז ער יאָ יוצא.** דאביי מוז די מגילה, פון וועלכן מען זיין לייענט, זיין געשריבן **אין דער שפראַך אין וועלכער מען לייענט, וואָרום א ניט הייסט עס געלייענט פון אויסנ־ווייניק.** והלועז, און אַ פרעמד־שפראַכיקער (מענטש) וועלכער האָט געהערט (די מגילה לייענען) אין אשורית (אין לשון קודש) האָט יוצא געווען. **דאָס הייסט, אז אין לשון קודש איז יעדער יוצא, אפילו ער פארשטייט ניט. „תרגום" איז דער טייטש**

**ב. קראה סירוגין, ומתנמנם, יצא. היה כותבה, דורשה, ומגיהה, אם כיון לבו, יצא, ואם לאו, לא יצא. היתה כתובה בסם, ובסיקרא, ובקומוס, ובקנקנתום, על הנייר, ועל הדפתרא, לא יצא, עד שתהא כתובה אשורית על הספר ובדיו:**

**ג. בן עיר שהלך לכרך, ובן כרך שהלך לעיר, אם עתיד לחזור למקומו, קורא כמקומו, ואם לאו, קורא עמהן. ומהיכן קורא אדם את המגילה ויוצא בה ידי חובתו? ר' מאיר אומר כולה. ר' יהודה אומר מ„איש יהודי". ר' יוסי אומר מ„אחר הדברים האלה":**

---

**איבערזעצונג. אָבער** ווייל די ערשטע תרגומים פון תנך זענען געווען אין אראמע־איש, מיינט מען מיט תרגום די אראמעאישע שפראך. „לעז" הייסט פרעמדע שפראך (אין תהלים קי"ד „מעם לעז", און דער טייטש זאָל זיין פון א פאָלק וואָס רעדט אין א פרעמדער שפראך). „אשורית" מיינט מען לשון קודש, וואָס איז געשריבן מיט אונזער היינטיקן אלף בית (זע פריער פרק א' משנה ח'). אזוי זאָגט רש"י (גמרא מגילה ח') אז עס מוז זיין געשריבן מיט דעם היינטיקן לשון־קודש־אלף־בית.

ב. קראה סירוגין, אויב איינער האָט זי (די מגילה) געליינט ביסלעכווייז (עט־ליכע שורות, און איבערגעהאקט, און דערנאָך ווידער געליינט עטליכע שורות און ווידער איבערגעהאָקט, און אזוי כסדר) אָדער ער האָט איינגעדרימלט (אין מיטן לייַ־נען, און דערנאָך אויפאכפנדיק זיך האָט ער וויטער געליינט), האָט ער יוצא געווען. **אפילו ער האָט אין צווישן איבערגעהאָקט אזוי לאנג ווי עס דויערט ליינען די גאנצע מגילה האָט ער אויך יוצא געווען.** היה כותבה, אויב איינער האָט (אים פורים) גע־שריבן א מגילה (און דאביי האָט ער געליינט פון א געשריבענער מגילה) אָדער ער האָט די געדרשנט (איינגעטייטשט די מגילה), אָדער ער האָט זי מגיה געווען (דורכ־געקוקט צי זי איז גוט געשריבן און דערווייל זי געליינט), (איז דער דין) אויב ער האָט מכוון געווען זיין הארץ (יוצא צו זיין מיט דעם דאָזיקן ליינען), האָט ער יוצא געווען, און אויב ניט האָט ער ניט יוצא געווען. **ווענן דער שאלה צי מצוות דארפן האָבן כוונה זע ראש השנה פרק ג' משנה ז'.** היתה כתובה, אויב זי (די מגילה) איז געווען געשריבן מיט פארב (סם) אָדער מיט סיקרא (אזא פארב שטאָף) אָדער מיט קומוס (גומי־פארב) אָדער מיט קנקנתום (מיט וויטריאָל), (אָדער זי איז געווען גע־שריבן) אויף פאפיר (נייר), אָדער אויף רויע לעדער, איז מען ניט יוצא (אויב מען ליינט די דאָזיקע מגילה), נאָר זי מוז זיין געשריבן אין לשון־קודש ווי אויף אַ ספר (פּארמעט) און מיט טינט (דיו). **ווענן דיו, סם, סיקרא, קומוס און קנקנתום זע אין מסכתא שבת פרק י"ב משנה ד' אין פירוש. מיט „על הספר" מיינט מען דאָ, „ווי אויף א ספר תורה", און דאָס מיינט, אויף פארמעט. ווענן „אשורית" האָבן מיר גע־געבן פריער פרק א' משנה ח'.**

ג. בן עיר, אויב א מענטש פון א שטאָט (אין וועלכער מען ליינט די מגילה דעם פערצנסטן טאָג אין אדר) איז געקומען אין א מויער־שטאָט (וואָס איז געווען ארומגערינגלט מיט א מויער אין דער צייט פון יהושע בן נון, און מען ליינט דאָרט די מגילה דעם פופצנטן טאָג אין אָדר), אָדער א מענטש פון א מויער־שטאָט איז גע־קומען אין א שטאָט, (איז דער דין) אויב ער וועט צוריקגיין צו זיין אָרט, דארף ער ליינען ווי זיין אָרט, און אויב ניט ליינט ער צוזאמען מיט זיי (מיט די מענטשן אין דער שטאָט, וואו ער געפינט זיך איצט). **אויב דער מויער־שטאָט־מענטש רעכנט צוריקצוגיין אין זיין מויער־שטאָט אין דער נאַכט פון 13טן אויפן 14טן אָדר, דארף ער ליינען די מגילה דעם 15טן אָדר. אויב דער שטאָט־מענטש רעכנט צוריקצוגיין אין זיין שטאָט אין דער נאַכט פון 14טן אויפן 15טן אָדר דארף ער ליינען די מגילה דעם 14טן אָדר.** ומהיכן, און פון וואנען (פון וועלכן פסוק) דארף מען אָנהייבן ליינען די מגילה און מען זאָל יוצא זיין דעם חוב (פון מגילה ליינען)? ר' מאיר זאָגט, אז די

**ד. הכל כשרין לקרות את המגילה, חוץ מחרש שוטה וקטן. ר׳ יהודה מכשיר בקטן. אין קורין את המגילה, ולא מלין, ולא טובלין, ולא מזין, וכן שומרת יום כנגד יום לא תטבול, עד שתנץ החמה. וכולן שעשו משעלה עמוד השחר, כשר:**

**ה. כל היום כשר לקריאת המגילה, ולקריאת ההלל, ולתקיעת שופר, ולנטילת לולב, ולתפלת המוספין, ולוידוי הפרים,**

---

גאנצע (די גאנצע מגילה, פון אָנהויב אָן); ר׳ יהודה זאָגט אז פון „איש יהודי״ אָן (אסתר ב׳ פסוק ה׳); ר׳ יוסי זאָגט, אז פון „אחר הדברים האלה״ (אסתר ג׳, א׳). **די גמרא זאָגט, אז די הלכה איז ווי ר׳ מאיר, און מען דארף ליינען די גאנצע מגילה.**

ד. הכל, אלע זיינען כשר צו ליינען די מגילה, חוץ פון א טויבן, א משוגע און א קליינער יינגל (וועלכער איז נאָכניט אלט 13 יאָר מיט א טאָג). **שוטה מיינט מען א משוגענעם.** ר׳ יהודה איז מכשיר ביי א קליינעם יינגל. **דער טעם איז, ווייל המן האָט דאָך געוואָלט טויטן אויך קליינע קינדער.** אין קורין, מען ליינט ניט די מגילה, און מען טאָרניט מל־זיין, און מען טאָר זיך ניט טובל זיין (ווען איינער האָט אָנגע־רירט א מת און דארף זיך טובל זיין דעם 7טן טאָג) און מען טאָרניט באשפריצן (אזא טמא־מענטש אין דעם 7טן טאָג פון טמא ווערן), מיט אש־וואסער פון דער פרה אדומה), און אויך א פרוי וועלכע איז א שומרת יום כנגד יום (אין איינעם פון די 11טעג נאָך אירע נידה־טעג, אויב זי האָט געזען בלוט און זי דארף זיך טובל זיין) טאָר זי זיך ניט טובל זיין — איידער די זון שפּראָצט אויף (עד שתנץ החמה). **די אלע זאכן וואָס די משנה האָט דאָ אויסגערעכנט דארפן געטאָן ווערן ווען עס איז טאָג. די מגילה ליינען מיינט מען דאָ דאָס 2טע מאָל ליינען די מגילה אין טאָג פון פורים און ניט דאָס ערשטע מאָל אין דערנאַכט פריער** (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מגילה). **וועגן שומרת יום כנגד יום זע אין מסכתא פסחים פרק ח׳ משנה ה׳ אין פירוש, וואו מיר האָבן געגעבן די דערקלערונג וועגן דעם. זאָגט דאָ די משנה אז אויב מען וויל טאָן די דאָזיקע זאכן אין דער פרי זאָל מען וואַרטן ביז די זון שפּראָצט אויף, ווען מען זעט שוין די זון אויפ די שפּיצנבערג.** וכולן, און די אלע דאָזיקע זאכן אויב מען האָט זיי געטאָן ווען דער מאָרגן־זייל איז שוין געהאַט אויפ־געגאנגען האָט מען יוצא געווען. **דער מאָרגן־זייל מיינט דער בלאָער פאַס אויף דער מזרח זייט פון הימל, וואָס באווייזט זיך באלד אין דער פרי. די משנה זאָגט, אז לכתחילה דאַרף מען וואַרטן ביז די זון שפּראָצט־אויף, נאָר בדיעבר איז כשר אויב דער בלאָער פאַס אויף דער מזרח־זייט פון הימל האָט זיך שוין באוויזן.**

ה. כל היום, דער גאנצער טאָג איז כשר צום ליינען די מגילה (אים פורים), צום ליינען הלל (זאָגן הלל אים יום טוב און חנוכה), צו בלאָזן שופר (אים ראש השנה), צום נעמען דעם לולב (בענטשן אתרוג אים סוכות), צו דאווּנען מוסף (שבת און יום טוב און ראש חודש), צו (מקריב זיין אין בית המקדש די קרבנות) מוסף, צום זאָגן וידוי איבער די (קרבנות פון) אָקסן (וואָס עס דארף ברענגן אַ געזאַלבטער כהן גדול אָדער דער ציבור יידן פאר עובר זיין אויף א שווערער עבירה), צום זאָגן וידוי אויף מעשר. (בערתי הקודש מן הבית), צום זאָגן וידוי אים יום כיפור, צום ארויפלייגן די האַנט אויפן קרבן (פארן מקריב זיין אים אין בית המקדש, סמיכה), צום שעכטן (קרבנות אין בית המקדש), צום אויפהייבן (א מעל־קרבן, א מנחה, אין בית המקדש), צום צו־פירן (דעם מעל־קרבן, די מנחה צום מזבח), צום קומץ־זיין (אראָפּנעמען פון דעם קרבן מנחה־מעל א האַנט־פול מעל כדי אים צו פארברענען אויפן מזבח), צום מקטיר־זיין (פארברענען דעם האַנד־פול מעל אויפן מזבח), צום מולק־זיין (אָפּשניידן מיטן שארפן האַנד־נאָגל דעם קאָפּ פון א עוף־קרבן אין בית המקדש), צום בלוט־נעמען (נעמען אין א הייליקער כלי דאָס בלוט פון קרבן נאָכן שעכטן אים אין בית המקדש), און צום שפּריצן (דאָס בלוט פון קרבן אויפן

**ולוידוי המעשר, ולוידוי יום הכחורים, לסמיכה, לשחיטה, לתנופה, להגשה, לקמיצה, ולהקטרה, למליקה, ולקבלה, ולהזייה, ולהשקיית סוטה, ולעריפת העגלה, ולטהרת המצורע:**

**ו. כל הלילה כשר לקצירת העומר, ולהקטר חלבים ואברים. זה הכלל, דבר שמצותו ביום, כשר כל היום, דבר שמצותו בלילה, כשר כל הלילה:**

## פרק ג.

**א. בני העיר שמכרו רחובה של עיר, לוקחין בדמיו בית הכנסת. בית הכנסת — לוקחין תיבה. תיבה — לוקחים מטפחות. מטפחות —**

---

מזבח), צום אַנטרינקן אַ סוטה (אַ פרוי וועלכע איר מאַן איז חושד אַז זי האָט מזנה געווען, און מען טרינקט איר אָן מיט מים המאררים), צום אָפּהאַקן דעם קאָפּ פון קאַלב (עגלה ערופה, אויב מען געפינט אַ געהרגעטען מענטשן), און צום טהור מאַכן אַ מצורע. **יעדע פון דאָזיקן זאַכן דאַרף געטאָן ווערן בייטאָג און די משנה זאָגט, אַז מען קאָן דאָס טאָן אַ גאַנצן טאָג, מיר האָבן ניט געגעבן קיין גענויע דערקלערונג וועגן יעדן פון די זאַכן, וואָס די משנה האָט דאָ דערמאָנט, ווייל מיר וועלן וועגן דעם געבן אין די ערטער פון משניות, וואו די זאַכן ווערן געלערנט. מגילה לייענען, זאָגן הלל, בלאָזן שופר, נעמען לולב, דאַווענען מוסף, מקריב זיין קרבן מוסף, זענען באַקאַנטע זאַכן. וועגן וידוי איבער די אָקסן געבן מיר אין מסכתא הוריות פרק א׳ און ב׳. וועגן וידוי פון מעשרות, געבן מיר אין מסכתא מעשר שני פרק ה׳ משנה ו׳. וידוי פון יום כיפור איז באַקאַנט. וועגן סמיכה און שחיטה און קבלה און שפּריצן בלוט (הזאה, אָדער זריקה) פון בהמות־קרבנות, און מליקה פון עופות־קרבנות געבן מיר אין דער הקדמה צו מסכתא זבחים. וועגן תנופה און הגשה און קמיצה פון מנחה־קרבנות געבן מיר אין דער הקדמה צו מסכתא מנחות. וועגן אַנטרינקן אַ סוטה געבן מיר אין דער הקדמה צו מסכתא סוטה. וועגן דער עגלה ערופה געבן מיר אין מסכתא סוטה פרק ט׳. וועגן טהור־מאַכן אַ מצורע געבן מיר אין דער הקדמה צו מסכתא נגעים.**

ו. כל הלילה, אַ גאַנצע נאַכט איז כשר צום שניידן (גערשטן־זאַנגן) פאַר דעם עומר און צום מקטיר־זיין (פאַרברענען אויפן מזבח אין בית המקדש) די פעט און איברים (פון קרבן תמיד). **דער עומר, דאָס מעסטל גערשטן־מעל פון נייער תבואה האָט מען מקריב געווען אין בית המקדש דעם 16טן טאָג אין ניסן, און די גערשטן־זאַנגן, צו מאַכן פון זיי דאָס מעסטל מעל, האָט מען אָפּגעשניטן אין דער נאַכט דער־פריער. זאָגט די משנה אַז אַ גאַנצע נאַכט איז כשר צום שניידן די זאַנגן. דעם קרבן תמיד, וואָס מען האָט מקריב געווען אין בית המקדש פאַרנאַכט, האָט מען זיינע פעט־טיילן און די פלייש־איברים פאַרברענט אויפן מזבח אַ גאַנצע נאַכט. זע אין מסכתא ברכות פרק א׳ משנה א׳.** זה הכלל, דאָס איז דער כלל, יעדע זאַך, וואָס איר צייט איז ביי טאָג מעג מען (זי טאָן) אַ גאַנצן טאָג; יעדע זאַך, וואָס איר צייט איז ביינאַכט, מעג מען זי טאָן אַ גאַנצע נאַכט. **די משנה אין ברכות פרק א׳ משנה א׳ זאָגט דערויף, אַז די חכמים האָבן איינגעפירט, אַז מען זאָל עס טאָן נור ביז האַלבע נאַכט, און דאָרט ווערט געגעבן דער טעם דערצו.**

## פרק ג.

א. בני העיר, אויב איינוואוינער פון אַ שטאָט האָבן פאַרקויפט דעם מאַרק־פּלאַץ פון דער שטאָט, מעגן זיי קויפן פאַר זיין געלט אַ שול. **די משנה ווערט דאָ לער־נען די דינים, אַז ווען מען פאַרקויפט אַ הייליקע זאַך, וואָס געהערט צום כלל, מעג מען פאַר דעם געלט קויפן אַ זאַך וואָס איז הייליקער פון דער פאַרקויפטער זאַך, אָבער מען טאָר ניט קויפן אַ זאַך, וואָס האָט אַ קלענערע קדושה (איז ווייניקער הייליק) פון דער פאַרקויפטער זאַך. דער מאַרק־פּלאַץ פון דער שטאָט ביי די יידן אין**

**לוקחים ספרים. ספרים — לוקחים תורה. אבל אם מכרו תורה לא יקחו ספרים. ספרים — לא יקחו מטפחות. מטפחות — לא יקחו תבה. תיבה — לא יקחו בית הכנסת. בית הכנסת — לא יקחו את הרחוב. וכן במות־ריהן. אין מוכרין את של רבים ליחיד, מפני שמורידין אותו מקדושתו, דברי ר׳ יהודה. אָמרו לו: אם כן אף לא מעִיר גדולה לעיר קטנה:**

**ב. אין מוכרין בית הכנסת אלא על תנאי, שאם ירצו יחזירוהו, דברי ר׳ מאיר. וחכמים אומרים, מוכרים אותו ממכר עולם, חוץ מאר־בעה דברים, למרחץ, ולבורסקי, ולטבילה, ולבית המים. ר׳ יהודה**

---

**ארץ ישראל האָט געהאַט א געוויסע הייליקייט, ווייל מען האָט דאָרט געדאַוונט אין תעניתים, ווי עס זאָגט די משנה תענית פּרק ב׳ משנה א׳ (מוציאין את התיבה לרחובה של עיר). אָבער א שול, וואו מען דאַוונט שטענדיק איז הייליקער.** בית הכנסת, (אויב מען האָט פאַרקויפט) א שול, מעג מען קויפן (פאַר דעם געלט) א ארון־קודש. **תיבה, א קאַסטן, דער ארון קודש, אין וועלכן עס ליגן די ספר תורות; דאָס איז היי־ליקער פון דער שול.** תיבה, (אויב מען האָט פאַרקויפט) דעם ארון קודש, מעג מען קויפן (פאַר דעם געלט) א מענטעלע, „מטפּחת״, **א מענטעלע, אין וועלכן מען וויקלט איין די ספר תורה.** מטפחת, (אויב מען האָט פאַרקויפט) א מענטעלע, מעג מען קויפן (פאַר דעם געלט) ספרים. **מיט ספרים מיינט מען דאָ נביאים און כתובים.** ספרים, (אויב מען האָט פאַרקויפט) ספרים, מעג מען קויפן (פאַר דעם געלט) אַ ספר תורה, **ווייל די חמשה חומשי תורה זענען הייליקער פון די ספרי נביאים און כתובים.** אבל, אָבער אויב מען פאַרקויפט א ספר תורה זאָל מען ניט קויפן (פאַר דעם געלט) קיין ספרים; און אויב (מען האָט פאַרקויפט) ספרים זאָל מען ניט קויפן קיין מענטעלע; און אויב (מען האָט פאַרקויפט) א מענטעלע זאָל מען ניט קויפן קיין ארון קודש; און (אויב מען האָט פאַר־קויפט) אַן ארון קודש זאָל מען ניט קויפן קיין שול, און (אויב מען האָט פאַרקויפט) א שול זאָל מען ניט קויפן קיין מאַרק־פּלאַץ (פון דער שטאָט). **מחמת דאָס הייסט אַז פאַר געלט, וואָס מען האָט באַקומען פאַר א זאַך מיט א גרעסערער הייליקייט, האָט מען געקויפט א זאַך מיט א קלענערער הייליקייט. די גמרא זאָגט, אַז א שול מעג מען פאַרקויפן נור א דאָרפישע שול, וואָס געהערט נור צו די עטליכע איינוואוינער פון דאָרף, אָבער א שול פון א גרעסערער שטאָט, וואו עס קומען א סך מענטשן דאַוונען, קאָן מען בכלל ניט פאַרקויפן.** וכן, און אזוי איז אויך דער דין מיט דעם רעשט געלט. **אויב למשל מען האָט פאַרקויפט ספרים און מען האָט פאַר אַ טייל פון געלט געקויפט א ספר תורה, טאָר מען ניט פאַר דעם איבערגעבליבענעם געלט קויפן א זאַך וואָס איר קדושה איז קלענער פון דער קדושה פון ספרים.** אין מוכרין, מען טאָרניט א (היי־ליקע זאַך) וואָס געהערט צו א רבים (צום כלל יידן אין אַן אָרט) פאַרקויפן צו אַן איינצלנעם מענטש) (צו א יחיד), ווייל מען פאַרקלענערט זיין הייליקייט, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **למשל א ספר וואָס געהערט צו א שול טאָר מען ניט פאַרקויפן צו א איינ־צלנעם מענטש.** אָמרו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה): אויב אזוי זאָל מען ניט טאָרן (פאַרקויפן) אויך ניט פון א גרעסערער שטאָט אין אַ קלענערער שטאָט! **ווייל אויך דאָ איז דאָך די קדושה קלענער. די חכמים האלטן, אַז מען מעג יאָ.**

ב. אין מוכרין, מען טאָר ניט פאַרקויפן א שול סיידן מיט דעם תנאי, אַז ווען מען וועט וועלן זאָל (דער קויפער) צוריק אָפּגעבן די שול, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **ווייל עס איז א בזיון צו פאַרקויפן א שול אויף שטענדיק, אַז מען זאָל קיינמאָל ניט קאָ־נען זי צוריקנעמען.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אַז מען קאָן די פאַרקויפן אויף שטענ־דיק (ממכַר עולם, א שטענדיקן פאַרקויף) א חוץ (צום נוצן זי) פאַר פיר זאַכן (צו וואָס מען טאָר די שול ניט פאַרקויפן): פאַר א באָד, פאַר א לעדער־גאַרבעריי, פאַר א מקוה (טבילה, זיך טובל זיין) און פאַר א וואַסער־הויז (בית המים). **ווייל די דאָזיקע זאַכן זע־נען זייער ניט ריין, און עס איז א בזיון אַז מען זאָל מאַכן פון א שול אַזעלכע זאַכן.**

אומר, מוכרין אותו לשם חצר, והלוקח מה שירצה יעשה:

ג. ועוד אָמר ר׳ יהודה, בית הכנסת שחרב, אין מספידין בתוכו, ואין מפשילין בתוכו חבלים, ואין פורשין לתוכו מצודות, ואין שוטחין על גגו פירות, ואין עושין אותו קפנדריא, שנאמר (ויקרא כ״ו) „והשי־מותי את מקדשיכם״, קדושתן אף כשהן שוממין. עלו בו עשבים, לא יתלוש, מפני עגמת נפש:

ד. ראש חדש אדר שחל להיות בשבת, קורין בפרשת שקלים. חל להיות בתוך השבת, מקדימין לשעבר. ומפסיקין לשבת אחרת. בשניה

---

„בית המים״, וואסער־הויז, איז איין טייטש אז מען מיינט א וועשעריי, צו וואשן וועש; אן אנדערער פירוש איז אן אָרט משתין צו זיין. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען פארקויפט איר (די שול) פאר א הויף, און וואָס דער קויפער וויל זאָל ער מאכן דערפון. דאָס הייסט, מען דארף ניט זאָגן אז מען פארקויפט צו מאכן דערפון איינע פון די דאָזיקע זאכן; אָבער דער קויפער קאָן טאָן וואָס ער וויל.

ג. ועוד, און נאָך האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אז א שול וואָס איז חרוב געוואָרן (מען האָט אויפגעהערט צו דאווגען אין איר), טאָר מען אין איר ניט האַלטן קיין הספדים, און מען טאָר ניט דרייען אין איר קיין שטריק (דאָס הייסט, ניט טאָן אין איר קיין ארבייט), און מען טאָר ניט אין איר אויסשפרייטן קיין נעצן (צו פאנגן חיות אָדער פייגל), און מען טאָר ניט אויסשפרייטן אויף איר דאך פרוכטן (צום טרוקענען), און מען טאָר ניט מאכן איר פאר א דורכגאנג (אדורכגיין דורך איר כדי זיך צו פארקלענערן דעם וועג), וואָרים עס ווערט געזאָגט (ויקרא כ״ו) „והשימותי את מקדשיכם, און איך וועל וויסט מאכן אייערע הייליקייטן״, זיי (די שולן) זענען הייליק אפילו ווען זיי זענען וויסט. די משנה לערנט, אז מען טאָר ניט טאָן אין דער שול קיינע ארבייטן, און זי דערמאָנט דרייען שטריק, ווייל די שטריק דרייען דארף מען האָבן א גרויס אָרט. „קפנדריא״ איז דאָס לאטיינישע וואָרט „וויא קאָמפענדאריא״, און עס מיינט א פארקלענערטער וועג. עלו בו, אויב עס וואקסן אין איר (אין דער חרוב־געוואָרענער שול) גראָזן, זאָל מען זיי ניט אויסרייסן, צוליב עגמת נפש. כדי מען זאָל זיי, די גראָזן, טאָקע זען און מען זאָל האָבן עגמת נפש, און מען זאָל זיך דערמאָנען אז מען דארף זי צוריק אויפבויען. אָדער מען זאָל מתפלל זיין, אז די שול זאָל צוריק אויפגעבויט ווערן.

ד. ראש חודש, אויב ראש חודש אָדר פאלט־אויס אים שבת, לייענט מען (דעם דאָזיקן שבת) די פרשה „שקלים״. די משנה וועט דאָ לערנען וועגן די 4 פרשיות וואָס מען לייענט אין די שבתים פון ראש חודש אָדר ביז ראש חודש ניסן; שקלים, זכור, פרה, פרשת החודש. די פרשה שקלים איז די פרשה כי תשא (שמות ל׳ י״א). חל להיות, אויב ער (ראש חודש אדר) איז אויסגעפאלן אין מיטן דער וואָך, לייענט מען (די פרשת שקלים) פריער (דעם שבת פאר ראש חודש אדר). דער טעם פארוואָס מען לייענט די פרשת שקלים פאר אָדער אין ראש חודש אָדר, איז ווייל אין דער פרשה ווערט גע־לערנט, אז יעדער ייד דארף געבן דעם מחצית השקל, און די מסכתא שקלים פרק א׳ משנה א׳ זאָגט, אז דאָס האָט מען, אין דער צייט פון בית המקדש, געגעבן אין חודש אָדר (באחד באדר משמיעין על השקלים). ומפסיקין, און (אויב ראש חודש פאלט אויס אין מיטן דער וואָך) איז מען מפסיק דעם קומענדיקן שבת. דאָס הייסט דעם שבת נאָך דעם שבת פון פרשת שקלים לייענט מען ניט קיין פרשה פון די 4 פרשיות, ווייל די פרשת זכור מוז געליינט ווערן שבת פאר פורים. בשניה, דעם צווייטן שבת (דעם שבת דער־נאָך, דאָס הייסט שבת פאר פורים) לייענט מען „זכור״. דאָס איז די פרשה זכור את אשר עשה לך עמלק (דברים כ״ה, י״ז), מען זאָל געדענקען דאָס שלעכטס פון עמלק; מחמת המן האָט אָפגעשטאמט פון אגג (אסתר ד׳ א׳, „האגגי״), און אגג איז געוועזן דער מלך פון עמלק (שמואל א׳, ט״ו). בשלישית, דעם דריטן שבת (שבת נאָך פורים) לייענט מען די פרשה פרה אדומה. דאָס איז די פרשה „זאת חוקת התורה״ (במדבר יט), וואו עס

**— זכור. בשלישית — פרה אדומה. ברביעית — החדש הזה לכם. בחמישית — חוזרין לכסדרן. לכל מפסיקין: בראשי חדשים, בחנוכה, ובפורים, בתעניות, ובמעמדות, וביום הכפורים:**

**ה. בפסח קורין בפרשת מועדות של תורת כהנים. בעצרת — „שבעה שבועות". בראש השנה — „בחדש השביעי באחד לחדש". ביום הכפורים — „אחרי מות". ביום טוב הראשון של חג קורין בפרשת מועדות שבתורת כהנים; ובשאר כל ימות החג — בקרבנות החג:**

---

ווערט געלערנט, אז איינער איז טמא געוואָרן דורך אָנרירן א מת, דארף מען אים באשפריצן מיט וואסער, וואָס איז געמישט מיט אש פון דער פארברענטער רויטער קו (פרה אדומה) כדי ער זאָל ווערן ריין. און ווייל עס דערנענטערט זיך (נאָך פורים) דער יום טוב פסח, ווען די יידן האָבן געדארפן זיין טהור כדי צו קאָנען מקריב זיין דעם קרבן פסח, האָט מען געליינט די פרשה פון פרה אדומה. ברביעית, אין פירטן שבת (שבת פאר ראש חודש ניסן) ליינט מען די פרשה „החודש הזה לכם" (שמות י"ז), אין דער פרשה ווערט געזאָגט אז דאָס איז דער ערשטער חודש און אז מען זאָל מקריב זיין דעם 14טן טאָג אין ניסן דעם קרבן פסח. בחמישית, דעם פיפטן שבת (שבת נאָך ראש חודש ניסן) גייט מען צוריק צו זייער סדר. דאָס הייסט, מען ליינט די ספר תורה, לויט דער סדר פון די פרשיות פון יאָר. דאָס איז איין דעה אין דער גמרא. און אנדערע דעה אין דער גמרא איז, אז מען גייט צוריק צו דעם סדר פון די הפטרות, ווייל אין די דאָזיקע 4 שבתים האָט מען געזאָגט אנדערע הפטרות. לכל מפסיקין, צו אלע (פייערליכע טעג) איז מען מפסיק. ניט „מפסיקין" מיינט מען דאָ „מען רייסט איבער דאָס ליינען די פרשיות פון דער תורה לויטן סדר". געוויינטליך ליינט מען יעדע וואָך א פרשה פון דער תורה לויטן סדר (פון בראשית אָן און אזוי כסדר). אָבער ווען עס קומט אָן א פייערליכער טאָג, ווי יום טוב, און אנדערע אזעלכע פייערליכע טעג, ליינט מען ניט פון דער פרשה פון דער וואָך, נאָר מען ליינט א באזונדערע פרשה, וואָס האָט א שייכות מיטן פייערליכן טאָג. אזוי טייטשט רש"י. אָבער דער ברטנורא טייטשט, אז דאָ מיינט מען וועגן דער הפטרה, אז מען זאָגט ניט די הפטרה פון דער וואָך נאָר אן אנדערע הפטרה, וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם טאָג. בראשי, אין די ראש־חודש־טעג, און אין חנוכה, און אין פורים, און אין תעניתים, און מעמדות און אין יום כיפור. אין די דאָזיקע טעג ליינט מען פרשיות, וואָס האָבן א שייכות צו די טעג. וועגן „מעמדות" זע אין מסכתא תענית פרק ד' משנה א' און ב' אין פירוש.

ה. בפסח, אים פסח (ליינט מען) אין דער פרשה פון די ימים טובים אין (חומש) תורת כהנים. „תורת כהנים", די תורה וועגן די כהנים, הייסט דער חומש ויקרא, וואו ס'ווערן געלערנט די דינים וועגן קרבנות און וועגן די כהנים. זאָגט די משנה אז אין ערשטן טאָג פסח ליינט מען די פרשה „שור או כבש" אין ויקרא כ"ב און מען ליינט אריין אין ויקרא כ"ג די פרשה וועגן ימים טובים. בעצרת, אים שבועות (ליינט מען) „שבעה שבועות" (דברים ט"ז, א') אין דער דאָזיקער פרשה ווערט געלערנט וועגן יום טוב שבועות. בראש השנה, אים ראש השנה (ליינט מען) „בחדש השביעי באחד לחדש" (ויקרא כ"ג). אין דער דאָזיקער פרשה ווערט געלערנט וועגן ראש השנה, דעם ערשטן טאָג אין 7טן חודש, תשרי. ביום הכיפורים, אים יום כיפור (אין דער פרי ליינט מען) „אחרי מות" (ויקרא ט"ז). אין אחרי מות ווערט געלערנט ווי אזוי דער כהן גדול דארף טאָן די עבודה אים יום כיפור. ביום טוב, אין ערשטן טאָג יום טוב פון סוכות (ליינט מען) אין דער פרשה פון די ימים טובים אין תורת כהנים (ויקרא כ"ג). דאָס איז די פרשה וואו עס ווערט געלערנט וועגן די ימים טובים און צווישן זיי אויך וועגן סוכות. סתם „חג" אין דער משנה מיינט מען סוכות. ובשאר, און אין די איבעריקע טעג פון סוכות (ליינט מען די פרשה וועגן) די קרבנות פון סוכות. דאָס איז די פרשה אין במדבר כ"ט, פון פסוק י"ז און ווייטער, וואו עס ווערט וועגן יעדן טאָג געזאָגט וואָ־

ו. בחנוכה — בנשיאים. בפורים — „ויבא עמלק״. בראשי חדשים — „ובראשי חדשיכם״. במעמדות, — במעשה בראשית. בתעניות — ברכות וקללות. אין מפסיקין בקללות, אלא אחד קורא את כולן. בשני ובחמישי, ובשבת במנחה, קורין כסדרן, ואין עולין להם מן החשבון. שנאמר (ויקרא כ״ג) „וידבר משה את מועדי ה׳ אל בני ישראל״, מצותן שיהו קורין כל אחד ואחד בזמנו:

פרק ד.

א. הקורא את המגילה, עומד, ויושב. קראה אחד, קראוה שנים,

---

סערע קרבנות מען האָט אין דעם דאָזיקן טאָג מקריב געווען. — עס דארף דאָ באַמערקט ווערן אז היינט איז מען זיך נוהג צו ליינען מייסטנס אנדערע פרשיות, למשל, דעם ערשטן טאָג פסח ליינט מען די פרשה „משכו וקחו״ (שמות י״ב), אים שבועות ליינט מען קבלת התורה און עשרת הדברות (שמות י״ט, כ׳), ראש השנה ליינט מען „וה׳ פקד״ (בראשית כ״א), און אזוי ווייטער.

ו. בחנוכה, אים „חנוכה (ליינט מען) די פרשה פון נשיאים (במדבר ז׳). ווייל דאָרט ווערט דערציילט וועגן מחנך זיין דעם משכן, און חנוכה האָט מען צוריק מחנך געווען דאָס בית המקדש, נאָכדעם ווי עס איז באַפרייט געוואָרן פון די שונאים. בפורים, אים פורים (ליינט מען) „ויבא עמלק״ (שמות ט׳ ח׳). ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין משנה ד׳ האָט המן אָפּגעשטאַמט פון עמלק. בראשי חדשים, אין ראש חודש (ליינט מען) „ובראשי חדשיכם״ (במדבר כ״ה, י״א). מחמת עס ווערט דאָ געלערנט וועגן קרבן מוסף וואָס מען האָט מקריב געווען אים ראש חודש. במעמדות, אין מעמדות האָט מען געליינט אין מעשה בראשית (בראשית א׳). וועגן „מעמדות״ און ווי אזוי מען האָט געליינט די פרשה פון בראשית, זע מסכתא תענית פרק ד׳ משנה א׳ און ב׳ און ג׳. בתעניות, אין תענית (ליינט מען) ברכות וקללות (ויקרא כ״ו ג׳). דאָס איז די פרשה „ואם בחקותי״, אין וועלכער עס ווערט צוערשט געזאָגט די ברכות, וואָס יידן וועלן האָבן אז זיי וועלן אָפּהיטן די תורה, און דערנאָך גייען די קללות, די תוכחה, די שטראָפן, וואָס וועלן קומען אויף יידן אויב זיי וועלן ניט אָפּהיטן די תורה. — אויך דאָ איז מען זיך היינט נוהג צו ליינען אין תענית־טעג די פרשה „ויחל״ (שמות ל״ב י״א), און מיט „תעניות״ מיינט די משנה די תעניתים צוליב מאנגל אין רעגן אָדער צוליב אן אנדערער עת צרה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא תענית). אין מפסיקין, מען טאָר ניט איבעררייסן אין מיט (דער פרשה פון) קללות, נאָר איינער ליינט אלע (די גאַנצע פרשה). דאָס הייסט, אז מען טאָר ניט איבערהאקן אינמיטן דער תוכחה און אויפרופן אן אנדערן צו פארענדיקן די תוכחה. נאָר איין מענטש מוז האָבן די גאַנצע תוכחה־עליה. בשני, אין מאָנטאָג און אין דאָנערשטאָג און אים שבת צו מנחה ליינט מען לויט זייער סדר (די סדרה פון דער וואָך), און עס ווערט ניט אראָפּגערעכנט פון חשבון. די פרשה פון דער וואָך־סדרה, וואָס מען ליינט שבת ביי מנחה און מאָנטאָג און דאָנערשטאָג ווערט ניט אראָפּגערעכנט, נאָר שבת אין דער פרי מוז מען די דאָזיקע פרשה נאָכאַמאָל ליינען. — שנאמר, (מען ליינט אין דער תורה די אלע פרשיות אין יעדן יום טוב לויט דעם יום טוב נאָך), ווייל עס ווערט געזאָגט (ויקרא כ״ג) „וידבר משה את מועדי ה׳ אל בני ישראל, און משה האָט געזאָגט די ימים טובים פון גאָט צו די קינדער פון ישראל״, (דערפון איז געדרינגן אז) זייער מצוה איז אז מען זאָל ליינען (די פרשה) וועגן יעדן (יום טוב) אין זיין צייט. דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון וואָרט „מועדי״, וואָס איז דער טייטש „ימים טובים״ און אויך די באַשטימטע צייטן, און עס הייסט, אז יעדן יום טוב האָט משה געלערנט די דינים פון דאָזיקן יום טוב, און דערפון איז געדרונגן, אז מען דארף יעדן יום טוב ליינען די פרשה פון דאָזיקן יום טוב.

פרק ד.

א. הקורא, דער וואָס ליינט די מגילה (מעג ליינען ווי ער וויל צי) ווען ער

**יצאו. מקום שנהגו לברך, יברך, ושלא לברך — לא יברך. בשני ובח־מישי ובשבת במנחה קורין שלשה, אין פוחתין ואין מוסיפין עליהן, ואין מפטירין בנביא. הפותח והחותם בתורה, מברך לפניה ולאחריה:**

**ב. בראשי החדשים, ובחולו של מועד, קורין ארבעה: אין פוחתין מהן, ואין מוסיפין עליהן, ואין מפטירין בנביא. הפותח והחותם בתורה**

---

שטייט, צי וועט ער זיצט. די תורה טאָר מען ניט ליינען זיצנדיק, אָבער די מגילה מעג מען. קראה, צי עס האָט געליינט איינער צי צוויי (מענטשן צוזאמען) האָט מען יוצא געווען. די תורה טאָרן ניט ליינען צוויי מענטשן צוזאמען, ווייל „תרי קלי לא משתמעי", צוויי שטימען צוזאמען הערט מען ניט, אָבער די מגילה איז אַ סיפור המעשה, ווייל מען גיכער הערן, און דאריבער הערט מען אפילו פון צוויי מענטשן צוזאמען. מקום, אין אן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען צו מאכן א ברכה (נאָכן ליינען די מגילה), דארף מען מאַכן די ברכה, און (אין דעם אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען) ניט צו מאַכן די ברכה, דארף מען ניט מאכן די ברכה. די משנה לערנט דאָ וועגן דער ברכה נאָכן ליי־נען די מגילה; אָבער די ברכות פארן מגילה־ליינען, „מקרא מגילה", „שעשה ניסים" און „שהחיינו", מאַכט מען אומעטום. — בשני, מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און שבת ביי מנחה ליינט מען (אין דער תורה, רופט מען אויף צום ספר) דריי (מענטשן). די משנה גיט דאָ ווייטער דינים וועגן ליינען אין ספר תורה. מיר ווילן דאָ באמערקן, אז אין דער צייט פון דער משנה איז ניט געווען קיין בעל קורא, נאָר יעדער איינער, וועמען מען האָט אויפגערופן צום ספר האָט אליין געליינט. דאריבער זאָגט דאָ די משנה כסדר „קורין" זיי לייענען, און מען מיינט די אויפגערופענע צום ספר. זאָגט דאָ די משנה, אז מאָנטאָג, דאָנערשטאָג, און שבת צו מנחה רופט מען אויף דריי מענטשן. אין פוחתין, (מען רופט ניט אויף) ניט ווינציקער (פון דריי) און ניט מער (פון דריי), און מען זאָגט ניט (מאָנטאָג, דאָנערשטאָג און שבת ביי מנחה) קיין הפטרה פון די נביאים. עס איז ניט פאראן דאמאָלס קיין הפטרה. הפותח, דער וועלכער הייבט אָן צו ליינען (די תורה) און דער וועלכער ענדיגט (דאָס ליינען) די תורה מאכן די ברכה (דער ערשטער) פריער און (דער צווייטער) דערנאָך. ביים ליינען אין ספר תורה ווערן געמאַכט צוויי ברכות. איין ברכה „אשר בחר בנו", ווערט געמאכט פארן ליינען, און די צווייטע ברכה „אשר נתן לנו" ווערט געמאַכט נאָכן ליינען. זאָגט די משנה אז דער ערשטער, וועלכן מען רופט אויף צום ספר, און ער הייבט אָן ליינען די תורה, מאַכט די ערשטע ברכה („אשר בחר בנו") פארן ליינען; און אז דער לעצטער, וועלכער מען רופט אויף צום ספר, מאכט די ברכה („אשר נתן לנו") נאָכן ליינען. אָבער דער ערשטער מאַכט ניט די ברכה נאָכן ליינען, און דער לעצטער מאַכט ניט די ברכה פארן ליינען, און דער מיטל־סטער מאַכט בכלל ניט קיין ברכה. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער משנה. שפּעטער האָט מען איינגעפירט, אז יעדער איינער, וועמען מען רופט אויף צום ספר, מאכט סיי די ערשטע ברכה פאר דעם ליינען, און סיי די ברכה נאָך דעם ליינען. דאָס האָט מען געטאָן, כדי מענטשן, וועלכע קומען אריין אין דער־מיט ליינען אָדער גייען אוועק אין מיטן ליינען זאָלן ניט מיינען, אז מען מאַכט ניט קיין ברכה בכלל.

ב. בראשי, אים ראש חודש און אים חול המועד ליינען (רופט מען אויף צום ספר) פיר מענטשן; מען טאָר ניט (אויפרופן) ניט ווינציקער און ניט מער, און מען זאָגט ניט קיין הפטרה אין די נביאים; דער וועלכער הויבט אָן (ליינען) און דער וועלכער עס ענ־דיקט ליינען די תורה, מאכן די ברכה (דער ערשטער) פריער, און (דער צווייטער) דער־נאָך. עס איז דאָס זעלבע וואָס אין דער פריעריקער משנה ביי מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, נאָך דאָ רופט מען אויף 4 מענטשן. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, יעדער (טאָג) אין וועלכן עס איז פאראן (מען דאוונט) מוסף און ער איז ניט קיין יום טוב (מען מעג טאָן אין אים ארבייט), ליינען (רופט מען אויף צום ספר) פיר (מענטשן). און אזוי ווי אים ראש חודש

**מברך לפניה ולאחריה. זה הכלל, כל שיש בו מוסף, ואינו יום טוב, קורין ארבעה. ביום טוב — חמשה, ביום הכפורים — ששה, בשבת — שבעה. אין פוחתין מהן, אבל מוסיפין עליהן, ומפטירין בנביא. הפותח והחותם בתורה, מברך לפניה ולאחריה:**

**ג. אין פורסין את שמע, ואין עוברין לפני התיבה, ואין נושאין את כפיהם, ואין קורין בתורה, ואין מפטירין בנביא, ואין עושין מעמד ומושב, ואין אומרים ברכת אבלים ותנחומי אבלים, וברכת חתנים, ואין**

---

**און חול המועד דאוונט מען מוסף און קיין יום טוב זענען זיי ניט, רופט מען אויף 4 מענטשן.** ביום טוב, אים יום טוב (רופט מען אויף צום ספר) פינף (מענטשן), אים יום כיפור זעקס (מענטשן), אים שבת זיבן (מענטשן); מען טאָר ניט (אויפרופן צום ספר) ווייניקער דערפון (פון פינף אים יום טוב, זעקס אים יום כיפור און זיבן אים שבת), אָבער מעג מעג אויפרופן מער (פון דער דאָזיקער צאָל); און מען זאָגט די הפטרה פון די נביאים; דער וועלכער הויבט אָן און דער וועלכער ענדיקט דאָס ליינען מאַכן די ברכה (דער ערשטער) פריער (די ברכה פארן ליינען) און (דער לעצטער) דערנאָך (די ברכה נאָכן ליינען). **בנוגע די ברכות מאכן זענען יום טוב, יום כיפור און שבת גלייך צו מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און ראש חודש און חול המועד, נאָר דער חילוק איז, וואָס יום טוב רופט מען אויף 5 מענטשן, אים יום כיפור זעקס און אים שבת זיבן, און אז מען וויל מעג מען אויפרופן מער מענטשן (מאכן הוספות־עליות) און מען זאָגט נאָכן ליינען די הפטרה, וואָס באשטייט פון ווערטער פון די נביאים. לויט איין מיינונג מעג מען פארגרעסערן די צאָל עליות נאָר אים שבת אָבער ניט אים יום כיפור און ניט אים יום טוב. די צאָל עליות איז לויט דער חשיבות פון טאָג. יום כיפור איז הארבער פון יום טוב** (עס קומט כרת פאר טאָן א מלאכה) **רופט מען אויף זעקס מענטשן, און שבת איז הארבער פון יום כפור** (עס קומט מיתה, טויט־שטראָף פאר טאָן א מלאכה) **רופט מען אויף זיבן מענטשן.**

ג. אין פורסין, (אויב עס איז ניט פאראן צען מענטשן, א מנין, טאָר מען ניט טאָן די דאָזיקע זאכן): מען טאָר ניט פאָרליינען קריאת שמע. **די מפרשים טייטשן, „פורס על שמע" פון וואָרט „פרס" צעברעכן, מאכן א העלפט דערפון, און דאָ איז דער טייטש, אַז אויב צען מענטשן זענען געקומען אין שול נאָכדעם ווי מען האָט שוין אָפּגעזאָגט אין דער פרי ביים דאוונען קדיש און „ברכו" און קריאת שמע, מעג איינער פון זיי נאָכאמאָל זאָגן פארן עמוד קדיש און ברכו און די ערשטע ברכה פאר קריאת שמע. „פורס" מיינט דאָ זאָגן נור א העלפט, די ערשטע ברכה אליין, „יוצר אור". אָבער אָן א מנין מענטשן טאָר מען ניט. עס זענען פאראן נאָך טייטשן. ואין עוברין,** און מען טאָר ניט (אָן א מנין) גיין דאוונען פארן עמוד. **תיבה הייסט דער קאסטן, דער ארון קודש, און אַמאָל פלעגט דער חזן שטיין פארן ארון קודש און דאוונען.** ואין, און (די כהנים) טאָרן ניט דוכנען (אָן א מנין). „נושאין את כפיהם", „אויפהייבן זייערע הענט", **מיינט דוכנען, ווייל בשעת דעם דוכנען הויבן אויף די כהנים זייערע הענט.** ואין קורין, און מען טאָר ניט ליינען אין ספר תורה און זאָגן די הפטרה פון (דעם ספר) נביאים (אָן א מנין). **צו קריאת התורה און צו מפטיר־זאָגן דארף מען האָבן א מנין.** ואין עושין, און מען טאָר ניט (אָן א מנין) מאַכן א שטיי און א זיץ (מעמד ומושב). **עס איז אמאָל געווען א מנהג אַז ווען מען האָט געטראָגן א מת, צו דער קבורה, האָט מען צוריק גייענדיק זיך אויפן וועג זיבן מאָל אוועקגעזעצט און אויפגעשטעלט, און ביי יעדן מאָל געזאָגט עטליכע ווערטער הספד. ביים אויפשטעלן זיך האָט מען אויסגערופן: „עמדו, יקרים, עמודו!"** (שטעלט אייך אויף, חשובע מענטשן, שטעלט אייך אויף!), **און ביים אוועקזעצן זיך האָט מען אויסגערופן: „שבו, יקרים, שבו!"** (זעצט אייך אנידער, **חשובע מענטשן, זעצט אייך אנידער!). דאָס טוט מען נור ווען עס איז פאראן מינדסטנס א מנין.** ואין אומרים, און מען זאָגט ניט (אָן א מנין) די ברכה פאר אבלים און די טרייסט (אין דער שורה)

מזמנין בשם, פחות מעשרה. ובקרקעות — תשעה וכהן; ואדם כיוצא בהן:

ד. הקורא בתורה, לא יפחות משלשה פסוקים. לא יקרא למתורגמן יותר מפסוק אחד; ובנביא — שלשה. היו שלשתן שלש פרשיות, קורין

---

פאר אבלים. ווען מען איז צוריקגעגאנגען פון דער קבורה פון א מת פלעגן די מענטשן זאָגן פאר די אבלים א ברכה; אויך האָט מען זיך אויסגעשטעלט אין א שורה, און די אבלים פלעגן פאַרבייגיין און מען האָט זיי מנחם אבלים געווען. דאָס קאָן געטאָן ווערן נור ווען עס איז דאָ א מנין (א חוץ די אבלים). היינט איז מען זיך ניט נוהג צו זאָגן די ברכה, אָבער אין דער שורה שטעלט מען זיך אויס מנחם אבל צו זיין. וברכת חתנים, און (מען זאָגט ניט אָן א מנין) די ברכה פאר א חתן. דאָס זענען די שבע ברכות (די 7 ברכות) וואָס מען זאָגט ביי חתן־כלה, און דערצו דאַרף מען האָבן א מנין (דעם חתן אריינגערעכנט). ואין מזמנין, און מען בענטשט ניט (אָן א מנין) מיט דעם נאָמען (פון גאָט). ווען מען בענטשט מיט מנין זאָגט מען „נברך אלהינו שאכלנו משלו, לאָמיר בענטשן גאָט, וואָס מיר האָבן געגעסן פון זיינס". אָבער אויב עס איז ניטאָ קיין מנין (אָבער עס איז פאראן מינדעסטנס 3 מענטשן) זאָגט מען נור „נברך שאכלנו משלו", און מען לאָזט ארויס גאָטס נאָמען. פחות, (דאָס אלץ טוט מען ניט) מיט ווינציקער פון צען (מענטשן). נור מיט א מנין מענטשן מעג מען טאָן די דערמאָנטע זאכן. ובקרקעות, און ביים (אויסלייזן פון הקדש) ערד מוזן זיין ניין און א כהן. אויב איינער האָט מקדיש געווען (אוועקגעגעבן צום בית המקדש) אומבאַוועגליכע גיטער, ווי פעלדער וכדומה, און מען וויל זיי אויסלייזן, דאַרפן זיין 10 מענטשן, און איינער פון זיי א כהן, וואָס זאָלן אָפּשאצן די ווערט פון די גיטער. ואדם, און א מענטש איז אויך אזוי ווי זיי (ווי ערד). אויב איינער האָט געזאָגט „דמי עלי", „איך בין מיר מתחייב צו צאָלן צום בית המקדש וויפיל איך בין ווערט", שאצט מען אים אָפּ וויפיל ער איז ווערט, ווען מען זאָל אים פארקויפן אלס קנעכט, און אזוי פיל דאַרף ער באצאָלן. זאָגט די משנה אז צום אָפּשאצן דאַרף מען האָבן 10 מענטשן, און איינער פון זיי א כהן.

ד. הקורא, ווען איינער ליינט אין דער תורה זאָל ער ליינען ניט ווינציקער פון דריי פסוקים. ביי א עליה אין ספר מוז מען ליינען מינדעסטנס דריי פסוקים, ניט ווינציקער. לא יקרא למתורגמן, און מען טאָר ניט ליינען צום איבערזעצער (מתורגמן) מער פון איין פסוק. אַמאָל איז געווען דער מנהג, אז ווען מען האָט געליינט אין ספר איז געשטאַנען דערלעבן איינער, אן איבערזעצער, א מתורגמן, און ווי דער בעל קורא האָט פאַרענדיקט דאָס אָפּליינען א פסוק, האָט דער איבערזעצער געזאָגט דעם תרגום פון זעלביקן פסוק. ווייל אמאָל האָבן די יידן גערעדט אראמעאיש, און דורך דעם זאָגן דעם תרגום, האָבן זיי פארשטאַנען וואָס מען האָט געליינט. זאָגט די משנה, אז מען דאַרף ליינען נאָר איין פסוק, און דער מתורגמן זאָל זאָגן פון אים דעם תרגום, און דערנאָך זאָל מען ליינען ווייטער א פסוק, און דער מתורגמן זאָל זאָגן דעם תרגום דערפון. ווייל אויב מען וועט ליינען מער ווי איין פסוק, איז מורא צו האָבן, אז דער מתורגמן (וועלכער האָט געזאָגט דעם תרגום אויף אויסנווייניק) וועט מאכן א טעות אין זאָגן. ובנביא, און (ווען מען זאָגט די הפטרה פון ספר) פון נביא (מעג מען ליינען) דריי (פסוקים). מען מוז ניט זאָגן דעם תרגום נאָך יעדן פסוק, נאָר מען קאָן ליינען דריי פסוקים מיט אמאָל, און דער מתורגמן זאָל זאָגן דעם תרגום. דער טעם איז, ווייל סיי ווי לערנט ניט די הפטרה קיין דינים, דאריבער מאכט ניט אויס אויב דער מתורגמן וועט זיך יאָ טועה זיין. היו, אויב זיי (די דריי פסוקים אין דער הפטרה) זענען געווען דריי פרשיות (יעדער פסוק א באזונדערע פרשה), זאָל מען זיי ליינען איינציגווייז. דאָס הייסט, דער מתורגמן דאַרף זאָגן דעם תרגום נאָך יעדן פסוק, אזעלכע דריי פסוקים, איינער נאָכן אנדערן, וואָס געהערן צו דריי באזונדערע פרשיות זענען פאראן אין ישעיה נ"ב, ג' ד' ה' („כי כה אָמר ה' מצרים ירד", און „ועתה מה לי פה").

אחד אחד. מדלגין בנביא, ואין מדלגין בתורה. ועד כמה הוא מדלג? עד כדי שלא יפסוק המתורגמן:

ה. המפטיר בנביא, הוא פורס על שמע, והוא עובר לפני התיבה, והוא נושא את כפיו. ואם היה קטן, אביו או רבו עוברין על ידו:

ו. קטן קורא בתורה, ומתרגם; אבל אינו פורס על שמע, ואינו עובר לפני התיבה, ואינו נושא את כפיו. פוחח פורס את שמע, ומתרגם; אבל אינו קורא בתורה, ואינו עובר לפני התיבה, ואינו נושא את כפיו.

---

וועגן פרשיות און די היינטיקע קאפיטלאך זע אין אונזער פירוש מסכתא תענית פרק ד׳ משנה ג׳. מדלגין, מען מעג איבערשפרינגען (ביים זאָגן די הפטרה) אין נביא, אָבער מען טאָר ניט איבערשפרינגען (ביים ליינען) אין דער תורה. „מדלגין״, איבערשפרינגען, מיינט ליינען א שטיקל און דערנאָך איבערמישן און ליינען אין אן אנדערן אָרט. די גמרא זאָגט, אז ביי איין און דעמזעלביקן ענין מעג מען איבערשפרינגען אויך ביים ליינען אין דער תורה. למשל דער כהן גדול אים יום כיפור האָט צוערשט געליינט די פרשה „אחרי מות״ און דערנאָך איבערגעמישט און געליינט די פרשה „אך בעשור״, ווייל זיי זענען ביידע פון איין ענין, וועגן יום כיפור. ועד כמה, און ביז ווי לאנג מעג ער איבערשפרינגען (סיי אין דער הפטרה אפילו ביי עטליכע ענינים, און ביים ליינען אין ספר ביים זעלביקן ענין)? עד, אזוי לאנג, ווי דער מתורגמן (איבערזעצער) מוז זיך ניט אָפּשטעלן. מ׳מעג איבערמישן נור אזוי לאנג ווי דער איבערזעצער זאָגט דעם תרגום פון די פסוקים וואָס מען האָט שוין געליינט. אָבער קוים דאַרף עס דויערן לענגער, טאָר מען ניט, ווייל עס איז ניט דער כבוד פארן ציבור צו וואַרטן.

ה. המפטיר, דער וואָס זאָגט די הפטרה אין (ספר פון) נביא, איז אויך דער וואָס ליינט־פאר קריאת שמע, און ער גייט אויך דאווענען פארן עמוד און (אויב ער איז אַ כהן) גייט ער דוכנען. מיר האָבן פריער אין משנה ג׳ דערקלערט וואָס מ׳מיינט „פורס על שמע״, „יורד לפני התיבה״, און „נושא את כפיו״. דאָ מיינט מען „פורס על שמע״ זאָגן קדיש און ברכו און קריאת שמע פארן עולם, דער טעם איז, ווייל לויט טייל מיי־נונגען איז מפטיר א קלענערע עליה, און דעריבער פארגיטיקט מען אים דערמיט, וואָס מען טיילט אים צו די דאָזיקע כיבודים. ואם היה, און אויב ער (דער מפטיר־זאָ־גער) איז געווען א קליין יינגל (וועלכער טאָרניט דאווענען פארן עמוד), גייען (דאווענען פארן עמוד) זיין פאָטער אָדער זיין רבי, אנשטאט אים. און דאָס הייסט אזוי ווי זיי אליין וואָלטן געווען די מפטיר־זאָגערס. דער ר״ן און דער ברטנורא זאָגן, אז זיי זאָגן אויך (אנשטאט אים) קדיש און ברכו און קריאת שמע פארן עולם.

ו. קטן, א קליין יינגל מעג ליינען אין דער תורה (מען מעג אים אויפרופן צו א עליה) און ער מעג זיין דער מתורגמן (זאָגן דעם תרגום נאָך יעדן פסוק). טייל פון די גאונים זאָגן, אַז מען מעג אים אויפרופן צו אַ עליה נאָר פון שלישי אָן. אבל, אָבער ער טאָר ניט פאָרליינען קריאת שמע (און זאָגן דעם קדיש און ברכו פאר קרית שמע) און ניט גיין דאווענען פארן עמוד, און ער טאָרניט דוכנען. מחמת ער אליין, דאָס קליינע יינגל, איז דאָך ניט מחויב צו טאָן די זאכן, קאָן ער דעריבער אנדערע אויך ניט מוציא זיין, און ביי דוכנען איז ניט שיין אז דער ציבור זאָל געבענטשט ווערן דורך א יינגל. פוחח, איינער מיט צעריסענע קליידער (מען זעט ארויס נאַקעט זיינע ארעמס און זיינע פיס, מעג פאָרליינען קריאת שמע, און מעג אויך מתרגם זיין (זאָגן דעם תרגום נאָך יעדן פסוק ביים ליינען די תורה), אָבער ער טאָרניט ליינען אין דער תורה (אויפגערופן ווערן צו א עליה) און אויך ניט גיין דאווענען פארן עמוד, און אויך ניט דוכנען, ווייל עס איז ניט שיין פארן ציבור. אמאָל פלעגט דער „פורס על שמע״, דער וואָס האָט געזאָגט פארן עולם קדיש, ברכו און קרית שמע, זיצן צווישן עולם, און ניט צו־גיין צום עמוד, און ערשט ביי שמונה־עשרה איז דער חזן צוגעגאנגען צום עמוד. דעריבער מעג דער מיט די צעריסענע קליידער זיין דער „פורס על שמע״,

**סומא פורס את שמע, ומתרגם. ר׳ יהודה אומר, כל שלא ראה מאורות מימיו, אינו פורס על שמע:**

**ז. כהן שיש בידיו מומין, לא ישא את כפיו. ר׳ יהודה אומר, אף מי שהיו ידיו צבועות אסטיס ופואה, לא ישא את כפיו, מפני שהעם מסתכלין בו:**

**ח. האומר, אינו עובר לפני התיבה בצבועין, אף בלבנים לא יעבור. בסנדל איני עובר — אף יחף לא יעבור. העושה תפלתו עגולה, סכנה, ואין בה מצוה. נתנה על מצחו, או על פס ידו, הרי זו דרך המינות. ציפן זהב, ונתנה על בית אונקלי שלו, הרי זו דרך החיצונים:**

---

**מחמת ער זיצט אויף זיין אָרט און מען זעט אים ניט אזוי שטאַרק.** סומא, א בלינדער מעג פאַרליינען קריאת שמע (און זאָגן דעם קדיש און ברכו) און זיין דער מתרגם (זאָגן דעם תרגום ביים ליינען אין ספר); ר׳ יהודה זאָגט, אז ווער עס האָט קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געזען קיין ליכט (א בלינדער פון געבוירן אָן) טאָרניט פאַרליינען קריאת שמע (פאַרן עולם). **ווייל די ערשטע ברכה פאַר קריאת שמע איז דאָך „יוצר אור״ (צו גאָט וועלכער האָט באשאַפן די ליכט), און דאריבער דאַרף דער וואָס זאָגט עס פאַרן עולם האָבן אמאָל אין זיין לעבן געזען ליכט.**

ז. כהן, א כהן וואָס האָט אין זיינע הענט א פעלער (א מום) טאָר ניט דוכנען; ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך איינער (א כהן), וואָס זיינע הענט זענען געפאַרבט מיט איסאַטעס (פלאַנץ פאַרב) אָדער מיט קראַפּ (־פאַרב) זאָל ניט דוכנען, ווייל דאָס פאָלק וועט זיך איינקוקן אין אים. **די גמרא אין חגיגה ט״ז זאָגט, אז מען טאָרניט קוקן צו די כהנים ווען זיי דוכנען. און דאריבער אויב דעם כהנ׳ס הענט האָבן עפּיס א פעלער אָדער זיי זענען געפאַרבט, קאָן דאָס ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די דאַוונערס און זיי זאָלן קוקן צום כהן בשעתן דוכנען און אויפהייבן די הענט, און מחמת דעם זאָל ער ניט דוכנען. „איסטיס״ (איסאַטעס) און „פואה״ (קראַפּ) זענען אַזעלכע פלאַנצן, פון וועלכע מען מאַכט פאַרב.**

ח. האומר, אז איינער זאָגט: „איך וועל ניט גיין דאַוונען פאַרן עמוד מיט גע־פאַרבטע (קליידער)״, טאָר מען אים ניט לאָזן גיין (דאַוונען פאַרן עמוד) אויך אין ווייסע; (אויב איינער זאָגט): „איך וועל ניט צו גיין (דאַוונען פאַרן עמוד) אין א שיך״, טאָר מען אים ניט לאָזן גיין (דאַוונען פאַרן עמוד) אויך באָרוועס. **דער טעם איז, ווייל מען איז אים חושד, אז ער געהערט צו די מינים, וואָס דינען צו עבודה זרה, און זיי זענען מקפיד דעריויף, אז זיי זאָלן טראָגן ביי זייער געבעט דוקא ווייסע קליידער און דוקא באָרוועס.** העושה, אז איינער מאַכט זיין תפילין (של ראש, וואָס מען דאַרף לייגן אויפן קאָפּ) קיילעכיק (ניט פיר־קאַנטיק) איז עס א סכנה (פאַר אים, עס קאָן אים דורכקלאַפּן דעם קאָפּ), און עס איז ניטאָ דאַביי קיין מצוה. **מען איז ניט מקיים די מצוה פון לייגן תפילין (סיי אויף דער האַנט סיי אויפן קאָפּ) מיט קיילעכיקע תפילין, ווייל עס איז אַ הלכה למשה מסיני, אז זיי דאַרפן זיין 4־קאַנטיק (מרובעות).** נתנה, אויב איינער האָט געלייגט (די תפילין של ראש) אויף זיין שטערן (ניט אויפן קאָפּ), אָדער (די תפי־לין של יד) אויף זיין האַנט־פלאַך (ניט אויפן אָרעם) איז דאָס דער וועג פון מינות. **„מינים״ האָבן געהייסן מענטשן, וואָס זענען אוועק פון די אָנגענומענע דינים פון יידישן דת, און עס ווייזט אויס, אז טייל פון זיי האָבן געלייגט די תפילין אנדערש ווי דער יידישער דין הייסט. „פס־ידו״ הייסט האַנט־פלאַך, די דלאָניע.** „ציפן, אויב איינער האָט באַדעקט זיינע תפילין מיט גאָלד, אָדער ער האָט געלייגט זי (די תפילין של יד) אויף זיין אָבער־העמד (ניט אויף דעם בלויזן אָרעם), איז דאָס דער וועג פון די חיצו־נים (די וואָס זענען אין דרויסן, ניט אין יידישן כלל). **דער רמבם טייטשט, אז „חי־צונים״ מיינט מען אַזעלכע וואָס גלויבן ניט אין דער יידישער רעליגיע בכלל. „בית אונקלי״ איז פון גריכישן וואָרט „אנאקאָלאָס״, אָבער־העמד. אין טייל משניות איז די**

ט. האומר „יברכוך טובים", הרי זו דרך המינות. „על קן צפור יגיעו רחמיך", „ועל טוב יזכר שמך", „מודים, מודים", משתקין אותו. המכנה בעריות, משתקין אותו. האומר „מזרעך לא תתן להעביר למולך, ומזרעך לא תתן לאעברא בארמיותא", משתקין אותו בנזיפה:

י. מעשה ראובן נקרא ולא מיתרגם. מעשה תמר נקרא ומיתרגם. מעשה עגל ראשון נקרא ומיתרגם. והשני — נקרא ולא מיתרגם. ברכת כהנים, מעשה דוד ואמנון, לא נקראין ולא מיתרגמין. אין מפטירין

---

גירסא „בית יד אונקלי" און דער טייטש איז אויף „דעם ארבל פון דעם אָבער־העמד" („בית יד" „ארבל").

ט. האומר, אז איינער זאָגט (ביים מתפלל זיין צו גאָט): „עס זאָלן דיך בענטשן גוטע (מענטשן)" הייסט דאָס דער וועג פון מינות. ווייל די יידישע רעליגיע הייסט מצרף זיין אלע מענטשן, אויך די שלעכטע, צום לויבן גאָט. על קן, אז איינער זאָגט (צו גאָט): „אויף דעם נעסט פון פויגל זאָל זיין דיין רחמנות", אָדער „אויף גוטע זאָל דערמאָנט ווערן דיין נאָמען", אָדער „מודים, מודים" (מיר דאַנקן דיר, מיר דאַנקן דיר), דאַרף מען אים הייסן שטילשווייגן. דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא ברכות פרק ה' משנה ג'. המכנה, ווער עס טייטשט אויס אַלס משל די פּרשה (אין דער תורה) וועגן עריות הייסט מען אים שטיל־שווייגן. אין ויקרא י"ח איז פאַראַן די פּרשה פון „עריות", דאָס הייסט פרויען מיט וועלכע מען טאָר ניט האָבן געשלעכטליכן פאַרקער (ווי א פאָטערס פרוי און אזוי ווייטער). אויב איינער פּרובט אײַנטייטשן, אז דאָס מיינט מען נור אלס „א משל", אן אלעגאָריע, אז מען זאָל ניט פאַרשעמען דעם פאָטער עפענטליך וכדומה, דאַרף מען אים הייסן שווייגן. האומר, אז איינער זאָגט (זעצט איבער אין אראַמעאיש דעם פסוק ויקרא י"ח, כ"א) „ומזרעך לא תתן להעביר למולך" (און פון דיינע קינדער זאָלסטו ניט געבן אָוועקצופירן צום מולך, צום אָפּגאָט פון פייער), „ומזרעך לא תתן לאעברא בארמיותא" (און פון דיינע זאמען זאָלסטו ניט געבן צו א גויה זי זאָל שוואַנגער צו ווערן), מאַכט מען אים שטיל־שווייגן דורך אנשרייען אויף אים. מחמת די תורה האָט דאָס ניט געמיינט, און עס קומט לויט אים אויס, אז די תורה הייסט ברענגען א קרבן חטאת, אויב איינער האָט געשלעכטליכן פאַרקער מיט א גויה בשוגג.

י. מעשה ראובן, דעם סיפור המעשה פון ראובן (מיט בלהה, אין בראשית ל"ה כ"ב) ליינט מען אָבער מען זעצט עס ניט איבער. ווען מען ליינט אים אין דער תורה, זאָגט מען ניט דעם תרגום דערפון; זע פריער משנה ד' וועגן זאָגן תרגום ביים ליינען אין דער תורה. דאָס איז צו ליב דעם כבוד פון יעקב אבינו. מעשה תמר, דער סיפור המעשה פון תמר ווערט געליינט און מען זעצט אים איבער. דער רמבם און דער ברטנורא טייטשן אז דאָס איז דער סיפור אין שמואל ב', י"ג, ווי אמנון האָט פאַרגוואַלדיקט זיין שוועסטער תמר. רשי טייטשט, אז דאָס מיינט די מעשה פון יהודה און תמר (בראשית ל"ח). מעשה עגל, דער סיפור המעשה וועגן דעם (ווי יידן האָבן געמאַכט דעם) עגל (דעם גאָלדענעם קאַלב אין דעם מדבר), איז דער ערשטער טייל ווערט געליינט און איבערזעצט, און דער צווייטער טייל ווערט געליינט און ניט איבערזעצט. די מעשה וועגן עגל איז אין שמות ל"ב. זאָגט די משנה אז פון אָנהויב אָן, פון פסוק א' וירא העם ביז דעם פסוק כ' „ויקח את העגל", ליינט מען און מען זעצט איבער, און מען דאַרף ניט מורא האָבן פאַרן כבוד פון די יידן, ווייל עס איז בעסער, כדי זיי זאָלן האָבן א כפרה פאַר די זינד. אָבער דער צווייטער טייל, פון פסוק כ"א „ויאמר משה אל אהרן" ביז פסוק כ"ה „וירא משה את העם" און אויך דעם פסוק ל"ה „ויגוף ה' את העם", ליינט מען אָבער מען זעצט ניט איבער; ווייל דאָרט ווערט דערציילט וועגן חטא פון אהרן הכהן, און דאָס איז ניט דער כבוד פון אהרן. ברכת, די ברכות פון די כהנים (מיט וועלכע די כהנים בענטשן די יידן) ליינט

במרכבה. ור׳ יהודה מתיר. ר׳ אליעזר אומר. אין מפטירין ב„הודע את ירושלים״.

(סליק מסכת מגילה)

## מסכת מועד קטן

### פרק א.

א. משקין בית השלחין במועד, ובשביעית, בין ממעיין שיצא

---

מען און מען זעצט ניט איבער. דאָס זענען די פסוקים אין במדבר ו׳, כ״ג, כ״ו („יברכך ה׳ ״ ביז צום סוף״ „וישם לך שלום״). די גמרא זאָגט, אז דער טעם איז ווייל עס איז דאָרט פאראן וועגן גאָט „ישא ה׳ פניו״, אז גאָט איז נושא פנים צו די יידן. מעשה דוד ואמנון, דער סיפור המעשה פון דוד און (זיין זון) אמנון ווערט ניט געליינט און ניט איבערזעצט. דאָס מיינט מען צו ליינען אלס הפטרה. דער ברטנורא טייטשט אז מען מיינט דעם פסוק אין שמואל ב׳, י״ג, וואו עס ווערט דערמאָנט „אמנון בן דוד״, כדי ניט מזלזל צו זיין אין כבוד פון דוד, וואָס זיין זון אמנון האָט פארגוואלדיקט זיין שוועסטער תמר. אין מפשירין, מען זאָגט ניט אלס מפטיר די מעשה מרכבה. מיט מעשה מרכבה מיינט מען דאָס ערשטע קאַפּיטל אין יחזקאל, וואו דער נביא דערציילט זיין זעאונג, די מרכבה (רייטוואָגן) אין הימל, די חיות, און גאָטס שטול. מען טאָרניט זאָגן דאָס אלס מפטיר, כדי מען זאָל ניט פרעגן וועגן דעם קיין שאלות און ניט פאר־לאנגען דערקלערונגען, מחמת דאָס זענען סודות. ור׳ יהודה, און ר׳ יהודה איז מתיר, און די הלכה איז ווי ר׳ יהודה, ווארום מען זאָגט היינט דאָס קאַפּיטל אלס מפטיר אין ערשטן טאָג שבועות. ר׳ אליעזר זאָגט, אז מען זאָגט ניט אלס מפטיר (דאָס קאַפּיטל אין יחזקאל ט״ז) „הודע את ירושלים״. דאָס קאַפּיטל הויבט זיך אָן מיט די ווערטער ווי גאָט זאָגט צום נביא „זאָג אָן ירושלים אירע אומווירדיקייטן (את תועבותיה)״ — און צוליב דעם כבוד פון ירושלים דארף מען עס ניט זאָגן אלס מפטיר.

---

## מסכת מועד קטן

### הקדמה

די מסכתא „מועד קטן״ (קליינער יום טוב), וועלכע ענטהאַלט דריי פרקים, לערנט די דינים וועגן חול המועד, די האַלב־וואָכעדיקע און האלב־יום־טובדיקע טעג פון פסח און סוכות. חול המועד ווערט אָנגערופן „מועד קטן״, און אויך סתם „מועד״, און טיילמאָל אויך „חולו של מועד״. די מסכתא „מועד קטן״ הייסט ביי טייל ראשונים אויך „משקין״, צוליב דעם וואָרט „משקין״, מיט וועלכן די מסכתא הויבט זיך אָן. אין דער מסכתא ווערן אויך געלערנט די דינים פון אבלות, ווי עס דארף זיך נוהג זיין דער נאָנטער קרוב פון א פארשטאָרבענעם. די דינים פון אבלות ווערן געגעבן אין דריטן פרק פון משנה ה׳ ביז צום סוף. וועגן די דינים פון חול המועד איז פאראן א כלל, אז אים חול המועד מעג מען טאָן נור אזא ארבייט, וואָס איז א „דבר האבד״, וואָס ווערט פארלוירן גיין, אויב מען וועט זי איצט ניט טאָן; מען קאָן זי ניט אָפּלייגן אויף שפּעטער.

### פרק א.

א. משקין, מען מעג באוואסערן א טרוקן פעלד (א פעלד וואָס דארף האָבן קינסטליכע באוואסערונג און האָט ניט גענוג בלויז־רעגן־וואסער) אים חול המועד און אים שמיטה־יאָר, סיי פון א (נייעם) קוואל וועלכער האָט ערשט איצט אָנגעהויבן געבן וואסער, און סיי פון אן (אלטן) קוואל, וועלכער האָט ניט ערשט איצט אָנגע־הויבן געבן וואסער. אים שמיטה יאָר מעג מען בכלל באַוואַסערן פעלדער, אפילו אזעלכע פעלדער, וועלכע דארפן ניט האָבן קינסטליכע באַוואסערונג און זיי האָבן גענוג רעגן־וואסער (זע מסכתא שביעית פרק ב׳ משנה י׳). — אָבער אין חול המועד

**בתחלה, בין ממעיין שלא יצא בתחלה. אבל אין משקין לא ממי הגש־מים, ולא ממי הקילון. ואין עושין עוגיות לגפנים:**

**ב. ר׳ אליעזר בן עזריה אומר, אין עושין את האמה בתחלה במועד, ובשביעית. וחכמים אומרים, עושין את האמה בתחלה בשביעית, ומ־תקנין את המקולקלות במועד. ומתקנין את קלקולי המים שברשות הרבים וחוטטין אותן, ומתקנין את הדרכים ואת הרחובות ואת מקוות המים, ועושין כל צורכי הרבים, ומציינין את הקברות, ויוצאין אף על הכלאים:**

---

**מעג מען באוואסערן נאר די טרוקענע פעלדער, וועלכע מוזן האבן קינסטליכע באַ־וואסערונג, און אויב מען וועט זיי ניט באגיסן מיט וואסער וועלן די תבואות און די גרינסן קאליע ווערן און עס הייסט א „דבר האבד", א זאך, וואס ווערט פאר־לוירן. די גמרא זאגט אז „בית השלחין" (דאס „שלחין־פעלד") איז פון אראמעאישן וואָרט „שלהי", מיד, עס וויל וואסער.** אבל, אבער מען טאָרניט באוואסערן (אים חול המועד) ניט מיט (אָגעזאמעלטע) רעגן־וואסער און ניט מיט וואסער פון א טיפן ברונעם. **ווייל עס איז שוין א צו־שווערע טירחא, א שווערע ארבייט ארויפצוציען דאס וואסער פון טיפן ברונעם, און דאריבער טאָר מען ניט. מען האט אויך געאסרט אָנ־געזאמלטע רעגן־וואסער, ווייל טאמער וועט מען באוואסערן פון א טיפן ברונעם. דאס וואָרט „קילון" איז לויט ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" פון גריכישן וואָרט „קעלאָן", א פאמפע, ארויסצושעפן וואסער. אן אנדערע מיינונג איז אז עס איז דאס גריכישע וואָרט „קאילאס", א טיפער גרוב.** ואין עושין, און מען טאָרניט מאכן (גראבן) גריבלעך (ארום) די ווייַנשטאקן. **די דאזיקע גריבלעך ווערן געמאַכט ארום די פרוכטן־ביימער כדי דאָס וואסער זאל זיך דארט האלטן און ניט אפפליסן. אים חול המועד, לערנט די משנה, טאָר מען דאס ניט טאָן. „עוגיות", איז פון וואָרט „עג", „עוגה", א ראָד ארום און ארום, ווי אין מסכתא תענית פרק ג׳ משנה ח׳ ביי חוני המעגל „עג עוגה", ער האָט געמאַכט ארום זיך א ראָד.**

ב. ר׳ אלעזר בן עזריה זאָגט, אז מען טאָרניט מאכן א נייעם קאַנאַל אין חול המועד און אין שמיטה־יאָר. **אמה הייסט א קאַנאל, וואס מען גראבט אויס אין דער ערד כדי דאס וואסער זאל דורכפליסן דורך דעם פעלד, און פון איין פעלד צום אנ־דערן. מען טאר עס ניט טאָן, ווייל מען טאר ניט גראבן ערד אים חול המועד און מען טאר ניט אקערן א פעלד אים שמיטה־יאָר, און גראבן א קאַנאַל זעט אויס ווי געאקערט.** (זע אין מסכתא שביעית פרק א׳ משנה א׳). וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז מען מעג מאכן א נייעם קאַנאַל אים שמיטה־יאָר, און אז מען מעג פארריכטן די קאליע־געוואָרענע (קאנאלן) אים חול המועד. **אויב עס איז אריינגעפאלן אין אלטן קאנאל ערד און דאס וואסער גייט ניט גוט, מעג מען אים חול המועד ארויסנעמען די ערד.** ומתקנין, און מען מעג פאררריכטן (אים חול המועד) די קאליע געוואָרענע וואַ־סער־(רעזערוואארן) אין די גאסן (אין רשות הרבים), און מען מעג זיי אויסרייניקן. **דאָ מיינט מען די גריבער מיט וואסער צום טרינקן. „חוטטין" הייסט אויסרייניקן די ערד און שטיינדלעך און סתם שמוציקע זאכן וואס זענען דאָרט אריינגעפאלן.** ומתקנין את הדרכים, און מעג מען פאררריכטן (אים חול המועד) די וועגן און די שטאָט־פלעצער און די וואסער־מקוואות, און מעג מען טאָן אלע זאכן וואס זענען נוצליך פאר דעם רבים (פאר א סך מענטשן), און מען מאַכט צייכנס אויף די קברים. **די קברים פלעגט מען באגיסן מיט ווייסן קאלך, כדי מענטשן זאלן זיין פארזיכטיק און ניט צו גיין צו זיי און אָנרירן זיי און טמא ווערן.** ויוצאין, און מען (בית דין) שיקט ארויס (שלוחים) אויך אויסצורוימען כלאים (פון די פעלדער). **וועגן די שלוחים אכטונג צו געבן אז מען זאל אויסרייסן כלאים פון די פעלדער האבן מיר געגעבן אין מסכתא שקלים פרק א׳ משנה א׳. די גמרא זאָגט, אז ווייל די שלוחים פלעגן באַ־**

ג. ר׳ אליעזר בן יעקב אומר, מושכים את המים מאילן לאילן, ובלבד שלא ישקה את כל השדה; זרעים שלא שתו לפני המועד, לא ישקם במועד, וחכמים מתירין בזה ובזה:

ד. צדין את האישות ואת העכברים משדה האילן ומשדה הלבן (שלא) כדרכו במועד ובשביעית. וחכמים אומרים, משדה האילן כדרכו, ומשדה הלבן שלא כדרכו. ומקרין את הפירצה במועד; ובשביעית בונה כדרכו:

ה. ר׳ מאיר אומר, רואין את הנגעים בתחלה להקל, אבל לא להח-

---

קומען באַצאָלט פאַר זייער ארבייט פון בית המקדש־געלט, האָט מען זיי ארויסגע־שיקט אים חול המועד, מחמת אים חול המועד, ווען א סך מענטשן גייען ארום ליידיק, האָט מען געקראָגן, שלוחים ביליק.

ג. ר׳ אליעזר בן יעקב זאָגט, אז מען מעג (אים חול המועד) ציען וואסער פון איין בוים צו א צווייטן בוים, אָבער מען זאָל נישט דאביי באוואסערן דאָס גאנצע פעלד. דאָ מיינט מען א פעלד, א „בית הבעל", וואָס האָט גענוג רעגן־וואסער, און אפילו מען וועט עס ניט באוואסערן וועלן די תבואות ניט קאַליע ווערן, און דארי־בער טאָר מען ניט באוואסערן אים חול המועד. זרעים, געוויקסן, וועלכע מען האָט ניט באוואסערט פאר חול המועד זאָל מען ניט באוואסערן אים חול המועד. מחמת קוים האָבן זיי נאָכניט געהאָט קיין וואסער, וועלן זיי נישט קאַליע ווערן אויב זיי וועלן ניט ווערן באוואסערט ביז נאָך חול המועד. וחכמים, און די חכמים זענען מתיר ביי דעם און ביי דעם. די גמרא טייטש, אז די חכמים האַלטן, אז מען מעג באוואסערן סיי געוויקסן וועלכע האָבן נאָכניט געהאָט קיין וואסער און סיי אויך א „שדה הבעל", א פעלד, וואָס עס איז גענוג דערפאר רעגן־וואסער און נור אויב מען באוואסערט עס ווערט עס בעסער, אָבער קאַליע ווערן ניט די תבואות אפילו מען באוואסערט זיי ניט.

ד. צדין, מען מעג אים חול המועד און אים שמיטה־יאָר פאנגן דעם מויל־וואורף (אישות, קרעט, א חיה׳לע וואָס מאַכט קאַליע די פעלד) און די פעלד־מייז פון אביינער־פעלד, און פון א תבואה־פעלד ניט ווי דער שטייגער איז צו פאנגן. „אישות", זאָגט די גמרא, אז ווי אין תהלים נ״ח „אשת בל חזו שמש". דער מויל־וואורף, א חיהלע, וואָס לעבט אונטער דער ערד, איז בלינד. די משנה זאָגט, אז מען מעג דעם מוילוואורף און די פעלד־מייז פאנגן אים חול המועד און אים שמיטה־יאָר, נאָר דאָס פאנגן זאָל זיין ניט ווי דער שטייגער איז, מען זאָל ניט אויסגראָבן דעם גרוב כדי ארייננצולייגן דאָרט די נעץ, נאָר מען זאָל ארייננשטעקן א שטעקן און מען זאָל אזוי לאנג שאָקלן דעם שטעקן ביז עס זאָל ממילא ווערן א גרוב. לויט אַן אנדערן גירסא איז פאראן „כדרכו", „ווי דער שטייגער איז", ניט מאכן קיין ענדערונג. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז פון א ביימער־פעלד (מעג מען פאנגן אפילו) ווי דער שטייגער איז (אויסגראָבן א גרובן), און אין תבואה פעלד (מעג מען נאָר) ניט ווי דער שטייגער איז. דער טעם איז, ווייל אין א פעלד מיט ביימער מאכן זיי אָן א גרויסן שאָדן. „שדה לבן" הייסט א פעלד פון תבואה, וואו עס איז ניט פא־ראן קיין שאטן, און עס איז „ווייס" (לבן). זע אין מסכתא שביעית פרק א׳ משנה א׳ אין פירוש. ומקרין, און מען מעג פארשטאָפּן א לאָך (אין א צוים פון א גאָרטן) אים חול המועד, און אים שמיטה־יאָר מעג מען (דעם לאָך) פארבויען ווי דער שטייגער איז. אים חול המועד מעג מען פארלייגן דעם לאָך מיט שטיינער, אָבער ניט פארקלעבן מיט קאלך; און אים שמיטה־יאָר מעג מען פארבויען ווי געוויינטליך, באשמירן מיט קאלך און אזוי ווייטער. „מקרין" זאָל זיין פון וואָרט „קיר", „וואנט", פארמאַכן דעם לאָך, אז עס זאָל ווערן א וואנט.

ה. ר׳ מאיר זאָגט, אז מען מעג זען צום ערשטן מאָל נגעים (אים חול המועד)

**מיר. וחכמים אומרים לא להקל ולא להחמיר. ועוד אמר רבי מאיר, מלקט אדם עצמות אביו ואמו, מפני ששמחה היא לו. ר' יוסי אומר אבל הוא לו. לא יעורר אדם על מתו ולא יספידנו קודם לרגל שלשים יום:**

**ו. אין חופרין כוכין וקברות במועד. אבל מחנכים את הכוכין**

---

גרינגער צו מאכן אָבער ניט שווערער צו מאכן. **די תורה זאָגט** (ויקרא י"ג) **אז אויב ביי א מענטש האָט זיך באוויזן אויפן לייב אן אויסזאַץ, קרעציקייט, א נגע, זאָל דער כהן אים זען, און פעסטשטעלן צי דער מענטש דאַרף זיין טמא צי טהור. זאָגט ר' מאיר, אז דער כהן מעג זען די נגע אים חול המועד און ער מעג דעם מענטש זאָגן, אז ער איז טהור** (גרינגער צו מאכן אים), **אָבער ניט שווערער צו מאכן, ער זאָל אים ניט זאָגן אז ער איז טמא, און אויב ער זעט, אז ער איז טמא, זאָל ער שווייגן.** וחכמים, און די חכמים זאָגן (אז ער זאָל נישט זען די נגע) נישט גרינגער צו מאכן און ניט שווערער צו מאכן. **מחמת אויב דער כהן וועט זען, אז דער מענטש איז טמא טאָר ער ניט שווייגן, און ער מוז אים זאָגן, אז ער איז טמא, און דאָס וועט אים קאליע מאַכן די שמחה פון יום טוב. דעריבער זאָל מען אָפּלייגן דאָס זען די נגע ביז איבער יום טוב.** ועוד, און נאָך האָט ר' מאיר געזאָגט, א מענטש מעג (אים חול המועד) צו־זאמענקלייבן די ביינער פון זיינע (פאַרשטאָרבענע) פאָטער און מוטער, ווייל עס איז פאַר אים א שמחה. **אמאָל פלעגט מען אין ארץ ישראל קובר זיין פאַרשטאָרבענע ניט באלד אין די שטענדיקע קברים; נאָר צוערשט האָט מען דעם מת אריינגעלייגט אין א צייטווייליקן קבר און אין עטליכע יאָר שפּעטער, ווען פון מת זענען געבליבן בלויז ביינער, האָט מען די ביינער ארויסגענומען און קובר געווען אין שטענדיקן פאַמי־ליען־קבר. דאָס האָט געהייסן „ליקוט עצמות", „צוזאמענקלייבן" און איבערטראָגן די ביינער. זאָגט ר' מאיר, אז מען מעג עס טאָן אים חול המועד, ווייל עס איז אַ שמחה פאַר דעם זון, ווען זיינע עלטערן קומען ענדליך צו קבורה אין זייער פאַמי־ליען־קבר.** ר' יוסי זאָגט, אז עס איז א טרויער פאַר אים. **און דעריבער טאָר מען עס ניט טאָן אים חול המועד.** לא יעורר, א מענטש טאָרניט רופן צום קלאָגן אויף זיין פאַרשטאָרבענעם קרוב, און אויך ניט איינאָרדענען איבער אים א הספד, דרייסיק טעג פאַר יום טוב. „**עורר", „רופן צום קלאָגן", הייסט דינגען א ספּעציעלן מענטש, וועל־כער זאָל אַרומגיין צו די קרובים פון פאַרשטאָרבענעם און זיי רופן צו טרויער ווי: „קומט און וויינט מיט מיר!". „איינאָרדענען א הספד" מיינט דינגען א ספּעציעלן בעל־מספיד, וואָס זאָל האַלטן א הספד איבער דעם פאַרשטאָרבענעם. זאָגט די משנה אז דרייסיק טעג פאַר יום טוב טאָר מען דאָס ניט טאָן, ווייל דאמאָלס דאַרף מען שוין אָנגרייטן שפּייז און אַנדערע זאכן אויף יום טוב, און עס איז מורא צו האָבן, אַז מ'וועט דאָס געלט וואָס מ'דאַרף איינקויפן די יום טוב־זאכן אויסגעבן אויף די קלאָגערייען און הספּדים. דאָס וואָרט „עורר", קלאָגן איז פאַראַן אין איוב ג', ח' (העתידים עורר לויתן).**

ו. אין חופרין, מען טאָר ניט גראָבן היילן־קברים און קברים אים חול־המועד. **„כוך" מיינט מען ווען מען האַקט אויס אין דער וואַנט פון א הייל א טיף אָרט, וואו מען רוקט אריין דעם פאַרשטאָרבענעם. „קבר" מיינט סתם א קבר אויף דער ערד, ניט אין אַ הייל. זאָגט די משנה אז מען טאָר די ביידע סאָרטן קברים ניט גראָבן אים חול המועד, כדי צו קאָנען קובר זיין מתיר נאָך יום טוב.** אבל, אָבער מען מעג צוגרייטן (מחנכין) די היילן־קברים אים חול־המועד. מחנכין, „**דערציען", דאָס מיינט, א היילן־קבר, וועלכער איז שוין פאַראַן, זאָל מען אים אויסבעסערן, צו־פּאַסן, מאַכן אים לענגער אָדער קורצער, און דאָס מעג מען. דער תוספות יום טוב זאָגט, אַז דאָ מיינט מען ניט דוקא היילן־קברים נאָר אויך סתם קברים.** ועושין, און מען מעג מאכן (אויסגראָבן) א וועשעריי־גרוב (נברכת) אים חול המועד. **מחמת מען דאַרף עס האָבן פאַר די מענטשן וואָס מעגן וואשן זייערע קליידער אים חול המועד, ווי די משנה**

במועד. ועושין נברכת במועד. וארון עם המת בחצר; ר׳ יהודה אוסר, אלא אם כן יש עמו נסרים:

ז. אין נושאין נשים במועד, לא בתולות ולא אלמנות, ולא מיבמין, מפני ששמחה היא לו. אבל מחזיר הוא את גרושתו. ועושה אשה תכשיטיה במועד; ר׳ יהודה אומר לא תסוד, מפני שניוול הוא לה:

ה. ההדיט תופר כדרכו, והאומן מכליב. ומסרגין את המטות. ר׳ יוסי אומר, אף ממתחין:

---

לערנט ווייטער פרק ג׳ משנה ב׳. דאָס וואָרט „נברכת״ אלס וועשעריי־גרוב איז פאראן אויך אין מסכתא בבא בתרא פרק ב׳ משנה א׳. דאָס זאָל האָבן א שייכות מיט „ברכה״ (ישעיה ז׳, ג׳ און אנדערע ערטער אין תנך), א טיף אָרט צו זאמלן וואסער. וארון, און מען מעג (אים חול המועד) מאַכן אן ארון (א קאסטן צו באגראָבן אין אים א פארשטאָרבענעם) מיט דעם פארשטאָרבענעם אין הויף. מען מעג שניידן ברעטער און מאכן דעם ארון, אָבער דאָס מעג מען טאָן נור אין הויף, וואו דער מת געפינט זיך, כדי מענטשן זאָלן וויסן, אז דאָס ארבייט מען אן ארון פאר דעם מת. ר׳ יהודה זאָגט, אז נור ווען עס איז שוין פאראן מיט אים ברעטער. ר׳ יהודה איז מתיר צו מאכן דעם ארון אָבער נור ווען עס איז שוין פאראן צוגעשניטענע ברעטער; דאקייגן שניידן ברעטער טאָר מען ניט.

ז. אין נושאין מען טאָר ניט אים חול המועד חתונה האָבן מיט א פרוי, ניט מיט א מיידל און ניט מיט אן אלמנה, און מען טאָר אויך ניט מייבם־זיין, ווייל עס איז א שמחה פאר אים. מייבם זיין הייסט ווען איינער שטאַרבט אָן קינדער און זיין ברודער האָט חתונה מיט דעם פארשטאָרבענעמס ברודערס פרוי, דער אלמנה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא יבמות). די משנה לערנט אז מען טאָר ניט חתונה האָבן און ניט מייבם זיין, ווייל דאָס איז א שמחה, און מען טאָר אים יום טוב און אים חול המועד, ווען עס איז א מצוה צו פרייען זיך שמחת יום טוב, ניט אויסמישן די יום טוב שמחה מיט אַן אַנדערער שמחה (אין מערבין שמחה בשמחה). אבל, אָבער איינער מעג צוריק חתונה האָבן מיט זיין גע׳גטע פרוי. ווייל דאָס איז שוין ניט אזא גרויסע שמחה, ווי מיט אַ פרוי וועלכע ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט. ועושה, און א פרוי מעג מאכן אירע באַפּוצונגן אים חול המועד. „תכשיטין״ הייסט צירונג, אָבער דאָ מיינט מען באַפּוצונגן, ווי פארבן זיך דאָס געזיכט, ארום די אויגן וכדומה. ר׳ יהודה זאָגט, אז זי זאָל זיך ניט באַשמירן מיט קאַלך, ווייל עס פאראומרייניקט איר. פרויען פלעגן זיך אַמאָל באַשמירן דעם קערפּער מיט קאַלך, כדי דער קערפּער זאָל דערנאָך ווערן ווייסער. זאָגט די משנה, אז ווייל איצט, ווען זי באשמירט זיך מיט קאַלך ווערט דאָך דער קערפּער שמוציק און די פרוי האָט צער דערפון, דאַריבער טאָר מען עס ניט טאָן אים חול המועד.

ה. ההדיוט, דער ניט־בעל־מלאכה מעג נייען (אים חול המועד) ווי זיין שטייגער איז (אָן שום ענדערונגן), אָבער דער בעל מלאכה (דער שניידער) מעג נייען ניט־גלייכע נעיט. „מכליב״ זאָל זיין פון וואָרט „כלב״, „הונט״, און די ניט גלייכע נאָטן זען אויס ווי די ציין פון אַ הונט. דאָס איז אַנדערש ווי אַ שניידער נייט געווינטליך, און דאריבער מעג ער עס טאָן אים חול המועד. ומסרגין, און מען מעג (אים חול המועד) פלעכטן (די שטריק פון) די בעטן. די בעטן זענען געמאַכט פון שטריק, וועלכע זענען אדורכגעפלאָכטן אין דער לענג און אין דער ברייט. ר׳ יוסי זאָגט, אז מען מעג צוזאמענציען. פלעכטן טאָר מען ניט, אָבער אויב די שטריק זענען געוואָרן לויז, מעג מען זיי צוזאמענציען. אין טייל משניות איז די גירסא „אף ממתחין״, און דער רמבם טייטשט אז אויך דאָס מיינט, אז נור צוזאמענציען מעג מען.

ט. מעמידין תנור וכירים ורחים במועד. ר׳ יהודה אומר, אין מכב־שין את הרחים בתחלה:

י. עושין מעקה לגג ולמרפסת מעשה הדיוט, אבל לא מעשה אומן. שפין את הסדקין ומעגילין אותן במעגילה ביד וברגל, אבל לא במחל־צים. הציר, והצינור, והקורה, והמנעול, והמפתח שנשברו, מתקנן במועד, ובלבד שלא יכוין מלאכתו במועד. וכל כבשין שהוא יכול לאכול מהן במועד, כובשן:

## פרק ב.

א. מי שהפך את זיתיו, ואירעו אבל או אונס, או שהטעוהו פועלים,

---

ט. מעמידין, מען מעג אוועקשטעלן אן אויוון און א קיך און א מיל אים חול המועד: ר׳ יהודה זאָגט, אז מען טאָרניט אויסקלאַפּן (די שטיינער) פון א מיל אויפסניי. **דער רא״ש טייטשט, אז מען טאָרניט אויסקלאַפּן די שטיינער פון א נייער מיל, אָבער פון אן אלטער מעג מען, און דאָס איז דער טייטש פון וואָרט „בתחילה״.**

י. עושין, מען מעג מאַכן (אים חול המועד) א גאנעק צו א דאַך (א צוים ארום א דאַך) און צו א גאלעריע, די ארבייט פון א ניט־בעל־מלאכה, אָבער ניט די ארבייט פון א בעל מלאכה. **דער רמב״ם טייטשט, אז דאָס מיינט מען אז מען מעג אוועקלייגן די שטיינער איינעם אויף דעם אנדערן, אָבער ניט פארשמירן זיי מיט קאַלך און ליים.** שפין, מען מעג באשמירן די שפאלטן (אויף די דעכער) און דערנאָך זיי צופּרעסן מיט א קיילעכיקן האָלץ אָדער מיט דער האַנט אָדער מיט דעם פוס, אָבער ניט מיט א קעלנע. „מעגילה״ (פון וואָרט „עגול״, „קיילעכיק״) הייסט א קיילעכיקער לאנגער **האָלץ, מיט וועלכן מען גייט איבער די צוגעשמירטע לעכער און זיי ווערן פעסטער צוגעקלעבט, און די קלעבעכץ ווערט אויסגעגלייכט. דאָס הייסט „מעגילין״, קיי־לעכיק מאכן, אויסגלייכן. זאָגט די משנה אז מען מעג עס טאָן נור מיט דעם האָלץ, אָדער מיט דער האַנט צי מיט דעם פוס, אָבער ניט מיט דער ספּעציעלער כלי, די קעלנע, א גרויסער אייזערנער לעפל מיט א הענטל. די גמרא טייטשט, אז אויך מיט אַ האָלץ טאָר מען ניט, און אז די משנה מיינט אז מען מעג צופּרעסן מיט דער האַנט און מיטן פוס, א שטייגער ווי מען מאַכט מיט א האָלץ (כעין מעגילה).** הציר, די טיר־אנגל (זאוויאַסע) און דער אנגל־לאָך־אייזן און דער באלקן און דער שלאָס און דער שליסל, אויב זיי זענען געוואָרן צובראָכן, מעג מען זיי פאַרריכטן אים חול המועד. אָבער מען טאָרניט (פאר יום טוב) בכוונה אָפּלייגן די ארבייט (צו פארריכטן זיי) ביז חול המועד. **„ציר״ הייסט דער אנגל־האקן, די זאוויאַסע אויף וועלכן מען הענגט אויף די טיר. „צינור״ הייסט דער אייזן מיט דעם לאָך, אין וועלכן דער אנגל־האקן, די זאוויאַסע גייט אריין. „קורה״ הייסט א באלקן. די משנה זאָגט, אז מען מעג זיי פאררריכטן אים חול המועד, נאָר מען טאָר ניט עקסטרא אָפּלייגן דאָס פארריכטן אויף חול המועד.** וכל כבשים, און אלע איינגעלייגטע עסנווארג (ווי איינגעלייגטע גרינס צי פיש אין זאלץ און עסיק), וואָס מען קאָן זיי עסן אים חול המועד (זיי וועלן געשווינד ווערן גוט צום עסן זיי אין חול המועד) מעג מען איינלייגן אין חול המועד. **ווייל דאָס הייסט געטאָן אן ארבייט פון וועלכער מען האָט נוצן אים חול המועד זעלבסט.**

## פרק ב.

א. מי שהפך, אויב איינער האָט איבערגעדרייט זיינע איילבירטן און ער איז געוואָרן אן אָבל אָדער עס האָט אים געטראָפן א שטערונג, אָדער די ארבייטער האָבן אים אָפּגענארט (און ער האָט ניט געקאָנט פארענדיקן די ארבייט ארום די איילבירטן און דערווייל איז געוואָרן חול המועד) זאָל ער ארויפלייגן (אויף די איילבירטן) דעם ערשטן קלאָץ, און זיי לאָזן ליגן ביז נאָך חול המועד, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **ווען מען**

**טוען קורה ראשונה ומניחה לאחר המועד, דברי ר׳ יהודה. ר׳ יוסי אומר, זולף וגומר וגף כדרכו:**

**ב. וכן מי שהיה יינו בתוך הבור, ואירעו אבל או אונס, או שהטעוהו פועלים, זולף וגומר וגף כדרכו, דברי ר׳ יוסי. ר׳ יהודה אומר, עושה לו לימודים, בשביל שלא יחמיץ:**

**ג. מכניס אדם פירותיו מפני הגנבים; ושולה פשתנו מן המשרה,**

---

ווייל אויספרעסן איילבירטן און מאכן פון זיי אייל, לייגט מען זיי צוערשט אריין אין א כלי (וואָס הייסט „מעטן״), און זיי ליגן אזוי לאנג דאָרט ביז זיי ווערן ווייך. דערנאָך דריקט מען זיי איבער, מען מישט זיי אדורך. נאָכן איבערדרייען מוז מען די איילבירטן באלד אריינלייגן אין אייל־קעלטער, און ארויפלייגן אויף זיי א קלאָץ (דעם „ערשטן״ קלאָץ), כדי דער אייל זאָל פון זיי ארויסרינען. דערנאָך לייגט מען אויף זיי ארויף א צווייטן קלאָץ, כדי דער אייל זאָל פון זיי נאָכמער ארויסרינען. דערנאָך גיסט מען דעם אייל אין פעסער און מען פארשטאָפּט די פעסער. אויב מען לייגט ניט ארויף דעם קלאָץ אויף די איילבירטן באלד נאָכדעם ווי מען האָט זיי איבערגעדרייט, ווערן די איילבירטן קאליע. זאָגט די משנה, אז אויב נאָכדעם ווי מען האָט די איילבירטן איבערגעדרייט, איז דער מענטש געוואָרן אן אבל, און ער האָט ניט געקאָנט פארענדיקן די ארבייט, אָדער עס האָט אים געטראָפן אן אנדערע שטערונג, אָדער די ארבייטער האָבן אים אָפּגענארט, זיי האָבן אים צוגעזאָגט צו קומען צו דער ארבייט און זיי זענען ניט געקומען, — און דערווייל איז געוואָרן חול המועד, מעג ער ארויפלייגן אים חול המועד אויף די איילבירטן דעם ערשטן קלאָץ. אָבער מיט די ווייטערדיקע ארבייטן מוז ער שוין וואַרטן ביז נאָך חול המועד. ר׳ יוסי זאָגט, אז ער מעג (אים חול המועד) אריינשיטן (די איילבירטן אין אייל־קעלטער) און פארענדיקן (די גאנצע ארבייט, ארויסקריגן דעם גאנצן אייל און אריינגיסן אים אין די פעסער) און פארשטאָפּן זיי ווי זיין שטייגער איז. מחמת ער איז דאָך געצווינגן געווען צו וואַרטן ביז חול המועד, אז דער אייל קאָן, מעגליך, קאליע ווערן, און מען איז דאריבער אים מתיר צו טאָן די גאנצע אַרבייט.

ב. וכן, און אזוי (איז אויך דער דין) אויב ער האָט געהאַט זיין ווייַן (אויסגעפרעסט פון ווייַן טרויבן) אין גרוב (פון ווייַן־קעלטער) און ער איז געוואָרן אן אבל אָדער ער האָט אים געטראָפן א שטערונג, אָדער די ארבייטער האָבן אים אָפּגענאַרט און עס איז געוואָרן חול המועד (און דער ווייַן קאָן קאליע ווערן), מעג ער אים איבערגיסן און פארענדיקן (די ארבייט ארום אים) און (אריינגיסן דעם ווייַן אין פעסער און) פארשטאָפּן (די פעסער) ווי זיין שטייגער איז, אזוי זאָגט ר׳ יוסי. **עס איז דערזעלביקער דין וואָס אין דער פריערדיקער משנה ביי די איילבירטן, און ר׳ יוסי האַלט, אַז מען מעג טאָן די גאַנצע אַרבייט.** ר׳ יהודה זאָגט, אַז ער מעג (נאָר) דעם ווייַן פאַרדעקן מיט ברעטער, כדי ער זאָל ניט זויער ווערן. **אָבער די ווייטערדיקע ארבייט זאָל ער אָפּלייגן ביז נאָך חול המועד. אויך דאָ האַלט ר׳ יהודה אזוי ווי ער האָט געזאָגט פריער אין דער משנה ביי די איילבירטן. וועגן וואָרט „לימודים״ אלס ברעטער זענען פאראן א סך חקירות, ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ מיינט אַז דאָס איז דער גריכישער בוכשטאַב „לאַמבדא״, וואָס זעט אויס ווי צוויי ברעטער, וועלכע רירן זיך אָן ביי איין שפּיץ. דאָס לייגט זיך זייער ניט אויפן שכל. דער „ערוך״ מיינט אַז דאָס איז ווי „עמודים״, זיילן, ברעטער.**

ג. מכניס, מען מעג (אים חול המועד) אריינטראָגן (פון דרויסן אין הויף צי אין שטוב אריין) די פרוכטן צוליב מורא פאר גנבים; און מען מעג ארויסנעמען דעם פלאקס פון ווייק־פאַס, כדי ער (דער פלאקס זאָל ניט קאליע ווערן (דורך ליגן צו־לאנג אין וואַסער), אָבער מען טאָרניט בכוונה אפּלייגן (פאר חול המועד) די ארבייט אויף חול המועד. „שולה״ **איז דער טייטש ארויסנעמען א זאך פון וואַסער.**

**בשביל שלא תאבד, ובלבד שלא יכוין את מלאכתו במועד. וכולן אם כיוונו מלאכתן במועד, יאבדו:**

**ד. אין לוקחין בתים, עבדים ובהמה, אלא לצורך המועד, או לצורך המוכר, שאין לו מה יאכל. אין מפנין מבית לבית, אבל מפנה הוא לחצרו. אין מביאין כלים מבית האומן; אם חושש להם, מפנן לחצר אחרת:**

**ה. מחפין את הקציעות בקש. ר׳ יהודה אומר אף מעבין. מוכרי פירות כסות וכלים מוכרים בצנעה לצורך המועד. הציידין והדשושות והגרוסות עושין בצנעה לצורך המועד. ר׳ יוסי אומר, הם החמירו על עצמן:**

---

„משרה״ איז פון „שרה״, ווייקן, און דאָ מיינט מען די גרויסע פאַס מיט וואַסער, אין וועלכער דער פלאַקס ווייקט זיך. וכולן, און די אַלע אויב מען האָט בכוונה (פאַר חול המועד) אָפּגעלייגט די אַרבייט אויף חול המועד, זאָלן זיי פאַרלוירן גיין, דער רמבם טייטשט, אַז דאָס בית דין דערקלערט די אַלע זאַכן, די פּרוכטן און דעם פלאַקס, אַלס הפקר און יעדער מעג זיי צונעמען. רש״י און אַנדערע מפרשים טייטשן „יאבדו״, זיי זאָלן פאַרלוירן גיין, דאָס הייסט, מען טאָר זיי ניט נוצן.

ד. אין לוקחין, מען טאָרניט קויפן (אים חול המועד) הייזער אָדער שקלאַפן אָדער אַ בהמה, סיידן מען דאַרף זיי נוצן אים חול המועד, אָדער דער פאַרקויפער דאַרף פאַרקויפן, ווייל ער האָט ניט וואָס צו עסן. „נוצן אים חול המועד״ מיינט מען אַ הויז גלייך צו וואוינען, און שקלאַפן גלייך צום באַדינען, און אַ בהמה גלייך צום שעכטן. אין מפנין, מען טאָר ניט (אים חול המועד) איבערטראָגן (זאַכן אָדער תבואה) פון איין הויז אין אַן אַנדערן הויז, אָבער מען מעג אַרויסטראָגן אין הויף אַריין. דער ברטנורא טייטשט אויפן יסוד פון דער גמרא, אַז איבערטראָגן דורך דער גאַס, וואו אַלע מענטשן זען, טאָר מען ניט; אָבער איבערטראָגן פון איין הויז אין אַנדערן הויז אין זעלבן הויף מעג מען, ווייל דאָס הייסט בצינעא, ניט אַלע מענטשן זען. אין מביאין, מען טאָר ניט (אים חול המועד) ברענגען כלים פון בעל מלאכה׳ס הויז. מיט „כלים״ מיינט מען קליידער און בכלל אַלע זאַכן, וואָס דער בעל מלאכה האָט אויסגעאַרבייט. מען טאָר ניט אָפּנעמען אים חול המועד, מחמת מענטשן קאָנען מיינען, אַז מען האָט זיי געגעבן צו פאַרריכטן אים חול המועד. אָבער אויב מען דאַרף די זאַכן האָבן אים חול המועד (ווי קישנס צום שלאָפן, כוסות צום טרינקען) מעג מען, אם חושש, אויב מען האָט מורא פאַר זיי (טאָמער וועט מען זיי צוגנבענען פון בעל מלאכה׳ס הויז, אָדער אַז דער בעל מלאכה קאָן זיי פאַרהאַלטן און מאָנען נאָכאַמאָל געלט) מעג מען זיי איבערטראָגן אין אַן אַנדערן הויף. מען מעג זיי אין אַזאַ פאַל יאָ אַרויסנעמען פון בעל מלאכה׳ס הויז.

ה. מחפין, מען מעג (אים חול המועד) צודעקן געטרוקנטע פייגן (וועלכע ליגן אויסגעשפּרייט אין פעלד צום טרוקענען) מיט שטרוי (צוליב מורא פאַר אַ רעגן); ר׳ יהודה זאָגט, אַז מען מעג אויך מאַכן אַ בערגל. מען מעג אַרויסוואַרפן די פייגן איינע אויף די אַנדערע און מאַכן דערפון אַ בערגל. „מעבין״ איז פון „עבה״, מאַכן דיק. סוחרים וואָס פאַרקויפן פּרוכטן, קליידער און זאַכן מעגן (אים חול המועד) פאַרקויפן שטילערהייט (בצינעא צום געברויך אין חול המועד. די גמרא זאָגט, אַז „בצנעא״ מיינט, אַז מען זאָל האַלטן די קראָם אין גאַס אַ האַלבע טיר אָפן און אַ האַלבע טיר פאַרמאַכט. הציידין, מענטשן וואָס פאַנגן (פיש צי פייגל), און גרויפּן־מאַכער, און מענטשן וואָס צעשפּאַלטן באָבעס, מעגן אַרבייטן שטילערהייט צום גע־ברויך פון חול המועד. „דשושות״ מיינט מען אַזעלכע וואָס צעמאָלן ווייץ און גערשטן און מאַכן דערפון גראָבע גרויפּן, קאַשע. „גרוסות״ מיינט מען מענטשן, וועלכע צע־האַקן באָבעס, אַז מען זאָל זיי בעסער קאָנען קאָכן. זאָגט די משנה אַז מען מעג עס

## פרק ג.

**א. ואלו מגלחין במועד: הבה ממדינת הים, ומבית השביה, והיוצא מבית האסורין, והמנודה שהתירו לו חכמים, וכן מי שנשאל לחכם והותר. והנזיר, והמצורע (העולה) מטומאתו לטהרתו:**

**ב. ואלו מכבסין במועד: הבא ממדינת הים, ומבית השביה, והיוצא מבית האסורים, והמנודה שהתירו לו חכמים, וכן מי שנשאל לחכם והותר, מטפחות הידים, ומטפחות הספרים, ומטפחות הספג, הזבין, והזבות, והנדות, והיולדות, וכל העולין מטומאה לטהרה, הרי אלו מותרין, ושאר כל אדם אסורין:**

---

**טאָן אים חול המועד שטילערהייט, בצינעא, אויב מען וויל נוצן די מאכלים אים חול המועד.** ר' יוסי זאָגט, אז זיי (די פאנגערס און די גרויפן־מאַכערס און די באָבעס־צעהאקערס) האָבן מחמיר געווען אויף זיך. **זיי זענען זיך נוהג ניט צו ארבייטן אין חול המועד אפילו שטילערהייט.**

א. ואלו מגלחין, און די דאָזיקע מעגן זיך אָפּשערן אין חול המועד; דער וואָס קומט (חול המועד) פון א רייזע פון יענע־זייט־ים־לענדער; אָדער פון א געפענגניש; אָדער איינער וואָס איז (חול המועד) באפרייט געוואָרן פון א תפיסה; אָדער איינער וואָס איז געלעגן אין חרם און די חכמים האָבן (חול המועד) אים אראָפּגענומען (דעם חרם); אָדער איינער (וואָס האָט א נדר געטאָן ניט צו שערן זיך און) ער האָט זיך געפרעגט ביי אַ חכם און דער חכם האָט אים (חול המועד) מתיר־נדר געווען; אָדער א נזיר (וואָס איז געווען א נזיר און האָט זיך ניט געטאָרט אָפּשערן און ער איז געוואָרן אויס נזיר); אָבער אַ מצורע אַ קרעציקער) וואָס איז געוואָרן (אין חול המועד) אויס טמא און איז געוואָרן טהור. **דער איסור פון אפשערן זיך אין חול המועד איז כדי מען זאָל זיך אָפּשערן פאר יום טוב. אָבער די דאָזיקע מענטשן האָבן די חכמים מתיר געמאַכט אָפּצושערן אים חול המועד ווייל זיי האָבן פריער ניט געקאָנט אָדער ניט געטאָרט זיך אָפּשערן, דער וואָס קומט פון א ווייטער רייזע, אָדער פון א געפענגניש אָדער פון א תפיסה האָט ניט געקאָנט זיך אָפּשערן. און דער וואָס איז געלעגן אין חרם, אָדער דער מיטן נדר, אָדער דער נזיר אָדער דער מצורע האָבן זיך ניט געטאָרט שערן.**

## פרק ג.

ב. ואלו מכבסין, און די דאָזיקע מעגן וואשן (זייערע קליידער און וועש) אים חול המועד: דער וואָס קומט פון א רייזע אין יענע־זייט־ים־לענדער; אָדער פון א געפענגניש; אָדער איינער וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון תפיסה; אָדער איינער וואָס איז געלעגן אין חרם און די חכמים האָבן פון אים אראָפּגענומען (דעם חרם); און אזוי אויך איינער, וואָס (האָט געטאָן א נדר ניט צו וואשן די קליידער און) אַ חכם האָט אים מתיר נדר געווען. **דאָס מיינט מען אַלץ, אַז עס איז פאַרגעקומען אין חול המועד, און דאריבער מעגן זיי, ווייל פריער האָבן זיי ניט געקאָנט וואשן.** מטפחות, (מען מעג אויך וואשן אים חול המועד) האַנטוכער (אָפּצווישן זיך די הענט), טיכער פון שערער וואָס שערער לייגן ארויף אויף דעם מענטשן ביים אָפּשערן אים), און טיכער אָפּצווישן זיך (אין מרחץ). **אויך די אַלע מעג מען, ווייל מען מוז זיי דאָך שטענדיק וואשן, ווארום זיי ווערן דאָך פארשמוציקט. ביים שערער מיינט מען דאָ, ווען ער דארף האָבן די טיכער פאר די מענטשן, וועמען ער מעג אָפּשערן אים חול המועד און וועלכע זענען אויסגערעכנט פריער אין משנה א'.** הזבין, (עס מעגן אויך וואשן זייערע קליידער און וועש) זבין זבות, נידות און קימפעטאָרינס און אלע וועלכע ווערן אויס טמא און ווערן טהור; די דאָזיקע מעגן, און אלע אנדערע מענטשן טאָרן ניט. **דאָ זאָגט, די משנה, אז בכלל אלע מענטשן, וועלכע זענען געווען טמא און זענען אים חול המועד געוואָרן טהור, מעגן וואשן זייערע קליידער און וועש.**

**ג. ואלו כותבין במועד: קידושי נשים, גיטין, ושוברין, דייתיקי, מתנה, ופרוזבולין, אגרות שום, ואגרות מזון, שטרי חליצה ומיאונים, ושטרי בירורין, וגזירות בית דין, ואגרות של רשות:**

**ד. אין כותבין שטרי חוב במועד. ואם אינו מאמינו, או שאין לו מה יאכל, הרי זה יכתוב. אין כותבים ספרים תפילין ומזוזות במועד.**

---

**זבין און זבות, הייסן מענער און פרויען, פון וועלכע עס האָט געריננען („זב", רינען) אן אומריינע פליסיקייט, און זיי זענען טמא 7 טעג, און דערנאָך ווערן זיי טהור. פּרטים געבן מיר אין דער הקדמה צו מסכתא „זבים". „נידות" הייסן פרויען אין זייער מענסטרואציע (בלוטיגונגס-צייט); אויך זיי זענען טמא 7 טעג און דערנאָך ווערן זיי טהור, דאָס זעלביקע איז אַ קימפּעטאָרין טמא און זי ווערט דערנאָך טהור.**

ג. ואלו, און די דאָזיקע (זאכן) מעג מען שרייבן אין חול המועד: די קידושין פון די פרוי. **א פרוי קאָן מען מקדש זיין מיט א שטר, דאָס הייסט, דער מאַן שרייבט אויף אַ פּאַפּיר אָדער אַ שערבל „הרי את מקודשת לי", דו ביזט צו מיר מקודש", און גיט עס דער פרוי און זי ווערט זיין פרוי. זאָגט די משנה אז מען מעג עס שרייבן אין חול המועד, דער טעם איז, ווייל אן אנדערער קאָן אים אמאָל אויסכאַפּן די פרוי, און עס הייסט ווי א זאך, וואָס קאָן פארלוירן גיין.** גיטין, (מען מעג שרייבן) גיטין. **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, ווען איינער גייט אוועק אים חול המועד אין אַ ווייטן וועג, און די פרוי קאָן בלייבן א עגונה.** ושוברין, חובות-קוויטונגן. **„שובר" איז פון „שבר", צעברעכן, און דאָס מיינט, ווען איינער באַצאָלט דעם אנדערן אַ חוב, און יענער גיט אים א קוויטינג, אז ער האָט באַקומען דאָס געלט. מען מעג עס, ווייל דער לוה קאָן אים אמאָל ניט באַצאָלן דאָס געלט.** דייתיקי, צוואות. **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז די ראשי תבות פון „דאָ תהא למיקם", דאָס זאָל געשען. דער „ערוך" זאָגט, אז אין גריכיש הייסט א צוואה „דיאטעקע".** מתנה, א מתנה, אָדער אַ פּרוזבול. **מתנה מיינט א שטר, א דאָקומענט, אז איינער שיינקט א צווייטן א זאך, „פּרוזבול" מיינט אַ דאָקומענט, אז איינער גיט איבער צום בית דין אלע חובות אויפ־צומאָנען, כדי ווען עס גייט אריבער שמיטה־יאָר זאָלן די חובות ניט פאַרפאַלן ווערן (זע מסכתא שביעית פּרק י' משנה ג').** אגרות, אפּשאַצונגס-בריף. **אויב איינעם קומט געלט ביי אַ צווייטן און יענער וויל ניט באַצאָלן און ער האָט פעלדער, שאַצט אָפּ בית דין די פעלדער און גיט ארויס דעם מלוה א בריף, אז די פעלדער זענען אָפּגע־שאַצט געוואָרן פאַר אזוי פיל און זיי זענען זיינע.** אגרות מזון, שפּייזונגס-בריף (וואָס דער מאַן שרייבט, אז ער איז זיך מתחייב צו שפּייזן זיין פרוי'ס טאָכטער פון ערשטן מאַן). **פאַראַן אויך א טייטש אז דאָס זענען בריף פון בית דין וועלכע האָבן פאַרקויפט די פעלדער פון א מאַן כדי צו שפּייזן זיין פרוי און זיין טאָכטער.** שטרי חליצה, דאָ־קומענט פון בית-דין, אז דער און דער מאַן האָט געגעבן חליצה, זיין שוועגערין. **וועגן חליצה זע אין דער הקדמה צו מסכתא יבמות.** ומיאונים, (דאָקומענט פון בית דין, אז א יינג קינד, וואָס איר מוטער האָט איר חתונה געמאַכט, האָט ממאן געווען דער־קלערט, אז זי וויל ניט דעם מאַן). **זע וועגן דעם אין מסכתא יבמות פּרק א' משנה א'.** ושטרי בירורין, דאָקומענטן (וועגן בוררות). **ווען צוויי מענטשן האָבן א דין תורה, און זיי שרייבן אונטער א דאָקומענט, אז זיי פאַרלאָזן זיך אויף די און די בוררים. זע אין מסכתא סנהדרין פּרק ג' משנה א'.** וגזירות, און פּסק דין פון א בית דין. **אויך דאָס מעג מען שרייבן אין חול המועד.** ואגרות של רשות, און בריף פון דער רעגירונג. **דאָס הייסט באַפעלן וואָס די רעגירונג האָט צוגעשיקט. אַן אנדערער טייטש איז פּריוואַטע בריף.**

ד. אין כותבין, מען טאָרניט שרייבן קיין וועקסל אים חול המועד; און אויב ער (דער מלוה) גלויבט ניט אים (דעם וואָס וויל ביי אים באָרגן געלט), אָדער ער (דער סופר, וואָס שרייבט וועקסלן) האָט ניט וואָס צו עסן (און ער לעבט נור דערפון וואָס ער באַקומט פאַר אָנשרייבן דעם וועקסל), מעג מען שרייבן. **אזוי טייטשט די**

**ואין מגיהין אות אחת אפילו בספר עזרא. ר׳ יהודה אומר, כותב אדם תפילין ומזוזות לעצמו. וטווה על יריכו תכלת לציציתו:**

**ה. הקובר את מתו שלשה ימים קודם לרגל, בטלה הימנו גזרת שבעה, שמונה — בטלה הימנו גזרת שלשים, מפני שאמרו שבת עולה ואינה מפסקת, רגלים מפסיקין ואינן עולין:**

**ו. ר׳ אליעזר אומר, משחרב בית המקדש, עצרת כשבת. רבן גמליאל אומר ראש השנה ויום הכיפורים כרגלים. וחכמים אומרים, לא**

---

**גמרא. אז „שאין לו מה יאכל״ גייט ארויף אויפן סופר.** אין כותבין, מען טאָרניט שרייבן ספרים (תנך), תפילין און מזוזות אים חול המועד, און מען טאָר ניט מגיה זיין (פארריכטן קאליע געוואָרענע אותיות אין א ספר תורה) אפילו אין דער ספר תורה פון דער עזרה. „עזרה״ **הייסט דער בית המקדש־הויף, און דאָרט האָט זיך געפונען א ספר תורה. אן אנדערע גירסא איז „עזרא״, אין דער ספר תורה, וואָס האָט געשטאמט פון עזרא הסופר.** ר׳ יהודה זאָגט, אז א מענטש מעג שרייבן תפילין און מזוזות פאר זיך אליין (ניט פאר אַנדערע מענטשן), און מעג שפינען אויף זיין שויס תכלת צו מאַכן ציצית (פאר זיין טלית). **ער מעג אוועקלייגן אויף זיין שויס דעם פאָדעם און אים וועבן מיט דער האַנט ביז ער ווערט אַ ציצית־פאָדעם.**

ה. הקובר, אויב מען האָט ביי איינעם קובר געווען זיין מת (זיין פארשטאָרבענעם קרוב נאָך וועלכן מען איז אן אבל) דריי טעג פאר יום טוב, ווערט פון אים בטל (אוועקגענומען) די שבעה. **און אבל הייסט, אויב ביי איינעם איז געשטאָרבן אַ פאָטער אָדער אַ מוטער, אָדער אַ ברודער אָדער א שוועסטער, אָדער א קינד, אָדער א מאן אָדער אַ פרוי, און אבל דאַרף זיצן זיבן טעג אין שטארקן טרויער; דאָס הייסט שבעה, וועלכע הייבט זיך אָן נאָכן קובר זיין דעם פארשטאָרבענעם. נאָך דער שבעה דאַרף מען זיין נאָך 23 טעג אין אַ שוואכערן טרויער; דאָס הייסט „שלשים״ (דרייסיק) ווייל צוזאמען מיט די 7 טעג שבעה איז עס דרייסיק טעג. זאָגט די משנה אז אויב די קבורה איז פאָרגעקומען 3 טעג פאר יום טוב, דאַרף מען נאָך יום טוב ניט מער זיצן קיין שבעה.** שמונה, (אויב די קבורה איז פאָרגעקומען) אכט טעג (פאר יום טוב) דאַרף מען שוין ניט אָפהיטן די שלושים (די דרייסיק טרויער־טעג). **און מען מעג זיך אָפשערן וכדומה זאכן, וואָס מען טאָרניט טאָן אין שלושים.** מפני, ווארום זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט, אז שבת ווערט אריינגערעכנט (אין די שבעה־טעג) אָבער איז ניט מפסיק, און ימים טובים זענען מפסיק אָבער זיי ווערן ניט אריינגערעכנט. **דער טייטש איז, אז אויב שבת איז אין מיטן די 7 טעג שבעה, ווערט דער שבת־טאָג פאררעכנט אלס איינער פון די 7 טעג, אָבער נאָך שבת דאַרף מען ווייטער זיצן שבעה. דאקייגן אויב מען האָט קובר געווען דעם מת דריי טעג פאר יום טוב, איז דער יום טוב מפסיק די שבעה, ער האַקט זי איבער, און נאָך יום טוב דאַרף מען ניט זיצן קיין שבעה; אָבער אויב מען האָט אים קובר געווען נאָך 2 טעג פאר יום טוב, ווערט דער יום טאָג ניט אריינגערעכנט.**

ו. ר׳ אליעזר זאָגט, אז זינט (דער צייט ווען) דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן האָט שבועות דעם דין ווי שבת (בנוגע שבעה און שלשים). **שבועות איז נור איין טאָג** (נור אין די גלות־לענדער איז עס 2 טעג). **אָבער ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען האָט מען געקאָנט מקריב זיין די קרבנות חגיגה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא חגיגה) פון שבועות 6 טעג נאָך שבועות, דאָס הייסט גאנצע 7 טעג (אריינרעכנדיק דעם שבועות־טאָג). דעריבער האָט שבועות געהאָט דעם דין ווי פסח און סוכות בנוגע אבלות. אָבער זינט דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן, זענען דאָך קרבנות ניטאָ, איז דאָך שבועות ניט מער ווי איין טאָג יום טוב, האָט ער דעם דין ווי שבת.** רבן גמליאל זאָגט, אז ראש השנה און יום כיפור האָבן (בנוגע אבלות), דעם דין ווי ימים טובים (ווי פסח און סוכות); און די חכמים זאָגן אז ניט ווי די

**כדברי זה ולא כדברי זה, אלא עצרת כרגלים. ראש השנה ויום הכיפו־רים כשבת:**

**ז. אין קורעין, ולא חולצין, ואין מברין, אלא קרוביו של מת, ואין מברין אלא על מטה זקופה. אין מוליכין לבית האבל לא בטבלא, ולא באסקוטלא, ולא בקנון, אלא בסלים. ואין אומרים ברכת אבלים במועד, אבל עומדין בשורה, ומנחמין ופוטרין את הרבים:**

**ח. אין מניחין את המטה ברחוב, שלא להרגיל את ההספד: ולא**

---

ווערטער פון דעם (פון ר' אליעזר) און ניט ווי די ווערטער פון דעם (פון רבן גמ־ליאל), נאָר שבועות האָט דעם דין ווי ימים טובים, און ראש השנה און יום כיפור האָבן דעם דין ווי שבת. **די מפרשים זאָגן, אז דער דין איז ניט ווי די בײדע משנות, און אויב אפילו מען האָט קובר געווען דעם מת איין שעה פאַר יום טוב, נעמט יום טוב צו די שבעה, און מען דאַרף נאָך יום טוב ניט זיצן שבעה; און אויב מען האָט קובר געווען 7 טעג פאַר יום טוב ווערט בטל די שלשים. ראש השנה און יום כיפור און שבועות האָבן דעמזעלבן דין ווי די אַנדערע ימים טובים, ווי פסח און סוכות.**

ז. אין קורעין, עס טאָרן ניט (אים חול המועד) רײַסן קריעה, און ניט אָפּדעקן זיך די אקסלען (חולצין), און ניט עסן די טרויער־מאָלצייט (מברין) סײַדן נאָר די קרובים פון פאַרשטאָרבענעם. **דער דין איז, אז דער קרוב פון א מת דאַרף זיך רײַסן קריעה. עס איז אויך געווען אַמאָל א מנהג, אז די קרובים פלעגן זיך אלס צייכן פון טרויער אָפּדעקן די אקסלען; דאָס האָט געהייסן „חלץ", אראָפּנעמען, אָפּדעקן זיך. עס איז אויך א דין, אז די ערשטע מאָלצייט נאָך דער קבורה זאָלן די קרובים עסן ניט זייערס, נאָר מען זאָל זיי ברענגען צו עסן. דאָס האָט געהייסן „סעודת הבראה", „מברין". זאָגט די משנה אז אים חול המועד מעגן עס טאָן נאָר די קרובים.** ואין מברין, און דעם טרויער־מאָלצייט זאָל מען (חול המועד) עסן (אין שטוב) נאָר זיצנדיק אויף אויפגעשטעלטע בעטן. **אלס צייכן פון טרויער פלעגט מען אײַנלייגן די בעטן. זאָגט די משנה אז אים חול המועד מוז מען עסן די סעודת הבראה אויף אויפגעשטעלטע בעטן.** אין מוליכין, מען טאָר ניט ברענגען (די טרויער־מאָל־צייט, סעודת הבראה) צום הויז פון אבל ניט אויף א טאַץ (טבלא, טאָוול, א דערלאַנג־טאַנץ), און ניט אויף א שיינעם (זילבערנעם) טעלער (איסקוטלא), און ניט אין א שיסל, נאָר אין קוישן. **דער דאָזיקער דין איז ניט וועגן חול המועד, נאָר בכלל, אז מען זאָל ברענגען דאָס עסן צום אבל ניט אין א שיינער פאָרם, אין שיינע כלים, נאָר אין פּראָס־טע קוישן, אלס צייכן פון טרויער. „איסקוטלא" איז דאָס לאַטיינישע וואָרט „סקו־טעלא", א טעלער. „קנון" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאַנעאָן", א שיסל.** ואין אומרים, מען זאָגט ניט די ברכות פאַר אבלים אין חול המועד, אָבער מען שטייט אין דער שורה, און מען געזעגנט די מענטשן. **ווען מען גייט צוריק פון בית הק־ברות זאָגט מען ברכות מיט די אבלים, און די מענטשן וואָס האָבן באַגלייט, שטעלן זיך אין א שורה און די אבלים גייען פאַרבײַ און מ'איז זיי מנחם אבל. זאָגט די משנה אז אים חול המועד זאָגט מען ניט די ברכות, אָבער אין דער שורה שטעלט מען זיך יאָ, אָבער מען געזעגנט זיך שנעל, כדי דער עולם זאָל באַלד אהיימגיין.**

ח. אין מניחין, מען טאָרניט (אים חול המועד) אוועקשטעלן די מיטה (דאָס טראָג־בעט, אויף וועלכער דער מת ליגט און מען פירט אים צום בית הקברות) אין דער גאַס, כדי ניט צוצוואוינען צום מאַכן א הספד. **אים חול המועד טאָר מען ניט מאַכן קיין הספד.** ולא, און פון פרויען (אויב דער מת איז אַ פרוי) טאָר מען קיין־מאָל (פילו א גאַנץ יאָר) ניט (אוועקשטעלן די מיטה מיטן מת אין גאַס), צוליב דעם כבוד (פון מת). **די גמרא לערנט אָפּ פון מרים (במדבר כ' „ותמת שם מרים ותקבר שם"), אַז ביי אַ פרוי איז דער כבוד גלייך קובר צו זיין.** נשים, פרויען מעגן אים

של נשים לעולם, מפני הכבוד. נשים במועד מענות, אבל לא מטפחות. ר׳ ישמעאל אומר, הסמוכות למטה מטפחות:

ט. בראשי חדשים בחנוכה ובפורים מענות, ומטפחות בזה ובזה, אבל לא מקוננות. נקבר המת לא מענות ולא מטפחות. איזהו עינוי? שכולן עונות כאחת; קינה? שאחת מדברת, וכולן עונות אחריה, שנאמר (ירמיה ט׳) „ולמדנה בנותיכם נהי ואשה רעותה קינה״. אבל לעתיד לבוא הוא אומר (ישעיה כ״ח) „בלע המות לנצח ומחה ה׳ אלהים דמעה מעל כל פנים״, וגומר:

(סליק מסכת מועד קטן)

---

חול המועד קלאָגן אָבער ניט פאַטשן מיט די הענט. **עס איז געווען אמאָל אַ מנהג צו דינגען פרויען, מקוננות, קלאָג־ווייבער, צו באַקלאָגן א פארשטאָרבענעם. זאָגט די משנה אַז באַוויינען מעגן זיי אים חול המועד, אָבער פאַטשן מיט די הענט, איין האַנט אין דער אנדערער, טאָרן זיי ניט.** ר׳ ישמעאל זאָגט, אז די קלאָג־ווייבער וועלכע שטייען נאָנט צו דער מיטה (מיט פארשטאָרבענעם) מעגן אויך פאַטשן מיט די הענט. **זיי מעגן עס טאָן אפילו אים חול המועד.**

ט. בראשי חדשים, אין ראש חודש און אין חנוכה און אין פורים מעגן (די קלאָג־ווייבער) קלאָגן, און זיי מעגן פאַטשן מיט די הענט אין דעם און אין דעם (אין די ראש חודש־טעג און אין חנוכה און אין פורים), אָבער זיי טאָרן ניט מקונן־זיין; נאָכדעם ווי דער פארשטאָרבענער איז באַגראָבן געוואָרן טאָרן זיי ניט קלאָגן און ניט פאַטשן מיט די הענט. **די משנה וועט באַלד דערקלערן וואָס מען מיינט „קלאָגן״ און וואָס מען מיינט „מקונן־זיין״.** איזה „עינוי״? וואָס הייסט קלאָגן? ווען אלע (קלאָג־ווייבער) קלאָגן צוזאמען; קינה? וואָס הייסט „מקונן זיין״ ווען איינע (פון די קלאָג־ווייבער, די פאַרזאָגערין) רעדט (זאָגט די קלאָג־ווערטער) און אלע (אנדערע קלאָג־ווייבער) ענטפערן איר אָפּ (מיט קלאָג־ווערטער). ווארום עס ווערט געזאָגט (ירמיה ט׳ י״ט) „ולמדנה בנותיכם נהי ואשה רעותה קינה, און לערנט אייערע טעכטער די יאָמער־קלאָגעריי און איין פרוי די אנדערע דאָס טרויער ליד״. **דערפון איז געדרינגען אַז דער „נהי״, דאָס קלאָגן איז געווען פון אלע ווייבער צוזאמען (בנותיכם), און די „קינה״ איז געווען דורך איין פרוי און אנדערע האָבן איר אָפּגעענטפערט (ואשה את רעותה, אין לשון יחיד).** אבל, אָבער לעתיד לבוא (אין דער צוקונפט, ווען משיח וועט קומען) ווערט געזאָגט (ישעיה כ״ח) „בלע המות לנצח ומחה ה׳ דמעה מעל כל פנים״ און אזוי ווייטער. **דער טייטש דערפון אין דרש איז, אז גאָט וועט פארניכטן דעם טויט אויף אייביק און וועט אָפּווישן די טרער פון יעדנס געזיכט. די משנה ענדיקט דאָ, ווי דער שטייגער איז פון דער משנה, מיט א „דבר טוב״, מיט א גוט וואָרט, א טרייסט פון פסוק.**

(סליק מסכת מועד קטן — געענדיקט די מסכתא מועד קטן)

# מסכתא חגיגה

## הקדמה

די מסכתא חגיגה, וועלכע האָט 3 פרקים, לערנט די דינים פון עולה־רגל זיין צום בית המקדש אויף די דריי ימים טובים, פסח, שבועות און סוכות, און דאָס מיט־ברענגען קרבנות. „חגיגה״ איז פון וואָרט „חג״, יום טוב. די תורה (אין שמות כ״ג י״ד) זאָגט אז דריי מאָל אין יאָר (אים פסח, שבועות און סוכות) דאַרף יעדער ייד קומען „זען״ גאָט. דאָס הייסט „ראיה״, זיך באַווייזן אין בית המקדש. עס איז די מצוה מיטצוברענגען א קרבן עולה, דאָס הייסט, א קרבן, וואָס מען איז מקריב אינ־גאַנצן אויפן מזבח און קיינער עסט ניט דאָס פלייש דערפון; דאָס הייסט „עולת ראיה״ עס איז אויך א מצוה מיטצוברענגען א קרבן שלמים, וואָס נור דאָס פעט און

# מסכתא חגיגה

## פרק א.

א. **הכל חייבין בראייה, חוץ מחרש, שוטה, וקטן, וטומטום, ואנ־דרוגינוס, ונשים, ועבדים שאינם משוחררים, החיגר, והסומא, והחולה והזקן, ומי שאינו יכול לעלות ברגליו. איזהו קטן? כל שאינו יכול לרכוב על כתפיו של אביו ולעלות מירושלים להר הבית, דברי בית שמאי; ובית הלל אומרים, כל שאינו יכול לאחוז בידו של אביו ולעלות מירו־שלים להר הבית. שנאמר „שלש רגלים״.**

ב. **בית שמאי אומרים, הראייה שתי כסף, וחגיגה מעה כסף; ובית הלל אומרים, הראייה מעה כסף וחגיגה שתי כסף:**

ג. **עולות במועד באות מן החולין, והשלמים מן המעשר. יום טוב**

---

**טייל אנדערע טיילן פון קרבן איז מען מקריב אויפן מזבח, און דאָס פלייש עסן די יידן אין ירושלים. דאָס הייסט „שלמי חגיגה״. עס איז אויך א מצוה מיטצוברענגען נאָך א קרבן שלמים, כדי מען זאָל האָבן מער פלייש צום עסן און מקיים צו זיין דער־מיט די מצוה צו זיין פריילעך אים יום טוב. דאָס הייסט שלמי שמחה. אין דער מסכתא חגיגה ווערן גערעדט צום סוף נאָך אנדערע דינים וועגן טומאה און טהרה וואָס האָבן א שייכות צו קרבנות.**

## פרק א.

א. הכל חייבין, אלע זענען מחויב זיך צו באווייזן (אין בית המקדש אין די דריי ימים טובים פסח, שבועות און סוכות) א חוץ א טויבער, א נאַר (א צעדולטער, א משוגענער), א יינג קינד, א טומטום (איינער וואָס איז ניט קיין זכר און ניט קיין נקבה), אן אנדרוגינוס (איינער וואָס האָט די סימנים פון א זכר און פון א נקבה), און פרויען, און ניט־באַפרייטע שקלאַפן, א לאָמער, און א בלינדער, און א קראַנקער, און אן אלטער מאַן, און ווער עס קאָן ניט ארויפגיין (צום בית המקדש באַרג) אויף זיינע פיס. **די גמרא ברענגט דערויף דרשות פון ווערטער אין פסוק, אז די דאָזיקע זענען ניט מחויב צו באווייזן זיך אין בית המקדש, ווי למשל פון וואָרט „זכורך״, אז ניט פרויען; פון וואָרט „רגלים״ אז נור די וועלכע קאָנען גיין מיט די פיס; פון וואָרט „יראה״, אז נור די וועלכע קאָנען זען; פון „למען ישמעו״, אז נור די וועלכע קאָנען הערן.** איזה, וואָס הייסט א יינג קינד? דער וואָס קאָן ניט רייטן אויף די אקסלען פון זיין פאָטער און ארויפגיין פון (דער שטאָט ירושלים) אויף דעם הר הבית (דעם באַרג, אויף וועלכן דאָס בית המקדש איז געשטאַנען), אזוי זאָגן די בית שמאי: און די בית הלל זאָגן, אז דער וואָס קאָן ניט אָנהאלטן זיך ביי דער האַנט פון זיין פאָטער און ארויפגיין פון ירושלים אויף דעם הר הבית, ווארום עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ג) „שלש רגלים״. **די בית הלל לערנען אָפּ פון וואָרט „רגלים״, וואָס האָט דעם טייטש טיילמאָל „ימים טובים״, און קאָן אויך געטייטשט ווערן „פיס״, קומען אין בית המקדש.**

ב. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז דער (קרבן עולה, וואָס מען דאַרף ברענגען אין בית המקדש ביים קומען) זען, דאַרף באַטרעפן (לפחות) צוויי זילבער (מעות), און (דער קרבן שלמים פון) דער חגיגה דאַרף באַטרעפן (לפחות) איין זיל־בער־מעה; און די בית הלל זאָגן, אז דער (קרבן עולה פון) זען דאַרף באַטרעפן איין זילבער־מעה און דער (קרבן שלמים פון) חגיגה צוויי זילבער־(מעות). **וועגן קרבן עולה פון „זען״ (ראיה) און קרבן שלמים פון „חגיגה״ האָבן מיר געגעבן אין דער הקדמה צו מסכתא חגיגה. „כסף״ מיינט מען דאָ די קלענסטע זילבערנע מטבע, די „מעה״, וואָס איז געווען א 24סטל פון א סלע (א 6טל פון א דינר).**

ג. עולות, קרבנות עולות אים חול המועד ברענגט מען (נור) פון חולין און די

**הראשון של פסח, בית שמאי אומרים מן החולין; ובית הלל אומרים, מן המעשר:**

**ד. ישראל יוצאין ידי חובתן בנדרים ונדבות ובמעשר בהמה. והכהנים בחטאות ואשמות ובבכור ובחזה ושוק; אבל לא בעופות ולא במנחות:**

קרבנות שלמים מעג מען אויך פון מעשר (־שני־געלט). די גמרא טייטשט, אַז די משנה לערנט דאָ צוויי דינים. דער ערשטער דין איז, אז אויב איינער טוט א נדר צו ברענגען א קרבן עולה, קאָן מען זי מקריב זיין נור אין דער וואָכנס און אין חול המועד, און ניט אים יום טוב. אָבער דעם קרבן עולה פון זען (ראיה). קאָן מען מקריב זיין אויך אים יום טוב. דער צווייטער דין איז, אז דעם קרבן עולה פון זען מוז מען ברענגען נור פון חולין־געלט, דאקייגן דעם קרבן שלמים פאר חגיגה, ווייל די בעלי בתים עסן דאָס פלייש, מעג מען ברענגען אויך פון מעשר־שני־געלט (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעשר־שני). יום טוב, דעם ערשטן טאָג יום טוב פסח ווען מען דארף ברענגען דעם קרבן שלמים פון חגיגה), זאָגן די בית שמאי, אַז (די חגיגה) מעג מען ברענגען נור פון חולין־געלט, און די בית הלל זאָגן, אז מען מעג ברענגען (אויך) פון מעשר (־שני־געלט). די משנה זאָגט „דעם ערשטן טאָג יום טוב פסח", און דיזעלבע מחלוקה פון בית שמאי און בית הלל איז אויך בנוגע דעם קרבן שלמים פון חגיגה אין שבועות און סוכות. נאָר די משנה מיינט צו זאָגן, אז דער קרבן שלמים פון חגיגה וואָס מען ברענגט ערב פסח (חגיגת ארבעה עשר) האַלטן אויך די בית שמאי, אז מען מעג ברענגען פון מעשר־שני־געלט (זע אין פסחים פרק ו' משנה ג' וועגן דער ערב פסח־חגיגה). די גמרא זאָגט, אז ווען די בית הלל זאָגן דאָ, אז מען מעג ברענגען פון מעשר־שני־געלט, מיינען זיי „בטופל", דאָס הייסט צולייגן מעשר־שני־געלט צו חולין געלט און צוזאמען קויפן בהמות פאר די חגיגה־שלמים אויב עס זענען פאראַן א סך מענטשן אין דער פאמיליע און מען דארף האָבן א סך פלייש.

ד. ישראל, ישראלים (ניט כהנים) זענען יוצא זייער חוב (צו ברענגען שמחה־שלמים) מיט נדרים און נדבות און מיט מעשר בהמה. אין דער הקדמה צו דער מסכתא האָבן מיר געגעבן אז מען האָט געדארפן ברענגען שמחה־שלמים לכבוד ימים טובים, כדי מען זאָל האָבן גענוג פלייש צום עסן. זאָגט די משנה, אז אויב אַ ישראל האָט געטאָן אַ נדר אָדער א נדבה (וועגן אונטערשיד צווישן נדר און נדבה זע מסכתא מגילה פרק א' משנה ו') צו ברענגען א קרבן שלמים, קאָן ער מיט דעם קרבן יוצא זיין פאר ביידע זאכן: אי פאר זיין נדר אָדער נדבה, אי פאר די שמחה־שלמים. והכהנים, און די כהנים קאָנען יוצא זיין (פאר שמחה־שלמים) מיט דעם (פלייש וואָס זיי קריגן פון די קרבנות) חטאות, אשמות, און מיט דעם בכור, און מיט דעם ברוסט־און־שויס. ווען איינער ברענגט א קרבן חטאת צי א קרבן אשם, געהערט דאָס פלייש דערפון צו די כהנים. אויך א בכור (דאָס ערשטע געבוירענע קינד פון א כשרער בהמה) געהערט צו די כהנים. אויך געהערט צו די כהנים די ברוסט און די שויס פון יעדן קרבן שלמים. זאָגט די משנה, אז די כהנים קאָנען יוצא זיין דערמיט אלס זייער שמחה־שלמים. אבל, אָבער זיי (די כהנים קאָנען ניט יוצא) ניט מיט עופות און ניט מיט מנחות. ווען מען איז מקריב אַן עוף (א טויב) אלס קרבן חטאת געהערט דאָס פלייש צו די כהנים; אויך ווען מען איז מקריב א קרבן מנחה פון מעל, געהערט דאָס צו די כהנים (א חוץ א קליין ביסל, א קומץ, וואָס מען איז מקריב אויפן מזבח). זאָגט די משנה אז מיט עופות־פלייש און מיט חלות פון די מנחה־מעל קאָנען די כהנים ניט יוצא זיין, ווייל שמחה, פרייד, האָט מען נור פון עסן בהמות־פלייש.

ה. מי שיש לו אוכלים מרובים ונכסים מועטים, מביא שלמים מרובים ועולות מועטות; נכסים מרובים ואוכלין מועטין, מביא עולות מרובות ושלמים מועטין. זה וזה מועט, על זה נאמר מעה כסף ושתי כסף. זה וזה מרובים, על זה נאמר (דברים י״ו) איש כמתנת ידו כברכת ה׳ אלהיך אשר נתן לך:

ו. מי שלא חג ביום טוב הראשון של חג, חוגג את כל הרגל. ויום טוב האחרון של חג. עבר הרגל ולא חג, אינו חייב באחריותו. על זה נאמר: (קהלת א׳) מעוות לא יוכל לתקן וחסרון לא יוכל להמנות:

ז. ר׳ שמעון בן מנסיא אומר, איזהו מעוות שאינו יכול לתקון? זה הבא על הערוה והוליד ממנה ממזר; אם תאמר בגונב וגוזל, יכול הוא להחזירו ויתקן. ר׳ שמעון בן יוחאי אומר, אין קורין „מעוות״ אלא

ה. מי שיש לו, ווער עס האָט א סך עסערס (מענטשן אין דער פאמיליע) און ווייניק פאַרמעגן, ברענגט מער קרבנות שלמים, און ווינציקער קרבנות עולות. **מחמת פון די שלמים האָט ער דאָך פלייש צו געבן צו עסן צו די פאמיליע מענטשן.** נכסים מרובין, (ווער עס האָט א סך פארמעגן און ווייניק עסערס (מענטשן אין דער פאמיליע) ברענגט מער עולות און ווינציקער שלמים. **מחמת די עולות ווערן אינגאנצן פארברענט אויפן מזבח, און אזוי ווי ער האָט ניט קיין סך מיט־עסערס וועט ער דאָך ניט האָבן וואָס צו טאָן מיט דעם שלמים־פלייש, דאריבער ברענגט ער ווינציקער שלמים.** זה וזה מועט, (אויב איינער האָט) דאָס און דאָס (פארמעגנס און פאמיליע־מענטשן) ווינציק, דערויף האָט מען געזאָגט (פריער אין משנה ב׳) „א מעה זילבער און צוויי (מעות) זילבער״. **אזא איינער קאָן יוצא זיין מיט ברענגען פאר דעם סאמע קלענסטן געלט סיי די עולה פון זען (ראיה) און סיי די שלמים פון חגיגה, און די משנה פריער האָט געגעבן, וויפיל קאָן זיין דאָס קלענסטע, דהיינו איין מעה זילבער און צוויי מעות זילבער, און די מחלוקה פון די בית שמאי און די בית הלל דאָרט אין דער משנה איז נור, צי פאר דער מעה דארף מען ברענגען די עולה צי פאר די צוויי מעות.** זה וזה מרובים, (אויב איינער האָט) דאָס און דאָס (סיי פארמעגן און סיי מענטשן) א סך, דארויף ווערט געזאָגט (דברים ט״ז, י״ז) „יעדער מענטש (זאָל ברענגען) ווי די מתנה פון זיין האַנט, ווי די ברכה פון גאָט דיין גאָט, וואָס ער האָט דיר געגעבן״. **דאָס הייסט, אזא מענטש דארף ברענגען סיי עולות און סיי שלמים וויפיל זיין גוט הארץ זאָגט אים.**

ו. מי, ווער עס האָט ניט געבראכט (זיין קרבן ראיה און) חגיגה דעם ערשטן טאָג יום טוב פון סוכות, קאָן ער עס ברענגען דעם גאנצן יום טוב (די איבריקע טעג פון די 7 סוכות־טעג), און אויך דעם לעצטן טאָג יום טוב סוכות (שמיני עצרת); אויב עס איז אריבער דער גאנצער יום טוב סוכות און ער האָט ניט געבראכט, איז ער ניט מער פאראנטוואָרטליך (דארף ער מער ניט ברענגען). דארויף ווערט געזאָגט (קהלת א׳, ט״ו) „א פעלער וואָס מען קאָן ניט פאררירכטן און א חסרון וואָס מען קאָן ניט אויספילן״. **דאָס זעלביקע קאָן מען אויך ברענגען די 7 טעג פסח, און אויף 6 טעג נאָך שבועות.**

ז. ר׳ שמעון בן מנסיא זאָגט: ווער הייסט א „פעלער וואָס מען קאָן ניט פאררירכטן״? **דער אויסדרוק „מעוות לא יוכל לתקון״, א פעלער וואָס מען קאָן ניט פאררירכטן, האָט די משנה פריער געבראכט פון קהלת א׳, ט״ז. און ר׳ שמעון בן מנסיא זאָגט, אַז דאָס מיינט מען:** זה הבא, דער דאָזיקער מענטש, וואָס קומט אויף אַ פרוי א ערוה (מיט וועלכער ער טאָר ניט לעבן צוזאמען) און האָט פון איר א ממזר; (וואָרום) אויב דו וועסט זאָגן אַז (דאָס מיינט מען) איינעם וועלכער גנבעט און גזלט, קאָן ער דאָך צוריקגעבן (דאָס וואָס ער האָט געגנב׳עט און געגזלט) און יאָ פאררירכטן. **אָבער ווען איינער האָט געבוירן א ממזר פאראורזאכט ער פסולע משפחות ביי יידן,**

**למי שהיה מתוקן בתחלה ונתעוות, ואיזה? זה תלמיד חכם הפורש מן התורה.**

**ח. היתר נדרים פורחין באויר, ואין להם על מה שיסמכו. הלכות שבת, חגיגות, והמעילות, הרי הם כהררים התלויין בשערה, שהן מקרא מועט והלכות מרובות. הדינין, והעבודות, הטהרות, והטומאות, ועריות, יש להן על מה שיסמכו; הן הן גופי תורה:**

## פרק ב.

**א. אין דורשין בעריות בשלשה, ולא במעשה בראשית בשנים, ולא במרכבה ביחיד אלא אם כן היה חכם ומבין מדעתו. כל המסתכל**

---

און זיין זינד איז גרויס און זי קאָן ניט אָפּגעמעקט ווערן. ר׳ שמעון בן יוחאי זאָגט, אַז מען רופט ניט אַ פעלער (מעוות) סיידן אַזאַ מענטש וואָס איז פריער יאָ גוט געווען (מתוקן) און ער איז געוואָרן פארקרומט, און דאָס איז א תלמיד חכם, וועלכער איז אוועק פון דער תורה. **די משנה ווערט דאָ געבראכט צוליב דער פריעריקער משנה ו׳, אז די ראיה און חגיגה אויב מען האָט זיי ניט געבראכט צו דער צייט, קאָן מען זיי שפּעטער ניט מער ברענגען.**

ח. היתר, דאָס מתיר מאַכן נדרים פליט אין דער לופט, און עס האָט ניט אויף וואָס זיך צו שטיצן. **די משנה מיינט צו זאָגן, אז דער דין, אז ווען איינער טוט א נדר, קאָן ער גיין צו אַ חכמים און זיך לאָזן מתיר נדר זיין, איז ניט פאַראַן בפירוש אין דער תורה**, נור א קליינער רמז. **און עס איז א קבלה פון דער תורה שבעל פה.** הלכות שבת, די הלכות פון שבת און פון חגיגות און פון מועל זיין (אַז איינער האָט הנאה פון א הקדש זאך איז ער מועל און דאַרף ברענגען א קרבן מעילה), זענען ווי די בערג וואָס הענגען אויף א האָר, מחמת זיי זענען ווייניק פסוקים (אין דער תורה) און (זייערע) הלכות זענען א סך. **די סך הלכות שטיצן זיך אויף די רמזים פון ווייניק פסוקים אין דער תורה, און עס איז ווי בערג וואָס הענגען אויף אַ האָר.** הדינין, די דינים (וועגן געלט־ענינים, דיני ממונות), און (די הלכות וועגן) די עבודות (אין בית המקדש, די קרבנות), און (די הלכות וועגן) די טהרות און טומאות, און וועגן עריות (מיט וועלכע פרויען מען טאָר ניט לעבן צוזאמען), האָבן אויף וואָס זיך צו שטיצן. **מחמת אין דער תורה זענען פאראַן א סך דינים וועגן זיי אין שמות (סדרה משפטים), ויקרא און אויך די אנדערע חומשים.** הן הן, זיי (אלע) זענען דער יסוד פון דער תורה. **דאָס הייסט, סיי די דאָזיקע וואָס האָבן מער פסוקים און סיי די אנדערע וואָס האָבן ווינציקער פסוקים, זענען דער יסוד פון דער תורה. „גופי תורה", די תורה זעלבסט.**

## פרק ב.

א. אין דורשין, מען טאָר ניט דרשנען (לערנען פאר תלמידים די דינים פון) עריות פאר דריי (תלמידים). **„עריות" מיינט פרויען, מיט וועלכע מען טאָרניט לעבן. די פרשה פון עריות געפינען זיך אין ויקרא יח, און פון איר ווערן אָפּגעלערנט אַ סך דינים. דער טעם איז אז ווען דער רבי לערנט מיט דריי תלמידים, קאָנען דער־ווייל צוויי פון זיי, ווען דער רבי וועט זיין פאַרנומען מיטן דריטן תלמיד, שמועסן צווישן זיך און ניט הערן וואָס דער רבי האָט געלערנט, און זיי קאָנען אמאָל פסקענען ניט־ריכטיקע הלכות וועגן אזא הארבן ענין ווי עריות.** ולא במעשה, און (א רבי זאָל ניט (לערנען) די מעשה בראשית מיט צוויי תלמידים. **„מעשה בראשית" מיינט מען די לערען וועגן דעם ווי גאָט האָט באַשאַפן די וועלט (עס איז פון אָנהויב וואָרט אין חומש „בראשית ברא אלהים", אין אָנהויב האָט גאָט באַשאַפן). דאָס מעג מען לערנען נור מיט איין תלמיד און ניט מיט מער תלמידים, ווייל דאָס זענען שווערע און וויכטיקע זאכן און סודות־לימודים, און מען דאַרף זען בעסער אכטונג צו געבן אויפן תלמיד.** ולא במרכבה, און די לערען וועגן דער מרכבה אפילו ניט צו איין (תלמיד), סיידן ער (דער תלמיד) איז געווען א חכם און פאַרשטייט פון זיין אייגענעם שכל. **„מרכבה"**

בארבעה דברים, ראוי לו כאלו לא בא לעולם: מה למעלה, מה למטה, מה לפנים, ומה לאחור. וכל שלא חס על כבוד קונו, ראוי לו שלא בא לעולם:

ב. יוסי בן יועזר אומר, שלא לסמוך, יוסי בן יוחנן אומר, לסמוך. יהושע בן פרחיה אומר, שלא לסמוך, ניתאי הארבלי אומר, לסמוך. יהודה בן טבאי אומר, שלא לסמוך, שמעון בן שטח אומר לסמוך. שמעיה אומר, לסמוך. אבטליון אומר, שלא לסמוך. הלל ומנחם לא נחלקו. יצא מנחם נכנס שמאי. שמאי אומר, שלא לסמוך, הלל אומר לסמוך. הראשונים היו נשיאים, ושניים להם אבות בתי דינין:

---

איז דער טייטש א „רייטוואָגן", און דאָ מיינט מען די סודות פון דער געטליכקייט, וואָס זענען פאראן אין ערשטן קאפיטל פון יחזקאל און אין צענטן קאַפּיטל פון ישעיה, ווי זיי האָבן געזען דעם כסא הכבוד אין הימל, און הייליקע חיות און די רעדער (אופנים), וואָס זענען ווי אַ „מרכבה". דער רמבם טייטשט, אַז „מעשה בראשית" מיינט מען די לימודים וועגן דער טבע, און „מרכבה" מיינט מען די ענינים וועגן געטליכקייט, נשמה און השארת הנפש. כל המסתכל, ווער עס טראַכט זיך אריין אין די פיר זאכן, וואָלט בעסער געווען פאר אים ווען ער וואָלט גאָרניט געווען געקומען אויף דער וועלט, ער וואָלט ניט געבוירן געוואָרן (די דאָזיקע 4 זאכן זענען די פראגן) מה, וואָס איז פאראן אין דער הויך, און וואָס איז פאראן אונטן, און וואָס איז געווען פאר אונז (איידער די וועלט איז באשאפן געוואָרן) און וואָס וועט זיין דערנאָך (נאָכן סוף פון דער וועלט)? די משנה לערנט, אז דאָס זענען שאלות, וואָס דער מענטש דארף זיך ניט באַשעפטיקן מיט זיי. וכל שלא, און יעדער מענטש, וואָס נעמט ניט אין באַטראכט דעם כבוד פון זיין באשעפער (פון גאָט), איז בעסער פאר אים אז ער וואָלט ניט געווען געקומען אויף דער וועלט. די מפרשים טייטשן, אז דאָס מיינט אַ מענטש וואָס טוט א עבירה אין געהיים, און טראַכט ביי זיך, אז קיינער זעט אים ניט, און דאָס הייסט אז אים ארט ניט דער כבוד פון גאָט.

ב. יוסי בן יועזר זאָגט, אז מען זאָל (אים יום טוב) ניט ארויפלייגן די הענד (אויפן קרבן); יוסי בן יוחנן זאָגט, אז מען זאָל ארויפלייגן. דער דין איז אז דער בעל הבית פון קרבן דארף ארויפלייגן זיינע הענט אויפן קרבן איידער מען שעכט אים; דאָס הייסט סמיכה. די שאלה איז, צי אים יום טוב, ווען מען טאָרניט ארויפלייגן די הענד אויף א לעבעדיקער בהמה, מעג מען ארויפלייגן די הענד אויפן קרבן? זאָגט די משנה, אז די זוגות (די פּאָר), די צוויי פירער פון די סנהדרין וואָס זענען געווען אין יעדן דור אין א לענגערער צייט פון צווייטן בית המקדש און וועלכע זענען אויסגערעכנט אין מסכתא אבות פרק א', זענען געווען מחולק אין דעם דין. די ערשטע פּאָר זענען געווען (ווי אין דער מסכתא אבות פרק א' איז אויסגערעכנט) יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן. און איצט רעכנט אויס די משנה די ווייטערדיקע פּארן. יהושע בן פרחיה זאָגט, אז מען זאָל ניט ארויפלייגן, ניתאי הארבלי זאָגט, אז מען זאָל ארויפלייגן; יהודה בן טבאי זאָגט, אז מען זאָל ניט ארויפלייגן, שמעון בן שטח זאָגט, אַז מען זאָל ארויפלייגן; שמעיה זאָגט, אז מען זאָל ארויפלייגן, אבטליון זאָגט, אז מען זאָל ניט ארויפלייגן. איצט קומט צו די משנה צו דער לעצטער פּאָר, און זי זאָגט: הלל און מנחם האָבן ניט געקריגט (צווישן זיך וועגן דער שאלה); איז מנחם אוועקגעגאנגען און אויף זיין אָרט איז אָנגעקומען שמאי; שמאי זאָגט, אז מען זאָל ניט ארויפלייגן, הלל זאָגט, אז מען זאָל יאָ ארויפלייגן. די ערשטע (פון די דערמאָנטע פּאָרן) זענען געווען די נשיאים, און די צווייטע צו זיי (פון די דערמאָנטע פּאָרן) זענען געווען אב־בית דינס. דאָס הייסט אַז יוסי בן יועזר, יהושע בן פרחיה, יהודה בן טבאי און שמעיה זענען געווען נשיאים, און יוסי בן יוחנן, ניתאי הארבלי, שמעון בן שטח און אבטליון זענען געווען אב בית דינס; אָן אויסנאָם זענען שמאי און הלל, פון וועלכע הלל איז

ג. **בית שמאי אומר, מביאין שלמים, ואין סומכין עליהם, אבל לא עולות. ובית הלל אומרים, מביאין שלמים ועולות וסומכין עליהם:**

ד. **עצרת שחל להיות בערב שבת, בית שמאי אומרים, יום טבוח אחר השבת, ובית הלל אומרים, אין יום טבוח אחר השבת. ומודים, שאם חל להיות בשבת שיום טבוח אחר השבת. ואין כהן גדול מתלבש בכליו, ומותרין בהספד ובתענית, שלא לקיים דברי האומרין, עצרת אחר השבת:**

ה. **נוטלין לידים לחולין ולמעשר ולתרומה; ולקודש מטבילין.**

---

**געוועזן דער נשיא. — וועגן מנחם זאָגט די גמרא, אז ער איז אוועק צו דינען דעם מלך. אין ספר יוסיפון לרומיים ווערט דערציילט וועגן אַ מנחם וואָס איז געוועזן פון די איסיים (אַ זייער פרומע סעקטע ביי יידן), פון וועלכן דער מלך אין יענער צייט, הורדוס, האָט שטאַרק געהאַלטן.**

ג. בית שמאי, מען מעג ברענגען אים יום טוב קרבנות שלמים און מען טאָר־ניט ארויפלייגן אויף זיי די הענט, אָבער מען טאָרניט ברענגען קיין קרבנות עולות; און די בית הלל זאָגן, אז מען מעג ברענגען שלמים און עולות און מען מעג ארויפלייגן אויף זיי די הענט. **די דאָזיקע משנה האָבן מיר דערקלערט אין מסכתא ביצה פרק ב׳ משנה ד׳.**

ד. עצרת, אויב שבועות איז געפאַלן אים ערב שבת (פרייטאָג) זאָגן די בית שמאי, אַז מען זאָל שעכטן די (עולות פון זען, ראייה) נאָך שבת (אים זונטאָג). **מחמת אים יום טוב טאָר מען דאָך, לויט די בית שמאי אין דער פריהערדיקער משנה, ניט ברענגען, און צוזאַרגנס אים שבת טאָר מען דאָך אודאי ניט, ממילא דאַרף מען זיי ברענגען זונטאָג.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז מען שעכט ניט נאָך שבת (אים זונטאָג). **מחמת זיי האַלטן, אַז מען קאָן די עולות ראיה מקריב זיין אים יום טוב, פריי־טאָג, ווי זיי האָבן געלערנט אין דער פריערדיקער משנה.** ומודים, און זיי (די בית שמאי און די בית הלל) זענען מודה, אז אויב ער (שבועות) איז געפאַלן אים שבת, דאַרף מען שעכטן (די קרבנות עולות ראיה) נאָך שבת (אים זונטאָג). **ווייל אים שבת טאָר מען ניט מקריב זיין די דאָזיקע קרבנות.** ואין, דער כהן גדול טוט זיך ניט אָן (אים זונטאָג, ווען שבועות געפאַלט אים שבת) זיינע שיינע קליידער, און מען מעג (אין דעם דאָזיקן זונטאָג) האַלטן אַ הספד און אויך פאַסטן, כדי ניט צו באַשטעטיקן די ווערטער פון די וואָס זאָגן; אַז שבועות געפאַלט (שטענדיק) נאָך שבת (זונטאָג). **אין די אַלטע צייטן איז געוועזן ביי יידן אַ סעקטע צדוקים, וואָס האָבן געטייטשט דעם פסוק אין ויקרא כ״ג „וספרתם לכם ממחרת השבת״, אז ספירה הייבט מען אָן ציילן ניט צוזאַרגנס פון יום טוב פסח (16טן ניסן), נאָר זונטאָג נאָכן 1טן טאָג פסח; זיי האָבן געטייטשט „ממחרת השבת״ ניט צוזאַרגנס פון יום טוב, נאָר צוזאַרגנס פון שבת. אזוי ווי שבו־עות איז דאָך דער 50טער טאָג פון זינט מען הייבט אָן ציילן ספירה, קומט אויס, אַז שבועות איז אין זעלביקן טאָג, וואָס דער ערשטער טאָג פון ספירה. ממילא האָבן די צדוקים געהאַלטן, אַז שבועות דאַרף שטענדיק זיין אים זונטאָג. די חכמים האָבן שטאַרק געקעמפט קייגן די צדוקים, און דאריבער זאָגט די משנה האָט מען אין דאָ־זיקן זונטאָג צוזאַרגנס פון שבועות געהאַלטן פאַר אינגאַנצן אַ וואָכנטאָג.**

ה. נוטלין, מען דאַרף זיך וואַשן די הענט צום (עסן) חולין אָדער מעשר (שני) אָדער תרומה; און צו (עסן) קרבנות־פלייש דאַרף מען די הענט טובל זיין; און צום אָנרירן וואַסער געמישט מיט אַש פון פרה אדומה, אויב די הענד זענען געוואָרן טמא, איז טמא דער גאַנצער קערפּער (און מען דאַרף טובל זיין דעם גאַנצן קערפּער). **די חכמים האָבן גוזר געווען, אַז סתם הענד, אפילו זיי האָבן ניט אָנגערירט קיין טמא זאַך, זענען ניט־ריין, און דאריבער ווען מען וויל עסן חולין (עסנוואַרג, ניט קיין הייליקע), אָדער מעשר שני, וואָס מען נעמט אראָפּ פון געוויקסן און מען פירט עס**

**ולחטאת, אם נטמאו ידיו, נטמא גופו:**

**ו. הטובל לחולין הוחזק לחולין, אסור למעשר. טבל למעשר, והוחזק למעשר, אסור לתרומה. טבל לתרומה והוחזק לתרומה, אסור לקדש. טבל לקודש והוחזק לקודש, אסור לחטאת. טבל לחמור, מותר לקל. טבל ולא הוחזק, כאלו לא טבל:**

**ז. בגדי עם הארץ מדרס לפרושין. בגדי פרושין מדרס לאוכלי**

קיין ירושלים צום עסן, אָדער תרומה, וואָס מען שיידט אָפּ פון געוויקסן און מען גיט עסן צום כהן און נאָר א כהן מעג עסן, — דארף מען זיך וואשן די הענט מיט אָ קוואַטירל וואסער. אָבער אז מען וויל עסן קרבנות־פליש, קודש, מוז מען טובל זיין (איינטונקן) די הענד אין אָ מקוה פון 40 סאה וואסער. אָבער ביי חטאת (און חטאת הייסט דאָ דאָס וואסער וואָס מען מישט אויס מיט אש פון דער פאַרברענטער פרה אדומה, דער רויטער קו, זע אין דער הקדמה צו מסכתא פרה), אויב איינער האָט אָנגערירט מיט די הענט די זאך וואָס איז מטמא בלויז די הענט, למשל איינער האָט אָנגערירט טמאַדיקע עסנווארג, העלפט ניט וואָס ער איז טובל די הענט אליין, נאָר ער מוז טובל זיין זיין גאנצן קערפּער, כדי ער זאָל מעגן אָנרירן דאָס וואסער מיט דעם פרה־אדומה־אש. — די משנה לערנט דאָ און ווייטער די אלע דינים, צום סוף ווערן צוגעגעבן אויך דינים וועגן טומאה וטהרה אים יום טוב אין ירושלים און דער אומגעגענט פון ירושלים.

ו. הטובל, אז איינער האָט זיך טובל געווען און ער האָט געהאַט די כוונה צו זיין ריין צו (קאָנען עסן) חולין ריינערהייט (בטהרה), טאָר ער ניט עסן קיין מעשר שני. **די משנה לערנט דאָ, אז ווען איינער איז טמא און ער איז זיך טובל אין א מקוה צו ווערן טהור, מוז ער מכוון זיין, אז ער איז טובל צו מעגן עסן און אָנרירן הייליקע זאכן. אויב ער איז מכוון צו זיין ריין בנוגע אָ זאך, וואָס איז ווינציקער הייליק, איז ער בנוגע דער דאָזיקער זאך טהור, אָבער ער בלייבט טמא בנוגע דער זאך, וואָס איז מער הייליק. עס זענען פאראן 5 מדרגות אין הייליקייט: א) חולין, דאָס הייסט עסנווארג, וואָס האָט ניט קיין שום הייליקייט; ב) מעשר שני, וואָס איז הייליקער פון חולין; ג) תרומה, וואָס איז הייליקער פון מעשר שני; ד) קרבנות, וואָס זענען הייליקער פון תרומה; ה) חטאת, וואסער געמישט מיט פרה־אדומה־אש, וואָס איז הייליקער פון קרבנות. זאָגט די משנה אז אויב איינער האָט ביים טובל זיין זיך מכוון געווען צו זיין ריין צו חולין, בלייבט ער נאָך אלץ טמא צו מעשר שני.** טבל למעשר, אויב איינער האָט זיך טובל געווען צו מעשר שני און האָט מכוון געווען צו מעשר שני, איז ער אסור צו תרומה (ער בלייבט טמא צו תרומה); אויב ער האָט זיך טובל געווען צו תרומה און האָט מכוון געווען צו תרומה, איז ער אסור צו קרבנות; אויב ער האָט זיך טובל געווען צו קרבנות און האָט מכוון געווען צו קרבנות איז ער אסור צו וואסער מיט פרה אדומה אש (חטאת). **און די משנה גיט דאָ באלד אויך דעם אלגעמיינעם כלל:** טבל לחמור, אויב איינער האָט זיך טובל געווען צו אָ הארבערע זאך (צו א הייליקערע זאך) איז ער מותר צו דער גרינגערע זאך (צו דער זאך, וועלכע איז ווינציקער הייליק). **דאָס הייסט, אויב מען האָט, למשל, זיך טובל געווען צו תרומה, הייסט מען טהור אויך צו מעשר שני, ווייל זיי זענען דאָך גרינגער, ווינציקער הייליקער פון תרומה.** טבל ולא הוחזק, אויב איינער האָט זיך טובל געווען און האָט ניט מכוון געווען (טובל צו זיין זיך פון דער טומאה, נאָר סתם זיך אָפּצוואשן), איז עס ווי ער וואָלט זיך ניט טובל געווען. **ווייל טבילה דארף האָבן כוונה. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור בנוגע צו הייליקע זאכן, אָבער צו חולין, וואָס איז דאָך אינגאנצן ניט הייליק, דארף מען ניט האָבן קיין כוונה ביי טבילה.**

ז. בגדי, די קליידער פון א עם הארץ זענען (טמא) ווי א מדרס צו פרושים. **אין ארץ ישראל אין די צייטן פון דער משנה זענען געווען ביי יידן פארשידענע קלאסן בנוגע פרומקייט און בנוגע טומאה און טהרה.** עס זענען געווען קודם כל די עמי־הארץ,

**תרומה. בגדי אוכלי תרומה מדרס לקודש. בגדי קודש מדרס לחטאת. יוסי בן יועזר היה חסיד שבכהונה, והיתה מטפחתו מדרס לקודש. יוחנן בן גודגדא היה אוכל על טהרת הקודש כל ימיו, והיה מטפחתו מדרס לחטאת:**

## פרק ג.

**א. חומר בקודש מבתרומה, שמטבילין כלים בתוך כלים לתרומה, אבל לא לקודש. אחוריים, ותוך, ובית הצביטה בתרומה, אבל לא**

---

די פּראָסטע מענטשן, וועלכע האָבן ניט געקאָנט לערנן און זענען ניט געווען אָפּגע־היטן אין טייל דינים (ווי אָפּשיידן מעשרות וכדומה), און דער עיקר זענען זיי ניט געווען אָפּגעהיטן אין די דינים פון טומאה און טהרה. דערנאָך זענען געווען די פּרושים, פרומע יידן, וועלכע זענען געווען אָפּגעהיטן אין אַלע דינים און אויך אין טומאה וטהרה, און זיי האָבן געגעסן אפילו זייערע פּשוטע עסנווארג, דעם חולין, נאָר בטהרה. דערנאָך זענען געווען כהנים, וואָס זענען געווען אָפּגעהיטן צו עסן תרומה מיט נאָך מער טהרה. דערנאָך זענען געווען כהנים וואָס האָבן געגעסן קרבנות־פלייש, און דאביי האָבן זיי געדאַרפן אָפּהיטן נאָך שטאַרקערע טהרה. דערנאָך זענען געווען די וואָס האָבן זיך עוסק געווען מיט דעם וואסער געמישט מיט פּרה־אדומה־אש; זיי האָבן געמוזט זיין נאָך מער אָפּגעהיטן אין טהרה. „מדרס" איז דער טייטש א קלייד אויף וועלכן א זב, א מענטש פון וועלכן עס פליסט אָן א־מריינע פליסיקייט, האָט אָנגע־טרעטן, און אזא קלייד איז זייער שטאַרק טמא. זאָגט די משנה, אז סתם קליידער פון אַ עם הארץ זענען טמא צו פּרושים ווי א מדרס. בגדי פרושין, די קליידער פון פּרושים זענען טמא צו תרומה־עסערס ווי א מדרס; די קליידער פון תרומה־עסערס זענען טמא צו קרבנות־עסערס ווי א מדרס; די קליידער פון קרבנות־עסערס זענען טמא צו (מענטשן, וואָס רירן אָן) וואסער געמישט מיט פּרה־אדומה־אש ווי א מדרס. די גמרא זאָגט, אז אינמיטן פעלט אין דער משנה א זאך, אז די קליידער פון חולין־עסערס זענען טמא ווי א מדרס צו מענטשן, וועלכע עסן מעשר שני (אין ירושלים), און די קליידער פון מעשר־שני־עסערס זענען טמא ווי א מדרס צו די תרומה ־ עסערס. יוסי בן יועזר איז געווען א חסיד צווישן די כהנים, און זיין טוך איז געווען טמא ווי אַ מדרס צו די קרבנות עסערס; יוחנן בן גודגדא האָט געגעסן זיין גאנץ לעבן חולין מיט דער טהרה, וואָס מען איז אָפּגעהיטן בייט עסן קרבנות, און זיין טוך איז געווען אַ מדרס צו (די מענטשן וואָס האָבן אָנגערירט) וואסער געמישט מיט פּרה ־ אדומה ־ אש. די משנה ברענגט דאָ עטליכע ביישפּילן פון יוסי בן יועזר (נשיא ביי יידן לערך 250 יאָר פאַרן חורבן פון צווייטן בית המקדש) און יוחנן בן גודגדא (לערך אין דער צייט פון חורבן בית המקדש), אז כאָטש זיי זענען געווען אָפּגעהיטן אין טהרה, זענען זייערע קליידער געווען טמא בנוגע צו מענטשן וואָס זענען געווען נאָכמער אָפּגעהיטן אין טהרה.

## פרק ג.

א. חומר, עס איז האַרבער (פאַראַן שווערערע דינים פון טומאה און טהרה) ביי קרבנות־פלייש ווי ביי תרומה. דאָס הייסט, עס זענען פאראַן פאַלן, ווען א זאך הייסט טמא אויב מען זאָל זי באַנוצן צו קרבנות־פלייש (קודש), און דיזעלביקע זאך איז טהור ווען מען וויל זי באַנוצן צום עסן תרומה. און די משנה רעכנט דאָ אויס: שמטבילין, מען מעג טובל זיין איין כלי אין דער אנדערער כלי בנוגע עסן תרומה אָבער ניט צו קרבנות פלייש. אויב עס זענען פאַראַן צוויי טמא כלים, און מען לייגט אריין איינע אין דער אַנדערער און מען איז זיי אַזוי טובל, איז בנוגע באַנוצן זיי צום תרומה־עסן, איז די טבילה א גוטע טבילה, און זיי ווערן ביידע טהור, אָבער בנוגע עסן מיט זיי קרבנות פלייש, איז די טבילה ניט קיין טבילה, און מען מוז זיי נאָכאמאָל טובל זיין. אחורים, די אויסערליכע זייט און די אינערליכע זייט און דאָס הענטל (פון א כלי, זענען באַ־

**בקודש. הנושא את המדרס נושא את התרומה, אבל לא את הקודש. בגדי אוכלי תרומה מדרס לקודש. לא כמדת הקודש מדת התרומה, שבקודש מתיר ומנגב ומטביל, ואחר כך קושר; ובתרומה קושר, ואחר כך מטביל:**

**ב. כלים הנגמרין בטהרה צריכין טבילה לקודש אבל לא לת-**

---

זונדערע טײלן פון דער כלי) בנוגע תרומה אָבער ניט בנוגע קרבנות־פלײש). **ביי א טייל כלים זענען פאראן דריי זאכן. למשל ביי א גלעזעל איז פאראן די אויסנווייניקסטע זייט (אחורים) פון גלעזל, די אינווייניקסטע זייט (תוך), און דאָס הענטל. איז דער דין, אז אויב א לייכטע טמא־זאך, וואָס איז נור טמא מדרבנן (אין מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה איז זי טהור) האָט אָנגערירט די אויסנווייניקסטע זייט פון גלעזל, איז טמא נור די אויסנווייניקסטע זייט פון דער כלי, אָבער די אינווייניקסטע זייט און דאָס הענטל זענען טהור. דאָסזעלביקע, אויב די טמא־זאך האָט אָנגערירט דאָס הענטל, איז נור דאָס הענטל טמא, אָבער די אַנדערע צוויי זייטן זענען טהור. דאָס איז בנוגע תרומה. אָבער בנוגע קרבנות פלייש, ווערן אלע דריי באטראַכט ווי איינס, און אויב די טמא־זאך האָט אָנגערירט, למשל, דאָס הענטל, איז די גאַנצע כלי, אויך די אנדערע צוויי זייטן, טמא. דאָס וואָרט „בית הצביטה" איז פון „צבט", אָנגע־מען (פון רות ב' ויצבט לה קלי); טייל זענען גורס „בית צביעתו", פון אצבע, פינגער, אָנגעמען מיטן פינגער.** הנושא, אז איינער טראָגט א מדרס (א קלייד אויף וועלכן א זב, אַ מענטש, פון וועלכן עס רינט אַן אומריינע פליסיקייט, האָט געטרעטן, און דאָס קלייד איז טמא), מעג ער טראָגן תרומה, אָבער ער טאָר ניט טראָגן קרבנות. **די גמרא זאָגט, אז מען מיינט אז ער מעג, למשל, טראָגן תרומה־ווײן אין א ערדענע כלי, מחמת, ווען אַ טמא־מענטש רירט אָן א ערדענע כלי פון דרויסן ווערט זי ניט טמא.** בגדי, די קליידער פון תרומה־עסערס זענען (טמא ווי אַ) מדרס צו קרבנות־עסערס. **די משנה האָבן מיר געהאַט פריער אין פרק ב' משנה ז' און דאָרט האָבן מיר זי דערקלערט.** לא, ניט ווי מען באַגייט זיך (בנוגע טובל זיין כלים, וואָס מען דאַרף נוצן) צו קרבנות, באַגייט מען זיך ביי תרומה. „מדה" איז **דער טייטש „מאָס", און דאָ מיינט מען „דער אויפן פון באגיין זיך ביים טובל זיין". און די משנה זאָגט באַלד:** שבקודש, ביי (כלים וואָס מען באנוצט צום עסן) קרבנות דאַרף מען אויפבינדן, אָפּ־טריקענען און טובל זיין, און דערנאָך צוריקצובינדן, און ביי תרומה בינדט מען צו און דערנאָך איז מען טובל. **אויב למשל איינער האָט א בעט געפלאָכטן פון שטריק אויף וועלכן ער זיצט ביים עסן, און דאָס בעט איז פארפעצט און עס איז טמא. זאָגט די משנה, אז אויב ער וויל זיצן אויף דעם בעט ביים עסן קרבנות־פלייש, מוז ער אויפבינדן די שטריק, אפווישן די פעטס, טובל זיין דאָס בעט, און ערשט דערנאָך עס צוריק צובינדן. ווייל אויב ניט הייסט עס א חציצה, דער קניפּ דערלאָזט ניט צו גוט דאָס וואסער. אָבער אויב ער וויל זיצן דערויף ווען ער עסט תרומה, מעג ער פריער צובינדן דאָס בעט און דערנאָך עס טובל זיין, און עס הייסט ניט קיין חציצה.**

ב. כלים, כלים וואָס מען מאכט פארטיק (מען ענדיקט זייער ארבייט) אין טהרה, דאַרף מען טובל זיין (ווען מען וויל זיי באנוצן) צו קרבנות, אָבער ניט צו (באנוצן זיי) צו תרומה. **אויב למשל א טעפּער האָט אויסגעארבייט א טאָפּ, און דער בעל מלאכה דערפון איז א פרומער ייד, וואָס איז אָפּגעהיטן אין טהרה, פונדעסטוועגן דאַרף מען דעם טאָפּ טובל זיין ווען מען וויל אים באַנוצן צו קרבנות, ווייל מען האָט מורא טאָ־מער האָט אַ עם הארץ, איינער וועלכער איז נישט אָפּגעהיטן אין טהרה, אָרויפ־געשפריצט דערויף שפּאיעכץ (זע פריער פרק ב' משנה ז' וועגן עם הארץ). אָבער ביי תרומה האָט מען ניט דעם חשש.** הכלי, די כלי איז מצרף (פאראייניקט) אלץ וואָס איז פאראן אינווייניק (אין דער כלי) בנוגע קרבנות, אָבער ניט בנוגע תרומה. **אויב אַ מענטש וועלכער איז געוועזן טמא האָט זיך טובל געווען, נאָר עס איז נאָכניט**

**רומה. הכלי מצרף מה שבתוכו לקודש אבל לא לתרומה. הרביעי בקודש פסול, והשלישי בתרומה. ובתרומה אם נטמאה אחת מידיו חברתה טהורה. ובקודש מטביל שתיהן, שהיד מטמא את חברתה בקודש, אבל לא בתרומה.**

**ג. אוכלין אוכלין נגובין בידים מסואבות בתרומה, אבל לא בקודש. האונן ומחוסר כפורים צריכין טבילה לקודש, אבל לא לתרומה.**

---

געוועזן אָוונט נאָכן טובל זיין, הייסט ער א „טבול יום", און אויב ער רירט אָן תרומה צי קרבנות פסלט ער עס און מען טאָר עס ניט עסן. זאָגט די משנה אַז אויב אין אַ כלי זענען געלעגן צוויי שטיקלעך קרבנות־פלייש און זיי האָבן זיך ניט אָנגערירט איינער דעם אנדערן, און א טבול יום האָט אָנגערירט איינעם פון די שטיקלעך, ווערט אויך דאָס אנדערע טמא און מען טאָר עס ניט עסן, ווייל בנוגע קרבנות ווערט אלץ וואָס איז פאַראַן אין דער כלי ווי איין זאך. אָבער אויב צוויי שטיקלעך תרומה זענען געווען אין דער כלי און דער טבול יום האָט אָנגערירט איינס פון זיי, ווערט דאָס אַנדערע ניט פסול, און מען מעג עס עסן, ווייל בנוגע תרומה איז די כלי ניט מצרף, און עס ווערט ניט ווי איין זאך. הרביעי, דער פירטער איז פסול ביי קרבנות, און דער דריטער (איז פסול) ביי תרומה. ביי טמא־זאכן זענען פאראן פארשידענע מדרגות. למשל, א טויטער שרץ הייסט א „אב הטומאה", דער „פאָטער" פון טומאה, דער הויפט־קוואל פון טומאה. ווען א טויטער שרץ רירט אָן א עסנווארג, ווערט דאָס עסנ־ווארג טמא, און עס הייסט א „ראשון", דער „ערשטער" טמא צו ווערן. ווען דאָס עסנווארג האָט דערנאָך אָנגערירט אַן אנדער עסנווארג, ווערט דאָס אנדערע עסנ־ווארג א „שני", א „צווייטער" צו טומאה. ווען דער „שני" רירט אָן א דריטע עסנ־ווארג ווערט דאָס דריטע א „שלישי", דאָס דריטע. אָבער בנוגע תרומה איז עס נור פסול, און מטמא זיין א פירט עסנווארג (פון תרומה) קאָן עס ניט. אָבער ביי קרבנות־פלייש, אויב א „שלישי" רירט עס אָן, ווערט דאָס קרבנות־פלייש א „רביעי", אַ „פירטער" און עס ווערט פסול. דאָס זאָגט די משנה, אז דער רביעי איז פסול נור ביי קרבנות; און ביי תרומה איז פסול נור דער „שלישי". ובתרומה, און בנוגע תרומה, אויב עס איז טמא געוואָרן איין האַנט (ביים מענטשן) איז די אנדערע האַנט טהור (און ער מעג מיט איר אָנרירן תרומה), אָבער בנוגע קרבנות מוז מען טובל זיין ביידע הענט, מחמת איין האַנט (אַז זי ווערט טמא און זי איז פייכט) מאַכט זי אַז אויך די אנדערע האַנט זאָל ווערן טמא, אָבער ניט בנוגע תרומה. דאָס מיינט מען אַז די איינע האַנט איז טמא געוואָרן דורך א טומאה וואָס איז מטמא נאָר לויט די רבנן, און לויט דעם דין פון דער תורה איז זי ניט מטמא; למשל, אויב די האַנט האָט אָנגערירט טמא עסנווארג, וואָס נור די איינע האַנט ווערט דאדורך טמא, און דער גאנצער קערפער בלייבט טהור.

ג. אוכלין, מען מעג עסן טרוקענע עסנווארג מיט ניט געוואשענע הענט נור ביי תרומה, אָבער ניט ביי קרבנות. די גמרא טייטשט די משנה אזוי; אויב איינער ווען עמענס הענט זענען ניט געוואשן, האָט אין מויל עסנווארג פון תרומה, וואָס אַ צווייטער מיט געוואשענע הענט האָט אים אריינגעשטעקט אין מויל, מעג דער דאָ־זיקער עסער נעמען מיט די ניט געוואשענע הענט עסנווארג פון חולין און אריינ־לייגן צו זיך אין מויל, ווען די תרומה איז דאָרט נאָך פאראן. דאָס איז נור ווען די חולין־עסנווארג זענען טרוקן, ווייל אויב זיי זענען נאס, ווערט די נאסע פליסיקייט טמא דורך די ניט־געוואשענע הענט, און די טמא־פליסיקייט (משקין) זענען מטמא די חולין־עסנווארג, און די חולין עסנווארג זענען מטמא די תרומה אין מויל. אָבער ביי קרבנות (פלייש, צו אנדערע זאכן) אויב ער האָט אין מויל טאָר ער מיט אומגעוואַשענע הענט ניט אריינלייגן אהין קיין חולין. האונן, אַן אונן (איינער אין טאָג פון טויט פון זיין קרוב, נאָך וועלכן מען ווערט אַן אבל), ומחוסר כיפורים, א (טמא־)

**ד. חומר בתרומה, שביהודה נאמנים על טהרת יין ושמן כל ימות השנה, ובשעת הגיתות והבדים אף על התרומה. עברו הגיתות והבדים, והביאו לו חבית של יין של תרומה, לא יקבלנה ממנו; אבל מניחה לגת הבאה. ואם אָמר לו, הפרשתי לתוכה רביעית קודש, נאמן. כדי יין וכדי**

מענטש, וועלכער (איז טהור געוואָרן, אָבער ער דאַרף ברענגען א קרבן און ער) האָט נאָכניט געבראַכט דעם קרבן (די כפּרה) דאַרפן זיך טובל זיין צום (עסן) קרבנות, אָבער ניט צום עסן תרומה. מחוסר כיפּורים הייסן למשל א קימפּעטאָרין, וואָס דאַרף ברענגען א קרבן נאָכדעם ווי זי ווערט ריין, וועלכע דאַרפן ברענגען א קרבן נאָכדעם ווי זיי ווערן ריין. לערנט די משנה אז נאָכדעם ווי זיי ברענגען זייער קרבן דאַרפן זיי זיך טובל זיין כדי צו עסן קרבנות. אַ מחוסר כפּורים מעג עסן תרומה פאַרן ברענגען דעם קרבן.

ד. חומר, עס איז האַרבער ביי תרומה ,דערמיט) וואָס אין יהודה איז יעדער מענטש באַגלויבט אויף דער ריינקייט פון ווין און אייל (צו זאָגן אז דער ווין און אייל זענען ריין, ניט טמא) א גאַנץ יאָר. די משנה מיינט צו זאָגן אזוי. אויב א עם הארץ, וועלכער איז ניט באגלויבט צו זאָגן אויף א זאך אז זי איז ריין (זע פריער פרק ב׳ משנה ז׳), האָט אין לאַנד יהודה ווין אָדער אייל, און ער זאָגט, אז דער ווין און דער אייל זענען ריין, און מען מעג זיי נוצן כדי מקריב צו זיין אויפן מזבח אלס נסכים (מען האָט געגאָסן אויפן מזבח ווין, און אייל צו מנחות, צו אַ מעל־קרבן), איז דער עס הארץ באגלויבט. דער טעם איז, ווייל דער עם הארץ האָט שטאַרק דרך ארץ פאַר קרבנות, און ער ווערט מורא האָבן צו זאָגן, אז מען זאָל מקריב זיין אן אומריינע זאך אויפן מזבח. די משנה ברענגט ,,יהודה״, ווייל יהודה איז דער דרום טייל ארץ ישראל, וואו עס געפינט זיך ירושלים, און דאָס בית המקדש. אָבער דער צפון טייל פון ארץ ישראל, דער גליל, איז געווען אָפּגעשניטן פון ירושלים דורך א פּאַס לאַנד פון די כותים, די שומרונים, און מען האָט גוזר געווען אויף דעם דאָזיקן פּאַס לאַנד אז ער איז טמא ווי א לאַנד פון פרעמדע פעלקער (ארץ העמים), און דעריבער האָט מען פון גליל ניט געקאָנט ברענגען ווין און אייל אלס קרבן צום מזבח, ווייל זיי זענען טמא געוואָרן ווען מען האָט זיי אדורכגעפירט דורך דעם פּאַס כותים־לאַנד. דאָס וואָס אין יהודה איז דער עם הארץ באגלויבט א גאַנץ יאָר איז נור ווען ער זאָגט, אז מען זאָל דעם ווין און אייל נוצן פאַר א קרבן, מקריב צו זיין אויפן מזבח; אָבער אויב ער זאָגט, אז זיי זענען טהור און אז זיי זענען תרומה, איז ער ניט באַ־גלויבט אז זיי זענען טהור, מחמת די הייליקייט פון תרומה איז ביים עס הארץ ניט אזוי גרויס, אז ער זאָל מורא האָבן צו זאָגן א ליגן. ובשעת, און אין דער צייט פון די ווין־קעלטערן און אייל־קעלטערן (איז דער עם הארץ באגלויבט אויף טהרה) אויך אויף תרומה. ,,גת״ הייסט אַ ווין־קעלטער, וואו מען אַרבייט אויס ווין פון ווינ־טרויבן, און ,,בד״ הייסט דער אייל־קעלטער, וואו מען אַרבייט אויס אייל פון אייל־בירטן. אָבער זייער טייטש איז אויך ,,די צייט ווען מען אַרבייט אויס דעם ווין און אייל״. דאָס קומט פאַר געווייינטליך נור עטליכע וואָכן אין יאָר (וועגן דעם זענען פאַ־ראַן חלוקי דעות, זע מסכתא בבא בתרא פּרק ג׳ משנה א׳). זאָגט די משנה אז אין דער דאָזיקער צייט איז דער עם הארץ באַגלויבט אויף דער טהרה פון ווין און אייל אויך בנוגע תרומה, ווייל דאַמאָלס מאַכן אַלע מענטשן ריין זייערע כלים צום מאַכן דעם ווין און אייל. עברו, אויב עס איז שוין אריבער די צייט פון די ווין־קעלטערן און אייל־קעלטערן, און מען (א עם הארץ) האָט געבראַכט צום כהן א פאַס ווין פון תרומה (און האָט אים געזאָגט, אז זי איז ריין), זאָל ער (דער כהן) ניט צונעמען זי פון אים (אלס א ריינע); אָבער ער (דער עם הארץ) קאָן זי לאָזן ליגן ביז דער קו־מענדיקער (צייט פון) ווין־קעלטער. און דאַמאָלס קאָן ער זי ברענגען צום כהן און זאָגן אז זי איז ריין, און ער איז באַגלויבט. ואם, און אויב ער (דער עם הארץ) האָט געזאָגט צו אים (צום כהן): ,,איך האָב אין איר (אין דער פאַס ווין) אָפּגעטיילט אַ

**שמן המדומעות, נאמנין עליהם בשעת הגיתות והבדים, וקודם לגיתות שבעים יום:**

**ה. מן המודיעית ולפנים נאמנין על כלי חרס, מן המודיעית ולחוץ אין נאמנים. כיצד? הקדר שהוא מוכר הקדירות, נכנס לפנים מן המו־דיעית, הוא הקדר והן הקדירות והן הלוקחים, נאמן; יצא, אינו נאמן:**

---

פערטל (קוואַרט וויין) אלס קרבן (מקריב צו זיין אויפן מזבח אלס נסכים), איז ער באַגלויבט. **אפילו ניט אין דער צייט פון וויין־קעלטערס איז ער באַגלויבט צו זאָגן אויף דער גאַנצער פאַס וויין תרומה, אַז זי איז ריין, אויב ער זאָגט, אַז א פערטל קוואַרט דערפון וועט מען מקריב זיין אויפן מזבח; דער טעם איז, ווייל קוים ער איז באַגלויבט אויף דער פערטל קוואַרט וויין, איז ער שוין באַגלויבט אויף דער גאַנצער פאַס.** כדי, קרוגן מיט וויין אָדער קרוגן מיט אייל וועלכע זענען אויסגעמישט (מדומעות, חולין מיט תרומה) איז מען באַגלויבט אויף זיי (אויך אויף די קרוגן, אַז זיי זענען ריין) אין דער צייט פון וויין־קעלטערס און אייל־קעלטערס, און אויך זיבציג טעג פאַר דער צייט פון די וויין־קעלטערס. „מדומע" הייסט אויסגעמישט פשוטער וויין (**חולין**) **מיט תרומה. אָבער דאָ מיינט די משנה אַזוי. אויב א עם הארץ האָט קרוגן וויין צי קרוגן־אייל, וועלכע זענען נאָך טבל, מען האָט פון זיי נאָכניט אראָפּגענומען די תרומה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי) און ער זאָגט אַז ער וויל זיי האַלטן ריין אַז מען זאָל זיי קאָנען אויך מקריב זיין אויפן מזבח; קומט דאָך אויס אַז אין די קרוגן איז פאַראַן וויין (צי אייל) אויסגעמישט צוזאַמען חולין און תרומה און קרבנות. זאָגט די משנה אַז אין אַזא פאַל איז ער באַגלויבט צו זאָגן אויך אויף די קרוגן, אַז זיי זענען ריין, סיי אין דער צייט פון די וויין־און אייל קעלטערס און סיי 70 טעג פאַר דער דאָזיקער צייט. דער טעם איז, ווייל ער איז דאָך באַגלויבט אויף דעם וויין און אייל פון די קרבנות, איז ער אויך באַגלויבט אויף די קרוגן, ווייל עס פּאַסט ניט, אַז מען זאָל נעמען וויין און אייל צו קרבנות פון קרוגן, וואָס מען באַטראַכט זיי אלס ניט ריין. די משנה זאָגט „70 טעג", ווייל געוויינטליך גרייט מען צו די קרוגן 70 טעג פאַר דער קעלטערס־צייט.**

ה. מן המודיעית, פון מודיעית אָן און אינווייניק אריין (צו ירושלים צו) איז מען אויך א עם הארץ) באַגלויבט אויף ערדענע כלים (צו זאָגן אַז זיי זענען ריינע); פון מודיעית אָן און אין דרויסן ארויס (אין דער אנדערער זייט, ניט צו ירושלים צו) איז מען ניט באַגלויבט. **מודיעית זאָל זיין דאָס זעלבע וואָס „מודיעין", דאָס איז די באַרימטע שטאָט, וואו עס האָבן געוואוינט מתתיהו הכהן און זיינע פינף זין (יהודה המכבי און די אנדערע). מען רעכנט אַז דאָס איז דאָס דאָרף „אל מידיא". די גמרא אויף דער משנה פסחים פרק ט' משנה ב' זאָגט, אַז מודיעים איז ווייט פון ירושלים 15 מיל, דאָס הייסט 30 טויזנט איילן. זאָגט דאָ די משנה אַז אויף דעם גאַנצן שטח פון מודיעין ביז ירושלים איז יעדער עם הארץ באַגלויבט צו זאָגן אויף ערדענע כלים, קרוגן, טעפּ, כוסות, אַז זיי זענען ריין. דער טעם איז ווייל אין ירושלים האָט מען ניט געקאָרט מאַכן קיין אויוונס, און מען האָט דאַרט ניט געקאָנט אויסאַרבייטן ערדענע כלים און דעריבער האָט מען מתקן געווען די תקנה, אַז מען זאָל מיקל זיין.** כיצד? ווי אַזוי? הקדר, דער טעפּער, וועלכער פאַרקויפט טעפּ, און ער איז אריינגעקומען פון מודיעית (צו ירושלים צו), און ער איז דער טעפּער און דאָס זענען די טעפּ און זיי זענען די קויפער (ביי אים די טעפּ, און זיי, די קויפער האָבן געזען ווי ער האָט געבראַכט די טעפּ), איז ער באַגלויבט אויף זיי. **אויב אָבער ער האָט די טעפּ געגעבן צו אַן אנדערן טעפּער איז דער אַנדערער טעפּער ניט באַ־גלויבט.** יצא, אויב ער דער טעפּער (איז מיט די זעלבע טעפּ) ארויסגעגאַנגען פון מו־דיעת (אין דער אנדערער זייט, ניט צו ירושלים צו) איז ער ניט מער באַגלויבט. **כאָטש דאָס זענען דיזעלביקע טעפּ, וועלכע זענען געווען מיט אים פון מודיעית צו**

ו. הגבאין שנכנסו לתוך הבית, וכן הגנבים שהחזירו את הכלים, נאמנין לומר, לא נגענו. ובירושלים נאמנין על הקודש, ובשעת הרגל אף על התרומה:

ז. הפותח את חביתו, והמתחיל בעיסתו על גב הרגל, ר' יהודה אומר, יגמור, וחכמים אומרים, לא יגמור. משעבר הרגל היו מעבירין על

ירושלים צו, פונדעסטוועגן ווייל איצט איז ער דאָך אין דער אנדערער זייט איז ער מער ניט באַגלויבט אויף זיי.

ו. הגבאין, שטייער־אָפּנעמער, וועלכע זענען אריינגעקומען אין א שטוב, און אזוי אויך גנבים וועלכע האָבן צוריקגעבראַכט כלים, (וועלכע זיי האָבן געהאַט צוגע־גנבעט), זענען באַגלויבט צו זאָגן: „מיר האָבן ניט אָנגערירט". מיט גבאין (פון וואָרט „גבה", נעמען) מיינט מען די שטייער־אויפמאָנער, יידן, וועלכע זענען באַ־אַמטע ביי א גויאישער רעגירונג, וואָס האָט געהערשט אין ארץ ישראל. מען האָט די דאָזיקע שטייער־באַאמטע באַטראַכט אלס נידריקע מענטשן און אז זיי זענען ניט אָפּגעהיטן אין טומאה וטהרה. זאָגט די משנה אז אויב זיי קומען אריין אין א שטוב אריין צו נעמען משכנות פאַר די שטייערן, זענען זיי באַגלויבט צו זאָגן, אז זיי האָבן ניט אָנגערירט די זאַכן, און ממילא זענען זיי ריין. דאָסזעלביקע זענען גנבים, וואָס האָבן אָפּגעבראַכט צוגעגנבעטע ערדענע כלים, באַגלויבט צו זאָגן, אז זיי האָבן די כלים ניט אָנגערירט פון אינוויניק; כלי חרס, ערדענע כלים, ווערן ניט טמא ווען מען רירט זיי אָן פון אויסנווייניק, און כדי זיי זאָלן ווערן טמא מוז מען זיי אָנרירן אין דער אינווייניקסטער זייט. — ובירושלים, און אין ירושלים איז מען באַגלויבט אויף קרבנות. אויך א עם הארץ איז באַגלויבט צו זאָגן אויף אלע ערדענע כלים, אז זיי זענען טהור צו קרבנות; מען קאָן אין זיי עסן קרבנות־פלייש. ובשעת הרגל, און אין דער צייט פון יום טוב (פסח, שבועות, סוכות, ווען עולי רגל קומען פון אומעטום קיין ירושלים) איז מען באַגלויבט (אין ירושלים) אויך אויף תרומה. די גמרא זאָגט, אז דער פסוק אין שופטים ה' „ויאסף כל איש ישראל אל העיר כאיש אחד חברים", איז מרמז, אז ווען די יידן קומען זיך צוזאמען אין ירושלים, איז יעדער פון זיי א „חבר", ניט קיין עם הארץ, און ער איז באַגלויבט דאמאָלס צו זאָגן אויף א זאַך זי איז ריין. דער רמבם זאָגט, אז ווייל צו יום טוב מאַכן זיך אלע ריין.

ז. הפותח, אז איינער (א פרומער ייד, ניט קיין עם הארץ) עפנט (אין ירושלים) א פאַס וויין (צו פאַרקויפן וויין), אָדער איינער הייבט אָן (פאַרקויפן א טייג געבעקס (אין ירושלים),— אין יום טוב צייט, זאָגט ר' יהודה, אז ער מעג (נאָך יום טוב, אויב עס איז געבליבן פון וויין און פון טייג) פאַרענדיקן עס (וויטער פאַרקויפן אלס ריין). כאָטש די קויפערס עמי הארצים האָבן דאָך אָנגערירט דעם וויין און דאָס טייג אים יום טוב צייט, פונדעסטוועגן ווערן זיי (דער וויין און דאָס טייג) באַטראַכט אלס ריין אויך נאָך יום טוב. ווייל אויב ניט, וועט קיינער אין ירושלים ניט וועלן אים יום טוב צייט עפנען צום פאַרקויפן א פאַס וויין און ניט אָנהייבן קיין געבעקס־טייג. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ער טאָר (נאָך יום טוב) ניט פאַרענדיקן. זיי האַלטן, אַז דער עם הארץ ווערט באַטראַכט אלס טהור אין ירושלים נאָר בנוגע דעם יום־טוב געברויך, אָבער ווי נור דער יום טוב איז אריבער, איז אלץ, וואָס דער עם הארץ האָט אָנגערירט אים יום טוב צייט, שוין איצט באַטראַכט ווי עס איז פון פריער אָן (למפרע) טמא. משעבר הרגל, ווען עס איז אריבער דער יום טוב, האָט מען (אין בית המקדש) אוועקגענומען (די כלים) מטהר צו זיין דעם בית המקדש הויף (די עזרה). אין דער צייט פון יום טוב זענען דאָך געקומען א סך יידן, און צווישן זיי זענען געווען עמי־הארצים, און זיי האָבן אָנגערירט די הייליקע כלים. אים יום טוב, ווי מיר האָבן געלערנט פריער, איז אלץ טהור, זענען אלע יידן „חברים". אָבער ווען דער יום טוב איז אריבער האָט מען מטהר געווען די עזרה, מען האָט גענומען

טהרת עזרה. עבר הרגל ביום ששי, לא היו מעבירין מפני כבוד השבת. ר׳ יהודה אומר, אף לא ביום חמישי, שאין הכהנים פנויין:

ח. כיצד מעבירין על טהרת עזרה? מטבילין את הכלים שהיו במקדש, ואומרין להם, הזהרו שלא תגעו בשלחן (ובמנורה) ותטמאוהו. כל הכלים שהיו במקדש, יש להם שניים ושלישים, שאם נטמאו הראשונים, יביאו שניים תחתיהן. כל הכלים שהיו במקדש טעונין טבילה,

---

אלע כלים און זיי טובל געווען. עבר הרגל, אויב דער יום טוב איז אריבער אים פריי־טאָג (דער לעצטער טאָג יום טוב איז געווען דאָנערשטאָג), האָט מען (אים פריי־טאָג) ניט אוועקגענומען (די כלים טובל צו זיין) צוליב דעם כבוד פון שבת. מען האָט ניט מטריח געווען די כהנים מיט דער דאָזיקער ארבייט אים פרייטאָג, ווייל יעדער פון זיי איז געווען פארנומען צוצוגרייטן אין דער היים אויף שבת. מען האָט דאריבער די כלים טובל געווען נאָך שבת. ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך נישט אים דאָנערשטאָג (אויב דער לעצטער טאָג יום טוב איז געווען מיטוואָך), האָט מען אויך דאָנערשטאָג ניט טובל געווען), ווייל די כהנים האָבן ניט קיין צייט. מחמת מוצאי יום טוב, דאָנערשטאָג, זענען די כהנים פארנומען מיט׳ן אראָפּשארן דאָס אַש, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אויפן מזבח פון די פיל ימים־טובים־קרבנות; און פריי־טאָג קאָנען זיי ניט, ווייל זיי זענען פארנומען מיט צוגרייטן אויף שבת. דאריבער לייגט מען עס אָפּ אויף נאָך שבת.

ח. כיצד, ווי אזוי נעמט מען אוועק, כדי ריינצומאכן די עזרה (דעם בית־המקדש־הויף)? מען איז טובל די כלים, וועלכע זענען געווען אין בית המקדש. ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, איז דאָס ווייל עמי הארצים האָבן זיי אָנגערירט אים יום טוב. ואומרין, און (אים יום טוב) זאָגט מען צו זיי (צו די עמי הארצים, כהנים עמי הארצים, וועלכע קומען אריין אין בית־המקדש־בנין, אין היכל): „זייט פאָר־זיכטיק, אַז איר זאָלט ניט אָנרירן דעם טיש און די מנורה״. אין היכל, אין בית־המקדש בנין, איז געשטאַנען דער טיש, אויף וועלכן עס איז שטענדיק געלעגן דער לחם הפנים (צוועלף חלות), און עס איז געשטאַנען די מנורה אין וועלכער עס האָט שטענדיק געברענט. מען האָט זיי אָנגעזאָגט, אז זיי זאָלן ניט אָנרירן די צוויי זאכן, ווייל זיי קאָן מען ניט אוועקנעמען טובל צו זיין, מחמת דער לחם הפנים מוז שטענדיק ליגן אויפן טיש (שמות כ״ה, „לחם הפנים לפני תמיד״) און די מנורה האָט זיך שטענדיק געברענט. אין טייל משניות פעלט דאָס וואָרט „מנורה״. כל הכלים, אלע כלים, וואָס זענען געווען אין בית המקדש זענען געווען צו צוויי און צו דריי, כדי אויב די ערשטע וועלן טמא ווערן, זאָל מען ברענגען די אַנדערע אנשטאָט זיי. דאָס הייסט, אז יעדע כלי וואָס מען האָט גענוצט אין בית המקדש, איז געווען דערפון צו צוויי און דריי, כדי עס זאָל באַלד זיין גרייט אן אנדערע כלי, אויב די ערשטע וועט טמא ווערן. כל הכלים, אלע כלים וואָס זענען געווען אין בית המקדש האָט מען געדארפן טובל זיין, א חוץ דעם גאָלדענעם מזבח און דעם קופּערנעם מזבח, ווייל זיי האָבן דעם דין ווי די ערד (און אפילו א טמא מענטש רירט זיי אָן ווערן זיי ניט טמא), אזוי זאָגט ר׳ אליעזר. דער גאָלדענער מזבח איז געשטאַנען אין היכל (אין דעם בית המקדש־בנין, אינווייניק), און דער קופּערנער מזבח איז געשטאַנען אין הויף פון בית המקדש אין דער עזרה. די גמרא זאָגט, אז ווייל די תורה רופט אָן דעם דאָזיקן מזבח פון דער עזרה „מזבח אדמה״, ערד־מזבח, ווערט ער דאדורך געגליכן צו דער ערד, און ער קאָן ניט ווערן טמא. און דער גאָלדענער מזבח קאָן ניט ווערן טמא, ווייל אין דער תורה (במדבר ג׳) איז פאראן „והמזבחות״, הייסט עס, אז ביידע מזבחות זענען גלייך איינער צום אנדערן, און זיי קאָנען ביידע ניט ווערן טמא. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ווייל זיי זענען באַדעקט. דערויף זענען פאראן צוויי טייטשן, איין טייטש איז, אַז די חכמים זאָגן, אז זיי דארפן יאָ טבילה, ווייל זיי קאָנען יאָ טמא ווערן, און כאָטש

**חוץ ממזבח הזהב ומזבח הנחשת, מפני שהן כקרקע, דברי ר׳ אליעזר. וחכמים אומרים. מפני שהן מצופין:**

(סליק מסכת חגיגה)

דער מזבח איז געמאַכט פון האָלץ, און א הילצערנע כלי, וואָס מען רירט ניט פון אָרט, מען איז איר ניט מטלטל (כלי עץ העשוי לנחת), קאָן ניט ווערן טמא, אָבער דער מזבח איז דאָך באַדעקט מיט מעטאל (גאָלד און קופער) קאָן ער יאָ ווערן טמא. אן אנדערער פשט איז, אז די חכמים זאָגן, אז זיי דארפן ניט קיין טבילה און זיי קאָנען ניט ווערן טמא, אָבער דאָס איז ניט צוליב ר׳ אליעזר׳ס טעם ווייל זיי האָבן דעם דין ווי ערד, נאָר ווייל זיי זענען נור באַדעקט, איבערגעצויגן מיט גאָלד און קופער וועלכע האָבן ניט קיין חשיבות, מחמת זיי ווערן בטל צום האָלץ, און דאָס האָלץ קאָן ניט טמא ווערן, ווייל ווי מיר האָבן פריער דערקלערט האָבן די מזבחות ניט קיין בית קיבול. זיי קאָנען ניט אריינגעמען אין זיך, און זיי זענען דאריבער טהור.

(סליק מסכת חגיגה, — געענדיקט מסכתא חגיגה)

**הדרן עלך סדר מועד**